פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

ל ע נ י ן - ב י ב ל י א ט ע ק

סעריע № 1

נ. לענין (וו. אוליאַנאָוו)

# אויסגעוויילטע ווערק

באנד II טייל 1

## ערשטע רעוואלוציע
## (1907—1905)

אידיש מ. אלטשולער

צענטראלער פאַרלאג פאר די פעלקער פון פ. ס. ס. ר.
מאסקווע
1925

# פון דער רעדאקציע:

קעדיי בעסער צו פאַרשטיין לענינס ווערק, איז גוט פריער האָבן אי־בערגעלייענט א וועלכע ניט איז געשיכטע פון ר. ק. פּ.

אין אידיש זיינען פאַראַן:

זינאָוויעוו. געשיכטע פון ר. ק. פּ.

בובנאָוו. גרונטמאָמענטן אין דער געשיכטע פון ר. ק. פּ.

קאמעניעוו. וו. אי. לענין און די געשיכטע פון ר. ק. פּ.

שעלאווין. דער ארבעטער-קלאַס און זיין פּאַרטיי.

ס'איז אויך נויטיק צו האָבן איבערגעלייענט וועגן לענינס לעבן און טעטיקייט.

אין אידיש איז פאַראַן:

עסטער. לענין און זיין אַרבעט. די עפּאָכע, צו וועלכער עס באַציט זיך דער איצטיקער באַנד, איז אין עסטערס ביכל כאַראַקטעריזירט אין די קאַ-פּיטלעך XIII און XIV.

# די זעמסקע קאמפּאניע
## און
# דער פּלאן פון «איסקרא»

אנגעשריבן
אין נאיאבר 1904 יאר.

געדרוקט אלס בראשור
אין דעקאבר 1904 יאָר.
פּארלאג „וופּעריאד״, זשענעווע 1904 יאר

# די זעמסקע קאמפּאַניע און דער פּלאַן פון „איסקראַ“.

### נאָר פּאָר מיטגלידער פון דער פּאַרטיי*).

אונטער דער אונטערשריפט פון דער רעדאַקציע „איסקראַ“**) איז נאָר וואָס פאַרעפנטלעכט („פּאָר מיטגלידער פון דער פּאַרטיי“) אַ בריוו צו די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס. רוסלאַנד איז נאָך קיינמאָל ניט אַזוי נאָענט געווען צו אַ קאָנסטיטוציע, ווי איצט—דערקלערט די רעדאַקציע און לייגט אויס אויספירלעך אַ גאַנצן פּלאַן פון אַ „פּאָליטישער קאמפּאַניע“, אַ גאַנצן פּלאַן ווי אויפצואווירקן אַף אונזערע ליבעראַלע זעמצעס***), וועלכע זיינען זיך מישטאדל וועגן אַ קאָנסטיטוציע.

איידער צו פאַנאַנדערקלייבן דעמדאָזיקן העכסט באַלערנדן פּלאַן פון דער נייער „איסקראַ“, וועלן מיר דערמאָנען, ווי האָט זיך געשטעלט די פראַגע וועגן דער באַציאונג צו די ליבעראַלע זעמצעס אין דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע זינט עס איז אנטשטאַנען אַ מאסנווייזע אַרבעטער-באַוועגונג. אַלעמען איז באַוואוסט, אַז אויך אין דערדאָזיקער פראַגע איז, קימאַט פון סאַמע אָנהויב, ווי ס'איז אנטשטאַנען אַ מאסנווייזע אַרבעטער-באוועגונג, געגאַנגען אַ קאַמף צווישן די „עקאנאמיסטן“ און רעוואָלוציאָנערן. די ערשטע זיינען דערגאַנגען ביז אַ דירעקטער אָפּלייקענונג פון בורזשואזער דעמאָקראַ-

*) מיר לאָזן ארויס דידאָזיקע בראשורל מיט דער אויפשריפט „נאָר פּאַר מיטגלידער פון דער פּאַרטיי“ דערפאַר, ווייל מיט אַזאַ אויפשריפט איז ארויסגעלאָזן דער „בריוו“ פון רעדאקציע „איסקרא“. אין טאך גענומען איז די „קאנספּיראַציע“ מיט אַזאַ פּלאַן, וועלכער דאַרף איבערגעגעבן ווערן אין צענדליקער שטעט, באהאנדלט ווערן אין הונדערטער אַרבעטער-קרייזן, אויפגעקלערט ווערן אין אגיטאציאנס-בלעטלעך און אויפרופן, פּאָשעט לעכערלעך. דאָס איז איינער פון די מוסטערן פון יענע קאנצעלארישע סוידעס, אף וועלכע ס'האָט שוין אנגעוויזן אין דער פּראַקטיק פון רעדאקציע און ראט דער כ' גאליאָרקע („אפן נייעם וועג“). פון איין שטאנדפונקט נאָר וואלט מען געקאנט באַרעכטיקן דאָס באהאלטן פון. בריוו פון ברייטן עוילאם ביכלאל און פון די ליבעראלן באזונדערס: אַזאַ בריוו קאמפּראמעטירט שוין צופיל אונזער פּאַרטיי... (לעניִנס אנמערקונג).

**) דאָ האנדלט זיך וועגן דער נייער „איסקרא“, וועלכע איז ארויס אונטער דער מענשעוויסטישער רעדאקציע. איבערז.

***) „זעמצעס“—דעפּוטאטן פון די זעמסקע פארזאמלונגען—ארטיקע זעלבסטפארוואלטונגען פון יענער צייט מיט זייער קליינע רעכט, וואו ס'האבן געהאט א צוטריט נאָר פריצים, בורזשואזיע און רייכערע פּויערים. איבערז.

טיע אין רוסלאַנד, ביז דער איגנארירונג פון די אויפגאַבן פון פּראָלעטאַריאַט
צו באאיינפלוסן די אפאזיציאָנס-שיכטן פון דער געזעלשאַפט. און אין דערזעל-
בער צייט האָבן זיי, פארשמעלערנדיק דעם פאַרנעם פון דעם פּאָליטישן קאַמף
פון פּראָלעטאַריאַט, באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק, איבערגעלאָזן די
פּאָליטיש-אָנפירנדיקע ראָלע פאַר די ליבעראַלע עלעמענטן פון דער געזעלשאַפט,
לאזנדיק פאַר די אַרבעטער „דעם עקאנאמישן קאַמף מיט די באַלעבאַטים און
מיט דער רעגירונג“. די אנהענגער פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָ-
קראַטיע אין דער אַלטער „איסקרא“ האָבן געפירט אַ קאַמף מיט דערדאָזיקער
ריכטונג. דערדאָזיקער קאַמף טיילט זיך אַף צוויי גרויסע פּעריאָדן: ביז דעם
דערשיינען פון ליבעראַלן אָרגאַן „אסוואבאזשדעניע“ און נאָך זיין דערשיינונג.
אין ערשטן פּעריאָד האָבן מיר אונזער אנגריף געווענדעט הויפּטזאַכלעך קעגן
דער שמאלקייט פון די עקאנאָמיסטן, מיר האָבן זיי „אנגעשטויסן“ אַף דעם
פאַקט פון עקזיסטענץ פון אַ בורזשואַזער דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד, וועלכן
זיי האָבן ניט באמערקט; מיר האָבן אונטערגעשטריכן די אויפגאַבע פון אַן
אַלזייטיקער פּאָליטישער טעטיקייט פון פּראָלעטאַריאַט, די אויפגאַבע זיינע צו
באאיינפלוסן אַלע שיכטן פון דער געזעלשאַפט, די אויפגאַבע צו ווערן דער
אַוואַנגאַרד אין דער מילכאָמע פאַר פרייהייט. בּאַ היינטיקן טאָג איז באַזונדערס
פאַסיק און נויטיק צו דערמאָנען דעמדאָזיקן פּעריאָד און זיינע גרונט-שטריכן,
בעאייס די אנהענגער פון דער נייער „איסקרא“ פאַרקריפּלען אים אלץ גרע-
בער (זע „אונזערע פּאָליטישע אויפגאַבן“ פון טראָצקין, ארויסגעגעבן אונטער
דער רעדאַקציע פון „איסקרא“) און ווען זיי ספּעקולירן אַלץ מער אַף דעם,
וואָס אונזער איצטיקע יוגנט איז ניט באקאנט מיט דער געשיכטע פון דעם
ניט-לאַנגיקן אָוועק פון אונזער באַוועגונג.

פון דער צייט, ווי ס'איז דערשינען „אסוואבאזשדעניע“, האָט זיך אָנגע-
הויבן דער צווייטער פּעריאד פון קאַמף פון דער אַלטער „איסקרא“. ווען די ליבע-
ראַלן זיינען אַרויסגעטראטן מיט אַ זעלבשטענדיקן אָרגאַן און מיט אַ
באַזונדער פּאָליטישער פּראגראם, האָט זיך, נאטירלעך, געביטן די אויפגאַבע
פון פּראָלעטאַריאַט צו באאיינפלוסן די „געזעלשאַפט“: די אַרבעטער-דעמאָ-
קראַטיע האָט שוין ניט געקאָנט באגרעניצן זיך מיט „אויפטרייסלען“ די לי-
בעראַלע דעמאָקראַטיע, מיט „פּאַנאנדערשאָקלען“ איר אפּאזיציאָנעלן גייסט,—
זי האָט געדאַרפט שטעלן אַלס גרונט-שטיין די רעוואָלוציאָנערע קריטיק פון
יענער האלבקייט, וועלכע האָט זיך קלאָר אַרויסגעוויזן אין דער פּאָליטישער
פּאָזיציע פון דעם ליבעראַליזם. אונזער אויפוווירקונג אַף די ליבעראַלע שיכטן
האָט אנגענומען אַ פאָרם פון שטענדיקע אנווייזונגען אַף דער ניטקאנסעקווענט-
קייט און ניטגענוגנקייט פון דעם פּאָליטישן פּראָטעסט פון די הערן ליבעראַלן
(ס'איז גענוג זיך סוימעך צו זיין אַף „זאריא“, וועלכע האָט קריטיקירט סטרוא-
וועס פארווארט צו וויטעס מעמאראנדום *), און אַף די פילצאָליקע אַרטיקלען
פון „איסקרא“.

*) וויטע—בארימטער פינאנץ-מיניסטער, דערנאך פרעמיער, זיין מעמאראנדום איז געווען
אקעגן די זעמסטוועס. איבערז.

צו דער צייט פון II פאַרטיי-צוזאַמענפאָר איז דידאָזיקע נייע פּאָזיציע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע בענויגייע צום ליבעראַליזם, וועלכער איז אָפן אַרויסגעטראָטן, אַף אַזוי פיל קלאָר געוואָרן און פאַרפעסטיקט זיך, אַז באַ קיינעם איז גאָר קיין פראַגע ניט געווען, צי עס עקזיסטירט אַ בורזשואַזע דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד און צי דאַרף די אפאזיציאָנעלע באַוועגונג באַגעגענען אַ שטיצע (און אַ וועלכע שטיצע) באַם פּראָלעטאַריאַט. עס האָט זיך נאָר געהאַנדלט וועגן דער פאַרמולירונג פון די פאַרטייאישע שטאַנדפּונקטן אַף דערדאָזיקער פראַגע. און מיר איז געווג דאָ אנצואווייזן אַף דאָס, אַז דער שטאַנדפּונקט פון דער אַלטער „איסקרא״ איז אַסאַך בעסער אויסגעדריקט געווען אין דער רעזאָלוציע פון פּלעכאַנאָוון, וועלכע האָט אונטערגעשטראָכן דעם אַנטירעוואָלוציאָנעם און קעגנפּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון דער ליבעראַלער „אסוואָבאָזשדעניע״, איידער אין דער געפלאנטעטער רעזאָלוציע פון סטאַראָווערן, וועלכע יאָגט זיך פון איין זייט (און יאָגט זיך גאָר ניט צייטמעסיק) נאָך אַ „פאַרשטענדיקונג״ מיט די ליבעראַלן, און פון דער אַנדער זייט שטעלט זי אַרויס אַזעלכע פיקטיווע פאַרשטענדיקונג=באַדינגונגען, וועגן וועלכע מע קען פאַרויס זאָגן, אַז זיי זיינען ניט אויספירבאַר פאַר די ליבעראַלן.

I.

לאָמיר איבערגיין צום פּלאַן פון דער נייער „איסקראַ״. די רעדאַקציע אַנערקענט אונזער פליכט אויסצונוצן ביזן סאָף דעם גאַנצן מאַטעריאַל אין דער פּראַגע וועגן דער אומאַנטשיידנקייט און האַלבקייט פון דער ליבעראַלער דעמאָקראַטיע, אין דער פראַגע וועגן דער פיינטלעכער קעגנזעצלעכקייט פון די אינטערעסן פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט, אויסצונוצן „אין העסקעם מיט די פּרינציפּיעלע פאָדערונגען פון אונזער פּראָגראַם״. „נאָר, — זעצט פאָר די רעדאַקציע, — נ אָ ר אין די גרעניצן פון קאַמף מיטן אַבסאָלוטיזם, און נעמלעך אין דער איצטיקער פאַזע, ו ע ר ט ב אַ ש ט י מ ט אונזער באַציאונג צו דער ליבעראַלער בורזשואַזיע מיט דער א ו י פ ג אַ ב ע צוצוגעבן איר וואָס מער דרייסטקייט און דערוועגן זי אָנצושליסן זיך צו יענע פּאָדערונגען, מיט וועלכע ס׳וועט אַ ר ו י ס ט ר ע ט ן (? עס איז אַרויסגעטראָטן?) דער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער ווערט אָנגעפירט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע״. מיר האָבן אונטערגעשטראָכן די באַזונדערס מעשונעדיקע ווערטלעך אין דערדאָזיקער מעשונעדיקער טיראַדע. אין דערעמעסן, ווי זאָל מען ניט אָנרופן מעשונעדיק דאָס קעגנשטעלן פון איין זייט די קריטיק פון האַלבקייט און דעם אַנאַליז פון דער פיינטלעכקייט פון אינטערעסן און פון דער אַנדער זייט — די אויפגאַבע צוצוגעבן דרייסטקייט און דערוועגן אָנצושליסן זיך? אַף וואָס פאַר אַן אויפן זיינען מיר בעקויעך צוצוגעבן דרייסטקייט דער ליבעראַלער דעמאָקראַטיע, אויב ניט דורך אומבעראַכמאָנעסדיקן פאַנאַנדערקלייבן און פאַרניכטנדיקער קריטיק פון איר האַלבקייט אין די פראַגן פון דעמאָקראַטיע? אַף וויפל די בורזשואַזע (ליבעראַלע) דעמאָקראַטיע איז בעדייע אַרויסצוטרעטן אַלס דעמאָקראַטיע, און איז געצוואונגען אַרויסצוטרעטן אַלס דעמאָקראַטיע, אַף אַזוי

פיל שטרעבט זי אומפאַרמײדלעך אָנצושפאַרן זיך אַף וואָס מער ברײטערע קרײזן פון פאָלק. דידאָזיקע שטרעבונג רופט אַרױס אומפאַרמײדלעך פאָלגנדיקע װידערשפרוכן: וואָס ברײטער עס זײַנען דידאָזיקע קרײזן פון פאָלק, אַלץ מער זײַנען צװישן זײ פאָרשטײער פון פראָלעטאַרישע און האַלב-פראָלעטאַרישע שיכטן, װעלכע פאָדערן אַ פולע דעמאָקראַטיזירונג פון דער פאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, אַזאַ פולע דעמאָקראַטיזירונג, װעלכע קאָן אונטערײסן זײער װיכטיקע שטיצזײלן פון יעדער בורזשואַזער הערשאַפט ביכלאַל (די מאָנאַרכיע, די שטענדיקע אַרמײ, די ביוראָקראַטיע). די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע איז לויט איר נאַטור ניט בעקױעך צו באַפרידיקן דידאָזיקע פאָדערונגען; זי איז דעריבער לויט איר נאַטור פאַרמישפעט צו ניט-אַנטשלאָסנקײט און האַלבקײט. די סאָציאַל-דעמאָקראַטן שטויסן שטענדיק אונטער די ליבעראַלן דורך קריטיק פון דערדאָזיקער האַלבקײט; זײ רײַסן אָפ אַלץ אַ גרעסערע צאָל פראָלעטאַריער און האַלב-פראָלעטאַריער, און טײלװײַז אויך קלײנבירגער, פון דער ליבעראַלער דעמאָקראַטיע אַף דער זײט פון דער אַרבעטער-דעמאָקראַטיע. אַף וואָס פאַר אַן אױפן קען מען זאָגן: מיר דאַרפן קריטיקירן די האַלבקײט פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, נאָר (נאָר!) אונזער באַציאונג צו איר װערט באַשטימט דורך דער אויפגאַבע צוצוגעבן דרײסטקײט? דאָס איז דאָך אַ באַשײַנפערלעכער פלאָנטער, װעלכער באַװײַזט אָדער, אז די אַװטאָרן זײַנע קריכן צוריק, ד. ה. זײ קערן זיך אום צו יענע צײַטן, װען די ליבעראַלן זײַנען נאָך ביכלאַל ניט אַרױסגעטראָטן אָפן, װען מע האָט זײ נאָך געדאַרפט ביכלאל װעקן, פאַנאַנדערשאָקלען. דערװעגן עפּעגען דעם מויל; — אָדער, אז די אַװטאָרן פאַלן אַף אַ געראַנק, אַז מע קען קלוימערשט „צוגעבן דרײסטקײט" די ליבעראַלן דורך פארקלענערן די דרײסטקײט פון די פראָלעטאַריער.

װי מעשונעדיק דערדאָזיקער געדאַנק זאָל ניט זײַן, נאָר אין פאָלגנדן אָפשניט פון דעם רעדאקציאָנס-ביוראָ זעען מיר אים נאָך קלערער אויסגעדריקט: „נאָר, — באַװאָרנט זיך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל די רעדאַקציע, — נאָר מיר װאָלטן באַגאַנגען אַן אומפאַריכטבאַרן פעלער, אויב מיר װאָלטן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל דורך ענערגישע שרעק-מיטלען איצטער שוין צו צװינגען די זעמסטװעס אָדער די אַנדערע אָרגאַנען פון דער בורזשואַזער אָפאָזיציע צו געבן, אונטער דער װירקונג פון פאַניק, אַ פאָרמעלן צוזאָג, אַז זײ װעלן אַרױסשטעלן אונזערע פאָדערונגען דער רעגירונג. אַזאַ טאַקטיק װאָלט קאָמפּראָמעטירט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, דערפאַר װײַל זי װאָלט פאַרװאַנדלט די גאַנצע פאָליטישע קאַמפּאַניע אונזערע אין אַ הױבער פאַר דער רעאַקציע" (אונטערגעשטראָכן פון דער רעדאַקציע).

אָט אַזױ גאָר! עס האָט נאָך דער רעװאָלוציאָנערער פראָלעטאַריאַט ניט באַװיזן צו דערלאַנגען קײן אײן ערנסטן קלאַפ דער צאַרישער זעלבסטהערשונג אין אַזאַ מאָמענט, װען עס איז באַזונדערס קלאָר, אַז זי װאַקלט זיך, און װען אַן ערנסטער קלאַפּ איז באַזונדערס נױטיק און קען זיך אַרױסװײַזן אַלס אַן אַנטשײדענער קלאַפּ, און עס האָבן זיך שוין געפונען סאָציאַל-דעמאָקראַטן, װעלכע פלאַפּלען װעגן אַ הױבער פאַר דער רעאַקציע. דאָס איז שוין ניט נאָר

אַ פלאָנטערניש, דאָס איז שוין איינפאַך באַנאַל. און די רעדאַקציע האָט זיך דערעדט צו דערדאָזיקער באַנאַלקייט, אויסטראַכטנדיק פאר זיך, ספּעציעל צוליב די שמועסן וועגן אַ הויבער פאר דער רעאַקציע, אַ דאָפּלט מוירעדיק שרעקבילד. טוט נאָר אַ טראַכט: מענטשן ריידן ערנסט, אין אַ בריוו צו די פּאַרטיי=אָרגאַניזאַציעס פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועגן אַ טאַקטיק פון אָנשרעקן די זעמצעס און צווינגען זיי, אונטער דער ווירקונג פון פּאַניק, צו געבן פּאָרמעלע צוזאָגן! ס'וואָלט ניט לייכט געווען צו געפינען, אַפילו צווישן די רוסישע סראָרעס, אפילו צווישן אונזערע אוגריום-בוכטשייעווס *) אַזאַ מלוכע=אויפעלע, וועלכער זאָל גלויבן אין אַזאַ שרעק=בילד. בא אונז זיינען פאַראַן, צווישן די רעוואָלוציאָנערן, הייסע טעראָריסטן, עס זיינען פאַראַן פאַרקאָכטע באָמביסטן, נאָר דער סאַמע אומגעלומפּערטסטער פון די אומגעלומפּערטע באָמביזם=פאַרטיידיקער האָט ביז איצט ניט פאָרגעלייגט, דוכט זיך, צו אָנשרעקן... זעמצעס און ארויסרופן א פּאַניק צווישן... דער אָפּאָזיציע. זעט דען ניט די רעדאַקציע, אַז דורכדעם, וואָס זי קלערט אויס דאָסדאָזיקע לעכערלעכע שרעקבילד, דורכדעם, וואָס זי לאָזט אין גאַנג דידאָזיקע באַנאַלע פראַזן, רופט זי אומפאַרמיידלעך ארויס מיספאַרשטענדענישן און ספּייקעס, פאַרמיסטיקט דאָס באַוואוסטזיין און שאַפט א פּלאָנטער אין די מויכעס פון די קעמפנדיקע פּראָלעטאַריער? ניט אין א פּוסטן שעטעך פליען דאָך דידאָזיקע ווערטלעך וועגן א הויבער פאר דער רעאַקציע, וועגן א קאָמפּראָמעטירנדיקער טאַקטיק פון אָנשרעקן; זיי פאַלן אַף דעם ספּעציפישן רוסלאַנד-פּאָליצייאישן באָדן, וועלכער איז אמבעסטן גינסטיק פאר דעם וואוקס פון ווילדע קרייטעכער. וועגן א הויבער פאר דער רעאַקציע רעדט מען אונז טאַקע איצטער אַף יעדן גאַסן-ווינקל, נאָר עס ריידן — די „נאָוואָוורעמיא"-לייט *). וועגן א קאָמפּראָמעטירנ=דיקער טאַקטיק פון אָנשרעקן האָט מען אונז בעעמעס פאַרדולט דעם קאָפּ, — ניט קיין אנדערע, ווי די פּאַכדאָנעסדיקע פירער פון דער בורזשואַזער אָפּאָזיציע.

אָט נעמט דעם פּראָפעסאָר פירשט י. נ. טרובעצקאי. דאַכט זיך, אַ גענוג „אויפגעקלערטער" און — פאַר אַ רוסישן, לעגאַלן טוער — גענוג דרייסטער ליבעראַל. און ווי באַנאַל אורטיילט ער אין דעם ליבעראַלן „פּראַוואָ" (№ 39) וועגן דער „אינערלעכער געפאַר", טאַקע וועגן דער געפאַר פון די עקסטע פּאַרטייען! אָט האָט איר אַ לעבעדיקן מוסטער פון דעם, ווער איז אין דער עמעסן נאָענט צום פאָלק; אָט האָט איר אַ באַשיינפּערלעכן ביישפּיל פון דעם, וואָס עס מאַכט אין דערעמעסן אַף די ליבעראַלן אַן אָנשרעקנדיקע ווירקונג. זיי האָבן מוירע, פאַרשטייט זיך, ניט פאַר יענעם פלאַן, וועלכער האָט זיך געכאָלעמט די רעדאַקטאָרן פון „איסקרא"; פאַר דעם פלאַן אַרויסצורייסן בא די

*) אַ העלד פון אַ ווערק פונם באַרימטן רוסישן סאַטיריקער שטשעדרין. אין דערדאָזיקער פיגור האָט שטשעדרין אַרויסגעפירט אַ היסטאָרישע פערזענלעכקייט — דעם באַרימטן אַראַקטשעיעוו, וועלכער האָט יאָרגלאַנג געשטיקט רוסלאַנד. איבערז.

*) „נאָוואָיע וורעמיא", אַ גרויסע צייטונג באַם צאַרישן רעזשים, וועלכע האָט שטענדיק געהעצט אַקעגן יעדער סימען פון פרייהייט. באַזונדער איז זי געווען באַרימט מיט איר אַנטיסעמיטיזם.
איבערז.

זעמצעס פאַרמעלע האָפּטאָכעס צו גונסטן פון די רעוואָלוציאָנערן (ה. טרובעצקאי וואָלט זיך נאָר פאַנאַנדערגעלאַכט, ווען מע וואָלט אים געזאָגט וועגן אַזאַ פּלאַן), — זיי האָבן מוירע פאַר די רעוואָלוציאָנער-סאָציאַליסטישע צילן פון די „עקסטע" פּאַרטייען, זיי האָבן מוירע פאַר גאַסן-בלעטלעך, פאַר אָט די ערשטע שוואַלבן פון דער רעוואָלוציאָנערער זעלבסטעטיקייט פון פּראָלעטאַריאַט, וועלכער עס וועט זיך ניט אָפּשטעלן, ניט אָוועקלייגן דאָס געווער, ביז וואַנען ער וועט ניט אַראָפּוואַרפן די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע. דידאָזיקע מוירע ווערט אַרויסגערופן ניט דורך לעכערלעכע שרעק-בילדער, נאָר דורך דעם ווירקלעכן כאַראַקטער פון דער אַרבעטער-באַוועגונג. אָט דידאָזיקע מוירע קען ניט אויסגעמעקט ווערן פון דעם האַרצן פון דער בורזשואַזיע (וועגן איינצלנע פּערזאָנען און גרופּן ריידן מיר, פאַרשטייט זיך, ניט). אָט פאַרוואָס עס קלינגען אַזוי פאַלש די כקירעס פון דער נייער „איסקרא" וועגן אַ קאָמפּראָמעטירנ-דיקער טאַקטיק פון אָנשרעקן די זעמצעס און די פאָרשטייער פון דער בור-זשואַזער אָפּאָזיציע. שרעקנדיק זיך פאַר גאַסן-בלעטלעך, שרעקנדיק זיך פאַר אַלץ, וואָס עס גייט ווייטער פון אַ צענזאָווער *) קאָנסטיטוציע, וועלן די הערן ליבעראַלן שטענדיק מוירע האָבן פאַר לאָזונגען: „דעמאָקראַטישע רעפּובליק" און פאַרן צורוף צו אַ באַוואָפנטן פאָלקס-אויפשטאַנד. נאָר דער באַוואוסטזיני-קער פּראָלעטאַריאַט וועט מיט פאַראַכטונג אָפּוואַרפן דעם געדאַנק אַפילע וועגן דעם, אַז מיר קענען זיך אָפּזאָגן פון דעמדאָזיקן לאָזונג און פון דעמדאָזיקן צורוף, אַז מיר קענען אין אונזער טעטיקייט ביכלאַל לאָזן זיך אָנפירן פון דער פּאַניק און דעם פּאַכאַד פון דער בורזשואַזיע.

נעמט די „נאָוואָ-ווערעמיאַ". וואָס פאַר אַ צאַרטע אַריעס זי זינגט אָפּן מאָטיוו וועגן דעם הויבער פאַר דער רעאַקציע. „די יוגנט און די רעאַקציע, — לייענען מיר אין די „באַמערקונגען" № 10285 (18-טן אָקטיאבר), — ...עס בינדן זיך ניט צוזאַמען דידאָזיקע ווערטער, אָבער דאָך קענען די ניט גענוג דורכגעטראַכטע מאַיסים, די היציקע קעפּ און דאָס ווילן טייקעף, עס מעג זיין וואָס עס וויל, צו נעמען אַן אָנטייל אין אַנטשיידן דעם שיקזאַל פון דער מלוכע, דאָס אַלץ קען ברענגען די יוגנט אין אַ האָפּענונגסלאָזע זאַק-געסל **). די טעג — אַ דעמאָנסטראַציע באַ דער וויבאָרגער טורמע, דערנאָך — אַ פּראָוואָ שוין צו מאַניפעסטירן וועגן עפּעס אין צענטער פון הויפּטשטאָט; אין מאָסקווע — אַ שפּאַציר פון 200 סטודענטן מיט פאָנען און פּראָטעסטן קעגן דער מילכאָמע... דערפון שטאַמט, פאַרשטייט זיך, די רעאַקציע... סטודענטישע אומרוען, יוגנט-דעמאָנסטראַציעס, אָבער דאָס איז דאָך אַ גאַנצער בענעפיס, דאָס איז אַ טרומף, אַן אומגעוואַרטער, קאָלאָסאַלער טרומף אין די הענט פון די רעאַקציאָנערן. דאָס איז דאָך בעעמעס אַ טייערע מאַטאָנע פאַר זיי, וועלכע זיי וועלן קענען אויסנוצן. מע דאַרף זיי ניט געבן דידאָזיקע מאַטאָנע, מע דאַרף ניט ברעכן

*) צענזאָווע קאָנסטיטוציע — אַזאַ קאָנסטיטוציע, וואָס גיט וואלרעכט נאָר מענטשן מיט אַ צענז — מיט א באשטימטן אייגנטום, מיט בילדונג א. אַז. וו. — איבערז.

**) זאק-געסל (רוסיש טופּיק) — אַ געסל, וואָס האָט אַן אַריינגאַנג בלויז פון איין זייט — בלינדע געסל. איבערז.

קיין אויסגעטראַכטע (!!!) גראַטעס: איצטער זיינען אויך די טירן אָפן (די טירן פון וויבאָרגער און אַנדערע טורמעס אָפּאָנים?), ברייט אָפן!"

דידאזיקע כקירעס פאַדערן ניט קיין פּיירושים. עס איז גענוג צו ברענגען זיי, אַז מע זאָל זעען ווי אומטאַקטיש עס איז צוריידן איצט וועגן אַ הויבער פאַר דער רעאַקציע. איצט, ווען קיין איין איינציקע טיר פון דער אַלרוסלענדער טורמע איז אַף אַ האָר ניט געעפנט פאַר די קעמפנדיקע ארבעטער, ווען די צאַרישע זעלבסטהערשונג האָט נאָך ניט געמאַכט קיין איין איינציקע וויפיל ניט איז פילבאַרע האַנאָכע פאַרן פּראָלעטאַריאַט, ווען די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און אַלע אָנשטרענגונגען דאַרפן געווענדעט זיין אַף דער צוגרייטונג פון אַ ווירקלעכער און אַנטשיידענער שלאַכט מיטן סוינע פון רוסישן פאָלק. פאַרשטייט זיך, אַז נאָר דער געדאַנק אַליין וועגן אַזאַ שלאַכט וואַרפט אָן אַ מוירע און אַ פּאַניק אַף די הערן טרובעצקעס און אַף טויזנטער אַנדערע ווייניקער „אויפגעקלערטע" הערן ליבעראַלן. נאָר מיר וואָלטן געווען שוטים, ווען מיר וואָלטן זיך גערעכנט מיט זייער פּאַניק. מיר דאַרפן זיך רעכענען מיטן צושטאַנד פון אונזערע קויכעס, מיטן וואוקס פון דער פאָלקס-אויפרעגונג און עמפּערונג, מיטן מאָמענט, ווען אַ דירעקטער דראַנג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַף דער זעלבסטהערשונג וועט צושטיין צו איינעם פון די סטיכייאישע און סטיכייאיש וואַקסנדיקע באַוועגונגען.

## II.

ריידנדיק וועגן דעם שרעק-בילד, וואָסער עס האָט זך געכאַלעמט אונזער רעדאַקציע, האָבן מיר אויבן ניט אָנגעוויזן אַף נאָך איין כאַראַקטעריסטיש שטריכל אין אירע כקירעס. די רעדאַקציע איז אָנגעפאַלן אַף דער קאָמפּראָמעטירנדיקער טאַקטיק, וועלכע וואָלט זיך געגוייגט דערצו, אַז מע זאָל אַרויסרייסן באַ די זעמצעס „אַ פאָרמעלע האַפטאָכע אַרויסשטעלן אונזערע פאָדערונגען דער רעגירונג". כוץ די שוין פריער אָנגעוויזענע ניט-גלאַטיקייטן איז דאָ מעשונעדיק דער געדאַנק אַליין וועגן דעם, אַז „אונזערע" פאָדערונגען, די פאָדערונגען פון דער אַרבעטער-דעמאָקראַטיע, זאָל פאַרלייגן דער רעגירונג די ליבעראַלע דעמאָקראַטיע. פון איין זייט, איז די ליבעראַלע דעמאָקראַטיע, טאָקע דערפאַר, וואָס זי שטעלט מיט זיך פאָר די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע, קיין מאָל ניט פעאיק צו באַגרייפן, ניט פעאיק אויפריכטיק, קאָנסעקווענט און אַנטשלאָסן צו פאַרטיידיקן „אונזערע" פאָדערונגען. אויב אַפילע די ליבעראַלן וואָלטן געגעבן, „פרייוויליק" געגעבן אַ פאָרמעלן צוזאָג אַרויסצושטעלן אונזערע פאָדערונגען, וואָלטן זיי, פאַרשטייט זיך, דעמדאָזיק צוזאָג ניט אויסגעפירט, זיי וואָלטן אָפּגענאַרט דעם פּראָלעטאַריאַט. פון דער אַנדער זייט, אויב מיר וואָלטן געווען אַזוי שטאַרק, אַז מיר וואָלטן געקאָנט ערנסט ווירקן אַף דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע בכלאַל און אַף די ה"ה זעמצעס בפּראַט, וואָלט דידאָזיקע שטאַרקייט פאַר אונז געווען פולשטענדיק גענוג, אַז מיר זאָלן זעלבשטענדיק אַרויסשטעלן אונזערע פאָדערונגען דער

פון אַ צופעליקן טאָעס, ער איז אַן אומפאַרמיידלעכויעל-יויצעער פ כון יענער
פאַרפלאָנטערטער פּאָזיציע, אַף וועלכער די רעדאַקציע האָט זיך בּיכלאַל גע-
שטעלט אין דערדאָזיקער פראַגע. הערט: „אַלס צענטראַלער פאָקוס און ריכ-
טונגס-שנור... דאַרף דינען די פּראַקטישע אויפגאַבע... פון אַ אימפּאָזאַנטער
אָרגאַניזאַציאָנעלער אויפווירקונג אַף דער בורזשואַזער אָפּאָזיציע”, אין „פּראָיעקט
פון דער מעלדונג פון די אַרבעטער דעם געגעבענעם אָרגאַן פון דער ליבעראַ-
לער אָפּאָזיציע” דאַרף זיין „די דערקלערונג, פאַרוואָס די אַרבעטער וועגדן זיך
ניט צו דער רעגירונג, נאָר צו דער פאָרשטייער-פאַרזאַמלונג דאַפקע פון דער-
דאָזיקער אָפּאָזיציע”. אַזאַ שטעלונג פון דער אויפגאַבע איז אין גרונט פאַלש.
מיר, די פאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט, דאַרפן, פאַרשטייט זיך, „גיין אין אַלע
קלאַסן פון דער באַפעלקערונג”, אָפן און ענערגיש פאַרטיידיקנדיק פארן גאַנצן
פאָלק אונזער פּראָגראַם און אונזערע נאָענטסטע פאָדערונגען; מיר דאַרפן זיך
סטאַרען צו מעלדן דידאָזיקע פאָדערונגען אויך פאַר די הערן זעמצעס, נאָר
דער צענטראַלער פאָקוס*) און ריכטונגס-שנור דאַרף פאַר אונז זיין טאַקע ניט
דאָס אויפווירקן אַף די זעמצעס, נאָר אַף דער רעגירונג. די רעדאַקציע פון
„איסקראַ” האָט אוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן צענטראַלן פאָקוס אַקוראַט
מיט די פּיס אַרויף. די בורזשואַזע אָפּאָזיציע איז דערפאַר טאַקע נאָר אַ בור-
זשואַזע און נאָר אַן אָפּאָזיציע, ווייל זי קעמפט ניט אַליין, ווייל זי האָט ניט
איר אייגענע פּראָגראַם, וועלכע זי זאָל אומבאַדינגט פאַרטיידיקן; ווייל זי שטייט
צווישן צוויי קעמפנדיקע צדאָדים (דער רעגירונג און דעם רעוואָלוציאָנערן
פּראָלעטאַריאַט פּלוס זיינע ניטפּילצאָליקע אינטעליגענטישע אָנהענגער), ווייל
זי באַרעכנט דעם רעזולטאַט פון קאַמף צוליב אירע אייגענע נוצן. דערפאַר
איז, וואָס הייסער עס ווערט דער קאַמף, וואָס נעענטער עס איז דער מאָמענט
פון דער אַנטשיידענער שלאַכט, אַלץ מער דאַרפן מיר ריכטן אונזער אויפמערק-
זאַמקייט און ווענדן אונזער אויפווירקונג אַף אונזער עמעסן סוינע, און ניט אַף
יענעם פאַרבּינדעטן, וועגן וועלכן מיר ווייסן פאַר פריער, אַז ער איז נאָר אַ
ביטנאַיעדיקער, פּראָבּלעמאַטישער, ניטזיכערער און אַ האַלביקער פאַרבּינדעטער.
עס וואָלט ניט קלוג געווען צו איגנאָרירן דעמדאָזיקן פאַרבּינדעטן, עס וואָלט
געווען אומגעלומפּערט צו שטעלן זיך אַ ציל וואַרפן אַף אים אַן איימע און
שרעקן אים,—דאָס אַלץ איז אַזוי פון זיך אַליין קלאָר, אַז ס'איז גאָר מאָדנע וועגן
דעם צו ריידן. נאָר דער צענטראַלער פאָקוס און דער ריכטונגס-שנור פון אונ-
זער אַגיטאַציע דאַרף זיין, איך כאַזער עס איבער, ניט דאָס אויפווירקן אַף
דעמדאָזיקן פאַרבּינדעטן, נאָר דאָס צוגרייטן אַן אַנטשיידענעם שלאַכט מיטן סוי-
נע. מאַכנדיק כיינדעלעך דער זעמסטווע, מאַכנדיק איר קליינלעכע האַנאָכעס,
האָט די רעגירונג דאָך פּאַקטיש נאָך לאַכלוטן קיין האַנאָכע ניט געמאַכט דעם
פאָלק. די רעגירונג קען נאָך פולשטענדיק, פולקום אומקערן זיך צו דער רע-
אַקציע (ריכטיקער, פאָרזעצן די רעאַקציע), אַזוי ווי עס האָט שוין פּאַסירט

*) פאָקוס—אין דער פיזיק הייסט דאָס דער פּונקט, וואוהין ס'גייען זיך צונויף די שטראַלן.
איבערזעצער.

אין רוסלאנד צענדליקער און הונדערטער מאָל נאָך די אויגנבליקלעכע ליבע-ראלע פלאטערס פון דעם אָדער יענעם זעלבסטהערשער. גראָד אין אזא מאָמענט, ווען די רעגירונג מאכט כיינדלעך דער זעמסטווע, ווען זי פארבלענדעט די אויגן דעם פאָלק און וויגט אים איין מיט פוסטע ווערטעלעך, דארף מען זיך באזונדערס אָפּהיטן פאר דעם פוקסן-עק, דארף מען באזונדערס אקשאָנעסדיק דערמאָנען, אז דער סוינע איז נאָך ניט געבראָכן, באזונדערס ענערגיש דארף מען רופן פאַרצווזעצן און פאַרצענפאָכן דעם קאמף מיטן סוינע און ניט איבערטראָגן דעם שוועך-פונקט פון „ווענדן זיך" צו דער רעגירונג אף דער ווענדונג צו די זעמצעס. גראָד אין איצטיקן מאָמענט ארבעטן דאפקע די באַקאנטע פארעטער פון פרייהייט אף אלע קיילים צו ווענדן דעם שווערפונקט פון דער געזעלשאפטלעכער און פאָלקישער אויפמערקזאמקייט אף דער זעמסטווע, וועלכע פארדינט אין דערעמעסן גאָר ניט דעם צוטרוי פון דער ווירקלעכער דעמאָקראטיע. אָט נעמט „נאָווא-ווּרעמיא": אין דעם אויבן ציטירטן ארטיקל וועט איר איבערלייענען אזא מין כקירע: „פאר יעדערן איז קלאָר, אז בא דער מעגלעכקייט דרייסט און אויפריכטיק צו באהאנדלען אלע אונזערע פעלערן און כעסרוינעס, בא דער מעגלעכקייט פאר יעדן טוער פריי ארויסצוווייזן זיין טעטיקייט, דארף שנעל קומען א סאָף אויך צו די פעלערן, און רוסלאנד קען אָן מוירע ארויף אף יענעם וועג פון פראָגרעס און פארפולקומונג, וועלכער איז פאר איר אזוי נויטיק. מע דארף אפילע ניט אויסטראכטן קיין אָרגאניזאציע, דעם אינסטרומענט פון דעמדראָזיקן פראָגרעס: ער עקזיסטירט שוין אין געשטאלט פון די זעמסטוועס, וועלכע מע דארף נאָר (!!) געבן די פרייהייט פון וואוקס, אין די לעצטע האָבן מיר די אָרוועס פון א ווירקלעך אייגנארטיקער, ניט נאָכגעמאכטער פארפולקומונג". אזעלכע און ענלעך צו אזעלכע רייד איז ניט נאָר וואָס זיי „באהאלטן די שטרעבונג צו א באגרעניצטער מאָנארכיע און צו אַ „צענזאווער קאָנסטיטוציע" (ווי עס זאָגט די רעדאקציע אין אן אנדער אָרט פון בריוו); זיי גרייטן דירעקט צו דעם באָדן דערפאר, אז דער גאנצער איניען זאָל זיך באגרעניצן נאָר מיט כיינדלעך די זעמסטוועס אָן וועלכער ניט איז באגרעניצונג פון דער מאָנארכיע!

דאָס ארויסרוקן, אלס צענטראלן פאָקוס, די אויפווירקונג אף דער זעמסטווע, און ניט די אויפווירקונג אף דער רעגירונג—ברענגט נאטירלעך צו דעם אומגליקלעכן געדאנק, וועלכער איז געלייגט געוואָרן אלס גרונט אין סטאראוועדס רעזאָלוציע, נעמלעך דעם געדאנק צו זוכן איצטער שוין, טייקעף א באזיס פאר וועלכע ניט איז „פארשטענדיקונגען" מיט די ליבעראלן. „בענויגייע צו די איצטיקע זעמסטוועס,—זאָגט אין איר בריוו די רעדאקציע,— באשטייט אונזער אויפגאבע בעסאכאקל (!!) אין דעם, וואָס מיר דארפן זיי ארויסשטעלן יענע פּאָליטישע פּאָדערונגען פון רעוואָלוציאָנערן פראָלעטאריאט, וועלכע זיי זיינען מעכויעוו צו שטיצן, קעדיי צו האָבן כאָטש א וועלכן ניט איז רעכט ארויסצוטרעטן אין נאָמען פון פאָלק און צו רעכענען אף אן ענערגישער שטיצע מיצאד די ארבעטער-מאסן". מע קען ניט זאָגן, א גוטע דעפעניציע פון די אויפגאבן פון דער ארבעטער-פארטיי! אין אזא צייט, ווען מיר

זעען פאר זיך גאנץ קלאָר א מעגלעכן און א ווארשיינלעכן פארבאנד פון די מעסיקע זעמצעס מיט דער רעגירונג, קעדיי צו קעמפן קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן פראָלעטאריאט (די רעדאקציע אנערקענט אליין די מעגלעכקייט פון אזא פארבאנד), וועלן מיר „בעסאכאקל שטעלן" אונזער אויפגאבע ניט צו פארצענפאכן די קאמפס-ענערגיע קעגן דער רעגירונג, נאָר צו אויסארבעטן קאזואיסטישע פארשטענדיקונגס-באדינגונגען מיט די ליבעראלן וועגן קעגנזייטיקער שטיצע. אויב איך לייג פאָר אן אנדער פערזאָן פאָדערונגען, וועלכע זי איז זיך מיסכאיעוו אונטערצושטיצן, קעדיי צו האָבן דאָס רעכט אף מיין שטיצע, דאן שליס איך טאקע א פארשטענדיקונג. און מיר פרעגן אלעמען און יעדן: וואו זיינען אהינגעקומען יענע „באדינגונגען" פון די פארשטענדיקונגען מיט די ליבעראלן, וועלכע ס'האָט צוזאמענגעשטעלט סטאראווער אין זיין רעזאָלוציע*), וועלכע איז אונטערגעשריבן אויך פון אקסעלראָדן און מארטאָוון), און די אומאויספירבארקייט פון וועלכע עס איז שוין פאָרויסגעזאָגט געוואָרן אין אונזער ליטעראטור?

וועגן דידאָזיקע באַדינגונגען זאָגט די רעדאַקציע אין איר בריוו קיין וואָרט ניט. די רעדאַקציע האָט דורכגעפירט די רעזאָלוציע אָפן צוזאמענפאָר, קעדיי אַריינצוּוואַרפן זי דערנאָך אין אַ קאָרב פאַר ניט נויטיקע פּאַפּיר. שוין באַם ערשטן פרואוו פּראַקטיש צוצוגיין צום איניען איז גלייך קלאָר געוואָרן, אז דאָס פאָרלייגן פון סטאַראָוועס באַדינגונגען וואָלט ארויסגערופן א האָמערישן**) געלעכטער באַ די ה"ה ליבעראַלע זעמצעס.

לאָמיר גיין ווייטער. צי קען מען ביכלאַל אנערקענען פאַר פּ ר י נ צ י פּ י ע ל ריכטיק צו שטעלן פאַר דער אַרבעטער-פּאַרטיי די אויפגאַבע פאָרצולייגן דער ליבעראַלער דעמאָקראַטיע אדער די זעמצעס אַזעלכע פּאָליטישע פאָדערונגען, „וועלכע זי איז מעכויעוו צו שטיצן, קעדיי צו האָבן כאָטש א וועלכע עס איז רעכט אַרויסצוטרעטן אין נאָמען פון פאָלק"? ניין, אַזא שטעלונג פון דער אויפגאַבע איז פּרינציפּיעל ניט ריכטיק און זי פירט נאר צו דער פאַרטונקעלונג פון קלאַסן-באַוואוסטזיין פונם פּראָלעטאַריאַט, צו פרוכטלאָזער קאַזואיסטיק. אַרויסטרעטן אין נאמען פון פאָלק — אָט דאָס הייסט אַרויסטרעטן אלס דעמאָקראַט. יעדער דעמאָקראַט (אין דעם קלאַל אויך אַ בורזשואַזער דעמאָקראַט) האָט דאס רעכט אַרויסצוטרעטן אין נאָמען פון פאלק; נאָר ער האָט דאסדאזיקע רעכט נאָר אַף אַזוי פיל, אף וויפל ער פירט דורך קאָנסעקווענט, אנטשלאָסן און ביזן סאף דעם דעמאָקראַטיזם. הייסט דאָס, אַז

*) מיר דערמאָנען דעם לעזער, אַז אין סטאראווערס רעזאָלוציע, וועלכע עס איז אָנגענומען געוואָרן פונם צוזאַמענפאָר (קעגן מיין און פּלעכאַנאָווס מיינונג), זיינען אַוועקגעשטעלט דריי באַדינגונגען פאַר צייטווייליקע פאַרשטענדיקונגען מיט די ליבעראַלן: 1) די ליבעראַלן „וועלן קלאָר או ניט צוויידייטיק דערקלערן, אַז אין זייער קאַמף מיט דער זעלבסטהערשערישער רעגירונג שטעלן זיי זיך אַנטשיידן אַף דער זייט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע", 2) „זיי שטעלן ביט אַרויס אין זייערע פּראָגראַמען קיין פאָדערונגען, וועלכע ווידערשפּרעכן די אינטערעסן פון דעם אַרבעטער-קלאַס און פון דער דעמאָקראַטיע ביכלאַל אָדער פאַרטונקלען זיין באַוואוסטזיין", 3) „פאַר זייער קאַמפּס-לאָזונג מאַכן זיי — אַלגעמיינע, גלייכע, געהיימע און דירעקטע וואַל-רעכט" (ל ע נ י נ ס אנמערקונג).

**) האָמערישער געלעכטער — א געוואַלטיקער געלעכטער. איבערז.

יעדער בורזשואַזער דעמאקראַט „האָט כאטש א וועלכע ניט איז רעכט אַרויסצוטרעטן אין נאָמען פון פאָלק" (ווייל יעדער בורזשואַזער דעמאָקראט פארטיידיקט, קאָלזמאן ער איז א דעמאָקראט, די אָדער יענע דעמאָקראטישע פאָדערונג); נאר אין דערזעלבער צייט האָט קיין איין בורזשואַזער דעמאקראַט קיין רעכט ניט אַרויסצוטרעטן אף דער גאַנצער ליניע אין נאמען פון פאָלק (ווייל קיין איין בורזשואַזער דעמאָקראַט איז באַ היינטיקן טאג ניט פעאיק אנטשלאָסן און ביזן סאף צו דערפירן דעם דעמאָקראטיזם). ה' סטרואווע האט דאָס רעכט ארויסצוטרעטן אין נאָמען פון פאָלק, אף וויפל די „אסוואָבאָזשדעניע" קעמפט מיט דער זעלבסטהערשונג. ה' סטרואווע האָט קיין שום רעכט ניט אַרויסצוטרעטן אין נאמען פון פאָלק, אף וויפל „אָסוואָבאָזשדעניע" שאָקלט און דרייט זיך, באגרעניצט זיך מיט א צענזאָווער קאָנסטיטוציע, גלייכט צו די זעמסקע אָפּאָזיציע צו קאַמף און דרייט זיך אויס פון אַ קאָנסעקווענטער און קלארער דעמאָקראַטישער פראָגראם. די דייטשישע נאַציאָנאל-ליבעראלן האָבן געהאַט דאָס רעכט אַרויסצוטרעטן אין נאָמען פון פאלק, אף וויפל זיי האבן געקעמפט פאַר באַוועגונגס-פרייהייט. די דייטשישע נאַציאָנאל-ליבעראלן האבן קיין שום רעכט ניט געהאַט ארויסצוטרעטן אין נאָמען פון פאָלק, אף וויפל זיי האבן געשטיצט די רעאַקציאָנערע פאָליטיק פון ביסמאַרקן *).

אף אַזא אויפן שטעלן דער אַרבעטער-פאַרטיי אן אויפגאַבע פאָרצולייגן די ליבעראלע בורזשואַ אזעלכע פאָדערונגען, בא דער שטיצע פון וועלכע זיי זאָלן האָבן כאטש אַ וועלכע ניט איז רעכט ארויסצוטרעטן אין נאָמען פון פאָלק, הייסט אויסטראַכטן אַ נאַרישע און אומגעלומפערטע אויפגאבע. מיר האָבן ניט וואָס אויסצוטראכטן קיין שום באזונדערע דעמאָקראטישע פאדערונגען, כוץ די, וועלכע זיינען פאראן אין אונזער פראָגראַם. צוליב דערדאָזיקער פראָגראם זיינען מיר מעכויעוו צו שטיצן יעדן (אויך דעם בורזשואַזן) דעמאקראַט, אף וויפל ער פירט דורך דעם דעמאָקראַטיזם. מיר זיינען מעכויעוו אומבעראַכמאָנעסדיק צו דעמאסקירן יעדן דעמאָקראט (די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן בעסויכאם), אף וויפל ער טרעט אָפּ פון דעמאָקראטיזם (ווי, לעמאָשל, אין די פראַגן וועגן דעם, אז דער פויער זאל קענען פריי ארויסגיין פון געמיינדע (אָבשטשינע) און פריי זיין ערד פאַרקויפן). פרואוון זיך פאָרויס שוין צו באַשטימען, אַזוי צו זאָגן, די מאָס פון דערלאָזבאַרער נידערטרעכטיקייט; פרואוון זיך פאָרויס שוין צו באַשטימען, וועלכע אָפּטרעטונגען פון דעמאָקראטיע זיינען דערלאָזבאַר פאר אַ דעמאָקראט, קעדיי ער זאל האָבן כאָטש אַ וועלכן ניט איז רעכט ארויסצוטרעטן אַלס דעמאָקראט,—דאָס איז שוין אזאַ קלוגע אויפגאַבע, אַז ניט ווילנדיק שאפט זיך א כשאַד, צי האָט ניט געהאלפן דער כ' מאַרטינאוו אדער כ' דאַן דער רעדאקציע אויסצוטראכטן דידאָזיקע אויפגאַבע.

III.

אויסלייגנדיק אין איר בריוו די אָנפירנדיקע פאָליטישע טאַימים, לייגט אויס די רעדאַקציע דערנאך אויך איר גרויסן פלאַן.

*) ביסמארק — א באַרימטער דייטשישער פאליטיקער, א רעאקציאָנער. איבערז.

די גובערניאַלע זעמסקע פאַרזאמלונגען זיינען זיך מישטאדל וועגן א קאָנסטיטוציע. אין די שטעט N, X, Y שטעלן צונויף די קאָמיטעט-לייט פלוס די אנטוויקלטע אַרבעטער א פלאַן פון אַ פּאָליטישער קאמפאַניע „לויט אַקסעל-ראדן". דער צענטראַלער פאקוס פון דער אַגיטאַציע איז די אויפוּוירקונג אף דער בורזשואזער אָפּאָזיציע. עס ווערט אויסגעקליבן אַן אָרגאַניזאַציאָנס-גרופּע. די אָרגאניזאַציאָנס-גרופּע ווײלט אויס אַן אויספיר-קאמיסיע. די אויספיר-קאמיסיע קלייבט אויס אַ ספּעציעלן רעדנער. מע זעט „צו ברענגען די מאַסן אין א דירעקטער באַרירונג מיט די זעמסקע פארזאַמלונגען, צו קאָנצענטרירן די מאַניפעסטאציע בא יענער געביידע טאַקע, אין וועלכער עס קומט פאָר די זי-צונג פון די זעמסקע אָפּגעארדנטע (גלאַסנע). א טייל פון די דעמאָנסטראנטן דרינגען דורך אין זאל פון די זיצונגען, קעדיי אין א פּאַסנדיקן מאָמענט צו בעטן בא דער פארזאַמלונג (? בא דעם פאָרזיצער פון דער פארזאַמלונג, דעם אַדלס-מאַרשאַלעק), דורך אַ ספּעציעל צוליב דעם באַפולמעכטיקטן רעדנער, א דערלויבעניש פאָרצולעזן דער פארזאַמלונג אַ מעלדונג פון די ארבעטער. אויב מע וועט אין דערדאָזיקער ביטע אָפּזאגן, דערקלערט דער רעדנער הויך א פּראטעסט קעגן דעם, וואָס די פאַרזאמלונג, וועלכע רעדט אין נאמען פון פאָלק, וויל ניט הערן די שטים פון די פאלקס-פאָרשטייער פון דעמזעלבן פאלק".

אזא איז דער נייער פלאַן פון דער נייער „איסקרא". מיר ווען באַלד זעען, ווי באשיידן עס שאצט אים אָפּ די רעדאַקציע אליין, נאָר פריער וועלן מיר ברענגען די העכסט פּרינציפּיעלע דערקלערונגען פון דער רעדאַקציע וועגן די פונקציעס פון דער אויספיר-קאָמיסיע:

„...די אויספיר-קאָמיסיע וועט דאַרפן פון פריער אָנעמען מיטלען, אַז דאָס דערשיינען פון עטלעכע טויזנט אַרבעטער פאַר דער געביידע, וואו עס קומען פאָר די זיצונגען פון די זעמסקע אָפּגעאָרדנטע (גלאַסנע), און פון עטלעכע צענדליק אָדער הונדערט אַרבעטער אין דער געביידע גופא, זאָל ניט ארויסרופן באַ די זעמצעס קיין פאנישע איימע (!!), אונטער דער ווירקונג פון וועלכער זיי וואָלטן פעאיק געווען צו וואַרפן זיך (!) אונטער דער שענד-לעכער שוץ פון פּאָליציע און קאַזאַקן, פאַרוואנדלענדיק אף אַזאַ אופן אַ רואיקע מאַניפעסטאציע אין אַ מיעס געשלעג און בארבארישער האריגע, פארקריפּלענדיק דעם גאַנצן זין אירן" (די רעדאַקציע האָט קענטיק אַליין אָנגעהויבן גלויבן אין דעם שרעק-בילד, וואָסער ס'האָט זיך איר געכאָלעמט. באַ דער רעדאַקציע קומט אויס אַפילע, לויטן בוכשטעבלעכן גראַמאַטישן זין פון דער פראַזע, אַזוי, אַז די זעמצעס פאַרוואַנדלען די מאַניפעסטאַציע אין אַ האריגע און פאַרקריפּלען איר זין. מיר האָבן זייער ניט קיין הויכע מיינונג וועגן די ליבעראַלע זעמצעס, נאָר דאָך דוכט זיך אונז, אַז די פאנישע איימע פון דער רעדאַקציע פאַר דעם, אַז די ליבעראַלן וועלן אַרויסרופן פּאָליציי און קאַזאַקן אַף דער זעמסקער פאַרזאַמלונג איז פּאָשעט אומזיניק. יעדער, וועלכער איז כאטש איינמאָל געווען אין דער זעמסקער פאַרזאַמלונג, ווייסט אויסגעצייכנט, אַז אין פאַל פון אַזויגערופענעם אָרדענונג-שטערן וועט אַרויסרופן פּאָליציי דער פאָרזיצער, דער אדלס-מארשאלעק, אָדער דער פּאָליציי-באַאַמטער, וועלכער געפינט זיך אומאָ-

פּיציעל אין שכיינעסדיקן צימער. אָדער, עפּשער, וועלן די מיטגלידער פון אויספיר־קאָמיסיע באַ דעמדאָזיקן פאַל דערקלערן דעם אָקאַלאַטאַטשנעם נאַדזיראַטעל, אַז אין „פּלאַן" פון רעדאַקציע פון דער נייער „איסקרא" גייט גאָר ניט אַריין די פּאַרוואַנדלונג פון א רוּאיקער מאַניפעסטאַציע אין אַ באַרבאַרישער האַריגע?).

„...קעדיי אויסצומיידן אַזאַ מין סיורפּריז, דאַרף די אויספיר־קאָמיסיע פאַר פריער מאסרע זיין די ליבעראַלע אָפּגעאָרדנטע... (אַז זיי זאָלן געבן אַ „פאָרמעלן צוזאָג" ניט אַרויסרופן קאַזאַקן?) וועגן דער מאַניפעסטאַציע, וואָס גרייט זיך, און וועגן אירע ווירקלעכע צילן... (ד. ה. מאסרע זיין, אַז אונזער ווירקלעכער ציל באַשטייט גאָר ניט אין דעם, אַז מע זאָל אונז באַרבאַריש שלאָגן און דורך דעם פאַרקריפּלען דעם זין פון אַקסעלראָדס פּלאַן)... כוץ דעם וועט זי דאַרפן זיך פּרואוון אריינצוטרעטן אין אַ וועלכן ניט איז אויסגלייך (הערט!) מיט די פאָרשטייער פון לינקן פליגל פון דער בורזשואַזער אָפּאָזיציע און פאַרזיכערן פאַר זיך אויב ניט זייער אַקטיווע שטיצע, איז לעכאָלאַפּאָכעס זייער מיטגעפיל צו אונזער פּאָליטישן אַקט. די אונטערהאַנדלונגען מיט זיי דאַרף זי, פאַרשטייט זיך, פירן אין נאָמען פון פּאַרטיי, לויטן אויפטראַג פון אַרבעטער־קרייזלעך און פאַרזאַמלונגען, אַף וועלכע ס'ווערט ניט נאָר באַהאַנדלט דער אַלגעמיינער פּלאַן פון דער פּאָליטישער קאַמפּאַניע, נאָר עס ווערט אויך אָפּגעגעבן אַ דינווּעכעשבן וועגן איר גאַנג, — פאַרשטייט זיך, באַ שטרענגן אָפּהיטן די פאָדערונגען פון קאָנספּיראַציע".

מיר זעען באַשיינפּערלעך, אַז די גרויסע אידייע פון סטאַראַוועין וועגן פאַרשטענדיקונג מיט די ליבעראַלן אַפן גרונט פון שטרענג באַשטימטע באַדינגונגען וואַקסט און שטאַרקט זיך ניט פון טאָג צו טאָג, נאָר פון שאָ צו שאָ. עמעס, די אַלע באַשטימטע באַדינגונגען זיינען „צייטווייליק" אָוועקגעלייגט אין דער לאַנגער באַנק (מיר זיינען דאָך ניט קיין פאָרמאַליסטן!), דערפאַר אָבער ווערט דערגרייכט דער אויסגלייך פּראַקטיש, ער ווערט דערגרייכט טייקעף, נעמלעך: *אַן אויסגלייך וועגן ניט מאַכן קיין פּאַנישע איימע.*

ווי איר זאָלט ניט דרייען דעם רעדאַקציאָנס־בריוו, וועט איר אין אים ניט געפינען קיין אַנדער אינהאַלט פון דער באַרימטער פאַרשטענדיקונג מיט די ליבעראַלן, אויסער דעם, וועלכן מיר האָבן אָנגעוויזן: אָדער דאָס איז אַ פאַרשטענדיקונג וועגן די באַדינגונגען, אַף וועלכע די ליבעראַלן האָבן דאָס רעכט אַרויסצוטרעטן אין נאָמען פון פאָלק (און דאַן קאָמפּראָמעטירט גאָר די אידייע אַליין וועגן אַזאַ פאַרשטענדיקונג אַפן סאַמע ערנסטן אויפן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע רוקן אַרויס דידאָזיקע אידייע), אָדער דאָס איז א פאַרשטענדיקונג וועגן ניט מאכן קיין פּאַנישע איימע, אַ פאַרשטענדיקונג וועגן מיטגעפיל אַ פרידלעכער מאניפעסטאַציע, — דאַן איז דאָס פּאָשעט אַ שטוס, וועגן וועלכן עס איז שווער ערנסט צו ריידן. די אומגעלומפּערטע אידייע וועגן דער צענטראַלער באַדייטונג פון דער אויפווירקונג אַף דער בורזשואַזער אָפּאָזיציע און ניט אַף דער רעגירונג האָט צו אַנדערש גאָרניט געקענט ברענגען, ווי צו אַן אַבסורד. אויב מיר קענען מאַכן אַ סאָלידע מאַסן־דעמאָנסטראַציע פון אַרבעטער

אין זאַל פון דער זעמסקער פאַרזאַמלונג, ווען מיר זי, פֿאַרשטייט זיך, מאַכן כאָטש בא געהעריקע קויכעס וואָלט פאַר אַ מאסן-דעמאָנסטראַציע באַדייטנדיק בע-סער געווען צו „קאָנצענטרירן" דידאָזיקע קויכעס „בא דער געביידע" ניט פון די זעמסקע, נאָר פון די פּאָליציייאישע, זשאנדארמישע אָדער צענזארישע פאַר-זאמלונגען). נאָר לאָזן זיך אָנפירן דערביי פון אַזעלכע טאימים, ווי די פאנישע איימע פון די זעמצעס, פירן אונטערהאנדלונגען וועגן דעם — דאָס איז אויסערסט ניט קלוג, אויסערסט קאָמיש. אַ פאנישע איימע צווישן אַ גאנץ היפּשן טייל צווישן דער מערהייט מיסטאמע, פון די רוסלענדער זעמצעס וועט אַלעמאָל און אומפאַרמיידלעך ארויסרופן דער אינהאלט גופא פון דער רעדע פון אַ קאָנסעקווענטן סאָציאַל-דעמאקראַט. ריידן פאַרויס מיט די זעמצעס וועגן דעם, אַז עס איז ניט ווינשנסווערט אַזאַ פאנישע איימע — הייסט שטעלן זיך אין דער סאָמע פאַלשער און אומווירדיקסטער לאגע. א פּאנישע איימע פון אן אנדער מין וועט אומפאַרמיידלעך ארויסגערופן ווערן דורך א בארבארישער האריגע אָדער דורכן געדאנק, אז אזעלכע איז מעגלעך. פירן אונטערהאנדלונגען מיט די זעמצעס וועגן דערדאָזיקער פאנישער איימע איז זייער ניט קלוג, ווייל קיין איינציקער ליבעראַל, אפילע דער סאמע מעסיקסטער, וועט קיינמאָל ניט ארויס-רופן קיין האריגע און וועט איר ניט מיטפילן, נאָר ניט פון אים הענגט דאָס גאָר אָפּ. דאָ זיינען נויטיק ניט „אונטערהאנדלונגען", נאָר א פּאקטישע צוגריי-טונג פון קראַפט, ניט די אויפווירקונג אף די זעמצעס, נאָר טאקע די אויפ-ווירקונג אף דער רעגירונג און אירע אגענטן. אויב עס איז ניטאָ קיין קראַפט, דאן איז בעסער ניט צו פלוידערן וועגן גרויסע פלענער; און אויב עס איז פאראן א קראַפט, דאָן דארף מען טאַקע די קראַפט קעגנשטעלן די קאזאקן און דער פּאָליציי, דארף מען זען צוזאמענקלייבן אזא האמוין אין אזא אָרט, אז ער זאָל קענען אָפּשלאָגן, אָדער לעכאָלאפּאָכעס פאַרהאלטן, דעם דראנג פון די קאָזאקן און דער פּאָליציי. און אויב מיר זיינען פעאיק אין דערעמעסן, און ניט מיט ווערטער, צו מאכן „א סאָליד אָרגאַניזירטע אויפווירקונג אף דער בורזשואזער אָפּאָזיציע", דאן קענען מיר דאָס מאכן, פאַרשטייט זיך, ניט דורך נארישע „אונטערהאנדלונגען" וועגן ניט שאפן קיין פאנישע איימע, נאר דורך קראַפט, דורך דער קראפט פון מאסן-ווידערשטאנד די קאזאקן און דער צארישער פאליציי, דורך דער קראפט פון מאסן-דראנג, וועלכער איז פעאיק איבערצוגיין אין א פּאָלקס-אויפשטאנד.

די רעדאַקציע פון דער נייער „איסקרא" קוקט אנדערש אף זאכן. זי איז אזוי צופרידן מיט איר פלאן וועגן א פארשטענדיקונג און וועגן אונטערהאנד-לונגען, אז זי קען זיך גאָרניט אנקוקן אף אים, זי קען זיך גאָרניט געגוג אָנ-לויבן מיט אים.

...„די אקטיווע דעמאָנסטראנטן דארפן „דורכגעדרונגען ווערן מיטן פאַר-שטאנד פון דער גרונט-נאָפּקעמינע צווישן א געוויינלעכער דעמאָנסטראַציע קעגן דער פּאָליציי אָדער דער רעגירונג און צווישן א דעמאָנסטראַציע, וועלכע שטעלט פאַר איר אומיטלבארן ציל דעם קאמף קעגן אבסאָלוטיזם, דורך א דירעקטער אויפווירקונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאריאט אף דער פּאָליטישער טאקטיק (אָט אזוי גאָר!) פון די ליבעראלע עלעמענטן בא הײנטיקן (אונטער-

געשטראָכן פון דער רעדאקציע) מאָמענט... קעדיי איינצואָרדענען דעמאָנסטראַ-ציעס פון געוויינלעכן, אזוי צו זאָגן אלגעמיין-דעמאָקראטישן (!!) טיפּ, וועלכע שטעלן פאַר זיך ניט די אויפגאבע קאָנקרעט קעגנצושטעלן דעם רעוואלוציאָנערן פראָלעטאריאט קעגן דער ליבעראל-אָפּאָזיציאָנעלער בורזשואזיע, אלס צוויי זעלבשטענדיקע פּאָליטישע קויכעס, פאר דער איינאָרדענונג פון אזעלכע דעמאָנ-סטראציעס איז געגוג בלויז די אָנוועזנהייט פון א שטארקער אירונג צווישן די פאָלקס-מאסן".

„...אונזער פּארטיי איז מעכויעוו אויסצונוצן דידאָזיקע אירונג פון די מאסן אפילע פאר אזא מאָביליזאציע פון דידאָזיקע מאסן קעגן דעם אבסאלוטיזם, וועלכע איז אפילע, אויב מע קען זיך אזוי אויסדריקן, א מאָביליזאציע פון א נידעריקן טיפּ (הערט! הערט!)..." „מיר מאכן די ערשטע (!) שריט אפן נייעם(!) וועג פון פּאָליטישער טעטיקייט, אפן וועג פון דער אָרגאניזירונג פון אזא פלאנמעסיקער ארייננמישונג פון די ארבעטער-מאסן (NB) אין געזעלשאפטלעכן לעבן, וועלכע שטעלט פאַר זיך דעם ציל קעגנצושטעלן זיי דער בורזשואזער אָפּאָזיציע, אלס זעלבשטענדיקן קויעך, וועלכער איז קעגנזעצלעך דערדאָזיקער אָפּאָזיציע לויט אירע קלאסן-אינטערעסן און וועלכער לייגט איר פאַר אין דער-זעלביקער צייט באדינגונגען (וועלכע זשע?) פאר געמיינזאמען ענערגישן קאמף מיטן געמיינזאמען סוינע".

ניט יעדער איז ראָע צו באַנעמען די גאַנצע טיפקייט פון דידאָזיקע מערקווירדיקע כקירעס.

די ראָסטאָווער דעמאָנסטראַציע, ווען עס ווערן אויפגעקלערט פאַר טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער די צילן פון סאָציאַליזם און די פאָדערונגען פון דער ארבעטער-דעמאָקראַטיע, — דאָס איז „אַ נידעריקערער טיפּ פון מאָבי-ליזאציע", דאָס איז א געוויינלעכער, אלגעמיין-דעמאָקראטישער טיפּ, דאָ איז ניטאָ קיין קאָנקרעטע קעגנשטעלונג פון רעוואָלוציאָנערן פראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואזער אָפּאָזיציע. אָבער אָט, ווען אַ ספּעציעל באַפולמעכטיקטער רעדנער, וועלכן עס האָט באשטימט די אויספיר-קאָמיסיע, וועלכע עס האָט אויסגעוויילט די אָרגאניזאציאָנס-גרופּע, וועלכע איז געבילדעט פון קאָמיטעט-לייט און אקטיווע אַרבעטער, ווען אָט דערדאָזיקער רעדנער וועט, נאָך אפרי-ערדיקע אונטערהאנדלונגען מיט די זעמצעס, הויך דערקלערן אַ פּראָטעסט אין דער זעמסקער פארזאמלונג קעגן דעם, וואָס מע וויל אים ניט אויסהערן, דאַן וועט דאָס זיין א „קאָנקרעטע" און „אומיטלבאַרע" קעגנשטעלונג פון צוויי זעלבשטענדיקע קויכעס, דאַן וועט דאָס זיין אַ „דירעקטע" אויפווירקונג אָף דער טאקטיק פון די ליבעראלן, דאַן וועט דאָס זיין „דער ערשטער שריט אַפן נייעם וועג". האָט גאָט אין האַרצן, מיינע הערן! מארטינאָוו*) אָפּילע וואָלט זיך דאָך, אין די ערגסטע צייטן פון „ראַבאָטשע דעלאָ"**), קוים דע-רעדט צו אזעלכע באנאלקייטן!

*) געוועזענער אָנגעזעענער מענשעוויק, היינט אין ר. ק. פּ. איבערז.

**) אן אויסלענדישער אָרגאן, האט געשטיצט די עקאנאמיסטו.

מאסאָווע ארבעטער=פארזאמלונגען אַף די גאסן פון די דאָרעם-שטעט, צענדליקע ארבעטער-רעדנער, דירעקטע צוזאַמענשטויסונגען מיט דער ווירקלעכער קראפט פון דער צארישער זעלבסטהערשונג—דאָס איז „א נידעריקערער טיפ פון מאָביליזאציע“. אַ פארשטענדיקונג מיט די זעמצעס וועגן א פרידלעכער אַרויסטרעטונג פון אונזער רעדנער, וועלכער איז זיך מיסכאַיעוו ניט אַרויסצורופן קיין פאניק בא די ה״ה ליבעראלן — דאָס איז „אַ נייער וועג“. אָט זיינען זיי, די נייע טאַקטישע אויפגאבן, די נייע טאקטישע אנשויאונגען פון דער נייער „איסקרא“, וועגן וועלכע מע האָט מיט אזא פאמפע מוידיע געווען דער גאנצער וועלט דורך טראָצקין. און איין הינזיכט האָט טראָצקי פונדעסטוועגן אומדערוואַרטערהייט געזאָגט אן עמעס: צווישן דער אלטער און נייער „איסקראַ“ ליגט ווירקלעך א טהאם. די אַלטע „איסקראַ“ האָט קיין אַנדערע ווערטער ניט געהאט, אויסער ווערטער פון פאראכטונג און שפאט, בעזויגייע צו יענע מענטשן, וועלכע זיינען פעאיק היספאילעס צו קריגן, אלס פון „א נייעם וועג“, פון דער בוטאַפאָריש ארומגעשטעלטער קלאסן-פארשטענדיקונג. ד ע ר ד אָ ז י ק ע ר נייער וועג איז אונז לאנג באקאַנט לויט דער דערפארונג פון יענע פראנצויזישע און דייטשישע „מלוכע-לייט“ פון סאָציאליזם, וועלכע האלטן אויך פאר א „נידעריקערן טיפ“ די אלטע רעוואָלוציאָנערע טאקטיק און קענען זיך ניט אנלויבן מיט „דער פלאנמעסיקער און אומיטלבארער אַריינמישונג אין געזעלשאפטלעכן לעבן“ אין פאָרם פון פארשטענדיקונגען וועגן אַ פרידלעכער און באשיידענער אַרויסטרעטונג פון ארבעטער=רעדנער, נאָך אונטערהאנדלונגען מיטן לינקן פליגל פון דער אָפּאָזיציאָנעלער בורזשואזיע.

פאר דער פאנישער איימע פון די ליבעראלע זעמצעס פילט די רעדאקציע, פון איר זייט, אַזאַ פאנישע איימע, אַז זי רעקאָמענדירט שטארק די איינטיילנעמער פונם „נייעם“ פלאן, וועלכן זי האָט צוגעטראכט, א „באזונדער פאָרזיכטיקייט“. „אלס אַן עקסטן פאל אין זין פון אויסערלעכער פאָרזיכטיקייט באם אַרומשטעלן דעמדאָזיקן אַקט גופע,—לייענען מיר אין בריוו, — שטעלן מיר זיך פאָר דאָס צושטעלן פון דער ארבעטער-מעלדונג דורך פאָסט די אָפּגעאָרדנטע אהיים און דאָס פאנאנדערווארפן די מעלדונג אין א באדייטנדע צאָל עקזעמפלארן אין זאַל פון דער זעמסקער פארזאמלונג. מ׳וואָלט געקאָנט דערביי זיין אין פארלעגנהייט, ווען מע זאָל שטיין אפן שטאנדפונקט פון בורזשואַזן רעוואָלוציאָניזם (אזוי!), פאר וועלכן דער אויסערלעכער עפעקט איז אלץ און דער פראָצעס פון פלאנמעסיקער אנטוויקלונג פון קלאסן-באוואוסטזיין און זעלבסטעטיקייט פון פראָלעטאריאט—איז גאָרניט“.

עס איז פרעמד פאר אונזערן א ברודער אין פארלעגנהייט צו זיין פון פאנאנדערשיקן און פאנאנדערווארפן בלעטלעך, מיר וועלן אָבער אלעמאָל אין פארלעגנהייט זיין פון מליצעדיקע און אינהאלטסלאָזע פראזן. זיין אין פארלעגנהייט איבער דאָס פאנאנדערשיקן און פאנאנדערווארפן בלעטלעך און טאינען מיט אן ערנסטן פּאָנים וועגן דעם פראָצעס פון פלאנמעסיקער אנטוויקלונג פון קלאסן-באוואוסטזיין און וועגן דער זעלבסטעטיקייט פון דעם פראָלעטאריאט,—צוליב דעם דארף מען זיין א העלד

פון זעלבסטצופרידענער באנאליטעט. שרייען אף דער גאנצער וועלט וועגן נייע טאקטישע אויפגאבן און ברענגען סאָפּקאָלסאָף דעם גאַנצן איניען צו פּא-נאנדערשיקן און פאנאנדערוואַרפן בלעטלעך—דאָס איז בעעמעס אומפּארגלייכ-באר, דאָס איז וואָס מע דארף ניט מער כאראקטעריש פאר די פארשטייער פון דער אינטעליגענטישער שאטירונג אין אונזער פארטיי, וועלכע ווארפן זיך איצט היסטעריש, יאָגנדיק זיך נאָך א נייעם טאקטישן וואָרט, נאָך דעם ווי זיי האָבן געליטן אַ מאַפּאָלע מיט זייערע נייע אָרגאניזאַציאָנעלע ווערטער און זיי ריידן נאָך, מיט זייער אייגנטימלעכער באשיידנקייט, וועגן דער נישטיקייט פון אויסערלעכן עפעקט. ניט שוין זשע זעט איר ניט, מיינע הערן, אַז אין בעסטן פאל, אין פאל פון א פולשטענדיקן ערפאָלג פון אייער קלוימערשט נייעם פלאן, וואָלט דערגרייכט געוואָרן טאקע בלויז אן אויסערלעכער עפעקט דורך דער ארויסטרעטונג פון דעם ארבעטער פאר די ה״ה זעמצעס, און אז וועגן א ווירק-לעכער „אימפּאזאנטער״ אויפווירקונג פון אזא אַרויסטרעטונג אף דער „טאקטיק פון די ליבעראלע עלעמענטן״ קען מען נאָר ריידן צוליב געלעכטער? צי איז די מאיסע ניט פארקערט, צי האָבן ניט געמאכט בעעמעס קיין סאָלידע אויפ-ווירקונג אף דער טאקטיק פון די ליבעראלע עלעמענטן יענע מאסן-דעמאָנ-סטראציעס פון די ארבעטער, וועלכע ווייזן זיך אייך אויס פאר „געוויינלעכע״ דעמאָנסטראציעס, אַלגעמיין-דעמאָקראטישע, פון „נידעריקערן טיפּ״? און אויב עס איז באשערט נאָך אַמאָל דעם רוסישן פּראָלעטאריאט צו ווירקן אַף דער טאקטיק פון די ליבעראַלן, איז, גלויבט, אז ער וועט די־דאָזיקע אויפווירקונג מאכן דורך א מאַסן-דראנג אַף דער רעגירונג און ניט דורך אַן אויסגלייך מיט די זעמצעס.

## IV.

די זעמסקע קאָמפּאניע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער גנעדיקער ערלויבעניש פון דער פּאָליציי, די צארטע רעדעס פון סוויאטאָפּאָלק-מירסקי *) און פון די רעגירונגס-אָפּיציאָזן, די העכערונג פון טאָן אין דער ליבעראלער פּרעסע, די אויפלעבונג פון דער זאָגענאטער געבילדעטער געזעלשאפט, — דאָס אלץ שטעלט פאר דער אַרבעטער-פּארטיי די סאמע ערנסטע אויפגאַבן. אָבער די־דאָזיקע אויפגאַבן זיינען אינגאנצן קאפּויר פאָרמולירט אין בריוו פון דער רעדאקציע „איסקרא״. דאפקע אין איצטיקן מאָמענט דארף דער צענטראלער פּאקוס פון דער פּאָליטישער טעטיקייט פון פּראָלעטאריאט זיין די אָרגאניזירונג פון א סאָלידער אויפווירקונג אף דער רעגירונג און ניט אף דער ליבעראלער אָפּאָזיציע. דאַפקע איצטער זיינען ווייניקער פאר אלץ פאסיק פארשטענדיקונגען צווישן די ארבעטער מיט די זעמצעס וועגן א פרידלעכער מאניפעסטירונג, פארשטענדיקונגען, וועלכע וואָלטן זיך אומפארמיידלעך פארוואנדלט אין ריין פּורים-שפּילערשע עפעקטן-מאכעריי, — און עס איז מער פון אלץ נויטיק די פאראייניקונג פון די פאָרגעשריטענע, רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן צוליב דער צוגרייטונג פון אן אנטשיידענעם קאמף פאַר פרייהייט. דאַפקע איצטער, ווען

*) א מיניסטער, וועלכן ניקאָלאי האט באשטימט אין 1904 יאר אונטערן דרוק פון דער שטייגנדיקער רעוו. באוועגונג. איבערז.

אונזער קאָנסטיטוציאָנעלע באַוועגונג הויבט אָן בוילעט אַרויסצובאַווייזן די אַלטע כאַטאָים פון יעדן בורזשואַזן ליבעראַליזם און פון דעם רוסישן ליבעראַליזם באַזונדערס: די אומגעהויערע אַנטוויקלונג פון דער פראַזע, דאָס מיסברויכן מיטן וואָרט, וועלכער גייט זיך פאַנאַנדער מיט דער טאַט, דער ריין פיליסטערישער *) צוטרוי צו דער רעגירונג און צו יעדן העלד פון פוקסן-פּאָליטיק, — דאַפקע איצטער זיינען באַזונדערס אומטאַקטיש די פראַזן וועגן דעם, אַז עס איז ניט ווינשנסווערט אָנצושרעקן די זעמצעס און אַרויסרופן צווישן זיי אַ פאַניק, פראַזן וועגן אַ הויבער פאַר דער רעאַקציע און ד. גל. א. א. וו. דאַפקע איצטער איז וויכטיקער פאַר אַלץ צו פאַרשטאַרקן בא דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט די פעסטע איבערצייגונג אין דעם, אַז די איצטיקע „באַפרייאונגס-באַוועגונג אין דער געזעלשאַפט” וועט זיך אומפאַרמיידלעך אַרויסווייזן פאַר אַזא מין זייפנבלאָז, ווי די פריערדיקע, אויב עס וועט זיך ניט אריינמישן די קראַפט פון די ארבעטער-מאַסן, וועלכע זיינען פעאיק און גרייט צו אַן אויפשטאַנד.

די פּאָליטישע אויפרעגונג אין די פאַרשיידנסטע שיכטן פון פאָלק, וועלכע איז אַ נויטיקע באַדינגונג פאַר דער מעגלעכקייט פון אַן אויפשטאַנד און איז אַן אָרוועס פאַר זיין ערפאָלג, אַן ארוועס דערפאַר, אַז די האַסכאָלע פון פּראָלעטאַריאַט וועט געפינען א שטיצע, דידאָזיקע פּאָליטישע אויפרעגונג ברייטערט זיך פאַנאַנדער, וואַקסט און פאַרשאַרפט זיך. עס וואָלט דעריבער געווען זייער ניט קלוג, אויב איצטער וואָלט זיך ווידער וועד ניט איז מעיאַשעוו געווען צו שרייען וועגן א טייקעפדיקן שטורעם און רופן צו שטעלן זיך גלייך אין שטורעם-קאָלאָנעס א. ד. גל. דער גאַנצער גאַנג פון די געשעענישן איז אָרעוו דערפאַר, אַז די צארישע רעגירונג וועט זיך אין דער נאָענטסטער צוקונפט נאָך שטאַרקער פאַרפלאָנטערן, די פאַרביסנקייט קעגן איר וועט ווערן נאָך געפערלעכער. די רעגירונג וועט זיך אומפאַרמיידלעך פאַרפלאָנטערן אויך אין דער שפּיל, וועלכע זי האָט אָנגעהויבן מיטן זעמסקען קאָנסטיטוציאָנאַליזם. אַזוי ווי אין דעם פאַל, אויב זי וועט געבן קלייניקע האַנאָכעס, אַזוי אויך אין דעם פאַל, אויב זי וועט קיין שום האַנאָכעס ניט געבן, וועט די אומצופרידנקייט און אויפרעגונג אומפאַרמיידלעך אַלץ ברייטער ווערן. די רעגירונג וועט זיך אומפאַרמיידלעך פאַרפלאָנטערן אויך אין דער שענדלעכער און פאַרברעכערישער מאַנדזשורער אַוואַנטיור, וועלכע טראָגט מיט זיך אַ פּאָליטישן קריזיס, סאַי אין פאַל פון אַן ענדגילטיקער מיליטערישער מאַפּאָלע, סאַי אין דעם פאַל, ווען עס וועט זיך פאַרציען די מילכאָמע, וועלכע איז האָפּענונגסלאָז פאַר רוסלאַנד.

די זאַך פון דעם ארבעטער-קלאַס איז — פאַרברייטערן און פאַרפעסטיקן זיין אָרגאַניזאַציע, פאַרצענפאַכן די אַגיטאַציע אין די מאַסן, אויסנוצנדיק יעדע וואַקלעניש פון דער רעגירונג, פּראָפּאַגאַנדירנדיק די אידייע פון אַן אויפשטאַנד, אויפקלערנדיק די נויטווענדיקייט פון דעם אויפשטאַנד אַפןביישפּיל פון אַלע

*) פיליסטער — באַגרעניצטער באַלעבאַטישער מענטש, וואָס קריכט ניט ארויס פון די דאַלעדאַמעס פונם איינגעשטעלטן לעבן. איבערז.

יענע האַלביקע „טריט", וועלכע זיינען פּאָרויס אָפּגעמישפּעט אַף א מיסערפאָלג און וועגן וועלכע מע שרייט איצט אַזוי פיל.

עס איז פאַרשפּאָרט צו ריידן וועגן דעם, אַז די אַרבעטער דאַרפן זיך אָפּרופן אַף די זעמסקע הישטאַדלעס, דורך איינאָרדענען פאַרזאַמלונגען, דורך פאַנאַנדערוואַרפן בלעטלעך, דורך אָרגאַניזירן, דאָרט, וואו עס זיינען פאַראַן גענוג קויכעס, דעמאָנסטראַציעס, קעדיי צו מעלדן וועגן אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאָדערונגען, ניט רעכענענדיק זיך מיט דער פאַניק פון די ה״ה טרובעצקעס, ניט לייגנדיק קיין אַכט אַף די קוילעס פון די פיליסטערן וועגן אַ הויבער פאַר דער רעאַקציע. און אויב מע זאָל שוין ריזיקירן צו ריידן פאָרויס, און דערצו נאָך פון אויסלאַנד, וועגן אַ מעגלעכן און ווינשנסווערטן העכערן טיפּ פון מאַסן-דעמאָנסטראַציעס (ווייל ניט קיין מאַסאָווע האָבן שוין גאָר קיין ווערט ניט), אויב מע זאָל שוין יאָ באַרירן די פראַגע וועגן קאָנצענטרירן די דעמאָנסטראַנטן-קרעפטן באַ דער אָדער יענער געביידע, וואָלטן מיר אָנגעוויזן אַף די געביידעס, וואו עס ווערן באַשלאָסן די פּאָליצייאישע איניאָנים וועגן פאַרפאָלגונגען פון דער אַרבעטער-באַוועגונג; מיר וואָלטן אָנגעוויזן אַף די געביידעס פון די פּאָליצייאישע, זשאַנדאַרמישע, צענזורישע פאַרוואַלטונגען, אַף די טפיסעס פאַר די פּאָליטישע „פאַרברעכער". אַן ערנסטע שטיצע פון די אַרבעטער פאַר די זעמסקע הישטאַדלעס דאַרף באַשטיין ניט אין פאַרשטענדיקונגען וועגן די באַדינגונגען, לויט וועלכע די זעמצעס זאָלן קענען ריידן אין נאָמען פון פאָלק, נאָר אין דעם, וואָס זיי וועלן דערלאַנגען א קלאַפּ דעם סוינע פון פאָלק. און עס איז גאָר קיין ספק ניט, אַז דער געדאַנק וועגן אַזאַ דעמאָנסטראַציע וועט באַגעגענען מיטגעפיל באַ דעם פּראָלעטאַריאַט. די אַרבעטער הערן איצט פון אַלע זייטן מליצעדיקע פראַזן און הויכע האַפּטאָכעס, זיי זעען אַ ווירקלעכע — אַפילע אַ נישטיקע, אָבער דאָך אַ ווירקלעכע — פאַרברייטערונג פון פרייהייט פאַר דער „געזעלשאַפט" (די אָפּשוואַכונג פון צוים אַף די זעמסטוועס, דאָס אומקערן פון פאַרזינדיקטע זעמצעס, אַ פאַרלייכטערונג פון דעם ווילקיר קעגן דער ליבעראַלער פּרעסע), די אַרבעטער זעען אָבער לאַכלוטן גאָרניט אַזעלכעס, וואָס זאָל פאַרברייטערן די פרייהייט פון ז ײ ע ר פּאָליטישן קאַמף. אונטער דעם רעוואָלוציאָנערן דראַנג פונם פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י אַ ט האָט די רעגירונג ערלויבט די ל י ב ע ר אַ ל ן אַ רעד צו טאָן וועגן פרייהייט! די רעכטלאָזיקייט און די צוגעדריקטקייט פון די קנעכט פון קאַפּיטאַל טרעט איצט נאָך בוילעטער אַרויס פאַר די פּראָלעטאַריער. באַ די אַרבעטער זיינען ניטאָ קיין אומעטומיקע אָרגאַניזאַציעס צוליב אַ פאַרהעלטניסמעסיק פרייער (פון רוסישן שטאַנדפּונקט) באַהאַנדלונג פון פּאָליטישע איניאָנים; באַ די אַרבעטער זיינען ניטאָ קיין זאַלן פאַר פאַרזאַמלונגען, באַ די אַרבעטער זיינען ניטאָ קיין אייגענע צייטונגען; די אַרבעטער קערט מען ניט אום זייערע כאַווירים פון די טורמעס און פאַרשיקונגען. די אַרבעטער זעען איצטער, אַז די פעל פון בער — וועלכן זיי האָבן נאָך ניט געהאַרגעט, אָבער וועלכן זיי און נאָר זיי, פּראָלעטאַריער, האָבן ערנסט פאַרוואונדעט — אַז דידאָזיקע פעל הייבן אָן צו טיילן די הערן ליבעראַלע בורזשויען. די אַרבעטער

זעען, אַז דידאָזיקע הערן ליבעראַלע בורזשויען פאַנגען שוין אָן באַ דעם ערשטן אָנהויב צו טיילן די צוקונפטיקע פעל, אָנצודרודלען זיך און צו ברומען קעגן די „עקסטע פאַרטייען", קעגן די „אינערלעכע סאָנים" — די אומבעראַכמאָ־נעסדיקע סאָנים פון דער בורזשואַזער הערשאַפט און פון רואיקייט. און די אַרבעטער וועלן זיך אויפהויבן נאָך דרייסטער, אין נאָך גרעסערע מאַסן, קעדיי צו דערהאַרגענען דעם בער, קעדיי מיט געוואַלט אויסצוקעמפן פאַר זיך דאָס, וואָס עס זאָגן צו די ה"ה ליבעראַלן צו געבן אַלס אַ נעדאָווע — פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען, פרייהייט פון אַרבעטער-פרעסע, פולע פאליטישע פרייהייט פאַר אַ ברייטן און אָפענעם קאַמף פאַר דעם פולשטענדיקן זיג פון סאָציאַליזם.

גערדרוקט ווי א בראָשור אין דעקאבר 1904 אין זשענעווע.

# דאָס פאַלן פון פאָרט-אַרטור.

„פאָרט-אַרטור *) האָט קאַפיטולירט.

„דידאָזיקע געשעעניש איז איינע פון די גרעסטע געשעענישן אין דער איצטיקער געשיכטע. דידאָזיקע דריי ווערטער, וועלכע זיינען איבערגעגעבן געוואָרן נעכטן דורכן טעלעגראַף אין אַלע עקן פון דער ציוויליזירטער וועלט, מאכן אַ דריקנדן רוישעם, אַ רוישעם פון אַ קאָלאָסאַלער און שרעקעלעכער קאַטאַסטראָפע, פון אַן אומגליק, וועלכן עס איז שווער איבערצוגעבן דורך ווערטער. עס פאַלט איין די מאָראַלע קראַפט פון אַ מעכטיקער אימפעריע, עס וועלקט דער פרעסטיזש פון אַ יונגער ראַסע, וועלכע האָט נאָך ניט באַוויזן ווי געהעריק איז צו פאַנאַנדערוויקלען זיך. עס ווערט ארויסגעטראָגן אַן אור־טייל אַ גאַנצער פאָליטישער סיסטעם, עס ווערט אָפגעהאַקט אַ גאַנצע ריי פרעטענזיעס, עס ווערן אָפגעבראָכן מעכטיקע באַמיאונגען. דאָס פאַלן פון פאָרט-ארטור האָט מען, פאַרשטייט זיך, שוין לאַנג פאָרויסגעזען, מע פלעגט שוין לאַנג אָפקומען מיט ווערטער און מע פלעגט זיך טרייסטן מיט פאַרטיקע פראַזן. גאָר דער מאַמאָשעסדיקער, גראָבער פאַקט צעשלאָגט די גאַנצע טנאי־עדיקע פאַלשקייט. איצט קען מען ניט אָפשוואַכן די באַדייטונג פון דעם פאָרגעקומענעם צוזאַמענבראָך. צום ערשטן מאָל איז די אַלטע וועלט דערנידערט דורך אַן אומפאַריכטבאַרער מאַפּאָלע, וועלכע עס האָט אים געבראַכט די נייע וועלט, אַזאַ געהיימניספולע און, קענטיק, מיידלש-יונגע, וועלכע איז ערשט נעכטן באַרופן צו דער ציוויליזאַציע".

אַזוי האָט געשריבן, אונטער דעם אומיטלבאַרן איינדרוק פון די גע־שעענישן, איינע אַ סאָלידע אייראָפעאישע בורזשואַזע צייטונג. און, מע דאַרף זיך מוידע זיין, איר האָט זיך ניט נאָר איינגעגעבן בולעט אויסצודריקן די שטימונג פון דער גאַנצער אייראָפעאישער בורזשואַזיע. מיטן מויל פון

*) א פעסטונג אפן וויטן מיזרעך, וועלכע איז בעשאס דעם רוסיש-יאפאָנישן קריג פון 1904 — 1905 יאר לאנג באלאגערט געווען דורך די יאפאָנער און איז פון זיי געגומען געוואָרן־איבערז.

דערדאָזיקער צייטונג רעדט דער ריכטיקער קלאַסן-אינסטינקט פון דער בור-זשואַזיע פון דער אַלטער וועלט, וועלכע באַאומרואיקט זיך מיט די ערפאָלגן פון דער נייער בורזשואַזער וועלט, וועלכע איז אויפגערודערט פון דעם קראַך פון דער רוסישער מיליטער-קראַפט, וואָס האָט זיך לאַנג גערעכנט פאַר דעם זיכערסטן שוץ פון דער אייראָפּעאישער רעאַקציע. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אַפילע די אייראָפּעאיע בורזשואַזיע, וועלכע נעמט קיין אַנטייל ניט אין דער מילכאָמע, פילט זיך פונדעסטוועגן דערנידערט און געדריקט. זי איז אַזוי געוואוינט צו אידענטיפיצירן די מאַראַלע קראַפט פון רוסלאַנד מיט דער מיליטער-קראַפט פון דעם אייראָפּעאישן זשאַנדאַרם. פאר איר איז דער פרעסטיזש פון דער יונגער רוסישער ראַסע געווען ענג פאַרבונדן מיטן פרעסטיזש פון דער אומדערשיטערלעך-שטאַרקער צאַרישער מאַכט, וועלכע פארטיידיקט פעסט די איצטיקע „אָרדענונג“. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די קאטאסטראָפע פון דער הערשנדער און קאָמאַנדירנדער רוסלאַנד דוכט זיך דער גאַנצער אייראָ-פעאישער בורזשואַזיע פאר אַ „שרעקלעכע“: דידאָזיקע קאַטאַסטראָפע באַטייט אַ גיגאַנטישע פאַרגיכערונג פון דער אַלוועלטלעכער קאַפּיטאַליסטישער אנט-וויקלונג, אַ פארשנעלערונג פון דער געשיכטע, און די בורזשואַזיע ווייס זייער גוט, אויסגעצייכנט גוט, לויט דער ביטערער ערפארונג ווייסט זי, אַז אזא פארשנעלערונג הייסט די פארשנעלערונג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע פון דעם פראָלעטאַריאַט. די מאירעוו-אייראָפּעאישע בורזשואַזיע האָט זיך געפילט אַזוי רואיק אין דער אטמאָספער פון לאַנגן שטילשטאנד, אונטערן פליגל פון דער „מעכטיקער אימפּעריע“, און מיטאמאָל עפּעס „א געהיימניספולע מיידלש-יונגע“ קראפט וואגט צו רייסן דעמדאָזיקן שטילשטאנד און ברעכן דעמדאָזיקן שוץ.

יאָ, די אייראָפּעאישע בורזשואַזיע האָט פאר וואָס מוירע צו האָבן. דער פּראָלעטאריאט האָט וואָס צו פרייען זיך. די קאטאסטראָפע פון אונזער ערגסטן סוינע באַטייט ניט נאָר די דערנעענטערונג פון דער רוסישער פרייהייט. זי זאָגט פאָרויס אויך א נייעם רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג פון דעם אייראָפּעאישן פּראָלעטאריאַט.

נאָר פארוואָס און אין וואָס פאר א מאָס איז דאָס פאלן פון פּארט-ארטור ווירקלעך א היסטאָרישע קאטאַסטראָפע?

קוידעמקאָל וואַרפט זיך אין די אויגן די באַטייטונג פון דערדאָזיקער געשעעניש אין דעם גאַנג פון קריג. דער הויפּט-ציל פון קריג איז פאר די יאַפּאַנער דערגרייכט. די פּראָגרעסיווע, פאָרגעשריטענע אַזיע האָט דערלאַנגט אַן אומפאַריכטבארן קלאַפּ דער אָפּגעשטאַנענער און רעאַקציאָנערער אייראָפּע. מיט צען יאָר צוריק האָט דידאזיקע רעאַקציאָנערע אייראָפּע זיך פאַרבאַאומ-רואיקט מיט דעם, וואָס יאַפּאַניע האט צעקלאַפּט קיטאַי און זי האט זיך פּאַ-ריייניקט, קעדיי אָפּצונעמען די בעסטע פרוכט פון איר זיג. אייראָפּע האָט באַ-שיצט די איינגעשטעלטע באַציאונגען און די פּריווילעגיעס פון דער אַלטער וועלט, דאָס פאָרעכט, דאָס פון דורירעס סאַנקציאַנירטע אלטע רעכט אף דער עקספּלואַטאַציע פון די אַזיאַטישע פעלקער. דאָס, וואס יאַפּאַניע האט זיך אום-

געקערט פאָרט-אַרטור, איז א קלאַפּ, וועלכער איז דערלאַנגט דער גאַנצער רעאַקציאָנערער אייראָפּע. רוסלאַנד האָט זעקס יאר באזעסן פּאָרט-אַרטור און האָט אויסגעגעבן הינדערטער און הונדערטער מיליאָנען אף סטראטעגישע אייזנבאנען, אַף באַשאַפן פאָרטן, אף בויען נייע שטעט, אף באפעסטיקן די פעסטונג, וועלכע די גאַנצע מאַסע פון רוסלאַנד אונטערגעקויפטע און די פאַר רוסלאַנד קנעכטיש קריכנדיקע אייראָפּעאישע צייטונגען האָבן א שעם געמאַכט פון אַזא, וואָס צו איר קאָן מען ניט ציקומען. מיליטער-שרייבער זאָגן, אז לויט איר קראַפט איז פּאָרט-אַרטור גלייך צו זעקס סעוואַסטאָפּאָלס *). דער מיליטערישער קלאַפּ איז אומפאַריכטבאַר. עס איז געלייזט די פראגע וועגן דער איבערהערשאַפט אפן יאם, — די הויפּט-און גרונט-פראגע פון דעם איצטיקן קריג. דער רוסישער שטיל-אָקעאַנישער פלאָט, וועלכער איז צוערשט געווען ניט שוואַכער, אויב ניט שטאַרקער, ווי דער יאפּאנישער, איז לאַכלוטן פאַרניכטעט. עס איז אָפּגענומען די עצעם באַזע פאַר פלאָט-אָפּעראַציעס, און ראָזשדעסטווענסקיס עסקאַדרע בלייבט איבער נאָר מיט שאַנדע אומצוקערן זיך צוריק, נאָך דעם ווי מע האָט אויסגעגעבן אומזיסט נייע מיליאָנען, נאכן גרויסן זיג פון די מוירעדיקע פאַנצערשיפן איבער די ענגלישע פישערשיפלעך *). מע רעכנט, אז בלויז דער מאטעריעלער פארלוסט פון רוסלאַנד פון דעם פלאָט אליין טרעפט אָן אַ סומע פון דריי הונדערט מיליאָן רובל. נאר נאָך וויכטיקער איז דער פאַרלוסט פון א צענדליק טויזנט פלאָט-עקיפּאַזש, דער פאַרלוסט פון א גאַנצער יאבאָשע-ארמיי. אַסאַך אייראָפּעאישע צייטונגען זעען איצט אָפּצושוואכן די באטייטונג פון דידאָזיקע פארלוסטן, פלייסנדיק זיך דערביי ביז לעכערלעכעס, דערריידנדיק זיך דערצו, אַז קוראָפּאַטקין איז איצט „פאַרלייכטערט“, „באפרייט“ פון זאָרגן וועגן פּאָרט-אַרטור! דאָס רוסישע מיליטער איז אויך באפרייט פון א גאנצע אַרמיי. די צאָל פון געפאַנגענע דערגרייכט, לויט די לעצטע ענגלישע אנגאבן, 48.000 מאַן, און וויפל טויזנט זיינען געפאַלן אין די שלאַכטן באַ קינטשאו און בא דער פעסטונג גופא! די יאפּאנער באהערשן ענדגילטיק ליאַאָדון, זיי באקומען א שטיץ-פונקט פון אן אומגעהויערער וויכטיקייט פאַר אויפצואווירקן אף קאָרייע, כינע און מאַנדזשוריע, זיי באפרייען פארן קאמף מיט קוראָפּאַטקינען אַ פארהארטעוועטע אַרמיי פון 80—100 טויזנט מאַן און דערצו נאָך מיט א קאָלאָסאַלער שווערער אַרטילעריע, וועלכע, ווען מע וועט זי ברענגען אפן טייך שאַכע, וועט זי געבן א שרעקלעכן איבערוואג איבער די הויפּט-רוסישע קויכעס.

די זעלבסטהערשנדע רעגירונג האָט, לויט די יעדיעס פון די אויסלענדישע צייטונגען, באַשלאָסן, וואָס עס זאָל ניט זיין, פאָרצוזעצן דעם קריג און שיקן 200.000 מיליטער קוראָפּאַטקינען. זייער מעגלעך, אז דער קריג וועט זיך נאָך אף לאנג פאַרציען, נאָר זיין האָפענונגסלאָזיקייט איז קלאָר, און דאָס, וואָס

*) סעוואַסטאָפּאָל — דאָרעם-קרים, איז לאַנג באלאגערט געווען בעשאַס דעם גרויסן קריג, וועלכן רוסלאנד האט געפירט מיט א אייראָפּעאישער קאָאַליציע אין 1854—1856 יאָר. איבערז.

*) אפן וועג קיין וויטן-מיזרעך האָט ראָזשדעסטווענסקיס עסקאַדרע צעשאָסן ענגלישע פישער, אָנעמענדיק זיי פאר יאפּאנישע. איבערז.

מע פאַרציט אים, וועט נאָך פאַרשאַרפן יענע אומצאָליקע אומגליקן, וועלכע עס טראָגט אָף זיך דאָס רוסישע פאָלק דערפאַר, וואס ער ליידט נאָך אף זיין האַלז די זעלבסטהערשונג. די יאפּאנער האָבן אויך ביז איצט שנעלער און רייכער פאַרשטאַרקט זייערע מיליטער-קרעפטן נאך יעדער גרויסער שלאכט, איידער די רוסן, און איצטער, ווען זיי האָבן זיך דערשלאָגן די פולקומע הערשאַפט אָפן יאַם און די פולקומע פאַרניכטונג פון איינער פון די רוסישע ארמייען, וועלן זיי קענען שיקן צוויי מאָל אזויפיל פארשטארקונגען, ווי די רוסן. די יאפּאנער האָבן ביז איצט געשלאָגן און געשלאָגן די רוסישע גענעראלן, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די גאַנצע מאַסע פון זייער בעסטער אַרטילעריע איז בּאַ זיי פארנומען געווען אין דעם פּעסטונג=קריג. די יאפּאנער האָבן זיך איצט דערשלאָגן די פולע קאָנצענטרירונג פון זייערע קרעפטן, און די רוסן קומט אויס מוירע צו האָבן ניט נאָר פאַר סאַכאַלין, נאר אויך פאַר וולאַדיוואָסטאָק, די יאַפּאנער האבן פארנומען דעם בעסטן און דעם מער באזעצטן טייל פון מאַנדזשוריע, וואו זיי קענען אויפהאַלטן אן ארמיי אף די מיטלען פון דער עראבערטער לאנד און מיט דער הילף פון כינע. די רוסן אָבער קומט אויס אלץ מער צו באגרעניצן זיך מיטן פראָוויאַנט, וועלכן מע ברענגט פון רוסלאנד, און די ווייטערדיקע פארגרעסערונג פון דער ארמיי וועט אינגיכן ווערן פאַר קוראָפּאַטקינען אומעגלעך איבער דער אומעגלעכקייט צוצופירן א גענוגנדע צאָל פּראָוויאַנט.

נאָך דער מיליטערישער קראַך, וועלכן עס האָט געליטן די זעלבסטהער-שונג, באקומט א נאך גרעסערע באַטייטונג אלס סימען פון צוזאַמענבראך פון אונזער גאנצער פּאָליטישער סיסטעם. אף אייביק זיינען פארשוואונדן יענע צייטן, ווען מילכאָמעס האָבן זיך געפירט דורך געדונגענעם מיליטער אָדער דורך די פאָרשטייער פון א קאַסטע, וועלכע איז האלב אָפּגעריסן פון פאָלק.

מילכאָמעס פירן זיך צווישן פעלקער, — אַפילע קוראָפּאַטקין האָט אָנגע-הויבן, ווי נעמיראָוויטש-דאַנטשענקאָ דערציילט, איצט צו פאַרשטיין, אַז דערדאָ-זיקער עמעס טויג ניט נאר פאַרן אַפיר. מילכאָמעס פירן זיך איצט צווישן פעלקער, און דעריבער טרעט איצט באזונדערס בולעט ארויס די גרויסע אייגנשאַפט פון דער מילכאָמע: זי דעמאַסקירט אין דער טאַט, פאר די אויגן פון צענדליקער מיליאָנען מענטשן, יענע אומאַנטשפּרעכונג צווישן פאָלק און דער רעגירונג, וועלכע איז ביז איצט קלאָר געווען בלויז פאַר א קליינער באוואוסטזיניקער מינדערהייט. די קריטיק פון דער זעלבסטהערשונג מיצאַד אַלע פאָרגעשריטענע רוסישע מענטשן, מיצאַד דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, מיצאַד דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט איז איצט באשטעטיקט דורך דער קריטיק פון דעם יאפּאָנישן געווער, זי איז אַזוי באשטעטיקט, אז די אומעגלעכקייט צו לעבן בא דער זעלבסטהערשונג פ י ל ן אלץ מער אַפילע יענע, וועלכע ווייסן ניט, וואָס עס באַטייט די זעלבסטהערשונג, אַפילע יענע, וועלכע ווייסן עס און ווילן מיטן גאַנצן הארצן פארטיידיקן די עקזיסטענץ פון דער זעלבסטהערשונג. דאס, וואס די זעלבסטהערשונג אַנטשפּרעכט ניט די אינטערעסן פון דער גאַנ-צער געזעלשאפטלעכער אַנטוויקלונג, די אינטערעסן פון דעם גאנצן פאלק

(אויסער א הייפל באַאַמטע און סראָרעס), איז בוילעט אויפגעדעקט געוואָרן, ווי נאָר דעם פאָלק איז אויסגעקומען צו פאנאנדערצאָלן זיך אין דערעמעסן מיט זיין בלוט פאַר דער זעלבסטהערשונג. מיט איר נאַרישער און פאַרברעכערישער קאָלאָניאַלער אַוואַנטיורע איז די זעלבסטהערשונג פארקראָכן אין אזא זאַק-געסל, פון וועלכן עס קען זיך באפרייען נאָר דאָס פאָלק אליין און נאָר דורך דער פאַרניכטונג פון דעם צאַריזם.

דאָס פאַלן פון פאָרט=אַרטור פירט אונטער איינעם פון יענע גרויסע היסטאָרישע סאַכאַקלען פון די פאַרברעכנס פון צאריזם, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן ארויסצואוויזן גלייך פון אָנהויב פון דער מילכאָמע, און וועלכע וועלן זיך איצט ארויסווייזן נאָך ברייטער, נאך מער אומאויפהאַלטלעך. נאָך אונז כאָטש א מאַבל! — האָט געאורטיילט יעדער קליינינקער און גרויסער אַלעקסייעוו *), ניט טראַכטנדיק וועגן דעם, ניט גלויבנדיק אין דעם, אז אַ מאַבל וועט ווירקלעך קומען. גענעראַלן און פעלדהערן האָבן זיך ארויסגעוויזן פאַר טאלאַנטלאָזע און טויגעניכצן. די גאַנצע געשיכטע פון דער קאמפאניע פון 1904 יאָר איז געווען, לויט דער אַווטאָריטעטער מיינונג פון איינעם אן ענגלישן מיליטער-זשורנאַליסט (אין „טיימס״ **) „א פאַרברעכערישע איגנאָרירונג פון יעדע עלעמענטאַרע פרינציפּן פון יאַם- און יאַבאָשע-סטראַטעגיע״. די ביוראָקראַטיע, די בירגערלעכע און מיליטערישע, האָט זיך ארויסגעוויזן פונקט אַזא לײדיקגייערשע און פאַרקויפלעכע, ווי אין די צייטן פון לייבאייגנטום.

דאָס אפיצערנטום האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אומגעבילדעט, אומאנטוויקלט, ניט צוגעגרייט, אָן אַן ענגער פאַרבינדונג מיט די סאָלדאַטן און אָן צוטרוי פון זיי. די פינסטערקייט, אומוויסנהייט, אנאלפאבעטיזם און פאַרשלאָגנקייט פון דער פויערים=מאַסע זיינען ארויסגעטראָטן מיט אַ שרעקלעכער אָפנקייט בײַ דעם צוזאַמענשטויס מיט אַ פּראָגרעסיוון פאָלק אין דער מאָדערנער מילכאָמע, וועלכע פאָדערט א הויך-קוואַליפיצירטן מענטשן-מאַטעריאַל, פונקט אַזוי ווי די מאָדערנע טעכניק. אָן אַן איניציאַטיוו, באַוואוסטזיניקן סאָלדאַט און מאַטראָס איז אומעגלעך אַן ערפאָלג אין דער מאָדערנער מילכאָמע. קיין שום שטאנדהאפטיקייט, קיין שום פיזישער קויעך, קיין שום פעאיקייט צו האנדלען אין מאַסנקאַמף, ווי איין געשלאָסענע כאָפּטע, קענען ניט געבן קיין איבערגעוויכט אין דער עפּאָכע פון שנעל-שיסנדיקע קליין-קאַליבערישע ביקסן, מאַשינען-האַרמאַטן, קאָמפּליצירטע טעכנישע איינריכטונגען אף די שיפן און פאַנאַנדערגעשאָטענעם פראָנט אין יאַבאָשע-שלאַכטן. די מיליטערישע מאַכט פון דער זעלבסטהערשנדיקער רוסלאַנד האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ שײַנבאַרע. דער צאַריזם האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ שטערונג פאַר דער מאָדערנער, אף דער הויך פון די נייסטע פאָדערונגען שטייענדיקער אָרגאַניזאַציע פון דעם מיליטער-איניען, — פון דערזעלבער זאַך, וועלכער דער צאַריזם האָט זיך אָפּגעגעבן מיט לייב און לעבן, מיט וועלכער ער האָט מער פאַר אַלץ שטאָלצירט, וועלכער ער האָט געבראַכט גרעניצלאָזע קארבאנעס, ניט רעכענענדיק זיך מיט

*) דער אויבערקאָמאַנדיר אין אָנפאַנג פון דער מילכאָמע. איבערז.

**) „טיימס״ (צייט) די עלטסטע און רייכסטע ענגלישע בורזשואזע צייטונג. איבערז.

קיין שום פאָלקס-אָפּאָזיציע. אַ פאַרכאַסמעטע טרונע*) — אָט אַ וועלכע עס
האָט זיך אַרויסגעוויזן די זעלבסטהערשונג אַפן געביט פון אויסערלעכער פאַר-
טיידיקונג, דער אַמערסטן אייגנטלעכער און נאָענטער איר, אַזוי צו זאָגן, ספּע=
ציאַליטעט. די געשעענישן האָבן באַשטעטיקט די גערעכטיקייט פון יענע אויס-
לענדער, וועלכע האָבן געלאַכט, ווען זיי האָבן געזעען, ווי צענדליקער און
הונדערטער מיליאָנען רובל ווערן ארויסגעוואָרפן אַף איינקויפן און בויען
פראַכטפולע מיליטער שיפן, און האָבן געזאָגט, אַז עס זיינען נוצלאָז די, אַלע
קאָלאָסאַלע הויצאָעס, ווען מע ווייס ניט ווי צו באַגיין זיך מיט די שיפן, ווען
מע האָט קיין מענטשן ניט, וועלכע זאָלן פעאיק זיין ווי געהעריק צו באַנוצן
זיך מיט די נייסטע פאַרפולקומענונגען פון דער מיליטער-טעכניק. אַן אָפּגע-
שטאַנענער און צו גאָרנישט טויגנדער האָט זיך אַרויסגעוויזן סאַי דער פלאָט,
סאַי די פעסטונג, סאַי די פעלד=פאַרפעסטיקונגען, סאַי די יאַבאָשע-אַרמיי. דער
צוזאַמענהאַנג צווישן דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע פון לאַנד און איר עקאָ-
נאָמישער און קולטורעלער אָרדענונג איז נאָך קיינמאָל אַזאַ ענגער ניט געווען,
ווי איצט. דער מיליטערישער צוזאַמענבראָך האָט דעריבער ניט געקאָנט ניט
אַרויסווייזן זיך אַלס אָנהויב פון אַ טיפן פּאָליטישן קריזיס. דער קריג פון אַ
פאָרגעשריטענעם לאַנד מיט אַן אָפּגעשטאַנענעם האָט אויסגעפילט אויך דאָס
מאָל, ווי עס איז שוין ניט איין מאָל געווען אין דער געשיכטע, אַ גרויסע
רעוואָלוציאָנערע ראָלע. און דער באַוואוסטזיניקער פּראָלעטאַריאַט, זייענדיק אַן
אומבעראַכמאָנעסדיקער סוינע פון קריג, וועלכער איז אַן אומפאַרמיידלעכער
און אַן אומבאַזייטיקלעכער באַגלייטער פון יעדער קלאַסן-הערשאַפט, — קען
ניט פאַרמאַכן די אויגן אַף דערדאָזיקער רעוואָלוציאָנערער אויפגאַבע, וועלכע
עס פירט אויס די יאַפּאָנישע בורזשואַזיע, וואָס האָט צעשלאָגן די זעלבסט-
הערשונג. דער פּראָלעטאַריאַט איז פיינטלעך צו יעדער בורזשואַזיע און צו יעדן
אויסדרוק פון דער בורזשואַזער אָרדענונג, נאָר דידאָזיקע פיינטלעכקייט באַ=
פרייט אים ניט פון דער פליכט אַן אונטערשייד צו מאַכן צווישן היסטאָריש
פּראָגרעסיווע און רעאַקציאָנערע פאָרשטייער פון דער בורזשואַזיע. עס איז
דעריבער גאַנץ פאַרשטענדלעך דאָס, וואָס די אַמערסטן קאָנסעקווענטע און
אַנטשלאָסענע פאָרשטייער פון דער רעוואָלוציאָנערער אינטערנאַציאָנאַלער סאָ-
ציאַל-דעמאָקראַטיע, זשול געד אין פראַנקרייך און היינדמאַן אין ענגלאַנד, האָבן
אָפן אויסגעדריקט זייער סימפּאַטיע צו יאַפּאָניע, וועלכע שלאָגט די רוסישע
זעלבסטהערשונג. באַ אונז אין רוסלאַנד האָבן זיך געפונען, פאַרשטייט זיך,
סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אויך אין דערדאָזיקער פראַגע אַ פּלאָנ-
טער פון דענקען. די „Революционная Россия“ האָט אַן אויסרייד גע=
מאַכט געדן און היינדמאַנען, ערקלערנדיק, אַז א סאָציאַליסט קען זיין בלויז
פאַר דער אַרבעטער-פּאָלקישער יאַפּאָניע און ניט פאַר דער בורזשואַזער יאַ-
פּאָניע. דערדאָזיקער אויסרייד איז פּונקט אַזוי אומזיניק, ווי מע וואָלט פאַרור-

*) אַן אַלט-ביבלישער אויסדרוק — א קייווער, שוין פאַרשמירט מיט קאַלך — דאָס הייסט
דער מעס איז שוין ניט נאָר טויט, נאָר אַף אייביק באַהאַלטן. דער אויסדרוק באַטייט די העכסטע
שטופּע פון טויטקייט. איבערז.

טיילן אַ סאָציאַליסט פאַר דער אַנערקענונג פון דער פּראָגרעסיווקייט פון דער פּריטרעדערישער*) בורזשואַזיע אין פאַרגלייך מיט דער פּראָטעקציאָניסטישער. גענד און היינדמאַן האָבן ניט פאַרטיידיקט די יאַפּאָנישע בורזשואַזיע און דעם יאַפּאָנישן אימפּעריאַליזם, נאָר אין דער פראַגע וועגן דעם צוזאַמענשטויס פון צוויי בורזשואַזע לענדער האָבן זיי ריכטיק באַצייכנט די היסטאָריש-פּראָגרעסיווע ראָלע פון איינער פון זיי. דער פּלאָנטער אין דענקען באַ די „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן" האָט זיך באַקומען, פאַרשטייט זיך, אַלס אומפאַרמיידלעכער רעזולטאַט פון דעם, וואָס אונזער ראַדיקאַלע אינטעליגענץ פאַרשטייט ניט דעם קלאַסן-שטאַנדפּונקט און דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. עס האָט ניט געקאָנט ניט ארויסווייזן קיין פּלאָנטער אויך די נייע „איסקרא". זי האָט אָנגערעדט אין אָנהויב ניט ווייניק פראַזן וועגן אַ שאָלעם, וואָס עס זאָל ניט זיין. זי האָט זיך דערנאָך א וואָרף געטאָן „אויסבעסערן" זיך, ווען זשאָרעס האָט אָנשוילעך באַוויזן, וועמענס אינטערעסן, פון דער פּראָגרעסיווער אָדער פון דער רעאַקציאָנערער בורזשואַזיע, עס דאַרף דינען די קוואַזי-סאָציאַליסטישע קאַמפּאַניע לעטויוועס א שאָלעם ביכלאל. זי האָט געענדיקט איצט מיט דער באַנאַלער כקירע וועגן דעם, ווי ניט פּאסנד עס איז צו „ספּעקולירן" (?!!) אפן זיג פון דער יאַפּאָנישער בורזשואזיע, און וועגן דעם, אז א מילכאָמע איז אן אומגליק „אומאָפּהענגיק פון דעם", צי וועט זי זיך ענדיקן מיט א זיג אָדער מיט א מאַפּאָלע פון דער זעלבסטהערשונג.

ניין. די זאך פון דער רוסישער פרייהייט און פון דעם קאמף פון דעם רוסישן (און דעם אלוועלטלעכן) פּראָלעטאריאט פארן סאָציאליזם הענגט אָפּ זייער שטארק פון די מיליטערישע מאַפּאָלעס פון דער זעלבסטהערשונג. די דאָזיקע זאך האָט זייער פיל געוואונען פון דעם מיליטערישן קראַך, וועלכער ווארפט אָן אן איימע אף אלע אייראָפּעאישע ארדענונגס-היטער. דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט דאַרף אומאויפהערלעך אַגיטירן קעגן מילכאָמע, געדענקענדיק דערביי שטענדיק, אַז מילכאָמעס זיינען ניט צו באַזייטיקן קאָלזמאַן עס האלט זיך די קלאַסן-הערשאַפט ביכלאַל. מיט באַנאַלע פראַזן וועגן שאָלעם אַלאַ זשאָרעס וועסטו ניט העלפן דעם אונטערדריקטן קלאַס, וועלכער איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַ בורזשואַזן קריג צווישן צוויי בורזשואזיע נאַציעס, וועלכער טוט אַלץ, קעדיי אַראָפּצוואוואַרפן יעדע בורזשואַזיע ביכלאַל, וועלכער ווייס די גרעניצלאָזיקייט פון די פאָלקס-אומגליקן אויך אין דער „פרידנס"-צייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואטאציע. נאָר קעמפנדיק קעגן דער פרייער קאָנקורענץ, קענען מיר ניט פאַרגעסן איר פּראָגרעסיווקייט אין פאַרגלייך מיט אַ האַלב-לייבאייגנטימערישער אָרדענונג. קעמפנדיק קעגן יעדער מילכאָמע און קעגן יעדער בורזשואַזיע, דאַרפן מיר אין אונזער אַגיטאַציע מאַכן אַ שטרענגן אונטערשייד צווישן דער פּראָגרעסיווער בורזשואַזיע און דער לייבאייגנטימערישער זעלבסטהערשונג, מיר דאַרפן אַלע מאָל באַצייכענען די גרויסע רעוואָלוציאָנערע ראָלע פון דער היסטאָרישער מילכאָמע, אין וועלכער דער רוסישער אַרבעטער נעמט ניט ווילנדיק אַן אָנטייל.

---

*) די. וואָס שטייט פאַר פרייען האנדל. איבערז.

ניט דאָס רוסישע פאָלק, נאָר די רוסישע זעלבסטהערשונג האָט אָנגעהויבן דידאָזיקע קאָלאָניאַלע מילכאָמע, וועלכע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א מילכאָמע צווישן דער אַלטער און נייער בורזשואַזער וועלט. ניט דאָס רוסישע פאָלק, נאָר די זעלבסטהערשונג איז געקומען צו אַ שענדלעכסטער מאַפּאָלע. דאָס רוסישע פאָלק האָט געוואונען פון דער מאַפּאָלע פון דער זעלבסטהערשונג. די קאַפּיטולירונג פון פּאָרט-אַרטור איז א פאָרשפּיל צו דער קאַפּיטולירונג פון דעם צאַריזם. די מילכאָמע איז גאָך ווייט ניט געענדיקט, נאָר יעדער שריט אין איר פאָרזעצונג פאַרברייטערט די גרעניצלאָזע אירונג און עמפּערונג צווישן דעם רוסישן פאָלק, דערנעענטערט דעם מאָמענט פון אַ נייער גרויסער מילכאָמע, פון דער מילכאָמע פון פאָלק קעגן דער זעלבסטהערשונג, פון דער מילכאָמע פון פּראָלעטאַריאַט פאַר פרייהייט. ניט אומזיסט באַאומרואיקט זיך אַזוי די סאַמע רואיקע און ניכטערע אייראָפּעאישע בורזשואַזיע, וועלכע וואָלט מיטן גאַנצן האַרצן מיטגעפילט די ליבעראַלע האַנאָכעס פון דער רוסישער זעלבסטהערשונג, וועלכע האָט אָבער מוירע ערגער ווי פאַר פייער פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע, אַלס אַ פאָרשפּיל פון דער אייראָפּעאישער רעוואָלוציע.

„פעסט האָט זיך איינגעוואָרצלט די מיינונג, — שרייבט איינער פון אַזעלכע ניכטערע אָרגאַנען פון דער דייטשישער בורזשואַזיע, — אַז דער אויפרייס פון אַ רעוואָלוציע אין רוסלאנד איז אַן אומעגלעכע זאַך. מע פאַרטיידיקט דידאָזיקע מיינונג מיט אַלערליי באַווייזן. מע ווייזט אָן אַף דער אומרירעוודיקייט פון דעם רוסישן פּויערטום, אַף זיין גלויבן אין דעם צאַר, אַף זיין אפּהענגיקייט פון די גייסטלעכע. מע זאָגט, אַז די עקסטרעמע עלעמענטן צווישן די אומצופרידענע שטעלן מיט זיך פאָר בלויז אַ קליין הייפעלע מענטשן, וועלכע קענען מאַכן פּוטשן *) און טעראָריסטישע אָנפאַלן, נאָר בעשום אויפן ניט אַרויסרופן קיין אַלגעמיינעם אויפשטאַנד. פאר דער ברייטער מאַסע פון די אומצופרידענע, זאָגט מען אונז, פעלט אַן אָרגאַניזאַציע, געווער און דערהויפּט — אַנטשלאָסנקייט צו ריזיקירן מיט זיך. און דער רוסישער אינטעליגענט,—דער איז געוויינלעך רעוואָלוציאָנער געשטימט נאָר ביז 30 יאָר בעערעך, דערנאָך אָרדנט ער זיך אויסגעצייכנט איין אין דעם באקוועמלעכן נעסטעלע פון אַ מלוכע-שטעלע, און דער גרעסטער טייל היציקע קעפּ מאַכט דורך די פאַרוואַנדלונג אין אַ פּאַשעטן באַאַמטן". נאָר איצט, זעצט פאָר די צייטונג, איז דאָ אַ גאַנצע ריי סימאָנים, וועלכע זאָגן איידעס וועגן אַ גרויסער אומענדערונג. וועגן אַ רעוואָלוציע אין רוסלאַנדריידן שוין ניט רעוואָלוציאָנערן אַליין, נאָר אַזעלכע גאַנץ ווייטע פון „א י ל ו ז י ע ס", סאָלידע זיילן פון אָרדענונג, ווי דער פירשט טרובעצקאָי, וועמענס בריוו צו דעם אינערן-מיניסטער ס'ווערט איצט איבערגעדרוקט פון דער גאַנצער אויסלענדישער פּרעסע. „די מוירע פאר א רעוואָלוציע אין רוסלאנד האָט, קלאָר, אַ פּאַקטישן גרונט. עמעס, קיינער דענקט ניט, אַז די רוסישע פּויערים וועלן זיך נעמען פאר די היי-גאָפּלען און וועלן גיין קעמפן פאַר אַ קאָנסטיטוציע.

*) פוטש — אַן אויפשטאַנד פון אַ קלייגעם הייפל, ניט געבויט אַף דער אָרגאַניזאַציע פון די מאַסן. א י ב ע ר ז.

נאָר מאַכן זיך דען רעוואָלוציעס אין דערפער? די טרעגער פון דער רעוואָלו־ציאָנערער באַוועגונג אין דער נייסטער געשיכטע זיינען שוין לאַנג געוואָרן די גרויסע שטעט. און אין רוסלאנד גייט גראד אין די שטעט אַ אירונג פון דאָרעם ביז צאָפן און פון מיזרעך ביז מאַירעוו. קיינער וועט זיך ניט נעמען פאָרויסזאָגן, מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן, נאָר אַז די צאָל מענטשן, וועלכע רעכענען אַ רעוואָלוציע אין רוסלאנד פאַר אומעגלעך, ווערט מיט יעדן טאָג קלענער, דאָס איז אַ בליסאָפעקדיקער פאַקט. און אויב עס וועט קומען אַן ערנס־טער רעוואָלוציאָנערער אויפּרייס, איז זייער אַ גרויסער סאָפעק, צי וועט מיט אים פאַרטיק ווערן די זעלבסטהערשונג, וועלכע איז אָפּגעשוואַכט דורך דער מילכאָמע אַפן וייטן מיזרעך".

יאָ, די זעלבסטהערשונג איז אָפּגעשוואַכט. אין אַ רעוואָלוציע הויבן אָן צו גלויבן די סאַמע אומגלויבנדע. דער אַלגעמיינער גלויבן אין דער רעוואָלו־ציע איז שוין אַן אָנהויב פון דער רעוואָלוציע. וועגן איר פאָרזעצונג זאָרגט די רעגירונג אַליין מיט איר מיליטער־אַוואַנטיורע. וועגן דער שטיצע און פאַר־ברייטערונג פון דעם ערנסטן רעוואָלוציאָנערן אנדראנג וועט זאָרגן דער רו־סישער פראָלעטאריאט.

„וופּעריאָד", פון דעם 1-טן יאַנוואַר, 1905.

# א נאַכטיגאל האָדעוועט מען ניט מיט קיין באָבע־מאַיסעס.

מיר ווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון די לעזער אַף דער בראָשור פון אַן אַרבעטער: „אַרבעטער און אינטעליגענטן אין אונזערע אָרגאַניזאַ־ציעס" מיט אַ פאָרוואָרט פון אַקסעלראָדן, וועלכע איז נאָר וואָס ארויסגעלאָזן פון די נייַ־איסקריסטן. אונז וועט אויסקומען, מיסטאָמע, ניט איין מאָל אומצוקערן זיך צו דעמדאָזיקן העכסט באַלערנדיקן ווערק, וועלכעס באַווייזט, וואָס פאַר אַ פּרוכט עס האָט געבראַכט און עס ברענגט די דעמאַגאָגישע פריידיקונג פון דער „מינדערהייט" אָדער פון די נייַ־איסקריסטן, און ווי די לעצטע סטארען זיך איצטער אַליין אַרויסצודרייען פון דער גאַנצער מענגע ברוכווארג, וואָס זיי האָבן אנגעגרעדט. מיר ווילן דערווייל אנווייזן נאָר אַפן טאָך פון דער בראָ־שור און פון דעם פאָרוואָרט.

דער „אַרבעטער" האָט געהאַט דעם אומגליק צו גלויבן די דראָשעס פון די נייַ־איסקריסטן. דערפאַר שיט ער טאַקע אַלץ מיט ראבאטשע־דעלישע פראזן אין גייסט פון אַקימאָוון. „אונזערע אנפירער־אינטעליגענטן... האָבן זיך ניט געשטעלט קיין אויפגאַבע... צו אַנטוויקלען דעם באַוואוסטזיין און די זעלבסטעטיקייט פון די אַרבעטער..." דאָס שטרעבן צו זעלבסטעטיקייט „איז סיסטעמאַטיש פאַרפאָלגט געוואָרן". „ניט אין קיין איין טיפּ פון דער אָרגאַני־זאַציע איז ניט געווען און עס איז ניטאָ קיין אָרט פאַר דער אנטוויקלונג פון דער זעלבסטעטיקייט פון די אַרבעטער..." „דער עקאנאמישער קאַמף איז אינ־

גאַנצן פארוואָרפן געווען", אַפילע אַף פראָפּאגאַנדישע און אגיטאַציאָנעלע
סכאָדקעס „זיינען די אַרבעטער ניט צוגעלאָזן געוואָרן" (אָט אַזוי אָפילע!).
דעמאנסטראַציעס „האָבן זיך אַליין איבערגעלעבט"—די אַלע שרעקן (וועגן
וועלכע עס האָט שוין לאַנג געשריען די אַלטע „ראַבאָטשע-דעלאָ" קעגן דער
אַלטער „איסקרא") זיינען אַרויסגערופן, פאַרשטייט זיך, דורך די „ביוראָקראַ-
טישע צענטראַליסטן", ד. ה. דורך דער מערהייט פון אונזער צווייטן צוזאַמענ-
פאָר, וועלכע האָט געקעמפט מיט דעם ראַבאָטשע-דעליזם. אנגעהעצט דורך
דער באַליידיקטער מינדערהייט קעגן דעם פאַרטיי-צוזאַמענפאָר, מאַכט דער
אומגליקלעכער „אַרבעטער" צו אַש און רויך דעמדאָזיקן צוזאַמענפאָר, וואָס
ער איז געווען „אָן אונז" (אָן אַרבעטער) „אָן אונזער אנטייל", דאָרט איז ניט
געווען „קימאַט קיין איין אַרבעטער",—דערביי, פאַרשטייט זיך, ווערט באַשיידן
פארשוויגן דער פאַקט, וואָס אַלע ווירקלעכע אַרבעטער, וועלכע זיינען געווען
אַלס דעלעגאַטן פון צוזאַמענפאָר, סטעפאנסקי, גאָרסקי און בראַון, זיינען גע-
ווען אנטשיידענע אנהענגער פון דער מערהייט און קעגנער פון דער אינטע-
ליגענטישער כאראקטערלאזיקייט. נאָר דאָס איז ניט וויכטיק. וויכטיק איז דאָס,
צו וואָס פאר אן ענדלאזער דעמאראליזאַציע עס ברענגט דאָס דארשענען פון
די ניי-איסקריסטן, וועלכע „זיינען מעוואטל" דעם צוזאמענפאָר נאָך דעם, ווי
זיי האָבן געליטן אַ מאפּאָלע אף די וואַלן, זיינען אים מעוואטל פאַר אזעלכע,
וועלכע האָבן קיין אנטייל ניט גענומען אַפן צוזאמענפאָר, אויפהעצנדיק צו
באשפייען יעדע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע צוזאַמענפאָרן, זיי זיינען מעוואטל אין
דערזעלביקער צייט, ווען זיי זיינען איידל דורכגעקראָכן אין די צענטראַלע איינ-
ריכטונגען, וועלכע אַרבעטן אויסשליסלעך אין נאָמען פון צוזאַמענפאָר. צי איז
שוין ניט ערלעכער די פּאָזיציע פון ראזאנאוון (זע זיין בראָשור „צעבראָ-
כענע אילוזיעס"), וועלכער האָט אפן דערקלערט דעם צוזאַמענפאָר פאר אַ צו-
זאמענפיר, וועלכער באַנוצט זיך ניט, לעכאלאפאכעס, פון דעמדאָזיקן צוזאמענ-
פיר מיט קיין שום טיטולן און ראנגען?

העכסט כאראקטעריש איז, פונדעסטוועגן, פאר דער פסיכאלאָגיע פון אן
אַרבעטער, אפילע פון אזא אַרבעטער, וועלכער איז אויפגעהעצט אף דער
„מערהייט", וואָס ער באנוגנט זיך ניט מיט פראזן וועגן אווטאנאמיע, אַרבע-
טער-זעלבסטעטיקייט און אז. וו. ער כאַזערט איבער דידאָזיקע ווערטער, ווי
יעדער ניי-איסקריסט אָדער ראַבאָטשע-דעליסט, נאָר מיט זיין ניכטערן פּראָ-
לעטאַרישן אינסטינקט דערשלאגט ער זיך מאיסים, וועלכע זאָלן באַשטעטיקן
ווערטער, ער באנוגנט זיך ניט מיט דעם, וואָס מע האָדעוועט אים מיט באָבע-
מאיסעס. שיינע ווערטער, זאָגט ער, בלייבן אַלס ווערטער *אָן אומענדע-
רונגען אין צוזאַמענשטעל* (אונטערגעשטראָכן פון „ארבעטער") פון
די אָנפירער. מע דאַרף פאָדערן אַ צוטריט פון די אַרבעטער אין אלע ערנסטע
פאַרטיי-איינריכטונגען, מע דאַרף זיך דערשלאָגן גלייכע רעכט מיט די אינטע-
ליגענטן. מיט אַ טיפן אומצוטרוי פון אַן עמעסן פראָלעטאַריער און אַן עמעסן
דעמאקראט צו יעדער פראזעאלאגיע, זאָגט דער „אַרבעטער": וואו איז

די גאראנטיע, אז אין די קאמיטעטן וועלן ניט זיצן בלויז אינטעליגענטן אליין?

דאָס איז געטראָפן ניט אין ברעם, נאָר גלייך אין אויג אונזערע ניי-איסקריסטן. דידאָזיקע גלענצנדע פראַגע באווייזט, אז די ראַבאָטשע-דעלישע העצעריי האָט נאָך ניט פארמיסטיקט דעם קלאָרן געדאנק פון דעם פראָלעטאַריער. ער דערקלערט פּאָשעט, אז דער קאמיטעט, וואו ער האָט געארבעט, „אין געבליבן אלס אַ קאמיטעט פון דער מינדערהייט נאָר אין פרינציפּ אפן פּאפיר (הערט!),—אין זיין פראקטיק אבער האָט ער זיך מיט גארנישט אונטערגעשיידט פון די קאמיטעטן פון דער מערהייט. פאר אונז, אַרבעטער, איז קיין צוטריט ניט געווען אין קיין שום פאראנטווארטלעכן, און דאָס הייסט אין קיין שום אנפּירנדיקן, אנשטאלט (ניט ריידנדיק שוין וועגן אַ קאָמיטעט)”.

קיינעם וואָלט זיך אזוי גוט ניט איינגעגעבן אַרויסצופירן אף ריינע וואַסער די מענשעוויקעס, ווי דעמדאָזיקן אַרבעטער—דעם מענשעוויק. ער האָט פארשטאנען, אז אָן גאראנטיעס בלייבן אלע דיבורים וועגן אווטאנאמיע און זעלבסטעטיקייט פון דעם פראָלעטאריאט בלויז אלס באנאלע פראַזן. און וועלכע גאראנטיעס זיינען מעגלעך אין סאָציאל-דעמאָקראטישע ארגאניזאַציעס, וועגן דעם האָט איר אַ טראכט געטאָן, כאַווער „ארבעטער”? וועלכע גאראנטיעס זיינען מעגלעך קעגן דעם, אז רעוואָלוציאנערן, וועלכע האָבן זיך צוזאַמען צונויפגעקליבן אף אַ צוזאמענפאָר פון פארטיי, וועלן, באליידיקנדיק זיך דערפאר, וואָס דער צוזאמענפאָר האָט זיי ניט אויסגעקליבן, אנהויבן שרייען, אז דער צוזאמענפאר איז געווען אַ רעאקציאָנערער פרואוו צו פארפעסטיקן די איסקריסטישע אנשויאונגען (טראָצקי אין דער בראָשור, וועלכע איז ארויסגעגעבן אונטער דער רעדאקציע פון דער נייער „איסקרא”), אז די באשלוסן פון דעם צוזאמענפאָר זיינען ניט הייליק, אז אפן צוזאַמענפאָר זיינען ניט געווען קיין ארבעטער פון דער מאסע? וועלכע גאראנטיעס זיינען מעגלעך קעגן דעם, וואָס דער אלגעמיינער באשלוס וועגן די פאָרמען און נארמען פון דער פארטיי-ארגאניזאציע, דער באשלוס, וועלכער רופט זיך אָן ארגאניזאציאָנס-סטאטוט פון דער פּאַרטיי און וועלכער קען ניט עקזיסטירן אנדערש אלס אזא סטאטוט,—אָט דערדאָזיקער באשלוס ווערט פון כאראקטערלאזע מענטשן צעריסן אין יענעם טייל זיינעם, וועלכער איז זיי ניט איינגענעם, אונטער דעם אויסרייד, אז אזעלכע זאכן ווי אַ סטאטוט זיינען ביוראקראטיש און פארמאליסטיש? וועלכע גאראנטיעס זיינען מעגלעך קעגן דעם, וואָס מענטשן, וועלכע האָבן אויווער געווען אף די געמיינזאם אנגענומענע רעגעלן פון דער ארגאניזאציע, וועלן אנהויבן ריידן דערנאָך וועגן דעם, אז אן ארגאניזאַציע איז אַ פּראָצעס, אז אן אָרגאניזאציע איז אַ טענדענץ, אז אן אָרגאניזאַציע איז אַ פאָרם, וועלכע גייט פּאַראַלעל מיטן אינהאלט, און אז דערפאַר איז נאריש און אוטאָפּיש צו פאָדערן אָפּצוהיטן די רעגעלן פון אָרגאניזאציעס? דער „ארבעטער”, דער אווטאָר פון דער בראָשור, האָט ניט אַ טראכט געטאָן ניט וועגן איינער פון דידאָזיקע פראַגן. נאָר ער איז אזוי נאָענט, הארט צוגעגאנגען צו זיי, ער האָט אַזוי אויפריכטיק און דרייסט אוועקגעשטעלט זיי גלייך אין פּאָנים פון די פראזיארן און

פּאָליטיקאנער, אז פון גאַנצן הארצן רעקאמענדירן מיר זיין בראָשור. דידאָזיקע בראָשור איז אַ אויסגעצייכנטער מוסטער פון דעם, ווי אזוי די העלדן פון „שיינעם וואָרט“ ווערן דעמאסקירט פון זייערע אייגענע אָנהענגער.

דער „ארבעטער“ שטייט אויף, אפן גרונט פון פרעמדע ווערטער, קעגן לענינס „ארגאַניזאציאנס-פּלאַן“, ניט אָנווייזנדיק, ווי דער סיידער איז, קיין איין איינציקן קלאָרן און באשטימטן פונקט פון אומצופרידנקייט מיטן פלאַן, סוימעך זייענדיק זיך אף פאנינען און טשערעוואנינען (וועלכע האַבן גאָרנישט ניט געגעבן, כוץ אויפגערעגטע ווערטער) און ניט פרואוונדיק זיך אפילע ארייַנצוקוקן אין דעם לענינס פארשריענעם בריוו צו אַ פּעטערבורגער כאַווער. ווען דער „ארבעטער“ אָבער וואָלט ניט געגלויבט זיינע אנהעצער אפן ווארט און וואָלט אַ קוק געטאָן דעמדאָזיקן בריוו, וואָלט ער דארט צו זיין גרויס באוואונדערן איבערגעלייענט: „מע דארף זיך באזונדערס סטארען, אז וואָס מער ארבעטער זאָלן ווערן פולשטענדיק באוואוסטזיניקע פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן און זאָלן ארייַנפאלן אין קאמיטעט. אין קאמיטעט דארף מען זען ארייַנפירן ארבעטער-רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן וואָס גרעסערע פארבינדונגען און וואָס אַ בעסערן „נאָמען“ אין דער ארבעטער-מאסע. אין קאמיטעט דארפן דעריבער זיין, ווי מעגלעך נאר, אלע הויפּט-פירער פון דער ארבעטער-באוועגונג פון די ארבעטער גופע“*).

לייענט איבער איין מאָל און נאָך אַמאָל דידאָזיקע שורעס, כאווער „ארבעטער“, און איר וועט דערזעען, ווי עס האבן אייך אפגענארט די ראבאטשעדעליסטן און די ניי-איסקריסטן, וועלכע מאכן צו גארנישט די אלטע „איסקרא“ און אירע אנהענגער, די „מערהייט“ פון צווייטן צוזאמענפאָר. לייענט זיך איין אין דידאָזיקע שורעס און טוט זיך אַ פּרואוו אנעמען אָט דעמדאָזיקן ארויסרוף מיינעם: געפינט מיר אין אונזער סאציאל-דעמאָקראַטישער ליטעראטור נאך אזא שטעל, וואו עס זאָל אַזוי קלאָר, אפן און אנטשלאָסן געשטעלט ווערן די פון אייך אַוועקגעשטעלטע פראַגע וועגן „אַרבעטער און אינטעליגענטן אין אונזערע אָרגאַניזאַציעס“, און דערביי זאָל אנגעוויזן ווערן אף דער נויטווענדיקייט אַרייַנצופירן וואָס מער אַרבעטער אין קאָמיטעט, אַרייַנצופירן, ווי מעגלעך, אַלע פירער פון דער אַרבעטער-באַוועגונג פון אַרבעטער אין קאמיטעט. איך באהויפּט, אַז איר וועט קיין אנדער אַזעלכע שטעל אנווייזן ניט קענען. איך באהויפּט, אַז יעדער, וועלכער האָט זיך מאטריעך געוועזן צו שטודירן אונזערע פּאַרטיי-שטרייטן לויט דאָקומענטן, לויט „ראַבאָטשע דעלאָ“, לויט „איסקרא“ און בראָשורן, און ניט לויט די מאיסעס פון „רעכילעסניקעס, דער וועט דערזעען די פאַלשקייט און דעם דעמאגאגישן כאראקטער פון די ניי-איסקרישע דראשעס.

איר קענט פילייכט דערווידערן: לענין האָט דאָס געקאָנט שרייבן, אָבער זיינע אייצעס האָט מען ניט שטענדיק אויסגעפירט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס

*) זע IV באנד געזאמלטע שריפטן פון נ. לענין (רוסישע אויסגאבע), זייט 146, רעד.

איז מעגלעך. קיין איין פּאַרטייאישער שרייבער וועט ניט קאווירן דערפאַר, אַז אַלע, וואָס רופן זיך אָן פאר זיינע אָנהענגער, פירן אויס בעעמעס שטענדיק זיינע אייצעס. נאָר, ערשטנס, וואָלט דען אַזאַ סאָציאַל-דעמאָקראַט, וועלכער רופט זיך אָן פאַר אן אנהענגער פון דעם „בריוו" און פירט אין דערזעלבער צייט ניט אויס זיינע אייצעס, ניט דעמאסקירט געווען דורך דעמדאָזיקן בריוו גופע? איז דען דער בריוו דער אָפּגעדרוקט פאַר אייגנע אינטעליגענטן און ניט אויך פאַר אַרבעטער? איז דען פאראן באם שרייבער אַנדערע מיטלען דורכצופירן זיינע מיינונגען אויסער ווי דורך אַ געדרוקטער מעלדונג? און, צווייטנס, אויב דידאָזיקע אייצעס זיינען ניט אויסגעפירט געוואָרן, לויט דער באַשטעטיקונג פון „אַרבעטער" אפילע, ניט פון די מענשעוויקעס, ניט פון די באלשעוויקעס, איז דען פון דאנען ניט קלאָר, אַז די מענשעוויקעס האָבן קיין שום רעכט ניט געהאט אויסצוטראכטן אזא מין „מיינונגס-פארשיידנהייט" מיט די באלשעוויקעס? איז דען ניט קלאָר, אז זייער העצע פון די ארבעטער קעגן די באלשעוויקעס, דערפאַר וואָס די לעצטע איגנארירן קלוימערשט די זעלבסטעטיקייט פון די אַרבעטער, איז געווען אַ דעמאגאָגיע?

אין וואָס זשע באַשטייט די רעאלע נאפקעמינע צווישן די מענשעוויקעס און באלשעוויקעס אין דעמדאָזיקן פונקט? ניט אין דעם עפשער, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן באדייטנדיק פריער און באדייטנדיק אפענער געגעבן קלאָרע און באשטימטע אייצעס אריינצופירן אַרבעטער אין קאמיטעט? ניט אין דעם עפשער, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן געהאסט און האסן „שיינע ווערטער" וועגן אווטאנאמיע און זעלבסטעטיקייט פון די ארבעטער, בעאייס דידאָזיקע ווערטער (ווי בא די מענשעוויקעס) בלייבן בלויז אלס ווערטער?

טוט אַ קוק, ווי עס דרייט זיך איצטער אויס דער געערטער, פאַרדינטער און עלטסטער אַקסעלראָד אין זיין פאָרוואָרט, אַ צוגעשפּאַרטער צום וואַנט דורך דער פּראָלעטאַרישער אומיטלבאַרקייט און דער האָזע פון אַן אַרבעטער, וועלכער האָט זיך אָנגעלייענט מיט ראַבאָטשע-דעלישער כאָכמע פון די „מערקווירדיקע" פעליעטאָנען פון אַקסעלראָדן, פון די ניט פאַרגעסלעכע אַרטיקלען פון מאַרטאָוון, פון דער אויסגעצייכנטער (פון שטאַנדפונקט פון די אינטערעסן פון דער „מערהייט") בראָשור פון טראָצקין *).

דער „אַרבעטער" פּרוואוט אָפּלייקענען ריאדאוואיס **) באַהויפּטונג, אַז אונזער פאַרטיי-אָרגאַניזאַציע איז זינט דעם עקאָנאָמיזם געוואָרן פאַרהעלטניסמעסיק אַ מער פּראָלעטאַרישע לויט איר פערזענלעכן באַשטאַנד. דער „אַרבעטער" איז קלאָר ניט גערעכט. דאָס ווייס יעדערער, וועלכער האָט נאָענט אַכטונג געגעבן אָף די איניאָנים אין אונזער פאַרטיי אין מעשעך פון אַ מער אָדער ווייניקער באַדייטנדיקער שטיקל צייט. נאָר קאָמישער פון אַלץ איז צו

*) כ' טראָצקי האָט אין 1904 יאָר אָנגעשריבן אַ בראָשור „אונזערע פּאָליטישע אויפגאַבן", וועלכע איז געווען אַן אויסגעהאַלטענער מענשעוויסטישער אַני מאַמין און איז פול געווען מיט זידלערייען אקעגן לענינען. איבערז.

**) פסעוודאָנים פון א. א. באָגדאַנאָוו, דעמאָלט אַן אָנגעזעענער באָלשעוויק. איבערז.

זעען, ווי עס וואַרפט זיך איבער אונזער אַקסעלראָד. ווער געדענקט ניט זיינע פּראַכטפולע באַהויפּטונגען, אַז די סאָציאַלדעמאָקראַטיע איז אַן אינטעליגענטישע אָרגאַניזאַציע, באַהויפּטונגען, וועלכע זיינען אַזוי קינסטלעריש אויסגענוצט געוואָרן פון די סאָנים פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, פון די ליבעראַלע אָס-וואָבאָזשדענצעס? ווער געדענקט ניט, ווי די נײַ-איסקריסטן, באַליידיקטע פון דער פּאַרטיי, האָבן איבערגעכאַזוערט און פּיַנאַנדערגעקייט דידאָזיקע רעכילעס אָף דער פּאַרטיי? איז אָט דערזעלביקער אַקסעלראָד, דערשרעקנדיק זיך פאַר יענע דירעקטע און ערלעכע אויספירן, וועלכע עס האָט געמאַכט דער „אַרבעטער“ פון דידאָזיקע רעכילעס, דערזעלבער אַקסעלראָד דרייט זיך אויס:

„אינם פּעריאָד פון אַנטשטייַן און אָנפאַנגס-אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע,—זאָגט ער אין פאָרוואָרט,—איז די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי געווען אַ ריין אינטעליגענטישע פּאַרטיי... איצטער שטעלן פאַר די באַוואוסטזיניק-רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער די הויפּט-מאַכנע (הערט!) פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי“ (זייט 15).

אָרימער „אַרבעטער“! ווי באַשטראָפט ער איז דערפאַר, וואָס ער האָט געגלויבט „די שיינע ווערטער“ פון אַקסעלראָדן! און שטענדיק וועלן באַשטראָפט ווערן יענע, וועלכע גלויבן שרייבער, וואָס זאָגן אין מעשעך פון אָנדערהאַלבן יאָר דאָס אַזוי און דאָס אַנדערש, אָפּהענגיק פון די באַדערפעענישן פון דער „קאָאפּטאַציע“.

טוט אַ קוק, ווי עס דרייט זיך אויס אַקסעלראָד פון דער פראַגע וועגן „גאַראַנטיעס“, וועלכע מע האָט אים גלייך אין פּאָנים געשטעלט. דאָס איז דאָך רייצנדיק, דאָס איז דאָך אַ פּערל פון דער נײַ-איסקריסטישער ליטעראַטור. דער „אַרבעטער“ רעדט וועגן דער באַציאונג פון אַרבעטער און אינטעליגענטן אין די אָרגאַניזאַציעס, דער „אַרבעטער“ איז טויזנט מאָל גערעכט, ווען ער דערקלערט, אַז אָן גאַראַנטיעס, אָן גלייכע רעכט, ד. ה. אָן דעם וואַל-פּרינציפּ, וועלן די שיינע ווערטער וועגן ניט-ביוראָקראַטישן צענטראַליזם בלייבן נאָר אַלס הוילע פראַזן. און ווי ענטפערט אַקסעלראָד? „דאָס צופיל פאַרנעמען זיך מיטן געדאַנק וועגן אומבייטן די רעכטלעכע לאַגע פון די אַרבעטער אין אונזערע אָרגאַניזאַציעס איז איינזייטיק“, אומזיסט טראָגט איבער דער אַוטאָר די פראַגע וועגן באַזייטיקן דאָס בייז „אין דער פלאַכע פון פאָרמעל-אָרגאַניזאַציאָנעלע באַציאונגען“, אומזיסט פאָרגעסט ער, אַז די „פראַט-אויפגאַבע וועגן אויסגלייכן אין די רעכט“ ווערט געלייזט נאָר „אין פּראָצעס פון ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון אונזער פּראַקטיק אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער ריכטונג“. „די פראַגע, וועלכע אינטערעסירט ספּעציעל דעם אַוטאָר, קען ראַדיקאַל געלייזט ווערן נאָר אינם פּראָצעס פון באַוואוסטזיניקער קאָלעקטיווער אַרבעט פון אונזער פּאַרטיי“.

נו, איז דאָס ניט קיין פּערל? האָט דאָך אַקסעלראָד אַליין אויפגעהויבן און דער ערשטער אַוועקגעשטעלט אָט טאַקע די אָרגאַניזאַציאָנעלע און נאָר די אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגע אָפן צוזאַמענפאָר פון דער ליגע*) און אין דער נײַ-

*) „אויסלענדישע ליגע פון רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן“ איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע פון די אַלטע איסקריסטן. נאָך דעם II צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פּ. איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון דער „ליגע“, וואו די מענשעוויקעס זיינען געווען אין דער מערהייט. איבערז.

ער „איסקרא" (נומ. 53), און אַז דער „אַרבעטער" שרייבט אַ ספּעציעלע בראָ-
שור וועגן אָרגאַניזאַציע, זאָגט מען אים מאַיעסטעטיש: ניט די פאָרמאַליטעט
איז וויכטיק, נאָר דער פּראָצעס פון אַרבעט!

ניט די פּרינציפּן פון אָרגאַניזאַציע זיינען וויכטיק פאַר דער נייער „איס-
קרא" און פאַר אַקסעלראָדן, נאָר דער פּראָצעס פון פּלוידעריי, קעדיי צו באַ-
רעכטיקן אַ פּרינציפּלאָזע פּאָזיציע. און קיין שום אַנדער אינהאַלט, אויסער דער
פאַרטיידיקונג פון פּרינציפּלאָזיקייט, איז ניטאָ אין דער גאַנצער באַרימטער טע-
אָריע פון אָרגאַניזאַציע-פּראָצעס (זע באַזונדערס די אַרטיקלען פון ראָזע ליוק-
סעמבורג)—אַ טעאָריע, וועלכע וואולגאַריזירט און פּראָסטיטואירט דעם מאַרק-
סיזם.

מיר כאַזוערן איבער: מע דאַרף וואָס מער רעקאָמענדירן די אויסגעצייכנ-
טע בראָשור פון „אַרבעטער", קעדיי צו באַקאָנען מיט דער גאַנצער פאַלש-
קייט פון דער פּאָזיציע פון די ניי-איסקריסטן. באַזונדערס רעקאָמענדירן מיר
דידאָזיקע בראָשור די ארבעטער, וועלכע די מענשעוויקעס העצן אָן אַף די
באָלשעוויקעס מיט דער פאַרטיידיקונג פון דעם וואַל-פּרינציפּ *). די אַרבעטער
דעמאַסקירן אויסגעצייכנט די באַלמעליצעס און ליגנער. זיי שטעלן אויסגע-
צייכנט די פראַגע: אָדער דער וואל-פּרינציפּ, אָדער נאָר אַן אייצע וועגן אַריינ-
פירן אַרבעטער אין די קאָמיטעטן. אויב אַ וואַל-פּרינציפּ, דאַן גיט פאָרמעלע
גאַראַנטיעס, סטאַטוט-גאַראַנטיעס, גלייכבאַרעכטיקונג לויטן סטאַטוט. די אַרבע-
טער וועלן דערזעען, ווי די ניי-איסקריסטן דרייען זיך פון דער פראַגע ווי שיי-
דים פאַר דעם מאָרגנשטערן. אויב עס זיינען ווינשנסווערט אייצעס וועגן דעם,
אַז מע זאָל אַריינפירן אַרבעטער, אויב עס איז גערעכט די אַלטע „איסקרא",
וועלכע האָט גערעכנט, אַז דעמאָקראַטיזם, ד. ה. אָנווענדן אומעטום דעם וואַל-
פּרינציפּ אין די רוסישע קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַציעס, פּאַסט זיך ניט צו
צו דער זעלבסטהערשערישער פּאָליצייאישער אָרדענונג, דאַן וועט איר ערגעץ
ניט געפינען אַזעלכע דירעקטע און באַלערנדיקע אייצעס אַריינצופירן
אַרבעטער אין די קאָמיטעטן, ווי בײַ דער מערהייט.

וופּעריאָד נומ. 2
פון 1-טן יאַנוואַר 1905 י.

*) זע ב. לענין. „מעלדונג און דאָקומענטן וועגן דעם ברוך צווישן די צענטראַלע איינ-
ריכטונגען מיט דער פאַרטיי". דער בריוו פונם מענשעוויסטישן פירער, ציטירט אין דעדאָזיקער
בראָשור, מיינט: די אַרבעטער פאָדערן וואַל-סיסטעם, דאָס איז אַ קלאָרער סימען, אַז די האַרט-שטיי-
נערנע גויסעסן. איך געהער צו די האַרט-שטיינערנע, אָבער איך בין זייער צופרידן מיט אַזאַ
גסיסע. דאָס, וואָס די אַרבעטער פאָדערן דעם וואַל-פּרינציפּ, באַווייזט קלאָר, אַז די ניי-איסקראָווו-
צעס איז ניט געלונגען אָנצוקאָרמענען די אַרבעטער מיט באָבע-מאַיסעס. און קיינע קונצן וועלן
ניט ראַטעווען אַקסעלראָדן פון איינגאַנצן אַנטפּלעקט צו ווערן. לענינס אָנמערקונג.
האַרט-שטיינערנע—אַזוי האָבן די מענשעוויקעס גערופן די באָלשעוויקעס. איבערז.

# דער אָנהויב פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

קאָלאָסאַלע היסטאָרישע געשעענישן קומען פאָר אין רוסלאַנד. דער פּראָלעטאַריאַט איז אויפגעשטאַנען קעגן דעם צאַריזם. די רעגירונג האָט געבראַכט דעם פּראָלעטאַריאַט צו אן אויפשטאַנד. איצטער קען שוין קיינער ניט צווייפלען אין דעם, אז די רעגירונג האָט מיט א קיוון געלאָזן, עס זאָל זיך פאַרהעלטניסמעסיק פריי אנטוויקלען די שטרייק-באוועגונג און עס זאָל זיך אָנהויבן א ברייטע דעמאָנסטראַציע, קעדיי זי זאָל קענען ברענגען דעם איניען צו אזא פונקט, ווען זי זאָל קענען געברויכן מיליטער-קראַפט. און זי האָט געבראַכט דערצו! טויזנטער געהארגעטע און פארוואונדעטע—דאָס איז דער סאַכאַקל פון דעם בלוטיקן זונטיק—דעם 9-טן יאנוואר אין פעטערבורג. דאָס מיליטער האָט באזיגט די אומבאוואָפנטע ארבעטער, פרויען און קינדער. דאָס מיליטער האָט מענאַצייעך געווען דעם סוינע, צעשיסנדיק ארבעטער, וועלכע זיינען אף דער ערד געלעגן. „מיר האָבן זיי געגעבן א גוטע לעקציע” זאָגן איצטער מיט אן אומאויסדריקלעכן ציניזם די צארישע דינער און זייערע אייראָפּעאישע לאַקייען פון דער קאָנסערוואַטיווער בורזשואזיע.

יאָ, די לעקציע איז געווען א גרויסע! דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט וועט ניט פארגעסן דידאָזיקע לעקציע. די סאַמע ניט צוגעגרייטסטע, די אָפּגעשטאַנענסטע שיכטן פון ארבעטער-קלאַס, וועלכע האָבן נאַיוו געגלויבט אין צאַר און וועלכע האָבן ביטמימעס געוואָלט פרידלעך איבערגעבן דעם „קייסער אליין” די ביטעס פון דעם אויסגעמאַטערטן פאָלק—זיי אלע האָבן באַקומען א לעקציע פון מיליטער-געוואַלט, וועלכע איז אָנגעפירט פון צאַר, אָדער פון צאַרס פעטער, דעם גרויספירשט וולאדימיר. דער ארבעטער-קלאַס האָט באַקומען א גרויסע לעקציע וועגן בירגער-קריג. די רעוואָלוציאָנערע דערציאונג פון פּראָלעטאַריאַט איז פאר איין טאָג אוועקגעגאַנגען פאָרויס אף אזוי פיל, וויפל זי וואָלט ניט געקאָנט פאָרויסגיין אין מעשעך פון כאַדאָשים און יאָרן פון גראָען, וואָכעדיקן, פארשלאָגענעם לעבן. דער לאָזונג פון העלדישן פעטערבורגער פּראָלעטאַריאַט: „טויט אָדער פרייהייט!” וועט איצט הילכיק אָפּקלינגען אין גאַנץ רוסלאַנד. די געשעענישן אנטוויקלען זיך מיט א וואונדערבארער שנעלקייט. דער אלגעמיינער שטרייק אין פעטערבורג וואַקסט. דאָס גאַנצע אינדוסטריעלע, געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע לעבן איז פאראליזירט. מאָנטיק, דעם 10-טן יאנוואר, ווערן די צוזאַמענשטויסן פון די ארבעטער מיטן מיליטער אלץ הארטנעקיקער. עס גיסט זיך בלוט אין אסאַך, אסאַך טיילן פון הויפּשטאָט. לעהייפעך די פאלשע רעגירונגס-מעלדונגען. עס הויבן זיך אויף די ארבעטער פון קאָלפּינאָ. דער פּראָלעטאַריאַט באוואָפנט זיך און באוואָפנט דאָס פאָלק. מע זאָגט, אז די ארבעטער האָבן פארכאַפּט דעם סעסטראָרעצקער געווער-לאַגער. די ארבעטער גרייטן פאר זיך צו רעוואָלווערן, שמידן זיך געווער פון זייערע אינסטרומענטן, דערקאַזשען באָמבעס צוליב אן אנטשיידענעם קאַמף פאר פרייהייט. דער אלגעמיינער שטרייק כאַפּט ארום די פּראָווינץ. אין מאָסקווע האָבן 10.000 מאַן שוין געוואָרפן די ארבעט. אף מאָרגן (דאָנערשטיק דעם 13 יאַנ-

וואר) איז באשימט אן אלגעמיינער שטרייק אין מאָסקווע. עס האָט אויפגעפלאקערט א בונט אין ריגע. עס מאניפעסטירן ארבעטער אין לאָדז, עס גרייט זיך אן אויפשטאנד אין ווארשע, עס קומען פאָר דעמאָנסטראציעס פונם פּראָלעטאריאט אין העלסינגפאָרס. אין באקו, אָדעס, קיעוו, כארקאָוו, קאָוונע, ווילנע וואקסט די אירונג צווישן די ארבעטער און עס ברייטערט זיך פאנאנדער דער שטרייק. אין סעוואסטאפאָל ברענען די לאגערן און אַרסענאלן פון יאם-מיניסטעריום. און דאָס מיליטער זאָגט זיך אָפּ צו שיסן אין די אויפשטייענדיקע מאטראָסן. א שטרייק אין רעוועל און סאראטאָוו. א באוואָפנטער צוזאמענשטויס מיטן מיליטער פון ארבעטער און רעזערוו-סאָלדאטן אין ראדאם.

די רעוואָלוציע וואַקסט זיך פאַנאנדער. די רעגירונג הויבט זיך שוין אָן צו וואַרפן. פון דער פּאָליטיק פון בלוט-רעפּרעסיעס פּרואווט זי זיך איבערגיין צו עקאָנאָמישע האַנאָכעס, זי פּרואווט זיך אָפּקומען מיט אַ נעדאָווע אדער מיט אַ צוזאָג פון אַ ניין-שאָעדיקן אַרבעטסטאָג. נאר די לעקציע פון בלוטיקן טאָג קען ניט אַריבער אומזיסט. די פאָדערונג פון די אויפגעשטאַנענע פּעטערבורגער אַרבעטער — טייקעף צונויפרופן א גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אַפן גרונט פון אַלגעמיינעם, דירעקטן, גלייכן און געהיימען וואַל-רעכט — דאַרף ווערן די פאָדערונג פון אלע שטרייקנדיקע אַרבעטער. טייקעף אַראָפּוואַרפן די רעגירונג — אָט איז דער לאָזונג, מיט וועלכן עס האָבן געענטפערט אַף דער שחיטע פון 9-טן יאַנוואר אפילע יענע פּעטערבורגער אַרבעטער, וועלכע האָבן געגלויבט אין צאַר, זיי האָבן געענטפערט מיטן מויל פון זייער פירער, דעם גאַלעך געאָרגי גאַפּאָן, וועלכער האָט געזאָגט נאָך דעמדאָזיקן בלוטיקן טאָג: „בא אונז איז מער ניטאָ קיין קייסער. אַ טייך פון בלוט טיילט אָפּ דעם קייסער פון פאָלק. זאָל לעבן דער קאַמף פאר פרייהייט!"

לעבן זאל דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאט! וועלן מיר זאָגן. דער אלגעמיינער שטרייק וועט אויפהויבן און מאָביליזירן אלץ מער ברייטערע מאַסן פון אַרבעטער-קלאס און פון דער שטאָטישער אָרימקייט. די באוואָפענונג פון פאָלק ווערט איינע פון די נאָענטסטע אויפגאבן פון רעוואלוציאָנערן מאָמענט.

בלויז דאָס באוואָפנטע פאָלק קען זיין אַ ווירקלעכע שטיצע פון דער פאָלקס-פרייהייט. און וואָס שנעלער עס וועט זיך איינגעבן צו באַוואפענען דעם פּראָלעטאריאַט, אלץ לענגער וועט ער זיך איינהאלטן אַף זיין מיליטערישער פאָזיציע פון אַ שטרייקער — אַ רעוואלוציאָנער, אלץ שנעלער וועט אַ ציטער טאָן דאָס מיליטער, אלץ מער וועלן זיך געפינען צווישן די סאלדאַטן מענטשן, וועלכע וועלן פארשטיין, ענדלעך, וואס זיי טוען, — וועלכע וועלן זיך שטעלן אף דער זייט פון פאָלק קעגן די אויסוואורפן, קעגן די טיראנען, קעגן די מערדער פון אומבאוואָפנטע ארבעטער, פון זייערע ווייבער און קינדער. ווי עס זאל זיך ניט ענדיקן דער איצטיקער אויפשטאנד אין פּעטערבורג אליין, אין יעדן פאַל וועט ער אומפארמיידלעך ווערן אלס ערשטע שטאפל צו נאך א מער ברייטערן, מער באיואוסטזיניקערן, מער צוגעגרייטן אויפשטאנד. עס קעז זייז, אז דער רעגירונג וועט זיד איינגעבז צו פארלענגערז די אפּרעכע-

בונגס-שאָ, נאָך די פאַרלענגערונג וועט מאכן נאָך גראנדיעזער דעם קומענדיקן שריט פון רעוואלוציאָנערן דראנג. די צייט פון דער פארלענגערונג וועט נאר אויסגענוצט ווערן פון דער סאָציאל-דעמאָקראטיע צוליב דער פארייניקונג פון די רייען פון די אָרגאניזירטע קעמפער און צוליב דער פארשפרייטונג פון דער יעדיע וועגן דעם אָנפאנג, וועלכן עס האָבן געמאכט די פעטערבורגער אר-בעטער. דער פראלעטאַריאט וועט צושטיין צום קאמף, פאַרלאזנדיק די פאב-ריקן און זאַוואָדן, גרייטנדיק באַוואָפענונג פאר זיך. צווישן דער שטאָטישער אָרימקייט, צווישן די מיליאָנען פון פויערטום וועלן זיך אלץ ברייטער און ברייטער פארשפרייטן די לאָזונגען פון קאמף פאר פרייהייט. רעוואלוציאָנערע קאמיטעטן וועלן זיך גרינדן אף יעדער פאבריק, אין יעדן שטאָטישן ראַיאָן, אין יעדן באַדייטנדיקן דאָרף. דאָס אויפשטייענדיקע פאָלק וועט אָנהויבן אראָפּ-צוּוואַרפן די פארשיידענע מלוכע-אנשטאלטן פון דער צאַרישער זעלבסטהער-שונג און וועט דערקלערן דאָס טייקעפדיקע צוזאַמענרופן פון א גרינדונגס-פארזאַמלונג.

טייקעף באוואָפעגען די ארבעטער און אלע בירגער ביכלאל, צוגרייטן און אָרגאניזירן די רעוואלוציאָנערע קויכעס אף צו פארניכטן די רעגירונגס-מאכטן און אנשטאלטן — אט איז די פראקטישע גרונטלאגע, אף וועלכער עס קענען און דארפן זיך פאריינִיקן אלע און יעדע רעוואלוציאָנערן צוליב אן אלגעמיינעם קלאפּ. דער פראָלעטאריאט דאַרף שטענדיק גיין מיט זיין זעלב-שטענדיקן וועג, ניט אפשוואכנדיק זיין פארבינדונג מיט דער סאציאל-דעמאָ-קראַטישער פארטיי, געדענקענדיק וועגן זיינע גרויסע ענדע-צילן — באַפרייען די גאנצע מענטשהייט פון יעדן מין עקספּלואטאציע. נאָר דידאזיקע זעלב-שטענדיקייט פון דער סאציאל-דעמאקראַטישער פראָלעטארישער פארטיי וועט אונדז קיינמאל ניט צווינגען צו פארגעסן וועגן דער וויכטיקייט פון אן אלגע-מיינעם רעוואלוציאָנערן שטורם אין מאמענט פון דער איצטיקער רעוואלוציע. מיר, סאציאַל-דעמאָקראטן, קענען און דארפן גיין אומאָפּהענגיק פון די רעווא-לוציאָנערן פון דער בורזשואזער דעמאקראטיע, אָפּהיטנדיק די קלאַסן-זעלב-שטענדיקייט פונם פראלעטאריאַט, נאָר מיר דארפן גיין האנט בא האנט אין דער צייט פון אן אויפשטאנד, באם דערלאנגען דירעקטע קלעפּ דעם צאריזם, בא דעם ווידערשטאַנד דעם מיליטער, בא דעם אנפאל אף די פעסטונגען פון דעם פארשאלטענעם סוינע פון גאנצן רוסישן פאלק.

אפן פראלעטאריאט פון גאנץ רוסלאנד קוקט איצטער מיט א פיבער-האפטער אומגעדולדיקייט דער פראלעטאריאט פון דער גאנצער וועלט. דער אומשטורץ פון דעם צאריזם אין רוסלאנד, וועלכן עס האָט העלדיש אָנגעהויבן אונזער ארבעטער-קלאס, וועט זיין א ווענדפונקט אין דער געשיכטע פון אלע לענדער; ער וועט פאַרלייכטערן די זאך פון אלע ארבעטער פון אלע פעלקער, אין אלע מלוכעס, אין אלע עקן פון דער וועלט. און זאל יעדער סאציאל-דעמאָקראט, זאל יעדער באוואוסטזיניקער ארבעטער געדענקען וועגן דעם, וואס פאר אַ גראנדיעזע אויפגאבן פון פאָלקס-קאמף עס ליגן איצט אף זיינע פלייצעס. זאל ער ניט פארגעסן, אז ער שטעלט פאָר די נויטן און אינ-

טערעסן אויך פון דעם גאנצן פויערטום, פון דער גאנצער מאסע פון ארבעטנ־דיקע און עקספלואטירטע, פונם גאנצן פאָלק קעגן דעם אלפאלקישן סוינע. בא אלעמען פאר די אויגן שטייט איצטער דער ביישפיל פון די פעטערבורגער העלדן־פראלעטאריער.

זאל לעבן די רעוואלוציע!

זאל לעבן דער אויפגעשטאנענער פראלעטאריאט!

„ווּפּערִיאָד" № 4
פון 18־טן יאנוואר 1905 יאר.

אנגעשריבן דעם
12־טן יאנוואר 1905 יאר.

# צוויי טאַקטיקעס.

פון סאַמע אָנהויב פון דער מאַסנווייזער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוס־לאַנד, ד. ה. אין מעשעך פון צען יאָר בערעך, עקזיסטירט צווישן די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטן טיפע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן אין די פראַגן וועגן טאַקטיק. ווי באַוואוסט, האָט גראָד דערדאָזיקער מין מיינונגס־פאַרשיידנהייטן ארויסגע־רופן אין דער 2־טער העלפט פון די ניינציקער יאָרן די ריכטונג פון עקאָנאָ־מיזם, וועלכע האָט געבראַכט צו דער צעשפּאַלטונג אף דעם אָפּאָרטוניסטישן (ראַבאָטשע־דעלישן) און רעוואָלוציאָנערן (דעם אַלט־איסקריסטישן) פליגלען פון דער פּאַרטיי. נאָך דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָפּאָרטוניזם האָט זיך אונטערגעשיידט פון דעם מאַירעוו־אייראָפּעאישן מיט אייגנאַרטיקע באַזונדערהייטן. ער האָט אָפּגעשפּיגלט אויסערסט בוילעט דעם שטאַנדפּונקט, אָדער בעסער געזאָגט, די אָפּוועזנהייט פון יעדן זעלבשטענדיקן שטאַנדפּונקט בא דעם אינטעליגענטישן פליגל פון דער פּאַרטיי, וועלכער איז באַציבערט סאַי פון די מאָדערנע ווערטלעך פון דעם בערנשטייניזם, סאַי פון די אומיטל־באַרע רעזולטאַטן און פאָרמען פון דער ריין־אַרבעטערשער באַוועגונג. די דאָ־זיקע באַציבערונג האָט געבראַכט צו דעם דורכשניטלעכן פאַראַט פון די לע־גאַלע מאַרקסיסטן, וועלכע זיינען איבערגעגאַנגען צו דעם ליבעראַליזם, און צו דער באַשאַפונג דורך די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון דער באַרימטער טעאָריע פון „טאַקטיק־פּראָצעס", וועלכע האָט פאַרפעסטיקט פאַר אונזערע אָפּאָרטוניסטן דעם צונאָמען עקיסטן. זיי האָבן זיך הילפלאָז געשלעפּט באַם עק פון די גע־שעענישן, האָבן זיך געוואָרפן פון איין עקסטרעמקייט צו דער צווייטער, האָבן אין אַלע פאַלן דערנידערט דעם פאַרנעם פון דער טעטיקייט פון דעם רעוואָ־לוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט און דעם גלויבן אין זיינע קויכעס, דערביי האָט זיך דאָס אַלץ מערסטנס און עפּטערס צוגעדעקט מיט דעם באַרופן זיך אף דער זעלבסטעטיקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט. דאָס איז קאמיש, נאָר דאָס איז אַ פאַקט. קיינער האָט אזויפיל ניט גערעדט וועגן די זעלבסטעטיקייט פון די אַרבעטער און קיינער האָט אף אזוי פיל ניט פאַרשמעלערט, ניט באַגרעניצט.

ניט דערנידערט מיט זייער פריידיקונג דידאָזיקע זעלבסטעטיקייט, ווי די ראַ-באָטשע-דעליסטן. „רעדט ווייניקער וועגן אויפהויבן די אַקטיווקייט פון דער אַרבעטער=מאַסע" — פלעגן זאָגן די באַוואוסטזיניקע, פאָרגעשריטענע אַרבעטער זייערע פליסיקע, נאָר ניט קלוגע באַלאייצעס. „באַ אונז איז אַסאַך מער אַק-טיווקייט, ווי איר דענקט, און מיר קענען שטיצן מיט אָן אָפענעם גאַסן-קאַמף אזעלכע פאָדערונגען אַפילע, פון וועלכע מיר דערוואַרטן ניט קיין שום מאַמאַ-שעסדיקע רעזולטאַטן. און ניט איר וועט אויפהויבן אונזער אַקטיווקייט, ווייל באַ אייך אליין פעלט גראָד דידאָזיקע אַקטיווקייט. פארערט וואָס ווייניקער די סטיכייאישקייט און טראַכט מער וועגן אויפהויבן אייער אַקטיוקייט. מיינע הערן!" אָט ווי עס איז אויסגעקומען צו כאַראַקטעריזירן די באַציאונג פון די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער צו די אָפאָרטוניסטישע אינטעליגענטן („וואָס טאָן?" זייטל 55).

די צווייטע טריט צוריק, וועלכע די נייע „איסקראַ" האָט געמאַכט צו דער „ראַבאָטשע דעלאָ", האָבן אויפגעלעבט דידאָזיקע באַציאונג. פון די זייטלעך פון „איסקראַ" האָט זיך ווידער אַ גאַס געטאָן די דראָשע פון עקיזם, וועלכע ווערט צוגעדעקט מיט דיזעלביקע כאַלאָשעסדיקע שוואוּעס: אַני מאַמין בע-עמונע שלוימע אין דער זעלבסטעטיקייט פון דעם פראָלעטאַריאַט. צוליב דער זעלבסטעטיקייט פון דעם פראָלעטאריאַט האָבן אַקסעלראָד, מאַרטינאָוו, מאַר-טאָוו און ליבער (אַ בונדיסט) פארטיידיקט דאָס רעכט פון פראָפעסאָרן און גימנאַזיסטן צו פארשרייבן זיך פאַר מיטגלידער פון דער פארטיי, ניט ארייג-גייענדיק אין קיין שום אָרגאַניזאַציע. צוליב דער זעלבסטעטיקייט פון דעם פראָלעטאַריאַט האָט מען אויסגעטראַכט די טעאָריע וועגן „אָרגאַניזאַציע-פּראָ-צעס", וועלכע האָט באַרעכטיקט די דעזאָרגאַניזאַציע און האָט געלויבט דעם אינטעליגענטישן אַנאַרכיזם. צוליב דער זעלבסטעטיקייט פון דעם פראָלעטאַריאַט האָט מען דערפונדן די ניט ווייניקער באַדימטע טעאָריע וועגן אַ „העכערן טיפּ פון דעמאָנסטראַציעס" אין דער פאָרם פון אפאַרשטענדיקונג צווישן אַן אַרבעטער-דעפּוטאַציע, וועלכע איז דורך דריימאָליקע וואַלן דורכגעזיפּט, מיט די זעמצעס וועגן אַ פרידלעכער דעמאָנסטראַציע אָן ארויסצורופן אַ אַ פּאַנישע איימע*). צוליב דער זעלבסטעטיקייט פון דעם פראָלעטאַריאט האָט מען פארקריפּלט און וואולגאַריזירט, דערנידערט און פארפלאָנטערט די אידייע פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד.

אף דערדאָזיקער לעצטער פראגע, אדאַנק איר קאָלאָסאַלער פּראַקטישער וויכטיקייט, ווילן מיר ווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם לעזער. די אנט-וויקלונג פון דער אַרבעטער=באַוועגונג האָט זיך בייז אויסגעלאַכט איבער די כאַכאָמים פון דער נייער „איסקרא". עס האָט נאָך ניט באַוויזן צו פאַנאַנדער-צוגיין זיך איבער רוסלאַנד איר ערשטער בריוו, אין וועלכן מע האָט, צוליב דעם „פּראָצעס פון פּלאַנמעסיקער אנטוויקלונג פון דעם קלאַסן-זעלבסטבאַ-וואוסטזיין און דער זעלבסטעטיקייט פון דעם פראָלעטאַריאט", רעקאָמענדירט, אַלס אַ העכערן טיפּ פון דעמאָנסטראַציעס, „דאָס צושטעלן די מעלדונג פון

*) זע אויבן די בראָשור: „די זעמסקע קאַמפּאַניע און דער פלאַן פון „איסקראַ". רעד.

די ארבעטער דורך פּאָסט די אָפּגעאָרדנטע (גלאסנע) אַ היים און דאָס פאנאנדערוואַרפן זי אין א באדייטנדע צאָל עקזעמפּליארן אין דעם זאַל פון דער זעמסקער פּארזאַמלונג״; — עס האָט נאָך ניט באַוויזן צו דערגיין ביז רוסלאַנד איר צווייטער בריוו, וואו עס איז געמאַכט געווארן שוין א גאָר כידעשדיקע אנטדעקונג, אז בא דעם איצטיקן „היסטאָרישן מאָמענט איז די פּאָליטישע בינע דורכויס פארנומען (!) מיטן מישפּעט צווישן דער אָרגאַניזירטער בורזשואזיע און דער ביוראָקראטיע״ און אז „דער אָביעקטיווער זין פון יעדער (הערט, הערט!) רעוואָלוציאָנערער באוועגונג אין די אונטערשטע שיכטן איז איינער (!) און ער באשטייט אין דער שטיצע פון די לאָזונגען פון יענער פון די צוויי (!!) קרעפטן, וועלכע איז פארינטערעסירט אין דער צעשטערונג פון דעם געגעבענעם רעזשים״ (דאָס האָט מען די דעמאָקראטישע אינטעליגענץ דערקלערט פאר א „קראפט״), — עס האָבן נאָך ניט באוויזן די באוואוסטזיניקע אָרבעטער דורכצולייענען דידאָזיקע פּראכטפולע בריוו און גוט אויסצולאַכן זיי. ווי די געשעענישן פון דעם ווירקלעכן קאמף פון דעם פּראָלעטאריאט האָט מיטאַמאָל אויסגעקערט דידאָזיקע גאנצע פּאָליטישע אלטווארג פון די ניי-איסקריסטן אין מיסט-קאסטן אריין. דער פּראָלעטאַריאט האָט באוויזן, אז עס איז פאראַן א דריטע (אין טאָג, פארשטייט זיך, ניט א דריטע, נאָר א צווייטע לויטן כעשבן און די ערשטע לויט דער קאמפס-פעאיקייט) *קראפט*, וועלכע איז ניט נאָר פארינטערעסירט אין דעם צעשטערן, נאָר וועלכע איז *גרייט* *צוצוטרעטן צו דער ווירקלעכער צעשטערונג* פון דער זעלבסטהערשונג. אָנהויבנדיק פון דעם 9-טן יאנוואַר, *וואקסט אויס* בא אונז פאר די אויגן די ארבעטער-באַוועגונג אין א פּאָלקס-אויפשטאַנד.

לאָמיר דאָך א קוק טאָן, ווי האָבן אָפּגעשאַצט דעם איבערגאנג צום אויפשטאַנד די סאָציאל-דעמאָקראטן, וועלכע האָבן וועגן אים פון פריער געאורטיילט, ווי וועגן א פראגע פון טאקטיק, — און ווי האָבן אָנגעהויבן צו לייזן דידאָזיקע פראגע אין דער פּראַקטיק די ארבעטער אליין.

אָט וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן מיט דריי יאָר צוריק וועגן אויפשטאנד, אלס א לאָזונג, וועלכער באַשטימט אונזערע נאָענטסטע פּראקטישע אויפגאבן: „לאמיר זיך פאָרשטעלן אַ פּאָלקס-אויפשטאנד. איצטער וועלן מיסטאָמע אלע איינשטימען, אז מיר דארפן וועגן אים טראכטן און גרייטן זיך צו אים. נאָר ווי גרייטן זיך? ניט דער צענטראַל-קאָמיטעט זאָל דאָך באשטימען אַגענטן איבער אלע ערטער, קעדיי צוצוגרייטן דעם אויפשטאַנד! אויב בא אונז וואָלט אפילע געווען א צענטראל-קאָמיטעט, וואָלט ער מיט אַזא באשטימונג גאָר ניט דערגרייכט בא די איצטיקע רוסישע באדינגונגען. פארקערט. א נעץ פון אגענטן, וועלכע בילדעט זיך פון זיך אליין בא דער ארבעט פון אוועקשטעלן און פארשפּרייטן אן אלגעמיינע צייטונג, וואָלט ניט געדארפט „זיצן און ווארטן״ קיין לאָזונג צו אן אויפשטאנד, נאָר זי וואָלט געטאָן גראָד אזא רעגולערע זאך, וועלכע וואָלט איר גאראנטירט די גרעסטע ווארשיינלעכקייט פון א דערפאָלג אין פאל פון אן אויפשטאנד. אט גראד אזא זאך וואָלט פארפעסטיקט די פארבינדונג סאי מיט די ברייטסטע מאסן פון די ארבעטער

און סאי מיט אלע שיכטן, וועלכע זייגען אומצופרידן מיט דער זעלבסטהערשונג, וואָס עס איז אזוי וויכטיק פארן אויפשטאנד. גראָד אף אזא זאך וואָלט זיך אויסגעארבעט די פעאיקייט ריכטיק אָפּצושאצן די אלגעמיינע פאליטישע לאגע און, הייסט עס, די פעאיקייט אויסצוקלייבן א פאסיקן מאָמענט פארן אויפשטאנד. גראָד אזא זאך וואָלט צוגעוואוינט אלע אָרטיקע אָרגאניזאציעס איינצייטיק אָפּצורופן זיך אף איינע און דיזעלבע פאליטישע פראגן, פאלן און געשעענישן, וועלכע אינטערעסירן גאנץ רוסלאנד, ענטפערן אף דידאָזיקע געשעענישן, ווי מעגלעך ענערגישער, ווי מעגלעך איינארטיקער און צוועקמעסיקער,— און אן אויפשטאנד, דאָס איז דאך אין טאָך דער ענערגישסטער, דעראיינארטיקסטער און דער צוועקמעסיקסטער „ענטפער" פון דעם גאנצן פאלק דער רעגירונג. גראָד אזא זאך וואָלט צוגעוואוינט, לעסאָף, אלע רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציעס אין אלע עקן פון רוסלאנד צו פירן די רעגולערסטע און אין דערזעלבער צייט די קאָנספּיראטיווסטע פארבינדונגען, וועלכע שאפן די פאקטישע איינהייט פון דער פארטיי, — און אָן אזעלכע פארבינדונגען איז אומעגלעך געמיינזאם צו באהאנדלען דעם פלאן פון אויפשטאַנד און אָנצונעמען יענע נויטיקע צוגרייטונגס-מיטלען ערעוו דעם אויפשטאנד, וועלכע דארפן אָפּגעהיט ווערן אין דער שטרענגסטער געהיימניש.

„מיט איין וואָרט, „דער פלאַן פון דער אַלרוסישער פּאָליטישער צייטונג" שטעלט מיט זיך ניט נאָר ניט פּאָר קיין פּרוכט פון קאַבינעטן-אַרבעט פון פערזאָנען, וועלכע זיינען אָנגעשטעקט מיט דאָקטרינערייִ און ליטעראטאָרישקייט (ווי דאָס האָט זיך אויסגעוויזן מענטשן, וועלכע האָבן זיך אין אים שלעכט אַריינגעטראַכט), נאָר, פארקערט, ער איז דער פּראַקטישסטער פּלאַן אָנצוהייבן פון אלע זייטן און טייקעף צו גרייטן זיך צו אן אויפשטאַנד, ניט פארגעסנדיק אין דערזעלבער צייט אף איין מינוט אונזער וואָכעדיקע טעגלעכע אַרבעט" („וואָס דאַרף מען טאָן?").

די פון אונז אונטערגעשטראָכענע שלוס-ווערטער גיבן אַ קלאָרן ענטפער אף דער פראגע וועגן דעם, ווי עס האָבן זיך פאָרגעשטעלט די זאַך פון צוגרייטן אַ באוואָפנטן אויפשטאַנד די רעוואָלוציאָנערע סאָציאל-דעמאָקראטן. נאָר ווי קלאָר עס איז ניט דערדאָזיקער ענטפער, האָט דאָך די אלטע עקיסטישע טאקטיק ניט געקאָנט ניט אַרויסווייזן זיך אויך אף דעמדאָזיקן פונקט. מארטינאָוו האָט גאָר ניט לאנג אַרויסגעלאָזן א בראָשור „צוויי דיקטאטורן", וועלכע ווערט באַזונדערס רעקאָמענדירט דורך דער נייער „איסקרא" (№48.). דער אַווטאָר איז פון דער גאנצער טיפעניש פון זיין ראבאָטשע-דעלישן האַרצן אויפגעבראכט מיט דעם, וואָס לענין האָט געקאָנטריידן וועגן דער „צוגרייטונג, באַשטימונג און דורכפירונג פון א באוואָפנטן אַלפאָלקישן אויפשטאנד". דער צאָרנדיקער מארטינאָוו שלאָגט דעם סוינע: „די אינטערנאציאָנאלע סאָציאל-דעמאָקראטיע האָט אלעמאָל אנערקענט אפן גרונט פון געשיכטלעכער דערפארונג און וויסנשאפטלעכן אנאליז פון דער דינאמיק פון די געזעלשאפטלעכע קויכעס,

אז נאָך הויף-איבערקערענישן און פראַנונציאַמענטאָס *) קענען פון פאָרויס באַ=
שטימט און מיט דערפאָלג דורכגעפירט ווערן לויט א פריער צוגעגרייטן פּלאַן,
און גראַד דערפאַר, וואָס זיי זיינען ניט קיין פאָלקס-רעוואָלוציעס, ד. ה. ניט
קיין איבערקערענישן אין די געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען, נאָר אַן ענדערונג
אין דער רעגירנדיקער באַנדע. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט אומעטום און
שטענדיק אַנערקענט, אַז א פאָלקס-רעוואָלוציע קען ניט זיין פון אַפריער באַ-
שטימט, אַז זי ווערט ניט צוגעגרייט קינסטלעך, נאָר זי קומט פאָר אַליין".

עס קען זיין, אַז דער לעזער וועט זאָגן, איבערלייענענדיק דידאָזיקע טי-
ראַדע, אַז מאַרטינאָוו איז, קלאָר, ניט קיין ערנסטער קעגנער, און אַז עס איז
לעכערלעך ערנסט צו רעכענען זיך מיט אים. מיר וואָלטן פולקום איינגעשטימט
מיט אַזא לעזער. מיר וואָלטן אַפילו געזאָגט אַזא לעזער, אַז עס איז ניטאָ קיין
גרעסערע פיין אויף דער וועלט, ערנסט צו נעמען אַלע טעאָריעס און אַלע בקי-
דעס פון אונזערע ניי-איסקריסטן. די צרה איז אָבער אין דעם, וואָס די אַלע
באַרישקייטן פיגורירן אויך אין די אַרטיקלען פון „איסקרא" (№62). נאָך א
גרעסערע צרה איז דאָס, וואָס עס זיינען פאַראַן מענטשן אין דער פּאַרטיי,
און ניט ווייניק, וועלכע פאַרשטאָפּן זיך דעם קאָפּ מיט דידאָזיקע באַרישקייטן,
און עס קומט אויס צו ריידן וועגן ניט-ערנסטע זאַכן, פונקט ווי עס קומט דאָך
אויס אונז צו ריידן וועגן דער „טעאָריע" פון ראָזע ליוקסעמבורג, וועלכע האָט
אַנטדעקט דעם „אָרגאַניזאַציע-פּראָצעס". עס קומט אויס אויפצוקלערן מאַרטינאָוון,
אַז מע דאַרף ניט צונויפמישן קיין אויפשטאַנד מיט א פאָלקס-רעוואָלוציע, עס
קומט אויס אויפצוקלערן, אַז דאָס טיפזיניקע באַרופן זיך אויף דער איבערקע-
רעניש אין די געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען בא דער לייזונג פון דער פּראַק-
טישער פראַגע וועגן די מיטלען פון אראָפּוואַרפן די רוסישע זעלבסטהערשונג
איז ווערט, אַז דאָס זאָל מאַכן קיפא מאַקיעוויטש *). דידאָזיקע איבערקערעניש
האָט זיך אָנגעהויבן אין רוסלאַנד זינט עס איז נאָך געפאַלן דאָס לייב-אייגנ-
טום, און גראַד די אָפּגעשטאַנענקייט פון אונזער פּאָליטישן איבערבוי אַנטקעגן
דער פאָרגעקומענער איבערקערעניש אין די געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען מאַכט
דעם צוזאַמענבראָך פון דעם איבערבוי פאַר אומפאַרמיידלעך, דערביי איז עס
זייער און זייער מעגלעך, אַז דער צוזאַמענבראָך זאָל פאָרקומען מיט איין
מאָל, פון איין קלאַפּ, ווייל די „פאָלקס-רעוואָלוציע" אין רוסלאַנד האָט
שוין דערלאַנגט דעם צאַריזם הונדערטער קלעפּ, און צי וועט אים דערשלאָגן
דער הונדערט ערשטער אָדער דער הונדערט צענטער קלאַפּ—דאָס איז ניט
באַוואוסט. בלויז אָפּאָרטוניסטישע אינטעליגענטן, וועלכע וואַרפן אַרויף זייער
פיליסטערטום אויף די פּראָלעטאַריער, קענען אין אַזא צייט, ווען עס ווערן באַ=
האַנדלט די פּראַקטישע מיטלען, ווי צו דערלאַנגען איינס פון די קלעפּ פון

*) פּראָנונציאַמענטאָ — אייגנטלעך עפנטלעכע מעלדונג. באַטייט — א מיליטערישע פאַרשווע-
רונג אין א מלוכע-איבערקערעניש אונטער דער אָנפירונג פון א הייפל מיליטער-לייט. איבערז.

*) א באַרימטע פיגור אין דער רוסישער ליטעראַטור, א טיפּ פון א נעפעש, וואָס פילאָזאָ-
פירט וועגן יעדער נאַרישקייט. איבערז.

דער צווייטער מייע, ארויסווייזן זייערע גימנאַסטישע קענטעניש מיקויעך דער „איבערקערעניש אין די געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען“. בלויז די אַפּאַרטוניסטן פון דער נייער „איסקרא“ קאָנען היסטעריש שרייען וועגן אַ שרעקלעכן „יאַקאָבינישן“ פּלאַן, דער שווערפּונקט פון וועלכן עס ליגט, ווי מיר האָבן געזען, אין אַן אַלזייטיקער מאַסן-אַגיטאַציע מיט דער הילף פון אַ פּאָליטישער צייטונג!

אַ פֿאָלקס-רעוואָלוציע קען ניט באַשטימט ווערן, דאָס איז ריכטיק. פאַר דער באַקאַנטשאַפט מיט דעם דאָזיקן עמעס קען מען ניט ניט לויבן מאַרטינאָוו און דעם אַווטאָר פון דעם לייטאַרטיקל אין № 62 „איסקרא“ („און וועגן וואָס פאַר אַ צוגרייטונג פון אַן אויפשטאַנד קען ביכלאַל א רייד זיין אין אונזער פּאַרטיי“, האָט דאָרט געפרעגט, מילכאָמע האַלטנדיק מיט די „אוטאָפּיסטן“, דער טרייער מיטקעמפער אָדער טאַלמיד פון מאַרטינאָוון). אָבער באַשטימען אַן אויפשטאַנד, אויב מיר האָבן אים ווירקלעך געגרייט און אויב א פאָלקס-אויפשטאַנד איז מעגלעך, אדאנק די איבערקערענישן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין די געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען, איז א זאַך א פולקום אויספירבאַרע. מיר וועלן זעען דערקלערן עס די ניי-איסקריסטן מיט אַ פּאָשעטן ביישפּיל. צי קען מען באַשטימען אַן אַרבעטער-באַוועגונג? ניין, מע קען ניט ווייל זי ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון טויזנטער באַזונדערע אַקטן, וועלכע ווערן אַרויסגערופן דורך דער איבערקערעניש אין די געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען. צי קען מען באַשטימען אַ שטרייק? מע קען, ניט קוקנדיק דערויף — שטעלט זיך פאָר, כ׳ מאַרטינאָוו, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס יעדער שטרייק איז א רעזולטאַט פון דער איבערקערעניש אין די געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען. ווען איז מעגלעך צו באַשטימען אַ שטרייק? דאַן, ווען די אָרגאַניזאַציע אָדער דער קרייז, וועלכע באַשטימען אים, האָבן א ווירקונג אַף דער מאַסע פון די געגעבענע אַרבעטער און זיי קענען ריכטיק אָפּשאַצן דעם מאָמענט פון דער וואַקסנדיקער אומצופרידנהייט און אויפרעגונג אין דער אַרבעטער-מאַסע. האָט איר איצטער פאַרשטאַנען אום וואָס עס האַנדלט זיך, כאַווער מאַרטינאָוו און כאַווער-„לייטאַרטיקל-שרייבער“ פון №62 „איסקראַ“? אויב איר האָט פאַרשטאַנען, טאָ זייט זיך מאַטריעך איצטער און פאַרגלייכט אַן אויפשטאַנד מיט אַ פאָלקס-רעוואָלוציע. „אַ פאָלקס-רעוואָלוציע קען ניט זיין פון פריער באַשטימט“. אַן אויפשטאַנד קען זיין באַשטימט, ווען זיינע באַשטימער האָבן א ווירקונג אַף די מאַסן און קענען ריכטיק אָפּשאַצן דעם מאָמענט.

צום גליק, ווייזט זיך אַרויס די זעלבסטעטיקייט פון די פאָרגעשריטענע אַרבעטער ווייט פאָרויס פון דער עקיסטישער פילאָזאָפיע פון דער נייער „איסקראַ“. פאַר דער צייט, וואָס זי קוועטשט פון זיך אַרויס טעאָריעס, וועלכע דערווייזן, אַז אַן אויפשטאַנד קען ניט זיין באַשטימט דורך יענע, וועלכע האָבן זיך געגרייט צו אים, אָרגאַניזירנדיק דעם אַוואַנגאַרד פון דעם רעוואָלוציאָנערן קלאַס, באַווייזן די געשעענישן, אַז אַן אויפשטאַנד קענען באַשטימען און זיינען געצוואונגען צו באַשטימען מענטשן, וועלכע האָבן זיך ניט געגרייט.

אָט איז אַ פּראָקלאַמאַציע, וועלכע עס האָט אונז צוגעשיקט אַ פּעטערבורגער כאַווער. זי האָבן אָנגעזעצט, אָפּגעדרוקט און פאַרשפּרייט מער ווי אין 10.000 עקזעמפּליאַרן די אַרבעטער אַליין, וועלכע האָבן פאַרכאַפּט דעם 10-טן יאַנוואַר אין פּעטערבורג איין לעגאַלע טיפּאָגראַפיע.

„פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַרייניקט זיך!

בירגער!

נעכטן האָט איר געזעען די ווילדקייטן פון דער זעלבסטהערשנדיקער רעגירונג! איר האָט געזעען דאָס בלוט, וועלכע האָט די גאַסן פאַרגאָסן. איר האָט געזעען הונדערטער געהאַרגעטע קעמפער פאַר דער אַרבעטער-זאַך, איר האָט געזעען דעם טויט, איר האָט געהערט די קרעכצן פון פאַרוואונדעטע פרויען און שוצלאָזע קינדער! דאָס בלוט און די געהירן פון די אַרבעטער האָבן באַשפּריצט דעם ברוק, וועלכן זיי האָבן מיט זייערע אייגענע הענט געברוקירט. ווער האָט געריכטעט דאָס מיליטער, די ביקסן און די קוילן אין דער אַרבעטער-ברוסט? — דער קייסער, די גרויס-פירשטן, די מיניסטאָרן, די גענעראַלן און די הויף-מענואוואָלים.

„זיי זיינען מערדער! — א טויט זיי! צום געווער, כאַווערים, פאַרכאַפּט די אַרסענאַלן, די געווער-לאַגערן און די געווער-מאַגאַזינען. צעשטערט, כאַווערים, די טורמעס, באפרייט די קעמפער פאַר פרייהייט. צעקלאַפּט די זשאַנדאַרמערישע און פּאָליצייאישע פאַרוואַלטונגען און אַלע מלוכע-אַנשטאַלטן. לאָמיר אַראָפּוואַרפן די צאַרישע רעגירונג און אַוועקשטעלן אונזערע אַן אייגענע. זאָל לעבן די רעוואָלוציע, זאָל לעבן די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פון פאָלקס-פאָרשטייער!

די רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער-פּאַרטיי".

דער צורוף צו אַן אויפשטאַנד פון דעם הייפל איניציאַטיווע פאַרגעשריטענע אַרבעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ניט קיין איינגעגעבענעם. אונז וואָלטן ניט געוואונדערט און ניט אנטמוטיקט עטלעכע ניט געלונגענע צורופן צו אַן אויפשטאַנד אָדער ניט געלונגענע באַשטימונגען פון אַן אויפשטאַנד. מיר לאָזן איבער פאַר דער נייער „איסקרא" צו דאַרשענען אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם וועגן דער נויטיקייט פון אַ „איבערקערעניש אין די געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען" און מיט אַ הויכן סטיל פאָרורטיילן דעם „אוטאָפּיזם" פון די אַרבעטער, וועלכע האָבן אויסגעשריען „לאָמיר אַוועקשטעלן אונזערע אַ רעגירונג". בלויז האָפענונגסלאָזע פעדאַנטן אָדער פּלאָנטערער קענען זעען דעם שווערפּונקט פון אַזאַ מין אויפרוף אין דעמדאָזיקן צורוף. פאַר אונז איז וויכטיק צו באַצייכענען און אונטערצושטרייכן דעמדאָזיקן מערקווירדיקן, דרייסטן פּראַקטישן צוטריט צו דער לייזונג פון דער אויפגאַבע, וועלכע שטייט איצט האַרט פאַר אונז.

דער צורוף פון די פּעטערבורגער אַרבעטער איז ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן און האָט ניט געקאָנט פאַרווירקלעכט ווערן אַזוי שנעל, ווי זיי האָבן עס

געוואָלט. דערדאָזיקער צורוף וועט נאָך איבערגעכאַזערט ווערן ניט איין מאָל און די פּרוואוון פון אַן אויפשטאַנד קענען נאָך ניט איין מאָל פירן צו מאַפּאָלעס. נאָר אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג האָט דער עצעם פּאַקט, וואָס די אַרבעטער אַליין האָבן אוועקגעשטעלט דידאָזיקע אויפגאַבע. די דעראָבערונג, וועלכע עס האָט געמאַכט די אַרבעטער-באַוועגונג, וועלכע האָט געבראַכט צו דעם באַוואוסטזיין פון דער פּראַקטישער אַקטועלקייט פון דערדאָזיקער אויפגאַבע און וועלכע האָט דערנעענטערט די אַוועקשטעלונג איר אין דער נאָענטסטער ריי בא יעדער פאָלקס-אירונג, דידאָזיקע דעראבערונג קען מען מיט גאָרנישט ניט אָפּנעמען באַ דעם פּראָלעטאַריאַט.

די סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן ארויסגעשטעלט דעם לאָזונג פון צוגרייטן אַן אויפשטאַנד נאָך מיט דריי יאָר צוריק אַפן גרונט פון אַלגעמיינע האַשאָרעס. די זעלבסטעטיקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז געקומען צו דעמזעלבן לאָזונג אונטער דער ווירקונג פון די אומיטלבאַרע לעקציעס פון בירגער-קריג. עס איז פאַראַן אַ זעלבסטעטיקייט און אַ זעלבסטעטיקייט. עס איז פאַראַן אַ זעלבסטעטיקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, דעם רעוואָלוציאָנער-איניציאַטיוון, און עס איז פאַראַן אַ זעלבסטעטיקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, דעם ניט אַנטוויקלטן און וועלכן מע פירט אַפן שטריקל, פאַראַן אַ זעלבסטעטיקייט — אַ באַוואוסטזיניק סאָציאַל-דעמאָקראַטישע און אַ זעלבסטעטיקייט — אַ זובאטאָווישע. און עס זיינען פאראַן סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וועלכע באטראַכטן נאָך באַ היינטיקן מאָמענט מיט אירעסהאַקאָוועד גראָד דעם צווייטן מין זעלבסטעטיקייט, וועלכע רעכענען, אז אָנשטאט א דירעקטן ענטפער אף די טעגלעכע פראגן קען מען אָפּקומען מיט איבערכאזערן אָן אַ צאָל מאָל דעם וואָרט „קלאַסאַוויער". אָט נעמט דעם נומ. 84 „איסקרא". „פאר וואָס, — גרייפט אונז אָן מיט אַ זיגרייכן אויסזעען איר „לייטארטיקל-שרייבער", — פאר וואָס האָט ניט די שמאָלע אָרגאניזאציע פון פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן געגעבן דעם שטויס צו דער באוועגונג פון דערדאָזיקער לאווינע (דעם 9-טן יאנוואר), נאָר די „פארזאמלונג פון ארבעטער"?*) דערפאר, ווייל דידאָזיקע „פארזאמלונג" איז געווען ווירקלעך (הערט!) אַ ברייטע אָרגאניזאַציע, וועלכע איז געגרינדעט אף דער זעלבסטעטיקייט פון די אַרבעטער-מאַסן". אויב דער אווטאָר פון דערדאָזיקער קלאָסישער פראזע וואָלט ניט געווען קיין אָנהענגער פון מארטינאָוון, וואָלט ער, קען זיין, פארשטאנען, אז די פארזאמלונג האָט געלייסטעט א דינסט דער באוועגונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאריאט גראד דאן און אף אזויפיל, ווען און אף וויפל זי איז איבערגעגאנגען פון זובאטאָווישער זעלבסטעטיקייט צו סאָציאל-דעמאַקראַטישער זעלבסטעטיקייט (און נאך דעם האָט זי טאקע גלייך אויפגעהערט צו עקזיסטירן אלס לעגאלע „פארזאמלונג").

*) דאָס איז געווען אַן אָרגאַניזאציע אין לעגינגראַד, באשאפן דורך דער פּאָליציי, קעדיי אָפּצוציען די ארבעטער פון דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג. בעראָש איז געשטאנען דער גאַלעך גאַפּאָן. עס האָבן זיך אין איר ארייגעצאָגן גרויסע מאַסן מער אָפּגעשטאַנענע ארבעטער. און סטיכיש איז די פּאָליציייאישע אָרגאַניזאציע געוואָרן אַן אויסדרוק פון דער אומצופרידנהייט פון די ברייטע מאַסן. די „פאַרזאמלונג" האָט אָרגאַניזירט דאָס פרידלעכע גייען צום קייסער דעם 9-טן יאנוואר 1905 יאָר. איבערז.

אויב די ניי־איסקריסטן אָדער די ניי־ראַבאָטשע־דעליסטן וואָלטן ניט
געווען קיין עקיסטן, וואָלטן זיי דערזעען, אַז גראד דער 9־טער יאַנוואר האָט
בארעכטיקט די פּאָרויסזאָגונג פון יענע, וועלכע האָבן געזאָגט: „סאַמאַקאָלסאָך
וועט די לעגאַליזירונג פון דער ארבעטער־באַוועגונג ברענגען נוצן גראד אונז
און ניט די זובאַטאָווס" („וואָס טאָן?"). גראד דער 9־טער יאַנוואר האט נאָך
אַמאָל און נאָך אַמאָל באַוויזן די גאַנצע וויכטיקייט פון דער אויפגאַבע, וועל־
כע איז דאָרט טאַקע פאָרמולירט „גרייטן שניטער, וועלכע זאָלן קאָנען סאַי
שניידן דאָס היינטיקע אומקרויט" (ד. ה. פּאַראליזיר דעם היינטיקן זגוס פון
דער זובאַטאָווטשיגע), „סאַי אַראָפּנעמען דעם מאָרגעדיקן
ווייץ" (ד. ה. רעוואָלוציאָנער אָנפירן מיט דער באַוועגונג, וועלכע האָט גע־
מאַכט אַ שריט פאָרויס מיט דער הילף פון דער לעגאַליזירונג). און די איוואַ־
נושקעס*) פון דער נייער „איסקרא" בארופן זיך אַף דער ריינער גערעטעניש
פון דעם ווייץ, קעדיי צו דערנידערן די באַדייטונג פון דער שטאַרקער אָרגאַ־
ניזאַציע פון די רעוואָלוציאָנערע שניטער!

עס וואָלט געווען אַ פארברעכן,—זעצט פּאָר דער זעלבער ניי־איסקריס־
טישער לייטאַרטיקל־שרייבער,—„אנצופאלן אין רוקן פון דער רעוואָלוציע".
וואָס באַטייט אייגנטלעך דידאָזיקע פראזע, ווייס נאָר גאָט אַליין. וועגן דעם
אין וואָס פאר אַ צוזאַמענהאַנג זי שטייט מיט דער אַלגעמיינער אָפּאָרטוניס־
טישער טעאָריע פון „איסקרא", וועלן מיר נאָך מיסטאמע אַ שמועס טאָן אַן
אַנדערש מאָל באזונדער. איצטער איז גענוג אָנצואווייזן, אז דערווירקלעכער
פּאָליטישער זין פון דערדאָזיקער פראזע איז איינער, נעמלעך: דער אַווטאָר
קריכט אַף אַלע פיר פאַר דעם הינטערלאַנד פון דער רעוואָלוציע, קרימענדיק
מיט פאַראַכטונג דעם נאָז אַף דעם „שמאָלן" און „יאַקאָבינישן" אַוואַנגארד פון
דער רעוואָלוציע.

די טאַקטיק פון עקיזם און די טאַקטיק פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָ־
ציאַל־דעמאָקראטיע ווערן אַלץ מער קלאָר אין זייער קעגנזעצלעכקייט, וואָס
מער עס באמיט זיך מיט האַסמאָדע אין דעם מאַרטינאָווישן גייסט די נייע
„איסקרא". מיר האבן שוין אָנגעוויזן אין דעם ערשטן נומער „ווּפּעריאָד", אַז
דער אויפשטאַנד דארף צושטיין צו איינער פון די סטיכייאישע באַוועגונגען.
מיר פארגעסן, הייסט עס, אינגאנצן ניט די וויכטיקייט פון „זיכערן דעם הינ־
טערלאַנד", אויב מע זאָל באנוצן דעם מיליטערישן פארגלייך. מיר האָבן גע־
רעדט אין נומער 4 וועגן דער ריכטיקייט פון דער טאַקטיק פון די פּעטער־
בורגער קאָמיטעט־לייט, וועלכע האָבן גלייך פון אָנהויב געריכטעט זייערע באַ־
מיאונגען אַף דער שטיצע און אנטוויקלונג פון די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן
פון דער סטיכיע בא אַן אָפּגעהאַלטענער און אומצוטרוילעכער באַציאונג צו
דעם פינסטערן, זובאַטאָווישן הינטערלאַנד פון דערדאָזיקער סטיכיע. מיר וועלן
איצט פארענדיקן מיט אַן אייצע, וועלכע אונז וועט אויסקומען נאָך אַסאַך מאָל
צו געבן די ניי־איסקריסטן: דערנידערט ניט די אויפגאַבן פון דעם אַוואַנגאַרד

*) דאָס באַטייט—די נאראָנים.—א י ב ע ר ז.

פון דער רעוואָלוציע, פארגעסט ניט וועגן אונזער פליכט צו שטיצן דעמדאָ-
זיקן אַוואַנגארד דורך אונזער ארגאניזירטער זעלבסטעטיקייט. רעדט וואָס ווי-
ניקער אַלגעמיינע פראַזן וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער זעלבסטעטיקייט פון
די ארבעטער—די ארבעטער ווייזן ארויס אַ שלאַל פון אייך ניט באמערקטער
רעוואָלוציאָנערער זעלבסטעטיקייט!—גיט וואָס מער אַכטונג, אז איר זאָלט ניט
פאַרדארבן די אומאַנטוויקלטע אַרבעטער מיט אייער אייגענעם עקיזם.

„וופּעריאָד“ נומר 6
פון 10-טן פעווראַל 1905 יאָר.

# צי דארפן מיר ארגאַניזירן די רעוואלוציע?

דאָס איז געווען לאַנג, זייער לאַנג, מער ווי מיט אַ יאָר צוריק. אין דער
רוסישער פאַרטיי זיינען אַנטשטאַנען, לויט דער גוויעס-איידעס פון דעם ניט
אומבאַוואוסטן דייטשישן סאָציאַל-דעמאָקראַט פארוואוס, „פּרינציפּיעלע מיינונגס-
פאַרשיידנהייטן“. אָלס די וויכטיקסטע פּאָליטישע אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי
פון פראָלעטאַריאַט איז געוואָרן דער קאַמף מיט די עקסטרעמקייטן פון צענט-
ראַליזם, מיט דער אידייע צו „קאָמאַנדעווען“ פון א וועלכער ניט איז זשעגעווע,
מיט דער איבערטרייבונג פון דער אידייע צו אָרגאַניזירן אַגיטאַטאָרן, צו אָר-
גאַניזירן אָנפירער. אַזא איז געווען די טיפע, פעסטע און ניט בויגזאַמע איבער-
צייגונג פונם מענשעוויק פּאַרוואוס, וועלכע ער האָט אַרויסגעזאָגט אין דעם
וואָכנטלעכן דייטשישן בלעטל „Aus der Velt-politik“ („פון דער וועלט-
פּאָליטיק“) פון 30 נאָיאַבער 1903 יאָר.

דעם גוטן פּאַרוואוסן איז דעמאלט אָנגעוויזן געוואָרן (זע לעגינס בריוו
אין רעדאַקציע פון „איסקרא“, דעקאַבער 1903 יאָר), אַז ער איז געוואָרן אַ
קאָרבן פון אַ ספּליאָטקע, אַז אין גרונט פון דעם, וואס ער נעמט אָן פאַר פּרינ-
ציפּיעלע מיינונגס-פארשיידנהייטן, ליגט א קליינלעכע רייסעריי און אז דער
אידייאישער וועגדפּונקט, וועלכער הויבט זיך אָן אָנצומערקן בא דער נייער
„איסקרא“, איז אַ ווענדונג צו אָפּאָרטוניזם. פּארוואוס איז אנטשוויגן געוואָרן,
נאר זיינע „געדאַנקען“ וועגן דער איבערטרייבונג פון דער באדייטונג פון אָר-
גאניזירן אָנפירער איז אף הונדערטער אויפאַנים איבערגעקייט געוואָרן דורך
די ניי-איסקריסטן.

עס זיינען דורכגעגאנגען פערצן כאדאָשים. עס האט זיך פולשטענדיק
ארויסגעוויזן די דעזאָרגאניזירונג פון דער פּאַרטיי-אַרבעט דורך די מענשעווי-
קעס און דער אָפּאָרטוניסטישער כאַראַקטער פון זייער אַגיטאַציע. דער נײַנטער
יאנוואר פון 1905 יאר האָט ארויסגעוויזן דעם גאנצן קאָלאסאַלן רעזערוו פון
רעוואָלוציאָנערער ענערגיע פון פראָלעטאַריאַט און די גאנצע ניט-גענוגנקייט
פון דער ארגאניזאציע פון די סאציאל-דעמאקראטן. פּארוואוס האט זיך געכאפּט

פארן סייכל. אין № 95 „איסקרא" איז ער אַרויסגעטראָטן מיט אַן אַרטיקל, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אין טאָך א פולשטענדיקע אָפּװענדונג פון די נייע אידייען פון דער אָפּאָרטוניסטישער נייער „איסקראַ" צו די אידייען פון דער רעוואָלוציאָנערער אלטער „איסקרא". „עס איז געװען א העלד, — שרייט אויס פארוואוס מיקויעך גאַפּאָנען, — נאר עס איז ניט געװען קיין פּאליטישער אנפירער, עס איז ניט געװען קיין האנדלונגס-פּראָגראַם, עס איז ניט געװען קיין אָרגאניזאציע"... „עס האָבן זיך אַרויסגעוויזן די טראגישע רעזולטאטן פון דעם, וואָס עס האָט געפעלט די אָרגאניזאַציע"... „די מאסן האָבן זיך פאנאנ-דערגעשאָטן, אלץ גייט אָן א סיידער, עס איז ניטא קיין פאריייניקונגס-צענטר, עס איז ניטאָ קיין אנפירנדיקע האנדלונגס-פּראגראם"... „די באוועגונג איז געפאלן איבער דעם, וואָס עס איז ניטא קיין פאריייניקנדיקע און אָנפירנדיקע אָרגאניזאַציע". און פארוואוס גיט אַ לאָזונג, וועלכן מיר האָבן שוין דערמאנט אין № 6 „וופּעריאד" — „אָרגאניזירן די רעוואָלוציע". אונטער דער ווירקונג פון די לעקציעס פון דער רעוואלוציע האָט זיך פאַרוואוס איבערצייגט, אז „מיר קענען ניט בא די היינטיקע פּאָליטישע באדינגונגען אָרגאַניזירן דידאזיקע הונדערטער טויזנטער" (דא האַנדלט זיך וועגן דער מאסע, וועלכע איז גרייט צום אויפשטאנד). „נאר מיר קענען, — כאַזוערט ער מיט רעכט איבער דעם אַלטן געדאנק פון דעם בוך „וואס דארף מען טאן", — מיר קענען באשאַפן אן אָרגא-ניזאציע, וועלכע וואלט געװען א פאַרבינדונגס-פערמענט און אין מאמענט פון רעוואלוציע וואלט זי פאריייניקט ארום זיך דידאזיקע הונדערטער טויזנטער". „עס דארפן אָרגאניזירט ווערן ארבעטער-קרייזלעך מיט א קלאָר באצייכנטער אויפ-גאבע: צוגרייטן די מאַסן צו אן אויפשטאַנד, צוזאמענקלייבן זיי ארום זיך בעאיס דעם אויפשטאנד, אויפהויבן דעם אויפשטאנד לויט דעם געגעבענעם לאָזונג".

ענדלעך דאך! האָבן מיר מיט א פאַרלייכטערטן געמיט אויסגעשריען, באגעגענענדיק דידאָזיקע אלטע ריכטיקע געדאנקען, וועלכע זיינען פארוואָרפן מיט מיסט פון דער נייער „איסקרא". ענדלעך דאך האָט דער רעוואָלוציאָנערער אינסטינקט פון א טוער פון דער פּראָלעטאַרישער פּארטיי מענאצייעך געווען, זאל זיין אַפילע צייטווייליק, דעם ראַבאָטשע-דעלישן אָפּאָרטוניזם. ענדלעך דאך הערן מיר די שטים פון א סאָציאל-דעמאקראַט, וועלכער קריכט ניט אף אלע פיר פאר דעם הינטן פון דער רעוואלוציע, און וועלכער האָט קיין מוירע ניט אָנצואווייזן אף דער אויפגאבע צו שטיצן דעם אוואנגאַרד פון דער רע-וואלוציע.

די ניי-איסקריסטן האָבן, פארשטייט זיך, ניט געקאנט איינשטימען מיט פארוואוסן. „ניט מיט אלע געדאנקען, וועלכע זיינען ארויסגעזאָגט פון כ. פארוואוס, איז די רעדאַקציע פון „איסקרא" איינשטימיק", לויטעט די רעדאק-ציאָנס-באמערקונג.

פארשטייט זיך! זיי זאָלן נאָך „אַיינשטימען" מיט יענע געדאנקען, וועל-כע „פּאַטשן אין פּאָנים" זייער גאנצער אנדערהאַלבניאָריקער אָפּאָרטוניסטישער פּלוידעריי.

„אָרגאניזירן די רעוואָלוציע!“ נאָר באַ אונז איז דאָך פאַראן אַ קלוגער ב׳ מארטינאָוו, וועלכער ווייסט, אז אַ רעוואָלוציע ווערט ארויסגערופן דורך דער איבערקערעניש אין די געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען, אַז א רעוואָלוציע קען ניט ווערן באַשטימט. מארטינאוו וועט דערקלערן פּאַרוואוסן זיין פּעלער און וועט באַווייזן, אז אויב אפילע פּאַרוואוס האָט געהאַט אין אַכט נאָר די אָרגאַניזירונג פונם אוואַנגארד פון דער רעוואָלוציע, איז דאס אַ „שמאַלע“ און א שעדלעכע „יאַקאַבינישע“ אידייע. און ווייטער. אונזער קלוגער מאַר-טינאוו פירט דאָך נאך זיך אף א שטריקעלע טריאַפּיטשקין *)-מאַרטאוון, וועל-כער איז פעאיק נאך מער צו פּאַרטיפערן זיין לערער, וועלכער וועט נאָך קענען פאַרבייטן דעם לאָזונג „ארגאַניזירן די רעוואָלוציע“ מיטן לאָזונג „פּ א נ א נ ד ע ר ב י נ ד ן די רעוואָלוציע“ (זע נומער 85, אונטערגעשטראָכן פון אווטאָר).

יאָ, לעזער, טאַקע אזא לאָזונג איז אונז געגעבן אין לייטארטיקל פון „איסקרא“. קענטיק, אז באַ היינטיקע צייטן איז גענוג צו „פּאַנאנדערבינדן“ זיך דעם צונג צוליב דעם פרייען פלוידעריי־פּראצעס אדער צוליב דעם פרייען פּראָצעס פון פלוידעריי, קעדיי צו שרייבן אנפירנדיקע ארטיקלען. פאר דעם אפּאָרטוניסט זיינען אלע מאָל נויטיק אזעלכע לאָזונגען, אין וועלכע מע קען גאָרנישט געפינען, ווען מע באַטראַכט זיי נאָענט, אויסער דער קלינגענדיקער פראַזע, אויסער עפּעס א דעקאַדענטישן ווערטער־קונץ.

ארגאַניזירן און אָרגאַניזירן, כאַזערט איבער פּאַרוואוס, פונקט ווי ער וואלט מיטאַמאל א באָלשעוויק געווארן. ער פארשטייט ניט נעבעך, אז די אָרגאַניזאַציע איז א פּ ר אָ צ ע ס („איסקרא“ נומער 85—און אויך אלע פריער-דיקע נומערן פין דער נייער „איסקרא“ און באַזונדערס די פּראכטפולע פעליע-טאָנען פון דער פּראכטפולער ראַזע). ער ווייס ניט נעבעך, אז לויטן גאַנצן גייסט פון דיאַלעקטישן מאַטעריאליזם איז ניט נאר די אָרגאַניזאַציע, נאָר אויך די טאַקטיק א פּראָצעס. און ער טראָגט זיך ארום, פונקט ווי א „מוירעד“, מיט דעם אָרגאַניזאַציע-פּלאַן. און ער שטעלט זיך פאָר, פונקט ווי א „אוטאָפּיסט“, אז מע קען מיטאַמאָל, אף וועלכן ניט איז, גאָט זאל אויסהיטן, צווייטן אדער דריטן צוזאמענפאר, נעמען און ארגאַניזירן.

און צו וועלכע הערקולעס-זיילן*) פון „יאַקאָבינים“ עס האָט זיך דערעדט דערדאָזיקער פּאַרוואוס. „אויפהויבן אַן אויפשטאַנד לויטן געגעבענעם לאָזונג“, שטעלט זיך פאָר! דאָס איז דאָך נאָך ערגער איידער די אידייע וועגן „באַשטי-מען“ אַן אויפשטאַנד, וועלכע איז אָפּגעלייקנט דורך אונזער באַרימטן מארטי-נאָוון. פּאַרוואוס מוז פּאָשעט צולערנען זיך באַ מאַרטינאָוון. פּאַרוואוס מוז אי-בערלייענען דעם № 62 פון „איסקראַ“, אין לייטאַרטיקל פון וועלכן ער וועט דערגיין, וואָס פאַר אַ שעדלעכע „אוטאָפּישע“ אידייען וועגן דער צוגרייטונג פון

*) אין גאגאָלס קאמעדיע „רעוויזאר“ שרייבט דער הויפּט-העלד א בריוו צום פריינט טריאַפּיטשקין. איבערז.

*) הערקולעס-זיילן — די צוויי פעלזן באַביידע זייטן פונם גיבראַלטאַר-דורכגוס, וועלכער פירט פונם מיטלענדישן יאַם אין אַטלאַנטישן אָקעאַן. דערפירן עפּעס ביז הערקולעס-זיילן — הייסט דערפירן ביזן העכסטן גראַד. א י ב ע ר ז.

אַן אויפשטאַנד עס האָבן זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט אין אונזער פּאַרטיי אַזוי ביט ציײטמעסיק אין 1902 און אין 1904 יאָר. פּאַרוואוס מוז איבערלייענען אַקסעל־ראָדס פאָרוואָרט צו דער בראָשור פון דעם „ארבעטער", קעדיי ער זאָל דער־ווייסן וועגן יענער „טיפער, שעדלעכער און פּאָשעט פּאַר דער פּאַרטיי צע־שטערנדיקער מאַקע" (אַזוי!), וועלכע (מאַקע) דראָט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיצאַד אַזעלכע מענטשן, „וועלכע לייגן אַרויף אַלע זייערע האָפענונגען אַף סטיכייאישע אויפשטאַנדן פון די אָפּגעשטאַנענסטע, אומבאַוואוסטזיניקסטע און פּאָשעט פּאַרווילדעוועטע (!!) עלעמענטן פון די פּאָלקס־מאַסן".

פּאַרוואוס אַנערקענט פּאַר אומעגלעך צו אָרגאַניזירן איצטער הונדערטער טויזנטער און רוקט אַרויס אַפן ערשטן פּלאַן די אויפגאַבע צו „באַשאַפן אַן אָר־גאַניזאַציע, וועלכע זאָל דינען אַלס בינדונגס־פערמענט". ווי זאָלן זיך טאַקע ניט קאָרטשען אונזערע ניי־איסקריסטן, ווען אַזעלכע זאַכן ווערן געשריבן אַף די זייטלעך פון זייער אָרגאַן ? אַן אָרגאַניזאַציע אַלס בינדונגס־פערמענט — דאָס איז דאָך אַן אָרגאַניזאַציע פון פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן, און ווען מע דערמאָנט נאָר אונזערע ניי־איסקריסטן וועגן אַזאַ אָרגאַניזאַציע, פאַלן זיי שוין אין כאַלאָשעס.

ווי דאַנקבאַר זיינען מיר דער „איסקראַ" פאַר איר לייטאַרטיקל גלייך נעבן פּאַרוואוסעס אַרטיקל. ווי בוילעט ווייזט זיך אַרויס די אינהאַלטסלאָזע, געפּלאָנטערטע, עקיסטישע מעליצע נעבן די קלאָרע, דייטלעכע, אָפענע און דרייסטע לאָזונגען פון דער אַלטער „איסקראַ"! איז דאָס דען ניט קיין פּוסטע מעליצע, אַז „עס גייט אַראָפּ (קלוימערשט) פון דער אַרענע די צוטרוי־פּאָליטיק, קעדיי קיינמאָל שוין מער ניט צו פאַרדרייען אַ מויעך ניט רוסלאַנד און ניט אייראָפּע" ? אין דערעמעסן באַווייזט יעדער נומער פון דער אייראָפּעאי־שער פּרעסע, אַז דידאָזיקע קאָפּ־פאַרדרייעניש ווערט פאָרגעזעצט און מאַכט פאָרשוריט. „עס איז טויט־געשלאָגן דער מעסיקער רוסישער ליבעראַליזם". דאָס איז אַ קינדישע פּאָליטישע נאַאיוויקייט, ווען מע נעמט צו פאַר דעם טויט פון ליבעראַליזם זיין „פּאָליטישע" קאַוואָנע צו מאַכן זיך אָן אָטעם. אין דערעמעסן אָבער לעבט דער ליבעראַליזם, ער לעבט און לעבט אָפּ. דאפקע איצטער שטייט ער עדעוו דער מאַכט. טאַקע צוליב דערויף מאַכט ער אַזוי כיינדעלעך דעם אַר־בעטער־קלאַס. מע דאַרף זיין ביזן העכסטן גראַד קורצזיכטיק, אַז מע זאָל די־דאָזיקע כיינדעלעך (הונדערט מאָל געפערלעכע דאפקע באַ היינטיקן מאָמענט) אָנעמען פאַר אַן עכטער מאַטבייע, מע זאָל באַרימעריש דערקלערן: „דער פּראָלעטאַריאַט — דער באַפרייער פון פאטערלאַנד, דער פּראָלעטאַריאַט — דער אַוואַנגאַרד פון דער גאַנצער נאַציע איז אין דידאָזיקע טעג אַנערקענט אין זיין העלדישער ראָלע דורך דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג פון די פאָר־געשריטענע עלעמענטן פון דער ליבעראַל־דעמאָקראַטישער בורזשואַזיע". נו׳ פאַרשטייט זשע, ענדלעך, הערן ניי־איסקריסטן, אַז די ליבעראַלע בורזשואַ אַנערקענען דעם פּראָלעטאַריאַט פאַר אַ העלד טאַקע דערפאַר, וואָס, דער־לאַנגענדיק אַ קלאַפּ דעם צאַריזם, איז דערדאָזיקער פּראָלעטאַריאַט נאָך ניט גענוג שטאַרק, נאָך ניט גענוג סאָציאַל־דעמאָקראַטיש צו דערקעמפן פאַר

זיך אַזאַ פרייהייט, וועלכע ער וויל. פאַרשטייט זשע, אַז ניט באַרימען זיך דאַרפן מיר וועגן די איצטיקע ליבעראַלע קאָמפּלימענטן, נאָר מאַזהיר זיין דעם פּראָלעטאַריאַט און אָנווייזן אים אף דער עמעסער גרונט-סיבע פון דידאָזיקע קאָמפּלימענטן. איר זעט ניט דידאָזיקע גרונט-סיבע? איז טוט אַ קוק אף די דערקלערונגען פון די פאַבריקאַנטן, סאָכרים, בירזשעווי-קעס וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ קאָנסטיטוציע! אָט דידאָזיקע דערקלע-רונגען זאָגן כאַקע קלאָר איידעס וועגן דעם טויט פונם מעסיקן ליבעראַליזם, ניט עמעס, האַ? די ליבעראַלע באַלדאַרשערס ריידן וועגן דער העלדישקייט פון פּראָלעטאַריאַט, און די פאַבריקאַנטן פאָדערן וואָגיק און אימפּאָזאַנט אַ שטיקל קאָנסטיטוציע. אָט אַזוי האלט דער איניען, מיינע ליבע „פירער"!*)

נאָר אַמבעסטן זיינען די כקירעס פון „איסקרא" וועגן דער פראגע פון באַוואָפענונג. „די ארבעט אַפן געביט פון באוואפענונג פון פּראָלעטאַריאַט. אַפן געביט פון סיסטעמאַטישער צוגרייטונג פון דער אָרגאַניזאציע, וועלכע זאָל גאַ-ראַנטירן, אז דער אָנפאַל פון פאָלק אף דער רעגירונג זאָל פאָרקומען אומעטום און איינצייטיק" — דידאָזיקע ארבעט ווערט דערקלערט פאר אַ טעכנישער (!?) אויפגאַבע. און מיר שטייען, פארשטייט זיך, העכער פון דער פאַרהאַסטער טעכניק און קוקן אין דער טיף פון דער זאַך. „ווי וויכטיק זיי זאָלן ניט זיין (די „טעכנישע" אויפגאַבן), איז ניט אין זיי ליגט דער שווערפונקט פון אונזער ארבעט אַפן געביט פון צוגרייטן די מאסן צו אן אויפשטאנד"...

...„אַלע באמיאונגען פון די אונטערערדישע אָרגאניזאציעס וועלן קיין שום באַדייטונג ניט האָבן, אויב זיי וועלן ניט קענען באוואָפענען דאָס פאָלק מיט איין אומפארבייטבאַרעס געווער — מיט דער ברענענדיקער באַ-דערפעניש אָנצופאַלן אף דער זעלבסטהערשונג און צוליב דעם צו באוואפענען זיך. אָט וואוהין מיר דארפן ריכטן אלע אונזערע באמיאונגען — אף פּראָפּאגאנדירן צווישן די מאסן די זעלבסט-באוואפענונג צוליב אַן אויפשטאנד" (די לעצטע צוויי שטעלן זיי-נען אונטערגעשטראָכן פון אַוטאָר).

יאָ, יאָ, דאָס איז ווירקלעך אַ טיפע שטעלונג פון דער פראגע, ניט אזוי, ווי באַ דעם שמאָקן פארוואוסן, וועלכער איז דערגאנגען קימאט צו „יאקאָבי-ניזם". דער שווערפונקט איז ניט אין דער ארבעט אפן געביט פון באוואפענונג און ניט אין דער סיסטעמאטישער צוגרייטונג פון דער אָרגאניזאציע, נאָר אין

*) די אויבנגעבראַכטע שורעס זיינען שוין געווען אָנגעשריבן, ווען מיר האָבן באַקומען פאָלגנדע ניט-אומאינטערעסאַנטע יעדיעס פון ליבעראַלן לאַגער. דער ספּעציעלער פּעטערבורגער קאָ-רעספּאָנדענט פון דער דייטשישער בורזשואַזי-דעמאָקראַטישער צייטונג „Frank. Ztg" (17. II. 1905) גיט איבער אַזאַ מין מיינונג פון אַ פּעטערבורגער ליבעראַלן זשורנאַליסט וועגן דער פּאָליטישער לאַגע: „די ליבעראַלן וואָלטן געווען נאַראָנים, ווען זיי וואָלטן דורכגעלאָזן אַזאַ מין מאָ-מענט, ווי דעם איצטיקן. באַ די ליבעראַלן זיינען איצט אלע טרומפן אין האַנט, ווייל זיי האָט זיך איינגעגעבן איינצושפאנען די ארבעטער אין זייער וואָגן, און באַ דער רעגירונג איז ניטאָ קיין מענטשן, ווייל די ביוראָקראַטיע לאָזט קיינעם קיין וועג ניט". וואָס פאַר אַ הייליקע טמימעס עס דאַרף הערשן אין דער נייער „איסקרא", ווען אין אַזאַ מאָמענט שרייבט זי וועגן טויט פון ליבעראַליזם! לעבינס אנמערקונג.

דער באוואפענונג פון פאָלק מיט א ברענענדיקער באדערפעניש צו באוואפענען זיך און דערצו נאָך צו זעלבסטבאוואפענען זיך. וואָס פאר א ברענענדיקן געפיל פין בושע דו פילסט, ווען דו זעסט דידאָזיקע פיליסטערישע באנאלקייט, וועלכע פרוואווט זיך אָפּצוציען צוריק אונזער באוועגונג! באוואפענען דאָס פאָלק מיט א ברענענדיקער באדערפעניש צו באוואפענען זיך — דאָס איז דאָך א שטענדיקע און אַן אלגעמיינע, אַן אלעמאָליקע און אן אומעטומיקע אויפגאבע פון דער סאָציאל-דעמאָקראטיע, אַן אויפגאבע, וועלכע איז גלייך אנווענדבאר סאי פאר יאפּאָניע, סאי פאר ענגלאנד, סאי פאר דייטשלאנד, סאי פאר איטאליע, אומעטום, וואו עס זיינען דאָ קלאַסן, וועלכע זיינען אונטערדריקט, און וועלכע קעמפן קעגן דער עקספּלואטאציע. באוואפנט זיי די אגיטאציע פונם סאָציאליסט פון סאמע אָנהויב און פריער פאר אלץ מיט א ברענענדיקער באדערפעניש צו באוואפענען זיך, און דידאָזיקע „באדערפעניש“ עקזיסטירט שוין, ווען עס הויבט זיך אָן אן ארבעטער-באוועגונג. דער סאָציאל-דעמאָקראטיע קומט נאָר אויס צו מאכן דידאָזיקע ברענענדיקע באדערפעניש פאר א באוואוסטזיניקע, צו צווינגען אלע יענע, וועלכע פילן דידאָזיקע באדערפעניש, צו רעכענען זיך מיט דער נויטווענדיקייט פון אן אָרגאניזאציע און פון א פּלאנמעסיקער האנדלונג, צו רעכענען זיך מיט דער גאנצער פּאָליטישער קאָניונקטור. גייט אריין, איך בעט אייך, הער רעדאקטאָר פון „איסקרא“, אף א וועלכער איר ווילט פארזאמלונג פון דייטשישע ארבעטער, טוט א קוק, מיט וואָס פאר א סינע עס ברענען דאָרט די פּענימער צו דער פּאָליציי, לעמאָשל, וואָס פאר א בייזע סארקאזמען עס שיטן זיך דאָרט, ווי עס ווערן די פויסטן צוזאמענגעדריקט. וואָס פאר א קויעך האלט איין דידאָזיקע ברענענדיקע באדערפעניש טייקעף אָפּצורעכענען זיך מיט די בורזשויען און לאקייען, וועלכע אינדיעקווען זיך איבערן פאָלק? דער קויעך פון אָרגאניזאציע און דיסציפּלין, דער קויעך פון באוואוסטזיין, פונם באוואוסטזיין, אז אינדיווידועלע מאָרדן זיינען זינלאָז, אז עס איז נאָך ניט געקומען די שאָ פון אן ערנסטן, פאָלקישן, רעוואָלוציאָנערן קאמף, אז עס איז ניטאָ צוליב דעם קיין פּאסנדיקע קאָניונקטור. אָט פארוואס דער סאָציאליסט זאָגט ניט בא אזעלכע באדינגונגען און וועט ניט זאָגן: באוואפנט זיך. ער באוואָפנט אים אָבער שטענדיק און אָבליגאטאָריש (אנדערש וואָלט ער געווען ניט קיין סאָציאליסט, נאָר א פוסטער פּלוידער-זאק) מיט דער ברענענדיקער באדערפעניש צו באוואפענען זיך און אָנצופאלן אפן סוינע. אָט טאקע פון דיראָזיקע באדינגונגען פון וואָכעדיקער ארבעט שיידן זיך איצט אונטער די באדינגונגען אין רוסלאנד. אָט דערפאר טאקע האָבן די רעוואָלוציאָנערע סאָציאל-דעמאָקראטן, וועלכע האבן ביז איצט קיינמאל ניט געזאָגט: צום געווער! נאר האבן שטענדיק באוואפנט די ארבעטער מיט א ברענענדיקער באדערפעניש צו באוואפענען זיך, איצטער האבן אלע רעוואלוציאנערע סאציאל-דעמאקראטן, גייענדיק גלייך נאך די רעוואלוציאנער-איניציאטיווע ארבעטער, געגעבן דעם לאזונג: צו געווער! איז אָט אין אזא מאָמענט, ווען דער לאזונג איז שוין, ענדלעך, געגעבן, קומט די „איסקרא“ און זאגט: דער שווערפונקט איז ניט אין באוואפענונג, נאר אין דער ברענענדיקער

באדערפעניש צו זעלבסט-באוואפענונג. נו, איז דאס דען ניט קיין טויטע אינ-
טעליגענטישע מוסער-דראשע, איז דאס דען ניט קיין האפענונגסלאזע טריא-
פיטשקינעריי? שלעפן דען ניט דידאזיקע מענטשן די פארטיי צוריק פון די
לעבעדיקע טאג-אויפגאבן פון רעוואלוציאנערן פראלעטאריאט צו באטראכטן דעם
„הינטן" פון פראלעטאריאט? און ניט פון די אינדיווידועלע אייגנשאפטן פון
דעם אדער יענעם טריאפיטשקין הענגט אפ דידאזיקע פארפלאכונג פון אונזערע
אויפגאבן, זי הענגט אפ פון דער גאנצער פאזיציע זייערער, וועלכע איז אזוי
אומפארגלייכלעך פאָרמולירט דורך די פליגלדיקע ווערטלעך וועגן ארגאניזא-
ציע-פראצעס, אדער טאקטיק-פראצעס. דידאזיקע פאזיציע אליין פארמישפעט
שוין אומפארמיידלעך דעם מענטשן צו דעם, אז ער ציטערט פאר יעדן בא-
שטימטן לאזונג, אז ער האט מוירע פאר יעדן „פלאן", אז ער קריכט צוריק פון
א דרייסטער רעוואלוציאנערער איניציאטיוו, אז ער רעזאנירט און איז מאלע-
גיירע די אלטע שפייז, אז ער האט מוירע צו פארלויפן פארויס — אין דער צייט
ווען עס איז קלאר, אז מיר, סאציאל-דעמאקראטן, זיינען געבליבן הינטער דער
רעוואלוציאנערער אקטיווקייט פון פראלעטאריאט. בעעמעס: א טויטער האט
געכאפט דעם לעבעדיקן; די טויטע ראבאטשע-דעלישע טעאריעס האבן האפע-
נונגסלאז אפגעטויט אויך די נייע „איסקרא".

טוט אַ קוק אַף די כקירעס פון „איסקרא" „וועגן דער פּאָליטיש אָנפירנ-
דיקער ראָלע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אַלס דעם אַוואַנגאַרד פון דעם
קלאַס—דעם באַפרייער פון דער נאַציע". „דידאָזיקע ראָלע,—לערנט מען אונז,—
קען ניט דערגרייכט ווערן און ניט פאַרפעסטיקט ווערן פאַר אונז דורך דעם,
וואָס אונז וועט זיך איינגעבן צו נעמען אינגאַנצן אין אונזערע הענט די טעכ-
נישע אָרגאַניזירונג און די דורכפירונג פון אויפשטאַנד". טוט נאָר אַ טראַכט:
די ראָלע פון אַן אַוואַנגאַרד קען ניט דערגרייכט ווערן, אויב אונז וועט זיך איינ-
געבן צו נעמען אינגאַנצן אין אונזערע הענט די דורכפירונג פון אויפשטאַנד!
און דידאָזיקע מענטשן ריידן נאָך וועגן אַן אַוואַנגאַרד! זיי האָבן מוירע
דערפאַר, אַז די געשיכטע זאָל כאָלילע ניט אַרויפלייגן אַף זיי די אָנפירנ-
דיקע ראָלע אין דער דעמאָקראַטישער איבערקערעניש, מיט אַנגסט טראַכטן
זיי וועגן דעם, אַז זיי זאָל כאָלילע ניט אויסקומען „דורכצופירן דעם אויפ-
שטאַנד". פאַר זיי שטייט דער געדאַנק—זיי באַשליסן זיך נאָר ניט צו זאָגן אים
אָפן אַף די זייטן פון „איסקרא",—אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע
דאַרף ניט „דורכפירן דעם אויפשטאַנד", אַז זי דאַרף ניט שטרעבן צו נע-
מען אינגאַנצן אין אירע הענט דעם רעוואָלוציאָנערן איבערגאַנג צו אַ דעמאָ-
קראַטישער רעפובליק. זיי ווייזט זיך דאָ אויס, דידאָזיקע אומפאַריכטבאַרע
זשיראנדיסטן פון סאָציאַליזם, אַ מעשונעדיקער יאקאבינאיזם. זיי פאַרשטייען ניט,
אַז וואָס שטאַרקער מיר וועלן שטרעבן צו נעמען אינגאַנצן אין אונזערע הענט
די דורכפירונג פון אויפשטאַנד, אַלץ אַ גרעסערן כיילעק פון דערדאָזיקער זאַך
וועלן מיר נעמען אין אונזערע הענט, און אַז וואָס גרעסער דערדאָזיקער כיי-
לעק וועט זיין, אַלץ קלענער וועט זיין די ווירקונג פון דער אַנטיפּראָלעטאַרי-
שער און ניטפּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע. זיי ווילט זיך דאַפקע זיין באַם

עק, זיי האָבן זיך אַפילע צוגעטראַכט אַ באַזונדער פילאָסאָפיע, אַז מע דאַרף זיין באַם עק, —מארטינאָוו האָט שוין אָנגעהויבן דידאָזיקע פילאָסאָפיע אויסצולייגן און מאָרגן וועט ער זיך, מיסטאמע, דערליידן ביז אַ פונקט אַף די זייטלעך פון „איסקרא”.

אָט פרואווט שריט באַ שריט פאַנאַנדערקלייבן אירע כקירעס:

„שטיצנדיק זיך אַף דער לאָגיק פון סטיכייאישן פראָצעס פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג, וועט דער באַוואוסטזיניקער פראָלעטאַריאַט אויסנוצן פאַר זיינע צילן אַלע עלעמענטן פון אָרגאַניזאַציע, אַלע עלעמענטן פון אירונג, וועלכע עס ווערן געשאַפן דורכן מאָמענט פון ערעוו-רעוואָלוציע”...

זייער גוט! נאָר אויסנוצן אַלע עלעמענטן הייסט דאָך—נעמען אינגאַנצן אַף זיך די אנפירונג. „איסקרא” שלאָגט זיך אַליין און, פילנדיק דאָס, איילט זי צוצוגעבן:

...„ניט זייענדיק אינגאַנצן אין פאַרלעגנהייט פון דעם, וואָס דידאָזיקע אַלע עלעמענטן וועלן אָפנעמען באַ אים אַ טייל פון דער טעכנישער אָנפירונג מיט דער רעוואָלוציע גופע און וועלן אַף אַזאַ אויפן, ווילנדיק ניט ווילנדיק, מיטווירקן אַריבערצוטראָגן אונזערע פאָדערונגען אין די אָפגעשטאַנענסטע שיכטן פון דער פאָלקס-מאַסע”.

איר פאַרשטייט עפעס, לעזער? אויסנוצן אַלע עלעמענטן, ניט זייענדיק אין פאַרלעגנהייט פון דעם, וואָס זיי וועלן אָפנעמען אַ טייל פון דער אָנפירונג!!?? האָט גאָט אין האַרצן, מיינע הערן: אויב ווירקלעך מיר וועלן אויסנוצן אַלע עלעמענטן, אויב ווירקלעך אונזערע פאָדערונגען וועלן איבערגענומען ווערן דורך יענע, וועלכע מיר וועלן אויסנוצן, דאַן נעמען זיי ניט אָפ באַ אונז די אָנפירונג, נאָר זיי נעמען אָן אונזער אָנפירונג. אויב אָבער דידאָזיקע אַלע עלעמענטן נעמען ווירקלעך אָפ באַ אונז די אָנפירונג (און, פאַרשטייט זיך, ניט די „טעכנישע” בלויז, ווייל אָפטיילן די „טעכנישע” זייט פון דער רעוואָלוציע פון דער פּאָליטישער איז דער גרעסטער אומזין), דאַן, הייסט עס, וועלן ניט מיר זיי אויסנוצן, נאָר זיי וועלן אונז אויסנוצן.

„מיר וועלן נאָר צופרידן זיין, אויב גלייך נאָכן גאַלעך, וועלכער האָט פאָפולאַריזירט צווישן די מאַסן אונזער פאָדערונג וועגן דער טרענונג פון דער מלוכע און קירך, ווען גלייך נאָך דער מאָנאַרכישער אַרבעטער-געזעלשאַפט, וועלכע האָט אָרגאַניזירט אַ פאָלקס-מאַרש אַפן ווינטער פּאַלאַץ, וועט די רוסישע רעוואָלוציע באַרייכערט ווערן מיט אַ גענעראַל, וועלכער וועט דער ערשטער פירן די פאָלקס-מאַסן אין דער לעצטער שלאַכט קעגן דעם צאַרישן מיליטער, אָדער מיט אַ באַאַמטן, וועלכער וועט אָפיציעל ערקלערן די נידערוואַרפונג פון דער צאַרישער מאַכט”.

מיר וועלן אויך זיין מיט דעם צופרידן, נאָר מיר וואָלטן געוואונשן, אַז דאָס געפיל פון פרייד, אַרויסגערופן דורך די מעגלעכע אָנגענעמלעכקייטן, זאָל ניט פאַרטונקלען אונזער לאָגיק. וואָס הייסט: די רוסישע רעוואָלוציע וועט באַרייכערט ווערן מיט אַ גאַלעך אָדער אַ גענעראַל? דאָס

הייסט, אַז אַ גאַלעך אָדער אַ גענעראַל וועלן ווערן אָנהענגער און אָנפירער פון דער רעוואָלוציע. דידאָזיקע „נייע לייט" קענען זיין פולשטענדיק באַוואוסטזיניקע אָנהענגער פון דער רעוואָלוציע, אָדער ניט פולשטענדיק. אין לעצטן פאַל (וועלכער איז מער שיינבאַר פאַר „נייע לייט") דאַרפן מיר זיך ניט פרייען, נאָר קימערן זיך פאַר זייער אומבאַוואוסטזיניקייט און מיט אַלע קויכעס פאַריכטן זי או מעמאַלע זיין זי. קאָלזמאַן מיר האָבן דאָס ניט געטאָן, קאָלומאַן די מאַסע גייט נאָך אַ ווייניק באַוואוסטזיניקן פירער, קומט אויס צו זאָגן, אַז ניט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וועט אויסנוצן אַלע עלעמענטן, נאָר אַלע עלעמענטן וועלן אויסנוצן די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. אַן אָנהענגער פון דער רעוואָלוציע, אַ נעכטיקער גאַלעך אָדער גענעראַל אָדער באַאַמטער, קען זיין פול מיט פאָרורטיילן פון אַ בורזשואזן דעמאָקראַט, און אַף וויפל נאָך אים וועלן גיין די אַרבעטער, אַף אַזוי פיל וועט די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע „אויסנוצן" די אַרבעטער. איז דאָס פאַר אייך קלאָר, הערן נייאיסקריסטן? אויב עס איז קלאָר, היינט פאַר וואָס האָט איר מוירע פאַר דעם, אַז די פולשטענדיק באַוואוסטזיניקע (דאָס הייסט סאָציאַל-דעמאָקראַטישע) אָנהענגער פון דע רעוואָלוציע זאָלן נעמען אַף זיך די אָנפירונג? פאַרוואָס האָט איר מוירע פאַר דעם, אַז אַן אָפיצער אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט (איך נעם בעקיוון אַ ביישפיל ענלעך צו אייערן) און אַ מיטגליד פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע זאָל נעמען אַף זיך לויט דער איניציאַטיוו און לויטן אויפטראַג פון דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע, זאָל „נעמען אינגאַנצן אין זיינע הענט" די פונקציעס און די אויפגאַבן פון אייער דענקבאַרן גענעראַל?

לאָמיר זיך אומקערן צו פאַרוואוסן. ער ענדיקט זיין גלענצנדן אַרטיקל מיט אַ גלענצנדער אייצע „אַרויסצוואַרפן איבערן באָרט" די דעזאָרגאַניזאַטאָרן. די באַזייטיקונג פון די דעזאָרגאַניזאַטאָרן, ווי עס איז צו זעען פון די ידיעס, וועלכע מיר האָבן געגעבן אין דער אָפּטיילונג „פון דער פּאַרטיי", איז דער לייזנשאַפטלעכסטער און אַנטשיידנסטער צאַיונג פון דער מערהייט פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן. אָט טאַקע אַזוי, כאָווער פאַרוואוס: „אַרויסוואַרפן איבערן באָרט" אַפן אומבעראַכמאָנעסדיקן אופן, און אָנהייבן דאָס אַרויסוואַרפן פון יענע העלדן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּרעסע, וועלכע האָבן באַרעכטיקט און באַרעכטיקן די דעזאָרגאַניזירונג דורך „טעאָריעס" וועגן אָרגאַניזאַציע-פּראָצעס, אָרגאַניזאַציע-טענדענץ. מע דאַרף ניט נאָר ריידן וועגן דעם, נאָר טאָן דאָס. מע דאַרף טייקעף צונויפרופן אַ צוזאַמענפאָר פון אַלע פּאַרטיי-טוער, וועלכע ווילן אָרגאַניזירן די פּאַרטיי. מע דאַרף זיך ניט באַגרעניצן מיט איינריידן און איינשמועסן, מע דאַרף שטעלן אַלע די, וועלכע זיינען מעסופעק, וועלכע וואַקלען זיך, וועלכע זיינען ניט איבערצייגט און קווייקלען זיך, אַ דירעקטן און אומבויגזאַמען אולטימאַטום: קלייבט אויס! אָנהייבנדיק פון ערשטן נומער פון אונזער צייטונג, האָבן מיר שוין געשטעלט דעמדאָזיקן אולטימאַטום אין נאָמען פון רעדאַקציע „וופּעריאָד", אין נאָמען פון דער גאַנצער מאַסע יענע רוסישע פּאַרטיי-טוער, וועלכע זיינען געבראַכט גע-

ווערן צו א ניטגעוועזענער פארביסנקייט דורך די דעזאָרגאניזאטאָרן. ווארפט זשע זיי גיכער ארויס, כאוויירים, און נעמט זיך פאר געמיינזאמע אָרגאניזאַציאָנעלע ארבעט! בעסער הונדערטער רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראטן, איידער טויזנטער אינטעליגענטישע טריאפּיטשקינעס, וועלכע פלאפּלען וועגן אָרגאניזאציע-פּראָצעס!

„וּפּעראָד" נומ. 7.
פון 8-טן פעווראַל 1905 י.

# נייע אויפגאבן און נייע קויכעס.

די אַנטוויקלונג פון דער מאַסנווייזער אַרבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ווערט כאַראַקטעריזירט מיט דריי מערקווירדיקע איבערגאַנגען. דער ערשטער איבערגאַנג איז פון שמאָלע פּראָפּאַגאַנדיסטישע קרייזלעך צו א ברייטער עקאָנאָמישער אגיטאַציע אין דער מאַסע; דער צווייטער—צו פּאָליטישער אגיטאַציע אין אַ גרויסן פארנעם און צו אָפענע גאַסן-דעמאָנסטראַציעס; דער דריטער — צו אווירק-לעכן בירגער-קריג, צו אַן אויפשטאַנד. יעדער פון דידאָזיקע איבערגאַנגען איז צוגעגרייט געוואָרן, פון איין זייט, דורך דער אַרבעט פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק הויפּטזאכלעך אין איין ריכטונג, פון דער אנדער זייט, דורך טיפע אומענדערונגען אין די לעבנס-באַדינגונגען און אין דעם גאַנצן פּסיכישן בוי פון דעם אַרבעטער-קלאַס, דורך דער אויפוואכונג פון אלץ נייע און נייע שיכטן זיינע צו א מער באַוואוסטזיניקן און אקטיוון קאַמף. דידאָזיקע אומענדערונגען זיינען פאָרגעקומען אַן אנדערש מאָל געררוישלאָז, די זאַמלונג פון קויכעס דורכן פּראָלעטאַריאט פלעגט פאָרקומען הינטער דער בינע, אומבאַ-מערקט, ארויסרופנדיק אָפט די אינטעליגענטן פון דער אינטוישונג אין דער פעסטקייט און לעבנספעאיקייט פון דער מאַסן-באוועגונג. דערנאָך פלעגט אָנ-קומען אַן איבערבראָך, און די גאַנצע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פלעגט זיך ווי מיטאַמאָל אויפהויבן אף א נייער העכערער שטופע. פאַרן פּראָלעטאַריאַט און זיין אוואַנגאַרד, דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, פלעגן אנטשטיין פּראַקטיש נייע אויפגאַבן, צוליב דער לייזונג פון דידאָזיקע אויפגאַבן פלעגן, ווי פון דער ערד, אויסוואַקסן נייע קרעפטן, וועגן דער עקזיסטענץ פון וועלכע עס האָט קיינער ניט כוישעד געווען נאָך ערעוו דעם איבערבראָך. נאָר פאָרקומען פלעגט עס אלץ ניט מיטאַמאָל, ניט אָן וואַקלונגען, ניט אָן אַ קאַמף פון ריכטונגען אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ניט אָן צוריקקערונגען צו פאַרעלטערטע, שוין לאַנג דאַכט זיך אָפּגעלעבטע און באַגראָבענע אנשויאונגען.

איינעם פון אזעלכע וואקלונגען-פּעריאָד לעבט איצטער ווידער איבער אונזער פּאַרטיי. אום צוצופּאַסן אונזער טאַקטיק און אונזער אָרגאַניזאַציע צו די נייע אויפגאַבן, קומט אויס בייצוקומען דעם ווידערשטאַנד פון די אַפּאַראַטו-

ניסטישע טעאָריעס מיקויעך אַ „העכערן טיפּ פון דעמאָנסטראַציעס“ (דער פּלאַן פון דער זעמסקער קאַמפּאַניע) אָדער מיקויעך אַן „אָרגאַניזאַציע-פּראָצעס“. עס קומט אויס צו קעמפן קעגן דער רעאַקציאָנערער מוירע פאַר דער „באַשטימונג“ פון אַן אויפשטאַנד אָדער פאַר דער דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פויערטום.

עס איז קיין שום ספק ניט, אַז דער גאַנג פון דער באַוועגונג וועט אויך דעם מאָל אָפּשליידערן דידאָזיקע אַלע איבער-רעשטן פון די פאַרעלטערטע און לעבנסלאָזע אָנשויאונגען. אַזאַ אָפּשליידערונג דאַרף באַשטיין ווייט ניט אין איין אָפּלייקענען די אַלטע פעלערן, נאָר באַדייטנד מער אין דער פּאָזיטיווער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט איבער דער פּראַקטישער פאַרווירקלעכונג פון די נייע אויפגאַבן, אין צוציען און אויסנוצן דורך אונזער פּאַרטיי נייע קרעפטן, וועלכע רוקן זיך אין אַזאַ קאָלאָסאַלער מאָסע איצט אַרויס אויפן רעוואָלוציאָנערן געביט. אָט גראָד דידאָזיקע פראַגן פון פּאָזיטיווער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט דאַרפן בילדן דעם הויפּט-באַהאַנדלונגס-קעגנשטאַנד פון דעם פּאַרשטייענדיקן דריטן צוזאַמענפאָר, גראָד אויף זיי דאַרפן קאָנצענטרירן זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אַלע מיטגלידער פון אונזער פּאַרטיי אין זייער אָרטיקער און אַלגעמיינער אַרבעט. וואָס זיינען דאָס פאַר אַ נייע אויפגאַבן, וועלכע שטייען פאַר אונז, האָבן מיר שוין אין אַלגעמיינע שטריכן ניט איין מאָל געזאָגט: די פאַרברייטערונג פון דער אַגיטאַציע אויף נייע שיכטן פון דער שטאָטישער און דאָרפישער אָרימקייט, דאָס באַשאַפן פון אַ ברייטערער, באַוועגלעכער און שטאַרקערער אָרגאַניזאַציע, די צוגרייטונג פון אַן אויפשטאַנד און די באַוואָפענונג פון פאָלק, אַ פאַרשטענדיקונג צוליב דידאָזיקע צילן מיט דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע. וואָס זיינען דאָס פאַר אַ נייע קויכעס, וועלכע קענען פאַרווירקלעכן דידאָזיקע אויפגאַבן, — וועגן דעם דערציילן איבערצייגנד די יעדיעס וועגן די אַלגעמיינע שטרייקן אין גאַנץ רוסלאַנד, וועגן די שטרייקן און דער רעוואָלוציאָנערער שטימונג פון דער יוגנט, פון דער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ בכלל און אפילו פון פיל קרייזן פון דער בורזשואַזיע. די אָנוועזנהייט פון דידאָזיקע קאָלאָסאַלע פרישע קויכעס, באַזונדערס אין דעם אַרבעטער-קלאַס און אין דעם פויערטום — איז אַ גענוגנדיקע אָרוועס דערפאַר, אַז די נייע אויפגאַבן קענען געלייזט זיין און וועלן געלייזט ווערן. די פּראַקטישע פראַגע, וועלכע שטייט פאַר אונז, באַשטייט קודעמקאָל אין דעם, ווי אַזוי נ עמ ל ע ך צו אויסנוצן, ריכטן, פאַראייניקן, אָרגאַניזירן דידאָזיקע נייע קויכעס, ווי נ עמ ל ע ך צו קאָנצענטרירן די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעט הויפּטזאַכלעך אויף די נייע העכערע אויפגאַבן, וועלכע ווערן אַרויסגערוקט פון מאָמענט, ניט פאַרגעסנדיק דערביי קלאָל יענע אַלטע און געוויינלעכע אויפגאַבן, וועלכע שטייען און וועלן שטיין פאַר אונז, קאָלזמאַן עס האַלט זיך די וועלט פון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע.

אום אָנצומערקן אייניקע אויפאַנים, ווי צו לייזן דידאָזיקע פּראַקטישע פראַגע, וועלן מיר אָנהויבן פון אַן איינצל-ביישפּיל, וועלכער איז, לויט אונזער מיינונג, זייער אַ כאַראַקטערישער. ניט לאַנג, גאָר ערעוו דעם אָנפאַנג פון דער

רעוואָלוציע, האָט די ליבעראַל-בורזשואַזע „אָסוואָבאָזשדעניע" (№ 63) באַרירט די פראַגע וועגן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. אויפמערקזאַם אכטונג געבנדיק אַף דעם קאמף פון צוויי ריכטונגען אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, האָט די „אָסוואָבאָזשדעניע" ניט דורכגעלאָזן די געלעגנהייט נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל צו באַנוצן זיך מיט זיער אָפּווענדונג פון דער נייער „איסקראַ" אין דער זייט פון עקאָנאָמיזם און אונטערצושטרייכן (אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דעמאַגאָגישער בראָשור פון דעם „אַרבעטער" איר טיפע פּרינציפּיעלע סימפּאַטיע צום עקאָנאָמיזם. דער ליבעראַלער אָרגאַן האָט ריכטיק באַמערקט, אַז פון דערדאָזיקער בראָשור (זע וועגן איר נום. 2 „וופּעריאָד") *) שטאַמט די אומפאַרמיידלעכע אָפּלייקענונג אָדער די פאַרקלענערונג פון דער ראָלע פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. און מיקריעך די אַבסאָלוט פאַלשע באַהויפּטונגען פון דעם „אַרבעטער" וועגן דער איגנאָרירונג פון דעם עקאָנאָמישן קאַמף נאָך דעם זיג פון די אָרטאָדאָקסאַלע מאַרקסיסטן, זאָגט „אָסוואָבאָזשדעניע":

„די אילוזיע פון דער איצטיקער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע באַשטייט אין דעם, וואָס זי האָט מוירע פאַר קולטורעלער אַרבעט, וואָס זי האָט מוירע פאַר לעגאַלע וועגן, וואָס זי האָט מוירע פאַר דעם עקאָנאָמיזם, וואָס זי האָט מוירע פאַר די אַזוי גערופענע ניט-פּאָליטישע פאָרמען פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, ניט פאַרשטייענדיק, אַז נאָר די קולטורעלע אַרבעט, די לעגאַלע און ניט פּאָליטישע פאָרמען קענען באַשאַפן א גענוג פעסטן און גענוג ברייטן באַזיס פאַר אַזאַ באַוועגונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס, וועלכע זאָל פאַרדינען דעם נאָמען רעוואָלוציאָנערע". און די „אָסוואָבאָזשדעניע" גיט אַן אייצע די אָסוואָבאָזשדענער צו „נעמען אַף זיך די איניציאַטיוו אין דער זאַך פון באַשאַפן א פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער-באַוועגונג" ניט קעגן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, נאָר צוזאַמען מיט איר, דערביי ווערט דורכגעפירט א פאַראַלעל מיט די באַדינגונגען פון דער דייטשישער אַרבעטער-באַוועגונג אין דער עפּאָכע פון אויסנאַם-געזעץ קעגן סאָציאַליסטן *).

דאָ איז ניט דער אָרט צו ריידן וועגן דערדאָזיקער פאַראַלעל, וועלכע איז אין גרונט פאַלש. קוידעמקאָל איז נויטיק אויפצושטעלן דעם עמעס וועגן דער באַציאונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע צו די לעגאַלע פאָרמען פון דער אַרבעטער-באַוועגונג. „די לעגאַליזירונג פון די ניט-סאָציאַליסטישע און ניט-

*) זע אויבן דעם אַרטיקל: „א נאַכטיגאַל האָדעוועט מען ניט מיט באָבע-מאַיסעס".
רעד. פון דער רוסישער אויסגאַבע.

*) די אויסנאַם געזעצן קעגן די סאָציאַליסטן אין דייטשלאַנד זיינען איינגעפירט געוועז דורך דעם אלמעכטיקן דיקטאַטאָר ביסמאַרק, אדאַנק דעם קאָלאָסאַלן וואוקס פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי בא די וואַלן אין רייכסטאַג (פּאַרלאַמענט.) דידאָזיקע געזעצן האָבן פאַרווערט פאַרזאמלונגען, פאַריינען אין וועלכע, וועלכע זיינען געריכטעט אַף אַראָפּצוואַרפן די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג און וועלכע שטערן דעם שאָלעם צווישן די קלאַסן פון דער באַפעלקערונג. די רעגירונג האָט געקאָנט איינפירן אויסנאַם-צושטאַנד, ארויסשיקן פערזאָנען, אַף וועלכע עס איז געפאַלן א כשאַד. די אויסנאַם-געזעצן האָבן ניט אָפּגעשטעלט דעם וואוקס פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע; זיי זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן אין 1890 יאָר, ווען ביסמאַרק איז אַוועק אין רעמיסיע.
רעד. פון דער רוסישער אויסגאַבע.

פּאָליטישע אַרבעטער-פּאַריינען האָט זיך שוין אָנגעהויבן, — איז געזאָגט אין 1902 יאָר אין „וואָס טאָן ?״: מיר קענען זיך ניט פון איצטער אָן ניט רעכענען מיט דערדאָזיקער באַוועגונג״. ווי רעכענען זיך? שטעלט זיך דאָרט די פראַגע, און עס ווערט אָנגעוויזן אַף דער נויטווענדיקייט צו דעמאסקירן ניט נאָר די זובאַטאָווישע שיטעס, נאָר אויך יעדע האַרמאָנישע, ליבעראַלע רעדעס אַף דער טעמע „וועגן דער מיטאַרבעטונג פון קלאַסן״ (די „אָסוואָבאָזשדעניע״, איינלאַדנדיק די סאָצ.-דעמאָקראַטיע צו מיטאַרבעטונג, אַנערקענט פולקום די ערשטע אויפגאַבע און פארשווייגט די צווייטע). „טאָן דאָס, — ווערט ווייטער געזאָגט, — הייסט לאַכלוטן ניט, אז מע דאַרף פאַרגעסן וועגן דעם, אַז סאָפּקאָלסאָף וועט די לעגאַליזירונג פון דער אַרבעטער-באַוועגונג ברענגען נוצן גראָד אונז, און ניט די זובאַטאָוצעס״. מיר שיידן אָפּ די אומקרויט פון דעם ווייץ, דעמאַסקירנדיק אַף לעגאַלע פאַרזאמלונגען די זובאַטאָווטשינע און דעם ליבעראַליזם. „דער ווייץ, דאָס איז — צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון נאָך ברייטערע און פון די סאַמע אָפּגעשטאַנענע שיכטן פון די אַרבעטער צו סאָציאַלע און פּאָליטישע פראַגן, דאָס איז — באפרייען אונז, רעוואָלוציאָנערן, פון אַזעלכע פונקציעס, וועלכע זיינען אין טאָך לעגאַלע (די פאַרשפּרייטונג פון לעגאַלע ביכער, קעגנזייטיקע הילף א. ד. ג.) און די אַנטוויקלונג פון וועלכע עס וועט אונז אומפאַרמיידלעך געבן אַלץ מער און מער מאַטעריאַל פאַר אַגיטאַציע״.

פון דאַנען איז קלאָר, אז אין דער פראַגע וועגן דער „*מוירע*״ פאַר לעגאַלע פאָרמען פון דער באַוועגונג איז אַ קאָרבן פון „אילוזיעס״ געוואָרן אינגאַנצן די „אָסוואָבאָזשדעניע״. די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן ניט נאָר קיין מוירע ניט פאַר דידאָזיקע פאָרמען, נאָר זיי ווייזן דירעקט אָן אַף דעם, אַז אין זיי עקזיסטירט *אי אומקרויט אי ווייץ*. מיט אירע כקירעס פארדעקט נאָר, הייסט עס, די „אָסוואָבאָזשדעניע״ די רעאַלע (און וועלכע האָט טאַקע א גרונט) *מוירע* פון די ליבעראַלן פאַר דער דעמאַסקירונג פון *דעם קלאַסן-טאָך* פון *דעם ליבעראַליזם* מיצאַד דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

נאָר באַזונדערס אינטערעסירט אונז, פון שטאַנדפונקט פון די איצטיקע אויפגאַבן, די פראַגע וועגן דער באַפרייאונג פון די רעוואָלוציאָנערן פון אַ טייל פון זייערע פונקציעס. גראָד דער מאָמענט פון דעם אָנהויב פון דער רעוואָלוציע, וועלכן מיר לעבן איצט איבער, גיט צו דערדאָזיקער פראַגע א באַזונדערס אקטועלע און אַ באַזונדערס ברייטע באַדייטונג. „וואָס ענערגישער מיר וועלן פירן אונזער רעוואָלוציאָנערן קאמף, אַלץ מער וועט געצוואונגען זיין די רעגירונג צו לעגאַליזירן א טייל פון דער פראָפעס־אָנעלער אַרבעט, אַראָפּנעמענדיק דערמיט פון אונז א טייל פון אונזער מאַסע (אַרבעט)״, ווערט געזאָגט אין „וואָס טאָן״. נאָר דער ענערגישער רעוואָלוציאָנערער קאַמף באפרייט אונז „פון א טייל פון אונזער מאַסע״ ניט נאָר אַף דעמדאָזיקן אויפן, נאך אויך אַף אַסאַך אַנדערע אויפאַנים. דער

מאָמענט, וועלכן מיר לעבן איצט איבער, האָט ניט נאָר „לעגאַליזירט” אַסאַך
אזעלכע זאַכן, וועלכע זיינען פריער פאַרבאָטן געווען. ער האָט אַף אזוי פיל
פאַרברייטערט די באַוועגונג, אַז אַכוץ דער רעגירונגס=לעגאַליזאַציע זיינען
אַריין אין דער פראַקטיק, זיינען געווארן אַלס אַ געוויינלעכע זאַך, זיינען גע=
וואָרן צוטריטלעך אַסאך אזעלכע זאכן, וואָס פריער האָבן זיי זיך גערעכנט פאַר
צוטריטלעך און זיינען געווען צוטריטלעך בלויז פאַר א רעוואָלוציאָ=
נער. דער גאנצער היסטאָרישער גאנג פון דער אנטוויקלונג פון דער
סאָציאל-דעמאָקראַטישער באוועגונג ווערט כאראקטעריזירט מיט דעם,
וואָס זי דעראָבערט פאר זיך, ניט קוקנדיק אף אלע שטערונגען,
אלץ א גרעסערע פרייהייט פון האנדלונגען, ניט קוקנדיק אף די געזעצן פון דעם
צאריזם און די מאָסמיטלען פון דער פאָליציי. דער רעוואָלוציאָנערער פראָלע-
טאריאט רינגלט זיך ווי ארום מיט א באשטימטער, אומצוטריטלעכער פאר דער
רעגירונג אטמאָספער פון מיטגעפיל און שטיצע אזוי ווי אין דעם ארבעטער-
קלאס, אזוי אויך אין די אנדערע קלאסן (וועלכע זיינען איינשטימיק, פאר=
שטייט זיך, בלויז מיט א קליינעם טייל פון די פאָדערונגען פון דער ארבעטער-
דעמאָקראטיע). אין אָנפאנג פון דער באוועגונג פלעגט דעם סאָציאל=דעמאָקראט
אויסקומען אויסצופירן א מאסע קולטור=ארבעט, אָדער אָפּגעבן זיינע קרעפטן
קימאט אינגאנצן אף עקאָנאָמישע אַגיטאציע בלויז. איז אָט איינע פון דידאָזי=
קע פונקציעס נאך דער אנדערער גייען אלץ מער איבער אין די הענט פון
נייע קויכעס, פון מער ברייטערע שיכטן, וועלכע ווערן צוגעצויגן צו דער בא-
וועגונג. אין די הענט פון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאַציעס האָט זיך אלץ
מער קאָנצענטרירט די ווירקלעך פּ אָ ל י ט י ש ע אָנפירונג, דאָס אנווייזן די ס אָ-
צ י א ל-ד ע מ אָ ק ר א ט י ש ע אויספירן פון דעם ארבעטער-פראָטעסט און פון
דער פאָלקס-אומצופרידנקייט. צוערשט איז אונז אויסגעקומען צו לערנען מיטן
ארבעטער איוורע אין דירעקטן און אין אומדירעקטן זין. איצט האָט זיך דאָס
ניוואָ פון דעם פאָליטישן אלפאבעטיזם אזוי קאָלאָסאל אויפגעהויבן, אז מע
דארף און מע קאָן קאָנצענטרירן אלע אונזערע קויכעס אף מער אומיטלבארע
סאָציאל-דעמאקראטישע צילן פון דער אָרגאניזירטער אָנפירונג מיטן רעוואָלו-
ציאָנערן שטראָם. איצטער טוען די ליבעראלן און די לעגאלע פרעסע אסאך
פון יענער „צוגרייטונגס”-ארבעט, וועלכע האָט ביז איצט צו שטארק פארנומען
אונזערע קרעפטן. איצטער האָט זיך די אָפענע פראָפאגאנדע פון די דעמאָקרא-
טישע אידייען און פאָדערונגען, וועלכע ווערט ניט פארפאָלגט פון דער אָפּ-
געשוואכטער רעגירונג, אזוי ברייט פאנאנדערגעגאָסן, אז מיר דארפן זיך צו-
פאסן צו גאָר א נייעם פארנעם פון דער באוועגונג. פארשטייט זיך, אז אין
דערדאָזיקער צוגרייטונגס=ארבעט זיינען פאראן סאי אומקרויט סאי ווייץ; פאר-
שטייט זיך, אז די סאָציאל-דעמאקראטן וועט איצט אויסקומען אָפּצוגעבן אלץ
מער און מער אויפמערקזאמקייט דעם קאמף מיט דער ווירקונג פון דער בור-
זשואזער דעמאָקראטיע אף די ארבעטער. נאָר גראד אזא ארבעט וועט טאקע
אין זיך אנטהאלטן אסאך מער ווירקלעך סאָציאל-דעמאָקראטישן אינהאלט, איי=

דער די פריערדיקע טעטיקייט אונזערע, וועלכע איז געריכטעט געווען הויפט-
זאכלעך אף צו אויפוועקן די פּאָליטיש=אומבאוואוסטזיניקע מאסן.

וואָס מער עס פאַרברייטערט זיך די פּאָלקס-באַוועגונג, אַלץ מער ווערט
אויפגעדעקט דיווירקלעכע נאַטור פון פאַרשיידענע קלאַסן, אַלץ אַקטועלער
ווערט די אויפגאַבע פון דער פאַרטיי צו אָנפירן מיטן קלאַס, צו זיין זיין ארגאני-
זאטאר, און ניט נאָכשלעפּן זיך באַם עק פון די געשעענישן. וואָס מער עס
אַנטוויקלט זיך אומעטום און איבעראַל די פאַרשיידנאַרטיקע רעוואָלוציאָנערע
טעטיקייט, אַלץ באַשיינפערלעכער ווערט די פוסטקייט און די אינהאַלטסלאָזי-
קייט פון די ראַבאָטשע-דעלישע ווערטלעך וועגן זעלבסטעטיקייט ביכלאַל, וועל-
כע ווערן אַזוי גערן איבערגעכאַזערט דורך די ניי-איסקריסטן, אַלץ מער טרעט
אַרויס די באַדייטונג פון דער ס אָ צ י אַ ל-ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ע ר זעלבסטעטי-
קייט, אַלץ העכער זיינען די פאָדערונגען, וועלכע די געשעענישן פאָדערן פון
אונזער ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ע ר א י נ י צ י אַ ט י וו. וואָס ברייטער עס זיינען די
אַלץ נייע און נייע שטראָמען פון דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג, אַלץ וויכ-
טיקער איז אַ שטאַרקע סאָציאַל=דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע קאָן באַ-
שאַפן נייע פלוסבעטן פאַר דידאָזיקע שטראָמען. וואָס מער עס אַרבעט צו אונ=
זער גונסטן די דעמאָקראַטישע פראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, וועלכע גייט אומ-
אָפּהענגיק פון אונז, אַלץ וויכטיקער איז די אָרגאַניזאַציאָנעלע אָנפירונג פון
דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע צוליב דעם שוץ פון דער אומאָפּהענגיקייט פון דעם
אַרבעטער-קלאַס פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. די רעוואָלוציאָנערע עפּאָ-
כע איז פאַר דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דאָסזעלבע, וואָס מילכאָמע=צייט פאַר
דער אַרמיי. מע דאַרף פאַרברייטערן די קאַדרען פון אונזער אַרמיי, איבערפירן
זי פון פרידלעכע קאָנטינגענטן אַף קריגערישע, מאָביליזירן די רעזערוון, צונויפ=
רופן אונטער די פאָנען יענע, וועלכע האָבן אורלויב באַקומען, שאַפן נייע
הילפס-קאָרפּוסן, אָטריאַדן און באַדינונגס-טיילן. מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אַף
מילכאָמע איז אומפאַרמיידלעך און נויטיק צו דערגאַנצן די רייען מיט ווייני-
קער צוגעגרייטע רעקרוטן, צו פאַרבייטן זייער אָפט אָפיצערן דורך איינפאַכע
סאָלדאַטן, פאַרשנעלערן און פאַרייגפאַכן די הויבונג פון סאָלדאַטן צום ראַנג
פון אָפיצערן.

ריידנדיק אָן מעטאַפאָרן: דאַרף מען שטאַרק פאַרברייטערן דעם באַ-
שטאַנד פון די אַלמעגלעכע פאַרטייאישע און צו דער פאַרטיי צושטייענדיקע
אָרגאַניזאַציעס, קעדיי צו גיין לעכאָלאַפאָכעס וויפל ניט איז פוס אין פוס מיט
דעם אין הונדערט מאָל אויסגעוואַקסענעם שטראָם פון דער פאָלקישער רעוואָ-
לוציאָנערער ענערגיע. דאָס באַטייט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז מע דאַרף לאָזן
אין שאָטן די סיסטעמאַטישע צוגרייטונג און דאָס סיסטעמאַטישע לערנען די
האַנאָכעס פון מאַרקסיזם. ניין, נאָר מע דאַרף געדענקען, אַז אין דעם איבען
פון צוגרייטונג און לערנען האָבן איצט אַ באַדייטנד גרעסערן ווערט די קריגס-
אָפּעראַציעס, וועלכע ל ע ר נ ע ן די ניט צוגעגרייטע גראד אין א ו נ ז ע ר און
א י נ ג אַ נ צ ן אין אונזער ריכטונג. מע דאַרף געדענקען, אַז אונזער „דאָק-

טרינעריש׳ע״ טרייהייט דעם מאַרקסיזם ווערט געשטיצט איצטער דורך דעם. וואָס
דער גאַנג פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן גיט אומעטום און איבעראַל
אנשוילעכע לעקציעס דער מאַסע, און די אַלע לעקציעס באַשטע-
טיקן גראַד אונזער דאגמע. מיר ריידן, הייסט עס, ניט וועגן אָפּזאָגן זיך פון
דער דאגמע, ניט וועגן אָפּשוואַכן אונזער אומצוטרוילעכע און פאַרדעכטלעכע
באַציאונג צו די צעשוואומענע אינטעליגענטן און רעוואָלוציאָנערע פוסטע קוי-
לעס, גאָר פאַרקערט. מיר ריידן וועגן נייע מעטאָדן פון לערנען די דאָגמע,
וועגן וועלכע אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט דאַרף ניט פאַרגעסן. מיר ריידן וועגן דעם,
ווי וויכטיק עס איז איצטער צו באַנוצן זיך מיט די אנשוילעכע לעקציעס פון
די גרויסע רעוואָלוציאָנערע געשעענישן, קעדיי צו לערנען שוין ניט מיט קרייז-
לעך, נאָר מיט די מאַסן אונזערע אַלטע „דאָגמאַטישע״ לעקציעס וועגן דעם,
לעמאָשל, אַז עס איז נויטיק צו פאַרייניקן אין דער טאַט טעראָר מיטן אויפ-
שטאַנד פון די מאַסן, אַז הינטער דעם ליבעראַליזם פון דער געבילדעטער רו-
סישער געזעלשאַפט דאַרף מען קענען זען די קלאַסן-אינטערעסן פון אונזער
בורזשואַזיע (פאַרגלייך די פאָלעמיק אין דערדאָזיקער פראַגע מיט די סאָצ.-
רעוואָלוציאָנערן אין נומ. 3 „ווּפּעריאָד״).

הייסט עס, אַז דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן אָפּשוואַכן אונזערע סאָציאַל-
דעמאָקראַטישע פאָדערונגען, אונזער אָרטאָדאָקסאַלע אומפשאָרעסדיקייט, נאָר
וועגן דער פאַרשטאַרקונג סאַי פון דעם, סאַי פון יענעם דורך נייע אויפאַנים,
דורך נייע מעטאָדן פון אונטעריכט. אין מילכאָמע-צייט דאַרף מען לערנען די
רעקרוטן אומיטלבאַר אף קריגס-אָפּעראַציעס. נעמט זיך דאָך דרייסטער, כאַ-
ווירים. פאַר די נייע מעטאָדן פון אונטעריכט! דרייסטער שטעלט צוזאַמען
נייע און נייע מאַכנעס, שיקט זיי אין שלאַכט, רעקרוטירט מער אַרבעטער-
יוגנט, פאַרברייטערט די געוויינלעכע ראַמען פון אַלע פאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס,
אָנהויבנדיק פון די קאָמיטעטן און ענדיקנדיק מיט די פאַבריק-גרופּן, מיט די
צעכאָווע פאַריינען, מיט די סטודענטישע קרייזלעך! געדענקט, אַז יעדע אונזער
פאַרזאַמונג אין דעמדאָזיקן איניען וועט זיין צו גונסטן פון די סאָנים פון דער
סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ווייל די נייע שטראָמען זוכן פאר זיך טייקעף אַן אויס-
גאנג און, ניט געפינענדיק קיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פלוס-בעט, וועלן זיי
זיך ריכטן אין ניט-סאָציאַל-דעמאָקראַטישע. געדענקט, אז יעדער פראַקטישער
שריט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג וועט אומפארמיידלעך לערנען די
יונגע רעקרוטן גראָד דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער לערע, ווייל דידאָזיקע
לערע איז געגרינדעט אף דעם אָביעקטיוו-ריכטיקן דיסקאָנט פון די קויכעס און
טענדענצן פון פארשיידענע קלאסן, און אז די רעוואָלוציע איז ניט קיין אנ-
דער זאַך, ווי די צעשטערונג פון די אלטע איבערבויען און די זעלבשטענ-
דיקע ארויסטרעטונגען פון פארשיידענע קלאסן, וועלכע שטרעבן יעדער אף
זיין שטייגער צו באשאפן א נייעם איבערבוי. דערנידערט נאָר ניט אונזער
גאנצע רעוואָלוציאָנערע לערע ביז א בוך-דאָגמע בלויז, מאכט זי ניט באנאל
דורך די פארהאסטע פראזן וועגן א טאקטיק-פראָצעס, און אָרגאניזאציע-פראָצעס,
דורך פראַזן, וועלכע בארעכטיקן צעשוואומענהייט, אומאנטשלאָסנקייט, איני-

ציאטיוולאָזיקייט. גיט מער פרייהייט די פארשיידנארטיקסטע אונטערנעמונגען פון די פארשיידנסטע גרופן און קרייזלעך, געדענקענדיק, אז די ריכטיקייט פון זייער וועג ווערט געזיכערט אויסער אונזערע אייצעס און אָן אונזערע אייצעס דורך די שטרענגע פאָדערונגען פון דעם עצעם גאנג פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן. לאנג איז שוין געזאָגט געוואָרן, אז אין פּאָליטיק קומט אויס אָפט צו לערנען זיך בא דעם סוינע, און אין רעוואָלוציאָנערע מאָמענטן בינדט אונז אָן שטענדיק דער סוינע ריכטיקע אויספירן באזונדערס באלערנד און שנעל.

דער לאָזונג: אָרגאניזירט זיך! וועלכן די אָנהענגער פון דער מערהייט האָבן געוואָלט געבן אין א באשטימטער פאָרם אף דעם צווייטן צוזאמענפאָר פון דער פארטיי, דארף איצטער פארווירקלעכט ווערן טייקעף. אויב מיר וועלן ניט קאָנען דרייסט, איניציאטיוויש באשאפן נייע אָרגאניזאציעס, דארפן מיר דאן אָפּזאָגן זיך פון די פוסטע פּרעטענזיעס אף דער ראָלע פון אן אוואנגארד. אויב מיר וועלן זיך הילפסלאָז אָפּשטעלן אף די שוין דערגרייכטע גרעניצן, פאָרמען, ראמען פון די קאָמיטעטן, גרופן, פארזאמלונגען, קרייזלעך, וועלן מיר דערמיט דערוויזן אונזער ניט-קענען. טויזנטער קרייזלעך אנשטייען איצט אומעטום, אָן אונז, אָן קיין שום באַשטימטער פּראָגראם און ציל, פּאַשעט אונטער דער ווירקונג פון די געשעענישן. מע דארף, אז די סאָציאל-דעמאָקראטן זאָלן זיך שטעלן די אויפגאבע צו שאפן און צו פארשטארקן די אומיטלבארע באציאונגען מיט א וואָס מער גרעסערן צאָל אזעלכע קרייזלעך, אז זיי זאָלן זיי העלפן, זיי זאָלן זיי אויפקלערן מיט זייער וויסן און דערפארונג, זיי זאָלן זיי לעבעדיקער מאכן מיט זייער רעוואָלוציאָנערער איניציאטיוו. זאָלן אלע אזעלכע קרייזלעך, אויסער די באוואוסטזיניקע ניט-סאָציאל-דעמאָקראטישע, אָדער דירעקט אריין אין דער פארטיי, אָדער צושטייען צו דער פארטיי. אין דעם לעצטן פאל קאָן מען ניט פאָדערן ניט דאָס אָננעמען פון אונזער פּראָגראם, ניט קיין אָבליגאטאָרישע אָרגאניזאציאָנעלע באציאונגען מיט אונז; עס איז גענוג בלויז דער רעוואָלוציאָנערער געפיל, בלויז דער ווילן צו העלפן דעם קאמף מיט דער זעלבסטהערשונג, אז פון אזעלכע אנשליסנדיקע קרייזלעך, בא דער ענערגישער אָרויסטרעטונג פאר זיי פון די סאָציאל-דעמאָקראטן, אונטערן דרוק פון דעם גאנג פון די געשעענישן, זאָלן זיך אויסארבעטן צוערשט דעמאָקראטישע געהילפן פון דער סאָציאל-דעמאָקראטישער ארבעטער-פארטיי, און דערנאָך אויך איבערצייגטע מיטגלידער אירע.

מענטשן זיינען אַסאַך און קיין מענטשן איז ניטאָ. אין דערדאָזיקער ווידערשפּרעכלעכער פאָרמול פלעגן זיך שוין לאנג איינלייגן די ווידערשפּרוכן פון דעם אָרגאניזאציאָנעלן לעבן און פון די אָרגאניזאציאָנעלע באדערפענישן פון דער סאָציאל-דעמאָקראטיע. און דערדאָזיקער ווידערשפּרוך טרעט ארויס מיט א באזונדער קראפט איצטער: אזוי אָפט הערסטו פון אלע עקן ליידנשאַפטלעכע רופן נאָך נייע קויכעס, קלאָגן, אז קיין מענטשן זיינען ניטאָ אין די אָרגאניזאציעס, און צוגלייך מיט דעם זעסטו אומעטום און איבעראַל א קאָלאָסאַלן אָנבאָט פון הילף, דעם וואוקס פון יונגע קויכעס, באזונדערס צווישן דעם ארבעטער-קלאס. אן אָרגאניזאטאָר — א פּראַקטיק, וועלכער קלאָגט זיך

באַ אזעלכע באַדינגונגען אף דעם, אַז עס זיינען ניטאָ קיין מענטשן, פאלט אריין אין דערזעלבער אילוזיע, אין וועלכער עס איז אריינגעפאַלן אין דער עפּאָכע פון דער העכסטער אַנטוויקלונג פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע די פרוי ראָלאַן, וועלכע האָט געשריבן אין 1793 יאָר: קיין מענטשן איז ניטאָ אין פראנקרייך, ארום זיינען איינע קאַרליקעס. ווער עס רעדט אַזוי, יענער זעט ניט איבער די בוימער דעם וואַלד, יענער איז זיך מוידע, אז אים האָבן פאַרבלענדעט די געשעענישן, אַז ניט ער, דער רעוואָלוציאָנער, באַהערשט זיי אין זיין באַוואוסטזיין און אין זיין טעטיקייט, נאָר זיי באַהערשן אים, זיי דערשטיקן אים. אזאַ אָרגאַניזאַטאָר זאָל בעסער גיין שלאָפן, זאָל ער אָפּרייניקן דעם אָרט פאַר די יונגע קרעפטן, באַ וועלכע די ענערגיע קען אָפּט פאַרבייטן דאָס פעלן פון דערפארונג.

מענטשן זיינען פאַראַן, קיין מאָל איז נאָך ניט געווען באַ דער רעוואָלוציאָנערער רוסלאַנד אזאַ שלאַל מענטשן ווי איצט. קיין מאָל זיינען נאָך באַ דעם רעוואָלוציאָנערן קלאַס ניט געווען אזעלכע אומגעוויינלעך גינסטיקע באַדינגונגען, — אין דעם זין פון ציייטווייליקע פאַרבינדעטע, באַוואוסטזיניקע פריינט, ניטווילנדיקע באהעלפער, — ווי באַ דעם איצטיקן רוסישן פראָלעטאַריאַט. מענטשן איז א שלאַל, מע דאַרף נאָר ארויסוואַרפן איבערן באָרט די עקיסטישע געדאַנקען און לערעס, מע דאַרף נאָר געבן פרייהייט דעם אָנפאַנג, דער איניציאַטיוו, די „פלענער" און „אונטערנעמונגען", און מיר וועלן ארויסווייזן זיך פאר ווירדיקע פאָרשטייער פון דעם גרויסן רעוואָלוציאָנערן קלאַס, דאַן וועט דער פראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד אזוי העלדיש דורכפירן די גאנצע גרויסע רוסישע רעוואָלוציע, ווי העלדיש ער האָט זי אָנגעהויבן.

„וופּעריאָד", נומ. 9,
פון 23-טן פעוורואַל 1905 יאָר.

# דער פראָלעטאריאַט און דאָס פויערטום.

עס הויבן זיך אָן פויערשע אויפשטאַנדן. פון פאַרשיידענע גובערניעס קומען אָן יעדיעס וועגן דעם, אז פויערים פאַלן אָן אף די פריצישע גיטער, אז די פויערים קאָנפיסקירן דעם פריצישן ברויט און דאָס פי. דאָס צאַרישע מיליטער, וועלכע האָט געליטן א מיעסע מאַפּאָלע מיצאד די יאַפּאָנער, נעמט רעוואַנש איבער דעם וואפענונגסלאָזן פאָלק און נעמט פאר אן עקספּעדיציע קעגן דעם אינערלעכן סוינע — קעגן דער דאָרפישער אָרימקייט. די שטאָטישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג באַקומט א נייעם פאַרבינדעטן — דאָס רעוואָלוציאָנערע פויערטום. די פראַגע וועגן דער באַציאונג פון דעם באַוואוסטזיניקן אוואַנגארד פון פּראָלעטאַריאַט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, צו דער פויערים-באַוועגונג באַקומט אן אומיטלבאַרע פּראַקטישע באַדייטונג און דאַרף אוועק-

געשטעלט ווערן אַפן נאָענסטן טאָג-סיידער אין אלע אונזערע פּאַרטיי-אָרגאַני-
זאַציעס, באַ יעדער ארויסטרעטונג פון פראָפּאַגאַנדיסטן און אַגיטאַטאָרן.

די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט שוין ניט איין מאָל אָנגעוויזן אף דעם, אז די פויערשע באַוועגונג שטעלט פאר איר אַ צווייערלייענדיקע אויפגאבע. מיר דאַרפן באדינגונגסלאָז שטיצן און שטויסן דידאָזיקע באַוועגונג פאָרויס, אף וויפל זי איז אַ רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע באַוועגונג. מיר דאַרפן אין דערזעלבער צייט פעסט שטיין אף אונזער קלאַסן-פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט, אָרגאַניזירנדיק דעם דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט, פונקט אזוי ווי דעם שטאָטישן און צוזאַמען מיט אים, אין אַ זעלבשטענדיקער קלאַסן-פּאַרטיי, אויפקלערנדיק אים די פיינטלעכע קעגנזעצלעכקייט פון זיינע אינטערעסן און די אינטערעסן פון דעם בורזשואזן פויערטום. מיר דאַרפן אים רופן צום קאַמף פאַר דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, אָנווייזנדיק אים, אז פּאָטער ווערן פונם יאָך און פון דער אָרימקייט קען מען ניט דורך דעם, וואָס מע וועט פאַרוואַנדלען עטלעכע שיכטן פון דעם פויערטום אין קליין-בירגער, נאָר דורך דעם, וואָס מע וועט פאַרבייטן די גאַנצע בורזשואזע אָרדענונג אף א סאָציאַליסטישער.

דידאָזיקע צווייערלייענדיקע אויפגאַבע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז ניט איין מאָל אונטערגעשטראָכן געוואָרן אין דער אַלטער „איסקרא", אָנהויבנדיק פון נומ. 3, ד. ה. נאָך איידער דער ערשטער פויערשער באַוועגונג פון 1902 יאָר. זי איז ארויסגעדריקט אויך אין אונזער פּאַרטיי-פּראָגראַם; זי איז איבערגעכאַזערט אויך אין אונזער צייטונג (נומ. 3). איצטער, ווען עס איז באַזונדערס וויכטיק קלאָר צו מאַכן דידאָזיקע אויפגאַבע אין איר פּראַקטישער שטעלונג, איז אינטערעסאַנט צו ברענגען די באַמערקונגען פון קארל קאַוטסקי, וועלכער האָט אין דעם דייטשישן סאָציאַל-דעמאָקראַטישן זשורנאַל „Die Neue Zeit" אָפּגעדרוקט אן ארטיקל: „די פויערים און די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד". אַלס סאָציאַל-דעמאָקראַט, פּאַרטיידיקט קאַוטסקי פעסט דעם געדאַנק, אז פאַר אונזער רעוואָלוציע שטייט איצטער די אויפגאַבע ניט פון א סאָציאַליסטישער איבערקערעניש, נאָר די אויפגאַבע צו באַזייטיקן די פּאָליטישע שטערונגען אַפן וועג פון דער אנטוויקלונג פון דעם עקזיסטירנדיקן, ד. ה. קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוקציאָנס-אויפן. און קאַוטסקי זעצט פאָר: „די רעוואָלוציאָנערע שטאָטישע באַוועגונג דאַרף בלייבן נייטראַל אין דער פראגע וועגן די באַציאונגען צווישן פויער און פּאָריץ. זי האָט קיין שום גרונט ניט צו שטעלן זיך צווישן דעם פויער און פּאָריץ, ארויסטרעטן צו פּאַרטיידיקן דעם לעצטן קעגן דעם ערשטן; איר מיטגעפיל איז פולשטענדיק אַפן זייט פון דאָס פויערטום. נאָר די אויפגאַבע פון דער רעוואָלוציאָנערער שטאָטישער באַוועגונג איז אויך קלאָר ניט אָנצורייצן די פויערים אף די פּריצים, וועלכע שפּילן אין היינטיקן רוסלאַנד גאָר ניט יענע ראָלע, וועלכע עס האָבן געשפּילט, לעמאָשל, דער פראַנצויזישער אדל אין דער צייט פון דער „אַלטער אָרדענונג". אַגעוו, די שטאָטישע רעוואָלוציאָנערן, ווען זיי וואָלטן אַפילו געוואָלט, וואָלטן זיי געקאָנט האָבן גאָר א קליינע ווירקונג אף די באַציאונגען צווישן די פּריצים און די פויערים. דידאָזיקע באַציאונגען ווערן שוין באַשטימט דורך די

פּריצים און פּויערים אַליין". קעדיי ריכטיק צו פאַרשטיין דידאָזיקע קאַוטסקיס באַמערקונגען, וועלכע קענען אַרויסרופן ניט ווייניק מיספאַרשטענדענישן, אויב מע זאָל זיי נעמען אַזוי אָפּגעריסן פון קאָנטעקסט, דאַרף מען אומבאַדינגט האָבן אין אַכט אויך די פאָלגנדע באַמערקונג זיינע אין סאָף פון אַרטיקל: „אַ זיגרייכע רעוואָלוציע, — זאָגט ער דאָרט, — וואָלט געוויס ניט באַגעגענען קיין באַזונדערע שוועריקייטן אין דעם, אַז מע זאָל אויסנוצן די גרויסע גיטער פון די ערגסטע סאָנים פון דער רעוואָלוציע אַף אויסצובעסערן די פּראָלעטאַרישע און פּויערשע לעבנס-באַדינגונגען".

דער לעזער, וועלכער וועט אויפמערקזאַם פאַרגלייכן די אַלע דאָזיקע באַהויפּטונגען פון קאַוטסקין, וועט לייכט זעען אין זיי גראַד יענע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע שטעלונג פון דער פראַגע, וועלכע מיר האָבן ערשט באַשריבן. באַזונדערע אומקלאָרקייטן און אומבאַשטימטקייטן אין די אויסדריקן פון קאַוטסקין קאָנען דערקלערט ווערן מיט דער געלויפיקייט פון זיינע באַמערקונגען און מיט דעם, וואָס ער איז ניט גענוג באַקאַנט מיט דער אַגראַר-פּראָגראַם פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דער טאָך פון דער זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס די באַציאונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט צו דעם סיכסעך צווישן די פּויערים און פּריצים קען ניט זיין קיין איינע און דיזעלבע אין אַלע פאַלן און באַ אַלע באַדינגונגען באַ די פאַרשיידענע שוועריקייטן פון דער רוסישער רעוואָלוציע. באַ איינע באַדינגונגען, באַ אַ באַשטימטער קאָניונקטור קען זיין דידאָזיקע באַציאונג ניט נאָר קיין באַציאונג פון מיטגעפיל און ניט נאָר פון שטיצע, נאָר אויך פון „אויפהעצן". באַ אַנדערע באַדינגונגען קען און דאַרף דידאָזיקע באַציאונג זיין אַ נייטראַלע. אורטיילנדיק לויט די געבראַכטע באַמערקונגען, האָט קאַוטסקי ריכטיק טויפעס געוועזן דידאָזיקע צווייזייטיקייט פון אונזער אויפגאַבע, — לעהייפּעך ניט נאָר פון אונזערע „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן", וועלכע זיינען אינגאַנצן פאַרזונקען אין די וואָלגאַרע אילוזיעס פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, נאָר אויך פון אַסאַך סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וועלכע האָבן געזוכט, פּונקט אַזוי ווי ריאַזאַנאָוו און איקס *), אַ „פּאָשעטע" לייזונג פון דער אויפגאַבע, וואָס זאָל זיין איינע און דיזעלבע פאַר אַלע קאָמבינאַציעס. דער גרונט-פעלער פון אַזעלכע סאָציאַל-דעמאָקראַטן (און פון אַלע סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן) באַשטייט אין דעם, וואָס זיי האַלטן ניט אויס דעם קלאַסן-שטאַנדפּונקט און וואָס, זוכנדיק איינע און דיזעלבע לייזונג פון דער אויפגאַבע באַ פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס, פאַרגעסן זיי וועגן דער צווייערלייענדיקער נאַטור פון דעם פאַרמעגלעכן און מיטעלן פּויערטום. אין טאָך גענומען אָפּערירן זיי אין זייערע רעכענונגען נאָר מיט צוויי קלאַסן: אָדער מיט פּריצים און דעם „פּויערים-אַרבעטער"-קלאַס, אָדער מיט אייגנטימער און פּראָלעטאַריער. אין עמעסן אָבער האָבן מיר דאָ דריי פאַרשיידענע, לויט זייערע נאָענטסטע און ענדצילן, קלאַסן: די פּריצים, די פאַרמעגלעכע און טיילווייז מיטעלע פּויערים און, ענדלעך, דעם פּראָלעטאַ-

*) פּסעוודאָנים פונם מענשעוויק מאַסלאָוו, דעם הויפּט-טעאָרעטיקער פון די מענשעוויקעס אין דער אַגראַר-פראַגע. איבערז.

ריאט. באַ אזאַ מין זאַכלאַגע קען ניט די אויפגאבע פון פראָלעטאַריאט אין טאָך אריין ניט זיין קיין צווייזייטיקע. אין די גאנצע שוועריקייט פון דער סאָציאַל-דעמאקראטישער אַגראַר-פראָגראם און אַגראַר-טאַקטיק אין רוסלאנד באַשטייט אין א וואָס מער קלאָרער און דייטלעכער דעפינירונג פון דעם, באַ וועלכע באַדינגונגען מוז דער פראָלעטאַריאַט איינהיטן נייטראַליטעט און באַ וועלכע ער איז מעכויעוו צו שטיצן און „אנרייצן".

די לייזונג פון דערדאָזיקער אויפגאבע קאָן זיין נאָר איינע: צוזאַמען מיט דער פויערשער בורזשואזיע קעגן יעדע רעשטן פון לייב-אייגנטום און קעגן די לייב-אייגנטימער — די פריצים; צוזאמען מיטן שטאָטישן פראלעטאַריאט קעגן דער דאָרפישער און יעדער אַנדערער בורזשואזיע. אַזא איז די „ליניע" פון דעם דאָרפישן פראָלעטאריאט און פון זיין אידעאלאָג — דעם סאָציאַל-דעמאָקראַט. מיט אנדערע ווערטער: שטיצן און אונטערשטויסן דאָס פויערטום ביז צום אָפנעמען פון יעדער מין „הייליקן" פריצישן „אייגנטום", אף וויפל דאָסדאָזיקע פויערטום טרעט ארויס אלס רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראטישע. באַציען זיך מיט אומצוטרוי צום פויערטום, אָרגאַניזירן זיך באזונדער פון אים, זיין גרייט צום קאמף מיט אים, אַף וויפל דאָסדאָזיקע פויערטום טרעט ארויס אלס רעאַקציאָנערעס אדער אלס קעגנפראָלעטארישעס. נאָך אַנדערש: מיטהילף דעם פויער, ווען זיין קאמף מיטן פּאָריץ ברענגט נוצן דער אנטוויקלונג און דער פארפעסטיקונג פון דער דעמאָקראַטיע; נייטראליטעט בענויגייע צום פויער, ווען דער קאמף זיינער מיטן פאריץ באשטייט נאָר אין דעם, וואָס עס רעכענען זיך פערזענלעך אָפּ צווישנאַנאַנדער צוויי פראקציעס פון דעם ערד-אייגנטימער-קלאַס, און ווען דאָס איז אינגאנצן גלייכגילטיק פאַרן פראָלעטאריאַט און פאַר דער דעמאָקראַטיע.

פארשטייט זיך, אז אַזא ענטפער וועט ניט צופרידנשטעלן אזעלכע מענטשן, וועלכע גייען צו צו דער פויערים-פראַגע אָן דורכגעטראכטע טעאָרעטישע אנשויאונגען, וועלכע יאָגן זיך נאָך אַ גאַנגבארן און עפעקטן „רעוואלוציאָנערן" (אף ווערטער) לאָזונג, וועלכע פאַרשטייען ניט די קאָלאכאַלע און ערנסטע געפאַר פון רעוואלוציאָנערן אַוואנטיוריזם גראד אפן געביט פון דער פויערים-פראגע. בענויגייע צו אזעלכע מענטשן, — און אזעלכע זיינען שוין איצט ניט ווייניק צווישן אונז, צו זיי געהערן די כאָצ.-רעוואָלוציאָנערן, און די אַנטוויקלונג פון דער רעוואלוציע צוזאמען מיט דער פויערשער באוועגונג איז אָדעוו דערפאר, אז זייערע רייען וועלן גרעסער ווערן, — בענויגייע צו אזעלכע מענטשן דארפן די סאָציאל-דעמאָקראטן פעסט פארטיידיקן דעם שטאַנדפונקט פון קלאַסן-קאמף קעגן יעדער רעוואָלוציאָנערער צעשוואומענקייט, דעם ניכטערן דיסקאָנט פון פארשיידנאַרטיקע עלעמענטן פון פויערטום קעגן רעוואלוציאָנערער מעליצע. ריידנדיק פראַקטיש און קאָנקרעט, קען מען נעענטער פון אלץ צוגיין צו דער עמעסער זאַכלאַגע מיט אזאַ באהויפּטונג: אלע קעגנער פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דער אַגראַר-פראגע רעכענען זיך ניט מיט דעם פאקט, וואָס באַ אונז, אינם אייגנטלעך אייראָפּעאישן רוסלאנד, איז פאַראן א גאנצע שיכט (1 1/2—2 מיליאָן הויפן פון דער גאנצער צאָל בערך 10 מיליאן הויפן) פון

פארמעגלעכע פויערים. אין די הענט פון דעמדאָזיקן שיכט געפינט זיך ניט ווייניקער ווי א העלפט פון אלע פּראָדוקציאָנס-מאַכשירים און פון גאנצן אייגנטום, וועלכע געפינט זיך אין רעשוס פון דעם פויערטום. דידאָזיקע שיכט קען ניט עקזיסטירן אָן דעם, אז זי זאָל ניט דינגען קיין באטראַקן און טאָג-אַרבעטער. דידאָזיקע שיכט איז, אָן א ספֿק, פיינטלעך צום לייבאייגנטום, צו די פּריצים, צו דער באאמטנשאַפט, זי איז פעאיק צו ווערן א דעמאָקראַט; נאָר נאָך מער איז קיין ספֿק ניט, אַז זי איז פיינטלעך בענויגייע דעם דאָרפישן פּראלעטאריאַט. יעדער פרואוו צו פֿאַרווישן, אַרומצוגיין דידאָזיקע קלאַסן-פיינטשאפט אין דער אגראר-פּראגראַם און אין דער טאַקטיק הייסט באוואוסטזיניק אדער אומבאַוואוסטזיניק פארלאָזן דעם סאָציאַליסטישן שטאנדפּונקט.

צווישן דאָרפישן פּראלעטאריאט און דער דאָרפישער בורזשואזיע געפינט זיך די שיכט פון מיטל-פויער, אין דער לאגע פון וועלכן עס זיינען פאראַן שטריכן אַזוי ווי פון דעם, אזוי אויך פון יענעם פון די צוויי קעגנזאצן. די אלגעמיינע שטריכן אין דער לאגע פון די אלע שיכטן, פון גאנצן פויערטום אינגאנצן, מאַכן אָן א ספֿק פאר דעמאָקראטיש אויך זיין גאַנצע באוועגונג, ווי גרויס עס זאָלן ניט זיין די אָדער יענע דערשיינונגען פון אומבאוואוסטזיניקייט און רעאקציאָנערקייט. אונזער אויפגאבע איז — קיינמאל ניט אַראָפּגיין פון קלאַסן-שטאנדפּונקט און אָרגאַניזירן אן ענגסטן פאַרבאַנד צווישן דעם שטאָטישן און דאָרפישן פּראלעטאַריאט. אונזער אויפגאַבע איז — קלאָר מאכן פאר זיך און פֿאַרן פאָלק דעם ווירקלעכן דעמאָקראטישן און רעוואָלוציאָנערן אינהאלט, וועלכער באַהאלט זיך הינטער דער אלגעמיינער, אבער נעפלהאַפטער שטרעבונג צו „ערד און פרייהייט". אונזער אויפגאַבע איז דעריבער: אפן ענערגישסטן אויפן שטיצן און אונטערשטויסן פאָרויס דידאזיקע שטרעבונג, און צוגלייך דערמיט — צוגרייטן די עלעמענטן פון סאציאַליסטישן קאמף אויך אין דאָרף.

קעדיי פינקטלעך צו דעפינירן די באַציאונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פאַרטיי אין דער פּראַקטיק צו דער פויערים-באַוועגונג, דאַרף דער דריטער צוזאַמענפאָר פון אונזער פאַרטיי אָננעמען א רעזאָלוציע וועגן שטיצן די פּויערים-באַוועגונג. אָט איז דער פּראָיעקט פון אזאַ רעזאָלוציע, וועלכע דאַרף פאָרמולירן די אויבנגעבראַכטע אנשויאונגען, וועלכע זייגען ניט איינמאָל אַנטוויקלט געוואָרן אין דער סאציאַל-דעמאָקראַטישער ליטעראַטור און וועלכע דאַרפן איצטער באַהאַנדלט ווערן דורך אַ מעגלעך ברייטערן קרייז פון פאַרטיי-טוער:

„די רוסלענדער סאָצ.-דעמ. אַרב.-פאַרטיי, אַלס אַ פאַרטיי פון דעם באַוואוסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט, שטרעבט צו דער פולשטענדיקער באַפרייאונג פון אַלע אַרבעטנדיקע פון יעדער עקספּלואַטאַציע און שטיצט יעדע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג קעגן דער איצטיקער געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער אָרדענונג. דעריבער שטיצט די רוס. סאָצ.-דעמ. אַרב.-פאַרטיי אַפן ענערגישסטן אויפן אויך די איצטיקע פויערים-באַוועגונג, פאַרטיידיקנדיק אַלע רעוואָלוציאָנערע מיטלען, וועלכע קענען פאַרבעסערן די לאַגע פון דעם פויערטום און

ניט אָפּשטעלנדיק זיך צוליב דידאָזיקע צילן פאַר דער עקספּראָפּריאירונג פון דער פּריצישער ערד. דערביי שטרעבט פעסט די רוסל. סאָצ.-דעמ. אַרב.-פּאַרטיי, זייענדיק אַ קלאַסן-פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט, צו אַ זעלבשטענדיקער קלאַסן-אָרגאַניזאַציע פון דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט, ניט פאַרגעסנדיק אַף איין מינוט וועגן דער אויפגאַבע אויפצוקלערן אים די פיינטלעכע קעגנזעצלעכקייט פון זיינע אינטערעסן און די אינטערעסן פון דער פּויערשער בורזשואַזיע, אויפצוקלערן אים, אַז נאָר דער געמיינזאַמער קאַמף פון דאָרפישן און שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט קעגן דער גאַנצער בורזשואַזער געזעלשאַפט קען ברענגען צו דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, וועלכע איז נאָר אַליין פעאיק ווירקלעך צו באַפרייען פון אָרימקייט און עקספּלואַטאַציע די גאַנצע מאַסע פון דער דאָרפישער אָרימקייט.

אַלס א פּראַקטישן לאָזונג פאַר אַגיטאַציע צווישן דעם פּויערטום און אַלס אַ מיטל אַריינצוטראָגן די גרעסטע מאָס באַוואוסטזיניקייט אין דערדאָזיקער באַוועגונג, שטעלט ארויס די רוסל. סאָצ.-דעמ. ארב.-פּאַרטיי דאָס טייקעפדיקע בילדן רעוואָלוציאָנערע פּויערשע קאָמיטעטן, קעדיי אַלזייטיק צו שטיצן אלע דעמאָקראַטישע רעפאָרמען און זייער פאַרווירקלעכונג אין פּראַטים. אויך אין אַזעלכע קאָמיטעטן וועט די רוס. סאָצ.-דעמ. ארב.-פּאַרטיי שטרעבן צו דער זעלבשטענדיקער אָרגאַניזירונג פון די דאָרפישע פּראָלעטאַריער מיטן ציל צו שטיצן, פון איין זייט, דאָס גאַנצע פּויערטום אין אַלע זיינע רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע אַרויסטרעטונגען און, פון דער אַנדער זייט, מיטן ציל צו באַשיצן די ווירקלעכע אינטערעסן פון דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט אין זיין קאַמף מיט דער פּויערשער בורזשואַזיע".

„ווּפּעריאָד" № 11
פון 10-טן מאַרץ 1905 י.

# די רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום.

די פראַגע וועגן דעם אנטיילנעמען פון דער סאָצ. דעמאָקראַטיע אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג איז אַרויסגערוקט אַפן טאָגסיידער ניט אַזוי דורך דער אַנטוויקלונג פון די געשעענישן, ווי דורך די טעאָרעטישע בקירעס פון סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון איין ריכטונג. אין צוויי פּעליעטאָנען (№№ 13-14) האָבן מיר פאַנאַנדערגעקליבן די בקירעס פון מאַרטינאָוון, וועלכער האָט דער ערשטער אַרויסגערוקט דידאָזיקע פראַגע. ווייזט זיך אַרויס, פונדעסטוועגן, אַז דער אינטערעס צו דערדאָזיקער פראַגע איז אַזוי גרויס און די מיספאַרשטייענישן, וועלכע זיינען אַרויסגערופן דורך די אָנגעוויזענע בקירעס (זע באַזונדער № 93 פון „איסקראַ"), זיינען אַזוי קאָלאָסאַל,

אַז עס איז נויטיק נאָכאַמאָל אָפּצושטעלן זיך אַף דערדאָזיקער פראַגע. ווי די סאָציאַל-דעמאקראַטן זאָלן ניט אָפּשאַצן די וואַרשיינלעכקייט פון דעם, אַז אונז וועט אין דער נאָענטער צוקונפט אויסקומען ניט נאָר טעאָרעטיש צו לייזן דידאָזיקע פראַגע, אין יעדן פאַל איז נויטיק פאַר דער פאַרטיי אַ קלאָרקייט פון די נאָענטסטע צילן. אָן אַ קלאָרן ענטפער אַף דערדאָזיקער פראַגע איז שוין איצט אומעגלעך אַן אויסגעהאַלטענע, פרעמד פון וואַקלונגען און אומקלאָרקייטן, פראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע.

לאָמיר זיך פרואוון אויפצושטעלן דעם טאָך פון דער שטרייט-פראַגע. אויב מיר ווילן ניט נאָר קיין האַנאָכעס מיצאַד דער זעלבסטהערשונג, נאָר ווירקלעך אַראָפּוואַרפן זי, דאַן דאַרפן מיר זיך דערשלאָגן צו פאַרבייטן די צאַרישע רעגירונג דורך אַ צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג, וועלכע זאָל, פון איין זייט, צונויפרופן אַ גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אַפן גרונט פון אַלגעמיינעם, דירעקטן, גלייכן און געהיימען וואַלרעכט און וועלכע זאָל, פון דער אַנדער זייט, זיין בעקויעך דורכצופירן אין דערעמעסן פולשטענדיקע פרייהייט אין דער צייט פון די וואַלן. איז אָט פרעגט זיך, צי איז דערלויבט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פאַרטיי אנטייל צו נעמען אין אַזאַ צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג? דידאָזיקע פראַגע האָבן צום ערשטן אַוועקגעשטעלט די פאָרשטייער פון דעם אָפּאָרטוניסטישן פליגל פון אונזער פאַרטיי, נעמלעך מאַרטינאָוו, נאָך פאַר דעם 9-טן יאַנוואַר; דערביי האָט ער, און גלייך נאָך אים אויך די „איסקראַ“, געלעזן דידאָזיקע פראַגע נעגאַטיוו. מאַרטינאָוו האָט זיך געסטאַרעט צו ברענגען ביז אַן אַבסורד די אנשויאונגען פון די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, ש ר ע ק נ ד י ק זיי דערמיט, וואָס אין פאַל פון אַ געלונגענער אַרבעט איבער דער אָרגאַניזירונג פון דער רעוואָלוציע, אין פאַל, ווען אונזער פאַרטיי וועט אָנפירן מיטן באַוואָפנטן פאָלקס-אויפשטאַנד, וועט אונז א ו י ס ק ו מ ע ן אנטייל צו נעמען אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. און אזא אנטייל איז אַן אומדערלאָזבאַרע „פאַרכאַפּונג פון דער מאַכט“, איז אַן אומדערלאָזבאַרער, פאַר אַ קלאַסאָווער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פאַרטיי, „וואולגאַרער זשאַרעסיזם“*).

לאָמיר זיך אָפּשטעלן אַף די כקירעס פון די אָנהענגער פון דעמדאָזיקן קוק. געפינענדיק זיך אין דער צייטווייליקער רעגירונג, זאָגט מען אונז, וועט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האַלטן אין אירע הענט די מאַכט; און די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אַלס די פאַרטיי פון פראָלעטאַריאַט, קען ניט האַלטן אין אירע הענט די מאַכט, ניט פרואוונדיק זיך צו פאַרווירקלעכן אונזער מאַקסימום-פראָגראַם, ד. ה. ניט פרואוונדיק זיך צו פאַרווירקלעכן די סאָציאַליסטישע איבערקערעניש. און אַף אַזאַ אונטערנעמונג וועט זי באַ היינטיקן טאָג אומ-

*) דער באַרימטער פראַנצויזישער סאָציאַליסט זשאָרעס, וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן געקעמפט אַקעגן מילכאָמע, איז געווען אַ גרויסער אָפּאָרטוניסט אין אַלע פּאָליטישע פראַגן און האָט געפונען, אַז סאָציאַל-דעמאָקראַטן מעגן זיך באַטייליקן אין די בורזשואַזע רעגירונגען. צווישן די דעמאָלטיקע מענשעוויקעס זיינען געווען נאָר יעכידים, וועלכע האָבן געהאַט דעם דרייסט צו פאַרטיידיקן אַזאַ ליניע. זשאָרעסיזם הייסט—אָנערקענען די מעגלעכקייט אַריינצוטרעטן אין אַ בורזשואַזע רעגירונג. א י ב ע ר ז.

פאַרמיידלעך ליידן אַ מאַפּאָלע און וועט זיך נאָר קאָמפּראָמעטירן, וועט נאָר
האַנדלען לעטויוועס דער רעאַקציע. אָט דערפאַר, זעט איר, איז דער אנטייל
פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דער צייטווייליקער רעגירונג אומדער=
לאָזבאַר.

דידאָזיקע כקירע איז געבויט אַף דער צונויפמישונג פון דער דעמאָקראַ-
טישער איבערקערעניש און דער סאָציאַליסטישער, — דעם קאַמף פאַר א רע-
פּובליק (איינשליסנדיק אַהער אויך אונזער גאַנצע מינימום-פּראָגראַם) און דעם
קאַמף פאַר סאָציאַליזם. ווען די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וואָלט זיך געפּרואווט
טייקעף אַוועקצושטעלן פאַר איר ציל די סאָציאַליסטישע איבערקערעניש,
וואָלט זי זיך ווירקלעך נאָר קאָמפּראָמעטירט. אָט טאַקע קעגן אַזעלכע נעפּל-
האַפטע און אומקלאָרע אידייען פון אונזערע „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן”
האָט שטענדיק פונדעסטוועגן געקעמפט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. אָט טאַקע
דערפאַר איז זי אַלעמאָל באַשטאַנען אַף דעם בורזשואַזן כאַראַקטער פון דער
פאָרשטייענדיקער אין רוסלאַנד רעוואָלוציע, טאַקע דערפאַר האָט זי שטרענג
געפאָדערט די פאַנאַנדערטיילונג פון דער דעמאָקראַטישער מינימום-פּראָגראַם
פון דער סאָציאַליסטישער מאַקסימום-פּראָגראַם. פאַרגעסן דאָס אלץ אין דער
צייט פון איבערקערעניש קענען נאָר איינצלנע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וועלכע
זיינען נויטע אָפּצוטרעטן פאַר דער סטיכייאישקייט, אָבער ניט די פאַרטיי אינ-
גאַנצן. די אָנהענגער פון דערדאָזיקער פאַרגרייזטער מיינונג באַקומען א באַ-
זונדערן איראָסהאָקאָוועד פאַר דער סטיכייאישקייט און זיי דענקען, אַז די אנט-
וויקלונג פון די געשעענישן וועט צווינגען די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, באַ אזא
מין לאַגע, צו נעמען זיך קעגן איר אייגענעם ווילן פאַר דער פאַרווירקלעכונג
פון דער סאָציאַליסטישער איבערקערעניש. אויב דאָס וואָלט געווען אַזוי, דאַן,
הייסט עס, וואָלט אונזער פּראָגראַם געווען ניט קיין ריכטיקע, דאַן וואָלט זי
ניט געשטימט מיט דער „אַנטוויקלונג פון די געשעענישן”: די מענטשן, וועלכע
גיבן זיך אונטער דער סטיכייאישקייט, האָבן טאַקע מוירע דערפאַר, זיי האָבן
מוירע פאַר דער ריכטיקייט פון אונזער פּראָגראַם. נאָר זייער מוירע (די פּסי-
כאָלאָגישע דערקלערונג פון וועלכער מיר האָבן געפּרואווט אָנמערקן אין אונ-
זערע פעליעטאָנען) איז ביזן לעצטן גראַד ניט באַגרינדעט. אונזער פּראָגראַם
איז ריכטיק. גראַד די אנטוויקלונג פון די געשעענישן וועט זי אומבאַדינגט
באַשטעטיקן, און וואָס ווייטער, אַלץ מערער. גראַד די אַנטוויקלונג פון די גע-
שעענישן וועט אונז „אָנבינדן” די אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט אנטשיידן צו
קעמפן פאַר דער רעפּובליק; גראַד דידאָזיקע אנטוויקלונג וועט ווענדן פּראַק-
טיש דאַפקע אין דערדאָזיקער ריכטונג אונזערע קויכעס, די קויכעס פונם פּאָ-
ליטיש-אקטיוון פּראָלעטאַריאַט. גראַד די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן וועט
אונז באַ דער דעמאָקראַטישער איבערקערעניש אומפאַרמיידלעך אנבינדן אזא
מאַסע פאַרבינדעטע פון דעם קליינבירגערטום און פּויערטום, די רעאַלע באַ=
דערפעגישן פון וועלכע עס וועלן פאָדערן דאַפקע די דורכפירונג פון דער
מינימום-פּראָגראַם, אַז די מוירע פאַר א צו האַסטיקן איבערגאַנג צו דער מאַק-
סימום-פּראָגראַם איז פּאָשעט א לעכערלעכע.

נאָר, פון דער אַנדער זייט, איז דאַפקע דידאָזיקע פאַרבינדעטע פון דער קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטיע רופן אַרויס נייע באַדענקען צווישן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון אַ באַשטימטער ריכטונג, נעמלעך, דאָס באַדענקען פון „וואולגאַרן ושאָרעסיזם". אנטייל נעמען אין דער רעגירונג צוזאַמען מיט דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע איז פאַרווערט דורך דער רעזאָלוציע פון אַמסטערדאַמער קאָנגרעס *), דאָס איז ושאָרעסיזם, ד. ה. אַן אומבאַוואוסטזיניקער פאַראַט פון די אינטערעסן פון פראָלעטאַריאַט, דאָס הייסט פאַרוואַנדלען דעם פראָלעטאַריאַט אין אַ מעשאָרעס פון דער בורזשואַזיע, דאָס הייסט אַראָפּפירן דעם פראָלעטאַריאַט פון וועג דורך א שיין פון מאַכט, וועלכע איז אין דערעמעסן בעשום אופן ניט דערגרייכבאַר אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט.

דידאָזיקע כקירע איז ניט ווייניקער פעלערהאַפט. די באַווייזט, אַז אירע אַוטאָרן האָבן אויסגעלערנט אַף אויסווייניק גוטע רעזאָלוציעס, נאָר זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען זייער באַדייטונג;—זיי האָבן איינגעכאַזערט אייניקע אנטי-ושאָרעסיסטישע ווערטלעך, נאָר זיי האָבן זיי ניט דורכגעטראַכט און ווענדן זיי דעריבער אָן ניט צום אָרט; — זיי האָבן באַנומען דעם אָס, אָבער ניט דעם גייסט פון די לעצטע לעקציעס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. ווער עס וויל אָפּשאַצן דעם ושארעסיזם פון דעם דיאַלעקטיש-מאַטעריאַליסטישן שטאַנדפונקט, דער דאַרף שטרענג אונטערשיידן סוביעקטיווע מאָטיוון און אָביעקטיווע היסטאָרישע באַדינגונגען. סוביעקטיוו האָט ושאָרעס געוואָלט ראַטעווען די רעפּובליק, אַריינטרעטנדיק צוליב דעם אין אַ פאַרבאַנד מיט דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון דעמדאָזיקן „פּרואוו" זיינען באַשטאַנען אין דעם, וואָס די רעפּובליק אין פראַנקרייך איז שוין געווען אַ פאַקט, און קיין שום ערנסטע געפאַר האָט איר ניט געדראָט; — וואָס דער אַרבעטער-קלאַס האָט געהאַט די פולשטענדיקע מעגלעכקייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ זעלבשטענדיקער קלאַסן-פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע און האָט דידאָזיקע מעגלעכקייט ניט גענוג אויסגענוצט, אונטער דער ווירקונג פון די, טיילווייז, שוין צו אָפטע אָפּנאַרנדיקע פאַרלאַמענטישע איבונגען פון זיינע פירער; וואָס אין דערעמעסן האָט די געשיכטע אָביעקטיוו שוין אַרויסגעשטעלט פאַרן אַרבעטער-קלאַס די אויפגאַבן פון אַ סאָציאַליסטישער איבערקערעניש, פון וועלכע די מיליעראַנען האָבן געזען אָפּצוציען דעם פראָלעטאַריאַט דורך האַפּטאָכעס פון קליינינקע סאָציאַלע רעפאָרמען.

איצט נעמט רוסלאַנד. סוביעקטיוו וועלן אַזעלכע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, ווי די וופּעריאָדיסטן אָדער פאַרוואוס, פאַרטיידיקן די רעפּובליק, אַריינטרעטנדיק צוליב דעם אין א פאַרבאַנד מיט דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. די אָביעקטיווע באַדינגונגען שיידן זיך אָפּ פון די פראַנצויזישע, ווי דער הימל פון דער ערד. אָביעקטיוו האָט די היסטאָרישע אַנטוויקלונג אַוועקגעשטעלט איצט דעם רוסישן פראָלעטאַריאַט גראָד פאַר דער אויפגאַבע פון אַ דעמאָקראַטישער בורזשואַזער איבערקערעניש

*) קאָנגרעס פון II-טן אינטערנאַציאָנאַל אין 1904 יאָר. איבערז.

(דעם גאַנצן אינהאַלט פון וועלכער מיר באַצייכענען צוליב קורצקייט מיטן וואָרט—רעפּובליק); פאַר דערזעלבער אויפגאַבע שטייט דאָס גאַנצע פאָלק, ד. ה. די גאַנצע מאַסע פון דעם קליינבירגערטום און פון פויערטום; אָן דערדאָזיקער איבערקערעניש איז ניט דענקבאַר קיין וויפל ניט איז ברייטע אַנטוויקלונג פון אַ זעלבשטענדיקער קלאַסן-אָרגאַניזאַציע צוליב דער כאַציאַליסטישער איבערקערעניש.

שטעלט זיך פאַר קאָנקרעט די גאַנצע נאַפקעמינע צווישן די אָביעקטיווע באַדינגונגען און זאָגט: וואָס דאַרף מען טראַכטן וועגן מענטשן, וועלכע פאַרגעסן וועגן דערדאָזיקער נאַפקעמינע, זייענדיק פארכאַפּט פון דער ענלעכקייט פון אייניקע ווערטער, פון דער גלייכקייט פון אייניקע אויסיעס, פון דער זעלביקייט פון דער סוביעקטיווער מאָטיווירונג?

אַזוי ווי זשאָרעס אין פראַנקרייך האָט זיך נידערגעבויגן פאַר דער בורזשואַזער כאָציאַלער רעפאָרם, צודעקנדיק זיך ניט ריכטיק מיטן סוביעקטיוון ציל פון קאַמף פאַר דער רעפּובליק, דערפאַר דאַרפן מיר, רוסישע סאָציאַליסטן, אָפּזאָגן זיך פון אַן ערנכטן קאַמף פאַר א רעפּובליק! אין דעם, אָט טאַקע אין דעם באשטייט דאָך די גאַנצע כאָכמע פון די נײַ-איסקריסטן.

אין עמעסן, איז דען ניט קלאָר, אַז דער קאַמף פאַר א רעפּובליק איז פאַרן פראָלעטאַריאַט ניט דענקבאר אָן א בונד מיט דער קליינבירגערלעכער מאַסע פון פאָלק? איז דען ניט קלאָר, אַז אָן דער רעוואָלוציאָנערער דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאַט און פויערטום איז ניטאָ אַפילע קיין שאָטן פון האָפענונג אַף אן ערפאָלג אין דעמדאָזיקן קאַמף? איינער פון די הויפּט-פעלערן פון דער אַנשויאונג, וועלכע מיר קלייבן פאנאנדער, באשטייט אין איר טויטקייט, טראַפארעטקייט, אין דעם, וואָס עס ווערן ניט גענומען אין אַכט די באַדינגונגען פון דער רעוואָלוציאָנערער צייט. קעמפן פאַר א רעפּובליק און אין דערזעלבער צייט אָפּזאָגן זיך פון א רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטישער דיקטאַטור, איז אַלץ איינס, ווי אָיאמא*) וואָלט באשלאָסן קעמפן מיט קוראָפּאַטקינען באַ מוקדען, אָפּזאָגנדיק זיך פון אפריער פון דעם געדאַנק אליין אַריינצוטרעטן אין מוקדען. אויב מיר, דאָס רעוואָלוציאָנערע פאָלק, ד. ה. דער פראָלעטאַריאַט און דאָס פויערטום, ווילן „צוזאַמען שלאָגן" די זעלבסטהערשונג, דאַן דאַרפן מיר אויך צוזאַמען דערשלאָגן זי, צוזאַמען טויט-שלאָגן זי. צוזאַמען אָפּשלאָגן די אומפאַרמיידלעכע פּרוּוון אירע צו רעסטאווראַציע! (מיר באמערקן נאָך אַ מאָל, קעדיי אויסצומיידן מעגלעכע מיספאַרשטענדענישן, אַז אונטער רעפּובליק פאַרשטייען מיר ניט נאָר און אַפילע ניט אַזוי די רעגירונגס-פאָרם, ווי דעם גאַנצן סכום פון די דעמאָקראַטישע אומבילדונגען לויט אונזער מינימום-פראָגראַם). מע דאַרף בעעמעס האָבן א שילער-באגריף וועגן געשיכטע, אַז מע זאָל זיך פאָרשטעלן די זאַך אָן „שפּרונגען", אַלס א וועלכע ניט איז לאנגזאַם און גלייכמעסיק שטייגנדיקע גלייכע ליניע: אַז צוערשט איז די ריי פאַר דער ליבעראַלער גרויס-בורזשואַזיע—האַנאָכעסלעך פון דער זעלבסטהער-

*) אָיאַמאַ—אַ באַרימטער יאַפּאָנישער גענעראַל, האָט אָפּגעהאַלטן אסאך ניצכוינעס איבער רוסישע כאיל. איבערז.

שונג; דערנאָך איז די ריי פאַר דער רעוואָלוציאָנערער קליין-בורזשואַזיע — אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק, אין לעסאָף, פאַרן פּראָלעטאַריאַט—די סאָציאַ-ליסטישע איבערקערעניש. דאָסדאָזיקע בילד איז אין אלגעמיין און אינגאַנצן ריכטיק; ריכטיק „אף לאַנג", ווי עס זאָגן די פראַנצויזן, אין מעשעך פון א וועלכן ניט איז יאָרהונדערט (לעמאָשל, פאַר פראַנקרייך פון 1789 יאָר ביז 1905 י.), נאָר צוזאַמענשטעלן זיך, לויטן דאָזיקן בילד, א פלאַן פון דער אייגענער טעטיקייט אין א רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע,—צוליב דעם דאַרף מען זיין א קינסטלער פון פיליסטערטום. אויב די רוסישע זעלבסטהערשונג וועט אַפילע איצטער ניט קענען אויסדרייען זיך מיט א קיצער-קאָנסטיטוציע, אויב זי וועט ניט נאָר צעטרייסלט זיין, נאָר ווירקלעך אַראָפּגעוואָרפן ווערן, דאַן איז קלאָר, אַז עס וועט נויטיק זיין אַ קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונג פון רע-וואָלוציאָנערער ענערגיע פון אַלע פאָרגעשריטענע קלאַסן, קעדיי צו פאַרטיי-דיקן דידאָזיקע דעראָבערונג. און אָט דידאָזיקע „פאַרטיידיקונג" איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי די רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום!

וואָס מער מיר וועלן דעראָבערן איצט, וואָס ענערגישער מיר וועלן פאַר-טיידיקן דאָס דעראָבערטע, אַלץ ווייניקער וועט בא אונז קענען אָפּנעמען דערנאָך די אומפאַרמיידלעכע צוקונפטיקע רעאַקציע, אַלץ קירצער וועלן זיין דידאָזיקע רעאַקציע-האַפּסאָקעס, אלץ גרינגער וועט זיין די אויפגאַבע פאַר די פּראָלע-טאַרישע קעמפער, וועלכע גייען נאָך אונז.

און דאָ קומען מענטשן, וועלכע ווילן שוין פון אפריער פאַרן קאמף אָפּמעסטן, ווי מיטן אַרשין, „אַלפּי אילאָוואַיסקע"*) אַ באַשיידענעם שטיקעלע פון די קומענדיקע דעראָבערונגען,—מענטשן, וועלכע האָבן, נאָך איידער עס איז געפאַלן די זעלבסטהערשונג, אפילע נאָך פאַר דעם 9-טן יאַנוואַר, שוין גענומען שרעקן דעם אַרבעטער-קלאַס פון רוסלאַנד מיט דער שרעק-צייג פון רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטישער דיקטאַטור. און דידאָזיקע אַרשין-מענטשן פּרעטענדירן אפן נאָמען רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטן...

אַנטיילנעמען אין דער צייטווייליקער רעגירונג צוזאַמען מיט דער בור-זשואַזער רעוואָלוציאָנערער דיקטאַטור,—קלאָגן זיי זיך, — דאָס הייסט דאָך באַרעכטיקן די בורזשואַזע אָרדענונג, באַרעכטיקן די איינהיטונג פון טורמעס און פּאָליציי, פון אַרבעטסלאָזיקייט און אָרימקייט, פון אייגנטום און פּראָסטיטוציע. דאָס איז א ראַיע, וועלכע איז ווערט, אַז זי זאָל געבראַכט ווערן אָדער פון אַן אַנאַרכיסט אָדער פון א פאָלקיסט. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע זאָגט זיך ניט אָפּ פון קאַמף פאַר פּאָליטישע פרייהייט דערפאַר, וואָס דידאָזיקע פּאָליטישע פרייהייט איז א בורזשואַזע. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע קוקט אף דער „באַרעכ-טיקונג" פון דער בורזשואַזער אָרדענונג פון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט. ווען מע האָט געפרעגט פייערבאַכן, צי באַרעכטיקט ער דעם מאַטעריאַליזם פון ביוכנערן, פאָכטן און מאָלעשאָטן, האָט ער געענטפערט: איך באַרעכטיק

*) אַ רוסישער היסטאָריקער, וועלכער האָט אָנגעשריבן אסאַך לערנביכלעך פאַר שולקינדער אינם גייסט פון רעאַקציע און הויבן ביזן הימל דעם צאַריזם. איבערז.

דעם מאטעריאליזם אין זיין באציאונג צום אָווער, אָבער ניט אין זיין באצי-
אונג צו דער צוקונפט. אָט פונקט אף אזא אויפן בארעכטיקט די סאָציאל-
דעמאָקראטיע די בורזשואזע אָרדענונג. זי האָט קיינמאָל ניט מוירע געהאט
און וועט קיינמאָל ניט מוירע האָבן צו זאָגן, אז זי בארעכטיקט די רעפובלי-
קאניש-דעמאָקראטישע בורזשואזע אָרדענונג אין פארגלייך מיט דער זעלבסט-
הערשערישער לייב=אייגנטימערישער בורזשואזער אָרדענונג. נאָר זי „בארעכ-
טיקט” די בורזשואזע רעפובליק בלויז אלס די לעצטע פאָרם פון קלאסן-
הערשאפט, זי בארעכטיקט זי אלס א מער באקוועמערע ארענע פאר דעם קאמף
פונם פראָלעטאריאט מיט דער בורזשואזיע; זי בארעכטיקט זי ניט פאר אירע
טורמעס און פאָליציי, אייגנטום און פראָסטיטוציע, נאָר צוליב אברייטן און
פרייען קאמף קעגן דידאָזיקע ליבע איינריכטונגען.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר זיינען ווייט פון דעם געדאַנק צו באָהויפטן, אַז
אונזער אָנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער צייטווייליקער רעגירונג ברענגט
מיט זיך ניט פאר דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע קיין שום געפאַרן. עס איז ניטאָ
און עס קען ניט זיין קיין שום פאָרם פון קאַמף, קיין שום פאָליטישע לאַגע,
וועלכע זאָל מיט זיך ניט ברענגען קיין געפאַרן. אויב עס איז ניטאָ קיין רע-
וואָלוציאָנערער קלאַסן-אינסטינקט, אויב עס איז ניטאָ קיין איינהייטלעכע וועלט-
אַנשויאונג, וועלכע זאָל שטיין אַף דער הויך פון דער וויסנשאַפט, אויב עס
איז ניטאָ (זאָלן פאַר אומגוט ניט נעמען די נײַ-איסקריסטן) קיין קייסער אין
קאָפּ,—דאַן איז געפערלעך אויך דער אָנטייל אין שטרייקן—עס קען פירן צו
עקאָנאָמיזם,—אויך דער אָנטייל אין פּאַרלאַמענטאַרישן קאַמף—עס קען זיך ענ-
דיקן מיט פּאַרלאַמענטאַרישן קרעטיניזם,—אויך די שטיצע פון דער זעמסקער
ליבעראַלער דעמאָקראַטיע—עס קען ברענגען צום „פּלאַן פון דער זעמסקער
קאַמפּאַניע”. דאַן איז געפערלעך אַפילע צו לייענען אין דער געשיכטע פון דער
פראַנצויזישער רעוואָלוציע די נוצלעכסטע ווערק פון זשאָרעסן און אָלאַרן—עס
קען ברענגען צו מאַרטינאָווס בראָשור וועגן צוויי דיקטאַטורן.

פאַרשטייט זיך, אַז אויב די סאָציאַל=דעמאָקראַטיע וואָלט אַפילע אַף אַ
מינוט פאַרגעסן וועגן דער קלאַסן-אָפּגעזונדערטקייט פון דעם פראָלעטאַריאַט פון
דעם קליינבירגערטום, אויב זי וואָלט געשלאָסן ניט אין דער פאַסיקער צייט,
ניט קיין לוינבאַרן פאַר אונז בונד מיט דער אָדער יענער אינטעליגענטישער
קליינבירגערלעכער פאַרטיי, וועלכע פאַרדינט ניט קיין צוטרוי, אויב די סאָ-
ציאַל-דעמאָקראַטיע וואָלט אַפילע אַף אַ מינוט אַרויסלאָזן פון אַכט אירע
זעלבשטענדיקע צילן און די נויטווענדיקייט (בײַ אַלע און יעדע פאָליטישע
ווענדונגען און איבערקערענישן) אין דער ערשטער ריי צו שטעלן די אנטוויק=
לונג פון קלאַסן-באַוואוסטזיין פון דעם פראָלעטאַריאַט און פון זיין זעלבשטענ-
דיקער פאָליטישער אָרגאַניזאַציע,—דאַן וואָלט דער אָנטייל אין דער צייטווי=
ליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג געווען העכסט געפערלעך. נאָר בײַ אַזאַ מין
באַריגונג, כאַזערן מיר איבער, און פונקט אין דערזעלבער מאָס איז געפערלעך
יעדער פאָליטישער שריט. ביז וואָס פאַר אַ גראַד ניט באַגרינדעט עס איז אָנ=

צואווענדן די אַלע מעגלעכע מוירעס צו דער איצטיקער שטעלונג פון די נאָענטסטע אויפגאַבן דורך דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, דאָס וועט אַלעמען באַווייזן די פּאָשעטסטע אינפאָרמאַציע. מיר וועלן ניטריידן וועגן זיך. מיר וועלן דאָ ניט איבערכאַזערן די פילצאָליקע מעלדונגען, וואָרענונגען, אָנ-ווייזונגען, וועלכע מיר האָבן געמאַכט אין „ווּפּעריאָד“ וועגן דערדאָזיקער פראַגע. — מיר וועלן זיך סוימעך זיין אַף פארוואוסן. אַרויסזאָגנדיק זיך פאַר דעם אָנטייל פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דער צייטווייליקער רעגירונג, שטרייכט ער ענערגיש אונטער יענע באַדינגונגען, וועלכע מיר דאַרפן קיינמאָל ניט פאַרגעסן: צוזאַמען שלאָגן, באַזונדער גיין, ניט צונויפמישן די אָרגאַניזאַציעס, אַכטונג געבן אַף דעם פאַרבינדעטן, ווי אַף אַ סוינע א. אַז. וו. מיר שטעלן זיך ניט אָפּ אויספירלעכער אַף יענער זייט פון דעם איניען, וועלכע איז באַצייכנט געוואָרן אין פעליעטאָן.

ניין, דיווירקלעכע פּאָליטישע געפאַר פאַר דער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע ליגט באַ היינטיקן טאָג ניט דאָרט, וואו עס זוכן זי די ניי-איסקריסטן, ניט דער געדאַנק וועגן דער רעיואָלוציאָנערער דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פויערטום דאַרף אונז שרעקן, נאָר יענער גייסט פון עקיזם און טאָיסקייט, וועלכער ווירקט פאַנאַנדערלייגנד אַף דער פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט, זייענדיק אויסגעדריקט אין די פאַרשיידענע טעאָריעס וועגן אָרגאַניזאַציע-פּראָצעס, באַוואָפענונג-פּראָצעס אוכעדוימע. אָט נעמט, לעמאָשל, דעם נייעם פאַראַך פון „איסקרא“ דורכצופירן אַ נאַפקעמינע צווישן אַ צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג און דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פויערטום. נו, איז דאָס ניט קיין מוסטער פון טויטער סכאָלאַסטיק? מענטשן, וועלכע טראַכטן אויס אַזעלכע נאַפקעמינעס, זיינען פּעאיק אַף שיינע ווערטער, נאָר זיי זיינען אינגאַנצן ניט פּעאיק צו דענקען. די באַציאונג צווישן די אָנגעוויזענע באַגריפן איז אין דערעמעסן בעערעך אַזאַ, ווי די באַציאונג צווישן דער יורידישער פאָרם און דעם קלאַסן-אינהאַלט. ווער עס זאָגט: „אַ צייטווייליקע רעגירונג“, יענער שטרייכט אונטער די מלוכע=רעכטלעכע זייט פון דער זאַך, די אָפּשטאַמונג פון דער רעגירונג ניט פון דעם געזעץ, נאָר פון דער רעוואָלוציע, דעם צייטווייליקן כאַראַקטער פון דער רעגירונג, וועלכער איז פאַרבונדן מיט דער צוקונפטיקער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. נאָר וואָס פאַר אַ פאָרם עס זאָל ניט זיין, וואָס פאַר אַן אָפּשטאַמונג עס זאָל ניט זיין, וואָס פאַר אַ באַדינגונגען עס זאָלן ניט זיין, אין יעדן פאַל איז קלאָר, אַז אַ צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג קען זיך ניט אָנשפּאַרן אַף געוויסע קלאַסן. עס איז גענוג צו דערמאָנען דעמראָזיקן אַלעפבייס=עמעס, — אַז מע זאָל זען, אַז די צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג קען גאָרניט אַנדערש זיין, אַלס אַ רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פויערטום. אַף אַזאַ אויפן הייסט דאָס, אַז די נאַפקעמינע, וועלכע עס מאַכט די „איסקרא“, שלעפּט נאָר די פּאַרטיי אַף צוריק, צו פּרוכטלאָזע ווערטער=וויקוכים, פון דער אויפגאַבע קאָנקרעט צו אַנאַליזירן די קלאַסן-אינטערעסן אין דער רוסישער רעוואָלוציע.

אָדער נעמט אַן אַנדער כקירע פון „איסקרא“. מיקויעך דעם אויסרוף

„זאָל לעבן די רעוואָלוציאָנערע צייטווייליקע רעגירונג“! באמערקט זי בעדיערעך מוסער: „דאָס צונויפפאָרן פון די ווערטער „זאָל לעבן“ מיט דאָס וואָרט „רעגירונג“ איז מעטאמע די לעפצן“. נו, איז דאָס ניט קיין פוסטע מעליצע? זיי ריידן וועגן אראָפּווארפן די זעלבסטהערשונג און האָבן אין דערזעלבער צייט מוירע צו מעטאמע מאכן זיך מיט א באגריסונג דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג! עס איז בעעמעס וואונדערבאר, וואָס זיי האָבן ניט מוירע צו מעטאמע מאכן זיך מיט א באגריסונג דער רעפובליק: א רעפובליק באדייט דאָך אומפארמיידלעך די עקזיסטענץ פון א רעגירונג, און קיין איין סאָציאל-דעמאָקראט האָט קיין מאָל ניט געצווייפלט, אז דידאָזיקע רעגירונג וועט זיין גראָד א בורזשואזע. נו, וואָס זשע פאר א נאפקעמינע איז צווישן דער באגריסונג א צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג און צווישן דער באגריסונג א דעמאָקראטישער רעפובליק? ניט שוין זשע דארף די סאָציאל-דעמאָקראטיע, די פאָליטישע אָנפירערין פון דעם סאמע רעוואָלוציאָנערן קלאס, געגליכן זיין צו א בלוטלאָזער, היסטערישער אלטער מויד, וועלכע באשטייט דאפקע אף א פייגן-בלעטל: באגריסן דאָס, וואָס עס באדייט א בורזשואז-דעמאָקראטישע רעגירונג, מעג מען, נאָר באגריסן דירעקט א צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראטישע רעגירונג דאָס טאָר מען ניט?

א בילד: דער פעטערבורגער ארבעטער-אויפשטאנד האָט געזיגט. די זעלבסטהערשונג איז אראָפּגעוואָרפן. עס איז דערקלערט א צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג. די באוואָפנטע ארבעטער זיינען זיך מעסאמייעך און רופן אויס: זאָל לעבן די צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג! אָן א זייט שטייען די ניי-איסקריסטן, זיי הויבן צום הימל זייערע צניעשע אויגן, קלאפן זיך אין זייערע עמפינדלעך-מאָראלישע הערצער און זאָגן: אדאנק דעם ריבוינעשעלוילאָם, וואָס מיר זיינען ניט ענלעך אף דידאָזיקע באל-אָווייר עס, וואָס מיר האָבן ניט מעטאָמע געמאכט אונזערע לעפצן מיט צונויפפאָרן אזעלכע ווערטער...

ניין און טויזנט מאָל ניין, כאווייירים! האָט קיין מוירע ניט צו מעטאָמע מאכן זיך דורך דעם, וואָס איר וועט אָפן ענערגישסטן אויפן, פאר גאָרניט ניט אָפּשטעלנדיק זיך, אָנטיילנעמען אין דער רעפובליקאנישער איבערקערעניש צוזאמען מיט דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואזער דעמאָקראטיע, טרייבט ניט איבער די געפארן פון דעמדאָזיקן אָנטייל, מיט וועלכע עס וועט פולקום דורכקומען אונזער אָרגאניזירטער פראָלעטאריאט. כאדאָשים פון רעוואָלוציאָנערער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט און פויערטום וועלן אָפּטאָן מערער, ווי יאָרצענדליקע פון פרידלעכער און אָפּטעמפנדיקער אטמאָספער פון פאָליטישן שטילשטאנד. אויב דער רוסישער ארבעטער-קלאס האָט געקאָנט נאָך דעם 9-טן יאנואר אין באדינגונגען פון פאָליטישער קנעכטשאפט מאָבילוזירן מער פון א מיליאָן פראָלעטאריער פאר א קאָלעקטיווער, שטאנדהאפטער און אויסגעהאלטענער ארויסטרעטונג, — דאן וועלן מיר בא די באדינגונגען פון א רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראטישער דיקטאטור מאָבילוזירן צענדליקער מיליאָנען פון דער

שטאַטישער און דאָרפישער אָרימקייט, מיר וועלן פון דער רוסישער פּאָליטי-שער רעוואָלוציע מאכן א פאָרשפיל פאר אן אייראָפּעאישער סאָציאַליסטישער איבערקערעניש.

„ופּעריאָד" נומר 14
פון 30 מאַרט 1905 י.

# די אינטערנאַציאָנאַלע באדייטונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

אין אַן אַרטיקל *), געווידמעט דעם ערשטן מאַי-יאָנטעוו פון היינטיקן יאָר, כאַראַקטעריזירט קאַוטסקי די רעוואָלוציע, וועלכע עס האָט זיך אָנגע-הויבן אין רוסלאַנד, אַלס איינע פון די רינגען אין דער אַלגעמיינער קייט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אייראָפּע, וועלכע גייט דורך אַ ריי זיך ריכטיק איבערכאַזורנדיקע צעטרייסלונגען צו דער ענדגילטיקער רעוואָלוציע— דער סאָציאַליסטישער. קאַוטסקי ווייזט אָן, אַז נאָך אין 1885 יאָר האָט ענ-געלס פאָרויסגעזאָגט אין זיין פאָרוואָרט צו דער בראָשור פון מאַרקסן: „אַנט-פּלעקונגען מיקויעך דעם פּראָצעס פון די קאָמוניסטן אין קעלן", אַז די „קומענ-דיקע אייראָפּעאישע צעטרייסלונגען וועלן אַף זיך ניט לאַנג לאָזן וואַרטן". אין צוזאמענהאַנג מיט דעם האָט ער אָנגעוויזן, אז אין אונזער יאָרהונדערט כאַזערן זיך איבער די אייראָפּעאישע רעוואָלוציעס פון 1815, 1830, 1848—1852, 1870 יאָרן פּעריאָדיש יעדע 15—18 יאָר".

דידאָזיקע פאָרויסזאָגונג פון ענגעלסן איז געגרינדעט אַף אַ טיפן אַנאַליז פון דער איצטיקער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. אין אַ געזעלשאפט, וועלכע איז פול מיט אומאויסגלייכבאַרע ווידערשפּרוכן, ברענגען אומפאַרמיידלעך יעדע רייבונגען און צוזאַמענשטויסן צווישן קלאַסן סאָפּקאָלסאָף צו שטאַרקע פּאָלי-טישע צעטרייסלונגען, צו פּאָליטישע רעוואָלוציעס. קאָנפליקטן צווישן פאַרשיי-דענע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן,— און זיי בילדן אַ כאַראַקטערישן שטריך פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג,— קענען ניט אויסגעגליכן ווערן אַף אַ פריד-לעכן אויפן, זיי קענען ניט באַזייטיקט ווערן דורך סאָציאַל-רעפאָרמאַטאָרישע קונצן לויטן געשמאַק פון די הערן רעוויזיאָניסטן. אנטוויקלענדיק זיך סטיכיי-איש, וואַקסן דידאָזיקע קאָנפליקטן און פאַרשאַרפן זיך, ביז וואַנען זיי ברענגען צו אַזאַ שאַרפן און גרויסן צוזאַמענשטויס פון געזעלשאפטלעכע קלאַסן, וועל-כער קען געלייזט ווערן נאָר דורך אַ פּאָליטישער רעוואָלוציע. דאָס איז נאָך ניט אַלץ. די אימפּאָזאַנטע ביישפּילן פון דער געשיכטע איז ניט נאָר וואָס זיי פאַרגרינגערן ניט אַף לעהאַבע די שמערצלאָזע ערליידיקונג פון דעם קאָנ-פליקט, נאָר, פאַרקערט, זיי פאַרשווערערן אים אַלץ מער. זיי אַנטוויקלען באַ די הערשנדיקע קלאַסן אַ מוירע פאַר יענע גרויסע איבעראַנדערשונגען, וועלכע

*) פאַרלאַג „Vorvärts" „Maifeier 1905" לעניגס אָנמערקינג.

ווערן אַריינגעטראָגן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן דורך דידאָזיקע פּאָליטישע קאָנ-
פליקטן, און די באַדייטונג פון וועלכע דידאָזיקע הערשנדיקע קלאַסן זיינען ניט
בעקויעך אויסצומעסטן און אָפּצושאַצן. „אַף אַזאַ אויפן, — זאָגט קאַוטסקי, —
וואַקסן די שטערונגען צום סאָציאַלן און פּאָליטישן פּראָגרעס אין דערזעלביקער
מאָס, אין וועלכער די וואַקסנדיקע סאָציאַלע אָנשטרענגונג פאַרשטאַרקט די נויט-
ווענדיקייט פון ענערגישע איבעראַנדערשונגען. אַלס סאָף פון דערדאָזיקער אַנט-
וויקלונג קומט אַלעמאָל אַ שטאַרקע פּאָליטישע צעטרייסלונג — אַ רעוואָלוציע,
וועלכע באַזייטיקט מיט געוואַלט די מעניעס צום פּראָגרעס און מאַכט ווידער
מעגלעך אַף אַ געוויסער צייט דעם פרידלעכן גאַנג פון דער געזעלשאַפטלעכער
אַנטוויקלונג". מיר זעען, אַף אַזאַ אויפן, אז אויך אַפן פּאָליטישן געביט באַ-
מערקט זיך דיזעלביקע דערשיינונג, וועלכע מיר באַאָבאַכטן אין עקאָנאָמישן
לעבן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט: נעמלעך, די שטענדיקע לייזונג
פון אינערלעכע ווידערשפּרוכן פון דערדאָזיקער געזעלשאַפט דורך פּעריאָדישע
רעוואָלוציאָנערע צעטרייסלונגען. ווי דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן פון דער איצ-
טיקער געזעלשאַפט אַנטוויקלט זיך אומפאַרמיידלעך דורך אַ ריי שטויסן און
שפּרונגען פון עקאָנאָמישער אויפבליאונג צו קריזיסן מיט אַלע זייערע אומגליקן,
און פון קריזיסן ווידער צו אויפבליאונג פון דער אינדוסטריע, אַזוי איז אויך
דאָס פּאָליטישע לעבן פון דערדאָזיקער געזעלשאַפט פאַרמישפּעט אַף זיך שטענ-
דיק איבערכאַזערנדיקע קאַטאַסטראָפן, וועלכע זיינען געוואָרן ווי נאָרמאַלע
שטופּן פון דער אַנטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. און אויב די
דערפאַרונג לערנט אונז, אז דער עקאָנאָמישער ציקל פאַרענדיקט זיך בעערעך
אין 10 יאָר, באַווייזט אונז אויך דיזעלבע דערפאַרונג, אַז פאַרן פּאָליטישן ציקל
פאָדערט זיך פון 15 ביז 20 יאָר.

דערדאָזיקער אַנאַליז פון די אייגנאַרטיקע פאָרמען פון דער פּאָליטישער
אַנטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט האָט געצוואונגען ענגעלסן
צו מעשאַער זיין, אַז נאָך דער רעוואָלוציאָנערער דערשיטערונג פון 1870 יאָר
דאַרף אייראָפּע איבערלעבן אַן ענלעכע דערשיטערונג אין סאָף פון די 80-ער
און אין אָנהויב פון די 90-ער יאָרן. און דידאָזיקע האַשאָרע זיינע איז מע-
קויעם געוואָרן. ווי באַקאַנט, האָט זיך נאָך 1870-טן יאָר דער שווערפּונקט פון
פּאָליטישן לעבן פון אייראָפּע, וועלכער האָט זיך פריער געפונען אין ענגלאַנד
און אין פראַנקרייך, איבערגעטראָגן אין דייטשלאַנד. אַלעמען איז באַקאַנט,
וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלן עקאָנאָמישן אויפשטייג און צוזאַמען מיט דעם אויך
וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלן וואוקס פון פּאָליטישע קויכעס עס האָט איבערגעלעבט
דייטשלאַנד נאָכן ניצאָכן איבער פראַנקרייך. אַריינוואַרפנדיק זיך אין קאַפּיטאַ-
ליסטישן קעסלגרוב, איז דייטשלאַנד אַריינגעפאַלן אין ווירקונגס-קרייז פון יענע
אינערלעכע ווידערשפּרוכן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, וועגן וועלכע
מיר האָבן אויבן גערעדט. דער קאָנפליקט צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער
בורזשואַזיע, וועלכער האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט פרידלעך געלייזט ווערן
אַפן באָדן פון היינטיקע ווירטשאַפטלעכע באַציאונגען, איז אַלץ געוואַקסן און
פאַרשאַרפט זיך. אַפילע יענע פאַרהעלטניסמעסיקע פרייהייט, וועלכע האָט

געגעבן דעם פראָלעטאריאט אַזאַ, לעמאָשל, שטאַרק קאַמפּס-געווער, ווי דאָס אַלגעמיינע וואַלרעכט אין רייכס-פּאַרלאַמענט, האָט ניט נאָר ניט געדינט פאַר אַן אויסגאַנגס-פּונקט פאַר אַ פרידלעכער לייזונג פון קאָנפליקט, נאָר, פאַרקערט, זי איז געוואָרן אַ קעגנשטאַנד פאַר אָנפאַלן מיצאַד דער בורזשואַזיע. דערדאָזיקער קאָנפליקט האָט זיך אין דייטשלאַנד, ווי באַוואוסט, אויסגעדריקט אין אַ פּרוואוו אָפּצונעמען די פּאָליטישע רעכט באַם פּראָלעטאריאט (דער אויסנאַמגעזעץ קעגן די סאָציאַליסטן), אַ פּרוואוו, וועלכער האָט נאָך מער קאָמפּליצירט דעמדאָזיקן קאָנפליקט און האָט געבראַכט סאָפקאָלסאָף צום פולשטענדיקן קראַך פון דער גאנצער פּאָליטיק פון ביסמאַרקן. פאַרשטייט זיך, אַז דידאָזיקע גרויסע דערשיטערונג האָט ניט דערגרייכט צו דעם קויעך פון אַ רעוואָלוציע. דער פּראָלעטאריאט איז נאָך געווען צו שוואַך; דער בורזשואַזער ליבעראַליזם האָט זיך געפונען אין אַ צושטאנד פון דעפּרעסיע, און דידאָזיקעביידע קויכעס האָבן ניט געקאָנט אויסנוצן די פּאָליטישע קאַטאַסטראָפע צוליב דעם, קעדיי אָף לאַנג אָפּצורייניקן דעם וועג פאַרן פּראָגרעס. דאָך, ווייזט אָן קאַוטסקי, האָט דידאָזיקע דערשיטערונג געהאט אַן אַלאייראָפּעאישן כאַראַקטער און האָט אַרויסגערופן נאָך זיך עטלעכע יאָר פון אינטענסיוון פּאָליטישן לעבן און פּראָגרעס. אַזוי האָט פראנקרייך באקומען אין 1892 יאָר אַ 10-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג און אַ באדייטנדע פאָרשטייערשאפט פון סאָציאַליסטן אין פּארלאמענט; בעלגיע האָט באקומען אַלגעמיינע, כאָטש אַפילע ניט גלייכע, וואַל-רעכט; אין דערזעלבער צייט האָט זיך אין גלאַדסטאָנס*) מיניסטעריום ערנסט באַהאַנדלט די פּראַגע וועגן אַן 8-שאָעדיקן ארבעטס-טאָג; און פאר אַ שלוס-אַקט פון דעמדאָזיקן פּראָגרעסיוון פּעריאָד קען מען רעכענען די אַגיטאציע פאר אלגעמיינע וואַל-רעכט אין עסטרייך אין 1896 יאָר. יאָ, דאָס איז ניט געווען קיין רעוואָלוציע אין אייגנטלעכן זין פון וואָרט. ווייל זי האָט געלאָזן נאָך זיך אַסאַך ניט געלייזטע פּראגן, אַסאַך ניט-צעריסענע קייטן. נאָר דאָס איז געווען אָן אַ סאָפעק אַ גרויסע דערשיטערונג — אַ פּויעליויצע פון דעם צייטיק-געוואָרענעם קאָנפליקט. זי האָט, פאַרשטייט זיך, ניט באַרעכטיקט די האָפענונגען פון אסאך פּערזאָנען און האָט בא אסאך אַרויסגערופן אַ פינסטערן פּעסימיזם. אפן באָדן פון פּאָלישן שטילשטאנד, וועלכער האָט געהערשט נאָך דערדאָזיקער דערשיטערונג, איז אויפגעוואקסן די טויטנדיקע טעאָריע, וועלכע האָט געלערנט, אז אזא מין שטילשטאנד איז טאקע דער זיכערסטער וועג פון פּראָגרעס, אז נאָר אָף אזא אופן גייט די באוועגונג שטארק פּאָרויס, אז אָף קאטאסטראָפעס און דערשיטערונגען קענען רעכענען נאָר יענע מענטשן, וועמעס געדאנק עס איז צוגעשמידט צו די טראדיציעס פון דער פארגאנגענהייט. די אנהענגער פון דעמדאָזיקן נייעם קוק האָבן זיך אָף אייביק געזעגנט מיט דער רעוואָלוציע גראד אין דער צייט, ווען עס האבן זיך שוין אָנגעהויבן צו באווייזן די ערשטע סימאָנים פון דער זיך אנרוקנדיקער רעוואלוציאנערער קאטאסטראפע. אין 15 יאר ארום נאך די וואלן, וועלכע האבן דערלאנגט א טויט-קלאפּ ביסמארקס רעגירונג, איז פאָרגעקומען דער ארבעטער-אויפשטאנד פון 9-טן (22) יאנוואר אין פּע-

*) בארימטער ענגלישער ליבעראלער פּאָליטיקער. א י ב ע ר ז.

טערבורג, וועלכער האט געמאכט דעם אנהויב פון דער רוסישער רעוואלוציע. „נאר דאס וועט זיין א מעכטיקערע רעוואלוציע, איידער די דערשיטערונג פון 1890 יאר, — שרייבט קאוטסקי, — זי וועט דערפירן ביזן סאף אלץ דאס, וואס די ערשטע האט געלאזן ניט פארענדיקט. זי איז שוין דערפאר א מער מעכטיקע, ווייל זי פאלט אן אפן נעסט פון יעדער מין רעאקציע און פארוואנדלט אים אין א צענטר פון דער רעוואלוציע. אויב אין 1890 יאר האט די אייראפעאישע דערשיטערונג געטראגן אזא פרידלעכן כאראקטער, ווערט עס, אגעווי, דערקלערט אויך דערמיט, וואס זי איז צוזאמענגעפאלן מיטן מאמענט פון דער פולשטענדיקער אונטערדריקונג פון יעדער אָפּאָזיציאנעלער באוועגונג אין רוסלאנד. דעם צאריזם איז געלונגען נאכאמאל צו צעברעכן און צעדריקן די דאזיקע באוועגונג נאָך די ריזיקע אנשטרענגונגען פון 1778—1881 יארן, און צום סאף פון די 80-ער יארן האט א בייסאלמען-שטילקייט געהערשט איבער דער קאלאסאלער רוסלענדישער אימפעריע.

מע האָט געדארפט זיין אַ „מאַרקסיסט-דאָגמאַטיקער“ *), קעדיי צו האָבן די דרייסטקייט אין 1889 יאָר אפן פאַריזער אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס פאָרויסצוזאָגן, ווי דאָס האָט געטאָן פלעכאַנאָוו, אז „די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג וועט מענאַצייעך זיין אין רוסלאַנד, ווי אַן אַרבעטער-באַוועגונג“. איצטער איז די דאָזיקער ניצאָכן, ענדלעך, געקומען, דער ניצאָכן ניט נאָר פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, נאָר אויך פון דער מאַרקסיסטישער דאָגמע, וועלכע האָט דערלויבט פאָרויסצוזאָגן ניט נאָר די אָנקומענדיקע רעוואָלוציע, נאר אויך אירע טרעגער, אין יענער צייט ווען עס איז אומעגלעך געווען צו אַנטדעקן דעם קלענסטן סימען פון אַ באוועגונג אין דער צאַרן-אימפעריע.

לויט דער מיינונג פון קאוטסקין, קומט איצט פאָר אין רוסלאַנד אַן עמעסע רעוואָלוציע, דערצו אַזאַ רעוואָלוציע, אין וועלכער די פויערשע היי־גאָפלען וועלן ווארשיינלעך שפילן די געהעריקע ראָלע. די רוסישע זעלבסטהערשונג שטעלט מיט זיך איצטער פאָר אַ מין סימבאלישע פאַרקערפערונג פון דער ווילדער רעאָקציע, א פארקערפערונג פון אַלע גראָבע קיכעס, וועלכע זיינען נאָר פעאיק בא היינטיקן טאָג אָפּצוהאלטן דעם פראָגרעס פון דער אייראָפּעאישער קולטור. אויב דאָס פאלן פון דער אלטער אָרדענונג אין פראנקרייך אין XVIII יאָרהונדערט האָט באַדייט דאָס פאַלן פון דער אַריסטאָקראַטיע, וועלכע איז געווען די טרעגערין פון דער העכסטער און ראַפינירטסטער קולטור, האָט ניט די רוסישע „אַלטע אָרדענונג“ אפילע דידאָזיקע פאַרדינסטן. פאַרקערט, זי איז אַ שטערונג פאר יעדער קולטור, פאַר יעדער אַנטוויקלונג.

עס איז, פאַרשטייט זיך, אומעגלעך פאָרויסצוזאָגן דעם פאָרנעם פון דער רוסישער רעוואָלוציע און אירע פאָלגן. אָן אַ סאָפעק איז נאָר דאָס, אַז זי וועט זיך ניט באַגרעניצן מיט רוסלאַנד, אז זי וועט האָבן אַן אלאייראָפּעאישע באַדייטונג.

*) דאָגמע הייסט בוכשטעבלעך—טוירע. דאגמאטיקער—א מענטש, וואס היט די טוירע ביזן לעצטן פינטעלע פון יוד. איבערז.

דאס פאַלן פון דער זעלבסטהערשונג וועט זיך שרעקלעך אָפּרופן אַפן עקאָנאָמישן לעבן פון מערעוו-אייראָפּע און וועט דערלאַנגען אַ שווערן קלאַפּ דעם קאַפּיטאַליזם, באַזונדערס אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד, וועלכע האבן אריינגעלייגט מיליאַרדן אין דער זאַך פון באַפעסטיקן די רוסישע זעלבסטהערשונג. שרעקלעך וועט עס זיך אָפּרופן אויך אַפן פּאָליטישן לעבן פון אייראָפּע: עס וועט פאַרכאַפּן די נאַציאָנאַליטעטן, טיילן פון וועלכע עס גייען אריין אין באשטאַנד פון דער רוסלענדער אימפעריע; עס וועט אונטערגראָבן די עצעם יעסוידעס פון די פּאָליטישע קאָנסטיטוציעס פון די מלוכעס, וועלכע גרעניצן מיט רוסלאַנד. דאס וועט אַרויסרופן אַ טיפע אויפרעגונג בא דעם פּראָלעטאריאַט פון דער גאנצער וועלט, עס וועט בא אים דערוועקן האָפענונגען, עס וועט אים שטויסן צום קאַמף. „מיר ווייסן נאָך ניט,—זאָגט קאוטסקי,— צי וועט זיין דידאָזיקע באַוועגונג איינע פון יענע דערשיטערונגען, וועלכע כאַזערן זיך רעגלמעסיק איבער יעדע 15—20 יאָר אין דער קאַפּיטאליסטישער געזעלשאַפט פון אייראָפּע, אדער דאָס וועט זיין שוין אַן אָנהויב פון א ר ע וו אָ ל ו צ י ע, פון דער לעצטער גרויסער רעוואָלוציע, וועלכע שליסט דעם ציקל פון קאַפּיטאליזם-רעוואָלוציעס, קעדיי צו שאַפן נייע פאָרמען פון אנטוויקלונג. נאָר, וואס עס זאָל זיך ניט טרעפן, שטייען אונז פאָר גרויסע געשעענישן, אַ גרויסער קאמף, גרויסע ניצכוינעס. דאָס פילט דער פּראָלעטאריאט אומעטום, ער רעגט זיך אויף און גרייט זיך מיט א גרעסערער היץ, איידער ווען ניט איז פריער”.

די פּערספּעקטיוון, וועלכע זיינען אויסגעמאָלט דורך קאוטסקין, צייכענען זיך אויס, בא זייער גאַנצער גראַנדיעזקייט, מיט אַ באַזונדער וואַרשיינלעכקייט, מע וואלט אַפילע געקענט זאָגן — מיט אַ באַזונדער ניכטערקייט. זיי ווייזן אָן, וואָס פאַר א גרויסע און פאַראַנטוואָרטלעכע וועלט-אויפגאַבע עס ליגט אַף דער רוסישער רעוואָלוציע און אַף איר הויפּט-טוער — דעם רוסישן פּראָלעטאריאַט. פון דעם אדער יענעם אויסגאַנג פון דעם אויפשטאנד אין רוסלאַנד הענגט אָפּ: א שטויס טאָן אייראָפּע אַפן וועג פון אַ רעוואָלוציאָנערער איבערקערעניש אדער אָפּרוקן די אַנטשיידונג פון דעם רייף-געוואָרענעם קאָנפליקט אַף אַ מער אָדער ווייניקער לאַנגער צוקונפט. און דאָס באוואוסטזיין פון דערדאָזיקער וועלט-אויפגאַבע דאַרף פאַרשטארקן די ענערגיע פון רוסישן פּראלעטאַריאט אין דער אַקטיווער אָרגאניזירונג פון אויפשטאנד קעגן דער זעלבסטהערשונג, אין דעם אומבעראכמאָנעסדיקן קאַמף פאַר א דעמאָקראטישע רעפּובליק, אין דער אומבעראכמאָנעסדיקער דערשטיקונג פון יעדע קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע פּרואוון. נאָר אלט אָנפירער אין דער פאָרשטייענדיקער רעוואָלוציע וועט דער רוסלענדער פּראלעטאריאט קענען אויספירן יענע גרויסע באַפרייאונגס-מיסיע, וועלכע עס לייגט אַף אים אַרויף דער איצטיקער היסטאָרישער מאמענט.

„פּראלעטארי” נומער 2
פון 21-טן מאי 1905 יאָר.

# וועגן דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג.

ערשטער אַרטיקל. פּלעכאַנאָווס היסטאָרישע אויסקונפט.

דער דריטער צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע מיקויעך דער פראַגע וועגן אַ צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. די דאָזיקע רעזאָלוציע דריקט גראַד אויס די פּאָזיציע, וועלכע מיר האָבן פאַרנומען אין אונזער צייטונג „וופּעריאָד". מיר ווילן איצט צוטרעטן אויספירלעך צו פאַנאַנדערקלייבן אַלע דערווידערונגען קעגן אונזער פּאָזיציע און אויפקלערן פון אַלע זייטן דעםווירקלעכן פּרינציפּיעלן זין און די פּראַקטישע באַדייטונג פון דער צוזאַמענפאָר-רעזאָלוציע. מיר וועלן אָנהויבן פון פּלעכאַנאָווס פּרואוו אַוועקצושטעלן די דאָזיקע פראַגע אַף אַ ריין פּרינציפּיעלן באָדן. פּלעכאַנאָוו האָט אַ נאָמען געגעבן זיין אַרטיקל: „צו דער פראַגע וועגן פאַרכאַפּן די מאַכט". ער קריטיקירט „די טאַקטיק, וועלכע איז געריכטעט (וואַרשיינלעך פון „וופּעריאָד") צו פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט דורכן פּראָלעטאַריאַט". יעדער, ווער עס איז באַקאַנט מיטן „וופּעריאָד", ווייס אויסגעצייכט, אַז אין דערעמעסן האָט „וופּעריאָד" קיינמאָל ניט אויפגעהויבן די פראַגע וועגן פאַרכאַפּן די מאַכט און האָט קיין שום „טאַקטיק צו פאַרכאַפּן" ניט געריכטעט. פּלעכאַנאָוו סטאַרעט זיך צו פאַרטוישן די פראַגע, וועלכע איז ווירקלעך באַהאַנדלט געוואָרן, מיט אַן אַנדערער, אַן אויסגעטראַכטער; קעדיי צו איבערצייגן זיך אין דעם, דאַרף מען נאָר דערמאָנען זיך דעם גאַנג פון שטרייט.

מאַרטינאָוו האָט דער ערשטער אַרויסגערוקט די פראַגע אין זיינע באַרימטע „צוויי דיקטאַטורן". ער האָט באַהויפּטעט, אַז אויב אונזער פּאַרטיי וועט נעמען אַן אָנפירנדיקן אנטייל אין אויפשטאַנד, וועט זי שוין מוזן, אין פאַל פון אַ דערפאָלג, אנטיילנעמען אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג; אזא אנטייל איז אָבער פּרינציפּיעל ניט דערלאָזבאַר און ער קען פירן בלויז צו אַ פאַרדאַרבנדיקן און קאָמפּראָמעטירנדיקן סאָף. „איסקראַ" האָט פאַרטיידיקט די דאָזיקע פּאָזיציע. „וופּעריאָד" האָט דערווידערט, אַז אַזאַ סאָף איז, פאַרקערט, דער מער ווינשנסווערטער; אַז דער אָנטייל פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דער צייטווייליקער רעגירונג, וואָס עס באַדייט די דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום, קאָן דערלאָזן ווערן; אַז אָן אַזאַ דיקטאַטור וועט זיך ניט איינגעבן איינצוהאַלטן די רעפּובליק. אַף אזא אויפן האָבן ביידע שטרייטנדיקע צדדים, ענטפערנדיק אַף דער פראַגע, וועלכע עס האָט אַוועקגעשטעלט מאַרטינאָוו, אָנגענומען צוויי האַשאָרעס און זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין די אויספירן: ביידע האָבן אָנגענומען 1) דעם אָנפירנדיקן אנטייל פון דער פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט אין דעם אויפשטאַנד; 2) דעם זיג פון דעם אויפשטאַנד און די פולשטענדיקע נידערוואַרפונג פון דער זעלבסטהערשונג. פאַנאַנדערגעגאַנגען זיינען זיי זיך אין דער אָפּשאַצונג פון די טאַקטישע אויספירונגען, וועלכע זיי מאַכן פון די דאָזיקע האַ-

שאַרעס. ניט שוין זשע איז דאָס ענלעך אַף אַ „טאַקטיק, וועלכע איז געריכטעט (!!) צו פאַרניכטן (??) די מאַכט״? ניט שוין זשע איז ניט קלאָר, אַז פלעכאַנאָוו שטרעבט אויסצודרייען זיך פון דער מאַרטינאָווישער שטעלונג פון דער פראַגע, וועלכע איז באַהאַנדלט געוואָרן דורך „איסקרא״ און „וופעריאָד״? מיר האָבן געשטריטן וועגן דעם, צי איז געפערלעך, צי איז פאַרדארבנדיק די זיגרייכע דורכפירונג פון דעם אויפשטאַנד, וויבאַלד זי קען ברענגען צו דער נויטווענדיקייט אנטייל צו נעמען אין דער צייטווייליקער רעגירונג. פלעכאַנאָוו דריקט אויס אַ וואונש אַ שטרייט צו טאָן וועגן דעם, צי דאַרף מען ריכטן די טאַקטיק צו פאַרכאַפּן די מאַכט. מיר האָבן מוירע, אַז פלעכאַנאָווס וואונש (וועלכער איז פאַרשטענדלעך בלויז פון שטאַנדפונקט פון פאַרווישן מאַרטינאָווס שטעלונג פון דער פראַגע) וועט בלייבן נאָר אַלס פרומער וואונש, ווייל קיינער האָט אַף דערדאָזיקער טעמע ניט געשטריטן און שטרייט ניט.

וואָס פאַר אַ באַדייטונג עס האָט דידאָזיקע פאַרטוישונג פון דער פראַגע אין דער גאַנצער אַרגומענטירונג פון פלעכאַנאָוון, קען מען זעען באַזונדערס דייטלעך פון דעם עפּיזאָד מיט די „קינסטלער פון פיליסטערטום״. פלעכאַנאָוון לאָזט ניט צורו דערדאָזיקער אויסדרוק, וועלכן עס האָט באַנוצט „וופעריאָד״. פלעכאַנאָוו קערט זיך צו אים אום אַ מאָל זיבן, איבערצייגנדיק מיט קאַעס און גרימצאָרן זיינע לעזער, אַז „וופעריאָד״ האָט געוואַגט אָנצורופן מאַרקסן און ענגעלסן מיט דעמדאָזיקן ניט זייער ליבנסווירדיקן עפּיטעט, אַז „וופעריאָד״ הויבט אָן צו „קריטיקירן״ מאַרקסן אוכעדוימע און א. וו. מיר פאַרשטייען אויסגעצייכנט, אַז פלעכאַנאָוון, וועלכער האָט זיך געשטעלט דעם ציל ריין צו וואַשן מאַרטינאָוון און „מעוואַטל״ צו זיין דעם „וופעריאָד״, וואָלט געוועזן זייער אנגענעם, ווען „וופעריאָד״ וואָלט געזאָגט כאָטש אַ וועלכע ניט איז ענלעכע אומגעלומפּערטקייט, וועלכע עס שרייבט אים צו פלעכאַנאָוו, נאָר די מאַיסע איז דאָס, וואָס „וופעריאָד״ האָט עטוואָס ענלעכעס ניט געזאָגט. און יעדער אויפמערקזאַמער לעזער וועט לייכט דעמאַסקירן פלעכאַנאָוון, וועלכער האָט פאַרדרייט אַן אינטערעסאַנטע פּרינציפּיעלע פראַגע דורך קליינלעכע און ניטווירדיקע צוטשעפּענישן.

ווי לאַנגווייליק עס זאָל ניט זיין צו ענטפערן אַף צוטשעפּענישן, קומט דאָך אויס אויספירלעך צו דערקלערן, אין וואָס איז ווירקלעך באַשטאַנען דערדאָזיקער עפּיזאָד מיט די באַרימטע „קינסטלער פון פיליסטערטום״. „וופעריאָד״ האָט אַזוי געאורטיילט. מיר ריידן אַלע וועגן דערקעמפן אַ רעפּובליק. קעדיי צו דערקעמפן זי אין דערעמעסן איז נויטיק, אַז מיר זאָלן „צוזאַמען שלאָגן״ די זעלבסטהערשונג, — מיר, ד. ה. דאָס רעוואָלוציאָנערע פאָלק, דער פראָלעטאַריאַט און דאָס פויערטום. נאָר דאָס איז נאָך ניט גענוג. עס איז ניט גענוג אַפילע „צוזאַמען דערשלאָגן״ די זעלבסטהערשונג, ד. ה. אינגאַנצן אַראָפּוואַרפן די זעלבסטהערשערישע רעגירונג. עס איז נאָך נויטיק „צוזאַמען אָפּצושלאָגן״ די אומפאַרמיידלעך פאַרשטייענדיקע גוואַלטיקע פרואוון אויפצושטעלן די אַראָפּגעוואָרפענע זעלבסטהערשונג. אָט דאָסדאָזיקע „צוזאַמען אָפּשלאָגן״, אַנגעווענדעט צו אַ רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע, באַדייט ניט קיין אַנדער זאַך,

ווי די רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטישע דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט און פּוי-ערטום, באדייט — דעם אנטייל פון פּראָלעטאריאט אין דער רעוואָלוציאָנע-רער רעגירונג. דעריבער איז מענטשן, וואָס שרעקן דעם ארבעטער-קלאס מיט דער מעגלעכער פּערספּעקטיוו פון דערדאָזיקער דיקטאטור, ד. ה. אזעלכע מענטשן, ווי מארטינאָוו און ל. מארטאָוו אין דער נייער „איסקרא״, פאלן אריין אין א ווידערשפּרוך מיט זייערע אייגענע לאָזונגען פון קאמף פאר א רעפּוב-ליק און פאר דערפירן די רעוואָלוציע ביזן סאָף. דידאָזיקע מענטשן אורטיילן, אין טאָך גענומען, אזוי, פונקט ווי זיי וואָלטן געוואָלט באגרעניצן, פארמינערן זייער קאמף פאר פרייהייט, — נעמלעך אָפּמעסטן זיך פון פארויס דעם בא-שיידנסטן שטיקל פון דעראָבערונגען, א וועלכע ניט איז קיצער-קאָנסטיטוציע אָנשטאָט א רעפּובליק. אזעלכע מענטשן, האָט געזאָגט „וופּעריאָד״, וואולגא-ריזירן פיליסטעריש די באוואוסטע מארקסיסטישע האנאָכע וועגן די דריי הויפּט-קריכעס פון דער רעוואָלוציע פון XIX (און פון XX) יאָרהונדערטס און פון די דריי הויפּט-סטאדיען אירע. דידאָזיקע האנאָכע באשטייט דערין, וואָס די ער-שטע סטאדיע פון דער רעוואָלוציע איז די באגרעניצונג פון דעם אבסאָלוטיזם, וועלכע באפרידיקט די בורזשואזיע; די צווייטע — דאָס דערקעמפן פון א רע-פּובליק, וועלכע באַפרידיקט דאָס „פאָלק״, ד. ה. דאָס פויערטום און דאָס קליינבירגערטום ביכלאל; די דריטע — די סאָציאליסטישע איבערקערעניש, וועלכע קען נאָר אליין באפרידיקן דעם פּראָלעטאריאט. „דאָסדאָזיקע בילד איז ריכטיק אין אלגעמיין און גאנצן״, האָט געשריבן „וופּעריאָד״. מיר האָבן פאר זיך ווירקלעך אן אויפשטייג אף דידאָזיקע דריי פארשיידענע סכעמאטישע טרעפּלעך, פארשיידענע לויט דעם, וואָס פאר א קלאסן עס קענען אין בעסטן פאל באגלייטן אונז אין דעמדאָזיקן אויפשטייג. נאָר אויב מיר וועלן דידאָזי-קע ריכטיקע מארקסיסטישע סכעמע פון דריי שטופן אזוי פארשטיין, אז ביז יעדן אויפשטייג נאָך דארף מען אָפּמעסטן זיך פון אפריער א בא-שיידענינקע מאס, לעמאָשל, ניט מער פון איין שטאפל, אויב מיר וועלן לויט דערדאָזיקער סכעמע, ביז יעדן אויפשטאנד נאָך „צוזאמענשטעלן זיך א פּלאן פון טעטיקייט אין א רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע״, דאן וועלן מיר זיין קינסטלער פון פיליסטערטום.

אָט ווי עס איז באהאנדלט געוואָרן די פראגע אין „וופּעריאָד״ נום. 14. און דאָ טאקע האָט זיך מעיאשעוו געוועזן פּלעכאנאָוו צוטשעפּען זיך צו די לעצטע אונטערגעשטראָכענע ווערטער. „וופּעריאָד״, — דערקלערט ער מיט ניצאָכן, — האָט אף אזא אויפן אָנגערופן מארקסן פיליסטער, ווייל מארקס האָט גראָד לויט דערדאָזיקער סכעמע צוזאמענגעשטעלט זיך א פּלאן פון טעטיקייט אין דער סאמע רעוואלוציאנערער עפּאָכע!

אַ באַווייז? דער באַווייז באַשטייט אין דעם, וואָס אין 1850 יאָר, ווען דאָס רעוואָלוציאָנערע פאָלק פון דייטשלאַנד האָט באַקומען אַ מאַפּאָלע אין קאַמף פון 1848—1849 יאָרן, ניט זייענדיק בעקויעך צו דערשלאָגן די זעלבסט-הערשונג, ווען די ליבעראַלע בורזשואַזיע האָט שוין באַקומען אַ קיצער-קאָנ-סטיטוציע און איז איבערגעגאַנגען אַף דער זייט פון דער רעאַקציע, —מיט איי-

וואָרט, ווען די דייטשישע דעמאָקראַטיש־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט זיך אויפגעהויבן נאָר אַף דעם ערשטן טרעפּל און האָט זיך אָפּגעשטעלט, ניט האָבנדיק קיין קויעך אויפצוהויבן זיך העכער, דאַן... דאַן האָט מאַרקס געזאָגט, אַז דער נייער רעוואָלוציאָנערער אויפשטייג וועט זיין אַן אויפשטייג אַף דעם צווייטן טרעפּל.

איר שמייכלט, לעזער? דער סילאגיזם *) בײַ פּלעכאַנאָוון האָט זיך באַקומען אין דערעמעסן אַביסל... ווי זאָל מען זיך דאָס ווייכער אויסדריקן?... אַ „דיאַלעקטישער". אַזוי ווי מאַרקס האָט אין אַן אַנטשפּרעכנדיקן קאָנקרעטן מאָמענט פון אַן אַנטשפּרעכנדיקער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע געזאָגט, אַז נאָך דעם פאָרגעקומענעם אויפשטייג אַפן ערשטן שטאַפּל שטייט פאר אַן אויפשטייג אפן צווייטן, — איז דערפאַר קענען נאָר „קריטיקער" פון מאַרקסן אָנרופן פיליסטערן אַזעלכע מענטשן, וועלכע שרעקן אונז נאָך ביזן אויפשטייג אַפן ערשטן שטאַפּל מיט דער שרעקלעכער פּערספּעקטיוו פון אַ שפּרונג (אין פאַל פון אַ באַזונדערס געלונגען אָרגאַניזירטן און דורכגעפירטן אויפשטאַנד) אף צוויי שטאַפּלען מיטאַמאָל.

יאָ, יאָ, ניט קיין גוטע זאַך איז די „קריטיק" פון מאַרקסן... און גאָר ניט קיין גוטע זאַך איז—אומגעלונגען סוימעך זיין זיך אַף מאַרקסן. מאַרטינאָוו האָט אומגעלונגען אויסגעטייטשט מאַרקסן. פּלעכאַנאָוו האָט אומגעלונגען פאַרטיידיקט מאַרטינאָוון.

און זאָל זיך ניט צוטשעפּען צו אונזערע ווערטער אַ וועלכער ניט איז לעזער און ניט מאַכן קיין אויספיר, אַז מיר פריידיקן אַ „טאַקטיק, וועלכע איז געריכטעט" צו אָבליגאַטאָרישע שפּרונגען איבער אַ טרעפּל, אומאָפּהענגיק פון דער פאַרהעלטעניש פון די געזעלשאַפטלעכע קויכעס. ניין, קיין שום ענלעכע פּראַקטיק פריידיקן מיר ניט. מיר קעמפן נאָר קעגן דער ווירקונג אַפן פּראָלעטאַריאַט פון אַזעלכע מענטשן, וועלכע זיינען פעאיק צו ריידן וועגן אַ רעפּובליק און וועגן דערפירן די רעוואָלוציע ביזן סאָף און שרעקן אין דערזעלבער צייט זיך און אַנדערע מיט דער מעגלעכקייט פון אַן אָנטייל אין דער דעמאָקראַטישער דיקטאַטור. מיר האָבן שוין באַמערקט אין נומער 14 „וופּעריאָד", אַז נאָך דעם איצטיקן רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג וועט די רעאַקציע געוויס זיין אומפאַרמיידלעך, נאָר זי וועט בײַ אונז אָפּנעמען אלץ וויניקער פרייהייט, וואָס מער מיר וועלן איצטער דערקעמפן און וואָס אומבעראַכמאָנעסדיקער מיר וועלן דריקן און פאַרניכטן די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע קויכעס אין דער עפּאָכע פון דער מעגלעכער (און ווינשנסווערטער) דעמאָקראַטישער דיקטאַטור. מיר האָבן באַמערקט אויך אין נום. 14 „וופּעריאָד", אַז די פראַגע אַליין וועגן דערדאָזיקער דיקטאַטור האָט אַ זין נאָר, ווען מע האַלט פאַר מעגלעך אַזעלכע מינע געשעענישן, ווען די דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע דערגייט ביז דער פול-

*) סילאָגיזם—אַ געדאַנקענבוי לויט אַזאַ פאָרם, לעמאָשל: אַלע מענטשן זיינען שטערבלעך, כאַים איז אַ מענטש. אַלזאָ איז כאַים שטערבלעך. איבערז.

שטענדיקער נידערוואַרפונג פון דעם אַבסאָלוטיזם, ביז אַ רעפּובליק, און שטעלט זיך ניט אָפּ אַפן האַלבן וועג *).

לאָמיר איצט איבערגיין פון דעם עפּיזאָד מיט די „קינסטלער פון פיליס-טערטום" צום אינהאַלט פון דער באַרימטער „ווענדונג" (פון צענטראַל-קאָמי-טעט פון דעם פאַרבאַנד פון קאָמוניסטן צו די מיטגלידער פון פאַרבאַנד, אין מאַרט 1850 יאָר), וועלכע איז ציטירט פון פּלעכאַנאָוון. אין דערדאָזיקער העכסט אינטערעסאַנטער און באַלערנדיקער ווענדונג (וועלכע עס איז קעדאַי איבערצו-זעצן אינגאַנצן אַף רוסיש) באַטראַכט מאַרקס אַ קאָנקרעטע פּאָליטישע סיטואַציע אין דייטשלאַנד אין 1850 יאָר. ער ווייזט אָן אַף דער וואַרשיינלעכקייט פון אַ נייעם פּאָליטישן אויפרייס, ער קאָנסטאַטירט די אומפאַרמיידלעכקייט פון דעם, אַז, אין פאַל פון אַ רעוואָלוציע, וועט די מאַכט אַריבערגיין צו דער רעפּובלי-קאַנישער, קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, און ער אַנאַליזירט די טאַקטיק פונם פּראָלעטאַריאַט, באַזונדערס באַטראַכטנדיק די טאַקטיק ביז דער רעוואָלוציע, בעת דער רעוואָלוציע און נאָך דעם זיג פון דער קליינביר-גערלעכער דעמאָקראַטיע. מאַרקס באַשטייט אַף דער נויטווענדיקייט צו באַשאַפן אַ „זעלבשטענדיקע געהיימע און אָפענע אָרגאַניזאַציע פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי", ער קעמפט מיט אַלע קויכעס קעגן „איר דערנידערונג ביז דער ראָלע פון אַ צוגאָב צו דער אָפיציעלער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע", ער שטרייכט אונטער די וויכטיקייט פון באַוואָפענען די אַרבעטער, פון בילדן אַ זעלב-שטענדיקע פּראָלעטאַרישע גוואַרדיע, פון אַ שטרענגער אויפזיכט פון די פּראָלעטאַריער איבער דער פאַרעטערישער, קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטיע און אַז. וו.

אין דער גאַנצער „ווענדונג" רעדט זיך קיין וואָרט ניט וועגן דעם אָנטייל פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, ניט וועגן דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום. פּלעכאַנאָוו מאַכט דערפון אַן אויספיר, אַז מאַרקס „האָט קענטיק אַפילו ניט דערלאָזן דעם געדאַנק וועגן דעם, אַז פּאָליטישע פאָרשטייער פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט קענען צוזאַמען מיט די פאָר-שטייער פון דאָס קליינבירגערטום אַרבעטן אַף דער באַשאַפונג פון אַ נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג". די לאָגיק פון דעמדאָזיקן אויספיר הינקט. מאַרקס הויבט ניט אויף די פראַגע וועגן אָנטייל פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, און פּלעכאַנאָוו מאַכט דעם אויספיר, אַז מאַרקס לייזט דידאָזיקע פראַגע אין אַלגעמיין און פּרינציפּיעל אין אַן אומבאַדינגט נעגאַטיוון גייסט. מאַרקס רעדט נאָר וועגן אַ קאָנקרעטער סיטואַציע, פּלעכאַנאָוו מאַכט אַן אַלגעמיינעם אויספיר, ניט באַטראַכטנדיק אינגאַנצן די פראַגע אין איר קאָנקרעטקייט. עס איז אָבער גענוג אַ קוק צו טאָן אַף אייניקע ערטער פון דער „ווענדונג", וועלכע פּלעכאַנאָוו האָט דורכ-געלאָזן, אַז מע זאָל זעען די פולע ניטריכטיקייט פון זיינע אויספירן.

*) זע אויבן דעם אַרטיקל: „די רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום" רעדאַקציע פון דער רוסישער אויסגאַבע.

די „ווענדונג“ איז געשריבן אַפן גרונט פון דער דערפאַרונג פון צוויי יאָר פון דער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע, 1848 און 1849. די רעזולטאַטן פון דערדאָזיקער דערפאַרונג פאָרמולירט מאַרקס אַזוי: „גראָד אין דערזעלביקער צייט (ד. ה. נעמלעך אין 1848—1849) איז די פריער שטאַרקע אָרגאַניזאַציע פון דעם פאַרבאַנד פון קאָמוניסטן באַדייטנדיק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דער גרעסטער טייל מיטגלידער, וועלכער האָט דירעקט אָנטייל גענומען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, האָט געמיינט, אז די צייט פון געהיימע געזעלשאפטן איז פאריבער און אז עס איז גענוג בלויז אן אָפענע טעטיקייט. באַזונדערע קרייזן און אָרגאַניזאציעס האָבן אָנגעהויבן פארלאָזן זייערע באַציאונגען מיטן צענטראל-קאָמיטעט און האָבן ביסלעכוויז אינגאנצן איבערגעריסן זיי. אַף אזא אויפן, איז אין דער צייט, ווען די דעמאָקראַטישע פארטיי, די פאַרטיי פון קליינבירגערטום, האָט זיך אלץ מער אָרגאניזירט אין דייטשלאַנד, האָט די ארבעטער-פארטיי אָנגעוואָרן איר איינציקע פעסטע שטיצע, האָט זיך איינגעהיט אין אן אָרגאניזירטער פאָרם העכסטנס אין איינציקע ערטער צוליב אָרטיקע צילן און דערפאר איז זי אריינגעפאלן ביכלאל אינגאנצן אונטער דער הערשאפט און אונטער דער אָנפירונג פון די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן“ *). און אַף דעם פאָלגנדיקן זייטל פון „ווענדונג“ דערקלערט מארקס: בא היינטיקן טאָג, ווען עס שטייט פאַר א נייע רעוואָלוציע... איז באזונדערס וויכטיק, אז די ארבעטער-פארטיי זאָל ארויסטרעטן וואָס מער אָרגאניזירט, וואָס מער איינמוטיק און וואָס מער זעלבשטענדיק, אויב זי ווילט ניט ווידער, ווי אין 1848 יאָר, עקספּלואטירט זיין פון דער בורזשואזיע און גיין בא איר אפן בוקסיר“.

טראכט זיך גוט איין אין דער באַדייטונג פון דידאָזיקע קאטעגאָרישע באַהויפּטונגען. נאָך צוויי יאָר אָפענער רעוואָלוציע, נאָכן זיג פון פאָלקס-אויפשטאנד אין בערלין, נאָכן צונויפרופן פון א רעוואָלוציאָנערן פארלאמענט, נאָך דעם, ווי א טייל פונם לאנד האָט זיך געפונען אין אן אָפענעם אויפשטאנד און די מאכט איז צייטווייליק אריבערגעגאנגען אין די הענט פון רעוואָלוציאָנערע רעגירונגען,—קאָנסטאטירט מארקס די מאפּאָלע פון רעוואָלוציאָנערן פאָלק, און אין הינזיכט פון פארטיי-אָרגאניזירטקייט קאָנסטאטירט ער דאָס געווינס פון דער קליינבירגערלעכער דעמאָקראטיע און דעם אנווער פון דער ארבעטער-פארטיי. ווייזט דאָס דען ניט אָן קלאָר און דייטלעך אַף אזא פּאָליטישע סיטואַציע, ווען עס איז ניט געווען צוליב וואָס צו שטעלן די פראגע וועגן אָנטייל פון דער ארבעטער-פארטיי אין דער רעגירונג? נאָך צוויי יאָר פון רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע, ווען מארקס האָט אין מעשעך פון ניין בּאַדאָשים אָפּן ארויסגעלאָזן א רעוואָלוציאָנערע צייטונג פון דער ארבעטער-פארטיי, קומט אויס צו קאָנסטא-

*) Ansprache der Zentralbehörde an den Bund, von März 1850, K. Marx: „Enthüllungen über den Kommunistenprocess zu Köln“, 1885, Anhang IX s.75.

אונטערגעשטראכן אין די ציטאטן אומעטום פון אונז. לעבינס אָנמערקונג.

טירן די פולשטענדיקע דעזאָרגאַניזירטקייט פון דערדאָזיקער פּאַרטיי, די פולשטענדיקע אָפּוועזנהייט פון א וועלכן ניט איז בוילעט אויסגעדריקטן פּראָלעטאַרישן שטראָם אין דעם אַלגעמיינעם פלוס (די אַרבעטער-געזעלשאַפטן פון סטעפאַן באָרן זיינען צו אומבאַדייטנדיק). דאָס פולשטענדיקע אונטערפאַלן פון דעם פּראָלעטאַריאַט ניט נאָר אונטער דער הערשאַפט, נאָר אויך אונטער דער אָנפירונג פון דער בורזשואַזיע! ווארשיינלעך, אז די עקאָנאָמישע באַציאונגען זיינען געווען העכסט ניט אַנטוויקלט, קיין גרויס-אינדוסטריע איז קימאַט ווי ניט געווען, קיין שום אַרבעטער-באַוועגונג און א וויפל ניט איז ערנסטן פאַרנעם איז ניט געווען, דאָס קליינבירגערטום האָט געהערשט אליין. פאַרשטייט זיך, אז בא אַזעלכע באַדינגונגען האָט דער שרייבער, וועלכער קלייבט פאַנאַנדער א קאָנקרעטע סיטואַציע, ניט געקאָנט דערלאָזן דעם געדאַנק אַפילע וועגן דער מעגלעכקייט, אז די אַרבעטער-פּאַרטיי זאָל אָנטיילנעמען אין דער צייטווייליקער רעגירונג. פאַרשטייט זיך, אז מאַרקס האָט געדאַרפט אין זיין „ווענדונג“ אַריינקלאַפּן (אַנטשולדיקט פאַרן אויסדרוק) אין מויעך פון די מיטגלידער פון דעם פאַרבאַנד פון קאָמוניסטן אַזעלכע עמעסן, וועלכע דוכטן זיך אונז איצט אויס פאַר אַלעפבייס-אַקסיאָמען. מאַרקס האָט געדאַרפט דערווייזן די נויטוועדיקייט פון דעם, אז די אַרבעטער זאָלן אַרויסשטעלן אַף די וואַלן באַזונדערע קאַנדידאַטן, אומאָפּהענגיק פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. מאַרקס האָט געדאַרפט אָפּלייקענען די דעמאָקראַטישע פראַזן, אז דאָס, וואָס די אַרבעטער טיילן זיך אָפּ, „שפּאַלט“ זיי קלוימערשט פאַנאַנדער (דאָס באַמערקט! פאַרנאַנדערשפּאַלטן קען מען נאָר דאָס, וואָס עס איז נאָך נעכטן געווען איינהייטלעך און וואָס עס ווערט פאָרגעזעצט צו זיין אידייאיש איינהייטלעך!) די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. מאַרקס האָט געדאַרפט וואָרענען די מיטגלידער פון דעם פאַרבאַנד פון קאָמוניסטן, אז זיי זאָלן זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון דידאָזיקע פראַזן. מאַרקס האָט געדאַרפט, אין נאָמען פון צ. ק. פון פאַרבאַנד, צוזאָגן בא דער ערשטער מעגלעכקייט צונויפרופן א צוזאַמענפאָר פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי צוליב דער צענטראַליזירונג פון די אַרבעטער-קלובן,—אין מעשעך פון די רעוואָלוציאָנערע יאָרן 1848-1849 זיינען נאָך ניט געווען אַזעלכע באַדינגונגען, אז מע זאָל דערלאָזן דעם געדאַנק וועגן דער מעגלעכקייט פון א באַזונדער צוזאַמענפאָר פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי!

דער אויספיר פון דאַנען איז קלאָר: אין דער באַרימטער „ווענדונג“ האָט מאַרקס אינגאַנצן ניט באַרירט די פראַגע וועגן דער פּרינציפּיעלער דערלאָזבאַרקייט, אז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל אָנטייל נעמען אין דער צייטווייליקער רעגירונג. מאַרקס האָט אויסשליסלעך באַטראַכט די קאָנקרעטע סיטואַציע פון דייטשלאַנד אין 1850 יאָר. מאַרקס זאָגט דערביי קיין וואָרט ניט וועגן אָנטייל פון דעם פאַרבאַנד פון קאָמוניסטן אין דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג דערפאַר, ווייל בא יענע באַדינגונגען האָט אַפילע ניט געקאָנט אַרויף דער געדאַנק וועגן אַזאַ מין אָנטייל אין נאָמען פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי צוליב די צילן פון דעמאָקראַטישער דיקטאַטור.

דער געדאַנק פון מאַרקסן באַשטייט אָט אין וואָס: מיר, דייטשישע

סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון 1850-טן יאָר, זיינען ניט אָרגאַניזירט; מיר האָבן
געליטן אַ מאַפּאָלע אין דעם ערשטן פּעריאָד פון דער רעוואָלוציע, מיר זיינען
איינגאַנצן ארונטערגעפאַלן אונטער דער אָנפירונג פון דער בורזשואזיע; מיר
דאַרפן זיך אָרגאַניזירן זעלבשטענדיק, אומבאדינגט, וואָס עס זאָל ניט זיין
זעלבשטענדיק, — אויב ניט, וועלן מיר ווידער בלייבן באַם עק אויך בײַ דעם
קומענדיקן זיג פון דער קליינבירגערלעכער פּארטיי, וועלכע איז מעכטיק און
האָט פאַרשטאַרקט איר אָרגאַניזאַציע.

דער געדאַנק פון מאַרטינאָוון איז באַשטאַנען אָט אין וואָס: מיר, רוסי-
שע סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון 1905-טן יאָר, זיינען אָרגאַניזירט אין אַ זעלב-
שטענדיקער פאַרטיי און ווילן גיין אַפן ערשטן שטורם קעגן דער פעסטונג
פון צאַריזם, גיין אין דער שפּיץ פון קליינבירגערלעכן פאָלק. נאָר אויב מיר
וועלן שוין צו גוט אָרגאַניזירן דעם שטורם און וועלן, גאָט זאָל אויס-
היטן, זיגרייך דורכפירן אים, וועט אונז אויסקומען, כאָלילע, אָנטייל צו נעמען
אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג אָדער אַפילע אין דער
דעמאָקראַטישער דיקטאַטור. אַזאַ מין אָנטייל איז אָבער פּרינציפּיעל ניט דער-
לאָזבאַר.

און פלעכאַנאָוו וויל ערנסט ווען ניט איז איינשמועסן, אז מע קען
פאַרטיידיקן מאַרטינאָוון לויט מאַרקסן? פלעכאַנאָוו מוז אַפּאָנים האַלטן די
לעזער פון „איסקראַ” פאַר קליינע קינדער. מיר אָבער וועלן נאָר זאָגן: איין
זאַך איז מאַרקסיזם, אן אנדער זאַך איז מאַרטינאָוויזם.

---

קעדיי צו פאַרענדיקן מיט דער „וועגדונג” איז נאָך נויטיק אויפ-
צוקלערן פאָלגנדיקע ניט ריכטיקע מיינונג פון פלעכאַנאָוון. ער ווייזט מיט
רעכט אָן, אַז אין מאַרט 1850-טן יאָר, ווען עס האָט זיך געשריבן די „וועג-
דונג”, האָט מאַרקס געגלויבט אין דער אַלטקייט-כאַלאַאַס פון קאַפּיטאַליזם, און
די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע האָט זיך אים געדוכט פאַר „גאָר נאָענט”. זיי-
ער גיך האָט מאַרקס פאַריכט זיין פעלער: שוין דעם 15-טן סעפּטעמבער 1850
יאָר איז ער זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט שאַפּערן (שאַפּער מיט וויליכן איז
געבליבן אין דער מינדערהייט פון דעם פאַרבאַנד און איז ארויס פון אים),
וועלכער האָט זיך אף אזוי פיל אונטערגעגעבן דעם בורזשואז-דעמאָקראַטישן
רעוואָלוציאָניזם, אָדער אוטאָפּיזם, אַז ער האָט געזאָגט: „מיר דאַרפן טייקעף
דערגרייכן די מאַכט, אָדער מיר קענען זיך לייגן שלאָפן”. מאַרקס האָט דער-
ווידערט שאַפּערן, אז מע קען ניט רעכענען פאר דעם באַוועגער פון דער רע-
וואָלוציע בלויז דעם אייגענעם ווילן אַנשטאָט די ווירקלעכע באַדינגונגען. דעם
פראָלעטאַריאַט קען זיין וועט אויסקומען איבערצולעבן נאָך 15, 20, 50 יאָר
בירגערקריג און צווישנפעלקערלעכע צוזאמענשטויסן „ניט נאָר צוליב דערויף,
קעדיי אומצוענדערן דידאָזיקע באַדינגונגען, נאָר אויך צוליב דעם, קעדיי אומ-
צוענדערן זיך אליין און מאַכן זיך פעאיק צו פאָליטישער הערשאַפט”. פלעכאַ-

נאָוו דערציילט בעקיצער וועגן דערדאָזיקער אומענדערונג אין מאַרקס אָנשויאונגען און דרינגט דערפון:

„די פּאָליטישע אויפגאַבן פון פּראָלעטאַריאַט וואָלטן פון זיי באַשטימט געוואָרן (פון מאַרקסן און ענגעלסן נאָך דערדאָזיקער „אומענדערונג") שוין אפן גרונט פון דער האַנאַכע, אז די דעמאָקראַטישע אָרדענונג וועט בלייבן א הערשנדיקע אין משעך פון א גענוג דויערנדיקן פּעריאָד. נאָר טאַקע דערפאַר וואָלטן זיי נאָך אַנטשיידענער פאַרורטיילט דעם אָנטייל פון סאָציאַליסטן אין אַ קליינבירגערלעכער רעגירונג" („איסקראַ", נום. 96).

דערדאָזיקער אויספיר פון פּלעכאַנאָוון איז אינגאַנצן פאַלש. ער באַשטייט געמלעך אין יענער צונויפמישונג פון סאָציאַליסטישער און דעמאָקראַטישער דיקטאַטור, וועלכע מיר האָבן ניט איין מאָל פאָרגעוואָרפן ל. מאַרטאָוון און מאַרטינאָוון. מאַרקס און ענגעלס האָבן אין 1850-טן יאָר קיין אונטערשייד ניט געמאַכט צווישן דעמאָקראַטישער און סאָציאַליסטישער דיקטאַטור, אָדער ריכטיקער — זיי האָבן אינגאַנצן ניט גערעדט וועגן דער ערשטער, ווייל דער קאַפּיטאַליזם האָט אויסגעזעען אין זייערע אויגן אָנמעכטיק פון אַלטקייט, און דער סאָציאַליזם, האָט זיך זיי געדוכט, איז געווען נאָענט. זיי האָבן דעריבער קיין אונטערשייד דאַן ניט געמאַכט צווישן דער מינימום-פּראָגראַם און מאַקסימום-פּראָגראַם. אויב מ׳ז זאָל אָבער מאַכן דעמדאָזיקן אונטערשייד (ווי מיר אַלע מאַרקסיסטן טוען דאָס איצט, קעמפנדיק מיט דעם בורזשואַז-דעמאָקראַטישן רעוואָלוציאָנאַריזם פון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן פאַר זייער ניט פאַרשטיין דעמדאָזיקן אונטערשייד), דאַן דאַרף מען באַזונדער פונאַנדערקלייבן די פראַגע וועגן סאָציאַליסטישער און דעמאָקראַטישער דיקטאַטור. ניט טוענדיק דאָס, האַנדלט פּלעכאַנאָוו ניט קאָנסעקווענט. אויסקלייבנדיק אַן אויסמייכן-פאָרמולירונג, ריידנדיק ביכלאַל וועגן „אָנטייל פון סאָציאַליסטן אין אַ קליינבירגערלעכער רעגירונג", רוקט ער גראָד אונטער אף אזאַ אויפן די פראַגע וועגן סאָציאַליסטישער דיקטאַטור אָנשטאָט דער קלאָר, באַשטימט און דייטלעך אוועקגעשטעלטער פראַגע וועגן דעמאָקראַטישער דיקטאַטור. ער מישט צוזאַמען (באַנוצנדיק דעם פארגלייך פון „ווּפּעריאָד") מילעראַנס*) אָנטייל אין מיניסטעריום צוזאַמען מיט גאַליפע**) מיטן אָנטייל פון וואַרלענען***) אין דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג צוזאַמען מיט די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט און מיט דערפאָלג פאַרטיידיקט די רעפּובליק.

*) דער באַוואוסטער אימפּעריאַליסטישער פּרעזידענט פון פראַנקרייך איז אמאָל געווען אַ סאָציאַליסט. ער האָט אין די נײַנציקער יאָרן דער ערשטער באַוויזן, ווי אזוי סאָציאַליסטן טרעטן אריין אין בורזשואַזע רעגירונגען. איבערז.

**) גאַליפע — אַ פראַנצויזישער גענעראַל, וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט דורך זיינע מאָרדערייען איבער די פּאַריזער קאָמונאַרן. איבערז.

***) וואַרלען — אַ סאָציאַליסט, איינער פון די העלדן פון דער קאָמונע, דערהאַרגעט געוואָרן בא איר אונטערגאַנג. איבערז.

מאַרקס און ענגעלס האָבן אין 1850 יאָר גערעכנט דעם סאָציאַליזם פאַר־
נאָענט און דעריבער האָבן זיי ניט דערשאַצט די דעמאָקראַטישע דעראָבערונ־
גען, וועלכע זיי האָבן גערעכנט פאַר פולקום פעסטע באַ דעם צווייפל-לאָזן זיג
פון דער קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטישער פאַרטיי. אין 25 יאָר אַרום, אין
1875־טן יאָר, האָט מאַרקס אָנגעוויזן אף דער ניט־דעמאָקראַטישער אָרדענונג
אין דייטשלאַנד — דעם „אבסאָלוטיזם, וועלכער איז ארומגענייט מיט פאַרלאַ־
מענטישע פאָרמען“. אין 35 יאָר ארום, אין 1885 יאָר, האָט ענגעלס פאָרויס־
געזאָגט דעם אריבערגאַנג פון דער מאַכט אין דייטשלאַנד צו דער קליינביר־
גערלעכער דעמאָקראַטיע באַ דער קומענדיקער אייראָפּעאישער דערשיטערונג.
דערפון איז געדרונגען אזעלכעס, וואָס איז אַקוראַט פארקערט פון דעם, וואָס
עס וויל דערוויזן פלעכאַנאָוו: אויב מאַרקס און ענגעלס וואָלטן פאַרשטאַנען
די אומפאַרמיידלעכקייט פון א פאַרהעלטניסמעסיק דויערנדיקער הערשאַפט פון
דער דעמאָקראַטישער אָרדענונג, וואָלטן זיי אַלץ מער באַדייטונג צוגע־
געבן דער דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאַט און פויערט ם צוליב
דער פאַרפעסטיקונג פון דער רעפּובליק, צוליב דער פולשטענדיקער פאַרניכ־
טונג פון אלע שפּורן פון אבסאָלוטיזם און צוליב דער פולשטענדיקער אָפּריי־
ניקונג פון דער ארענע צוליב דער שלאַכט פארן סאָציאַליזם. זיי וואָלטן אַלץ
מער פאַרורטיילט די עקיסטן, וועלכער זיינען פעאיק ערעוו דער דעמאָקראַטי־
שער איבערקערעניש צו שרעקן דעם פּראָלעטאַריאַט מיט דער מעגלעכ־
קייט פון א רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישער דיקטאַטור.

פלעכאַנאָוו פילט אַליין די שוואַכקייט פון זיין פּאָזיציע, וועלכע איז גע־
בויט אַף דער פאַלשער אויסטייטשונג פון דער „ווענדונג“. פאָרזיכטיק באַמערקט
ער דעריבער, אז ער פרעטענדירט ניט מיט זיין אויסקונפט ענדגילטיק אויס־
צושעפּן די פראַגע, — האַגאַם ער מאַכט אָפילע אויספירן פון „אויסשעפּנדער“
קאַטעגאָרישקייט, ניט ברענגענדיק דערביי לאַכלוטן גאָרניט, אויסער דער אויס־
קונפט, וועלכע האָט קיין שום שאיכעס ניט צום איניען, און ניט פּרוּוונדיק
זיך אַפילע פאַנאַנדערצוקלייבן די קאָנקרעטע שטעלונג פון דער פראַגע, וועלכע
עס האָט געגעבן „וופּעריאָד“. פלעכאַנאָוו סטאַרעט זיך אָנצובינדן דעם „וופּעריאָד“
סאַי דעם ווילן צו „קריט־קירן“ מאַרקסן, סאַי דעם שטאַנדפּונקט פון מאַכן און
אוועגאַריוסן*). דערדאָזיקער פּרוּוו זיינער רופט באַ אונז אַרויס נאָר אַ שמייכל:
אַפּאָנים, אַז עס האַלט שלעכט מיט פלעכאַנאָווס פּאָזיציע, אויב ער קען ניט
געפינען קיין ציל־ברעט פון ווירקלעכע באַהויפּטונגען פון „וופּעריאָד“ און ער
דאַרף אויסטראַכטן אַ ציל-ברעט פון סיוזשעטן, וועלכע זיינען אינגאַנצן פרעמד
סאַי דער צייטונג „וופּעריאָד“, סאַי דער פראַגע, וועלכע ווערט באַהאַנדלט.
ענדלעך, איז פלעכאַנאָוו זיך סוימעך נאָך אף איין באַוויז, וועלכער „דוכט זיך
אים פאַר אַן אומבאַשטרייטבאַרן“. אין דערעמעסן אָבער טויג דערדאָזיקער באַ־
וויז (ענגעלסעס בריוו צו טוראַטין פון 1894 יאָר) גאָר אַף קאַפּאָרעס.

ווי עס איז צו זעען פון פלעכאַנאָווס איבערגעבן דעמדאָזיקן בריוו (צום באַ־

*) אידעאַליסטישע פילאָסאָפן, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אף א טייל סאָציאַל־
דעמאָקראַטן פון יענער צייט, צווישן זיי אויך אייניקע באָלשעוויקעס. איבערז.

דזיערן ברענגט פלעכאַנאָוו ניט דעם בריוו אינגאַנצן און ווייזט ניט אָן, צי איז דער בריוו געדרוקט געווען, און וואו), האָט ענגעלס געדאַרפט באַווייזן טוראַטין דעם אונטערשייד צווישן אַ סאָציאַליסטישער און קליינבירגערלעכער רעוואָלוציע. דערמיט איז שוין אַלץ געזאָגט, כ' פלעכאַנאָוו! טוראַטי איז דער איטאַליענישער מיליעראַן, אַ בערנשטייניאַנער, וועמען דזשיאָליטי *) האָט פאָרגעלייגט אַ פאָרטפעל אין זיין מיניסטעריום. טוראַטי האָט, וואַרשיינלעך, צונויפגעמישט צוויי איבערקערענישן פון אַ גאַנץ פאַרשיידענעם קלאַסן-אינהאַלט. טוראַטי האָט זיך פאָרגעשטעלט, אז ער וועט דורכפירן די אינטערעסן פון דער פראָלעטאַרישער הערשאַפט, און ענגעלס האָט אים אויפגעקלערט, אַז באַ דער געגעבענער סיטואַציע אין איטאַליע פון 1894 יאָר (ד. ה. אין עטלעכע יאָרצענדליק אַרום נאָך דעם אויפשטייג פון איטאַליע אַפן „ערשטן שטאַפל", נאָך דער דערקעמפונג פון פאָליטישע פרייהייט, וועלכע האָט דערלויבט דעם פראָלעטאריאַט אָפן, ברייט און זעלבשטענדיק צו אָרגאַניזירן זיך!) וועט ער, טוראַטי, אין דעם מיניסטעריום פון דער זיגערישער קליינבירגערלעכער פאַרטיי פאַרטיידיקן און דורכפירן אין דערעמעסן די אינטערעסן פון אַ פרעמדן קלאַס, פון דער קליין-בורזשואַזיע. מיר האָבן, אַף אַזאַ אויפן, פאַר זיך איינעם פון די פאַלן פון מיליעראַניזם; קעגן דער צונויפמישונג פון מיליעראַניזם מיט דעמאָקראַטישער דיקטאַטור איז „וופעריאָד" דירעקט אויפגעשטאַנען, און פלעכאַנאָוו האָט זיך אַפילע ניט צוגערירט צו די באַווייזן פון „וופעריאָד". מיר האָבן פאַר זיך אַ כאַראַקטערישן ביישפיל פון יענער פאַלשער לאַגע, אַקעגן וועלכער ענגעלס האָט לאַנג שוין געוואָרנט די פירער פון די עקסטע פאַרטייען, געמלעך, ווען זיי פאַרשטייען ניט דעם ווירקלעכן כאַראַקטער פון דער איבערקערעניש און פירן דורך אומבאַוואוסטזיניק די אינטערעסן פון אַ פרעמדן קלאַס. אום גאָטעס ווילן, כ' פלעכאַנאָוו, האָט דען דאָס כאָטש אַ וועלכע ניט איז שאַיכעס צו דער פראַגע, וועלכע איז אויפגעהויבן פון מאַרטינאָוו און וועלכע איז פאַנאַנדערגעקליבן פון „וופעריאָד"? קען דען די געפאַר פון צונויפמישן די צווייטע און דריטע שטופע דורך מענטשן, וועלכע האָבן זיך אויפגעהייבן אַף דער ערשער שטופע, דינען אַלס באַרעכטיקונג פאַר דעם, אַז מע זאָל אונז נאָך פאַרן אויפשטייג אַף דער ערשטער שטופע שיקן מיט דער פערספעקטיוו פון אַ מעגלעכן אויפשטייג אַף צוויי טרעפ מיטאַמאָל??

ניין, „די קליינע היסטאָרישע אויסקונפט" פון פלעכאַנאָוו באַווייזט לאַכלוטן גאָרניט. זיין פרינציפיעלער אויספיר: „אָנטייל נעמען אין אַ רעוואָלוציאָנערער רעגירונג צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון קליינבירגערטום הייסט פאַראַטן דעם פראָלעטאַריאַט" ווערט בעשום אויפן ניט באַשטעטיקט דורך די אָנווייזונגען אַף יענע סיטואַציעס, וועלכע זיינען געווען אין דייטשלאַנד 1850-טן און אין איטאַליע 1894-טן יאָר, און וועלכע שיידן זיך ראַדיקאַל אונטער פון דער רוסישער סיטואַציע אין יאַנוואַר און מאַי 1905 יאָר. דידאָזיקע אָנווייזונגען גיבן גאָרניט אין דער פראַגע וועגן דעמאָקראַטישער דיקטאַטור און צייטווייליקער רעוואָלו-

*) אַ בורזשואַזער איטאַליענישער פאָליטיקער. איבערז.

ציאָנערער רעגירונג. און אויב פּלעכאַנאָוו וויל אָנווענדן זיין אויספיר צו דער-דאָזיקער פראַגע, אויב ער רעכנט פאַר פּרינציפּיעל אומצולאָזבאַר יעדן אָנטייל פון פּראָל. טאַריאַט אין אַ רעוואָלוציאָנערער רעגירונג באַם קאַמף פאַר אַ רעפּובליק, באַ אַ דעמאָקראַטישער איבערקערעניש, דאַן נעמען מיר זיך דערוויזן אים, אַז דאָס איז אַ „פּרינציפּ" פון אַנאַרכיזם, וועלכער איז אַף אַ גאַנץ אומצווייִדייטיקן אויפן פאַרורטיילט פון ענגעלסן. דעמדאָזיקן באַוויז וועלן מיר ברענגען אין קומענדיקן אַרטיקל.

„פּראָלעטאַרי" № 2 פון
21 מאי 1905 יאָר.

# וועגן דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג.

צווייטער אַרטיקל: נאָר פון אונטן אָדער פון אונטן און פון אויבן.

פאַנאַנדערקלייבנדיק אין פאָריקן אַרטיקל די היסטאָרישע אויסקונפט פון פּלעכאַנאָוון, האָבן מיר באַוויזן, אַז פּלעכאַנאָוו מאַכט אָן אַ גרונט אַלגעמיינע און פּרינציפּיעלע אויספירן אַפן גרונט פון מאַרקס ווערטער, וועלכע האָבן אַ שאַי-כעס אויסשליסלעך צו דער קאָנקרעטער סיטואַציע פון דייטשלאַנד אין 1850 יאָר. די דאָזיקע קאָנקרעטע סיטואַציע דערקלערט פולשטענדיק, פאַרוואָס מאַרקס האָט ניט אויפגעהויבן און האָט ניט געקאָנט דעמאָלט אויפהויבן די פראַגע וועגן דעם אָנטייל פון דעם פאַרבאַנד פון קאָמוניסטן אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. איצט וועלן מיר איבערגיין צו דער באַטראַכטונג פון דער אַלגעמיינער און פּרינציפּיעלער פראַגע וועגן דער דערלאָזבאַרקייט פון אַזאַ אָנטייל.

קודעם־כּל איז נויטיק פּינקטלעך אָוועקצושטעלן די שטרייט-פראַגע. אין דער הינזיכט קענען מיר, צום גליק, באַנוצן זיך מיט איינער פון די פאָרמו-לירונגען, וועלכע זיינען געגעבן פון אונזערע אָפּאָנענטן, קעדיי צו באַזייטיקן יעדע מעגלעכע איבעריקן טאָך פון דער פראַגע. אין נומער 93 „איסקרא" איז געזאָגט: „דער בעסטער וועג פאַר אַזאַ אָרגאַניזאַציע (פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון פּראָלעטאַריאַט אין אַ פּאַרטיי, וועלכע איז אָפּאָזיציאָנעל צו דער בורזשואַזי-דעמאָקראַטישער מלוכע)—איז דער וועג פון אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע פון אונטן (אונטערגעשטראָכן פון „איסקרא"), דורכן דרוק פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַף דער דעמאָקראַטיע, וועלכע שטייט באַ דער מאַכט". און ווייטער זאָגט „איסקרא" וועגן „וופּעריאָד", אַז „ער וויל, אַז דער דרוק פון פּראָלעטאַריאַט אַף דער רעוואָלוציע זאָל גיין ניט נאָר „פון אונטן", ניט נ. ר פון דער גאַס, נאָר אויך פון אויבן, פון די פּאַלאַצן פון דער צייטווייליקער רעגירונג".

הייסט עס, אַז די פראַגע איז אָוועקגעשטעלט קלאָר. „איסקרא" וויל אַ דרוק פון אונטן, „וופּעריאָד"—„ניט נאָר פון אונטן, נאָר אויך פון אויבן". אַ

דרוק פון אונטן הייסט דער דרוק פון די בירגער אַף דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. אַ דרוק פון אויבן הייסט דער דרוק פון דער רעוואָלוציאָנערער רע-גירונג אַף די בירגער. איינע באַגרעניצן זייער טעטיקייט מיטן דרוק פון אונטן. די אַנדערע זיינען ניט איינשטימיק אַף אַזאַ באַגרעניצונג און פאָדערן אַ דערגאַנצונג פאַרן דרוק פון אונטן דורכן דרוק פון אויבן. דער שטרייט ווערט געבראַכט, הייסט דאַס, נעמלעך צו דער פראַגע, וועלכע מיר האָבן אוועק-געשטעלט אין אונטערקעפל: נאָר פון אונטן אָדער פון אונטן און פון אויבן. עס איז פרינציפּיעל ניט דע־לאָזבאַר פאַרן פראָלעטאַריאַט אין דער עפּאָכע פון דע-מאָקראַטישער רעוואָלוציע אַ דרוק פון אויבן. „פון די פּאַלאַצן פון דער צייט-ווייליקער רעגירונג", זאָגן איינע. עס איז פרינציפּיעל ניט דערלאָזבאַר פאַרן פראָלעטאַריאַט אין דער עפּאָכע פון דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע אומבאַדינגט אָפּצוזאָגן זיך פון אַ דרוק פון אויבן, פון אַן אָנטייל אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, זאָגן די אַנדערע. דאָ האַנדלט זיך, אַף אַזאַ אויפן, ניט וועגן דעם, צי איז וואַרשיינלעך באַ דער געגעבענער קאָניונקטור, צי קאָן באַ אַזאַ מין קויכעס-פאַרהעלטעניש פּאַרווירקלעכט ווערן אַ דרוק פון אויבן. ניין, מיר קלייבן איצט אײנגאַנצן ניט פאַנאַנדער קיין שום קאָנקרעטע סיטואַ-ציע. און אַזוי ווי מע האָט ניט איינמאָל געפּרואווט פאַרטוישן איין שטרייט-פראַגע מיט דער אַנדערער, בעטן מיר זייער דעם לעזער צו האָבן דאָס אין אַכט. פאַר אונז איז אַן אַלגעמיינע פרינציפּיעלע פראַגע וועגן דער ד ע ר ל אָ ז ב אַ ר-ק יי ט פון איבערגאַנג פון אַ דרוק פון אונטן צו אַ דרוק פון אויבן אין דער עפּאָכע פון דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע.

קעדיי אויפצוקלערן דידאָזיקע פראַגע, לאָמיר זיך ווענדן צוערשט צו דער געשיכטע פון די טאַקטישע אָנשויאונגען פון די גרינדער פון דעם וויסנשאַפט-לעכן סאָציאַליזם, צי איז ניט געווען אין דערדאָזיקער געשיכטע קיין שטרייטן גראַד איבער דער אַלגעמיינער פראַגע וועגן דער דערלאָזבאַרקייט פון אַ דרוק פון אויבן? אַזאַ שטרייט איז געווען. אַ גרונט פאַר דעמדאָזיקן שטרייט האָט געגעבן דער שפּאַנישער אויפשטאַנד זומער דעם 1873-טן יאָר. ענגעלס האָט אָפּגעשאַצט יענע אויספירן, וועלכע דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט דאַרף מאַכן פון דעמדאָזיקן אויפשטאַנד, אין דעם אַרטיקל „די באַקוניסטן באַ דער אַרבעט", וועלכער איז געדרוקט אין 1873 יאָר אין דער דייטשישער כאָציאַל-דעמאָקראַטישער צייטונג „Volksstaat" און איז איבערגעדרוקט אין 1894 אין אַ בראָשור „Internationales aus dem Volksstaat". לאָמיר זשע אַ קוק טאָן, וואָס פאַר אַן אַלגעמיינע אויספירן עס האָט געמאַכט ענגעלס.

דעם 9-טן פעווראַל 1873 יאָר האָט זיך דער שפּאַנישער קעניג אַמאַדעאָ אָפּגעזאָגט פון טראָן—„דער ערשטער קעניג, וועלכער האָט געמאַכט אַ שטרייק",—ווי צלט זיך ענגעלס. דעם 12-טן פעווראַל איז דערקלערט געוואָרן אַ רעפּובליק. אין די באַסקישע פּראָווינצן האָט אויפגעפלאַמט דערנאָך אַן אויפשטאַנד פון די קאַרליסטן *). דעם 10-טן אַפּרעל איז אויסגעוויילט געוואָרן די גרינדונגס-פאַר-

*) אָנהענגער פון אַ פּרעטענדענט אַפן שפּאַנישן טראָן מיטן נאָמען דאָן-קאַרלאָס. איבערז.

זאַמלונג, וועלכע האָט דערקלערט דעם 8־טן יוני אַ פעדעראַטיווע רעפּובליק. דעם 11־טן יוני האָט זיך קאָנסטיטואירט דאָס נייע מיניסטעריום פון פּי־אי־מאַרגאַל. די עקסטע רעפּובליקאַנער, די אַזוי גערופענע „אינטראַנסיזשענטן" (די, וואָס גייען ניט אַף האַנאָכעס) זיינען דערבײַ ניט אַריינגעפאַלן אין דער קאָמיסיע אַף אויסצואַרבעטן די קאָנסטיטוציע. און ווען ס'איז דעם 3־טן יולי דערקלערט געוואָרן דידאָזיקע נייע קאָנסטיטוציע, האָבן די אינטראַנסיזשענטן אויפגעהויבן אַן אויפשטאַנד. פון 5־טן ביז 11־טן יולי האָבן זיי געזיגט אין די פּראָווינצן סעווילִיא, גראַנאַדע, אַלקאָי, וואַלענסיא און אין אַ ריי אַנדערע. די רעגירונג פון סאַלמעראָנען, וועלכער האָט פאַרביטן דעם דעמיסיאָנירטן פּי־אי־מאַרגאַלן, האָט געשיקט מיליטער־קראַפט קעגן די אויפגעשטאַנענע פּראָווינצן. דער אויפשטאַנד איז אונטערדריקט געוואָרן נאָך אַ מער אָדער ווייניקער האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד: קאַדיקס איז געפאַלן דעם 26־טן יולי 1873 יאָר, קאַרפאגענאַ—דעם 11־טן יאַנוואַר 1874 יאָר. אַזעלכע זיינען די קורצע כראָנאָלאָגישע אנגאבן, וועלכע ענגעלס ברענגט פאַר זיין אַרטיקל.

אָפּשאַצנדיק די אויספירן, וועלכע מע קען מאַכן פון דער געשעעניש, שטרייכט ענגעלס קוידעמקאָל אונטער, אַז דער קאַמף פאַר אַ רעפּובליק אין שפּאַניע איז בעצום אויפן ניט געווען און האָט ניט געקאָנט זיין קיין קאַמף פאַר אַ סאָציאַליסטישער איבערקערעניש. „שפּאַניע,—זאָגט ער,—איז אַף אַזוי פיל אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד אין אינדוסטריעלער הינזיכט, אַז דאָרט קען גאָר קיין רייד ניט זיין וועגן אַ טייקעפדיקער פולקומער באַפרייאונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס. איידער עס וועט נאָך דערגיין דערצו, דאַרף שפּאַניע איבערלעבן פאַרשיידענע פאָר־שטופן פון אַנטוויקלונג און באַזייטיקן פון וועג אַ גאַנצע ריי שטערונגען. דורכגיין דידאָזיקע פאָר־שטופן אין אַ וואָס קירצערן מעשעך צייט, שנעל באַזייטיקן דידאָזיקע שטערונגען,—דאָס זיינען געווען די שאַנסן, וועלכע עס האָט געקאָנט געבן די רעפּובליק. די אַרבעטער־מאַסע האָט דאָס געפילט; זי האָט געשטרעבט אומעטום אַנטיילצונעמען אין די געשעענישן, אויסצונוצן אַ גינסטיקן פאַל פאַר האַנדלונג, ניט לאָזנדיק, ווי ביז איצט, קיין פרייען פעלד פאַר האַנדלונג און פאַר די אינטריגעס פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן".

הייסט עס, אַז דאָרט האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם קאַמף פאַר אַ רעפּובליק, וועגן אַ דעמאָקראַטישער און ניט קיין סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. די פראַגע וועגן דעם אריינמישן זיך פון די אַרבעטער אין די געשעענישן האָט זיך דאַן געשטעלט אַף צווייערליי אויפאַנים: פון איין זייט, זיינען די באַקוניסטן (אָדער „אַליאַנטיסטן",—די גרינדער פון „אַליאַנס" פאַרן קאַמף מיט דער מאַרקסיסטישער „אינטערנאַציאָנאַלע") געווען קעגן דער פּאָליטישער טעטיקייט, קעגן דעם אָנטייל אין וואַלן און אַז. וו. פון דער אַנדער זייט, זיינען זיי געווען קעגן דעם אָנטייל אין דער רעוואָלוציע, וועלכע שטעלט זיך ניט דעם ציל טייקעף צו באַפרייען פולשטענדיק דעם אַרבעטער־קלאַס, קעגן יעדן אָנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. אָט דידאָזיקע לעצטע זייט פון דער זאַך שטעלט מאַקע פאַר אונז פאָר אַ באַזונדערן אינטערעס פון שטאַנדפּונקט

פון אונזער שטרייט-פראגע. דידאָזיקע זייט פון דער זאך האָט געגעבן, אגעוו, א גרונט צו דער פאָרמולירונג פון דער פרינציפיעלער נאפקעמינע צווישן צוויי טאקטישע לאָזונגען.

„די באקוניסטן,—זאָגט ענגעלס,—האָבן אסאך יאָרן געפריידיקט, אז יעדע רעוואָלוציאָנערע האנדלונג פון אויבן אראָפ איז שעדלעך, אז אלץ דארף זיין אָרגאניזירט און דורכגעפירט פון אונטן ארויף".

הייסט עס, דער פרינציפ: „נאָר פון אונטן" איז אן אנארכיסטישער פרינציפ.

ענגעלס באווייזט גראָד די טיפע אומגעלומפערטקייט פון דעמדאָזיקן פרינציפ אין דער עפּאָכע פון דער דעמאָקראטישער רעוואָלוציע. פון דעמדאָזיקן פרינציפ שטאמט נאטירלעך און אומפארמיידלעך יענער פראקטישער אויספיר, אז די גרינדונג פון רעוואָלוציאָנערע רעגירונגען איז א פאראט בעגויגייע דעם ארבעטער-קלאס, און די באקוניסטן האָבן טאקע געמאכט אזא אויספיר, זיי האָבן דערקלערט טאקע אלס פרינציפ, אז „די גרינדונג פון א רעוואָלוציאָנערער רעגירונג באדייט א נייעם באטרוג פון ארבעטער-קלאס, א נייעם פאראט בעגויגייע דעם ארבעטער-קלאס".

ווי דער לעזער זעט, זיינען פאַר אונז דאָ גראד יענע צוויי „פרינציפן", צו וועלכע עס האָט זיך דערעדט אויך די נייע „איסקרא", נעמלעך: 1) עס איז דערלאָזבאַר אַ רעוואָלוציאָנערע האַנדלונג נאָר פון אונטן אין קעגנזאַץ צו דער טאַקטיק „סאי פון אונטן, סאי פון אויבן"; 2) אַן אָנטייל אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג איז אַ פאַראַט בעגויגייע דעם אַרבעטער-קלאַס. דידאָזיקע ביידע ניי-איסקריסטישע פרינציפן זיינען אַנאַרכיסטישע פרינציפן. דער פאַקטישער גאַנג פון קאַמף פאַר דער רעפּובליק אין שפּאַניע האָט גראד באַוויזן די גאַנצע אומגעלומפערטקייט און די גאַנצע רעאַקציאָנישקייט פון דידאָזיקע ביידע פרינציפן.

ענגעלס באווייזט דאָס אַף באַזונדערע עפּיזאָדן פון דער שפּאַנישער רעוואָלוציע. אָט, לעמאָשל, פלאַמט אויף אַ רעוואָלוציע אין דער שטאָט אַלקאָי. דאָס איז אַ פאַבריק-שטאָט פון אַ פאַרהעלטניסמעסיק נייער אָפּשטאַמונג מיט דרייסיק טויזנט איינוואוינער. דער אַרבעטער-אויפשטאַנד זיגט, ניט קוקנדיק אַף דער אָנפירונג פון די באַקוניסטן, פאַר וועלכע עס איז פרינציפּיעל פרעמד געוועזן די אידייע פון אָרגאַניזירן די רעוואָלוציע. די באַקוניסטן האָבן אָנגעהויבן לעאַכער-האַמאַיסע צו באַרימען זיך, אַז זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר די „באַלעבאַטים פון דער לאַגע". איז וואָס זשע האָבן געמאַכט דידאָזיקע „באַלעבאַטים" פון זייער „לאַגע", פרעגט ענגעלס. ערשטנס, האָבן זיי געגרינדעט אין אַלקאָי אַ „קאָמיטעט פון וואוילשטאַנד", ד. ה. אַ רעוואָלוציאָנערע רעגירונג. און אַף זייער קאָנגרעס פון 15 סענטיאַבר 1872 יאָר, ד. ה. צען כאַדאָשים פאַר דער רעוואָלוציע, האָבן דיזעלבע אליאַנסיסטן (באַקוניסטן) באַשטימט: „יעדע אָרגאַניזאַציע פון אַ פּאָליטישער, אַזוי גערופענער צייטווייליקער אָדער רעוואָ-

לוציאָנערער מאַכט קען זיין נאָר אַ נייער באַטרוג און וואָלט זיך אַרויסגעוויזן פונקט אַזוי געפערלעך פאַרן פּראָלעטאַריאַט, ווי אַלע איצט עקזיסטירנדיקע רעגירונגען". אָנשטאָט פאַרנעמען זיך מיט ווידערלייגן דידאָזיקע אַנאַרכיסטישע פראַזן, באַגרעניצט זיך ענגעלס מיט דער סאַרקאַסטישער באַמערקונג, אַז גראָד די אנהענגער פון דער רעוואָלוציע איז אויסגעקומען צו ווערן „אָנטיילנעמער פון דערדאָזיקער צייטווייליקער און רעוואָלוציאָנערער רעגירונגס-מאַכט" אין אַלקאָי. ענגעלס איז מעוואַטל דידאָזיקע הערן מיט פאַראַכטונג, וועלכע זיי האָבן פאַרדינט, דערפאַר וואָס זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַן „אַבסאָלוטע אָנמעכטיקייט, פאַרלאָרנקייט און אומענערגישקייט", ווען זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן באַ דער מאַכט. מיט דערזעלבער פאַראַכטונג וואָלט ענגעלס געענטפערט אַף די באַשול-דיקונגען אין „יאַקאָבּיניזם", וועלכע עס האָבן אַזוי ליב צו מאַכן די זשיראָנ-דיסטן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. ער באַווייזט, אַז אין אַ ריי אַנדערע שטעט, לעמאָשל, אין סאַן-לוקאַר-דע-באַראַמעד (אַ האַפן-שטאָט מיט 26 טויזנט איינוואוינער באַ קאַדיקס) איז „די אליאַנסיסטן אויך אויסגעקומען, ניט קוקנדיק אַף זייערע אַנאַרכיסטישע פרינציפּן, צו בילדן אַ רעוואָלוציאָנערע רעגירונג", ער וואַרפט זיי אויף דאָס, וואָס „זיי האָבן ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זייער מאַכט". וויסנדיק אויסגעצייכנט, אַז די באַקוניסטישע פירער פון די אַר-בעטער האָבן אָנטיילגענומען אין די צייטווייליקע רעגירונגען, צוזאַמען מיט די אינטראַנסיזשענטן, ד. ה. צוזאַמען מיט די רעפּובליקאַנער, מיט די פאָרשטייער פון קליינבירגערטום, וואַרפט אויף ענגעלס די באַקוניסטן ניט זייער אָנטייל אין דער רעגירונג (ווי דאָס וואָלט מען געדאַרפט טאָן לויט די „פּרינ-ציפּן" פון דער נייער „איסקראַ"), נאָר דאָס פעלן פון אָרגאַניזירטקייט, דאָס פעלן פון ענערגיע אין דעם אָנטייל, דאָס, וואָס זיי האָבן זיך אונטערגעוואָרפן דער אָנפירונג פון די הערן בורזשואַזע רעפּובליקאַנער. מיט וואָס פאַר אַ פאַרניכטנדע סאַרקאַזמען וואָלט ענגעלס באַשאָטן יענע מענטשן, וועלכע דערנידערן אין עפּאָכע פון רעוואָלוציע די באַדייטונג פון „טעכנישער" און מיליטערישער אָנפירונג, — איז צו זען, אַגעוו, דערפון, וואָס ענגעלס האָט אויפגעוואָרפן די באַקוניסטישע פירער פון די אַרבעטער דאָס, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזן, בעשאַס זיי זיינען אַריין אין דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, די „פּאָליטישע און מיליטערישע אָנפירונג פאַר די הערן בורזשואַזע רעפּובליקאַנער, און אליין האָבן זיי געהאָדעוועט די אַרבעטער מיט הויכע מעליצעס און מיט פאַפירענע פּראָזשעקטן פון סאָציאַלע רעפאָרמען".

אַלס עכטער יאַקאָבּינער פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, האָט ענגעלס געקאָנט ניט נאָר שעצן די וויכטיקייט פון האַנדלונג פון אויבן, ניט נאָר וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר דערלאָזבאַר דעם אָנטייל אין אַ רעוואָלוציאָנערער רע-גירונג צוזאַמען מיט דער רעפּובליקאַנער בורזשואַזיע, נאָר ער האָט אויך גע-פאָדערט אַזאַ אָנטייל און אַן ענערגישע מיליטערישע איניציאַטיוו פון רע-וואָלוציאָנערער מאַכט. ענגעלס האָט דערביי געהאַלטן פאַר זיין כויוו צו געבן פּראַקטיש-אָנפירנדיקע מיליטערישע אייצעס.

ניט קוקנדיק אַף דעם, — זאָגט ער, — וואָס דער אויפשטאַנד איז אָנגעהויבן

געוואָרן אומזיניק, האָט ער דאָך געהאַט גרויסע אויסזיכטן אַף אַ דערפאָלג, אויב ער וואָלט אָנגעפירט געוואָרן כאָטש מיט אַ טראָפּן פאַר־שטאַנד*), לויטן מוסטער כאָטש פון די שפּאַנישע מיליטער־בונטן. באַ אַזעלכע בונטן הויבט זיך אויף דער גאַרניזאָן פון איין שטאָט, ער גייט איבער אין דער נאָענטסטער שטאָט, ציט מיט זיך זיין גאַרניזאָן, וועלכער איז שוין פון פריער אויפגעקלערט געוואָרן, און אַף אזא אויפן גייען די אינסורגענטן, וואַקסנדיק אין צאָל פונקט ווי אַ לאַווינע**), אַף דער הויפּט־שטאָט, ביז וואַנען אַ גליק־לעכע שלאַכט אָדער דער אַריבערגאַנג אַף זייער זייט פון מיליטער, וועלכע איז קעגן זיי געשיקט, גיט זיי דעם ניצאָכן. דאָסדאָזיקע מיטל איז באַזונדערס אַנ־ווענדבאַר אין דעם געגעבענעם פאַל. די אינסורגענטן זיינען אָרגאַניזירט געווען אומעטום אין פריווויליקע באַטאַליאָנען; עמעס, די דיסציפּלין איז באַ זיי געווען אַ קלאָגעדיקע, אָבער אַלנפאַלס ניט קיין ערגערע, ווי באַ די רעשטן פון דער אַלטער, מערסטנטייל צעלאָזענער, שפּאַנישער אַרמיי. דאָס איינציקע מיליטער, אַף וועלכע די רעגירונג האָט זיך געקאָנט פאַרלאָזן, זיינען געווען די זשאַנ־דאַרמען, נאָר זיי זיינען געווען צעזייט איבער דעם גאנצן לאַנד. די אויפגאַבע איז באַשטאַנען קוידעמקאָל אין דעם, צו שטערן דידאָזיקע זשאַנדאַרמען צו־נויפקלייבן זיך צוזאַמען, און דאָס איז מעגלעך געווען נאָר דורך אַן אָנגריפס־האַנדלונג און באַ אַ דרייסטן אַרויסטריט אין שלאַכט אין אָפענעם פעלד. קיין גרויסע געפאַר האָט אַזאַ מין האַנדלונגס־אַרט ניט פאָרגעשטעלט, ווייל די רע־גירונג האָט געקאָנט אַרויסשטעלן קעגן די פרייוויליקע פונקט אַזעלכע אומדיס־ציפּלינירטע מיליטער, ווי די פרייוויליקע אַליין. און ווער עס האָט געוואָלט זיגן, באַ יענעם זיינען ניט געווען קיין אַנדערע וועגן צום זיג".

אָט ווי עס האָט געאורטיילט דער גרינדער פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַ־ליזם, ווען אים איז אויסגעקומען האָבן צו טאָן מיט די אויפגאַבן פון אַן אויפ־שטאַנד און פון אומיטלבאַרן קאַמף אין דער עפּאָכע פון רעוואָלוציאָנערן אויפ־רייס! ניט קוקנדיק דערויף, וואָס דער אויפשטאַנד איז אויפגעהויבן געוואָרן דורך די קליינבירגערלעכע רעפּובליקאַנער, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס פאַרן פּראָלעטאַריאַט איז ניט געשטאַנען די פראַגע ניט וועגן אַ סאָציאַליסטישער איבערקערעניש, ניט וועגן דער עלעמענטאַר נויטיקער פּאָליטישער פרייהייט, — ניט קוקנדיק דערויף, האָט ענגעלס שרעקלעך הויך געשעצט דעם אקטיווסטן אָנטייל פון די ארבעטער אינם קאַמף פאַר א רעפּובליק; ענגעלס האָט געפאָ־דערט פון די פירער פון פּראָלעטאַריאַט, אַז זיי זאָלן אונטערוואַרפן זייער גאַנצע

*) Wäre er nur mit einigem Verstand geleitet worden

אָרימער ענגעלס! אַ שאַד, וואָס ער איז ניט באַקאַנט מיט דער נייער „איסקראַ“. דאַן וואָלט ער געוואוסט וועגן דער פאַרדאַרבלעכקייט, שעדלעכקייט, אוטאָפּישקייט, בורזשואַזקייט, טעכנישער איינזייטיקייט און מערידערדיקער שמאָלקייט פון דער יאַקאָבינישער אידייע וועגן דורכפירן (geleitet werden) דעם אויפשטאנד! לעני'נס אנמערקונג.

**) אַף הויכע בערג זאַמלען זיך אָן געוואַלטיקע מאַסן שניי. אַמאָל טרעפט זיך, אַז אַ טייל שניי גיט זיך אַ רוק, הויבט אָן קייקלען זיך באַרג־אַראָפּ. באַם קייקלען זיך נעמט דאָס זיך אָן מיט נאָך שניי, וואָס ליגט אַפן וועג. וואָס גרעסער די פאַלנדיקע מאַסע ווערט, אַלץ מער נייעם שניי נעמט זי אַן איז איר באוועגונג. אט אזא שניי־פאַל הייסט — לאַווינע איבערז.

טעטיקייט דער נויטיקייט פון זיג אין דעם אָנגעהויבענעם קאמף; ענגעלס האָט זיך דערביי אויך אליין, ווי איינער פון די פירער פונם פראָלעטאריאט, אריינ-געלאָזן אפילו אין די איינצלהייטן פון דער מיליטער-אָרגאניזאציע; ענגעלס האָט ניט גרינגגעשעצט, ווען דאָס איז נאָר נויטיק געווען צוליבן זיג, אויך די פארעלטערטע מיטלען פון קאמף דורך מיליטער-בונטן; ענגעלס האָט אין דער ערשטער ריי געשטעלט די אָנגריפס-האנדלונג און די צענטראליזירונג פון די רעוואָלוציאָנערע קויכעס. די ביטערסטע פאָרוואורפן האָט ער געריכטעט קעגן די באַקוניסטן דערפאר, וואָס זיי האָבן דערהויבן ביז א פרינציפ „דאָס, וואָס עס איז געווען אלס אן אומפארמיידלעכע בייז אין דער עפּאָכע פון דער דייט-שישער פויערים-מילכאָמע און אין דער צייט פון די מאי-אויפשטאנדן אין דייטש-לאנד אין 1849 יאָר, נעמלעך, די צעבראָקלטקייט און אָפּגעזונדערטקייט פון די רעוואָלוציאָנערע קויכעס, וואָס עס האָט דערלויבט איינעם און דעמזעלבן רע-גירונגס-מיליטער אונטערצודריקן איין באזונדערן אויפשטאנד נאָכן אנדערן". די אנשויאונגען פון ענגעלסן אף דער דורכפירונג פון אויפשטאנד, אף דער אָר-גאניזירונג פון דער רעוואָלוציע, אף דער אויסנוצונג פון דער רעוואָלוציאָנע-רער מאכט שיידן זיך אונטער, ווי הימל פון ערד, פון די עקיסטישע אנשוי-אונגען פון דער נייער „איסקרא".

מאכנדיק א סאכאקל צו די אויספירן, וועלכע מע קען מאכן פון דער שפּאנישער רעוואָלוציע, שטרייכט אונטער ענגעלס קוידעמקאָל דאָס, וואָס „די באַקוניסטן זיינען געצוואונגען געווען, ווי זיי האָבן זיך נאָר געטראָפן מיט אן ערנסטער רעוואָלוציאָנערער לאגע, ארויסצוואוארפן אף יענער זייט שיף די גאנצע אלטע פראָגראם זייערע". נעמלעך, ערשטנס, איז אויסגעקומען ארויס-צוואוארפן איבערן באָרט דעם פרינציפ פון אָפּהאלטן זיך פון פּאָליטישער טע-טיקייט, פון וואלן, דעם פרינציפ פון „פארניכטן די מלוכע". צווייטנס, „זיי האָבן ארויסגעווארפן איבערן באָרט יענעם פרינציפּ, אז די ארבעטער דארפן ניט נעמען קיין אָנטייל אין קיין שום רעוואָלוציע, וועלכע שטעלט זיך ניט דעם ציל טייקעף צו באפרייען פולשטענדיק דעם פראָלעטאריאט; זיי האָבן אליין אָנטיילגענומען אין א באוועגונג, וועלכע איז קלאָר א ריין בורזשואזע". דריטנס,— און דערדאָזיקער אויספיר גיט אן ענטפער גראד אף אונזער שטרייט-פראגע,— „זיי האָבן אליין צעטראָטן דעם פרינציפּ. וועלכן זיי אליין האָבן נאָר וואָס דערקלערט: אז די גרינדונג פון א רעוואָלוציאָנערער רעגירונג איז קלוימערשט א נייער באטרוג און א נייער פאראט בענויגייע דעם ארבעטער-קלאַס,— זיי האָבן אים אליין געטראָטן, זיצנדיק רואיק אין די רעגירונגס-קאָמיטעטן פון איינצלנע שטעט און דערצו נאָך אומעטום אלס מאכטלאָזע מינדערהייט, וועלכע איז געווען מאיאָריזירט און פּאָליטיש עקספּלואטירט דורך די הערן בורזשויען". ניט קענענדיק אָנפירן מיטן אויפשטאנד, צעבראָקלענדיק די רעוואָלוציאָנערע קויכעס אנשטאָט זיי צו קאָנצענטרירן, איבערלאָזנדיק די דורכפירונג פון דער רעוואָלוציע פאר די הערן בורזשויען, פאנאנדערלאָזנדיק די פעסטע און שטארקע אָרגאניזאציע פון אינטערנאציאָנאל, „האָבן די באַקוניסטן געגעבן אונז אין שפאניע א מוסטער דערפון, ווי מע דארף ניט מאכן קיין רעוואָלוציע".

* *
*

אונטערשטרײַכנדיק אַ סאַכאַקל צו דעם, וואָס איז אויבן געזאָגט, באַקומען מיר פאָלגנדיקע אויספירן:

1) פרינציפיעל באַגרעניצן די רעוואָלוציאָנערע האַנדלונג מיטן דרוק פון אונטן און אָפּזאָגן זיך פון אַ דרוק אויך פון אויבן — איז אַנאַרכיזם.

2) ווער עס פאַרשטייט ניט די נייע אויפגאַבן אין דער עפּאָכע פון רעוואָלוציע, די אויפגאַבן פון האַנדלונג פון אויבן, ווער עס קען ניט באַשטימען די באַדינגונגען און די פראָגראַם פון אַזאַ מין האַנדלונג, יענער האָט קיין באַגריף ניט וועגן די אויפגאַבן פונם פּראָלעטאַריאַט אין יעדער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע.

3) יענער פּרינציפּ, אַז פאַר דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז ניט דערלאָזבאַר אנטייל צו נעמען צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע אין אַ צײַטווײַליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, אַז יעדער מין פון אַזאַ באַטײליקונג איז אַ פאַראַט בענוגייע דעם אַרבעטער-קלאַס, איז אַ פּרינציפּ פון אַנאַרכיזם.

4) פאַר דער פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט שטעלט יעדע „ערנסטע רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע" די אויפגאַבע באַוואוסטזיניק דורכצופירן דעם אויפשטאַנד, אָרגאַניזירן די רעוואָלוציע, צענטראַליזירן אַלע רעוואָלוציאָנערע קרעפטן, פאַרנעמען אַ דרייסטן מיליטערישן אָנגריף, ענערגיש אויסנוצן די רעוואָלוציאָנערע מאַכט.

5) מאַרקס און ענגעלס האָבן ניט געקאָנט באַוויליקן און וואָלטן קיינמאָל ניט באַוויליקט די טאַקטיק פון דער נײַער „איסקראַ" אין דעם איצטיקן רעוואָלוציאָנערן מאָמענט, ווײַל דידאָזיקע טאַקטיק באַשטייט אין דער איבערכאַזערונג פון אַלע אויבן אויסגערעכנטע פעלערן. מאַרקס און ענגעלס וואָלטן אָנגערופן די פּרינציפּיעלע פּאָזיציע פון דער נײַער „איסקראַ" אַ באַטראַכטונג פון דעם „הינטן" פון פּראָלעטאַריאַט און אַ איבערכאַזערונג פון אַנאַרכישע פאַרבלענדענישן.

אין פאָלגנדיקן אַרטיקל וועלן מיר אַריבערגיין צו דער באַהאַנדלונג פון די אויפגאַבן פון דער צײַטווײַליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג.

„פּראָלעטאַרי" נומ. 3 פון 27 מאַי 1905 יאָר.

# די דעמאָקראַטישע אויפגאַבן פון דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט.

די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אַלס באַוואוסטזיניקע אויסדריקערין פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, שטעלט פאַר זיך דעם ציל פולשטענדיק צו באַפרײַען אַלע אַרבעטנדיקע פון יעדן יאָך און עקספּלואַטאַציע. די דערגרייכונג פון דעםדאָזיקן ציל, די פאַרניכטונג פון פּריוואַט-אייגנטום אַף פּראָדוקציע-מיטלען און די באַשאַפונג פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, פאָדערט אַ זייער הויכע

אנטוויקלונג פון די פּראָדוציר-קויכעס פון דעם קאַפּיטאַליזם און א קאָלאָסאַלע אָרגאַניזירטקייט פון דעם אַרבעטער-קלאַס. אָן פּאָליטישער פרייהייט איז ניט דענקבאַר ניט קיין פולשטענדיקע אנטוויקלונג פון די פּראָדוציר-קויכעס אין דער איצטיקער בורזשואזער געזעלשאַפט, ניט קיין ברייטער, אָפענער און פרייער קלאַסן-קאַמף, ניט קיין פּאָליטישע אויפקלערונג, דערציאונג און פאַ-רייניקונג פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן. אָט פאַרוואָס דער באוואוסטזיניקער פּראָלעטאַריאַט שטעלט אַלעמאָל פאַר זיין אויפגאַבע אן אַנטשלאָסענעם קאַמף פאַר דער פולשטענדיקער פּאָליטישער פרייהייט, פאַר דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע.

דידאָזיקע אויפגאַבע שטעלט זיך ניט נאָר דער פּראָלעטאַריאַט אליין. די געבילדעטע פאָרשטייער פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן האָבן לאַנג אַרויסגע-וואָרפן די פאָן פון פרייהייט; די רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ, וועלכע שטאַמט דערהויפּט פון דידאָזיקע קלאַסן, האָט העלדיש געקעמפט פאַר פרייהייט. אָבער די בורזשואַזיע אינגאַנצן גענומען איז ניט פעאיק אף אן אנטשיידענעם קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג: זי האָט מוירע צו פאַרלירן אין דעמדאָזיקן קאַמף איר אייגנטום, וועלכע בינדט זי צו צו דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפט, זי האָט מוירע פאַר א צו רעוואָלוציאָנערער אַרויסטרעטונג פון די אַרבעטער, וועלכע וועלן זיך קיינמאָל ניט אָפּשטעלן בלויז אף אַ דעמאָקראַטישער רעוואָ-לוציע, נאָר זיי וועלן שטרעבן צו א סאָציאַליסטישער איבערקערעניש; זי האָט מוירע פולשטענדיק צו צערייסן מיט דער באַאַמטנשאַפט, מיט דער ביוראָ-קראַטיע, די אינטערעסן פון וועלכע עס זיינען פאַרבונדן מיט די אינטערעסן פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן דורך טויזנטער פעדים. דעריבער צייכנט זיך אויס דער בורזשואַזער קאַמף פאַר פרייהייט מיט פאַכדאָנעס, ניטקאָנסעקווענטקייט, האַלבקייט. איינע פון די אויפגאַבן פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז שטויסן פאָרויס די בורזשואַזיע, שטעלן פאַרן גאַנצן פאָלק די לאָזונגען פון א פולשטענדיקער דעמאָקראַטישער איבערקערעניש, נעמען זיך זעלבשטענדיק און דרייסט פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דידאָזיקע לאָזונגען, בעקיצער,—זיין דער אוואַנגאַרד, די פאָרגעשריטענע מאַכנע אינם קאַמף פאַר דער פרייהייט פון גאַנצן פאָלק.

די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן איז אויסגעקומען צוליב דער אויספי-רונג פון דערדאָזיקער אויפגאַבע שוין ניט איין מאָל מילכאָמע צו האַלטן מיט דער ניט-קאָנסעקווענטקייט פון דעם בורזשואַזן ליבעראַליזם. מיר וועלן דער-מאָנען, לעמאָשל, ווי דער הער סטרואווע האָט אָנגעהויבן זיין כּון צענזור פרייע טעטיקייט אלס פּאָליטישער קעמפער פאַר דער „באַפרייאונג" פון רוס-לאַנד. ער האָט זי אָנגעהויבן מיט דער פאָרעדע צו וויטעס „מעמאָראַנדום", וואו עס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן דער עכט „שיפּאָווישער" *) (ריידנדיק אף דער שפּראַך פון די איצטיקע פּאָליטישע גרופּירונגען) לאָזונג: „רעכט און א מעכטיקע זעמסטווע". די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט געוויזן די גאַנצע אָפּגע-

*) שיפּאָוו—א מעסיקער ליבעראַל, וועלכער האָט געהערט צו די אָנהענגער פון פרידלעך „באַניייען" די פּאָליטישע אָרדענונג, איבערז.

שטאַנעקייט, די גאַנצע אומגעלומפּערטקייט, די גאַנצע רעאַקציאָנערקייט פון דעמדאָזיקן לאָזונג. זי האָט געפּאָדערט אַ באַשטימטע און אָנטשלאָסענע דעמאָקראַטישע פּראָגראַם, האָט אליין אַרויסגעשטעלט אַזאַ פּראָגראַם, אלס אַן אומטיילבאַרן באַשטאַנד-טייל פון איר פּאַרטיי-פּראָגראַם. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט געדאַרפט קעמפן מיטן שמאָלן פאַרשטיין פון די דעמאָקראַטישע אויפגאַבן אין אירע אייגענע רייען, ווען די אַזוי גערופענע עקאָנאָמיסטן האָבן אָף פאַרשיידענע אויפאַנים דערנידערט דידאָזיקע אויפגאַבן, האָבן געפּריידיקט „עקאָנאָמישן קאַמף מיט די באַלעבאַטים און מיט דער רעגירונג”, זיינען באַשטאַנען אָף דער נויטווענדיקייט אָנצוהייבן פון דעראָבערן רעכט, פאַרזעצן מיט פּאָליטישער אַגיטאַציע אין ערשט דערנאָך, ביסלעכווייז (די טעאָריע פון סטאַדיעס) איבערגיין צו פּאָליטישן קאַמף.

איצט האָט זיך דער פּאָליטישער קאַמף שרעקלעך פאַנאַנדערגעוואַקסן, די רעוואָלוציע האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד, די מעסיקסטע ליבעראַלן זיינען געוואָרן „עקסטע” און עס קען זיך אויסדוכטן, אַז אַזעלכע היסטאָרישע אויסקונפט-יעדיעס פון ניט לאַנגיקן אָוואַר, וועלכע מיר האָבן ערשט געבראַכט, זיינען ניט באַם אָרט, אַז זיי קענען ניט האָבן קיין שום שאַיכעס צו דער לעבעדיקער, ברויזנדיקער געגנוואַרט. נאָר דאָס קען זיך אויסדוכטן בלויז אַפן ערשטן קוק. פאַרשטייט זיך, אַזעלכע לאָזונגען, ווי א גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, אַלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע וואַל-רעכט מיט געהיימער אָפּשטימונג (וועלכע זיינען אַרויסגעשטעלט לאַנג און פריער פאַר אַלעמען דורך די סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין זייער פּאַרטיי-פּראָגראַם), זיינען געוואָרן צו אַלגעמיינער אייגנס; זיי זיינען אָנגענומען פון דער אומלעגאַלער „אָסוואָבאָזשדעניע”. זיי זיינען אַריין אין דער פּראָגראַם פון „פאַרבאַנד אָסוואָבאָזשדעניע”, זיי זיינען געוואָרן די לאָזונגען פון די זעמצעס; זיי כאַזערט איבער אָף פאַרשיידענע אויפאַנים די לעגאַלע פּרעסע. דער פּראָגרעס פון דעם רוסישן בורזשואַזן דעמאָקראַטיזם איז פאַר די לעצטע יאָרן און כאַדאָשים געוואָרן צווייפל-לאָז. די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע לערנט זיך בא די געשעענישן, זי וואַרפט אָפּ די פּרימיטיווע לאָזונגען (ווי דעם שיפּאָווישן, לעמאָשל: „רעכט און אַ מעכטיקע זעמסטווע”). זי הינקט נאָך נאָך דער רעוואָלוציע. נאָר זי הינקט נעמלעך נאָך נאָך דער רעוואָלוציע; אנשטאָט די אַלטע ווידערשפּרוכן צווישן אירע ווערטער און מאַיסים, צווישן דעמאָקראַטיזם אין פּרינציפּ און דעמאָקראַטיזם אין „רעאַלער פּאָליטיק”, ווערן געבאָרן נייע ווידערשפּרוכן, ווייל דער וואוקס פון דער רעוואָלוציע העכערט און העכערט די פּאָדערונגען פון דער דעמאָקראַטיע. די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע אָבער, העכערנדיק אירע לאָזונגען, שטייט שטענדיק אָפּ פון די געשעענישן, זי שלעפּט זיך שטענדיק באַם עק, זי פאָרמולירט אלע מאָל דידאָזיקע לאָזונגען אַף עטלעכע גראַד נידעריקער, ווי דאָס פּאָדערט דער ווירקלעך רעוואָלוציאָנערער ווירקלעכער קאַמף פאַר דער ווירקלעכער פרייהייט.

אין דערעמעסן, אָט נעמט דעמדאָזיקן לאָזונג, וועלכער איז געוואָרן אַ לויפנדיקער, אַן אַלאַנערקענטער: אַ גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אַפן גרונט פון אַלגעמיינעם

א.אז.וו. וואַל-רעכט. איז ער געַנוג פון שטאַנדפונקט פון רעוואָלוציאָנערן דעמאָקראַטיזם? איז ער גענוג פון שטאַנדפונקט פון די טעגלעכע רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן פון איצטיקן מאָמענט? אַף די ביידע פראַגן קען מען אנדערש ניט ענטפערן ווי נעגאַטיוו. קעדיי צו איבערצייגן זיך אין דעם, איז גענוג נאָר אויפמערקזאַם פאַנאַנדערצוקלייבן אונזער פאַרטיי-פראָגראַם, וועלכע, צום באַדויערן, אונזערע אָרגאַניזאַציעס דערמאָנען ניט גענוג אָפט, זיינען זיך וויינ̇יק סוימעך אף איר און פאַרשפרייטן זי וויינ̇יק (אלס א גליקלעכן אויסנאַם, וועלכער פאַרדינט, אַז מע זאָל אים וואָס מער נאָכטאָן, וועלן מיר אָנווייזן אַף דעם, וואָס דער ריגער, וואָראָנעזשער און מאָסקווער קאָמיטעטן האָבן ניט לאַנג איבערגעדרוקט אין בלעטלעך די פראָגראַם פון אונזער פאַרטיי). אונזער פראָגראַם שטעלט אויך אַלס גרונט-שטיין דעם לאָזונג פון אן אלפאָלקישער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג (מיט דעם וואָרט „אַלפאָלקישע" ריידן מיר אָפּ צו באַנוצן זיך פאַרקירצט אנשטאָט אלגעמיינע א. אז. וו. וואַל-רעכט). נאָר דערדאָזיקער לאָזונג שטייט אין אונזער פראָגראַם ניט איינזאַם, און אין אַזאַ קאָנטעקסט און מיט אַזעלכע דערגאַנצונגען און דערקלערונגען, וועלכע שליסן אויס א פאַלשע אויסטייטשונג פון דעמדאָזיקן לאָזונג דורך מענטשן, וועלכע קעמפן אַמווייניקסטן קאָנסעקוועַנט פאַר פרייהייט, אָדער אַזעלכע, וועלכע קעמפן אַפילע קעגן פרייהייט. דערדאָזיקער לאָזונג שטייט בא אונז אין דער פראָגראַם אין פאַרבינדונג מיט די לאָזונגען: 1) די נידערוואַרפונג פון דער צאַרישער זעלבסטהערשונג; 2) דאָס פאַרבייטן פון דער זעלבסטהערשונג דורך א דעמאָקראַטישער רעפּובליק; 3) די זעלבסטהערשונג פון פאָלק, וועלכע איז געזיכערט דורך א דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע, ד. ה. די קאָנצענטרירונג פון דער גאַנצער אויבערשטער מלוכע-מאַכט אין די הענט פון דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג, וועלכע איז צוזאַמענגעשטעלט פון פאָלקס-פאַרשטייער און וועלכע בילדן איין פאַלאַטע.

קען מען דען צווייפלען אין דעם, אַז די אנערקענונג פון די אלע לאָזונגען איז א כּיוו פאַר יעדן קאָנסעקוועַנטן דעמאָקראַט? דאָס וואָרט „דעמאָקראַט" הייסט דאָך סאַי לויטן גראַמאַטישן זין זיינעם, סאַי לויט זיין פּאָליטישער באַדייטונג, וועלכע אים האָט צוגעגעבן די גאַנצע געשיכטע פון אייראָפּע, אַן אָנהענגער פון דער זעלבסטהערשונג פון פאָלק. עס איז לעכערלעך, הייסט עס, צו ריידן וועגן דעמאָקראַטיזם און אין דערזעלביקער צייט אָפּלייקענען אַפילע איינעם פון דידאָזיקע לאָזונגען. נאָר דער הויפּט-ווידערשפּרוך צווישן דער שטרעבונג פון דער בורזשואַזיע איינצוהיטן — עס מעג זיין וואָס עס וויל — דאָס פּריוואַט-אייגנטום און דער שטרעבונג צו דערשלאָגן זיך פרייהייט — איז אַזוי טיף, אַז די פאַרשטייער, די אָנהענגער פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע פאַלן אומפאַרמיידלעך אריין אין דערדאָזיקער לעכערלעכער לאַגע. ווי אַלעמען איז באַוואוסט, בילדעט זיך אויס אין רוסלאַנד מיט א קאָלאָסאַלער שנעלקייט זייער א גרויסע ליבעראַלע פאַרטיי, צו וועלכער עס געהערן סאַי דער „פאַרבאַנד אָסוואָבאָזשדעניע", סאַי א מאַסע זעמצעס, סאַי די צייטונגען ווי, לעמאָשל „Наши Дни“, „Сын Отечества“, „Наша Жизнь“,

„Русские Ведомости“ און אנדערע און אַז. וו. דידאָזיקע ליבעראַל-בורזשואַזע פּאַרטיי האָט ליב, אַז מע זאָל זי אָנרופן „קאָנסטיטוציאָנעל-דעמאָקראַטישע“ פּאַרטיי. אין דערעמעסן אָבער, ווי עס איז צו זעען פון די מעלדונגען און פון דער פּראָגראם פון דער אומלעגאלער „אָסוואָבאזשדעניע“, איז דאָס א מאָנארכיסטישע פּארטיי. זי וויל גאָר ניט קיין רעפּובליק. זי וויל ניט קיין איין פּאַלאַטע און זי פירט איין פאר דער אויבער-פּאַלאַטע ניט קיין דירעקטע און פּאַקטיש ניט קיין אַלגעמיינע וואל-רעכט (צענז לויט דער וואוינ-דויער). זי וויל גאָר ניט, אַז די גאנצע העכסטע מלוכה-מאַכט זאָל אריבערגיין אין די הענט פון פּאָלק (כאָטש אַפילע זי האָט זייער ליב לעפּאָנים צו ריידן וועגן דעם אריבערגאנג פון דער מאכט צום פּאָלק!). זי וויל ניט די נידערוואַרפונג פון דער זעלבסטהערשונג, זי וויל נאָר די פאנאנדערטיילונג פון דער מאַכט צווישן 1) דער מאָנארכיע, 2) דער אויבערשטער פּאלאטע (וואו עס וועלן האָבן די אויבערהאנט די ערד-אייגנטימער און קאפּיטאליסטן) און 3) דער אונטערשטער פּאלאטע, וועלכע בויט זיך נאָר אליין אַף דעמאָקראַטישע יעסוידעס. אַף אַזאַ אויפן האָבן מיר פאר זיך דעם בליסאָפּעקדיקן פאקט, אז אונזער „דעמאָקראטישע“ בורזשואזיע אין געשטאלט אַפילע פון יענע אירע פּאָרשטייער, וועלכע זיינען די מער פּאָרגעשריטנסטע, געבילדעטסטע און אַמווייניקסטן אונטערגעוואָרפענע דירעקט דעם קאפּיטאל, שלעפּט זיך באַם עק פון דער רעוואָלוציע. דידאָזיקע „דעמאָקראטישע“ פּאַרטיי האָט מורע פּאַר דער זעלבסטהערשונג פון פּאָלק. איבערכאַזערנדיק אונזער לאָזונג פון אן אַלפּאָלקישער גרינדונגס-פּארזאמלונג, פּאַרקריפּלט זי אינגאנצן אין דער טאט דעם זין און די באדייטונג פון דעמדאָזיקן לאָזונג, זי נארט אָפּ דאס פּאָלק דורך דאָס געברויכן פון דעמדאָזיקן לאָזונג, ריכטיקער געזאגט, דורך דאס מיסברויכן מיט דעמדאזיקן לאזונג.

וואס איז אזוינס אַן „אַלפּאלקישע גרינדונגס-פּארזאמלונג“? דאס איז אַזאַ פּארזאמלונג, וועלכע דריקט אויס, ערשטנס, דעם ווילן פון פּאלק;— צוליב דעם איז נויטיק אַלגעמיינע און אז. וו. וואַל-רעכט און די פולקומע פרייהייט פון פּארוואל-אגיטאציע. דאס איז אזא פּארזאמלונג, וועלכע האט, צווייטנס, ווירקלעך די קראַפּט און מאַכט צו „גרינדן“ א מלוכה-ארדענונג, וועלכע זיכערט די זעלבסטהערשונג פון פּאלק. עס איז קלאר-פּונקט ווי עס איז קלאר דער קלארער טאג, אַז אן דידאזיקע צוויי באדינגונגען קען די פּארזאמלונג ניט זיין ניט קיין ווירקלעך אַלפּאלקישע און ניט קיין ווירקלעכע גרינדונגס-פּארזאמלונג. די ליבעראלע בורזשואזיע אונזערע, אונזערע קאנסטיטוציאנאליסטן-מאנאַרכיסטן (וועלכע רופן זיך אן צוליב שפּאט איבערן פּאלק פאר דעמאקראטן) ווילן אבער ניט קיין רעאלע באוואָרענישן ניט פּאַר איינער פון דידאזיקע באדינגונגען. ניט נאר וואס זיי באוואָרענען ניט מיט גארנישט ניט די פולקומע פרייהייט פון פּארוואל-אגיטאציע, ניט דעם ווירקלעכן איבערגאנג פון דער קראפּט און מאכט אין די הענט פון דער גרינדונגס-פּאַרזאמלונג,—פּארקערט, זיי באווארענען די אומעגלעכקייט פון דיביידע זאַכן, דערפּאַר ווייל זיי באַוואָרענען די מאָנארכיע. די רעאַלע מאַכט

און קראַפט בלייבן אין די הענט פון ניקאָלאַי דעם בלוטיקן: ד. ה., אַז דער ערגסטער סוינע פון פאָלק ווערט, צונויפרופנדיק די פאַרזאַמלונג, „באַוואָרענען“ דעם אַלפאָלקישן און פרייען כאַראַקטער פון די וואַלן. ניט עמעס, דאָס איז דאָך זייער דעמאָקראַטיש? דאָס הייסט, אַז די גרינדונגס-פארזאמלונג וועט קיין מאָל ניט האָבן און דאַרף קיין מאָל ניט האָבן (לויטן געדאנק פון די ליבעראלע בורזשוא) די גאנצע קראַפט און די גאַנצע מאַכט; זי דאַרף בלייבן אינגאנצן אָן קראַפט און אינגאנצן אָן מאכט; זי דאַרף נאָר צונויפרעדן זיך, איינשטימען, אָפּריידן, באַדינגען זיך מיט ניקאָלאַי דעם 2-טן וועגן דעם, אַז ער זאָל שענקען דער פארזאמלונג אַ פּיצעלע פון זיין קייזערלעכער מאַכט! א גרינדונגס-פארזאַמלונג, וועלכע איז געווילט דורך אַלגעמיינער אָפּשטימונג, שיידט זיך מיט גאָרנישט ניט אונטער פון א אונטערשטער פאלאטע. הייסט דאָס, אַז די גרינדונגס-פארזאמלונג, וועלכע איז צוזאמענגערופן אַף אויסצודריקן און אויסצופירן דעם פאָלקס-ווילן, ווערט פון דער ליבעראלער בורזשואזיע פארבאשטימט צוליב דעם, זי זאָל „גרינדן“ איבער דעם ווילן פון פאָלק אן אויבער-פאלאטע און פלוס דערצו נאָך דעם ווילן פון מאנארך, דעם ווילן פון ניקאָלאַיען.

איז דען ניט קלאָר, אַז ריידנדיק, דאַרשענענדיק, שרייענדיק וועגן אַן אַלפאָלקישער גרינדונגס-פאַרזאמלונג, גרייטן די הערן ליבעראלע בורזשוא, די אָסוואָבאָזשדענצעס, אין דערעמעסן אַן אנטיפאָלקישע באַראטונגס פארזאַמלונג? אנשטאט צו באַפרייען דאס פאָלק, ווילן זיי אונטערטעניק מאַכן דאס פאָלק אַפן קאָנסטיטוציאָנעלן אויפן, ערשטנס, דער מאַכט פונם קייסער (דער מאָנארכיסטישער פרינציפּ) און, צווייטנס, דער מאַכט פון דער אָרגאַניזירטער גרויס-בורזשואזיע (די אויבערשטע פאַלאַטע).

ווער עס וויל באטראכטן דעמאָקראַטיש אויספיר, זאָל יענער פרואוון באַהויפּטן: 1) אַז עס איז מעגלעך אַווירקלעכער אויסדרוק פון פאָלקס-ווילן אָן פולשטענדיקער אַגיטאַציע-פרייהייט און אָן דער פאַקטישער פארניכטונג פון יעדע פריווילעגיעס, וועלכע עס וואָלט געקאָנט האָבן די צאַרישע רעגירונג אין דערדאָזיקער אגיטאציע; 2) אַז א פארזאמלונג פון פאָרשטייער, וועלכע האָבן ניט אין זייערע הענט קיין רעאַלע קראפט און מאַכט, וואס בלייבן אין די הענט פון דעם קייסער, איז אין דערעמעסן ניט קיין באַראטונגס-פארזאמלונג. באהויפּטן דיביידע זאַכן קענען נאָר דורכגעטריבענע שאַרלאטאנעס אָדער האָפענונגסלאָזע שוטים. די געשיכטע דערווייזט באַשיינפערלעך, אַז א פאַר-טרעטונגס-פאַרזאמלונג, וועלכע עקזיסטירט פאַראלעל מיט דער מאָנאַרכישער מאַכט, איז אין דערעמעסן בלויז א באראטונגס-פאַרזאמלונג, קאָלזמאַן דידאָזיקע מאַכט בלייבט אין די הענט פון דער מאָנאַרכיע, אַז אזא מין פאַרזאַמלונג וואַרפט ניט אונטער דעם ווילן פונם מאָנאַרך דעם ווילן פון פאָלק, נאָר זי פּאַסט צו דעם ווילן פון פאָלק צום ווילן פון מאָנאַרך, ד. ה. זי טיילט די מאכט צווישן דעם מאָנארך און דעם פאָלק, זי דינגט אויס א נייעם סיי-דער, נאָר זי גרינדעט אים ניט. די געשיכטע דערווייזט באַשיינפערלעך, אַז עס קען קיין שום רייד ניט זיין וועגן ווירקלעך פרייע וואַלן, ווען אַ וועלכער

ניט איז פולער באַקאַנטמאַכונג פונם גאַנצן פאָלק מיט דער באַדייטונג און מיט דעם כאַראַקטער פון די וואַלן, אויב מע זאָל ניט פאַרבייטן די רעגירונג, וועלכע קעמפט מיט דער רעוואָלוציע, דורך א צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. אויב מיר זאָלן אפילו אָף א מינוט דערלאָזן, אז עס קען געשעען דאָס אומוואָרשיינלעכעס און אומעגלעכעס, נעמלעך, אז באַשליסנדיק צונויפרופן א „גרינדונגס" (לייען: באַראַטונגס)-פאַרזאַמלונג, וועט די צאַרישע רעגירונג פאָרמעל באַוואָרענען די פרייהייט פון אגיטאַציע, וועלן דאָך אין אירע הענט פאָרט בלייבן די אלע קאָלאָסאַלע פאָרטיילן און פאָרעכטן אין אַגיטאַציע, וועלכע עס גיט די אָרגאַניזירטע מלוכע-מאַכט: מיט דידאָזיקע פאָרטיילן און פאָרעכטן אין דער אגיטאַציע באַ די וואַלן אין דער ערשטער פאָלקס-פאַרזאַמלונג וועלן זיך באַנוצן יענע, וועלכע האָבן מיט אלע מיטלען געדריקט דאָס פאָלק און באַ וועמען דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבן אַרויסצוררייסן די פרייהייט מיט געוואַלט.

מיט איין וואָרט, מיר קומען ווידער צום זעלביקן אויספיר, וועלכן מיר האָבן באַקומען אויך דעם פאָריקן מאָל („פּראָלעטאַרי № 3"), ווען מיר האָבן באַטראַכט דידאָזיקע פראַגע פון אַן אנדער זייט *). דער לאָזונג פון אַן אַלפאָלקישער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אַן און פאַר זיך, ווען מע נעמט אים באַזונדער, איז באַ היינטיקן טאָג א לאָזונג פון דער מאָנאַרכיסטישער בורזשואַזיע, א לאָזונג פון א פשאָרע צווישן דער בורזשואַזיע און דער צאַרישער רעגירונג. דער לאָזונג פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף קען זיין נאָר — אַראָפוואַרפן די צאַרישע רעגירונג און זי פאַרבייטן דורך אַ צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, וועלכע עס דאַרף צונויפרופן די אַלפאָלקישע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. זאָל זיך דער פּראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד ניט מאַכן קיינע אילוזיעס בענויגייע דעמדאָזיקן איניען: מע נאַרט אים אָפּ אינם טומל פון דער אַלגעמיינער אויפרעגונג דורך דעם, וואָס מע באַנוצט זיינע אייגענע לאָזונגען. אויב מיר וועלן זיך אַרויסווייזן ניט בעקויעך קעגנצושטעלן דער באַוואָפנטער קראַפט פון דער רעגירונג די קראַפט פון באַוואָפנטן פאָלק, אויב די צאַרישע רעגירונג וועט ניט זיין ענדגילטיק צעקלאַפּט און פאַרביטן דורך א צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, — דאַן וועט יעדע פאָרשטייערישע פאַרזאַמלונג זיך אַרויסווייזן אין דערעמעסן, וואָס פאַר א טיטולן פון אלפאָלקישער און גרינדערישער מע זאָל איר ניט געבן, אלס א פאַרזאַמלונג פון פאָרשטייער פון דער גרויס-בורזשואַזיע צוליב אַ פשאָרע מיטן קייסער וועגן דעם, ווי אַזוי זיי זאָלן צעטיילן די מאַכט צווישן זיך.

וואָס נעענטער דער קאַמף צווישן פאָלק און קייסער קומט צו אַן אָנטשיידענעם סאָף, וואָס וואָרשיינלעכער עס איז די שנעלע פאַרווירקלעכונג פון דער פאָדערונג צונויפצורופן די פאָלקס-פאָרשטייער, אַלץ שטרענגער דאַרף אַכטונג געבן דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט אָף דער „דעמאָקראַטישער"

*) דער ארטיקל: „רעוואָלוציאָנערער קאַמף און ליבעראַלע מעקלעריי". רעד. פון דער רוסישער אויסגאַבע.

בורזשואזיע. וואָס שנעלער מיר וועלן דערקעמפן די פרייהייט, אַלץ שנעלער וועט זיך דערדאָזיקער פאַרבינדעטער פון פראָלעטאריאט פארוואנדלען אין זיין סוינע. און אלס מיטל צו פאַרשמירן דידאָזיקע פאַרוואנדלונג וועט דינען, ערשטנס, די אומקלאָרקייט, די ניט פולקייט און די אומבאַשטימטקייט פון די קלוימערשט דעמאָקראַטישע לאָזונגען פון דער בורזשואזיע און, צווייטנס, די שטרעבונג צו מאַכן די לאָזונגען פונם פראָלעטאריאט פאר א מעליצע, צו פאַר-בייטן די רעאַלע גאראנטיעס פון פרייהייט און רעוואָלוציע דורך ווערטער-האָפטאָכעס. פון די אַרבעטער פאָדערט זיך איצט, אז זיי זאָלן פאַרצענפאַכן זייער אויפמערקזאַמקייט און וואַכזאַם אכטונג געבן אף די „דעמאָקראַטן״. די ווערטער „אַלפאָלקישע גרינדונגס-פאַרזאמלונג״ וועלן זיך ארויסווייזן פאַר פוסטע ווערטער, אויב דידאָזיקע פאַרזאמלונג וועט ניט קענען, צוליב די רע-אַלע באדינגונגען פון די וואַלן און פון דער וואַל-אַגיטאַציע, אויסדריקן דעם ווילן פון פאָלק, אויב זי וועט ניט בעקויעך זיין זעלבשטענדיק צו גרינדן אַ נייע אָרדענונג. דער שווערפונקט ווערט איצט איבערגערוקט פון דער פראַגע וועגן צונויפרופן אַן אלפאָלקישע גרינדונגס-פאַרזאמלונג אף דער פראַגע וועגן די מיטלען פון דעמדאָזיקן צונויפרופן. מיר שטייען ערעוו אנטשיי-דענע געשעענישן. ניט פאַרטרויענדיק די אַלגעמיין-דעמאָקראַטישע לאָזונגען, דאַרף דער פראָלעטאריאט זיי אַנטקעגנשטעלן זיינע אייגענע פראָלעטאַריש-דעמאָקראַטישע לאָזונגען אין זייער גאַנצער פולקייט. נאָר די קראַפט, וועלכע ווערט אָנגעפירט פון דידאָזיקע לאָזונגען, קען אין דערעמעסן באַוואָרענען דעם פולשטענדיקן זיג פון דער רעוואָלוציע.

„פראָלעטאַרי״ № 4
פון 3-טן יון 1905 יאָר.

# ד ר י י  ק אָ נ ס ט י ט ו צ י ע ס

## אָדער דריי אַרטן פון דער מלוכע־איינאָרדענונג.

| וואָס ווילן די פּאָליציי און די באַאַמטע? | וואָס ווילן די סאַמע ליבעראַלע בורזשואַ (די אָסוואָבאָזשדענצעס אָדער די קאָנסטיטוציאָנעל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי)? | וואָס ווילן די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער? |
|---|---|---|
| א זעלבסטהערשנדע מאָנאַרכיע. | אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע. | אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק. |

## אין וואָס באַשטייען דידאָזיקע אַרטן פון דער מלוכע־איינאָרדענונג?

| | | |
|---|---|---|
| 1. דער קייסער איז א זעלבסטהערשנדיקער מאָנאַרך. | 1. דער קייסער איז אַ קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרך. | 1. קיין שום קייסער. |
| 2. א מלוכע־ראַט (באַאַמטע, וועלכע זיינען באַשטימט פון קייסער). | 2. אַן אויבערשטע פּאַלאַטע פון פאָלקס-פאָרשטייער (אומדירעקטע, ניט גאָר גלייכע, און ניט גאָר אַלגעמיינע וואַלן). | 2. קיין שום אויבערשטע פּאַלאַטע. |
| 3. א גאָסודאַרסטווענע דומע אָדער א באַראַטונגס־פּאַלאַטע פון פאָלקס - פאָרשטייער (אומדירעקטע, ניט גלייכע, ניט אַלגעמיינע וואַלן). | 3. אַן אונטערשטע פּאַלאַטע (אַלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע וואַלן מיט געהיימער שטים־אָפּגעבונג. | 3. איין רעפּובליקאַנישע פּאַלאַטע (אַלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע וואַלן מיט געהיימער שטים-אָפּגעבונג). |

## וואָס פֿאַר אַ באַדייטונג האָבן די דאָזיקע אַרטן פֿון דער מלוכע-איינאָרדענונג ?

1. די פֿולקומע מאַכט פֿון דער אָליציי און פֿון די באַאַמטע אי־ערן פֿאָלק.

2. באַראַטונגס=שטים פֿאַר דער רויס=בורזשואזיע און פֿאַר די ייכע פּריצים.

3. קיין שום מאַכט דעם פֿאָלק.

1. אַ דריטכיילעק פֿון דער מאַכט דער פּאָליציי און די באַאַמטע מיטן קייסער אין דער שפּיץ.

2. אַ דריטכיילעק פֿון דער מאַכט דער גרויס-בורזשואזיע און די רייכע פּריצים.

3. אַ דריטכיילעק פֿון דער מאַכט דעם פֿאָלק.

1. קיין שום זעלבשטענדיקע מאַכט ניט דער פּאָליציי, ניט די באַאַמטע; זיי וואַרפֿן זיך אונטער אינגאַנצן דעם פֿאָלק.

2. קיין שום פּריווילעגיעס ניט פֿאַר די קאַפּיטאַליסטן, ניט פֿאַר די פּריצים.

3. די גאַנצע מאַכט, די איינהייטלעכע, פֿולע און ניט צעטיילבאַרע מאַכט דעם גאַנצן פֿאָלק.

## צוליב וואָס דאַרפֿן דינען די דאָזיקע אַרטן פֿון דער מלוכע-איינאָרדענונג ?

צוליב דעם, אַז בעסער פֿאַר לעמען זאָל זיך לעבן די הויפּ־ייט, דער פּאָליציי און די באַ־מטע;

— אַז די רייכע זאָלן קענען ויבן די אַרבעטער און די פּוי־רים, ווי זייער האַרץ געלוסט;

— אַז דאָס פֿאָלק זאָל אַף איי־יק בלייבן רעכטלאָז, אין פֿינ־טערקייט און אומוויסנהייט.

צוליב דעם, אַז די פּאָליציי און די באַאַמטע זאָלן אָפּהענגיק זיין פֿון די קאַפּיטאַליסטן און פּריצים;

— אַז די קאַפּיטאַליסטן, די פּריצים און די רייכע פּויערים זאָלן קענען פֿריי און רואיק, אַפֿן גרונט פֿון רעכט און ניט לויט ווילקיר, ראַבעווען די שטאָטישע און דאָרפֿישע אַרבעטער.

צוליב דעם, אַז דאָס פֿרייע, אויפֿגעקלערטע פֿאָלק זאָל זיך אויסלערנען אַליין צו פֿירן זיינע איניאַנים, — און דערהויפּט צוליב דעם, אַז דער אַרבעטער-קלאַס זאָל קענען פֿריי קעמפֿן פֿאַרן סאָציאַליזם, פֿאַר אַזעלכע אָרדענונגען, ווען עס וועט ניט זיין ניט קיין רייכע און ניט קיין אָרימע, ווען די גאַנצע ערד, אַלע פֿאַבריקן און זאַוואָדן וועלן געהערן אַלע אַרבעטנדיקע.

דאָס בלעטל איז אָפּגעדרוקט דעם 24-טן יון 1905 יאָר.

# די פּאַריזער קאָמונע און די אויפגאַבן פון דער דעמאָקראַטישער דיקטאַטור.

די פּאָזיציע פון „איסקרא“ אין דער פראַגע, צי איז דערלאָזבאַר, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטן זאָלן אָנטייל נעמען אין דער צייטווייליקער רעגירונג, האָט זיך איצט שטאַרק פאַרפלאָנטערט. לויט דער מיינונג פון מאַרטינאָווס טאַלמידים אַפילע, קען באַ גינסטיקע אומשטענדן שאַפן זיך אַזאַ פאַרנעם פון דער רעוואָלוציע, וועלכער וועט דינען אַלס דירעקטע האַקדאָמע צו אַ גראַנדיעזער סאָציאַלער איבערקערעניש; נאָר די פּאַרטיי אַליין, איר ווילן, איר אַרבעט, אירע פּלענער האָבן דערצו אַזוי ווי קיין שאיכעס ניט. „אַף גאָט האָף און אַליין ניט געגעניצ“, זאָגט אַ שפּריכוואָרט, וועלכע שטרעבט אומשעדלעך צו מאַכן דעם רעליגיעזן פאַטאַליזם,—„אַף די אומשטענדן, אַפן היסטאָרישן פּראָצעס האָף“, וועלן מיר זאָגן, „אָבער אַליין ניט געגעניצ“. אויב ניט, וועסטו זיין אַן עקאָנאָמיסט-פאַטאַליסט, אָבער ניט קיין סאָציאַל-דעמאָקראַט-רעוואָלוציאָנער. אין דער רעזאָלוציע פון דער מענשעוויסטישער קאָנפערענץ לייען איך: „נאָר אין איין פאַל דאַרף די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע לויט איר אייגענער איניציאַטיוו ווענדן אירע באַמיאונגען צו באַהערשן די מאַכט און וואָס לענגער איינהאַלטן זי אין אירע הענט, נעמלעך אין יענעם פאַל, אויב די רעוואָלוציע וואָלט זיך איבערגעוואָרפן אין די פאָרגעשריטענע לענדער פון מאַיִרעוו-אייראָפּע, אין וועלכע עס האָבן שוין דערגרייכט אַ געוויסע רייפקייט די באַדינגונגען פאַר דער פאַרווירקלעכונג פונם סאָציאַליזם“. קוידעמקאָל פרעגסטו זיך ניט ווילנדיק: קען מען דען „אָנווענדן באַמיאונגען“ צו וואָס-ניט-איז אויך ניט לויט דער אייגענער איניציאַטיוו? און, צווייטנס, וואָס וועט זיין, אויב מע זאָל איבערדרייען דידאָזיקע פראַזע אַזוי: „נאָר אין איין פאַל וועט די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איבערוואַרפן זיך אַף די פאָרגעשריטענע לענדער פון מאַיִרעוו-אייראָפּע, נעמלעך, אויב דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וועט זיך איינגעבן צו פאַרכאַפּן אין אירע הענט און איינהאַלטן אַף אַ לאַנגע צייט די מאַכט“... אויב שוין בויען אַ האַשאָרע, איז פאַר וואָס ניט אַזאַ? מאַקסימום ענערגיע שאַדט קיין מאָל ניט. אַגעוו, וועגן דעם, אַז די פּאַרטיי זאָל פאַרכאַפּן די מאַכט, רעדט גאָר קיינער ניט,—עס רעדט זיך נאָר וועגן דעם אָנטייל, וועגן אַ מעגלעך אָנפירנדיקן אָנטייל אין דער רעוואָלוציע, אין יענעם מאָמענט, ווען די מאַכט וועט זיין אין אירע הענט (אויב אַזאַ מאָמענט וועט אָנקומען), און ווען מע וועט זיך סטאַרען דידאָזיקע מאַכט צוריק באַ איר אַרויסצורייסן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פראַגע וועגן דער מעגלעכקייט און דער־לאָזבאַרקייט פון אַזאַ דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, איז אינ־טערעסאַנט צו ברענגען עטלעכע היסטאָרישע יעדיעס וועגן דער פּאַריזער קאָ־מונע, וועלכע איז געוועזן אַ רעוואָלוציאָנערע מאַכט און האָט געמאַכט די רע־וואָלוציע ניט נאָר פון אונטן, נאָר אויך פון אויבן.

צי איז די קאָמונע געוועזן אַ דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט?

ענגעלסעס האַקדאָמע צו דער דריטער אויפלאַגע פון מאַרקס „בירגער־קריג אין פראַנקרייך" ענדיקט זיך מיט אַזעלכע ווערטער: „אין דער לעצטער צייט האָט דער פיליסטער ווידער אָנגעהויבן אַרויסבאַווייזן אַ שרעק בײַ די ווערטער: דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. ווילט איר וויסן, גנעדיקע הערן, וואָס איז אַזוינס דידאָזיקע דיקטאַטור? קוקט זיך צו צו דער פּאַריזער קאָמונע. **דאָס איז געוועזן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט**".

עס איז דאָך אָבער אַ נאַפּקעמינע צווישן דיקטאַטור און דיקטאַטור! עפּשער איז דאָס געוועזן אַן **עמעסע, ריינע** דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אין זין פון אַ ריין סאָציאַל־דעמאָקראַטישן באַשטאַנד פון אירע מיטגלידער און לויטן כאַראַקטער פון אירע פּראַקטישע אויפגאַבן? גאָר ניט! דער באַוואוסטזיניקער פּראָלעטאַריאַט (דערצו נאָך, **אַ מער אָדער ווייניקער** באַוואוסט־זיניקער), ד. ה. די מיטגלידער פון אינטערנאַציאָנאַל, זײַנען געוועזן אין דער מינדערהייט; די מערהייט פון דער רעגירונג איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון דער קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטיע. איינער פון די בייסטע פאָרשער (גוסטאַוו עקק) רעדט וועגן דעם גאַנץ ניט צווײדײַטיק. אין דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, לעמאָשל, זײַנען געוועזן 35 מיטגלידער און נאָר 2 סאָציאַליסטן (ד. ה. מיטגלידער פונם אינטערנאַציאָנאַל), נאָר דערפאַר האָבן זיי (ווארלען און אַוואוואַן) געהאַט אַ קאָלאָסאַלע וואָג צווישן זייערע מאַכט־כאַווײרים. וועגן דעמזעלביקן קאָמיטעט שרייבט ליסאַגאַרע: „צי זײַנען געוועזן זײַנע מיטגלידער באַוואוסטע אַגיטאַטאָרן? סאָציאַליסטן?—גאָר ניט, אַלע באַרימטע נעמען זײַנען: קליינבירגער, קרעמער, האַנדלס־אָנגעשטעלטע". און פונדעסטוועגן זײַנען ווארלען און אַוואוואַן אַרײַן אין אַזאַ קאָמיטעט. שפּעטער זײַנען נאָך אַרײַן אין קאָמיטעט: פּענדי, אָסטען און זשורד. די „ניו־יאָרקער אַרבעטער־צײַטונג", דער אָרגאַן פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, האָט געשריבן אין אַן אַרטיקל פון 18-טן יולי 1874 יאָר פאָלגנדיקס: „די קאָמונע איז ניט געוועזן קיין ווערק פון אינטערנאַציאָנאַל; זיי זײַנען גאָר ניט אידענטיש, נאָר די מיטגלידער פון אינטערנאַציאָנאַל האָבן אָנגענומען די פּראָגראַם פון דער קאָמונע, פאַרברייטערנדיק זי אין דערזעלביקער צײַט ווײַט איבער די אָנפאַנגלעכע ראַמען אירע. זיי זײַנען אויך געוועזן אירע אייפעריקסטע און טרײַסטע פאַרטיידיקער, ווײַל זיי האָבן פאַרשטאַנען איר באַדײַטונג פאַרן אַרבעטער־קלאַס".

דער „גענעראַלער ראַט", אין שפּיץ פון וועלכן עס איז, ווי באַקאַנט, געשטאַנען מאַרקס, האָט באַוויליקט דידאָזיקע טאַקטיק פון פּאַריזער פעדעראַציע פון אינטערנאַציאָנאַל; אין זײַן מאַניפעסט איז געזאָגט געוועזן: „וואו אונז

אין וואָס פאר אַ פאָרם עס זאָל זיך ניט פירן אַ קלאַסן=קאַמף,—דאַרפן די מיט-גלידער פון אונזער געזעלשאַפט זיין אין די ערשטע רייען". נאָר אונזערע פארגענגער, די מיטגלידער פונם אינטערנאַציאָנאַל, האָבן גאָר ניט געוואָלט צונויפגיסן זיך מיט דער קאָמונע, זיי האָבן די גאַנצע צייט פאַרטיידיקט זייער באַזונדערע רײן פראָלעטאַרישע פאַרטיי-אָרגאַניזאַציע. עקק שרייבט: „דער פעדעראַלער ראַט פון דעם אינטערנאַציאָנאַל האָט גלייך באַוויזן צו זיכערן די ווירקונג פון זיינע באַפולמעכטיקטע באַ דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג". אַלס אויסגעצייכנטער באַווייז פון דער אָפגעזונדערטקייט פון דער דאַמאָלסדיקער פראָלעטארישער אָרגאַניזאציע, בא דעם אָנטייל פונדעסטוועגן פון אירע פאָר-שטייער אין דער רעגירונג, קען דינען פאָלגנדיקע איינלאדונגס-קארטע: „דעם קומענדיקן שאַבעס, דעם 20-טן מאי, וועט פאָרקומען אן עקסטראַ זיצונג פון פעדעראלן ראט פון דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער=געזעלשאפט. די מיטגלידער פון קאָ-מונע, וועלכע געהערן צום אינטערנאציאָנאל, ווערן איינגעלאדן בייצוזיין. זיי וועלן דארפן אָפגעבן א באריכט וועגן דעם, וואָס פאר א שטעלונג זיי האָבן גענומען אין דער קאָמונע. און וואָס זיינען די אורזאכן און דער טאָך פון די אנטשטאנענע כעלוקע-דייעס אין דער קאָמונע. אום בייצוזיין אף דער זיצונג איז נויטיק א מיטגלידס-קארטע". און אָט איז נאָך א אינטערעסאנטער דאָקומענט,—דער באַ-שלוס פון דער אויבנדערמאָנטער עקסטרא=בעראטונג: „די אינטערנאציאָנאלע ארבעטער-געזעלשאפט האָט אָנגענומען אף איר עקסטרא-זיצונג פון 20-טן מאי פאָלגנדן באשלוס: אויסהערנדיק אירע מיטגלידער, וועלכע זיינען אין דער-זעלביקער צייט מיטגלידער פון קאָמונע, האָט די פארזאמלונג אנערקענט זייער אויפירונג פאר פולקום לאָיאל און האָט באשלאָסן צו בעטן זיי אויך אף ווייטער פארטיידיקן מיט אלע מיטלען די אינטערעסן פון ארבעטער-קלאס און אויך שטרעבן איינצוהיטן די איניקייט פון דער קאָמונע צוליב א פארשטארקטן קאמף מיט די ווערסאלער. כוץ דעם האָט די פארזאמלונג רעקאָמענדירט צו דערשלאָגן זיך די פולקומע עפנטלעכקייט פון די זיצונגען פון דער קאָמונע און די אָפשאפונג פון פאראגראף 3 פון איר מאניפעסט, וועלכער שטימט ניט מיטן רעכט פון פאָלק צו קאָנטראָלירן די טעטיקייט פון דער אויספיר-מאכט, אין דעם געגעבענעם פאל—פון דעם קאָמיטעט פון געזעלשאפטלעכן וואויל-שטאנד".

אף דער פארזאמלונג זיינען בייגעווען 6 מיטגלידער פון דער קאָמונע, דריי האָבן צוגעשיקט אן אנטשולדיקונג. דעם 19-טן מארט ציילט ליסאגארע אין דער קאָמונע 25 פאָרשטייער פון ארבעטער-קלאס, נאָר ניט אלע האָבן זיי געהערט צום אינטערנאציאָנאל: די מערהייט איז אויך דאן געווען פאר דעם קליינבירגערטום.

דאָ איז ניט דער אָרט צו דערציילן ,די געשיכטע פון דער קאָמונע און די ראָלע פון די מיטגלידער פון דעם אינטערנאציאָנאל אין איר. מיר וועלן נאָר זאָגן, אז אין דער אויספיר=קאָמיסיע איז געזעסן דיואוויל, אין דער פינאנץ קאָמיסיע—ווארלען, זשורד און בעסליי, אין דער מיליטערישער—דיואוויל און פינדי, אין דער קאָמיסיע פון געזעלשאפטלעכער זיכערקייט—אַסי און שאַלען,

און אין דער קאָמיסיע פון ארבעט—מאַלאָן, פראנקעל, טייס, דיופּאָן און אַווּ-
ריאל. דעם 16-טן אפּרעל, בא די נייע וואלן, זיינען אריין נאָך עטלעכע מיט-
גלידער פון אינטערנאציאָנאל (צווישן זיי מארקס איידעם—לאָנגע), נאָר אין
דער קאָמונע זיינען געווען אויך אויסגעשפּראָכענע סאָנים זיינע, ווי, לעמאָשל,
וועזיניע. צום סאָף פון דער קאָמונע האָבן זיך די פינאנצן געפונען אין דער
פּארוואלטונג פון צוויי הויך טאלאנטפולע מיטגלידער פון דעם אינטערנאציאָ-
נאל—זשורד און ווארלען. מיט האנדל און ארבעט האָט אָנגעפירט פראנקעל,
מיט פּאָסט, טעלעגראף, מיט דעם מאטבייעס-הויף און מיט די דירעקטע שטיי-
ערן האָבן אויך פּארוואלטעט סאָציאליסטן. דאָך איז די מערהייט פון די וויכ-
טיקסטע מיניסטעריומס, ווי עס באמערקט עקק, געבליבן אין די הענט פון דער
קליין-בורזשואזיע.

אַף אַזאַ אויפן איז אינגאַנצן צווייפלאָז, אַז ווען ענגעלס האָט אָנגערופן
די קאָמונע — דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, האָט ער אין אַכט געהאַט נאָר
דעם אנטייל, און דערביי דעם אידייאיש-אָנפירנדיקן אנטייל, פון די פּאָרשטייער
פון פּראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג פון פּאַריז.

נאָר עפּשער איז דאָך דער ציל פון דער קאָמונע געווען א פולשטענ-
דיקע סאָציאַליסטישע איבערקערעניש? בא אונז קענען דאָך אזעלכע אילוזיעס
ניט זיין.

ווירקלעך, אין דעם באַרימטן מאַניפעסט פון גענעראַל-ראַט וועגן דער
קאָמונע, וועלכער איז בליסאָפּעק אָנגעשריבן פון מאַרקסן, ווערט געזאָגט:
„די קאָמונע האָט געדאַרפט דינען אַלס הויבער צוליב דער צעשטערונג פון די
יעסוידעס פון דער בורזשואַזער ווירטשאַפט, אַף וועלכער עס שטיצט זיך די
קלאַסן-הערשאַפט". נאָר טאַקע דאָ זעצט דער מאַניפעסט פאָר: „דער אַרבעטער-
קלאַס האָט ניט געפאָדערט קיין ניסים פון דער קאָמונע. זי האָט ניט
געדאַרפט טייקעף פאַרווירקלעכן א וועלכע ניט איז אוטאָפּיע. ער (דער ארבע-
טער-קלאַס) ווייס, אַז צוליב זיין באַפרייאונג און דער דערגרייכונג פון העכע-
רע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן... איז נויטיק דורכצוגיין א גאַנצע ריי
היסטאָרישע פּראָצעסן, וועלכע דאַרפן אינגאַנצן אומענדערן סאַי די סוויווע,
סאַי די נאַטור פון די מענטשן. די קאָמונע האָט זיך ניט געיאָגט נאָך דער
פאַרווירקלעכונג פון אידעאַלן, זי האָט בלויז געדאַרפט געבן פרייהייט די שוין
פאַראַנענע עלעמענטן פון דער נייער געזעלשאַפט, וועלכע האָבן זיך אנטוויקלט
אין דעם איבערגעצייטיקטן קאַפּיטאליזם גופע". אַלע מאָסמיטלען, די גאַנצע סאָ-
ציאַלע געזעצגעבונג פון דער קאָמונע האָבן געטראָגן אַ פּראַקטישן, און ניט
קיין אוטאָפּישן כאַראַקטער, — די קאָמונע האָט פאַרווירקלעכט דאָס, וואָס מיר
רופן איצטער אָן די „מינימום-פּראָגראַם פון סאָציאַליזם". אום צו דערמאָנען,
וואָס האָט נעמלעך די קאָמונע אין דערדאָזיקער ריכטונג דורכגעמאַכט, וועלן
מיר ברענגען אַ ציטאַט פון דערזעלביקער ענגעלסעס האַקדאָמע:

„דעם 26-טן מאַרט איז אויסגעוויילט געוואָרן און דעם 28-טן דעקלערט
געוואָרן די פּאַריזער קאָמונע. דער צענטראַל-קאָמיטעט פון דער נאַציאָנאַלער
גוואַרדיע, אין די הענט פון וועלכן עס איז ביז דאן געווען די מאַכט או-

וועלכער האָט שוין באַוויזן אָפּצושאַפן די העסלעכע פּאָליציי, האָט איבערגע-
געבן זיינע פולמאַכטן דער קאָמונע. דעם 30-טן מאַרט האָט די קאָמונע אָפּ-
געשאַפט די קאָנסקריפּציע און די שטענדיקע אַרמיי און האָט דערקלערט די
נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, אַלס די איינציקע באַוואָפנטע מאַכט, צו וועלכער עס
האָבן געדאַרפט געהערן אַלע בירגער, וועלכע זיינען פעאיק צו טראָגן געווער.
זי האָט אָפּגעשאַפט די דירע-געלט פון אָקטיאַבר 1870 ביז אַפּרעל 1871 יאָר,
פאַררעכענענדיק די סומען, וועלכע זיינען שוין איינגעצאָלט, אין כעשבן פון
דער קומענדיקער דירע-געלט; זי האָט אָפּגעשטעלט דעם פאַרקויף פון די זאַכן,
וועלכע זיינען פאַרמאַשקנט געווען אין לאָמבאַרד. אין דעמזעלבן טאָג זיינען
באַשטעטיקט געוואָרן אין זייער אַמט די אויסלענדער, וועלכע זיינען אויסגע-
וויילט געוואָרן אין קאָמונע, ווייל „די פאָן פון דער קאָמונע איז די פאָן פון
דער אַלוועלטלעכער רעפּובליק". דעם 1-טן אַפּרעל איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז
דאָס העכסטע געהאַלט פאַר די אָנגעשטעלטע פון דער קאָמונע, דאָס הייסט,
אַגעוו, אויך פאַר אירע אייגענע מיטגלידער, דאַרף זיין ניט העכער פון 6000
פראַנק. אַפן אנדער טאָג איז דעקרעטירט געוואָרן די אָפּטיילונג פון
קירך פון דער מלוכע און די אָפּשאַפונג פון אַלע מלוכע-
הויצאָעט צו גונסטן פון דער רעליגיע, ענדלעך, די פאַרוואַנדלונג פון
אַלע גיטער פון די גייסטלעכע אין נאַציאָנאַל אייגנטום; דערנאָך, דעם 2-טן
אַפּרעל, איז אָנגענומען געוואָרן און בעהאַדראַגע פאַרווירקלעכט געוואָרן דאָס
באַזייטיקן פון דער שול אַלע רעליגיעזע סימוואָלן, הייליקע בילדער, דאָגמאַטן,
טפילעס, בעקיצער — „אַלץ, וואָס האָט אַ שאיכעס צום געוויסן פון באַזונדע-
רע פערזאָנען". דעם 5-טן אַפּרעל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער דעקרעט
וועגן אָרוועס-לייט („זאַלאָזשניקעס"), וועלכער איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך
דעם, וואָס דאָס ווערסאַלער מיליטער האָט קעסיידער צעשאָסן די געפאַנגענע —
באַשיצער פון דער קאָמונע, — אַ דעקרעט, וועלכער איז קיינמאָל ניט דורכ-
געפירט געוואָרן אינגאַנצן. דעם 6-טן אַפּרעל האָט דער 137-טער באַטאַליאָן
פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע אַרויסגעשלעפּט און פאַרברענט די גיליאָטינע
באַ הויכע פריידיקע אויסגעשרייען פון פאָלק. דעם 12-טן האָט די קאָמונע באַ-
שלאָסן אַראָפּצוואַרפן די וואַנדאָמער קאָלאָנע, וועלכע נאַפּאָלעאָן האָט אויס-
געגאָסן נאָך דער מילכאָמע פון 1809-טן יאָר פון די האַרמאַטן, וואָס זיינען
אָפּגענומען געוואָרן באַם טוינע, און וועלכע איז געשטאַנען אַלס אַ סימבאָל
פון שאָוויניזם און צווישנפעלקערלעכער פיינטשאַפט. דאָס איז אויסגעפירט גע-
וואָרן דעם 16-טן מאַי. דעם 16-טן אַפּרעל האָט די קאָמונע פאַראָרדנט איבער-
צושרייבן די פאַבריקן, וועלכע זיינען געשטאַנען אָן אַרבעט, און אויסאַרבעטן
אַ פּלאַן פון אויסנוצן זיי דורך די קאָאָפּעראַטיווע אַרבעטער-גענאָסנשאַפטן
און פאַראייניקן די דאָזיקע גענאָסנשאַפטן אין איין גרויסן פאַרבאַנד. דעם 20-טן
איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די נאַכט-אַרבעט פון די בעקער און עס זיינען באָטל
געמאַכט געוואָרן די ביוראָען פאַר אויפזוכן אַרבעט, וועלכע זיינען געווען
זינט דער צווייטער אימפּעריע אַ מאָנאָפּאָליע אין די הענט פון פערזאָנען, וואָס
זיינען באַשטימט געווען פון דער פּאָליציי (ערשט-קלאַסישע עקספּלואַטאַטאָרן

פון די אַרבעטער); דאָס צווזכן פון אַרבעט איז געוואָרן א זאַך פון די מע־ריעס פון די 28 פּאַריזער קרייזן. דעם 28-טן אפּרעל זיינען באַטל געמאַכט געוואָרן די ליי־קאַסעס, וועלכע האָבן געדינט אַלס מיטל פון עקספּלואַטאַציע פון די אַרבעטנדיקע און וועלכע האָבן ווידערגעשפּראָכן דעם רעכט פון די אַרבעטנדי־קע אף זייערע ווערקצייג און אף זייער קרעדיט. דעם 5-טן מאי איז באַשלאָסן געוואָרן אַראָפּצוּוואַרפן די קאַפּעלע, וועלכע איז אויפגעבויט געוואָרן, קעדיי אויסצוקויפן די זינד פאַר דער קעפּונג פון לודאוויק דעם XVI.

ווי באַקאַנט, האָט זיך דער קאָמונע ניט איינגעגעבן בייצוקומען די רע־אַקציע, טיילווייז איבער אירע אייגענע פעלערן און דער איבערמאסיקער איידלמו־טיקייט; די קאמונאַרן זיינען אומגעקומען. האבן זיי דען פארפלעקט, האָבן זיי דען קאמפּראמעטירט די זאַך פון דעם פּראלעטאריאט, ווי עס זאגט געוואוּע מארטינאוו וועגן דער רעוואלוציאנערער רעגירונג אין רוסלאַנד, וועלכע איז מעגלעך אין דער צוקונפט? ווארשיינלעך ניט, — ווייל מאַרקס האט געשריבן וועגן דער קאמונע:

„דער פּאַריז פון די אַרבעטער מיט זיין קאמונע וועט אלע מאל געערט זיין, ווי א הערלעכער פארזאגער פון א נייער וועלט. זיינע מאַרטירער האבן זיך אויפגעשטעלט א דענקמאל אין דעם גרויסן האַרצן פון דעם אַרבעטער. זיינע הענקער האט שוין איצט די געשיכטע צוגעשלאגן צום שאַנד־סלופּ, פון וועלכן עס וועלן ניט בעקויעך זיין אפּצורייסן אלע טפילעס פון זייערע גאַלאכים״.

אונז דוכט זיך, אז אונזער קליינע היסטארישע אינפארמאציע גיט די מעגלעכקייט עפּעס צו דערלערנען. דידאזיקע היסטארישע יעדיעס לערנען אונז, קוידעמקאל, אז דער אנטייל פון פארשטייער פון סאציאליסטישן פּראלעטאריאט צוזאַמען מיט דער קליין־בורזשואזיע אין א רעוואלוציאנערער רעגירונג איז פּרינציפּיעל פולקום דערלאזבאר, און בא געוויסע באדינגונגען פאשעט אבלי־גאטאריש. דידאזיקע יעדיעס באווייזן אונז ווייטער, אז די רעאלע אויפגאַבע, וועלכע עס איז אויסגעקומען דער קאמונע אויסצופירן, איז געווען קוידעמקאל פארווירקלעכן די דעמאקראטישע און ניט די סאציאליסטישע דיקטאטור, דורכ־פירן אונזער „מינימום־פּראגראם״. ענדלעך דערמאנען אונז דידאזיקע יעדיעס, אז לערנענדיק זיך בא דער פּאריזער קאמונע, דארפן מיר נאכטאן ניט אירע פעלערן (מע האט ניט גענומען דעם פּראַנצויזישן באנק, מע האט ניט פאר־גענומען קיין אנגריף אף ווערסאַל, מע האט ניט געהאט קיין קלאָרע פּראַ־גראַם א. א. וו.), נאר אירע פּראַקטיש דערפאלגרייכע שריט, וועלכע מערקן אן אַ ריכטיקן וועג. ניט דאָס וואָרט „קאָמונע״ דאַרפן מיר איבערנעמען באַ די גרויסע קעמפער פון 1871 יאָר, ניט בלינד איבערכאַזערן יעדן לאָזונג זייערן דאַרפן מיר, נאָר קלאָר אויסטיילן אַזעלכע פּראָגראַמאַטישע און פּראַקטישע לאָ־זונגען, וועלכע אַנטשפּרעכן דער סיטואַציע אין רוסלאַנד און וועלכע ווערן פאָרמולירט דורך די ווערטער: רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום.

פּראָלעטארי, נומ. 8
פון 4-טן יולי 1905 יאָר.

# צוויי טאַקטיקעס

## פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע

אָנגעשריבן
אין דער ערשטער העלפט
יון 1905 יאָר.

געדרוקט אלס בראָשור אין
יול 1905 יאָר.
פאַרלאַג „וופּעריאָד“.

# פאָרוואָרט

אין אַ רעוואָלוציאָנערן מאָמענט איז זייער שווער נאָכצופאָלגן נאָך די געשעענישן, וועלכע גיבן וואונדערבאַר פיל נייעם מאטעריאַל צו דער אָפּשאַצונג פון די טאקטישע לאָזונגען פון די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען. דידאָזיקע בראָשור איז געשריבן איידער די אָדעסער געשעענישן. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אין „פראָלעטארי" (נומ. 9, „די רעוואָלוציע לערנט"), אז דידאָזיקע געשעענישן האָבן געצוואונגען אפילו יענע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וועלכע האָבן באַשאפן די טעאָריע פון אויפשטאַנד-פּראָצעס און האָבן זיך באַצויגן נעגאַטיוו צו דער פראָפּאַגאַנדע פון אַ צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, איבערצוגיין אָדער אָנהויבן פּאַקטיש איבערצוגיין אף דער זייט פון זייערע אפּאָנענטן. די רעוואָלוציע לערנט, בליסאָפּעק, מיט אַזאַ שנעלקייט און אזוי גרינדלעך, אז אין פרידלעכע עפּאָכן פון פּאָליטישער אנטוויקלונג וואָלט זיך עס אויסגעוויזן פאר פאַנטאַסטיש. און זי לערנט, און דאָס איז באַזונדערס וויכטיק, ניט נאָר די אָנפירער, — נאָר אויך די מאַסן.

עס קען קיין שום ספּעק ניט זיין אין דעם, אַז די רעוואָלוציע וועט אויסלערנען די אַרבעטער-מאַסן אין רוסלאַנד דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטיזם. די רעוואָלוציע וועט באַשטעטיקן אין דער טאַט די פּראָגראַם און די טאַקטיק פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, באַווייזנדיק דיווירקלעכע נאַטור פון די פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן, באַווייזנדיק די בורזשואַזקייט פון אונזער דעמאָקראַטיע און די ווירקלעכע שטרעבונגען פון דעם פּויערטום, וועלכעס איז רעוואָלוציאָנער אין בורזשואַז-דעמאָקראַטישן גייסט, נאָר וועלכעס באַהאַלט אין זיך ניט די אידייע פון „סאָציאַליזאַציע", נאָר א נייעם קלאַסן-קאַמף צווישן דער פּויערשער בורזשואַזיע און דעם דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט. די אלטע אילוזיעס פון דעם אַלטן פּאָלקיזם, וועלכע זיינען אזוי בולעט קענטיק אין דעם פּראָגראַם-פּראָיעקט פון דער „פּאַרטיי פון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן" סײַ אין דער פראַגע וועגן דער אנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד, סײַ אין דער פראַגע וועגן דעם דעמאָקראַטיזם פון אונזער „געזעלשאַפט", סײַ אין דער פראַגע וועגן דער באַדייטונג פון א פולן ניצחון פון אַ פּויערים-אויפשטאַנד, די אלע אילוזיעס וועלן אומבאַרעכמאָנעסדיק און ענדגילטיק צעשטרייט

ווערן דורך דער רעוואָלוציע. זי וועט געבן צוערשט א ווירקלעך-פּאָליטישע טויפונג*) פאַרשיידענע קלאסן. דידאָזיקע קלאַסן וועלן אַרויס פון דער רעוואָלוציע מיט אַ באַשטימטער פּאָליטישער פיזיאָנאָמיע, באַווייזנדיק זיך ניט בלויז אין די פּראָגראַמען און טאַקטישע לאָזונגען פון זייערע אידעאָלאָגן, נאָר אויך אין דער אָפּענער פּאָליטישער האַנדלונג פון די מאַסן.

עס איז קיין סאָפּעק ניט, אז די רעוואָלוציע וועט געבן לעקציעס אונז, וועט געבן לעקציעס די פּאָלקס-מאַסן. נאָר פאַר א קעמפנדער פּאָליטישער פּאַרטיי באַשטייט איצט די פראַגע אין דעם, צי וועלן מיר קענען געבן וועלכע ניט איז לעקציעס דער רעוואָלוציע? צי וועלן מיר קענען באַנוצן זיך מיט דער ריכטיקייט פון אונזער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער לערע, מיט אונזער פאַרבונדנקייט מיטן איינציקן ביזן סאָף רעוואָלוציאָנערן קלאַס, מיטן פּראָלעטאַריאַט, צוליב דעם, קעדיי ארויפצולייגן אף דער רעוואָלוציע א פּראָלעטאַרישן שטעמפּל, קעדיי צו דערפירן די רעוואָלוציע ביז א ווירקלעכן אנטשיידענעם זיג אין דערעמעסן און ניט אף ווערטער, קעדיי צו פּאַראַליזירן די אומשטאַנדהאַפטיקייט, האַלבקייט און פאַראַט פון דער דעמאָקראַטישער בורזשואַזיע?

צו דעמדאָזיקן ציל דאַרפן מיר אָנווענדן אַלע אונזערע באַמיאונגען, און די דערגרייכונג פון דעמדאָזיקן ציל הענגט אָפּ, פון איין זייט, פון אונזער ריכטיקער אָפּשאַצונג פון דער פּאָליטישער אָפּאָזיציע, פון דער ריכטיקייט פון אונזערע טאַקטישע לאָזונגען, און, פון דער אנדערער זייט, פון דער שטיצע פון דידאָזיקע לאָזונגען דורך רעאַלער קאַמפּס-קראַפט פון די ארבעטער-מאַסן. צו דער פאַרשטאַרקונג און פאַרברייטערונג פונם צוזאַמענבונד מיט דער מאַסע איז געריכטעט די גאַנצע געוויינלעכע, רעגולערע, לויפנדע אַרבעט פון אלע אָרגאַניזאַציעס און גרופּן פון אונזער פּאַרטיי, די אַרבעט פון פּראָפּאַגאַנדע, אַגיטאַציע און אָרגאַניזאציע. דידאָזיקע ארבעט איז אלע מאָל נויטיק, נאָר אין אַ רעוואָלוציאָנערן מאָמענט קען זי ווייניקער ווי אלע מאָל רעכענען זיך פאַר גענוגנד. אין אזאַ מאָמענט רייסט זיך דער אַרבעטער-קלאַס אינסטינקטיוו צו אַן אָפּענער רעוואָלוציאָנערער ארויסטרעטונג, און מיר דאַרפן קענען ריכטיק אוועקשטעלן די אויפגאַבן פון דעראָזיקער ארויסטרעטונג, קעדיי דערנאָך צו פאַרשפרייטן וואָס ברייטער דאָס באַקאַנטמאַכן מיט דידאָזיקע צילן און זייער ריכטיקער אויפפאַסונג. מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אז דער געוויינלעכער פּעסימיזם וועגן אונזער פאַרבינדונג מיט דער מאסע דעקט איצט צו באַזונדערס אָפּט די בורזשואזע אידייען וועגן דער ראָלע פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָלוציע. מיר דאַרפן בליסאָפּעק נאָך פיל, פיל אַרבעטן איבער דער דערציאונג און אָרגאַניזירונג פון דעם ארבעטער-קלאַס, נאָר די גאַנצע פראַגע

*) געטויפט ווערן — ווערט אכוץ דעם דירעקטן זינען באַנוצט אויך דעמאָלט, ווען אַ באַטרעפנדיקע פּערזאָן (אָדער גרופּע, שיכט) גייט צום ערשטן מאָל דורך א וויכטיקן מאָמענט פון א באַשטימטן פּראָצעס: לעמאָשל, א יונגער סאלדאט, וועלכער איז דעם ערשטן מאָל אין שלאכט — גייט דורך זיין „שלאכט-טויפונג“. א נייע שיף, דעם ערשטן מאָל אפן וואסער — זיין יאַם-טויפונג א. אז. וו. איבערז.

באַשטייט איצט אין דעם, וואו דאַרף ליגן דער הויפט־פּאָליטישער שווער־פונקט פון דערדאָזיקער דערציאונג און פון דערדאָזיקער אָרגאַניזירונג? צי אין פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און לעגאַלע געזעלשאַפטן אָדער אין באוואָפנטן אויפשטאַנד, אין דעם איניען פון באַשאַפן אַ רעוואָלוציאָנערע אַרמיי און אַ רעוואָלוציאָנערע רעגירונג? דער ארבעטער־קלאַס ווערט דערצויגן און אָרגאַניזירט אי דורך דעם, אי דורך יענעם. אי דאָס, אי יענץ איז, פאַרשטייט זיך, נויטיק. די גאַנצע פראַגע איצטער, אין דער איצטיקער רעוואָלוציע, באַשטייט סאָפּקאָלסאָף אין דעם, אין וואָס וועט ליגן דער שווער־פונקט פון דער דערציאונג און אָרגאַניזירונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס, אין דעם ערשטן אָדער אין דעם צווייטן?

דער אויסגאַנג פון דער רעוואָלוציע הענגט אָפּ פון דעם, צי וועט דער אַרבעטער־קלאַס שפּילן א ראָלע פון א באַהעלפער בא דער בורזשואזיע, א מעכטיקן לויט זיין רעוואָלוציאָנערן אָנדראַנג אף דער זעלבסטהערשונג, נאָר אַן אָנמעכטיקן פּאָליטיש, אָדער ער וועט שפּילן די ראָלע פון אַן אָנפירער פון דער פאָלקס־רעוואָלוציע. די באַוואוסטזיניקע פאָרשטייער פון דער בורזשואזיע פילן דאָס אויסגעצייכנט. דערפאַר טאַקע לויבט די „אָסוואָבאָזשדעניע“ דעם אקימאָוויזם *), דעם „עקאָנאָמיזם“ אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכער שטעלט ארויס איצט אַפן ערשטן פּלאַן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און די לעגאַלע געזעלשאַפטן. דערפאַר טאַקע באַגריסט הער סטרואווע (נום. 72 „אָסוואָבאָזשדעניע“) די פּרינציפּיעלע טענדענצן פון אַקימאָוויזם און דעם ניי־איסקריזם. דערפאַר טאַקע פאַלט ער אָן אַף דער פאַרהאסטער רעוואָלוציאָנערער שמאָלקייט פון די באַשלוסן פון III צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ארבעטער־פאַרטיי.

ריכטיקע טאַקטישע לאָזונגען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן איצטער אַ באַזונדערס וויכטיקע באַדייטונג פאַר דער אָנפירונג מיט די מאַסן. עס איז ניטאָ קיין מער געפערלעכע זאַך, ווי צו דערנידערן די באַדייטונג פון פּרינציפּיעל־אויסגעהאַלטענע טאַקטישע לאָזונגען אין אַ רעוואָלוציאָנערער צייט. לעמאָשל, „איסקרא“ אין נום. 104 גייט איבער פאַקטיש אף דער זייט פון אירע אפּאָנענטן אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, נאָר אין דערזעלביקער צייט רופט זי זיך אָפּ גרינגשעצנדיק וועגן דער באַדייטונג פון לאָזונגען און טאַקטישע באשלוסן, וועלכע גייען פאָרויס דעם לעבן, וועלכע ווייזן אָן דעם וועג, אין וועלכן עס גייט די באַוועגונג, מיט א ריי מיסגעלונגענהייטן, פעלערן א. אַז. וו. פאַרקערט, דאָס אויסאַרבעטן פון ריכטיקע טאַקטישע באשלוסן האָט אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג פאַר דער פּאַרטיי, וועלכע וויל אָנפירן מיטן פּראָלעטאַריאַט אין דעם גייסט פון אויסגעהאַלטענע פּרינציפּן פון מאַרקסיזם, און ניט נאָר שלעפּן זיך באַם עק פון די געשעענישן. אין די רעזאָלוציעס פון III־טן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי און פון דער קאָנפערענץ פון דעם אָפּגעשפּאָלטענעם טייל פון דער פּאַרטיי האָבן מיר דעם פּינקטלעכסטן, דורכגעטראכטסטן און פולסטן אויסדרוק פון

*) אקימאָוו — איינער פון די אקטיווסטע „עקאָנאָמיסטן“. איבערז.

טאַקטישע אָנשויאונגען, וועלכע זיינען ניט צופעליק ארויסגעזאָגט דורך איינצלנע ליטעראַטן, נאָר וועלכע זיינען אָנגענומען דורך די פאַראַנטוואָרטלעכע פאָרשטייער פון דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פראָלעטאַריאַט. אונזער פאַרטיי שטייט פאָרויס פון אלע איבעריקע, האָבנדיק א פינקטלעכע און פון אלעמען אָנגענומענע פראָגראַם. זי דאַרף באַווייזן אַ ביישפּיל די איבעריקע פאַרטייען אויך אין דעם איניען פון שטרענגער באַציאונג צו אירע טאַקטישע רעזאָלוציעס, לעהייפּעך צו דעם אָפאָרטוניזם פון דער „אָסוואָבאָזשדענישער" דעמאָקראַטישער בורזשואזיע און צו דער רעוואָלוציאָנערער מעליצע פון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן זיך ערשט אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע מעיאַשעוו געוועזן ארויסצוטרעטן מיט אַ „פראָיעקט" פון א פראָגראַם און צו פאַרנעמען זיך ערשט מיט דער פראַגע, צי קומט עס פאָר א בורזשואַזע רעוואָלוציע באַ זיי פאַר די אויגן.

אָט פאַרוואָס מיר האַלטן פאַר א העכסט נויטיקן איניען פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פלייסיק צו דערלערנען די טאַקטישע רעזאָלוציעס פון דעם III-טן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פאַרטיי און פון דער קאָנפערענץ, צו באַשטימען זייערע אָפנויגונגען פון די פרינציפּן פון מאַרקסיזם, קלאָר צו מאַכן זיך די קאָנקרעטע אויפגאַבן פון דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פראָלעטאַריאַט אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. דערדאָזיקער אַרבעט איז טאַקע געווידמעט די בראָשור, וועלכע מיר לייגן פאָר. קאָנטראָלירן אונזער טאַקטיק פון שטאַנדפונקט פון די פרינציפּן פון מאַרקסיזם און פון די לעקציעס פון דער רעוואָלוציע איז נויטיק אויך פאַר דעם, ווער עס וויל רעאַל צוגרייטן די איינהייט פון דער טאַקטיק, אַלס גרונט פון דער קומענדיקער פולקומער פאַראייניקונג פון דער גאַנצער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פאַרטיי, און ניט באַגרעניצן זיך בלויז מיט מוסער-ווערטער.

יולי 1905 יאָר.

# 1. א טעגלעכע פּאָליטישע פראַגע.

אַפן טאָג-טיידער פונם רעוואָלוציאָנערן מאָמענט, וואס מיר לעבן איצט איבער, שטייט די פראַגע וועגן דעם צוזאַמענרופן פון אַן אַלפאָלקישער גרינדונגס-פאַרזאמלונג. ווי אזוי צו לייזן דידאָזיקע פראַגע, גייען זיך די מיינונגען פאנאנדער. עס מערקן זיך אָן דריי פּאָליטישע ריכטונגען. די צאַרישע רעגירונג האַלט פאַר מעגלעך די נויטווענדיקייט צונויפצורופן פאָלקס-פאָרשטייער, נאָר זי וויל בעשום אויפן ניט האַלטן פאַר מעגלעך, אז זייער פאַרזאמלונג זאָל זיין אַן אַלפאָלקישע און גרינדערישע. זי גייט קלוימערשט איין, אויב מע זאָל גלויבן די צייטונגס-ידיעס וועגן דער טעטיקייט פון דער בוליגין-קאָמיסיע*), אף א באַראַטונגס-פארזאַמלונג, וועלכע זאָל געוויילט זיין באַ דער אָפּוועזנהייט פון אַגיטאציע-פרייהייט און באַ שמאָל-צענזישער אָדער שמאָל-שטאַנדישער וואַל-סיסטעם. דער רעוואלוציאָנערער פראָלעטאריאט, אַף וויפל מיט אים פירט אָן די סאָציאַל-דעמאָקראטיע, פאָדערט, אז די מאַכט זאָל פולשטענדיק אריבערגיין צו א גרינדונגס-פאַרזאמלונג, דערשלאָגנדיק זיך צוליב דעמדאָזיקן ציל ניט נאָר אלגעמיינע וואַלרעכט און ניט נאָר פולקומע אַגיטאַציע-פרייהייט, נאָר כוץ דעם אויך די טייקעפדיקע נידערוואַרפונג פון דער צאַרישער רעגירונג און דאָס פאַרבייטן זי דורך אַ צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. לעסאָף, די ליבעראַלע בורזשואזיע, וועלכע דריקט אויס אירע וואונשן דורך די לעפצן פון די פירער פון דער אַזוי גערופענער „קאָנסטיטוציאָנעל-דעמאָקראטישער פאַרטיי", פאָדערט ניט דאָס אראָפּוואַרפן פון דער צארישער רעגירונג, רוקט ניט ארויס קיין לאָזונג פון א צייטווייליקער רעגירונג, באשטייט ניט אַף רעאלע גאַראנטיעס, אז די וואַלן זאָלן זיין פולשטענדיק פריי און ריכטיק, אז די פאַרזאמלונג פון די פאָרשטייער זאָל קענען ווערן אַווירקלעך אַלפאָלקישע און א ווירקלעך גרינדע־ישע. אין גרונט גענומען דערשלאָגט זיך די ליבעראלע בורזשואזיע, וואָס נאָר זי שטעלט פאָר אַן ערנסטן סאָציאלן אָנשפּאַר פאַר דער „אָסוואָבאָזשדענישער" ריכטונג, אַ וואָס מער פרידלעכע פּשאָרע צווישן דעם קייסער און דעם רעוואָלוציאנערן פאָלק, און דערצו זאָל דאס זיין אזא פּשאָרע, באַ וועלכער עס זאָל וואס מער מאַכט אָנקומען איר, דער בורזשואַזיע, און וואס ווייניקער — דעם רעוואלוציאנערן פאָלק, דעם פראָלעטאריאט און דעם פויערטום.

*) בוליגין—ניקאָלאַיס א מיניסטער, וועלכער האָט אויסגעארבעט דעם ערשטן פּראָיעקט וועגן א גאָסודאַרסטווענער דומע, איבערז.

אזא איז די פאליטישע לאגע אין דעם איצטיקן מאָמענט. אזעלכע זיינען די דריי הויפט פאליטישע ריכטונגען, וועלכע אנטשפרעכן די דריי הויפט סאָציאלע קויכעס פון דעם איצטיקן רוסלאנד. וועגן דעם, ווי אזוי די „אָסוואבאזשדענצעס" דעקן צו מיט קוואזי-דעמאָקראטישע פראַזן זייער האַלביקע, ד. ה. פאַשעטער און אָפענער גערעדט, זייער פאַרעטערישע פאליטיק בענוגייע צו דער רעוואלוציע, האבן מיר שוין גערעדט אין „פראָלעטאַרי" (№№ 3, 4, 5). לאָמיר א קוק טאָן, ווי דיסקאָנטירן די סאציאל-דעמאָקראטן די אויפגאַבן פון מאָמענט. אַן אויסגעצייכנטן מאַטעריאל אין דערדאָזיקער הינזיכט זיינען צוויי רעזאָלוציעס, וועלכע זיינען אנגענומען גאָר ניט לאַנג דורכן III-טן צוזאמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פ. און דורך דער „קאנפערענץ" פון דעם אָפּגעשפאָלטענעם טייל פון פאַרטיי. די פראַגע וועגן דעם, וועלכע פון דידאָזיקע רעזאלוציעס דיסקאָנטירט ריכטיקער דעם פאליטישן מאָמענט און באַשטימט ריכטיקער די טאקטיק פון דעם רעוואלוציאנערן פראָלעטאריאט, האט א קאָלאסאלע באַדייטונג, און יעדער סאציאל-דעמאקראט, וועלכער וויל באַוואוסטזיניק אויספילן זיינע פליכטן פון א פראָפּאַגאנדיסט, אגיטאַטאר און אָרגאַניזאַטאר, דאַרף מיט דער גאַנצער אויפמערקזאַמקייט פאַנאנדערקלייבן זיך אין דערדאָזיקער פראגע, לאָזנדיק איגנאַנצן אָן דער זייט אלע מאָמענטן, וואס האבן ניט קיין שאַיכעס צום טאָך פון דער זאַך.

אונטער דער טאַקטיק פון דער פאַרטיי פאַרשטייען מיר איר פּאָליטישע אויפירונג, אדער דעם כאראקטער, די ריכטונג, די מיטלען פון איר פּאָליטישער טעטיקייט. טאקטישע רעזאָלוציעס ווערן אָנגענומען פון פאַרטיי-צוזאַמענפאָר צוליב דעם, קעדיי פינקטלעך צו באשטימען די פּאָליטישע אויפירונג פון דער פּאַרטיי, אַלס גאַנצעס, בענוגייע נייע אויפגאַבן אָדער אַדאנק א נייער פּאָליטישער לאגע. אזא נייע לאָגע האָט באשאפן די רעוואלוציע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין רוסלאנד, דאס הייסט א פולס, אנטשלאָסנס און אָפענס פּאַנאַנדערגיין זיך צווישן דער קאָלאסאַלער מערהייט פון פאָלק און דער זעלבסטהערשערישער רעגירונג. די נייע פראַגע באַשטייט אין דעם, וועלכע דאַרפן זיין די פּראַקטישע מיטלען פון צונויפרופן א ווירקלעך אַלפאָלקישע און אַ ווירקלעך גרינדערישע פארזאמלונג (טעאָרעטיש איז די פראַגע וועגן אזא פאַרזאמלונג געלייזט אָפיציעל שוין לאַנג און פריער פון אלע אנדערע פארטייען דורך דער סאָציאל-דעמאקראטיע אין איר פאַרטיי-פּראָגראם). אויב דאס פאָלק איז זיך פאַנאנדערגעגאנגען מיט דער רעגירונג, און די מאַסע האט אנערקענט די נויטווענדיקייט צו גרינדן א נייע אָרדענונג, איז די פאַרטיי, וועלכע האָט זיך געשטעלט דעם ציל אראָפּצוואַרפן די רעגירונג, דאַרף אומבאַדינגט אַ טראַכט טאָן וועגן דעם, מיט וואָס פאַר א רעגירונג צו פאַרבייטן די אלטע רעגירונג, וועלכע ווערט אַראָפּגעוואָרפן. אנטשטייט א נייע פראַגע וועגן א צייטווייליקער רעוואלוציאנערער רעגירונג. אום צו געבן א פולן ענטפער אף דערדאָזיקער פראגע, דאַרף די פאַרטיי פונם באַוואוסטזיניקן פראָלעטאריאט קלאָר מאַכן, ערשטנס, די באַדייטונג פון דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג אין דער רעוואלוציע, וועלכע קומט פאָר, און אין דעם

גאנצן קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט ביכלאל; צווייטנס, איר באַציאונג צו דער צייטווייליקער רעוואלוציאנערער רעגירונג; דריטנס, די גענויע באַדינגונגען פון דעם אנטייל פון דער ס.-ד. אין דערדאָזיקער רעגירונג; פערטנס, די באַדינגונגען פון דרוק אַף דערדאָזיקער רעגירונג פון אונטן, ד. ה. באַ דער אָפּוועזנהייט פון דער סאציאל-דעמאקראַטיע אין איר. נאָר באַ דעם קלאָר מאַכן פון די אלע פראגן וועט די פּאָליטישע אויפירונג פון דער פּאַרטיי זיין אין דער געגעבענער הינזיכט אַ פרינציפּיעלע, קלאָרע און פעסטע.

לאָמיר זשע א קוק טאָן, ווי לייזן דידאָזיקע פראַגן די רעזאָלוציעס פון III-טן צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פּ. אָט איז איר פולער טעקסט:

„די רעזאָלוציע וועגן דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג.

נעמענדיק אין אַכט:

1) אז סאַי די אומיטלבאַרע אינטערעסן פונם פּראָלעטאַריאַט, סאַי די אינטערעסן פון זיין קאַמף פאַר די ענדצילן פון סאָציאַליזם פאָדערן א מעגלעך ברייטערע פּאָליטישע פרייהייט, און פּאָלגלעך, דאָס פאַרבייטן פון דער זעלבסטהערשערישער רעגירונגס-פאָרם דורך א דעמאָקראַטישער רעפּובליק;

2) אז די פאַרווירקלעכונג פון א דעמאָקראַטישער רעפּובליק אין רוסלאַנד איז מעגלעך נאָר אלס פּועל-יוצא פון א זיגרייכן פּאָלקס-אויפשטאנד, אַן אָרגאַן פון וועלכן עס וועט זיין די צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג, וועלכע איז אליין בלויז פעאיק צו באַוואָרענען די פולע פרייהייט פון פּאָרוואל-אַגיטאַציע און צוזאַמענרופן, אַפן גרונט פון אַלגעמיינע, גלייכע און דירעקטע וואַל-רעכט מיט אַ געהיימער אָפּשטימונג, א גרינדונגס-פארזאמלונג, וועלכע דריקט אויס ווירקלעך דעם ווילן פון פּאָלק;

3) אז דידאָזיקע דעמאָקראַטישע איבערקערעניש אין רוסלאַנד, באַ דער געגעבענער געזעלשאַפטלעך-עקאָנאָמישער אָרדענונג אירער, וועט ניט אָפּשוואַכן, נאָר וועט פאַרשטאַרקן די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, וועלכע וועט זיך אומפאַרמיידלעך פרואוון, אין אַ געוויסן מאָמענט, ניט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר גאָרניט, אָפּצונעמען בא דעם רוסלענדישן פּראָלעטאַריאט וואָס א גרעסערן טייל פון די דעראָבערונגען פון רעוואָלוציאנערן פעריאָד, —

באַשטימט דער III צוזאַמענפאר פון דער ר. ס. ד. א. פּ.:

א) עס איז נויטיק צו פאַרשפּרייטן אין דעם ארבעטער-קלאַס א קאָנקרעטע פאָרשטעלונג וועגן דעם אַמערסט שיינבאַרן גאַנג פון דער רעוואָלוציע און וועגן דער נויטיקייט, אין א באַשטימטן מאָמענט אירן זאָל דערשיינען א צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג, פון וועלכער דער פּראָלעטאריאַט וועט פאָדערן די פאַרווירקלעכונג פון אַלע נאָענטסטע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פאָדערונגען פון אונזער פּראָגראַם (מינימום-פּראָגראַם);

ב) אָפּהענגיק פון דער קויכעס-פאַרהעלטעניש און פון אַנדערע פאַקטאָרן, וועלכע לאָזן זיך ניט פריער פינקטלעך באַשטימען, איז דערלאָזבאַר, באַפולמעכטיקטע פון אונזער פּאַרטיי זאָלן אַנטיילנעמען אין דער צייטווייליקער

רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, מיטן ציל פון אומבעראַכמאָנעסדיקן קאַמף מיט אלע קאָנטער-רעוואלוציאנערע פרואוון און צוליב דער פאַרטיידיקונג פון די זעלב-שטענדיקע אינטערעסן פון דעם אַרבעטער-קלאַס;

ג) אלס נויטיקע באדינגונג פאר אַזא אנטייל שטעלט זיך דער שטרענ-גער קאָנטראָל פון דער פאַרטיי איבער אירע באַפולמעכטיקטע און דאָס אומ-אָפּנויגבארע איינהיטן די זעלבשטענדיקייט פון דער סאָציאל-דעמאקראטיע, וועלכע שטרעבט צו אַ פולער סאָציאליסטישער איבערקערעניש און איז אַף אזוי פיל פיינטלעך צו אלע בורזשואזע פאַרטייען;

ד) אומאָפּהענגיק פון דעם, צי וועט מעגלעך זיין דער אנטייל פון דער סאָציאל-דעמאקראטיע אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאנערער רעגירונג, דאַרף מען פּראָפּאגאנדירן אין די ברייטסטע שיכטן פון דעם פּראָלעטאריאט די אידייע, אז ס'איז נויטיק א שטענדיקער דרוק אַף דער צייטווייליקער רע-גירונג מיצאַד דעם באַוואָפנטן פּראָלעטאריאט, וועלכער ווערט אָנגעפירט פון דער סאָציאל-דעמאָקראטיע, מיטן ציל צו היטן, באַפעסטיקן און פאַרברייטערן די דעראָבערונגען פון דער רעוואָלוציע".

## 2. וואס גיט אונז די רעזאלוציע פון III-טן צוזאמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פ. וועגן דער צייטווייליקער רעוואלוציאנערער רעגירונג?

די רעזאָלוציע פון III-טן צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פ., ווי עס איז צו זעען פון איר נאָמען, איז געווידמעט אינגאַנצן און אויסשליסלעך דער פראַגע וועגן דער צייטווייליקער רעגירונג. דאָס הייסט, אַז דער אָנטייל פון דער ס.-ד. אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג גייט אַהער אַריין, אלס אַ טייל פון דער פראַגע. פון דער אנדער זייט, האַנדלט זיך דאָ נאָר וועגן דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג און ניט וועגן עט-וואָס אַנדערש; הייסט עס, אז אַהער גייט אינגאַנצן ניט אַריין די פראַגע וועגן דער „דעראָבערונג פון דער מאַכט", לעמאָשל, און ד. גל. האָט ריכטיק גע-האַנדלט דער צוזאַמענפאָר, באַזייטיקנדיק אָט דידאָזיקע לעצטע פראַגע און נאָך אַזעלכע ענלעכע פראַגן? בליסאָפעק ריכטיק, ווייל די פּאָליטישע לאַגע פון רוסלאַנד רוקט לאַכלוטן ניט אַרויס אַזעלכע פראַגן אַפן טאָג-סיידער. פאַרקערט, דאָס גאַנצע פאָלק שטעלט אַפן טאָג-סיידער די נידערוואַרפונג פון דער זעלבסט-הערשונג און דאָס צונויפרופן א גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. די צוזאמענפאָרן פון דער פאַרטיי דאַרפן שטעלן צו לייזונג ניט יענע פראַגן, וועלכע זיינען באַרירט, פּאַסנדיק אָדער אומפּאסנדיק, דורך דעם אָדער יענעם ליטעראטאָר, נאָר יענע פראַגן, וועלכע האָבן אַן ערנסטע פּאָליטישע באדייטונג צוליב די באַדינגונגען פון דעם מאָמענט און איבער דעם אָביעקטיוון גאַנג פון דער געזעלשאַפטלע-כער אַנטוויקלונג.

וואָס פאר אַ באדייטונג האָט אין דער איצטיקער רעוואלוציע און אין דעם אלגעמיינעם קאמף פון פּראָלעטאריאַט די צייטווייליקע רעגירונג? די רעזאָלוציע פון צוזאמענפאָר קלערט דאָס אויף, אָנווייזנדיק גלייך פון אָנהויב אף דער נויטיקייט פון א „מעגלעך ברייטערער פּאָליטישער פרייהייט“ סײַ פון שטאַנדפונקט פון די אומיטלבארע אינטערעסן פון פּראָלעטאריאַט, סײַ פון שטאַנדפונקט פון די „ענדצילן פון סאָציאליזם“. פולקומע פּאָליטישע פרייהייט פּאָדערט אָבער דאָס פּארבייטן פון דער צאַרישער זעלבסטהערשונג דורך א דעמאָקראַטישער רעפּובליק, ווי עס איז שוין אנערקענט דורך אונזער פּאַרטיי־פּראָגראַם. דאָס אונטערשטרייכן דעם לאָזונג פון א דעמאָקראטישער רעפּובליק אין דער רעזאָלוציע פון צוזאמענפאָר איז נויטיק לאָגיש און פּרינציפּיעל, ווייל דער פּראָלעטאריאַט, אלס פּאָרגעשריטענער קעמפער פאר דעמאָקראטיע, דער־שלאָגט זיך נעמלעך פולקומע פרייהייט; כוץ דעם, איז דאסדאָזיקע אונטער־שטרייכן באַזונדערס צוועקמעסיק באם איצטיקן מאָמענט, ווייל גראד איצט טרעטן אַרויס אונטערן פלאַג פון „דעמאָקראטיזם“ די מאָנאַרכיסטן, נעמלעך: די אַזוי גערופענע קאָנסטיטוציאָנעל־„דעמאָקראטישע“ אדער „אָסוואָבאָזשדענישע“ פּאַרטיי. צוליב דער גרינדונג פון א רעפּובליק איז אומבאדינגט נויטיק אַ פּאר־זאמלונג פון פאָלקס־פאָרשטייער, דערצו אומבאַדינגט אן אלפאלקישע (אַפן גרונט פון אלגעמיינעם, גלייכן און דירעקטן וואַל־רעכט מיט געהיימער אָפּשטימונג) און אַ גרינדערישע. און דאָס אנערקענט די רעזאָלוציע פון צוזאמענפאָר ווייטער. נאָר זי באַגרעניצט זיך ניט מיט דעם. קעדיי צו גרינדן א נייע ארדע־נונג, וואָס „דריקט ווירקלעך אויס דעם ווילן פון פּאָלק“, איז ניט גענוג אָנצו־רופן די פּאָרשטייער־פּאַרזאמלונג גרינדונגס־פּאַרזאמלונג. מע דאַרף, אַז דידא־זיקע פּאַרזאמלונג זאָל האָבן מאכט און קראַפט צו „גרינדן“. אנערקענדיק אָט דאָס, באַגרעניצט זיך ניט די רעזאָלוציע פון דעם צוזאַמענפאָר מיטן פאָרמעלן לאָזונג פון א „גרינדונגס־פּאַרזאמלונג“, נאָר זי איז מויסעף די מאטעריעלע באדינגונגען, באַ וועלכע בלויז עס איז אויך מעגלעך, אז דידאָזיקע פּארזאַמ־לונג זאָל אויספילן איר אויפגאבע. אזאַ אָנווייזונג פון באדינגונגען, בא וועלכע די פּארזאַמלונג, וועלכע איז א גרינדונגס־פּאַרזאַמלונג אַפן וואָרט, זאל קענען ווערן אַ גרינדונגס־פּארזאַמלונג אויך אין דער טאַט, איז אומבאַדינגט נויטיק, ווייל די ליבעראלע בורזשואַזיע, אין דער פּערזאָן פון דער קאָנסטיטוציאָנעל־מאָנארכיסטישער פּאַרטיי, פּארקריפּלט באַוואוסטזיניק, ווי מיר האָבן שוין ניט איין מאָל אָנגעוויזן, דעם לאָזונג פון אַן אלפּאָלקישער גרינדונגס־פּארזאמלונג, מאַכנדיק פון אים אַ פּוסטע מעליצע.

די רעזאָלוציע פון דעם צוזאמענפאָר זאָגט, אז באַוואָרענען די פולקומע פרייהייט פון פּאָרוואַל־אגיטאַציע און צונויפרופן אַ פּארזאמלונג, וועלכע דריקט אויס ווירקלעך דעם ווילן פון פּאָלק, איז פּעאיק בלויז אַ צייטווייליקע רעוואַ־לוציאָנערע רעגירונג, דערצו אַזא, וועלכע זאָל זיין אַן אָרגאַן פון זיגרייכן פּאלקס־אויפשטאנד. צי איז ריכטיק דידאָזיקע האַנאָכע? וועמען עס וואלט איינפּאַלן צו באַשטרייטן זי, יענער דאַרף באַהויפּטן, אז די צארישע רעגירונג קען ניט האלטן זיך אַפן צאַד פון דער רעאַקציע, אַז זי קען זיין נייטראַל בא

די וואַלן, אז זי קען זאָרגן וועגן דעםווירקלעכן אויסדרוק פון פאָלקס-ווילן. אַזעלכע מינים באַהויפּטונגען זיינען אף אַזוי פיל אומגעלומפּערט, אז אָפן וועט זיי קיינער ניט פאַרטיידיקן, נאָר ביגנייווע פירן זיי דורך, אונטער אַ ליבעראַלן פלאַג, נעמלעך אונזערע אָססוואָבאָזשדענצעס. די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג דאַרף ווער ניט איז צוזאַמענרופן; די פרייהייט און די ריכטיקייט פון די וואַלן דאַרף ווער ניט איז זיכערן; די מאַכט און קראַפט דערדאָזיקער פאַרזאַמלונג דאַרף ווער ניט איז איינגאַנצן איבערגעבן: בלויז אַ רעוואָלוציאָנערע רעגירונג, וועלכע איז אַן אָרגאַן פון אויפשטאַנד, קען פולקום אויפריכטיק וועלן דאָס און בעקויעך זיין אלץ צו טאָן צוליב דער פאַרווירקלעכונג פון דעם. די צאַרישע רעגירונג וועט אומפאַרמיידלעך אַנטקעגנווירקן דעם אלעם. אַ ליבעראַלע רעגירונג, וועלכע האָט א פשאָרע געמאכט מיטן קייסער און וועלכע שטיצט זיך ניט פולקום אפן פאָלקס-אויפשטאַנד, איז ניט פעאיק ניט אויפריכטיק צו וועלן עס, ניט צו פאַרווירקלעכן עס, אפילע בא דעם אויפריכטיקסטן ווילן. די רעזאָלוציע פון דעם צוזאמענפאָר גיט, הייסט דאָס, דעם איינציק ריכטיקן און פולקום קאָנסעקווענטן דעמאָקראַטישן לאָזונג.

נאָר די אָפּשאַצונג פון דער באַדייטונג פון דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג וואָלט געווען ניט קיין פולע און ניט קיין ריכטיקע, אויב עס וואָלט ניט גענומען געוואָרן אין אַכט דער קלאַסן-כאַראַקטער פון דער דעמאָקראַטישער איבערקערעניש. די רעזאָלוציע גיט צו דערצו, אז די איבערקערעניש וועט פאַרשטאַרקן די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע. דאָס איז אומפאַרמיידלעך בא דער געגעבענער, ד. ה. קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפטלעך-עקאָנאמישער אָרדענונג. אלס רעזולטאַט פון דעם, וואָס עס וועט פאַרשטאַרקט ווערן די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע איבער דעם וויפל ניט איז פּאָליטיש פרייען פּראָלעטאַריאַט, מוז אומפאַרמיידלעך פאָרקומען א געוואַלטיקער קאַמף צווישן זיי פאַר דער מאַכט, מוזן זיין געוואלטיקע פרואוון מיצאַד דער בורזשואַזיע „אָפּצונעמען בא דעם פּראָלעטאַריאַט די דעראָבערונגען פון דעם רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד”. קעמפנדיק פאַר דעמאָקראַטיע פאָרויס פון אלעמען און אין דער שפּיץ פון אַלעמען, דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט אף קיין איין מינוט ניט פאַרגעסן וועגן די ווידערשפּרוכן און וועגן דעם נייעם קאַמף, וועלכע זיינען באַהאַלטן אינעווייניק אין דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע.

די באַדייטונג פון דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג איז אַף אַזאַ אויפן פולקום אָפּגעשאַצט אין דעם טייל פון דער רעזאָלוציע, וועלכן מיר האָבן דאָ באַטראַכט: סאַי אין איר באַציאונג צום קאַמף פאַר פרייהייט און פאַר דער רעפּובליק, סאַי אין איר באַציאונג צו דער גרינדונגס-פאַרזאמלונג, סאַי אין איר באַציאונג צו דער דעמאָקראַטישער איבערקערעניש, וועלכע רייניקט אָפּ דעם באָדן פאַר אַ נייעם קלאַסן-קאַמף.

פרעגט זיך ווייטער, וואָס פאַר אַ פּאָזיציע דאַרף זיין בא דעם פּראָלעטאַריאַט ביכלאַל בענוגע דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. די רעזאָלוציע פון דעם צוזאַמענפאָר ענטפערט אַף דעם, קודעמקאָל, מיט אַ דירעקטער אייצע צו פאַרשפרייטן אין אַרבעטער-קלאַס די איבערצייגונג אין דער

נויטיקייט פון אַ צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. דער אַרבעטער-קלאַס דאַרף באַגרייפן דידאָזיקע נויטווענדיקייט.

אין דער צייט, ווען די „דעמאָקראַטישע" בורזשואַזיע לאָזט אין שאָטן די פראַגע וועגן אַראָפּוואַרפן די צאַרישע רעגירונג, דאַרפן מיר דידאָזיקע פראַגע אַרויסרוקן אַפן ערשטן אָרט און באַשטיין אַף דער נויטווענדיקייט פון אַ צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. דאָס איז נאָך ווייניק. מיר דאַרפן אָנווייזן די האַנדלונגס-פּראָגראַם פון דערדאָזיקער רעגירונג, וועלכע אַנטשפּרעכט די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון דעם היסטאָרישן מאָמענט, וועלכן מיר לעבן איבער, און די אויפגאַבן פון דער פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע. דידאָזיקע פּראָגראַם, דאָס איז די גאַנצע מינימום-פּראָגראַם פון אונזער פּאַרטיי, די פּראָגראַם פון די נאָענטסטע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע איבעראַנדערשונגען, וועלכע קענען פולקום פאַרווירקלעכט ווערן, פון איין זייט, אַפן באָדן פון די געגעבענע געזעלשאַפטלעך-עקאָנאָמישע באַציאונגען, און וועלכע זיינען נייטיק, פון דער אַנדער זייט, קעדיי צו באַוועגן זיך ווייטער פאָרויס צו דער פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם.

אַף אַזאַ אויפן, מאַכט די רעזאָלוציע פולקום קלאָר דעם כאַראַקטער און דעם ציל פון דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. לויט איר אָפּשטאַמונג און לויט איר כאַראַקטער דאַרף דידאָזיקע רעגירונג זיין אַן אָרגאַן פון פאָלקס-אויפשטאַנד. לויט איר פאָרמעלער באַשטימונג, דאַרף זי זיין אַ געווער אַף צונויפרופן די אַלפאָלקישע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. לויטן אינהאַלט פון איר טעטיקייט, דאַרף זי פאַרווירקלעכן די מינימום-פּראָגראַם פון דער פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע, אַלס די איינציק-פעאיקע (פּראָגראַם) צו זיכערן די אינטערעסן פון פאָלק, וועלכעס איז אויפגעשטאַנען קעגן דער זעלבסטהערשונג.

מע קען דערווידערן, אַז די צייטווייליקע רעגירונג, זייענדיק אַ צייטווייליקע, קען ניט דורכפירן קיין פּאָזיטיווע פּראָגראַם, וועלכע איז נאָך ניט באַוויליקט פון דעם גאַנצן פאָלק. אַזאַ דערווידערונג וואָלט געווען בלויז אַ סאָפיזם פון רעאַקציאָנערן און „זעלבסטהערשונגס-לייט". ניט דורכפירן קיין שום פּאָזיטיווע פּראָגראַם הייסט דולדן די עקזיסטענץ פון די לייבאייגנטימערישע פאַראָנדקעס פון דער צעפוילטער זעלבסטהערשונג. דולדן אַזעלכע פאַראַנדקעס וואָלט נאָר געקאָנט אַ רעגירונג פון פאַררעטער פון דער רעוואָלוציע און ניט קיין רעגירונג, וועלכע איז אַן אָרגאַן פון פאָלקס-אויפשטאַנד. עס וואָלט הייסן כויזעק-טרייבן, ווען ווער-ניט-איז וואָלט פאָרגעלייגט אָפּצוזאָגן זיך פון פאַרווירקלעכן אין לעבן די פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען, ביז וואַנען דידאָזיקע פרייהייט וועט ניט אַנערקענט ווערן פון דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, — אונטער דעם אויסרייד, אַז די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג קען נאָך עפשער ניט אַנערקענען די פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען! אַזאַ מין כויזעק איבערן פאָלק איז די דערווידערונג קעגן דער טייקעדיקער פאַרווירקלעכונג פון דער מינימום-פּראָגראַם דורך דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג.

מיר וועלן באַמערקן, לעסאָף, אַז, שטעלנדיק פאַר דער אויפגאַבע פון דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג די פאַרווירקלעכונג פון דער

מינימום-פּראָגראַם, באַזייטיקט די רעװאָלוציע דערמיט גופא די אומזיניקע האַלב-אַנאַרכיסטישע געדאַנקען װעגן דער טייקעפּדיקער פאַרװירקלעכונג פון דער מאַקסימום-פּראָגראַם, װעגן דערלאַנגען די מאַכט צוליב אַ סאָציאַליסטישער איבערקערעניש. דער גראַד פון עקאָנאָמישער אַנטװיקלונג פון רוסלאַנד (אַן אָביעקטיװע באַדינגונג) און דער גראַד פון באַװאוסטזיניקייט און אָרגאַניזירטקייט פון די ברייטע מאַסן פון פּראָלעטאַריאַט (אַ סובּיעקטיװע באַדינגונג, װעלכע איז ענג פאַרבונדן מיט דער אָביעקטיװער) מאַכן פאַר אומעגלעך די טייקעפּדיקע פולקומע באַפרייאונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס.

נאָר גרויסע אַמאַראַצים קענען איגנאָרירן דעם בורזשואַזן כאַראַקטער פון דער דעמאָקראַטישער איבערקערעניש, װעלכע קומט פאָר; — בלויז די נאַאיװסטע אָפּטימיסטן קענען פאַרגעסן װעגן דעם, װי װייניק עס װייסן נאָך די אַרבעטער-מאַסן װעגן די צילן פון סאָציאַליזם און װעגן די מיטלען פאַר זיין פאַרװירקלעכונג. מיר זיינען אָבער אַלע איבערצייגט, אַז די באַפרייאונג פון די אַרבעטער קען זיין די זאַך פון די אַרבעטער זעלבסט; אָן דער באַװאוסטזיניקייט און אָרגאַניזירטקייט פון די מאַסן, אָן דער צוגרייטונג און דערציאונג זייערער דורך אָפענעם קלאַסן-קאַמף מיט דער גאַנצער בורזשואַזיע קען קיין רייד ניט זיין װעגן קיין סאָציאַליסטישער רעװאָלוציע. און אלס ענטפער אף די אַנאַרכיסטישע דערװידערונגען, אַז מיר לייגן קלוימערשט אָפּ די סאָציאַליסטישע איבערקערעניש, װעלן מיר זאָגן: מיר לייגן זי ניט אָפּ, נאָר מיר מאַכן דעם ערשטן שריט צו איר דורך דאס איינציק מעגלעכע מיטל אַפן איינציק ריכטיקן װעג, נעמלעך, אַפן װעג פון דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. װער עס װיל גיין צום סאָציאַליזם אף אַן אַנדער װעג, פאַרביי דעם פּאָליטישן דעמאָקראַטיזם, דער קומט אומפאַרמיידלעך צו אומגעלומפּערטע און רעאַקציאָנערע אויספירן, װי אין עקאָנאָמישן, אַזוי אויך אין פּאָליטישן זין. אויב די אָדער יענע אַרבעטער װעלן בײַ אונז פרעגן אין געהעריקן מאָמענט: פאַרװאָס זאָלן מיר ניט פאַרװירקלעכן די מאַקסימום-פּראָגראַם, װעלן מיר זיי ענטפערן מיט אַן אָנװייז אַף דעם, װי פרעמד עס זיינען נאָך דעם סאָציאַליזם די דעמאָקראַטיש-געשטימטע מאַסן פון פאָלק, װי ניט אַנטװיקלט עס זיינען נאָך די קלאַסן-קעגנזאַצן, װי ניט אָרגאַניזירט עס זיינען נאָך די פּראָלעטאַריער. אָרגאַניזירט אקאָרשט הונדערטער טויזנטער אַרבעטער איבער גאַנץ רוסלאַנד, פאַרשפּרייט דאָס מיטגעפיל צו אייער פּראָגראַם צװישן מיליאָנען! פרואװט דאָס מאַכן, ניט באַגרעניצנדיק זיך מיט קלינגענדיקע, אָבער פוסטע אַנאַרכיסטישע פראַזן, — און איר װעט גלייך דערזען, אַז די פאַרװירקלעכונג פון דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע, אַז דאָס פאַרשפּרייטן פון דערדאָזיקער סאָציאַליסטישער אויפקלערונג הענגט אָפּ פון אַ װאָס מעגלעך פולקומערער פאַרװירקלעכונג פון די דעמאָקראַטישע איבערמאַנדערשונגען.

לאָמיר גיין װייטער. האָבן מיר שוין קלאָר געמאַכט די באַדייטונג פון דער צייטװייליקער רעװאָלוציאָנערער רעגירונג און די באַציאונג צו איר מיצאַד דעם פּראָלעטאַריאַט, דאַן אַנטשטייט פאָלגנדיקע פראַגע: צי איז דערלאָזבאַר, און בײַ װעלכע באַדינגונגען, אונזער אָנטייל אין איר (די האַנדלונג פון אויבן)?

ווי אַזוי דאַרפן מיר האַנדלען פון אונטן? די רעזאָלוציע גיט גענויע ענטפערס אַף דיביידע פראַגן. זי דערקלערט אַנטשלאָסן, אַז פּרינציפּיעל איז דער אַנטייל פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג (אין דער עפּאָכע פון דעמאָקראַטישער איבערקערעניש, אין דער עפּאָכע פון קאַמף פאַר דער רעפּובליק) דערלאָזבאַר. מיט דעראָזיקער דערקלערונג טיילן מיר זיך אַנטשיידן אָפּ סאַי פון די אַנאַרכיסטן, וועלכע ענטפערן אַף דעראָזיקער פראַגע פּרינציפּיעל אין נעגאַטיוון זין, סאַי פון די עקיסטן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע (ווי מאַרטינאָוו, לעמאָשל, און די ניי-איסקריסטן), וועלכע שרעקן אונז מיט דער פּערספּעקטיוו פון אַזאַ לאַגע, ווען דעראָזיקער אַנטייל וואָלט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אונז אַלס נויטווענדיקייט. מיט דעראָזיקער דערקלערונג האָט דער III צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. אַ. פּ. קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן יענעם געדאַנק פון דער נייער „איסקראַ”, אַז דער אַנטייל פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג איז קלוימערשט אַ באַזונדער מין מיליעראַניזם. אַז דאָס איז פּרינציפּיעל ניט דערלאָזבאַר, אַלס סאַנקציאָנירונג פון דער בורזשואַזער אָרדענונג א. א. וו.

נאָר די פראַגע וועגן דער פּרינציפּיעלער דערלאָזבאַרקייט באַשליסט נאָך ניט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, די פראַגע וועגן דער פּראַקטישער צוועקמעסיקייט. בײַ וועלכע באַדינגונגען איז דעראָזיקער אַרט קאַמף, דער קאַמף „פון אויבן”, וועלכער איז אָנערקענט פון פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר, צוועקמעסיק? זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז וועגן קאָנקרעטע באַדינגונגען, ווי, לעמאָשל, וועגן דער קויכעס-פאַרהעלטעניש א. ד. גל. איז איצט ניטאָ קיין מעגלעכקייט צו ריידן, און די רעזאָלוציע זאָגט זיך אָפּ, נאַטירלעך, פאָרויס צו דעפינירן דיזאָזיקע באַדינגונגען. קיין איין פאַרנונפטיקער מענטש וועט זיך ניט נעמען וואָס ניט איז פאָרויסצוזאָגן מיקויעך דער פראַגע, וועלכע אינטערעסירט אונז אין איצטיקן מאָמענט. מע קען און מע דאַרף באַשטימען דעם כאַראַקטער און דעם ציל פון אונזער אָנטייל. די רעזאָלוציע טוט עס אויך, אָנווייזנדיק צוויי צילן פון דעם אָנטייל: 1) אַן אומבעראַכמאָנעסדיקן קאַמף מיט די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע פּרוּוון און 2) דאָס פאַרטיידיקן פון די זעלבשטענדיקע אינטערעסן פון דעם אַרבעטער קלאַס. אין דער צייט ווי די ליבעראַלע בורזשואַ הויבן אָן שטאַרק צו ריידן וועגן דער רעאַקציע-פּסיכאָלאָגיע (זע דעם העכסט באַלערנדן „אָפענעם בריוו” פון דעם ה' סטרואָווע אין נומער 71 „אָסוואָבאָזשדעניע”), סטאַרענדיק זיך אָנצושרעקן דאָס רעוואָלוציאָנערע פאָלק און באַוועגן אים צו נאָכגעביקייט בענויגייע דער זעלבסטהערשונג,—אין דער צייט איז מיצאַד דער פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט באַזונדערס פּאַסיק צו דערמאָנען וועגן דער אויפגאַבע פון דער איצטיקער מילכאָמע אַקעגן דער קאָנטער-רעוואָלוציע. גרויסע פּראָבלעמען פון פּאָליטישער פרייהייט און קלאַסן-קאַמף ווערן געלייזט, סאָפקאָלסאָף, דורך קראַפט, דעריבער דאַרפן מיר זאָרגן וועגן דער צוגרייטונג און דער אָרגאַניזירונג פון דעראָזיקער קראַפט און וועגן אויסנוצן זי ניט נאָר צוליב פאַרטיידיקונג, נאָר אויך צוליב אָן אָנגריף. די לאַנגדויערנדיקע עפּאָכע פון פּאָליטישער רעאַקציע, וועלכע הערשט אין אייראָפּע קימאַט אָן אַן איבערייס זינט דער פּאַריזער קאָ-

מונע אָן, האָט אונז צופיל צוגעוואוינט צום געדאַנק וועגן האַנדלונג בלויז „פון אונטן“, האָט אונז צופיל צוגעוואוינט צו באַאָבאַכטן בלויז דעם פּאַרטייִדיקונגס־קאַמף. מיר זיינען איצט אַריין, בליסאָפּעק, אין אַ נייער עפּאָכע; עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פון פּאָליטישע דערשיטערונגען און רעוואָלוציעס. אין אַזאַ פּעריאָד, וועלכן עס לעבט איבער רוסלאַנד, טאָר מען זיך ניט באַנוגענען מיטן אַלטן טראַפּאַרעט. מע דאַרף פּראָפּאַגאַנדירן די אידייע פון האַנדלונג פון אויבן, מע דאַרף זיך גרייטן צו ענערגישסטע, אָנגרייפנדע האַנדלונגען, מע דאַרף דערלערנען די באַדינגונגען און די פאָרמען פון אַזעלכע האַנדלונגען. פון אַזעלכע באַדינגונגען רוקט אַרויס די רעזאָלוציע אַפן ערשטן פּלאַן צוויי: איינע איז נויגייע דער פאָרמעלער זייט פון דעם אָנטייל פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג (דער שטרענגער קאָנטראָל פון דער פּאַרטיי איבער אירע באַפולמעכטיקטע), די צווייטע איז נויגייע דעם עצעם כאַראַקטער פון דעמדאָזיקן אָנטייל (אַף קיין איין מינוט ניט לאָזן פון אַכט די צילן פון דער פולקומער סאָציאַליסטישער איבערקערעניש).

קלאָר מאַכנדיק, אַף אַזאַ אויפן, פון אַלע זייטן די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי באַ דער האַנדלונג „פון אויבן“—דעם נייעם קאַמפּס-מיטל, וועלכן מע האָט ביז איצט קימאַט ניט געזעען—זעט פאר די רעזאָלוציע אויך יענעם פאַל, ווען ווירקן פון אויבן וועט אונז ניט געלינגען. ווירקן פון אונטן אַף דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג זיינען מיר מעכויעוו אין יעדן פאַל. צוליב אַזאַ דרוק פון אונטן דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט זיין באַוואָפנט,—ווייל אין אַ רעוואָלוציאָנערן מאָמענט דערגייט די זאַך באַזונדערס שנעל צו אַ דירעקטן בירגער-קריג,—און אָנגעפירט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דער ציל פון זיין באַוואָפנטן דרוק איז—„היטן, באַפעסטיקן און פאַרברייטערן די דעראָבערונגען פון דער רעוואָלוציע“, ד. ה. יענע דעראָבערונגען, וועלכע דאַרפן, פון שטאַנדפונקט פון די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט, באַשטיין אין דער פאַרווירקלעכונג פון אונזער גאַנצער מינימום-פּראָגראַם.

דערמיט ווען מיר פאַרענדיקן די קורצע באַטראַכטונג פון דער רעזאָלוציע פון III-טן צוזאַמענפאָר וועגן דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. ווי דער לעזער זעט, מאַכט דידאָזיקע רעזאָלוציע קלאָר סאַי די באַדייטונג פון דער נייער פראַגע, סאַי די באַציאונג צו איר מיצאַד דער פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט, סאַי די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי העַן אינעווייניק אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, העַן אויסער איר.

לאָמיר איצט אַ קוק טאָן אַף דער אנטשפּרעכנדיקער רעזאָלוציע פון דער „קאָנפערענץ“.

## 3. וואָס איז אַזוינס דער „אַנטשיידענער זיג פון דער רעוואָלוציע איבער דעם צאַריזם“?

די רעזאָלוציע פון דער „קאָנפערענץ“ איז געווידמעט דער פראַגע „וועגן דער דעראָבערונג פון דער מאַכט און דעם אָנטייל אין דער צייטווייליקער רעגירונג“. אין דעראָזיקער שטעלונג פון דער פראַגע איז שוין באַהאַלטן, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, אַ פּלאָנטער. פון איין זייט, שטעלט זיך די פראַגע שמאָל: בלויז וועגן אונזער אָנטייל אין דער צייטווייליקער רעגירונג און ניט בּיכלאַל וועגן די אויפגאַבן פון דער פאַרטיי בענוגייע דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. פון דער אַנדער זייט, ווערן צונויפגעמישט צוויי גאַנץ באַזונדעראַרטיקע פראַגן: וועגן אונזער אָנטייל אין איינער פון די סטאַדיעס פון דער *דעמאָקראַטישער* איבערקערעניש און וועגן דער *סאָציאַליסטישער* איבערקערעניש. אין דערעמעסן, די „דעראָבערונג פון דער מאַכט“ דורך דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז נעמלעך אַ סאָציאַליסטישע איבערקערעניש און קען קיין אַנדער זאַך ניט זיין, אויב מע זאָל באַנוצן דידאָזיקע ווערטער אין זייער דירעקטער און געוויינלעכער באַדייטונג. אויב מע זאָל זיי אָבער פאַרשטיין אין דעם זין פון דעראָבערן די מאַכט ניט צוליב אַ סאָציאַליסטישער, נאָר צוליב אַ דעמאָקראַטישער איבערקערעניש, דאַן איז וואָס פאַר אַ זין האָט עס צו ריידן ניט נאָר וועגן דעם אָנטייל אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, נאָר אויך וועגן „דעראָבערן די מאַכט“ *בּיכלאַל*? אַפּאָנים, אַז אונזערע „קאָנפערענטן“ האָבן אַליין גוט ניט געוואוסט, וועגן וואָס זיי דאַרפן ריידן: וועגן אַ דעמאָקראַטישער אָדער וועגן אַ סאָציאַליסטישער איבערקערעניש. ווער עס האָט אַכטונג געגעבן אויף דער ליטעראַטור איבער דעראָזיקער פראַגע, דער ווייס, אַז דעם אָנהויב פונם דאָזיקן פּלאָנטער האָט געמאַכט דער כ׳ מאַרטינאָוו אין זיינע באַרימטע „צוויי דיקטאַטורן“: די נייאיסקריסטן דערמאָנען ניט גערן וועגן דעראָזיקער שטעלונג פון דער פראַגע (נאָך ביז דעם 9-טן יאַנוואַר) אין דעמדאָזיקן מוסטערהאַפט-עקיסטישן ווערק, נאָר איר אידייאישע ווירקונג אויף דער קאָנפערענץ שטייט אויסער סאָפעק.

נאָר מיר וועלן לאָזן אָן אַ זייט דאָס קעפּל פון דער רעזאָלוציע. איר אינהאַלט באַווייזט אונז פעלערן, וועלכע זיינען באַדייטנדיק טיפער און ערנסטער. אָט איז דער ערשטער טייל אירער:

„דער אַנטשיידענער זיג פון דער רעוואָלוציע איבער דעם צאַריזם קען באַצייכנט ווערן אָדער דורך דער גרינדונג פון א צייטווייליקער רעגירונג, וועלכע וועט ארויס פונם זיגרייכן פאָלקס-אויפשטאַנד, אָדער דורך דער רעוואָלוציאָנערער איניציאַטיוו פון דער אָדער יענער פאַרטרעטונגס-איינריכטונג, וועלכע באַשטימט, אונטער דעם אומיטלבאַרן דרוק פונם פאָלק, צו אָרגאַניזירן אַן אַלפאָלקישע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג“.

אַזוי, הייסט עס, זאָגט מען אונז, אַז אַלס אַן אַנטשיידענער זיג פון דער רעוואָלוציע איבער דעם צאַריזם קען זיין סאַי אַ זיגרייכער אויפשטאַנד, סאַי... אַ באַשלוס פון אַ פאַרטרעטונגס-איינריכטונג צו אָרגאַניזירן אַ גרינדונגס-פאַר-

זאמלונג. וואָס איז דאָס? ווי איז דאָס? דער אנטשיידענער זיג קען באצייכנט
ווערן מיט א „באשלוס“ צו אָרגאניזירן א גרינדונגס-פארזאמלונג?? און אזא
„זיג“ שטעלט מען עס אף איין ברעט מיט דער גרינדונג פון א צייטווייליקער
רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, „וועלכע איז ארויס פון א זיגרייכן פאָלקס-אויפ-
שטאנד“!! די קאָנפערענץ האָט ניט באמערקט, אז א זיגרייכער פאָלקס-
אויפשטאנד און די גרינדונג פון א צייטווייליקער רעגירונג באדייט א זיג פון דער
רעוואָלוציע אין דערעמעסן, און אזא „באשלוס“ צו אָרגאניזירן א גרינדונגס-
פארזאמלונג באדייט א זיג פון דער רעוואָלוציע נאָר אף ווערטער.

די קאָנפערענץ פון די מענשעוויקעס-נײ-איסקריסטן איז אריינגעפאלן אין
דעמזעלבן פעלער, אין וועלכן עס פאלן שטענדיק אריין די ליבעראלן, די
אָסוואָבאָזשדענצעס. די אָסוואָבאָזשדענצעס זאָגן מעליצעס וועגן א „גרינדונגס“-
פארזאמלונג, פארמאכנדיק שעמעוודיק די אויגן אף דעם, וואָס די קראפט און
די מאכט בלייבט אין די הענט פונם קייסער, פארגעסנדיק, אז קעדיי צו
„גרינדן“, דארף מען האָבן קראפט צו גרינדן. די קאָנפערענץ האָט אויך
פארגעסן, אז פון א „באשלוס“ פון וועלכע איר ווילט פארשטייער ביז דער
פארווירקלעכונג פון דעמדאָזיקן באשלוס איז נאָך ווייט. די קאָנפערענץ האָט
פארגעסן, אז קאָלזמאן די מאכט בלייבט אין די הענט פון קייסער, וועלן וועל-
כע איר ווילט באשלוסן פון וועלכע איר ווילט פארשטייער בלייבן פונקט אזא
פוסטע און נעבעכדיקע פלוידעריי, ווי עס האָבן זיך ארויסגעוויזן די „בא-
שלוסן“ פון דעם בארימטן אין דער געשיכטע פון דער דייטשישער רעוואָלוציע
פראנקפורטער פארלאמענט. דער פאָרשטייער פון דעם רעוואָלוציאָנערן פראָלע-
טאריאט, מארקס, האָט דערפאר טאקע אומבאראכמאָנעסדיק אויסגעלאכט אין
זיין „נײער ריינישער צייטונג“ די פראנקפורטער ליבעראלע „אָסוואָבאָזשדענ-
צעס“ דערפאר, וואָס זיי האָבן גערעדט גוטע ווערטער, האָבן אָנגענומען פאר-
שיידענע דעמאָקראטישע „באשלוסן“, האָבן „געגרינדעט“ פארשיידענע פרייהייטן,
און האָבן אָבער אין דער ווירקלעכקייט געלאָזן די מאכט אין די הענט פונם
קיניג, האָבן ניט אָרגאניזירט קיין באוואָפנטן קאמף מיט דער מיליטער-קראפט,
וועלכע איז געווען אין דעם רעשוס פון דעם קיניג. און ביז וואנען די פראנק-
פורטער אָסוואָבאָזשדענצעס האָבן געפלוידערט,—האָט דער קיניג אויסגעווארט
די צייט, האָט באפעסטיקט זיינע מיליטער-קויכעס, און די קאָנטר-רעוואָלוציע
האָט, אָנשפארנדיק זיך אף דער רעאלער קראפט, אינגאנצן צעקלאַפט די דע-
מאָקראטן מיט אלע זייערע פרעכטיקע „באשלוסן“.

די קאָנפערענץ האָט צוגעגליכן צו אן אנטשיידענעם זיג דאָס, אין וואָס
עס פעלט גראד די אנטשיידענע באדינגונג. אף וואָס פאר אן אויפן האָבן עס
געקאָנט סאָציאַל-דעמאָקראטן, וועלכע אנערקענען די רעפובליקאנישע פראָגראם
פון אונזער פארטיי, אריינפאלן אין דעמדאָזיקן פעלער? קעדיי צו פארשטיין
דידאָזיקע מעשונעדיקע דערשיינונג, דארף מען זיך ווענדן צו דער רעזאָלוציע
פון III-טן צוזאמענפאָר וועגן דעם אָפגעשפאָלטענעם טייל פון דער פארטיי.
אין דערדאָזיקער רעזאָלוציע ווערט אָנגעוויזן, אז אין אונזער פארטיי ווערן
איבערגעלעבט פארשיידענע ריכטונגען, וועלכע זיינען „קרויוויש דעם עקאָ-

נאָמיזם". אונזערע "קאָנפערענטן" (ניט אומזיסט, אפּאָנים, געפינען זיי זיך און-
טער דער אידייאישער אָנפירונג פון מארטינאָוון) אורטיילן וועגן רעוואָלוציע
פונקט אין דעמזעלביקן גייסט, ווי די עקאָנאָמיסטן האָבן געאורטיילט וועגן
פּאָליטישן קאַמף אָדער וועגן אן 8-שאָעדיקן ארבעטס-טאָג. די עקאָנאָמיסטן
פלעגן זיך גלייך באנוצן מיט דער "טעאָריע פון סטאדיעס": 1) קאמף פאר
רעכט; 2) פּאָליטישע אגיטאציע; 3) פּאָליטישער קאמף,—אָדער 1) א 10-שאָ-
עדיקער ארבעטס-טאָג, 2) א 9-שאָעדיקער, 3) אן 8-שאָעדיקער. וואָס פאר א
רעזולטאטן עס האָבן זיך באקומען פון דעמדאָזיקן "טאקטיק-פּראָצעס" איז
אלעמען גענוג באוואוסט. איצטער לייגט מען אונז פאָר אויך די רעוואָלוציע
פאָרויס פאנאנדערצוטיילן אזוי גוט אף דריי סטאדיעס: 1) דער קייסער
רופט צונויף א פארטרעטונגס-איינריכטונג; 2) דידאָזיקע איינריכטונג
"באשליסט" אונטערן דרוק פונם "פאָלק" צו אָרגאניזירן א גרינדונגס-פארזאמ-
לונג; 3)... וועגן דער דריטער סטאדיע האָבן זיך די מענשעוויקעס נאָך ניט
צוזאמענגערעדט; זיי האָבן פארגעסן, אז דער רעוואָלוציאָנערער דרוק פון
פאָלק באגעגנט א קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן דרוק פון צאריזם און אז דעריבער
וועט אָדער דער "באשלוס" בלייבן ניט קיין פארווירקלעכטער, אָדער דער אי-
ניען ווערט געלייזט ווידער טאקע דורכן זיג אָדער דער מאפּאָלע פון דעם
פאָלקס-אויפשטאנד. די רעזאָלוציע פון דער קאָנפערענץ איז ווי צוויי טראָפּן
וואסער ענלעך צו אזא כקירע פון די עקאָנאָמיסטן: דער אנטשיידענער זיג
פון פּראָלעטאריאַט קען באצייכנט ווערן אדער דורך דער רעוואלוציאָנערער פאר-
ווירקלעכונג פון 8-שאָעדיקן ארבעטס-טאָג, אָדער דורך דעם, וואָס עס וועט
געשענקט ווערן א 10-שאָעדיקער ארבעטס-טאָג און עס וועט אָנגענומען ווערן
אַ "באשלוס" אריבערצוגיין צו א 9-שאָעדיקן. פונקט דאָס זעלבע.

אונז קען מען נאָך עפּשער דערווידערן, אַז די מעכאַברים פון דער רע-
זאָלוציע האָבן גאָרניט געמיינט צוצוגלייכן דעם זיג פון אַן אויפשטאַנד
צום "באַשלוס" פון א פאַרטרעטונגס-איינריכטונג, וועלכע איז צוזאַמענגערופן
פונם קייסער, אז זיי האָבן בלויז געוואָלט פאָרויסזעען די טאַקטיק פון דער
פּארטיי אין דעם און אין יענעם פאַל. מיר וועלן אף דעם ענטפערן: 1) דער
טעקסט פון דער רעזאָלוציע רופט אָן דירעקט און ניט צווייטייטיק אַלט "אַנט-
שיידענעם זיג פון דער רעוואָלוציע איבער דעם צאריזם" דעם באשלוס
פון דער פאַרטרעטונגס-איינריכטונג. עס קען זיין, אז דאָס איז עפּשער א רע-
זולטאט פון א נאכלעסיקער רעדאַקציע, עס קען זיין, אז מע וואָלט זי געקאָנט
פאַריכטן אַפן גרונט פון די פּראָטאָקאָלן, נאָר קאָלזמאַן זי איז ניט פאַריכט,
קען זיין דער זין פון דעראָזיקער רעדאקציע נאָר איינער, און דעראָזיקער
זין איז אַן אָסויזאָבאָזשרעגישער. 2) דער "אָסוואָבאָזשדענישער" געדאַנקען-
גאַנג, אין וועלכן עס זיינען אַריינגעפאַלן די מעכאַברים פון דער רעזאָלוציע,
טרעט אַרויס באַזונדערס בוילעט אין די אַנדערע ליטעראַרישע ווערק פון די
ניי-איסקריסטן. לעמאָשל, אין דעם אָרגאַן פון טיפליסער קאָמיטעט: "סאָציאל-
דעמאקראַט" (אַף גרוזיניש; ווערט שטאַרק געלויבט פון "איסקראַ" אין №100)
דערעדט זיך דער אַרטיקל "דער זעמסקער סאָבאָר און אונזער טאַקטיק" די-

רעקט דערצו, אז די „טאַקטיק", „וועלכע ווילט אויס אלס דעם צענטר פון איר
האַנדלונג דעם זעמסקן סאָבאר" (וועגן דעם צוזאַמענרוף פון וועלכן, וועלן
מיר צוגעבן פון זיך, מיר ווייסן נאָך ניט גאָרניט גענויעס!) „איז פאַר
אונז גינסטיקער", אידער די „טאַקטיק" פון א באַיאָפנטן אויפשטאַנד
און פון גריגדן א צייטווייליקע רעוואָלוציאנערע רעגירונג. מיר וועלן זיך נאָך
ווייטער אומקערן צו דעמדאָזיקן אַרטיקל. 3) מע קען גאָרנישט ניט האָבן קעגן
דער פאַרבאַהאַנדלונג פון דער טאַקטיק פון פאַרטיי סאַי אַפן פאַל פון זיג פון
דער רעוואָלוציע, סאַי אַפן פאַל פון איר מאַפּאָלע, סאַי אַפן פאַל פון א דער-
פאָלג פון אויפשטאַנד, סאַי אַפן פאַל, אויב דער אויפשטאנד וועט ניט קענען
פאַנאַנדערברענען זיך אין אַן ערנסטן קויעך. מעגלעך, אַז דער צאַרישער רע-
גירונג וועט זיך איינגעבן צונויפרופן אַ פאַרטרעטונגס-פאַרזאַמלונג צוליב אַ
פּשאָרע מיט דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, — די רעזאָלוציע פון III צוזאַמענ-
פאָר, פאָרויסזעענדיק דאס, רעדט דירעקט וועגן א „צוויעסדיקער פּאָליטיק",
וועגן א „פסעוודאָ-דעמאקראַטיזם", וועגן „קאַריקאטורע פאָרמען פון פאָלקס-
פאָרשטייערשאַפט. אַלאַ דעם אַזוי גערופענעם זעמסקן סאבאָר". נאָר דאס איז
דאָך די מאַיסע, וואָס דאס רעדט זיך ניט אין דער רעזאָלוציע וועגן דער
צייטווייליקער רעוואָלוציאנערער רעגירונג, ווייל צו דער צייטווייליקער רעוואָ-
לוציאנערער רעגירונג האָט דאס קיין שאַיכעס ניט. דערדאָזיקער פאַל רוקט
אָפּ די פּראָבלעם פון אויפשטאַנד און פון דער גרינדונג פון א צייטווייליקער
רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, ער ענדערט זי אום א. א. וו. דאָ האַנדלט זיך
איצט אָבער ניט וועגן דעם, אַז עס זיינען מעגלעך פאַרשיידענע קאָמבינאַ-
ציעס, אַז עס איז מעגלעך סאַי א זיג, סאַי א מאַפּאָלע, סאַי דירעקטע וועגן,
סאַי ארומיקע וועגן, — דאָ האַנדלט זיך וועגן דעם, אז עס איז ניט דערלאָז-
באַר פאר א סאציאַל-דעמאקראַט אריינצוטראָגן א פּלאָנטער אין דער פאָר-
שטעלונג פון די ארבעטער וועגן דעם ווירקלעך רעוואָלוציאנערן וועג, אז עס
איז ניט דערלאָזבאַר אָנצורופן אַפן אָסוואבאָזשדענישן שטייגער אלס אנטשיי-
דענעם זיג דאָס, אין וואס עס פעלט די גרונט-באַדינגונג פון זיג. מעגלעך,
אַז אויך דעם 8-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג וועלן מיר באַקומען ניט מיטאַמאָל,
נאָר דורך אַ לאַנגן אַרום-וועג; נאָר וואס וועט איר זאָגן וועגן דעם מענטשן,
וועלכער וועט אָנרופן פאַר א זיג פון די אַרבעטער אזא אָנמאַכט, אזא שוואַכ-
קייט פון דעם פראלעטאַריאט, באַ וועלכער ער וועט ניט בעקויעך זיין
צעשטערן די פאַרשלעפּעניש, די אָפּלייגעניש, דעם דינגען זיך, דעם פאַראַט
און רעאַקציע? מעגלעך, אַז די רוסישע רעוואָלוציע וועט זיך ענדיקן מיט אַ
„קאָנסטיטוציאָנעלן מאַפל", ווי עס האט איינמאל געזאָגט „וופּעריאָד", נאָר
קען דאס דען באַרעכטיקן דעם סאציאל-דעמאקראט, וועלכער וואָלט ערעוו
דעם אנטשיידנעם קאַמף אנגעהויבן אָנצורופן דעמדאזיקן מאַפל פאר אַן „אנט-
שיידענעם זיג איבער דעם צאַריזם"? עס איז מעגלעך אַף א שלעכטן סאָף,
אז מיר וועלן ניט נאָר ניט דערקעמפן קיין רעפובליק, נאָר אויך די קאָנסטי-
טוציע וועט זיין בלויז א שיינבאַרע, א „שיפּאווישע", נאר וואלט דען פאַר-

ציילעך געווען פון דער זייט פון א סאָציאַל-דעמאקראט צו פאַרשמירן אונזער רעפובליקאַנישן לאָזונג?

פאַרשטייט זיך. צו פאַרשמירן אים זיינען נאָך די ניי-איסקריסטן ניט דערגאַנגען. נאָר ביז וואָס פאר א גראד פון זיי איז אוועקגעפליגן דער רעוואלוציאנערער גייסט, ביז וואס פאַר א גראַד די לעבנסלאָזע רעזאָנירונג האָט פאַרשטעלט פאר זיי די קאַמפּס-אויפגאַבן פון דעם מאָמענט, דאָס קען מען באַזונדערס אנשוילעך זען פון זעם, וואס אין זייער רעזאלוציע האבן זיי גראָד פאַרגעסן צו זאָגן וועגן א רעפובליק! דאס איז אומגלויביק, נאר דאס איז א פאַקט. אלע לאָזונגען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע זיינען באַשטעטיקט, איבערגעכאַזערט, אויסגעטייטשט, דעטאַליזירט אין פאַרשיידענע רעזאָלוציעס פון דער קאָנפערענץ. עס איז אַפילע ניט פאַרגעסן דאָס אויסוויילן פון סטאַראסטעס און דעפוטאטן דורך די ארבעטער אף די אונטערנעמונגען, — עס האט זיך נאר ניט געפונען קיין געלעגנהייט אין דער רעזאָלוציע וועגן דער ציטווייליקער רעוואָלוציאנערער רעגירונג צו דערמאָנען וועגן א רעפובליק. ריידן וועגן דעם זיג פון אַ פאָלקס-אויפשטאַנד, וועגן דער גרינדונג פון אַ ציטווייליקער רעגירונג און ניט אָנווייזן די שאַיכעס פון דידאָזיקע „שריט" און אַקטן צו דער דעראָבערונג פון דער רעפובליק, — הייסט שרייבן א רעזאָלוציע ניט צוליב אָנפירן מיטן קאַמף פון פראָלעטאריאט, נאָר צוליב שלעפּן זיך באַם עק פון דער פראָלעטארישער באוועגונג.

דער ס כאקל: דער ערשטער טייל פון דער רעזאלוציע: 1) האָט אינגאַנצן ניט קלאָר געמאַכט די באדייטונג פון דער ציטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג פון שטאַנדפונקט פון קאַמף פאר דער רעפובליק און פאַר דער באַוואָרענונג פון א ווירקלעך אַלפאָלקישער און א ווירקלעך גרינדנדיקער פאַרזאַמלונג; 2) האָט אריינגעטראגן א דירעקטע פלאָנטערניש אין דעם דעמאקראטישן באַוואוסטזיין פון פראָלעטאריאט, צוגלייכנדיק צו אן אנטשיידענעם זיג פון דער רעוואלוציע איבער דעם צאריזם אזא מין סיטואציע, ווען עס פעלט נאך גראָד די גרונט-באדינגונג פאַר א ווירקלעכן זיג.

## 4. די ליקווידירונג פון דער מאָנארכיסטישער אָרדענונג און די רעפובליק.

לאָמיר אריבערגיין צו דעם פאָלגנדיקן טייל פון דער רעזאָלוציע:

„...סאַי אין דעם, סאַי אין יענעם פאַל וועט אזא זיג דינען אלס אָנאנפאנג פון, א נייער פאַזע פון דער רעוואלוציאנערער עפּאָכע.

„די אויפגאַבע, וועלכע די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג שטעלן אַפן סטיכייאישן אויפן פאַר דערדאָזיקער נייער פאַזע, איז די ענדגילטיקע ליקווידירונג פון דעם שטאַנדן-מאָנארכיסטישן רעזשים אינם פּראָצעס פון קעגנזייטיקן קאַמף צווישן די עלעמענטן פון דער פּאָליטיש באַפרייטער בורזשואַזער געזעלשאפט פאַר דער פארוויקלעכונג פון

זייערע סאָציאַלע אינטערעסן און פאַר דער אומיטלבאַרער באַהערשונג פון דער מאַכט.

„דעריבער וואָלט אויך די צייטווייליקע רעגירונג, וועלכע וואָלט אַף זיך גענומען די פאַרווירקלעכונג פון די אויפגאַבן פון דערדאזיקער בורזשואזער, לויט איר היסטאָרישן כאַראַקטער, רעוואָלוציע, געדאַרפט, רעגולירנדיק דעם קעגנזייטיקן קאַמף צווישן די קעגנזעצלעכע קלאַסן פון דער זיך באַפרייענדיקער נאַציע, ניט נאָר באַוועגן פאָרויס די רעוואָלוציאָנערע אַנטוויקלונג, נאָר אויך קעמפן קעגן יענע פאַקטאָרן אירע, וועלכע דראָען די יעסוידעס פון דער קאַפיטאַליסטישער אָרדענונג".

לאָמיר זיך אָפשטעלן אַף דעמדאָזיקן טייל, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר א זעלבשטענדיקן אָפטייל פון דער רעזאָלוציע. דער גרונט-געדאַנק פון די כקירעס, וועלכע מיר האָבן ציטירט, פאַלט צוזאַמען מיט יענעם, וועלכער איז אַרויסגעזאָגט אין 3-טן פונקט פון דער צוזאַמענפאָר-רעזאָלוציע. נאָר ווען מע פאַרגלייכט די ביידע רעזאָלוציעס אין דעמדאָזיקן טייל זייערן, וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן פאָלגנדיקע גרונט-נאַפקעמינע צווישן זיי. די רעזאָלוציע פון צוזאַמענפאָר, כאַראַקטעריזירנדיק אין צוויי ווערטער דעם געזעלשאַפטלעך-עקאָנאָמישן באַזיס פון דער רעוואָלוציע, טראָגט אַריבער די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אַף דעם שאַרף באַשטימטן קלאַסן-קאַמף פאַר באַשטימטע דעראָבערונגען און רוקט ארויס אַפן ערשטן פלאַן די קאַמפס-אויפגאַבן פון דעם פראָלעטאריאַט. די רעזאָלוציע פון דער קאָנפערענץ, באַשרייבנדיק לאַנג, נעפלהאַפט און געפלאָנטערט דעם געזעלשאַפטלעך-עקאָנאָמישן באַזיס פון דער רעוואָלוציע, רעדט זייער ניט קלאָר וועגן דעם קאַמף פאַר באַשטימטע דעראָבערונגען און לאָזט אַבסאָלוט אין שאָטן די קאַמפס-אויפגאַבן פון דעם פראָלעטאריאַט. די רעזאָלוציע פון דער קאָנפערענץ רעדט וועגן דער ליקווידירונג פון דער אַלטער אָרדענונג אינם פראָצעס פון קעגנזייטיקן קאַמף צווישן די עלעמענטן פון דער געזעלשאַפט. די רעזאָלוציע פון דעם צוזאמענפאָר זאָגט, אַז מיר, די פאַרטיי פון פראָלעטאריאַט, דאַרפן דורכפירן דידאָזיקע ליקווידירונג, אַז אַ ווירקלעכע ליקווידירונג הייסט נאָר די גרינדונג פון אַ דעמאָקראַטישער רעפובליק, אַז דידאָזיקע רעפובליק דאַרפן מיר דערקעמפן, אַז מיר ווילן קעמפן פאַר איר און פאַר דער פולער פרייהייט ניט בלויז מיט דער זעלבסטהערשונג, נאָר אויך מיט דער בורזשואַזיע, ווען זי וועט זיך פרואוון (און זי וועט זיך אומבאַדינגט פרואוון) אָפנעמען באַ אונז אונזערע דעראָבערונגען. די רעזאָלוציע פון דעם צוזאמענפאָר רופט צום קאמף אַ באשטימטן קלאַס פאַר א פינקטלעך באַשטימטן נאָענטסטן ציל. די רעזאָלוציע פון דער קאָנפערענץ כקירעט וועגן קעגנזייטיקן קאמף פון פאַרשיידענע קרעפטן. איין רעזאָלוציע דריקט אויס די פסיכאָלאָגיע פון אַקטיוון קאַמף, די אנדערע — פון פאסיווער צושויערשאַפט; איינע איז דורכגעדרונגען מיטן רוף צו לעבעדיקער טעטיקייט, די אַנדערע — מיט טויטער רעזאָנירונג. ביידע רעזאָלוציעס דערקלערן, אַז די איבערקערעניש, וועלכע עס קומט פאָר, איז פאַר אונז בלויז דער ערשטער שריט, נאָך וועלכן עס וועט קומען דער צווייטער; נאָר איין רעזאָלוציע מאַכט דערפון דעם

אויספיר, אַז מע דאַרף וואָס גיכער איבערגיין דעמדאָזיקן ערשטן שריט, וואָס גיכער ליקווידירן אים, דערקעמפן אַ רעפובליק, אומבעראכמאָנעסדיק צעשמעטערן די קאָנטר-רעוואָלוציע און שאַפן דעם באָדן פאַרן צווייטן שריט. און די אנדער רעזאָלוציע צערינט זיך, אַזוי צו זאָגן, אין ניין מאָס רייד בא דער באשרייבונג פון דעמדאָזיקן ערשטן שריט און (אנטשולדיקט פאַרן אויסדרוק) זויגט געדאַנקען מיקויעך אים.

דידאָזיקע נאָפקעמינע שטעלט מיט זיך פאר גראד יענע נאָפקעמינע וועלכע צעטיילט שוין פון לאַנג אָן די רוסישע מאַרקסיסטן אַף צוויי פליגלען: דער רעזאָנערישער און דער קעמפנדיקער פליגל אין די געוועזענע צייטן פון לעגאַלן מאַרקסיזם, דער עקאָנאָמישער און פאָליטישער פליגל אין דער עפאָכע פון דער אָנפאנגענדיקער מאָסן-באוועגונג. פון דער ריכטיקער האַנאָכע פון מאַרקסיזם וועגן די טיפע עקאָנאָמישע וואָרצלען פון קלאסן-קאַמף ביכלאַל און פון פאָליטישן קאמף ביפראט מאַכן די עקאָנאָמיסטן יענעם אָריגינעלן אויספיר, אַז מע דאַרף זיך אומקערן מיטן רוקן צום פאָליטישן קאַמף און פארהאלטן זיין אנטוויקלונג, פאַרשמעלערן זיין פאַרנעם, דערנידערן זיינע אויפגאַבן. די פּאָליטיקער האָבן, פאַרקערט, געמאכט פון דיזעלביקע האַנאָכעס אַן אַנדער אויספיר, געמלעך: אז וואָס טיפער עס זיינען איצט די וואָרצלען פון אונזער קאמף, אלץ ברייטער, דרייסטער, אנטשלאסענער, איניציאַטיווער דאַרפן מיר פירן דעמדאָזיקן קמאף אין אן אַנדער אומגעבונג, אין אן אַנדער פאָרם האָבן מיר פאַר זיך אויך איצט דעמזעלבן שטרייט. פון דער האַנאָכע, אז די דעמאָקראַטישע איבערקערעניש איז נאך בעשום אויפן ניט קיין סאָציאליסטישע, אז זי „אינטערעסירט“ ניט נאָר דאַפקע די אומפאַרמעגלעכע אליין, אַז אירע טיפסטע וואָרצלען ליגן אין די אומבאזייטבארע נויטן און באדערפענישן פון דער ג א נ צ ע ר בורזשואזער געזעלשאַפט אינגאנצן,—פון דידאָזיקע האַנאָכעס מאַכן מיר דעם אויספיר, אז דער פאָרגעשריטנסטער קלאס דאַרף וואס דרייסטער שטעלן זיינע דעמאָקראטישע אויפגאבן, וואס שאַרפער דעריידן זיי ביזן סאף, אַרויסשטעלן דעם אומיטלבארן לאָזונג פון אַ רעפובליק, פראָפאגאנדירן די אידייע וועגן דער נויטווענדיקייט פון א צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, וועגן דער נויטווענדיקייט אומבעראכמאָנעסדיק צו צעשמעטערן די קאָנטר-רעוואלוציע. און אונזערע אפּאָנענטן, די ניי-איסקריסטן, מאכן פון דיזעלביקע האנאָכעס דעם אויספיר, אז מע דאַרף ניט דעריידן ביזן סאָף די דעמאָקראַטישע אויספירן, אז מע קען צווישן די פראַקטישע לאָזונגען ניט אַרויסשטעלן קיין רעפובליק אויך, אז עס איז דערלאָזבאר ניט צו פראָפאגאַנדירן די אידייע וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ צייטווייליקער רעגירונג, אז פאר אן אנטשיידענעם קאמף קען מען אָנרופן אויך א באַשלוס צונויפצורופן אַ גרינדונגס-פאַרזאמלונג, אַז די אויפגאַבע צו קעמפן מיט דער קאָנטר-רעוואָלוציע קען מען אויך ניט ארויסשטעלן, אלס אונזערע אַן אַקטיווע אויפגאבע, נאָר דערטרינקען זי אין א נעפּלהאַפטן (און ניט קיין ריכטיק פאָרמולירטן, ווי מיר וועלן עס באַלד זעען) באַרופן זיך אַפן „פראָצעס פון קעגנזייטיקן קאמף“. דאס

איז ניט קיין שפּראַך פון פּאָליטישע טוער, — דאָס איז אַ שפּראַך פון עפּעס ארכיוו-זיצערס!

און וואָס אויפמערקזאמער איר וועט באַטראַכטן די באַזונדערע פאָרמולירונגען פון דער ניי-איסקריסטישער רעזאָלוציע, אַלץ באַשיינפּערלעכער וועלן פאַר אייך אַרויסטרעטן די אָנגעוויזענע גרונט-באַזונדערהייטן אירע. מע זאָגט אונז, לעמאָשל, וועגן דעם „פּראָצעס פון קעגנזייטיקן קאַמף צווישן די עלעמענטן פון דער פּאָליטיש באַפרייטער בורזשואַזער געזעלשאַפט". געדענקענדיק די טעמע, אַף וועלכער די רעזאָלוציע האָט זיך געשריבן (די צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג), פרעגן מיר מיט פאַרלעגנהייט: אויב שוין ריידן וועגן דעם פּראָצעס פון קעגנזייטיקן קאַמף, היינט ווי קען מען עס פאַרשווייגן די עלעמענטן, וועלכע פ א ר ק נ ע כ ט ן פּאָליטיש די בורזשואַזע געזעלשאַפט? דענקען דען די „קאָנפערענטן", אַז וויבאַלד זיי האָבן נאָר מעשאַער געווען דעם זיג פון דער רעוואָלוציע, זיינען שוין דידאָזיקע עלעמענטן פאַרשוואונדן? אַזאַ מין געדאַנק וואָלט געווען אַן אַבסורד ביכלאַל און די גרעסטע פּאָליטישע נאַאיוויטעט און פּאָליטישע קורצזיכטיקייט ביפראַט. נאָכן זיג פון דער רעוואָלוציע איבער דער קאָנטער-רעוואָלוציע, וועט די קאָנטער-רעוואָלוציע ניט פאַרשווינדן, נאָר, פאַרקערט, זי וועט אומפאַרמיידלעך אָנהויבן אַ נייעם, נאָך מער האַרטנעקיקן קאַמף. ווידמענענדיק אונזער רעזאָלוציע דעם אַנאַליז פון די אויפגאַבן באַ דעם זיג פון דער רעוואָלוציע, זיינען מיר מעכויעוו אָפּצוגעבן די גרעסטע אויפמערקזאמקייט דער אויפגאַבע אָפּצושלאָגן דעם אָנדראַנג פון דער קאָנטער-רעוואָלוציע (ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן אין דער רעזאָלוציע פון דעם צוזאַמענפאָר) און ניט דערטרינקען דידאָזיקע נאָענסטע, ברענענדיקסטע, אַקטועלסטע פּאָליטישע אויפגאַבן פון אַ קאַמפס-פּאַרטיי אין אַלגעמיינע כקירעס וועגן דעם, וואָס וועט זיין נ אָ ך דער איצטיקער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע, וואָס וועט זיין דאַן, ווען עס וועט שוין עקזיסטירן די „פּאָליטיש ב אַ פ ר ײ ט ע געזעלשאַפט". פּונקט ווי די עקאָנאָמיסטן פלעגן פאַרדעקן זייער ניט פאַרשטיין די אַקטועלע פּאָליטישע אויפגאַבן מיט דעם, וואָס זיי פלעגן זיך באַרופן אַף אַלגעמיינע האַנאָכעס וועגן דעם, אַז די פּאָליטיק ווארפט זיך אונטער דער עקאָנאָמיק, אַזוי פאַרדעקן אויך די ניי-איסקריסטן זייער ניט פאַרשטיין די אַקטועלע רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן פון דער פּאָליטישער ב אַ פ ר ײ א ו נ ג פון דער געזעלשאַפט דורך דעם, וואָס זיי זיינען זיך סוימעך אַף אַלגעמיינע עמעסן וועגן קאַמף אינעווייניק אין דער פּאָליטיש ב אַ פ ר ײ ט ע ר געזעלשאַפט.

נעמט דעם אויסדרוק: „די ענדגילטיקע ליקווידירונג פון דעם גאַנצן שטאַנדן-מאָנאַרכיסטישן רעזשים". אַף דער רוסישער שפּראַך הייסט די ענדגילטיקע ליקווידירונג פון דער מאָנאַרכיסטישער אָרדענונג — די גרינדונג פון אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק. נאָר אונזער גוטן מאַרטינאָוו און זיינע אנהענגער דוכט זיך אַזאַ אויסדרוק פאַר צו פּראָסט און קלאָר. זיי ווילן אומבאַדינגט „פאַרטיפן" און זאָגן עפּעס „קליגערס". באַקומען זיך לעכערלעכע קוועטשענישן אַף טיפזיניקייט, פון איין זייט. און פון דער אַנדער זייט באַקומט זיך אַנשטאָט אַ לאָזונג אַ באַשרייבונג, אַנשטאָט אַ מונטערן רוף צו גיין פאָרויס באַקומט

זיך עפּעס אַ מעלאַנכאָלישער בליק אַף צוריק. פאַר אונז זיינען ניט לעבעדיקע מענטשן, וועלכע ווילן אָט איצטער שוין, טייקעף קעמפן פאַר אַ רעפּובליק, נאָר עפּעס פאַרטריקנטע מומיעס, וועלכע באַטראַכטן sub specie aeternitatis*) אַ פראַגע פון שטאַנדפּונקט פון plusquamperfectum**).

לאָמיר גיין ווייטער: „...די צייטווייליקע רעגירונג... וואָלט אַף זיך גענומען די פאַרווירקלעכונג פון די אויפגאַבן פון דערדאָזיקער... בורזשואַזער רעוואָלוציע"... אָט דאָ האָט זיך גלייך אַרויסגעוויזן, אַז אונזערע „קאָנפערענטן" האָבן פאַרזעען אַ קאָנקרעטע פראַגע, וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר די פּאָליטישע אָנפירער פון דעם פּראָלעטאַריאַט. די קאָנקרעטע פראַגע וועגן דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג איז באַ זיי געבליבן אומבאַמערקט אַף זייער באַטראַכטונגס-פעלד איבער דער פראַגע וועגן יענער דריי צוקונפטיקע רעגירונגען, וועלכע וועלן פאַרווירקלעכן די אויפגאַבן פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע ביכלאַל. אויב איר ווילט באַטראַכטן די פראַגע „היסטאָריש", וועט אייך דאָס ביישפּיל פון וועלכן איר ווילט אייראָפּעאישן לאַנד באַווייזן, אַז גראָד אַ ריי רעגירונגען, גאָרניט קיין „צייטווייליקע", האָבן פאַרווירקלעכט די היסטאָרישע אויפגאַבן פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע; אַז אַפילע אַזעלכע רעגירונגען, וועלכע האָבן מענאַצייעך געווען די רעוואָלוציע, זיינען געצוואונגען געווען פונדעסטוועגן צו פאַרווירקלעכן די היסטאָרישע אויפגאַבן פון דער באַזיגטער רעוואָלוציע. נאָר אַ „צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג" רופט זיך גאָרניט דאָס, וועגן וואָס איר רעדט: אַזוי רופט זיך אָן אַ רעגירונג פון אַ רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע, וועלכע פאַרבייט אומיטלבאַר די אָראָפּגעוואָרפענע רעגירונג און וועלכע שטיצט זיך אַפן אויפשטאַנד פון פאָלק. אַ צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג איז אַן אָרגאַן פון קאַמף פאַר דעם טייקעפדיקן זיג פון דער רעוואָלוציע, פאַר דער טייקעפדיקער באַקעמפונג פון די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע פּרואוון, אָבער זי איז גאָר קיין אָרגאַן ניט פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון די היסטאָרישע אויפגאַבן פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע ביכלאַל. לאָמיר לאָזן, מיינע הערן, פאַר די קומענדיקע היסטאָריקער אין דער קומענדיקער „Русская Старина"***) צו באַשטימען, וואָס נעמלעך פאַר אַן אויפגאַבן פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע האָבן פאַרווירקלעכט מיר מיט אייך אָדער די אָדער יענע רעגירונג — דאָס וועט מען נאָך באַווייזן צו טאָן אויך אין 30 יאָר אַרום, און מיר דאַרפן איצט געבן לאָזונגען און פּראַקטישע אָנווייזונגען פאַרן קאַמף פאַר אַ רעפּובליק און פאַר דעם ענערגישסטן אָנטייל פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דעמדאָזיקן קאַמף.

צוליב די אָנגעוויזענע אורזאַכן זיינען ניט באַפרידיקנדיק אויך די לעצטע האַנאָכעס פון דעם פון אונז ציטירטן טייל פון דער רעזאָלוציע. זייער ניט גענלונגען אָדער, לעכאָלאַפּאָכעס, ניט געשיקט איז דער אויסדרוק, אַז די צייט-

*) אונטערן צייכן פון דער אייביקייט. איבערז.

**) לאַנג פאַרגאַנגענע צייט. איבערז.

***) אַ היסטאָרישער זשורנאַל, וועלכער איז דערשינען באַם אַלטן רעזשים. איבערז.

ווילקע רעגירונג וואָלט געדאַרפט „רעגולירן" דעם קעגנזייטיקן קאַמף צווישן די קעגנזעצלעכע קלאַסן: מאַרקסיסטן וואָלטן ניט געדאַרפט באַניצן אַזאַ לי־בעראַל-אַסוואָבאָזשדענישע פאָרמולירונג, וועלכע גיט אַ גרונט צו טראַכטן, אַז עס זיינען קלוימערשט מעגלעך רעגירונגען, וועלכע דינען ניט אַלס אָרגאַן פון קלאַסן-קאַמף, נאָר אַלס זיין „רעגולאַטאָר"... די רעגירונג וואָלט געדאַרפט „ניט נאָר באַוועגן פאָרויס די רעוואָלוציאָנערע אַנטוויקלונג, נאָר אויך קעמפן קעגן יענע זיינע פאַקטאָרן, וועלכע דראָען די יעסוידעס פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג". דערדאָזיקער „פאַקטאָר" איז גראַד דערזעלבער פּראָלעטאַריאַט, אין נאָמען פון וועלכן עס רעדט די רעזאָלוציע! אַנשטאָט אָנצואווייזן, ווי נעמלעך דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף אין געגעבענעם מאָמענט „באַוועגן פאָרויס די רע־וואָלוציאָנערע אַנטוויקלונג" (אַ רוק טאָן זי ווייטער, ווי עס וואָלט געוואָלט גיין די קאָנסטיטוציאָנאַליסטישע בורזשואַזיע), אָנשטאָט אָן אייצע צו גרייטן זיך אַף אַ באַשטימטן אופן צום קאַמף מיט דער בורזשואַזיע, ווען זי וועט זיך ווענדן קעגן די דעראָבערונגען פון דער רעוואָלוציע, — אַנשטאָט דעם גיט מען אונז אָן אַלגעמיינע באַשרייבונג פון אַ פּראָצעס, וועלכע זאָגט גאָרניט וועגן די אויפגאַבן פון אונזער טעטיקייט. דער אַרט, ווי אַזוי די נייַ-איסקריסטן דריקן אויס זייערע מיינונגען, דערמאָנט מאַרקס מיינונג, וועלכע ער האָט אַרויסגעזאָגט (אין זיינע באַרימטע „טעזיסן" וועגן פייערבאַכן) וועגן דעם אַלטן מאַטעריאַ-ליזם, וועלכער איז פרעמד דער אידייע פון דיאַלעקטיק. די פילאָזאָפן האָבן בלויז אויסגעטייטשט די וועלט אַף פאַרשיידענע אופאַנים, — האָט מאַרקס גע-זאָגט, — נאָר די זאַך באַשטייט אין דעם, אַז מע זאָל אומענדערן דידאָזיקע וועלט. אַזוי איז אויך די נייַ-איסקריסטן קענען נישקאָשעדיק באַשרייבן און דערקלערן דעם פּראָצעס פון קאַמף, וועלכער קומט פאָר באַ זיי פאַר די אויגן, נאָר זיי קענען אינגאַנצן ניט געבן קיין ריכטיקן לאָזונג אין דעמדאָזיקן קאַמף. מיט כיישעק מאַרשירנדיק, אָבער שלעכט אָנפירנדיק, דערנידעריקן זיי די מאַ-טעריאַליסטישע אויפפאַסונג פון דער געשיכטע דורך זייער איגנאָרירן די האַנד־לונגס-אָנפירונגס-און ריכטונגס-ראָלע, וועלכע עס קענען און דאַרפן שפּילן אין דער געשיכטע פּאַרטייען, וועלכע האָבן באַגריפן די מאַטעריעלע באַדינגונגען פון דער איבערקערעניש און וועלכע האָבן זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון די פאָרגעשריטענע קלאַסן.

## 5. ווי דאַרף מען „רוקן פאָרויס די רעוואָלוציע"?

מיר ברענגען דעם ווייטערדיקן אָפּטייל פון דער רעזאָלוציע:

„באַ אַזעלכע באַדינגונגען דאַרף די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע שטרעבן איינצוהאַלטן אויפן גאַנצן דויער פון דער רעוואָלוציע אַזאַ לאַגע, וועלכע זאָל איר אַמבעסטן באַוואָרענען די מעגלעכקייט צו באַוועגן די רעוואָלוציע פאָרויס, וועלכע זאָל איר ניט בינדן די הענט אין דעם קאַמף מיט דער אומקאָנסעק-

זענטער און אייגנגנוציקער פּאָליטיק פון די בורזשואַזע פּאַרטייען און זאָל זי פאַרהיטן פון אויפגעלייזט צו ווערן אין דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע.

„דעריבער דאַרף די סאָציאַל דעמאָקראַטיע ניט שטעלן זיך קיין ציל צו פאַרכאַפּן אָדער צעטיילן די מאַכט אין דער צייטווייליקער רעגירונג, נאָר זי דאַרף בלייבן אַלס די פּאַרטיי פון עקסטער רעוואָלוציאָנערער אָפּאָזיציע".

די אייצע צו פאַרנעמען א פּאָזיציע, וועלכע באַוואָרנט די מעגלעכקייט צו רוקן פאַרויס די רעוואָלוציע געפעלט אונז זייער און זייער. מיר וואָלטן נאָר געוואונשן, אַז כּוץ דערדאָזיקער גוטער אייצע זאָל נאָך זיין אויך א די-רעקטע אָנווייזונג, ווי דאַרף גראָד איצטער, באַ דער געגעבענער פּאָליטישער סיטואַציע, אין דער עפּאָכע פון פאַרשיידענע פּלוידערייען, האַשאַרעס, שמועסן און פּראָיעקטן וועגן צונויפרופן פאָלקס-פאַרשטייער, ווי דאַרף איצטער די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע באַוועגן פאַרויס די רעוואָלוציע. צי קען דען איצטער באַוועגן די רעוואָלוציע פאָרויס דער, וואָס פאַרשטייט ניט די געפאַר פון דער אָסוואָבאָזשדענישער טעאָריע פון א „פאַרשטענדיקונג" צווישן פאָלק און קיי-סער, דער, ווער עס רופט אָן פאַר א זיג בלויז דעם „באַשלוס" צונויפצורופן א גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, דער, וואָס שטעלט ניט אלס אויפגאַבע די אַקטיווע פּראָפּאַגאַנדע פון דער אידייע, אז ס'איז נויטווענדיק א צייטווייליקע רעוואָלו-ציאָנערע רעגירונג, דער, וואָס לאָזט אין שאָטן דעם לאָזונג פון א דעמאָקראַ-טישער רעפּובליק? אזעלכע מענטשן רוקן אין דערעמעסן די רעוואָ-לוציע צוריק, דערפאַר ווייל אין דער פּראַקטיש-פּאָליטישער הינ-זיכט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אַף דער הויך פון דער אָסוואָבאָזשדע-נישער פּאָזיציע. וואָס קומט אַרויס פון זייער אנערקענען די פּראָגראַם, וועלכע פאָדערט פאַרבייטן די זעלבסטהערשונג דורך א רעפּובליק, ווען אין דער טאַקטישער רעוואָלוציע, וועלכע באַשטימט די איצטיקע און די נאָענטסטע אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי אין רעוואָלוציאָנערן מאָמענט, פעלט דער לאָזונג פון קאַמף פאַר א רעפּובליק? גראָד די אָסוואָבאָזשדענישע פּאָזיציע, די פּאָ-זיציע פון דער קאָנסטיטוציאָנאַליסטישער בורזשואַזיע כאַראַקטעריזירט זיך איצטער פּאַקטיש דערמיט, וואָס דער באַשלוס צונויפצורופן אַן אַלפאָלקישע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג ווערט באַטראַכט אלס אַנטשיידענער זיג און וועגן אַ צייטווייליקער רעגירונג און וועגן א רעפּובליק ווערט פאַרנופטיק פאַרשוויגן! קעדיי צו רוקן די רעוואָלוציע פאָרויס, ד. ה. ווייטער פון דעם גרעניץ, ביז וועלכן עס רוקט זי די מאָנאַרכיסטישע בורזשואַזיע, דאַרף מען אַקטיוו אַרויסשטעלן, אונטערשטרייכן, אַרויסרוקן אַפן ערשטן פּלאַן די לאָזונגען, וועלכע שליסן אויס די „אומקאָנסעקווענטקייט" פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. אַזעלכע לאָזונגען זיינען באַ היינטיקן טאָג פאַראַן נאָר צוויי: 1) א צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג און 2) א רעפּובליק, דערפאַר ווייל דער לאזונג פון אַן אַלפאָלקישער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג איז אָנגענומען פון דער מאָנאַרכיסטישער בורזשואַזיע (זע די פּראָגראַם פונם פאַרבאַנד פון באַפרייאונג —אָסוואָבאָזשדעניע), איז אָנגענומען גראָד, קעדיי צו באַראַבעווען די רעוואָלו-ציע, קעדיי ניט צו דערלאָזן קיין פולן זיג פון דער רעוואָלוציע, צוליב א

הענדלערישער פשאָרע צווישן דער גרויסבורזשואַזיע מיטן צאַריזם. איז אָט זעען מיר, אַז די קאָנפערענץ האָט פון דידאָזיקע צוויי לאָזונגען, וועלכע זיינען נאָר אליין פעאיק צו רוקן די רעוואָ־וציע פאָרויס, איינעם, דעם לאָזונג פון רעפובליק, אינגאַנצן פאַרגעסן, און דעם אנדערן—דעם לאָזונג פון א צייטוויילִיקער, רעוואָלוציאָנע־ער רעגירונג האָט זי דירעקט צוגעגליכן צו דעם אסוואבאזשדענישן לאזונג פון אַן אַלפאָלקישער גרינדונגס-פאַרזאמלונג, אָנרופנדיק פאַר אַן „אנטשיידענעם זיג פון דער רעוואָלוציע” סאַי דאָס, סאַי יענץ ! !

יאָ, דאס איז א בליסאָפעדיקער פאַקט, וועלכער, מיר זיינען איבערצייגט, וועט דינען, אַלס איינער פון די וועג-אָנווייזער פאַר דעם קומענדיקן געשיכטע-שרייבער פון דער רוסלענדער סאציאַל-דעמאָקראַטיע. א קאָנפערענץ פון סאָצי.ל-דעמאָקראַטן אין מאי 1905 יאָר נעמט אָן א רעזאָלוציע, וועלכע רעדט גוטע ווערטער וועגן דער נויטיקייט צו רוקן פאָרויס די דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע און וועלכע רוקט זי אין דערעמעסן צוריק, וועלכע גייט ניט אין דער ווירקלעכקייט ווייטער פון די דעמאָקראטישע לאָזונגען פון דער מאָנאַרכיסטישער בורזשואַזיע.

די ניי-איסקריסטן האָבן ליב געוויינלעך אויפצואוואַרפן אונז, אַז מיר איגנאָרירן די געפאַר פון דעם, אז דער פראָלעטאריאט קען באָטל ווערן צווישן דער בורזשואזער דעמאקראַטיע. מיר וואָלטן וועלן אָנקוקן יענעם מענטשן, וועלכער וואָלט זיך גענומען דערוויין דעמדאָזיקן פאָרוואורף אַפן גרונט פונם טעקסט פון די רעזאָלוציעס, וועלכע זיינען אָנגענומען דורכן III־טן צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פ. מיר וועלן ענטפערן אונזערע אָפּאָנענטן: די סאָציאל-דעמאָקראטיע, וועלכע האַנדלט אַפּנבאָדן פון דער בורזשואזער געזעלשאַפט, קען ניט אנטייל נעמען אין דער פּאָליטיק, ניט גייענדיק אין דעם אָדער יענעם באַזונדערן פאַל באַנאַנד מיט דער בורזשואזער דעמאקראַטיע. דער אונטערשייד צווישן אונז מיט אייך איז דערביי דער, וואָס מיר גייען באַנאנד מיט דער רעוואָלוציאנערער און רעפּובליקאַנישער בורזשואזיע, ניט צוזאַמענגיסנדיק זיך מיט איר, און איר גייט באנאנד מיט דער ליבעראַלער און מאָנאַרכיסטישער בורזשואזיע, אויך ניט צונויפגיסנדיק זיך מיט איר. אָט ווי עס האַלט דער איניען.

אייערע טאַקטישע לאָזונגען, וועלכע זיינען געגעבן אין נאָמען פון דער קאָנפערענץ, פאַלן צוזאַמען מיט די לאָזונגען פון דער „קאָנסטיטוציאָנעל-דעמאָקראטישער” פאַרטיי, ד. ה. פון דער פאַרטיי פון דער מאָנאַרכיסטישער בורזשואזיע, דערביי האט איר ניט באַמערקט, ניט באַגריפן דידאָזיקע צוזאַמענפאלונג, אַרויסווייזנדיק זיך אַף אזא אויפן באַם עק פון די אסוואבאזשדענצעס.

אונזערע טאַקטישע לאָזונגען, וועלכע זיינען געגעבן אין נאָמען פון דעם III־טן צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פ., פאַלן צוזאַמען מיט די לאָזונגען פון דער דעמאָקראטיש-רעוואלוציאנערער און רעפּובליקאַנישער בורזשואזיע.

דערדאָזיקער מין בורזשואזיע און קליין-בורזשואזיע האָט נאָך ניט געבילדעט פאַר זיך קיין גרויסע פאָלקס-פאַרטיי אין רוסלאַנד *).

נאָר אין דער עקזיסטענץ פון אירע עלעמענטן קען צווייפלען נאָר יענער, וועלכער האט קיין באַגריף ניט וועגן דעם, וואָס עס קומט איצט פאָר אין רוסלאַנד. מיר דענקען אָנצופירן (אין פאַל פון א דערפאָלגרייכן גאַנג פון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע) ניט נאָר מיטן פראָלעטאריאט, וועלכער איז אָרגאניזירט דורך דער סאָציאַל-דעמאקראטישער פאָרטיי, נאָר אויך מיט דערדאָזיקער קליין-בורזשואזיע, וועלכע איז פעאיק צו גיין באַנאנד מיט אונז.

די קאָנפערענץ האט זיך מיט איר רעזאָלוציע אומבאַוואוסטזיניק אַראָפּגעלאָזן ביז דעם ניוואָ פון דער מאָנארכיסטישער און ליבעראַלער בורזשואַזיע. דער צוזאַמענפאָר פון דער פאַרטיי הויבט אויף באַוואוסטזיניק ביז זיין ניוואָ די עלעמענטן פון דער רעוואלוציאנערער דעמאָקראטיע, וועלכע זיינען פעאיק אָף קאַמף און ניט אַף מעקלעריי.

אזעלכע עלעמענטן זיינען מער פאַר אלץ צווישן דעם פויערטום. באַם פאַנאנדערטיילן גרויסע געזעלשאַפטלעכע גרופּן לויט זייערע פּאָליטישע טענדענצן קענען מיר, אָן א גרויסן פעלער, האַלטן פאַר אידענטיש די רעוואָלוציאָנערע און רעפּובליקאַנישע דעמאָקראַטיע מיט דער מאַסע פויערטום, — פאַרשטייט זיך, אין דעמזעלביקן זין, מיט דיזעלביקע טנאָים און באַדינגונגען, וועלכע מע דאַרף דערביי אין זינען האָבן, באַ וועלכע מע קען דעם אַרבעטער-קלאס אידענטיפיצירן מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע. מיר קענען, מיט אנדערע ווערטער, פאָרמולירן אונזערע אויספירן אויך אין פאָלגנדיקע אויסדריקן: די קאָנפערענץ לאָזט זיך אַראָפּ אומבאַוואוסטזיניק מיט אירע אלגעמיין-נאַציאָנאַלע *) פּאָליטישע לאָזונגען אין רעוואָלוציאָנערן מאָמענט ביז דעם ניוואָ פון דער מאַסע פּריצים. דער צוזאַמענפאָר פון דער פאַרטיי הויבט אויף מיט זיינע אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע פּאָליטישע לאָזונגען די פויערים-מאַסע ביז דער רעוואָלוציאָנערער הויך. יענעם, ווער עס וועט אונז באַשולדיקן פאַר דעמדאָזיקן אויספיר אין א שוואַכקייט צו פאַראַדאָקסן, ווען מיר מאַכן אַן ארויסרוף: זאָל ער אָפּלייקענען די האַנאָכע, אַז אויב מיר וועלן ניט זיין בעקויעך צו דערפירן די רעוואָלוציע ביזן סאָף, אויב די רעוואָלוציע וועט זיך פאַרענדיקן אַפן אָסוואָבאָזשדענישן אויפן מיט אַן „אנטשיידענעם זיג” בלויז אין דער פאָרם פון אַ פאַרטרעטונגס-פאַרזאַמלונג, וועלכע איז צוזאַמענגערופן פון קייסער און וועלכע וואָלט נאָר ווי כויזעק געקאָנט אָנגערופן ווערן פאר א גרינדונגס-

---

*) די „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן” זיינען גיכער א טעראָריסטיש-אינטעליגענטישע גרופּע, איידער דער קיום פון אזא פאַרטיי, כאָטש די אָביעקטיווע באַדייטונג פון דער טעטיקייט פון דערדאָזיקער גרופּע באַשטייט סאָפקאָלסאָף איז דער פאַרווירקלעכונג פון די אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציאָנערער און רעפּובליקאַנער בורזשואזיע. לעניס אָנמערקונג.

*) מיר ריידן ניט וועגן די ספּעציעלע פויערשע לאָזונגען, וועלכע עס זיינען געווידמעט באַזונדערע רעזאָלוציעס. לענינס אָנמערקונג.

פאַרזאַמלונג, — וועט דאָס דאַן זיין אַ רעוואָלוציע מיט דער איבערהאַנט פון דעם פּריצישן און גרויס-בורזשואַזן עלעמענט. פאַרקערט, אויב עס איז אונז באַשערט איבערצולעבן אַ ווירקלעך גרויסע רעוואָלוציע, אויב די געשיכטע וועט דאָס מאָל ניט דערלאָזן קיין „מאַפּל״, אויב מיר וועלן בעקויעך זיין צו דורכפירן די רעוואָלוציע ביזן סאָף, ביז אַן אנטשיידענעם זיג ניט אין דעם אסוואבאזשדענישן און ניט אין דעם ניי-איסקריסטישן זין פון וואָרט, דאַן וועט דאָס זיין אַ רעוואָלוציע מיט דער איבערהאַנט פון דעם פּויערשן און פּראָלעטאַרישן עלעמענט.

עס קען זיין, אַז אייניקע וועלן געפינען אין דעם, וואָס מיר דערלאָזן דעם געדאַנק וועגן אזא מין איבערהאַנט, אַז מיר זאָגן זיך אָפּ פון דער אי-בערצייגונג, אַז די קומענדיקע רעוואָלוציע האט אַ בורזשואזן כאַראַקטער? דאָס איז זייער מעגלעך בײַ יענעם מיסברויכן מיטן דאָזיקן באַגריף, וועלכן מיר זעען בײַ „איסקראַ״. דעריבער איז גאָרניט איבעריק אָפּצושטעלן זיך אויף דער דאָזיקער פראַגע.

## 6. פון וואַנען דראָט דעם פּראָלעטאַריאַט די געפאַר אַרויסצוּוויַיזן זיך מיט געבונדענע הענט אין דעם קאַמף מיט דער אומ-קאָנסעקווענטער בורזשואַזיע?

מאַרקסיסטן זיינען אומבאַדינגט איבערצייגט אין דעם בורזשואַזן כאַראַק-טער פון דער רוסישער רעוואָלוציע. וואָס באַדייט עס? דאָס באַדייט, אַז יע-נע דעמאָקראַטישע איבעראַנדערשונגען אין דער פּאָליטישער אָרדענונג און יענע סאָציאַל-עקאָנאָמישע איבעראַנדערשונגען, וועלכע זיינען געוואָרן פאַר רוסלאַנד אַ נויטווענדיקייט, — באַדייטן אַן און פאַר זיך ניט נאָר ניט קיין אונ-טערגראָבן פון דעם קאַפּיטאַליזם, קיין אונטערגראָבן פון דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, נאָר, פאַרקערט, זיי וועלן צום ערשטן מאָל אָפּרייניקן ווי עס דאַרף צו זיין דעם באָדן פאַר אַ ברייטער און שנעלער, אייראָפּעאישער און ניט אַזיאַטישער אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם, זיי וועלן צום ערשטן מאָל מאַכן פאַר מעגלעך די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, אַלס אַ קלאַס. די סאָ-ציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן קענען ניט פאַרשטיין דידאָזיקע אידייע דערפאַר, ווייל זיי ווייסן ניט דעם אַלעפבייס פון דער אַנטוויקלונג פון דער סכוירעדי-קער און קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, זיי זעען ניט, אַז אַפילו דער פול-קומער דערפאָלג פון אַ פּויערים-אויפשטאַנד, אַפילו דאָס איבערטיילן פון דער גאַנצער ערד אין די אינטערעסן פון פּויערטום און לויט זיין וואונש נאָך (די „שוואַרצע איבערטיילונג״ אָדער עטוואָס ענלעכעס) וועט גאָר ניט פאַרניכטן דעם קאַפּיטאַליזם, נאָר, פאַרקערט, דאָס וועט געבן אַ שטויס פאַרויס זיין אַנט-וויקלונג און וועט פאַרשנעלערן דעם קלאַסן-פאַנאַנדערפאַל פון דעם פּויערטום זעלבסט. דאָס ניט פאַרשטיין פון דער דאָזיקער גרונט-האַנאָכע מאַכט די סאָ-ציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן פאַר אומבאַוואוסטזיניקע אידעאָלאָגן פון דער קליין-

בורזשואַזיע. דאָס באַשטיין אַף דערדאָזיקער גרונט-האַנאָכע האָט פאַר דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג ניט נאָר אַ טעאָרעטישע, נאָר אויך אַ פּראַקטיש-פּאָליטישע, ווייל דערפון שטאַמט די אָבליגאַטאָרישקייט פון אַ פולער קלאַסן-זעלבשטענדיקייט פון דער פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט אין דער איצטיקער „אַלגעמיין-דעמאָקראַטישער" באַוועגונג.

אָבער דערפון דרינגט לאַכלוטן ניט אַרויס, אַז די דעמאָקראַטישע איבערקערעניש (אַ בורזשואַזע לויט איר געזעלשאַפטלעך-עקאָנאָמישן אינהאַלט) שטעלט ניט פאָר קיין קאָלאָסאַלן אינטערעס פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט. דערפון דרינגט לאַכלוטן ניט, אַז די דעמאָקראַטישע איבערקערעניש קען ניט פאָרקומען סאַי אין אַ פאָרם, וועלכע איז גינסטיק דער איקער פאַר דעם גרויס-קאַפּיטאַליסט, דעם פינאַנציעלן אדיר, פאַר דעם „אויפגעקלערטן" אַדלסמאַן, סאַי אין אַ פאָרם, וועלכע איז גינסטיק פאַרן פויער און פאַרן אַרבעטער.

די נײַ-איסקריסטן פאַרשטייען אין גרונט ניט ריכטיק דעם זין און די באַדייטונג פון דער קאַטעגאָריע: בורזשואַזע רעוואָלוציע. אין זייערע בקיעס שטעקט אַלע מאָל דער געדאַנק, אַז די בורזשואַזע רעוואָלוציע איז אַזאַ רעוואָלוציע, וועלכע קען געבן בלויז אַזעלכעס, וואָס עס איז גינסטיק פאַר דער בורזשואַזיע. אין דערעמעסן אָבער איז אַזאַ געדאַנק אין העכסטן גראַד פאַלש. די בורזשואַזע רעוואָלוציע איז אַ רעוואָלוציע, וועלכע גייט ניט אַרויס פון די גרעניצן פון דער בורזשואַזער, ד. ה. קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפטלעך-עקאָנאָמישער אָרדענונג. די בורזשואַזע רעוואָלוציע דריקט אויס די באַדערפענישן פון דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, ניט נאָר ניט פאַרניכטנדיק זיינע יעסוידעס, נאָר, פאַרקערט, פאַרברייטערנדיק און פאַרטיפערנדיק זיי. דידאָזיקע רעוואָלוציע דריקט דעריבער אויס די אינטערעסן ניט נאָר פון דעם אַרבעטערקלאַס, נאָר אויך פון דער גאַנצער בורזשואַזיע. אַזוי ווי די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע איבער דעם אַרבעטער-קלאַס איז אומפאַרמיידלעך באַם קאַפּיטאַליזם, קען מען מיט פולן רעכט זאָגן, אַז די בורזשואַזע רעוואָלוציע דריקט אויס די אינטערעסן ניט אַזוי פיל פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וויפל פון דער בורזשואַזיע. נאָר אינגאַנצן אומזיניק איז דער געדאַנק, אַז די בורזשואַזע רעוואָלוציע דריקט גאָר ניט אויס די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט. דערדאָזיקער אומזיניקער געדאַנק ברענגט אָדער צו דער אַלטפרענקישער פאָלקיסטישער טעאָריע, אַז די בורזשואַזע רעוואָלוציע ווידערשפּרעכט די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט, אַז מיר דאַרפן דעריבער ניט האָבן קיין בורזשואַזע פּאָליטישע פרייהייט. אָדער דערדאָזיקער געדאַנק ברענגט צו אַנאַרכיזם, וועלכער באַציט זיך נעגאַטיוו צו יעדן אָנטייל פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דער בורזשואַזער פּאָליטיק, אין דער בורזשואַזער רעוואָלוציע, אין בורזשואַזן פּאַרלאַמענט. טעאָרעטיש באַדייט דערדאָזיקער געדאַנק פאַרגעסן די אָלעפבייס-האַנאָכעס פון מאַרקסיזם וועגן דער אומפאַרמיידלעכקייט פון דער אנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אפן באָדן פון דער סכוירע-פּראָדוקציע. דער מאַרקסיזם לערנט, אז א געזעלשאפט, וועלכע איז געבויט אפן גרונט פון סכוירע-פּראָדוקציע און

וועלכע שטיט אין אויסטויש-פארקער מיט די ציוויליזירטע קאפיטאליסטישע נאציעס, טרעט אומפארמיידלעך אף א געוויסער שטופע פון אנטוויקלונג אויך אליין ארויף אפן וועג פון קאפיטאליזם. דער מארקסיזם האָט לאכלוטן צעריסן מיט די אומזיניקע פאנטאזיעס פון די פאָלקיסטן און אנארכיסטן, אז מע קען קלוימערשט אין רוסלאנד, לעמאָשל אויסמיידן די קאפיטאליסטישע אנטוויק-לונג, אז מע קען ארויסשפרינגען פון קאפיטאליזם אָדער אריבערשפרינגען אי-בער אים דורך א וועלכן ניט איז אויפן אויסער דעם קלאסן-קאמף, אפן באָדן און אין די גרעניצן פון דעמדאָזיקן קאפיטאליזם.

דידאָזיקע אלע האנאָכעס פון מארקסיזם זיינען דערוויזן און פאנאנדער-געקייט זייער אויספירלעך ווי ביכלאל, אזוי אויך ספעציעל בענוגייע רוסלאנד. פון דידאָזיקע האנאָכעס פאָלגט, אז עס איז רעאקציאָנער דער געדאנק צו זוכן א רעטונג פאר דעם ארבעטער-קלאס אין וואָס ניט איז אנדערש, אוי-סער דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון קאפיטאליזם. פאר דעם ארבעטער-קלאס איז אומבאדינגט גינסטיק די באזייטיקונג פון אלע רעשטן פון אלטן אָווער, וועלכע שטערן דער ברייטער, פרייער און שנעלער אנטוויקלונג פון קאפיטאליזם. די בורזשואזע רעוואָלוציע איז נעמלעך אזא איבערקערעניש, וועלכע פארניכטעט אלע רעשטן פון אלטן אוועך, די רעשטן פון לייב-אייגנ-טום (צו דידאָזיקע רעשטן געהערט ניט נאָר די זעלבסטהערשונג, נאָר אויך די מאָנארכיע), וועלכע באוואָרנט אמפולסטן די ברייטסטע, פרייסטע און שנעלסטע אנטוויקלונג פון קאפיטאליזם.

דעריבער איז די בורזשואזע רעוואָלוציע אין העכסטן גראד גינסטיק פאר דעם פראָלעטאריאט. די בורזשואזע רעוואָלוציע איז אומבאדינגט נויטיק אין די אינטערעסן פון דעם פראָלעטאריאט. וואָס פו-לער און אנטשלאָסענער, וואָס קאָנסעקווענטער עס וועט זיין די בורזשואזע רעוואָלוציע, אלס געזיכערטער וועט זיין דער קאמף פון דעם פראָלעטאריאט פארן סאָציאליזם. נאָר פאר מענטשן, וועלכע ווייסן ניט דעם אלעפבייס פון וויסנשאפטלעכן סאָציאליזם, קען זיך דערדאָזיקער אויספיר דוכטן פאר א נייעס אָדער מעשונעדיקן, פאר א פאראדאָקסאלן. און פון דעמדאָזיקן אויספיר פאָלגט, אגעוו, אויך די האנאָכע, אז אין א געוויסן זין איז די בורזשואזע רע-וואָלוציע גינסטיקער פארן פראָלעטאריאט, איידער פאר דער בורזשואזיע. נעמ-לעך אָט אין וועלכן זין עס איז אומצווייפלבאר דידאָזיקע האנאָכע: פאר דער בורזשואזיע איז באקוועם צו שטיצן זיך אף אייניקע רעשטן פון דעם אלטן אָווער קעגן דעם פראָלעטאריאט, לעמאָשל, אף דער מאָנארכיע. אף דער שטענ-דיקער ארמיי און ד. גל. פאר דער בורזשואזיע איז גינסטיק, אז די בורזשואזע רעוואָלוציע זאָל ניט צו אנטשיידן פארניכטן אלע רעשטן פון דעם אלטן אָווער, נאָר זי זאָל אייניקע פון זיי לאָזן, ד. ה. אז דידאָזיקע רעוואָלוציע זאָל ניט זיין קיין פולקום קאָנסעקוועונטע, זי זאָל ניט דערגיין ביזן סאָף, זי זאָל ניט זיין קיין אנטשלאָסענע און אומבאראכמאָנעסדיקע. דעמדאָזיקן געדאנק דריקן אָפט אויס די סאָציאל-דעמאָקראטן אף אביסל אן אנדער אויפן, זאָגנדיק, אז די בורזשואזיע פעלשט אין זיך זעלבסט, אז די בורזשואזיע וועט פאראטן די

פרייהייטס-זאַך, אַז די בורזשואַזיע איז ניט פעאיק אויף קאָנסעקווענטן דעמאָקרא-
טיזם. פאַר דער בורזשואַזיע איז גינסטיקער, אַז די נויטיקע איבעראַנדערשונ-
גען אין דער בורזשואַ-דעמאָקראַטישער ריכטונג זאָלן פאָרקומען לאַנגזאַמער,
בעהאַדראַגעדיקער, פאָרזיכטיקער, אומאַנטשלאָסענער, דורך רעפאָרמען און ניט
דורך אַ רעוואָלוציע; אַז די דאָזיקע איבעראַנדערשונגען זאָלן זיין וואָס פאָרזיכ-
טיקער בענוגייע צו די „געשעצטע" איינריכטונגען פון לייב-אייגנטום (ווי, לע-
מאָשל, די מאָנאַרכיע); אַז די דאָזיקע איבעראַנדערשונגען זאָלן וואָס ווייניקער
אַנטוויקלען די רעוואָלוציאָנערע זעלבסטעטיקייט, די איניציאַטיוו און די ענער-
גיע פון דעם פּאָשעטן המון, ד. ה. פון דעם פויערטום און באַזונדערס פון
די אַרבעטער, ווייל אין פאַרקערטן פאַל וועט די אַרבעטער לייכטער זיין, ווי
די פראַנצויזן זאָגן, „איבערלייגן דעם ביקס פון איין אַקסל אויפן צווייטן", ד. ה. צו
ווענדן קעגן דער בורזשואַזיע דאָסזעלבע געווער, מיט וועלכן זיי האָט פאַר-
זאָרגט די בורזשואַזע רעוואָלוציע, יענע פרייהייט, וועלכע זי וועט געבן, יענע
דעמאָקראַטישע איינריכטונגען, וועלכע וועלן אַנטשטיין אויפן באָדן, וואָס וועט
באַפרייט זיין פון לייב-אייגנטום.

פאַרקערט, פאַרן אַרבעטער-קלאַס איז גינסטיקער, אַז די נויטיקע אי-
בעראַנדערונגען אין דער בורזשואַ-דעמאָקראַטישער ריכטונג זאָלן פאָרקומען
ניט אויפן רעפאָרמאַטאָרישן, נאָר אויפן רעוואָלוציאָנערן אופן, ווייל דער רעפאָר-
מאַטאָרישער וועג איז אַ וועג פון פאַרשלעפּעניש, פון קרענקלעך-לאַנגזאַמען
אָפּשטאַרבן פון די פוילנדיקע טיילן פון פאָלקס-אָרגאַניזם. פון זייער פוילן
ליידט פריער פאַר אַלץ און מער פאַר אַלץ דער פראָלעטאַריאַט און דאָס פוי-
ערטום. דער רעוואָלוציאָנערער וועג איז דער וועג פון אַ שנעלער אָפּעראַציע,
וועלכע איז אַמווייניקסטן שמערצהאַפט פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט. דער וועג
פון דירעקטער באַזייטיקונג פון די פוילנדיקע טיילן, דער וועג פון קלענסטער
נאָכגעביקייט און פאָרזיכטיקייט בענוגייע צו דער מאָנאַרכיע און צו די ני-
דערטרעכטיקע, עקלהאַפטע, פוילע און לופט-פאַרסאַמענדיקע אַנשטאַלטן, וועל-
כע אַנטשפּרעכן דער מאָנאַרכיע.

אָט פאַרוואָס אונזער בורזשואַ-ליבעראַלע פּרעסע באַוויינט. ניט נאָר
צוליב צענזור-טעמים, ניט נאָר אויס מורא, די מעגלעכקייט פון אַ רעוואָ-
לוציאָנערן וועג. אָט פאַרוואָס זי האָט מורא פאַר אַ רעוואָלוציע, פאַרוואָס
זי שרעקט דעם קייסער מיט אַ רעוואָלוציע, פאַרוואָס זי זאָרגט דערפאַר, אַז עס
זאָל אויסגעמיטן ווערן די רעוואָלוציע, אָט פאַרוואָס זי בעטלט קנעכטיש און
דערנידעריקט זיך צוליב נישטיקע רעפאָרמען, אַלס יעסאָד פון דעם רעפאָר-
מאַטאָרישן וועג. אויף דעם דאָזיקן שטאַנדפונקט שטייען ניט נאָר די „Русские Ведомости", „Сын Отечества", „Наша Жизнь", „Наши Дни",
נאָר אויך די אומלעגאַלע, פרייע „Освобождение".

די לאַגע גופא פון דער בורזשואַזיע, אַלס קלאַס אין דער קאַפּיטאַליסטי-
שער געזעלשאַפט, רופט אַרויס אומפאַרמיידלעך איר אומקאָנסעקווענטקייט אין
דער דעמאָקראַטישער איבערקערעניש. די לאַגע גופא פונעם פּראָלעטאַריאַט, אַלס
אַ קלאַס, צווינגט אים צו זיין אַ קאָנסעקווענטער דעמאָקראַט. די בורזשואַזיע

קוקט זיך אום אף צוריק, מוירע האָבנדיק פאַרן דעמאָקראַטישן פראָגרעס, וועלכער דראָט מיט דער פאַרשטאַרקונג פון דעם פראָלעטאַריאַט. דער פראָלעטאַריאַט האָט ניט וואָס אָנצואווערן, אויסער די קייטן, געווינען וועט ער אָבער דורך דעמאָקראַטיזם די גאַנצע וועלט. דעריבער איז וואָס קאָנסעקווענטער די בורזשואַזע רעוואָלוציע איז אין אירע דעמאָקראַטישע איבעראַנדערשונגען, אלץ ווייניקער באַגרעניצט זי זיך מיט דעם, וואָס איז גינסטיק בלויז פאַר דער בורזשואַזיע. וואָס קאָנסעקווענטער די בורזשואַזע רעוואָלוציע איז, אַלץ מער באַוואָרנט זי די אינטערעסן פון דעם פראָלעטאַריאַט און פון דעם פויערטום אין דער דעמאָקראַטישער איבערקערעניש.

דער מאַרקסיזם לערנט דעם פראָלעטאַריער ניט צו באַזייטיקן זיך פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע, ניט גלייכגילטיק באַציִען זיך צו איר, ניט איבערלאָזן די אָנפירונג מיט איר דער בורזשואַזיע, נאָר, פאַרקערט, אַפן ענערגישסטן אויפן אנטייל נעמען אין איר, אַפן אַנטשיידנסטן אויפן קעמפן פאַר אַ קאָנסעקווענטן, פראָלעטאַרישן דעמאָקראַטיזם, פאַר דערפירן די רעוואָלוציע ביזן סאָף. מיר קענען ניט אַרויסשפּרינגען פון די בורזשואַז-דעמאָקראַטישע ראַמען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, נאָר מיר קענען אין אַ קאָלאָסאַלער מאָס פאַרברייטערן די דאָזיקע ראַמען, מיר קענען און דאַרפן אין די גרעניצן פון די דאָזיקע ראַמען קעמפן פאַר די אינטערעסן פון דעם פראָלעטאַריאַט, פאַר זיינע אומיטלבאַרע נויטן און פאַר די באַדינגונגען פון צוגרייטן זיינע קרעפטן צו דעם קומענדיקן פולקומען ניצחון. עס איז דאָ אַ בורזשואַזע דעמאָקראַטיע און אַ בורזשואַזע דעמאָקראַטיע. סאַי דער זעמעץ — דער מאָנאַרכיסט, דער אָנהענגער פון אַן אויבערשטער פּאַלאַטע, וועלכער „בעט אויס" אַלגעמיינע וואַל-רעכט, און וועלכער שליסט שטילינקערהייט, בעסאָד אַ פשרה מיטן צאַריזם וועגן אַ קיצער-קאָנסטיטוציע, איז אַ בורזשואַזער דעמאָקראַט. סאַי דער פויער, וועלכער גייט מיט געווער אין די הענט קעגן די פריצים און באַאמטע, וועלכער לייגט פאָר „נאאיוו-רעפּובליקאַניש" צו „פאַרטרייבן דעם קייסער" *), איז אויך אַ בורזשואַזער דעמאָקראַט. בורזשואַז-דעמאָקראַטישע אָרדענונגען זיינען דאָ אַזעלכע, ווי אין דייטשלאַנד, און אַזעלכע, ווי אין ענגלאַנד; אַזעלכע, ווי אין עסטרייך, און אַזעלכע, ווי אין אַמעריקע אָדער אין דער שווייץ. אַ שיינער מאַרקסיסט וואָלט געווען יענער, וועער עס וואָלט אין דער עפּאָכע פון דער דעמאָקראַטישער איבערקערעניש פאַרזעען די נאַפקעמינע צווישן די גראַדן פון דעמאָקראַטיזם און צווישן די פאַרשיידענע כאַראַקטערן פון דער אָדער יענער פאָרם זיינער, וועער עס וואָלט זיך באַגרעניצט נאָר מיט „כאָכמענען זיך" וועגן דעם, אַז דאָס איז דאָך פאָרט אַ „בורזשואַזע רעוואָלוציע", פּרוכטן פון דער „בורזשואַזער רעוואָלוציע".

אָבער גראָד אַזעלכע כאַכאָמים, וועלכע האַלטן זיך גרויס מיט זייער קורצזיכטיקייט, זיינען דאָך אונזערע נייַ-איסקריסטן. זיי באַגרעניצן זיך מיט קירעס וועגן בורזשואַזן כאַראַקטער פון דער רעוואָלוציע גראָד דאָרט און דאַן,

*) זע „אָסוואָבאָזשדעניע" נומ. 71, זייטל 337, באַמ. 2. לענינס אָנמערקונג.

וואו מע דאַרף מאַכן אַן אונטערשייד צווישן דער רעפּובליקאַניש-רעוואָלוציאָ-נערער און דער מאָנאַרכיסטיש-ליבעראַלער בורזשואזער דעמאָקראַטיע, ניט ריידנדיק שוין וועגן דער נאָפּקעמינע צווישן דעם אומקאָנסעקווענטן בורזשואזן און דעם קאָנסעקווענטן פּראָלעטאַרישן דעמאָקראַטיזם. זיי באַנוגענען זיך, — פּונקט ווי זיי וואָלטן בעעמעס געוואָרן „מענטשן אין אַ שיידל“, — מיט מע-לאַנכאָלישע דיבורים וועגן „פּראָצעס פון קעגנזייטיקן קאַמף פון קעגנזעצלע-כע קלאַסן“, דאַן ווען עס האַנדלט זיך וועגן געבן אַ דעמאָקראַטישע אָנ-פירונג אין דער איצטיקער רעוואָלוציע, וועגן אונטערשטרייכן די פּאָרגע-שריטענע דעמאָקראַטישע לאָזונגען לעהייפּעך צו די פּאַרעטערישע לאָ-זונגען פון דעם ה׳ סטרואווע און קאָמפּ., ווען עס האַנדלט זיך וועגן אָנווייזן דירעקט און שאַרף די נאָענטסטע אויפגאַבן פון דעם ווירקלעך רעוואָלוציאָנערן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום לעהייפּעך פון דער ליבעראַלער מעק-לערייי פון די פּריצים און פאַבריקאַנטן. אין דעם באַשטייט איצט דער טאָך פון דער פראַגע, וועלכע איר האָט פאַרשלאָפן, מיינע הערן: אין דעם, צי וועט זיך אונזער רעוואָלוציע פאַרענדיקן מיט אַ ווירקלעך גראַנדיעזן זיג אָדער מיט אַ נעבעכדיקער פּשאָרע, צי וועט זי דערגיין ביז דער רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַ-טישער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום אָדער זי וועט „אויסגיין מיט די קויכעס“ אָף דער ליבעראַל-שיפּאווישער קאָנסטיטוציע!

אָפן ערשטן בליק קען זיך דוכטן, אַז, שטעלנדיק אַזוי די פּראַגע, ווענדן מיר זיך אָפּ אין אַ זייט פון אונזער טמע. נאָר אַזוי קען זיך עס נאָר דוכטן אָפן ערשטן בליק. אין דערעמעסן איז גראָד אין דערדאָזיקער פּראַגע ליגט דער שוירעש פון יענע פּרינציפּיעלע כעלוקע-דייעס, וועלכע זיינען בוילעט ארויס-געטראָטן שוין איצט צווישן דער טאַקטיק פון III-טן צוזאַמענ:פאָר פון דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי און דער טאַקטיק, וועלכע איז איינגעשטעלט אָף דער קאָנפערענץ פון די נייי-איסקריסטן. זיי, די נייי-איסקריסטן, האָבן שוין געמאַכט איצטער ניט צוויי, נאָר דריי טריט צוריק, אויפלעבנדיק די פעלערן פון עקאָנאָמיזם באַם באַשליסן אַסאַך מער פאַרוויקל-טערע, מער וויכטיקערע און מער לעבנס-פראַגן פאַרן פּראָלעטאַריאַט, די פראַגן פון טאַקטיק אין דעם מאָמענט פון רעוואָלוציע. אָט פאַרוואָס מיר מוזן זיך אָפּשטעלן מיט אונזער גאַנצער אויפמערקזאַמקייט אָף דער אויספירלעכער באַ-האַנדלונג פון דער אַוועקגעשטעלטער פּראַגע.

אין דעם אויבן ציטירטן טייל פון דער נייי-איסקריסטישער רעזאָלוציע אנט-האַלט זיך אַן אָנווייזונג אָף דער געפאַר פון דעם, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַ-טיע זאָל זיך ניט בינדן די הענט אין דעם קאַמף מיט דער ניט קאָנסעקווענ-טער פּאָליטיק פון דער בורזשואזיע, אַז זי זאָל זיך ניט אויפלייזן אין דער בורזשואזער דעמאָקראַטיע. דערדאָזיקער געדאַנק גייט דורך ווי אַ רויטער פאָ-דים איבער דער גאַנצער ספּעציפיש-נייי-איסקריסטישער ליטעראַטור, דערדאָזי-קער געדאַנק איז דער עמעסער הויפּט-מאָמענט פון דער גאַנצער פּרינציפּיע-לער פּאָזיציע אין אונזער פּאַרטיי-שפּאַלטונג (פון דאַן אָן, ווי די עלעמענטן פון צאַנקערייי אין דערדאָזיקער שפּאַלטונג זיינען אוועק אינגאַנצן אָפן הינטער-

גרונט פאַר די עלעמענטן פון ווענדונג צום עקאָנאָמיזם). און מיר דערקלערן
גאַנץ אָפן, אַז דידאָזיקע געפאַר עקזיסטירט ווירקלעך, אַז גראָד איצטער, אין
ברען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, איז דידאָזיקע געפאַר געוואָרן באַזונדערס
ערנסט. אַף אונז אַלעמען, טעאָרעטיקער אָדער — וועגן זיך וואָלט איך בע-
סער געזאָגט — פובליציסטן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, לייגט זיך זייער
אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע פאַנאַנדערצוקלייבן, פון וועלכער זייט
דראָט אונז אין דערעמעסן דידאָזיקע געפאַר, ווייל דער קוואַל פון אונזערע
כעלוקע דייעס ליגט ניט אין דעם שטרייט וועגן דעם, צי עקזיסטירט אַזאַ מין
געפאַר, נאָר אין דעם שטרייט וועגן דעם, צי רופט אַרויס דידאָזיקע געפאַר
דער אַזוי גערופענער עקיזם פון דער „מינדערהייט" אָדער דער אַזוי גערופע-
נער רעוואָלוציאָניזם פון דער „מערהייט".

קעדיי צו באַזייטיקן יערע פאַלשע אויסטייטשונגען און מיספאַרשטענדע-
נישן, וועלן מיר באַמערקן, קוידעמקאָל, אַז די געפאַר. וועגן וועלכער מיר
ריידן, ליגט ניט אין דער סוביעקטיווער, נאָר אין דער אָביעקטיווער זייט פון
דער זאַך, ניט אין דער פאָרמעלער פאָזיציע. וועלכע עס וועט פאַרנעמען די
סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין קאַמף, נאָר אין דעם מאַטעריעלן אויסגאַנג פון דעם
גאַנצן איצטיקן רעוואָלוציאָנערן קאַמף. ניט אין דעם באַשטייט די פראַגע, צי
וועלן די אָדער יענע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע גרופעס וועלן אויפגעלייזט ווערן
אין דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, צי פאַרשטייען זיי, אַז זיי ווערן אויפגע-
לייזט, — וועגן דעם רעדט זיך גאַר ניט. מיר זיינען ניט כוישעד, אַז באַ וועמען
ניט איז פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן זאָל זיין אַזאַ וואונש, און ניט אין
דעם וואונש האַנדלט זיך עס דאָ. אויך ניט אין דעם באַשטייט דאָ די פראַגע,
צי וועלן איינהיטן די אָדער יענע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע גרופעס זייער פאַר-
מעלע זעלבשטענדיקייט, באַזונדערקייט, אומאָפּהענגיקייט פון דער בורזשו-
אַזער דעמאָקראַטיע אינם לויף פון דער גאַנצער רעוואָלוציע. זיי קענען ניט
נאָר דערקלערן וועגן דערדאָזיקער „זעלבשטענדיקייט", נאָר אויך איינהיטן זי
פאָרמעל, און דאָך קען די זאַך אַרויסקומען אַזוי, אַז באַ זיי וועלן
זיך אַרויסווייזן געבונדענע הענט אין דעם קאַמף מיט דער אומקאָנסעקווענטער
בורזשואַזיע. דער ענדגילטיקער פּאָליטישער כאַכאַקל פון דער רעוואָלוציע קען
זיך אַרויסווייזן אַזאַ, אַז ניט קוקנדיק אַף דער פאָרמעלער „זעלבשטענדי-
קייט", ניט קוקנדיק אַף דער פולער אָרגאַניזאַציאָנעלער, פּאַרטייאישער באַ-
זונדערקייט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וועט זי זיך אַרויסווייזן ניט בע-
קויעך אַרויפצולייגן אַף דעם גאַנג פון די געשעענישן דעם שטעמפּל פון איר
פּראָלעטאַרישער זעלבשטענדיקייט. וועט זי זיך אַרויסווייזן אַף אַזוי פיל שוואַך,
אַז אין גרויסן און גאַנצן, אין לעצטן כעשבן, באַ דעם ענדגילטיקן סאַכאַקל,
וועט איר „אויפגעלייזטקייט" אין דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע דאָך זיין אַ
היסטאָרישער פאַקט.

אָט אין וואָס עס באַשטייט די ווירקלעכע געפאַר. און איצט לאָמיר אַ
קוק טאָן, פון וועלכער זייט דראָט זי: צי פון דער אָפּנייגונג פון דער סאָ-
ציאַל-דעמאָקראַטיע אַף רעכטס אין דער פערזאָן פון דער נייער „איסקראַ", ווי

מיר רעכענען, אָדער פון איר אָפּנייגונג אַף לינקס, אין דער פּערזאָן פון דער „מערהייט", „וופּעריאָד" און א. וו., ווי עס רעכענען די ניי-איסקריסטן.

די לייזונג פון דערדאָזיקער פראַגע ווערט באַשטימט, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, דורך דער אָביעקטיווער קאָמבינירונג פון דער האַנדלונג פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע קויכעס. דער כאַראַקטער פון דידאָזיקע קויכעס איז טעאָרעטיש באַשטימט דורך דעם מאַרקסיסטישן אַנאַליז פון דער רוסישער ווירקלעכקייט, און איצטער ווערט ער באַשטימט פּראַקטיש דורך דער אָפּענער אַרויסטרעטונג פון גרופּעס און קלאַסן אין דעם פּראָצעס פון דער רעוואָלוציע. איז אָט דער גאַנצער טעאָרעטישער אַנאַליז, וועלכער איז געמאַכט געוואָרן דורך די מאַרקסיסטן נאָך לאַנג פאַר דער עפּאָכע, וועלכע מיר לעבן איצט איבער, און די אַלע פּראַקטישע באַאָבאַכטונגען איבער דער אַנטוויקלונג פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן באַווייזן אונז, אַז עס איז מעגלעך, פון שטאַנדפּונקט פון די אָביעקטיווע באַדינגונגען, אַ צווייערלייעדיקער גאַנג און אויסגאַנג פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. די איבעראַנדערשונג פון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אָרדענונג פון רוסלאַנד אין דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער ריכטונג איז אומפאַרמיידלעך און אומבאַזייטבאַריק. עס איז ניטאָ אַזאַ קראַפט אַף דער ערד, וועלכע זאָל בעקוועם זיין צו שטערן דערדאָזיקער איבעראַנדערשונג. אָבער פון דער קאָמבינאַציע פון דער ווירקונג פון פאַרשיידענע קויכעס, וועלכע שאַפן דידאָזיקע איבעראַנדערשונג, קען זיך באַקומען א צווייערלייעדיקער רעזולטאַט אָדער אַ צווייערלייעדיקע פאָרם פון דערדאָזיקער איבעראַנדערשונג. איינס פון די ביידע: 1) אָדער די זאַך וועט זיך ענדיקן מיט אַן „אַנטשיידענעם זיג פון דער רעוואָלוציע איבער דעם צאַריזם" אָדער 2) פאַר אַן אַנטשיידענעם זיג וועט ניט קלעקן קיין קויכעס, און די זאַך וועט זיך ענדיקן מיט אַ פּשרה צווישן דעם צאַריזם מיט די אַמערסטן „אומקאָנסעקווענטע" און די אַמערסטן „אייגנוציקע" עלעמענטן פון דער בורזשואַזיע. די גאַנצע אומענדלעכע פאַרשיידנאַרטיקייט פון פּראָטים און קאָמבינאַציעס, וועלכע קיינער איז ניט אימשטאַנד פאָרויסצוזען, ווערט סאָ-קאָלסאָף געבראַכט, אין אַלגעמיין און אין גאַנצן, דאַפקע צו דעם אָדער צו יענעם פון דידאָזיקע צוויי אויסגאַנגען.

לאָמיר איצט באַטראַכטן דידאָזיקע אויסגאַנגען, ערשטנס, פון דעם שטאַנדפּונקט פון זייער סאָציאַלער באַדייטונג און, צווייטנס, פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער לאַגע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע (איר „אויפלייזונג" אָדער „געבונדנקייט פון די הענט") בא דעם אָדער יענעם אויסגאַנג.

וואָס איז אַזוינס אַן „אַנטשיידענער זיג פון דער רעוואָלוציע איבער דעם צאַריזם"? מיר האָבן שוין געזען, אַז די ניי-איסקריסטן, באַנוצנדיק דעמדאָזיקן אויסדרוק, פאַרשטייען אים ניט אפילו אין זיין נאָענטסטער פּאָליטישער באַדייטונג. נאָך ווייניקער קען מען באַמערקן בא זיי דאָס פאַרשטיין פון קלאַסן-אינהאַלט פון דעמדאָזיקן באַגריף. מיר, מאַרקסיסטן, דאַרפן זיך דאָך בשום אופן ניט לאָזן פאַרפירן פון די ווערטער: „רעוואָלוציע" אָדער „די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע", ווי עס לאָזן זיך דורך זיי פאַרפירן איצטער

אסאַך רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטן (ווי, לעמאָשל. גאַפּאָן). מיר דאַרפן זיך אָפּגעבן אַ גענויען כעשבן אין דעם, וואָס זשע פאַר א רעאלע געזעלשאַפט־לעכע קרעפטן שטייען אַנטקעגן דעם „צאַריזם" (דאָס איז אַ פּולקום רעאַלע און פאַר אלעמען א פולקום פאַרשטענדלעכע קראַפט), וועלכע זאָלן בעקויעך זיין אָפּצוהאַלטן אן „אַנטשיידענעם זיג" איבער אים. אַזא קראַפט קען ניט זיין די גרויס־בורזשואַזיע, די פּריצים, די פאַבריקאנטן, די „געזעלשאפט", וועלכע גייט נאָך די אָסוואָבאָזשדענצעס. מיר זעען, אז זיי ווילן גאָר אַפילע ניט קיין אנטשיידענעם זיג. מיר ווייסן, אַז זיי זיינען ניט פעאיק, לויט זייער קלאַסן־לאַגע, אף אן אַנטשיידענעם קאַמף מיטן צאַריזם: אַ צו שווערע קלאָץ אף די פיס איז דאָס פּריוואט־אייגנטום, דער קאַפּיטאַל, די ערד, אז מע זאָל גיין אף אן אנטשיידענעם קאמף. צו נויטיק איז פאר זיי דער צאַריזם, מיט זיינע פּאָליצייאיש־ביוראָקראטישע און מיליטערישע קרעפטן קעגן דעם פּראָלעטאריאַט און פּויערטום, אַז זיי זאָלן קענען שטרעבן צו דער פאַרניכטונג פון דעם צאַריזם. ניין, אַ קראַפט, וועלכע איז פעאיק אָפּצוהאלטן אן „אַנטשיידענעם זיג איבער דעם צאַריזם" קען זיין בלויז דאָס פּאָלק, ד. ה. דער פּראָלעטאַריאט און דאָס פּויערטום, אויב מע זאל נעמען די גרויסע, די הויפּט־קויכעס, פאנאַנדערטיילנדיק די דאָרפישע און שטאָטישע קליין־בורזשואַזיע (אויך „דאָס פּאָלק") צווישן די און יענע. אַן „אַנטשיידענער זיג פון דער רעוואָלוציע איבער דעם צאַריזם" איז די רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראטישע דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום. פון דעמדאָזיקן אויס־פיר, וועלכער איז שוין לאַנג אָנגעוויזן פון „וופּעריאָד", וועלן ערגעץ ניט אוועקגיין די נייע־איסקריסטן. מער קען קיינער ניט אָפּהאַלטן קיין אנטשיידענעם זיג איבער דעם צאריזם.

און אזאַ זיג וועט זיין דאפקע אַ דיקטאַטור, ד. ה. ער וועט זיך אומ־פאַרמיידלעך דאַרפן אָנשפּאַרן אף מיליטערישער קראַפט, אף די באַוואָפנטע מאַסן, אַפן אויפשטאַנד, און ניט אף די אדער יענע „לעגאַלע" איינריכטונגען, וועלכע זיינען געשאַפן אַפן „פרידלעכן אויפן". דאָס קען זיין נאָר אַ דיקטאַ־טור, דערפאר ווייל די פאַרווירקלעכונג פון די אומבילדונגען, וועלכע זיינען טייקעף און אומבאדינגט נויטיק פאַרן פּראָלעטאַריאט און פאַר דעם פּויערטום, וועט ארויסרופן אַ שרעקלעכן ווידערשטאַנד סאַי פון די פּריצים, סאַי פון די גרויס בורזשואַ, סאי פון דעם צאַריזם. אָן א דיקטאטור איז אומעגלעך צו צעברעכן דעמדאָזיקן ווידערשטאַנד, צו צוריקוואַרפן די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע פּרואווו. נאָר דאָס וועט זיין, פארשטייט זיך, ניט קיין סאָציאליסטישע, נאָר א דעמאָקראטישע דיקטאַטור. זי וועט ניט קענען אָנרירן (אָן א גאַנצער ריי צווישן־שטופן פון דער רעוואָלוציאָנערער אַנטוויקלונג) די יעסוידעס פון קא־פּיטאליזם. זי וועט קענען, אין בעסטן פאל, אַריינברענגען אַ גרינדלעכע אי־בערטיילונג פון דעם לאַנד־באַזיץ צו גונסטן פון דעם פּויערטום, דורכפירן א קאנסעקווענטן און פולן דעמאָקראטיזם ביז אַ רעפּובליק, אַרויסרייסן מיטן וואָרצל אַלע אַזיאַטישע קנעכט־שטריכן ניט נאָר פון דעם דאָרפישן, נאָר אויך פון דעם פאבריק־לעבן, מאַכן אַן אָנהויב פון אן ערנסטער פארבעסערונג פון דער אר־

בעטער-לאגע און פון אויפהויבן זייער לעבנס-ניוואָ; ענדלעך last but not least*) — איבערטראָגן די רעוואָלוציאָנערע סרייפע אין אייראָפּע. אזאַ זיג וועט נאָך ניט מאכן פון אונזער בורזשואזער רעוואלוציע קיין סאָציאליסטישע רעוואָלוציע; די דעמאָקראטישע איבערקערעניש וועט ניט אַרויסגיין אומיטלבאַר פון די ראמען פון די בורזשואַזע געזעלשאַפטלעך-עקאנאמישע באַציאונגען; נאָר דאָך וועט די באַדייטונג פון אַזא זיג זיין א קאָלאָסאלע פאַר דער צוקונפטיקער אַנטוויקלונג סאַי פון רוסלאַנד, סאַי פון דער גאַנצער וועלט. קיין זאך וועט ניט אויפהויבן ביז אזא גראד די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פון דעם אלוועלטלעכן פראלעטאריאט, קיין זאַך וועט ניט פאַרקירצן אַזוי שטארק די וועגן, וועלכע פירן צו זיין פולשטענדיקן זיג, ווי דערדאָזיקער אַנטשיידענער זיג פון דער רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין רוסלאַנד.

אף וויפיל אַזא זיג איז וואַרשיינלעך — דאס איז אַן אַנדער פראגע. מיר זיינען גאָר ניט גענויגט צו אַ זינלאָזן אָפּטימיזם אין דערדאָזיקער הינזיכט. מיר פאַרגעסן גאָר ניט וועגן דער קאָלאָסאַלער שווערקייט פון דערדאזיקער אויפגאַבע, נאָר, גייענדיק אין קאַמף, דאַרפן מיר וועלן דעם זיג און קענען אָנווייזן דעםווירקלעכן וועג צו אים. טענדענצן, וועלכע זיינען פעאיק צו ברענגען צו אזא זיג, זיינען בליסאָפעק דאָ. עמעס, אונזער, סאָציאל-דעמאָקראטישע, ווירקונג אף די מאסן פון דעם פראָלעטאַריאט איז נאָך זייער און זייער ניט גענוגנד; דער רעוואָלוציאָנערער איינפלוס אַף די מאַסן פון דעם פויערטום איז איינגאַנצן נישטיק; די פאַנאַנדערגעוואָרפנקייט, די ניטאַנטוויקלטקייט, די פינסטערקייט פון דעם פראָלעטאַריאט און באַזונדערס פון דעם פויערטום איז נאָך שרעקלעך גרויס. נאָר די רעוואָלוציע פאַרייניקט שנעל און קלערט שנעל אויף. יעדער שריט אין איר אַנטוויקלונג וועקט אויף די מאסע און מיט אַן אומאויפהאלטלעכן קויעך ציט זי זי צו גראד אַף דער זייט פון דער רעוואָלוציאָנערער פראָגראם, אלס די איינציקע פראָגראם, וואָס דריקט אויס קאָנסעקווענט און גאַנץ אירע ווירקלעכע, בלוטיקע אינטערעסן.

דאָס געזעץ פון מעכאַניק זאָגט, אַז די ווירקונג איז גלייך דער קעגנווירקונג. אין דער געשיכטע הענגט די צעשטערונגס-קראַפט פון דער רעוואָלוציע אויך ניט אין אַ קליינער מאָס אָפּ פון דעם, אַף וויפל שטאַרק און דויערנדיק עס איז געווען די דערשטיקונג פון דער שטרעבונג צו פרייהייט, אַף וויפל טיף עס איז דער ווידערשפרוך צווישן דעם פאַרמאַבלדיקן „איבערבוי" און די לעבעדיקע קויכעס פון היינטיקער עפּאָכע. אויך די צווישנפעלקערלעכע פּאָליטישע סיטואַציע ווערט געשאַפן אין אַסאַך הינזיכטן ווי מע דאַרף ניט גינסטיקער פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע. דער אויפשטאַנד פון די אַרבעטער און פויערים האט זיך שוין אָנגעהויבן; ער איז צעבּרעקלט, סטיכייאיש, שוואַך, נאָר ער באַווייזט אומבאַשטרייטבאַר און אומבאַדינגט, אַז עס זיינען דאָ קויכעס, וועלכע זיינען פעאיק צף אַן אַנטשיידענעם קאַמף און וועלכע גייען צו אַן אַנטשיידענעם זיג. ווען דידאָזיקע קויכעס ניט גענוג זיין, דאַן וועט דער צאַריזם

*) דאס לעצטע לויט דער אָרדענונג, אבער ניט לויט דער וויכטיקייט. לענינס אנמערקונג.

באַוויזן צו שליסן אַ פּשאָרע, וועלכע עס גרייטן שוין אויך פון צוויי עקן אי די הערן בוליגינס, אי די הערן סטרואוועס. דאַן וועט זיך די זאַך ענדיקן מיט אַ קיצער-קאָנסטיטוציע אָדער אפילו, אין ערגסטן פאַל — מיט אַ פּאַראָדיע אַף אַ קאָנסטיטוציע. דאָס וועט אויך זיין אַ „בורזשואַזע רעוואָלוציע", נאָר אַ מאַפּל, אַ ניט דערטראָגן קינד, אַן אַנדרויגענעס. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע מאַכט זיך ניט קיין אילוזיעס, זי קען די פאַרעטערישע נאַטור פון דער בורזשואַזיע, זי וועט ניט פאַרלירן דעם מוט און זי וועט ניט וואַרפן איר האַרטנעקיקע, געדולדיקע און אויסגעהאַלטענע אַרבעט איבער דער קלאַסן-דערציאונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַפילו אין די גראָע וואָכן-טעג פון דעם בורזשואַז-קאָנסטיטוציאָנעלן, „שיפּאָווישן" וואַרלטאַג. אזאַ סאָף וואָלט געווען מער אָדער ווייניקער ענלעך אַפן סאָף פון קימאַט אַלע דעמאָקראַטישע רעוואָלוציעס פון אייראָפּע אין פאַרלויף פון XIX יאָרהונדערט, און אונזער פּאַרטייאישע אַנטוויקלונג וואָלט אַוועק אַף אַ שווערע, לאַנגע, נאָר באַקאַנטע און אויסגעטראָטענע סטעזשקע.

פרעגט זיך איצט, באַ וועלכן פון די צוויי מעגלעכע אויסגאַנגען וועט זיך די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַרויסווייזן פּאַקטיש מיט געבונדענע הענט קעגן דער אומקאָנסעקווענטער און אייגננוציקער בורזשואַזיע? וועט זי זיך אַרויסווייזן פּאַקטיש אַן אויפגעלייזטע, אָדער קימאַט אַן אויפגעלייזטע אין דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע?

עס איז גענוג קלאָר אַוועקצושטעלן דידאָזיקע פראגע, אז מע זאָל אָן קיין שום שוועריקייטן גלייך ענטפערן אַף איר.

וועט זיך דער בורזשואַזיע איינגעבן אַראָפּצורייסן די רוסישע רעוואָלוציע דורך אַ פשאָרע מיטן צאַריזם, — דאַן וועלן זיך באַ דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ארויסווייזן די הענט טאקע געבונדן קעגן דער אומקאָנסעקווענטער בורזשואַזיע, דאַן וועט זיך די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אפויסווייזן אויפגעלייזט „אין דער בורזשואזער דעמאָקראַטיע" אין דעם זין, וואָס דעם פּראָלעטאַריאַט וועט זיך ניט איינגעבן אַרויפצולייגן זיין בוילעטן שטעמפּל אף דער רעוואָלוציע, וואָס אים וועט זיך ניט איינגעבן אַפּן פּראָלעטאַרישן שטייגער אָדער, ווי מאַרקס האָט אַמאָל געזאָגט, „אַפּן פּלעבייאישן שטייגער" אָפּצורעכענען זיך מיטן צאַריזם.

וועט זיך איינגעבן אַן אַנטשיידענער זיג פון דער רעוואָלוציע, — דאַן וועלן מיר זיך אָפּרעכענען מיטן צאַריזם אַפּן יאַקאָבינישן שטייגער, אָדער, אויב איר ווילט, אַפּן פּלעבייאישן שטייגער. „דער גאַנצער פראַנצויזישער טעראָריזם, — האָט געשריבן מאַרקס אין דער באַרימטער „נייער ריינישער צייטונג" אין 1848 יאָר, — איז געווען ניט קיין אנדער זאַך, אלס א פּלעבייאיש מיטל אָפּצורעכענען זיך מיט די סאָנים פון דער בורזשואַזיע, מיטן אבסאָלוטיזם, מיטן פעאָדאַליזם. מיטן בירגערטום (זע Marx, Nachlass, מערינגס אויסגאַבע, באַנד III, זייטל 211). האָבן ווען ניט איז געטראַכט יענע מענטשן, וועלכע שרעקן די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע רוסישע ארבעטער מיטן שרעק-בילד פון „יאַקאָבינים" אין דער עפּאָכע פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, וועגן דער באַדייטונג פון דידאָזיקע מארקס ווערטער?

די זשיראָנדיסטן פון דער היינטיקער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, די נײַ-איסקריסטן, גיסן זיך ניט צוזאַמען מיט די אַסוואַבאַזשדענצעס, נאָר פּאַקטיש, לויטן כאַראַקטער פון זייערע לאָזונגען, ווײַזן זיי זיך אַרויס באַם עק פון די אַסוואַבאָזשדענצעס. און די אַסוואַבאַזשדענצעס, ד. ה. די פאָרשטייער פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, וועלן זיך אָפּרעכענען מיט דער זעלבסטהערשונג ווייך, אָפּן רעפאָרמאַטאָרישן שטייגער, — נאָכגיביק, ניט באַליידיקנדיק די אַריסטאָקראַטיע, דעם אַדל, דעם הויף, — פאָרזיכטיק, אָן יעדער ברעכעניש, ליבנסווירדיק און איידל, אָפּן פּריצישן שטייגער, אין ווײַסע הענטשקעס (ווי די, לעמאָשל, וועלכע עס האָט אָנגעטאָן דער ה׳ פּעטרונקעוויטש פון די הענט פון אַ באַשיבוזוק אויף דער אַאודיענץ פון די „פאָלקס-פאָרשטייער״ (?) באַ ניקאָלאַי דעם בלוטיקן, זע „פּראָלעטאַרי״ נומ. 5) *).

די יאַקאָבינער פון דער היינטיקער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, — די באָלשעוויקעס, ווּפּעריאָדיסטן, צוזאַמענפאַריסטן אָדער פּראָלעטאַריסטן, איך ווייס שוין ניט ווי צו זאָגן, — ווילן מיט זייערע לאָזונגען אויפהייבן דאָס רעוואָלוציאָנערע און רעפּובליקאַנישע קליינבירגערטום, און באַזונדערס דאָס פּויערטום, ביז דער הויך פון דעם קאָנסעקווענטן דעמאָקראַטיזם פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער היט איין זיין פולשטענדיקע קלאַסן-באַזונדערקייט. זיי ווילן, אַז דאָס פאָלק, ד. ה. דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס פּויערטום, זאָל זיך אָפּרעכענען מיט דער מאָנאַרכיע און מיט דער אַריסטאָקראַטיע „אָפּן פּלעבייאישן שטייגער״, פאַרניכטנדיק אָן ראַכמאָנעס די סאָנים פון פרייהייט, דערשטיקנדיק מיט געוואַלט זייער ווידערשטאַנד, ניט מאַכנדיק קיין שום האַנאָכעס דער פאַרפלוכטער יערושע פון לײַבאייגנטום, דעם אַזיאַטשינע, דעם איזדיעקעווען זיך איבער דעם מענטשן.

דאָס הייסט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז מיר וועלן דאַפקע נאָכמאַכן די יאַקאָבינער פון 1793 יאָר, איבערנעמען זייערע אַנשויאונגען, זייער פּראָגראַם, זייערע לאָזונגען און אָרט האַנדלונגען. אַבסאָלוט ניט. באַ אונז איז ניט קיין אַלטע פּראָגראַם, נאָר אַ נײַע — די מינימום-פּראָגראַם פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי. באַ אונז איז אַ נײַער לאָזונג — די רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום. באַ אונז וועלן זיין, אויב מיר וועלן דערלעבן ביז דעםווירקלעכן זיג פון דער רעוואָלוציע, אויך נײַע האַנדלונגס-מיטלען, וועלכע אַנטשפּרעכן דעם כאַראַקטער און די צילן פון דער פּאַרטיי פון דעם אַרבעטער-קלאַס, וואָס שטרעבט צו אַ פולשטענדיקער סאָציאַליסטישער איבערקערעניש. מיט אונזער פאַרגלײַך ווילן מיר נאָר דערקלערן, אַז די פאָרשטייער פון דעם פאָרגעשריטענעם קלאַס פון XX יאָרהונדערט, פון דעם פּראָלעטאַריאַט, ד. ה. די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, טיילן זיך פונאַנדער פונקט אויף אַזעלכע צוויי פליגלען (אָן אָפּאַרטוניסטישער

---

*) פאַר דעראָזיקער אַאודיענץ האָט זיך דער „רעוואָלוציאָנער״ פּעטרונקעוויטש געכאַפּט, אַז ער איז אָן ווײַסע הענטשקעס. דער פאָלקאָווניק פּוטיאַטין האָט אַראָפּגענומען זײַנע הענטשקעס און האָט זיי אַנטליען פּעטרונקעוויטשן. ר ע ד.

און א רעוואָלוציאָנערער). אָף וועלכע עס האָבן זיך פאַנאַנדערגעטיילט די פּאָר־שטייער פון דעם פּאָרגעשריטענעם קלאַס פון XVIII יאָרהונדערט, פון דער בורזשואַזיע, ד. ה. די זשיראָנדיסטן און די יאַקאָבינער.

בלויז אין פאַל פון א פולקומען זיג פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָ־לוציע וועלן בא דעם פּראָלעטאַריאַט די הענט ניט געבונדן זיין אין קאַמף קעגן דער אומקאָנסעקווענטער בורזשואַזיע, בלויז אין דעם פאַל וועט ער זיך ניט „אויפלייזן" אין דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, נאָר וועט ארויפלייגן אָף דער גאַנצער רעוואָלוציע זיין פּראָלעטאַרישן אָדער, ריכטיקער, פּראָלעטאַריש־פּוי־ערשן שטעמפּל.

מיט איין וואָרט: קעדיי ניט אַרויסצואווייזן זיך מיט געבונדענע הענט אין קאַמף מיט דער אומקאָנסעקווענטער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט זיין געניג באַוואוסטזיניק און שטאַרק, קעדיי אויפצוהויבן דאָס פּויערטום ביזן רעוואָלוציאָנערן זעלבסטבאוואוסטזיין, קעדיי אָנצופירן מיט זיין אָנדראַנג, קעדיי אָף אַזאַ אויפן זעלבשטענדיק דורכצופירן דעם קאָנסעקווענט־פּראָלעטאַרישן דעמאָקראַטיזם.

אָט ווי עס שטייט די אַזוי ניט געלונגען געלייזטע דורך די ניי־איסקריסטן פראַגע וועגן דער געפאַר צו בלייבן מיט געבונדענע הענט אין קאַמף מיט דער אומקאָנסעקווענטער בורזשואַזיע. עס קען גאָרנישט זיין נאַאיווער און פרוכטלאָזער, ווי די פּרואוון אנצומערקן באַדינגונגען אָדער פּונקטן *), בא דער אויספירונג פון וועלכע מע וואָלט געקאָנט רעכענען די בורזשואַזע דע־מאָקראַטיע פאַר ניט קיין צוויעסדיקן פריינט פון פאָלק. א קאָנסעקווענטער קעמפער פאַר דעמאָקראַטיזם קען זיין בלויז דער פּראָלעטאַריאַט. א זיגרייכער קעמפער פאַר דעמאָקראַטיזם וועט ער זיך ארויסווייזן נאָר בא דער באַדינגונג, אויב צו זיין רעוואָלוציאָנערן קאַמף וועט זיך פאַרייניקן די פּויערים־מאַסע. וועט באַ דעם פּראָלעטאַריאַט ניט קלעקן קיין קרעפטן, — דאַן וועט די בור־זשואַזיע ארויסווייזן זיך אין דער שפּיץ פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע און וועט איר צוגעבן אן אומקאָנסעקווענטן און אייגננוציקן כאַראַקטער. אָף צו שטערן אַזאַ מין אויסגאַנג איז קיין אַנדער מיטל ניטאָ, אויסער דער רעוואָלו־ציאָנערער דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום.

אָף אַזאַ אויפן, קומען מיר צו דעם צווייפל־לאָזן אויספיר, אז גראָד די ניי־איסקריסטישע טאַקטיק, לויט איר אָביעקטיווער באַדייטונג, איז גינסטיק פאַר דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. דאָס דאַרשענען אָרגאַניזאַ־ציאָנעלע צעשוואומענקייט, וועלכע דערגייט ביז פּלעביסציטן, ביז דעם פּרינ־ציפּ פון אויסגלייכן, ביז דער אָפּגעריסנקייט פון דער פּאַרטיי־ליטעראַטור פון דער פּאַרטיי, — די דערנידעריקונג פון די אויפגאַבן פון אַ באַוואָפנטן אויפ־שטאַנד, — דאָס צונויפמישן די אלפאָלקישע פּאָליטישע לאָזונגען פון דעם רע־וואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט און פון דער מאָנאַרכיסטישער בורזשואַזיע, —

*) ווי עס האָט געפּרואווט טאָן סטאַראָווער אין זיין רעזאָלוציע, וועלכע איז אָפּגעביטן דורכן 3 טן צוזאַמענפאָר, און ווי עס פּרואווט די קאָנפערענץ אין ניט א ווייניקער אומגעלונגענער רעזאָ־לוציע. לעבינס אָנמערקונג.

דאָס פאַרקריפּלען די באַדינגונגען „פון אן אנטשיידענעם זיג פון דער רעוואָלוציע איבער דעם צאַריזם", — דאָס אַלץ צוזאַמען גענומען גיט גראד יענע פּאָליטיק פון עקיזם אין רעוואָלוציאָנערן מאָמענט, וועלכע פירט אַראָפּ דעם פּראָלעטאַריאַט פונם וועג, דעזארגאניזירט אים און טראָגט אריין א צעטומלעניש אין זיין באַוואוסטזיין, דערנידעריקט די טאַקטיק פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אָנשטאָט צו באווייזן דעם איינציקן וועג צום זיג און צו פאַראייניקן אלע רעוואָלוציאָנערע און רעפּובליקאַנישע עלעמענטן פון פאָלק צו די לאָזונגען פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

---

אום צו באַשטעטיקן דעמדאָזיקן אויספיר, צו וועלכן מיר זיינען געקומען אַפן גרונט פון דעם אַנאַליז פון דער רעוואָלוציע, ווען מיר צוגיין צו דערדאָזיקער פראגע פון אַן אַנדער זייט. לאָמיר אַ קוק טאָן, ערשטנס, ווי אילוסטרירט די ניי-איסקריסטישע טאַקטיק דער פּאָשעטער און אָפנהערציקער מענשעוויק אין דעם גרוזינישן „סאָציאַל-דעמאָקראַט". לאמיר, צווייטנס, אַ קוק טאָן, ווער באַנוצט זיך אין דערעמעסן, בא דער געגעבענער פּאָליטישער לאגע, מיט די לאָזונגען פון דער נייער „איסקראַ".

## 7. די טאַקטיק פון „באַזייטיקן די קאָנסערוואטאָרן פון דער רעגירונג".

דער אַרטיקל אין דעם אָרגאַן פון דעם מענשעוויסטישן טיפליסער „קאָמיטעט" („סאָציאַל-דעמאקראַט" 1 №), וועלכן מיר האבן אויבן דערמאָנט, רופט זיך אָן „דער זעמסקער סאבאָר און אונזער טאַקטיק". דער אָווטאָר זיינער האט נאָך ניט איינגאַנצן פאַרגעסן אונזער פּראָגראַם, ער רוקט ארויס דעם לאָזונג פון א רעפּובליק, נאָר ער אורטיילט וועגן טאַקטיק אַף אזא אויפן:

„קעדיי צו דערגרייכן דעמדאָזיקן ציל (א רעפּובליק), קען מען אָנווייזן צוויי וועגן: אָדער איינגאַנצן ניט שענקען קיין אויפמערקזאַמקייט דעם זעמסקן סאבאָר, וועלכן די רעגירונג וועט האבן צוזאַמענגערופן, און מיט געווער אין די הענט אראָפּווארפן די רעגירונג, צוזאַמענשטעלן א רעוואָלוציאָנערע רעגירונג און צונויפרופן אַ גרינדונגס-פאַרזאמלונג. אָדער — דערקלערן דעם זעמסקן סאבאָר פאַר א צענטר פון אונזער ווירקונג, ווירקנדיק מיט געווער אין די הענט אף זיין צוזאַמענשטעל, אף זיין טעטיקייט, און מיט געוואַלט צווינגען אים צו דערקלערן זיך פאַר א גרינדונגס-פארזאמלונג. דידאָזיקע צוויי טאקטיקעס שיידן זיך שאַרף אונטער איינע פון דער אַנדערער. לאָמיר דאָך א קוק טאָן, וועלכע פון זיי איז פאַר אונז גינסטיקער".

אָט ווי די רוסישע ניי-איסקריסטן לייגן אויס די אידייען, וועלכע זיינען דערנאָך פאַרקערפּערט אין דער פון אונז באַטראַכטער רעזאָלוציע. דאָס איז געשריבן, באַמערקט אייך, נאָך פאַר צוסימע *), ווען דער בוליגינשער פּראָ-

*) די יאַם-שלאַכט בא צוסימע האָט ענדגילטיק אָפּגעשוואַכט דעם רוסישן צאַר אַקעגן די יאַפּאַנער. איבערז.

עקט" האט זיך נאָך ניט באוויזן אַף דער ווייסער וועלט. אפילע די ליבעראַלן פלעגן שוין אָנווערן דאָס געדולד און פלעגן אויסדריקן זייער אומצוטרוי אַף די זייטן פון דער לעגאַלער פרעסע, און א סאָציאַל=דעמאָקראט, א ניי-איסקריסט האָט זיך ארויסגעוויזן צוטרוילעכער איידער די ליבעראלן. ער דערקלערט, אז דער זעמסקער סאָבאָר ווערט „צונויפגערופן" און ער גלויבט שוין אזוי פיל דעם קייסער, אז ער לייגט פאָר דעמדאָזיקן נאָך ניט עקזיסטירנדיקן זעמסקי סאבאָר (אָדער, עפשער, די „מלוכע-דומע" אָדער דעם „געזעץ-באַראַטנדיקן סאבאָר"?) צו נעמען אלס צענטר פון אונזער ווירקונג. א מער אָפנהערציקער און גראַדליניקער, איידער די אַווטאָרן פון דער רעזאָלוציע, וועלכע איז אָנגענומען אַף דער קאָנפערענץ, פאַרגלייכט ניט אונזער טיפליסער די ביידע „טאַקטיקעס" (וועלכע ווערן פון אים אויסגעלייגט מיט א „נאַאיוויטעט", ניט נאָכצומאַכן זי), נאָר ער דערקלערט, אַז די צווייטע „לויגט בעסער". אָט הערט:

„די ערשטע טאַקטיק, ווי איר ווייסט, איז די פאָרשטייענדיקע רעוואָלוציע א בורזשואזע רעוואלוציע, ד. ה. זי איז געווענדעט צו אזא אומענדערונג פון דער איצטיקער אָרדענונג, אין וועלכער (אומענדערונג) עס זיינען פאַרינטערעסירט ניט בלויז דער פראלעטאריאט, נאָר די גאנצע בורזשואַזע געזעלשאַפט. אין אָפּאָזיציע צו דער רעגירונג שטייען אַלע קלאַסן, אפילע די קאפיטאליסטן אליין. דער קעמפנדיקער פראָלעטאריאט און די קעמפנדיקע בורזשואזיע גייען אין א געוויסן זין צוזאַמען און פאַלן אָן צוזאַמען אַף דער זעלבסטהערשונג פון פאַרשיידענע זייטן. די רעגירונג איז דאָ אינגאַנצן איינזאַם און האָט ניט קיין מיטגעפיל פון דער געזעלשאַפט. דעריבער איז זייער לייכט זי צו פאַרניכטן. דער גאַנצער רוסלענדישער פראָלעטאריאט איז נאָך ניט אַף אזוי פיל באַוואוסטזיניק און אָרגאניזירט, אז ער בלויז אַליין זאָל קענען מאַכן די רעוואָלוציע. און אויב ער וואָלט עס געקאָנט טאָן, וואָלט ער שוין געמאַכט ניט קיין בורזשואַזע, נאָר א פראָלעטארישע (א סאָציאליסטישע) רעוואלוציע. הייסט עס, אז עס איז אין אונזערע אינטערעסן, אז די רעגירונג זאָל בלייבן אָן פאַרבינדעטע, אז זי זאָל ניט קענען צעשפאַלטן די אָפּאָזיציע, זי זאָל ניט פאַרייניקן צו זיך די בורזשואַזיע און זי זאָל ניט לאָזן דעם פראָלעטאריאט איזאָלירט"...

אזוי, הייסט עס, איז אין די אינטערעסן פון דעם פראלעטאריאט, אז די צארישע רעגירונג זאָל ניט קענען צעשפאַלטן די בורזשואזיע און דעם פראָלעטאריאט! צי איז ניט אַלפי טאָעס אָנגערופן דער גרוזינישער אָרגאן „סאָציאל-דעמאקראט", אנשטאט דעם, אז ער זאָל זיך אָנרופן „אסוואבאזשדעניע"? און באמערקט אייך, וואס פאר אן אומפאַרגלייכלעכע פילאזאפיע פון דער דעמאָקראטישער רעוואָלוציע! זעען מיר דען דאָ ניט באַשיינפערלעך, ווי דער אָרימער טיפליסער איז נעבעך אינגאַנצן אַראָפּגעשלאָגן פון דערעך דורך דער רעזאָנעריש-עקיסטישער אויסטייטשונג פון דעם באַגריף: „בורזשואזע רעוואָלוציע"? ער באַהאנדלט די פראַגע וועגן דער מעגלעכער איזאָלירטקייט פון דעם פראָלעטאריאט אין דער דעמאָקראטישער איבערקערעניש און פ אַ ר ג ע ס ט...

פארגעסט וועגן א קלייניקייט... וועגן דעם פויערטום! פון די מעגלעכע פאר-בינדעטע פון דעם פראלעטאריאט ווייס ער און איז מעקאבל בעאהאווע די זעמצעס-אדל-לייט און ער ווייס ניט וועגן די פויערים. און דאס איז אף קאוו-קאז! נו, זיינען מיר דען ניט געדעכט געווען, ווען מיר האבן געזאגט, אז די נייע „איסקרא״ לאזט זיך אראפ מיט אירע כקירעס ביז דער מאנארכיסטישער בורזשואזיע אנשטאט אויפצוהויבן צו זיך אלס פארבינדעטן דאס רעוואלוציא-נערע פויערטום?

„...אין קעגנפאל איז די מאפאלע פון פראלעטאריאט און דער זיג פון דער רעגירונג אומפארמיידלעך. און דערצו טאקע שטרעבט די זעלבסטהער-שונג. עס איז קיין ספק ניט, אז אין איר זעמסקן סאבאר וועט זי צוציען אף איר זייט די פארשטייער פון דעם אדל, פון די זעמסטוועס, פון די שטעט, פון די אוניווערסיטעטן און ענלעכע בורזשואזע איינריכטונגען. זי וועט זעען אונטערצוקויפן זיי מיט קליינע הנאכעס און אף אזא אויפן שאלעם מאכן צווישן זיי מיט זיך. פארשטארקט אף אזא אויפן, וועט זי ריכטן די גאנצע קלעפ אירע קעגן דעם ארבעטער-פאלק, וועלכעס איז געבליבן איינזאם. אונ-זער כויוו איז — זעען צו פארמיידן אזא אומגליקלעכן סאף. אבער קען מען דאס טאן דורכן ערשטן וועג? לאמיר רעכענען, אז מיר האבן קיין שום אכט ניט געלייגט אפן זעמסקן סאבאר, און האבן זיך אנגעהויבן אליין גרייטן צו אן אויפשטאנד און אין איין שיינעם פרימארגן זיינען מיר ארויסגעגאנגען בא-וואפנטע אפן גאס אין קאמף. איז אט האבן מיר דא פאר זיך ניט איינעם, נאר צוויי סאנים: די רעגירונג און דעם זעמסקן סאבאר. אין דער צייט, וואס מיר האבן זיך געגרייט, האבן זיי זיך באוויזן צונויפצורעדן זיך, קומען צו א פארשטענדיקונג צווישן זיך, אויסארבעטן א גינסטיקע פאר זיי קאנסטיטוציע און האבן צעטיילט צווישן זיך די מאכט. דאס איז א טאקטיק, וועלכע איז דירעקט גינסטיק פאר דער רעגירונג, און מיר דארפן אפן ענערגישסטן אויפן אפוואגן זיך פון איר״...

אט דאס הייסט אפן גערעדט! מע דארף זיך אנטשיידן אפזאגן פון דער „טאקטיק״ פון צוגרייטן אן אויפשטאנד, דערפאר ווייל „פאר דערדאזיקער צייט״ וועט די רעגירונג א פשארע מאכן מיט דער בורזשואזיע! קען מען דען געפינען אין דער אלטער ליטעראטור פון דעם פארביסנסטן „עקאנאמיזם״ כאטש עטוואס ענלעכעס צו אזא מין שענדונג פון דער רעוואלוציאנערער סאציאל-דעמאקראטיע? גרעסערע און קלענערע אויפשטאנדן פון ארבעטער און פויערים, וואס קומען פאר דאס דא, דאס דארט — זיינען א פאקט. דער זעמ-סקער סאבאר — איז בוליגינס א האפטאכע. און דער „סאציאל-דעמאקראט״ פון דער שטאט טיפליס פאסקנט: אפזאגן זיך פון דער טאקטיק צוגרייטן אן אויפשטאנד און ווארטן אף דעם „צענטער פון ווירקונג״ — אף דעם זעמסקן סאבאר.

„...פארקערט, די צווייטע טאקטיק באשטייט אין אוועקשטעלן דעם זעמסקן סאבאר אונטער דער השגאכע, ניט געבן אים די מעגלעכקייט צו

האַנדלען לויט זיין אייגענעם ווילן און אריין אין א פאַרשטענדיקונג מיט דער רעגירונג *).

„מיר שטיצן דעם זעמסקן סאבאָר אף אזוי פיל, אַף וויפל ער קעמפט מיט דער זעלבסטהערשונג, און מיר קעמפן מיט אים אין יענע פאַלן, ווען ער מאַכט שאָלעם מיט דער זעלבסטהערשונג. דורך אַן ענערגישער אריינמישונג און דורך געוואַלט צעשפאַלטן מיר די דעפוטאַטן צווישן זיך **), די ראַדיקאלן דערנעענטערן מיר צו זיך, די קאָנסערוואטאָרן באַזייטיקן מיר פון דער רעגירונג, און אף אזא אויפן שטעלן מיר דעם גאַנצן זעמסקן סאבאָר אף א רעוואָלוציאָנערן וועג. אַדאנק אזא טאקטיק, וועט די רעגירונג בלייבן שטענדיק איינזאַם, די אָפּאָזיציע וועט זיין שטארק און עס וועט אף אזא אויפן פאַרלייכטערט ווערן די איינשטעלונג פון א דעמאָקראטישער אָרדענונג“.

יאָ, יאָ! זאָל מען זאָגן איצט, אז מיר טרייבן איבער די ווענדונג פון די ניי-איסקריסטן צו דער וואולגאַרסטער ענלעכקייט מיטן עקאָנאָמיזם. דאָס איז דאָך, בעעמעס, שוין עטוואָס ענלעכעס צום באַרימטן פראָשעק קעגן פליגן: מעכאַפּט די פליג, מע באַשיט זי און זי פייגערט. צעשפאַלטן מיט געוואַלט די דעפוטאַטן פון דעם זעמסקן סאבאָר, „באַזייטיקן די קאָנסערוואטאָרן פון דער רעגירונג“ — און דער גאַנצער זעמסקער סאבאָר וועט זיך שטעלן אף א רעוואָלוציאָנערן וועג... אָן קיין שום „יאַקאָבינישן“ באַוואָפנטן אויפשטאנד, נאָר אזוי זיך, איידל, קימאַט אַפן פארלאמענטארישן שטייגער, „ווירקנדיק“ אף די מיטגלידער פון דעם זעמסקן סאבאָר.

אָרים רוסלאַנד! וועגן רוסלאנד פלעגט מען זאָגן, אז דאָס טראָגט אלע מאָל אלטע און פון איראָפּע ארויסגעוואָרפענע היטעלעך. בא אונז איז נאָך ניטאָ קיין פאַרלאמענט, אים האָט נאָך אפילע בוליגין ניט מאַפּטיעך געווען, און פאַרלאמענטארישן קרעטיניזם ***) האָבן מיר שוין וויפל איר ווילט.

„...ווי דאַרף פאָרקומען דידאָזיקע אריינמישונג? קוידעמקאָל ווען מיר פאָדערן, אַז דער זעמסקער סאָבאָר זאָל צונויפגערופן ווערן דורך אַלגעמיינער, גלייכער און דירעקטער וואַל-רעכט מיט געהיימער שטים-אָפּגעבונג. צוגלייך מיט דער דעקלאַרירונג ****) פון אַזאַ וואַל-סיידער דאַרף דורכן געזעץ איינגעשטעלט ווערן *****) די פולקומע פרייהייט פון פאָר-וואַל-אַגיטאַציע, ד. ה. די פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען, פון וואָרט, פון פרעסע, די אומבאַרירלעכקייט פון די ווילער און געוויילטע און די באַפרייאונג פון אַלע פאָליטישע פאַרברעכער.

*) וואָס זשע פאַר א מיטל איז דאָ אַף אָפּצונעמען בא די זעמצעס זייער אייגענעם ווילן? צי ניט א באזונדער לאקמוס-פאפירל? לעניגס אָנמערקונג.

**) אָט איז זי, די „פאַרטיפטע“ טאקטיק! שלאָגן זיך אַפן גאס איז קיין קויכעס ניטאָ, און „צעשפאַלטן די דעפוטאַטן“ קען מען „מיט געוואַלט“. הערט, כאוועד פון טיפליס, מע קען לייגן, נאָר מע דאַרף דאָך וויסן א מאָס... לענינס אָנמערקונג.

***) קרעטיניזם — א קראנקהייט, פון וועלכער דער מענטש ווערט שוואכזיניק. פארלאמענטארישער קרעטיניזם הייסט — גלויבן אין דער אלמעכטיקייט פון פארלאמענט און האלטן אים פאַר דאָס איינציקע מיטל. איבערז.

****) אין „איסקרא“? לענינס אנמערקונג.

*****) דורך ניקאָלאַיען? לענינס אָנמערקונג.

די וואַלן אַליין דאַרפן באַשטימט ווערן ווי מעגלעך שפּעטער, קעדיי באַ אונז זאָל זיין גענוג צייט אַף צו באַקאָנען און צוגרייטן דאָס פאָלק. און אַזוי ווי דאָס אויסאַרבעטן פון די טאַקאָנעס אַף צונויפרופן דעם סאָבאָר איז איבערגעגעבן דער קאָמיסיע פון דעם אינערן מיניסטער בוליגין, דאַרפן מיר ווירקן אויך אַף דערדאָזיקער קאָמיסיע און אַף אירע מיטגלידער*). אויב די בוליגינשע קאָמיסיע וועט זיך אָפּזאָגן צו באַפרידיקן אונזערע פאָדערונגען**) און זי וועט איבערלאָזן דאָס רעכט צו וויילן דעפּוטאַטן בלויז פאַר די פאַרמעגלעכע, דאַן דאַרפן מיר זיך אַריינמישן אין דידאָזיקע וואלן און אָפּן רעוואָלוציאָנערן אויפן צווינגען די וויילער אויסצואוויילן פאָרגעשריטענע קאַנדידאַטן און אָפּן זעמסקן סאָבאָר פאָדערן אַ גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. לעסאָף, דורך פאַרשיידענע מיטלען: דורך דעמאָנסטראַציעס, שטרייקן און, אויב עס וועט נויטיק זיין, דורך אַן אויפשטאַנד צווינגען דעם זעמסקן סאָבאָר צונויפרופן אַ גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אָדער דערקלערן זיך אַלס אַזעלכע. דער פאַרטיידיקער פון דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג דאַרף זיין דער באַוואָפנטער פּראָלעטאַריאַט, און זיי ביידע צוזאַמען***) וועלן גיין צו אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק.

„אָט אַזאַ איז די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע טאַקטיק און נאָר זי וועט אונז באַוואָרענען דעם זיג".

זאָל דער לעזער ניט מיינען, אַז דערדאָזיקער אומעגלעכער שטוס איז אַ פּאַשעטער פעדער-פּרואוו פון אַ וועלכן ניט איז אומפאַראַנטוואָרטלעכן און ווירקונגסלאָזן ניי-איסקריסט? ניין, דאָס רעדט זיך אין אַן אָ ר ג אַ ן פון אַ גאַנצן קאָמיטעט ניי-איסקריסטן, דעם טיפליסער. דאָס איז נאָך ווייניק. דערדאָזיקער שטוס איז ד י ר ע ק ט ס אַ נ ק צ י אָ נ י ר ט דורך דער „איסקרא", אין הונדערטן נומער פון וועלכן מיר לייענען וועגן דעמדאָזיקן „סאָציאַל-דעמאָקראַט":

„ל ע ב ע ד י ק און ט אַ ל אַ נ ט פ ו ל איז ר ע ד אַ ק ט י ר ט דער ע ר ש ט ע ר נ ו מ ע ר. ע ס א י ז צו ד ע ר ק ע נ ע ן אַ ג ע נ י ט ע און ג ע ש י ק ט ע ה אַ נ ט פ ו ן אַ ר ע ד אַ ק ט אָ ר — אַ ש ר י י ב ע ר... מ ע ק ע ן ז י כ ע ר ז אָ ג ן, אַ ז ד י צ י י ט ו נ ג וועט ג ל ע נ צ נ ד א ו י ס פ י ל ן ד י א ו י פ ג אַ ב ע, וו ע ל כ ע א י ז פ אַ ר א י ר ג ע ש ט ע ל ט".

יאָ! אויב די אויפגאַבע באַשטייט אין דעם, צו באַווייזן אַלעמען און יעדערן די פולקומע אידייאישע פאַנאַנדערלייגונג פון דעם ניי-איסקריזם, דאַן איז זי אויסגעפירט ווירקלעך „גלענצנדיק". מער „לעבעדיק, טאַלאַנטפול און געשיקט" אויסדריקן דאָס אַראָפּלאָזן זיך פון די ניי-איסקריסטן ביז דעם ליבעראַל-בורזשואַזן אָפּאָרטוניזם וואָלט קיינער ניט געקאָנט.

*) אָט וואָס עס באַטייט: „באַזייטיקן די קאָנסערוואַטאָרן פון דער רעגירונג"! ל ע נ י נ ס אנמ.

**) נו, דאָס קען גאָר ניט געבן באַ אַזאַ ריכטיקער און טיפזיניקער טאַקטיק פון אונזער זייט! ל ע נ י נ ס אָ נ מ ע ר ק ו נ ג.

***) סאַי דער באַוואָפנטער פּראָלעטאַריאַט, סאַי די „פון דער רעגירונג באַזייטיקטע" קאָנסערוואַטאָרן? ל ע נ י נ ס א נ מ ע ר ק ו נ ג.

## 8 אָסוואָבאָזשדעניזם און ניי-איסקריזם.

איצט לאָמיר איבערגיין צו אַן אַנדער באַשיינפערלעכער באַשטעטיקונג פון דער פּאָליטישער באַדייטונג פון דעם ניי-איסקריזם.

אין אַ מערקווירדיקן, אויסגעצייכנטן, באַלערנדיקן אַרטיקל „ווי געפינט מען זיך" („Освобождение" № 71) גייט הער סטרוואווע מיט אַ מילכאָמע אַף דעם „פּראָגראַם-רעוואָלוציאָניזם" פון אונזערע עקסטע פּאַרטייען. מיט מיר פּערזענלעך איז דער הער סטרוואווע באַזונדערס ניט צופרידן *). וואָס אנבאַלאַנגט מיך, בין איך וואָס מע דאַרף ניט מער צופרידן מיטן הער סטרוואווע: קיין בעסערן פּאַרבינדעטן אין קאַמף מיט דעם אויפלעבנדן עקאָנאָמיזם פון די ניי-איסקריסטן און מיט דער פולקומער פּרינציפּלאָזיקייט פון די „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן" וואָלט איך זיך גאָר ניט געקאָנט ווינשן. אַף וואָס פּאַר אַן אויפן דער הער סטרוואווע און די „אָסוואָבאָזשדעניע" האָבן פּראַקטיש דערוויזן די גאַנצע רעאַקציאָנערקייט פון די „אויסבעסערונגען" צום מאַרקסיזם, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן אין דעם פּראָגראַם-פּראָיעקט פון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, וועגן דעם וועלן מיר ווי ניט איז ריידן אַן אַנדערש מאָל. ווי דער הער סטרוואווע האָט יעדעס מאָל, ווען ער האָט פּרינציפּיעל איינגעשטימט מיט די ניי-איסקריסטן, געטריי, ערלעך און בעעמעס געדינט מיר,

*) „אין פּאַרגלייך מיט דעם רעוואָליציאָניזם פון די הערן לעניו מיט זיינע כאַווירים איז דער רעוואָלוציאָניזם פון דער מאַירעוו-איראָפּעאישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פון בעבעלן און אַפילע פון קאַוטסקין אַן אָפּאָרטוניזם, נאָר די יעסוידעס פון דעמדאָזיקן אַפילע שוין געלינדערטן רעוואָלוציאָניזם זיינען שוין אונטערגעשווענקט און פּאַנאַנדערגעטראָגן דורך דער געשיכטע". זייער אַ ברויגעזדיקער אַרויסקריך. נאָר אומזיסט רעכנט דער הער סטרוואווע, אַז אַף מיר קען מען אַלץ אַרויפלייגן, ווי אַף אַ טויטן. עס איז פּאַר מיר גענוג צו מאַכן דעם הער סטרוואווע אַן אַרויסרוף, וועלכן ער וועט קיינמאָל ניט קענען אָנעמען. וואו און ווען האָב איך אָנגערופן בעבעלס און קאַוטסקיס רעוואָלוציאָניזם אַלס „אָפּאָרטוניזם"? וואו און ווען האָב איך פּרעטענדירט אַף צו שאַפן אַ וועלכע ניט איז באַזונדערע ריכטונג אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וועלכע פּאַלט ניט צוזאַמען מיט דער ריכטונג פון בעבעלן און קאַוטסקין? וואו און ווען האָבן זיך אַרויסגעוויזן מיינונגס-פּאַרשיידנהייטן צווישן מיר, פון איין זייט, און בעבעלן און קאַוטסקין—פון דער אַנדער זייט,—מיינונגס-פּאַרשיידנהייטן, וועלכע זאָלן, לויט זייער ערנסטקייט, כאָטש אַביסל ענלעך זיין צו די מיינונגס-פּאַרשיידנהייטן צווישן בעבעלן און קאַוטסקין, לעמאָשל, אין דער אַגראַר-פראַגע אין ברעסלאַוו? זאָל דער ה' סטרוואווע פּרואוון ענטפערן אַף דידאָזיקע דריי פראַגן.

און די לעזער וועלן מיר זאָגן. די ליבעראַלע בורזשואַזיע באַנוצט אומעטום און אַלעמאָל אַזאַ מין מיטל: זיי פּאַרזיכערן זייערע געזינונגס-כאַווירים אין דעם געגעבענעם לאַנד, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון דעם געגעבענעם לאַנד זיינען די אומפּאַרנונפטיקסטע, און זייערע כאַווירים אין דעם שכיינעסדיקן לאַנד זיינען „פיינע קינדערלעך". די דייטשישע בורזשואַזיע האָט הונדערטער מאָל אָנגעוויזן בעבעלן און קאַוטסקין, אַז זיי זאָלן זיך לערנען בא די „פיינע קינדערלעך"—די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן. די פראַנצויזישע בורזשואַזיע האָט גאָר ניט לאַנג אָנגעוויזן די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן, אַז זיי זאָלן זיך לערנען בא דעם „פיינעם אינגעלע" בעבעלן. אַן אַלט מיטל, הער סטרוואווע! נאָר קינדער און אַמאַראַצים וועט איר אַף אַזאַ אויפן אָפּנאַרן. די פולקומע סאָלידאַרישקייט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין אַלע גרויסע פראַגן פון פּראָגראַם און טאַקטיק איז אַן אומבאַשטרייטבאַרער פּאַקט. לעניגס אַנמערקונג.

וועגן דעם האָבן מיר שוין גערעדט ניט איין מאָל*) און מיר וועלן עס איצט זאָגן נאָך אַמאָל.

אין הער סטרואָוועס אַרטיקל איז פאַראַן אַ גאַנצע רײ העכסט אינטערעסאַנטע דערקלערונגען, וועלכע מיר קענען דאָ אָפּצייכענען בלויז פאַרבייגייענדיק. ער קלייבט זיך צו „שאַפן אַ רוסישע דעמאָקראַטיע, שטיצנדיק זיך ניט אָפן קאָפּ, נאָר אַף דער מיטאַרבעטונג פון קלאַסן", דערבײַ ווערט די סאָציאַל-פּריווילעגירטע אינטעליגענץ (ווי, לעמאָשל, דער „קולטורעלער אַדל", פאַר וועלכן דער ה' סטרואָווע פאַרבויגט זיך מיט דער גראַציעזקייט פון אַן עכט-וועלטלעכן... לאַקיי) ברענגען די וואָג פון איר „סאָציאַלער לאַגע" (די וואָג פון איר געלטזאַק) אין דערדאָזיקער „ניט קלאַסנווייזער" פּאַרטיי. דער ה' סטרואָווע דריקט אויס אַ וואונש צו באַקאַנען די יוגנט מיט דער אומטויגבאַרקייט פון דעם „ראַדיקאַלן טראַפאַרעט וועגן דעם, אַז די בורזשואַזיע האָט זיך דערשראָקן און האָט פאַרקויפט דעם פּראָלעטאַריאַט און די זאַך פון פרייהייט" (פון גאַנצן האַרצן באַגריסן מיר דעמדאָזיקן וואונש. קיין זאַך וועט אַזוי ניט באַשטעטיקן דעמדאָזיקן מאַרקסיסטישן „טראַפאַרעט", ווי די מילכאָמע, וועלכע עס פירט מיט אים דער ה' סטרואָווע. ביטע שיין, הער סטרואָווע, לייגט ניט אָפּ אין לאַנגן באַנק אייער פּראַכטפולן פּלאַן!).

אונז איז וויכטיק פאַר אונזער טעמע צו באַצייכענען, מיט וועלכע פּראַקטישע לאָזונגען עס קומט בײַ הײַנטיקן טאָג אַ פאָרשטייער פון דער רוסישער בורזשואַזיע, וועלכער איז אַזוי פּאָליטיש פיכבאַר און וועלכער רעאַגירט אַף דער קלענסטער ענדערונג פון דעם וועטער. ערשטנס, מיטן לאָזונג פון רעפּובליקאַניזם. ה' סטרואָווע איז פעסט איבערצייגט, אַז דערדאָזיקער לאָזונג איז „ניט פאַרשטענדלעך און פרעמד דער פאָלקס-מאַסע" (ער פאַרגעסט צוצוגעבן: פאַרשטענדיק, נאָר לוינט ניט פאַר דער בורזשואַזיע!). מיר וואָלטן געוואָלט אַ קוק טאָן, וואָס פאַר אַן ענטפער עס וואָלט באַקומען דער ה' סטרואָווע פון די אַרבעטער אין אונזערע קרײַזלעך און אַף אונזערע מאַסאָווקעס. אָדער אַרבעטער זײַנען ניט דאָס פאָלק? און די פּויערים? בײַ זיי טרעפט, לויט די ווערטער פון ה' סטרואָווע, אַ „נאַאיווער רעפּובליקאַניזם" („אוועקטרײַבן דעם קייסער"), נאָר די ליבעראַלע בורזשואַזיע גלויבט אין

*) מיר וועלן דערמאָנען דעם לעזער, אַז דעם אַרטיקל „וואָס ניט טאָן?" („איסקראַ" נומער 52) האָט „אָסוואָבאָזשדעניע" באַגריסט מיט פויקן און מיט טענץ, אַלס אַ „באַרימטע ווענדונג" צו נאָכגעביקייט בענויגייע צו די אָפּאָרטוניסטן, די פּרינציפּיעלע טענדענצן פון דעם נייִ-איסקריזם האָט „אָסוואָבאָזשדעניע" ספּעציעל באַוויליקט אין אַ נאָטיץ וועגן דער שפּאַלטונג צווישן די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן. וועגן טראָצקיס בראָשור „אונזערע פּאָליטישע אויפגאַבן" האָט די „אָסוואָבאָזשדעניע" אָנגעוויזן אַף דער אײַנאַרטיקייט פון די אידייען פון דעמדאָזיקן אויטאָר מיט דעם, וואָס עס האָבן אַמאָל גערעדט און געשריבן די ראַבאָטשע-דעליסטן קריטשעווסקי, מאַרטינאָוו, אַקימאָוו (זע דאָס בלעטל „דער געפעליקער ליבעראַל", אויסגאַבע „וופּעריאָד"). מאַרטינאָווס בראָשור וועגן צוויי דיקטאַטורן האָט די „אָסוואָבאָזשדעניע" באַגריסט (פאַרגל. די נאָטיץ אין „וופּעריאָד" נומ. 9). לעסאָף, דאָס פאַרשפּעטיקטע קלאָגן זיך פון סטאַראָווערן אַף דעם אַלטן לאָזונג פון דער אַלטער „איסקראַ": „פריער פאַנאַנדערגרענעצן זיך און דערנאָך פאַראייניקן זיך" האָט באַגעגנט אַ באַזונדער מיטגעפיל בײַ דער „אָסוואָבאָזשדעניע". לעניִנס אָנמערקונג.

דעם, אַז דעם נאַאיוון רעפּובליקאַניזם וועט פאַרבייטן ניט דער באַוואוסטזיניקער רעפּובליקאַניזם, נאָר דער באַוואוסטזיניקער מאָנאַרכיזם! Ça depend*), ה' סטרואווע, דאס הענגט נאָך אָפּ פון די אומשטענדן. סאַי דער צאַריזם, סאַי די בורזשואַזיע קענען ניט ניט ווידערשטעלן זיך קעגן דער גרונט=פאַרבעסערונג פון דער פויערים-לאַגע אָפּן כעשבן פון דער פּריציִשער ערד, און דער אַרבעטער-קלאס קען ניט ניט מיטהעלפן דעם פויערטום אין דעמדאָזיקן איניען.

צווייטנס, פאַרזיכערט הער סטרואווע, אַז „אין בירגער-קריג וועט דער אָנפאַלנדער אַלע מאָל בלייבן דער אומגערעכטער". דידאָזיקע אידייע גייט צו הארט נאָענט צו די אויבן אָנגעוויזענע טענדענצן פון דעם ניי-איסקריזם. מיר וועלן ניט זאָגן, פאַרשטייט זיך, אז אין בירגער=קריג איז אַלע מאָל גינסטיק אָנצופאַלן; ניין, אַן אנדערש מאָל מוז מען זיך האַלטן צייטווייליק פאַר א פאַרטיידיקונגס-טאַקטיק. נאָר ארויסשטעלן בענויגייע צו רוסלאַנד פון 1905 יאָר אזא האַנאָכע, וועלכע ה' סטרואווע האָט געגעבן, הייסט גראָד ארויסשטעלן א שטיקעלע פון „ראַדיקאַלן טראַפּאַרעט" („די בורזשואַזיע שרעקט זיך און פאַרקויפט די זאַך פון פרייהייט"). ווער עס וויל איצט ניט אָנפאַלן אַף דער זעלבסטהערשונג, אַף דער רעאַקציע, ווער עס גרייט זיך ניט צו דעמדאָזיקן אָנפאַל, ווער עס פאַרטיידיקט אים ניט, — דער האָט קיין רעכט ניט אָנצורופן זיך פאַר אַן אָנהענגער פון דער רעוואָלוציע.

דער ה' סטרואווע פאַרורטיילט די לאָזונגען: „קאָנספּיראַציע" און „בונט" (דאָס איז אַן „אויפשטאנד אין מיניאַטור"). הער סטרואווע פאַראכטעט סאַי דאָס, סאַי יענץ — פון שטאַנדפּונקט פון דעם „צוגאַנג צו די מאַסן!" מיר וואָלטן געפרעגט דעם ה' סטרואווע, צי וואָלט ער אונז אָנגעוויזן די פריידיקונג פון בונט, לעמאָשל, אין אזא ווערק, פון אַ איבערגעטריבענעם, לויט זיין מיינונג, רעוואָלוציאָניסט, ווי „וואָס טאָן?" און וואָס אנבאַלאנגט „קאָנספּיראַציע", איז דען גרויס די נאַפקעמינע, לעמאָשל, צווישן אונז און דעם ה' סטרואווע? ארבעטן דען מיר ניט ביידע אין אַן אומלעגאַלער צייטונג, וועלכע ווערט „קאָנספּיראַטיוו" דורכגעפירט אין רוסלאַנד און וועלכע דינט פאַר „געהיימע" גרופּן פון דעם אסוואָבאזשדעניִע-פאַרבאַנד אָדער פון דער ר. ס. ד. א. פּ.?

אונזערע ארבעטער-מאַסאָוויקעס זיינען אָפּט „קאָנספּיראַטיוו" — וואָס זאָלן מיר לייקענען? און די פאַרזאַמלונגען פון די ה"ה אסוואָבאזשדענצעס? האָט איר דען מיט וואס גרויס צו האַלטן זיך, הער סטרואווע, פאַר די פאַראַכטע אָנהענגער פון דער פאַראכטער קאָנספּיראַציע?

עמעס, א באַזונדער שטאַרקע קאָנספּיראַציע פאָדערט זיך באַם צושטעלן געווער די ארבעטער. אָט דאָ טרעט שוין ארויס דער ה' סטרואווע אָפענער. אָט הערט: „וואָס אָנבאַלאנגט א באַוואָפנטן אויפשטאַנד אָדער דער רעוואָלוציע אין טעכנישן זין, איז נאָר די מאַסן-פּראָפּאַגאַנדע פון דער דעמאָקראַטישער פּראָגראַם קען שאַפן די סאָציאַל-פּסיכישע באַדינגונגען פאַר אן אלגע-

*) פראַנצויזיש: דאָס הענגט אָפּ איבערז.

מיינעם באוואָפנטן אויפשטאַנד. אַף אזא אויפן איז אפילע פון דעם שטאַנד־פונקט, מיט וועלכן איך בין ניט איינשטימיק, וואס האלט דעם באַוואָפנטן אויפשטאַנד פאר אן אומפאַרמיידלעכער פאַרענדיקונג פון דעם איצטיקן קאַמף פאר באַפרייאונג, — איז דאָס דורכדרינגען די מאַסן מיט די אידייען פון אַ דעמאָקראַטישער איבעראַנדערשונג די סאַמע גרינדלעכע און די סאַמע נויטיקסטע זאַך".

דער ה׳ סטרואווע סטאַרעט זיך אויסצודרייען פון דער פראַגע. ער רעדט וועגן דער אומפאַרמיידלעכקייט פון אַן אויפשטאַנד, אנשטאט צו ריידן פון זיין נויטווענדיקייט פאַר דעם זיג פון דער רעוואָלוציע. אַן אויפשטאַנד, ניט קיין צוגעגרייטער, אַ סטיכייאישער, א צעברעקלטער, האָט זיך שוין אָנגעהויבן. אומבאַדינגט אָרעוו זיין דערפאַר, אז ער וועט דערגיין ביז אַ גאַנצן און פולן פאָלקס־אויפשטאַנד, קען קיינער ניט, ווייל דאָס הענגט אפ סאַי פון דעם צושטאַנד פון די רעוואָלוציאנערע קויכעס (וועלכע קענען פולקום אויסגעמאָסטן ווערן נאָר אינם קאמף זעלבסט), סאַי פון דער אויפירונג פון דער רעגירונג און פון דער בורזשואַזיע, סאַי פון א גאַנצער ריי אנדערע אומשטענדן, וועלכע עס איז אומעגלעך פינקטלעך צו דיסקאָנטירן. וועגן דער אומפאַרמיידלעכקייט, אין זין פון יענער אַבסאָלוטער איבערצייגטקייט אין א קאָנקרעטער געשעעניש, אף וועלכער עס וויל איבערפירן דעם שמועס דער ה׳ סטרואווע, איז ניטאָ וואס צו ריידן. ריידן דאַרף מען, אויב אירווילט זיין אַן אָנהענגער פון דער רעוואלוציע, וועגן דעם, צי איז נויטיק אן אויפשטאנד פאַרן זיג פון דער רעוואָלוציע, צי איז נויטיק אַקטיוו ארויסצורוקן אים, פריידיקן אים, טייקעף און ענערגיש גרייטן אים. דער ה׳ סטרואווע קען ניט ניט פאַרשטיין דידאָזיקע נאַפקעמינע: ער פארשטעלט דאָך ניט, לעמאָשל, די פאַר אַ דעמאָקראט אומשטרייטבארע פראַגע וועגן דער נויטיקייט פון אלגעמיינע וואַלרעכט דורך דער שטרייטיקער און פאַר א פאָליטישן טוער ניט אַקטועלער פראַגע וועגן דער אומפאַרמיידלעכקייט פון דער דעראָבערונג פון דעמדאָזיקן רעכט אין פאַרלויף פון דער געגעבענער רעוואָלוציע. אויסדרייענדיק זיך פון דער פראַגע וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַן אויפשטאַנד, דריקט דער ה׳ סטרואווע מיט דעם אויס די טיפסטע גרונט־סיבע פון דער פאָליטישער פאָזיציע פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע. די בורזשואַזיע וויל, ערשטנס, בעסער מושווע ווערן מיט דער זעלבסטהערשונג, איידער פאַרניכטן זי; די בורזשואזיע וואַרפט ארויף אין יעדן פאַל דעם קאַמף מיט געווער אין די הענט אף די ארבעטער (דאָס איז — צווייטנס). אָט וואס פאַר א ר ע א ל ע באַדייטונג עס האט ה׳ סטרואווע׳ס אויסדרייען זיך. אָט פאַרוואָס ער ק ר י כ ט צ ו ר י ק פון דער פראַגע וועגן דער נויטיקייט פון אן אויפשטאנד צו דער פראגע וועגן זיינע „סאָציאל־פסיכישע" באַדינגונגען, וועגן דער פאָרויסיקער „פראָפאגאנדע". פונקט אזוי ווי די בורזשואזע פלאַפלער אין פראַנקפורטער פאַרלאמענט פון 1848־טן יאָר האבן זיך פארנומען מיט מעכאַבער זיין רעזאָלוציעס, דעקלאַראַציעס, באַשלוסן, מיט „מאַסן־פראָפאַגאנדע" און מיט דער צוגרייטונג פון „סאָציאל־פסיכישע באדינגונגען" אין אזא צייט, ווען עס האט זיך געהאַנדלט

וועגן א ווידערשטאַנד דער באַוואָפנטער קראַפט פון דער רעגירונג, ווען די באַוועגונג „האט געבראַכט צו דער נויטווענדיקייט“ פון א באַוואָפנטן קאַמף, ווען בלויז א וואָרטלעכע ווירקונג (וועלכע איז הונדערט מאָל נויטיק אין צו-גרייטונגס-פעריאָד) האט זיך פאַרוואַנדלט אין א באַנאַלע, בורזשואזע אומטע-טיקייט און פאַכדאָנעס,—אָט פונקט אַזוי דרייט זיך אויס אויך דער ה׳ סטרוא-ווע פון דער פראַגע וועגן אויפשטאַנד, צודעקנדיק זיך מיט פ ר אַ ז ן. דער ה׳ סטרואווע באַווייזט אונז באַשיינפערלעך דאָס, וואס עס זעען ניט האַרטנעקיק אסאך סאָציאַל-דעמאקראַטן, נעמלעך: וואס דער רעוואָלוציאנערער מאָמענט שיידט זיך טאַקע מיט דעם אונטער פון געוויינלעכע, וואָכעדיקע, צוגריי-טונגס היסטאָרישע מאָמענטן, וואס די שטימונג, די אויפרעגונג, די איבער-צייגונג פון די מאַסן דאַרפן זיך אויסדריקן און דריקן זיך אויס אין ד ע ר ט אַ ט.

דער וואולגאַרער רעוואָלוציאָניזם פאַרשטייט ניט, אז דאס וואָרט איז אויך א טאַט; דיזאָזיקע האַנאָכע איז אומבאַשטרייטבאר אין באַצוג צו דער געשיכטע ב י כ ל אַ ל אָדער צו יענע עפּאָכעס פון דער געשיכטע, ווען קיין אָפענע פּאָליטישע ארויסטרעטונג פון די מאַסן איז ניטאָ און קיינע פוטשן וועלן זי ניט פאַרבייטן און קינסטלעך ניט אַרויכרופן. דער עקיזם פון רע-וואָלוציאָנערן פאַרשטייט ניט, אז ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן א רעוואָלוציאָ-נערער מאָמענט, ווען דער אלטער „איבערבוי“ האָט געפּלאַצט אַף אַלע נעט, ווען די אָפענע פּאָליטישע ארויסטרעטונג פון די קלאַסן און מאַסן, וועלכע שאַפן זיך א נייעם „איבערבוי“, איז א פאַקט געוואָרן, ווען דער בירגער-קריג האט זיך שוין אָנגעהויבן,— דאַן איז באַגרעניצן זיך לויטן אַלטן שטייגער מיטן „וואָרט“, ניט געבנדיק קיין ד י ר ע ק ט ן לאָזונג איבערצוגיין צו דער „טאַט“, דאַן איז אויסדרייען זיך פון טאַט, באַרופנדיק זיך אַף „פסיכישע באַדינגונגען“ און אַף „פּראָפּאַגאנדע“ בּיכלאַל,— דאַן איז עס א לעבנסלאָזיקייט, א טויט-קייט, א רעזאָניערסטווע, אָדער א פאַראט פון דער רעוואָלוציע און א פעל-שונג אין איר. די פראַנקפורטער פּלאַפּלער פון דער דעמאָקראַטישער בורזשו-אַזיע — דאָס איז אַן אומפאַרגעסלעכער היסטאָרישער מוסטער פון אזא מין פאַראַט אָדער פון אַזאַ מין רעזאָניערישער טעמפּקייט.

ווילט איר האָבן די דערקלערונג פון דערדאָזיקער נאָפקעמינע צווישן דעם וואולגאַרן רעוואָלוציאָניזם און דעם עקיזם פון רעוואָלוציאָנערן אַף דער געשיכטע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד? מיר וועלן אייך געבן אַזא דערקלערונג. דערמאָנט זיך די יאָרן 1901—1902, וועלכע זיינען אַזוי ניט לאַנג פאַרביי און וועלכע דוכטן זיך אונז איצטער אויס, ווי עפּעס אַן אלטע לעגענדע. עס האָבן זיך אָנגעהויבן דעמאָנסטראַציעס. דער וואולגארער רעוואָלוציאָניזם האָט אויפגעהויבן אַ געשריי וועגן אַ שטורם („ראַבאָטשע דיעלאָ“), עס זיינען אַרויס „בלוטיקע בלעטלעך“ (פון בערלינער אורשפּרונג, אויב דער זיקאָרן פעלשט אין מיר ניט), מע איז אָנגעפאלן אַף דער „ליטעראַטאָרישקייט“ און אַף דעם קאַבינעטן-כאַראַקטער פון דער אידייע פון אַלרוסלענדישער אַגיטאַציע דורך אַ צייטונג (נאַדיעזשדין). דער עקיזם

פון רעוואָלוציאָנערן איז דאָן, פאַרקערט, אַרויסגעטראָטן מיט דער פריידיקונג, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף איז דער בעסטער מיטל פאַר פּאָליטישער אַגיטאַציע. ווי האָט זיך געהאַלטן די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע? זי איז אָנגעפאַלן אַף די ביידע ריכטונגען. זי האָט פאַרורטיילט דעם פּוטשיזם און די געשרייען וועגן שטורם, ווייל אַלע האָבן געזעען אָדער האָבן געדאַרפט זעען, אַז אַן אָפענע מאַסן-אַרויסטרעטונג איז אַ זאַך פון מאָרגנדיקן טאָג. זי האָט פאַרורטיילט דעם עקיזם און האָט אַרויסגעשטעלט דירעקט דעם לאָזונג אַפּילע פון אַן אַלפאָלקישן באַוואָפנטן אויפשטאַנד, ניט אין זין פון אַ דירעקטן צורוף (אַ צורוף צו אַ בונט וואָלט באַ אונז ה' סטרואווע ניט געפונען אין יענע צייטן), נאָר אין זין פון אַ נויטווענדיקן אויספיר, אין זין פון „פּראָפּאַגאַנדע‟ (וועגן וועלכער ה' סטרואווע האָט ערשט איצט דערמאָנט זיך,—ער פאַרשפּעטיקט אַלע מאָל אַף עטלעכע יאָר, אונזער געערטער ה' סטרואווע), אין זין פון צוגרייטן גראָד יענע „סאָציאַל-פּסיכישע באַדינגונגען‟, וועגן וועלכע עס ריידן איצט אַזוי „טרויעריק און אומפּאַסנד‟ די פאָרשטייער פון דער פאַרלאָרענער, הענדלערישער בורזשואַזיע. דאַן זיינען פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע ווירקלעך אַרויסגערוקט געוואָרן אַפן ערשטן פּלאַן דורך דער אָביעקטיווער זאַך-לאַגע. דאַן האָט אַלס הויפּט-אַרבעט אין צוגרייטן דעם אויפשטאַנד ווירקלעך געקאָנט אַרויסגעשטעלט ווערן (און איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אין „וואָס טאָן?‟) די אַרבעט איבער אַן אַלרוסישער פּאָליטישער צייטונג, אַ וואָכנדיקער אַרויסלאָז פון וועלכער עס האָט זיך געדאַכט אַלס אידעאַל. דאַן זיינען די לאָזונגען: מאַסן-אַגיטאַציע אנשטאָט אומיטלבאַרע באַוואָפנטע אַרויסטרעטונגען, די צוגרייטונג פון די סאָציאַל-פּסיכישע באַדינגונגען פאַר אַן אויפשטאַנד אַנשטאָט פּוטשיזם—געווען די איינציק ריכטיקע לאָזונגען פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. איצט האָבן די געשעענישן איבערגעשריטן איבער די דאָזיקע לאָזונגען, די באַוועגונג איז אַוועק פאָרויס, זיי זיינען געוואָרן ברוך, אַלטוואַרג, וועלכע טויג נאָר אַף צודעקן די אָסוואָבאָזשדענישע צוויעס און דעם ניי-איסקריסטישן עקיזם!

אָדער, עפשער, האָב איך אַ טאָעס? האָט זיך, עפשער, די רעוואָלוציע נאָך ניט אָנגעפאַנגען? איז נאָך דער מאָמענט פאַר אַן אָפענער פּאָליטישער אַרויסטרעטונג פון קלאַסן נאָך ניט געקומען? איז קיין בירגער-קריג נאָך ניטא און די קריטיק פון געווער דאַרף איצט ניט זיין דער נויטווענדיקער און אָבליגאַטאָרישער נאָכפאָלגער, יורש-פאַרענדיקער פון דער געווער פון קריטיק?

טוט אַ קוק אַרום זיך, רוקט זיך אַרויס פון קאַבינעט אַפן גאַס, אום צו ענטפערן אַף די דאָזיקע פראַגן. האָט דען די רעגירונג אַליין ניט אָנגעהויבן שוין קיין בירגער-קריג, פאַנאַנדערשיסנדיק אומעטום מאַסנווייז פרידלעכע און וואָפנלאָזע בירגער? טרעטן דען ניט אַרויס באַוואָפנטע שוואַרצע מייעס, אַלס „אַרגומענט‟ פון דער זעלבסטהערשונג? האָט דען די בורזשואַזיע—אַפּילע די בורזשואַזיע—ניט אָנערקענט די נויטיקייט פון אַ בירגערלעכער מיליציע?

רעדט דען ניט דערזעלבער הער סטרואווע, דער אידעאַל-מעסיקער און אַקו-ראַטער ה׳ סטרואווע (אַך, ער רעדט נאָר, קעדיי אַפּצורייִדן זיך!) וועגן דעם, אַז „דער אָפענער כאַראַקטער פון רעוואָלוציאָנערע טאַטן" (אַט, וועלכע מיר זיינען איצט!) איז „באַם איצטיקן מאָמענט איינע פון די וויכטיקסטע באַדינגונגען פון דער דערציאונגס-ווירקונג אַף די פאָלקסמאַסן?"

באַ וועמען עס זיינען פאַראַן אויגן אַף צו זעען, דער קען ניט צווייפלען אין דעם, ווי די אָנהענגער פון דער רעוואָלוציע דאַרפן איצט אַוועקשטעלן די פראַגע וועגן באַוואָפנטן אויפשטאַנד. טוט דאָך אַ קוק אַף ד ר יי שטעלונגען פון דערדאָזיקער פראַגע, וועלכע זיינען געגעבן אין אָרגאַנען פון פרייער פרעסע, וועלכע זיינען וויפיל ניט איז פעאיק צו ווירקן אַף די מ אַ ס ן.

די ערשטע שטעלונג. די רעזאָלוציע פון III-טן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי. עס איז אנערקענט און אָפן דערקלערט, אַז די אַלדעמאָקראַטישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט שוין געבראַכט צו דער נויטווענדיקייט פון א באַוואָפנטן אויפשטאַנד. די אָרגאַניזירונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט צוליב אַן אויפשטאַנד איז אוועקגעשטעלט אַפן טאָג-סיידער, אלס איינע פון די וויכטיקע, הויפטיקע און נויטווענדיקע פראַגן פון דער פּאַרטיי. עס איז באַאויפטראַגט געוואָרן אָנצונעמען די ענערגישסטע מיטלען אַף צו באַוואָפענען דעם פּראָלעטאַריאט און צו זיכערן די מעגלעכקייטן אומיטלבאַר אנצופירן מיטן אויפשטאַנד.

די צווייטע שטעלונג. אַ פּרינציפּיעלער אַרטיקל אין „אָסוואָבאָזשדיעניע" פון דעם „פירער פון די רוסישע קאָנסטיטוציאָנאַליסטן" (אזוי האָט ניט לאַנג אָנגערופן דעם ה׳ סטרואווע אַזאַ ווירקונגספולער אָרגאַן פון דער אייראָפּעאישער בורזשואַזיע, ווי „פראַנקפורטער צייטונג"), אָדער דעם פירער פון דער רוסישער פּראָגרעסיווער בורזשואַזיע. מיט דער מיינונג וועגן דער אומפאַרמיידלעכקייט פון אן אויפשטאַנד איז ער ניט מאַסקים. קאָנספּיראַציע און בונט—זיינען ספּעציפישע מאָסמיטלען פון דעם ניט פאַרנונפטיקן רעוואָלוציאָניזם. רעפּובליקאַניזם—איז אַ מיטל פון פאַרטויבונג. באַוואָפנטער אויפשטאַנד—איז, אייגנטלעך, נאָר אַ טעכנישע פראַגע, דאַן ווען „די סאַמע גרינדלעכע, די סאמע נויטיקע זאַך" איז די מאַסן-פּראָפּאַגאַנדע און די צוגרייטונג פון די סאָציאַל-פסיכישע באַדינגונגען.

די דריטע שטעלונג. די רעזאָלוציע פון דער ניי-איסקריסטישער קאָנפערענץ. אונזער אויפגאַבע איז צוגרייטן אַן אויפשטאַנד. די מעגלעכקייט פון אַ פּלאַנמעסיקן אויפשטאַנד איז אויסגעשלאָסן. גינסטיקע באַדינגונגען פאַר אַן אויפשטאַנד ווערן געשאַפן דורך דער דעזאָרגאַניזאַציע אין דער רעגירונג, דורך אונזער אגיטאַציע, דורך אונזער אָרגאַניזאַציע. בלויז דאַן „קאָנען באַקומען א מער אָדער ווייניקער ערנסטע באַדייטונג די טעכנישע קאמפּס-צוגרייטונגען".

און גאָר? און גאָר. צי איז דער אויפשטאנד געוואָרן נויטווענדיק, דאָס ווייסן נאך ניט די ניי-איסקריסטישע אנפירער פון דעם פּראָלעטאַריאַט. צי קאָן מען אָפּלייגן די אויפגאַבע פון אָרגאַניזירן דעם פּראָלעטאַריאַט פאַר אומיטלבארן קאַמף—איז פאַר זיי נאָך ניט קלאָר. מע דאַרף ניט רופן אָנצונעמען די

ענערגישסטע מיטלען, אסאַך וויכטיקער איז (אין 1905 און ניט אין 1902 יאָר) אויפקלערן אין אַלגעמיינע שטריכן, בא וועלכע באַדינגונגען „קענען" דידאָזיקע מאָסמיטלען באַקומען „א מער אָדער ווייניקער ערנסטע" באַדייטונג...

זעט איר איצט, כאַוויירים-נייאיסקריסטן, וואוהין עס האָט אייך געבראכט אייער אָפּוועגדונג צום מאַרטינאָוויזם? פאַרשטייט איר, אַז אייער פאָליטישע פילאָסאָפיע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן איבערגעכאַזערטע אָסוואָבאָזשדע-נישע פילאָסאָפיע? —אז איר האָט זיך אַרויסגעוויזן (קעגן אייער ווילן און קעגן אייער באוואוסטזיין) באַם עק פון דער מאָנאַרכיסטישער בורזשואַזיע? איז פאַר אייך איצטער קלאָר, אַז כאַזערנדיק דאָס אלטע און פאַרפולקומענדיק זיך אין רעזאָנירונג, האָט איר דורכגעלאָזן יענעם אומשטאַנד, וואָס,—ריידנדיק מיט די אומפּארגעסלעכע ווערטער פון דעם אומפאַרגעסלעכן אַרטיקל פון פעטער סטרואוועוו—„דער אָפענער כאַראקטער פון רעוואָלוציאָנערע האנדלונגען איז באם איצטיקן מאָמענט איינע פון די וויכטיקסטע באַדינגונגען פון דער ערציאונגס-ווירקונג אויף די פאָלקסמאַסן?"

## 9. וואס הייסט זיין אַ פּאַרטיי פון עקסטער אָפּאָזיציע אין דער צייט פון רעוואָלוציע?

לאָמיר זיך אומקערן צו דער רעזאָלוציע וועגן דער צייטווייליקער רע-גירונג. מיר האָבן באַוויזן, אַז די טאַקטיק פון די ניי-איסקריסטן באַוועגט די רעוואָלוציע ניט פאָרויס, — די מעגלעכקייט פון וואָס זיי וואָלטן געוואָלט זי-כערן מיט זייער רעזאָלוציע, — נאָר צוריק. מיר האָבן באַוויזן, אַז גראד דידאָ-זיקע טאַקטיק בינדט די הענט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין קאַמף מיט דער אומקאָנסעקוועטער בורזשואַזיע און פאַרהיט זי ניט פון אויפגעלייזט צו ווערן אין דער בורזשואזער דעמאָקראַטיע. פאַרשטייט זיך, אַז פון די פאַלשע האַנאָכעס פון דער רעזאָלוציע באַקומט זיך אַ פאַלשער אויספיר: „דערפאַר דאַרף די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע זיך ניט שטעלן קיין ציל צו פאַרכאַפן אָדער צו טיילן די מאַכט אין דער צייטווייליקער רעגירונג, נאָר זי דאַרף בלייבן אַ פּאַרטיי פון דער עקסט רעוואָלוציאָנערער אָפּאָזיציע". טוט אַ קוק אַף דער ערשטער העלפט פון דעמדאָזיקן אויספיר, וועלכע איז שאיעך צו דער שטעלונג פון די צילן. צי שטעלן די ניי-איסקריסטן אַלס ציל פון דער סאָציאַל-דעמאָ-קראַטישער טעטיקייט דעם אַנטשיידענעם זיג פון דער רעוואָלוציע איבער דעם צאַריזם? — זיי שטעלן. זיי קענען ניט ריכטיק פאָרמולירן די באַדינגונגען פאר אַן אַנטשיידענעם זיג און פאַלן אַריין אין אַן „אָסוואָבאָזשדענישער" פאָרמולי-רונג, נאָר דעם אָנגעוויזענעם ציל שטעלן זיי. ווייטער, צי פאַרבינדן זיי די צייטווייליקע רעגירונג מיט אַן אויפשטאַנד? — יאָ, זיי פאַרבינדן דירעקט, זאָגנ-דיק, אַז די צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג „גייט אַרויס פון אַ זיג-רייכן פאָלקס-אויפשטאַנד". לעסאָף, צי שטעלן זיי זיך דעם ציל אָנצופירן מיטן אויפשטאַנד? — יע, זיי דרייען זיך אויס, פונקט ווי סטרואווע, פון צו אַנער-

קענען דעם אויפשטאַנד פאַר אַ נויטווענדיקן און מאָפלייגבאַרן, נאָר זיי זאָגן
אין דערזועלבער צייט, לעהייפעך פון דעם ה׳ סטרואווע, אַז „די סאָציאַל־דע־
מאָקראַטיע שטרעבט אונטערצואוואַרפן אים (דעם אויפשטאַנד) אונטער איר וויר-
קונג און אָנפירונג און אויסצונוצן אים צוליב די אינטערעסן פון דעם אַרבע-
טער-קלאַס״. עמעס, ווי גלאַט דאָס קומט אויס? מיר שטעלן זיך דעם ציל
אונטערצוואוואַרפן דעם אויפשטאַנד פון די פּראָלעטאַרישע און פון די ניט-
פּראָלעטאַרישע מאַסן אונטער אונזער ווירקונג, אונטער אונזער אָנפירונג,
אויסצונוצן אים צוליב אונזערע אינטערעסן. מיר שטעלן זיך דעם ציל, הייסט
עס, אָנצופירן באַם אויפשטאַנד אי מיטן פּראָלעטאַריאַט, אי מיט דער רעוואָ־
לוציאָנערער בורזשואַזיע, אי מיט דער קליין-בורזשואַזיע (די „ניט-פּראָלעטאַ-
רישע גרופּעס״), ד. ה. טיילן די אָנפירונג מיטן אויפשטאַנד צווישן דער סאָ-
ציאַל־דעמאָקראַטיע און דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע. מיר שטעלן זיך
אַלס ציל דעם זיג פון אויפשטאַנד, וועלכער דאַרף ברענגען צו דער גרינדונג פון אַ
ציישווייליקער רעגירונג („וועלכע איז אַרויס פון דעם זיגרייכן פאָלקס-אויפשטאַנד״).
דעריבער... דעריבער דאַרפן מיר זיך ניט שטעלן דעם ציל צו פאַרכאַפּן
אָדער צו טיילן די מאַכט אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג!!

אונזערע פריינד קענען בעשום אויפן ניט צונויפפירן איין עק מיט דעם
צווייטן עק. זיי וואַקלען זיך צווישן דעם שטאַנדפּונקט פון ה׳ סטרואווע, וועל-
כער רעדט אָפּ פון אַן אויפשטאַנד, און דעם שטאַנדפּונקט פון דער רעוואָלו-
ציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע רופט צו נעמען זיך פאַר דערדאָזיקער
אומאָפּלייגבאַרער אויפגאַבע. זיי וואַקלען זיך צווישן דעם אַנאַרכיזם, וועלכער
פאַרורטיילט פּרינציפּיעל, אַלס אַ פאַראַט בעניגייע דעם פּראָלעטאַריאַט, יעדן
אָנטייל אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, און צווישן דעם
מאַרקסיזם, וועלכער פאָדערט אזא אָנטייל באַ דער באַדינגונג פון אַן אָנפירנדי-
קער ווירקונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אָפּן אויפשטאַנד.*) באַ זיי איז
ניטאָ קיין שום זעלבשטענדיקע פּאָזיציע: ניט די פּאָזיציע פון דעם ה׳ סטרואווע,
וועלכער ווינשט צונויפדינגען זיך מיטן צאַריזם און דאַרף דעריבער אויסדרייען
זיך אין דער פראַגע וועגן אויפשטאַנד; — ניט די פּאָזיציע פון די אַנאַרכיסטן,
וועלכע פאַרורטיילן יעדע האַנדלונג „פון אויבן״ און יעדן אָנטייל אין דער בורזשו-
אַזער רעוואָלוציע. די נײַ-איסקריסטן מישן צוזאמען א פשאָרע מיטן צאַריזם מיט
א זיג איבער דעם צאַריזם. זיי ווילן אנטייל נעמען אין דער בורזשואזער רעוואָלו־
ציע. זיי זיינען אַביסל אַוועק פאָרויס פון מאַרטינאָווס „צוויי דיקטאַטורן״. זיי
זיינען אַפילע מאַסקים אָנצופירן מיטן אויפשטאַנד פון פאָלק, — מיטן באַדינג, אַז
זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון דערדאָזיקער אָנפירונג טייקעף נאָכן זיג (אָדער, עפשער,
אומיטלבאַר פאַרן זיג?), דאָס הייסט, מיטן באַדינג, אז זיי זאָלן זיך
ניט באַנוצן מיט די פרוכטן פון דעם זיג, נאָר זיי זאָלן די
פרוכטן אָפּגעבן אינגאַנצן דער בורזשואַזיע. דאָס רופן זיי אַן „אויסנוצן דעם
אויפשטאַנד צוליב די אינטערעסן פון אַרבעטער-קלאַס״...

*) זע „פּראָלעטאַרי״ נומ. 3 „וועגן דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג״, צווי-
טער אַרטיקל. (זע זייט 100 פון דעמדאָזיקן באַנד. רעד.)

אָפּשטעלן זיך לענגער אַף דעמדאָזיקן פּלאָנטער איז ניט נויטיק. נוצלעכער איז צו באַטראַכטן די אָפּשטאַמונג פון דעמדאָזיקן פּלאָנטער אין דער פאָרמולירונג, וועלכע לויטעט: „בלייבן אַ פּאַרטיי פון דער עקסטער רעוואָלוציאָנערער אָפּאָזיציע“.

פאַר אונז איז איינע פון די באַקאַנטע האַנאָכעס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דאָס איז אַ פולקום ריכטיקע האַנאָכע. זי איז אַנערקענט פון אַלע קעגנער פון רעוויזיאָניזם אָדער אפּאָרטוניזם אין די פאַרלאַמענטישע לענדער. זי האָט באַקומען בירגער-רעכט, אַלס געזעצלעכער און נויטיקער ווידערשטאַנד דעם „פאַרלאַמענטישן קרעטיניזם“, דעם מיליעראַניזם, דעם בערנשטייניזם, דעם איטאַליענישן רעפאָרמיזם אין גייסט פון טוראַטי. אונזערע גוטע ניי-איסקריסטן האָבן אויסגעלערנט אַף אויסווייניק דידאָזיקע גוטע האַנאָכע און ווענדן זי פלייסיק אָן... גאָר ניט אַפן פּאַסיקן אָרט. קאַטעגאָריעס פון פאַרלאַמענטישן קאַמף ווערן אַריינגעשטעלט אין רעזאָלוציעס, וועלכע זיינען געשריבן פאַר אַזעלכע באַדינגונגען, ווען קיין שום פאַרלאַמענט איז גאָר ניטאָ. דער באַגריף „אָפּאָזיציע“, וועלכער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אָפּשפיגלונג און אַן אויסדרוק פון אַזאַ פּאָליטישער סיטואַציע, ווען ווען אַן אויפשטאַנד רעדט קיינער ניט ערנסט, — דערדאָזיקער באַגריף ווערט זינלאָז איבערגעטראָגן אַף אַ סיטואַציע, ווען דער אויפשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבן און ווען ווען דער אָנפירונג מיט אים טראַכטן אוןריידן אַלע אנהענגער פון דער רעוואָלוציע. דער וואונש צו „בלייבן“ באַ דעם, וואָס פריער, דאָס הייסט, באַ דער ווירקונג בלויז „פון אונטן“, ווערט אַרויסגעזאָגט מיט פּאָמפּע און מיט אַ קנאַק גראַד דאַן, ווען די רעוואָלוציע האָט אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן דער נויטווענדיקייט, באַ דעם זיג פון דע אויפשטאַנד, צו ווירקן „פון אויבן“.

ניין, עס גייט לאַכלושן ניט אונזערע ניי-איסקריסטן! אַפ ע דאַן, ווען זיי פאָרמולירן שוין אַ ריכטיקע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע האַנאָכע, קענען זיי זי ניט ריכטיק אָנווענדן. זיי האָבן ניט קיין טראַכט געטאָן, ווי ע ווערן אומגעאַנדערשט און ווי עס פאַרוואַנדלען זיך אין זייער קעגנזאַץ די באַגריפן און טערמינען פון פאַרלאַמענטישן קאַמף אין דער עפּאָכע פון אַן אָנפאַנגענדער רעוואָלוציע, ווען קיין פאַרלאַמענט איז ניטאָ, און ווען עס איז פאַראַן אַ בירגער-קריג, ווען עס זיינען פאַראַן אויפשטאַנד-אויפברויזן. זיי האָבן ניט קיין טראַכט געטאָן, אַז באַ די באַדינגונגען, וועגן וועלכע עס האַנדלט זיך ווערן אויסבעסערונגען פאָרגעשלאָגן דורך גאַסן-דעמאָנסטראַציעס, ווערן אינטערפּעליאַציעס אַריינגעטראָגן דורך אָנגרייפס-טאַטן פון באַוואָפנטע בירגער און אַז די אָפּאָזיציע דער רעגירונג ווערט פאַרווירקלעכט דורך דעם איבערגעוואַלטיקן אומשטורץ פון דער רעגירונג.

ווי דער באַרימטער העלד פון אונזער פאָלקס עפּאָס פלעגט איבערכאַזערן גוטע אייצעס גראָד דאַן, ווען זיי פלעגן גאָר ניט פּאַסן, אַזוי כאַזערן אויך איבער אונזערע פאַרערער פון מאַרטינאָוון די לעקציעס פון פרידלעכן פאַרלאַמענטאַריזם גראָד דאַן, ווען זיי אַליין קאָנסטאַטירן דעם אָנהויב פון די-

רעקטע קריגס אָפּעראַציעס. עס קען ניט געבן קיין מער לעכערלעכעס, ווי דאָסדראָזיקע אַרויסרוקן, מיט אַן ערנסטן פּאָנים, דעם לאָזונג: „עקסטע אָפּאָזי-ציע" אין אַ רעזאָלוציע, וועלכע הויבט זיך אָן מיט דער אָנווייזונג אַף אַן „אנטשיידענעם זיג פון דער רעוואָלוציע", אַף „אַ פאָלקס-אויפשטאַנד"! באַ-גרייפט נאָר, מיינע הערן, וואָס באַטייט עס פארשטעלן מיט זיך די „עקסטע אָפּאָזיציע" אין דער עפּאָכע פון אויפשטאַנד? באַטייט עס דעמאַסקירן די רע-גירונג אָדער אַראָפּוואַרפן זי? באַטייט עס שטימען קעגן דער רעגירונג אָדער ברענגען אַ מאַפּאָלע זיינע מיליטער-קרעפטן אין אַן אָפענער שלאַכט? באַטייט עס אָפּזאָגן דער רעגירונג צו פאַרגרעסערן זיינע פינאַנץ-מיטלען, אָדער דאָס באַטייט פאַרכאַפּן דידאָזיקע פינאַנץ-מיטלען, קעדיי אויסצונוצן זיי אַף די נויטן פון אויפשטאַנד, אַף דער באַוואָפענונג פון די ארבעטער און פויערים, אַף צו-נויפרופן די גרינדונגס-פאַרזאמלונג? הויבט איר שוין עפשער אָן צו פארשטיין, מיינע הערן, אז דער באגריף „עקסטע אָפּאָזיציע" דריקט אויס בלויז נעגאטיווע טאטן, — דעמאסקירן, וואָטירן קעגן, אָפּזאָגן? פאר וואָס איז דאָס? דערפאר ווייל דערדאָזיקער באגריף האָט א שאיכעס בלויז צום פאַרלאַמענטישן קאַמף און דערצו נאָך אין אַזא עפּאָכע, ווען קיינער שטעלט ניט אַלס אומיטלבאַרן ציל פון קאַמף דעם „אַנטשיידענעם זיג". הויבט איר שוין עפשער אָן צו פאַר-שטיין, אַז דער איניען בייט זיך אין דעמדאָזיקן הינזיכט קארדינאל פון יענעם מאָמענט, ווען עס הויבט זיך אָן אַף דער גאַנצער ליניע אַן אַנטשלאָסענער אָנגריף פון דעם פּאָליטיש אונטערדריקטן פאָלק צוליב אַ שרעקלעכן קאַמף פאַרן זיג?

די אַרבעטער פרעגן אונז, צי דאַרף מען ענערגיש נעמען זיך פאַר דעם אומאָפּלייגבאַרן איניען פון אויפשטאַנד? וואָס טוט מען, אַז דער אויפשטאַנד וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן, זאָל זיין אַ זיגרייכער? ווי זאָל מען זיך באַנוצן מיטן זיג? וועלכע פראָגראַם קאָן מען און מע דאַרף דאַן פאַרווירקלעכן? די פאַרטיפערער פון מאַרקסיזם, די ניי-איסקריסטן, ענטפערן: בלייבן אַ פאַרטיי פון דער עקסטער רעוואָלוציאָנערער אָפּאָזיציע... נו, זיינען מיר דען ניט גערעכט געוועזן, ווען מיר האָבן אָנגערופן דידאָזיקע העלדן פאַר קינסטלער פון פי-ליסטערטום?

## 10. „רעוואָלוציאָנערע קאָמונעס" און די רעוואָלוציאָנער-דעמאָ-קראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פויערטום.

די קאָנפערענץ פון די ניי-איסקריסטן האָט זיך ניט איינגעהאַלטן אַף דער אַנאַרכיסטישער פּאָזיציע, צו וועלכער עס האָט זיך דערעדט די נייע „איסקרא" (נאָר „פון אונטן" און ניט „פון אונטן און פון אויבן"). די אומגעלומפּערטקייט פון רעכענען זיך מיט דער מעגלעכקייט פון אַן אויפשטאַנד און ניט רעכענען זיך מיט דער מעגלעכקייט פון אַ זיג און דעם אָנטייל אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג האָט זיך צופיל אין די אויגן געוואָרפן. די רעזאָ-

לוציע האָט דעריבער אַריינגעבראַכט באַמערקונגען און באַגרעניצונגען אין מאַרטינאָווס און מאַרטאָווס לייזונג פון דער פראַגע. לאָמיר באַטראַכטן די באַמערקונגען, וועלכע זיינען אויסגעדריקט אין דעם פאָלגנדיקן טייל פון דער רעזאָלוציע:

„דידאַזיקע טאַקטיק („בלייבן אַ פּאַרטיי פון דער עקסטער רעוואָלוציאָנערער אָפּאָזיציע") שליסט אינגאַנצן, פאַרשטייט זיך, ניט אויס די צוועקמעסיקייט פון טיילווייזן, עפּיזאָדישן פאַרכאַפּן די מאַכט און בילדן רעוואָלוציאָנערע קאָמונעס אין דער אָדער יענער שטאָט, אין דעם אָדער יענעם ראַיאָן, אויסשליסלעך אין די אינטערעסן פון מיטווירקן דער פאַרשפּרייטונג פון אויפשטאַנד און דער דעזאָרגאַניזירונג פון דער רעגירונג".

אויב אַזוי, הייסט עס, אַז אין פּרינציפּ ווערט דערלאָזן די האַנדלונג ניט נאָר פון אונטן, נאָר אויך פון אויבן. הייסט עס, אַז די האַנאָכע, וועלכע איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אין דעם באַרימטן פעליעטאָן פון ל. מאַרטאָוו, אין „איסקראַ" נומ. 83, ווערט אָפּגעוואָרפן און עס ווערט אנערקענט פאַר ריכטיק די טאַקטיק פון דער צייטונג „ווּפּעריאָד": ניט נאָר „פון אונטן", נאָר אויך „פון אויבן".

ווייטער, דאָס פאַרכאַפּן פון דער מאַכט (זאָל זיין אַפילע אַ טיילווייזעס, עפּיזאָדישעס און אַז. וו.) זעצט פאָרויס, וואַרשיינלעך, דעם אָנטייל ניט נאָר פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַליין און ניט נאָר פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַליין. דאָס איז אַ פּויעל-יוצא דערפון, וואָס אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע איז פאַראינטערעסירט און נעמט אַן אָנטייל ניט בלויז דער פּראָלעטאַריאַט אַליין. דאָס איז אַ פּויעל-יוצא דערפון, וואָס דער אויפשטאַנד איז אַ „פאָלקישער", ווי עס ווערט געזאָגט אין אָנהויב פון דער רעזאָלוציע, וועלכע מיר באַטראַכטן, וואָס אין אים נעמען אַן אָנטייל אויך „ניט פּראָלעטאַרישע גרופּעס" (דער אויסדרוק פון דער רעזאָלוציע פון די קאָנפערענטן וועגן אויפשטאַנד), ד. ה. אויך די בורזשואַזיע. הייסט דאָס, יענער פּרינציפּ, אַז יעדער אָנטייל פון סאָציאַליסטן צוזאַמען מיט דער קליין בורזשואַזיע אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג איז אַ פאַראַט בענוגייע דעם אַרבעטער קלאַס, איז דורך דער קאָנפערענץ אַרויסגעוואָרפן איבערן באָרט, ווי דאָס האָט זיך דערשלאָגן דער „ווּפּעריאָד". אַ רעגירונג הערט ניט אויף צו זיין אַ רעגירונג דערפון, וואָס איר מאַכט ווערט פאַרשפּרייט ניט אַף אַסאַך שטעט, נאָר אַף איין שטאָט, ניט אַף אַסאַך ראַיאָנען, נאָר אַף איין ראַיאָן, און אויך דערפון, ווי דידאָזיקע רעגירונג רופט זיך אָן. אַף אַזאַ אויפן איז פון דער פּרינציפּיעלער שטעלונג פון דער פראַגע, וועלכע עס האָט געפּרואווט געבן די נייע „איסקראַ", די קאָנפערענץ אַוועק.

לאָמיר אַ קוק טאָן, צי זיינען פאַרנונפטיק יענע באַגרעניצונגען, וועלכע די קאָנפערענץ שטעלט דער איצט פּרינציפּיעל דערלאָזבאַרער בילדונג פון רעוואָלוציאָנערע רעגירונגען און דעם אָנטייל אין זיי. וואָס איז דער אונטערשייד צווישן דעם באַגריף „עפּיזאָדישער" און דעם באַגריף „צייטווייליקער", ווייסן מיר ניט. מיר האָבן מוירע, אַז מיט דעם פרעמדן און „נייעם" וואָרט ווערט דאַ צו-

געדעקט בלויז די אָפּוועזנהייט פון אַ קלאָרן געדאַנק. דאָס דוכט זיך „טיפּער", און אין דערעמעסן איז דאָס נאָר פינסטערער און געפּלאָנטערטער. וואָס איז די נאַפּקעמינע צווישן דער „צוועקמעסיקייט" פון אַ טיילווייזן „פאַרכאַפּן די מאַכט" אין אַ שטאָט אָדער אַ ראַיאָן און דעם אָנטייל אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג פון דער גאַנצער מלוכע? איז דען צווישן די „שטעט" ניטאָ אַזאַ, ווי פּעטערבורג, וואו עס האָט פּאַסירט דער 9-טער יאַנוואַר? איז דען צווישן די ראַיאָנען ניטאָ קאַווקאַז, וועלכע איז גרעסער פון אַסאַך מלוכעס? שטייען דען ניט אויף פאַר אונז די אויפגאַבן (וועלכע האָבן אַמאָל אין פאַרלעגנהייט געבראַכט די נייע „איסקרא") פון באַגיין זיך מיט די טורמעס, מיט דער פּאָליציי, מיט דער קאַזנאַטשייסטווע אוקעדוימע, אוקעדוימע, באַם פאַרכאַפּן די מאַכט אַפילע אין איין שטאָט, ניט ריידנדיק שוין וועגן אַ ראַיאָן? קיינער וועט ניט לייקענען, פאַרשטייט זיך, אַ באַ דעם פעלן פון קויכעס, אַז באַ אַ ניט פולן דערפאָלג פון דעם אויפשטאַנד, באַ אַ ניט אַנטשיידענעם זיג זיינעם זיינען מעגלעך טיילווייזע. שטאָטישע און ד. גל. צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונגען. נאָר אַקעגן וואָס איז דאָס, מיינע הערן? רעדט איר דען ניט אַליין אין אָנהויב פון דער רעזאָלוציע וועגן אַן „אַנטשיידענעם זיג פון דער רעוואָלוציע", וועגן אַ „זיגרייכן פאָלקס אויפשטאַנד"?? פון ווען אָן נעמען דאָס אַף זיך די סאָציאַל-דעמאָקראַטן די אואוודע פון אנארכיסטן: צעברעקלען די אויפמערקזאמקייט און די צילן פון דעם פּראָלעטאַריאַט? ווענדן אים אַף „טיילווייזעס", און ניט אַף אלגעמיינעס, איינהייטלעכעס, גאַנצעס און פולעס? פאָרויסזעצנדיק „דאָס פאַרכאַפּן פון דער מאכט" אין א שטאָט, רעדט איר אליין וועגן דער „פארשפרייטונג פון דעם אויפשטאנד"—אַף אן אַנדער שטאָט, דערוועגן מיר זיך צו דענקען? אַף אלע שטעט, איז דערלויבט צו האָפן? אייערע אויספירן, מיינע הערן, זיינען פונקט אזוי וואקלדיק און צופעליק, ווידערשפּרעכיק און געפּלאָנטערט, ווי אייערע האַנאָכעס. רער דריטער צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פּ. האָט געגעבן אַן אויסשעפּנדיקן און קלאָרן ענטפער וועגן דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג ביכלאַל. דערדאָזיקער ענטפער נעמט אַרום אויך אַלע טיילווייזע צייטווייליקע רעגירונגען. דער ענטפער פון דער קאָנפערענץ אָבער דרייט זיך בלויז אויס (נאָר ניט געלונגען) פון דער פראַגע איינגאַנצן און טראָגט אַריין אַ מישמאַש דורך דעם, וואָס זי טיילט אויס קינסטלעך און ווירקירלעך אַ טייל פון דער פראַגע.

וואָס באַדייט „רעוואָלוציאָנערע קאָמונעס"? שיידט זיך אונטער דערדאָזיקער באַגריף פון אַ „צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג"? און אויב יאָ, איז מיט וואָס? דאָס ווייסן די הערן קאָנפערענטן אַליין ניט. דער פלאָנטער פון רעוואָלוציאָנערן געדאַנק ברענגט באַ זיי, ווי דאָס טרעפט זייער אָפט, צו דער רעוואָלוציאָנערער פראַזע. יאָ, דאָס באַנוצן פון וואָרט „רעוואָלוציאָנערע קאָמונע" איז אַ רעוואָלוציאָנערע פראַזע און ניט מער. מאַרקס האָט ניט איין מאָל פאַרורטיילט אַזעלכע מינים מעליצעס, ווען הינטער דעם באַצויבערנדן טערמין פון דעם אָפּגעלעבטן אָווער באַהאַלט מען די אויפגאַבן

פון דער צוקונפט. דער צויבער פון אַ טערמין, וועלכער האָט שוין אויסגעפּילט
זיין ראָלע אין דער געשיכטע, פאַרוואַנדלט זיך אין אַזעלכע פאַלן אין פּוסטע
און שעדלעכע פליטער-גאָלד, אין אַ קינדער-פּייקל. מיר דאַרפן געבן די אַר-
בעטער און דעם גאַנצן פאָלק אַ קלאָרן און ניט צווייטייטיקן באַגריף וועגן
דעם, צוליב וואָס מיר ווילן די גרינדונג פון אַ צייטווייליקער רעוואָלו-
ציאָנערער רעגירונג? וועלכע איבעראַנדערשונגען וועלן מיר
נעמלעך פאַרווירקלעכן, אויב מיר וועלן אַף אַן אַנטשיידענעם אויפן ווירקן
אַף דער מאכט מאָרגן שוין, באַ דעם זיגרייכן אויסגאַנג פון דעם שוין אָנגע-
פאַנגענעם פאָלקס-אויפשטאַנד? אָט זיינען די פראגן, וועלכע שטייען פאַר די
פּאָליטישע אָנפירער.

דער דריטער צוזאַמענפאַר פון דער ר. ס. ד. א. פּ. ענטפערט אַף דידאָ-
זיקע פראגן מיט דער פולסטער קלאָרקייט, געבנדיק די פולע פּראָגראַם פון
דידאָזיקע איבעראַנדערשונגען: אונזער פּאַרטייאישע מינימום-פּראָגראַם. און
דאָס וואָרט „קאָמונע” גיט קיין שום ענטפער ניט, פּאַרטונקעלנדיק דעם קאָפּ
מיט עפּעס א וויטן קלאַנג... אָדער מיט פּוסטער קלינגעריי. וואָס טייערער
פאַר אונז, וועלן מיר זאָגן, איז די פּאַריזער קאָמונע פון 1871 יאָר, אַלץ ניט
דערלאָזבאַרער איז צו טוימען זיין זיך אַף איר, אָן צו דערלערנען אירע פע-
לערן און אירע באַזונדערע באַדינגונגען. אזוי האַנדלען וואָלט באַדייט איבער-
כאַזערן דעם אומזיניקן ביישפּיל פון די פון ענגעלסן אויסגעלאַכטע בלאַנקיסטן
וועלכע פלעגן פאַרערן (אין 1874 יאָר, אין זייער „מאַניפעסט”) יעדן אַקט פון
דער קאָמונע. וואָס וועט זאָגן אַ קאָנפערענט אַן אַרבעטער, ווען ער וועט באַ
אים פרעגן וועגן דערדאָזיקער רעוואָלוציאָנערער קאָמונע, וועלכע איז
דערמאָנט אין דער רעזאָלוציע? ער וועט אים קענען זאָגן בלויז דאָס, אַז אין
דער געשיכטע איז אונטער דעמדאָזיקן נאָמען באַקאַנט אַזאַ אַרבעטער רעגי-
רונג, וועלכע איז ניט אימשטאַנד געווען און ניט געקאָנט דאַן אונטערשיידן
די עלעמענטן פון א דעמאָקראַטישער און פון א סאָציאַליסטישער איבערקע-
רעניש, וועלכע האָט צונויפגעמישט די אויפגאַבן פון קאַמף פאַר א רעפּובליק
מיט די אויפגאַבן פון קאַמף פאַר סאָציאַליזם, וועלכע איז ניט אימשטאַנד גע-
ווען צו לייזן די פראגע פון אַן ענערגישן מיליטערישן אָנגריף אַף ווערסאַל,
וועלכע האָט באַגאַנגען א פעלער און האָט ניט פאַרכאַפּט דעם פראַנצויזישן
באַנק א. אַז. וו. מיט איין וואָרט,—צי וועט איר זיך טוימען זיין אין אייער
ענטפער אַף דער פּאַריזער אָדער אַף אַ וועלכער ניט איז אַנדערע קאָמונע,
אייער ענטפער וועט זיין: דאָס איז געווען אַזאַ רעגירונג, א וועלכע אונ-
זערע דאַרף ניט זיין. א גוטער ענטפער, ניטאָ וואָס צו ריידן! צי זאָגט
דאָס ניט איידעס אַף דעם מוסער פון א באַלקריע און אַף דער הילפסלאָ-
זיקייט פון א רעוואָלוציאָנער, ווען די פּראַקטישע פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי
ווערט פאַרשוויגן און ווען איינגאַנצן אומפּאַסיק הויבט זיך אָן אין א רעזאָלו-
ציע געשיכטע-אונטעריכט? צי באַווייזט דאָס ניט גראַד יענעם פעלער, זיין
וועלכן מע האָט אונז אומגעלונגען געוואָלט באַשולדיקן: די צונויפמישונג פון

דער דעמאָקראַטישער און סאָציאַליסטישער איבערקערענישן, צווישן וועלכע קיין איין קאָמונע האָט קיין אונטערשייד ניט געמאַכט.

אַלס ציל פון דער צייטווייליקער רעגירונג (וועלכע איז אַזוי אומפּאַסנדיק אָנגערופן קאָמונע) ווערט אַרויסגעשטעלט „אויסשליסלעך“ די פאַרשפּרייטונג פונם אויפשטאַנד און די דעזאָרגאַניזירונג פון דער רעגירונג. דערדאָזיקער „אויסשליסלעך“ באַזייטיקט, לויטן בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, יעדע אַנדערע אויפגאַבן, פאַרשטעלנדיק מיט זיך אַן אָפּגרעבץ פון דער אומזיניקער טעאָריע „נאָר פון אונטן“. אַזאַ מין באַזייטיקונג פון אַנדערע אויפגאַבן איז ווידער טאַקע אַ קורצזיכטיקייט און אַן אומבאַקלערטקייט. די „רעוואָלוציאָנערע קאָמונע“, ד. ה. די רעוואָלוציאָנערע מאַכט, זאָל זיין אַפילו אין איין שטאָט, וועט אומפאַרמיידלעך דאַרפן אויספילן (זאָל זיין אַפילו צייטווייליק, „טיילווייז, עפּיזאָדיש“) אַלע מלוכה איניאָנים, און באַהאַלטן דאָ דעם קאָפּ אונטערן פליגל—איז העכסט ניט פאַרנונפטיק. דידאָזיקע מאַכט וועט דאַרפן סיי אַן אַכט-שאָעדיקן אַרבעטס-טאָג דורכפירן דורכן געזעץ, אי אַן אַרבעטער אינספּעקציע איבער די פאַבריקן באַשאַפן, אי אומזיסטיקע אַלגעמיינע בילדונג אוועקשטעלן, סיי די געווײלטקייט פון די ריכטער איינפירן, אי פויערים-קאָמיטעטן גרינדן א. אַז. וו. —מיט איין וואָרט, אַ ריי רעפאָרמען וועט זי דאַרפן דורכפירן אומבאַדינגט, אונטערפירן דידאָזיקע רעפאָרמען אונטערן באַגריף „מיטווירקן דער פאַרשפּרייטונג פון אויפשטאַנד“ וואָלט געהייסן שפּילן מיט ווערטער און בעקיוון פאַרשטאַרקן די אומקלאָרקייט דאָרט, וואו עס איז נויטיק אַ פולע קלאָרקייט.

---

דער שלוס-טייל פון דער ניי-איסקריסטישער רעזאָלוציע גיט ניט קיין נייעם מאַטעריאַל פאַר דער קריטיק פון די פּרינציפּיעלע טענדענצן פון דעם אויפגעלעבטן „עקאָנאָמיזם“ אין אונזער פּאַרטיי, נאָר ער אילוסטרירט אַביסל פון אַן אַנדער זייט דאָס אויבנגעזאָגטע.

אָט איז דערדאָזיקער טייל:

„בלויז אין איין פאַל וואָלט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע געדאַרפט לויט איר איניציאַטיוו ווענדן אירע באַמיאונגען דערויף, אַף צו באַהערשן די מאַכט און וואָס לענגער איינהאַלטן זי אין אירע הענט,—נעמלעך אין יענעם פאַל, ווען די רעוואָלוציע וואָלט זיך איבערגעוואָרפן אַף די פאָרגעשריטענע לענדער פון מאַיריעוו-איראָפּע, אין וועלכע עס האָבן שוין דערגרייכט אַ געוויסע (?) רייפקייט די באַדינגונגען פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם. אין דעמדאָזיקן פאַל קענען די באַגרעניצטע היסטאָרישע ראַמען פון דער רוסישער רעוואָלוציע באַדייטנד פאַנאַנדערגערוקט ווערן און עס וועט דערשיינען די מעגלעכקייט אַרויסצוטרעטן אַפן וועג פון סאָציאַליסטישע אומבילדונגען.

„בויענדיק איר טאַקטיק מיט אַזאַ רעכענונג, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע זאָל פאַר זיך איינהיטן אין לויף פון דעם גאַנצן רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד די לאַגע פון אַן עקסטער רעוואָלוציאָנערער אָפּאָזיציע בענוגייע צו אַלע רעגירונגען, וועלכע בייטן זיך אין דעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע, קען די סאָ-

ציאל-דעמאקראַטיע בעסער פון אַלץ צוגרייטן זיך צו אויסנוצן די רעגירונגס-מאַכט, אויב זי וועט אריינפאַלן (??) אין אירע הענט".

דער גרונט-געדאַנק איז דאָ דער, וועלכן עס האָט ניט איינמאָל פאָרמולירט „וופּעריאָד", וואס האט געזאָגט, אז מיר דאַרפן ניט מוירע האָבן (ווי עס האט מוירע מארטינאָוו) פאַר קיין פולקומען זיג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דער דעמאקראטישער רעוואלוציע, ד. ה. פאַר דער רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראטישער דיקטאטור פון דעם פּראָלעטאריאט און פויערטום, ווייל אזא זיג וועט אונז געבן די מעגלעכקייט אויפצוהויבן אייראָפּע, און דער אייראָפּעאישער סאציאליסטישער פּראָלעטאריאט, אראָפּוואַרפנדיק פון זיך דעם יאָך פון דער בורזשואזיע, וועט אונז פון זיין זייט העלפן צו מאַכן די סאָציאליסטישע איבערקערעניש. נאָר טוט אַ קוק, ווי פאַרערגערט איז דערדאָזיקער געדאַנק אין דער רעדאַקציע פון די ניי-איסקריסטן. מיר וועלן זיך ניט אָפּשטעלן אַף פּראָטים, — אַף דעם אומזין, אַז די מאַכט קען קלוימערשט „אריינפאַלן" אין די הענט פון א באַוואוסטזיניקער פאַרטיי, וועלכע רעכנט פאַר א שענדלעכע טאקטיק דאס פאַרכאַפּן פון דער מאַכט, — אף דעם, אז אין אייראָפּע האָבן די באַדינגונגען פארן סאָציאליזם דערגרייכט ניט קיין געוויסע רייפקייט, נאָר א רייפקייט ביכלאַל, — אַף דעם, אז אונזער פאַרטיי-פּראָגראם ווייס ניט פון קיין שום סאָציאליסטישע איבעראַנדערשונגען, נאָר זי ווייס בלויז פון אַ סאָציאַליסטישער איבערקערעניש. לאמיר נעמען די הויפּט-און גרונט-נאַפקעמינע צווישן דעם געדאַנק פון „וופּעריאד" און דער רעזאלוציע. דער „וופּעריאד" האט אָנגעוויזן דעם רעוואלוציאנערן פּראָלעטאריאט פון רוסלאנד אַן אקטיווע אויפגאַבע: זיגן אין דעם קאַמף פאַר דעמאָקראטיע און אויסנוצן דעם דאָזיקן זיג אַף אריבערטראָגן די רעוואלוציע אין אייראָפּע. די רעזאָלוציע פאַרשטייט ניט דעמדאזיקן צוזאַמענהאַנג פון אונזער „אנטשיידענעם זיג" (ניט אין דעם ניי-איסקריסטישן זין) מיט דער רעוואלוציע אין אייראָפּע און רעדט דעריבער ניט וועגן די אויפגאַבן פון דעם פּראָלעטאריאט, ניט וועגן די פּערספּעקטיוון פון זיין זיג, נאָר וועגן איינע פון די מעגלעכקייטן ביכלאַל: „אויב די רעוואלוציע וואלט זיך איבערגעוואָרפן"... „וופּעריאד" האט אָנגעוויזן דירעקט און באַשטימט — און דידאָזיקע אנווייזונגען זיינען אריין אין דער רעזאָלוציע פון III-טן צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פּ. — ווי נעמלעך קען מען און מע דאַרף „אויסנוצן די רעגירונגס-מאַכט" אין די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאט, רעכענענדיק זיך מיט דעם, וואס קען מען פאַרווירקלעכן טייקעף באַ דער געגעבענער שטופע פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג און וואָס איז נויטיק צו פאַרווירקלעכן אַפריער, אלס א דעמאָקראטישע פאָרהאַנאָכע פון דעם קאַמף פארן סאָציאַליזם. די רעזאָלוציע שלעפּט זיך אויך דאָ האָפנונגסלאָז באַם עק, זאָגנדיק „זי קען צוגרייטן זיך צום אויסנוצן", נאָר ניט קענענדיק זאָגן, ווי זי קען, ווי צוגרייטן זיך, צום וועלכן אויסנוצן. מיר צווייפלען ניט, לעמאָשל, אין דעם, אַז די ניי-איסקריסטן „קענען זיך צוגרייטן אויסצונוצן" די אָנפירנדיקע לאַגע אין דער פאַרטיי, נאָר די מאַיסע איז דאס, וואס ביז איצט גיט קיין האָפענונג ניט זייער דערפאַרונג פון דעמדאָזיקן

אויסנוצן און זייער צוגרייטונג, אַז די מעגלעכקייט זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אווירקלעכקייט.

דער „וופעריאד” האט געזאגט קלאָר, אין וואָס נעמלעך באַשטייט די רעאַלע „מעגלעכקייט איינצוהאַלטן די מאַכט אין אירע הענט”, — אין דער רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאריאט און פּויערטום, אין זייער בעשוטפעסדיקער מאַסן-קראַפט, וועלכע איז פעאיק איבערצואָוועגן אַלע קויכעס פון דער קאָנטר-רעוואָלוציע, אין דער אומפארמיידלעכער צוזאַמענפאַלונג פון זייערע אינטערעסן בענויגייע די דעמאָקראַטישע איבעראַנדערשונגען. די רעזאָלוציע פון דער קאָנפערענץ גיט אויך דאָ גאָר־ניט פּאָזיטיוועס, אויסדרייענדיק זיך נאָר פון דער פראַגע. די מעגלעכקייט איינצוהאַלטן די מאַכט אין רוסלאַנד ווערט דאָך באַשטימט דורכן צוזאַמענשטעל פון די סאָציאַלע קויכעס פון רוסלאַנד זעלבסט, דורך די באַדינגונגען פון דער דעמאָקראטישער איבערקערעניש, וועלכע קומט איצט פאָר באַ אונז. דער זיג פון דעם פּראלעטאריאט אין אייראָפּע (פון דעם, וואָס די רעוואָלוציע וועט איבערגעטראָגן ווערן אין אייראָפּע, ביז דעם זיג פון דעם פּראָלעטאריאט איז נאָך א היפשער מעהאַלעך) וועט דאָך ארויסרופן א שרעקלעכן קאָנטר-רעוואלוציאָנערן קאַמף פון דער רוסישער בורזשואזיע, — די רעזאלוציע פון די נײַ-איסקריסטן זאָגט קיין וואָרט ניט וועגן דעמדאָזיקן קאָנטר-רעוואלוציאנערן קויעך, די באַדייטונג פון וועלכן איז אָפּגעשאַצט אין דער רעזאָלוציע פון III-טן צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פּ. אויב מיר וואָלטן זיך ניט געקאָנט אָנשפארן אויסער דעם פּראלעטאריאַט אויך אַף דעם פּויערטום אין דעם קאַמף פאַר א רעפּובליק און פאַר דעמאקראטיע, דאַן וואלט די זאַך פון „איינהאַלטן די מאַכט” געווען א האָפענונגסלאָזע. און אויב זי איז ניט האָפענונגסלאָז, אויב דער „אַנטשיידענער זיג איבער דעם צאַריזם” עפנט אויף אזא מעגלעכקייט, — דאַן דאַרפן מיר אָנווייזן אַף איר, אַקטיוו רופן צו פאַרוואַנדלען זי אין אַ ווירקלעכקייט, געבן פּראַקטישע לאָזונגען ניט נאָר אַפן פאַל, אויב די רעוואלוציע וועט זיך איבערטראָגן אין אייראָפּע, נאָר אויך אַף איבערטראָגן זי. באַ די עקיסטן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז די באַרופונג אַף די „באַגרעניצטע היסטאָרישע ראַמען פון דער רוסישער רעוואָלוציע” פאַרדעקט נאָר די באַגרעניצטקייט פון דעם פאַרנעם פון די אויפגאַבן פון דערדאָזיקער דעמאקראטישער רעוואלוציע און פון דער פאָרגעשריטענער ראָל פון דעם פּראָלעטאַריאט אין דערדאָזיקער רעוואָלוציע!

איינע פון די דערווידערונגען קעגן דעם לאָזונג: „רעוואָלוציאנער-דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום” באַשטייט אין דעם, וואס דיקטאַטור פאָדערט פאַר זיך די „איינהייט פון ווילן” (איסקרא № 83), און קיין איינהייטלעכער ווילן קען באַ דעם פּראָלעטאריאט מיט דער קליין-בורזשואזיע ניט זיין. דידאָזיקע דערווידערונג איז ניט קיין שטאַנדהאַפטיקע, ווייל זי איז געבויט אַף דער אַבסטראַקטער „מעטאַפיזישער” אויסטייטשונג פון דעם באַגריף „אַ איינהייטלעכער ווילן”. עס טרעפט אַן איינהייטלעכער ווילן אין איין הינזיכט און ניט קיין איינהייטלעכער אין דער אַנדער הינזיכט. די

אָפּוועזנהייט פון איינהייט אין די פראַגן פון סאָציאַליזם און אין קאַמף פאַרן סאָציאַליזם שליסט ניט אויס די איינהייט פון ווילן אין די פראַגן פון דעמאָקראַטיזם און אין קאַמף פאַר א רעפּובליק. פאַרגעסן אָט דאס — וואָלט געהייסן פאַרגעסן די לאָגישע און היסטאָרישע נאַפקעמינגע צווישן דער דעמאָקראַטישער און סאָציאַליסטישער איבערקערעניש. פאַרגעסן אָט דאס — וואָלט געהייסן פאַרגעסן וועגן דעם אַלפאָלקישן כאַראַקטער פון דער דעמאָקראַטישער איבערקערעניש; אויב אַן „אַלפאָלקישע", הייסט עס, אז עס איז פאַראַן אַן „איינהייט פון ווילן" גראָד אַף אזויפיל, אַף וויפל די דאָזיקע איבערקערעניש פאַרווירקלעכט די אַלפאָלקישע נויטן און באַדערפעענישן. הינטער די גרעניצן פון דעמאָקראַטיזם קען קיין רייד ניט זיין וועגן דער איינהייט פון ווילן צווישן דעם פראָלעטאַריאַט און דער פויערשער בורזשואַזיע. דער קלאַסן-קאַמף צווישן זיי איז אומפאַרמיידלעך, נאָר אַפן באָדן פון א דעמאָקראַטישער רעפּובליק וועט דער דאָזיקער קאַמף טאַקע זיין דער טיפסטער און ברייטסטער פאָלקס-קאַמף פאַרן סאָציאַליזם. בא דער רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פויערטום איז, ווי בא אַלץ אַף דער וועלט, פאַראַן א פאַרגאַנגענהייט און א צוקונפט. איר פאַרגאַנגענהייט איז — די זעלבסטהערשונג, דאָס לייבאייגנטום, די מאָנאַרכיע, פּריווילעגיעס. אין קאַמף מיט דער דאָזיקער פאַרגאַנגענהייט, אין קאַמף מיט דער קאָנטער-רעוואָלוציע איז מעגלעך די „איינהייט פון ווילן" פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פון דעם פויערטום, ווייל עס איז דאָ די איינהייט פון אינטערעסן.

איר צוקונפט איז — דער קאַמף קעגן פּריוואַט-אייגנטום, דער קאַמף פון דעם לוין-אַרבעטער מיטן באַלעבאָס, דער קאַמף פאַרן סאָציאַליזם. דאָ איז די איינהייט פון ווילן אומעגלעך *). דאָ האָבן מיר אַ וועג ניט פון דער זעלבסטהערשונג צו אַ רעפּובליק, נאָר אַ וועג פון אַ קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטישער רעפּובליק צום סאָציאַליזם.

פאַרשטייט זיך, אַז אין אַ קאָנקרעטער היסטאָרישער סוויווע פלעכטן זיך צוזאַמען די עלעמענטן פון דער פאַרגאַנגענהייט און פון דער צוקונפט, עס מישן זיך צונויף אי דער, אי יענער וועג. די לוין-אַרבעט און איר קאַמף קעגן דעם פּריוואַט-אייגנטום איז פאַראַן אויך בא דער זעלבסטהערשונג, זי אַנטשטייט אַפילע באַם לייב-אייגנטום. נאָר דאָס שטערט אונז אינגאַנצן ניט לאָגיש און היסטאָריש אָפּצוטיילן גרויסע פאַזיסן פון דער אַנטוויקלונג. אָט מיר אַלע שטעלן דאָך קעגנאַנאַנדער די בורזשואַזע רעוואָלוציע און די סאָציאַליסטישע, נאָר מיר אַלע באַשטייען אומבאַדינגט אַף דער נויטווענדיקייט פון דורכפירן אַ שטרענגן אונטערשייד צווישן זיי, אָבער קען מען דען אָפּלייקענען, אז אין דער געשיכטע פלעכטן זיך דורך באַזונדערע, פּראַטימדיקע עלעמענטן פון דער און פון יענער איבערקערעניש? ווייסט דען ניט די עפּאָכע פון דעמאָקראַטישע רעוואָלוציעס אין אייראָפּע אַ ריי סאָציאַליסטישע באַוועגונגען און סאָציאַליסטישע פּרואוון?

*) די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, אַ נאָך מער ברייטע און שנעלע בא פרייהייט, וועט אומפאַרמיידלעך מאַכן אַ שנעלן סאָף פון דער איינהייט פון ווילן, אַן אַלץ שנעלערן, וואָס שנעלער עס וועט דערשטיקט ווערן די קאָנטער-רעוואָלוציע און די רעאַקציע. לעבינס אנמערקונג.

און איז דען ניט געבליבן פאַר דער קומענדיקער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע אין אייראָפּע צו פאַרענדיקן אַסאַך און אַסאַך אין זין פון דעמאָקראַטיזם?

אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט דאַרף קיינמאָל ניט און אַף איין מינוט ניט פאַרגעסן וועגן דעם אומפאַרמיידלעכן קלאַסן-קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט פאַרן סאָציאַליזם מיט דער סאַמע דעמאָקראַטישער און רעפּובליקאַנישער בורזשואַזיע און קליין-בורזשואַזיע. דאָס איז צווייפללאָז. דערפון שטאַמט די אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט פון אַ באַזונדערער און זעלבשטענדיקער שטרענג קלאַסנווייזער פאַרטיי פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דערפון שטאַמט דער צייטווייליקער כאַראַקטער פון אונזער „צוזאַמען שלאָגן“ מיט דער בורזשואַזיע, דער מוז שטרענג אַכטונג צו געבן „אַפן פאַרבינדעטן, ווי אַף אַ סוינע“ און אַז. וו. דאָס אַלץ איז אויך אויסער יעדן ספק. נאָר עס וואָלט געווען לעכערלעך און רעאַקציאָנער צו מאַכן דערפון דעם אויספיר, אַז מע קען פאַרגעסן, איגנאָרירן אָדער מיט פאַראכטונג באַציען זיך צו די אַקטועלע אויפגאַבן פון היינטיקן טאָג, כאָטש זיי זיינען פאַריבערגייענדיקע און צייטווייליקע. דער קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג איז אַ צייטווייליקע און פאַריבערגייענדיקע אויפגאַבע פון די סאָציאַליסטן, נאָר יעדער איגנאָרירונג אָדער פאַראַכטונגס-באַציאונג צו דער דאָזיקער אויפגאַבע איז אַ פאַראַט בענויגייע דעם סאָציאַליזם, איז אַ הילף דער רעאַקציע. די רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פויערטום איז אומבאַדינגט נאָר אַ פאַריבערגייענדיקע, צייטווייליקע אויפגאַבע פון די סאָציאַליסטן, נאָר איגנאָרירן די דאָזיקע אויפגאַבע אין דער עפּאָכע פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, איז דירעקט רעאַקציאָנער.

קאָנקרעטע פּאָליטישע פּראָבלעמען דאַרף מען שטעלן אין אַ קאָנקרעטער סוויווע. אַלץ איז פאַרהעלטניסמעסיק, אַלץ באַוועגט זיך, אַלץ ענדערט זיך. די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע שטעלט ניט אין פּראָגראַם די פאָדערונג פון אַ רעפּובליק. דאָרט איז די סיטואַציע אַזאַ, אַז די דאָזיקע פראַגע קען מען קוים אָפּטיילן אין דער פּראַקטיק פון דער פראַגע וועגן סאָציאַליזם (האַגאַם אַפילע בענויגייע צו דייטשלאַנד האָט ענגעלס אין די באַמערקונגען צום פּראָיעקט פון ערפורטער פּראָגראַם אין 1890 יאָר געוואָרנט פון ניט-דערשאַצן די באַדייטונג פון אַ רעפּובליק און פונם קאַמף פאַר אַ רעפּובליק!). אין דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז אַפילע ניט אַנטשטאַנען די פראַגע וועגן דעם, אַז מע זאָל אַרויסוואַרפן פון דער פּראָגראַם און פון דער אַגיטאַציע די פאָדערונג פון אַ רעפּובליק, ווייל בא אונז קען אַפילע קיין רייד ניט זיין וועגן דער אומצעטרענבאַרער שאיכעס פון דער פראַגע וועגן אַ רעפּובליק מיט דער פראַגע וועגן סאָציאַליזם. אַ דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַט, וואָס שטעלט ניט אַפן ערשטן פּלאַן די פראַגע ספּעציעל וועגן אַ רעפּובליק איז אַ נאַטירלעכע דערשיינונג, וועלכע רופט ניט אַרויס קיין באַוואונדערונג און קיין פאַרורטיילונג. אַ דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַט, וועלכער וואָלט אין 1848 יאָר געלאָזן אין שאָטן די פראַגע וועגן אַ רעפּובליק, וואָלט געווען דירעקט א פאַרעטער פון דער רעוואָלוציע. קיין אַבסטראַקטער עמעס איז ניטאָ. דער עמעס איז אַלעמאָל אַ קאָנקרעטער.

עס וועט אָנקומען א צייט — עס וועט זיין ענדיקן דער קאַמף מיט דער רוסישער זעלבסטהערשונג — עס וועט פאר רוסלאנד פאריבער די עפּאָכע פון דער דעמאָקראטישער רעוואָלוציע — דאַן וועט לעכערלעך זיין אַפילע צו ריידן וועגן דער „אייניקייט פון ווילן" פון דעם פראָלעטאריאט און דעם פויערטום, וועגן דעמאָקראטישער דיקטאטור א. א. וו. דאַן וועלן מיר אַ טראכט טאָן או־מיטלבאר וועגן דער סאָציאליסטישער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט און מיר וועלן אויספירלעכער אַ רעד טאָן וועגן איר. איצטער אָבער קען ניט די פּאַר־טיי פון פאָרגעשריטענעם קלאַס ניט שטרעבן אַפּן ענערגישסטן אופן צו אַן אַנטשיידענעם זיג פון דער דעמאָקראטישער רעוואָלוציע איבערן צאַריזם. און אַן אַנטשיידענער זיג איז ניט קיין אנדער זאך, ווי די רעוואָלוציאָנער־דעמאָק־ראטישע דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט און פויערטום.

# 11. אַ געלויפיקער פאַרגלייך פון אייניקע רעזאָלוציעס פון III-טן צוזאמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פּ. און פון דער „קאָנפערענץ".

די פראגע וועגן דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג איז דער צענטראל־פּונקט פון די טאקטישע פראגן פון דער סאָציאל־דעמאָקראטיע אין איצטיקן מאָמענט. אָפּשטעלן זיך פּונקט אזוי אויספירלעכן אף די איבעריקע רעזאָלוציעס פון דער קאָנפערענץ איז ניטאָ קיין מעגלעכקייט און קיין נויט־ווענדיקייט. מיר וועלן זיך באגרעניצן נאָר מיט א קורצער אָנווייזונג אף עט־לעכע פונקטן, וועלכע באשטעטיקן דעם אויבן באטראכטן פּרינציפּיעלן אונ־טערשייד אין דער טאקטישער ריכטונג בא די רעזאָלוציעס פון דעם צ זאמענ־פאָר פון דער ר. ס. ד. א. פּ. און בא די רעזאָלוציעס פון דער קאָנפערענץ.

נעמט די פראגע וועגן דער באציאונג צו דער טאקטיק פון דער רעגירונג ערעוו דער איבערקערעניש. איר וועט געפינען ווידער־טאקע א גאנציקן ענט־פער אף איר אין דער רעזאָלוציע פון דעם III־טן צוזאמענפאָר פון דער ר. ס.־ד. א. פּ. די דאָזיקע רעזאָלוציע דיסקאָנטירט אלע פארשיידנאַרטיקע באדינגונגען און אויפגאבן פון דעם באזונדערן מאָמענט: סאי דאָס אויפדעקן די צוויעס פון די רעגירונגס־האנאָכעס, סאי דאס אויסנוצן די „קאריקאטורע־פאָרמען פון פאָלקס־פאָרשטייערשאפט", סאי די רעוואָלוציאָנערע פארווירקלעכונג פון די אומבא־דינגטע פאָדערונגען פון דעם ארבעטער קלאס (דער 8־שאָעדיקער ארבעטס־טאָג אין דער שפּיץ פון זיי) און, לעסאָף, דעם ווידערשטאנד אקעגן די שווארצע־מייעס. אין די רעזאָלוציעס פון דער קאָנפערענץ איז די פראגע פאנאנדער־ע־ווארפן איבער עטלעכע אָפּטיילונגען: „דער ווידערשטאנד אקעגן די שווארצע קויכעס פון דער רעאקציע" איז דערמאָנט בלויז אין די מאָטיוון פון דער רעזאָלוציע וועגן דער באציאונג צו אנדערע פארטייען. דער אָנטייל אין די וואלן אין די פארטרעטונגס־איינריכטונגען ווערט באטראכט באזונדער פון די „קאָמפּראָמיסן"

פון דעם צאַריזם מיט דער בורזשואַזיע. אנשטאָט א צורוף צו פאַרווירקלעכן אפן רעוואָלוציאָנערן אויפן דעם 8-שאָעדיקן ארבעטס-טאָג כאזערט בלויז איבער א באַזונדער רעזאָלוציע מיט א קלינגענדיקן נאָמען „וועגן עקאָנאָמישן קאמף" (נאָך קלינגענדיקע און זייער ניט קיין קלוגע ווערטער וועגן דעם „צענטראלן אָרט, וועלכן עס האָט פאַרנומען די ארבעטער-פראגע אין דעם רוסישן געזעלשאַפטלעכן לעבן") דעם אלטן לאָזונג פון אגיטאַציע פאַר א „געזעצגעבערישע איינשטעלונג פון אן 8-שאָעדיקן ארבעטס-טאָג". די ניט-גענוגקייט און די אָפּגעשטאַנענקייט פון דעמדאָזיקן לאָזונג אין איצטיקן מאָמענט זיינען צו קלאָר, אז מע זאָל זיך דאַרפן אָפּשטעלן אף דערווייזן דאָס.

די פראַגע וועגן אַן אָפענער פּאָליטישער אַרויסטרעטונג. דער III-טער צוזאַמענפאָר דיסקאָנטירט די פאָרשטייענדיקע גרונט-אומענדערונג פון אונזער טעטיקייט. מע דאַרף בעשום אויפן ניט פאַרוואַרפן די קאָנספּיראַטיווע טעטיקייט און די אַנטוויקלונג פון דעם קאָנספּיראַטיוון אַפּאַראַט: דאָס וואָלט נאָר געווען אַ טויווע פאַר דער פּאָליציע און וואָס מע דאַרף ניט גינסטיקער פאַר דער רעגירונג. נאָר מע קען שוין איצט ניט ניט טראַכטן אויך וועגן אַן אָפענער אַרויסטרעטונג. מע דאַרף טייקעף גרייטן די צוועקמעסיקע פאָרמען פון אַזא ארויסטרעטונג, הייסט עס, באַזונדערע אפּאראטן — ווייניקער קאָנספּיראַטיווע — צוליב דעמדאָזיקן ציל. מע דאַרף אויסנוצן די לעגאַלע און האַלבלעגאַלע געזעלשאַפטן, קעדיי צו פאַרוואַנדלען זיי, ווי מעגלעך נאָר, אין אָנהאַלטס-פונקטן פון דער צוקונפטיקער אָפענער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פאַרטיי אין רוסלאַנד.

די קאָנפערענץ צעברעקלט אויך דאָ די פראַגע, ניט געבנדיק קיין שום גאַנציקע לאָזונגען. באַזונדער שפּרינגט אַרויס דער לעכערלעכער אויפטראַג דער אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיסיע צו זאָרגן וועגן „איינאָרדענען" די לעגאלע ליטעראַטן. אינגאַנצן אומגעלומפּערט איז דער באַשלוס וועגן „אונטערוואַרפן אונטער אונזער ווירקונג יענע דעמאָקראַטישע צייטונגען, וועלכע שטעלן זיך דעם ציל מיטצואווירקן דער אַרבעטער-באַוועגונג". דעמדאָזיקן ציל שטעלן זיך אַלע אונזערע לעגאַלע ליבעראַלע צייטונגען, וועלכע זיינען קימאַט אלע „אָסוואָבאָזשדעניע" לויט דער ריכטונג. פאַרוואָס זאָל די רעדאַקציע פון „איסקרא" אַליין ניט אָנהויבן פון אויספירן די אייגענע אייצע אירע, און באַווייזן אונז אַ ביישפּיל, ווי דאַרף מען אונטערוואַרפן אונטער דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער ווירקונג די „אָסוואָבאָזשדעניע"?... אנשטאָט דעם לאָזונג אויסצונוצן די לעגאלע פאַריינען פאַר צו שאַפן אָנהאַלטס-פונקטן פון דער פאַרטיי, גיט מען אונז, ערשטנס, אַן איינצל-אייצע בלויז וועגן „פּראָפעסיאָנעלע" פאַריינען (דער אָבליגאַטאָרישער אָנטייל אין זיי פון מיטגלידער פון דער פאַרטיי) און, צווייטנס, אַן אייצע אָנצופירן מיט די „רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס פון די אַרבעטער" — „מיט די ניט אויסגעפאָרמירטע אָרגאַניזאַציעס" — מיט די „רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער-קלובן". ווי זיינען דאָס „קלובן" אַריינגעפאַלן אין ניט אויסגעפאָרמירטע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען דאָס פאַר אַ „קלובן", — ווייס נאָר אַללאַך אַליין. אנשטאָט פינקטלעכע און קלאָרע דירעקטיוון פון דער העכסטער פאַרטיי-איינ-

ריכטונג האָבן מיר דאָ פאַר זיך עפעס עסקיזן פון געדאַנקען און ניט פאַרענ-דיקטע נאָטיצן פון ליטעראַטן. קיין שום גאַנצעס בילד וועגן דעם אָנהויב פון איבערגאַנג פון דער פאַרטיי צו אינגאַנצן אַ נייעם באַזיס פון איר גאַנצער אַרבעט באַקומט זיך ניט.

די „פויערים-פראַגע” איז אינגאַנצן פאַרשיידן אוועקגעשטעלט דורכן צוזאַמענפאָר פון דער פאַרטיי און דער קאָנפערענץ. דער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעאַרבעט אַ רעזאָלוציע וועגן דער „באַציאונג צו דער פויערים-באַוועגונג”. די קאָנפערענץ—וועגן דער „אַרבעט צווישן די פויערים”. אין איין פאַל זיינען אָפן ערשטן אָרט אַרויסגערוקט צוליב די אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון קאַמף מיטן צאַריזם די אויפגאַבן פון אָנפירונג מיט דער גאַנצער ברייטער רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישער באַוועגונג. אין דעם אַנדערן פאַל האַנדלט זיך גאָר וועגן „אַרבעט” צווישן אַ באַזונדער שיכט. אין איין פאַל ווערט אַרויס-גערוקט אַ צענטראַלער פראַקטישער לאָזונג פון אַגיטאַציע — די טייקעפדיקע אָרגאַניזירונג פון רעוואָלוציאָנערע פויערים-קאָמיטעטן אף דורכצופירן אַלע דעמאָקראַטישע אומבילדונגען. אין דעם אַנדערן פאַל—דאַרף „די פאָדערונג צו בילדן קאָמיטעטן” פאָרגעלייגט ווערן דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. פאַרוואָס דאַרפן מיר דאָס אומבאַדינגט וואַרטן אף דערדאָזיקער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג? צי וועט זי אין דערעמעסן זיין אַ גרינדערישע? צי וועט זי פעסט זיין אָן דער פאָרויסיקער און איינצייטיקער גרינדונג פון רעוואָלוציאָנערע פויערים-קאָמי-טעטן?—די אַלע פראַגן זיינען ניט גענומען געוואָרן אין אַכט פון דער קאָנ-פערענץ. אף אַלע אירע באַשלוסן שפיגלט זיך פאָשעט אָפ דער אַלגעמיינער געדאַנק, וועלכן מיר האָבן באַוויזן, אַז אין דער בורזשואַזער רעוואָלוציע דאַרפן מיר פירן בלויז אונזער ספעציעלע אַרבעט, ניט שטעלנדיק זיך דעם ציל אָנ-צופירן מיט דער גאַנצער דעמאָקראַטישער באַוועגונג און זעלבשטענדיק דורכ-צופירן זי. ווי די עקאָנאָמיסטן פלעגן אומעטום אַראָפקריכן אפן געדאַנק, אַז פאַר די סאָציאַל-דעמאָקראַטן איז דער עקאָנאָמישער קאַמף און פאַר די ליבעראַלן—דער פאָליטישער, אַזוי קריכן די נייע-איסקריסטן אין דעם גאַנצן גאַנג פון זייערע בקירעס אַרויף אפן געדאַנק, אז מיר דאַרפן זיך האָבן אַ וואס מער באַשיידענעם ווינקעלע אָן דער זייט פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע,— און פאַר דער בורזשואַזיע בלייבט די אַקטיווע דורכפירונג אירע.

לעסאָף, קען מען ניט ניט באַצייכענען אויך די רעזאָלוציע וועגן דער באַציאונג צו אַנדערע פאַרטייען. די רעזאָלוציע פון III-טן צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פ. רעדט וועגן דער דעמאַסקירונג פון יעדער באַגרעניצטקייט און ניט גענוגקייט פון דער באַפרייאונגס-באַוועגונג פון דער בורזשואַזיע, ניט שטעלנדיק זיך די נאַאיווע אויפגאַבע אויסצורעכענען פון צוזאַמענפאָר ביז צוזאַמענפאָר אַלע מעגלעכע פאַלן פון דערדאָזיקער באַגרעניצטקייט און דורכ-צופירן אַ ליניע, וועלכע טיילט אָפ שלעכטע בורזשואַ פון גוטע בורזשואַ. די קאָנפערענץ, איבערכאַזערנדיק דעם פעלער פון סטאַראָווערן, זוכט האַרטנעקיק אַזא מין ליניע און אנטוויקלט די באַרימטע טעאָריע וועגן א „לאַקמוס-פאַפירל”. סטאַראָווער איז אַרויסגעגאַנגען פון זייער אַ גוטער אידייע: אוועקשטעלן דער

בורזשואַזיע וואָס שטרענגערע באַדינגונגען. ער האָט נאָר פאַרגעסן, אַז אזאַ פּרואוו פאָרויס אָפּצוטיילן אַזעלכע בורזשואַזע דעמאָקראטן, וועלכע פאַרדינען צושטימונג, איינשטימונג א. א. וו., פון יענע, וועלכע פאַרדינען עס ניט, ברענגט צו אַ „פאָרמול", וועלכע ווערט טייקעף ארויסגעוואָרפן איבערן באָרט דורך דער אנטוויקלונג פון די געשעענישן און וועלכע טראָגט אריין אַ צעטומלעניש אין דעם פּראָלעטאַרישן קלאַסן-באַוואוסטזיין. דער שווער-פּונקט ווערט איבערגעטראגן פון רעאלער איינִיקייט אין קאמף אף מעלדונגען, צוזאָגענישן, לאָזונגען. סטאראוווער האָט געהאַלטן פאַר אַזא גרונט-לאָזונג דאָס „אַלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע און געהיימע וואַל-רעכט". עס זיינען ניט דורכגעגאַנגען אפילע קיין צוויי יאָר, — דאָס „לאקמוס-פּאַפּירל" האָט דערוויזן זיין אומטויגבארקייט, דעם לאָזונג פון אלגעמיינעם וואַל-רעכט האָבן איבערגענומען די אָסוואָבאָזשדענצעס, ניט נאָר ניט דערנעענטערנדיק זיך דורך דעם צו דער סאָציאל-דעמאָקראטיע, נאָר פאַרקערט—פּרואוונדיק זיך גראד דורך דעמדאָזיקן לאָזונג פאַרפירן די אַרבעטער און אָפּפירן זיי פון סאָציאַליזם.

איצט שטעלן ארויס די ניי-איסקריסטן „באַדינגונגען" נאך „שטרענגערע", זיי פאָדערן פון די סאָנים פון צאַריזם „אַן ענערגישע און ניט קיין צווייידייטיקע (?!) שטיצע פון יעדער אָנטשיידענער האַנדלונג פון דעם אָרגאניזירטן פּראָלעטאריאט" א. א. וו. איינשליסנדיק דעם „אַקטיוון אנטייל אין דער זאַך פון דער פאָלקס-זעלבסטבאַוואָפענונג". די ליניע איז דורכגעפירט באַדייטנדיק ווייטער, — און דאָך איז דידאָזיקע ליניע שוין ווידער פאַרעלטערט און האָט זיך גלייך אַרויסגעוויזן פאָר אַן אומטויגבאַרע. פארוואָס איז דאָ, לעמאָשל, ניטא דער לאָזונג פון אַ רעפּובליק? אף וואָס פאַר אַן אויפן „פאָדערן" עס די סאָציאל-דעמאָקראטן פון די בורזשואזע דעמאָקראַטן אלץ וואָס איר ווילט, אין די אינטערעסן פון „אַן אומבעראכמאָנעסדיקער מילכאָמע קעגן אלע יעסוידעס פון דער שטאַנדיש-מאָנאַרכישער אָרדענונג", אויסער דעם קאַמף פאַר א רעפּובליק?

אַז דידאָזיקע פראַגע איז ניט קיין צוטשעפּעניש, אַז דער פעלער פון די ניי-איסקריסטן האָט אַ קאָלאָסאַלע פּאָליטישע לעבנס-באַדייטונג, — דאָס באַווייזט דער „רוסלענדער באַפרייאונגס-פאַריין" (זע נום. 4 „פּראָלעטאַרי"). דידאָזיקע סאָנים פון צאַריזם וועלן פולקום פּאַסן פאַר אַלע „פאָדערונגען" פון די ניי-איסקריסטן. מיר האָבן אָבער באַוויזן, אַז דער אָסוואָבאָזשדענישער גייסט הערשט אין דער פּראָגראַם (אָדער אין דער פּראָגראַמלאָזיקייט) פון דעמדאָזיקן „ר. ב. פ." (P. O. C.) און אַז די אָסוואָבאָזשדענצעס קענען אים לייכט נעמען אָפּן שטריקל. די קאָנפערענץ אָבער מעלדעט אין סאָף פון דער רעזאָלוציע, אַז „די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וועט ווי פריער, ארויסטרעטן, ווי קעגן צווייעסדיקע פריינט פון פאָלק, קעגן יענע אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, וועלכע, אַרויסשטעלנדיק אַ ליבעראַלע און דעמאָקראַטישע פאָן, זאָגן זיך אָפּ פון אַ ווירקלעכער שטיצע פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט". דער ר. ב. פ. זאָגט זיך ניט אָפּ, נאָר ער לייגט פאָר דידאָזיקע שטיצע. איז דאָס

דען אַ גאַראַנטיע דערפֿאַר, אַז זיינע פירער זיינען ניט „קיין צוויעסדיקע פריינט פון פאָלק", ווען זיי זיינען אַפילו אָסוואָבאָזשדענצעס?

איר זעט, אַז צוטראַכטנדיק פאָרויס „באַדינגונגען" און אַרויסשטעלנ־דיק קאָמישע לויט זייער גרויזאַמער אָנמאַכט „פאָדערונגען", שטעלן זיך די ניי־איסקריסטן גלייך אין אַ לעכערלעכער לאַגע. זייערע באַדינגונגען און פאָדערונגען ווייזן זיך גלייך אַרויס אַלס ניט גענוגנדיקע פאַרן דיסקאָנט פון דער לעבעדיקער ווירקלעכקייט. זייער יאָגן זיך נאָך פאָרמולעס איז האָפענונגסלאָז, ווייל מיט קיין שום פאָרמולעס וועסטו ניט אַרומנעמען אַלע און יעדן אויס־דרוק פון צוויעס, אומקאָנסעקווענטקייט און באַגרעניצטקייט פון דער בורזשו־אַזער דעמאָקראַטיע. די זאַך באַשטייט ניט אין אַ „לאַקמוס פאַפירל", ניט אין פאָרמען, ניט אין פאַרשריבענע און אָפגעדרוקטע פאָדערונגען, ניט אין דער פאַנאַנדערגרעניצונג פאָרויס די צוויעסדיקע און ניטצוויעסדיקע „פריינט פון פאָלק", נאָר אין דער רעאַלער איינהייטלעכקייט פון קאַמף, אין דער גיט אויפהערנדיקער קריטיק מיצאַד דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון יעדן „ניט פעסטן" שריט פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. צוליב דער „ווירקלעכער צוזאַמענעמונג פון אַלע געזעלשאַפטלעכע קויכעס, וועלכע זיינען פאַרינטערע־סירט אין דער דעמאָקראַטישער איבערבויאונג" זיינען נויטיק ניט „פונקטן", איבער וועלכע עס האָט אַזוי פלייסיק און אַזוי פרוכטלאָז געאַרבעט די קאָנ־פערענץ, נאָר דאָס קענען אַרויסשטעלן ווירקלעך רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען. צוליב דעם זיינען נויטיק אַזעלכע לאָזונגען, וועלכע הויבן אויף די רעוואָלוציאָ־נערע און רעפּובליקאַנישע בורזשואַזיע ביז דער הויך פון דעם פּראָלעטאַריאַט, און ניט אַזעלכע, וואָס לאָזן אַרונטער די אויפגאַבן פון דעם פּראָלעטאַריאַט ביז דעם ניוואָ פון דער מאָנאַרכיסטישער בורזשואַזיע. צוליב דעם איז נויטיק דער ענערגישסטער אנטייל אין אויפשטאַנד און ניט קיין רעזאָנערישע אויס־דרייען זיך פון דער אומאָפּלייגבאַרער אויפגאַבע פון באַוואָפנטן אויפשטאַנד.

## 12. צי וועט אפּגעשוואַכט ווערן דער פאַרנעם פון דער דעמאָ־קראַטישער רעוואָלוציע, אויב פון איר וועט זיך אָפּטרייסלען די בורזשואַזיע?

די פריערדיקע שורעס זיינען שוין אָנגעשריבן געווען, ווען מיר האָבן באַקומען די רעזאָלוציעס פון דער קאַווקאַזער קאָנפערענץ פון די ניי־איס־קריסטן, וועלכע זיינען אַרויסגעגעבן דורך דער „איסקראַ". Pour la bonne bouche (פאַר א גוטן סאָף פונעם מאָלצייט) וואָלטן מיר גאָר ניט געקאָנט אַפילו אויסטראַכטן קיין בעסערן מאַטעריאַל.

די רעדאַקציע פון „איסקראַ" באַמערקט מיט רעכט: „אין דער גרונט־פראַגע פון טאַקטיק איז די קאַווקאַזער קאָנפערענץ געקומען צו אַ באַשלוס, וועלכער איז אַ נ אַ ל אָ ג י ש (עמעס!) צו דעם, וועלכער איז אָנגענומען אַף דער אַלרוסישער קאָנפערענץ (ד. ה. אַף דער ניי־איסקריסטישער.)... „די

פראַגע וועגן דער באַציאונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע צו דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג איז דורך די קאַווקאַזער כאַווייריִם געלייזט אין דעם זין פון דער נעגאַטיוויסטער באַציאונג צו דעם נייעם מעטאָד, וועלכן עס פראָפּאַגאַנדירט די גרופּע „וופּעריאָד" און די צו איר צוגעשטאַנענע דעלע-גאַטן פון דעם אַזוי גערופענעם צוזאמענפאָר", „די פאָרמולירונג פון דער טאַקטיק פון דער פראָלעטאַרישער פאַרטיי אין דער בורזשואַזער רעוואָלוציע, וועלכע עס האָט געגעבן די קאָנפערענץ, דאַרף מען אַנערקענען פ אַ ר אַ ז יי-ע ר ג ע ל ו נ ג ע נ ע".

וואָס עמעס, איז עמעס. קיין מער „געלונגענע" פאָרמולירונג פון דעם גרונט-פעלער פון די ניי-איסקריסטן וואָלט קיינער ניט געקאָנט געבן. מיר ברענגען דידאָזיקע פאָרמולירונג אינגאנצן, באַמערקנדיק צוערשט אין קלאַמערן די בלימעלעך און דערנאָך אויך די צום סאָף צוגעטראָגענע בערעלעך.

די רעזאָלוציע פון דער קאַווקאַזער קאָנפערענץ פון די ניי-איסקריסטן וועגן דער צייטווייליקער רעגירונג:

„רעכענענדיק פאר אונזער אויפגאבע אויסנוצן דעם רעוואָלוציאָנערן מאָמענט פאַר דער פאַרטיפערונג" (נו, פארשטייט זיך! מע וואָלט געדארפט צוגעבן פאַר דער מאַרטינאָווישער פארטיפערונג!) „פון דעם סאָציאַל-דעמאָ-קראַטישן באַוואוסטזיין פונם פראָלעטאריאַט" (נאָר צוליב דער פארטיפערונג פון דעם באוואוסטזיין, און ניט צוליב דערקעמפן אַ רעפובליק? וואס פאר אַ „טיפעס" פאַרשטיין פון דער רעוואָלוציע!), „זאָגט זיך אַרויס די קאנפערענץ צוליב דער זיכערונג פאַר דער פאַרטיי די פולע פרייהייט פון קריטיק פון דער אנטשטייענדיקער בורזשואַז-מלוכישער אָרדענונג" (זיכערן די רעפובליק איז ניט אונזער זאַך! אונזער זאַך איז נאָר צו זיכערן די פרייהייט פון קריטיק. אַנארכיסטישע אידייען רופן אַרויס אויך אַן אַנאַרכיסטישע שפּראַך: „בורזשואַז-מלוכישע" אָרדענונג!) „קעגן דער בילדונג פון אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישער צייטווייליקער רעגירונג און דעם אַריינטרעטן אין איר" (דערמאָנט זיך די פון ענגעלסן ציטירטע רעזאָלוציע פון די באַקוניסטן 10 כאַדאָשים פאר דער שפּאַנישער רעוואָלוציע: (זע „פּראָלעטאַרי" נומ. 3) *), „נאָר זי רעכנט פאר מער צוועקמעסיק אויסצואיבן אַ ווירקונג פון אויסן" (פון אונטן און ניט פון אויבן) „אַף דער בורזשואזער צייטווייליקער רעגירונג צוליב דער אַלפּי-קויכעסדיקער(?!) דעמאָקראַטיזאַציע פון דער מלוכע-אָרדענונג. די קאָנפערענץ האַלט, אַז די בילדונג פון אַ צייטווייליקער רעגירונג דורך די סאָציאַל-דעמאָקראַטן אָדער דאָס אַריינטרעטן אין איר, וואָלט געבראַכט, פון איין זייט, צו דעם, אַז עס וואָלטן אָפּגעפאַלן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פאַרטיי די ברייטע מאַסן פון פּראָלעטאַריאַט, וועלכע וואָלטן זיך אין איר אַנטוישט, ווייל די סאָציאַל-דעמאָ-קראַטיע, ניט קוקנדיק אַף דאָס פארכאַפּן פון דער מאַכט, וועט ניט זיין בע-יעכוילעס צו באַפרידיקן די טעגלעכע נויטן פון דעם אַרבעטער-קלאַס, איינ-שליסנדיק די פארווירקלעכונג פון סאָציאַליזם" (אַ רעפובליק איז ניט קיין

*) זע אויבן 103 זייטל פון דעמדאזיקן באנד. רעד.

טעגלעכע נויט! די מעכאברים באמערקן ניט, אין זייער אומשולד, אַז זיי ריידן
מיט אַ ריין אַנאַרכיסטישער שפּראַך, פּונקט ווי זיי וואָלטן געלייקנט דעם אנ-
טייל אין בורזשואַזע רעוואָלוציעס!), „פון דער אַנדער זייט וועט זי צווינ-
גען די בורזשואַזע קלאַסן אָפּצוטרייסלען זיך פון דער זאַך
פון דער רעוואָלוציע און וועט דורך דעם אָפּשוואַכן איר פאַרנעם“.

אָט וואו דער הונט איז באַגראָבן. אָט וואו די אַנאַרכיסטישע אידייען
פלעכטן זיך איבער (ווי דאָס טרעפט שטענדיק אויך באַ די מאַירעוו=אייראָפּע-
אישע בערנשטייניאנער) מיטן ריינסטן אָפּאָרטוניזם. טוט נאָר אַ טראַכט: ניט
אַריינטרעטן אין דער צייטווייליקער רעגירונג דערפאַר, ווייל דאָס וועט צווינ-
גען די בורזשואַזיע אָפּצוטרייסלען זיך פון דער זאַך פון דער רעוואָלוציע און
וועט דורך דעם אָפּשוואַכן דעם פאַרנעם פון דער רעוואָלוציע! אָבער דאָ האָבן
מיר שוין אינגאַנצן, אין אַ ריינעם און קאָנסעקוועגטן אויסזעען יענע ניי-
איסקריסטישע פילאָסאָפיע, וואָס אַזוי ווי די רעוואָלוציע, הייסט עס, איז אַ
בורזשואַזע, איז דעריבער דאַרפן מיר זיך בויגן פאַר דער בורזשואַזער וואול-
גאַרישקייט און אָפּטרעטן איר דעם וועג. אויב מיר לאָזן זיך אָנפירן, אַפילע טייל-
ווייז, אַפילע אַף אַ מינוט, פון אַזעלכע האַשאָרעס, אַז אונזער אָנטייל קען
צווינגען די בורזשואַזיע אָפּצוטרייסלען זיך, לאָזן מיר דאָך דורך דעם אינ-
גאַנצן איבער די הויפּט-ראָלע אין דער רעוואָלוציע פאַר די בורזשואַזע קלאַסן.
דורך דעם גיבן מיר אָפּ אינגאַנצן דעם פּראָלעטאַריאַט אונטער דער אַפּיטראָפּ-
סעס פון דער בורזשואַזיע (בלייבנדיק באַ דער פולער „פרייהייט פון קריטיק“!!),
צווינגענדיק דעם פּראָלעטאַריאַט צו זיין מעסיק און באַשיידן, קעדיי עס זאָל
זיך ניט אָפּטרייסלען די בורזשואַזיע. מיר קאַסטרירן*) די טעגלעכסטע נויטן פון
פּראָלעטאַריאַט, נעמלעך די פּאָליטישע נויטן זיינע, וועלכע עס האָבן קיינמאָל
גוט ניט פאַרשטאַנען די עקאָנאָמיסטן און זייערע עפּיגאָנען**), מיר קאַסטרירן
צוליב דעם, אַז די בורזשואַזיע זאָל זיך ניט אָפּטרייסלען. מיר גייען אינגאַנצן
איבער פון דעם באָדן פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר פאַרווירקלעכן דעם דע-
מאָקראַטיזם אין די גרעניצן, וועלכע זיינען נויטיק פאַרן פּראָלעטאַריאַט, אַפן
באָדן פון דינגעניש מיט דער בורזשואַזיע, קויפנדיק פאַרן פאַראַט פון אונזע-
רע פּרינציפּן, פאַרן פאַראט פון דער רעוואָלוציע איר, דער בורזשואַזיעס,
פרייווילִיקע איינשטימונג (זי זאָל זיך ניט אָפּטרייסלען).

אין צוויי קליינינקע שורעס האָבן די קאַווקאַזער ניי-איסקריסטן באַוויזן
אויסצודריקן דעם גאַנצן טאָך פון פאַראַט אַקעגן דער רעוואָלוציע, פון דער
פאַרוואַנדלונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין אַ נעבעכדיקן מעשאָרעס פון דער
בורזשואַזיע. דאָס, וואָס מיר האָבן אויבן אויסגעפירט פון די פעלערן פון די
ניי-איסקריסטן, אַלס טענדענץ, דאָס האָבן מיר איצט פאַר אונז, אַלס קלאָרן
און באַשטימטן פּרינציפּ: באַם עק פון דער מאָנאַרכיסטישער בורזשואַזיע. אַזוי
ווי די פאַרווירקלעכונג פון דער רעפּובליק וואָלט געצוואונגען (און צווינגט

*) קאַסטרירן הייסט אָפּערירן באַ אַ מענטשן אָדער באַ אַ כאַיע, אָן אָף די געשלעכטס אָר-
גאַנען אַזוי, אַז עס זאָל פאַרניכטעט ווערן די מעגלעכקייט פון פאַרמערן זיך. איבערז.

**) די לעצטע טאַלמידים.

שוין—דאָס ביישפּיל פון דעם ה' סטרואווע) די בורזשואַזיע אָפּצוטרייסלען זיך, דעריבער איז נידער מיטן קאַמף פאַר אַ רעפּובליק. אַזוי ווי די בורזשואַזיע צווינגט אַלע מאָל און אין דער גאַנצער וועלט אָפּצוטרייסלען זיך יעדער ענער-גישע און ביזן סאָף דערגייענדיקע פאָדערונג פון פּראָלעטאַריאַט, דעריבער באַהאַלט זיך אין לעכער, כאַווײרים אַרבעטער, ווירקט נאָר פון אויסן, דענקט ניט צו באַנוצן זיך צוליב דער רעוואָלוציע מיטן געווער און מיט די מיטלען פון דער „בורזשואַז-מלוכישער" אָרדענונג און האַלט איין פאַר זיך די „פריי-הייט פון קריטיק".

די גרונט-פאַלשקייט גופא אין דעם פאַרשטיין פון דעם טערמין „בור-זשואַזע רעוואָלוציע" איז אַרויסגעטראָטן אין דרויסן. דאָס מאַרטינאָווישע אָדער דאָס ניי-איסקריסטישע „פאַרשטיין" פון דעמדאָזיקן טערמין פירט דירעקט צום פאַראַט פון דער זאַך פון פּראָלעטאַריאַט און צו איר איבערגעבונג אין די הענט פון דער בורזשואַזיע.

ווער עס האָט פאַרגעסן דעם אַלטן עקאָנאָמיזם, ווער עס דערלערנט אים ניט, דערמאָנט אים ניט, פאַר יענעם איז שווער צו פאַרשטיין אויך די איצטיקע אָפּגרעבצונג פון דעם עקאָנאָמיזם. דערמאָנט זיך דאס בערנשטייןישע „Credo" *). פון „ריין פּראָלעטאַרישע" שטאַנדפּונקטן און פּראָגראַמען האָבן מענטשן אָן אויספיר געמאַכט: פאַר אונז, סאָציאַל-דעמאָקראַטן, איז די עקאָ-נאָמיק, די ווירקלעכע אַרבעטער-זאַך, די פרייהייט פון קריטיק פון יעדער פּאָ-ליטיק-מאַכעריי, די עמעסע פאַרטיפערונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעט. פאַר זיי, די ליבעראַלן, איז די פּאָליטיק. גאָט זאָל אויסהיטן אַריינ-פאַלן אין „רעוואָלוציאָניזם": דאָס וועט צווינגען די בורזשואַזיע אָפּצוטרייס-לען זיך. ווער עס וועט איבערלייענען אינגאַנצן דאָס „Credo" אָדער די באַ-זונדערע ביילאַגע צום נומער 9 פון „Рабочая жизнь" **) (סענטיאַבר 1899 יאָר), דער וועט זעען דעם גאַנצן גאַנג פון דערדאָזיקער בקירע.

איצטער קומט פאָר דאָסזעלבע, נאָר אין אַ גרויסן מאַסשטאַב, בענויגייע צו דער אָפּשאַצונג פון דער גאַנצער „גרויסער" רוסישער רעוואָלוציע, וועלכע איז, אַך, שוין פון פריער וואולגאַריזירט און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַ-ריקאַטור דורך די טעאָרעטיקער פון דעם אָרטאָדאָקסאַלן פיליסטערטום! פאַר אונז, סאָציאַל-דעמאָקראַטן, די פרייהייט פון קריטיק, די פאַרטיפערונג פון דעם באַוואוסטזיין, די ווירקונג פון אויסן. פאַר זיי, די בורזשואַזע קלאַסן, די פריי-הייט פון טאַט, אַ פרייער פלאַץ פאַר רעוואָלוציאָנערער (לייען: ליבעראַלער) אָנפירונג, די פרייהייט פון דורכפירן „רעפאָרמען" פון אויבן.

דידאָזיקע וואולגאַריזירער פון דעם מאַרקסיזם האָבן זיך קיינמאָל ניט פאַרטראַכט איבער מאַרקס ווערטער וועגן דער נויטיקייט צו פאַרבייטן דאָס געווער פון קריטיק מיט דער קריטיק פון געווער. אָנעמענדיק אַף ווערטער מאַרקס נאָמען, שטעלן זיי צוזאַמען אין דער טאַט טאַקטישע רעזאָלוציעס אינ-

*) קרעדאָ—אַ דאָקומענט, צוזאַמענגעשטעלט פון דער באַוואוסטער „עקאָנאָמיסטקע" קוס-קאָווא, באַדייט „אַני מאַמין". איבערז.

**) עקאָנאָמיסטישע צייטונג, דערשינען אין פּעטערבורג. איבערז.

גאַנצן אין דעם גייסט פון די פראַנקפורטער בורזשואַזע פלאַפּלער, וועלכע האָבן פריי קריטיקירט דעם אַבסאָלוטיזם, וועלכע האָבן פאַרטיפט דאָס דעמאָקראַטישע באַוואוסטזיין און וועלכע האָבן ניט פאַרשטאַנען, אַז די צייט פון אַ רעוואָלוציע איז אַ צייט פון האַנדלונג, פון האַנדלונג פון אויבן און פון אונטן. פאַרוואַנדלענדיק דעם מאַרקסיזם אין מוסער, האָבן זיי פון דער אידעאָלאָגיע פון דעם פאָרגעשריטענעם, אַנטשלאָסנסטן און ענערגישסטן רעוואָלוציאָנערן קלאַס געמאַכט אַן אידעאָלאָגיע פון די אומאַנטוויקלטסטע שיכטן זיינע, וועלכע באַהאַלטן זיך פון שווערע רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע אויפגאַבן און וועלכע לאָזן איבער דידאָזיקע דעמאָקראַטישע אויפגאַבן פאַר די הערן סטרואוועס.

אויב די בורזשואַזע קלאַסן וועלן זיך אָפּטרייסלען פון דער זאַך פון דער רעוואָלוציע, דערפאַר וואָס אין דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג וועלן אַריין די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וועלן זיי דערמיט „אָפּשוואַכן דעם פאַרנעם אירן".

הערט, רוסישע אַרבעטער: דער פאַרנעם פון דער רעוואָלוציע וועט זיין שטאַרקער, אויב עס וועלן זי דורכפירן די ניט-אָפּגעשראָקענע פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן הערן סטרואוועס, וועלכע ווילן ניט קיין ניצאָכן איבער דעם צאַריזם, נאָר אַ פשאָרע מיט אים. דער פאַרנעם פון דער רעוואָלוציע וועט זיין שטאַרקער, אויב פון די צוויי מעגלעכע אויסגאַנגען אירע, וועלכע מיר האָבן אויבן באַשריבן, וועט זיך פאַרווירקלעכן דער ערשטער, ד. ה. אויב די מאָנאַרכיסטישע בורזשואַזיע וועט מושעוו ווערן מיט דער זעלבסטהערשונג אַף אַ „קאָנסטיטוציע". ווי, לעמאָשל, די שיפּאווישע!

סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וועלכע שרייבן אין רעזאָלוציעס, וואָס דאַרפן זיין אָנפירנדיקע פאַר דער גאַנצער פאַרטיי, אַזעלכע שענדלעכע זאַכן, אָדער די, וועלכע זיינען איינשטימיק מיט אַזעלכע „געלונגענע" רעזאָלוציעס, זיינען אַף אַזוי פיל פאַרבלענדט פון רעזאָנירונג, וועלכע האָט אויסגעטרייבערט דעם גאַנצן לעבעדיקן גייסט פון מאַרקסיזם, אַז זיי באַמערקן ניט, ווי דידאָזיקע רעזאָלוציעס פאַרוואַנדלען אין מעליצע אַלע אַנדערע גוטע ווערטער זייערע. נעמט וועלכן איר ווילט אַרטיקל פון „איסקרא", נעמט אַפילע די באַרימטע בראָשור פון אונזער באַרימטן מאַרטינאָוון,—וועט איר דערהערן רעדעס וועגן פאָלקס-אויפשטאַנד, וועגן דערפירן די רעוואָלוציע ביזן סאָף, וועגן דער שטרעבונג צו שטיצן זיך אַף די נידעריקע פאָלקס-שיכטן אינם קאַמף מיט דער ניט קאָנסעקווענטער בורזשואַזיע. אָבער די אַלע גוטע זאַכן פאַרוואַנדלען זיך דאָך אין אַ נעבעכדיקער מעליצע פון יענעם מאָמענט אָן, ווי איר נעמט אָן אָדער איר זייט מאַסקים מיט דעם געדאַנק וועגן דער „אָפּשוואַכונג פון דעם פאַרנעם פון דער רעוואָלוציע", אַדאַנק דער אָפּפרעמדונג פון דער בורזשואַזיע. איינס פון דיביידע, מיינע הערן: אָדער מיר דאַרפן שטרעבן צוזאַמען מיטן פאָלק דורכפירן די רעוואָלוציע, אָפּהאַלטנדיק אַ פולשטענדיקן ניצאָכן איבער דעם צאַריזם, ניט קוקנדיק אַף דער אומקאָנסעקווענטער, אייגננוציקער און פאַכדאַנעסדיקער בורזשואַזיע;—אָדער מיר דערלאָזן ניט דעמדאָזיקן „ניט קוקנדיק", מיר האָבן מוירע, אַז די בורזשואַזיע

זאָל זיך כאָלילע ניט „אָפּטרייסלען‟ און דאן פאראטן מיר דעם פּראָלעטאריאט און דאָס פאָלק צו דער בורזשואזיע, צו דער אומקאָנסעקווענטער, אייגננוציקער און פאַכדאָנעסדיקער בורזשואזיע.

פּרואווט נאָר ניט פאַרקריפּלען מיינע ווערטער. שרייט ניט, אז מע באַשולדיקט אייך אין באַוואוסטזיניקן פאַראַט. ניין, איר זייט פונקט אזוי אומבאַוואוסטזיניק די גאַנצע צייט געקראָכן און איצט פאַרקראָכן אין זומפּ, ווי די אלטע עקאָנאמיסטן, וועלכע עס האט געצויגן אָן אויפהאַלט און אָן צוריקקער אַראָפּ אף דער מעשופּיקער פלאַך פון „פאַרטיפן‟ דעם מאַרקסיזם ביז דעם אנטי-רעוואָלוציאנערן, גייסטלאָזן און לעבנסלאָזן „כאָכמענען זיך‟.

פון וועלכע רעאַלע געזעלשאַפטלעכע קויכעס הענגט אָפּ דער „פארנעם פון דער רעוואלוציע‟, האט איר אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם, מיינע הערן? לאָמיר לאָזן אָן א זייט די קרעפטן פון דער אויסערלעכער פאליטיק, פון די צווישנפעלקערלעכע קאָמבינאציעס, וועלכע זיינען איצט זייער גינסטיק פאַר אונז, נאָר וועלכע מיר שליסן אויס פון באַטראַכטן, און שליסן מיט רעכט אויס, אַף וויפל עס האַנדלט זיך וועגן די אינערלעכע קויכעס פון רוסלאַנד. טוט אַ קוק אַף די דידאָזיקע אינערלעכע געזעלשאַפטלעכע קויכעס. קעגן דער רעוואָלוציע שטייט די זעלבסטהערשונג, דער הויף, די פּאָליציי, דאס באַאַמטנטום, דאס מיליטער, אַ הייפל הויכע סראָרעס. וואס טיפער עס איז די אויפרירונג אין פאָלק, אַלץ אומזיכערער ווערט דאס מיליטער, אַלץ מער וואַקלונגען ווערן באַ דעם באַאַמטנטום. ווייטער, די בורזשואזיע שטייט איצט אין אלגעמיין און גאַנצן פאר דער רעוואלוציע, זי האַלט איצט פלייסיק רעדעס וועגן פרייהייט, רעדט אַלץ אפטער און אפטער אין נאָמען פון פאָלק און אפילע אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע *). נאָר מיר, מאַרקסיסטן, ווייסן פון דער טעאָריע און באַאָבאַכטן יעדן טאג און יעדע שאָ אָפּן ביישפּיל פון אונזערע ליבעראַלן, זעמצעס און אָסוואבאזשדענצעס, אז די בורזשואזיע שטייט פאר דער רעוואלוציע אומקאָנסעקווענט, אייגננוציק און פאַכדאָנעסדיק. די בורזשואַזיע, אין איר מאַסע, וועט זיך אומפאַרמיידלעך ווענדן אַף דער זייט פון דער קאָנטער-רעוואָלוציע, אַף דער זייט פון דער זעלבסטהערשונג קעגן דער רעוואָלוציע, קעגן פאלק, ווי עס וועלן נאָר באַפרידיקט ווערן אירע שמאָלע, אייגננוציקע אינטערעסן, ווי זי וועט זיך נאָר „אָפּטרייסלען‟ פון דעם קאָנסעקווענטן דעמאָקראַטיזם (און זי טרייסלט זיך שוין אָפּ פון אים!). בלייבט דאס „פאָלק‟, דאס הייסט דער פּראלעטאריאט און דאס פויערטום: דער פּראלעטאריאט אליין איז פעאיק צו גיין זיכער ביזן סאָף, ווייל ער גייט באַדייטנד ווייטער פון דער דעמאָקראַטישער איבערקערעניש. דעריבער קעמפט טאקע דער פּראָלעטאַריאט פאַר א רעפּובליק אין די ערשטע רייען, אָפּוואַרפנדיק מיט פאַראכטונג די נאַרישע און אומווירדיקע אייצעס צו רעכע-

*) אינטערעסאַנט אין דער הינזיכט איז דער אָפענער בריוו פון דעם ה׳ סטרואווע צו זשאָרעסן, וועלכן דער לעצטער האָט אָפּגעדרוקט ניט לאַנג אין דער צייטונג „L'Humanité‟ און ה׳ סטרואווע אין № 72 „Освобождение‟ לעני נס אָנמערקונג.

נען זיך מיט דעם, צי ס'וועט זיך ניט אָפּטרייסלען די בורזשואַזיע. דאָס פּוי-
ערטום שליסט אין זיך איין א מאַסע האַלב-פּראָלעטאַרישע עלעמענטן צוגלייך
מיט די קליינבירגערלעכע. דאס מאַכט אים אויך פאַר ניט שטאַנדהאַפטיק,
צווינגענדיק דעם פּראָלעטאַריאַט צו פאַרייניקן זיך אין א שטרענגער קלאַסן-
פּאַרטיי. אָבער די אומשטאַנדהאַפטיקייט פון דעם פּויערטום שיידט זיך אין
גרונט אונטער פון דער אומשטאַנדהאַפטיקייט פון דער בורזשואַזיע, ווייל דאָס
פּויערטום איז באַם איצטיקן מאָמענט פאַרינטערעסירט ניט אַזויפיל אין דעם
שוץ פון פּריוואַט-אייגנטום, וויפל אין אָפּנעמען די פּריצישע ערד, איין הויפּט-
מין פון דעמדאָזיקן אייגנטום. ניט ווערנדיק דערפון סאָציאַליסטיש, ניט אויפ-
הערנדיק צו זיין קליינבירגערלעך, איז דאס פּויערטום פּעאיק צו ווערן א פּו-
לער און ראַדיקאַלער אָנהענגער פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. דאָס
פּויערטום וועט אומפאַרמיידלעך ווערן אַזעלכער, אויב נאָר דער גאַנג פון די
רעוואָלוציאָנערע געשעענישן, וועלכע קלערן אים אויף, וועט זיך ניט צופרי-
איבעררייסן דורך דעם פאַראַט פון דער בורזשואַזיע און דער מאַפּאָלע פון דעם
פּראָלעטאַריאַט. דאס פּויערטום וועט אומפאַרמיידלעך ווערן, באַ דער אָנגע-
וויזענער באַדינגונג, א שוץ פון דער רעוואָלוציע און פון דער רעפּובליק, ווייל
נאָר א פולקום זיגרייכע רעוואָלוציע וועט קענען געבן דעם פּויערטום אַלץ
אַפן געביט פון ערד-רעפאָרמען, אלץ דאָס, וואס דאס פּויערטום וויל, וועגן
וואס עס טרוימט, וואָס עס איזווירקלעך נויטיק (ניט צוליב דער פאַרניכטונג
פון קאַפּיטאַליזם, ווי עס שטעלן זיך פאָר די „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן“,
נאָר) צוליב דעם, קעדיי אויפצוהויבן זיך פון דעם זומפּ פון האַלב-לייב-אייגנטום,
פון דער פינסטערניש פון פאַרשלאָגנהייט און קנעכטשאַפט, קעדיי צו פאַרבע-
סערן זיינע לעבנס-באַדינגונגען אף אזויפיל, אַף וויפל דאָס איז דערלאָזבאַר
אין די גרעניצן פון סכוירע-ווירטשאַפט.

דאָס איז נאָך ווייניק. ניט נאָר די ראַדיקאַלע אַגראַר-רעפאָרם וועט צו-
בינדן דאס פּויערטום צו דער רעוואָלוציע, נאָר אויך די אלגעמיינע און שטענ-
דיקע אינטערעסן פון דעם פּויערטום. אַפילע אין קאַמף מיטן פּראָלעטאַריאַט
נויטיקט זיך דאָס פּויערטום אין דעמאָקראַטיע, ווייל נאָר די דעמאַקראַטישע
אָרדענונג איז פּעאיק פּינקטלעך אויסצודריקן זיינע אינטערעסן און געבן אים
די אויבערהאַנט, אלס דער מאסע, אלס דער מערהייט. וואס אויפגעקלערטער
עס וועט זיין דאָס פּויערטום (און זינט דער מילכאָמע מיט יאפּאָניע ווערט עס
אויפגעקלערט מיט אזא שנעלקייט, וועלכע עס זיינען ניט כוישעד אסאך, וואָס
זיינען צוגעוואוינט אויסצומעסטן די אויפקלערונג נאָר מיט א שול-מאָס), אַלץ
קאָנסעקווענטער און אנטשלאָסענער וועט עס שטיין פאַר א פולער דעמאָקראַ-
טישער איבערקערעניש, ווייל פאַר אים איז ניט שרעקלעך, ווי פאַר דער בורזשו-
אַזיע, נאָר עס איז גינסטיק די הערשאַפט פון פאָלק. א דעמאַקראַטישע רע-
פּובליק וועט ווערן פאַרן פּויערטום זיין אידעאַל, ווי עס וועט נאָר פּאָטער
ווערן פון דעם נאַיוון מאָנאַרכיזם, ווייל דער באַוואוסטזיניקער מאָנאַרכיזם
פון דער מעקלערישער בורזשואזיע (מיט דער אויבערשטער פּאַלאַטע א.א.וו.)
באַדייט פאַר דעם פּויערטום דיזעלבע רעכטלאָזיקייט, דיזעלבע פאַרשלאָגנ-

קייט און פינסטערקייט, נאָר אַן עטוואָס אונטערגעפּאַרבטע מיטן איירָאָפּעאיש-קאָנסטיטוציאָנעלן לאַק.

אַט פּאַרוואָס די בורזשואַזיע, אלס קלאַס, שטרעבט נאַטירלעך און אומ-פּאַרמיידלעך אונטערן פליגל פון דער ליבעראַל-מאָנארכיסטישער פּאַרטיי, און דאָס פּויערטום, אַלס מאַסע, — אונטער דער אָנפירונג פון דער רעוואָלוציאָנע-רער און רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי. אַט פּאַרוואָס די בורזשואַזיע איז ניט פּע-איק צו דערפירן די דעמאָקראַטישע רעוואלוציע ביזן סאָף, און דאָס פּויערטום איז פעאיק צו דערפירן די רעוואָלוציע ביזן סאָף, און מיר דאַרפן מיט אַלע קויכעס העלפן אים דערין.

מע וועט מיר דערווידערן: דאָס דאַרף מען גאָר ניט דערווייזן, דאָס איז אַן אַלעפ-בייס, דאָס ווייסן אויסגעצייכנט אלע סאָציאַל-דעמאָקראַטן. ניין, דאָס פּאַרשטייען ניט יענע, וועלכע זיינען פעאיק צו ריידן וועגן דער „אָפּ-שוואַכונג פון דעם פּאַרנעם" פון דער רעוואָלוציע איבער דעם, וואָס פון איר וועט אָפּפּאַלן די בורזשואַזיע. אַזעלכע מענטשן כאַזערן איבער די איינגעכאַ-זערטע ווערטער פון אונזער אַגראַר-פּראָגראַם, נאָר זיי פּאַרשטייען ניט זייער באַדייטונג, ווייל אויב ניט, וואָלטן זיי ניט מוירע געהאַט פּאַר דעם באַגריף פון רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאט און פּויער-טום, וועלכע שטאַמט אַרויס אומפּאַרמיידלעך פון דער גאַנצער מאַרקסיסטי-שער וועלט-אַנשויאונג און פון אונזער פּראָגראַם, אַנדערש וואָלטן זיי ניט באַ-גרעניצט דעם פּאַרנעם פון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע מיטן פּאַרנעם פון דער בורזשואַזיע. אַזעלכע מענטשן שלאָגן זייערע אבסטראַקטע מאַרק-סיסטישע רעוואָלוציאָנערע פּראַזן מיט זייערע אייגענע קאָנקרעטע אנטי-מאַרק-סיסטישע און אנטי-רעוואָלוציאָנערע רעזאָלוציעס.

ווער עס פּאַרשטייט בעעמעס די ראָל פון דעם פּויערטום אין דער זיג-רייכער רוסישער רעוואָלוציע, דער וואָלט ניט פעאיק געווען צו ריידן, אַז דער פּאַרנעם פון דער רעוואָלוציע וועט אָפּגעשוואַכט ווערן, ווען די בורזשו-אַזיע וועט זיך אָפּטרייסלען. ווייל אין דערעמעסן וועט זיך נאָר דאַן אָנהויבן דער עמעסער שוואונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע, נאָר דאַן וועט דאָס זיין דער ווירקלעך גרעסטער רעוואָלוציאָנערער פּאַרנעם, וועלכער איז נאָר מעגלעך אין דער עפּאָכע פון אַ בורזשואז-דעמאָקראַטישער איבערקערעניש, ווען די בורזשואַזיע וועט זיך אָפּטרייסלען און אַלס אַן אקטיווער רעוואָלוציאָ-נער וועט אַרויסטרעטן די מאַסע פון פּויערטום צוגלייך מיטן פּראָלעטאַריאט. אום צו זיין קאָנסעקווענט דערפירט ביזן סאָף, דאַרף אונזער דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע אָנשפּאַרן זיך אָף אַזעלכע קויכעס, וועלכע זיינען פעאיק צו פּאַ-ראַליזירן די אומפּאַרמיידלעכע ניט-קאָנסעקווענטקייט פון דער בורזשואַזיע (ד. ה. זיינען פעאיק גראָד צו „צווינגען זי אָפּצוטרייסלען זיך", פּאר וואָס עס האָבן מוירע, אַראַנק זייער קורצזיכטיקייט, די קאַווקאַזער אָנהענגער פון „איסקראַ").

דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף דערפירן ביזן סאָף די דע-מאָקראַטישע איבערקערעניש, פּאַרייניקנדיק צו זיך די

פויערים-מאַסע, קעדיי מיט גוואַלט צו דערשטיקן דעם ווי-דערשטאַנד פון דער זעלבסטהערשונג און פּאַראַליזירן די אומשטאַנדהאַפטיקייט פון דער בורזשואַזיע. דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף מאַכן די סאָציאַליסטישע איבערקערעניש, פּאַ-ריינדיקנדיק צו זיך די מאַסע האַלב-פּראָלעטאַרישע עלע-מענטן פון דער באַפעלקערונג, קעדיי מיט געוואַלט צו ברעכן דעם ווידערשטאַנד פון דער בורזשואַזיע און פּאַראַליזירן די אומשטאַנדהאַפטיקייט פון דעם פויערטום און דער קליין-בורזשואַזיע. אַזעלכע זיינען די אויפגאַבן פון פּראָלעטאַריאַט, וועלכע עס שטעלן אַזוי שמאָל פאָר די ניי-איסקריסטן אין אַלע זייערע בקירעס און רע-זאָלוציעס וועגן דעם פאַרנעם פון דער רעוואָלוציע.

מע דאַרף נאָר ניט פאַרגעסן איין אומשטאַנד, אַף וועלכן מע לייגט אָפּט קיין אַכט ניט, ווען מע באַהאַנדלט די טעמע וועגן דעמדאָזיקן „פאַרנעם". מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן די שוועריקייטן פון דער פּראָבלעם, נאָר וועגן דעם, אַף וואָס פאַר א וועג צו זוכן און צו דערשלאָגן זיך איר לייזונג. דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן דעם, צי איז גרינג אָדער שווער צו מאַכן דעם פאַרנעם פון דער רעוואָלוציע מעכטיק און אומבאַזיגבאַר, נאָר וועגן דעם, וואָס דאַרף מען טאָן צוליב דער פאַרשטאַרקונג פון דעמדאָזיקן פאַרנעם. די כלוקע-דייעס זיינען נויגייע גראַד דעם גרונט-כאַראַקטער פון דער טע-טיקייט, גופע דער ריכטונג פון דערדאָזיקער טעטיקייט. מיר שטרייכן עס אונטער דערפאַר, ווייל ניט אויפמערקזאַמע און געוויסנלאָזע מענטשן מישן צו אָפּט צונויף צוויי באַזונדערע פראַגן: די פראַגע וועגן דער ריכטונג פון וועג, ד. ה. וועגן דעם אויסוואַל פון איינעם פון די צוויי פאַרשיידענע וועגן און די פראַגע וועגן דער גרינגקייט צו פאַרוויקלעכן דעם ציל אָדער וועגן דער נאָענטקייט פון זיין פאַרוויקלעכונג אַף דעם געגעבענעם וועג.

די לעצטע פראַגע האָבן מיר אינגאַנצן ניט באַרירט אין אונזער פריער-דיקער באהאַנדלונג, ווייל דידאָזיקע פראַגע האָט ניט אַרויסגערופן בא אונז קיין מיינונגס-פאַרשיידנהייטן און קיין פאַנאַנדערגיין זיך אינעווייניק אין דער פּאַרטיי. נאָר, פאַרשטייט זיך, אַז אַן און פאַר זיך איז די פראַגע העכסט וויכ-טיק און זי פאַרדינט די סאַמע ערנסטע אויפמערקזאַמקייט פון אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטן. עס וואָלט געוועזן אַן אומפאַרציילעכער אָפּטימיזם צו פאַרגעסן וועגן יענע שוועריקייטן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט דעם אַריינציען אין דער באַוועגונג די מאַסן ניט נאָר פון דעם ארבעטער-קלאַס, נאָר אויך פון דעם פויערטום. גראַד אָן דידאָזיקע שוועריקייטן האָבן זיך ניט איין מאָל צע-בראָכן די אָנשטרענגונגען צו דערפירן ביזן סאָף אַ דעמאָקראַטישע רעוואָלו-ציע, דערביי פלעגט מערער פאַר אַלץ טריאומפירן די אומקאָנסעקוועטע און אייגננוציקע בורזשואַזיע, וועלכע פלעגט סאַי „באַקומען קאַפּיטאַל" פון מאָ-נאַרכיסטישן שוץ פון דעם פאָלק, אי זי פלעגט „איינהיטן די אומשולד" פון ליבעראַליזם... אָדער אָסוואָבאָזשדעניזם. נאָר שוועריקייט איז ניט אומאויס-פירבאַרקייט. וויכטיק איז די איבערצייגונג אין דעם, אַז דער וועג איז ריכטיק

אויסגעוויילט, און דידאָזיקע איבערציייגונג פאַרשטאַרקט הונדערטערפאַך די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע און דעם רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם, וועלכע זיינען פעאיק וואונדער צו שאַפן.

ביז וואָס פאַר אַ גראַד עס זיינען טיף די כלוקע-דייעס צווישן די איצטיקע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין דער פראַגע, וועלכן וועג צו ווילן, איז גלייך צו זען, ווען מע פאַרגלייכט די קאַווקאַזער רעזאָלוציע פון די ניי-איסקריסטן און די רעזאָלוציע פון III-טן צוזאַמענפאַר פון דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי. די רעזאָלוציע פונם צוזאמענפאַר זאָגט: די בורזשואַזיע איז אומקאָנסעקווענט, זי וועט אומבאַדינגט זען אָפּ-נעמען בא אונז די דעראָבערונגען פון דער רעוואָלוציע. דעריבער גרייט זיך ענערגישער צום קאַמף, כאַווייִרים-אַרבעטער, באַוואָפנט זיך, ציט צו אַף אייער זייט דאָס פּויערטום. מיר ווילן ניט אָפּטרעטן דער אייגננוציקער בורזשואַזיע אונזערע רעוואָלוציאָנערע דעראָבערונגען אָן אַ שלאַכט. די רעזאָלוציע פון די קאַווקאַזער ניי-איסקריסטן זאָגט: די בורזשואַזיע איז אומקאָנסעקווענט, זי קען זיך אָפּטרייסלען פון דער רעוואָלוציע. דעריבער, כאַווייִרים-אַרבעטער, טראַכט ניט, מיר בעטן אייך, וועגן אָן אנטייל אין דער צייטווייליקער רעגי-רונג, ווייל דאַן וועט די בורזשואַזיע געוויס אָפּטרייסלען זיך און דער פאַר-נעם פון דער רעוואָלוציע וועט פון דעם שוואַכער זיין!

איינע זאָגן: באַוועגט די רעוואָלוציע פאָרויס, ביזן סאָף, ניט קוקנדיק אָפן ווידערשטאַנד אָדער דער פּאַסיווקייט פון דער אומקאָנסעקווענטער בור-זשואַזיע.

די אַנדערע זאָגן: טראַכט ניט וועגן דער זעלבשטענדיקער דורכפירונג פון דער רעוואָלוציע ביזן סאָף, ווייל פון איר וועט זיך דאַן אָפּטרייסלען די אומקאָנסעקווענטע בורזשואַזיע.

האָבן מיר דען ניט פאַר אונז קיין צוויי דיאַמעטראַל קעגנזעצלעכע וועגן? איז דען ניט קלאָר, אַז איין טאַקטיק שליסט אומבאַדינגט אויס די אַנ-דערע? אַז די ערשטע טאַקטיק איז די איינציק ריכטיקע טאַקטיק פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, און אַז די אַנדערע איז אין טאָך אַ טאַקטיק א ריין אָסוואָבאָזשדענישע?

## 13. שלוס. צי דערוועגן מיר זיך צו זיגן?

מענטשן, וועלכע זיינען איבערפלעכלעך באַקאַנט מיט דער סיטואַציע אין דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אָדער וועלכע אורטיילן פון דער זייט, וועלכע וויסן ניט די געשיכטע פון דעם גאַנצן אינער-פּאַרטייאישן קאַמף אונזערן זינט דעם עקאָנאָמיזם אָן, באַציִען זיך צו די איצט אויסגעפאָרמירטע, באַזונדערס נאָכן III-טן צוזאַמענפאַר טאַקטישע מיינונגס-פאַרשיידנהייטן, ווי צו צוויי נאַטירלעכע, אומפאַרמיידלעכע, פולקאָם פאַרייִנ-באַרע טענדענצן אין יעדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער באַוועגונג. פון איין זייט,

זאָל דאָס הייסן, איז דאָ אַ פאַרשטאַרקטע אונטערשטרייכונג פון דער געוויינלעכער, לויפנדיקער, אַלטעגלעכער אַרבעט, פון דער נויטיקייט צו אַנטוויקלען די פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, צו צוגרייטן קרעפטן, צו פאַרטיפערן די באַוועגונג א. אז. וו. פון דער אַנדער זייט איז דאָ דאָס אונטערשטרייכן פון די אַלגעמיין-פּאָליטישע, רעוואָלוציאָנערע קאַמפּס אויפגאַבן פון דער באַוועגונג, דאָס אָנווייזן אַף דער נויטיקייט פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, דאָס אַרויסרוקן די לאָזונגען: רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע דיקטאַטור, צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג. ניט דער, ניט יענער צאַד דאַרף ניט איבערטרייבן, ניט דאָ, ניט דאָרט (ווי ביקלאַל ערגעץ אין דער וועלט ניט) זיינען ניט גוט קיין עקסטרעמקייטן א. אז. וו. א. ד. גל.

די ביליגע עמעסן פון דער אַלטעגלעכער (און פון דער „פּאָליטישער" אין געגנזן-פיסלעך) כאָכמע, וועלכע זיינען בליסאָפּעק פאַראַן אין אַזעלכע אַרט כקירעס, דעקן אבער זייער אָפּט צו דאָס ניטפאַרשטיין פון די טעגלעכע, אָנגעווייטיקטע נויטן פון דער פּאַרטיי. אָט נעמט די היינטיקע טאַקטישע מיינונגס-פאַרשיידנהייטן צווישן די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס פאַרשטאַרקטע אונטערשטרייכן פון דער אַלטעגלעכער, וואָכעדיקער זייט פון דער אַרבעט, וואָס מיר זעען אין די ניי-איסקריסטישע כקירעס וועגן טאַקטיק, וואָלטן אַן און פאַר זיך קיין שום געפאַר ניט פאַרגעשטעלט און זיי וואָלטן ניט געקאָנט אַרויסרופן קיינע שום כעלוקע-דייעס אין די טאַקטישע לאָזונגען. נאָר עס איז גענוג צו פאַרגלייכן די רעזאָלוציעס פון III-טן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער פּאַרטיי מיט די רעזאָלוציעס פון דער קאָנפערענץ, אַז דידאָזיקע כעלוקעדייעס זאָלן זיך וואַרפן אין די אויגן.

היינט אין וואָס זשע האַנדלט זיך עס דאָ? אָט אין דעם, וואָס עס איז, ערשטנס, ווייניק אין אלגעמיין און אבסטראַקט אנצואווייזן אַף צוויי ריכטונגען אין דער באַוועגונג און אַף דער שעדלעכקייט פון עקסטרעמקייטן. מע דאַרף וויסן קאָנקרעט, אַף וואָס עס ליידט די געגעבענע באַוועגונג אין דעם געגעבענעם מאָמענט, אין וואָס באַשטייט איצטער די רעאַלע פּאָליטישע געפאַר פאַר דער פּאַרטיי. צווייטנס, דאַרף מען וויסן, פאַר וועלכע רעאַלע פּאָליטישע קיוכעס עס גיסן וואַסער אַפן מיל די אָדער יענע טאַקטישע לאָזונגען,— עס קען זיין די אָדער יענע אָפּוועזנהייט פון לאָזונגען. אָט הערט די ניי-איסקריסטן—און איר וועט קומען צום אויספיר, אַז דער פּאַרטיי פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דראָט די געפאַר אַרויסצוואַרפן איבערן באָרט די פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, דעם עקאָנאָמישן קאַמף און די קריטיק פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, אַז איר דראָט די געפאַר ניט אין דער מאָס פאַרכאַפּט צו ווערן פון דער מיליטער צוגרייטונג, פון באַוואָפנטע אָנפאַלן, פון פאַרכאַפּן די מאַכט א. אז. וו. אין דערעמעסן אָבער דראָט דער פּאַרטיי די רעאַלע געפאַר גאָר פון אַן אַנדער זייט. ווער עס ווייס וויפל ניט איז נאָענט דעם צושטאַנד פון דער באַוועגונג, ווער עס טראַכט זיך אין איר אַריין און גיט אַף איר אויפמערקזאַם אַכטונג, דער קען ניט ניט זעען די לעכערלעכע זייט פון

די ניי-איסקריסטישע מוירעס. די גאַנצע אַרבעט פון דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער פּאַרטיי האָט זיך שוין פולקום אפּגעגאָסן אין פעסטע און שטענדיקע ראַמען, וועלכע זיכערן באַדינגונגסלאָז די קאָנצענטרירונג פון דעם שווער-פונקט אַף פּראָפּאָגאַנדע און אַגיטאַציע, אַף פלוגבלעטלעך און בראָשורן, דאָס מיטווירקן דעם עקאָנאָמישן קאַמף און דאָס אונטערכאַפּן זייַנע לאָזונגען. עס איז ניטאָ קיין איין קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, קיין איין ראַיאָן קאָמיטעט, קיין איין צענטראַלע סכאָדקע, קיין איין זאוואד-גרופּע, אין וועלכע מע זאָל ניט אָפּגעבן אַלעמאָל און שטענדיק קיין ניין און ניינציק הונדערט-כיילעך פון אויפמערקזאַמקייט, צייט און קויכעס אָט די אַלע פונקציעס, וועלכע האָבן זיך נאָך פּאַרפעסטיקט זינט דער צווייטער העלפט פון די ניינציקסטע יאָרן אָן. נאָר מענטשן, וועלכע זייַנען אינגאַנצן ניט באַקאָנט מיט דער באַוועגונג, ווייסן עס ניט. אָננעמען פאַר גוט געלט דאָס, וואָס די ניי-איסקריסטן כאַזערן איבער מיט זייער אַן ערנסטן פּאָנים אלטע מאַיסעס, קענען נאָר זייער נאַיווע אָדער ניט באַהאַוונטע מענטשן.

אַ פאַקט איז דאָס, וואָס ניט נאָר מע גיט זיך באַ אונז ניט צופיל אָפּ מיט די אויפגאַבן פון אויפשטאַנד, מיט אַלגעמיין פּאָליטישע לאָזונגען, מיטן איניען פון אָנפירונג מיט דער גאַנצער פאָלקס רעוואָלוציע, נאָר, פאַרקערט, די אפּגעשטאַנענקייט גראַד אין דערדאָזיקער הינזיכט וואַרפט זיך אין די אויגן, זי איז דער שוואכסטער ארט, זי שטעלט מיט זיך פאַר אַ רעאַלע געפאַר פאַר אונזער באַוועגונג, וועלכע קען דעגענערירן פון אַ רעוואָלוציאָנערער אין טאַט אין אַ רעזוואָלוציאָנערער אַף ווערטער. פון אַסאַך, אַסאַך הונדערטער אָרגאַניזאַציעס, גרופּן און קרייזלעך, וועלכע פירן אויס די אַרבעט פון אונזער פּאַרטיי, וועט איר ניט געפינען קיין איינציקן, אין וועלכן עס זאָל זיך ניט פירן פון ערשטן טאָג אָן פון זייַן אַנטשטיין יענע אַלטעגלעכע אַרבעט, וועגן וועלכע עס דערציילן אונז די כאַכאַמים פון דער נייער „איסקרא״ מיט אַן אויסזען פון מענטשן, וועלכע אנטדעקן נייע עמעסן. און פאַרקערט, איר וועט געפינען אַ נישטיקן פּראָצענט גרופּן און קרייזן, וועלכע האָבן באַגריפן די אויפגאַבן פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, וועלכע זייַנען צוגעטראָטן אויס-צופירן זיי, וועלכע גיבן זיך אָפּ אַ רעכענונג אין דער נויטיקייט אנצופירן מיט דער גאַנצער פאָלקס רעוואָלוציע קעגן דעם צאַריזם, אין דער נויטיקייט ארויס-צורוקן צוליב דעם גראַד די און ניט יענע פאָדערשטע לאָזונגען.

מיר זייַנען קאָלאָסאַל אפּגעשטאַנען פון די פאָרגעשריטענע און ווירק-לעך רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן, אין אַסאַך פאַלן האָבן מיר זיי נאָך ניט באַ-גריפן, מיר האָבן פארשלאָפן דאָ און דאָרט די פאַרשטאַרקונג פון דער רעוואָ-לוציאָנערער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע אַפן כעשבן פון אונזער אפּגעשטאַנענ-קייט אין דערדאָזיקער הינזיכט. און די שרייבער פון דער נייער „איסקרא״, אויסדרייענדיק זיך מיטן רוקן צו דעם גאַנג פון די געשעענישן און צו די פאָדערונגען פון דער צייט, כאַזערן מיט אקשאָנעס: פארגעסט ניט דאָס אַלטע! גיט זיך ניט אָפּ צופיל מיט דעם נייעם! דאָס איז דער שטענדיקער גרונט מאָטיוו פון אַלע וויכטיקע רעזאָלוציעס פון דער קאָנפערענץ, אין דער צייט,

ווי אין די רעזאָלוציעס פון דעם צוזאַמענפאָר לייענט איר אויך שטענדיק: באַ-
שטעטיקנדיק דאָס אַלטע (און ניט אפּשטעלנדיק זיך אַף דעם צעקאַיען עס
דערפאַר טאַקע, ווייל דאָס איז אַלט, שוין באַשלאָסן און פאַרפיקסירט אין דער
ליטעראַטור, דורך רעזאָלוציעס און ערפאַרונג), רוקן מיר אַרויס אַ נייע אויפ-
גאַבע, מיר ווענדן די אויפמערקזאַמקייט אַף איר, מיר שטעלן אַ נייעם לאָ-
זונג, מיר פאָדערן פון די ווירקלעך רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, אַז
זיי זאָלן טייקעף אַרבעטן אַף דורכצופירן אים אין לעבן.

אָט ווי עס שטייט אין דערעמעסן די פראַגע וועגן צוויי ריכטונגען אין
דער טאַקטיק פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, די רעוואָלוציאָנערע עפּאָכע האָט
אַרויסגערוקט נייע אויפגאַבן, וועלכע עס זעען ניט בלויז בלינדע מענטשן.
און דידאָזיקע אויפגאַבן אַנערקענען אַנטשיידן בלויז די סאָציאַל-דעמאָקראַטן
און שטעלן זיי אַפן טאָג-סיידער: דער באַוואָפנטער אויפשטאַנד איז אומאָפּ-
לייגבאַר, גרייט זיך צו אים טייקעף און ענערגיש, געדענקט, אַז ער איז אומ-
באַדינגט נויטיק פאַר דעם אַנטשיידענעם זיג, שטעלט די לאָזונגען פון אַ רע-
פּובליק, פון אַ צייטווייליקער רעגירונג, פון דער רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטי-
שער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום. די אַנדערע אָבער קריכן
צוריק, טופּען זיך אַף איין אָרט, אנשטאָט לאָזונגען גיבן זיי האַקדאָמעס, אנ-
שטאָט אָנצואווייזן דאָס נייע צוגלייך מיטן באַשטעטיקן דאָס אַלטע, קייען זיי
פאַנאנדער באַריכעס און לייגנווייליק אָט דאָס אַלטע, אויסדרייענדיק זיך פון
דעם נייעם, ניט קענענדיק באַשטימען די באַדינגונגען פאַר אַן אַנטשיידענעם
זיג, ניט קענענדיק אַרויסשטעלן קיין לאָזונגען, וועלכע זאָלן נאָר אַליין שטי-
מען מיט דער שטרעבונג צו דערשלאָגן זיך אַ פולקומען זיג.

דעם פּאָליטישן רעזולטאַט פון דעמדאָזיקן עקיזם האָבן מיר שוין. די
באָבע-מאַיסע וועגן דער דערנעענטערונג פון דער „מערהייט” פון דער רוס-
לענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי מיט דער רעוואָלוציאָנע-
רער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע ווערט בלייבן אַ באָבע-מאַיסע, וועלכע ווערט
ניט באַשטעטיקט ניט דורך קיין איינציקן פּאָליטישן פאַקט, ניט דורך קיין
איינציקער ווירקזאַמער רעזאָלוציע פון די „באָלשעוויקעס”, ניט דורך קיין איינ-
ציקן אַקט פון III צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער
אַרבעטער-פּאַרטיי, אין דערזעלביקער צייט איז די אָפּאָרטוניסטישע, מאָנאַרכיס-
טישע בורזשואַזיע אין דער פּערזאָן פון דער „אָסוואָבאָזשדעניע” באַגריסט
שוין פון לאַנג די „פּרינציפּיעלע” טענדענצן פון דעם ניי-איסקריזם, און איצ-
טער דרייט זי פּאָשעט איר מיל מיט זייער וואַסער, נעמט איבער אַלע זייערע
ווערטלעך און „אידייעלעך” קעגן „קאָנספּיראַציע” און "בונט”, קעגן דער
איבערטרייבונג פון דער „טעכנישער” זייט פון דער רעוואָלוציע, קעגן דער
דירעקטער ארויסשטעלונג פון דעם לאָזונג פון באַוואָפנטן אויפשטאַנד, קעגן
דעם „רעוואָלוציאָניזם” פון די עקסטרעמע פאָדערונגען א. א, וו. א. ד. גל. ד
רעזאָלוציע פון אַ גאַנצער קאָנפערענץ פון סאָציאַל-דעמאָקראַטן — „מענשע-
וויקעס” אַף קאַווקאַז און די סאַנקציאָנירונג פון דערדאָזיקער רעזאָלוציע דורך
דער רעדאַקציע פון דער נייער „איסקראַ” פירט אונטער ניט קיין צווייטיקן

סאַכאַקל צו דעם אַלעס: עס זאָל זיך כאָלילע ניט אָפּטרייסלען די בורזשואַזיע
אין פאַל פון אָנטייל פון פּראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָלוציאָנער=דעמאָקראַ-
טישער דיקטאַטור! דערמיט איז אַלץ געזאָגט. דערמיט איז אנטגילטיק פאַר-
פעסטיקט דאס פאַרוואנדלען דעם פּראָלעטאַריאַט אין אַ מעשאָרעס פון דער
מאָנאַרכיסטישער בורזשואַזיע. דערמיט איז דערוויזן אין דער טאַט, ניט דורך
אַ צופעליקער דערקלערונג פון איין פּערזאָן, נאָר דורך אַ רעזאָלוציע, וועלכע
איז ספּעציעל סאַנקציאָנירט דורך אַ גאַנצער ריכטונג, איז דערוויזן די פּאָלי=
טישע באַדייטונג פון דעם ניי-איסקריסטישן עקיזם.

ווער עס וועט זיך אַריינטראַכטן אין דידאָזיקע פאַקטן, יענער וועט
ווירקלעך פאַרשטיין די באַדייטונג פון די געוויינלעכע אָנווייזונגען אַף צוויי
זייטן און אַף צוויי טענדענצן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער באַוועגונג.
נעמט די בערנשטייניאַדע, קעדיי אַף א גרויסן מאַסשטאַב צו דערלערנען דידאָ-
זיקע טענדענצן, די בערנשטייניאַנער האָבן דאָך באַהויפּטעט און באַהויפּטן נאָך
אַדהאַיאָם אָס בעאָס, אַז גראַד זיי פאַרשטייען די עמעסע נויטן פון דעם פּראָ-
לעטאַריאַט, די אויפגאַבן פון וואוקס פון זיינע קויכעס, פון דער פאַרטיפערונג
פון דער גאנצער ארבעט, פון דער צוגרייטונג פון די עלעמענטן פון דער נייער
געזעלשאַפט, פון דער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע. מיר פאָדערן דאָס אָפענע
אַנערקענען פון דעם, וואס עס איז פאַראן! — זאָגט בערנשטיין, סאַנקציאָנירנ-
דיק דערמיט די „באַוועגונג" אָן אַן „ענדע-ציל", סאַנקציאָנירנדיק אַ הוילע
פאַרטיידיקונגס-טאַקטיק, פאַרדיקנדיק אַ טאַקטיק פון מוירע, אַז „עס זאָל זיך כאָ=
לילע ניט אָפּטרייסלען די בורזשואַזיע". אויך די בערנשטייניאַנער האָבן גע=
שריען וועגן „יאַקאָביניזם" פון די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וועגן
„ליטעראַטן", וועלכע פאַרשטייען ניט די „ארבעטער-זעלבסטעטיקייט" א. א. וו.,
א. א. וו. אין דערעמעכן אָבער, ווי אַלעמען איז באַקאַנט, האָבן די רעוואָלו=
ציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אַפילע ניט געטראַכט צו פאַרוואַרפן די אַלטעג-
לעכע און קליינע אַרבעט, די צוגרייטונג פון קויכעס א. א. וו. זיי האָבן בלויז
געפאָדערט דאָס קלאָרע באַגרייפן פון דעם ענדע=ציל, דאס קלאָרע שטעלן פון
די רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן, זיי האָבן געוואָלט אויפהויבן די האַלב-פּראָלע-
טאַרישע און האַלב=קליינבירגערלעכע שיכטן ביז דער רעוואָלוציאָנערקייט פון
דעם פּראָלעטאַריאַט, און ניט דערנידעריקן דידאָזיקע רעוואָלוציאָנערקייט ביז
די אָפּאָרטוניסטישע האַשאָרעס וועגן דעם „אַז עס זאָל זיך כאָלילע ניט אָפּ-
טרייסלען די בורזשואַזיע". דער בוילעטסטער אויסדרוק קימאַט פון דער פאַר=
שיידנהייט צווישן דעם אינטעלעגענטיש-אָפּאָרטוניסטישן און דעם פּראָלעטאַ-
ריש-רעוואָלוציאָנערן פליגל פון דער פאַרטיי איז געווען די פראגע:
„Dûrfen wir siegen" צי דערוועגן מיר זיך צו זיגן? צי איז אונז דערלויבט צו
זיגן? צי איז אונז ניט געפערלעך צו זיגן? צי דארפן מיר זיגן? דידאָזיקע
פראַגע, וועלכע איז אַפן ערשטן בליק מעשונעדיק, איז דאָך אוועקגעשטעלט
געוואָרן און האָט געדארפט אַוועקגעשטעלט ווערן, ווייל די אָפּאָרטוניסטן
האָבן מוירע געהאט פאר א זיג, זיי פלעגן שרעקן דעם פּראָלעטאַריאט מיט

אים, זיי פלעגן נעוויעס זאָגן וועגן צאָרעס פון אים, זיי פלעגן אויסלאַכן די לאָזונגען, וועלכע פירן דירעקט צו אים.

דיזעלביקע גרונט-טיילונג אַף אַן אינטעליגענטיש-אָפּאָרטוניסטישער און פּראָלעטאַריש-רעוואָלוציאָנערער טענדענץ איז פאַראַן אויך בײַ אונז, מיט דעם זייער וויכטיקן אונטערשייד נאָר, וואס דאָ האנדלט עס זיך ניט אום אַ סאָציאַליסטישער, נאָר אום אַ דעמאָקראַטישער איבערקערעניש. בײַ אונז איז אויך אַוועקגעשטעלט די אַפּן ערשטן בליק אומגעלומפּערטע פראַגע: „צי דערוועגן מיר זיך צו זיגן?“ זי איז אַוועקגעשטעלט דורך מארטינאָוון אין זיינע „צוויי דיקטאטורן“, וועלכע האבן נעוויעס געזאָגט אומגליקן דערפון, אויב מיר וועלן זייער גוט צוגרייטן און וועלן מיט א פולן דערפאָלג דורכפירן דעם אויפשטאַנד. זי איז אוועקגעשטעלט דורך דער גאנצער ניי-איסקריסטישער ליטעראטור אין דער פראַגע וועגן דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, דערביי האָט מען זיך די גאנצע צייט מיט כ'יישעק, אָבער אָן דערפאָלג געפּרוּווט צונויפמישן מיליעראנס אָנטייל אין א בורזשואזו-אָפּאָרטוניסטישער רעגירונג מיט ווארלענס אנטייל אין אַ קליינבירגערלעכער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. זי איז פארפעסטיקט מיט דער רעזאָלוציע, אַז „די בורזשואזיע זאל זיך כאָלילע ניט אָפּטרייסלען“. און האַגאַם קאָוטסקי, לעמאָשל, פּרוואוט איצטער איראָניזירן אַז אונזערע איצטיקע שטרייטן וועגן א צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג זיינען ענלעך אַף דאָס טיילן פון דער פעל פון אַ נאָך ניט דערהארגעטן בער, נאָר דידאָזיקע איראָניע באווייזט בלויז, אַז אפילע קלוגע און רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטן פאַלן דורך, ווען זיי ריידן וועגן דעם, וועגן וואָס זיי וויסן בלויז אַפּן גרונט פון דעם, וואס זיי האבן עפּעס געהערט. די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז נאָך ניט אזוי שטארק נאָענט דערצו, אַז זי זאָל הארגענען דעם בער (מאכן די סאָציאַליסטישע איבערקערעניש), נאָר די פראגע וועגן דעם, צי מיר דערוועגן זיך אים צו הארגענען, האָט געהאט א קאָלאָסאלע פרינציפּיעלע און פּראקטיש-פּאָליטישע באדייטונג. די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן זיינען נאָך ניט אזוי שטארק נאָענט דערצו, אַז זיי זאָלן בעקויעך זיין „צו הארגענען זייער בער“ (מאכן די דעמאָקראַטישע איבערקערעניש), נאָר די פראגע וועגן דעם, צי מיר „דערוועגן זיך“ אים צו דערהארגענען, האט פאר דער גאנצער צוקונפט פון רוסלאַנד און פאר דער גאַנצער צוקונפט פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע א העכסט ערנסטע באדייטונג. עס קען אפילע קיין רייד ניט זיין וועגן אַן ענערגישער געלונגענער צונויפזאמלונג פון אַן אַרמיי און דער אָנפירונג מיט איר אָן דער איבערצייגונג, אַז מיר „דערוועגן זיך“ צו זיגן.

אָט נעמט אונזערע אַלטע עקאָנאָמיסטן. זיי פלעגן אויך שרייען, אַז זייערע קעגנער זיינען פאַרשווערער, יאַקאָבינער (זע „ראַבאָטשע דעלאָ“, באַזונדערס דעם נומ. 10, און מאַרטינאָווס רעדע בײַ די דעבאַטן אַפּן II-טן צוזאַמענפאָר וועגן דער פּראָגראַם), אַז זיי רייסן זיך אָפּ פון דער מאַסע מיט דעם, וואָס זיי וואַרפן זיך אַריין אין פּאָליטיק, אַז זיי פאַרגעסן די יעסוידעס פון דער

אַרבעטער-באַוועגונג, אַז זיי רעכענען זיך ניט מיט דער אַרבעטער-זעלבסטשטענדיקייט אוכעדוימע, אוכעדוימע. אין דערעמעסן אָבער זיינען די דאָזיקע אנהענגער פון דער „אַרבעטער-זעלבסטשטענדיקייט“ געווען אינטעליגענטן-אָפּאָרטוניסטן, וועלכע האָבן אָנגעבונדן די אַרבעטער זייער שמאָלן און פּיליסטערישן פאַרשטיין די אויפגאַבן פון דעם פּראָלעטאַריאַט. אין דערעמעסן האָבן די קעגנער פון עקאָנאָמיזם, ווי עס קען זעען יעדערער לויט דער אַלטער „איסקרא“, ניט פאַרוואָרפן און ניט אָפּגערוקט אַפן הינטער-גרונט קיין איינעם פון די געביטן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעט, זיי האָבן גאָר ניט פאַרגעסן דעם עקאָנאָמישן קאַמף, זיי האָבן אָבער דערביי געקאָנט שטעלן אין דער גאַנצער ברייט די טעגלעכע און לויפנדיקע פּאָליטישע אויפגאַבן און ניט דערלאָזן צו פאַרוואַנדלען די אַרבעטער-פּאַרטיי אין אַן „עקאָנאָמישן“ צוגאָב פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע.

די עקאָנאָמיסטן האָבן איינגעכאַזערט, אַז אין דעם יעסאָד פון דער פּאָליטיק ליגט די עקאָנאָמיק און האבן עס „פאַרשטאַנען“ אַזוי, אַז מע דאַרף דערנידערן דעם פּאָליטישן קאַמף ביז דעם עקאָנאָמישן. די ניי-איסקריסטן האָבן איינגעכאַזערט, אַז די דעמאָקראַטישע איבערקערעניש האָט אין עקאָנאָמישן יעסאָד אירן די בורזשואַזע רעוואָלוציע, און זיי האבן עס „פאַרשטאַנען“ אַזוי, אַז מע דאַרף דערנידעריקן די דעמאָקראַטישע אויפגאבן פון דעם פּראָלעטאַריאַט ביז דעם ניוואָ פון דער בורזשואַזער מעסיקייט, ביז יענעם גרעניץ, איבער וועלכן עס „וועט זיך אָפּטרייסלען די בורזשואַזיע“. די עקאָנאָמיסטן האָבן אונטער דעם אויסרייד פון פאַרטיפערן די אַרבעט, אונטער דעם אויסרייד פון אַרבעטער-זעלבסטשטענדיקייט און ריינער קלאַסן-פּאָליטיק, אָפּגעגעבן אין דער-עמעסן דעם אַרבעטער-קלאַס אין די הענט פון די ליבעראַל-בורזשואַזע פּאָליטיקער, ד. ה. זיי האָבן געפירט די פּאַרטיי אַף אַ וועג, די אָביעקטיווע באַדייטונג פון וועלכן עס איז געווען נעמלעך אַזעלכע. די ניי-איסקריסטן פאַראַטן אין דערעמעסן אונטער דעמזעלבן אויסרייד די אינטערעסן פונם פּראָלעטאַריאַט לעטוויוועס דער בורזשואַזיע אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, ד. ה. זיי פירן די פּאַרטיי אַף אַ וועג, די אָביעקטיווע באַדייטונג פון וועלכן איז נעמלעך אַזעלכע. די עקאָנאָמיסטן האט זיך געדוכט, אַז די הויפּט-ראָלע אין פּאָליטישן קאַמף איז ניט די זאַך פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, אַז זי געהערט אייגנטלעך די ליבעראַלן. די ניי=איסקריסטן דוכט זיך, אַז די אַקטיווע דורכפירונג פון דער דעמאקראַטישער רעוואָלוציע איז ניט די זאַך פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, נאָר אייגנטלעך די זאַך פון דער דעמאָקראַטישער בורזשואַזיע, ווייל די אָנפירונג און דער הויפּט-אַנטייל פון דעם פּראָלעטאַריאַט וועט „אָפּשוואַכן דעם פאַרנעם“ פון דער רעוואָלוציע.

מיט איין וואָרט, די ניי-איסקריסטן זיינען די עפּיגאָנען פון דעם עקאָנאָמיזם ניט בלויז לויט זייער אָפּשטאַמונג אַפן צווייטן פּאַרטיי=צוזאַמענפאָר, נאָר אויך לויט זייער איצטיקער שטעלונג פון די טאַקטישע אויפגאַבן פון פּראָלעטאַריאַט אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. דאָס איז אויך אַ אינטעליגענטיש-אָפּאָרטוניסטישער פליגל פון דער פּאַרטיי. אין דער אָרגאַניזאַציע האָט ער דעבאַטירט מיט דעם אַנאַרכיסטישן אינדיווידואַליזם פון אינטעליגענטן און האָט פאַרענדיקט מיט דער „דעזאָרגאַניזאַציע-פּראָצעס“, פאַרפיקסירנדיק

אין דעם „סטאַטוט“, וועלכער איז אנגענומען פון דער קאָנפערענץ, די אָפּגע־ריסנקייט פון דער ליטעראַטור פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, ניט דירעקטע, נאָר קימאַט פּירשטופּיקע וואלן, די סיסטעם פון באנאפּארטיסטישע פּלעביס־ציטן אָנשטאָט אַ דעמאָקראַטישער פארשטייערשאַפט, לעסאָף דער פּרינציפּ פון „פּאַרשטענדיקונג“ צווישן טיילן און דעם גאַנצן. אין דער טאַקטיק פון דער פּאַרטיי האָבן זיי זיך געקייקלט אַף דערזעלביקער מעשופּיקער פּלאַך. אין דעם „פּלאַן פון דער זעמסקער קאמפּאַניע“ האָבן זיי דערקלערט פאַר אַ „העכסטן טיפּ דעמאָנסטראַציע“ דאָס אַרויסטרעטן פאַר די זעמצעס, געפינענדיק אַף דער פּאָליטישער בינע בלויז צוויי אַקטיווע קויכעס (ערעוו דעם 9־טן יאַנוואַר!)— די רעגירונג און די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע. די טעגלעכע אויפגאַבע פון באַוואָפענונג האָבן זיי „פאַרטיפּט“, פאַרבייטנדיק דעם דירעקטן פּראַקטישן לאָזונג דורך אַ צורוף באַוואָפענען מיט אַ ברענענדיקער באַדערפעניש צו זעלבסטבאַוואָפענונג. די אויפגאַבן פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, פון אַ צייט־ווייליקער רעגירונג, פון אַ רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישער דיקטאַטור זיינען איצט פארקריפּלט דורך זיי און פארטעמפּט אין זייערע אָפּי־ציעלע רעזאָלוציעס. „עס זאָל זיך כאָלילע ניט אפּטרייסלען די בורזשואַזיע“— דערדאָזיקער שלוס־אקארד פון זייער לעצטער רעזאָלוציע—באַלייכט אינגאַנצן די פראַגע וועגן דעם, וואוהין פירט זייער וועג די פּאַרטיי.

די דעמאָקראַטישע איבערקערעניש אין רוסלאַנד איז אַ רעוואָלוציע, לויט איר געזעלשאַפטלעך־עקאנאמישן טאָך נאָך, אַ בורזשואַזע. דידאָזיקע ריכ־טיקע מארקסיסטישע האַנאָכע איז ניט גענוג פּאָשעט איבערצוכאַזערן. מע דאַרף זי קענען פאַרשטיין און קענען אנווענדן צו פּאָליטישע לאָזונגען. די גאַנצע פּאָליטישע פרייהייט ביכלאַל, אַפן באָדן פון די היינטיקע, ד. ה. קאַפּיטאַליס־טישע פּראָדוקציאָנס־באַציאונגען, איז א בורזשואַזע פרייהייט. די פאָדערונג פון פרייהייט דריקט אויס קוידעמקאָל די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע. אירע פארשטייער האָבן די ערשטע אַרויסגעשטעלט דידאָזיקע פאָדערונג. אירע אנהענגער האָבן זיך אומעטום באַנוצט מיט דער באקומענער פרייהייט, אַלס באַלע־באַטים, דערפירנדיק זי ביז דעם מעסיקן און אקוראַטן בורזשואזן מאָסל, צונויפ־פאַרנדיק זי צוגלייך מיט דער ראפינירטסטער אין פרידנס־צייט און כאַיעש־אכזאָ־ריעסדיקער אין אומרו־צייט דערשטיקונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט.

נאָר מאַכן דערפון אן אויספיר, אַז מע דאַרף אינגאַנצן ניט קעמפן אָדער מע דאַרף דערנידעריקן דעם קאַמף פאַר פרייהייט, האָבן געקאָנט נאָר די בונ־טארעס־פאלקיסטן, די אנארכיסטן און די „עקאנאמיסטן“. אנבינדן דידאָזיקע אינטעליגענטיש־פיליסטערישע לערע דעם פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אַלע מאָל איינגעגעבן בלויז צייטווייליק, בלויז קעגן דעם ווידערשטאַנד פון דעם פּראָ־לעטאַריאַט. דער פּראָלעטאַריאט האָט באַנומען מיטן כוש, אַז פּאָליטישע פריי־הייט איז אים נויטיק, אַז זי איז פאַר אים נויטיק מער, ווי פאַר אַלעמען, ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס זי וועט אומיטלבאַר פארשטאַרקן און אָרגאַניזירן די בורזשואַזיע. ניט אין דעם אויסמיידן דעם קלאַסן־קאַמף וואַרט זיין רעטונג דער פּראָלעטאַריאַט, נאָר אין זיין אנטוויקלונג, אין דער פארגרעסערונג פון זיין

פאַרנעם, זיין באַוואוסטזיניקייט, אָרגאַניזירטקייט, אנטשלאסנקייט. ווער עס דערנידעריקט די אויפגאַבן פון פּאָליטישן קאַמף, דער פאַרוואַנדלט דעם סאָציאַל-דעמאָקראַט פון אַ פאָלקס-טריבון אין אַ סעקרעטאַר פון אַ טרעד-יוניאָן. ווער עס דערנידעריקט די פּראָלעטאַרישע אויפגאַבן אין דער דעמאָקראַטישער בורזשואַזער רעוואָלוציע, דער פאַרוואַנדלט דעם סאָציאַל-דעמאָקראַט פון אַ פירער פון דער פאָלקס-רעוואָלוציע אין אַן אנפירער פון אַ פרייען אַרבעטער-פאַריין.

יאָ, פון דער-פאָלקס-רעוואָלוציע. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט געקעמפט און קעמפט איצט מיט פולן רעכט קעגן דעם בורזשואַזן-דעמאָקראַטישן מיסברויכן מיטן וואָרט פאָלק. זי פאָדערט, אַז מיט דעמדאָזיקן וואָרט זאָל מען ניט פארדעקן דאָס ניט-פאַרשטיין די קלאַסן-אנטאַגאָניזמען אינעווייניק אינם פאָלק גופא. זי באַשטייט אומבאַדינגט אַף דער נויטיקייט פון דער פולקומער קלאסנווייזער זעלבשטענדיקייט פון דער פאַרטיי פון דעם פּראָלעטאַריאַט. נאָר זי צעגלידערט דאָס „פאָלק" אַף „קלאַסן" ניט צוליב דעם, אַז דער פארגעשריטענער קלאַס זאל זיך איינשליסן אין זיך, אַז ער זאָל זיך באַגרעניצן מיט אַ שמאָלינקן מאסל, אַז ער זאָל קאסטרירן זיין טעטיקייט מיט דער האשארע, טאמער וועלן זיך כאלילע אפטרייסלען די עקאָנאָמישע הערשער פון דער וועלט, נאָר צוליב דעם, אַז דער פארגעשריטענער קלאַס, ניט ליידנדיק פון דער האלבקייט, אומשטאַנדהאַפטיקייט און אומאַנטשלאָסנקייט פון די צווישן-קלאַסן, זאָל וואָס מיט אַ גרעסערער ענערגיע, וואָס מיט אַ גרעסערן ענטוזיאַזם קעמפן פאַר דער זאַך פון דעם גאַנצן פאָלק, אין דער שפיץ פון דעם גאַנצן פאָלק.

אָט וואָס עס פאַרשטייען אָפט ניט די היינטיקע ניי-איסקריסטן, וועלכע, אַנשטאָט אַרויסצושטעלן אַקטיווע פּאָליטישע לאָזונגען אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, האַלטן אין איין איבערכאַזערן דאָס וואָרט: „קלאסנווייזער" אין אַלע געשלעכטן און אין אַלע קאַזוסן!

די דעמאָקראַטישע איבערקערעניש איז בורזשואַז. דער לאָזונג פון שוואַרצער איבערטיילונג פון דער ערד אָדער ערד און פרייהייט,—דערדאָזיקער פאַרשפּרייטער לאָזונג פון דער פויערים-מאַסע, וועלכע איז פינסטער און פאַרשלאָגן, וועלכע זוכט אָבער ליידנשאַפטלעך ליכט און גליק, — איז בורזשואַז. אָבער מיר, מאַרקסיסטן, דאַרפן וויסן, אַז עס איז ניטאָ און עס קען ניט זיין קיין אַנדער וועג צו דערווירקלעכער פרייהייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פויערטום, ווי דער וועג פון בורזשואַזער פרייהייט און בורזשואַזן פּראָגרעס. מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן, אַז עס איז ניטאָ און עס קען ניט זיין באַ היינטיקן טאָג קיין אַנדער מיטל צו דערנעענטערן דעם סאָציאַליזם, ווי די פולע פּאָליטישע פרייהייט, ווי די דעמאָקראַטישע רעפּובליק, ווי די רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פויערטום. אַלס די פאַרשטייער פון דעם פאָרגעשריטענעם און דעם איינציק רעוואָלוציאָנערן, אָן באַגרעניצונגען, אָן ספייקעס, אָן אַרומקוקענישן צוריק רעוואָלוציאָנערן קלאַס, דאַרפן מיר וואָס ברייטער, דרייסטער, איניציאַטיווער שטעלן פאַרן גאַנצן פאָלק

די אויפגאַבן פון דער דעמאָקראַטישער איבערקערעניש. די דערגידערונג פון דידאַזיקע אויפגאַבן באַדייט טעאָרעטיש אַ קאַריקאַטור אַף מאַרקסיזם און זיין פיליסטערישע פאַרקריפּלונג, און פּראַקטיש-פּאָליטיש באַדייט עס דאָס איבער-געבן די זאַך פון דער רעוואָלוציע אין די הענט פון דער בורזשואַזיע, וועלכע וועט זיך אומפאַרמיידלעך אָפּטרייסלען פון דער קאָנסעקווענטער דורכפירונג פון דער רעוואָלוציע. די שוועריקייטן, וועלכע שטייען אַפן וועג פון פולן זיג פון דער רעוואָלוציע, זיינען זייער גרויס. קיינער וועט ניט קענען פאַרורטיילן די פאָרשטייער פון פּראָלעטאַריאַט דערפאַר, אויב זיי וועלן טאָן אַלץ, וואָס אין זייערע קויכעס איז, און אויב אַלע זייערע באַמיאונגען וועלן זיך צעשלאָגן אָן דעם ווידערשטאַנד פון דער רעאַקציע, אָן דעם פאַראַט פון דער בורזשואַזיע, אָן דער פינסטערקייט פון דער מאַסע. אָבער אַלע און יעדער — און קוידעם-קאָל דער באַוואוסטזיניקער פּראָלעטאַריאַט — וועט פאַרורטיילן די סאָציאַל-דע-מאָקראַטיע, אויב זי וועט באַגרעניצן די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פון דער דעמאָקראַטישער איבערקערעניש, אויב זי וועט באַגרעניצן דעם רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם דורך דער מוירע צו זיגן, דורך האשארעס וועגן דעם, אַז עס זאָל זיך כאָלילע ניט אָפּטרייסלען די בורזשואַזיע.

רעוואָלוציעס זיינען די לאָקאָמאָטיוון פון דער געשיכטע, — האָט געזאָגט מאַרקס. רעוואָלוציעס זיינען דער יאָנטעוו פון אונטערדריקטע און עקספּלואַ-טירטע. קיינמאָל איז די פאָלקס-מאַסע ניט פעאיק אַרויסצוטרעטן אַלס אַזאַ אַקטיווער שעפער פון נייע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונגען, ווי אין דער צייט פון אַ רעוואָלוציע. אין אַזעלכע צייטן אין דאָס פאָלק פעאיק וואונדער צו שאַפן, פון שטאַנדפּונקט פון דעם שמאָלן, בירגערלעכן מאָסל פון בעהאדראַגע-דיקן פּראָגרעס. נאָר מע דאַרף, אַז אויך די אָנפירער פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען זאָלן ברייטער און דרייסטער שטעלן זייערע אויפגאַבן אין אַזאַ צייט, אַז זייערע לאָזונגען זאָלן אַלעמאָל גיין פאָרויס דער רעוואָלוציאָנערער זעלבס-טעטיקייט פון די מאַסן, דינענדיק פאַר זיי אַלס לייכט-טורעם, באַווייזנדיק אונ-זער דעמאָקראַטישן און סאָציאַליסטישן אידעאַל אין זיין גאַנצער גרויסקייט, אין זיין גאַנצער פּראַכט, באַווייזנדיק דעם נאָענטסטן, דעם גלייכסטן וועג צו דעם פולן, אומבאַדינגטן, אַנטשיידענעם זיג. לאָמיר לאָזן פאַר די אָפּאָרטוניסטן פון דער „אָסוואָבאָזשדענישער" בורזשואַזיע, אויס מוירע פאַר דער רעוואָלוציע, אויס מוירע פאַר גלייכע וועגן, אויסצוטראַכטן אַרומיקע קאָמפּראָמיס-וועגן. אויב מע וועט אונז מיט געוואַלט צווינגען צו שלעפּן זיך איבער אַזעלכע וועגן, וועלן מיר קענען אויספירן אונזער כויוו אויך אַף דער קליינער וואָכעדיקער אַרבעט. נאָר זאָל אַפריער דער אומבעראַכמאָנעסדיקער קאַמף אַנטשיידן די פראַגע וועגן דעם אויסוואַל פון וועג. מיר וועלן זיך אַרויסווייזן פאַר פאַררעטער פון דער רעוואָ-לוציע, אויב מיר וועלן ניט אויסנוצן דידאָזיקע יאָנטעוודיקע ענערגיע פון די מאַסן און זייער רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם צוליב דעם אומבעראַכמאָנעסדיקן און איבערגעגעבנסטן קאַמף פאַר אַ גלייכן און אַנטשיידענעם וועג. זאָלן די אָפּאָרטוניסטן פון דער בורזשואַזיע פּאַכדאָנעסדיק טראַכטן וועגן דער קומענדי-קער רעאַקציע. די אַרבעטער וועט ניט אָפּשרעקן דער געדאַנק, ניט וועגן דעם

אַז די רעאקציע גרייט זיך צו זיין אַ גרויזאַמע, ניט וועגן דעם, אַז די בור־זשואזיע גרייט זיך אָפּצוטרייסלען זיך. די אַרבעטער וואַרטן ניט אַף קיין פּשאָ־רעס, זיי בעטן ניט קיין נעדאָוועס, זיי שטרעבן אומבארמהערציק צו דערשטיקן די רעאַקציאָנערע קויכעס, ד. ה. צו דער רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַ־טישער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום.

פאַרשטייט זיך, אַז אין אַ שטורם־צייט דראָען אונזער פּאַרטיי־שיף מער געפאַרן, איידער באַ אַ שטילן „שווימען“ פון ליבעראַלן פּראָגרעס, וועלכע באַ־דייט אַ שמערצלעך־לאַנגזאמעס אויסקוועטשן די קויכעס פון דעם אַרבעטער־קלאַס דורך זיינע עקספּלואַטאַטאָרן. פארשטייט זיך, אז די אויפגאבן פון דער רעוואָ־לוציאָנער־דעמאָקראטישער דיקטאַטור זיינען אין טויזנט מאָל שווערער און קאָמפּליצירטער, איידער די אויפגאבן פון דער „עקסטער אָפּאָזיציע“ און פון פּארלאמענטישן קאמף בלויז אליין. נאָר ווער עס איז פעאיק אין איצטיקן רע־וואָלוציאָנערן מאָמענט אויסקלייבן בעסער דאָס פרידלעכע שווימען און דעם וועג פון געפאַרלאָזער „אָפּאָזיציע“, — דער זאָל בעסער אוועקגיין אַף אַ צייט פון דער סאָציאל־דעמאָקראַטישער ארבעט, זאָל ער זיך דערוואַרטן אַפן סאָף פון דער רעוואָלוציע, ווען דער יאָנטעוו וועט פארביי, ווען עס וועלן זיך אָנ־הויבן די וואָכעדיקע טעג, ווען זיין וואָכעדיק באגרעניצט מאסל וועט ניט זיין אַזאַ עקלהאפטער דיסאנאנס, אזא מיעסע פארקריפּלונג פון די אויפגאבן פון דעם פאָרגעשריטענעם קלאַס.

אין דער שפּיץ פון גאנצן פאָלק און באזונדערס פון דעם פּויערטום — פאר פולקומער פרייהייט, פאר אַ קאנסעקווענטער דעמאָקראַטישער איבערקע־רעניש, פאַר אַ רעפּובליק! אין דער שפּיץ פון אַלע ארבעטנדיקע און עקספּלו־אַטירטע — פאַרן סאָציאַליזם! אַזאַ דארף זיין אין דערעמעסן די פּאָליטיק פון דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, אזא איז דער קלאַסן־לאזונג, וועלכער דאַרף מיט זיך דורכדרינגען און באשטימען דעם באשלוס פון יעדער טאקטי־שער פראגע, יעדן טאקטישן שריט פון דער ארבעטער־פּארטיי אין דער צייט פון רעוואלוציע.

# נאָכוואָרט.

## נאָך אַמאָל אסוואָבאזשדעניזם, נאָך אַמאָל ניי־איסקריזם.

די נומערן 71-72 „אָסוואָבאָזשדעניע“ און די נומערן 102-103 „איסקראַ“ האָבן געגעבן אַ נייעם אויסערסט־רייכן מאַטעריאַל צו דער פראַגע, וועלכער מיר האָבן געווידמעט דעם 8 § פון אונזער בראָשור. ניט האָבנדיק קיין שום מעגלעכקייט אויסצונוצן דאָ דעם גאַנצן רייכן מאַטעריאַל, וועלן מיר זיך אָפּ־שטעלן אף דעם וויכטיקסטן: ערשטנס, אף דעם, וואָס פאַר א מין „רעאַליזם“ לויבט די „אָסוואָבאָזשדעניע“ אזוי אין טאָג אַריין באַ דער סאָציאל־דעמאָקראַטיע, און פאַרוואָס דארף זי אים לויבן; צווייטנס, אף דער פאַרהעלטעניש פון די באַגריפן רעוואָלוציע און דיקטאַטור.

## I. פאַר וואָס לויבן די בורזשואַז-ליבעראַלע רעאַליסטן די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע „רעאַליסטן“?

די אַרטיקלען: „די שפּאַלטונג אין דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע“ און „דער טריאומף פון געזונטן פאַרשטאַנד“ („אָסוואָבאָזשדעניע“ № 72) שטעלן מיט זיך פאָר פאַר באַוואוסטזיניקע פּראָלעטאַריער זייער אַ ווערטפולן אורטייל פון די פאָרשטייער פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע וועגן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. מע קען גאָר ניט גענוג שטאַרק רעקאָמענדירן יעדן סאָציאַל-דעמאָקראַט צו באַקאַנען זיך מיט דידאָזיקע אַרטיקלען אין זייער פולן אויסזעען און דורכצוטראַכטן יעדן זאַץ אין זיי. מיר ברענגען דאָ קורידעמקאָל די הויפּט-האַנאָכעס פון ביידע אַרטיקלען:

„אַ זייטיקן באַאָבאַכטער,—זאָגט די „אָסוואָבאָזשדעניע“,—איז גאַנץ שווער טויפעס צו זיין דעם גאַנצן פּאָליטישן זין פון דער מיינונגס-פאַרשיידנהייט, וועלכע האָט צעשפּאָלטן די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אויף צוויי פראַקציעס. די דעפינירונג פון דער „מערהייטס“-פראַקציע, אַלס די מער ראַדיקאַלע און גראַדליניקע, לעהייפּעך פון דער „מינדערהייט“, וועלכע דערלאָזט אין די אינטערעסן פון דער זאַך אייניקע קאָמפּראָמיסן, איז ניט פולקום פּינקטלעך און שטעלט אלנפאלס ניט פאָר קיין אויסשעפּנדע כאַראַקטעריסטיק. אַלנפאַלס, די טראַדיציאָנעלע דאָגמאַטן פון דער מאַרקסיסטישער אָרטאָדאָקסיע היט די מינדערהייטס - פראַקציע אָפּ, קען זיין, מיט נאָך מער אייפערקייט, איידער לעניניס פראַקציע. אַ מער פּינקטלעכע, דוכט זיך אונז, איז די פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטיק: די גרונט-פּאָליטישע שטימונג פון דער „מערהייט“ איז אַבסטראַקטער רעוואָלוציאָניזם, בונטן-מאַכעריי, די שטרעבונג, מיט וועלכע איר ווילט מיטלען, אויפצוהויבן אַן אויפשטאַנד אין דער פאָלקס-מאַסע און אין איר נאָמען טייקעף צו פאַרכאַפּן די מאַכט; דאָס דערנעענטערט אין אַ געוויסער מאָס די „לעניניסטן“ מיט די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן און פאַרשטעלט אין זייער באַוואוסטזיין די אידייע פון קלאַסן-קאַמף מיט דער אידייע פון אַן אַלפאָלקישער רוסישער רעוואָלוציע; אָפּזאָגנדיק זיך אין דער פּראַקטיק פון אסאַך שמאָלקייטן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער דאָקטרין, זיינען די „לעניניסטן“, פון דער אַנדער זייט, דורך און דורך דורכגעדרונגען מיט דער שמאָלקייט פון רעוואָלוציאָניזם, זאָגן זיי זיך אָפּ פון יעדער אַנדערער פּראַקטישער אַרבעט, אויסער דער צוגרייטונג פון אַ טייקעפדיקן אויפשטאַנד, איגנאָרירן זיי פּרינציפּיעל אַלע פאָרמען פון לעגאַלער און האַלב-לעגאַלער אַגיטאַציע און אַלע מינים פּראַקטיש-נוצלעכע קאָמפּראָמיסן מיט די אַנדערע אָפּאָזיציאָנעלע ריכטונגען. די מינדערהייט, פאַרקערט, האַלטנדיק זיך פעסט פאַר דער דאָגמע פון מאַרקסיזם, היט איין אין דערזעלבער צייט אויך די רעאַליסטישע עלעמענטן פון דער מאַרקסיסטישער וועלט-אנשויאונג. די גרונט-אידייע פון דערדאָזיקער פראַקציע איז די קעגנשטעלונג פון די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט אקעגן די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע. נאָר, פון דער אנדער זייט, ווערט דער קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט געדאַכט — פאַרשטייט זיך, אין געוויסע גרעניצן, וועלכע ווערן דיקטירט דורך די אומדער-

שיטערלעכע דאָגמאַטן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע — רעאַליסטיש ניכטער, מיטן קלאָרן באַוואוסטזיין פון אלע קאָנקרעטע באַדינגונגען און אויפגאַבן פון דעמדאָזיקן קאַמף. ביידע פראַקציעס פירן דורך זייער גרונט-שטאַנדפונקט ניט פולקום קאָנסעקווענט, ווייל זיי זיינען געבונדען אין זייער אידייאיש-פּאָליטישער שאַפונג מיט די שטרענגע פאָרמולן פון דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן קאַטעכיזיס, וועלכע שטערן די „לעניניסטן" צו ווערן גראָדליניקע בונטאַרעס, לויטן מוסטער פון אייניקע, לעכאָלאפּאָכעס, סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, און די „איס-קריסטן"—צו ווערן פראַקטישע אָנפירער פון דער רעאַל-פּאָליטישער באַוועגונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס".

און ברענגענדיק ווייטער דעם אינהאַלט פון די הויפּט-רעזאָלוציעס, דער-קלערט דער שרייבער פון „אָסוואָבאָזשדעניע" מיט אייניקע קאָנקרעטע באַמער-קונגען וועגן זייערע אַלגעמיינע „געדאַנקען". אין פאַרגלייך מיטן III-טן צוזאַמענפאָר, זאָגט ער, „באַצייט זיך אינגאַנצן אַנדערש צו א באַוואָפנטן אויפ-שטאַנד די קאָנפערענץ פון דער מינדערהייט". „אין צוזאַמענהאַנג מיט דער באַציאונג צו א באַוואָפנטן אויפשטאַנד שטייט די פאַרשיידנהייט פון די רעזאָ-לוציעס וועגן דער צייטווייליקער רעגירונג". „פונקט אַזאַ מיינונגס-פאַרשיידנהייט ווייזט זיך אַרויס אויך אין דער באַציאונג צו די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער-פאַריינען. די „לעניניסטן" האָבן אין זייערע רעזאָלוציעס אַפילו קיין וואָרט ניט געזאָגט וועגן דעמדאָזיקן וויכטיקסטן אויסגאַנגס-פונקט פון פּאָליטישער דער-ציאונג און אָרגאַניזירונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס. פאַרקערט, די מינדערהייט האָט אויסגעאַרבעט זייער אַן ערנסטע רעזאָלוציע". בנוגע צו די ליבע-ראַלן זיינען ביידע פראַקציעס, זאָל דאָס הייסן, איינשטימיק, נאָר דער III-טער צוזאַמענפאָר „כאַזערט קימאַט בוכשטעבלעך איבער די רעזאָלוציע פון פּלעכא-נאָוון וועגן דער באַציאונג צו די ליבעראַלן, וועלכע איז אָנגענומען אפן II-טן צוזאַמענפאָר, און וואַרפט אָפּ די מער וואוילגענויגטע צו די ליבעראלן רעזאָלו-ציע פון סטאַראָווערן, וועלכע איז אָנגענומען פון דעמזעלביקן צוזאַמענפאָר". באַ דער אַלגעמיינער אייגנאַרטיקייט פון די רעזאלוציעס פון דעם צוזאַמענפאָר און פון דער קאָנפערענץ וועגן דער פויערים-באַוועגונג „שטרייכט אונטער די מערהייט מער די אידייע פון רעוואָלוציאָנערער קאָנפיסקאַציע פון די פּריצישע און א. וו. ערדן, דאַן ווען די מינדערהייט וויל מאַכן דעם גרונט פון איר אַגי-טאַציע די פאָדערונגען פון דעמאָקראַטישע מלוכע - און אדמיניסטראַטיווע רע-פאָרמען".

לעסאָף, ציטירט די „אָסוואָבאָזשדעניע" איין מענשעוויסטישע רעזאָלוציע פון „איסקראַ" № 100, דער הויפּט-פונקט פון וועלכער זאָגט: „אַזוי ווי באַ היינטיקן טאָג איז בלויז אונטערערדישע אַרבעט זיכערט ניט פאַר דער מאסע קיין גענוגנדיקן אנטייל אירן אין פאַרטיי-לעבן און ברענגט טיילווייז צו דער קעגנשטעלונג פון דער מאַסע, אַלס אַזעלכער, דער פאַרטיי, אַלס אַן אומלעגאַ-לער אָרגאַניזאַציע, איז נויטיק, אַז די לעצטע זאָל נעמען אין אירע הענט דעם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף פון די אַרבעטער אַפן לעגאַלן באָדן, צונויפבינדנדיק שטרענג דעמדאָזיקן קאַמף מיט די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אויפגאַבן". מיקויעך

דערדאָזיקער רעװאָלוציע שרייט אויס די „אָסוואָבאָזשדעניע“: „מיר באַגריסן הייס דידאָזיקע רעװאָלוציע, אַלס דעם טריאומף פון געזונטן פאַרשטאַנד, אַלס די סאַקטישע אויפוואַכונג פון פאַרשטאַנד בא אַ געוויסן טייל פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פאַרטיי“.

איצטער האָט פאַר זיך דער לעזער אלע וועזנטלעכע אורטיילן פון דער „אָסוואָבאָזשדעניע“. עס וואָלט געווען, פאַרשטייט זיך, דער גרעסטער פעלער צו רעכענען דידאָזיקע אורטיילן פאַר ריכטיקע אינם זין פון זייער אַנטשפּרעכן דעם אָביעקטיוון עמעס. פעלערן וועט אין זיי לייכט אַנטדעקן אַף יעדן שריט יעדער סאָציאַל-דעמאָקראַט. עס וואָלט געווען נאַיוו צו פאַרגעסן, אַז די אַלע אורטיילן זיינען דורך און דורך דורכגעזאַפּט מיט די אינטערעסן און מיטן שטאַנדפּונקט פון דער ליבעראַלער בורזשואזיע, אַז זיי זיינען אין דעם זין דורכאויס פּניעסדיק און טענדעציעז. זיי שפּיגלען אָפּ די אנשויאונגען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פּונקט אַזוי, ווי אַן ארייַנגעבויגענער אָדער אַן אַרויסגעבויגענער שפּיגל שפּיגלט אָפּ קעגנשטאנדן. נאָר נאָך אַ גרעסטערער פעלער וואָלט געווען צו פאַרגעסן דאָס, אַז דידאָזיקע בורזשואַ-פאַרקריפּלטע אורטיילונגען שפּיגלען אָפּ, סאָפּקאָלסאָף, די ווירקלעכע אינטערעסן פון דער בורזשואזיע, וועלכע פאַרשטייט, אַלס קלאַס, בליסאָפּעק ריכטיק, וועלכע טענדענצן אינערן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע זיינען פאַר איר, דער בורזשואזיע, גיינסטיק, נאָענט, קרויוועדיק, סימפּאַטיש און וועלכע זיינען שעדלעך, ווייט, פרעמד, אַנטיפּאַטיש. אַ בורזשואַזער פילאָסאָף אָדער א בורזשואזער פּובליציסט וועט קיינמאָל ניט פאַרשטיין ריכטיק די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ניט די מענשעוויסטישע, ניט די באָלשעוויסטישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. נאָר אויב דאָס איז אַ וויפיל ניט איז פארנונפטיקער פּובליציסט, וועט אים זיין קלאַסן-אינסטינקט ניט אָפּנאַרן, און ער וועט שטענדיק אין טאָך ריכטיק באַנעמען די באדייטונג פאַר דער בורזשואזיע פון דער אָדער יענער ריכטונג אינערן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, הגאַם ער וועט זי אומגעדרייט שילדערן. דער קלאסן-אינסטינקט פון אונזער סוינע, זיין קלאסן-אורטיילונג פארדינט דעריבער די ערנסטע אויפמערקזאמקייט פון יעדן באוואוסטזיניקן פּראָלעטאַריער.

וואָס זשע זאָגט אונז, דורכן מויל פון די אָסוואָבאָזשדענער, דער קלאסן-אינסטינקט פון דער רוסלענדער בורזשואזיע?

ער דריקט גאנץ באשטימט אויס זיין צופרידנקייט מיט די טענדענצן פון דעם ניי-איסקריזם, לויבנדיק אים פאר רעאליזם, ניכטערקייט, פארן טריאומף פון געזונטן פארשטאנד, פאר דער ערנסטקייט פון זיינע רעזאָלוציעס, פאר דער טאקטישער קלאָרקייט פון דענקען, פאר פּראקטישקייט און א. וו., — און זיין אומצופרידנקייט מיט די טענדעצן פון III-טן צוזאמענפאָר, אויפוואַרפנדיק אים זיין שמאָלקייט, רעוואָלוציאָניזם, בונטן-מאכעריי, דאָס אָפּלייקענען פון פּראקטישנוצלעכע קאָמפּראָמיסן און א. וו. דער קלאסן-אינסטינקט פון דער בורזשואזיע זאָגט איר אונטער גראָד דאָס, וואָס עס איז ניט איין מאָל מיט די פינקטלעכסטע אנגאבן דערוויזן געוואָרן אין אונזער ליטעראטור, נעמלעך: אז די ניי-איסקריסטן שטעלן מיט זיך פאר דעם אָפּאָרטוניסטישן, און זייערע קעגנער —

דעם רעוואָלוציאָנערן פליגל פון דער היינטיקער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. די ליבעראַלן קענען ניט מיטפילן די טענדענצן פון דעם ערשטן און קענען ניט ניט זידלען די טענדענצן פון דעם צווייטן. די ליבעראַלן, אלס די אידעאָ-לאָגן פון דער בורזשואַזיע, פארשטייען זייער גוט, אז פאר דער בורזשואַזיע איז גינסטיק „די פאַקטישקייט, ניכטערקייט, ערנסטקייט" פון דעם ארבעטער-קלאַס, ד. ה. די פאַקטישע באַגרעניצונג פון זיין טעטיקייטס-פעלד מיט די ראַמען פון קאַפּיטאַליזם, רעפאָרמען, פראָפעסיאָנעלן קאַמף און א. וו. פאַר דער בורזשואַזיע איז געפערלעך און שרעקלעך די „רעוואָלוציאָנערע שמאָלקייט" פון דעם פּראָלעטאַריאַט און זיין שטרעבונג צו דערשלאָגן זיך צוליב זיינע קלאַסן-אויפגאַבן די אָנפירנדיקע ראָלע אין דער אַלפאָלקישער רוסישער רע-וואָלוציע.

אַז אַזאַ איז ווירקלעך דער זין פון דעם וואָרט „רעאַליזם", אין זיין אָסוואָבאָזשדענישער באַדייטונג, איז צו זעען אַגעוו פון דעם, ווי עס האָבן דאָסדאָזיקע וואָרט פריער באַנוצט די „אָסוואָבאָזשדעניע" און דער ה' סטרואווע. די „איסקראַ" אַליין האָט ניט געקאָנט ניט אָנערקענען דידאָזיקע באַדיי-טונג פון דעם אָסוואָבאָזשדענישן „רעאַליזם". דערמאָנט זיך, לעמאָשל, דעם אַרטיקל „עס איז צייט" אין דער ביילאַגע צו דעם 73-74 № „איסקראַ". דער אוטאָר פון דעמדאָזיקן אַרטיקל (א קאָנסעקווענטער. אויסדריקער פון די אַנ-שויאונגען פון „זומפּ" אפן צווייטן צוזאַמענפאַר פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער ארבעטער-פּאַרטיי) האָט דירעקט אויסגעדריקט זיין מיינונג, אַז „אַקימאָוו האָט אפן צוזאַמענפאַר גיכער אויסגעפירט די ראָלע פון א גע-שפּענסט פון אָפּאָרטוניזם, איידער זיין ווירקלעכער פאָרשטייער". און די רע-דאַקציע פון „איסקראַ" איז טייקעף געצוואונגען געווען צו פאַריכטן דעם אוטאָר פון דעם אַרטיקל „עס איז צייט", דערקלערנדיק אין דער באַמערקונג:

„מיט דערדאָזיקער מיינונג קען מען ניט איינשטימען. אף די פּראָגראַם-אַנשויאונגען פון דעם כ' אַקימאָוו ליגט א צייטווייליקער שטעמפּל פון אָפּאָר-טוניזם, וואָס עס אַנערקענט אויך דער קריטיק פון „אָסוואָבאָזשדעניע"—באַצייכענענדיק אין איינע פון די לעצטע נומערן אירע, אַז אַקימאָוו שטייט צו צו דער „רעאַליסטישער",—לייען רעוויזיאָניסטישער,—ריכטונג".

הייסט עס, אַז „איסקראַ" אַליין ווייס זייער גוט, אַז דער אָסוואָבאָזש-דענישער „רעאַליזם" איז גראָד אָפּאָרטוניזם און ניט קיין אַנדער זאַך. אויב איצטער, אַנפאַלנדיק אפן „ליבעראַלן רעאַליזם" („איסקראַ" № 102), פאַרשווייגט „איסקראַ" וועגן דעם, ווי די ליבעראַלן האָבן זי געלויבט פאַר רע-אַליזם, דערקלערט זיך דידאָזיקע פאַרשווייגונג מיט דעם, וואָס אַזעלכע לויבונ-גען זיינען ביטערער איידער זידלערייִ. אַזעלכע לויבונגען (וועלכע זיינען ניט צופעליק און ניט דעם ערשטן מאָל אַרויסגעזאָגט פון „אָסוואָבאָזשדעניע") באַווייזן אין דער טאַט די קרויוועשאַפט צווישן דעם ליבעראַלן רעאַליזם און יענע טענדענצן פון דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן „רעאַליזם" (לייען—אָפּאָרטו-ניזם), וועלכע שטעקן אין יעדער רעזאָלוציע פון די ניי-איסקריסטן, אַדאַנק דער פאַרגרייזטקייט פון דער גאַנצער טאַקטישער פּאָזיציע זייערער.

אין דערעמעסן, די רוסלענדישע בורזשואַזיע האָט שוין פולקום אַרויסגעוויזן איר אומקאָנסעקווענטקייט און אייגננוציקייט אין דער אַלפאָלקישער רעוואָלוציע,—אַרויסגעוויזן סאַי דורך די כקירעט פון דעם ה׳ סטרואַווע, סאַי דורכן גאַנצן טאָן און אינהאַלט פון דער מאַסע ליבעראַלע צייטונגען, סאַי דורכן כאַראַקטער פון די פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען פון אַ מאַסע זעמצעס, אַ מאַסע אינטעליגענטן, ביכלאַל פון יעדע אַנהענגער פון די ה״ה טרובעצקאָי, פּעטרונקעוויטש, ראָדיטשעוו און קאָמפּ. די בורזשואַזיע, פאַרשטייט זיך, פאַרשטייט ניט אַלעמאָל דייטלעך, נאָר זי איז אין אַלגעמיין און אינגאַנצן אויסגעצייכנט טויפעס מיט איר קלאַסן-אינסטינקט, אַז פון איין זייט איז דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס „פאָלק" נוצלעך פאַר איר רעוואָלוציע, אַלס האַרמאַטן-פלייש, אַלס אַ טאַראַן קעגן דער זעלבסטהערשונג, נאָר אַז פון דער אַנדער זייט זיינען דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס רעוואָלוציאָנערע פּויערטום שרעקלעך געפערלעך פאַר איר אין פאַל, אויב זיי וועלן אָפּהאַלטן אַן „אַנטשיידענעם זיג איבער דעם צאַריזם" און זיי וועלן דערפירן ביזן סאָף די דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע. דעריבער שטרעבט די בורזשואַזיע מיט אַלע קויכעס דערצו, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל זיך באַפרידיקן מיט אַ באַשיידענער ראָלע אין דער רעוואָלוציע, אַז ער זאָל זיין וואָס ניכטערער, פּראַקטישער, רעאַליסטישער, אַז זיין טעטיקייט זאָל באַשטימט ווערן דורכן פּרינציפּ: „די בורזשואַזיע זאָל זיך כאָלילע ניט אָפּטרייסלען".

די אינטעליגענטע בורזשואַ ווייסן אויסגעצייכנט, אַז פון דער אַרבעטער-באַוועגונג וועלן זיי ניט פּאַטער ווערן. זיי טרעטן דעריבער אַרויס גאָר ניט קעגן דער אַרבעטער-באַוועגונג, גאָר ניט קעגן דעם קלאַסן-קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט,—ניין, זיי פאַרנייגן זיך אַפילע אויף פאַרשיידענע אויפאַנים פאַר דער פרייהייט פון שטרייקן, פאַר דעם קולטורעלן קלאַסן-קאַמף, פאַרשטייענדיק די אַרבעטער-באַוועגונג און דעם קלאַסן-קאַמף אין דעם ברענטאַנישן אָדער הירש-דונקערישן *) זין. מיט אַנדערע ווערטער, זיי זיינען פולקום גרייט „אָפּצוטרעטן" די אַרבעטער (די פאַקטיש שוין קימאַט דעראָבערטע דורך די אַרבעטער זעלבסט) די פרייהייט פון שטרייקן און פאַריינען, אַבי נאָר די אַרבעטער זאָלן זיך אָפּזאָגן פון „בונטן-מאַכעריי" פון „שמאָלן רעוואָלוציאָניזם", פון פיינטשאַפט צו „פּראַקטיש-נוצלעכע קאָמפּראָמיסן", פון פּרעטענזיעס און שטרעבונגען אַרויפצולייגן אויף דער „אַלפאָלקישער רוסישער רעוואָלוציע" דעם שטעמפּל פון זיין קלאַסן-קאַמף, דעם שטעמפּל פון פּראָלעטאַרישער קאָנסעקווענטקייט, פּראָלעטאַרישער אַנטשלאָסנקייט, פון „פּלעבעאישן יאַקאָביניזם". די אינטעליגענטע בורזשואַ אין גאַנץ רוסלאַנד זעען דעריבער מיט טויזנטער מיטלען און וועגן — דורך ביכער **), לעקציעס, רעדעס, שמועסן און ד. גל. א. ד. גל. — זעען מיט אַלע קויכעס באַאיינפלוסן די אַרבעטער מיט דער אידייע פון (בורזשואַזער)

*) ברענטאַנאָ און הירשדונקער — בורזשואַזע פּאָליטיקער, וועלכע האָבן געזוכט מיטלען אויף אַ פרידלעכן אופן, אָן קלאַסן-קאַמף, צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטער. איבערז.

**) פאַרגלייך: פּראָקאָפּאָוויטש „די אַרבעטער-פראַגע אין רוסלאַנד". לעניני ס אַנמערקונג.

ניכטערקייט, (ליבעראַלער) פּראַקטישקייט, (אָפּאָרטוניסטישן) רעאַליזם, (ברענטאַ-נישן) קלאַסן-קאַמף, (הירש-דונקערישע) פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און ד. גל. די צוויי לעצטע לאָזונגען זיינען באַזונדערס באַקוועם פאַר די בורזשויען פון דער „קאָנסטיטוציאָנעל-דעמאָקראַטישער" אָדער „אָסוואָבאָזשדענישער" פּאַרטיי, ווייל אויסערלעך פאַלן זיי צונויף מיט די מאַרקסיסטישע. ווייל באַ א קליי-נינקער פאַרשווייגונג און ניט קיין גרויסער פאַרקריפּלונג איז זיי גרינג צונויפ-צובינדן מיט סאָציאַל-דעמאָקראַטישע, און אַפילו אַן אַנדערש מאָל ארויסגעבן זיי פאַר סאָציאַל-דעמאָקראַטישע. אָט, לעמאָשל, די לעגאַלע ליבעראַלע צייַ-טונג «Рассвет» (וועגן וועלכער מיר וועלן זעען אַ שמועס טאָן ווי ניט איז אויספירלעכער מיט די לעזער פון „פּראָלעטאַרי") רעדט אָפט אַזעלכע „דריי-סטע" זאַכן וועגן קלאַסן-קאַמף, וועגן דער מעגלעכער אָפּנאַרונג פון דעם פּראָ-לעטאַריאַט דורך דער בורזשואַזיע, וועגן דער אַרבעטער-באַוועגונג, וועגן דער זעלבסטעטיקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט א. א. וו., א. ד. גל., אַז דער ניט אויפמערקזאַמער לעזער און דער אומאַנטוויקלטער אַרבעטער וועלן גרינג אָנע-מען איר „סאָציאַל-דעמאָקראַטיזם" פאַר גוט געלט. און אין דערעמעסן איז דאָס א בורזשואַזע נאָכמאַכונג פון סאָציאַל-דעמאָקראַטיזם און אַן אָפּאָרטוניסטישע פאַרקריפּלונג פון דעם באַגריף פון קלאַסן-קאַמף.

אין גרונט פון דער גאַנצער דאָזיקער גיגאַנטישער (לויט דער ברייט פון דעם איינפלום אַף די מאַסן) בורזשואַזער פאַרטוישונג ליגט די טענדענץ צו דערפירן די אַרבעטער-באַוועגונג הויפּטזאַכלעך צו דער פּראָפעסיאָנעלער באַ-וועגונג, צו איינהאַלטן אים וואָס ווייטער פון א זעלבשטענדיקער (ד. ה. פון אַ רעוואָלוציאָנערער און געריכטעטער צו דעמאָקראַטישער דיקטאַטור) פּאָליטיק, „פאַרשטעלן אין זייער, אַרבעטער, באַוואוסטזיין די אידייע פון אַן אַלפאָלקי-שער רוסישער רעוואָלוציע מיט דער אידייע פון קלאַסן-קאַמף".

ווי דער לעזער זעט, האָבן מיר איבערגעדרייט מיט די פיס ארויף די פאָרמולירונג פון דער „אָסוואָבאָזשדעניע". דאָס איז אַן אויסגעצייכנטע פאָר-מולירונג, וועלכע דריקט אויס זייער גוט צוויי קוקן אף דער ראָלע פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, אַ בורזשואַזן קוק און אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישן קוק. די בורזשואַזיע וויל דערפירן דעם פּראָלעטאַריאַט בלויז צו דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און דערמיט „פאַרשטעלן אין זיין באַוואוסטזיין די אידייע פון אַן אַלפאָלקישער רוסישער רעוואָלוציע מיט דער אידייע פון (ברענטאַנישן) קלאַסן-קאַמף",—אינגאַנצן אין דעם גייסט פון די בערנ-שטייניאַנישע אַווטאָרן פון דעם „Credo", וועלכע פלעגן פאַרשטעלן אין דעם באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער די אידייע פון פּאָליטישן קאַמף מיט דער אידייע פון א „ריינער ארבעטער"-באַוועגונג. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אָבער וויל, פאַרקערט, אַנטוויקלען דעם קלאַסן-קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין אַן אָנ-פירנדיקן אָנטייל זיינעם אין דער אַלפאָלקישער רוסישער רעוואָלוציע, ד. ה. דערפירן די דאָזיקע רעוואָלוציע ביז דער דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום.

די רעוואָלוציע איז באַ אונז אַן אַלפאָלקישע,—זאָגט די בורזשואַזיע דעם

פּראָלעטאַריאַט. דעריבער דאַרפסטו, אַלס אַ באַזונדער קלאַס, באַגרעניצן זיך מיט דיין קלאַסן-קאמף,—דארפסטו, לעשעם „געזונטן פאַרשטאַנד״, ריכטן די הויפט=אויפמערקזאמקייט אַף די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און אַף זייער לעגאַליזירונג,—דאַרפסטו רעכענען גראָד דידאָזיקע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פאַר דעם „וויכטיקסטן אויסגאַנגס-פונקט פון דיין פּאָליטישער דערציאונג און אָרגאַניזאַציע״,—דאַרפסטו אויסאַרבעטן אין רעוואָלוציאָנערן מאָמענט הויפטזאַכלעך „ערנסטע״ רעזאָלוציעס אַלא די ניי-איסקריסטישע,—דאַרפסטו זאָרגזאַם באַציען זיך צו רעזאָלוציעס, וועלכע זיינען מער „נויטע צו די ליבעראלן״,— דאַרפסטו בעסער האַלטן פון אָנפירער, וועלכע האָבן אַ טענדענץ צו ווערן „פּראַקטישע אָנפירער פון דער רעאַלער פּאָליטישער באַוועגונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס״,— דארפסטו „איינהיטן די רעאַליסטישע עלעמענטן פון דער מאַרקסיסטישער וועלט=אנשויאונג״ (אויב דו האָסט זיך שוין אָנגעשטעקט, צום באדויערן, מיט די „שטרענגע פאָרמולען״ פון דעמדאָזיקן „גיטוויסנשאַפטלעכן״ קאטעכיזיס).

די רעוואָלוציע איז באַ אונז אַן אַלפאָלקישע,—זאָגט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דעם פּראָלעטאריאט,—דעריבער דארפסטו, אלס דער פאָרגעשריטנסטער און דער איינציקער ביזן סאָף רעוואָלוציאָנערער קלאַס, שטרעבן ניט נאָר צו אַן ענערגישסטן, נאָר אויך צו אַן אָנפירנדיקן אָנטייל אין איר. דעריבער דארפסטו זיך ניט איינשליסן אין די שמאָל פארשטאנענע ראמען פון קלאסן-קאמף, הויפטזאכלעך אין זין פון פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג, נאָר, פאַרקערט, דו דאַרפסט שטרעבן צו פארברייטערן די ראַמען און דעם אינהאַלט פון דעם קלאסן=קאמף ביז דידאָזיקע ראמען וועלן ארומכאפּן ניט נאָר א ל ע אויפגאבן פון דער איצטיקער, דעמאָקראטישער, אלפאָלקישער רוסישער רעוואָלוציע, נאר אויך די אויפגאבן פון דער וויטערדיקער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע. דעריבער, ניט איגנאָרירנדיק די פּראָפעסיאָנעלע באוועגונג, ניט אָפּזאָגנדיק זיך פון באנוצן זיך מיט דער קלענסטער פרייהייט פון לעגאלקייט, דארפסטו אין דער עפּאָכע פון רעוואָלוציע אַפּן ערשטן אָרט ארויסרוקן די אויפגאבן פון א באוואפנטן אויפשטאנד, פון בילדן א רעוואָלוציאָנערע ארמיי און א רעוואָלוציאָנערע רעגירונג, אלס די איינציקע וועגן צום פולן זיג פון פאָלק איבער דעם צאריזם, צו דער דערקעמפונג פון א דעמאָקראטישער רעפּובליק און ווירקלעכער פּאָליטישער פרייהייט.

עס איז איבעריק צו ריידן וועגן דעם, וואָס פאר א האלביקע, אומקאָנסעקווענטע און, נאטירלעך, א סימפאטישע פאר דער בורזשואזיע פּאָזיציע עס האָבן אין דערדאָזיקער פראגע פארנומען, אדאנק זייער פאלשער „ליניע״, די ניי-איסקריסטישע רעזאָלוציעס.

## II. א נייע „פארטיפונג״ פון דער פראגע דורך דעם כאוועד מארטינאָוו.

לאָמיר איבערגיין צו די מארטינאָווישע ארטיקלען אין די №№ 102 און 103 פון „איסקרא״. זעלבסטפארשטענדלעך, אז מיר וועלן ניט ענטפערן אַף

מאַרטינאָווס פּרואוון צו דערווייזן די ניטריכטיקייט פון אונזער אויסטייטשונג און די ריכטיקייט פון זיין אויסטייטשונג פון א ריי ציטאטן פון ענגעלסן און מאַרקסן, דידאָזיקע פּרואוון זיינען אף אזוי פיל ניט ערנסט, מאַרטינאָווס קונצן זיינען אזוי דייטלעך, די פראגע איז אזוי קלאָר, אז אפשטעלן זיך אף איר נאָך אמאָל וואָלט געווען ניט אינטערעסאנט. יעדער דענקענדיקער לעזער וועט זיך אליין גלייך פאנאנדערקלייבן אין די איינפאכע קונצן פון מאַרטינאָווישן צוריק־טריט אף דער גאנצער ליניע, באזונדערס ווען עס וועלן ארויסגיין די פולע איבערזעצונגען פון ענגעלסעס בראָשור: „די באַקוניסטן בא דער ארבעט" און מאַרקס: „די ווענדונג פון דער פארוואלטונג פונם פארבאנד פון די קאָמוניסטן" פון מארט 1850 יאָר, וועלכע עס ווערן צוגעגרייט דורך א גרופּע מיטארבעטער פון „פראָלעטאַרי". עס איז גענוג איין ציטאטע פון מאַרטינאָווס ארטיקל, קע־דיי דער לעזער זאָל אנשוילעך זעען זיין צוריקטריט.

„איסקרא" „אנערקענט",—זאָגט מאַרטינאָוו אין № 103,—„די גרינדונג פון א צייטווייליקער רעגירונג, אלס איינע פון די מעגלעכע און צוועקמעסיקע וועגן פון אנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע, און לייקנט אָפּ די צוועקמעסיקייט פון דעם אנטייל פון סאציאל־דעמאָקראטן אין א בורזשואזער צייטווייליקער רעגירונג, גראָד אין די אינטערעסן פון א פולער באהערשונג פון דער מלוכע־מאשין אין דער צוקונפט צוליב א סאָציאל־דעמאָקראטישער איבערקערעניש". מיט אנדערע ווערטער: „איסקרא" האָט איצט אנערקענט די זינלאָזיקייט פון אלע אירע ציטערנישן וועגן דער פאראנטוואָרטלעכקייט פון דער רעוואָלוציאָ־נערער רעגירונג פאר דער קאזנאטשייסטווע און די בענק, וועגן דער געפער־לעכקייט און אוממעגלעכקייט צו נעמען אין אירע הענט די „טורמעס" א.ד. גל. די „איסקרא" פלאָנטערט נאָר ווי פריער, צונויפמישנדיק די דעמאָקראטישע און די סאָציאַליסטישע דיקטאטור. דער פלאָנטער איז אומפארמיידלעך, אלס א צודעק פאר דעם צוריקטריט.

נאָר צווישן די פלאָנטערער פון דער נייער „איסקרא" טיילט זיך אויס מאַרטינאָוו, אלס א פלאָנטערער פון 1־טן ראנג, אלס א טאלאנטפולער פלאָנ־טערער, אויב מע קען זיך אַזוי אויסדריקן. פאַרפלאָנטערנדיק די פראַגע מיט זיינע פּרואוון צו „פאַרטיפן" זי, „דערטראַכט ער זיך" דערביי קימאַט שטענדיק צו נייע פאָרמולירונגען, וועלכע באַווייזן אויסגעצייכנט די גאַנצע פאַלשקייט פון דער פון אים פאַרנומענער פאָזיציע. דערמאָנט זיך, ווי אין דער עפּאָכע פון עקאָנאָמיזם האָט ער „פאַרטיפט" פּלעכאַנאָוון און האָט שעפעריש באשאפן די פאָרמול: „עקאָנאָמישער קאמף מיט די באַלעבאטים און מיט דער רעגירונג". עס איז שווער אָנצואווייזן אין דער גאַנצער ליטעראַטור פון די עקאָנאָמיסטן אַ מער געלונגענעם אויסדרוק פון דער גאַנצער פאַלשקייט פון דערדאָזיקער ריכטונג. אַזוי איז אויך איצטער. מאַרטינאָוו דינט מיט האסמאָדע דער נייער „איסקרא" און יעדעס מאָל קימאַט, ווי ער נעמט אַ וואָרט, גיט ער אונז אַ נייעם און אויסגעצייכנטן מאַטעריאַל פאַר דער אָפּשאַצונג פון דער פאַלשער ביי־אַיסקריסטישער פאָזיציע. אין № 102 זאָגט ער, אַז לענין „האָט אף אַן אום־

באַמערקטבאַרן אויפֿן פֿאַרטוישט די באַגריפֿן רעוואָלוציע און דיקטאַטור" (זייט 3, שפּאַלט 2).

צו דערדאָזיקער באַשולדיקונג װערן געבראַכט, אין טאָך גענומען, אַלע באַשולדיקונגען פֿון די נײ-איסקריסטן קעגן אונז. און װי דאַנקבאַר מיר זײנען מאַרטינאָװן פֿאַר דערדאָזיקער באַשולדיקונג! װאָס פֿאַר אַן אומאָפּשאצבאַרע דינסט ער לײסטעט אונז אינם קאַמף מיט דעם נײ-איסקריזם, געבנדיק אַזאַ פֿאָרמולירונג פֿון דער באַשולדיקונג. מיר דאַרפֿן פּאָשעט בעטן די רעדאַקציע פֿון „איסקרא", אַז זי זאָל װאָס אָפֿטער אַרויסלאָזן קעגן אונז מאַרטינאָװן צוליב דער פֿאַרטיפֿונג פֿון די אָנפֿאַלן אפֿן „פּראָלעטאַרי" און צוליב דער „עכט-פּרינציפּיעלער" פֿאָרמולירונג זײערע. װײל װאָס פּרינציפּיעלער עס פּרוּװט זיך אורטײלן מאַרטינאָװ, אַלץ ערגער באַקומט זיך בײַ אים און אַלץ דײטלע-כער באַװײזט ער די לעכער פֿון דעם נײ-איסקריזם, אַלץ געלונגענער מאכט ער דורך איבער זיך און איבער זײנע פֿרײנט די נוצלעכע פּעדאַגאָגישע אָפּעראַ-ציע: reductio ad absurdum (דערפֿירן די פּרינציפּן פֿון דער נײער „איס-קראַ" ביז אַן אבסורד).

„װפּעריאָד" און „פּראָלעטאַרי" „פֿאַרטױשן" די באַגריפֿן רעװאָלוציע און דיקטאַטור. „איסקרא" װיל ניט אַזאַ „פֿאַרטױשונג". טאַקע אַזױ, געערטער כ' מאַרטינאָװ! איר האָט ניט װילנדיק געזאָגט א גרויסן עמעס. איר האָט מיט דער נײַער פֿאָרמולירונג באַשטעטיקט אונזער האַנאכע, אַז די „איסקרא" שלעפּט זיך באַם עק פֿון דער רעװאָלוציע, אַז זי פֿאַלט אַרײַן אין אַן אָסװאָבאָזש-דעניִשער פֿאָרמולירונג פֿון אירע אױפֿגאַבן, און אַז דער „װפּעריאָד" און „פּראָ-לעטאַרי" גיבן לאָזונגען, װעלכע פֿירן פֿאָרױס די דעמאָקראַטישע רעװאָלוציע.

אײַך איז דאָס ניט פֿאַרשטענדלעך, כ' מאַרטינאָװ? אַזױ װי די פֿראַגע איז א װיכטיקע, װעלן מיר זיך באַמיען צו געבן אײַך אַ גרינדלעכע דער-קלערונג.

דער בורזשואזער כאַראַקטער פֿון דער דעמאָקראַטישער רעװאָלוציע װײַזט זיך אַרױס, אַגעװ, אױך אין דעם, װאָס אַ גאַנצע רײ געזעלשאַפֿטלעכע קלאַסן, גרופּן און שיכטן, װעלכע שטײען פֿולקום אפֿן באָדן פֿון אנערקענונג פֿון פּרי-װאַט-אײגנטום און סכוירע-װירטשאַפֿט, װעלכע זײנען ניט פֿעאיק אַרױסצוגײן אױסער דידאָזיקע ראַמען, קומען דורך די אָביעקטיװע באַדינגונגען צו דער אָנערקענונג פֿון דער אומטױגבאַרקײט פֿון דער זעלבסטהערשונג און פֿון דער גאַנצער לײַבאײגנטימערשער אָרדענונג ביכלאַל און שטײען צו צו דער פֿאָדערונג פֿון פֿרײהײט. דערבײ טרעט אַרױס אין דרויסן אלץ קלאָרער און קלאָרער דער בורזשואזער כאַראַקטער פֿון דערדאָזיקער פֿרײהײט, װעלכע עס פֿאָדערט די „געזעלשאַפֿט", װעלכע װערט פֿאַרטײדיקט דורך א מאבל װערטער (און בלויז װערטער!) פֿון פּריצים און קאַפּיטאַליסטן. צוגלײך װערט אַלץ אנשױלע-כער אױך די גרונט-נאַפּקעמינע צװישן דעם אַרבעטער-קאַמף און דעם בור-זשואזן קאַמף פֿאַר פֿרײהײט, צװישן דעם פּראָלעטאַרישן און ליבעראלן דעמאָ-קראַטיזם. דער אַרבעטער-קלאַס און זײנע באַװאוסטזיניקע פֿאָרשטײער גײען פֿאָרױס און שטופּן פֿאָרױס דעמדאָזיקן קאַמף, ניט נאָר ניט מורא האָבנדיק צו

דערפירן אים ביזן סאָף, נאָר שטרעבנדיק באַדייטנדיק ווייטער פון דעם ווייטסטן סאָף פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. די בורזשואזיע איז אומקאָנסעקווענט און אייגנוציק, אָנעמענדיק די לאָזונגען פון פרייהייט בלויז ניט אינגאַנצן און צוויעסדיק. יעדער פרואוו צו באַשטימען מיט אַ ספּעציעלער ליניע, מיט ספּעציעל אויסגעאַרבעטע „פּונקטן" (ווי, לעמאָשל, די פּונקטן פון סטאראוועדס רעזאָלוציע אָדער פון די קאָנפערענטן) די גרעניצן, אף דער אַנדער זייט פון וועלכער עס הויבט זיך אָן די צוויעס פון די בורזשואַזע פרייהייטס - פריינט, אָדער, אויב איר ווילט, דער פאַראַט פון דער פרייהייט דורך אירע בורזשואַזע פריינט, איז אומפאַרמיידלעך פאַרמישפּעט אף און אומדערפאלג, ווייל די בורזשואזיע, וועלכע איז אַוועקגעשטעלט צווישן צוויי פייערן (די זעלבסטהערשונג און דער פּראָלעטאַריאַט), איז פעאיק אף טויזנטער אויפאַנים צו בייטן איר פּאָזיציע און אירע לאָזונגען, צופּאַסנדיק זיך אף א ווייניקער לינקס און אף א ווייערשאַק רעכטס, שטענדיק דינגענדיק זיך און מעקלערנדיק. די אויפגאַבע פון דעם פּראָלעטאַרישן דעמאָקראַטיזם באַשטייט ניט אין אויסטראַכטן אַזעלכע טויטע „פּונקטן", נאָר אין דער אומאויפהערלעכער קריטיק פון דער פּאָליטישער סיטואציע, וואָס אנטוויקלט זיך, אין דער אויפדעקונג פון די אַלץ נייע און נייע, פון פריער ניט פאָרויסגעזעענע, אומקאָנסעקווענטקייטן און פאַראַטן פון דער בורזשואזיע.

דערמאָנט זיך די געשיכטע פון די פּאָליטישע ארויסטרעטונגען פון דעם ה' סטרואווע אין דער אומלעגאַלער ליטעראַטור, די געשיכטע פון דער מילכאָמע מיט אים פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, און איר וועט אָנשוילעך דערזעען די פאַרווירקלעכונג פון דידאָזיקע אויפגאַבן דורך דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, דער אָנהענגערין פון פּראָלעטאַרישן דעמאָקראַטיזם. דער ה' סטרואווע האָט אָנגעהויבן פון דעם ריין שיפּאָווישן לאָזונג: „רעכט און א מעכטיקע זעמסטווע" (זע מיין אַרטיקל אין „זאַריא": „די פאַרפאָלגער פון דער זעמסטווע און די אַניבאלן פון דעם ליבעראַליזם"). די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט אים דעמאַסקירט און האָט אים געשטויסן צו אַ באַשטימט - קאָנסטיטוציאנאַליסטישער פּראָגראַם. ווען דידאָזיקע „שטויסן" האָבן זייער ווירקונג געהאַט אַדאַנק דעם באַזונדערס שנעלן גאַנג פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן, האָט זיך דער קאַמף געריכטעט אף דער פאָלגנדער פראַגע פון דעמאָקראַטיזם: ניט בלויז אַ קאָנסטיטוציע ביכלאל, נאָר אומבאַדינגט אלגעמיינע, דירעקטע און גלייכע וואַל-רעכט מיט געהיימער אָפּשטימונג. ווען מיר האָבן „פאַרנומען" בא דעם „סוינע" אויך דידאָזיקע נייע פּאָזיציע (דאָס אנעמען דורכן אָסוואָבאָזשדעניע-פאַרבאַנד דאָס אלגעמיינע וואַל-רעכט), האָבן מיר אָנגעהויבן דרינגען ווייטער, באַווייזנדיק די צוויעסקייט און די פאַלשקייט פון דער צוויי-פּאַלאַטן-סיסטעם, די ניט פולע אָנערקענונג פון די אָסוואָבאָזשדענער דאָס אַלגעמיינע וואַלרעכט, באַווייזנדיק אַף זייער מאָנאַרכיזם דעם מעקלערישן כאראקטער פון זייער דעמאָקראַטיזם אָדער אף דעם, אַז דידאָזיקע אָסוואָבאָזשדענער-העלדן פון געלט-זאק פאַרהאנדלען די אינטערעסן פון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע.

לעסאָף, די ווילדע האַרטנעקיקייט פון דער זעלבסטהערשונג, דער גיגאַנטישער וואוקס פון דעם בירגער-קריג, די אויסגאַנגסלאָזע לאַגע, אין וועלכער עס האָבן פאַרפירט רוסלאַנד די מאָנאַרכיסטן, האָבן אָנגעהויבן דורכצושלאָגן די אָפּגעשטאַנענסטע קעפּ. די רעוואָלוציע האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַ פ אַ ק ט. אום צו אנערקענען די רעוואָלוציע האָט זיך שוין ניט געפאָדערט צו זיין א רעוואָלוציאָנער. די זעלבסטהערשערישע רעגירונג האָט זיך פאַקטיש פאנאנדערגעלייגט און לייגט זיך פאַנאנדער בא אלעמען פאר די אויגן. ווי עס האָט באמערקט מיט רעכט איין ליבעראל אין דער לעגאלער פרעסע (דער ה' גרעדעסקול), האָט זיך פאקטיש געשאַפן אן אומגעהאָרכזאמקייט דעררוסישער רעגירונג. בא איר גאַנצער שיינבארער מעכטיקייט האָט זיך די זעלבסטהערשונג ארויסגעוויזן אנמעכטיק. די געשעענישן פון דער וואקסנדיקער רעוואלוציע האָבן פּאָשעט אָנגעהויבן אפּרוקן אין א זייט אָט-דעם פּאראזיטישן אָרגאניזם, וואָס לייגט זיך פאנאנדער לעבעדיקערהייט. געצוואונגען צו בויען זייער טעטיקייט (אָדער זייערע פּאָליטישע געשעפטן, ריכטיקער געזאָגט) אין באָדן פון די געגעבענע, זיך פאַקטיש שאַפנדע באציאונגען, האָבן די ליבעראלע בורזשויא אָ נ ג ע ה ו י ב ן צ ו ק ו מ ע ן צ ו ד ע ר נ ו י ט ו ו ע נ ד י ק י י ט צ ו אָ נ ע ר ק ע נ ע ן ד י ר ע וו אָ ל ו צ י ע. זיי טוען עס ניט דערפאַר, וואָס זיי זיינען רעוואָלוציאָנערן, נאָר ניט קוקנדיק דערויף, וואָס זיי זיינען ניט קיין רעוואָלוציאנערן. זיי טוען עס אַלפּי נויט און קעגן דעם ווילן, זעענדיק מיט צאָרן די פאָרשריט פון דער רעוואָלוציע, באַשולדיקנדיק אין רעוואָלוציאָנערקייט די זעלבסטהערשונג, וועלכע וויל ניט קיין פּשאָרע, און וויל א קאמף ניט אף לעבן, נאָר אף טויט. געבוירענע הענדלער, האסן זיי דעם קאַמף און די רעוואָלוציע, נאָר די אומשטענדן צווינגען זיי צו שטעלן זיך אפן באָדן פון דער רעוואָלוציע, ווייל קיין אנדער באָדן איז ניטאָ אונטער די פיס.

מיר זיינען אָנוועזנדיק בא א העכסט-באַלערנדער און העכסט-קאָמישער שוישפּיל. די פּראָסטיטוטקעס פון דעם בורזשואזן ליבעראליזם פּרואוון זיך ארויפשלעפּן אף זיך א מאנטל פון רעוואָלוציאָנערקייט. די אָסוואָבאָזשדענער — risum teneatis, amici!*) — די אָסוואָבאָזשדענער הויבן אָן צו ריידן אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע! די אָסוואָבאָזשדענער הויבן אָן פאַרזיכערן, אַז זיי „האָבן קיין מוירע ניט פאר דער רעוואָלוציע" (הער סטרואווע אין № 72 „אָסוואָבאָזשדעניע")!!! די אָסוואָבאָזשדענער דריקן אויס אַ פּרעטענזיע צו „שטעלן זיך אין דער שפּיץ פון דער רעוואָלוציע"!!!

דאָס איז א העכסט באַדייטזאמע דערשיינונג, וועלכע כאַראַקטעריזירט ניט נאָר דעם פּראָגרעס פון דעם בורזשואזן ליבעראליזם, נאָר נאָך מער דעם פּראָגרעס פון די רעאַלע פאָרשריט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וועלכע האָט ג ע צ וו א ו נ ג ע ן צו אָנערקענען זיך. אַפילע די בורזשואזיע הויבט אָן צו פילן, אַז עס איז פאָרטיילהאפטער צו שטעלן זיך אפן באָדן פון דער רעוואָלוציע, — אף אַזוי פיל איז צעטרייסלט די זעלבסטהערשונג. נאָר פון דער אנדער זייט שטעלט פאַר אונז דיזאָזיקע דערשיינונג, וועלכע זאָגט איידעס וועגן דעם

*) האַלט זיך איין פון צו לאכן, מיינע הערן! ל ע נ י נ ס אָ נ מ ע ר ק ו נ ג.

אויפשטייג פון דער גאַנצער באַוועגונג אויף א נייער העכערער שטופע, אויף נייע און אויך העכערע אויפגאַבן. די אנערקענונג פון דער רעוואָלוציע דורך דער בורזשואזיע קען ניט זיין קיין אויפריכטיקע אומאָפּהענגיק פון דער פערזענלעכער געוויסנהאַפטיקייט פון דעם אָדער יענעם אידעאָלאָג פון דער בורזשואזיע. די בורזשואזיע קען ניט ניט אריינטראגן מיט זיך קיין אייגנוציקייט און אומקאָנסעקווענטקייט, קיין הענדלעריי און קיין קליינע רעאַקציאָנערע שטיק אויך אין דערדאָזיקער העכערער סטאַדיע פון דער באַוועגונג. מיר דאַרפן איצט אנדערש פאָרמולירן די נאָענטסטע קאָנקרעטע אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציע אין נאָמען פון אונזער פראָגראַם און אין דער אנטוויקלונג פון אונזער פראָגראַם. דאָס, וואָס עס איז גענוג געווען נעכטן, איז ניט גענוג היינט. נעכטן, קען זיין, איז גענוג געווען, אַלס אַ פאָרגעשריטענער דעמאָקראַטישער לאָזונג, די פאָדערונג צו אָנערקענען די רעוואָלוציע. איצט איז עס ווייניק. די רעוואָלוציע האָט געצוואונגען אַפילו דעם ה׳ סטרואווע צו אנערקענען זי. איצטער פאָדערט זיך פון דעם פאָרגעשריטנסטן קלאַס פּינקטלעך צו באַשטימען גופא דעם אינהאַלט פון די טעגלעכע און אומאָפּלייגבארע אויפגאבן פון דערדאָזיקער רעוואָלוציע. די הערן סטרוואוועס, אנערקענענדיק די רעוואָלוציע, שטעלן טייקעף ארויס ווידעראַמאָל זייערע אייזלאויערן, זינגענדיק וו דער דאָס אַלטע לידעלע וועגן דער מעגלעכקייט פון א פרידלעכן אויסגאנג, וועגן דעם, אַז ניקאָלאַי זאָל רופן צו דער מאַכט די הערן אָסוואָבאָזשדענער און א. וו. און ד. גל. די הערן אָסוואָבאָזשדענער אנערקענען די רעוואָלוציע, קעדיי וואָס אומגעפערלעכער פאר זיך צו עסקאמאָטירן דידאָזיקע רעוואָלוציע, פאַראַטן זי. אונזער אויפגאבע איז איצט—אָנווייזן דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם גאנצן פאָלק די ניטגענוגנקייט פון דעם לאָזונג: „רעוואָלוציע”, באווייזן די נויטווענדיקייט פון א קלאָרער און ניטצווייַדייטיקער, קאָנסעקווענטער און אנטשלאָסענער דעפינירונג פון דעם אינהאַלט גופא פון דער רעוואָלוציע. און אזא דעפינירונג שטעלט מיט זיך טאקע פאָר דער לאָזונג, וועלכער איז נאָר אליין פעאיק ריכטיק אויסצודריקן דעם „אנטשיידענעם זיג” פון דער רעוואָלוציע, דער לאָזונג: די רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום.

מיר האָבן באוויזן, אז די אָסוואָבאָזשדענער הויבן זיך אויף (ניט אָן דער ווירקונג פון די אויפמונטערנדיקע שטויסן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע) פון שטאפל אויף שטאפל אין דער הויך אין דעם איניען פון אנערקענען דעם דעמאָקראַטיזם. אין אָנפאנג איז אין אונזער שטרייט מיט זיי געשטאנען די פראגע: שיפּאָוויזם (רעכט און א מעכטיקע זעמסטווע) אדער קאָנסטיטוציאָנאַליזם? דערנאָך, באַגרעניצטע וואלן אדער אלגעמיינע וואל-רעכט? ווייטער, די אָנערקענונג פון דער רעוואָלוציע אָדער א מעקלערישע פּשאָרע מיט דער זעלבסטהערשונג? צום סאָף, איצטער: די אנערקענונג פון דער רעוואָלוציע אָן דער דיקטאטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום, אָדער די אנערקענונג פון דער פאָדערונג פון דיקטאטור פון דידאָזיקע קלאסן אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע? עס איז מעגלעך און וואַרשיינלעך, אז אויך די אָסוואָבאָזשדענצעס

(אלצאיינס, די איצטיקע אָדער זייערע נאָכפאָלגער אין דעם לינקן פליגל פון דער בורזשואזער דעמאָקראטיע) וועלן זיך אויפהויבן נאָך אף א שטאפל, ד. ה. זיי וועלן מיט דער צייט אנערקענען (עס קען זיין, צו יענער צייט, ווען עס וועט זיך אויפהויבן נאך אף א שטאפל דער כ׳ מארטינאָוו) אויך דעם לאָזונג פון דיקטאטור. דאָס וועט אפילע אומפארמיידלעך אזוי זיין, אויב די רוסישע רעוואָלוציע וועט דערפאָלגרייך גיין פאָרויס און וועט דערגיין ביז אן אנטשיידענעם זיג. וואָס פאר א פאָזיציע וועט דאן זיין בא דער סאָציאל־דעמאָקראַטיע? דער פולער זיג פון דער איצטיקער רעוואָלוציע וועט זיין דער סאָף פון דער דעמאָקראטישער איבערקערעניש און דער אנהויב פון דעם אנטשיידענעם קאמף פאר דער סאָציאליסטישער איבערקערעניש. די פארווירקלעכונג פון די פאָדערונגען פון דעם איצטיקן פויערטום, די פולקומע צעשטערונג פון דער רעאקציע, די דערקעמפונג פון א דעמאָקראטישער רעפובליק וועט זיין דער פולקומער סאָף פון דער רעוואָלוציאָנערקייט פון דער בורזשואזיע און אפילע פון דער קליין בורזשואזיע,—דאָס וועט זיין דער אָנהויב פון דעם ווירקלעכן קאמף פונם פראָלעטאריאט פאר דעם סאָציאליזם. וואָס פולער עס וועט זיין די דעמאָקראטישע איבערקערעניש, אלץ גיכער, ברייטער, ריינער, אנטשלאָסענער וועט זיך פאנאנדערוויקלען דערדאָזיקער נייער קאמף. דער לאָזונג פון „דעמאָקראטישער״ דיקטאטור דריקט טאקע אויס דעם היסטאָריש-באגרעניצטן כאראקטער פון דער איצטיקער רעוואָלוציע און די נויטווענדיקייט פון א נייעם קאמף אפן באָדן פון נייע ארדענונגען פאר דער פולקומער באַפרייאונג פון דעם ארבעטער-קלאס פון יעדן יאָך און פון יעדער עקספלואטאציע. מיט אנדערע ווערטער: ווען די דעמאָקראטישע בורזשואזיע אדער די קליין-בורזשואזיע וועט זיך אויפהויבן נאך אף א שטאפל, ווען א פאקט וועט זיין ניט בלויז די רעוואָלוציע, נאָר דער פולקומער זיג פון דער רעוואָלוציע, — דאן יועלן מיר „פארטוישן״ (ס׳קען זיין, בא נייע וויי געשרייען פון נייע קומענדיקע מארטינאָוס) דעם לאָזונג פון דעמאָקראטישער דיקטאטור מיטן לאָזונג פון סאָציאליסטישער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט, ד. ה. פון א פולער סאָציאליסטישער איבערקערעניש.

## III. די וואולגאַר-בורזשואזע שילדערונג פון דיקטאטור און מארקס קוק אף איר.

מערינג דערציילט אין זיינע באמערקונגען צו די פון אים אַרויסגעגעבענע מארקס ארטיקלען פון דער „נייער ריינישער צייטונג״ אין 1848 יאָר, אַז די בורזשואזע ליטעראטור האט אגעוו געמאכט אזא פארוואורף דער דאָזיקער צייטונג. די „נייע ריינישע צייטונג״ זאָל האָבן געפאָדערט דאָס „טייקעפדיקע איינפירן פון דיקטאטור, אלס דאס איינציקע מיטל צו פארווירקלעכן די דעמאָקראטיע״ (Marx, Nachlass, באנד III, זייט 53). פון דעם וואולגאר-בורזשואזן שטאנדפונקט איז דער באגריף דיקטאטור און דער באגריף דעמאָקראטיע שליסן אויס איינע די אנדערע. ניט פארשטייענדיק די טעאריע פון קלאסן-קאמף, זייענדיק געוואוינט צו זען אף דער פאָליטישער ארענע די קליינע צאנקעריי פון

פארשיידענע קרייזלעך פון דער בורזשואזיע, פארשטייט דער בורזשוא אונטער דיקטאטור די אפשאפונג פון אלע פרייהייטן און גאראנטיעס פון דעמאקראטיע, יעדע ווילקיר, יעדע מיסברויכונג מיט דער מאכט אין די אינטערעסן פון דעם דיקטאַטאָרס פערזאָן. אין טאָך, איז גראָד דערדאָזיקער וואולגאר-בורזשואזער שטאנדפונקט שטעקט ארויס אויך בא אונזער מארטינאוון, וועלכער דערקלערט אין שלוס פון זיין „נייעם מארש" אין דער נייער „איסקרא" די ניטגלייכגילטיקייט פון דעם „ווּפעריאָד" און „פּראָלעטארי" צו דעם לאָזונג „דיקטאטור" מיט דעם, וואָס לענין „באַגערט ליידנשאפטלעך צו פרואוון גליק" („איסקרא" № 103, זייט 3, שפּאַלט 2). קעדיי צו דערקלערן מארטינאָוון דעם באגריף פון דיקטאטור פון אַ קלאס אין אונטערשייד פון דיקטאטור פון א פערזאָן און די אויפגאבן פון דער דעמאקראטישער דיקטאטור אין אונטערשייד פון דער סאָציאַליסטישער דיקטאטור, וועט ניט אומנוצלעך זיין אפצושטעלן זיך אף די אנשויאונגען פון דער „נייער רייינישער צייטונג".

„יעדע צייטווייליקע מלוכע-איינארדענונג, — האָט געשריבן „די נייע רייינישע צייטונג" דעם 14-טן סענטיאבער 1848 יאָר, — נאָך אַ רעוואָלוציע פאָדערט אַ דיקטאַטור, און דערצו אן ענערגישע דיקטאטור. מיר האָבן גלייך פון אנפאנג אויפגעוואָרפן קאמפהויזענען (דעם הויפט פון דעם מיניסטעריום נאָך דעם 18-טן מארט 1848 יאָר) דאָס, וואָס ער איז ניט ארויסגעטראָטן דיקטאטאָריש, וואָס ער האָט טייקעף ניט צעשטערט און ניט באזייטיקט די רעשטן פון די אלטע איינריכטונגען. איז אָט אין דערזעלבער צייט, ווי קאמפהויזען האָט זיך איינגעוויגט מיט קאנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס, האָט די צעשלאָגענע פּאַרטיי (ד. ה. די פּאַרטיי פון דער רעאַקציע) פאַרפעסטיקט אירע פּאָזיציעס אין דער ביוראָקראַטיע און אין דער ארמיי און האט אנגעהויבן צו וואגן דאס דאָ, דאָס דאָרט אף אן אפענעם קאמף".

אין דידאָזיקע ווערטער, — זאָגט מיט רעכט מערינג, — איז רעזיומירט אין אייניקע האנאָכעס דאָס, וואָס „די נייע רייינישע צייטונג" האט אויספירלעך אנטוויקלט אין לאַנגע ארטיקלען וועגן דעם מיניסטעריום פון קאמפהויזען. וואָס זאָגן אונז דידאָזיקע ווערטער פון מארקסן? אז די צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג דאַרף ארויסטרעטן דיקטאטאריש (אַ האַנאָכע, וועלכע ס'האָט קיינמאָל ניט געקאָנט פארשטיין די „איסקרא", וועלכע ווייכט אויס דעם לאָזונג: דיקטאטור); אז די אויפגאבע פון דערדאזיקער דיקטאטור איז פארניכטן די רעשטן פון די אלטע איינריכטונגען (גראָד דאס, וואס עס איז קלאָר אָנגעוויזן אין דער רעזאָלוציע פון III-טן צוזאמענפאר פון ר. ס. ד. א. פּ. וועגן קאמף מיט דער קאנטר-רעוואָלוציע און וואס עס איז דורכגעלאזן אין דער רעזאָלוציע פון דער קאנפערענץ, ווי מיר האָבן אויבן אנגעוויזן). לעסאָף, דריטנס, פאלגט פון דידאזיקע ווערטער, אַז מארקס האָט געזידלט די בורזשואַזע דעמאָקראטן פאר „קאנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס" אין דער עפּאָכע פון רעוואָלוציע און אָפענעם בירגער-קריג. וואס פאר א זין עס האבן דידאזיקע ווערטער איז באזונדערס בוילעט צו זעען פון אַן ארטיקל אין „דער נייער רייינישער צייטונג" פון 6-טן יון 1848 יאָר. „די גרינדערישע פאלקס-פארזאמלונג, — האט מארקס געשריבן, — דארף קוידעמקאל זיין אן אקטיווע, רעוואָלוציאָנער-אקטיווע

פארזאמלונג. און די פראנקפורטער פארזאמלונג פארנעמט זיך מיט שול-איבונ־גען אין פארלאמענטאריזם און לאזט איבער דער רעגירונג צו האנדלען. לאָמיר רעכענען, אז דערדאָזיקער געלערנטער פארזאמלונג וואלט זיך איינגעגעבן נאך אַ רייפער באהאנדלונג אויסצוארבעטן דעם בעסטן טאג-סיידער און די בעסטע קאנסטיטוציע. וואָס וועט אבער ארויסקומען פון דעם בעסטן טאג-סיידער און פון דער בעסטער קאָנסטיטוציע, אויב די דייטשישע רעגירונגען האבן אין דער־זעלבער צייט אוועקגעשטעלט שוין דעם באיאָנעט אפן טאג-סיידער?"

אָט וואָס עס באדייט דער לאָזונג: דיקטאטור. דערפון קען מען זעען, ווי וואָלט זיך מארקס באצויגן צו רעזאָלוציעס, וואס רופן אן א „באשלוס צו ארגאניזירן א גרינדונגס-פארזאמלונג" פאר אן אנטשיידענעם זיג אדער וועלכע לאדן איין צו „בלייבן א פארטיי פון דער עקסטער רעוואָלוציאָנערער אָפּאָזיציע"!

גרויסע פּראבלעמען אין דעם לעבן פון פעלקער ווערן געלייזט נאר דורך קאמף. די רעאַקציאָנערסטע קלאסן אליין ווענדן זיך געוויינלעך די ערשטע צו געוואלט-מיטלען, צו בירגער קריג, זיי „שטעלן אין טאג-סיידער דעם באיא־נעט", ווי עס האָט געטאָן די רוסישע זעלבסטהערשונג, און ווי זי זעצט פאָר צו טאָן סיסטעמאטיש און אומבויגזאם אומעטום און אין יעדן אָרט, אָנהויבנדיק פון דעם 9-טן יאנואר. האָט זיך שוין אַזאַ לאַגע געשאפן, האט זיך שוין דער באיאָנעטווירקלעך געשטעלט אין דער שפּיץ פון פּאָליטישן טאָג-סיידער, האָט זיך שוין דער אויפשטאנד ארויסגעוויזן פאר נויטווענדיק און אומאפלייגבאר, — דאן ווערן די קאָנסטיטוציאָנעלע איכוזיעס און די שול-איבונגען אין פארלא־מענטאריזם נאר א פארדעקונג פון דעם בורזשואזן פאראט פון דער רעוואלוציע אַ פארדעקונג פון דעם, ווי די בורזשואזיע „טרייסלט זיך אָפּ" פון דער רע־וואָלוציע. אַ ווירקלעך רעוואָלוציאָנערער קלאַס דארף דאן ארויסרוקן גראָד דעם לאזונג פון דיקטאטור.

וועגן דער פראגע איבער די אויפגאבן פון דערדאָזיקער דיקטאטור האָט מארקס געשריבן נאך אין דער „נייער ריינישער צייטונג": „די נאציאָנאלע פארזאמלונג וואלט געדארפט דיקטאטאריש ארויסטרעטן קעגן די רעאקציאָנערע פרואוון פון די אָפּגעלעבטע רעגירונגען און דאן וואלט זי פאר זיך דעראָבערט אַזאַ קראַפט אין דער פאלקס-מיינונג, אָן וועלכער עס וואלטן זיך צעבראכן אלע באיאָנעטן... און דידאזיקע פארזאמלונג מאטערט דאס דייטשישע פאלק מיט לאנגווייליקע ווערטער אנשטאט צו הינרייסן אים מיט זיך אָדער הינגע־ריסן ווערן דורך אים". די נאציאנאלע פארזאמלונג וואלט געדארפט, לויט מארקס מיינונג, „באזייטיקן פון דער פאקטיש עקזיסטירנדער ארדענונג אין דייטשלאנד אלץ, וואס ווידערשפרעכט דעם פרינציפּ פון פּאָלקס-זעלבסטהער־שונג", דערנאָך „פארפעסטיקן יענעם רעוואלוציאָנערן באדן, אף וועלכן זי שטייט, זיכערן די פון דער רעוואָלוציע דעראָבערטע פאלקס-זעלבסטהערשונג פון אלע אנפאלן".

הייסט עס, אז לויט זייער אינהאלט באשטייען יענע אויפגאבן, וועלכע מארקס האט געשטעלט אין 1848 יאר דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג אדער דער דיקטאטור, קוידעמקאל אין דער ד ע מ אָ ק ר א ט י ש ע ר איבערקערעניש:

דאָס פאַרטיידיקן זיך פון דער קאָנטער-רעוואָלוציע און די פאַקטישע באַזייטיקונג פון אלץ, וואס ווידערשפּרעכט דער זעלבסטהערשונג פון פאלק. דאס איז ניט קיין אנדער זאך, אלס די רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע דיקטאטור.

איצטער ווייטער: וועלכע קלאסן האבן געקאנט און געדארפט לויט מארקס מיינונג פארווירקלעכן דידאָזיקע אויפגאבע (דורכפירן אין דערעמעסן ביזן סאף דעם פרינציפּ פון פאָלקס-זעלבסטהערשונג און אפּשלאגן די אנפאלן פון דער קאנטער-רעוואָלוציע)? מארקס רעדט וועגן „פאלק”. נאר מיר ווייסן, אז קעגן די קליינבירגערלעכע אילוזיעס וועגן דער איינהייט פון פאלק, וועגן דער אפּוועזנהייט פון קלאסן-קאמף אין פאלק גופע האט ער אלעמאל געקעמפט אומבעראכמאָנעסדיק. באנוצנדיק דאסווארט „פאלק”, האט מארקס מיט אים ניט פארווישט די קלאסן-פארשיידנהייטן, נאר ער האט פארייניקט באַשטימטע עלעמענטן, וועלכע זיינען פעאיק צו דערפירן ביזן סאף די רעוואָלוציע.

נאכן זיג פון דעם בערלינער פּראָלעטאריאַט דעם 18-טן מאַרט, — האט „די נייע ריינישע צייטונג” געשריבן - האבן די רעזולטאטן פון דער רעוואָלוציע זיך ארויסגעוויזן צווייערלייאיקע: „פון איין זייט, די באוואפענונג פון פאלק, דאס רעכט פון פאריינען, די פאקטישע דעראָבערטע פאלקס-זעלבסטהערשונג; פון דער אנדער זייט, דאס בלייבן פון דער מאנארכיע און דאס מיניסטעריום פון קאמפּהויזן-האנזעמאן, ד. ה. א רעגירונג פון די פאָרשטייער פון דער גרויס-בורזשואזיע. אף אזא אויפן האט די רעוואלוציע געהאט צווייערלייאיקע רעזולטאטן, וועלכע האבן געדארפט אומפארמיידלעך קומען צו אַ צעררייסונג. דאס פאלק האט געזיגט; ער האט דעראבערט פרייהייט פון אן אנטשיידן עמאקראטישן כאראַקטער, אבער די אומיטלבארע הערשאפט איז איבערגעגאנגען ניט אין זיינע הענט, נאר אין די הענט פון דער גרויס-בורזשואזיע. מיט איין ווארט, די רעוואָלוציע איז ניט דערפירט געווארן ביזן סאף. דאס פאלק האט איבערגעלאזט די פארשטייער פון דער גרויס-בורזשואזיע צו בילדן דאס מיניסטעריום, און דידאָזיקע פארשטייער פון דער גרויס-בורזשואזיע האבן טייקעף דערוויזן זייערע שטרעבונגען דערמיט, וואס זיי האבן פארגעלייגט אַ בונד דעם אלטפרייסישן אדל און דער ביוראָקראטיע. אין מיניסטעריום זיינען אריין אַרנים, קאַניץ און שווערין.

„די גרויס-בורזשואזיע, די אנטי-רעוואָלוציאָנערע פון סאמע אנהויב, האט געשלאסן א פארטיידיקונגס- און אנגריפס-בונד מיט דער רעאקציע אויס מוירע פארן פאלק, ד. ה. פאר די ארבעטער און דער דעמאקראטישער בירגערשאפט” (אונטערגעשטראכן פון אונז).

הייסט עס, אַז ניט נאר דער „באשלוס צו ארגאניזירן א גרינדונגס פארזאמלונג” איז נאך ניט גענוג פאר אן אנטשיידענעם זיג פון דער רעוואָלוציע. נאר אפילע איר ווירקלעכעס צוזאמענרופן! אפילע נאך א טיילווייזן זיג אין באוואפנטן קאמף (דער זיג פון די בערלינער ארבעטער איבער דעם מיליטער דעם 18-טן מארט 1848 יאר) איז מעגלעך א „ניט פארענדיקטע” א „ביזן סאף ניט דערפירטע” רעוואלוציע, פון וואס זשע הענגט אפּ איר דערפירן ביזן סאף? פון דעם, אין וועמעס הענט עס גייט איבער די אומיטלבארע הערשאפט:

צי אין די הענט פון די פעטרונקעוויטשעס און ראדיטשעווס, איך מיין פון די קאמפהויזענס און האנזעמאנס, אָדער אין די הענט פון פאָלק, ד. ה. פון די ארבעטער און דער דעמאָקראטישער בורזשואזיע. אין דעם ערשטן פאל וועט די בורזשואזיע האבן די מאכט און דער פראלעטאריאט די „פרייהייט פון קריטיק“, די פרייהייט צו „בלייבן די פארטיי פון דער עקסטער רעוואלוציאָנערער אָפּאָזיציע“. די בורזשואזיע וועט גלייך נאכן זיג שליסן א בונד מיט דער רעאַקציע (דאס וואלט אומפארמיידלעך פארקומען אויך אין רוסלאנד, אויב די פעטערבורגער ארבעטער, לעמאשל, וואלטן אפגעהאלטן א טיילווייזן זיג אין גאסן-קאמף מיטן מיליטער און וואלטן איבערגעלאזן די בילדונג פון א רעגירונג די הערן פעטרונקעוויטשעס און קאמפ.). אין דעם צווייטן פאל וואלט מעגלעך געווען א רעוואלוציאָנער-דעמאָקראטישע דיקטאטור, ד. ה. א פולער זיג פון דער רעוואלוציע.

בלייבט פינקטלעכער צו דעפינירן, וואס האָט אייגנטלעך מארקס פארשטאנען אונטער „דעמאקראטישער בורזשואזיע“ („דעמאקראטישער בירגערשאפט“), וועלכע ער האָט צוזאמען מיט די ארבעטער אנגערופן „דאס פאלק“ אין קעגנזאץ צו דער גרויס-בורזשואזיע?

א קלארן ענטפער אף דערדאזיקער פראגע גיט פאלגנדער שטעל פון אן אַרטיקל אין דער „נ. ר. צ.“ פון דעם 29 טן יול 1848 יאר: „...די דייטשישע רעוואלוציע פון 1848 יאר איז נאר א פאראָדיע פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע פון 1789 יאר“.

„דעם 4-טן אויגוסט 1789 אין דריי וואכן ארום נאך דעם נעמען פון באסטיליען, האט דאס פראנצויזישע פאלק אין איין טאג גיווער געווען אלע פעאדאלע פליכטן“.

„דעם 11-טן יולי 1848 יאר, אין 4 כאדאשים ארום נאך די מארט-באריקאדן, האבן די פעאדאלע פליכטן גיווער געווען דאס דייטשישע פאלק“.
(*Teste Gierke cum Hansemanno.

„די פראנצויזישע בורזשואזיע פון 1789 יאָר האט אף איין מינוט ניט אוועקגעווארפן אירע פארבינדעטע, די פויערים. זי האט געוואוסט, אז דער באזיס פון איר הערשאפט איז געווען דאס פארניכטן דעם פעאדאליזם אין דארף, דאס באשאפן א פרייען גרונדבאזיצנדיקן פויערים-קלאס.

„די דייטשישע בורזשואזיע פון 1848 יאר פאראט, אָן יעדער געוויסנסביסן, דאס פויערטום, אירע נאטירלעכסטע פארבינדעטע, וועלכע שטעלן מיט

*) איידעס זייגען: דער הער גירקע צוזאמען מיטן הער האנזעמאן; האנזעמאן איז א מיניסטער פון דער פארטיי פון דער גרויס בורזשואזיע (אין רוסיש: טרובעצקאי אָדער ראדיטשעוו און ד. ג.) גירקע — א מיניסטער פון ערדארבעט אין האנזעמאנס מיניסטעריום, וועלכער האט אויסגעארבעט א פראיעקט, א דרייסטן פראיעקט פון קלוימערשט אן „אום יסטעס“ „באטל מאכן די פעאדאלע פליכטן“, אין דער עמעסן אָבער איז עס א פראָיעקט פון באטל מאכן די קליינע און אומוויכטיקע פליכטן און איבערלאזן אדער אויסקויפן די מער וויכטיקערע פליכטן. דער ה' גירקע איז א מין רוסישע ה"ה קאבלוקאווס, מאנואילאווס, הערצנשטיינס און דאס גלייכן בורזשואזע ליבעראלע פריינט פון דעם פויער, וועלכע ווילן „פארברייטערן דעם פויערישן ערדבאזיץ“, נאר ווילן ניט אנרירן דעם פאָריץ. לעניגס אנמערקונג.

זיך פאר א שטיק פון איר אייגן פלייש און אָן וועלכע זי איז אונמעכטיק קעגן דעם אַדל״.

„דאס איינהייטן די פעאָדאלע רעכט, זייער סאנקציאָנירונג אונטער דעם שירם פון (א אילוזאָרישן) אויסקויף — אזא איז דער רעזולטאט פון דער דייטשישער רעוואלוציע פון 1848-טן יאָר. דער בארג האָט געבוירן א מויז״.

דאס איז זייער א באלערנדיקע שול, וועלכע גיט אונז פיר וויכטיקע האנאָכעס: 1) די ניט פארענדיקטע דייטשישע רעוואלוציע אונטערשיידט זיך פון דער פארענדיקטער פראנצויזישער מיט דעם, וואס די בורזשואזיע האט פאראטן ניט נאר דעם דעמאקראטיזם ביכלאל, נאר, ביפראט, אויך דאס פויערטום. 2) דער גרונט פאר דער פולער פארווירקלעכונג פון דער דעמאקראטישער איבערקערעניש איז דאס באשאפן א פרייען קלאס פון פויערטום. 3) דאס באשאפן אזא קלאס באטייט די פארניכטונג פון די פעאדאלע פליכטן, די צעשטערונג פון דעם פעאדאליזם אבער קלאל ניט קיין סאציאליסטישע איבערקערעניש. 4) די פויערים — דאס זיינען די „נאטירלעכסטע״ פארבינדעטע פון דער בורזשואזיע, נעמלעך פון דער דעמאקראטישער בורזשואזיע, אָן וועלכע זי איז „אנמעכטיק״ קעגן דער רעאקציע.

מיט די געהעריקע אומענדערונגען פון די קאנקרעטע נאציאָנאלע באזונדערהייטן, מיטן אוועקשטעלן דאס לייבאייגנטום אנשטאט פעאדאליזם, זיינען די אלע האנאכעס אינגאנצן אנווענדבאר אויך צו רוסלאנד פון 1905-טן יאר. עס איז צווייפללאז, אז לערנענדיק זיך אף דער דערפארונג פון דייטשלאנד, וועלכע איז באלויכטן דורך מארקסן, קענען מיר ניט קומען צו קיין שום אנדער לאָזונג פון אַנטשיידענעם זיג פון דער רעוואָלוציע, אויסער: רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע דיקטאטור פון פראָלעטאריאַט און פויערטום. עס איז צווייפללאָז אַז די הויפט גרונט-טיילן פון יענעם „פאָלק״, וועלכן מאַרקס האט קעגנגעשטעלט אין 1848 יאָר דער זיך ווערנדיקער רעאַקציע און דער פאַרעטערישער בורזשואַזיע, איז דער פראָלעטאַריאַט און דאס פויערטום. עס איז צווייפללאָז, אַז אויך בא אונז אין רוסלאַנד פאַראטן און וועלן פאראטן די ליבעראלע בורזשואַזיע און די הערן אסוואבאזשדענצעס דאָס פויערטום, דאס הייסט זיי וועלן אָפקומען מיט אַ פסעוודאָ-רעפאָרם, זיי וועלן זיך שטעלן אַף דער זייט פון די פריצים אין דעם אַנטשיידענעם קאַמף צווישן זיי און דעם פויערטום. בלויז דער פראָלעטאַריאַט איז פעאיק צו שטיצן דאָס פויערטום ביזן סאף אין דעמאָזיקן קאַמף. עס איז לעסאף, צווייפללאָז, אַז אויך בא אונז אין רוסלאַנד וועט דער ערפאָלג פון דעם פויערישן קאמף, ד. ה. דער איבערגאַנג פון דער גאַנצער ערד צו דעם פויערטום באַדייטן אַ פולקאָמע דעמאָקראַטישע איבערקערעניש, זייענדיק אַ סאָציאַלער אָנהאַלט פון דער ביזן סאָף דערפירטער רעוואָלוציע, נאָר קלאַל ניט קיין סאָציאַליסטישע איבערקערעניש און ניט קיין „סאָציאַליזאַציע״ וועגן וועלכער עס ריידן די אידעאָלאָגן פון דעם קליינבירגערטום, די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן. דער דערפאָלג פון פויערישן אויפשטאנד, דער זיג פון דער דעמאָקראטישער רעוואָלוציע וועט נאָר אָפרייניקן דעם וועג פאַר אַ ווירקלעכן און אַנטשיידענעם קאַמף פאַרן סאָציאַליזם אַפן באָדן פון דער

דעמאָקראַטישער רעפּובליק. דאס פּויערטום אלס לאַנדבאַזיצערישער קלאַס, וועט אין דעמדאָזיקן קאַמף שפּילן דיזעלבע פּאַרעטערישע ניט שטאַנדהאַפטיקע ראָלע, וועלכע עס שפּילט איצט די בורזשואזיע אינם קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע. אַט דאָס פאַרגעסן—הייסט פאַרגעסן דעם סאָציאַליזם, אָפּנאַרן זיך און אַנדערע וועגן די ווירקלעכע אינטערעסן און אויפגאבן פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

קעדיי ניט צו לאָזן קיין ליידיק אָרט אין דער שילדערונג פון מאַרקס אנשויאונגען אין 1848 יאָר, איז נויטיק צו באַצייכענען איין וועזנטלעכן אונטערשייד צווישן דער דעמאָלטיקער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע (אָדער דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון דעם פּראָלעטאריאַט, ריידנדיק מיט דער דעמאלטיקער ש‏ראַך) און דער איצטיקער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. לאָמיר געבן דאָס וואָרט מערינגן:

„די נייע ריינישע צייטונג“ איז ארויסגעטראָטן אַף דער פּאָליטישער אַרענע, אַלס אַן „אָרגאַן פון דער דעמאָקראַטיע“. מע קען ניט ניט זעען דעם רויטן פאָדים, וועלכער גייט דורך דורך אַלע אירע ארטיקלען. נאָר אומיטלבאַר האָט זי פאַרטיידיקט מער די אינטערעסן פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע קעגן דעם אַבסאָלוטיזם און פעאָדאליזם, איידער די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט קעגן די אינטערעסן פון דער בורזשואזיע. וועגן אַ באַזונדער אַרבעטער-באַוועגונג אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע וועט איר געפינען ווייניק מאַטעריאַל אַף אירע זייטן, האַגאַם מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז צוגלייך מיט איר איז דערשינען צוויי מאל אין וואָך, אונטער דער רעדאַקציע פון מאָללן און שאַפּפערן, אַ ספּעציעלער אָרגאַן פון דעם קעלנער אַרבעטער-פאריין. יעדנפאַלס וואַרפט זיך דעם היינטיקן לעזער אין די אויגן דאס, ווי ווייניק אינטערעס „די נייע ריינישע צייטונג“ האט אָפּגעגעבן דער דעמאָלטיקער דייטשישער אַרבעטער-באוועגונג, האַגאַם דער פעאיקסטער טוער אירער, סטעפאַן באָרן, האָט זיך געלערנט באַ מאַרקסן און ענגעלסן אין פּאַריז און אין בריוסעל און האָט אין 1848-טן יאָר קאָרעספּאנדירט פון בערלין אין זייער צייטונג. באָרן דערציילט אין זיינע „זיכרוינעס“, אַז מאַרקס און ענגעלס האָבן קיינמאָל מיט קיין איינציק וואָרט ניט אויסגעדריקט זייער אומצופרידנהייט מיט זיין אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע. נאָר די שפּעטערדיקע רקלערונגען פון ענגעלסן מאַכן פאַר וואַרשיינלעך די האשאָרע, אַז זיי זיינען געווען אומצופרידן, לעכאָלאַפּאָכעס, מיט דער מאַניער פון דעראָזיקער אַגיטאַציע. זייער אומצופרידנקייט איז געווען באַגרינדעט אַף אַזויפיל, אַף וויפיל באָרן איז געצוואונגען געווען צו מאַכן פיל האנאָכעס דעם נאָך אינגאנצן ניט אנטוויקלטן אין דעם גרעסטן טייל דייטשלאַנד קלאַסן-באַוואוסטזיין פון דעם פּראָלעטאַריאַט, האַנאָכעס, וועלכע האַלטן ניט אויס קיין קריטיק פון שטאַנדפּונקט פון דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט. זייער אומצופרידנקייט איז ניט באַגרינדעט געווען אַף אַזויפיל, אַף וויפל באָרן האָט דאך געקאָנט איינהאלטן די פון אים אָנגעפירטע אַגיטאַציע אַף אַ פארהעלטניסמעסיק באַדייטנדיקער הויך... מאַרקס און ענגעלס זיינען, בליסאָפּעק, געווען היסטאָריש און פּאָליטיש גערעכט, איינזעענדיק דעם וויכטיקסטן אינטערעס פון דעם ארבעטער-קלאַס קוידעמקאָל אין אַ וואָס גרעסערער אונטערשטופּונג פון

דער בורזשואזער רעוואָלוציע... ניט קוקנדיק אַף דעם, איז אַ מערקווירדיקער באַווייז פון דעם, ווי דער עלעמענטאַרער אינסטינקט פון דער אַרבעטער-באַוועגונג קען אויסבעסערן די קאָנצעפּציעס פון די געניאַלסטע דענקער, דינט דער פאַקט, וואָס אין אַפּרעל 1849 יאָר האָבן זיי זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ ספּעציפישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע און האָבן באַשלאָסן אנטייל צו נעמען אַפן אַרבעטער-צוזאַמענפאָר, וועלכן עס האָט צוגעגרייט באַזונדערס דער אָסט-עלבישער (מיזרעך-פּרייסן) פּראָלעטאַריאַט״.

הייסט עס, אַז ערשט אין אַפּרעל 1849-טן יאָר, נאָך אַ יאָר קימאַט אַרויסגעבן פין אַ רעוואָלוציאָנערער צייטונג („די נייע ריינישע צייטונג״ האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין דעם 1-טן יון 1848 יאָר) האָבן זיך מאַרקס און ענגעלס אַרויסגעזאָגט פאַר אַ באַזונדער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע! ביז דאַן האָבן זיי פאַשעט געפירט אַן „אָרגאַן פין דער דעמאָקראַטיע״, וועלכער איז ניט געבונדן מיט קיינע אָרגאַניזאַציאָנעלע בענדער מיט אַ זעלבשטענדיקער אַרבעטער-פּאַרטיי! דערדאָזיקער פאַקט,—אַ מעשונעדיקער און אומגלויבלעכער פון אונזער היינטיקן שטאַנדפּונקט,—באַווייזט אונז קלאָר, וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלע נאַפּקעמינע עס איז געווען צווישן דער דעמאָלסדיקער דייטשישער און דער איצטיקער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי. דערדאָזיקער פאַקט באַווייזט אונז, אין וויפל מאָל ווייניקער עס האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַף דער דייטשישער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע (אַדאַנק דער אָפּגעשטאַנענקייט פון דייטשלאַנד אין 1848 יאר סאַי אין עקאָנאָמישער הינזיכט סאַי אין פּאָליטישער — די מלוכישע צעברעקלטקייט) די פּראָלעטאַרישע שטריכן פון דער באַוועגונג, דער פּראָלעטאַרישער שטראָם אין איר. דאָס דאַרף מען ניט פאַרגעסן באַ דער אָפּשאַצונג פון די פילמאָליקע מאַרקס ערקלערונגען פון דערדאָזיקער און פון דער אַביסל שפּעטערדיקער עפּאָכע וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ זעלבשטענדיקער אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי פון דעם פּראָלעטאַריאַט. מאַרקס האָט ערשט פון דער ערפאַרונג פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, קימאַט אין אַ יאָר אַרום, פּראַקטיש געמאַכט דעמדאָזיקן אויספיר: אַף אַזויפיל מעשטשאַניש, קליינבירגערלעך איז דאַן געווען די גאַנצע אַטמאָספער אין דייטשלאַנד. פאַר אונז איז דערדאָזיקער אויספיר שוין אַ לאַנגעדיקע און פעסטע דעראָבערונג פון דער האַלב-יאָרהונדערטיקער דערפאַרונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, — אַ דעראָבערונג, פון וועלכער מיר האָבן אָנגעהויבן די אָרגאַניזירונג פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי. באַ אונז קען אַפילע, לעמאָשל, קיין רייד ניט זיין וועגן דעם, אַז רעוואָלוציאָנערע צייטונגען פין דעם פּראָלעטאַריאַט זאָלן שטיין אויסער דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט, אַז זיי זאָל קענען אַף אַ מינוט אַפילע אַרויסטרעטן פאשעט אַלס „אָרגאַנען פון דער דעמאָקראַטיע״.

באָר יענער קעגנזאַץ, וועלכער האָט זיך קוים אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן צווישן מאַרקסן און סטעפאַן באָרן, עקזיסטירט באַ אונז אין אַ מער אַנטוויקלטער פאָרם, אַף וויפיל מעכטיקער עס טרעט באַ אונז אַרויס דער פּראָלעטאַרישער

שטראָם אין דעם דעמאָקראטישן פלוס פון אונזער רעוואָלוציע. ריידנדיק וועגן דער מעגלעכער אומצופרידנקייט פון מאַרקסן און ענגעלסן מיט סטעפאַן באָרנס אַגיטאַציע, דריקט זיך מערינג אויס צו ווייך און אויסווייכנדיק. אָט וואָס ענגעלס האָט געשריבן וועגן באָרנען אין 1885-טן יאָר (אין דעם פאָרוואָרט צו די „Enthüllungen über den Kommunistenproces zu Köln, Zürich 1885“ אַנטפּלעקונגען וועגן דעם קאָמוניסטנפּראָצעס אין קעלן).

די מיטגלידער פון דעם פאַרבאַנד פון קאָמוניסטן זיינען אומעטום געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער עקסטער דעמאָקראַטישער באַוועגונג, דערווייזנדיק דערמיט, אַז דער פאַרבאַנד איז געווען אַן אויסגעצייכנטע שול פון רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. „דער זעצער סטעפאַן באָרן, וועלכער איז געווען אַ טעטיקער מיטגליד פון פארבאנד אין בריסעל און פאַריז, האָט געגרינדעט אין בערלין אַן „אַרבעטער-פאַרברידערונג“, וועלכע האָט באַקומען אַ באַדייטנדע פאַרשפּרייטונג און האָט זיך איינגעהאַלטן ביזן 1850 יאָר. באָרן, אַ טאַלאַנטפולער יונגער מאַן, האָט פונדעסטוועגן זיך אַביסל צוגעאיילט מיט זיין אַרויסטרעטן אַלס פּאָליטישער טוער. ער האָט זיך „געברידערט“ מיט קרייסי אופּלייסי (מיט אַלערליי געזינדל), אַבי נאָר צו זאַמלען אַרום זיך אַ האַמוין. ער האָט גאָר ניט געהערט צו יענע מענטשן, וועלכע זיינען פעאיק אריינצוטראָגן איינהייט אין ווידערשפּרעכנדע שטרעבונגען, אַריינצוטראָגן ליכט אין כאַאָס. אין די אָפיציעלע פּובליקירונגען פון זיין פאַרברידערונג טרעפט זיך דעריבער שטענדיק אַ פּלאָנטער און אַ צונויפמישונג פון אנשויאונגען פון דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט מיט צעך-זיכרוינעס און וואונשן, מיט שטיקלעך פון לואי בלאנס און פּרודאָנס אנשויאונגען. מיט דער פאַרטיידיקונג פון פּראָטעקציאָניזם א. אַ. וו.; מיט איין וואָרט, דידאָזיקע מענטשן האָבן געוואָלט זיין אַלץ פאַר אַלעמען. באַזונדערס האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט דער אָרגאַניזירונג פון שטרייקן, פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, פּראָדוציר-גענאָסנשאַפטן, פאַרגעסנדיק, אַז די אויפגאַבע איז באַשטאַנען קודעמקאל אין דעם, צו דערקעמפן פאַר זיך צוערשט דורך אַ פּאָליטישן זיג אַזאַ באָדן, אויף וועלכן עס קענען זיך בלויז פעסט און זיכער פאַרווירקלעכן אַזעלכע זאַכן (אונטערגעשטראָכן פון אונז). איז אָט, ווען די ניצחוינעס פון דער רעאקציע האָבן געצוואונגען די פירער פון דערדאָזיקער פאַרברידערונג צו פילן די נויטווענדיקייט פון אַ דירעקטן אנטייל אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף,—דאַן האָט די אומאנטוויקלטע מאַסע, וועלכע האָט זיך ארום זיי גרופּירט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַוועקגעוואָרפן זיי. באָרן האָט אַן אָנטייל גענומען אין דרעזדענער אויפשטאַנד אין מאַי 1849 יאָר און האָט זיך געראַטעוועט אַדאַנק אַ גליקלעכן צופאַל. די אַרבעטער-פאַרברידערונג אָבער איז געבליבן אָן דער זייט פון דער גרויסער פּאָליטישער באַוועגונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט, אַלס אַן אָפּגעזונדערטער פאַריין, וועלכער האָט עקזיסטירט מערסטנטייל אויפן פּאַפּיר און וועלכער האָט אויף אַזויפיל געשפּילט אַ צווייטראַנגיקע ראָלע, אַז די רעאַקציע האָט געפונען פאַר נויטיק צו פאַרמאַכן זי ערשט אין 1850 יאָר, און זיינע פיליאַלע אָפּטיילונגען ערשט אין

אַ סאַך יאָרן אַרום. באַרן, וועלכער האָט אייגנטלעך געדאַרפט הייסן בוטערמילך, איז טאַקע ניט געוואָרן קיין פּאָליטישער טוער און האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ קליינינקן שווייצערישן פּראָפעסאָר, וועלכער איבערזעצט איצט ניט מאַרקסן אָף א צעכן-שפּראַך, נאָר דעם גוטמוטיקן רענאַן אָף א זיסינקער דייטשישער שפּראַך".

אָט ווי ענגעלס האָט אָפּגעשאַצט צוויי טאַקטיקעס פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע!

אונזערע ניי-איסקריסטן זיינען אויך מער נויטע צום „עקאָנאָמיזם" און זיי טוען עס אזוי פלייסיק, אַז זיי פאַרדינען אַ לויב-געזאַנג פון דער מאָנאַרכיסטישער בורזשואַזיע פאר זייער „קומען צום סייכל". זיי קלייבן אויך צוזאַמען אַרום זיך אַ פאַרשיידנאַרטיקן אוילאם, כאַנפענענדיק די „עקאָנאָמיסטן", צוציענדיק אָף א דעמאַגאָגישן אויפן די אומאַנטוויקלטע מאַסע דורך די לאָזונגען פון „זעלבסטעטיקייט", „דעמאָקראַטיזם", „אווטאָנאָמיע" און ד. ג. א. א. וו. זייערע ארבעטער-פאריינען עקזיסטירן אויך אפט בלויז אָף די זייטן פון דער כלעסטאַקאָווישער נייער „איסקרא". זייערע לאזונגען און רעזאָלוציעס ווייזן אַרויס פונקט אזא ניט פארשטיין די אויפגאבן „פון דער גרויסער פּאָליטישער באוועגונג פון דעם פּראָלעטאריאט".

## באַם עק פון דער מאַנאַרכיסטישער בורזשואזיע אָדער אין דער שפּיץ פון דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום?

די טאַקטיק פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע בענויגייע צו דער גאָסודאַרסטווענער דומע בלייבט שטיין אפן טאָג-סיידער אין שפּיץ פון אַלע איבערריקע פראַגן פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף. די מיינונגס-פאַרשיידנהייטן מיקויעך דערדאָזיקער טאַקטיק, וועלכע האָבן זיך ארויסגעוויזן צווישן דעם אָפּאָרטוניסטישן („איסקרא") און רעוואָלוציאָנערן („פּראָלעטאַרי") פליגל פון ר. ס. ד. א. פּ., דאַרפן אפן אויפמערקזאַמסטן אויפן באַהאַנדלט ווערן ניט צוליב אַ צו־שעפּעניש פּאָלעמיק (וועלכע דריקט זיך אויס אַן אַנדערש מאָל אין צאַנקערייַ), נאָר צוליב אַ פולשטענדיקער אויפקלערונג פון דער פראַגע און קעדיי מיטצוהעלפן די טוער אף די ערטער אויסצואַרבעטן וואָס מער פּינקטלעכע, באַשטימטע און איינהייטלעכע לאַזונגען.

צוערשט אַ פּאָר ווערטער וועגן דער אַנטשטייאונג פון די דאָזיקע מיינונגס-פאַרשיידנהייטן. אין № 12 „פּראָלעטאַרי", נאָך איידער עס איז אַרויס דאָס געזעץ וועגן דער גאָסודאַרסטווענער דומע, האָבן מיר אויסגעלייגט די יעסוידעס פון אונזער טאַקטיק און פון אונזערע כעלוקעדייעס מיט „איסקרא". מיר האָבן געפאָדערט: 1) שטיצן די אידייע פון באָיקאָט אין זין פון פאַרשטאַרקן די אַגיטאַציע און ווענדן זיך צום פאָלק, אין זין פון שטיצע מיצאַד דעם פּראָלעטאַריאַט דעם לינקן פליגל פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע און שטענדיקן אויפדעקן דעם פאַראַט פון איר רעכטן פליגל; 2) אַן אומבאַדינגט אַקטיוון באָיקאָט, און ניט קיין „פּאַסיוון באַזייטיקן זיך", ד. ה. „פאַרצענפאַכן די אַגיטאַציע" אַפילע ביז „דורכדרינגען מיט געוואַלט" אין די וואַל-פאַרזאַמלונגען, און ענדלעך 3) אַ „קלאָרן, פּינקטלעכן און דירעקטן לאַזונג פון אַגיטאַציע", נעמלעך: אַ באַוואָפנטער אויפשטאַנד, אַ רעוואָלוציאָנערע אַרמיי, אַ צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג. מיר האָבן אַנטשיידן אָפּגעוואָרפן דעם לאָזונג פון „איסקרא" (№ 106): „די אָרגאַניזאַציע פון אַ רעוואָלוציאָנערער זעלבסטפאַרוואַלטונג", אַלס אַ געפלאָנטערטן און אַלס אַזעלכן, וועלכע קען זייער גוט אויסגענוצט ווערן פון די אַסוואָבאַזשדענצעס, ד. ה. פון דער מאָנאַרכיסטישער בורזשואַזיע. מיר האָבן גלייך דערביי באַמערקט, גלייך ווי מיר וואָלטן פאָרויסגעזען, אַז „איסקראַ" וועט ווידער „פרוכפּערן" מיינונגס-פאַרשיידנהייטן, דאָס מיר זיינען איינשטימיק מיט איסקראַס פאַרורטיילונג פון דער אידייע פון פּאַסיוון באָיקאָט.

דעריבער, ווען „איסקרא" וואַרפט איצטער אין № 108 עפּעס רעמאָזים אַף אַ טעאָריע פון „ניט מישן זיך", „אַבסענטעאיזם", „אָפּהאַלטן זיך", „צונויפגעלייגטע הענט" און ד. גל. רוקן מיר פון זיך אָפּ אַזעלכע דערווידערונגען,

חייל דאס איז ניט קיין פּאָלעמיק, נאָר א פּרואוו צו „דראפּען" דעם אפּאָנענט מיט אַזעלכע מיטלען פון „פּאָלעמיק".—וועלכע ווערן באַקרוינט מיט דער אינסינואַציע, אַז אייניקע פירער האָבן געוואָלט קלוימערשט אליין אריינפאלן אין דער צייטווייליקער רעגירונג,—האָט די נייע „איסקרא" שוין לאַנג ארויסגערופן בא די ברייטסטע קרייזן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַ גאַנץ באַשטימטע באציאונג צו זיך.

הייסט עס, אַז דער טאָך פון די מיינונגס-פארשיידנהייטן באשטייט סאָפּ-קאָלסאָף אין דעם, וואָס „איסקרא" נעמט ניט אָן אונזער לאָזונג פון אַגיטאַציע (אַ באוואפנטער אויפשטאנד, א רעוואָלוציאָנערע אַרמיי, אַ צייטווייליקע רע-וואָלוציאָנערע רעגירונג ). דער „פּראָלעטאַרי" אָבער האָלט פאר באדינגונגס-לאָז אומדערלאָזבאַר צו „פּאַרשטעלן אָדער אפילו אָפּצורוקן דעם לאָזונג פון אַן אויפשטאַנד דורך אַ לאזונג פון אָרגאַניזירן א רעוואָלוציאָנערע זעלבסטפּאר-וואלטונג" („פּראָלעטארי" № 12). די אַלע אנדערע פּונקטן פון די מיינונגספאר-שיידנהייטן האָבן א פארהעלטניסמעסיק קלענערע באדייטונג. פארקערט, באזונ-דערס וויכטיק איז, ווידער, דאָס, וואָס אין № 108 הויבט שוין אָן „איסקראַ" (ווי דאָס האָט זיך מיט איר שוין ניט איינמאָל געטראָפן) צו קריכן צוריק, צו דרייען מיטן וויידל און אויסדרייען זיך: צום לאָזונג—אָרגאניזירן אַ רעוואָלו-ציאָנערע זעלבסטפּארוואלטונג, גיט זי צו דעם לאָזונג פון „אקטיווע קאמפּס-אַרויסטרעטונגען פון די פאלקס מאסן" (מיט וואָס שיידט זיך דאס אונטער פון אַ באוואפנטן אויפשטאנד, ווייס אללאך אליין). „איסקרא" דערעדט זיך אַפילע דערצו, אַז די „ארגאניזירונג פון דער רעוואלוציאָנערער זעלבסטפּארוואלטונג— דאס איז דאס איינציקע מיטל פון דער „ארגאניזירונג" פון אן אלגאָלקישן אויפשטאנד". דער № 108 איז דאטירט דעם 15-טן (28) אווגוסט, און דעם 24-טן אווגוסט נייעם סטיל איז דערשינען אין דער ווינער „אַרבעטער-צייטונג" אַן ארטיקל פון כ' מאַרטאָוו, וועלכער לייגט אויס דעם „פלאן" פון „איסקרא" אינגאַנצן אין גייסט פון № 106 און ניט אינם גייסט פון די „קאָרעקטיוון" פון № 108. דעמדאָזיקן ווערטפולן ארטיקל פון כ' מארטאָוו ברענגען מיר אונטן אין זיין הויפּט-טייל, אלס א מוסטער פון „סאָציאל-דעמאָקראַטישער מאנילאָוו-שטשינע*)".

לאמיר זיך פּרואוון פאנאנדערקלייבן אין דעמדאזיקן פלאנטער.

אום קלאר צו מאכן דעם איניען איז קוידעמקאָל נויטיק אָפּצוגעבן זיך א רעכע-נונג אין דעם, וואס פאר א קיכעס און אף וואס נעמלעך פאר אַן אויפן זיי „שאפן די געשיכטע" פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין דעם געגעבענעם מאָמענט. די זעלבסטהערשונג האָט אנגענומען די טעאָריע פון „באראטונג פונם קייסער מיטן פאָלק". וועלנדיק זיך באראטן מיט א הייפל דורך דער פּאָליצײ-אויפּוכט דורכגעזיפטע אויסגעוויילטע פון פריצים און קרעמער, הויבט די זעלבסטהער-שונג אָן מיט אַ שרעקלעכער ווילדקייט אונטערצודריקן די רעוואָלוציע. די מער ברייטערע קרייזן פון דער מאָנאַרכיסטישער בורזשואזיע שטייען פאר דער טע-

*) מאנילאָוו — אַ העלד פון גאָגאָלס „טויטע נעפּאשעס". וועלכער צעגייט זיך טאמיד אין זיסע כאלוימעס. איבערז.

אָריע פון א פארשטענדיקונג צווישן קייסער און פאָלק (די אסוואבאזשדענצעס אָדער די קאנסטיטוציאָנעל-„דעמאָקראַטישע״ פּאַרטיי). די בורזשואַזיע דריקט אויס דורך דערדאָזיקער טעאָריע איר פאראַט פון דער רעוואָלוציע, איר גרייט-קייט אָפּריער צו שטיצן זי און דערנאָך פאראייניקן זיך מיט דער רעאַקציע קעגן איר. דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאריאט, אף וויפיל מיט אים פירט אָן די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, פאָדערט די זעלבסטהערשונג פון פאָלק, ד. ה. די פולשטענדיקע פאַרניכטונג פון די רעאקציע-קויכעס און קוידעמקאל די פאקטישע אראפּווארפונג פון דער צארישער רעגירונג און דאס פארבייטן זי דורך אַ צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. דער פּראלעטאריאט שטרעבט (אָפּטמאל ניט באוואוסטזיניק, אָבער אומאפּנויגבאר און ענערגיש) צו פאראייניקן צו זיך דאס פויערטום און מיט זיין הילף דערפירן די רעוואָלוציע ביז א פולשטענדיקן ניצאָכן, טראָץ דער אומשטאנדהאפטיקייט און דעם פאראט פון דער בורזשואזיע.

די גאָסודארסטווענע דומע איז בליסאָפעק אַ האנאָכע דער רעוואָלוציע נאר א האנאכע, וועלכע איז געמאכט (דאס איז נאך מער צווייפּללאָז) מיטן ציל צו דערשטיקן די רעוואָלוציע און ניט געבן קיין קאנסטיטוציע. די בורזשואזע „פשאָרע מאכער״ ווילן זיך דערשלאגן א קאנסטיטוציע מיטן ציל צו דערשטיקן די רעוואָלוציע; דער הער ווינאָגראַדאָוו (אין „רוסקיא וויעדאָמאָסטי״) האָט אויסגעדריקט באזונדערס דייטלעך דידאָזיקע שטרעבונג פון דער ליבעראלער בורזשואזיע, וועלכע שטאמט אומבארמיידלעך פון איר קלאסן-לאגע.

פרעגט זיך איצטער: וואס פאר א באדייטונג האָט, בא אזא סיטואציע, דער באשלוס צו באיקאָטירן די דומע, וועלכן עס האָט אָנגענומען דער „פאר-באנד פון פארבאנדן״ (זע „פּראָלעטארי״ № 14), ד. ה. די ברייטסטע ארגאני-זאַציע פון דער בורזשואזער אינטעליגענץ? די בורזשואזע אינטעליגענץ, אין אלגעמיין און אין גאַנצן, וויל אויך אַן „אויסגלייך״. זי וואקלט זיך אויך דעריבער, ווי עס האָט שוין פיל מאָל אנגעוויזן „דער פּראָלעטארי״, צווישן דער רעאק-ציע און דער רעוואָלוציע, צווישן דינגעניש און קאמף, צווישן א פשאָרע מיטן קייסער און אַן אויפשטאנד קעגן דעם קייסער. דאס קען אויך אַנדערש ניט זיין אדאנק דער קלאסן-לאגע פון דער בורזשואזער אינטעליגענץ. נאר עס וואלט א פעלער געוועזן צו פארגעסן, אז דידאָזיקע אינטעליגענץ איז מער פעאיק אויסצודריקן די בריית-פארשטאנענע וועזנטלעכע אינטערעכן פון דעם גאנצן קלאס פון דער בורזשואזע אין אונטערשייד פון די צייטווייליקע און שמאלע אינטערעסן בלויז פון די „שפּיצן״ פון דער בורזשואזיע. די אינטעלי-גענץ איז מער פעאיק אויסצודריקן די אינטערעסן פון דער ברייטער מאסע פון דער קליין-בורזשואזיע און פויערטום. זי איז דערפאר אויך מער פעאיק, בא איר גאנצער אומשטאנדהאפטיקייט, צו רעוואָלוציאָנערן קאמף מיט דער זעלבסט-הערשונג, און ווען זי זאל זיך דערנעענטערן צום פאלק, קען זי ווערן א גרויסע קראפט אין דעמדאָזיקן קאַמף. אליין אנמעכטיק, וואלט זי גע-קאנט געבן זייער באדייטנדיקע שיכטן פון דעם קלייןבירגערטום און פון די פויערים גראד דאס, וואס זיי פעלט: קענטעניש, א פּראָגראם, אן אנפירונג, אן אָרגאניזאציע.

דער טאך פון דער „באיקאט"-אידייע, ווי זי איז אנטשטאנען באם פארבאנד פון פארבאנדן, באשטייט, הייסט עס, אין דעם, וואס דער ערשטער שריט פון דער גרויס בורזשואזיע צו א באראטונג-פארשטענדיקונג מיטן קייסער האט ארויסגערופן דעם ערשטן שריט פון דער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ צו דערנענטערן זיך מיטן רעוואָלוציאָנערן פאלק. די פריצים און קאפיטאליסטן האבן זיך א שאקל געטאן רעכטס, די בורזשואזע אינטעליגענץ, די פארשטייער פון קליינבירגערטום, האט זיך א שאקל געטאן לינקס. די ערשטע גייען צום קייסער, גאר ניט אפזאגנדיק זיך פון צו דראען אים ניט איין מאל נאך מיט דער קראפט פון פאלק. די אנדערע טראכטן זיך, צי זאלן זיי עפשער גיין צום פאלק, ניט פאנאנדערייסנדיק נאך אינגאנצן מיט דער טעאריע פון „אן אויסגלייך" און ניט שטעלנדיק זיך פולשטענדיק אפן רעוואלוציאָנערן וועג.

אָט אין וואס עס איז דער טאך פון דער באיקאט-אידייע, וועלכע איז אנטשטאנען, ווי מיר האבן שוין אנגעוויזן אין № 12 „פראָלעטאריי", אינעווייניק אין דער בורזשואזער דעמאָקראַטיע. בלויז זייער קורצזיכטיקע און אויבערפלעכיקע מענטשן וואלטן געקאנט איינזען אין דער דאזיקער אידייע אן אבסענטעאיזם, אָפהאלטן זיך, ניט מישן זיך א. ד. גל. די בורזשואזע אינטעליגענץ האט ניט וואס אפצוהאלטן זיך, ווייל דער הויכער צענז האלט זי אליין אָפ פון דערוויילנס פון דער גאָס. דומע. די בורזשואזע אינטעליגענץ שטעלט אין איר רעזאלוציע וועגן באיקאט אפן ערשטן פלאן „די מאָביליזירונג פון אלע דעמאָקראַטישע עלעמענטן פון לאנד". די בורזשואזע אינטעליגענץ איז דער טעטיקסטער, אנטשלאָסנסטער און קאמפס-פעאיקער עלעמענט פון דער אסוועבאָזשרענישער, קאנסטיטוציאָנעל-„דעמאָקראַטישער" פארטיי. באשולדיקן די דאָזיקע אינטעליגענץ פאר דער אידייע פון באיקאט אין אָפהאלטן זיך א. ד. גל. אָדער אַפילו אפזאגן דער דאָזיקער אינטעליגענץ אין שטיצן איר אידייע און אנטוויקלען זי — הייסט איבער קורצזיכטיקייט מיטהעלפן דער מאָנארכיסטישער בורזשואזיע, וועמעס אָרגאַן „אָסוואָבאָזשרעניע" האלט ניט אומזיסט מילכאמע מיט דער באיקאט-אידייע.

די ריכטיקייט פון דער געבראכטער מיינונג ווערט באשטעטיקט, אויסער אלגעמיינע און גרונט-טעמים, דורך דער ווערטפולער אנערקענונג פון הער ס. ס. אין № 75 „אסוואבאזשרעניע". העכסט מערקנסווערט איז, וואס הער ס. ס. פארעכנט די אנהענגער פון באיקאט-אידייע צו דער „ראדיקאלער" און די קעגנער — צו דער „מעסיקער" גרופע. די ערשטע באשולדיקט ער פאר „נאראָדאוואלנישעסטווע", פאר איבערכאזערן די פעלער פון די „אקטיווע רעוואָלוציאָנערע גרופן" (א באשולדיקונג, וועלכע איז א קאווער פאר דעם, קעגן וועמען זי ווערט ארויסגעשטעלט דורך דער „אסוואבאזשרעניע"); וועגן די צווייטע זאגט ער גלייך, אז זיי שטייען צווישן צוויי פייערן: צווישן דער זעלבסטהערשונג און דער „סאציאַלער (Sic!) רעוואָלוציע", דערביי האט ה' ס. ס. פון שרעק נעבעך צונויפגעמישט די דעמאָקראַטישע רעפובליק מיט סאציאַלער רעוואלוציע! די ווערטפולסטע אנערקענונג פון ה' ס. ס. איז פאלגנדיקע: פאר די

ראדיקאלן,—זאָגט ער, פארגלייכנדיק דעם צוזאמענפאר פון פארבאנד פון פארבאנדן מיטן צוזאמענפאר פון די זעמצעס;—איז „דער שווערפונקט בליסאפעק (הערט!) געלעגן אין דער פאדערונג אומצוענדערן די וואל-סיסטעם, דאן וועט פאר דער מער מעסיקערער גרופע איז דער הויפט אינטערעס באשטאנען אין פארברייטערן די רעכט פון דער דומע".

דערמיט איז אלץ געזאָגט געווארן! דער ה' ס. ס. האָט אויסגעפלוידערט די באהאלטענע „מאכשאוועס" פון די פריצים און קאפיטאליסטן, וועלכע מיר האבן הונדערטער מאל דעמאסקירט. דער „הויפט אינטערעס" זייערער איז ניט אין צוציען דאס פאלק צו די וואלן (דערפאר האבן זיי מוירע), נאר אין פארברייטערן די רעכט פון דער דומע, ד. ה. אין פארוואנדלען די גרויס-בורזשואזע פארזאמלונג פון א געזעצבאראטנדיקער אין א געזעצגעבנדיקער. אָט וואו דער הונט איז באגראבן. די גרויס-בורזשואזיע וועט זיך קיינמאָל ניט קאָנען באנוגענען מיט א „געזעצבאראטנדיקער" דומע. דערפון דרינגט די אומפאַרמיידלעכקייט פון קאנסטיטוציאָנעלע קאָנפליקטן אין דער מלוכע-דומע. נאר די גרויס-בורזשואזיע וועט קיינמאָל ניט קאָנען ווערן קיין זיכערער און טרייער אנהענגער פון דער זעלבסטהערשונג פון פאלק. זי וועט אַלעמאָל מיט איין האנט נעמען די קאָנסטיטוציע (פאר זיך), און מיט דער אנדער האַנט וועט זי אָפּנעמען באַם פאָלק זיינע רעכט אָדער זי וועט קעגנווירקן דער פאַרברייטערונג פון די פאָלקס-רעכט. די גרויס-בורזשואזיע קען ניט ניט שטרעבן צו א קאנסטיטוציע, וועלכע זיכערט די פריווילעגיעס פון דער גרויס-בורזשואַזיע. די ראַדיקאלע אינטעליגענץ קען ניט ניט שטרעבן אויסצודריקן די אינטערעסן פון די מער ברייטערע שיכטן פון דער קליין-בורזשואזיע און פויערטום. דער רעכטער פליגל פון דער בורזשואזער דעמאָקראַטיע, באקומענדיק כאטש א קלייניקע מאמאָשעסדיקע האַנאָכע, האט אָנגעהויבן גלייך „קלוג ווערן" און זי זאָגט זיך שוין אָפּ, ווי מיר האָבן עס געזען, פון „אומלעגאלע צוזאַמענפאָרן". דער לינקער פליגל האָט דערזען, אַז ער האָט אַפילע קיין פיצל מאַמאָשעסדיקע האַנאָכע ניט באַקומען, אז די פריצים און קאַפיטאליסטן, נאָך דעם ווי זיי האָבן אויסגענוצט די דינסטן פון „3-טן עלעמענט" (אַגיטאַציע, פראָפּאגאַנדע, די אָרגאַניזאַציע פון דער פרעסע א. א. וו.), זיינען גרייט אים צו פאַראטן, אָנווענדענדיק זייערע באַמיאונגען אין דער מלוכע-דומע ניט אף די פאָלקס-רעכט, נאר אַף זייערע אַנטי-פאָלקס-רעכט. איז אָט, דערפילנדיק דעם אָנהויב פון פאַראַט, שטעמפּלט די בורזשואַזע אינטעליגענץ די מלוכע-דומע, אַלס אַן „אַזעלכיקן אַרויסרוף" אַלע פעלקער פון רוסלאנד מיצאַד דער רעגירונג, זי דערקלערט אַ באיקאָט, זי גיט אַן אייצע צו „מאָביליזירן די דעמאָקראַטישע עלעמענטן".

אָנפאַלן באַ אַזאַ מין זאַך-לאַגע אַף דער באָיקאָט-אידייע האָט געהייסן מיצאַד דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע שפּילן אַ ראָל פון פּאָליטישע פּראָסטאַקעס. דער ריכטיקער קלאַסן-אינסטינקט פון רעוואָלוציאָנערן פראָלעטאַריאַט האָט אונטערגעזאָגט דער מערהייט פון די רוסישע כאַוויירים די אידייע פון אקטיוון באָיקאָט. דאָס באַדייט: שטיצן דעם לינקן פליגל און ציען אים

צו זיך, סטארען זיך אויסטיילן די עלעמענטן פון רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, קעדיי צוזאַמען מיט זיי אָנפאלן אף דער זעלבסטהערשונג. די ראַדיקאלע אינטעליגענץ האָט אונז אויסגעצויגן אַ פינגער,—כאַפּ זי פאַר דער האַנט! אויב באָיקאָט איז ניט קיין באַרימעריי, אויב מאָביליזאַציע איז ניט קיין פראַזע, אויב די עמפערונג איבער אַן אַזעסדיקן ארויסרוף איז ניט קיין אַקטיאָרן-שטיק,—דאַן דאַרפט איר צערייסן מיט די פשאָרע-מאַכער, שטעלן זיך אף דער זייט פון דער טעאָריע פון זעלבסטהערשונג פון פאָלק, אָנעמען, אין דערעמעסן אָנעמען די איינציק קאָנסעקווענטע און גאַנצע לאָזונגען פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע: אַ באוואָפנטער אויפשטאַנד, אַ רעוואָלוציאָנערע אַרמיי, אַ צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג. פאַרייניקן צו זיך יענע, וועלכע נעמען אָן דידאָזיקע לאָזונגען, אַריינוואַרפן פאַרן גאַנצן פאָלק אין מיסטקאַסטן יענע, וועלכע בלייבן אַפן צאַד פון די „פשאָרע-מאַכער”,—אַזאַ איז די איינציק ריכטיקע טאַקטיק פונם רעוואָלוציאָנערן פראָלעטאריאַט.

אונזערע ניי-איסקריסטן האָבן פארשלאָפן סאַי די קלאַסן אפשטאַמונג, סאַי די רעאַלע פאָליטישע באַדייטונג פון דער באָיקאָט-אידייע, עפּענענדיק אַ שיסעריי... אין דער לופטן. דער כ' טשערעוואַנין שרייבט אין № 108: „ווי עס איז צו זעען פון די בלעטלעך פון דאָנער קאָמיטעט און ס.-פּעטערבורגער גרופּע, איז די ביידע אָרגאַניזאַציעס (NB: מענשעוויסטישע. באַמערקונג פון רעדאַקציע „פּראָלעטאַרי”) „זאָגן זיך אַרוים פאַר באָיקאָט. זיי רעכענען דעם אָנטייל אין די וואלן אין אַזאַ דומע פאַר אַ כאַרפּע, פאַר אַ פאַראַט פון דער רעוואָלוציע, און זיי שטעמפּלען פאָרויס יענע ליבעראַלן, וועלכע וועלן אנטייל נעמען אין די וואַלן. אף אַזאַ אויפן ווערט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט צו מאַכן די מלוכע-דומע פאַר אַ געווער פון דער דעמאָקראַטישער רעוואלוציע און עס ווערט, אַפּאָנים, אָפּגעוואָרפן די אַגיטאציע, וועלכע איז געריכטעט אין דערדאָזיקער זייט”. די פון אונז אונטערגעשטראכענע ווערטער באַווייזן טאַקע דעם איצט בוילעט געוואָרענעם פעלער. די וואס דעקלאמירן קעגן „ניט אַריינמישן זיך” פאַרשטעלן דאך נאָר די ווירקלעך וויכטיקע פראַגע וועגן די מיטלען פון אַריינמישן זיך. עס זיינען דאָ צוויי מיטלען פון אַריינמישן זיך, צוויי טיפּן פון לאָזונגען. דאס ערשטע מיטל: „פאַרצעגפאַכן די אַגיטאַציע, איינארדענען פאַרזאמלונגען אומעטום און איבעראַל, אוטיליזירן די וואל-פאַרזאמלונגען אפילע דורך אַריינדרינגען אַהין מיט געוואַלט, איינאָרדענען דעמאָנסטראַציעס, פאָליטישע שטרייקן א. א. וו. און ד. ג.” („פּראָלעטאַרי” № 12). די לאָזונגען פון דערדאָזיקער אגיטאַציע-קאמפּאַניע האָבן מיר שוין געבראַכט. דאס אנדערע מיטל: נעמען „אַ רעוואָלוציאָנערע היסכאַיוועס צו גיין אין מלוכע-דומע מיט דער קאַוואָנע צו דערשלאָגן זיך איר פארוואַנדלונג אין אַ רעוואָלוציאָנערער פארזאמלונג, וועלכע וואַרפט אַראָפּ די זעלבסטהערשונג און רופט צונויף אַ גרינדונגס-פאַרזאמלונג” (כ' טשערעוואַנין אין № 108 „איסקראַ”), אָדער צו דריקן אַף די וויילער אין דעם זין, אַז אין דומע זאָלן געווילט ווערן נאר אנטשלאָסענע אָנהענגער פון אַ דעמאָקראַטי-

שער און פרייער פאָרשטייערשאַפט" (כ' מאַרטאָוו אין דער ווינער „אַרבעטער צייטונג").

אָט דערדאָזיקער אונטערשייד און מיטלען שפּיגלט אָפּ די נאַפּקעמינע פון די „צוויי טאַקטיקעס" פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דער אָפּאָרטוניסטישער פליגל פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז אלעמאל נויטע צו „דריקן" אַף דער בורזשואזער דעמאָקראַטיע דורך אויפנעמען היסכאיוועסן פון איר. דער רעוואלוציאָנערער פליגל פון דער ס.ד. „דריקט" אַף דער בורזשואזער דעמאָקראַטיע און שטויסט זי אַף לינקס דורך דעם, וואס זי שטעמפּלט זי פאר אירע אָפּוועגדונגען אַף רעכטס, דורך דעם, וואס זי פאַרשפּרייט צווישן די מאסן די לאָזונגען פון אַן אַנטשלאָסענער רעוואָלוציע. די טעאָריע פון „אויפמאָנען היסכאיוועסן", דידאָזיקע באַרימטע טעאָריע פון סטאראוועס לאַקמוס פּאַפּירל, איז די גרעסטע נאאיווקייט, וועלכע איז פּעאיק נאָר אַריינצוברענגען אַ מישמאַש צווישן דעם פּראָלעטאריאַט און דעזאָרגאַניזירן אים. באַ וועמען וועט מאָנען דער כ' טשערעוואנין די „היסכאיוועס", וועלכע ער האָט באַקומען? עפּשער באַ דעם ריבוינעשעלוילאם? ווייס דען ניט דער כ' טשערעוואנין, אַז אונטערן דרוק פון די מאַטעריעלע אינטערעסן וועלן אלע און יעדע היסכאיוועסן גיין צום טייוול? איז דען ניט קינדיש דער געדאַנק פון דעמוזעלביקן כאווער טשערעוואנין צו פאַרבינדן די בורזשואזע דעפּוטאַטן פון דער מלוכע דומע מיטן פּראָלעטאַריאט דורך „אימפּעראַטיווע מאַנדאטן"? אויב דער כ' מארטאָוו וואָלט אנהויבן אין דער טאַט אויספירן זיין פּלאַן, וואָלט אים דאָך אויסגעקומען צו מעלדן פאַרן אַרבעטער-קלאַס, אַז N. N. אָדער M. M. פון דער געגעבענער פּריצים-פאַרזאַמלונג זיינען „אנטשלאָסענע אָנהענגער פון א פרייער און דעמאָקראטישער פאָרשטייערשאפט"! מאַכן אַזאַ מין מעלדונג וואָלט געהייסן פארשפּרייטן דעם גרעסטן פּאָליטישן זנוס!

און באַמערקט נאך אָט וואָס: די אלע „רעוואָלוציאָנערע היסכאיוועסן" פון די הערן פּעטרונקעוויטשעס, ראדיטשעווס און tutti quanti, די אלע „אימפּעראַטיווע מעטאָדן", די אלע היסכאיוועסן וועגן אַן „אנטשלאָסענער שטיצע פון א דעמאָקראַטישער און פרייער פאָרשטייערשאַפט" (קען מען דען אויסקלייבן א מער אלגעמיינעם, אומקלארן, נעפּלהאפטן טערמין?), ווערן געגעבן און געגעבן אין נאָמען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע הינטער דער פּלייצע פון פּראָלעטאַריאַט. טאָן עס אָפן קען מען דאָך ניט, און אַפילע באַ אן אָפענער אַגיטאציע אין פרייע לענדער זיינען זיך פּאָליטישע טוער מיסכאיעוו ניט אזוי דורך פריוואטע אפּמאכונגען, ווי דורך פּראָגראַמען פון פארטייען, און באַ אונז איז דאָך ניטאָ און וועט ניט זיין קיין באשטימטע און אויסגעפארמירטע פּאַרטייען באַ די וואַלן אין דער מלוכע-דומע! טוט זשע א קוק, כאוויירים ניי-איסקריסטן, ווי איר זייט ווידער פארקראָכן אין אַ זומפּ: אַף ווערטער איז באַ אייך אלץ „מאסע", „פאר דער מאסע", „מיטן אנטייל פון דער מאַסע", „די זעלבס-

סעטיקייט פון דער מאסע", און אין דערעמעסן באשטייט אייער „פלאן" אין געהיימע אָפּמאכונגען וועגן מיסכאַיעוו זיין דעם הער פּעטרונקעוויטש ניט צו זיין קיין פארעטער פון דער רעוואָלוציע, נאר אַן „אַנטשלאָסענער" אָנהענגער פון איר!

די ניי-איסקריסטן האבן זיך אַליין דערפירט ביז אַן אַבסורד. אין רוסלאנד וועט ערגעץ ניט און קיינער ניט, אפילע פון זייערע אנהענגער, ניט אַ טראכט טאָן צו שליסן אזעלכע אומגעלומפּערטע „רעוואָלוציאָנערע היסכאַיוועסן". ניין. אריינמישן זיך דארף מען ניט אזוי. אריינמישן זיך דארף מען דורך דער אומבעראַכמאַנעסדיקער פּ א ר ו ר ט י י ל ו נ ג פון דער פּשאָרע-טעאָריע און פון די בורזשואַזע פּשאָרע מאַכער, אָט די אלע פּעטרונקעוויטשעס א. ד. ג. דעמאַסקירן זייער בורזשואַזן פאַראַט פון דער רעוואָלוציע, פאַרייניקן קעגן דער זעלבסטהערשונג (און אף יעדן פאל אויך קעגן דער מלוכע-דומע) די רעוואָלוציאָנערע קויכעס צוליב אַן אויפשטאנד,—אט איז דער איינציקער ריכטיקער מיטל רעאל צו „דריקן" אף דער דומע, רעאל צו גרייטן דעם ניצאָכן פון דער רעוואלוציע. נאר מיט דעמדאָזיקן לאָזונג דארפן מיר זיך אַריינמישן אין דער וואל-אַגיטאציע, ניט צוליב וואל-מאנעוורען, פּשאָרעס, היסכאַיוועסן, נאר צוליב פריידיקן אַן אויפשטאנד. און נאר דער רעאלער קויעך פון באַוואָפנטן פאָלק וועט געבן די מעגלעכקייט אויסצונוצן צו גונסטן פון דער רעוואָלוציע (און ניט צו גונסטן פון אַ שמאל בורזשואזער קאנסטיטוציע) די מעגלעכע און וואר-שיינלעכע קומענדיקע קאנפליקטן אין דער מלוכע-דומע גופע, אָדער צווישן דער מלוכע דומע און דעם קייסער. וואס ווייניקער צוטרוי צו דער מלוכע-דומע, וואס מער צוטרוי מיינע הערן צו די קויכעס פון דעם פּראָלעטאריאט, וואס באַוואָפנט זיך!

מיר זיינען צוגעגאנגען איצט אויך צום לאָזונג: די אָרגאַניזאַציע פון דער זעלבסטפּארוואלטונג. לאמיר אים באַטראכטן אויפמערקזאמער.

ערשטנס, איז ריין-טעארעטיש פאלש ארויסצורוקן אפן ערשטן פּלאן דעם לאָזונג פון רעוואָלוציאָנערער זעלבסטפּאַרוואלטונג אנשטאָט דעם לאָזונג: די זעלבסטהערשונג פון פאָלק. דער ערשטער האָט אַ שײַכעס צו דער פּאר-וואלטונג, דער צווייטער צו דער איינאָרדענונג פון דער מלוכע. דער ערשטער קען דערײַבער הויזן מיט דער פּאַרעטערישער בורזשואזער טעאָריע פון „אויס-גלייך" (אַ זעלבסהערשערישער פּאָלק מיט אַ קייסער אין דער שפּיץ, וועלכער „פּארוואלטעט ניט, נאר רעגירט"), דער צווייטער הויזט בעשום אויפן ניט. דער ערשטער איז אָנעמבאַר פאר די אסוואָבאָזשדענער, דער צווייטער — איז ניט אָנעמבאַר.

צווייטנס, האלטן פאר איינס און דאס זעלבע די אָרגאַניזאַציע פון דער זעלבסטפּארוואלטונג מיט דער אָרגאַניזאַציע פון אַן אלפּאָלקישן אויפשטאנד איז איינגאנצן אַן אומזין. אַן אויפשטאנד באַדייט אַ בירגער-קריג, און קריג פּאָדערט אַן ארמיי. א זעלבסטפּארוואלטונג אן און פאר זיך פּאדערט אָבער ניט קיין אַרמיי. פּאַראַן לענדער, וואו עס עקזיסטירט אַ זעלבסטפּאַרוואלטונג, נאָר עס איז ניטאָ קיין אַרמיי. אויך א רעוואָלוציאָנערע זעלבסטפּארוואלטונג פּאָדערט

ניט קיין רעוואָלוציאָנערע אַרמיי דאָרט, וואו די רעוואָלוציע קומט פאָר לויטן טיפּ פון נאָרוועגיע: מע האָט „אָפּגעשאַפט" דעם קעניג און מע האָט פאָרגענומען אַן אויספרעגונג פון פאָלק. נאָר ווען דאָס פאָלק איז געדריקט פון אַ דעספּאָטיזם, וועלכער שטיצט זיך אויף אַן אַרמיי און וועלכער הויבט אָן אַ בירגער-קריג,—דאַן איז האַלטן פאַר איינס און דאָסזעלבע אַ רעוואָלוציאָנערע זעלבסטפאַרוואַלטונג און אַ רעוואָלוציאָנערע אַרמיי, אַרויסרוקן דאָס ערשטע און פאַרשווייגן דאָס צווייטע, פאַשעט אַן אומגעהערטע באַנאַלקייט, וועלכע דריקט אויס אָדער פאַראַט פון דער רעוואָלוציע, אָדער דעם העכסטן גראַד פון טעמפּקייט.

און דריטנס, באַשטעטיקט אויך די געשיכטע יענעם, אַגעוו זעלבסטפאַרשטענדיקן, עמעס, אַז נאָר אַ פולשטענדיקער און אַנטשיידענער זיג פון אַן אויפשטאַנד זיכערט די פולשטענדיקע מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן אַווירקלעכע זעלבסטפאַרוואַלטונג. וואָלט דען מעגלעך געווען אין פראַנקרייך די מוניציפּאַלע רעוואָלוציע אין יולי 1789, אויב דעם 14-טן יולי וואלט דער אויפגעשטאַנענער און באַוואָפנטער פּאַריז ניט מענאַצייעך געווען דאָס קייזערלעכע מיליטער, ווען ער וואָלט ניט גענומען באַסטיליע, ווען ער וואָלט ניט געבראָכן אין גרונט דעם ווידערשטאַנד פון דער זעלבסטהערשונג? עפשער, קען זיין, וועלן די ניי-איסקריסטן סוימעך זיין זיך אפּן ביישפּיל פון דער שטאָט מאָנפּעליע, וואו די מוניציפּאַלע רעוואָלוציע, די אָרגאַניזאַציע פון דער רעוואָלוציאָנערער זעלבסטפאַרוואַלטונג איז פאָרגעקומען פרידלעך, וואו עס איז אַפילע געבראַכט געוואָרן אַ דאַנק דעם אינטענדאַנט פאַר זיין ליבנסווירדיקייט, מיט וועלכער ער האָט מיטגעווירקט זיין אייגענער נידערוואַרפונג? וואָרט עפשער די נייע „איסקרא", אַז אין דער צייט פון אונזער אַגיטאַציע קאַמפּאַניע באַ די וואַלן אין דומע וועלן מיר דאַנקען די גוברנאַטאָרן פאַר זייער באַזייטיקן זיך אַליין, ביז וואַנען ס'וועלן איינגענומען ווערן די רוסישע באַסטיליעס? איז דען ניט כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין פראַנקרייך 1789-טן יאָר איז די צייט פון דער מוניציפּאַלער רעוואָלוציע אויך אַ צייט פון דער אנגעפאַנגענער **עמיגראַציע פון די רעאַקציאָנערן**, און באַ אונז רוקט מען אַרויס דעם לאָזונג פון רעוואָלוציאָנערער זעלבסטפאַרוואלטונג **אַנשטאָט** דעם לאָזונג פון אַן אויפשטאנד דאַן, ווען עס עקזיסטירט נאָך די **עמיגראַציע פון רעוואָלוציאָנערן**? ווען מע האָט געפרעגט איינעם אַ רוסישן סראָרע, פאַר וואָס איז דעם 6-טן אווגוסט ניט געשענקט געוואָרן קיין אַמניסטיע, האָט ער געענטפערט: „צוליב וואָס וועלן מיר דאָס באַפרייען 10.000 מענטשן, וועלכעס האָט אונז געקאָסט אַזויפיל מי צו אַרעסטירן און וועלכע וואָלטן שוין מאָרגן אָנגעהויבן א שרעקלעכן קאַמף מיט אונז"? דער דאָזיקער סראָרע האָט קלוג געאוורטיילט און יענע, וועלכע ריידן וועגן אַ „רעוואָלוציאָנערער זעלבסטפאַרוואַלטונג" ביז דער באַפרייאונג פון די דאָזיקע 10.000—אורטיילן ניט קלוג.

פערטנס. באַווייזט די איצטיקע רוסישע ווירקלעכקייט באַשיימפּערלעך די ניט גענוגקייט פון דעם לאָזונג: „רעוואָלוציאָנערע זעלבסטפאַרוואַלטונג" און די בויטיקייט פון אַ דירעקטן און פּינקטלעכן לאזונג פון אַן אויפשטאַנד. טוט

אַ קוק, וואָס איז געווען אין סמאָלענסק דעם 2=טן אווגוסט אלטן סטיל. די שטאט-דומע האָט אָנערקענט פאַר אומגעזעצלעך דאָס פאַנאַנדערקוואַרטירן קאַזאַקן, זי האָט אויפגעהערט ארויסצוגעבן זיי געלט, זי האָט אָרגאַניזירט אַ שטאט-מיליציע צוליבן שוץ פון דער באַפעלקערונג, זי האָט זיך געווענדעט מיט אַן אויפרוף צו די סאלדאַטן קעגן די גוואַלטאַטן איבער דער באַפעלקע= רונג. מיר וואָלטן געוואָלט וויסן, צי געפינען דאָס פאַר גענוג אונזערע ניי- איסקריסטן? צי דאַרף מען ניט באַטראַכטן דידאָזיקע מיליציע אלס אַ ר ע ו ו אָ- ל ו צ י אָ נ ע ר ע אַ ר מ י י, אַלס אַן אָרגאַן ניט נאָר פון פאַרטיידיקונג, נאָר אויך פון אנגריף? — און אַן אנגריף ניט נאָר קעגן דער סמאָלענסקער קאזאַקן-מייע, נאָר קעגן דער זעלבסטהערשערישער רעגירונג בּיכלאַל? דאַרף מען דען ניט פּראָפּאַגאַנדירן דידאָזיקע אידייע וועגן פּראָקלאַמירן אַ רעוואָלוציאָנערע אַרמיי און אירע צילן? קען מען דען רעכענען די ווירקלעכע פ אָ ל ק ס - זעלבסטפאַר- וואַלטונג פון דער שטאָט סמאָלענסק פאר געזיכערט, קאָלזמאַן די רעוואָלוציאָ- נערע אַרמיי האָט ניט אָפּגעהאַלטן קיין ענדגילטיקן ניצחון איבער דער צאַרי= שער אַרמיי?

פינפטנס, פאַקטן זאָגן אומבאַשטרייטבאַר איידעס, אַז דער לאָזונג פון רעוואָלוציאָנערער זעלבסטפאַרוואַלטונג אנשטאט דעם לאָזונג פון אויפשטאַנד אָדער אינם זין (?) פון אויפשטאַנדס-לאָזונג איז ניט נאָר „אנעמבאַר" פאַר די אָסוואָבאָזשדענצעס, נאָר ער איז אויך אנגענומען פון זיי. נעמט דעם № 74 „אסוואָבאָזשדעניע". איר וועט דאָרט זעען אַ קאַטעגאָרישע פאַרורטיילונג פון דער „אומזיניקער און פאַרברעכערישער פריידיקונג פון א באַוואָפנטן אויפשטאַנד" און אין דער זעלביקער צייט אַ פאַרטיידיקונג פון שטאָט - מיליציעס און פון דער אָרגאַניזאַציע פון אָרגאַנען פון אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג, אַלס עלע- מענטן פון דער צוקונפטיקער צייטווייליקער רעגירונג (פארגל. № 12 „פראָ- לעטאַרי").

פון וועלכער זייט איר זאָלט ניט צוגיין צו דער פראַגע,—אומעטום ווייזט זיך ארויס, אַז דער נייער לאָזונג פון דער נייער „איסקראַ" איז אַן אָסוואָבאָזש= דענישער לאָזונג. סאָציאַל=דעמאָקראַטן, וועלכע פאַרשטעלן אָדער רוקן אָפּ דעם לאָזונג פון באוואָפנטן אויפשטאנד, רעוואָלוציאָנערער אַרמיי, צייטווייליקער רעגירונג, דורך דעם לאָזונג פון אָרגאַניזאַציע פון אַ רעוואָלוציאָנערער זעלבסט= פאַרוואַלטונג, אַזעלכע סאָציאַל-דעמאָקראַטן שטעלן זיך באַם עק פון דער מאָ- נאַרכיסטישער בורזשואזיע אנשטאָט צו גיין אין דער שפּיץ פון דעם רעוואָלו= ציאָנערן פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום.

אונז וואַרפט מען אויף דאָס, וואָס מיר „שלאָגן אַריין" האַרטנעגיק איינע און דיזעלבע לאָזונגען. מיר האַלטן דעמדאָזיקן פאָרוואורף פאַר אַ קאָמפּלימענט. אונזער אויפגאַבע באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס צוגלייך מיט די אַלגעמיינע עמעסן פון דער ס.-ד. פראגראם דאַרפן מיר אומאויפהערלעך ארייַנשלאָגן אין די מויכעס די טעגלעכע פּאָליטישע לאָזונגען. מיר האָבן זיך דערשלאָגן די ברייטסטע פאַרשפּרייטונג פון די „פיר-עקלעך", וועלכע איז אַזוי פאַרהאַסט פון די ליבעראַלן (אלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע און געהיימע וואל-רעכט). מיר

האבן באקאָנט געמאכט די ארבעטער מאסן מיטן „זעקסטלינג“ פון פּאָליטישע פרייהייטן (פון וואָרט, געוויסן, פּרעסע, פאַרזאַמלונגען, פאַריינען, שטרייקן). מיר דאַרפן איצט מיליאָנען און מיליאַרדן מאָל איבערכאזערן דעם „דריילינג“ פון די נאָענטסטע רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן (באַוואָפנטער אויפשטאַנד, רעוואָלוציאָנערע אַרמיי, ציַיטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג). די פאָלקס-קויכעס, וועלכע דאַרפן אויספירן דידאָזיקע אויפגאַבן, וואַקסן סטיכעאיש ניט פון טאָג צו טאָג, נאָר פון שאָ צו שאָ. פרואוון פון אַ אויפשטאַנד מערן זיך, די אָרגאַניזאַציע זייער וואַקסט, די באַוואָפענונג גייט פאָרויס. פון די רייען פון די ארבעטער און פויערים, וועלכע זיינען אַנגעטאָן אין סערמיאגעס, רעקלעך און מונדירן, רוקן זיך אַרויס אומבאקאנטע העלדן, וועלכע זיינען אומצעררייסבאַר צונויפגעגאָסן מיטן האַמוין און וועלכע דרינגען זיך אַלץ מער דורך מיטן איידעלן פאַנאַטיזם פון פאָלקס-באַפרייאונג. אונזער זאַך איז—זאָרגן דערפאַר, אַז די אַלע טייכעלעך זאָלן זיך צונויפגיסן אין איין מעכטיקן שטראָם, אַז די סטיכישע באַוועגונג זאָל באַלויכטן ווערן דורך דער ליכט פון אַ באַוואוסטזיניקער, אָפּענער, קלאָרער און גענויער רעוואָלוציאָנערער פּראָגראַם פון אונזערע נאָענטסטע אויפגאַבן און אַף אזא אויפן פאַרצענפּאַכן די קראַפט פון דערדאָזיקער באַוועגונג.

סאכאקלען. אונזער טאַקטיק בענוגייע דער מלוכע-דומע קען אויסגעדריקט ווערן אין פינף פונקטן: 1) אַ פארשטארקטע אגיטאַציע מיקויעך דעם געזעץ וועגן מלוכע-דומע און מיקויעך די וואַלן אין איר, איינאָרדענען פאַרזאמלונגען, אויסנוצן די וואל-אגיטאציע, דעמאָנסטראציעס און ד. ג. און א. וו.; 2) קאָנצענטרירן די גאַנצע אגיטאציע-קאמפּאניע ארום די לאָזונגען: באוואפנטער אויפשטאנד, רעוואָלוציאָנערע אַרמיי, ציַיטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג, פארשפרייטן די פּראָגראַם פון דערדאָזיקער ציַיטווייליקער רעגירונג; 3) אָנשליסן צוליב דערדאָזיקער אַגיטאַציע און צוליב דעם באוואפנטן אויפשטאַנד אַלע עלעמענטן פון רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע און נאר זיי, ד. ה. נאָר יענע, וועלכע נעמען אין דערעמעסן אָן די אויבנאָנגעוויזענע לאָזונגען; 4) שטיצן די באָיקאָט-אידייע, וועלכע איז אַנטשטאַנען בא דעם לינקן פליגל פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, אזוי אַז דאָס זאָל זיין אַן אקטיווער באָיקאָט אינם זין פון דער אויבן געמאָלטער ברייטסטער אַגיטאַציע. צוציען די לינקע פאָרשטייער פון דער בורזשואזער דעמאָקראַטיע אַף דער זייט פון דער רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישער פּראָגראַם און צו טעטיקייט, וועלכע דערנעענטערט זיי מיט דער קליינבורזשואַזיע און מיט דעם פויערטום; 5) אומבעראַכמאנעסדיק דעמאַסקירן און פאַרורטיילן פאַר די ברייטסטע מאסן פון די אַרבעטער און פויערטום די בורזשואַזע „פשאָרע“-טעאָריע און די בורזשואַזע „פשאָרע-מאַכער“; אָפּן דערקלערן און אויפקלערן יעדן פאַרעטערישן און ניט פעסטן שריט זייערן אַזוי ווי ביז דער דומע, אַזוי אויך אין דער דומע; וואָרענען דעם אַרבעטער-קלאַס פון דידאָזיקע בורזשואַזע פאַרעטער פון דער רעוואָלוציע.

„פּראָלעטאַרי“ № 15
פון 23-טן אווגוסט 1905 יאָר.

# די באַציאונגען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע צו דער פויערים-באַוועגונג.

די קאָלאָסאלע באדייטונג פון דער פויערים-באַוועגונג אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, וועלכע מיר לעבן איצט איבער, איז אַסאך, אסאך מאָל אויפגעקלערט געוואָרן דורך דער גאַנצער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּרעסע. דער דריטער צוזאַמענפאָר פון דער פּארטיי האָט, ווי באקאנט, אָנגענומען א באזונדערע רעזאָלוציע וועגן דערדאָזיקער פראגע, קעדיי פּינקטלעכער צו באשטימען און צו פארייניקן די טעטיקייט פון דער גאַנצער פּאַרטיי פון דעם באוואוסטזיניקן פּראָלעטאריאט בענויגייע גראד צו דער איצטיקער באַוועגונג פון דעם פויערטום. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס דידאָזיקע רעזאָלוציע איז געווען צוגעגרייט פון א פריער (דער ערשטער פּראָיעקט איז אָפּגעדרוקט געוועז אין „וופּעריאָד", № 11 דעך 10-טן (23) מארט פון הייַנטיקן יאָר), ניט קוקנדיק דערויף, וואָס זי איז זאָרגפול באארבעט דורכן צוזאמענפאָר פון דער פּאַרטיי, וועלכער האָט זיך געסטארעט צו פאָרמולירן די שוין איינגעשטעלטע אָנשויאונגען פון דער גאנצער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ניט קוקנדיק אף דעם, איז די רעזאָלוציע ניט אינגאנצן קלאָר פאר אַ ריי כאוויירים, וואָס ארבעטן אין רוסלאנד. דער סאראטאווער קאָמיטעט האָט איינשטימיק אנערקענט דידאָזיקע רעזאָלוציע פאר ניט אָנעמבאר (זע „פּראָלעטארי" № 10). צום באדויערן, איז דער וואונש, וועלכן מיר האָבן דאן אויסגעדריקט צו באקומען אַ דערקלערונג פון דעמדאָזיקן פּסאַק-דין, איז דערווייל געבליבן ניט קיין פארווירקלעכטער. מיר ווייסן נאָר, אז דער סאראטאָווער קאָמיטעט האָט אנערקענט פאר אומאנגעמבאר אויך די אגראר-רעזאלוציע פון דער ניי-איסקריסטישער קאָנפערענץ, הייסט עס, אז אים האָט ניט באפרידיקט דאָס, וואָס איז געמיינזאַם פאר ביידע רעזאָלוציעס און ניט דאָס, מיט וואָס זיי שיידן זיך אונטער איינע פון דער אַנדערער.

אַ נייער מאטעריאַל אין דערדאָזיקער פראַגע איז א בריוו פון א מאָסקווער כאַווער, וועלכן מע האָט אונז צוגעשטעלט (ארויסגעגעבן אין דער פאָרם פון אַ העקטאָגראַפישן בלעטל). מיר דרוקן דעמדאָזיקן בריוו אינגאנצן:

## אַן אָפענער בריוו דעם צענטראַל-קאָמיטעט און די כאַווירים, וואָס אַרבעטן אין דאָרף.

כאווירים, די קרייז אָרגאַניזאציע פון דעם מאָסקווער קאָמיטעט איז דירעקט צוגעגאנגען צו דער ארבעט צווישן דעם פויערטום. דאָס,

וואָס אין דער אָרגאַניזאַציע פעלט דערפאַרונג פון אַזאַ מין אַרבעט, די באַזונדערע באַדינגונגען פון אונזער צענטראַלן דאָרף, און אויך די ניט גענוגנדיקע קלאָרקייט פון די דירעקטיוון פון דער רעזאָלוציע פון דעם III-טן צוזאַמענפאָר אין דערדאָזיקער פראַגע און די קימאַט פולקומע אָפּוועזנהייט פון ליטעראַטור, אַזוי ווי אין דער פעריאָדישער, אַזוי אויך אין דער אַלגעמיינער פרעסע וועגן דער אַרבעט צווישן דעם פויערטום, צווינגט מיך צו ווענדן זיך צו דעם צ. ק. מיט אַ ביטע צו שיקן אויספירלעכע דירעקטיוון, אַזוי ווי פון פּרינציפּיעלן, אַזוי אויך פון פּראַקטישן כאַראַקטער, און אייך, כאַוויירים לויט דער אַרבעט, בעטן מיר באַקאַנען אונז מיט יענע פּראַקטישע אָנגאַבן, וועלכע עס האָט אייך געגעבן אייער דערפאַרונג.

מיר האַלטן פאַר נויטיק צו טיילן זיך מיט יענע צווייפלען, וועלכע זיינען באַ אונז דערשינען באַ דעם לייענען די רעזאָלוציע פון III-טן צוזאַמענפאָר „וועגן דער באַציאונג צו דער פויערים-באַוועגונג“ און בענוגייע צו יענעם אָרגאַניזאַציאָנעלן פּלאַן, וועלכן מיר הויבן שוין אָן אָנצואווענדן באַ אונז אין דאָרף.

„§ א) פּראָפּאַגאַנדירן צווישן די ברייטע שיכטן פון פאָלק, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע שטעלט זיך פאַר איר ציל די ענערגישסטע שטיצע פון אַלע רעוואָלוציאָנערע מאָסמיטלען פון דעם פויערטום, וועלכע זיינען פעאיק צו פאַרבעסערן זיין לאַגע, איינשליסנדיק די קאָנפיסקאַציע פון די פּריצישע, קאָזיאָנע, קירכישע, מאָנאַסטירישע און אודיעלנע ערד“ (פון דער רעזאָלוציע פון דעם III-טן צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פּ.).

אין דעמדאָזיקן פּאַראַגראַף איז קוידעמקאָל ניט קלאָר, אויף וואָס פאַר אַן אויפן וועלן די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס פירן און ווי דאַרפן זיי פירן די פּראָפּאַגאַנדע. פּראָפּאַגאַנדע פאָדערט קוידעמקאָל אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע שטייט גאָר נאָענט צו די, אויף וועלכע מע וויל ווירקן מיט דער פּראָפּאַגאַנדע. צי וועלן אַלס אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס זיין די קאָמיטעטן פון דעם דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט, אָדער עס זיינען מעגלעך אויך אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנעלע וועגן אַזוי, ווי פאַר מונדלעכער, אַזוי אויך פאַר שריפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע — דאָס איז אַן אָפענע פראַגע.

דאָסזעלבע קען מען זאָגן אויך וועגן דעם צוזאָג פון ענערגישער שטיצע. שטיצן, און נאָך ענערגיש, איז אויך מעגלעך נאָר באַ אַן אָרגאַניזאַציע אויף די ערטער. די פראַגע וועגן אַן „ענערגישער שטיצע“ דוכט זיך אונז ביכלאַל אויס פאַר אַ זייער נעפּלהאַפטער. צי קאָן די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע שטיצן די עקספּראָפּריאירונג פון יענע פּריצישע ערדן, וועלכע ווערן באַאַרבעט אויפן אינטענסיווסטן אויפן מיט דער אָנווענדונג פון מאַשינען, העכערע קולטורן א. אַז. וו.? דער איבערגאַנג פון אַזעלכע ערדן אין די הענט פון קליינבירגערלעכע באַזיצער, ווי וויכטיק עס זאָל ניט זיין די אויסבעסערונג פון זייער לאַגע, איז אַ שריט צוריק אין דעם זין פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג פון דער געגעבענערווירטשאַפט. און מיר, בלייבנדיק סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וואָלטן געדאַרפט, לויט אונזער מיינונג, מאַכן אַ באַמערקונג צו דעמדאָזיקן פּונקט וועגן „שטי-

צע": „אויב די עקספראָפּריאירונג פון דידאָזיקע ערדן צוליב דעם פויערישן (קליינבירגערלעכן) באַזיץ וועט זיין אַ העכערע פאָרם פון אַנטוויקלונג פון דער געהעריקערווירטשאַפט אַף די געהעריקע ערדן".

דערנאָך ווייטער:

„§ ד) שטרעבן צו א זעלבשטענדיקער אָרגאַניזאַציע פון דעם דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט, צו זיין צוזויפשמעלצונג מיטן שטאָטישן אונטער דער פאָן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און דורכצופירן זיינע פאָרשטייער אין די פויערישע קאָמיטעטן".

ספּייקעס אַנטשטייען בענויגייע צו דעם לעצטן טייל פון דעמדאָזיקן פּאַראַ-גראַף. די מאיסע איז דאָס, וואָס די בורזשואז-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, ווי דער „פויערישער פאַרבאַנד", און די רעאקציאָנער-אוטאָפּיסטישע, ווי, לע-מאָשל, די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, אָרגאַניזירן אונטער זייער פלאַג אַזוי ווי די בורזשואזע עלעמענטן פון דעם פויערטום, אַזוי אויך די פּראָלעטאַרישע. אריינפירנדיק אונזערע פאַרשטייער פון די אָרגאַניזאַציעס פון דעם דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט אין אַזעלכע „פויערישע" קאָמיטעטן, וועלן מיר ווידערשפּרעכן זיך אַליין, אונזערע אנשויאונגען אַף אַ בלאָק[1] א. א. וו.

אויך דאָ, שיינט אונז, זיינען נויטיק אויסבעסערונגען און זייער סאָלידע אויסבעסערונגען.

אָט זיינען אייניקע אַלגעמיינע באַמערקונגען צו די רעזאָלוציעס פון III-טן צוזאַמענפאָר. עס איז ווינשנסווערט, אַז מע זאָל זיי פאַנאַנדערקלייבן וואָס שנעלער און וואָס אויספירלעכער.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם פּלאַן פון דער „דאָרפישער" אָרגאַניזאַציע אין אונ-זער קריינז-אָרגאַניזאַציע, איז קימט אונז אויס צו אַרבעטן אין אַזעלכע באַדינ-גונגען, וועלכע די רעזאָלוציע פון III-טן צוזאַמענפאָר פאַרשווייגט אינגאַנצן. קיידעמקאָל איז נויטיק צו באַצייכענען, אַז דער ראַיאָן פון אונזער טעטיקייט—מאָסקווער גובערניע און די אויעזדן פון די שכיינישע גובערניעס, וועלכע באַ-רירן זיך מיט מאָסקווער גובערניע—איז הויפּטזאַכלעך פאַרנומען אין דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע מיט פאַרהעלטניסמעסיק שוואַך אַנטוויקלטע קוסטאַר געווערבן און מיט אַ זייער אומבאַדייטנדיקן טייל פון דער באַפעלקערונג, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען אויסשליסלעך מיט לאַנדווירטשאַפט. קאָלאָסאַלע מאַ-נופאַקטורן מיט 10 — 15 טויזנט אַרבעטער פלעכטן זיך איבער מיט קליינע פאַבריקן צו 500 — 1000 מאַן, וועלכע (די פאַבריקן) זיינען פאַנאַנדערגעוואָרפן איבער פאַרוואָרפענע דערפער. עס קען זיך אויסדאכטן, אַז באַ אַזעלכע באַדינ-גונגען וועט דאָ די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע געפינען פאַר זיך זייער אַ פּאַסיקן באָדן, נאָר אין דער טאַט ווייזט זיך אַרויס, אַז אַזעלכע אין-פלוג פאַרהאַנאָכעס האַלטן ניט אויס קיין קריטיק. אונזער „פּראָלעטאַריאַט" אין זיין גרעסטער מערהייט האָט זיך נאָך אַדהאַיאָם, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס אייניקע פאַבריקן עקזיסטירן צו 40—50 יאָר, ניט אָפּגעריסן פון דער ערד. דאָס „דאָרף" האָט זיך

1) בלאָק—צייטווייליקע שוטפעס צווישן באַזונדערע פּאַרטייען. איבערז.

אַזוי פעסט אין אים איינגעגעסן, אַז די אַלע פּסיכאָלאָגישע און אַנדערע פאָר-
האנאָכעס, וועלכע ווערן געשאַפן אין פּראָצעס פון קאָלעקטיווער אַרבעט באַ
אַן „עכטן" פּראָלעטאַריאַט, אַנטוויקלען זיך ניט באַ אונזער פּראָלעטאַריאַט. די
לאַנדווירטשאַפט פון אונזערע „פּראָלעטאַריער" שטעלט מיט זיך פאָר עפּעס
אַנדרייגענישע פאָרמען. אַ וועבער אַף אַ פאַבריק דינגט אַ באַטראַק אַף צו באַארבעטן זיין
שטיקל ערד. אַף דעמזעלבן שטיקל ערד אַרבעטן אויך זיין ווייב (אויב זי איז
ניט אפן פאַבריק), די קינדער, די אַלטע, די אינוואַלידן, און ער אַליין וועט
אַרבעטן אַף אים, ווען ער וועט אַלט אָדער צעקאַלעטשעט ווערן, אָדער ווען מע
וועט אים אַרויסטרייבן פאַר זיין אומרואיקער אָדער ניט קאָשערער אויפירונג.
אַזעלכע „פּראָלעטאַריער" איז שווער אָנצורופן פּראָלעטאַריער. לויט זייער עקאָ-
נאָמישער לאַגע זיינען דאָס פּאופערן [1]). לויט זייער אידעאָלאָגיע—קליינבירגער.
זיי זיינען אומוויסנדיק און קאָנסערוואַטיוו. פון זיי רעקרוטירן זיך „שוואַרץ-
מייאישע" עלעמענטן. נאר אויך באַ זיי פאַנגט אָן די לעצטע צייט אויפצואוואַכן
דאָס באַוואוסטזיין. דורך דעם, וואָס מיר כאַפּן זיך אָן פאַר אַן אנהאַלט פון
דעם „עכטן" פּראָלעטאַריאַט, וועקן מיר דידאָזיקע פינסטערע מאַסע פון דעם
דוירעס-לאַנגן שלאָף, און ניט אָן דערפאָלג. די אנהאַלטן וואַקסן, ערטערוויז
ווערן זיי פאַרשטאַרקט, די פּאופערן וואַרפן זיך אונטער אונזער ווירקונג, זיי
נעמען אויף אונזער אידעאָלאָגיע, ווי אַפן פאַבריק, אַזוי אויך אין דאָרף. און מיר
דענקען, אַז פאַרפלאַנצן אָרגאַניזאַציעס אין אַ ניט „עכטער" פּראָלעטאַרישער
סוויווע, וועט ניט זיין ניט אָרטאָדאָקסאַל [2]). באַ אונז איז קיין אַנדער סוויווע
ניטאָ, און אויב מיר וועלן באַשטיין אַף אָרטאָדאָקסאַלקייט, אַף אָרגאַניזירן
בלויז דעם דאָרפישן „פּראָלעטאַריאַט", וועט אונז אויסקומען צו פאַנאַנדערלאָזן
אונזער און אונזערע שכייניש אָרגאַניזאַציעס. מיר ווייסן, אַז אונז וועט שווער
זיין צו קעמפן קעגן דעם באַגער צו עקספּראָפּריאירן די פון די פּריצים פאַר-
לאָזענע זייערד און פון די אַנדערע נוצבאַרע שעטעכן ערד, אַף וועלכע די
גאַלאָכים אין קלאַביקעס און ריאַסעס האָבן ניט געקאָנט אַנטוויקלען ווי גע-
העריק די ווירטשאַפט. מיר ווייסן, אַז די בורזשואזע דעמאָקראַטיע, אָנ-
הויבנדיק פון דער „דעמאָקראַטיש-מאָנאַרכיסטישער פראַקציע (אַזאַ עקזיסטירט
אין רוסישן אויעזד) און ענדיקנדיק מיטן „פּויערישן" פאַרבאַנד, וועלן קעמפן
מיט אונז פאַר דער ווירקונג אַף די „פּאופערן", נאָר מיר וועלן באַוואָפענען
די לעצטע קעגן די ערשטע. מיר וועלן אויסנוצן אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע
קויכעס אין קרייז, ווי די אינטעליגענטישע, אַזוי אויך די פּראָלעטאַריש-אַרבע-
טערישע, קעדיי אָוועקצושטעלן און פאַרפעסטיקן אונזערע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע
קאָמיטעטן פון די „פּאופערן". און מיר וועלן עס טאָן לויט אַזאַ פּלאַן. אין
יעדער אויעזד-שטאָט אָדער אין יעדן גרויסן אינדוסטריעלן צענטר וועלן מיר
אַוועקשטעלן אויעזד-קאָמיטעטן פון גרופּעס פון דער קרייז אָרגאַניזאַציע. דער
אויעזד-קאָמיטעט וועט אָרגאַניזירן, אויסער די פאַבריקן און זאַוואָדן אין זיין
ראַיאָן, „פּויערישע" קאָמיטעטן. אַזעלכע קאָמיטעטן דאַרפן ניט זיין קיין סאַך

[1]) פּאופער—עוויען.

[2]) אָרטאָדאָקסאַל—קאָשער. א י ב ע ר ז.

צוליב קאָנספּיראַטיווע טאימים און זייער באַשטאַנד ווערט באַשטימט פון די אמערסטן רעוואָלוציאָנער געשטימטע און פעאיקע פויערים=פּאופּע־ן. דאָרט, וואו עס זיינען פאראן אי פאַבריקן, אי פויערים,—דאַרף מען זיי אָרגאַניזירן אין איין קאָמיטעט פון אַ סוב-גרופּע.

קוידעמקאָל דאַרף אַזאַ קאָמיטעט קלאָר און דייטלעך פאַנאנדערקלייבן זיך אין די ארומיקע באַדינגונגען: I) די ערד-באַציאונגען: 1) די פויערישע כאַלאָקים, אָרענדע, די באַזיץ-פאַריינען (געמיינדע, הויף-באַזיץ א. אז. וו.). 2) די אַרומיקע ערדן: א) ועמען געהערן זיי; ב) וויפל ערד; ג) וואָס פאַר אַ באַציאונגען זיינען באַ די פויערים צו דידאָזיקע ערדן; ד) אַף וועלכע באַדינגונגען באַנוצט מען זיך מיט דידאָזיקע ערדן: 1) אָפּאַרבעטן. 2) צו גרויסע אָרענדע-געלט פאַר די „אָפשניט-שטעכן" [1]) א. אַז. וו., וויפל איז מען שולדיק די באַלעגופים. פריצים א. א.; II) שטייערן, אפּגאָבן, די גרויס פון די ערד=באַשטייערונגען פון די פויערשע און פריצישע ערדן; III) אָפּגאַנג-און קוסטארן=געווערבן, פאסּפּאָרטן, צי איז ניטאָ קיין ווינטערדיקע לוין-אָרבעט א. ד. גל.; IV) אָרטיקע פאַבריקן און זאַוואָדן: די אָרבעטס-באַדינגונגען אין זיי: 1) אָרבעטס-לוין; 2) דער אָרבעטס=טאָג; 3) די באַציאונגען פון דער אדמיניסטראַציע; 4) וואוינונגס-באדינגונגען א. א. וו.; V) די אַדמיניסטראַציע, זעמסקע נאטשאלניקעס, דער סטארשינא, דער שרייבער, די וואָלאָסט-ריכטער, סטראזשניקעס, דער גאַלעך. VI) די זעמסטווע: די אָפּגעאָרדנטע (גלאסנע) פון די פויערים, די זעמסקע אנגעשטעלטע: דער לערער, דער דאָקטאָר, ביבליאָטעקן, שולן, טיי-הייזער; VII) די וואָלאָסט=פאַרזאמלונגען (сходы): זייער באַשטאַנד און די געשעפטס-פירונג; VIII) אָרגאַניזאציעס: דער „פויערשער פאַרבאַנד", ס.=ר., ס.=ד.

באַקאָנענדיק זיך מיט דידאָזיקע אָנגאבן, איז דער פויערשער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער קאָמיטעט מעכויעוו דורכצופירן אַף די דאָרפס-פאַרזאמלונגען (сходы) יענע באַשלוסן, וועלכע שטאמען פון דער אָדער יענער אומנאָרמאַלער סיטואַציע. צוגלייך מיט דעם פירט אַזא קאָמיטעט א פאַרשטאַרקטע אַגיטאַציע און פראפּאַגאנדע פון די אידייען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דער מאַסע, אָרדנט איין קרייזלעך, פלוג-פאַרזאַמלונגען, מאַסאָווקעס, פאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס און ליטעראַטור, זאמלט געלט אין דער פּאַרטיי=קאַסע און האַלט אונטער די באַציאונגען דורך דער אויעזדנער גרופּע מיט דער קרייז-אָרגאַניזאַציע.

אויב אונז וועט זיך איינגעבן אוועקצושטעלן א גאַנצע ריי אַזעלכע קאָמיטעטן, וועט דער דערפאָלג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע זיין געזיכערט.

### א ק ר י י ז אָ ר ג א נ י ז א ט אָ ר.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מיר וועלן אַף זיך ניט נעמען די אויפגאַבע אויסצואַרבעטן דעטאַלע פּראַקטישע דירעקטיוון, וועגן וועלכע עס רעדט דער כאַווער: דאָס איז די זאַך פון די אָרטיקע טוער און פון דעם פּראַקטיש אָנפירנדיקן רוסישן צענטר. מיר ווילן באַנוצן זיך מיט דעם אינהאַלטספולן בריוו פון דעם מאָסקווער כאַווער אום צו דערקלערן די רעזאָלוציעס פון דעם III=טן צו-

1) דאָ מיינט מען די „אָטריעזקעס"—שטיקער פויערשע ערד. אָפּגעשניטענע צוליב די פּריצים בעשאַס דער „פויערים-באַפרייאונג". א י ב ע ר ז.

זאמענפאָר און די טעגלעכע אויפגאבן פון דער פארטיי ביכלאל. פון דעם בריוו איז צו זעען, אז די מיספארשטייענישן, וועלכע זיינען ארויסגערופן דורך דער רעזאָלוציע פון III-טן צוזאמענפאָר, זיינען נאָר טיילווייז ארויסגערופן דורך טעאָרעטישע ספייקעס. דער אנדער קוואל זייערער איז א נייע פראגע, וועלכע איז פריער ניט געשטאנען, וועגן די פארהעלטענישן צווישן די „רעוואָלוציאָנערע פויערישע קאָמיטעטן“, און די „סאָציאל-דעמאָקראטישע קאָמיטעטן“, וועלכע ארבעטן צווישן דעם פויערטום. די עצעם שטעלונג פון דער לעצטער פראגע באווייזט שוין, אז די סאָציאל-דעמאָקראטישע ארבעט צווישן דעם פויערטום האָט געמאכט א באדייטנדיקן שריט פאָרויס. אפן טאָג-סיידער ווערן שוין ארויסגערוקט פראגן, פארהעלטניסמעסיק דעטאלע, וועלכע זיינען ארויסגערופן דורך די פראקטישע באדערפענישן פון דער „דאָרפישער“ אגיטאציע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן פארפעסטיקן און אָפגיסן זיך אין שטארקע, שטענדיקע פאָרמען. און דער אווטאָר פון דעם בריוו פארגעסט אָפט, אז אויפווארפנדיק דער רעזאָלוציע פון דעם צוזאמענפאָר איר אומקלאָרקייט, זוכט ער איז טאָך גענומען, אן ענטפער אף אזא פראגע, וועלכע דער צוזאמענפאר האָט ניט געשטעלט און האָט ניט געקאָנט שטעלן.

אזוי, לעמאָשל, איז ניט גאָר ריכטיק די מיינונג פון דעם אווטאָר, אז סאי די פראָפאגאנדע פון אונזערע אידייען, סאי די שטיצע פון דער פויערים באוועגונג זיינען מעגלעך „בלויז“ בא אן אָרגאניזאציע אף די ערטער. פארשטייט זיך, אז אזעלכע ארגאניזאציעס זיינען ווינשנסווערט און, בא דעם וואוקס פון דער ארבעט, נויטווענדיק, נאָר דידאָזיקע ארבעט איז מעגלעך און נויטיק אפילע דאָרט, וואו אזעלכע אָרגאניזאציעס זיינען ניטאָ. אין דער גאנצער טעטיקייט אונזערער אפילע בלויז צווישן דעם שטאָטישן פראָלעטאריאט דארפן מיר ניט פארגעסן די פויערים-פראגע און מיר דארפן פארשפרייטן די דערקלערונג, וועלכע עס האָט געמאכט די גאנצע פארטיי פון דעם באוואוסטזיניקן פראָלעטאריאט, אין דער פערזאָן פון דעם III-טן צוזאמענפאָר: מיר שטיצן דעם פויערים-אויפשטאנד. די פויערים דארפן עס וויסן,—דורך דער ליטעראטור, דורך די ארבעטער, דורך ספעציעלע אָרגאניזאציעס א. א. וו. די פויערים דארפן וויסן, אז דער סאָציאל-דעמאָקראטישער פראָלעטאריאט וועט זיך ניט אָפשטעלן אין דערדאָזיקער שטיצע פאר קיין שום קאָנפיסקאציע פון דער ערד (ד. ה. פאר דער עקספראָפריאציע אָן דער באלוינונג פון די אייגנטימער).

דער אווטאָר פון דעם בריוו הויבט דאָ אויף איין טעאָרעטישע פראגע: צי דארף מען ניט באגרעניצן מיט א באזונדער באמערקונג די עקספראָפריאירונג פון גרויסע גיטער פאר „פויערשן קליינבירגערלעכן אייגנטום“. נאר פאָרלייגנדיק דידאָזיקע באמערקונג, האָט דער אווטאָר ווירקלעך אליין פארשמעלערט דעם זין פון דער רעזאָלוציע פון III-טן צוזאמענפאָר: אין דער רעזאָלוציע ווערט קיין איין וואָרט ניט גערעדט וועגן דעם, אז די פארטיי פון דער ס.-ד. זאָל זיך מיסכאיעוו זיין צו שטיצן דעם איבערגאנג פון די קאָנפיסקירטע ערדן דאפקע אין די הענט פון די קליינבירגערלעכע אייגנטימער. די

רעזאָלוציע זאָגט: מיר שטיצן „איינשליסנדיק די קאָנפיסקאַציע״, ד. ה. איינשליסנדיק דאָס אָפּנעמען אָן באַלוינונג, נאָר די פראַגע וועגן דעם, ווען אָפּצוגעבן, דאָס אָפּגענומענע, ווערט אינגאַנצן ניט געלייזט דורך דער רעזאָלוציע. דאָס וואָס די פראַגע איז געבליבן אָפן, איז ניט קיין צופעליקייט: פון די אַרטיקלען אין דער צייטונג „וופּעריאָד״ (№ 11, 12, 15) איז צו זעען, אַז פאַרויס לייזן די פראַגע האָט מען גערעכנט פאַר ניט צוועקמעסיק. דאָרט איז אָנגעוויזן געוואָרן, לעמאָשל, אַז בּאַ אַ דעמאָקראַטישער רעפּובּליק קען די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע זיך ניט פאַרויס אָפּזאָגן און בּינדן זיך די הענט בּענוגייע דער נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד.

אין דערעמעסן, לעהייפּעך צו די קלייַנבּירגערלעכע עס-ערן איז פאַר אונז דער שווער-פּונקט איצט—די רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע זייט פון די פּויערשע אויפשטאַנדן און די באַזונדערע אָרגאַניזירונג פון דעם דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט אין אַ קלאַסן-פּאַרטיי. ניט אין די פּראָזשעקטן פון „שוואַרצן איבּערטייל״ אָדער פון נאַציאָנאַליזאַציע איז איצטער דער טאָך פון דער פראַגע, נאָר אין דעם באַוואוסטזיין פון דעם פּויערטום און אין דעם, אַז דאָס פּויערטום זאָל פאַרווירקלעכן די רעוואָלוציאָנערע צעשטערונג פון דער אַלטער אָרדענונג. דעריבּער ווענדן די ס.-ר'ן זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אַף דער „סאָציאַליזאַציע״ א. ד. ג., און מיר—אַף די רעוואָלוציאָנערע פּויערשע קאָמיטעטן: אָן זיי, זאָגן מיר, זיינען אַלע אומבּילדונגען—גאָרנישט. מיט זיי און צוזאַמען מיט זיי איז מעגלעך דער זיג פון דעם פּויערשן אויפשטאַנד.

דעם פּויערשן אויפשטאַנד דאַרפן מיר אַף אַלערליי אויפאַנים העלפן, איינשליסנדיק די קאָנפיסקאַציע פון דער ערד,—אָבּער לאַכלוטן ניט ביז אַלערליי קלייַנבּירגערלעכע פּראָזשעקטן. מיר שטיצן דעם פּויערשן אויפשטאַנד, אַף וויפיל ער איז אַ רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישער. מיר גרייטן זיך (טאַקע שוין, טייקעף גרייטן מיר זיך) צו אַ קאַמף מיט אים, אַף וויפל ער וועט אַרויסטרעטן, אַלס רעאַקציאָנערער, קעגן-פּראָלעטאַרישער. דער גאַנצער טאָך פון דעם מאַרקסיזם איז אין דערדאָזיקער צווייענדיקער אויפגאַבּע, וועלכע עס קענען פאַרייַנפאַכן און פאַרפלאַכן אין אָן איינהייטלעכער און פּאָשעטער אויפגאַבּע בּלויז אַזעלכע מענטשן, וועלכע פאַרשטייען ניט דעם מאַרקסיזם.

לאָמיר נעמען אַ קאָנקרעטן בּיישפּיל. לאָמיר רעכענען, אַז דער פּויערים-אויפשטאַנד האָט געזיגט, די רעוואָלוציאָנערע פּויערשע קאָמיטעטן און די צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג (וועלכע שטיצט זיך, טיילווייז, גראָד אַף דידאָזיקע קאָמיטעטן) קען דורכפירן וועלכע איר ווילט קאָנפיסקאַציע פון גרויס-בּאַזיץ. מיר שטייען פאַר קאָנפיסקאַציע. מיר האָבּן עס שוין דערקלערט. נאָר וועמען וועלן מיר ראַטן אָפּצוגעבּן די קאָנפיסקירטע ערד? דאָ האָבּן מיר זיך די הענט ניט געבּונדן און וועלן זיך קיינמאָל ניט בּינדן מיט אַזעלכע מינע דערקלערונגען, לעמאָשל, וועלכע עס לייגט פאָר אומפאָרזיכטיק דער אויטאָר פון דעם בּריוו. דער אויטאָר האָט פאַרגעסן, אַז אין דערזעלבּיקער רעזאָלוציע פון

III-טן צוזאַמענפאָר רעדט זיך וועגן „אָפּרייניקן דעם רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישן אינהאַלט פון דער פויערים-באַוועגונג פון יעדע רעאַקציאָנערעביימישונגען". דאָס איז ערשטנס, און צווייטנס וועגן דעם, אַז ס'איז נויטיק „אין אַלע פאַלן און באַ אַלע אומשטענדן אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע פון דעם דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט". אָט זיינען אונזערע דירעקטיוון. רעאַקציאָנערע ביימישונגען אין דער פויערשער באַוועגונג וועלן אַלע מאָל זיין, און מיר דערקלערן זיי פאָרויס אַ מילכאָמע. דער קלאַסן אַנטאַגאָניזם צווישן דעם דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט און דער פויערישער בורזשואַזיע איז אומפאַרמיידלעך, און מיר דעקן אים פאָרויס אויף, מיר קלערן אים אויף, מיר גרייטן זיך צום קאַמף אויפן געביט פון דעם דאָזיקן אַנטאַגאָניזם. אַלס איינער פון די באַוועג-גרונדן פון אַזאַ קאַמף קען זייער זיין די פראַגע וועגן דעם: וועמען און ווי אַוועקצוגעבן די קאָנפיסקירטע ערד? און מיר פאַרווישן ניט די דאָזיקע פראַגע, מיר זאָגן ניט צו קיין אויסגלייך-פאַרטיילונג, קיין „סאָציאַליזאַציע" און ד. גל., נאָר מיר זאָגן: דאָרט וועלן מיר ערשט אַ קעמף טאָן, וועלן מיר ווידער אַ קעמף טאָן, וועלן מיר ווידער אַ קעמף טאָן אויף אַ נייעם געביט, מיט אַנדערע פאַרבינדעטע: דאָרט וועלן מיר אומבאַדינגט זיין מיטן דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט, מיטן גאַנצן אַרבעטער קלאַס קעגן דער דאָרפישער בורזשואַזיע. פאַקטיש קען עס באַדייטן סיי דאָס איבערגיין פון דער ערד צו דעם קלאַס פון קליינע באַלעבאַטים-פויערים, דאָרט, וואו עס הערשט דאָס פאַרקנעכטנדיקע (кабальная), לייב-אייגנטימערישע, גרויס-אייגנטום, וואו עס זיינען נאָך ניטאָ די מאַטעריעלע באַדינגונגען פאַר דער גרויסער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציע, סיי נאַציאָנאַליזאַציע, באַ דער באַדינגונג, אויב די דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע וועט פולקום זיגן, סיי דאָס איבערגעבן פון גרויסע קאַפּיטאַליסטישע גיטער צו אַסאָציאַציעס פון אַרבעטער, ווייל פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע וועלן מיר גלייך אָנהויבן איבערצוגיין און גראָד אַנטשפּרעכנדיק אונזערע קויכעס, די קויכעס פון דעם באַוואוסטזיניקן און אָרגאַניזירטן פּראָלעטאַריאַט, וועלן מיר אָנהויבן איבערצוגיין צו דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. מיר שטייען פאַר אַן אומאויפהערלעכער רעוואָלוציע. מיר וועלן זיך ניט אָפּשטעלן אויף האַלבן וועג. אויב מיר זאָגן ניט צו אָט גלייך שוין און טייקעף קיין פאַרשיידענע „סאָציאַליזאַציעס", איז עס גראָד דערפאַר, ווייל מיר ווייסן די ווירקלעכע באַדינגונגען פון דער דאָזיקער אויפגאַבע און מיר פאַרווישן ניט, נאָר מיר דעקן אויף דעם נייעם קלאַסן-קאַמף, וועלכער וואַקסט אָן אינעווייניק אין דעם פויערטום גופע.

צוערשט שטיצן מיר ביזן סאָף, מיט אַלע מיטלען, ביז קאָנפיסקאַציע, — דעם פויער בכלל קעגן דעם פּאָריץ, און דערנאָך, (און אַפילע ניט דערנאָך, נאָר אין דערזעלביקער צייט) שטיצן מיר דעם פּראָלעטאַריאַט קעגן דעם פויער בכלל. באַרעכענען איצטער די קאָמבינירונג פון די קויכעס אין דעם פויערטום גופע אויפן „צווייטן טאָג" נאָך דער רעוואָלוציע (דער דעמאָקראַטישער) — איז אַ פּוסטע אוטאָפּיע. ניט אַריינפאַלנדיק אין אַוואַנטיוריזם,

ניט פעלשנדיק אין אונזער וויסנשאַפטלעכן געוויסן, ניט יאָגנדיק זיך נאָך ביליקער פּאָפּולאַריטעט, קענען מיר זאָגן און מיר זאָגן נאָר איינס: מיר וועלן מיט אלע קויכעס העלפן דעם גאַנצן פויערטום צו מאַכן די דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע, קעדיי עס זאָל וואָס לייכטער זיין אונז, דער פּאַרטיי פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס שנעלער איבערצוגיין צו אַ נייער און העכערער אויפגאַבע—צו דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. מיר זאָגן ניט צו קיין שום האַרמאָניע, קיין שום אויסגלייכונג, קיין שום „סאָציאַליזאַציע” פון דעם זיג פון דעם איצטיקן פויערים-אויפשטאַנד,—פאַרקערט מיר „זאָגן צו” א נייעם קאמף, א נייע אומגלייכהייט, א נייע רעוואָלוציע, צו וועלכער מיר שטרעבן סאַקע. אונזער לערע איז ניט אזוי „זיס”, ווי די עסערישע באַבע-מאַיסעס, נאָר ווער עס וויל, אַז מע זאָל אים געבן טרינקען נאָר זיסינקע, זאָל יענער גיין צו די עסערן; מיר וועלן אַזעלכע מענטשן זאָגן: גייט זיך אייך געזונטערהייט.

דערדאָזיקער מאַרקסיסטישער שטאַנדפּונקט לייזט, לויט אונזער מיינונג, אויך די פראַגע וועגן קאָמיטעטן. קיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פויערישע קאָמיטעטן דאַרף לויט אונזער מיינונג, ניט זיין: אויב א סאָציאַל-דעמאָקראַטישער, הייסט עס, אַז ניט נאָר קיין פויערישער; אויב א פויערישער, הייסט עס ניט קיין עכט פּראָלעטארישער, ניט קיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישער. אַף צונויפמישן דיראָזיקע צוויי מעלאָכעס זיינען פאראן אויך באַלאָנים, מיר געהערן ניט צו זיי. אומעטום, וואו עס איז מעגלעך, וועלן מיר שטרעבן צו אָרגאַניזירן אונזערע קאָמיטעטן, קאָמיטעטן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי. אַהין וועלן אריין אי פויערים, אי פּאַופּערן, אי אינטעליגענטן, אי פּראָסטיטוטקעס (איין אַרבעטער האָט בא אונז ניט לאַנג געפרעגט אין א בריוו, פאַרוואָס זאָל מען ניט אַגיטירן צווישן פּראָסטיטוטקעס), אי סאָלדאַטן, אי לערער, אי אַרבעטער,—מיט איין וואָרט, אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטן און קיינער ניט, אויסער סאָציאַל-דעמאָקראַטן. דיראָזיקע קאָמיטעטן וועלן פירן די גאַנצע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעט, אין איר גאַנצער ברייט, שטרעבנדיק פונדעסטוועגן, צו אָרגאַניזירן ספּעציעל און באַזונדער דעם דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט, ווייל די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז א קלאַסן-פּאַרטיי פון דעם פּראָלעטאַריאַט. רעכענען פאַר „אומאָרטאָדאָקסאַל” צו אָרגאַניזירן דעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט זיך נאָך ניט אינגאַנצן אָפּגערייניקט פון די פאַרשיידענע איבערעשטן פון דעם אַלטן אָוואַר,—איז דער גרעסטער פעלער, און מיר וואָלטן וועלן גלויבן, אַז די שטעלן פון בריוו, וועלכע באַרירן אָט דידאָזיקע פראַגע, זיינען געבויט פּאַשעט אַף אַ מיספאַרשטענדעניש. דער שטאָטישער און אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט וועט אומפאַרמיידלעך זיין דער הויפּט-קערן פון אונזער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער פּאַרטיי, נאָר צוציען צו איר, אויפקלערן, אָרגאַניזירן דאַרפן מיר אַלע אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע, ווי עס זאָגט אויך אונזער פּראָגראַם, אַלעמען אָן אויסנאַם: אי קוסטאַרן, אי פּאַופּערן, אי אָרימעלייט, אי דינסטן, אי באָסיאַקעס, אי פּראָסטיטוטקעס,—בא דעם נויטיקן און אָבליגאַטאָרישן באַדינג, אַז זיי זאָלן צושטיין צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, און ניט די סאָציאַל-

דעמאָקראטיע צו זיי, אז זיי זאָלן איבערגיין אפן שטאנדפונקט פון דעם פראָלעטאריאט, און ניט דער פראָלעטאריאט אף זייער שטאנדפונקט.

היינט צוליב וואָס דארף מען דאן האָבן די רעוואָלוציאָנערע פויערשע קאָמיטעטן?—ווערט פרעגן דער לעזער. הייסט עס, אז מע דארף זיי ניט האבן? ניין, מע דארף זיי יאָ האָבן. אונזער אידעאל איז: אומעטום אין די דערפער זיין סאָציאל-דעמאָקראטישע קאָמיטעטן, און דערנאָך זייער פארשטענדיקונג מיט אלע רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראטישע עלעמענטן, גרופן, קרייזלעך פון דער פויערשאפט אף צו שאפן רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן. דאָ איז א פולע אנאלאגיע מיט דער זעלבשטענדיקייט פון דער סאָציאל-דעמאָקראטישער ארבעטער-פארטיי אין שטאָט און איר בונד מיט אלע רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראטן צוליב אן אויפשטאנד. מיר זיינען פאר אן אויפשטאנד פון דעם פויערטום. מיר זיינען באדינגונגסלאָז קעגן דער צונויפמישונג און צונויפגיסונג פון פארשיידנארטיקע קלאסן-עלעמענטן און פון פארשיידנארטיקע פארטייען. מיר זיינען דערפאר, אז צוליב אן אויפשטאנד זאָל די סאָציאל-דעמאָקראטיע אונטערשטופן די גאנצע רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראטיע, אז זי זאָל איר אינגאנצן העלפן אָרגאניזירן זיך, אז זי זאָל גיין צוזאמען מיט איר, נאָר ניט צונויפגיסנדיק זיך מיט איר, אף באריקאדן אין שטאָט—קעגן די פריצים און דער פאָליציי אין די דערפער.

„פראָלעטארי״ № 16
פון 1-טן סענטיאַבר 1905 יאָר.

# שטרייט וועגן טאַקטיק, נאָר גיט קלאָרע לאָזונגען!

דער שטרייט וועגן דער טאַקטיק בענויגייע צו דער מלוכע-דומע ברענט זיך אלץ פאנאַנדער. די מיינונגס-פאַרשיידנהייטן צווישן „איסקרא״ און „פראָלעטאַרי״ ווערן אַלץ טיפער, באזונדערס נאָך פארוואוסעס ארטיקל אין „איסקרא״.

שטרייטן וועגן טאַקטיק איז נויטיק. נאָר מע מוז דערביי דערשלאָגן זיך פולשטענדיקע קלאָרקייט. פראגן פון טאַקטיק—דאָס זיינען פראגן פון דער פאָליטישער אויפירונג פון דער פאַרטיי. באגרינדן די אָדער יענע אויפירונג קען מען און מע דארף, סאי דורך טעאָריע, סאי דורך היסטאָרישע ביישפּילן, סאי דורך דעם אנאליז פון דער גאנצער פאָליטישער סיטואַציע א. א. וו. נאָר די פאַרטיי פון קעמפנדיקן קלאַס איז מעכויעוו באַ די אַלע שטרייטן צו האָבן אין אַכט די נויטיקייט פון אַבסאָלוט קלאָרע ענטפערן אַף די קאָנקרעטע פראַגן פון אונזער פאָליטישער אויפירונג. ענטפערן, וועלכע דערלאָזן ניט קיין צוויי אויסטייטשונגען: יע אָדער ניט? דאַרפן מיר אָט איצט, אין דעם געגעבענעם מאָמענט, טאָן דאָס און דאָס, אָדער דאַרפן מיר דאָס ניט טאָן?

דידאָזיקע קלאָרע ענטפערן זיינען אָבליגאַטאָריש סאי צוליב דעם, אַז מע

זאָל ניט איבערטרייבן, ניט פאַרפלאָנטערן די מיינונגס-פאַרשיידנהייטן, סאַי צוליב דעם, אַז דער אַרבעטער-קלאַס זאָל וויסן מיט אַ פולער פינקטלעכקייט, וואָס נעמלעך פאַר אַ קאָנקרעטע אייצעס גיבן אים די אָדער יענע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין דעם געגעבענעם מאָמענט.

קעדיי אַריינצוטראָגן פולע קלאָרקייט אין אונזערע שטרייטן מיט „איסקראַ", גיבן מיר פאָלגנדן צעטל פון קאָנקרעטע פראַגן איבער דער פאָליטישער אויפפירונג פון ס.-ד. אין דער איצטיקער דומע-אַגיטאַציאָנס-קאַמפּאַניע. מיר פרעטענדירן ניט אף א אויסשעפנדער פולקייט פון דעמדאָזיקן צעטל און מיר וועלן זייער צופרידן זיין, ווען מע וועט אונז אָנווייזן אף דער נויטיקייט צו דערגאַנצן אים, צו אומבייטן אָדער פאַנאַנדערגלידערן די אָדער יענע פראַגן. עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַלץ וואָס עס האָט א שייכעס צו וואַל-פאַרזאמלונגען איז אויך שייך צו יעדע פאַרזאמלונגען ביכלאַל:

## וועלכע אייצעס גיבן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן דעם פראָלעטאַריאַט בענויגייע דער מלוכע-דומע.

| | „איסקראַ" | „פראָלעטאַרי" |
|---|---|---|
| 1. צי זאָלן די ארבעטער דורכדרינגען אף די וואַל-פאַרזאמלונגען? . . . . . . . . . . . | יע | יע |
| 2. צי זאָלן די ארבעטער דורכדרינגען אף די וואַל-פאַרזאמלונגען אַפילע מיט געוואַלט . . . . | יע | יע |
| 3. צי זאָל מען אף דידאָזיקע פאַרזאַמלונגען ריידן וועגן דער פולער אומטויגבארקייט פון דער מלוכע-דומע און וועגן אַלע ציילן און וועגן דער גאַנצער פראָגראַם פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע? . | יע | יע |
| 4. צי זאָל מען אף דידאָזיקע פאַרזאמלונגען רופן די ארבעטער און דאָס גאַנצע פאָלק צו אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, צו דער בילדונג פון אַ רעוואָלוציאָנערער אַרמיי און פון א צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג? . . . . . . . . . . | ? | יע |
| 5. צי זאָל מען מאַכן פון דידאָזיקע (פ. 4) לאָזונגען דעם צענטראַל-פונקט פון אונזער גאַנצער „דומע"-קאַמפאַניע? . . . . . . . . . . . | ניין | יע |
| 6. צי זאָלן מיר פאַרורטיילן די „אָסוואָבאָזשדעניער" (אָדער די „קאָנסט.-דעמאָקראַטן), וועלכע גייען אין דער מלוכע-דומע, אלס בורזשואזע פאַרטרעטער, וועלכע מאַכן א „פשאָרע" מיטן קייסער? . | ניין | יע |
| 7. צי זאָלן מיר, סאָציאַל-דעמאָקראַטן זאָגן דעם פאָלק, ווער עמען איז בעסער אויסצואוויילן אין דער מלוכע-דומע: די פעטרונקעוויטשעס אָדער די סטאַכאָוויטשעס א. ד. גל.? . . . . . . . . . | יע | ניין |

8. צי זאָל מען שליסן וועלכע ניט איז אפמאכן מיט די אָסוואָבאָזשדענצעס וועגן דעם, אַז מיר זאָלן זיי שטיצן אפן גרונט פון די אָדער יענע באדינגונגען, פאָדערונגען, פאַרפליכטונגען א. ד. גל.? . . . יע ניין

9. צי זאָל מען מאכן פון דעם לאָזונג: „רעוואָלוציאָנערע זעלבסטפאַרוואַלטונג" דעם צענטראַל-פונקט פון אונזער אַגיטאַציע? . . . . . . . . יע ניין

10. צי זאָל מען רופן דאָס פאָלק טייקעף צו וויילן דורך אלגעמיינע וואַלן אָרגאַנען פון רעוואָלוציאָנערער זעלבסטפאַרוואַלטונג און דורך זיי אויך די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג? . . . . . . . . יע ניין

11. צי זאָלן מיר וויילן סאָציאַל-דעמאָקראַטישע וואַל-קאָמיטעטן? צי זאָלן מיר ארויסשטעלן אונזערע, סאָציאַל-דעמאָקראַטישע, קאַנדידאַטורן אין דער מלוכע-דומע? . . . . . . . . . . . . . . יע ניין

„פראָלעטאַרי" № 18
פון 13-טן סענטיאַבר 1905 יאָר.

# סאָציאַליזם און דאָס פּויערטום

די רעוואָלוציע, וועלכע רוסלאַנד לעבט איבער, איז אַן אַלפאָלקישע רעוואָלוציע. די אינטערעסן פון גאַנצן פאָלק זיינען געקומען אין אַן אומאויסגלייכבאַרן ווידערשפרוך מיט די אינטערעסן פון אַ הייפל פּערזאָנען, וועלכע בילדן די זעלבסטהערשערישע רעגירונג און וועלכע שטיצן זי. די עקזיסטענץ פון דער איצטיקער געזעלשאַפט גופא, וועלכע איז געבויט אפן גרונט פון סכוירע-ווירטשאַפט, באַ דעם קאָלאָסאַלן אונטערשייד און ווידערשפרוך פון די אינטערעסן פון פאַרשיידענע קלאַסן און גרופן פון דער באַפעלקערונג, פאָדערט די פאַרניכטונג פון דער זעלבסטהערשונג, פאָליטישע פרייהייט, אַן אָפענעם און אומיטלבאַרן אויסדרוק פון די אינטערעסן פון די הערשנדיקע קלאַסן אין דער איינאָרדענונג און פאַרוואַלטונג מיט דער מלוכע. די דעמאָקראַטישע איבערקערעניש, אַ בורזשואַזע לויט איר געזעלשאַפטלעך-עקאָנאָמישן טאָך, קען ניט ניט אויסדריקן די באַדערפעניש פון דער גאַנצער בורזשואַזער געזעלשאַפט.

נאָר דידאָזיקע געזעלשאַפט גופא, וועלכע דוכט זיך איצט אַלס אַן איינציקע און גאַנצע אין קאַמף קעגן דער זעלבסטהערשונג, איז אַליין אַליין פאַרבאַנדערגעשפּאָלטן דורכן טהאָם צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט. דאָס פאָלק, וואָס איז אויפגעשטאַנען קעגן דער זעלבסטהערשונג, — איז ניט קיין אייניק פאָלק.

אייגנטימער און לוין-אַרבעטער, ניט קיין באַדייטנדע צאָל („די אויבערשטע צען טויזנט") גווירים—און צענדליקער מיליאָנען אומפאַרמעגלעכע און אַרבעטנדיקע, דאָס זיינען בעמעס, „צוויי נאַציעס", ווי עס האָט געזאָגט איין ווייטזיכטיקער ענגלענדער נאָך אין דער ערשטער העלפט פון XIX יאָרהונדערט. דער קאַמף צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע שטייט אַפן טאָגסיידער אין גאַנץ אייראָפּע. דערדאָזיקער קאַמף האָט זיך שוין לאַנג איבערגעוואָרפן אויך אין רוסלאַנד. דעם אינהאַלט פון דער רעוואָלוציע אין דעם היינטיקן רוסלאַנד פילן אָן ניט צוויי קעמפנדיקע קויכעס, נאָר צוויי פאַרשיידענע און פאַרשיידנאַרטיקע סאָציאַלע מילכאָמעס: איינע אינעווייניק אין דער איצטיקער זעלבסטהערשעריש-לייבאייגנטימערישער אָרדענונג, די אַנדערע אינעווייניק אין דער צוקונפטיקער בורזשואַזי-דעמאָקראַטישער אָרדענונג, וועלכע ווערט שוין באַ אונז פאַר די אויגן געבאָרן. איינע—אַן אַלפאָלקישער קאַמף פאַר פרייהייט (פאַר דער פרייהייט פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט), פאַר דעמאָקראַטיע, ד. ה. פאַר דער זעלבסטהערשונג פון פאָלק, די אַנדערע—אַ קלאַסן-קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט מיט דער בורזשואַזיע פאַר דער סאָציאַליסטישער איינאָרדענונג פון דער געזעלשאַפט.

אַף די סאָציאַליסטן לייגט זיך אַף אַזאַ אויפן אַ שווערע און האַרבע אויפגאַבע—פירן איינצייטיק צוויי מילכאָמעס, אינגאַנצן פאַרשיידנאַרטיקע סאַי לויטן כאַראַקטער, סאַי לויט די צילן, סאַי לויטן צוזאַמענשטעל פון די סאָציאַלע קויכעס, וועלכע זיינען נויטע צו אַן אַנטשיידענעם אָנטייל אין דער אָדער אין יענער מילכאָמע. דידאָזיקע האַרבע אויפגאַבע האָט קלאָר אַוועקגעשטעלט און פעסט געלייזט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַדאַנק דעם, וואָס זי האָט אין גרונט פון איר גאַנצער פּראָגראַם אַוועקגעלייגט דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, ד. ה. דעם מאַרקסיזם; אַדאַנק דעם, וואָס זי איז אַריין, אַלס איינע פון די מאַכנעס, אין דער אַרמיי פון דער אַלוועלטלעכער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וועלכע האָט דורכגעקאָנטראָלירט, באַשטעטיקט, אויפגעקלערט און דעטאַלער אַנטוויקלט די האַנאָכעס פון מאַרקסיזם אין דער דערפאַרונג פון אַ לאַנגער ריי דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע באַוועגונגען פון פאַרשיידנסטע אייראָפּעאישע לענדער.

די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט פון לאַנג אָן אָנגעוויזן און באַוויזן דעם בורזשואַזן כאַראַקטער פון דעם רוסישן דעמאָקראַטיזם, אָנהייבנדיק פון דעם ליבעראַל פאָלקיסטישן און ענדיקנדיק מיט זיין „אָסוואָבאָזשדענישער" פאָרמולירונג. זי האָט אַלעמאָל געוויזן די אומפאַרמיידלעכע האַלבקייט, באַגרעניצקייט, שמאָלקייט פון דעם בורזשואַזן דעמאָקראַטיזם. זי האָט אַוועקגעשטעלט פאַרן סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט אין דער עפּאָכע פון דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע די אויפגאַבע: צוציען אַף זיין זייט די מאַסע פויערטום און, פאַראַליזירנדיק די אומשטאַנדהאַפטיקייט פון דער בורזשואַזיע, גווירן און דערשטיקן די זעלבסטהערשונג. אַן אַנטשיידענער ניצאָכן פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע איז מעגלעך נאָר אין דער פאָרם פון אַ רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פויערטום. נאָר

וואָס שנעלער און פולער עס וועט פארווירקלעכט ווערן דערדאָזיקער ניצאָכן, אלץ שנעלער און טיפער וועלן זיך פארנאנדערוויקלען נייע קעגנזאצן און א נייער קלאסן-קאמף אפן געביט פון דער פולקום דעמאָקראטיזירטער בורזשואזער אָרדענונג. וואָס פולער מיר וועלן פארווירקלעכן די דעמאָקראטישע איבערקע-רעניש, אלץ נעענטער וועלן מיר זיך ארויסווייזן פּאָנים על פּאָנים מיט די אויפגאבן פון דער סאָציאליסטישער איבערקערעניש, אלץ שניידנדיקער און שארפער וועט זיין דער קאמף פונם פּראָלעטאריאט קעגן די יעסוידעס פון דער בורזשואזער געזעלשאפט גופע.

די סאָציאל-דעמאָקראטיע דארף פירן אן אומאויפהערלעכן קאמף קעגן יעדער אָפּנייגונג פון דערדאָזיקער שטעלונג פון די רעוואָלוציאָנער-דעמאָקרא-טישע און סאָציאליסטישע אויפגאבן פונם פּראָלעטאריאט. עס איז אן אומזין צו איגנאָרירן דעם דעמאָקראטישן, ד. ה. דעם בורזשואזן אין גרונט זיינעם, כא-ראקטער פון דער איצטיקער רעוואָלוציע; עס איז אן אומזין דעריבער צו שטעלן אזעלכע לאָזונגען, ווי בילדן רעוואָלוציאָנערע קאָמונעס. עס איז א אומזין און רעאקציאָנער צו דערנידעריקן די אויפגאבן פון צו נעמען אן אָנטייל, און דערביי אן אָנפירנדיקן אָנטייל, פון דעם פּראָלעטאריאט אין דער דעמאָ-קראטישער רעוואָלוציע, ווייכנדיק אפילע דעם לאָזונג פון רעוואָלוציאָנער-דע-מאָקראטישער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט און פּויערטום. עס איז אן אומזין צונויפצומישן די אויפגאבן און די באדינגונגען פון דער דעמאָקראטישער און סאָציאליסטישער רעוואָלוציע, וועלכע זיינען פארשיידנארטיק, כאָטש מיר אי-בער, סאי לויטן כאראקטער, סאי לויטן צוזאמענשטעל פון די סאָציאלע קוי-כעס. וועלכע נעמען אין זיי אן אנטייל.

אָט אָף דעמדאָזיקן לעצטן פעלער זיינען מיר גרייט איצטער אָפּצושטעלן זיך אויספירלעך. די אומאנטוויקלטקייט פון די קלאסן-קעגנזאצן אין פאָלק ביכ-לאל, און פּויערטום באזונדערס, איז אן אומפארמיידלעכע דערשיינונג אין דער עפּאָכע פון דער דעמאָקראטישער רעוואָלוציע, וועלכע שאפט צוערשט די יע-סוידעס פאר א ווירקלעך ברייטער אנטוויקלונג פון קאפּיטאליזם. און דידאָזיקע אומאנטוויקלטקייט פון דער עקאָנאָמיק רופט ארויס די איבערלעבונג און די אויפלעבונג, אין דער אָדער יענער פאָרם, פון די אָפּגעשטאנענע פארמען פון סאָציאליזם, וועלכער איז אַ קליינבירגערלעכער סאָציאַליזם, ווייל ער אידעאַ-ליזירט אַזעלכע איבעראנדערשונגען, וועלכע גייען ניט אַרויס פון די ראַמען פון די קליין-בורזשואַזע באַציאונגען. די פּויערים-מאַסע באַגרייפט ניט און קען ניט באַגרייפן דאָס, אַז די פולסטע „פרייהייט" און די סאַמע „גערעכטע" פאנאנדערטיילונג אַפילע פון דער גאַנצער ערד וועט ניט נאָר ניט פאַרניכטן דעם קאַפּיטאַליזם, נאָר, פאַרקערט, וועט באַשאַפן באַדינגונגען פאַר אַ באַזונ-דער קרעפטיקער און ברייטער אנטוויקלונג זיינער. און אין דער צייט, ווען די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע טיילט אויס און שטיצט נאָר דעם רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישן אינהאַלט פון דידאָזיקע פּויערשע שטרעבונגען, דערהויבט דער קליינבירגערלעכער סאָציאַליזם די פּויערישע אומבאַוואוסטזיניקייט צו אַ טעאָ-ריע, צונויפמישנדיק אָדער צונויפגיסנדיק איינאיינעם די באַדינגונגען און די

אויפגאַבן פון אַווירקלעך דעמאָקראַטישער און אַן אויסגעטראַכט סאָציאַליסטישער איבערקערעניש.

דער בוילעטסטער אויסדרוק פון דערדאָזיקער אומקלאָרער קליינבירגערלעכער אידעאָלאָגיע איז די פּראָגראַם, — ריכטיקער דער פּראָעקט פון דער פּראָגראַם פון די „ס.-ר.“, וועלכע האָבן וואָס פריער צוגעאיילט זיך צו רעקלאַמירן זיך אַלס פּאַרטיי, וואָס ווייניקער אַנטוויקלט עס זיינען בײַ זיי געווען די פאָרמען און די פאָרהאַנאָכעס פון פּאַרטייאישקייט. פּאַנאַנדערקלייבנדיק זייער פּראָעקט פון פּראָגראַם (זע „וופּעריאָד“ № 3), האָבן מיר שוין געהאַט די געלעגנהייט צו באַווייזן, אַז דער שוירעש פון די ס.-ר'ישע אָנשויאונגען איז דער אַלטער רוסישער פּאָלקיזם. נאָר אַזוי ווי די גאַנצע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד, דער גאַנצער גאַנג פון דער רוסישער רעוואָלוציע רייסט אַרויס אָן ראַכמאָנעס און מיטלייד יעדן טאָג און יעדע שאָ דעם באָדן פון אונטער די יעסוידעס פון דעם ריינעם פּאָלקיזם, ווערן די אנשויאונגען פון די סאָצ.-רעוואָלוציאָנערן אומפּאַרמיידלעך עקלעקטישע. די לעכער פון דעם פּאָלקיזם סטאַרען זיי זיך פּאַריכטן מיט אַ לאַטע פון דער מאָדערנער אָפּאָרטוניסטישער „קריטיק“ פון מאַרקסיזם, נאר דער צעקראָכענער בעגעד ווערט דערפון ניט שטאַרקער. אין אַלגעמיין און אינגאנצן, שטעלט פּאָר זייער פּראָגראַם עטוואָס אַבסאָלוט לעבנסלאָזיקעס, אינערלעך-קעגנשפּרעכיקעס, וואס דריקט אויס אין דער געשיכטע פון רוסישן סאָציאַליזם איינעם פון די עטאַפּן אַפן וועג פון דער לייב-אייגנטימעדישער צו דער בורזשואַזער רוסלאנד, אַפן וועג פון „פּאָלקיזם צום מאַרקסיזם“. דידאָזיקע דעפינירונג, וועלכע איז טיפּיש פאר אַ גאַנצער ריי מער אָדער ווייניקער קליינע טייכלעך פון היינטיקן רעוואָלוציאָנערן געדאַנק, פּאַסט אויך פאר דעם נייסטן פּראָעקט פון דער אַגראַר-פּראָגראַם פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּארטיי (פּ. פּ. ס.), וועלכע איז געדרוקט אין „Przedswit“ № 6—8.

דער פּראָעקט טיילט די אַגראַר-פּראָגראַם אַף צוויי טיילן: דער ערשטער טייל רעדט וועגן די „רעפאָרמען. פאר דער דורכפירונג פון וועלכע עס זיינען שוין צייטיק געוואָרן די געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען“; דער צווייטער טייל — „פאָרמולירט די באַקרוינונג און אינטעגרירונג פון די אגראַר-רעפאָרמען, וועגן וועלכע עס ווערט גערעדט אין דעם ערשטן טייל“. דער ערשטער טייל ווערט, אין זיין ריי, פאנאנדערגעטיילט אַף דריי אָפּטיילונגען: א) ארבעטשוץ — פאָדערונגען לעטויוועס דעם לאַנדווירטשאפטלעכן פּראָלעטאריאט; ב) אַגראַר-רעפאָרמען (אין ענגערן זין אָדער, אזוי צוזאָגן, פּויערישע פאָדערונגען), און ג) שוץ פון דער דאָרפישער באפעלקערונג (זעלבסטפארוואלטונג א. א. וו.).

אַ שריט צום מארקסיזם איז אין דערדאָזיקער פּראָגראַם דער פּרואוו אָפּצוטיילן עפּעס א מין מינימום-פּראָגראם פון אַ מאַקסימום-פּראָגראם, — דערנאָך, דאָס אינגאנצן זעלבשטענדיקער אַוועקשטעלן פון פאָדערונגען פון אַ ריין פּראָלעטארישן כאַראַקטער, — ווייטער, דאָס אַנערקענען אין די מאָטיוון צו דער פּראָגראַם, אַז עס איז אינגאנצן ניט דערלאָזבאר פאר א סאָציאַליסט

צו „כאַנפּענען די אייגנטימערישע אינסטינקטן פון די פּויערישע מאַסן". ווען מע זאָל אייגנטלעך פּולקום דורכקלערן דעם געדאנק, וועלכער אַנטהאלט זיך אין דערדאָזיקער לעצטער האַנאָכע, און מע זאָל אים אַנטוויקלען קאָנסעקווענט ביזן סאָף, וואָלט זיך אומפארמיידלעך באקומען אַ שטרענג מאַרקסיסטישע פּראָגראם. נאָר דאס איז דאָך די צאָרע, וואס פּ. פּ. ס. איז ניט קיין אויסגעהאלטענע פּראָלעטארישע פּארטיי און זי שעפּט אירע אידייען גאנץ גערן אויך פון דעם ברונעם פון דער אָפּאָרטוניסטישער קריטיק פון מאַרקסיזם, „אזוי ווי די טענדענץ פון ערד-אייגנטום צו קאָנצענטראציע איז ניט דערוויזן, — לייענען מיר אין די מאָטיוון פון דערדאָזיקער פּראָגראַם — איז אומעגלעך מיט אַ פולער אויפריכטיקייט און איבערצייגונג ארויסצוטרעטן מיט דער פּארטיידיקונג פון דערדאָזיקער ווירטשאפטס-פאָרם און איבערצייגן דעם פּויער, אַז די קליינע ווירטשאפטן מוזן אומפארמיידלעך פארשווינדן".

דאס איז ניט קיין אנדער זאַך, ווי אַן אָפּקלאנג פון דער בורזשואזער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. די בורזשואזע עקאָנאָמיסטן זעען מיט אלע קויכעס איינשמועסן דעם קליינעם פּויער. אַז דער קאַפּיטאליזם איז פאריינבאריק מיטן וואוילשטאנד פון דעם קליינעם ערדארבעטער-אייגנטימער. זיי פארשטעלן דעריבער די אלגעמיינע פראגע וועגן דער סכוירע-ווירטשאפט, וועגן טאָך פון קאפּיטאליזם, וועגן דעם פאַלן און דערנידערונג פון דער קליינער פּויערישער ווירטשאפט — דורך דער פּריוואטער פּראגע וועגן קאָנצענטראַציע פונם ערד-אייגנטום. זיי פארמאכן די אויגן אַף דעם, וואס די גרויס-פּראָדוקציע און די ספּעציעלע האנדלס-צווייגן פון ערד-ארבעט אנטוויקלט זיך סאַי אַף דעם קליינעם, סאַי אַף דעם מיטעלן ערד-באזיץ. אַז דאָסדאָזיקע אייגנטום ווערט פאנאנדערגעפאלן סאַי איבערן וואוקס פון דער ארענדע, סאַי אונטערן יאָך פון היפּאָטעקן, סאַי אונטערן דרוק פון וואָכעריי. זיי לאָזן אין שאָטן דעם אומבאשטרייטבארן פאקט פון דער טעכנישער אויבערהאנט פון דער גרויסווירטשאפט אין דער ערדארבעט און אז די לעבנס-באדינגונגען פון פּויער ווערן אלץ נידעריקער אין זיין קאמף מיטן קאפּיטאליזם. אין די ווערטער פון פּ. פּ. ס. איז גאָרנישט ניטאָ אויסער דאס איבערכאזערן פון דידאָזיקע בורזשואזע פארורטיילן וועלכע ווערן ווידער אריפגעלעבט פון די הייגטיקע דאַווידס. 1)

די ניט-שטאנדהאפטיקייט פון די טעאָרעטישע אָנשויאונגען שפּיגלט זיך אָפּ אויך אין דער פּראקטישער פּראָגראם. נעמט דעם 1-טן טייל — די אַגרארדעפאָרם אין ענגן זין. פון איין זייט וועט איר איבערלייענען דעם פּונקט 5) „די אָפּשאפונג פון יעדע באגרעניצונגען באַם קויפן פון נאַכלע (נאַדיעל)-ערד און דעם פּונקט 6) די אָפּשאפונג פון שאכווארקעס און פורן (נאטורפליכטן)". דאס זיינען ריין-מארקסיסטישע מינימאלע פּאָדערונגען. ארויסשטעלנדיק זיי (באזונדערס דעם פּ. 5), מאכט פּ. פּ ס. א שריט פאָרויס אין פארגלייך מיט אונזערע עסערן, וועלכע פילן א שוואכקייט, צוזאמען מיט די „מאסקאָווסקי וועדאָמאָסטי", צו דער בארימטער „ניט-אנטאייגענונג פון די נאַכלעס

1) א דייטשישער ס. ד., אַ רעפארמיסט, א פארטיידיקער פון קלייןבירגערלעכער פּראגראם אין דער ערד-פראגע. א י ב ע ר ז.

(נאַדיעלן)״. אַרויסשטעלנדיק זיי, גייט צו די פּ. פּ. ס. האַרט צו דער אידייע פון מאַרקסיזם ווען קאַמף מיט די רעשטן פון לייב-אייגנטום, אַלס דעם גרונט און אינהאַלט פון דער איצטיקער פּויערים באַוועגונג. נאָר צוגייענדיק צו דערדאָזיקער אידייע, איז פּ. פּ. ס. נאָך ווייט פון אָנצונעמען זי פולקום און באַוואוסטזיניק.

די הויפּט-פּונקטן פון דער מינימום-פּראָגראַם, וועלכע מיר באַטראַכטן, לויטן: „1) די נאַציאָנאַליזירונג פון די אודיעלנע און מלוכישע גיטער און די גיטער, וועלכע געהערן צו די גייסטלעכע, דורך קאָנפיסקאַציע; 2) די נאַציאָנאַליזירונג פון דעם גרויסן ערד-באַזיץ ווען עס זיינען ניטאָ קיין דירעקטע יאָרשים; 3) די נאַציאָנאַליזירונג פון די וועלדער, טייכן און אָזערעס״. די דאָזיקע פאָדערונגען ליידן מיט אַלע פעלערן פון אַ פּראָגראַם, וועלכע שטעלט אַרויס פאַר היינטיקן טאָג די פאָדערונג פון ערד-נאַציאָנאַליזאַציע אין ערשטן פּלאַן. קאַלזמאַן עס איז ניטאָ קיין פולע פּאָליטישע פרייהייט און קיין זעלבסט-הערשונג פון פאָלק, קאָלזמאַן עס איז ניטאָ קיין דעמאָקראַטישע רעפּובליק, איז נאָך צופרי און ניט צוועקמעסיק אַרויסצושטעלן די פאָדערונג פון נאַציאָנאַליזאַציע, ווייל נאַציאָנאַליזאַציע באַדייט איבערגאַנג אין די הענט פון דער מלוכע, און די איצטיקע מלוכע איז אַ פּאָליציייאישע און קלאַסן-מלוכע, די מאָרגנדיקע מלוכע וועט אַלנפאַלס זיין אַ קלאַסן-מלוכע. אַלס אַ לאָזונג אָבער, וועלכער פירט פאָרויס אין דער ריכטונג פון דעמאָקראַטיזאַציע, טויג דידאָזיקע פאָדערונג באַזונדערס ניט, ווייל זי טראָגט איבער דעם שווערפּונקט ניט אַף די באַציאונגען פון די פּויערים צו די פּריצים (די פּויערים נעמען די פּריצישע ערד), נאָר אַף די באַציאונגען פון די פּריצים צו דער מלוכע. אַזוי אַוועקשטעקן די פראַגע איז אין גרונד פאַלש פאַר אַזאַ מאָמענט, ווען די פּויערים קעמפן אַפן רעוואָלוציאָנערן אויפן פאַר ערד סאַי מיט די פּריצים, סאַי מיט דער מלוכע פון די פּריצים. רעוואָלוציאָנערע פּויערים-קאָמיטעטן צוליב דער קאָנפיסקאַציע, אַלס געווער פון דער קאָנפיסקאַציע—אָט איז דער איינציקער לאָזונג, וועלכער פּאַסט פאַר אַזאַ מאָמענט און וועלכער באַוועגט פאָרויס דעם קלאַסן-קאַמף מיט די פּריצים אין אַ ניט צערייסבאַרער פאַרבינדונג מיט דער רעוואָלוציאָנערער צעשטערונג פון דער פּריצישער מלוכע.

די איבעריקע פּונקטן פון דער אַגראַרער מינימום-פּראָגראַם אינם פּראָעקט פון פּ. פּ. ס. זיינען פאָלגנדע: „4) באַגרעניצונג פון אייגנטום-רעכט, אַף וויפיל דאָס ווערט אַ שטערונג פאַר אַלערליי אויסבעסערונגען פון דער לאַנד-אַרבעט (מעליאָראַציע), אויב דידאָזיקע אויסבעסערונגען וועלן אָנערקענט ווערן פאַר נויטיקע דורך דער מערהייט פון די פאַרינטערעסירטע;... 7) די נאַציאָנאַליזירונג פון דער ברויט פאַרזיכערונג אַקעגן סרייפעס און האַגל און פון דער פי-פאַרזיכערונג אַקעגן עפּיזאָאָטיעס; 8) אַ געזעצגעבערישע שטיצע מיצאַד דער מלוכע דער בילדונג פון ערד אַרבעטערשע אַרטעלן און קאָאָפּעראַציעס; 9) אַגראָנאָמישע שולן״.

דידאָזיקע פּונקטן זיינען אינגאַנצן אין דעם גייסט פון די סאָצ. רעוואָלוציאָנערן אָדער (דאָס איז אַלץ איינס) אינגאַנצן אין דעם גייסט פון בורזשוּ-

אַזן רעפאָרמיזם. קיין רעוואָלוציאָנערעס איז אין זיי גאָרנישט ניטאָ. זיי ווינען פארשטייט זיך, פראגרעסיוו, וועגן דעם קען קיין צוויי מיינונגען ניט זיין נאָר פראגרעסיוו אין די אינטערעסן פון די אייגנטימער. ארויסשטעלן זיי מי' צאַד אַ סאציאליסט הייסט נעמלעך כאנפּענען די אייגנטימערישע אינסטינקטן ארויסשטעלן זיי—דאָס איז דיזעלביקע זאַך, ווי פאָדערן מלוכע שטיצע פאַר טרעסטן, קארטעלן, סינדיקאַטן, פאַר געזעלשאַפטן פון אינדוסטריעלער, וועלכע זיינען ניט ווייניקער „פראגרעסיוו", ווי קאָאָפעראַציעס, סטראכירונג אוכעדוימע אין ערד-אַרבעט. דאָס אַלץ איז קאפיטאליסטישער פּראָגרעס. זאָרגן פאַר אים איז ניט אונזער זאַך, נאָר די זאַך פון די באַלעבאַטים, אונטערנעמער. דער פּראָלעטאַרישער סאָציאליזם, לעהייפעך פון דעם קליינבירגערלעכן, לאָזט אי-בער פאַר די גראפן דע-ראָקיני, פאַר די פּריצים—די זעמצעס א. ד.ג. די זארג וועגן די קאָאָפּעראַציעס פון די באַלעבאַטים און באַלעבאַטימלעך, און אַליין זאָרגט ער אינגאַנצן און אויסשליסלעך וועגן דער קאאפעראַציע פון די לוין-אַרבעטער צוליבן קאמף מיט די באלעבאַטים.

טוט איצט אַ קוק אַפן צווייטן טייל פון דער פּראגראם. זי באַשטייט פון איין פאָלגנדן פונקט: „די נאַציאנאליזירונג פון גרויסן ערד-באַזיץ דורך קאנפיסקאציע. די אַקער-ע־דן און די לאנקעס, וועלכע דאָס פאָלק וועט אַף אַזאַ אויפן באַקומען, דארפן פאנאנדערגעטיילט ווערן אַף כאלאקים (נאדיעלן) און איבערגעגעבן ווערן די ערדלאָזע און ערד-ארימע פויערים אין אַ לאנג-יאָריקער געזיכערטער ארענדע".

ניטאָ וואָס צו ריידן, אַ גוטע „באקרוינונג"! אַ פּאַרטיי, וועלכע רופט זיך אַן סאציאַליסטישע, לייגט פאַר אַלס „באקרוינונג און אינטעגרירונג פון די אגראר רעפאָרמען" גאָר ניט קיין סאציאליסטישע איינארדענונג פון דער געזעלשאַפט, נאָר אַ זינלאזע קליינבירגערלעכע אוטאפיע. מיר האָבן פאַר זיך דעם באשיימפּערלעכסטן מוסטער פון אַ פולשטענדיקער צונויפמישונג פון דער דעמאָקראטישער און סאָציאליסטישער איבערקערעניש, דאָס פולשטענדיקע ניט פארשטיין זייערע פארשיידנארטיקע צילן. דער איבערגאנג פון דער ערד פון די פּריצים צו די פויערים קען זיין—און איז אומעטום אין אייראָפּע געוועזן— אַ באַשטאנד-טייל פון דער דעמאָקראטישער איבערקערעניש, איינער פון די עטאפן פון דער בורזשואזער רעוואָלוציע, נאָר אנרופן אים באקרוינונג אָדער דערפירונג ביזן סאָף קענען נאָר בורזשואזע ראדיקאלן. דאָס איבערטיילן די ערד צווישן די אָדער יענע קאטעגאָריעס אייגנטימער, צווישן די אָדער יענע קלאַסן באלעבאַטים קען זיין גינסטיק און נויטיק צוליב די אינטערעסן פון זיג פון דער דעמאָקראטיע, צוליב די אינטערעסן פון דער פולשטענדיקער אויס-ווארצלונג פון יעדן שפּור פון לייבאייגנטום, צוליב אויפהויבן די לעבנס-מאד-רייגע פון די מאַסן, צוליב פארשנעלערן די אנטוויקלונג פון קאפּיטאַליזם א. אז. וו.,—די אנטשיידנסטע שטיצע פון אַזאַ מין מאסמיטל קען זיין אבליגאטא-ריש פארן סאציאליסטישן פּראָלעטאַריאט אין דער עפּאָכע פון דער דעמאָקראַ-טישער רעוואָלוציע, נאָר „באקרוינונג און דערפירן ביזן סאָף" קען זיין בלויז די סאָציאליסטישע, און ניט די קליין-פויערישע פּראָדוקציע. „פארזי-

כערן" די קליין-פויערישע אַרענדע בּאַ דעם פאַרבּלייבּן פון דער סכוירע-ווירט-שאַפט און קאַפּיטאַליזם, איז אַ רעאַקציאָנערע קליינבּירגערלעכע אוטאָפּיע און ניט מער.

מיר זעען איצט, אַז דער גרונט-פעלער פון פּ. ס. ס. איז ניט נאָר איר אַליין איינגנטימלעך, איז ניט קיין איינצל-פאַל, איז ניט צופעליק. ער דריקט אויס אין אַ קלאָרערער און בּוילעטערער פאָרם (איידער די באַרימטע „סאָציאַ-ליזאַציע" פון די ס. ר.-ן, וועלכע עס פאַרשטייען ניט די עסערן אַליין) דעם גרונט-פעלער פון דעם גאַנצן רוסישן פאָלקיזם, פון דעם גאַנצן רו-סישן בורזשואַזן ליבעראַליזם און ראַדיקאַליזם אין דער אַגראַר-פראַגע, איינ-שליסנדיק אויך יענעם ראַדיקאַליזם, וועלכער האָט געפונען זיין אויסדרוק אין די דעבּאַטן אַפן לעצטן (סענטיאַבּרישן) צוזאַמענפאָר פון די זעמצעס אין מאָסקווע.

דעמדאָזיקן גרונטפעלער קען מען אויסדריקן אַזוי:

אין דער שטעלונג פון די נאָענסטע אויפגאַבּן איז די פּראָגראַם פון פּ. ס. ס. ניט רעוואָלוציאָנער. אין אירע ענדע-צילן איז זי ניט סאָציאַליסטיש.

אָדער אַנדערש: דאָס ניט פאַרשטיין דעם אונטערשייד צווישן אַ דע-מאָקראַטישער און סאָציאַליסטישער איבּערקערעניש ברענגט דערצו, וואָס אין די דעמאָקראַטישע אויפגאַבּן ווערט ניט אויסגעדריקט זייער ווירקלעך-רעוואָ-לוציאָנערע זייט, און אין די סאָציאַליסטישע אויפגאַבּן ווערט אַריינגעטראָגן די גאַנצע אומקלאָרקייט פון דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער וועלט-אַנשויאונג. עס בּאַקומט זיך אַ לאָזונג, וועלכער איז פאַר אַ דעמאָקראַט ניט גענוג רע-וואָלוציאָנער, פאַר אַ סאָציאַליסט — אומפאַרצייַלעך געפּלאָנטערט.

פאַרקערט, די פּראָגראַם פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע באַפרידיקט אַלע פאָדערונגען סיי אין הינזיכט פון שטיצע דעם ווירקלעך-רעוואָלוציאָנערן דע-מאָקראַטיזם, סיי אין הינזיכט פון אַרויסשטעלן קלאָרע סאָציאַליסטישע צילן. אין דער איצטיקער פויערים-באַוועגונג זעען מיר דעם קאַמף מיטן לייב-אייגנטום, דעם קאַמף מיט די פּריצים און מיט דער פּריצישער מלוכע. דעמדאָזיקן קאַמף שטיצן מיר ביזן סאָף. צוליב אַזאַ מין שטיצע איז דער איינציקער לאָזונג: קאָנפיסקאַציע דורך רעוואָלוציאָנערע פויערים-קאָמיטעטן. וואָס זאָל זיין מיט דער קאָנפיסקירטער ערד, — דאָס איז אַ פראַגע פון דער צווייטער מאַדרייגע, דידאָזיקע פראַגע וועלן לייזן ניט מיר, נאָר די פויערים. בּאַ איר לייזונג וועט זיך גראָד אָנהייבּן אַ קאַמף צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע אין דעם פויערטום גופא. אָט פאַרוואָס, אָדער מיר לאָזן דידאָזיקע פראַגע אָפן (וואָס עס געפעלט אַזוי ניט די קליינבירגערלעכע פּראָזשעקטן-מאַכער), אָדער מיר גיבּן פון זיך נאָר אַן אָנווייזונג פון דעם אָנהויב פון וועג אין דער פאָרם פון אָפּנעמען די „אָטרעזקעס" (ווייניק דענקנדיקע מענטשן זעען אין דעם אַ שטערונג פאַר דער באַוועגונג, ניט קוקנדיק אַף די פּילצאָליקע דערקלערונגען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע).

קעדיי די אַגראַר-רעפאָרם, וועלכע איז אומפאַרמיידלעך אין היינטיקן

רוסלאַנד, זאָל שפּילן א רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע ראָל, איז פאַראַן נאָר איין מיטל: זי זאָל דורכגעפירט ווערן דורך דער רעוואָלוציאָנערער איניציאַטיוו פון די פויערים זעלבסט, אַקעגן די פּריצים און דער ביוראָקראַטיע, אַקעגן דער מלוכע, ד. ה. אַפן רעוואָלוציאָנערן אויפן. די ערגסטע פאַנאַנדערטיילונג פון דער ערד נאָך אַזא מין איבעראַנדערשונג, וועט זיין בעסער, איידער די איצטיקע פאַנאַנדערטיילונג פון אלע שטאַנדפּונקטן. און דעמדאָזיקן וועג ווייזן מיר אָן, שטעלנדיק אַלס אַ גרונטשטיין די פאָדערונג פון רעוואָלוציאָנערע פויערישע קאמיטעטן.

נאָר צוגלייך דערמיט זאָגן מיר דעם דאָרפישן פּראָלעטאַריאט: „דער ראַדיקאַלסטער זיג פון די פויערים, וועלכן דו דאַרפסט איצט העלפן מיט אלע קויכעס, וועט דיך ניט באַפרייען פון דיין דאַלעס. צוליב דעמדאָזיקן ציל איז דאָ נאר איין מיטל: דער זיג פון גאַנצן פּראָלעטאַריאט—סיי דעם אינדוסטריעלן, סאַי דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן—איבער דער גאנצער בורזשואַזיע, די איינאָרדענונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט”.

צוזאמען מיט די פויערים-באַלעבאַטים קעגן די פּריצים און דער פּריצישער מלוכע, צוזאַמען מיטן שטאָטישן פּראָלעטאריאַט קעגן דער גאנצער בורזשואזיע און אלע פויערים-באַלעבאטים. אָט איז דער לאָזונג פון דעם באַוואוסטזיניקן דאָרפישן פּראָלעטאַריאט. און אויב דעמדאָזיקן לאָזונג וועלן די באלעבאַטימלעך ניט גלייך אָנעמען אָדער זיי וועלן אים גאָרניט אָנעמען, וועט ער אָבער דערפאַר ווערן דער לאָזונג פון די אַרבעטער, ער וועט אומפאַרמיידלעך באַשטעטיקט ווערן דורך דער גאַנצער רעוואָלוציע, ער וועט אונז באַפרייען פון קליינבירגערלעכע אילוזיעס, ער וועט אונז קלאָר און דייטלעך אָנווייזן אונזער סאָציאליסטישן ציל.

„פראלעטארי” № 20

פון 27-טן סענטיאבר 1905 יאר.

# וואָס לערנען אונז די מאָסקווער געשעענישן

דער רעוואָלוציאָנערער אויפשטייג פון מאָסקווער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט זיך אַזוי בולט אויסגעדריקט אין פּאָליטישן שטרייק און גאַסן-קאַמף, האָט זיך נאָך ניט באַרואיקט. דער שטרייק ווערט פאָרגעזעצט. ער האָט זיך איבערגעוואָרפן טיילווייז אין פּעטערבורג, וואו עס שטרייקן די דרוקער אויס מיטגעפיל צו זייערע מאָסקווער כאַווירים. עס איז נאָך ניט באַוואוסט, צי וועט די דאָזיקע באַוועגונג אַנטשוויגן ווערן ביז דער קומענדיקער אויפברויז-כוואַליע אָדער זי וועט זיך אַף לענגער פאַרציען. נאָר אייניקע רעזולטאַטן פון די מאָסקווער געשעענישן, און דערצו נאָך זייער באַלערנדיקע, האָבן זיך שוין אַרויסגעוויזן. אַף די דאָזיקע רעזולטאַטן לוינט זיך אָפּצושטעלן.

אין אַלגעמיין און אינגאַנצן איז די באַוועגונג אין מאָסקווע ניט דערגאַנגען ביז צו אַן אַנטשיידענער שלאַכט פון די אַרבעטער מיט די קויכעס פון צאַריזם. דאָס זיינען געווען בלויז קליינע צוזאַמענשטויסן אַף די פּאָרפּאָסטן, טיילווייז, קען זיין, איז דאָס געווען אַ מיליטערישע דעמאָנסטראַציע אין בירגער-קריג, נאָר דאָס איז ניט געווען קיין איינע פון יענע שלאַכטן, וועלכע באַשטימען דעם אויסגאַנג פון קריג. פון די צוויי האַשאָרעס, וועלכע מיר האָבן אַרויסגעזאָגט מיט אַ וואָך צוריק, ווייזט זיך אַרויס פּאַר ריכטיק אָפּאַנים די ערשטע, נעמלעך, אַז מיר האָבן פּאַר זיך ניט דעם אָנהויב פון דער אַנטשיידענער אַטאַקע, נאָר בלויז איר רעפּעטיציע. נאָר די רעפּעטיציע האָט דאָך באַוויזן אַלע פּערזאָנען פון דער דראַמע אין זייער גאַנצן וואוקס, באַלייכטנדיק אַף אַזאַ אויפן דעם מעגלעכן — טיילווייז דעם אומפאַרמיידלעכן — גאַנג פון דער דראַמע.

דער אָנהויב פון די מאָסקווער געשעענישן איז געווען געשעענישן, אַפן ערשטן בליק, פון אַ ריין אַקאַדעמישן כאַראַקטער. די רעגירונג האָט געשענקט אַ טיילווייזע „אויטאָנאָמיע” אָדער אַ קלוימערשטע אויטאָנאָמיע די אוניווערסיטעטן. די הערן פּראָפעסאָרן האָבן באַקומען אַ זעלבסט-פאַרוואַלטונג. די סטודענטן האָבן באַקומען דאָס רעכט פון פאַרזאַמלונגען. אין דער אַלגעמיינער סיסטעם פון דעם זעלבסטהערשעריש-לייב-אייגנטימערישן יאָך איז דורכגעבראָכן געוואָרן, אַף אַזאַ אויפן, אַ קליינע לאָך. און אין דעמדאָזיקן לאָך האָבן זיך גלייך אַ לאָז געטאָן מיט אַן אומדערוואַרטן קויעך נייע רעוואָלוציאָנערע שטראָמען. אַ מאָן האַנאַכעלע, אַ פּיצל רעפאָרם, וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן מיטן ציל צו פאַרטעמפּן די פּאָליטישע ווידערשפּרוכן, און „שאָלעם צו מאַכן” צווישן די רויבער און באַרויבטע, האָט אין דערעמעכן אַרויסגערופן אַ קאָלאָסאַלע פאַרשאַרפונג פון קאַמף

און די פאַרברייטערונג פונם באַשטאַנד פון זיינע אָנטיילנעמער. אַף די סטו-
דענטישע פאַרזאַמלונגען האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אַרבעטער. עס האָבן זיך אָנ-
געהויבן באַקומען רעוואָלוציאָנערע פאָלקס-מיטינגען, אַף וועלכע עס איז אין
דער מערהייט געווען דער קלאַס, וועלכער גייט פאָרויס אין דעם קאַמף פאַר
פרייהייט — דער פראָלעטאַריאַט. די רעגירונג איז אַריין אין גרימצאָרן. די
„סאָלידע" ליבעראַלן, וועלכע האָבן באַקומען אַ פראָפעסאָרישע זעלבסטפאַר-
וואַלטונג, האָבן זיך אָנגעהויבן וואַרפן און ליפן פון די רעוואָלוציאָנערע סטו-
דענטן צו דער פאָליצייאישער נאַהאיקע-רעגירונג. די ליבעראַלן האָבן אויסגע-
נוצט די פרייהייט צוליב פאַראַטן די פרייהייט, צוליב איינהאַלטן די סטודענטן
פון פאַרברייטערן און פאַרשאַרפן דעם קאַמף, צוליב פריידיקן „אָרדענונג" —
פאַר די באַשיבוזוקן און שוואַרצע-מייעניקעס, די הערן טרעפאָוס און ראָמאַ-
נאָווס! די ליבעראַלן האָבן אויסגענוצט די זעלבסטפאַרוואָלטונג אַף צו פאַר-
וואַלטן מיט די איניאָנים פון די פאָלקס-הענקער, אַף צו פאַרמאַכן דעם אוני-
ווערסיטעט, דעמדאָזיקן קאָדשייקאָדשים פון דער דערלויבטער נאַהאַיקע-„וויסנ-
שאַפט", וועלכן עס האָבן מעטאַמע געמאַכט די סטודענטן, אַריינלאָזנדיק אַהין
דעם „נידערטרעכטיקן האַמוין", צוליב דער באַהאַנדלונג פון פראַגן, וועלכער
זייגען „ניט דערלויבט" דורך דער זעלבסטהערשערישער באַנדע. די זיך זעלבסט-
פאַרוואַלטנדיקע ליבעראַלן האָבן פאַראַטן דאָס פאָלק און האָבן געפעלשט אין
דער פרייהייט, ווייל זיי האָבן מוירע געהאַט פאַר אַ האַריגע אין אוניווערסי-
טעט. און זיי זייגען אויסגעצייכנט באַשטראָפט געוואָרן פאַר זייער נידערטרעכ-
טיקער פאַכדאָנעס. פאַרמאַכנדיק דעם רעוואָלוציאָנערן אוניווערסיטעט, האָבן זיי
אויפגעעפנט די גאַסן-רעוואָלוציע. קלאָגלעכע פעדאַנטן, זיי האָבן זיך שוין מע-
סאַמייעך געווען צוזאַמען מיט די מענואוואָלים גלאַזאָווס, 1) לעקאָיועד דעם,
וואָס זיי האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרלעשן די סרייפע אין דער שול. אין דע-
רעמעסן האָבן זיי נאָר פאַנאַנדערגעברענט אַ סרייפע אין אַ קאָלאָסאַלן אינ-
דוסטריע-צענטר. זיי האָבן פאַרווערט, דידאָזיקע קליינע מענטשעלעך — וואָס
גייען אים אַף שטאָלצעס, די אַרבעטער צו גיין צו די סטודענטן; האָבן זיי נאָר
געשטויסן די סטודענטן צו גיין צו די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער. זיי האָבן
געשאַצט אַלע פאָליטישע פראַגן פון דעם שטאַנדפונקט פון זייער קאַטוף, וועלכע
איז דורך און דורך דורכגעזאַפט מיט הונדערטיאָריקער קאַזיאָנשטשינע; זיי האָבן
געבעטן ראַכמים די סטודענטן זיי זאָלן שווינען דעמדאָזיקן קאַטוף. עס איז גע-
נוג געווען דאָס ערשטע פרישע ווינטל, די אַרויסטרעטונג פון דער פרייער און
יונגער רעוואָלוציאָנערער סטיכיע, — אַז אַלע זאָלן גאָר פאַרגעסן צו טראַכטן
אַפילע וועגן דעם קאַטוף, ווייל דאָס ווינטל האָט זיך געשטאַרקט, פאַרוואַנד-
לענדיק זיך אין אַ שטורם, וועלכער איז געווענדעט קעגן דעם הויפט-קוואַל פון
דער גאַנצער קאַזיאָנשטשינע און פון דעם גאַנצן איזדיעקוועץ זיך איבערן רו-
סישן פאָלק, — קעגן דער צאַרישער זעלבסטהערשונג. און איצטער אַפילע, ווען
די ערשטע געפאַר איז פאַריבער, ווען דער שטורם האָט זיך דייטלעך באַרואיקט,
ציטערן נאָך אַלץ פאַר מוירע די לאַקייען פון דער זעלבסטהערשונג, ווען זיי

1) דעמאָלטיקער בילדונגס-מיניסטער. איבערז.

דערמאָנען זיך נאָר וועגן דעם אָפּגרונט, וועלכער האָט זיך פאַר זיי געעפנט אין די בלוטיקע מאָסקווער טעג: „דערווייל איז דאָס נאָך ניט קיין סטרייפע, נאָר בליכאָפּעק אָן אונטערצינדונג“, מורמלט דער ה' מענשיקאָוו אין דער לאַקייאישער „נאָוואָיע ווריעמיאַ“ (פון 30-טן סענטיאַבר), — „דערווייל איז דאָס נאָך ניט קיין רעוואָלוציע... נאָר שוין אַ פאָרשפּיל צו אַ רעוואָלוציע“. „זי גייט“ האָב איך (ה' מענשיקאָוו) דערוויזן אין אַפּרעל, און פון יענער צייט אָן — וואָס פאַר שרעקלעכע טריט „זי“ האָט געמאַכט!“... די פאָלקס-סטיכיע האָט אויפגעברויזט ביז איר טיפסטן אָפּגרונט“...

יע, אין אַ גוטע קלעם זיינען אַריינגעפאַלן די טרעפּאָווס און ראָמאַנאָווס צוזאַמען מיט די פאַרעטערישע ליבעראַלע בורזשואַ. זאָלסטו עפענען דעם אוניווערסיטעט — וועסטו געבן אַ טריבונע פאַר רעוואָלוציאָנערע פאָלקס-פאַרזאַמלונגען, וועסטו נאָר אַ גרויסע טויווע טאָן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. זאָלסטו פאַרמאַכן דעם אוניווערסיטעט — וועסטו עפענען דעם גאַסן-קאַמף. וואַרפן זיך, קריצנדיק מיט די ציין, אונזערע בייטש-העלדן: זיי עפענען ווידער אויף דעם מאָסקווער אוניווערסיטעט, זיי מאַכן אָן אָנשטעל, אז זיי וועלן דערלויבן די סטודענטן אליין צו היטן די אָרדענונג בעשאַס די גאַסן-פּראָצעסיעס, זיי קוקן דורך די פינגער אף דער רעוואָלוציאָנערער זעלבסטפאַרוואלטונג פון די סטודענטן, וועלכע פאָרמירן אויס די פאַנאַנדערטיילונג אף פּאַרטייען ס.-ד., ס.-ר. און אז, וו. דורך אַ גענויער פּאָליטישער פאָרשטייערשאַפט אין דעם סטודענטישן „פּארלאמענט“ (און וועלכע, מיר זיינען איבערצייגט, וועלן זיך ניט באַגרעניצן מיט דער רעוואָלוציאָנערער זעלבסטפאַרוואלטונג און וועלן זיך פאַרנעמען טייקעף און ערנסט מיט דער אָרגאַניזירונג און באַוואפענונג פון מאַכנעס פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי). און צוזאַמען מיט טרעפּאָוון וואַרפן זיך אויך די ליבעראַלע פּראָפעסאָרן: היינט טוען זיי זיך אַ לאָז איינריידן די סטודענטן, אז זיי זאָלן באַשיידענער זיין, מאָרגן ריידן זיי איין די נאַהאַיקע-לייט, אז זיי זאָלן מילדער זיין. דאָס, וואָס די און יענע וואַרפן זיך אזוי, שאַפט אונז נאָר פאַרגעניגן: הייסט עס, אז גוט בלאָזט דאָס רעוואָלוציאָנערע ווינטל, אויב די פּאָליטישע קאָמאַנדירן און די פּאָליטישע איבערלויפער שפּרינגען אונטער אזוי הויך אף דער אויבערשטער שיף-דעק.

נאָר אויסער גרויסע שטאָלץ און גרויסע פאַרגעניגן, דאַרפן נאָך ווירקלעכע רעוואָלוציאָנערן שעפּן פון די מאָסקווער געשעענישן עטוואָס גרעסערס: זיי דאַרפן זיך קלאָר מאַכן, וואָס פאַר אַ סאָציאַלע קרעפטן ווירקן אין דער רוסישער רעוואָלוציע און אף וואָס, נעמלעך, פאַר אַן אויפן זיי ווירקן, — זיי דאַרפן באַקומען אַ גענויע פאָרשטעלונג וועגן די ווירקונגס-פאָרמען פון די דאָזיקע קרעפטן.

שטעלט זיך פאַר דעם פּאָליטישן סיידער פון די מאסקווער געשעענישן, און איר וועט דערזעען אַ מערקווירדיק טיפּיש און אין קלאסן-הינזיכט כאַראַקטעריש בילד פון דער גאנצער רעוואָלוציע. אָט איז דער סיידער: עס ב'רעכט זיך דורך אַ קליינע לאָך אין דער אַלטער אָרדענונג; די רעגירונג פאַריכט די לאָך מיט אַ לאַטע פון האַנאָכעלעך, אָפּנאַרערישע „רעפאָרמען“ און ד. גל.

אָנשטאָט באַרואיקונג באַקומט זיך אַ נייע פאַרשאַרפונג און פאַרברייטערונג פון קאַמף; די ליבעראַלע בורזשואזיע וואַקלט זיך און וואַרפט זיך, אָפרייידנדיק די רעוואָלוציאָנערן פון רעוואָלוציע און די פּאָליציי-לייט פון רעאַקציע; דאָס רעוואָלוציאָנערע פאָלק מיטן פּראָלעטאַריאַט אין דער שפּיץ גייט ארויס אַף דער בינע. און דער אָפענער קאמף שאַפט אַ נייע פּאָליטישע סיטואציע; אַף דעם אויסגעקעמפטן העכערן און ברייטערן קאַמפּס-פעלד ברעכט זיך ווידער דורך אין דעם סוינעס באפעסטיקונגען אַ נייע לאָך, און די באַוועגונג הויבט זיך מיטן זעלביקן וועג אַרץ העכער און העכער. פאַר אונז קומט פאר איבער דער גאנצער ליניע אַ רעגירונגס-צוריקטריט—האָט מיט רעכט באַמערקט ניט לאַנג די "Московские Ведомости" און איין ליבעראַלע צייטונג האָט ניט אָן שאַרפזין צוגעגעבן: אַ צוריקטריט מיט אַן אריערגאַרד געפעכט. דער פעטערבורגער קאָרעספּאָנדענט פון דער ליבעראַלער בערלינער צייטונג: „Vossische Zeitung“ האָט טעלעגראַפירט דעם 3-טן (16-טן) אָקטיאָבר וועגן זיין שמועס מיטן שעף פון טרעפּאָווס קאַנצעלאַריע: „פון דער רעגירונג—האָט געזאָגט דעם קאָרעספּאָנדענט די פּאָליצייאישע מויז - איז ניטאָ וואָס צו וואַרטן קיין דורכפירונג פון א וועלכן ניט קאָנסעקווענטן פּלאַן, ווייל יעדער טאָג ברענגט מיט זיך אַזעלכע געשעענישן, וועלכע מע האָט ניט געקאָנט פאָרויסזען. די רעגירונג איז געצוואונגען צו לאַווירן; מיט געוואַלט וועסטו ניט דערשטיקן די איצטיקע באַוועגונג, וועלכע קען זיך פאַרציען אי צוויי כאַדאָשים, אי צוויי יאָר".

יאָ, די טאַקטיק פון דער רעגירונג איז פולקום קלאָר געוואָרן. אָן אַ ספק, זי לאַווירט און טרעט אָפּ מיט אַריערגאַרד-געפעכטן. און דאָס איז זייער אַ ריכטיקע טאַקטיק פון שטאַנדפּונקט פון די אינטערעסן פון דער זעלבסטהערשונג: עס וואָלט געווען דער גרעכטער פעלער, א פאטאלע אילוזיע מיצאַד די רעוואָלוציאָנערן, ווען זיי וואָלטן פאַרגעסן, אז די רעגירונג קען ג‎ְךְ זייער און זייער לאַנג אָפּטרעטן, ניט פארלירנדיק דאָס וויכטיקסטע. דער ביישפיל פון דער ניט פאַרענדיקטער, אַנדרייגענישער האַלב רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד פון 1848-טן יאָר (אַ ביישפיל צו וועלכן מיר וועלן זיך נאָך אומקערן אין פאָלגנדיקן נומער „פּראָלעטאַרי" און וועגן וועלכן מיר וועלן קיינמאָל ניט מיד ווערן צו דערמאָנען),—באַווייזט, אַז צוריקטרעטנדיק אַפילע ביז צונויפרופן פון דער גרינדו‎ִגס-(אַף ווערטער) פארזאמלונג, וועט נאָך די רעגירונג איינהיטן גענוג קרעפטן צוליב דעם ניצאָכן איבער דער רעוואָלוציע אין דעם לעצטן אַנטשיידענעם שלאַכט. אָט פאַרוואָס מיר דאַרפן, ווען מיר שטודירן די מאָסקווער געשעענישן, דאָסדאָזיקע לעצטע געפעכט אין דער לאַנגער ריי געפעכטן פון אונזער בירגער-קריג, ניכטער קוקן אַף דער אַנטוויקלונג פון די געשעענישן, אָט פאַר וואָס מיר דארפן זיך גרייטן מיט דער גרעסטער ענערגיע און מיט דער גרעסטער האַרטנעקיקייט צו אַ לאנגן שרעקלעכן קריג, אָט פאַרוואָס מיר דארפן זיך היטן פון יענע פארבינדעטע, וועלכע זיינען שוין פאַרבינדעטע איבערלויפער, ווען עס איז נאָך לאַכלוטן גארניט דערקעמפט, ווען בא דעם סוינע איז נאָך פאראן אַ קאלאסאלער

פלאץ פאַר ווייטערדיקע, גינסטיקע און אומגעפערלעכע צוריקטרעטונגען, ווען עס גייען אלץ ערנסטערע שלאכטן,—דאן קען דאָס פארטרויען צו אזעלכע פאַ־בינדעטע, די פּרואוון צו שליסן מיט זיי אן אָפּמאך אָדער פּאָשעט צו שטיצן זיי אף געוויסע באדינגונגען, זיך ארויסווייזן ניט נאָר פאר א נארישקייט, נאָר אפילע פאר א פאראט פון דעם פּראָלעטאריאט.

אין דער עמעסן, איז דען צופעליק די אויפירונג פון די ליבעראלע פּראָפעסאָרן פאַר די מאָסקוער געשעעניש און בעשאס די געשעענישן? איז דאָס אן אויסנאַם אָדער א רעגל פאר דער גאנצער ק.-ד.-טישער פּאַרטיי? דריקט אויס דידאָזיקע אויפירונג טיילווייזע באזונדערהייטן פון דער געגעבענער גרופּע ליבעראלע בורזשואזיע, אָדער דריקט זי אויס די גרונט-אינטערעסן פון דעם גאנצן קלאס אין אלגעמיין און אינגאנצן? צווישן סאָציאַליסטן קען ניט זיין קיין צוויי מיינונגען אין דידאָזיקע פראגן, נאָר ניט אלע סאָציאַליסטן קענען קאָנסעקוועגט דורכפירן אווירקלעך סאָציאליסטישע טאקטיק.

קעדיי קלאָרער פאָרצושטעלן זיך דעם טאָך פון דער זאַך, לאָמיר נעמען די ליבעראלע טאַקטיק, ווי עס ריידן וועגן איר די ליבעראַלן אליין. אף די זייטן פון דער רוסישער פּרעסע פאַרמיידן זיי צו ריידן דירעקט קעגן די ס.-ד. און אַפילע דירעקט וועגן די ס.-ד. נאָר אָט איז אַ אינטערעסאַנטע מיטיילונג פון דער בערלינער „פאָסישע צייטונג“, וועלכע דריקט אויס, בליסאָפּעק, מער אָפן די אנשויאונגען פון די ליבעראַלן:

„די סטודענטישע אומאָרדענונגען האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן סאַי אין פּעטערבורג, סאַי אין מאָסקווע זייער שטורמיש פון סאַמע אָנהויב פון לערניאָר, ניט קוקנדיק אף דער געשענקטער, — עמעס, זייער שפּעט,—אווטאָנאָמיע פאר די אוניווערסיטעטן און הויכשולן. אין מאָסקווע ווערן זיי נאָך, כוץ דעם, באַגלייט מיט אַ ברייטער אַרבעטער-באַוועגונג. דידאָזיקע אומאָרדענונגען ווייזן אָן אף אן אָנהויב פון א נייער פאַזע אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג. דער גאַנג פון די סטודענטישע פאַרזאמלונגען און זייערע רעזאָלוציעס באַווייזן, אַז די סטודענטשאַפט האָט אָנגענומען דעם פּאַראָל פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פירער: פאַרוואנדלען די אוניווערסיטעטן אין ערטער פאר פאָלקס-פארזאַמלונגען און אף אַזאַ אויפן טראָגן די רעוואָלוציע אין די ברייטסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. ווי דערדאָזיקער פּאַראל ווערט פאַרווירקלעכט, האָבן שוין באַווייזן די מאָסקווער סטודענטן. זיי האָבן איינגעלאַדן אין דער געביידע פון אוניווערסיטעט אַרבעטער און אַנדערע פערזאָנען, וועלכע האָבן קיין שום שאיכעס ניט צום אוניווערסיטעט, און דערצו נאָך אין אַזאַ צאָל, אז די סטודענטן אַליין זיינען געבליבן אין דער מינדערהייט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אזא דערשיינונג קען לאַנג ניט דויערן באַ די עקזיסטירנדיקע באַרינגונגען. די רעגירונג וועט בעסער פארמאכן די אוניווערסיטעטן, איידער צו ליידן אזעלכע פאַרזאמלונגען. דאָס איז אף אזוי פיל קלאָר, אז אפן ערשטן בליק ווייזט זיך אויס פאַר אומפארשטענדלעך, ווי האבן דאָס געקענט די סאָציאל-דעמאָקראַטישע פירער געבן אַזא פּאראָל. זיי האָבן אויסגעצייכנט געוואוסט צו וואָס דאָס וועט ברענגען; זיי האָבן טאַקע דערצו געשטרעבט,

אַז די רעגירונג זאָל פאַרמאַכן די אוניווערסיטעטן. און צוליב וואס? פּאָשעט דערפאַר, ווייל זיי שטרעבן מיט אלע קויכעס צו שטערן דער ליבעראלער באוועגונג. זיי פאַרשטייען, אַז זיי זיינען ניט בעקויעך מיט די אייגענע קויכעס דורכצופירן אַ גרויסע פּאָליטישע אַקציע; דעריבער זאָלן די ראַדיקאַלן און די ליבעראלן אויך ניט וואַגן גאָרנישט צו טאָן, ווייל דאָס, זעט איר, וועט נאָר שאָדן דעם סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט. ער דאַרף זיך אַליין דערקעמפן זיינע רעכט. די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע קען זייער שטאָלץ זיין מיט איר אומבויגזאמער טאַקטיק, נאָר פאַר יעדן ניט פאַראינטערעסירטן צוזעער דאַרף זי זיך אויסווייזן פאַר א העכסט קורצזיכטיקע; עס איז א סאָפעק, צי וועט זי ברענגען די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע צו ניצכוינעס. עס איז אינגאנצן אומפאַרשטענדלעך, וואָס וועט זי אויסגעווינען פון דעם, וואָס די אוניווערסיטעטן וועלן פאַרמאַכט ווערן, און דאָס איז אומפאַרמיידלעך בא דער ווייטערדיקער פאָרזעצונג פין אזא טאַקטיק. די פאָרזעצונג פון די לימודים אין די אוניווערסיטעטן און הויכשולן איז אָבער העכסט וויכטיק פאַר אלע פּאַרטייען פון פּראָגרעס. די לאַנגדויערנדיקע שטרייקן פון די סטודענטן און פּראָפעסאָרן האָבן שוין געבראַכט דער רוסישער קולטור א שווערן שאָדן. באַנייען די אקאַדעמישע אַרבעטן איז העכסט נויטיק. די אווטאָנאָמיע האָט מעגלעך געמאַכט פאַר די פּראָפעסאָרן דאָס פרייע דורכפירן פון זייערע לימודים. דעריבער זיינען איינשטימיק די פּראָפעסאָרן פון אלע אוניווערסיטעטן און הויכשולן אין דעם, אַז עס איז נויטיק ווידער צו נעמען זיך פאַר דער לערע. זיי באַנוצן זייער גאַנצע אויפמערקזאמקייט אַף צו באַוועגן די סטודענטן אָפּצוזאָגן זיך פון דורכפירן דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פּאַראָל".

הייסט דאָס, דער קאַמף צווישן דעם בורזשואַזן ליבעראַליזם (ק.-ד.) און דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, איז דייטלעך קלאָר. שטערט ניט דער ליבעראַלער באַוועגונג! אָט איז דער לאָזונג, וועלכער איז אויסגעצייכנט אויסגעדריקט אין דעם ציטירטן אַרטיקל. און אין וואָס באַשטייט דידאָזיקע ליבעראַלע באַוועגונג? — אין קריכן צוריק, ווייל מיט דער פרייהייט פון אוניווערסיטעט באַנוצן זיך און וועלן זיך באַנוצן די פּראָפעסאָרן ניט צוליב רעוואָלוציאָנערער נאָר צוליב אַנטירעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע, ניט צוליב פאַנאַנדערברענען די סרייפע, נאָר צוליב לעשן זי, ניט צוליב פאַרברייטערן דאס קאַמפס-פעלד, נאָר צוליב אָפּציען פון אַנטשיידענעם קאַמף אַף דער זייט פון פרידלעכער מיטאַרבעט מיט טרעפּאָוון. די „ליבעראַלע באַוועגונג" איז באַ דער פאַרשאַרפונג פון קאַמף (מיר האבן דאס געזעען אין דערעמעסן) געוואָרן אַ איבערלויפעניש פון רעוואָלוציאָנערן צו די רעאַקציאָנערן. די ליבעראַלן ברענגען אונז, פאַרשטייט זיך, אַ געוויסן נוץ, אַף וויפל זיי טראָגן אַריין וואַקלונגען אין די רייען פון די טרעפּאָווס אין פון די אַנדערע ראָמאַנאָווס דינער. דער נוץ אָבער וועט ניט איבערגעוואויגן ווערן פון דעם שאָדן, וועלכער דריקט זיך אויס אין די וואַקלונגען, וועלכע זיי טראָגן אַריין אין אונזערע רייען, נאָר דאַן, אויב מיר וועלן זיך קאַטעגאָריש אָפּגרעניצן פון די ק.-ד. און וועלן אום-

בעראַכמאָנעסדיק פאַרורטיילן יעדן ניט פעסטן שריט זייערן. וויסנדיק אָדער
עפשער פילנדיק זייער הערשאַפט אין דער איצטיקערווירטשאפטלעכער אָר-
דענונג, שטרעבן די ליבעראַלן צו זיין די האַרן אויך אין דער רעוואָלוציע,
אָנרופנדיק יעדע פאָרזעצונג, פאַרברייטערונג און פארשארפונג פון דער רעוואָ-
לוציע איבער די גרעניצן פון געוויינלעכסטן לאַטעווען פאר א „שטערונג"
דער ליבעראַלער באוועגונג. אויס מוירע פאַרן שיקזאַל פון דער קלוימערש-
טער אוניווערסיטעטישער פרייהייט, וועלכע איז דערלויבט פון טרעפאָוון, קעמפן
זיי היינט מיט דער רעוואָלוציאָנערער פרייהייט. ציטערנדיק איבער דער לע-
גאלער „פרייהייט פון פארזאמלונגען", וועלכע עס וועט מאָרגן געבן די רע-
גירונג אין אַ פאָליצייאיש צוקאַליעטשעטער פאָרם, וועלן זיי היינט אָפהאַלטן
אונז פון אויסנוצן דידאָזיקע פאַרזאמלונגען צוליב ווירקלעך פראָלעטארי-
שע צילן. אויס מוירע פאַרן שיקזאַל פון דער מלוכע-דומע, האבן זיי שוין
ארויסגעוויזן אַ קלוגע מעסיקייט אַפן סענטיאַבר צוזאמענפאָר און ווייזן זי
אַרויס איצט, מילכאָמע האלטנדיק מיט דער באָיקאָט-אידייע: שטערט דאָך אונז
ניט, הייסט דאס, ערנסט צו אַרבעטן אין דער מלוכע-דומע!

מע דאַרף זיך מוידע זיין, צו דער שאַנד פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע,
אַז עס האָבן זיך געפונען צווישן איר אָפּאָרטוניסטן, וועלכע האָבן זיך געלאָזן
פאַרפירן אַ־אַנק דער דאָקטרינערישער-לעבנסלאָזער פאַרקריפלונג פון מאַרקסיזם!
די רעוואָלוציע איז אַ בורזשואַזע, אורטיילן זיי, איז דעריבער... דעריבער
דאַרף מען קריכן צוריק אַף וויפל די בורזשואַזיע האָט דערפאָלג אין באקומען
האַנאָכעס פונם צאַריזם. אויב די נייַ-איסקריסטן זעען ניט ביז איצט די רעאַלע
באַדייטונג פון דער מלוכע-דומע, איז דאָס דערפאר, וואס, קריכנדיק צוריק,
באַמערקן זיי ניט נאַטירלעך, ווי די קאָנסטיטוציאָנאַליסטן דעמאָקראַטן קריכן
צוריק. און אַז די נייַ-איסקריסטן האָבן זיך שוין אַ רוק געטאָן צוריק פאר
דער צייט, זינט עס איז אַרויסגעגעבן דאָס געזעץ וועגן דער מלוכע-דומע,
דאס איז אַן אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט. ביז דער מלוכע-דומע האָבן זיי ניט
געטראַכט ארויסצושטעלן אַפן טאָג-סיידער די פראגע וועגן אַן אויסגלייך מיט
די ק.-דעטן. נאָך דער מלוכע-דומע האבן זיי אַרויסגערוקט (פארוואוס, טשערע-
וואנין און מאַרטאָוו) דידאָזיקע פראַגע און ניט בלויז אין אַ טעאָרעטישער,
נאָר אין אַן אומיטלבאַר פראַקטישער פאָרם. ביז דער מלוכע-דומע פלעגן זיי
אַרויסשטעלן גאנץ שטרענגע פאָדערונגען צו די דעמאָקראטן (איינשליסנדיק
דאס מיטהעלפן באוואָפעגען דעם פאָלק א.א.וו.). נאָך דער מלוכע-דומע האָבן
זיי מיטאַמאָל אַראָפגעלאָזן פון די באַדינגונגען, באַנוגענענדיק זיך מיט דער
האַווטאָכע צו פארוואנדלען די שווארצמייאישע אָדער די ליבעראלע דומע אין
אַ רעוואָלוציאָנערע. ביז דער מלוכע-דומע האבן זיי אין זייער אָפיציעלער רע-
זאָלוציע אַף דער פראגע וועגן דעם, ווער דאַרף צונויפרופן די אַלפאָלקישע
גרינדונגס-פארזאמלונג, געענטפערט: אָדער די צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע
רעגירונג אָדער איינע פון די פאַרטרעטונגס-איינריכטונגען. נאָך דער מלוכע-
דומע האָבן זיי אויסגעמעקט די צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג און זיי
זאָגן: אָדער די דעמאָקראַטישע (ווי לעמאָשל די ק.-ד.?) אָרגאַניזאַציעס פון

פאָלק (?), אָדער... אָדער די מלוכע-דומע. מיר זעען אַף אַזאַ אופן אין דער טאַט, ווי די נײַ-איסקריסטן באַנוצן זיך מיט זייער פּראַקטפילן פּרינציפּ: די רעוואָלוציע איז אַ בורזשואַזע — זעט זשע, כאַווײַרים, אַז די בורזשואַזיע זאָל זיך כאָלילע ניט אָפּטרײַסלען!

די מאָסקווער געשעענישן, באַווײַזנדיק דעם ערשטן מאָל נאָך דער מלוכע-דומע, באַ וואָס פאַר אַ טאַקטיק האַלטן זיך די קאַדעטן אין דערעמעסן אין ערנסטע פּאָליטישע מאָמענטן, האבן אויך באַוויזן, אַז דער אָפּאָרטוניסטישער עק פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וועלכן מיר האבן געשילדערט, פאַרוואַנדלט זיך אומפאַרמײַדלעך אין אַ פּאָשעטן צוגאָב-עקל (אַ מעשאָרעס) פון דער בורזשואַזיע. מיר האָבן נאָר וואָס געזאָגט: די שוואַרצמײַעדיקע אָדער ליבעראַלע מלוכע-דומע. אַן איסקריסט וואָלטן זיך דידאָזיקע ווערטער אויסגעגעבן פאַר מעשונעדיקץ, ווײַל ער האַלט פאַר זייער וויכטיק די נאַזקעמינע צווישן אַ שוואַרצמײַעדיקער און ליבעראַלער מלוכע-דומע. נאָר גראַד מאָסקווער געשעענישן האבן טאַקע דעמאַסקירט די פאַלשקייט פון דערדאָזיקער „פּאַרלאַמענטאַרישער" אידייע, וועלכע איז ניט צום אָרט אַרויסגעשטעלט געוואָרן אין דער פאָרפּאַרלאַמענטישער עפּאָכע. גראַד די מאָסקווער געשעענישן האָבן טאַקע באַוויזן, אַז דער ליבעראַלער איבערלויפער האָט אויסגעפירט טרעפּאָווס ראָל. דאָס פאַרמאַכן פון אוניווערסיטעט, וואָס עס וואָלט נעכטן דעקרעטירט טרעפּאָוו, האָבן הײַנט דורכגעפירט די ה"ה מאַנואילאָוו און טרובעצקאָי. איז דען ניט קלאָר, אַז אויך די „דומע"-ליבעראַלן וועלן זיך וואַרפן צווישן טרעפּאָוון און די ראָמאַנאָווס, פון איין זײַט, און דעם רעוואָלוציאָנערן פאָלק פון דער אַנדערער זײַט? איז דען ניט קלאָר, אַז די קלענסטע שטיצע פאַר די ליבעראַלע איבערלויפער איז אַ זאַך, אַף וועלכער עס זײַנען מעשוגל נאָר פּאָליטישע פּראָסטאָקעס?

שטיצן אין אַ פּאַרלאַמענטאַרישער סיסטעם אַ מער ליבעראַלער פּאַרטיי קעגן אַ ווייניקער ליבעראַלע איז אָפּט נויטיק. שטיצן אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר אַ פּאַרלאַמענטישער אָרדענונג ליבעראַלן-איבערלויפער, וועלכע „פאַרײַנבאַרן" טרעפּאָוון מיט דער רעוואָלוציע, דאָס איז אַ פאַראַט.

די געשעענישן אין מאָסקווע האָבן אין דער טאַט באַוויזן יענע גרופּירונג פון די סאָציאַלע קויכעס. וועגן וועלכער עס האָט אַזוי פיל מאָל גערעדט שוין דער „פּראָלעטאַרי": דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט און דער אַוואַנגאַרד-טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע האָבן געפירט אַ קאַמף. די ליבעראַל מאָנאַרכיסטישע בורזשואַזיע האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען. לערנט זיך, כאַווײַרים אַרבעטער, לערנט אויפמערקזאַמער די לעקציעס פון די מאָסקווער געשעענישן. אָט אַזוי נעמלעך, אומבאַדינגט אַזוי, וועט דאָס גיין אין דער גאַנצער רוסישער רעוואָלוציע. מיר דאַרפן זיך פעסטער פאַרײַניקן אין אַ ווירקלעך סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע דריקט אויס באַוואוסטזיניק די אינטערעסן פון אַרבעטער-קלאַס און וועלכע שלעפּט זיך ניט נאָך סטיכייִיש נאָך דער מאַסע. אין קאַמף דאַרפן מיר אויסרעכענען נאָר

אַף דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, נאָר מיט איר אַליין דערלאָזן אָפּ-
מאַכונגען. נאָר אַפן קאמפּס-פעלד קעגן די טרעפּאָווס און ראָמאַנאָווס פאַר-
ווירקלעכן דידאָזיקע אָפּמאַכונגען. מיר דארפן מיט אלע קויכעס שטרעבן דער-
צו, אַז כוץ דער פאָרגעשריטענער מאַכנע פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָ-
קראַטיע — דער סטודענטנשאפט — זאָלן מיר אויפהויבן די ברייטע פאָלקס-מאַסע,
די באוועגונג פון וועלכער איז ניט נאָר קיין דעמאָקראַטישע בּיכלאל (איצט
רופט זיך יעדער איבערלויפער פאר א דעמאָקראַט), נאָר א ווירקלעך רעוואָלו-
ציאָנערע באוועגונג, נעמלעך די פויערים-מאַסע. מיר דארפן געדענקען, אַז די
ליבעראַלן און די קאַדעטן, אַריינברענגענדיק וואַקלונגען אין די רייען פון די
זעלבסטהערשונגס-לייט, וועלן אומפּארמיידלעך שטרעבן מיט יעדן טריט זייערן
אריינצוטראָגן וואקלונגען אויך אין אונזערע רייען. אַן ערנסטע באַדייטונג, אַן
אַנטשיידענע באַדייטונג וועט באקומען נאָר דער אָפענער רעוואָלוציאָנערער
קאמף, וועלכער ווארפט אָפּ אין מיסט-קאסטן אלע ליבעראלע היגער-שטאַלן און
אלע ליבעראלע דומעס. גרייט זשע זיך, ניט פארלירנדיק קיין מינוט, צו נייע
און נייע שלאכטן! באַוואָפנט זיך מיט וואָס ווער עס קאָן, שטעלט צוזאמען
טייקעף אַ מאכנע קעמפער, וועלכע זיינען גרייט מיט מעסירעס-נעפעש צו
קעמפן קעגן דער פארשאָלטענער זעלבסטהערשונג, געדענקט, אַז מאָרגן אָדער
איבערמאָרגן וועלן אייך די געשעענישן יעדנפאלס און אומפּארמיידלעך ארויס-
רופן אַף אַן אויפשטאנד, און דאָ האנדלט עס זיך נאָר וועגן דעם, צי וועט
איר קענען ארויסטרעטן גרייט און פאראייניקט אָדער פארלאָרן און צעשפּלי-
טערט!

די מאָסקווער געשעענישן האבן נאָכאַמאָל און צום הונדערטסטן מאָל
באוויזן, ווי אומגערעכט עס זיינען די שוואכגלויביקע. זיי האבן באוויזן, אַז
מיר זיינען נאָך נויטע ניט צו דערשאַצן די רעוואָלוציאָנערע אקטיוקייט
פון די מאַסן. זיי וועלן איבערצייגן אַסאַך פון יענע, וועלכע האָבן אָנגעהויבן
שוין צו וואַקלען זיך, וועלכע האבן פארלארן די עמונע אין אַן אויפשטאנד
נאָך דעם, ווי עס איז פרידן געשלאָסן געוואָרן און געשענקט געוואָרן אַ דומע.
ביין, דער אויפשטאנד וואקסט און שטארקט זיך מיט אַן אומגעהויערער שנעל-
קייט גראד איצטער. זאָל דאָך געפינען אונז אַלע אַפן פּאָסט דער קומענדיקער
אויפרייס, אין פארגלייך מיט וועלכן עס וועלן זיך ארויסווייזן פאר אַ
שפּילצייג דער ניינטער יאנוואר און די אומפארגעסלעכע אָדעסער טעג!

„פראלעטארי" נומ. 22
פון 11-טן אָקטיאָבער 1905-טן יאָר.

# דער ערשטער זיג פון דער רעוואלוציע.

מאָנטיק, שפעט אין אָווגט, האָט דער טעלעגראַף געבראַכט אין אייראָפּע די יעדיע וועגן צאַרישן מאַניפעסט פון 17-טן אָקטיאבער. „דאָס פאָלק האָט געזיגט. דער צאר האָט קאפּיטולירט. די זעלבסטהערשונג האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן״—האָט מוידיע געווען דער קארעספּאָנדענט פון „Times״. אנדערש האָבן זיך אויסגעדריקט די ווייטע פריינט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וועלכע האָבן צוגעשיקט פון באלטימארע (צאָפן-אַמעריקע) אַ טעלעגראַם אין „פּראָלעטאַרי״: „מיר באַגריסן מיטן ערשטן גרויסן ניצאָכן פון דער רוסישער רעוואָלוציע״.

דידאָזיקע לעצטע אפּשאַצונג פון די געשעעניש זיינען, בליסאָפּעק, באַדייטנד ריכטיקער. מיר האָבן דאָס פולע רעכט צו טריאומפירן. די האנאכע פון דעם צאר איז ווירקלעך אַ קאלאסאלער ניצאָכן פון דער רעוואָלוציע, נאָר דערדאָזיקער זיג לייזט נאָך אינגאַנצן ניט דעם שיקזאַל פון דער פרייהייטס-זאַך. דער צאר האָט נאָך ווייט ניט קאפּיטולירט. די זעלבסטהערשונג האָט נאָך גאָר ניט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. זי איז נאָר צוריקגעטראָטן, לאָזנדיק פאַרן סוינע דעם שלאַכט-פעלד, זי איז צוריקגעטראָטן אין אַ העכסט וויכטיקן שלאַכט, נאָר זי איז נאָך ווייט ניט צעשמעטערט, זי קלייבט נאָך צונויף אירע קרעפטן און פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן פאלק בלייבט נאָך צו לייזן אַסאַך ערנסטע שלאַכט-פּראָבלעמען, אום צו דערפירן די רעוואָלוציע ביז אַ ווירקלעכן און פולקומען זיג.

דער טאָג פון דעם 17-טן אקטיאבער וועט בלייבן אין דער געשיכטע, אַלס איינער פון די גרויסע טעג פון דער רוסישער רעוואָלוציע. דער אַלפאלקישער שטרייק, וועלכן די וועלט האָט נאָך ניט געזעען, האָט דערגרייכט זיין אפּאגייע די מעכטיקע האַנט פון פּראָלעטאַריאַט, וועלכע האָט זיך אויפגעהויבן אין ענטוזיאזם פון העלדישער סאלידאריטעט אין אַלע עקן פון רוסלאַנד, האָט אפּגעשטעלט דאָס גאַנצע אינדוסטריעלע, האַנדלס און מלוכה-לעבן. דאָס לאַנד איז פארשטיינט געוואָרן פאַרן געוויטער. דאָס פון איין שטאָט, דאָס פון דער אַנדערער גרויסער שטאָט זיינען אנגעקומען יעדיעס, איינע אַלאַרמדיקער פון דער אנדערער. דאָס מיליטער האָט זיך געוואקלט. די רעגירונג האָט זיך אפּגעהאלטן פון רעפּרעסיעס, די רעוואָלוציאָנערן האָבן ניט אנגעהויבן קיין אָפענע ערנסטע אנפאַלן, נאָר דער אויפשטאנד פלעגט זיך דורכרייסן מיט אַ סטיכיישער קראַפט אומעטום און איבעראַל.

און די צארישע רעגירונג איז אין דער לעצטער מינוט געגאַנגען אַף אַ האנאכע, פאַרשטייענדיק, אַז דער אויפרייס איז אומפאַרמיידלעך, אַז אפּהאלטן אַ פולן ניצאָכן איז זי אין קיין שום פאַל און אומבאַדינגט שוין ניט בעקויעך, און אַז ליידן אַ פולקאמע מאַפּאָלע קען זי זייער און זייער. „אַפּריער וועט זיין אַ בלוטפארגיסונג, און דערנאָך אַ קאנסטיטוציע״, האָט דערקלערט, ווי מען גיט איבער, טרעפּאוו. אין דעם, אַז אַ קאנסטיטוציע איז אומפאַרמיידלעך, אפילע

וען דערדראָזיקער אויפשטאַנד זאָל דערשטיקט ווערן, האָט שוין קיין שום ספּיי־קעס ניט געקאָנט זיין. און די רעגירונג האָט באַשלאָסן, אַז עס איז בעסער ניט ריזיקירן מיט אַן ערנסטער און אַלגעמיינער בלוט־פאַרגיסונג, ווייל אין פאַל אויב דאָס פאָלק וועט זיגן, וועט פון דער צארישער מאכט קיין שאריד־אוּפּאליט ניט בלייבן.

מיר ווייסן נאָר אַ מינדסטן קיילעק פון יענע יעדיעס, וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט מאנטיק דעם 17־טן אָקטיאַבער אין די הענט פון דער רעגירונג און וועלכע האָבן זי געצוואונגען אויסצואווייכן אַ הארטנעגיקע שלאַכט און נאכצוגעבן. אַלע באַמיאונגען פון די ארטיקע און צענטראַלע מאכטן זיינען אַנגעווענדעט געוואָרן אַף אָפּצושטעלן די יעדיעס וועגן דעם גרויזאַמען וואוקס פון דעם אויפשטאַנד אָדער צו באַשניידן דידאָזיקע יעדיעס. נאָר אפילו אויך דער אָרימער, צופעליקער, באַשניטענער מאַטעריאַל, וועלכער איז דורכגעדרונ־גען אין דער אייראָפּעאישער פּרעסע, לאָזט קיין שום צווייפל ניט אין דעם, אַז דאָס איז געווען אַ ווירקלעכער אויפשטאַנד, וועלכער איז פעאיק אַנצוואַרפן אַ טויט־שרעק אפן צאר און אַף די צארישע מיניסטאָרן.

די קרעפטן פון דעם צאריזם און פון דער רעוואָלוציע זיינען געקומען אין אַ גלייכגעוויכט, האָבן מיר געשריבן מיט אַ וואָך צוריק, אפן גרונט פון די ערשטע יעדיעס וועגן דעם אַלרוסלענדישן פּאָליטישן שטרייק. דער צאַריזם איז שוין ניט בעקויעך צו דערשטיקן די רעוואָלוציע. די רעוואָלוציע איז נאָך ניט בעקויעך צו צעשמעטערן דעם צאַריזם. נאָר באַ אַזאַ גלייכגעוויכט פון די קויכעס האָט יעדער צייט־פאַרלוסט געדראָעט דעם צאַריזם מיט די גרעסטע געפאַרן, ווייל פאַרציען דעם איניען וואלט באַדייט אַריינברענגען אַ וואקלע־ניש צווישן דעם מיליטער.

דער אויפשטאַנד האָט זיך אַלץ פאַרנאַנדערגעברענט. בלוט האָט זיך שוין געגאָסן אין אַלע עקן פון רוסלאַנד. דאָס פּאָלק האָט זיך געשלאָגן אַף באַריקאַדן פון רעוועל ביז אָדעס, פון פּוילן ביז סיביר. דאָס מיליטער האָט מענאַצייעך געווען אין באזונדערע קליינע צוזאַמענשטויסן, נאָר אין דערזועלבער צייט האָבן אָנגעהויבן אַנקומען יעדיעס וועגן אַ נייער, נאָך ניט געזעענער דערשיינונג, וועלכע האָט קלאָר איידעס געזאָגט וועגן דער מיליטערישער אַנמאכט פון דער זעלבסטהערשונג. דאָס זיינען געווען יעדיעס וועגן אונ־טערהאנדלונגען צווישן דעם צארישן מיליטער און דעם אויפגעשטאַנע־נעם פּאָלק (כאַרקאָוו), יעדיעס וועגן ארויספירן דאָס מיליטער פון שטעט (כאַרקאָוו, רעוועל), אלס דעם איינציקן מיטל איינצושטעלן די אונטערהאנד־לונגען מיטן אויפגעשטאנענעם פּאָלק, ארויספירן דאָס מיליטער, דאָס איז אַן אנהויב פון דעם סאָף. דאָס באַווייזט בעסער פון אַלע כקירעס, אַז די מיליטער־מאַכטן האָבן זיך געפילט ביזן לעצטן גראד ניט פעסט. דאָס באַווייזט, אַז די אומצופרידנקייט צווישן דעם מיליטער האָט בעעמעס דערגרייכט ביז אַ מוי־רעדיקן פאַרנעם. איינצלנע יעדיעס און קלאנגען פלעגן אריינפאַלן אין דער אויסלענדערשער פּרעסע. אין קיעוו פלעגט מען אַרעסטירן די סאָלדאַטן, וועלכע פלעגן זיך אָפּזאָגן צו שיסן. אין פּוילן זיינען אויך געווען אַזעלכע פאַלן. אין

אדעס האָט מען די פוס-גייער-סאָלדאַטן געהאַלטן אין די קאַזאַרמעס, מוירע האָבנדיק ארויסצופירן זיי אפן גאַס. אין פעטערבורג האָט זיך אָנגעהויבן אַן אָפענע אירונג אין דעם פלאַט, און מע האָט איבערגעגעבן וועגן דער פולער אומזיכערקייט פון דער גוואַרדיע. און וועגן דעם שוואַרץ-יאַמיקן פלאָט איז ביז איצט קיין מעגלעכקייט ניטאָ געוואר צו ווערן דעם עמעס. דעם 17-טן אָקטיאבער שוין האָבן די טעלעגראַמען איבערגעגעבן, אַז דער קלאַנג וועגן אַ נייעם אויפשטאַנד פון דעמדאָזיקן פלאַט האלט זיך פעסט, אַז אַלע טעלעגראַמען ווערן איבערגעכאַפּט פון דער מאַכט, וועלכע האָט געלאָזן אין גאַנג אַלע מיטלען, קעדיי ניט צו לאָזן פאַנאַנדערשפּרייטן קיין יעדיעס וועגן דעם אויפשטאַנד.

פאַרגלייכנדיק די אַלע טיילווייזע יעדיעס, קען מען ניט ניט קומען צום אויספיר, אַז די לאַגע פון דער זעלבסטהערשונג איז געווען אַ פאַרצווייפלטע אפילע פון ריין-מיליטערישן שטאַנדפּונקט. זי פלעגט נאָך דערשטיקן איינצלנע אויפברויזן, איר מיליטער פלעגט נאָך נעמען באַריקאַדן דאָס דאָ, דאָס דאָרט, נאָר דידאָזיקע איינצלנע צוזאַמענשטויסן פלעגן בלויז פאַנאַנדערברענען די ליידנשאַפטן, פלעגן נאָר פאַרשטאַרקן דעם אויפרור, פלעגן נאָר דערנעענטערן אַ נאָך שטאַרקערן אַלגעמיינעם אויפרייס, און אָט פאַר דעמדאָזיקן אויפרייס האָט מוירע געהאַט די רעגירונג, וועלכע האָט זיך שוין ניט פאַרלאָזן אפן מיליטער.

דער סוינע האָט ניט אָנגענומען קיין ערנסטע שלאַכט. דער סוינע איז צוריקגעטראַטן, איבערלאָזנדיק דאָס קאַמפּס-פעלד פאַרן רעוואָלוציאָנערן פאָלק,— ער איז צוריקגעטראַטן אף אַ נייער פּאָזיציע, וועלכע דוכט זיך אים פאַר אַ מער באַפעסטיקטע און אַף וועלכער ער האָפט צונויפצוזאַמלען מער זיכערע קרעפטן, פאַרייניקן און אויפמונטערן זיי, אויסקלייבן אַ בעסערן מאָמענט פאַר אַן אנגריף.

אַ גאַנצע ריי פאַרהעלטניסמעסיק „אָנפּניעסדיקע" שטימען פון דער אייראָפּעאישער בורזשואזער פּרעסע באַשטעטיקט אַזאַ אפשאַצונג פון דעם גרויסן טאָג, דעם 17-טן אָקטיאבער.

פון דערדאָזיקער זייט האָט די אייראָפּעאישע בורזשואזיע רואיק אויפגעעטעמט. דער צארישער מאַניפעסט זאָגט צו אַ דירעקטע קאָנסטיטוציע. די דומע באַקומט געזעצגעבערישע רעכט, קיין איין געזעץ קען ניט גילטיק זיין אָן דער באַווילִיקונג פון די פאָלקס-פאַרשטייער, עס איז געשענקט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די מיניסטאָרן, עס זיינען געשענקט בירגערלעכע פרייהייטן, די אומבאַרירלעכקייט פון פּערזאָן, די פרייהייט פון געוויסן, פון וואָרט, פון פאַרזאַמלונגען און פאַראיינען. און די בירזשע איילט אויסצודריקן מער צוטרוי צו די רוסישע פינאַנצן. עס הויבט זיך אויף דער קורס פון די רוסישע פּאַפּירן, וועלכע זיינען פאַר די לעצטע טעג געפאַלן. די אויסלענדישע באַנקירן, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון דעם רעוואָלוציאָנערן פעטערבורג, זאָגן צו אומצוקערן זיך אין צוויי וואכן ארום. די קאָנסטיטוציע שיינט דער אייראָפּעאישער בורזשואזיע, אלס אַ גאַראַנטיע אף „פרידלעכע" קליינינקע האַנאַכעס,

וועלכע וועלן פולקום צופרידנשטעלן די פארמעגלעכע קלאַסן, ניט דערלויבנדיק אין דערזעלבער צייט דעם רעוואָלוציאָנערן פראָלעטאריאט צו דערווערבן „צופיל" פרייהייט.

נאָר פון דער אַנדער זייט קענען ניט אַפילו די ליבעראַלע בורזשואַ ניט זעען, אַז דעם צאַרס מאַניפעסט אַנטהאַלט בלויז ווערטער, בלויז האַוטאָכעס. ווער וועט איצט אָבער גלויבן אין הוילע האַוטאָכעס? זיינען דען ניט קיין שפּאָט די אַלע פראזן וועגן אומבאַרירלעכקייט פון פערזאָן און פרייהייט פון וואָרט, ווען די טורמעס זיינען נאָך איבערפולט מיט די אַזוי-גערופענע פּאָליטישע פאַרברעכער, ווען די צענזור האַלט זיך נאָך אַלץ? וועלכע מענטשן וועלן אויספירן דעם קייסערס האַוטאָכע? דאָס מיניסטעריום פון ווי·טע, אין וועלכע עס גייען אַריין, לויט די קלאַנגען, קוזמין-קאראוואיעוו, קאסיטש, קאני 1)? דאָס וועט אַפילו ניט זיין קיין מיניסטעריום פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע. דאָס איז ערשט אַ מיניסטעריום פון דער ליבעראַלער ביוראָקראַטיע, וועלכע איז שוין ניט איין מאָל באַזיגט געוואָרן דורך דער הויפישער רעאַקציאָנערער באַנדע. ניט שוין זשע האָט דאָס פאָלק פאַרגאָסן זיין בלוט אין קאַמף פאַר פרייהייט, קעדיי צו פאַרלאָזן זיך אַף די ליבעראַלע ביוראָקראַטן, וועלכע קומען אָפּ בלויז מיט ווערטער און האַוטאָכעס?!

ניין, דער צאַריזם האָט נאָך גאָרניט קאַפּיטולירט. די זעלבסטהערשונג איז נאָך גאָרניט געפאַלן. דעם רעוואָלוציאָנערן פראָלעטאַריאַט שטייט נאָך פאַר אַ ריי גרויסע שלאַכטן, און דער ערשטער זיג וועט אים העלפן פאַרייניקן זיינע קויכעס. און רעקרוטירן נייע פאַרבינדעטע אין קאַמף.

„בלויז דער דערפאָלג אליין פין דער פרייהייטס-זאַך,—האָט געשריבן דער קאָרעספּאָנדענט פון „טיימס" אין דעם טאָג, ווען דער מאַניפעסט איז פובליקירט געוואָרן,—וועט אַרויסרופן די רעאַקציאָנערע עלעמענטן צו נייער טעטיקייט, און קאָלזמאַן די ארמיי בלייבט אונטער דער מאַכט פון אירע אלטע שעפן, קען רוסלאַנד ניט געזיכערט זיין פון דער מעגלעכקייט פון א פראָנונציאַמענטא" 2)... „עס איז נאָך אַ פראַגע, צי וועט די געצוואונגענע רעגירונגס-האַנאָכע ניט דינען אין דעם סאַמען ברען פון רעוואָלוציאָנערן אויפברויז פאַר א סיגנאַל צו נייע באמיאונגען פון דער רעוואָלוציע?" „עס איז ניט באַוואוסט, צי איז די ביוראָקראַטיע אַרויסגעשלאָגן פון איר ציטאדעל אָדער זי איז נאָר צוריקגעטראָטן פון אירע פאָדערשטע פּאָזיציעס",—זאָגן די בורזשואַזע אָפּטימיסטן, האַגאם די פאַקטן באַווייזן קלאָר, אַז די „ציטאַדעל" פון דער זעלבסטהערשונג בלייבט אין איר גאַנצער קראַפט.

דער געצוואונגענער כאראקטער פון דער האַנאָכע באאומרואיקט מער פון אַלעמען די מעכטיקע בורזשואַ. דער אָרגאַן פון דעם פראַנצויזישן הערשנדיקן געלד-זאַק, די צייטונג „Temps" איז שרעקלעך אויפגעבראַכט געוואָרן קעגן דער „אנארכיע" און האָט געגאָסן זידלעריי און רעכילעס קעגן די אָר-

1) אַלערליי ליבעראלע באאמטע פון יענער צייט. איבערז.

2) „פארנונציאמענטא" איז א שפּאניש וואָרט און באדייט א מיליטערישע פארשווערונג און א מלוכה-איבערקערעניש אונטער דער אנפירונג פון א הייפל מיליטער-לייט. איב.

גאַניזאַטאָרן און קעגן די אָנטיילנעמער פון דעם אלרוסלענדישן פּאָליטישן שטרייק. האָגאַם א באפרידיקטע מיט די קאָנסטיטוציאָנעלע האוויטאָכעס פון דעם צאַר, באַצערקט איצט די דאָזיקע צייטונג מיט אומרו: „דער קייסער האָט אנ־שטאָט צו האַנדלען לויט זיין אייגענער איניציאַטיוו פּאָשעט אונטערגעשריבן די „אָנזאָגן" פון דער ליבעראַלער אָפּאָזיציע. דאָס איז א שלעכטער מיטל, וועלכער גיט צו די קאָנסעקוועטע רעפאָרמען אַ געצוואונגענעם כאַראַקטער, אַ כאַראַקטער פון עטוואָס אָפּגעריסענעס, פלוצלונגדיקעס. דער דאָזיקער מיטל שטעלט די רעגירונג אין א ווידערשפּרוך מיט זיך אַליין און גיט אַרויס אַ פּרעמיע די געוואַלט-טאַטן. צום אומגליק, איז שוין זייער קלאָר, אז דער איניען איז אַוועק ווירקלעך ווייט, אַז קיין אנדער אויסוועג איז ניט געווען פון יענעם טופּיק, וואוהין מע האָט פאַרטריבן די רעגירונג. לאָמיר דאָך שנעלער פאַר־געסן וועגן דעם כאַראַקטער פון דער דאָזיקער קאַפּיטוליאַציע,—דער קאַפּיטוליאַ־ציע ניט נאָר פאַר די קאָנסטיטוציאָנאַליסטן, וועלכע זיינען מענטשן מעסיקע און צו וועלכע מע האָט זיך אין דער ערשטער ריי געדאַרפט צוהערן, נאָר דער קאַפּיטוליאַציע פאַר א שטרייק, דער קאַפּיטולאַציע פאַר דער רעוואָ־לוציע".

ניין, הערן בורזשוא, די אַרבעטער וועלן קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם געצוואונגענעם כאַראַקטער פון דער צאַרישער קאַפּיטוליאַציע! די אַ־בעטער וועלן קיינמאָל ניט פאַרגעסן, אַז נאָר מיט קראַפט, מיט דער קראַפט פון זייער אָרגאַניזאַציע, פון זייער איינמוטיקייט, פון זייער מאַסן-העלדישקייט האָבן זיי אַרויסגעריסן באַ דעם צאַריזם די אנערקענונג פון פרייהייט אין דעם מאַני־פעסט-פאַפּירל, און זיי וועלן אַרויסרייסן פרייהייט אויך אין דער ווירק־לעכקייט.

מיר האָבן אויבן געזאָגט, אַז דער טוינע איז צוריקגעטראָטן, איבער־לאָזנדיק דאָס שלאַכט-פעלד פאַרן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט. מיר דאַרפן איצט צוגעבן: דעם צוריקטרעטנדיקן טוינע זעצט מען פאָר ענערגיש נאָכ־צואיאָגן. מאָנטיק, דעם 17-טן אָקטיאַבר, איז אַרויס דעם צאַרס מאַניפעסט. דינסטיק, דעם 18-טן, איז אַרויס, ווי עס גיט איבער וואָלפס אגענטור, א מאַ־ניפעסט פון דער ר. ס. ד. א. פּ., וועלכער איז ארויסגעלאָזן אין פּעטערבורג אין א קאָלאָסאַלער צאָל עקזעמפּליארן. דער מאניפעסט דערקלערט, אַז דער קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט הערט לאַכלוטן ניט אויף דורך דעם, וואָס דער צאַר האָט זיין מאַניפעסט ארויסגעלאָזן. די טאַקטיק פון פּראָלעטאַריאַט דאַרף באשטיין אין אויסנוצן יענע רעכט, וועלכע זיינען געשענקט אונטער דעם דרוק פון זיינע קלעפּ, אין איינאָרדענען אַרבעטער-פאַרזאַמלונגען צוליב דערלייזן די פראַגע וועגן פאָרזעצן דעם שטרייק, אין אָרגאַניזירן א מיליציע, צוליב אָפּ־היטן די רעוואָלוציאָנערע רעכט, אין אַרויסשטעלן די פאָדערונג פון א פולער אַמניסטיע. די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע רעדנער פון די פאָלקס-פאַרזאַמלונגען באַשטייען אַף דער צוזאַמענרופונג פון א גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. דער שטרייק־קאָמיטעט, פאָדערט, לויט די טעלעגראַמען, אַמניסטיע און באַלדיקע צונויפרופונג פון א גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אפן גרונט פון אַלגעמיינע און דירעקטע וואַל-רעכט.

דער רעוואָלוציאָנערער אינסטינקט האָט גלייך אונטערגעזאָגט די פּע-
טערבורגער אַרבעטער אַ ריכטיקן לאָזונג: ענערגיש פאָרזעצן דעם קאַמף, אויסנוצן די נייע דעראָבערטע פּאָזיציעס צוליב פאָרזעצן דעם אַנדראַנג. צוליב דער ווירקלעכער פאַרניכטונג פון דער זעלבסטהערשונג. און דער קאַמף ווערט פאָרגעזעצט. פאַרזאַמלונגען ווערן אַלץ אָפטער און פילקעפּיקער. די פרייד און דער באַרעכטיקטער שטאָלץ מיטן ערשטן זיג שטערט ניט דער נייער אָרגאַניזירונג פון די קרעפטן אַף צו דערפירן ביזן סאָף די רעוואָלוציע. איר דערפאָלג הענגט אָפּ פון דער צוציאונג אַף דער זייט פון דער פרייהייט נאָך מער ברייטערע שיכטן פון פאָלק, פון זייער אויפקלערונג און אָרגאַניזירונג. דער אַרבעטער-קלאַס האָט דערוויזן זיינע גיגאַנטישע קויכעס דורך דעם אַלרוסלענדישן פּאָליטישן שטרייק, נאָר צווישן די אָפּגעשטאַנענע שיכטן פון דעם שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט שטייט אונז נאָך פאַר ניט ווייניק אַרבעט. באַשאַפנדיק אַן אַרבעטער-מיליציע,—אַט דעם איינציק זיכערן שוץ פון דער רעוואָלוציע,—גרייטנדיק זיך צו אַ נייעם און נאָך מער אַנטשיידענעם קאַמף, שטיצנדיק אונזערע אַלטע לאָזונגען, דאַרפן מיר ווענדן אונזער באַזונדער אויפמערקזאַמקייט אַף דער אַרמיי. אין אירע רייען האָט די געצוואונגענע צאַרישע האַנאָכע גע-
דאַרפט אַריינטראָגן מער ווי אומעטום וואַקלענישן. איצטער, צוציענדיק די סאָלדאַטן אַף אַרבעטער פאַרזאַמלונגען, פאַרשטאַרקנדיק די אַגיטאַציע אין די קאַזאַרמעס; פאַרברייטערנדיק די פאַרבינדונג מיט די אָפיצערן, דאַרפן מיר שאַפן צוגלייך מיט דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי פון די אַרבעטער באַוואוסטזיניקע רעוואָלוציאָנערן אויך אין דער אַרמיי, וועלכע איז נאָך נעכטן געווען אויסשליסלעך אַ צאַרישע אַרמיי, וועלכע שטייט איצטער ערעוו דער פאַרוואַנדלונג אין אַ פאָלקס-אַרמיי.

דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך דערשלאָגן די נייטראַליזירונג פון דער אַרמיי, פאַראַליזירנדיק זי אין די גרויסע טעג פון דעם אַלגעמיינעם שטרייק. ער דאַרף זיך איצט דערשלאָגן, אַז די אַרמיי זאָל איינגאַנצן איבערגיין אַף דער זייט פון פאָלק.

דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט האָט געבראַכט צו דעם ערשטן גרויסן זיג די שטאָטישע רעוואָלוציע. ער דאַרף איצט פאַרברייטערן און פאַרטיפערן די באַזע פון דער רעוואָלוציע, פאַרשפּרייטנדיק זי אַף די דערפער. אויפהויבן דאָס פּויערטום ביז דער באַוואוסטזיניקער פּאַרטיידיקונג פון דער פרייהייטס-זאַך, פאָדערן ערנסטע מאַסמיטלען צוגונסטן פון דעם פּויערטום, צוגרייטן די דאָרפישע באַוועגונג, וועלכע זאָל אין פאַרבינדונג מיט דעם פאָרגעשריטענעם שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט דערשלאָגן די זעלבסטהערשונג און דערקעמפן א פולקומע און ווירקלעכע פרייהייט,—אַט דאָס איז איצטער די אָרדנטלעכע אויפגאַבע פון דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

דער דערפאָלג פון דער רעוואָלוציע הענגט אָפּ פון דער צאָל פון יענע מאַסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום, וועלכע וועלן זיך אויפהויבן אַף איר פאַרטיידיקונג און פאַר דערפירן זי ביזן סאָף. די רעוואָלוציאָנערע מילכאָמע שיידט זיך דערמיט אונטער פון אַנדערע מילכאָמעס, וואָס זי שעפּט איר

הויפט-רעזערוו פון דעם לאגער פון די נעכטיקע פארבינדעטע פון איר סוינע פון די נעכטיקע אָנהענגער פון דעם צאריזם אָדער פון מענטשן, וועלכע זיינען בלינד געגאנגען נאָך דעם צאריזם. און דער דערפאָלג פון דעם אלרוסלענדישן פּאָליטישן שטרייק וועט מער זאָגן דעם פארשטאנד און דעם הארץ פון דעם פויער, ווי די פארווירטע ווערטער פון וועלכע איר ווילט מאניפעסטן און געזעצן.

די רוסישע רעוואָלוציע האָט קוים-קוים אָנגעהויבן צו אנטוויקלען זיך. ווען די גאנצע פּאָליטישע אוואנס-סצענע האָבן פארנומען די ליבעראלע בורזשואַ, ווי דאָס איז געווען מיט א יאָר צוריק.

די רעוואָלוציע האָט זיך געשטעלט אף די פיס, ווען עס איז ארויסגעטראָטן דער שטאָטישער ארבעטער-קלאס דעם 9-טן יאנוואר.

די רעוואָלוציע האָט אָפּגעהאלטן איר ערשטן זיג, ווען דער פּראָלעטאריאט פון אלע פעלקער פון רוסלאנד איז אויפגעשטאנען, ווי איין מענטש, און האָט א טרייסל געטאָן דעם צארישן טראָן, פון וועלכן עס האָבן אזעלכע אומצאָליקע אומגליקן אריבערגעטראָגן אלע פעלקער און מער פון אלעמען די ארבעטנדיקע-קלאסן פון אלע פעלקער.

די רעוואָלוציע וועט דערשלאָגן דעם סוינע און וועט קיין שאָריד אוּפּאָליט ניט איבערלאָזן פון דעם טראָן פון דעם בלוטיקן צאַר, ווען די ארבעטער וועלן זיך נאָך אמאָל אויפהויבן און וועלן נאָך זיך פירן אויך דאָס פויערטום.

און ווייטער—ווייטער איז נאָך פאראן א רעזערוו בא דער רוסישער רעוואָלוציע. עס זיינען פארביי יענע צייטן, ווען פעלקער און מלוכעס האָבן געקאָנט לעבן אָפּגעזונדערט איינע פון די אנדערע. טוט א קוק: אייראָפּע רודערט זיך שוין אויף. איר בורזשואזיע איז אין פארווירונג און זי איז גרייט אָפּצוגעבן מיליאָנען און מיליארדן, אבי נאָר אָפּצושטעלן די סרייפע אין רוסלאנד. די הערשער פון די מיליטערישע אייראָפּעאישע מלוכעס טראכטן שוין וועגן א מיליטערישער הילף דעם קייסער. ווילהעלם האָט שוין אוועקגעשיקט עטלעכע קרייסערס און צוויי דיוויזיעס מינענטרעגער אום איינצושטעלן דירעקטע באַציאונגען צווישן די דייטשישע סאלדאפאנעס מיט פעטערהאָף. די אייראָפּעאישע קאָנטער-רעוואָלוציע דערלאנגט איר האנט דער רוסישער קאָנטער-רעוואָלוציע.

פּרואווט זיך, פּרואווט זיך, הער האָהענצאָלערן! בא אונז איז אויך פאראן אן אייראָפּעאישער רעזערוו פון דער רוסישער רעוואָלוציע. דערדאָזיקער רעזערוו איז דער אינטערנאציאָנאלער סאָציאליסטישער פּראָלעטאריאט, די אינטערנאציאָנאלע רעוואָלוציאָנערע סאָציאל-דעמאָקראטיע. די ארבעטער פון דער גאנצער וועלט באגריסן מיט פריידיקן ציטער דעם זיג פון די רוסישע ארבעטער, און, פארשטייענדיק דעם ענגן צוזאמענבונד צווישן די פארשיידענע מאכנעס פון דער אינטערנאציאָנאלער ארמיי, גרייטן זיי זיך אויך אליין צו דעם גרויסן און אנטשיידענעם קאמף.

איר זייט ניט איינזאם, ארבעטער און פויערים פון גאנץ רוסלאנד! און אויב אייך וועט זיך איינגעבן ארָאפּצואווארפן, דערשלאָגן און פארניכטן די טיראנען פון לייב-אייגנטימערישער, פּאָליצייאישער, פריצישער און צארישער רוסלאנד, וועט אייער זיג זיין א סיגנאל פאר דעם אלוועלטלעכן קאמף קעגן דער טיראניע פון דעם קאפיטאל. פאר דעם קאמף פאר דער פולקומער ניט נאָר פּאָליטישער, נאָר אויך עקאָנאָמישער באפרייאונג פון די ארבעטנדיקע. פאר דעם קאמף פאר דער אויסלייזונג פון דער מענטשהייט פון אָרימקייט און פאר דער פארווירקלעכונג פון דעם סאָציאליזם.

„פראָלעטאַרי“ נומער 24
פון 25-טן אָקטיאַבר 1905 יאָר.

# דער ביינטער יאַנוואַר*).

יונגע פריינט און כאַווײרים!

מיר פייערן היינט דעם צוועלפטן יאָרטאג פון דעם „בלוטיקן זונטיק“, וועלכער ווערט מיט פולע רעכט באטראַכט אלס אָנהויב פון דער רוסישער רעוואָלוציע. טויזנטער אַרבעטער, — און דערצו נאָך ניט קיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישע, נאָר גלויבנדיקע און איבערגעגעבענע אונטערטאַנען, קומען זיך צונויף אונטער דער אָנפירונג פון דעם גאַלעך גאַפּאָן צום צענטר פון שטאָט, צום פלאַץ פאַרן ווינטער-פּאַלאַץ, אום איבערצוגעבן דעם צאַר זייער פּעטיציע. די אַרבעטער גייען מיט הייליקע בילדער און זייער דעמאָלטיקער פירער גאַפּאָן האט שריפטלעך פאַרזיכערט דעם צאַר, אז ער גאַראַנטירט אים זיין פּערזענלעכע זיכערקייט און ער בעט אים ארויסגיין צום פאָלק.

עס ווערט ארויסגערופן מיליטער. אולאַנער און קאזאַקן וואַרפן זיך אַפן האַמוין מיט קאַלטן געווער, זיי שיסן אין די אומבאַוואָפנטע ארבעטער, וועלכע בעטן זיך אף די קני בא די קאזאַקן, אז מע זאָל זיי צולאָזן צום צאַר. לויט די פּאָליצייאישע ראַפּאָרטן, זיינען דאן געוועזן מער ווי טויזנט געהאַרגעטע און מער ווי צוויי טויזנט פארוואונדעטע. די עמפּערונג פון די אַרבעטער איז געווען אַן אומגעהויערע.

אָט איז אַין אלגעמיינע שטריכן דאָס בילד פון דעם 22-טן יאַנוואַר פון 1905-טן יאָר — פון דעם „בלוטיקן זונטיק“.

אום קלאָרער צו מאַכן אייך די באַדייטונג פון דערדאָזיקער געשעעניש, וועל איך אייך איבערלייענען אייניקע שטעלן פון דער פּעטיציע פון די אַרבעטער:

„מיר, אַרבעטער, פּעטערבורגער איינוואוינער, זיינען געקומען צו דיר. מיר זיינען אומגליקלעכע, געשענדעטע קנעכט, מיר זיינען דערשטיקט פון דעספּאָטיזם און ווילקיר. ווען עס האָט זיך איבערגעפילט דער בעכער פון אונזער געדולד, האָבן מיר אוועקגעלייגט אונזער ארבעט און מיר האָבן געבעטן אונזערע באַלעבאַטים צו געבן אונז בלויז דאָס, אָן וואָס דאס לעבן איז א מאַטערניש. נאָר דאס אלץ איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. אַלץ האט זיך באוויזן די

*) באַמערקונג פון רעדאַקציע: דער אַרטיקל שטעלט מיט זיך פאָר א פּאָרטראַג, וועלכן דער כ׳ לענין האָט געהאַלטן דעם 22-טן יאַנוואַר 1917 יאָר אין ציוריך אָף א פאַרזאַמלונג, וועלכע עס איז אָרגאַניזירט געווען פון דער אַרבעטער-יוגנט. דעם פּאָרטראַג האָט דער כ׳ לענין געהאַלטן אין דייטש. דער אַרטיקל אין „פּראַוודאַ“ איז איבערזעצט פון דייטשישן מאַנוסקריפּט, וועלכן דער כ׳ לענין האָט אָנגעשריבן פאַרן פּאָרטראַג.

אַזוי ווי יענע בענדער פון לענינס געוויילטע ווערק, וועלכע נעמען אַרום דאָס זיבעצענטע יאָר, זיינען שוין אַרויס פון דרוק, האַלטן מיר, אז דאָס בעסטע אָרט פאַר דעמדאָזיקן אַרטיקל איז אין יענעם באַנד, וועלכער באַציט זיך צום 1905 יאָר.

פאַבריקאַנטן פאַר אומגעזעצלעך. מיר אַלע דאָ, פילע טויזנטער, אזוי אויך ווי דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק, האָבן קיין שום מענטשלעכע רעכט ניט. אַ דאַנק דיינע באַאַמטע זיינען מיר קנעכט געוואָרן".

די פעטיציע רעכנט אויס פאָלגנדיקע פאָדערונגען: אַמניסטיע, עפנטלעכע פרייהייטן, א נאָרמאַלער ארבעטס-לוין, ביסלעכוויז איבערגעבן די ערד דעם פאָלק, צונויפרופן א גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אַפן גרונט פון אַלגעמיינע און גלייכע וואַלרעכט, — און זי פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער:

„הערשער! זאג ניט אָפּ אין הילף דיין פאָלק! צעשטער די וואנט צווישן דיר און דיין פאָלק. גיב אָפּ א פאַראָרדענונג און שווער, אַז אונזערע ביטעס וועלן אויסגעפירט ווערן און דו וועסט גליקלעך מאַכן רוסלאַנד; אויב ניט, זיינען מיר גרייט דאָ אַפן אָרט צו שטאַרבן. בא אונז זיינען בלויז צוויי וועגן פאַראַן: פרייהייט און גליק אָדער א קייווער".

דו פילסט א מאָדנעם איינדרוק, ווען די לייענסט איצט די דאָזיקע פעטיציע פון אומגעבילדעטע, אַנאַלפאַבעטישע אַרבעטער, וועלכע ווערן אָנגעפירט פון א פאַטריארכאַלן גאַלעך. ניטווילנדיק בעט זיך א פאַראַלעל צווישן דער דאָזיקער נאַאיווער פעטיציע און די היינטיקע פרידלעכע רעזאָלוציעס פון די סאָציאַל-פאַציפיסטן, ד. ה. פון מענטשן, וועלכע ווילן זיין סאָציאַליסטן, און וועלכע זיינען אין דערעמעסן נאָר בורזשואַזע באַלמעליצעס. די אומבאוואוסטזיניקע ארבעטער פון פאר רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד האָבן ניט געוואוסט, אַז דער קייסער איז דער הויפּט פון דעם הערשנדיקן קלאַס, נעמלעך פון דעם קלאַס פון די גרויסע ערד-באזיצער, וועלכע זיינען שוין מיט טויזנטער פעדים פארבונדן מיט דער גרויס-בורזשואַזיע, און וועלכע זיינען גרייט מיט אַלע געוואַלט-מיטלען צו פאַרטיידיקן זייער מאָנאָפּאָליע, זייערע פריווילעגיעס און זייערע האַכנאָסעס. די היינטיקע סאָציאַל-פאַציפיסטן, וועלכע, — אָן געלעכטער! — ווילן זיך ארויסווייזן פאַר „הויך געבילדעטע" לייט, ווייסן ניט, אַז וואַרטן א „דעמאָקראַטישן" שאָלעם פון די בורזשואַזע רעגירונגען, וועלכע פירן די אימפּעריאַליסטישע רויבערישע מילכאָמע, איז פּונקט אזוי נאַריש, ווי נאַריש עס איז דער געדאַנק, אַז מע קאָן קלוימערשט דעם בלוטיקן צאַר איינריידן דורך פרידלעכע פעטיציעס צו רעפאָרמען.

נאָר די גרויסע נאפקעמינע צווישן זיי באַשטייט אין דעם, וואָס די היינטיקע סאָציאַל-פאַציפיסטן זיינען מערסטנטייל צוואַקעס, וועלכע שטרעבן דורך מילדע איינריידענישן אָפּצוציען דאס פאלק פון רעוואלוציאנערן קאַמף, דאָן, ווען די אומגעבילדעטע רוסישע אַרבעטער פון פאר רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד האָבן דורך מאַיסים באַוויזן, אז זיי זיינען אויפריכטיקע מענטשן, וועלכע זיינען אקאָרשט אויפגעוואַכט צום פּאָליטישן באַוואוסטזיין.

אָט אין דעמדאָזיקן אויפוואַכן פון קאלאסאלע פאָלקס-מאַסן צום פּאָליטישן באַוואוסטזיין און צום רעוואָלוציאָנערן קאמף באַשטייט נעמלעך די היסטאָרישע באַדייטונג פון דעם 22-טן יאַנוואר פון 1905 יאָר.

„אין רוסלאַנד איז נאָך ניטאָ קיין רעוואָלוציאָנער פאָלק", — אזוי האָט געשריבן צוויי טעג פאר דעם „בלוטיקן זונטיק" דער ה' פעטער סטרואווע,

דער דעמאָלטיקער פירער פון די רוסישע ליבעראַלן, וועלכער האט דאן ארויסגעגעבן אן אומלעגאַלן פרייען, אויסלענדישן אָרגאַן. פאר אַזאַ אַבסורד האָט זיך געדאַנקט דעמדאָזיקן „הויכגעלערנטן", הויכמוטיקן און אַרכינאַרישן פירער פון די בורזשואַזע רעפאָרמיסטן די אידייע, אַז דאס אנאלפאַבעטישע פויערישע לאַנד קאן געבוירן א רעוואָלוציאָנערעס פאָלק! אַזוי טיף איז געווען די איבערצייגונג פון די דעמאָלטיקע — אַזוי אויך ווי פון די איצטיקע — רעפאָרמיסטן אין דער אומעגלעכקייט פון אווירקלעכער רעוואָלוציע!

ביזן 22-טן (9-טן לויטן אַלטן סטיל) יאַנוואַר 1905 יאָר איז די רעוואָלוציאָנערע פאַרטיי פון רוסלאַנד באַשטאַנען פון א קליינעם הייפל מענטשן — די דעמאָלטיקע רעפאָרמיסטן (אט פונקט אַזוי, ווי די איצטיקע) האבן, כויזעק מאַכנדיק פון אונז, גערופן אונז „סעקטע". עטלעכע הונדערט רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַטארן, עטלעכע טויזנט מיטגלידער פון אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס, א האלב טוץ רעוואָלוציאָנערע בלעטלעך, וואָס פלעגן אַרויסגיין ניט עפטער, ווי איין מאָל אין כוידעש, הויפטזאכלעך אין אויסלאנד, און וועלכע פלעגן אפן קאָנטראַבאַנדע-אויפן מיט אומגעהויערע שוועריקייטן און מיטן פרייז פון אַסאַך קאָרבאָנעס אריבערגעשיקט ווערן אין רוסלאַנד — אַזעלכע זיינען געווען די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען אין רוסלאַנד און אין דער ערשטער ריי די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ביזן 22-טן יאַנוואַר 1905 יאָר. דערדאָזיקער אומשטאנד האָט פאָרמעל געגעבן דאָס רעכט די באגרעניצטע און גאַדלעסדיקע רעפאָרמיסטן צו באהויפטן, אז אין רוסלאַנד איז נאָך ניטאָ קיין רעוואָלוציאָנערעס פאָלק.

אין משך פון עטלעכע כאדאשים האט זיך דאס בילד פונדעסטוועגן אינגאַנצן אומגעענדערט. די הונדערטער רעוואָלוציאָנערע סאציאַל-דעמאָקראַטן זיינען „פלוצלונג" אויסגעוואַקסן אין טויזנטער, די טויזנטער זיינען געוואָרן פירער פון צווי ביז דריי מיליאָן פראלעטאריער. דער פּראָלעטאַרישער קאַמף האט ארויסגערופן א גרויסע אירונג, טיילווייז אויך א רעוואָלוציאָנערע באוועגונג, אין די טיפענישן פון א פופציק — הונדערט-מיליאניקער פויערים-מאַסע, די פויערים-באוועגונג האט געפונען אן אפקלאנג אין דער ארמיי און האט געבראכט צו סאָלדאטישע אויפשטאַנדן, צו באוואפנטע צוזאַמענשטויסן צווישן איין טייל ארמיי מיטן צווייטן. אף אזא אויפן איז א קאָלאָסאַלע לאַנד מיט 130 מיליאָן איינוואוינער אריינגעטראכן אין דער רעוואלוציע. אף אזא אויפן האט זיך דאָס דרעמלדיקע רוסלאַנד פאַרוואַנדלט אין א רוסלאנד פון רעוואָלוציאָנערן פראָלעטאַריאַט און רעוואָלוציאָנערן פאָלק.

עס איז נויטיק צו שטודירן דעמדאָזיקן איבערגאַנג, פארשטיין די מעגלעכקייט זיינע, זיינע, אַזוי צו זאָגן, מעטאָדן און וועגן.

דאָס הויפט-מיטל פון דעמדאָזיקן איבערגאנג איז געווען דער מאַסן-שטרייק. די אייגנאַרטיקייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע באשטייט נעמלעך אין דעם, וואָס לויט איר סאָציאַל'ן אינהאלט איז זי געווען א בורזשואַז-דעמאָקראַטישע, נאר לויט די מיטלען פון קאמף איז זי געווען א פּראָלעטאַרישע. זי איז געווען א בורזשואַז-דעמאָקראַטישע דערפאַר, ווייל

די צילן, צו וועלכע זי האָט אומיטלבאר געשטרעבט און וועלכע זי האט גע-קאנט דערגרייכן אומיטלבאר מיט אירע אייגענע קויכעס, איז געווען די דע-מאָקראַטישע רעפובליק, דער 8-שאָעדיקער ארבעטס-טאָג, די קאָנפיסקירונג פון דעם קאָלאסאַלן פריצישן ערד-באזיץ — אַלע מאסמיטלען, וועלכע עס האט קימאַט אין זייער גאנצן פאַרנעם פאַרווירקלעכט די בורזשואזע רעוואָלו-ציע אין פראַנקרייך אין 1792 און 1793 יאָרן.

די רוסישע רעוואָלוציע איז צוגלייך געווען אויך א פראָלעטאַרישע ניט נאר אין דעם זין, וואָס דער פראָלעטאריאַט איז געווען דער אָנפירנדיקער קויעך, דער אוואַנגאַרד פון דער באוועגונג, נאָר אויך אין דעם זין, וואָס דער ספּעציפיש פראָלעטאַרישער קאַמפּס-מיטל, נעמלעך דער שטרייק, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דאָס הויפּט-מיטל פון פאַנאנדערשאָקלען די מאַסן און די אַמערסט כאַראַקטערישע דערשיינונג אין דעם כוואַליע-ארטיקן אָנוואַקסן פון די אַנט-שיידנדיקע געשעענישן.

די רוסישע רעוואָלוציע איז אין דער געשיכטע די ערשטע, נאָר זי וועט בליספּעק זיין ניט די לעצטע גרויסע רעוואָלוציע, אין וועלכער דער מאַסנווייזער פּאָליטישער שטרייק האָט געשפּילט אַן אומגעוויינלעך גרויסע ראָל. מע קען אַפילע באַהויפּטן, אַז מע קען ניט פאַרשטיין די געשעענישן פון דער רוסישער רעוואָלוציע און די ענדערונגען פון אירע פּאָליטישע פאָרמען, ווען מע זאָל ניט שטודירן לויט דער סטאַטיסטיק פון די שטרייקן די יעסוידעס פון דידאָזיקע געשעענישן און פון דערדאָזיקער פאָרם-ענדערונג.

איך ווייס זייער גוט, ווי ניט פּאַסיק עס זיינען פאַר אַ מונדלעכן פאַר-טראָג טרוקענע סטאַטיסטישע ציפערן, אַף וויפל זיי זיינען פעאיק אָפּצושרעקן דעם צוהערער. נאָר דאָך קאָן איך ניט ניט ברענגען אייניקע קיילעכדיקע צי-פערן, קעדיי באַ אייך זאָל זיין די מעגלעכקייט אָפּצושאַצן דעם ווירקלעכן אָביעקטיוון יעסאָד פון דער גאַנצער באַוועגונג. די דורכשניטלעכע יאָר-ציפער פון די שטרייקנדיקע אין רוסלאַנד אין מעשעך פון 10 יאָר ביז דער רעוואָ-לוציע איז גלייך 43 טויזנט. הייסט עס, אַז די אַלגעמיינע צאָל פון די שטרייקנ-דיקע פאַר דעם גאַנצן יאָרצענדליק ביז דער רעוואָלוציע באַטרעפט 430 טויזנט. אין יאַנוואַר 1905 יאָר, אין דעם ערשטן כוידעש פון דער רעוואָלוציע, באַ-טרעפט די צאָל שטרייקנדע 440 טויזנט. הייסט עס, אַז פאַר איין כוידעש בלויז מער, ווי פאַר דעם גאַנצן פריערדיקן יאָרצענדליק!

ניט אין איין קאַפּיטאַליסטישן לאַנד פון דער וועלט, אַפילע אין די פאָר-געשריטנסטע לענדער, ווי ענגלאַנד, די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, דייטשלאַנד האָט די וועלט ניט געזען אַזאַ גראַנדיעזע שטרייק-באַוועגונג, ווי אין רוסלאַנד אין 1905 יאָר. די אַלגעמיינע צאָל שטרייקנדיקע איז געווען 2 מיליאָן 800 טויזנט, אין צוויי מאָל מער, איידער די אַלגעמיינע צאָל פאַ-בריק אַרבעטער! דאָס דערווייזט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז די שטאָטישע פאַבריק אַרבעטער אין רוסלאַנד זיינען געבילדעטער אָדער שטאַרקער געווען איידער זייערע ברידער אין מאַירעוו-אייראָפּע. ריכטיק איז גראָד פאַרקערט.

נאָר דאָס באַווייזט, ווי גרויס עס קען זיין די דרעמלענדיקע ענערגיע פון

דעם פּראָלעטאַריאַט. דאָס רעדט וועגן דעם, אַז אין אַ רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע, — איך באַהויפּט עס אָן יעדער איבערטרייבונג אָפּן גרונט פון די פינקטלעכסטע אָנגאַבן פון דער רוסישער געשיכטע—קאָן דער פּראָלעטאַריאַט אַנטוויקלען אַ קאַמפּס-ענערגיע, וועלכע איז אין *הונדערט מאָל* גרעסער, איידער אין אַ געוויינלעכער רואיקער צייט. דאָס רעדט וועגן דעם, אַז די מענשהייט האָט נאָך ביז 1905 יאָר ניט געוואוסט, ווי גרויס, ווי גראַנדיעז קען זיין און עס וועט זיין די אָנשטרענגונג פון די קויכעס פון דעם פּראָלעטאַריאַט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן קאַמף פאַר ווירקלעך גרויסע צילן, וועגן אַ ווירקלעך רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

די געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע באַווייזט אונז, אַז דאַפקע דער אַוואַנגאַרד, די אויסדערוויילטע עלעמענטן פון די לוין-אַרבעטער האָבן געפירט דעם קאַמף מיט דעם גרעסטן אַקשאָנעס און מיט דער גרעסטער זעלבסטאָפּפערונג. וואָס גרעסער עס זיינען געווען די זאַוואָדן, אַלץ אַקשאָנעסדיקער זיינען דורכגעפירט געוואָרן די שטרייקן, אַלץ אָפטער האָבן זיי זיך איבערגעכאַזערט אין איינעם און דעמזעלביקן יאָר. וואָס גרעסער עס איז געווען די שטאָט, אַלץ באַדייטנדיקער איז געווען די ראָל פון פּראָלעטאַריאַט אין קאַמף. דריי גרויסע שטעט, אין וועלכע עס וואוינען די באַוואוסטזיניקסטע און די פילצאָליקסטע אַרבעטער, פּעטערבורג, ריגע, און וואַרשע גיבן אונז אַ אומפאַרהעלטניסמעסיק גרעסערן צאָל שטרייקנדיקע אין פאַרגלייך מיט דער אַלגעמיינער צאָל אַרבעטער, איידער די אַלע אַנדערע שטעט, ניט ריידנדיק שוין וועגן דעם דאָרף.

די מעטאַליסטן שטעלן מיט זיך פאָר אין רוסלאַנד,—פּונקט אַזוי ווי אין די אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער מיסטאָמע, — דעם פאָרגעשריטנסטן טייל פון דעם פּראָלעטאַריאַט. און דאָ באַמערקן מיר פאָלגנדיקן באַלערנדיקן פאַקט: יעדע מייע פאַבריק-אַרבעטער אין רוסלאַנד ביכלאַל האָט געגעבן אין 1905 יאָר 160 שטרייקנדיקע, אין דער צייט ווען יעדע מייע *מעטאַליסטן* האָט געגעבן אין דעמזעלביקן יאָר 320 שטרייקנדיקע! לויט די אויסרעכענונגען, האָט יעדער רוסישער פאַבריק-אַרבעטער אין 1905 יאָר פאַרלאָרן אַדאַנק דעם שטרייק 10 רובל דורכשניטלעך,— באַ 26 פראַנק לויטן ביז מילכאָמעדיקן קורס.—ער האָט, אַזוי צו זאָגן, מענאַדעוו געווען זיי פאַרן קאַמף. אויב מיר זאָלן נעמען בלויז די מעטאַליסטן, וועלן מיר באַקומען אַ סומע אין *דריי מאָל אַ גרעסערע*! פאָרויס זיינען געגאַנגען די בעסטע עלעמענטן פון דעם אַרבעטער-קלאַס, מיטציענדיק נאָך זיך די וואַקלדיקע, וועקנדיק די שלאָפנדיקע און אויפמונטערנדיק די שוואַכע.

**אויסערסט אייגנאַרטיק איז געווען די צוזאַמענפלעכטונג פון עקאָנאָמישע און פּאָליטישע שטרייקן אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע.**

עס איז קיין שום סאָפעק ניטאָ, אַז נאָר די ענגע פאַרבינדונג פון דידאָזיקע צוויי פאָרמען פון שטרייק האָט גאַראַנטירט דעם גרויסן קויעך פון דער באַוועגונג. מע וואָלט בעשום אויפן ניט געקאָנט אַריינציען די ברייטע מאַסן עקספּלואַטירטע אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אויב דידאָזיקע מאַסן

וואָלטן ניט געזעען קיין ביישפּילן, ווי די לוין-אַרבעטער פון פאַרשיידענע צווייגן פון דער אינדוסטריע האָבן געצוואונגען די קאַפּיטאַליסטן צו אַן אומיטלבאַרער, טייקעפּדיקער פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע. אַדאַנק דעמדאָזיקן קאַמף האָט אַ נייער גייסט אַ בלאָז געטאָן אין דער גאַנצער מאַסע פון רוסישן פאָלק. ערשט איצט האָט דאָס לייבאייגנטימערישע, בערעשע, פּאַטריאַרכאַלע, פרומע און אונטערטעניקע רוסלאַנד אָפּגעווישט פון זיך דעם שימל פון דורותס. ערשט איצט האָט דאָס רוסישע פאָלק באַקומען אַווירקלעך דעמאָקראַטישע, אַ ווירקלעך רעוואָלוציאָנערע דערציאונג.

אויב די בורזשואזע הערן און זייערע אומקריטישע באַהעלפער, די סאָציאַליסטישע רעפאָרמיסטן, ריידן מיט אַזאַ גאַדלעס וועגן דער „דערציאונג" פון די מאַסן, פאַרשטייען זיי אונטער דערציאונג עטוואָס שולמעסיקס, פּעדאַנטישעס, עטוואָס אַזעלכעס, וואָס דעמאָראַליזירט די מאַסן, וואָס פלאַנצט אין זיי בורזשואַזע פאָרורטיילן.

די ווירקלעכע דערציאונג פון די מאַסן קען קיינמאָל ניט אָפּגעטיילט זיין פון דעם זעלבשטענדיקן פּאָליטישן און באַזונדערס פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון דער מאַסע גופא. בלויז דער קאַמף דערציט דעם עקספּלואַטירטן קלאַס, בלויז דער קאַמף אַנטפּלעקט פאַר אים די מאָס פון זיינע קויכעס, פאַרברייטערט זיין וועלט-פאַרנעם, הויבט אויף זיינע פעאיקייטן, לייטערט זיין מויעך, שמידט אויס זיין ווילן. און דעריבער האָבן אָפילע די רעאַקציאָנערן געמוזט מודה זיין, אַז דאָס 1905 יאָר, דאָס יאָר פון קאַמף, דאָס „משוגענע יאָר", האָט ענדגילטיק באַגראָבן דאָס פּאַטריאַרכאַלע רוסלאַנד.

לאָמיר נעענטער באַטראַכטן די פאַרהעלטעניש צווישן די מעטאַליסטן און וועבער אין רוסלאַנד אין דער צייט פון דעם שטרייק-קאַמף אין 1905 יאָר. די מעטאַליסטן, אַלס בעסער באַלוינטע,—זיינען די מער באַוואוסטזיניקע, די מער קולטורעלע פּראָלעטאַריער. די טעקסטיל-אַרבעטער, די צאָל פון וועלכע עס איז אין רוסלאַנד אין 1905 יאָר געווען מער, ווי אין צוויי מיט אַ האַלב מאָל, איידער די צאָל מעטאַליסטן, שטעלן מיט זיך פאָר די אָפּגעשטאַנענסטע, די אַמערגסטן באַלוינטע מאַסע, וועלכע האָט נאָך אָפט ניט צעריסן אינגאַנצן איר פאַרבינדונג מיט איר פויערישער מישפּאָכע אין דאָרף. און דאָ טרעפן מיר זיך מיט פאָלגנדיקן זייער וויכטיקן אומשטאַנד.

די שטרייקן פון מעטאַליסטן אין משעך פון דעם גאַנצן 1905 יאָר גיבן אַן איבערוואָג פון פּאָליטישן שטרייק איבער דעם עקאָנאָמישן, האָגאָם אין אָנהויב יאָר איז דערדאָזיקער איבערוואָג געווען ווייט ניט אַזוי גרויס, ווי צום סאָף יאָר. פאַרקערט, באַ די וועבער זעען מיר אין אָנהויב 1905 יאָר אַ קאָלאָסאַלן איבערוואָג פון עקאָנאָמישע שטרייקן, וועלכע ווערן ערשט אין סאָף יאָר איבערגעוואויגן דורכן פּאָליטישן שטרייק. פון דאַנען שטאַמט גאַנץ קלאָר, אַז נאָר דער עקאָנאָמישער קאַמף, נאָר דער קאַמף פאַר דער טייקעפּדיקער, אומיטלבאַרער פאַרבעסערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע, איז מסוגל אויפצוטרייסלען די אָפּגעשטאַנענע שיכטן פון דער עקספּלואַטירטער מאַסע, אַז

נאָר דערדאָזיקער קאַמף גיט זיי אַ ווירקלעכע דערציאונג און פאַרוואַנדלט זיי — אין אַ רעוואָלוציאָנערע עפּאָכע — אין מעשעף פון עטלעכע כאַדאָשים אין אַן אַרמיי פון פּאָליטישע קעמפער.

פאַרשטייט זיך, אז צוליב דעם איז נויטיק, אַז די פאָרגעשריטענע מאַכנע פון די אַרבעטער זאָל ניט פאַרשטיין אונטערן קלאַסן-קאַמף דעם קאַמף פאַר די אינטערעסן פון דער קליינער איבערשטער שיכט, ווי דאָס האָבן זייער אָפט די רעפאָרמיסטן געוואָלט איינריידן די אַרבעטער. נאָר אַז די פּראָלע-טאַריער זאָלן אַרויסטרעטן ווירקלעך, אַלס אַן אַוואַנגאַרד פון דער מערהייט פון עקספּלואַטירטע, אַז זיי זאָלן אַריינציען דידאָזיקע מערהייט אין קאַמף, ווי דאָס איז געשען אין רוסלאַנד אין 1905 יאָר און ווי דאָס דאַרף געשען און ווי עס וועט בעליסאָפעק טאַקע געשען אין דער קומענדיקער פּראָלעטא-רישער רעוואָלוציע אין אייראָפּע.

דער אָנהויב פון 1905 יאָר האָט געבראַכט די ערשטע גרויסע כוואַליע פון דער שטרייק-באַוועגונג אין גאַנצן לאַנד. אין פרילינג שוין פון דעמזעלבן יאָר באַאָבאַכטן מיר די אויפוואַכונג פון דער ערשטער גרויסער, ניט נאָר עקאָנאָמישער, נאָר אויך פּאָליטישער פּויערישער באַוועגונג אין רוס-לאַנד. וואָס פאַר אַ וויכטיקע באַדייטונג עס האָט דערדאָזיקער פאַקט, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַ ווענד-פּונקט אין דער געשיכטע, קען פאַרשטיין נאָר יענער, ווער עס וועט זיך דערמאָנען, אַז דאָס פּויערטום אין רוסלאַנד האָט זיך ערשט אין 1861 יאָר באַפרייט פון דער שווערסטער לייב-אייגנטום-אָפּ-העננגיקייט, אז די פויערים זיינען אין זייער מערהייט אנאלפאבעטיש, אז זיי לעבן אין אן אומבאשרייבלעכער נויט, אונטער דער לאסט פון די פּריצים, פארפירט פון די גאלאָכים, איזאָלירט איינע פון די אנדערע דורך קאָלאָסאלע שטעכן און זייער שלעכטע פארקער-וועגן.

אין 1825 יאָר האָט רוסלאנד צום ערשטן מאָל דערזעען א רעוואָלו-ציאָנערע באוועגונג, און דידאָזיקע באוועגונג איז פאָרגעשטעלט געווען קימאט אויסשליסלעך דורך אדל-לייט. פון יענעם מאָמענט אָן ביז 1881 יאָר, ווען אלעקסאנדער דער 2-טער איז געטויט געוואָרן דורך טעראָריסטן, זיינען אין דער שפּיץ פון דער באוועגונג געשטאנען אינטעליגענטן פון מיטל-שטאנד. זיי האָבן ארויסגעוויזן א קאָלאָסאלע זעלבסטאפּערונג און האָבן מיט זייער העל-דישן טעראָריסטישן קאמפּס-מעטאָד ארויסגערופן די באוואונדערונג פון דער גאנצער וועלט. דידאָזיקע קארבאָנעס זיינען, בליסאָפעק, געפאלן ניט אומזיסט, זיי האָבן, בליסאָפעק, מיטגעווירקט, דירעקט אָדער אומדירעקט, דער קומענדיקער רעוואָלוציאָנערער דערציאונג פון דעם רוסישן פאָלק. נאָר זייער אומיטלבארן ציל, דאָס אויפוואכן פון דער פאָלקס-רעוואָלוציע, האָבן זיי ניט דערגרייכט און האָבן ניט געקאָנט דערגרייכן.

דאָס האָט זיך איינגעגעבן בלויז דעם רעוואָלוציאָנערן קאמף פון דעם פּראָלעטאריאט. בלויז די כוואליעס פון מאסן-שטרייק, וועלכע האָבן זיך דורכגעקייקלט איבערן גאנצן לאנד, אין פארבינדונג מיט די הארבע לעקציעס פון דער רוסיש-יאפּאָנישער מילכאָמע, האָבן אויפגעוועקט די ברייטע מאסן פון

פּויערטום פון לעטאַרגישן שלאָף. דאָס וואָרט „שטרייקער" האָט בא די פּויערים באַקומען גאָר א נייע באַדייטונג: עס האָט באַדייט עפּעס א בונטאַר, א רעוואָלוציאָנער, וואָס פלעגט פריער באַצייכנט ווערן מיטן וואָרט „סטודענט". אַף וויפל דער „סטודענט" האָט געהערט צום מיטל-שטאַנד, צו די „געבילדעטע", צו די „אדוינים", איז ער פרעמד געווען דעם פאָלק. פאַרקערט, דער "שטריי-קער" איז אליין ארויס פון פאָלק, האָט אליין געהערט צו די עקספּלואַטירטע. ארויסגעשיקט פון פּעטערבורג, פלעגט ער זיך זייער אָפט אומקערן אין דאָרף און פלעגט דערציילן זיינע דאָרפישע כאווירים וועגן דער סרייפע, וואָס האָט ארומגעכאַפּט די שטעט און וועלכע האָט געדאַרפט פאַרניכטן סאַי די קאַפּיטאַ-ליסטן, סאַי די פּריצים. אין דעם רוסישן דאָרף האָט זיך באַוויזן א נייער טיפּ — דער באַוואוסטזיניקער יונגער פּויער. ער פלעגט פאַרקערן מיט די „שטרייקער", ער פלעגט לייענען צייטונגען, ער פלעגט דערציילן די פּויערים וועגן די געשעענישן אין די שטעט, ער פלעגט אויפקלערן זיינע דאָרפישע כאווירים די באַדייטונג פון די פּאָליטישע פאָדערונגען, ער פלעגט זיי רופן צום קאַמף קעגן די גרויסע לאַנד-באַזיצער — די פּריצים, קעגן די גאַלאָכים און באַאַמטע.

די פּויערים פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן גרופּעסוויז, פלעגן באַהאַנדלען זייער לאַגע און ביסלעכוויז פלעגן זיי זיך אריינציען אין קאַמף: מאַכנעסוויז פלעגן זיי גיין קעגן די גרויסע לאַנד-באַזיצער, פלעגן אָנצינדן זייערע פּאַלאַצן און גיטער אָדער פלעגן אָפּנעמען בא זיי זייערע פאַרגרייטע פּראָדוקטן, פלעגן פאַרכאַפּן דעם ברויט און דעם אַנדערן לעבנס-פּראָוויאַנט, פלעגן באַזייטיקן די פּאָליציי, פלעגן פאָדערן, אז מע זאָל איבערגעבן דעם פאָלק די ערד פון די קאָלאָסאַלע פּריצישע גיטער.

אין פרילינג 1905 יאָר האָט די פּויערים-באַוועגונג זיך ערשט געהאַט אָנגעהויבן, זי האָט פאַרכאַפּט בלויז דעם קלענסטן טייל אויעזדן, בעערעך א זיבנטכיילעק.

נאָך די פאַרייניקונג פון דעם פּראָלעטאַרישן מאַסן-שטרייק אין די שטעט מיט דער פּויערישער באַוועגונג אין דאָרף איז געווען גענוג, קעדיי צו צע-וואַקלען דעם סאַמע „שטאַרקן" און לעצטן האַלט-פּונקט פון דעם צאַריזם. איך רייד וועגן דער אַרמיי.

עס הויבט זיך אָן א סעריע מיליטער-בונטן אין פלאָט און אין דער אַרמיי. יעדער כוואַליע-אויפשטייג פון דער שטרייק- און פּויערים-באַ-וועגונג אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע ווערט באַגלייט מיט סאָלדאַטן-אויפשטאַנדן אין אַלע עקן פון רוסלאַנד. דער באַרימטסטער פון זיי איז דער אויפשטאַנד אַף דעם שווארץ-יאַמישן פאַנצער-שיף „פירסט פּאָטיאָמקין", וועלכער איז אריינגעפאַלן אין די הענט פון די אויפגעשטאַנענע, האָט אַנטייל גענומען אין דער רעוואָלוציע אין אָדעס און האָט זיך נאָך דער מאַפּאָלע פון דער רעוואָלוציע און נאָך די ניט געלונגענע פּרוּוון צו פאַרכאַפּן די אַנדערע פּאָרטן (לעמאָשל, פעאָדאָסיע אין קרים) איבערגעגעבן אין די הענט פון דער רומענישער מאַכט אין קאָנסטאַנץ.

דערלויבט מיר אויספירלעך צו דערציילן אייך איין קליינינקן עפּיזאָד פון דעמדאָזיקן אויפשטאנד פון דעם שווארץ־יאמישן פלאָט, קעדיי איר זאָלט באַקומען א קאָנקרעט בילד פון די געשעענישן אפן העכסטן פונקט פון זייער אנטוויקלונג.

עס פלעגן איינגעאָרדנט ווערן פארזאמלונגען פון די רעוואָלוציאָנערע ארבעטער און מאטראָסן; זיי פלעגן פאָרקומען אלץ אפטער. אזוי ווי די מיליטער־לייט פלעגט מען ניט לאָזן אף די ארבעטער־מיטינגן, האָבן די ארבעטער מאסנווייז אָנגעהויבן צו באזוכן די מיליטערישע מיטינגן, מע פלעגט זיך צונויפקלייבן טויזנטערווייז. די אידייע פון א צוזאמענדיקער ארויסטרעטונג האָט געפונען א לעבעדיקן אָפּקלאנג. אין די מער באוואוסטזיניקע ראָטעס פלעגן געווײלט ווערן דעפּוטאטן.

דאן האָט די מיליטער־מאכט באשלאָסן אָנצונעמען מיטלען. די פרואוון פון אייניקע אפיצערן צו האלטן אף די מיטינגן „פאטריאָטישע” רעדעס האָבן געגעבן די קלאָגעדיקסטע רעזולטאטן: די צו דיסקוסיעס געוואוינטע מאטראָסן פלעגן ברענגען זייערע שעפן צו א מיעסער פלייטע. בא אזעלכע מאפּאָלעס איז באשלאָסן געווען צו פארווערן מיטינגען ביכלאל. אין דערפרי דעם 24 נאָיאבר 1905 יאָר איז באם טויער פון די פלאָט־קאזארמעס ארויסגעשטעלט געוואָרן א קאמפּס־ראָטע אין פולער קאמפּס־אמוניציע. דער קאָנטר־אדמיראל פיסארעווסקי האָט הויך אָפּגעגעבן א באפעל: „קיינעם ניט ארויסלאָזן פון די קאזארמעס! אין פאל פון ניט פאָלגן — שיסן!” פון דער ראָטע, וועלכער עס איז אָפּגעגעבן געוואָרן דערדאָזיקער באפעל, איז ארויסגעגאנגען דער מאטראָס פעטראָוו, האָט אָנגעלאָדן בא אלעמען פאר די אויגן זיין ביקס, האָט מיט איין שאָס דערהארגעט דעם פאָדפּאָלקאָווניק שטיין פון ברעסט־ליטאָווסקן פאָלק און מיטן צווייטן שאָס פארוואונדעט דעם קאָנטר־אדמיראל פיסארעווסקי. עס האָט זיך דערהערט די קאמאנדע פון די אפיצירן: „ארעסטירט אים!” קיינער האָט זיך פון אָרט ניט גערירט. פעטראָוו האָט אוועקגעוואָרפן זיין געווער אף דער ערד. „וואָס שטייט איר? נעמט מיך!” ער איז ארעסטירט געוואָרן. די מאטראָסן, וועלכע זיינען זיך צונויפגעלאָפן פון אלע זייטן, האָבן געפאָדערט זיין באפרייאונג, דערקלערנדיק, אז זיי זיינען פאר אים אָרעוו. די אויפרעגונג האָט דערגרייכט דעם העכסטן פונקט.

— פעטראָוו, עמעס, דער שאָס איז דאָך פאָרגעקומען צופעליק? — האָט געפרעגט דער אפיציר, קעדיי צו געפינען אן אויסגאנג פון דער געשאפענער לאגע.

— וואָס הייסט עפּעס צופעליק! איך בין ארויס פאָרויס, איך האָב אָנגעלאָדן דעם ביקס, האָב זיך געצילט, איז דאָס דען צופעליק?

— זיי פאָדערן דיין באפרייאונג...

און פעטראָוו איז באפרייט געוואָרן. נאָר די מאטראָסן האָבן זיך דערמיט ניט באנוגנט, אלע דעזשור־אפיצירן זיינען ארעסטירט געוואָרן, אנטוואָפנט און אָפּגעפירט אין קאנצעלאריע... דעלעגאטן פון די מאטראָסן אין צאָל פון ארום

40 מאן האָבן זיך באראטן די גאנצע נאכט. זיי האָבן באשלאָסן די אפיצירן צו באפרייען און ניט לאָזן זיי מער אין די קאזארמעס.

דאָסדאָזיקע קליין בילדל באַווייזט אייך אנשוילעך, ווי פלעגן זיך פאַנאַנדערשפּילן די געשעענישן אין דער מערהייט מיליטערישע אויפשטאַנדן. די רעוואָלוציאָנערע אירונג אין פאָלק האָט ניט געקאָנט ניט אַרומכאַפּן אויך דאָס מיליטער. כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס די פירער פון דער באַוועגונג האָבן געגעבן יענע עלעמענטן, וועלכע זיינען רעקרוטירט געווען הויפּטזאַכלעך צווישן די אינדוסטריעלע אַרבעטער און פאַר וועלכע עס האָט זיך געפאָדערט אַן אַמערסטן טעכנישע צוגרייטונג, לעמאָשל, די סאַפּיארן. נאָר די ברייטע מאַסן זיינען נאָך געווען צופיל נאַיוו, צופיל פרידלעך, צופיל גוטמוטיק, צו קריסטלעך געשטימט. זיי פלעגן אויפלאַמען גאַנץ לייכט, אָ וועלכער ניט איז פאַל פון אומגערעכטיקייט, אָ צו גראָבע באַהאַנדלונג מיצאַד די אָפיצירן, שלעכטע שפייז א. ד. ג. האָט געקאָנט אַרויסרופן אַן עמפערונג. נאָר עס האָט געפעלט אויסגעהאלטנקייט, עס איז ניט געווען קיין קלאָרע פאַרשטענדעניש פון דער פּראָבלעם: עס האָט געפעלט דאָס גענוגע פאַרשטיין, אַז בלויז די ענערגישסטע פאָרזעצונג פון דעם באַוואָפנטן קאַמף, אַז נאָר דער זיג איבער אַלע מיליטערישע און בירגערלעכע מאַכטן אין דער גאַנצער מלוכה איז די איינציקע גאַראַנטיע פון דערפאָלג פון דער רעוואָלוציע.

די ברייטע מאַסן פון מאַטראָסן און סאָלדאַטן האָבן לייכט אָנגעהויבן צו בונטעווען. נאָר פונקט אַזוי לייכט פלעגן זיי מאַכן אַ נאאיווע נאַרישקייט און באַפרייען די אַרעסטירטע אָפיצירן; זיי פלעגן זיך לאָזן באַרואיקן מיט האַווטאַכעס און איינריידענישן מיצאַד דער קאָמאַנדירונג; אַף אַזאַ אויפן פלעגט די קאָמאַנדירונג געווינען די טייערע צייט, זי פלעגט באַקומען פאַרשטאַרקונג, פלעגט צעקלאַפּן די קרעפטן פון די אויפגעשטאַנענע און דערנאָך פלעגט קומען די אכזאָריעסדיקע דערשטיקונג און די קעפונג פון די פירער.

עס איז אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן די מיליטער-אויפשטאַנדן אין רוסלאַנד אין 1905 יאָר מיטן מיליטער-אויפשטאַנד פון די דעקאַבריסטן אין 1825 יאָר. דאַן האָט די אָנפירונג מיט דער פּאָליטישער באַוועגונג געהערט קימאַט אויסשליסלעך די אָפיצירן, באַזונדערס די אַדל-לייט; זיי זיינען אָנגעשטעקט געווען דורך דער באַרירונג מיט די דעמאָקראַטישע אידייען פון אייראָפּע אין דער צייט פון די נאַפּאָלעאָנישע מילכאָמעס. די סאָלדאַטן-מאַסע, וועלכע איז דאַן נאָך באַשטאַנען פון לייב-אייגנטום-פויערים, האָט זיך געהאלטן פּאַסיוו.

די געשיכטע פון 1905 יאָר גיט אונז גאָר אַ פאַרקערט בילד. די אָפיצירן זיינען דאַן געווען, מיט קליינע אויסנאַמען, געשטימט אָדער בורזשואַזנליבעראַל, רעפאָרמיסטיש, אָדער דירעקט קאָנטר-רעוואָלוציאָנער. די אַרבעטער און די פויערים אין מיליטער אוניפאָרם זיינען געווען די נעשאָמע פון די אויפשטאַנדן: די באַוועגונג איז געוואָרן אַ פאָלקס-באַוועגונג. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון רוסלאַנד האָט זי פאַרכאַפּט די מערהייט עקספּלואַטירטע. געפעלט האָט איר, פון איין זייט, אויסגעהאלטנקייט, די אַנטשלאָסנקייט פון די מאַסן, וועלכע האָבן צו שטאַרק געליטן אַף דער קרענק פון פאַרטרוילעכקייט,

פון דער צווייטער זייט האָט געפעלט די אָרגאַניזאַציע פון רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער אין מיליטערישע מונדירן: באַ זיי האָט געפעלט די קונסט צו נעמען די אָנפירונג אין זייערע הענט, צו שטעלן זיך אין דער שפּיץ פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי און איבערצוגיין אין אָנגריף קעגן דער רעגירונגס-מאַכט.

אַגעוו דאַרף מען זאָגן, — עס קען זיין לאנגזאמער, ווי דאָס וואָלט זיך אונז געוואָלט, נאָר דערפאַר אָבער זיכער, — ווערלן דידאַזיקע צוויי פעלערן באַזייטיקט ווערן ניט נאָר דורך דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, נאָר אויך דורך דער איצטיקער מילכאָמע.

אַלנפאַלס, לערנט אונז די געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע, פּונקט אַזוי ווי די געשיכטע פון דער פּאריזער קאָמונע פון 1871 יאָר, אַז דער מיליטאַריזם קאַן קיינמאָל און אין קיין פאַל ניט באַזיגט ווערן אַף קיין אַנדער אויפן סיידן דורך אַ זיגרייכן קאַמף פון איין טייל פון דער פאָלקס-אַרמיי קעגן איר אַנדער טייל.

עס איז ניט גענוג צו שיטן פעך און שוועבל, צו „אָפּלייקענען” דעם מיליטאַריזם, צו קריטיקירן און ארגומענטירן זיין שעדלעכקייט, עס איז נאַריש אָפּן פרידלעכן שטייגער אָפּזאָגן זיך פון מיליטער=דינסט, — די אויפגאַבע באַשטייט אין אייגהיטן אָנגעשטרענגט דאָס רעוואָלוציאָנערע באוואוסטזיין פון דעם פּראָלעטאַריאַט און דערביי ניט נאָר ביכלאל, נאָר קאָנקרעט גרייטן זיינע בעסטע עלעמענטן דערצו, אַז אין דעם מאָמענט פון טיפסטער אירונג אין פאָלק זאָלן זיי זיך שטעלן אין דער שפּיץ פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי.

דאָסזעלבע לערנט אונז די טאָג-טעגלעכע דערפאַרונג פון וועלכער איר ווילט קאַפּיטאַליסטישער מלוכע. יעדער „קליינער” קריזיס, וועלכן עס לעבט איבער אַזאַ מלוכע, אַנטפּלעקט פאַר אונז אין מיניאטור די עלעמענטן און די עמבריאָנען פון די געפעכטן, וועלכע דארפן זיך אומפארמיידלעך איבערכאַזערן אינם פעריאָד פון אַ גרויסן קריזיס אין אַ גרויסן מאסשטאַב. און וואָס איז דען יעדער שטרייק, אויב ניט קיין קליינינקער קריזיס פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט? איז דען ניט גערעכט געווען דער פּרייסישער מיניסטער פאַר אינערן-איניאָנים, דער הער פאָן=פוטקאמער, זאָגנדיק זיין באַרימטן שפּרוך: „פון יעדער שטרייק קוקט ארויס די גידרע פון דער רעוואָלוציע”. באווייזט אונז דען ניט דאָס אַרויסרופן פון סאָלדאטן בעאייס אַ שטרייק אין אלע, אַפילע — זייט מיר מויכל — פרידלעכסטע, „דעמאָקראַטישסטע” לענדער, ווי ס וועט דאָס האלטן אין דער צייט פון ווירקלעך גרויסע קריזיסן?

נאָר איך קער מיך אום צוריק צו דער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

איך האָב זיך געפּרואווט שילדערן אייך, ווי די אַרבעטער-שטרייקן האָבן אויפגעטרייסלט דאָס גאנצע לאנד און די ברייטסטע אָפּגעשטאנענע שיכטן פון די עקספּלואטירטע, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן די פּויערים-באוועגונג, ווי זי איז באגלייט געוואָרן מיט מיליטער=אויפשטאנדן.

אין הארבסט 1905 יאָר האָט די גאנצע באוועגונג דערגרייכט איר הויך-

פונקט. דעם 19=טן (6-טן) אַווגוסט איז דערשינגען דער צארישער מאַניפעסט וועגן באשאפן אַ פּאָלקס-פּאָרשטייערשאַפט. עס האָט געדארפט אויסגעבילדעט ווערן די אזוי-גערופענע בוליגין-דומע אפן גרונט פון אַ וואַל-געזעץ, וועלכער האָט פּאָרויסגעזעען אַן אנעקדאטיש קליינע צאָל ווילער און האָט ניט געגעבן דעמדאָזיקן אייגנאַרטיקן „פּארלאמענט" קיין שום גזעצגעבערישע רעכט, נאָר בלויז באראטונגס=רעכט.

די בורזשואזיע, די ליבעראלן, די אָפּאַרטוניסטן זיינען גרייט געווען אונטערצוכאַפּן מיט ביידע הענט דידאָזיקע „מאַטאַנע" פון דעם אָנגעשראָקענעם צאַר. פּונקט ווי אַלע רעפּאָרמיסטן, האָבן אונזערע רעפּאָרמיסטן פון 1905-טן יאָר ניט געקאָנט פאַרשטיין, אַז עס טרעפן זיך אַזעלכע היסטאָרישע סיטואַציעס, ווען רעפּאָרמען, און באַזונדערס נאָך האַווטאָכעס פון רעפּאָרמען, פאַרפּאָלגן אויסשליסלעך איין ציל: אָפּשטעלן די אירונג פון פּאָלק, צווינגען דעם רעוואָלוציאָנערן קלאַס אויפהערן אָדער, לעכאָלאַפּאָכעס, אָפּשוואַכן דעם קאַמף.

די רוסלענדער רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט גוט פאַרשטאַנען דעם עמעסן כאַראַקטער פון דערדאָזיקער אָקטראָירונג — פון דעמדאָזיקן שענקען אַ שיינבארע קאָנסטיטוציע אין אַווגוסט 1905 יאָר. און דעריבער האָט זי ניט אָפּהאַלטנדיק זיך אַף איין מינוט, גלייך געוואָרפן דעם לאָזונג: נידער מיט דער באַראטונגס-דומע! אַ באָיקאָט דער דומע! נידער מיט דער צאַרישער רעגירונג! פאָרזעצן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף מיטן ציל אראָפּצוואַרפן דידאָזיקע רעגירונג! ניט דער צאַר. נאָר אַ צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג דאַרף צוזאַמענרופן די ערשטע ווירקלעכע פּאָלקס=פּאָרשטייערשאַפט אין רוסלאַנד!

די געשיכטע האָט דערוויזן די גערעכטיקייט פון די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל=דעמאָקראַטן דורך דעם, וואָס די בוליגינישע דומע איז קיינמאָל ניט צוזאַמענגערופן געוואָרן. דער רעוואָלוציאָנערער שטורם האָט זי אראָפּגעטראָגן, איידער זי איז נאָך צוזאַמענגערופן געוואָרן; דערדאָזיקער שטורם האָט גע-צוואונגען דעם צאַר ארויסצוגעבן אַ נייעם וואַל=געזעץ, וועלכער האָט באַדייטנד פאַרגרעסערט די צאָל ווילער, און צו אנערקענען דעם געזעצגעבערישן כאַראַקטער פון דער דומע.

אָקטיאַבער און דעקאַבער 1905 יאָר באַצייכענען מיט זיך דעם העכסטן פּונקט פון דער אויפשטייגס-ליניע פון דער רוסישער רעוואָלוציע. אַלע קוואַלן פון רעוואָלוציאָנערער פּאָלקס=קראַפט האָבן זיך אויפגעעפנט נאָך ברייטער, ווי פריער. די צאָל שטרייקנדיקע, וועלכע איז אין יאַנוואר 1905 יאָר געווען, ווי איך האָב אייך שוין דערציילט, 440 טויזנט, האָט אין אָקטיאַבער 1905 יאר אָריבערגעשטיגן אַ האַלבן מיליאָן (באַמערקט אייך, אין מעשעך פון איין כוי-דעש נאָר!). נאָר צו דערדאָזיקער צאָל, וועלכע נעמט ארום בלויז פאַבריק-אַרבעטער, דאַרף מען נאָך צוגעבן עטלעכע הונדערט טויזנט אייזנבאַן-אַרבעטער, פּאָסט און טעלעגראַף אָנגעשטעלטע א. ד. גל.

דער רוסלענדישער אַלגעמיינער אייזנבאַן-שטרייק האָט אָפּגעשטעלט די אייזנבאַן=באַוועגונג און האָט אפן אנטשיידנסטן אויפן פּאַראַליזירט די קראַפט

פון דער רעגירונג. עס האבן זיך אויפגעעפנט די טירן פון די אוניווערסיטעטן און די [illegible]יעס, וועלכע זיינען אין פרידנס-צייט באשטימט געווען אויסשליסלעך צוליב דעם, קעדיי צו פאַרשטאָפּן די יונגע מויכעס מיט דער פּראָפעסאָרישער קאַטעדער-כאָכמע און פאַרוואנדלען זי אין געהאָרכזאַמע דינער פון דער בורזשואַזיע און פון דעם צאַריזם, זיינען איצט געוואָרן ערטער פון פאַרזאַמלונגען פאַר טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער, האַנטווערקער, אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן פראַנק און פריי באהאַנדלט פּאָליטישע פראַגן.

עס איז דעראָבערט געוואָרן פרעסע-פרייהייט. די צענזור איז פּאַשעט באַזייטיקט געוואָרן. קיין פאַרלעגער האט ניט געוואגט צוצושטעלן דער מאַכט דעם אָבליגאַטאָרישן עקזעמפּליאר, און די מאַכט האט ניט געוואַגט אנצונעמען קעגן דעם וועלכע ניט איז מיטלען. צום ערשטן מאָל אין דער רוסישער געשיכטע זיינען דערשינען אין פּעטערבורג און אין אַנדערע שטעט רעוואָלוציאָנערע צייטונגען. בלויז אין פּעטערבורג אליין זיינען ארויסגעגאַנגען דריי טעגלעכע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע צייטונגען מיט א טיראַזש פון 50 ביז 100 טויזנט עקזעמפּליארן.

דער פּראָלעטאַריאַט איז געגאַנגען אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג. ער האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו דערקעמפן אן 8-שאָעדיקן ארבעטסטאָג אפן רעוואָלוציאָנערן שטייגער. דער קאַמפּס-לאָזונג פון דעם פּעטערבורגער פּראָלעטאַריאַט איז דעמאָלט געווען: „א ן 8 - ש אָ ע ד י ק ע ר א ר ב ע ט ס - ט אָ ג א ו ן ג ע וו ע ר”. פאַר אַן אלץ מער וואקסנדיקער מאַסע ארבעטער איז קלאָר געוואָרן, אז דעם גוירל פון דער רעוואָלוציע קאָן לייזן און וועט לייזן נאר דער באוואָפנטער קאַמף.

אין פייער פון קאַמף האט זיך געבילדעט אן אייגנאַרטיקע מאַסן-אָרגאַניזאַציע: די באַרימטע ר אַ ט ן פ ו ן א ר ב ע ט ע ר ד ע פּ ו ט א ט ן, פאַרזאַמלונגען פון דעלעגאַטן פון אלע פאַבריקן. די דאָזיקע ר אַ ט ן פ ו ן א ר ב ע ט ע ר - ד ע פּ ו ט א ט ן האבן אין עטלעכע שטעט פון רוסלאַנד אלץ מער און מער אָנגעהויבן צו שפּילן די ראָל פון א צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, די ראָל פון ארגאַנען און אָנפירער פון אויפשטאַנדן. עס זיינען געמאַכט געוואָרן פּרואוון צו אָרגאַניזירן ראַטן פון סאָלדאַטן- און מאַטראָסן-דעפּוטאַטן און פאַראייניקן זיי מיט די ראַטן פון די ארבעטער-דעפּוטאַטן.

אייניקע שטעט פון רוסלאַנד האָבן איבערגעלעבט אין יענע טעג אַ פּעריאָד פון פאַרשיידענע אָרטיקע, קליינינקע „רעפּובליקן”, אין וועלכע די רעגירונגס-מאַכט איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן און דער ראַט פון ארבעטער-דעפּוטאַטן האָט ווירקלעך פונקציאָנירט אַלס א נייע מלוכע-מאַכט. צום באַדויערן זיינען די דאָזיקע פּעריאָדן געווען צו קורצע, די „זיגן” צו שוואכע, צו איזאָלירטע.

די פּויערים-באוועגונג האָט אין האַרבסט 1905 יאָר דערגרייכט נאך א גרעסערן פארנעם. מ ע ר ו וי א ד ר י ט ל אויעזדן אין דעם גאַנצן לאנד איז דאַן פאַרכאַפּט געווען מיט „פּויערשע אומרועז” און מיט ווירקלעכע פּויערישע אויפשטאַנדן. די פּויערים האָבן פאַרברענט ביז צוויי טויזנט גיטער און

האָבן פאַרטיילט צווישן זיך די לעבנס-מיטלען, וועלכע די אַדלדיקע רויב-כאַיעס האָבן אָנגערויבט באַם פאָלק.

צום באַדויערן איז דידאָזיקע אַרבעט געווען זייער ניט קיין גרינדלעכע! צום באַדויערן האָבן די פויערים דעמאָלט פאַרניכטעט בלויז איין פופצנטכיילעק פון דער אַלגעמיינער צאָל פּריצישע גיטער, בלויז איין פופצנטכיילעק פון דעם, וואָס זיי האבן *געדאַרפט* פאַרניכטן, אום קיין שאריד אופאליט ניט לאָזן אף דער רוסישער ערד פון דער שאַנדע פון דעם פעאָדאַלן גרויסן לאנד-באַזיץ. צום באַדויערן האָבן די פויערים געהאַנדלט צו צעשפּליטערט, ניט אָרגאַניזירט, ניט גענוג אַגרעסיוו, און אין דעם באַשטייט איינע פון די גרונט-אורזאַכן, פון דער מאַפּאָלע פון דער רעוואָלוציע.

צווישן די אונטערדריקטע פעלקער פון רוסלאַנד האט אויפגעפלאַמט א נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס-באַוועגונג. אין רוסלאנד ווערט מער ווי א העלפט, קימאַט דריי פינפטל (פינקטלעך 57 פראָצענט) פון דער באַפעלקערונג, נאַציאָנאַל אונטערגעדריקט. אונטערן נאַציאָנאַלן יאָך האָבן זיי אפילע ניט קיין פרייהייט פון דער אייגענער שפּראַך, מע רוסיפיצירט זיי מיט געוואַלט. די מוסולמענער, לעמאָשל, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר צענדליקער מיליאָנען פון דער באַפעלקערונג פון רוסלאַנד, האָבן מיט א וואונדערבאַרער שנעלקייט זיך אָרגאַניזירט דאַן.— דאס איז געווען ביכלאַל אן עפּאָכע פון קאָלאָסאַלן וואוקס פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס — א מוסולמענישן פאַרבאַנד.

אום צו געבן דער פאַרזאַמלונג, באַזונדערס דער יוגנט, א ביישפּיל פון דעם, ווי אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד האָט זיך די נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס-באַוועגונג אויפגעהויבן אין פאַרבינדונג מיט דער ארבעטער-באוועגונג, וועל איך אייך ברענגען איין קליינעם ביישפּיל.

אין דעקאַבער 1905 יאָר האָבן אין הונדערטער שולן די פוילישע קינדער פון שול-עלטער פאַרברענט אלע רוסישע ביכער, בילדער און צאַרישע פּאָרטרעטן, האָבן געשלאָגן און פאַרטריבן פון די שולן די רוסישע לערער און די רוסישע כאַוויירים מיט אויסגעשרייען: „אַוועק אין רוסלאַנד!” די פאָדערונגען פון די פוילישע שילער פון די מיטל-שולן זיינען, אַגעוו, געווען פאָלגנדיקע: 1) אלע מיטל-שולן דאַרפן זיין אונטערגעוואָרפן דעם ראַט פון ארבעטער-דעפּוטאַטן; 2) צוזאַמענרופן פאַראייניקטע שילערישע און ארבעטערישע פאַרזאַמלונגען אין די שול-געביידעס; 3) דערלויבן צו טראָגן אין די גימנאַזיעס רויטע העמדלעך, אלס צייכן פון אָנגעהעריקייט צו דער קומענדיקער פּראָלעטאַרישער רעפּובליק א. א. וו.

וואָס העכער עס האָבן זיך אויפגעהויבן די כוואַליעס פון דער באוועגונג, אַלץ מיט א גרעסערער ענערגיע און אַנטשלאָסנקייט האָט זיך באַוואָפנט די רעאַקציע צוליבן קאַמף קעגן דער רעוואָלוציע. אין דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר איז מעקויעם געוואָרן דאָס, וואָס ק. קאַוטסקי האָט געשריבן אין 1902 יאָר אין זיין בוך „די סאָציאַלע רעוואָלוציע” (ער איז דאַן, אגעוו, געווען נאך א רעוואָלוציאָנערער מאַרקסיסט, און ניט קיין פאַרטיידיקער פון די סאָציאַל-פּאַטריאָטן און אָפּאָרטוניסטן, ווי איצט). ער האָט געשריבן פאָלגנדיקעס:

„...די קומענדיקע רעוואָלוציע וועט ווייניקער ענלעך זיין צו א פּלוצ-לינגדיקן אויפשטאַנד קעגן דער רעגירונג און מער צו א פאַרצויגענעם בירגער-קריג"...

אזוי איז עס אויך געשען! קיין סאָפעק ניט, אז אזוי וועט עס אויך זיין אין דער קומענדיקער אייראָפּעאישער רעוואָלוציע!

דער האַס פון דעם צאַריזם האָט זיך באַזונדערס געווענדעט קעגן די אידן. פון איין זייט האָבן די אידן געגעבן אַ באַזונדערס הויכן פּראָצענט (אין פאַר-גלייך מיט דער אַלגעמיינער צאָל פון דער אידישער באַפעלקערונג) פירער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אויך איצט האָבן, אַגעוו, די אידן יענעם פאַרדינסט, וואָס זיי גיבן אַ פאַרהעלטנישמעסיק גרויסן פּראָצענט פאָרשטייער פון דער אינטערנאַציאָנאַליסטישער ריכטונג אין פאַרגלייך מיט די איבעריקע פעלקער. פון דער אַנדער זייט, האָט דער צאַריזם אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען אויסצונוצן די שענדלעכסטע פאָרורטיילן פון די אומוויסנדיקסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג קעגן אידן, אום צו אָרגאַניזירן פּאָגראָמען, אויב ניט די-רעקט אָנפירן מיט זיי, — דידאָזיקע ווילדסטע האריגעס פון פרידלעכע אידן, זייערע פרויען און קינדער, וועלכע האָבן אַרויסגערופן אַזאַ עקל אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט. איך רייד, פאַרשטייט זיך, וועגן דעם עקל פון דיווירקלעך דעמאָקראַטישע עלעמענטן פון דער ציוויליזירטער וועלט, און אַזעלכע זיינען אויסשליסלעך נאָר די סאָציאַליסטישע אַרבעטער, די פּראָלעטאַריער.

די בורזשואַזיע פון די פרייסטע, אַפילו רעפּובליקאַנישע לענדער פון מאירעוו-אייראָפּע קען אויסגעצייכנט צונויפפּאַרן אירע צוויעסדיקע פּראַזן וועגן די „רוסישע ווילדקייט" מיט די אומפאַרשעמטסטע געלט-געשעפטן, באַזונדערס מיט דער פינאַנציעלער שטיצע דעם צאַריזם און מיט דער אימפעריאַליסטישער עקספּלואַטאַציע פון רוסלאַנד דורך עקספּאָרט פון קאַפּיטאַל א. ד. ג.

איר הויכפּונקט האָט די רעוואָלוציע פון 1905 יאָר דערגרייכט אין דעם דעקאַבער-אויפשטאַנד אין מאָסקווע. אַ קליין הייפל אויפגעשטאַנענע, נעמלעך אָרגאַניזירטע און באַוואָפנטע אַרבעטער—זיי זיינען געווען ניט מער ווי אַכט טויזנט, — האָבן אין מעשעך פון ניין טעג אַרויסגעוויזן אַ ווידערשטאַנד דער צאַרישער רעגירונג, וועלכע האָט ניט געקאָנט פאַרטרויען דעם מאָסקווער גאַרניזאָן און האָט אים, פאַרקערט, געדאַרפט האַלטן פאַרשפּאַרט, און נאָר אדאַנק דעם אָנקומען פון סעמיאָנאָווער פּאָלק פון פעטערבורג איז זי בעקויעך געווען צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד.

די בורזשואַזיע האָט ליב אָנצורופן דעם מאָסקווער אויפשטאַנד, אַלס עטוואָס קינסטלעכעס, און שפּאָטן איבער אים. לעמאָשל, אין דער דייטשישער אַזוי אָנגערופענער „וויסנשאַפטלעכער" ליטעראַטור האָט דער הער פּראָפעסאָר מאַקס וועבער אין זיין גרויסן ווערק וועגן דער פּאָליטישער אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד אָנגערופן דעם מאָסקווער אויפשטאַנד פאַר א „פּוטש". „די לענינישע גרופּע—זאָגט דערדאָזיקער „הויכגעלערנטער" הער פּראָפעסאָר—און אַ טייל פון די עסערן האָבן שוין לאַנג צוגעגרייט דעמדאָזיקן זינלאָזן אויפשטאַנד".

אום אָפּצושאַצן דידאָזיקע פּראָפעסאָרישע כאָכמע פון דער פּאַכדאָנעסדיקער בורזשואַזיע, איז גענוג בלויז צו באַנייען אין זיכּאָרן די טרוקענע ציפער פון שטרייק-סטאַטיסטיק. אין יאַנוואַר 1905 יאָר איז אין רוסלאַנד געווען בלויז 13 טויזנט ריין פּאָליטישע שטרייקער, און אין אָקטיאַבר 330 טויזנט, אין דעקאַבר איז דערגרייכט געווען דער מאַקסימום, נעמלעך, 370 טויזנט שטרייקער אין מעשעך פון איין כוידעש! לאָמיר דערמאָנען די דערפּאָלגן פון דער קאָנטר-רעוואָלוציע, די אויפשטאַנדן פון די פּויערים און סאָלדאטן, און מיר וועלן גלייך קומען צו דער איבערצייגונג: דער אורטייל פון דער „בורזשואַזער וויסנשאַפט" וועגן דעם דעקאַבר-אויפשטאַנד איז ניט נאָר אומגעלומפּערט, ער איז אַ ווערטער-קונץ פון די פאָרשטייער פון דער פּאַכדאָנעסדיקער בורזשואַזיע, וועלכע זעט אין דעם פּראָלעטאַריאַט איר געפערלעכסטן קלאַסן-סוינע.

אין דער עמעסן האָט די גאַנצע אַנטוויקלונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע אומפאַרמיידלעך געשטויסן צו אַ באַוואָפנטער אַנטשיידענער שלאַכט צווישן דער צאַרישער רעגירונג און דעם אוואַנגאַרד פון דעם קלאַסן-באַוואוסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט.

אין די אויבנגעבראַכטע האַנאָכעס האָב איך שוין אָנגעוויזן, אין וואָס איז באַשטאַנען די שוואַכקייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט געבראַכט צו איר צייטווייליקער מאַפּאָלע.

מיט דער דערשטיקונג פון דעם דעקאַבר-אויפשטאַנד הייבט זיך אָן די אַראָפּשטייגנדיקע ליניע פון דער רעוואָלוציע, אויך אין דעמדאָזיקן פּעריאָד זיינען פאַראַן העכסט אינטערעסאַנטע מאָמענטן; מע דאַרף בלויז דערמאָנען זיך די צוויימאָליקע פּרואוון פון די קאַמפּס-פּעאיקסטע עלעמענטן פון דעם אַרבעטער-קלאַס אָפּצושטעלן דעם צוריקטריט פון דער רעוואָלוציע און צוצוגרייטן אַ נייעם אָנגריף.

נאָר מיין צייט ענדיקט זיך שוין קימאַט און איך וויל ניט מיסברויכן מיטן געדולד פון מיינע צוהערער. פונדעסטוועגן, דאָס וויכטיקסטע אין דער רעוואָלוציע: איר קלאַסן-כאַראַקטער, אירע באַוועגונגס-קרעפטן, אירע קאַמפּס-מיטלען, האָב איך—אַזוי דוכט זיך מיר—שוין געשילדערט, אַף וויפיל עס איז ביכלאַל מעגלעך אויסצושעפּן אַזאַ קאָלאָסאַלע טעמע אין אַ קורצן פאָרטראָג.

נאָך עטלעכע קורצע באַמערקונגען בלויז וועגן דער וועלט-באַדייטונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

רוסלאַנד געהערט געאָגראַפיש, עקאָנאָמיש און היסטאָריש ניט בלויז צו אייראָפּע, נאָר אויך צו אַזיע. און דעריבער זעען מיר, אַז די רוסלענדער רעוואָלוציע האָט דערגרייכט ניט נאָר דאָס, וואָס זי האָט ענדגילטיק אויפגעוועקט פון שלאָף די גרעסטע און אָפּגעשטאַנענסטע לאַנד פון אייראָפּע און האָט באַשאַפן אַ רעוואָלוציאָנער פאָלק, וועלכעס ווערט אָנגעפירט פונם פּראָלעטאַריאַט.

זי האָט דערגרייכט ניט נאָר דאָס. די רוסישע רעוואָלוציע האָט אַרויסגערופן אַ באַוועגונג אין גאַנץ אַזיע. די רעוואָלוציעס אין טערקיי, פּערסיע, כינע דערווייזן, אַז דער מעכטיקער אויפשטאַנד פון 1905 יאָר האָט געלאָזן

טיפע שפורן און אז זיין ווירקונג, וועלכע ווייזט זיך ארויס אין דער אָנגרייפס־באַוועגונג פון הונדערטער און הונדערטער מיליאָנען מענשן, איז ניט אויסצואוואָרצלען.

אומדירעקט האָט די רוסישע רעוואָלוציע געווירקט אויך אַף די לענדער, וועלכע ליגן אין מאירעוו. מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז ווי נאָר עס האָט זיך באַקומען דעם 30־טן אָקטיאַבר 1905 יאָר אין ווין די טעלעגראַמע וועגן דעם קאָנסטיטוציאָנעלן מאַניפעסט פון דעם צאַר, האָט דידאָזיקע יעדיע געשפּילט אַן אַנטשיידענע ראָל אין דעם ענדגילטיקן זיג פון דעם אַלגעמיינעם וואַלרעכט אין עסטרייך.

בעת׳ן דער זיצונג פונם צוזאַמענפאָר פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווען דער כאַזער עלענבאָגען — דאַן איז ער נאָך ניט געווען קיין סאָציאַל־פּאַטריאָט, דאַן איז ער נאָך געווען אַ כאַווער — האָט געהאַלטן זיין פאָרטראַג וועגן פּאָליטישן שטרייק, האָט מען פאַר אים אַפן טיש אַוועקגעלייגט דידאָזיקע דעפּעש. די וויקוכים זיינען גלייך איבערגעריסן געוואָרן. אונזער אָרט איז אַפן גאַס! — אָט וואָס פאַר אַ לאָזונג עס האָט זיך דורכגעטראָגן אין זיצונגס־זאַל פון די דעלעגאַטן פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. און די נאָענטסטע טעג האָבן דערזען די גרעסטע גאַסן־דעמאָנסטראַציעס אין ווין און באַריקאַדן אין פּראָג. דער זיג פון דעם געזעץ וועגן אַלגעמיינעם וואַל־רעכט אין עסטרייך איז געווען באַשלאָסן.

זייער אָפט טרעפן זיך מאירעוו־אייראָפּייער, וועלכע אורטיילן וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע אַזוי, אַז די באַציאונגען און די מיטלען פון קאַמף אין דעמדאָזיקן אָפּגעשטאַנענעם לאַנד האָבן קלוימערשט זייער ווייניק ענלעכעס מיט די מאירעוו־אייראָפּעאישע באַציאונגען און אַז דעריבער קענען זיי קוים האָבן אַ פּראַקטישע באַדייטונג.

עס קען ניט זיין קיין גרעסערער טאָעס, ווי דידאָזיקע מיינונג.

עס איז קיין סאָפעק ניט, אַז די פאָרמען און באַוועג־סיבעס פון די שלאַכטן אין דער קומענדער אייראָפּעאישער רעוואָלוציע וועלן זיך אין אַסאַך הינזיכטן אונטערשיידן פון די אַנטשפּרעכנדיקע באַציאונגען אין דער רוסישער רעוואָלוציע.

נאָר ניט קוקנדיק אַף דעם, בלייבט די רוסישע רעוואָלוציע — גראָד אַדאַנק איר פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער אין יענער באַזונדער באַדייטונג פון דער וואָרט, וועגן וועלכן איך האָב שוין גערעדט — אַ פּראָלאָג פון דער קומענדיקער אייראָפּעאישער רעוואָלוציע. עס איז קיין סאָפעק ניט, אַז דידאָזיקע קומענדיקע רעוואָלוציע קען זיין נאָר אַ פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע און דערצו נאָך אין אַ מער טיפערער באַדייטונג פון דעם וואָרט: אַ פּראָלעטאַרישע, אַ סאָציאַליסטישע לויט איר אינהאַלט. דידאָזיקע קומענדיקע רעוואָלוציע וועט באַווייזן נאָך אין אַ גרעסערן מאָס, פון איין זייט, אַז בלויז האַרטע שלאַכטן, נעמלעך בירגער־קריגן קענען באַפרייען די מענטשהייט פון דעם יאָך פון קאַפּיטאַל, און פון דער אַנדער זייט, אַז נאָר די באַוואוסטזיניקע אין קלאַסן־

הינזיכט פראָלעטאַריער קענען אַרויסטרעטן און וועלן אַרויסטרעטן, אַלס פירער פון דער קאָלאָסאַלער מערהייט עקספּלואַטירטע.

אונז דאַרף ניט אָפּנאַרן די איצטיקע בייסאווילאָם-שטילקייט אין אייראָפּע. אייראָפּע איז טראָגעדיק מיט א רעוואָלוציע. די מעשונעדיקע ווילדע שרעקן פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, די יעסורים פון דעם יאַקרעס רופן אומעטום אַרויס אַ רעוואָלוציאָנערע שטימונג, און די הערשנדיקע קלאַסן — די בורזשואַזיע, און זייערע אָנגעשטעלטע — די רעגירונגען, פאַלן אַלץ מער און מער אַריין אין אַ זאַק-געסל, פון וועלכן זיי קענען ביכלאַל ניט געפינען קיין אויסגאַנג אָן קאָלאָסאַלסטע דערשיטערונגען.

פונקט אַזוי ווי אין רוסלאַנד אין 1905 יאָר האָט זיך אונטער דער אָנפירונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אָנגעהויבן אַ פאָלקס-אויפשטאנד קעגן דער צאַרישער רעגירונג מיטן ציל צו דערקעמפן אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק, אַזוי וועלן אויך די נאָענטסטע יאָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט דערדאָזיקער רויבערישער מילכאָמע ברענגען אין אייראָפּע צו פאָלקס-אויפשטאַנדן אונטער דער אָנפירונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט קעגן דער הערשאַפט פון דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, קעגן די גרויסע באַנקן, קעגן די קאַפּיטאַליסטן, און דידאָזיקע דערשיטערונגען קענען זיך ניט ענדיקן אַנדערש, ווי נאָר מיט דער עקספּראָפּריאַציע פון דער בורזשואַזיע, מיטן זיג פון סאָציאַליזם.

מיר, די אַלטע, וועלן, קען זיין, ניט דערלעבן ביז די אנטשיידענדיקע שלאַכטן פון דערדאָזיקער קומענדיקער רעוואָלוציע. נאָר איך רעכן, אַז איך קען אַרויסזאָגן מיט גרויס זיכערקייט די האָפענונג, דאָס די יוגנט, וועלכע אַרבעט אַזוי אויסגעצייכנט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון דער שווייץ און פון דער גאַנצער וועלט, אַז זי וועט האָבן דאָס גליק ניט נאָר צו קעמפן, נאָר אויך צו זיגן אין דער קומענדיקער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

איבערזעצט פון „פראוודא" פון 22=טן יאנוואר 1925.

# אינהאלט.

פראלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

לעני ן - ביבליאָטעק

סעריע № 1

ב. לענין (וו. אוליאַנאָוו)

# אויסגעוויילטע ווערק

באַנד II טייל 2

## ערשטע רעוואָלוציע

(1907 — 1905)

אידיש: מ. אלטשולער

צענטראַלער פעלקער-פאַרלאַג פון פ. ס. ס. ר.

מאָסקווע 1927

# װעגן דער רעאָרגאַניזירונג פֿון דער פּאַרטײ

I

די טעטיקײטס־באַדינגונגען פֿון אונזער פּאַרטײ ענדערן זיך אַפֿן גרינדלעכסטן אױפֿן. עס איז פֿאַרכאַפּט געװאָרן די פֿרײהײט פֿון פֿאַרזאַמלונגען, פֿאַרײנען, פּרעסע. דידאָזיקע רעכטן זײנען, פֿאַרשטײט זיך, ביזן העכסטן גראַד ניט פֿעסט, און פֿאַרלאָזן זיך אַף די איצטיקע פֿרײהײטן װאָלט געװעזן אַן אומזין, אױב ניט קײן פֿאַרברעכן. דער אַנטשײדענער קאַמף שטײט נאָך פֿאָר, און די צוגרײטונג צו דעמדאָזיקן קאַמף דאַרף שטײן אַפֿן ערשטן פּלאַן. דער קאָנספּיראַטיװער אַפּאַראַט פֿון דער פּאַרטײ דאַרף אײנגעהיט װערן. נאָר צוגלײך דערמיט דאַרף מען אומבאַדינגט אױסנוצן אַפֿן ברײטסטן אױפֿן די איצטיקע פֿאַרהעלטנישמעסיקע ברײטערע האַרכאָװע. עס איז אומבאַדינגט נױטיק פּאַראַלעל מיטן קאָנספּיראַטיװן אַפּאַראַט צו שאַפֿן נײע און נײע, אָפֿענע און האַלב־אָפֿענע, פּאַרטײאישע (און װעלכע שטײען צו צו דער פּאַרטײ) אָרגאַניזאַציעס. אָן דערדאָזיקער לעצטער אַרבעט קאָן מען זיך ניט דענקען צוצופּאַסן אונזער טעטיקײט צו די נײע באַדינגונגען, צו קאָנען לײזן די נײע אױפֿגאַבן.

קעדײ אױפֿצושטעלן די אָרגאַניזאַציע אַף אַ נײעם פֿונדאַמענט, איז נױטיק אַ נײער פּאַרטײ־צוזאַמענפֿאָר. לױטן סטאַטוט איז ער באַשטימט אײן מאָל אין יאָר, באַשטימט אַף מאַי 1906 יאָר, נאָר פֿאַרגיכערן דעם צוזאַמענפֿאָר איז איצט אומבאַדינגט נױטיק. אױב מיר װעלן זיך ניט באַנוצן מיטן מאָמענט, װעלן מיר אים פֿאַרלירן — אין דעם זינען, װאָס די באַדערפֿעניש אין אַן אָרגאַניזאַציע, װעלכע די אַרבעטער פֿילן העכסט שאַרף, װעט זיך אױסגיסן אין פֿאַרקריפּלטע, געפֿערלעכע פֿאָרמען, װעט פֿאַרשטאַרקן װעלכע ניט איז „אומאָפּהענגיקע“ און אַז. װ. מע דאַרף אײלן אָרגאַניזירן זיך אַף אַ נײעם אױפֿן, מע דאַרף אױפֿשטעלן אַף דער אַלגעמײנער באַהאַנדלונג די נײע מעטאָדן, מע דאַרף דרײסט און אַנטשײדן באַשטימען אַ „נײעם קורס“.

די ווענדונג צו דער פּאַרטיי, וועלכע עס ווערט געדרוקט אין היינ-
טיקן נומער און איז אונטערגעשריבן דורכן צ"ק פון אונזער פּאַרטיי*,
באַשטימט דעמדאָזיקן נייעם קורס, לויט מיין טיפער איבערצייגונג, פול-
קום ריכטיק. מיר, די פאַרשטייער פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-
דעמאָקראַטיע, די אַנהענגער פון דער „מערהייט", האָבן ניט איין מאָל
געזאָגט, אַז די דעמאָקראַטיזירונג פון דער פּאַרטיי, דורכגעפירט ביזן
סאָף, איז אומעגלעך געווען בײַ די באַדינגונגען פון קאָנספּיראַטיווער
אַרבעט, אַז דער „וואַל-פּרינציפּ" איז בײַ דידאָזיקע באַדינגונגען אַ פראַזע.
און דאָס לעבן האָט באַשטעטיקט אונזערע ווערטער. אין דער ליטעראַטור
(ז. די בראָשור פונם „אַרבעטער" מיט אַקסעלראָדס** פאָרוואָרט און דעם
בריוו פונם „אַרבעטער, איינעם פון פיל" אין „איסקראַ" און אין דער
בראָשור „אַרבעטער וועגן דער פּאַרטיי-שפּאַלטונג"), האָבן שוין די גע-
וועזענע אַנהענגער פון דער מינדערהייט ניט איינמאָל אָנגעוויזן, אַז
פּאַקטיש האָט זיך קיין שום ערנסטע דעמאָקראַטיזירונג, קיין שום ווירק-
לעכע געוויילטקייט ניט איינגעגעבן דורכצופירן. אָבער די נויטיקייט אי-
בערצוגיין צום וואַל-פּרינציפּ בײַ נייע באַדינגונגען, באַם איבערגאַנג צו
פּאָליטישער פרייהייט, האָבן מיר, באָלשעוויקעס, אַלעמאָל אָנערקענט:
די פּראָטאָקאָלן פון 3-טן צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.א.פּ. דערוויזן דאָס
באַזונדערס איבערצייגנדיק, אויב עס פאָדערן זיך נאָך דערצו באַווייזן.

די אויפגאַבע שטייט, אַף אַזאַ אויפן, קלאָר: איינהיטן דערווייל דעם
קאָנספּיראַטיוון אַפּאַראַט און אַנטוויקלען אַ נייעם, אַן אָפענעם. בענוי-
גייע דעם צוזאַמענפאָר באַטייט דידאָזיקע אויפגאַבע (וואָס איר קאָנ-
קרעטע אויספירונג פאָדערט, פאַרשטייט זיך, פּראַקטישע געניטקייט
און באַקענטשאַפט מיט אַלע באַדינגונגען פון אָרט און צייט), באַטייט
זי אַט וואָס: צונויפרופן דעם 4-טן צוזאַמענפאָר אַפן גרונט פון סטאַטוט
און אין דערזעלבער צייט אָנהויבן טייקעף, טאַקע גלייך, די אָנווענדונג
פון דעם וואַל-פּרינציפּ. דער צ"ק האָט דידאָזיקע פּראָבלעם געלייזט: די
קאָמיטעט-מיטגלידער, אַלס פאַרשטייער פון פולבאַרעכטיקטע אָרגאַני-
זאַציעס פאָרמעל, אַלס פאַרשטייער פון דער פּאַרטייאישער טראַדיציע
רעאַל, פאָרן אַפן צוזאַמענפאָר מיט באַשטימונגס-רעכט אַלפּידין. אויס-
געוויילטע דעלעגאַטן פון אַ ל ע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי, הייסט עס,
אויך פון דער מאַסע אַרבעטער, וואָס גייען אַריין אין דער פּאַרטיי, האָט
דער צ"ק א יי נ גע ל א ד ן, אַפן סמאָך פון זיין רעכט, מיט באַראַטונגס-

---

* זע ביילאַגע נומ. 1. רעד.

** איינער פון די גרינדער פון דער ערשטער רוסלענדישער מאַרקסיסטישער אָרגאַניזאַציע—
„גרופּע פאַר באַפרייען די אַרבעט", אָנטיילנעמער פון דער אַלטער „איסקראַ", בעאייס דער שפּאַל-
טונג — איינער פון די מענשעוויסטישע פירער, געבליבן אַ מענשעוויק, א סוינע פון דער ראַטנ-
מאַכט ביז היינטיקן טאָג. איב.

רעכט. דער צ"ק האָט ווייטער דערקלערט, אַז ער וועט טייקעף פאַרלייגן דעם צוזאַמענפאַר פאַרוואַנדלען דאָסדאָזיקע באַראַטונגס-רעכט אין באַשטימונגס-רעכט. וועלן אָף דעם איינגיין די פולבאַרעכטיקטע דעלעגאַטן פון די קאָמיטעטן?

דער צ"ק דערקלערט, אַז לויט זיין מיינונג, וועלן זיי אומבאַדינגט איינגיין. איך, פערזענלעך, בין טיף אין דעם איבערצייגט. מע קאָן ניט ניט איינגיין אָף אַזאַ מין זאַך. מע קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, אַז די מערהייט אָנפירער פון דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פראָלעטאַריאַט וועט אָף דעם ניט איינגיין. מיר זיינען איבערצייגט, אַז די שטימען פון די פאַרטייטוער, וועלכע ווערן פליסיק רעגיסטרירט דורך דער צייטונג „נאַוואַיאַ זשיזן", וועלן באַוויזן זייער שנעל די ריכטיקייט פון אונזער שטאַנדפונקט: אויב אַפילע עס שטייט פאַר אַ קאַמף פאַר אַזאַ מין שריט (פאַר פאַרוואַנדלען דאָס באַראַטונגס-רעכט אין באַשטימונגס-רעכט), איז דער רעזולטאַט פון דעמדאָזיקן קאַמף צווייפלאַז.

טוט אַ קוק אָף דעדדאָזיקער פראַגע פון דער אַנדערער זייט, ניט פון דעם פאַרמעלן שטאַנדפונקט, נאָר לויטן טאָך. צי דראָט אַ געפאַר דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פון דעם, וואָס דער פלאַן, וועלכן מיר לייגן פאָר, וועט פאַרווירקלעכט ווערן?

אַ געפאַר וואָלט מען געקאָנט איינזעען אין דעם, וואָס אין דער פאַרטיי וועלן אַריין מיטאַמאָל מאַסן ניט סאָציאַל-דעמאָקראַטן. דאַן וועט די פאַרטיי באַטל ווערן אין דער מאַסע; די פאַרטיי וועט אויפהערן צו זיין די באַוואוסטזיניקע פאַרגעשריטענע מאַכנע פונם קלאַס, די פאַרטיי וועט זיך אַראָפּלאָזן צו דער ראָלע פון אַן עק. דאָס וואָלט אָן סאָפעק געווען אַ קלאָגעדיקער פעריאָד. און דידאָזיקע געפאַר וואָלט, בליסאָפיק, געקאָנט באַקומען אַ העכסט ערנסטע באַדייטונג, אויב מיר וואָלטן געהאַט אַ נויגונג צו דעמאַגאָגיע, אויב די יעסוידעס פון פאַרטייאישקייט (די פראָגראַם, די טאַקטישע קלאַלים, די אָרגאַניזאַציאָנעלע דערפאַרונג) וואָלטן אינגאַנצן פעלן אָדער וואָלטן געווען שוואַך און וואַקלדיק. נאָר די מאַיסע איז דאָך דאָס, וואָס דערדאָזיקער „אויב" איז טאַקע באַ אונז ניטאָ. צווישן אונז, באָלשעוויקעס, איז ניט נאָר ניט געווען קיין נויגונג צו דעמאַגאָגיע, נאָר, פאַרקערט, מיר האָבן די גאַנצע צייט אָנטשלאָסן, אָפן און דירעקט געקעמפט מיט די קלענסטע פרואוון פון דעמאַגאָגיע, מיר האָבן געפאָדערט באַוואוסטזיניקייט פון די, וואָס טרעטן אַריין אין דער פאַרטיי, מיר זיינען פעסט באַשטאַנען אָף דער קאָלאָסאַלער באַדייטונג פון דער טראַדיציע אין דעם איניען פון דער פאַרטיי-אַנטוויקלונג, מיר האָבן געפריידיקט דיסציפלין און דערציאונג פון אַלע מיטגלידער פון דער פאַרטיי אין איינער פון די פאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס. באַ אונז איז פאַראַן און שטייט פעסט אונזער פראָגראַם, וועלכע

איז אָפיציעל אָנערקענט פון אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטן און וואָס רופט ניט אַרויס קיין שום קריטיק לויטן טאָך אין אירע גרונט-האַנאַכעס (די קריטיק פון באַזונדערע פונקטן און פאָרמולירונגען איז אַ פולקום געזעצ־לעכע און נויטיקע זאַך אין יעדער לעבעדיקער פאַרטיי). בא אונז זיינען פאַראַן טאַקטישע רעזאָלוציעס, וואָס זיינען קאָנזעקווענט און סיסטע־מאַטיש אויסגעאַרבעט געוואָרן סאַי אָפן צווייטן, סאַי אָפן דריטן צוזאַ־מענפאָר, סאַי דורך פיליאָריקער אַרבעט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטי־שער פרעסע. בא אונז איז פאַראַן אויך אַ וועלכע ניט איז אָרגאַניזאַציאָנס־דערפאַרונג און אַ פאַקטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געשפּילט אַ דערציאונגס-ראָלע און האָט געבראַכט בליסאָפּעק פרוכט, וועלכע מע זעט ניט גלייך, אָבער אָפּלייקענען זיי וואָלטן געקאָנט נאָר בלינדע אָדער פאַרבלענדעטע מענטשן.

ניין, כאַווייִרים, לאָמיר ניט מאַכן קיין גוזמע פון דערדאָזיקער גע־פאַר. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט זיך געשאַפן אַ נאָמען, געשאַפן אַ ריכטונג, געשאַפן קאַדרען אַרבעטער — סאָציאַל-דעמאָקראַטן. און אינם איצטיקן מאָמענט, ווען דער העלדישער פּראָלעטאַריאַט האָט דערוויזן אין דער טאַט זיין גרייטקייט צום קאַמף, און זיין קענען קעמפן סאָלי־דאַריש, אויסגעהאַלטן, פאַר קלאָר-באַגריפענע צילן, קעמפן אין אַ ריין סאָציאַל-דעמאָקראַטישן גייסט — אין אַזאַ מאָמענט וואָלט פאַשעט לע־כערלעך געווען צו צווייפלען אין דעם, אַז די אַרבעטער, וואָס גייען אַריין אין אונזער פאַרטיי און וועלכע וועלן מאָרגן אַריינגיין אין איר, לויט דער איינלאַדונג פון צענט.-קאָמ., וועלן אין 99 פאַלן פון 100 זיין סאָציאַל-דעמאָקראַטן. דער אַרבעטער-קלאַס איז אינסטינקטיוו, סטיכיש סאָציאַל-דעמאָקראַטיש, און די מער ווי צען-יאָריקע אַרבעט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט שוין זייער און זייער ניט ווייניק געטאָן אָפּ צו פאַרוואַנדלען דידאָזיקע סטיכעאישקייט אין באַוואוסטזיניקייט. שאַפט זיך ניט קיין אויסגעטראַכטע שרעק, כאַווייִרים! פאַרגעסט ניט, אַז אין יעדער לעבעדיקער און זיך אַנטוויקלענדיקער פאַרטיי וועלן אַלעמאָל זיין עלעמענטן פון אומשטאַנדהאַפטיקייט, וואַקלעניש, ניטפעסטקייט. נאָר דידאָזיקע עלעמענטן לאָזן זיך און וועלן זיך לאָזן באַאיינפלוסן פון דעם אויסגעהאַלטענעם און צוזאַמענגעשלאָסענעם קערן פון די סאָציאַל-דע־מאָקראַטן.

אונזער פאַרטיי האָט זיך פאַרזעסן אונטער דער ערד. זי פלעגט דאָרט די לעצטע יאָרן דערשטיקט ווערן, ווי עס האָט זיך ריכטיק אויסגעדריקט אַ דעלעגאַט פון 3-טן צוזאַמענפאָר. דאָס אונטערערד פאַלט איין. איז טאַקע דרייסטער פאָרויס, נעמט דאָס נייע געווער, צעטיילט עס צווישן נייע מענטשן, פאַרברייטערט אייערע שטיץ-באַזן, רופט צו זיך אַלע אַרבעטער סאָציאַל-דעמאָקראַטן, שליסט זיי איין אין די רייען פון די

פארטיי-ארגאניזאציעס הונדערטער און טויזנטערווייז. זאלן זייערע דעלעגאטן אויפלעבן די רייען פון אונזערע צענטרען, זאל דורך זיי זיך אריינגיסן דער נייער גייסט פון יונגן רעוואלוציאנערן רוסלאנד. ביז איצט פלעגט די רעוואלוציע באַרעכטיקן און האט באַרעכטיקט אלע טעארעטישע גרונט-האנאכעס פונם מארקסיזם, אלע איקערדיקע לאזונגען פון דער סאציאל-דעמאקראטיע. און די רעוואלוציע האט באַרעכטיקט אויך אונזער, סאציאל-דעמאקראטישע ארבעט, זי האט באַרעכטיקט אונזער האפענונג און גלויבן אין דער עמעסער רעוואלוציאנערקייט פון פראלעטאריאט. לאמיר דאך אפווארפן יעטוועדער קליינלעכקייט אין דער נויטיקער רעפארם פון דער פארטיי: לאמיר זיך טייקעף שטעלן אפן נייעם וועג. דאס וועט בא אונז ניט אפנעמען דעם אלטן קאנספיראטיוון אפאראט (אז די ארבעטער סאציאל-דעמאקראטן אנערקענען און באשטעטיקן אים, איז אן יעדער ספק): דאס לעבן און דער גאנג פון דער רעוואלוציע האבן דאס באוויזן הונדערט מאל אימפאזאנטער, איידער דאס וואלטן געקאנט דערווייזן באשלוסן און באשטימונגען). דאס וועט אונז געבן אויך נייע, יונגע קרעפטן, וועלכע גייען ארויס פון די סאמע טיפעניש פון דעם איינציק ווירקלעך רעוואלוציאנערן און ביזן סאף רעוואלוציאנערן קלאס, וואס האט דעראבערט פאר רוסלאנד א האלבע פרייהייט, וואס וועט פאר אים דעראבערן די פולקומע פרייהייט, וואס וועט דאס פירן דורך דער פרייהייט צום סאציאליזם!

## II

די באשטימונג פון צ"ק פון אונזער פארטיי וועגן צונויפרופן דעם 4-טן צוזאמענפאר פון דער ר.ס.ד.א.פ., וואס איז אפגעדרוקט אין נום. 9 פון „נאוואיא זשיזן“, מאכט אן אנטשיידענעם שריט צו דער פולער דורכפירונג פון דעם דעמאקראטישן פרינציפ אין דער פארטיי-ארגאניזאציע. די וואלן פון די דעלעגאטן אפן צוזאמענפאר (וועלכע קומען צוערשט מיט באראטונגס-רעכט, נאר באקומען דערנאך, בליספעק, באשטימונגס-רעכט) דארפן דורכגעפירט ווערן אין מעשעך פון איין כוידעש. אלע ארגאניזאציעס דארפן, אף אזא אויפן, צוטרעטן ווי מעגלעך גיכער צו באהאנדלען די פראגע וועגן די פערזענלעכקייטן פון די קאנדידאטן און וועגן די אויפגאבן פון דעם צוזאמענפאר. מיט דער מעגלעכקייט פון נייע פרואוון מיצאד דער שטארבנדיקער זעלבסטהערשונג אפצונעמען די צוגעזאגטע פרייהייטן, אנצופאלן אף די רעוואלוציאנערע ארבעטער, און באזונדערס אף זייערע פירער, מוז מען זיך אומאדינגט רעכענען. דעריבער איז קוים צוועקמעסיק (מיטן אויסנאם עפשער פון באזונדערע פאלן) צו פארעפנטלעכן די עמעסע פאמיליעס פון די דעלעגאטן. פון פסעוודאנימען, צו וועלכע עס האט אונז צוגעוואוינט די עפאכע פון פאליטישער

קנעכטשאַפט, דאַרף מען זיך נאָך ניט אָפּזאָגן, קאָלזמאָן די שוואַרצמייעניקעס בלייבן באַ דער מאַכט. עס וואָלט אויך ניט געשאַדט אויסצוקלייבן קאַנדידאַטן צו די דעלעגאַטן, — ווידער, אַפּן אַלטן שטייגער, „אַפּן פאַל פון אַ דורכפאַל“. נאָר אַף די אַלע קאָנספּיראַטיווע פאָרזיכטיקייטן וועלן מיר זיך ניט אָפּשטעלן, ווייל די כאַווײרים, וואָס זיינען באַקענט מיט די אָרטיקע באַדינגונגען פון דער אַרבעט, וועלן לייכט פאַרטיק ווערן מיט אַלע שוועריקייטן, וועלכע קאָנען זיך אַרויסווייזן אין דערדאָזיקער הינזיכט. די כאַווײרים, וואָס האָבן אַ רייכע דערפאַרונג פון רעוואָלוציאָנערער אַרבעט אין די באַדינגונגען פון דער זעלבסטהערשונג, דאַרפן קומען צו הילף מיט זייערע אייצעס אַלע יענע כאַווײרים, וועלכע הויבן אָן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעט באַ נייע „פרייע“ (פרייע דערווייל אין געוויסע באַדינגונגען). זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מיצאַד די מיטגלידער פון אונזערע קאָמיטעטן פאָדערט זיך דערביי אַסאַך טאַקט: די פריערדיקע פאָרמעלע פּרעראָגאַטיוון (רעכט) פאַרלירן איצטער אומפאַרמיידלעך זייער באַדייטונג, און עס איז נויטיק גאַנץ אָפּט ווידעראַמאָל אָנצוהויבן פון „אָנהויב“, ד ע ר ו ו י י ז ן די ברייטע שיכטן נייע פאַרטיי־כאַווײרים די גאַנצע וויכטיקייט פון אַן אויסגעהאַלטענער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּראָגראַם, טאַקטיק, אָרגאַניזאַציע. מע טאָר ניט פאַרגעסן, אַז ביז איצט האָט מען זייער אָפט געהאַט צו טאָן מיט רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן זיך אויסגעטיילט פון דער געגעבענער סאָציאַלער שיכט, איצט וועלן מיר אָבער האָבן צו טאָן מיט טיפּישע פאָרשטייער פון דער מאַסע: דידאָזיקע ענדערונג פאָדערט אַן ענדערונג ניט נאָר פון די אויפאַנים פון פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע (די נויטיקייט פון אַ גרעסערער פּאָפּולערקייט, קענען צוגיין צו אַ פראַגע, קענען אַפּן פּאָשעטסטן, אַנשוילעכסטן און ווירקלעך איבערצייגנדיקן אויפן דערקלערן די גרונט־האַנאָכעס פון סאָציאַליזם), נאָר אויך פון אָרגאַניזאַציע.

אין דערדאָזיקער נאָטיץ וואָלט איך געוואָלט אָפּשטעלן זיך אַף איין זייט פון די נייע אָרגאַניזאַציאָנעלע אויפגאַבן. די באַשטימונג פון צ"ק לאַדט איין דעלעגאַטן אַפּן צוזאַמענפאָר פון א ל ע פאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס און רופט אַ ל ע אַרבעטער—סאָציאַל־דעמאָקראַטן אַריינצוטרעטן אין אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס. קעדיי דערדאָזיקער פרומער וואונש זאָל אויסגעפירט ווערן איינדערעמעסן, איז ניט גענוג איינפאַך „איינצולאַדן“ די אַרבעטער, איז ניט גענוג איינפאַך צו פאַרגרעסערן די צאָל אָרגאַניזאַציעס פונם פריערדיקן טיפּ. ניין, צוליב דעם איז נויטיק, אַז אַלע כ"כ צוזאַמען זאָלן זעלבשטענדיק, שעפעריש אויסאַרבעטן די נ י י ע פאָרמען פון דער אָרגאַניזאַציע. דאָ קאָן מען ניט אָנווייזן קיינע פאָרוים באַשטימטע נאָרמען, ווייל דאָס איז אַלץ אַ נייע אַרבעט; דאָ דאַרף אָנגעווענדט ווערן די באַקענטשאַפט מיט די אָרטיקע באַדינגונגען און, איבערהויפּט, די

איניציאַטיוו פון אַ ל ע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי. די נייע פאָרם פון דער אָרגאַניזאַציע אָדער, ריכטיקער געזאָגט, די נייע פאָרם פון דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן גרונט-קעמערל פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי דאַרף אומבאַדינגט זיין אַ מער ברייטערע, אין פאַרגלייך מיט די אַלטע קרייזלעך. מעגלעך, אויסער דעם, אַז דאָס נייע קעמערל דאַרף זיין ניט אַזוי שטרענג אויסגעפאָרמירט, אַ „פרייערע", „לויזע" אָרגאַניזאַציע. בײַ אַ פולער פריי־הייט פין פאַריינען און בײַ אַ פולער געזיכערטקייט פון די בירגערלעכע רעכט פון דער באַפעלקערונג, וואָלטן מיר, פאַרשטייט זיך, געדאַרפט גרינדן אומעטום סאָציאַל-דעמאָקראַטישע (ניט בלויז פראָפעסיאָנעלע, נאָר פּאָליטישע, פּאַרטייאישע) פאַריינען. בײַ די איצטיקע באַדינגונגען דאַרף מען שטרעבן דערצו, אַז מע זאָל זיך דערנעענטערן צו דעמדאָזיקן ציל דורך פאַרשיידענע וועגן און מיטלען, וועלכע מיר וועלן נאָר האָבן אין אונזער רעשות.

מע דאַרף טייקעף אויפוועקן די איניציאַטיוו פון אַלע פּאַרטיי-טוער און פון אַלע אַרבעטער, וועלכע פילן מיט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. מע דאַרף גלייך טאָקע אָרגאַניזירן אומעטום און איבעראַל רעפעראַטן, שמו־עסן, מיטינגען, מאַסאָװקעס מיט מיטיילונגען וועגן 4-טן צוזאַמענפאָר פון ר.ס.ד.א.פּ., מיט דער דערקלערונג פון די אויפגאַבן פון דעמדאָזיקן צו־זאַמענפאָר אין דער פאָפולערסטער און צוגענגלעכסטער פאָרם, מיט דער אָנווייזונג אַף די נייע פאָרמען פון דער אָרגאַניזירונג פון דעם צוזאַמענ־פאָר, מיטן צורוף צו אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, זיי זאָלן אַנטייל נעמען אינם אויסאַרבעטן אַף נייע יעסוידעס אַ ווירקלעך פראָלעטאַרישע סאָ־ציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. אַזאַ אַרבעט וועט געבן אַ שלאַל דער־פאַרונגס-אָנווייזונגען, זי וועט אַרויסרוקן אין צוויי-דריי וואָכן (אויב מע זאָל זיך ענערגיש נעמען פאַרן איניען) נייע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע קוי־כעס פון די אַרבעטער גופע, זי וועט אויפלעבן אין באַדייטנדיק ברייטע־רע שיכטן דעם אינטערעס צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועלכע מיר האָבן איצט באַשלאָסן אַפּדאָסניי איבערצובויען צוזאַמען מיט אַלע כאַווירים — אַרבעטער. טייקעף וועט אַוועקגעשטעלט ווערן אַף אַלע פאַרזאַמלונגען די פראַגע וועגן באַשאַפן פאַריינען, אָרגאַניזאַציעס, גרופּן פון דער פּאַרטיי. יעדער פאַריין, אָרגאַניזאַציע, גרופּע וועט טייקעף אויסקלייבן זיך אַ ביוראָ אָדער אַ פאַרוואַלטונג, אָדער אַ פאַראָרדענונגס־קאָמיסיע, מיט איין וואָרט, אַ צענטראַלע און באַשטענדיקע איינריכטונג, וואָס זאָל פירן די איניאָנים פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל פאַרקערן מיט די אָרטיקע פּאַרטיי-איינריכטונגען, וואָס זאָל באַקומען און פאַר־שפרייטן פּאַרטיי-ליטעראַטור, וואָס זאָל זאַמלען אָפּצאָלונגען אַף פּאַרטיי־אַרבעט, אַף איינאָרדענען פאַרזאַמלונגען, לעקציעס, רעפעראַטן, לעסאָף, אַף צוגרייטן די וואַלן פון אַ דעלעגאַט אַפן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר. די קאָ־

מיטעטן פון דער פאַרטיי וועלן זאָרגן, פאַרשטייט זיך, וועגן הילף יעדער אַזעלכער אָרגאַניזאַציע, וועגן באַזאָרגן זי מיט מאַטעריאַל אַף צו באַקענען, וואָס איז אַזוינס די ר.ס.ד.א.פּ., וואָס פאַר אַ געשיכטע זי האָט און וועלכע זיינען אירע איצטיקע גרויסע אויפגאַבן.

ווייטער, עס איז צייט צו זאָרגן וועגן דעם, אַז מע זאָל שאַפן ווירטשאַפטלעכע, אַזוי צו זאָגן, שטיץ-פונקטן פון די אַרבעטער-סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס אין דער פאָרם פון גאַרקיכן, טיי-הייזער, ביר-האַלן, ביבליאָטעקן, לייען-זאַלן, טירן* אוכעדוימע, אוכעדוימע, וואָס מיטגלידער פון דער פאַרטיי וועלן זיי האַלטן. מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אויסער דורך דער „זעלבסטהערשערישער" פּאָליציי, וועלן די אַרבעטער-סאָציאַל-דעמאָקראַטן פאַרפאָלגט ווערן פון די „זעלבסטהערשערישע" באַלעבאַטים דורך דעם, וואָס זיי וועלן אָפּזאָגן פון דער אַרבעט די אַגיטאַטאָרן, און דעריבער איז איינאָרדענען אַ באַזע, וואָס זאָל זיין ווי מעגלעך מער אומאָפּהענגיק פון ווילקיר פון די פאַבריקאַנטן, — אַ העכסט וויכטיקער איניען.

בּיכלאַל גערעדט, דאַרפן מיר, סאָציאַל-דעמאָקראַטן, אַף פאַרשיידענע אויפאַנים אויסנוצן די איצטיקע פאַרברייטערונג פון האַנדלונגס-פרייהייט, און וואָס געזיכערטער עס וועט זיין דידאָזיקע פרייהייט, אַלץ ענערגישער וועלן מיר אַרויסרוקן דעם לאָזונג: „אין פאָלק אַריין!" איצטער וועט זיך די איניציאַטיוו פון די אַרבעטער גופא אַרויסווייזן אין אַזאַ פאַרנעם, וועגן וועלכן מיר, די נעכטיקע קאָנספּיראַטאָרן און „קרייזל-לייט" האָבן אַפילע ניט געוואַגט צו טרוימען. איצט גייט און עס וועט גיין דער איינפלוס פון די אידייען פונם סאָציאַליזם אַף די מאַסן פונם פּראָלעטאַריאַט דורך אַזעלכע וועגן, וועלכע מיר וועלן אָפט גאָרניט קאָנען אייננעען. אַנטשפּרעכנדיק אָט די באַדינגונגען, וועט מען דאַרפן זאָרגן וועגן אַ מער ריכטיקערער פאַנאַנדערטיילונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער

* איך ווייס ניט קיין אַנטשפּרעכנדיק רוסיש וואָרט און איך רוף אָן „טיר" אַ געביידע פאַר ציילשיסעריי, וואו עס איז פאַראַן אַ פאַרגרייט פון יעדערליי געווער און יעדער, ווער עס וויל, קומט און פאַר אַ קליין געצאָלט שיסט ער אין ציל פון רעוואָלווערן און ביקסן. אין רוסלאַנד איז דערקלערט די פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען און פאַראיינען. די בירגער האָבן דאָס רעכט צונויפקלייבן זיך אויך צוליב לערנען זיך שיסן. קיין געפאַר קאָן דאָ פאַר קיינעם ניט זיין. אין יעדער אייראָפּעאישער גרויסער שטאָט וועט איר באַגעגענען טירן, וואָס זיינען אָפן פאַר אַלעמען — אין קעלער-לאָקאַלן, אַמאָל הינטערן שטאָט און ד. גל. און פאַר אַרבעטער איז גאָר ניט איבעריק צו לערנען זיך שיסן, לערנען זיך ווי צו באַגיין זיך מיט געווער. פאַרשטייט זיך, אַז ערנסט און אין אַ ברייטן פאַרנעם וועלן מיר זיך קאָנען נעמען פאַר אָט דעם איניען בלויז דאַן, ווען עס וועט געזיכערט זיין די פרייהייט פון פאַראיינען און מע וועט קאָנען שלעפּ צום געריכט די פּאָליצייאישע מענוואַלים, וועלכע וואָלטן נאָר געהאַט די האָזע צו פאַרמאַכן אַזעלכע איינריכטונגען.

לעניגס באַמערקונג

אינטעליגענץ*, זי זאָל זיך אומזיסט ניט שטופּן דאָרט, וואו די באַוועגונג האָט זיך שוין געשטעלט אַף די פיס און באַגייט זיך, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, מיט די אייגענע קויכעס, אַז זי זאָל גיין אין די „אונטנס“, וואו די אַרבעט איז שוואַכער, די באַדינגונגען האַרבער, די נויט אין דערפאַרענע און וויסנדיקע מענטשן שטאַרקער, וואו די קוואַלן פון ליכט זיינען ווייניקער, דאָס פּאָליטישע לעבן שלאָגט שוואַכער. „אין פאָלק אַריין“ דאַרפן מיר איצט גיין אויך אַפן פאַל פון וואַלן, אין וועלכע עס וועט אָנטייל נעמען די גאַנצע באַפעלקערונג פון די פּראָווינצן ווינקעלעך אַפילע, — און (דאָס איז נאָך וויכטיקער) אַפן פאַל פון אַן אָפענעם קאַמף, קעדיי צו פאַראַליזירן די רעאַקציאָנערקייט פון דער פּראָווינציעלער וואַנדייע**, קעדיי צו זיכערן, עס זאָלן זיך פאַרשפּרייטן איבערן גאַנצן לאַנד, צווישן אַלע מאַסן פון פּראָלעטאַריאַט, יענע לאָזונגען, וועלכע וועלן גיין פון די גרויסע צענטרען.

פאַרשטייט זיך, יעדער עקסטרעמקייט איז שעדלעך; צוליב אַ פולקום פעסטער און „מוסטערהאַפטער“, ווי ווייט מעגלעך, אָוועקשטעלונג פון דער זאַך וועט אונז אַפט אויסקומען אויך איצטער נאָך צו קאָנצענטרירן די בעסטע קויכעס אין דעם אָדער יענעם וויכטיקן צענטר. די דערפאַרונג וועט באַווייזן, וואָס פאַר אַ פּראָפּאָרציע מע דאַרף איינהיטן אין דעם. אונזער אויפגאַבע איצט איז ניט אַזוי פיל אויסטראַכטן נאָרמען פאַר דער אָרגאַניזאַציע אַף נייע יעסוידעס, ווי פאַנאַנדערוויקלען אַ סאַמע ברייטע און דרייסטע אַרבעט, קעדיי אַפן 4־טן צוזאַמענפאָר אונטערצופירן אַ סאַכאַקל און צוגעבן אַ פאָרם דער פּאַרטייאישער דערפאַרונג.

## III

אין די ערשטע צוויי סקיצן האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אַף דער אַלגעמיינער באַדייטונג פון דעם וואַל־פּרינציפּ אין דער פּאַרטיי און אַף דער נויטיקייט פון נייע אָרגאַניזאַציאָנס־קעמערלעך און אָרגאַניזאַציאָנס־

* אַפן דריטן צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי האָב איך פאַר דער פּאַרטיי אויסגעדריקט אַ וואונטש, אַז אין די קאָמיטעטן פון דער פּאַרטיי זאָל אויסקומען, בערעך, 8 אַרבעטער אַף 2 אינטעליגענטן. ווי פאַרעלטערט דערדאָזיקער וואונטש איז.

איצט דאַרף מען ווינטשן, אַז אין די נייע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס זאָל זיין אַף איין פּאַרטיימיטגליד פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַט־ישער אינטעליגענץ עטלעכע הונדערט אַרבעטער סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

לעינינס באַמערקונג

** אַ געגנט אין פראַנקרייך, וואו עס איז בעשאַס דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אויפגעהויבן געוואָרן אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אויפשטאַנד פון די פּויערים, אונטער וואַנדייע מיינט מען — קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער פּויערשער אויפשטאַנד איבּ.

פאָרמען. איצט לאָמיר באַטראַכטן נאָך איין העכסט אַקטועלע פראַגע, נעמלעך: די פראַגע וועגן דער פאַרטייאישער פאַרייניקונג.

פאַר קיינעם איז קיין סאָד ניט, אַז אַ קאָלאָסאַלע מערהייט פון די אַרבעטער — סאָציאַל־דעמאָקראַטן איז העכסט אומצופרידן מיט דער פאַר־טיי־צעשפּאַלטונג און פאָדערט פאַרייניקונג. פאַר קיינעם איז קיין סאָד ניט, אַז די צעשפּאַלטונג האָט אַרויסגערופן אַ געוויסע אָפּקילונג מיצאַד די אַרבעטער — סאָציאַל־דעמאָקראַטן (אָדער די, וואָס זיינען גרייט צו ווערן סאָציאַל־דעמאָקראַטן) צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי.

אַף דעם, אַז די „שפּיצן" פון דער פאַרטיי וועלן זיך אַליין פאַריי־ניקן, האָבן די אַרבעטער קימאַט פאַרלאָרן די האָפענונג. די נויטיקייט פון אַ פאַרייניקונג איז פרינציפּיעל אָנערקענט געוואָרן סאַי דורכן 3־טן צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.א.פּ., סאַי דורך דער קאָנפערענץ פון די מענ־שעוויקעס אין מאַי היינטיקס יאָר.

פון דעמאָלט אָן איז דורכגעגאַנגען אַ האַלב יאָר, און די פאַרייניקונג האָט זיך קימאַט ווי ניט אַ רוק געטאָן פאָרויס. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַן אומגעדולדיקייט. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס דער „אַרבעטער, איינער פון פיל", וועל־כער האָט געשריבן וועגן פאַרייניקונג אין „איסקראַ" און אין אַ בראָשור, וואָס איז אַרויסגעגעבן פון דער „מערהייט" („די אַרבעטער וועגן דער פאַרטיי־שפּאַלטונג", אויסגאַבע פון צ"ק, זשענעווע 1905 י.) האָט, לעסאָך, אַ דראָע געטאָן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ מיט די „פויסטן פון אונטן". אַ טייל סאָציאַל־דעמאָקראַטן (די מענשעוויקעס) איז דידאָזיקע דראָאונג דאָן ניט געפעלן געוואָרן, אַנדערע (די באָלשע־וויקעס) האָבן געפונען, אַז די דראָאונג איז געזעצלעך און איז אין גרונט אַ פולקום גערעכטע. מיר שיינט, אַז איצט איז געקומען די צייט, ווען די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער — סאָציאַל־דעמאָקראַטן קאָנען און דאַרפן פאַרווירקלעכן זייער קאַוואָנע (איך זאָג ניט „דראָנג", ווייל פון דעמדאָזיקן וואָרט שמעקט מיט באַשולדיקונגען, דעמאַגאָגיע, און מיר דאַרפן מיט אַלע קויכעס אויסמיידן סאַי דאָס, סאַי יענץ). אינדערעמעסן, איצט איז געקומען אָדער עס קומט, אַלנפאַלס, אַ צייט, ווען דעם וואַל־פרינציפּ קאָן מען אָנווענדן אין דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע ניט אַף וואָרט, נאָר אין דער טאַט, ניט אַלס שיינע, אָבער פוסטע פראַזע, נאָר אַלס ווירקלעך נייעם פרינציפּ, וועלכער באַנייט ווירקלעך, וועלכער פאַר־ברייטערט און פאַרשטאַרקט די פאַרטיי־פאַרבינדונגען. די „מערהייט" איז דער פערזאָן פון דעם צ"ק האָט דירעקט גערופן טייקעף אָנצוואָווענדן און איינפירן דעם וואַל־פרינציפּ. די מינדערהייט גייט מיטן זעלבן וועג. און די אַרבעטער—סאָציאַל־דעמאָקראַטן בילדן אַ קאָלאָסאַלע, איבערוועגנדיקע

מערהייט אין אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, איינריכטונ־גען, פאַרזאַמלונגען, מיטינגען און אַז. וו.

הייסט עס, אַז איצט איז פאַראַן די מעגלעכקייט ניט נאָר איינצו־ריידן פאַרייניקן זיך, ניט נאָר דערשלאָגן זיך האַוּוטאָכעס וועגן פאַ־רייניקן זיך, נאָר פאַרייניקן אינדערעמעסן דורך אַ פּאָשעטן באַשלוס פון דער מערהייט אָרגאַניזירטע אַרבעטער סאַי אין דער, סאַי אין יענער פראַקציע. דאָ וועט ניט זיין קיין שום „אָנבינדן", ווייל אין פרינציפּ איז די נויטיקייט פון איינהייט אָנערקענט דורך אַלעמען, און פאַר די אַר־בעטער שטייט נאָר פאַר פראַקטיש צו דערלייזן אַ פרינציפּיעל דערלייזטע פראַגע.

די באַציאונגען פון דער אינטעליגענטישער און פּראָלעטאַרישער (אַרבעטערישער) פונקציע אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־באַוועגונג קאָן מען דאָך, איך מיין, גענוג פּינקטלעך אויסדריקן דורך אַזאַ אַלגעמיינער פאָרמול: די אינטעליגענץ באַשליסט גוט פראַגן „פרינ־ציפּיעל", זי צייכנט גוט אַ סכעמע, זי אורטיילט גוט וועגן דער נויטיקייט צו טאָן.... און די אַרבעטער טוען, ווענדן אָן די גראָע טעאָריע אין לעבע־דיקן לעבן.

און איך וועל אַפּ קיין האָר ניט אַריינפאַלן אין דעמאַגאָגיע, איך וועל קלאָל ניט דערנידערן די גרויסע ראָלע פון באַוואוסטזיניקייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, איך וועל אין ערגעץ ניט אָפּשוואַכן די קאָלאָסאַלע באַדייטונג פון דער מאַרקסיסטישער טעאָריע, פון די מאַרקסיסטישע פרינציפּן, אויב איך וועל זאָגן איצט: מיר האָבן באַשאַפן סאַי אָפּן צו־זאַמענפאָר, סאַי אַפּ דער קאָנפערענץ אַ „גראָע טעאָריע" פון פאַרייניקן די פאַרטיי. כאַווירים אַרבעטער! העלפט אונז אָנווענדן אָט די גראָע טעאָריע אין לעבעדיקן לעבן! גייט אין אַ קאָלאָסאַלער צאָל אין די פאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, מאַכט פון אונזער פערטן צוזאַמענפאָר און פון דער מענשעוויסטישער צווייטער קאָנפערענץ אַ אימפּאָזאַנטן און גראַנ־דיעזן צוזאַמענפאָר פון אַרבעטער — סאָציאַל־דעמאָקראַטן. פאַרנעמט זיך צוזאַמען מיט אונז מיט דער פראַקטישער פראַגע וועגן צונויפגיסונג, — זאָל אין דערדאָזיקער פראַגע, אַלס אויסנאַם (דאָס איז אַזאַ אויסנאַם, וועל־כער באַשטעטיקט געוויינלעך דעם קלאָל!) זיין אַפּ איין צענטל טעאָריע און אַפּ ניין צענטל פראַקטיק. כ'לעבן, אַזאַ וואונש איז געזעצלעך און היסטאָריש נויטווענדיק און פּסיכאָלאָגיש פאַרשטענדלעך. מיר האָבן אַזוי פיל צייט „טעאָרעטיזירט" (אַמאָל, — וואָס זאָל מען לייקענען, — לע־וואַטאָלע) אין דער אַטמאָספער פון עמיגראַנטעריי, אַז עס שאַדט ניט איצט, כ'לעבן, אַביסעלע, אַ האָרעלע „איבערציען דעם בויגן אין אַן אַנ־

דער זייט" און אַ רוק טאָן פֿאָרויס אַביסעלע מער פּראַקטיק. אין דער פֿראַגע וועגן פֿאַרייניקונג, וועגן וועלכער אין צוזאַמענהאַנג מיט די אורזאַכן פֿון דער שפּאַלטונג, מיר האָבן געפּאַטערט אַ יאַם טינט און אַ שלאַל פּאַפּיר, אין דערדאָזיקער פֿראַגע איז אַזאַ האַנדלונגס-אויפֿן אומבאַדינגט פּאַסיק. ביפּראַט האָבן מיר, עמיגראַנטן, זיך פֿאַרבעגקט נאָך פּראַקטיק. און דערצו נאָך האָבן מיר אָנגעשריבן שוין אַ זייער גוטע און פֿולע פּראָגראַם פֿון דער גאַנצער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. לאָמיר זיך טאַקע פֿאַרייניקן אויך צו מאַכן דידאָזיקע רעוואָלוציע!

„גאָוואַיאַ זשיזן" נומערן 9, 13 און 14,
פֿון 10, 15 און 16-טן נאָיאַבר 1905 י.

# דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס פּויערטום

דער צוזאַמענפֿאָר פֿון דעם פּויערים-פֿאַריין אין מאָסקווע, וואָס קומט איצט פֿאָר, רוקט ווידער אָרויס אָף דער טאָג-אָרדענונג די אַקטועלע פֿראַגע וועגן דער באַציאונג פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע צו דער פּויערים-באַוועגונג. פֿאַר די רוסישע מאַרקסיסטן איז דידאָזיקע פֿראַגע אַלעמאָל געווען אַ טאָג-פֿראַגע באַם באַשטימען זייער פּראָגראַם און טאַקטיק. נאָך אין דעם ערשטן פּראָיעקט פֿון פּראָגראַם פֿון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין 1883 יאָר אין אויסלאַנד דורך דער „גרופּע פֿאַר באַפֿרייען די אַרבעט" איז אָפּגעגעבן געוואָרן די סאַמע ערנסטע אויפֿמערקזאַמקייט דער פּויערים-פֿראַגע.

פֿון יענער צייט אָן קאָן מען ניט אָנרופֿן קיין איין גרויס ווערק פֿון מאַרקסיסטן, וואָס איז געווידמעט אַלגעמיינע פֿראַגן, קיין איין סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פּרעסע-אָרגאַן, וואָס זאָל ניט איבערכאַזערן, אַנטוויקלען, אָנווענדן צו באַזונדערע פֿאַלן די מאַרקסיסטישע אָנשויאונגען און לאָזונגען.

איצט איז די פֿראַגע וועגן דער פּויערים-באַוועגונג געוואָרן אַ טאָג-פֿראַגע ניט נאָר פֿון טעאָרעטיקער, נאָר פֿון אומיטלבאַרסט פּראַקטישער באַדייטונג. איצט דאַרף מען פֿאַרוואַנדלען אונזערע אַלגעמיינע לאָזונגען אין דירעקטע צורופֿן, וואָס זיינען געווענדעט פֿון דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט צום רעוואָלוציאָנערן פּויערטום. איצט איז געקומען דער מאָמענט, ווען דאָס פּויערטום טרעט אָרויס אַלס באַוואוסטזיניקער שעפֿער פֿון דער נייער אָרדענונג פֿונם רוסישן לעבן. און פֿון דעם וואוקס פֿון דער באַוואוסטזיניקייט פֿון דעם פּויערטום הענגט אָפּ אין אַ קאָלאָסאַלן גראַד דער גאַנג און דער אויסגאַנג פֿון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע.

וואָס וויל דאָס פויערטום פון דער רעוואָלוציע? וואָס קאָן געבן די רעוואָלוציע דעם פויערטום? — אָט זיינען צוויי פראַגן, וועלכע עס איז מעכויעוו צו לייזן יעדער פּאָליטישער טוער און באַזונדערס יעדער באַוואוסטזיניקער אַרבעטער, וועלכער איז אַ פּאָליטישער טוער אין בעסטן זין פון וואָרט, ניט אין זין פון דער באַנאַלער בורזשואַזער פּאָליטיקמאַכעריי.

דאָס פויערטום וויל ערד און פרייהייט. וועגן דעם קאָן קיין צוויי מיינונגען ניט זיין. אַלע באַוואוסטזיניקע אַרבעטער ווילן און דערשלאָגן זיך, אַז דאָס פויערטום זאָל באַקומען די גאַנצע ערד און די גאַנצע פרייהייט. „די גאַנצע ערד“ — הייסט ניט באַנוגענען זיך מיט קיינע טיילווייזע האַנאָכעס און נעדאָוועס, הייסט — ניט אויסרעכענען אַף אַ פּאַרשטענדיקונג צווישן די פויערים מיט די פריצים, נאָר אַף דער פאַרניכטונג פון דעם פריצישן ערד־אייגנטום. און די פּאַרטיי פון דעם באַוואוסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט, די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, האָט זיך אַפן אַנטשיידנסטן אויפן אַרויסגעזאָגט אָט אין דעם זין: אַף איר דריטן צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָרגעקומען אין מאי הייגנטיקס יאָר, האָט די ר.ס.ד.א.פ. אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער עס ווערט דירעקט געזאָגט וועגן שטיצן די פויערישע רעוואָלוציאָנערע פאָדערונגען, איינשליסנדיק די קאָנפיסקירונג פון אַלע פּריוואַט־באַזיצערישע ערדן. דידאָזיקע רעזאָלוציע באַווייזט קלאָר, אַז די פּאַרטיי פון די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער שטיצט די פויערישע פאָדערונג פון דער גאַנצער ערד. און אין דערדאָזיקער הינזיכט פאַלט די רעזאָלוציע פון דער צווייטער העלפט פון אונזער פאַרטיי לויטן אינהאַלט אינגאַנצן צוזאַמען מיט דער רעזאָלוציע פון 3־טן צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.א.פ.

„די גאַנצע פרייהייט“ — דאָס באַטייט די געוויילטקייט פון די באַאַמטע און אַמטלעכע פּערזאָנען, וואָס פאַרוואַלטן מיט די געזעלשאַפטלעכע און מעלוכעשע איניאָנים. „די גאַנצע פרייהייט“ — דאָס באַטייט די פולע פאַרניכטונג פון אַזאַ מעלוכע־מאַכט, וועלכע איז ניט פולקום און אויסשליסלעך „אָפּהענגיק פונם פאָלק“, וועלכע איז ניט אויסגעוויילט פונם פאָלק, וואָס גיט ניט אָפּ קיין דין וועכעשבן דעם פאָלק, וואָס קאָן ניט אומגעביטן ווערן פון פאָלק. „די גאַנצע פרייהייט“ — דאָס באַטייט, אַז ניט דאָס פאָלק דאַרף זיך אונטערוואַרפן די באַאַמטע, נאָר די באַאַמטע דאַרפן זיך אונטערוואַרפן דעם פאָלק.

פאַרשטייט זיך, אַז ניט אַלע פויערים, וואָס קעמפן פאַר ערד און פרייהייט, באַציִען זיך פולקום באַוואוסטזיניק צו דעמדאָזיקן קאַמף און דערגייען ביז דער פאָדערונג פון אַ רעפּובליק. נאָר די דעמאָקראַטישע ריכטונג פון די פויערישע פאָדערונגען שטייט אויסער יעדן ספק. דעריבער קאָן דאָס פויערטום זיכער זיין, אַז דער פּראָלעטאַריאַט וועט עס

שטיצן אין דידאָזיקע פאָדערונגען. די פויערים דאַרפן וויסן, אַז די רויטע פאָן, וואָס איז אויפגעהויבן אין די שטעט, איז אַ פאָן פון קאַמף פאַר די נאָענטסטע און טעגלעכע פאָדערונגען ניט בלויז פון די אינדוסטריעלע און דאָרפישע אַרבעטער, נאָר אויך פון די מיליאָנען און צענדליקער מיליאָנען קליינע ערדאַרבעטער.

די רעשטן פון לייבאייגנטום אין פאַרשיידענע פאָרמען און געשטאַלטן דריקן ביז איצט מיט אַ אָנראַכמאָנעסדיקן יאָך די גאַנצע פויערישע מאַסע, און די פראָלעטאַריער אונטער דער רויטער פאָן האָבן דערקלערט אַ מילכאָמע דעמדאָזיקן יאָך.

אָבער די רויטע פאָן באַטייט ניט נאָר, אַז דער פראָלעטאַריאַט שטיצט די פויערישע פאָדערונגען. זי באַטייט נאָך זעלבשטענדיקע פאָדערונגען פון דעם פראָלעטאַריאַט. זי באַטייט אַ קאַמף ניט נאָר פאַר ערד און פרייהייט, נאָר אויך אַ קאַמף קעגן יעדער עקספּלואַטאַציע פון איין מענטש דורך דעם אַנדערן, אַ קאַמף קעגן דעם דאַלעס פון די פאָלקס־מאַסן, אַ קאַמף קעגן דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַל! איז אָט דאָ שטעלט זיך פאַר אונז די צווייטע פראַגע: וואָס קאָן געבן די רעוואָלוציע דעם פויערטום*? אַסאַך אויפריכטיקע פריינט פון די פויערים (צווישן זיי, לעמאָשל, די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן) רעכענען זיך ניט מיט דערדאָזיקער פראַגע, זיי באַמערקן ניט די וויכטיקייט אירע. זיי מיינען, אַז עס איז גענוג אוועקצושטעלן און צו לייזן די פראַגע, וואָס ווילן די פויערים, אַז עס איז גענוג צו באַקומען דעם ענטפער: ערד און פרייהייט. דאָס איז אַ גרויסער פעלער. אַ פולקומע פרייהייט, אַ פולקומע געוויילטקייט פון אַלע באַאַמטע, איינשליסנדיק אויך דעם, וואָס שטייט אין שפּיץ פון דער מעלוכע, וועלן ניט באַזייטיקן די הערשאַפט פון קאַפּיטאַל, וועלן ניט פאַרניכטן די רייכקייט פון אייניקע און דעם דאַלעס פון מאַסן. די פולקומע פאַרניכטונג פון פריוואַט־אייגנטום אַף ערד וועט אויך ניט פאַרניכטן די הערשאַפט פון קאַפּיטאַל, ניט דעם דאַלעס פון די מאַסן. אויך אַף דער ערד, וואָס געהערט דעם גאַנצן פאָלק, וועט די ווירטשאַפט פירן זעלבשטענדיק בלויז יענער, ווער עס באַזיצט קאַפּיטאַל, בלויז יענער, בא וועמען עס איז פאַראַן מאַשינען, פי, זריע־פאַרגרייטן, געלט־מיטלען ביכלאַל און אַז. וו. און דער, בא וועמען עס איז גאָרניט ניטאָ, אויסער אַרבעטס־הענט, וועט שטענדיק בלייבן אַ קנעכט פון קאַפּיטאַל, אַפילע בא אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק, אַפילע ווען די ערד וועט געהערן דעם גאַנצן פאָלק. דער געדאַנק וועגן דער „סאָציאַליזאַציע“ פון דער ערד אָן דער סאָציאַליזאַציע פון דעם קאַפּיטאַל, דער געדאַנק וועגן דער מעגלעכקייט פון אַן אויס־

* מיר איבערזעצן אַזוי ווי ס'שטייט אינם רוסישן טעקסט — “крестьянству”, אָבער פונם גאַנצן קאָנטעקסט איז קלאָר, אַז דאָ האָט געדאַרפט שטיין: „דעם פראָלעטאַריאַט“.
איב.

געגלייכטן ערד-באַזיץ באַ דער עקזיסטענץ פון קאַפּיטאַל און סכוירע-ווירטשאַפט איז אַ טאָעס. דער סאָציאַליזם האָט קימאַט אין אַלע לענדער פון אייראָפּע איבערגעלעבט אַזעלכע צייטן, ווען דעמדאָזיקן טאָעס, אָדער ענלעכע טאָעסן האָט געהאַט די מערהייט. די קאַמפּס-דערפאַרונג פון אַרבעטער-קלאַס אין אַלע לענדער האָט באַוויזן אין דער טאַט די גאַנצע געפאַר פון אַזאַ טאָעס, און פון אים האָבן זיך איצט פולקום באַפרייט די פּראָלעטאַריער — סאָציאַליסטן פון אייראָפּע און אַמעריקע.

הייסט עס, אַז די רויטע פאָן פון די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער באַטייט, ערשטנס, אַז מיר שטיצן מיט אַלע קויכעס דעם פויערישן קאַמף פאַר דער גאַנצער פרייהייט און פאַר דער גאַנצער ערד; צווייטנס, באַטייט זי, אַז מיר שטעלן זיך אָפּ דעם ניט אָפּ, נאָר מיר גייען ווייטער. כוץ דעם קאַמף פאַר פרייהייט און ערד פירן מיר אַ קאַמף פאַרן סאָציאַליזם. דער קאַמף פאַרן סאָציאַליזם איז אַ קאַמף קעגן דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַל. דעמדאָזיקן קאַמף פירן קוידעמקאָל די לוין-אַרבעטער, וועלכע זיינען דירעקט און אינגאַנצן אָפּהענגיק פון קאַפּיטאַל. די קליינע באַלעבאַטים באַזיצן אָבער אַליין טיילוויז קאַפּיטאַל, ניט זעלטן עקספּלואַטירן זיי אַרבעטער. דעריבער איז פון די קליין-פויערים שטעלן זיך ניט אַלע אין די רייען פון די קעמפער פאַר סאָציאַליזם, נאָר בלויז יענע, וועלכע עס גייען איבער אַנטשלאָסן און באַוואוסטזיניק אָפּ דער זייט פון די אַרבעטער קעגן דעם קאַפּיטאַל, אָפּ דער זייט פונם אַלגעמיינעם אייגנטום קעגן פּריוואַט-אייגנטום.

אָט פאַרוואָס די סאָציאַל-דעמאָקראַטן זאָגן, אַז זיי קעמפן צוזאַמען מיטן גאַנצן פויערטום קעגן די פּריצים און באַאַמטע, און כוץ דעם, קעמפן זיי, שטאָטישע פּראָלעטאַריער צוזאַמען מיט די דאָרפישע פּראָלעטאַריער, קעגן דעם קאַפּיטאַל. דער קאַמף פאַר ערד און פאַר פרייהייט איז אַ דעמאָקראַטישער קאַמף. דער קאַמף פאַר פאַרניכטן די הערשאַפט פון קאַפּיטאַל איז אַ סאָציאַליסטישער קאַמף.

לאָמיר זשע שיקן אַ הייסן גרוס דעם פויערים-צוזאַמענפאָר, וואָס האָט אָנגענומען אַ באַשלוס צו קעמפן געמיינזאַם און פעסט, געטריי און אָן וואַקלענישן פאַר דער פולער פרייהייט און פאַר דער גאַנצער ערד. דידאָזיקע פויערים זיינען עמעסע דעמאָקראַטן. זייערע פעלערן אין פאַרשטיין די אויפגאַבן פון דעמאָקראַטיזם און סאָציאַליזם דאַרפן מיר אויפקלערן געדולדיק, אויסגעהאַלטן, ווי פאַרבינדעטע, מיט וועלכע אונז פאַרייניקט אַן אַלגעמיינער גרויסער קאַמף. דידאָזיקע פויערים זיינען ווירקלעכע רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטן, מיט וועלכע מיר דאַרפן גיין און מיט וועלכע מיר וועלן גיין צוזאַמען אין קאַמף פאַר דעם פולן ניצאָכן פון דער איצטיקער רעוואָלוציע. צום פלאַן פון אַן אַלגעמיינעם שטרייק, צום

באַשלוס אויפצוהויבן זיך דאָס קומענדיקע מאָל געמיינזאַם, צוזאַמען סאַי די שטאָטישע אַרבעטער, סאַי די דאָרפישע אָרעמקייט, — צו דעמדאָזיקן פּלאַן און באַשלוס באַציען מיר זיך מיטן גרעסטן, פולקומען מיטגעפיל. אַלע באַוואוסטזיניקע אַרבעטער וועלן מיט אַלע קויכעס זעען העלפן דעמדאָזיקן פּלאַן זיך פאַרווירקלעכן. אָבער קיין שום בונד, אַפילו מיט די ערלעכסטע און אַנטשלאָסנסטע רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטן וועט ניט צווינגען די פּראָלעטאַריער צו פאַרגעסן זייער נאָך מער גרעסערן און וויכטיקן ציל, דעם קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, פאַר דער פולקומער פאַרניכטונג פון דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַל, פאַר דער באַפרייאונג פון אַלע אַרבעטנדיקע פון יעדער עקספּלואַטאַציע. פאָרויס, אַרבעטער און פויערים, צום אַלגעמיינעם קאַמף פאַר ערד און פרייהייט! פאָרויס פּראָלעטאַריער, פאַראייניקטע דורך דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, צום קאַמף פאַרן סאָציאַליזם!

„נאָוואַיאַ זשיזן״, נומ. 11
פון 12 נאָיאַבר 1905 י.

# די שטאַרבנדיקע זעלבסטהערשונג און די נייע אָרגאַנען פון דער פאָלקס-מאַכט

עס וואַקסט דער אויפשטאַנד. עס וואַקסט די אָנמעכטיקייט, פאַרלאָרנקייט, צעפאַלונג פון דער זעלבסטהערשערישער וויטעס* רעגירונג. עס וואַקסט אין דער ברייט און אין דער טיף די אָרגאַניזירונג פון פאַרשיידנסטע גרופּן, שיכטן און קלאַסן פונם פאָלק, די אָרגאַניזירונג פון די רעוואָלוציאָנערע און קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע קויכעס.

אַזאַ איז די איצטיקע לאַגע. מע קאָן זי אויסדריקן מיט די ווערטער: די אָרגאַניזירונג און מאָביליזירונג פון דער רעוואָלוציע. נאָך דער יאָםשלאַכט אין סעוואַסטאָפּאָל קומען, אָן יעדער איבערריס, די יאַבאַשעשלאַכטן אין וואָראָנעזש און קיעוו. דער באַוואָפנטער אויפשטאַנד אין אָט דער לעצטער שטאָט מאַכט, קענטיק, נאָך אַ שריט פאָרויס צו דער צונויפגיסונג פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי מיטן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט און דער סטודענטנשאַפט. וועגן דעם זאָגט איידעס, אַלנפאַלס, די מיטיילונג פון „רוס“ וועגן אַ מיטינג פון 16.000 מאַן אין קיעווער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט אונטערן שוץ פון אַ סאַפּיאָרן-באַטאַליאָן אויפגעשטאַנענע סאָלדאַטן.

* וויטע — איינער פון די אָנגעזעענסטע ביוראָקראַטן בײַ די לעצטע צוויי קייסאָרים, באַרימט געוואָרן, ווי פינאַנצמיניסטער. אין 1905 — 1906 יאָר — פּרעמיער-מיניסטער.
איב.

גאַנץ נאַטירלעך, וואָס באַ אַזעלכע באַדינגונגען איז אַפילע די ליבעראַלע בורזשואַזיע, וועלכע לעכצט פון גאַנצן הארצן נאָך אַ קאָמפּראָמיס מיט דער זעלבסטהערשונג, הויבט אָן אַנצואַוערן די געדולד, אָנצואַוערן דעם גלויבן אין דעם „גרויסן" קונצנמאַכער וויטע, הויבט אָן אַרומקוקן זיך אַף לינקס, זוכנדיק אַ קראַפט, וואָס איז פעאיק צו פאַרווירקלעכן די איבערקערעניש, וועלכע איז געוואָרן אַן אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט.

העכסט באַלערעוודיק אין דערדאָזיקער הינזיכט איז די פּאָזיציע פון „רוס". די צייטונג זעט, אַז „די געשעענישן הויבן זיך אָן אָנצוזאַמלען אין אַזאַ לאַווינע, ווי פאַרן 17 אָקטיאַבער". איז אָט וועגדעט זי זיך, פון איין זייט, צו די זעלביקע זעמצעס, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן פאַרלאָרנקייט, אָנמאַכט און הילפסלאָזיקייט ניט ווייניקער, איידער די זעלבסטהערשנדיקע רעגירונג. „רוס" רופט די זעמצעס „ניט צו מאַרודיען" און נעמען „אָן אַנטייל אין די געשעענישן, וואָס רוקן זיך אָן", קעדיי „צוצוגעבן דעם אויסגאַנג פון דידאָזיקע געשעענישן פאָרמען ווייכע, ווייניקער העזעקדיקע, מער גינסטיקע פאַרן לאַנד". פון דער אַנדערער זייט שטרייט דיזעלבע „רוס" מיטן „סלאָוואָ" און דערקלערט, אַז „קיינער גלויבט ניט, אַז די איצטיקע רעגירונג באַ די איצטיקע באַדינגונגען זאָל קאָנען צונויפרופן די מעלוכע-דומע". „איצט, — זאָגט „רוס" — דאַרף מען טראַכטן וועגן באַשאַפן אַ רעגירונג, וואָס זאָל קאָנען צונויפרופן די דומע".

הייסט עס, די ליבעראַלע בורזשואַזיע, אונטערן דרוק פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, מאַכט נאָך אַ טריט לינקס. נעכטן האָט זי זיך באַוויזן גרייט צו דינגען זיך מיט וויטען און האָט אים וואָטירט (אַפן זעמסקן צוזאַמענפאָר) אַ ביטנאַיעדיקן צוטרוי. היינט טריקנט אוים דער צוטרוי צו וויטען, און דער קאַפּיטאַל פאָדערט אַ נייע רעגירונג. „רוס" לייגט פאָר אַלע באַפרייאונגס-פּאַרטייען צונויפרופן אַ ספּעציעלן אַלפאָלקישן דעפּוטאַטן-ראַט, וועלכער זאָל ווערן „אַ מעכטיק מיטל פון דרוק אַף דער רעגירונג, אויב זי וועט זיך נאָך (!!!) באַווייזן פעאיק צו אַרבעט. און אַ שוין פּאַרטיקער אָרגאַן פון פאָלקס-מאַכט, קעדיי צייטווייליק איבערצונעמען די פליכטן פון דער רעגירונג אין פאַל פון דער פולקומער אומפעאיקייט און קראַך פון דער לעצטער".

אַ מאַכט-אָרגאַן פונם פאָלק, וואָס נעמט צייטווייליק איבער די פליכטן פון דער רעגירונג, וועלכע האָט אַ קראַך געליטן, רופט זיך אָן אַפן פאָשעטן, קלאָרן רוסישן לאָשן צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג. אַזאַ רעגירונג דאַרף זיין אַ צייטווייליקע, ווייל אירע פולמאַכטן ענדיקן זיך, ווי עס ווערט נאָר צוזאַמענגערופן די אַלפאָלקישע גרינדונגספאַרזאַמלונג. אַזאַ רעגירונג דאַרף זיין אַ רעוואָלוציאָנערע, ווייל זי פאַר-

בייט אַ רעגירונג, וועלכע האָט אַ קראַך געליטן, זי פאַרבייט זי, שטיצנ־דיק זיך אָף דער רעוואָלוציע. דאָס עצעם פאַרבייטן קאָן אַנדערש ניט פאָרקומען, ווי אָף אַ רעוואָלוציאָנערן אויפן. דידאָזיקע רעגירונג דאַרף זיין אַ „מאַכט־אָרגאַן פונם פאָלק", פאַרווירקלעכנדיק אומעטום די פאָדערונ־גען, וואָס דאָס פאָלק האָט אַרויסגעשטעלט, און פאַרבייטנדיק טייקעף, אומגעזאמט אומעטום אַלע אַלטע „מאַכט־אָרגאַנען" פון דער זעלבסט־הערשונג און פון די שווארצמייעניקעס דורך פאָלקס־מאַכט־אָרגאַנען. ד. ה. אָדער דורך באַפולמעכטיקטע פון דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָ־נערער רעגירונג, אָדער דורך אויסגעווילטע, אין אַלע יענע פאַלן, ווען וואָלן זיינען מעגלעך, פאַרשטייט זיך, אָפן גרונט פון אַלגעמיינער, גליי־כער, דירעקטער און געהיימער אָפּשטימונג.

מיר זיינען זייער צופרידן, וואָס די ליבעראַלע מאָנאַרכיסטישע בורזשואַזיע איז געקומען צו דער אידייע פון אַ צייטווייליקער רעוואָלו־ציאָנערער רעגירונג. מיר זיינען צופרידן ניט דערפאַר, ווייל מיר זאָלן רעכענען, אַז די ליבעראַלן זיינען איבערגעגאַנגען אָף דער זייט פון דער רעוואָלוציע, ניט דערפאַר, ווייל מיר זאָלן מיטאַמאָל אָנהויבן גלויבן אין זייער אויפריכטיקייט, שטאַנדהאַפטיקייט און קאָנזעקווענטקייט. ניין, מיר זיינען צופרידן דערפאַר, ווייל דאָס איז אַ באַשיימפּערלעכער און צוויפלאָזער סימען, אַז די כוואַליע איז שטאַרק. הייסט עס, אַז די רע־וואָלוציע איז געוואָרן אַ קראַפט, אויב אַפילו די ליבעראַלע מאָנאַרכי־סטישע בורזשואַזיע האָט אָנערקענט איצט די נויטיקייט פון דעם, אַז עס דאַרף דערשיינען אַ צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג.

מיר פאַרגעסן, פאַרשטייט זיך, ניט, אַז די ליבעראַלן ווילן ניט אַזוי די גרינדונג פון אַזאַ רעגירונג, ווי זיי שרעקן נאָר מיט איר די זעלבסט־הערשונג, פּונקט אַזוי, ווי אַ קוינע סטראַשעט דעם פאַרקויפער, אַז ער וועט אַוועקגיין אין אַן אַנדער קראָם. גיט אונז נאָך, הער ווייטע, אַז ניט וועלן מיר אַוועקגיין אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, וועלכע רופט זיך „ווייך גערעדט": „אַן אַלגעמיינער דעפּוטאַטן־ראַט" אָדער „אַן אַלפאָלקישער דעפּוטאַטן־ראַט"! בלויז מיטן ווילן ווידעראַמאָל און ווידעראַמאָל צו דינגען זיך קאָן מען דערקלערן יענעם שיינבאַרן אומ־זין, וואָס „רוס" דערקלערט וויטעס רעגירונג פאַר אומפעאיק צונויפצו־רופן פאָלקס־פאָרשטייער און אין דערזעלבער צייט, אין איין אָטעם, דער־לאָזט זי די מעגלעכקייט, אַז דידאָזיקע רעגירונג „וועט זיך נאָך באַווייזן פאַר פעאיק צו דער אַרבעט".

ניין, מיינע הערן ליבעראַלן, ניט אַזעלכע צייטן זיינען דאָס איצט, אַז אַזוינע שפּיצלעך זאָלן זיך איינגעבן, אַז עס זאָל קאָנען בלייבן ניט אויפגעדעקט אַזאַ צוויעס! דאָס פאָלק קעמפט מיט דער זעלבסטהערשונג, וועלכע האָט צוגעזאָגט (דעם 17 אָקטיאַבר) פרייהייט, קעדיי צו נויקעם

זיין זיך איבער דער פרייהייט. אַ ציַיטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג — דאָס איז אַן אָרגאַן, וואָס קעמפט פאַר דער פרייהייט פון פאָלק. דער קאַמף פאַר פרייהייט קעגן דער רעגירונג, וואָס טרעט די פרייהייט מיט די פיס, איז (אַף אַ געוויסער שטופע פון אַנטוויקלונג פון דעמדאָזיקן קאַמף) אַ באַוואָפנטער אויפשטאַנד, וועלכער קומט טאַקע איצטער פאָר אין רוסלאַנד אַף דער גאַנצער ליניע. אַ ציַיטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג: דאָס איז אַן אויפשטאַנד־אָרגאַן, וואָס פאַראייניקט אַלע אויפגעשטאַנענע און וואָס פירט פּאָליטיש אָן מיטן אויפשטאַנד. דעריבער איז ריידן וועגן דער מעגלעכקייט און נויטיקייט פון אַ ציַיטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג און אין דערזעלבער צייט רעכענען פאַר מעגלעך אַ פּשרה מיט דער אַלטער רעגירונג, וועלכע דאַרף פאַרביטן ווערן — דאָס באַטייט אָדער פּלאָנטערן, אָדער פאַראַטן. אינדערעמעסן, טוט נאָר אַ טראַכט, הערן פּובליציסטן פון „רוס“: ניט שוין זשע וועלן זיך געפינען אַזעלכע נאַראָנימלעך צווישן די אָנהענגער פון דער רעוואָלוציע, וואָס זאָלן פריַיוויליק אַריינעמען אין באַשטאַנד פון דער ציַיטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג אַזעלכע מענטשן אָדער פאָרשטייער פון אַ פּאַרטיי, וועלכע האַלטן פאַר מעגלעך די „אַרבעטספּעאיקייט“ פון דער אַלטער רעגירונג און וואָס זעצן פאָר אַריינלויפן צו איר פון דער הינטער־טיר און דינגען זיך מיט איר? טוט אַ טראַכט: וואָלט געוואונען אָדער פאַרשפּילט די רוסישע אַרמיי, ווען זי וואָלט אייַנגעשלאָסן אין אירע רייען די פּאַטריאָטישע יוגנט פון מאַנדזשוריע? מע דאַרף רעכענען, אַז זי וואָלט פאַרשפּילט, ווייל די מאַנדזשורישע פּאַטריאָטן וואָלטן פאַראַטן די רוסלענדער צו די יאַפּאָנער. אויך דאָס רעוואָלוציאָנערע פאָלק פון רוסלאַנד וועט פאַרשפּילן, אויב די „פּאַטריאָטן“, די מאָנאַרכיסטיש־געשטימטע פּאַטריאָטן פון געלט־זאַק, וועלן עס פאַראַטן דער זעלבסטהערשונג פון וויטען.

זאָל די ציַיטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג זיין באַ דער ליבעראַלער בורזשואַזיע בלויז אַ סטראַשונעק פאַר דער זעלבסטהערשונג. פאַרן סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט, פאַרן רעוואָלוציאָנערן פּויערטום און פאַר אַלע יענע, וואָס שטעלן זיך אַנטשיידן און קאַטעגאָריש אַף זייער זייט איינם קאַמף פאַר פרייהייט, פאַר די אַלע איז דאָס אַ גרויסע און ערנסטע אויפגאַבע, וואָס ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ מער אַקטועל. די אָקטיאַבר־רעוואָלוציע, אין צוזאַמענהאַנג מיט די מיליטער־אויפשטאַנדן, וואָס זיינען דערנאָך פאָרגעקומען, האָבן אַף אַזויפיל קראַפטלאָז געמאַכט די זעלבסטהערשונג, אַז די אָרגאַנען פון דער נייער פאָלקסמאַכט האָבן פון זיך אַליין אָנגעהויבן וואַקסן אַפן באָדן, וועלכער איז צעאַקערט געוואָרן דורכן פּאָליטישן שטרייק און איז באַמיסטיקט געוואָרן מיטן אייַנגעזאַפּטן בלוט פון די קעמפער פאַר פרייהייט. דידאָזיקע אָרגאַנען — דאָס זיינען די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען און די קאַמפּס־

ארגאניזאציעס פון די ארבעטער, פון די פויערים און אנדערע פאלקס-עלעמענטן, וואס פירן א ווירקלעך רעוואלוציאנערן קאמף. דידאזיקע ארגאנען פארווירקלעכן אין דער טאט דעם בונד פון דעם סאציאליסטישן פראלעטאריאט מיט דעם רעוואלוציאנערן קליינבירגערטום. אט דעם רעוואלוציאנערן קאמפס-בונד דארפן מיר איצט פארברייטערן און פארפעסטיקן, אויספארמירן און צוזאמענשליסן, קעדיי די ארגאנען פון דער נייער-מאכט זאלן זיין גרייט צו דער קומענדיקער איבערכאזערונג פון דעם 17 אקטיאבר, קעדיי אלע קעמפער פאר פרייהייט איבער גאנץ רוסלאנד זאלן דאן ארויסטרעטן מיט אן אלגעמיינער פראגראם פון טייקעפדיקע פאליטישע אומאנדערשונגען, ארגאניזירטע, אויסגעהאלטענע, מיט א קלאר באגריפענעם ציל, אפגעצאמטע פון אלע פארעטער, פון אלע וואקלדיקע, פון אלע פלאפלער. פאר אונז, פארשטייער פון דעם סאציאליסטישן פראלעטאריאט, איז די פארשטייענדיקע דעמאקראטישע איבערקערעניש נאר איינער פון די שריט צום גרויסן ציל פון דער סאציאליסטישער איבערקערעניש. געדענקענדיק אט דאס, וועלן מיר זיך קיין מאל ניט צונויפגיסן מיט די קליינבירגערלעכע פארטייען אדער גרופן, ווי אויפריכטיק, רעוואלוציאנער און שטארק זיי זאלן ניט זיין; מיר וויסן פעסט, אז אפן וועג צום סאציאליזם וועלן דער ארבעטער און דאס באלעבעסל אומפארמיידלעך ניט איין מאל פאנאנדערגיין זיך. נאר טאקע צוליב די אינטערעסן פון סאציאליזם וועלן מיר איצטער אנווענדן אלע קויכעס, אז די דעמאקראטישע איבערקערעניש זאל פארווירקלעכט ווערן שנעלער, פולער און אנטשיידענער. מיר שליסן און וועלן שליסן צוליב דעם א קאמפס-בונד מיט דער גאנצער רעוואלוציאנערער דעמאקראטיע, קעדיי צו דערגרייכן אונזער אלגעמיינעם פאליטישן ציל. מיר טרעטן אריין צוליב דעם, שטרענג איינהיטנדיק אונזער פארטייאישע באזונדערקייט און זעלבשטענדיקייט, סאי אין די ראטן פון די ארבעטער-דעפוטאטן, סאי אין די אנדערע רעוואלוציאנערע פאריינען. לעבן זאלן די נייע ארגאנען פון פאלקס-מאכט! לעבן זאל דער איינהייטלעכער, העכסטער און זיגרייכער ארגאן פון פאלקס-מאכט!

און צו די ראדיקאלע בורזשוא וועלן מיר זאגן באם זעגענען זיך: איר פלאפלט, מיינע הערן, וועגן מאכט-ארגאנען פונם פאלק. א מאכט קאן זיין נאר א קראפט. א קראפט אין דער איצטיקער געזעלשאפט קאן זיין נאר דאס באוואפנטע פאלק און דער באוואפנטער פראלעטאריאט אין זיין שפיץ. אויב ווערטער וואלטן געווען א באווייז פון מיטגעפיל צו פרייהייט, — דאן וואלט מען, אלקאלפאנעם, געדארפט רעכענען פאר אנהענגער פון פרייהייט אפילע די אווטארן פון דעם מאניפעסט פון 17 אקטיאבר. אויב אבער מיטגעפיל ווערט באוויזן דורך טאטן, דאן איז די איינציקע מיטגעפיל-טאט נאר הילף דער באוואפענונג פון די ארבעטער,

הילף דער אויסבילדונג און פאַרשטאַרקונג פון אַווירקלעך רעוואָלוציאָ־נערער אַרמיי. קלייבט זשע אויס, מיינע הערן: אָדער אין פאַרהויז פון דעם ה׳ וויטע, קעדיי אויסצובעטלען שטיקלעך פרייהייט, קעדיי צו דינ־גען זיך צוליב דער באַגרענעצונג פון פרייהייט, — אָדער „מאַכט־אָרגאַנען פונם פאָלק“, אָדער אין דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, קעדיי טריי צו קעמפן פאַר דער פולער פרייהייט. קלייבט אויס!

„נאָוואַיאַ זשיזן“, נומ. 19
פון 23 נאָיאַבר 1905 יאָר

# די מעלוכע־דומע און די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טאַקטיק *

דער געזעץ פון 11 דעקאַבר האָט ווידער אָוועקגעשטעלט אַפן טאָג־סיידער די פראַגע וועגן אונזער טאַקטיק בענוגייע דער מעלוכע־דומע. ווילן אָדער ניט ווילן אין דער דומע? דאָס באַהאַנדלט לעבעדיק אַף קאָ־לעגליי אויפּאַנים אונזער בורזשואַז־דעמאָקראַטישע פּרעסע. וועגן דעם האָט זיך ניט לאַנג אַרויסגעזאָגט די קאָנפערענץ פון די אָרגאַניזאַציעס פון דער „מערהייט“ פון דער ר.ס.ד.א.פ. דידאָזיקע קאָנפערענץ, אין וועל־כער עס האָבן אָנטיילגענומען פאַרשטייער פון 26 אָרגאַניזאַציעס, צווישן זיי 14 אַרבעטער, אויסגעוויילטע דורך מער ווי 40 טויזנט אָרגאַניזירטע פאַרטיי־מיטגלידער, האָט מיט זיך פאַרביטן דעם אָנגעמערקטן און דער־קלערטן דורכן צ״ק 4־טן צוזאַמענפאָר פון דער פאַרטיי. דער צוזאַמענפאָר האָט ניט געקאָנט פאַרקומען איבער דעם אייזנבאַן־שטרייק, איבער דעם מאָסקווער אויפשטאַנד און פאַרשיידענע געשעענישן אין פאַרשיידענע עקן פון רוסלאַנד. נאָר די צונויפגעפאָרענע דעלעגאַטן האָבן אָרגאַניזירט אַ קאָנפערענץ פון דער „מערהייט“, וואָס האָט באַהאַנדלט, אַגעוו, אויך די פראַגע וועגן די וואַלן אין דומע, און האָט זי באַשלאָסן אין נעגאַטיוון זין, אין זין פון ניט אָנטיילנעמען אין די וואַלן. אָט איז דער אָנטשפּרעכנ־דיקער טייל פון דער רעזאָלוציע, וואָס די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען:

„די זעלבסטהערשערישע רעגירונג האָט די גאַנצע צייט נאָך דעם 17 אָקטיאַבר געטראָטן מיט די פיס אַלע איקערדיקע בירגער־פרייהייטן, וואָס דער פראָלעטאַריאַט האָט דעראָבערט. די רעגירונג האָט פאַרגאָסן דאָס גאַנצע לאַנד מיט בלוט, פאַנאַנדערשיסנדיק פון האַרמאַטן און קוילנוואַרפער די אַרבעטער, פויערים, סאָלדאַטן און מאַטראָסן, וועלכע קעמפן פאַר פרייהייט. די רעגירונג מאַכט כויזעק איבער דער אַלפאָלקי־

* די מעלוכע־דומע און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. זאַמל־בוך איבער די פראַגן פון ס.־ד. טאַקטיק אין 1906 יאָר.

שער פֿאָדערונג צונויפֿצורופֿן אַ גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג און איבער דעם געזעץ פֿון 11 דעקאַבר, זי פּרואווט ווידער אָפּצונאַרן דעם פּראָלעטאַריאַט און דאָס פּויערטום און אָפּלייגן איר ענדגילטיקן אונטערגאַנג.

„דער געזעץ פֿון 11 דעקאַבר שליסט פּאַקטיש אויס פֿון אנטייל אין דער מעלוכע־דומע דעם פּראָלעטאַריאַט און די מאַסע פּויערים און שטרעבט פֿאַרויס צו זיכערן מיט דער הילף פֿון פֿאַרשיידענע שפּיצלעך און פּאָליצייאישע באַגרענעצונגען די אויבערהאַנט פֿון די שוואַרצמייעדיקע עלעמענטן פֿון די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן אין דער דומע.

„די קאָנפֿערענץ דריקט אויס איר איבערצייגונג אין דעם, אַז דער ענטפֿער פֿון דעם גאַנצן באַוואוסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט פֿון רוסלאַנד אַפֿן נייעם צאַרישן געזעץ וועט זיין אַן אנטשיידנדיקער קאַמף קעגן דער דאָזיקער, ווי אויך יעדער אַנדערער, פֿעלשונג פֿון פֿאָלקס־פֿאַרטרעטונג.

„די קאָנפֿערענץ האַלט, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דאַרף שטרעבן ארונטערצורייסן דידאָזיקע פּאָליצייאישע דומע, אָפּוואַרפֿנדיק יעדן אַנטייל אין איר”.

ווייטער רעקאָמענדירט די רעזאָלוציע אַלע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס ברייט אויסצונוצן די וואַל־פֿאַרזאַמלונגען, אָבער ניט צוליב וועלכע ניט איז וואַלן, אונטערוואַרפֿנדיק זיך די פּאָליצייאישע באַגרענעצונגען, נאָר צוליב פֿאַרברייטערן די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט און צו פֿירן אין אַלע שיכטן פֿונם פֿאָלק אַן אַגיטאַציע פֿון אַנטשיידענעם קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג, ווייל נאָר נאָך אַ פֿולקומען זיג איבער איר איז מעגלעך, עס זאָלן צונויפֿגערופֿן ווערן פֿריי־געוויילטע פֿאַרשטייער פֿונם פֿאָלק.

צי איז ריכטיק אַזאַ לייזונג פֿון דער פֿראַגע? קעדיי צו ענטפֿערן אַף דעם, לאָמיר צוערשט באַטראַכטן די מעגלעכע דערווידערונגען. פֿאַרן אנטייל אין דומע האָט איצט געקאָנט ריידן יענער אומשטאַנד, וואָס די אַרבעטער האָבן באַקומען אייניקע רעכט באַ די וואַלן אין דער דומע, און אויך דאָס, וואָס די פֿרייהייט פֿון אַגיטאַציע איז אַביסל ברייטער, איידער אין דער עפּאָכע פֿון דער „ערשטער” בוליגינישער דומע, וועלכע עס האָט צוגעזאָגט דער געזעץ פֿון 6 אַווגוסט. דידאָזיקע מאָטיוון, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דערשטיקונג פֿון דעם מאָסקווער און אַנדערע אויפֿשטאַנדן, וואָס האָט אַרויסגערופֿן אַ נויטיקייט אין אַ שטיקל פּעריאָד פֿון שטילשטאַנד, פֿון זאַמלען און צוגרייטן נייע קרעפֿטן, — האָבן נאַטירלעך אַרויסגערופֿן און רופֿן אַרויס אַ נעטייע באַ דער „מינדערהייט” פֿון דער ר.ס.ד.א.פּ. אַרויסצוזאָגן זיך פֿאַר אַן אנטייל אין די וואַלן, לעכאָלאַפּאָכעס, פֿון באַפּולמעכטיקטע און וואַל־מענער. אַזעלכע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האַלטן, אַז שטרעבן דורכצוגיין אין דומע דאַרפֿן מיר ניט, אַז גיין ווייטער ווי ווילן וואַל־מענער דאַרף מען ניט, נאָר אַז אויסנוצן די באַקו-

מענע מעגלעכקייט פון וואלן אין דער אַרבעטער-קוריע צוליב אַגיטאַציע, צוליב אָרגאַניזירונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט און זיין פּאָליטישע דערציאונג — דאָס איז נויטיק.

מעקויעך דידאָזיקע אַרגומענטן דאַרפן מיר קוידעמקאָל פאַרצייכענען, אַז זיי שטאַמען אַרויס גאַנץ נאַטירלעך פון די אַלגעמיינע האַנאָכעס פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער וועלט-אַנשויאונג און דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער טאַקטיק. מיר, די פאַרשטייער פון דער „מערהייט“ דאַרפן דאָס אָנערקענען, קעדיי ניט אַריינצופאַלן אין פראַקציאָנערישער עקסטרעמקייט, וועלכע קאָן שאַטן דעם אומבאַדינגט נויטיקן איניען פון איינהייט פון דער פּאַרטיי. מיר דאַרפן אומבאַדינגט אַפּסניי, אָפן זאַכלעכן שטייגער, באַהאַנדלען די פראַגע וועגן טאַקטיק. אויב די געשעענישן האָבן באַשטעטיקט די ריכטיקייט פון אונזער טאַקטיק בענויגייע דער דומע פון 6 אווגוסט, וועלכע איז ווירקלעך אַראָפּגעריסן געוואָרן, וועלכע איז באָיקאָטירט געוואָרן, און אַראָפּגעשליידערט דורכן פּראָלעטאַריאַט, איז דערפון גאָרניט געדרונגען, אַז די נייע דומע וועט זיך אויך איינגעבן אַראָפּצורייסן אַף אַזאַ אויפן. די סיטואַציע איז איצט אַן אַנדערע, און מע דאַרף גענוי אָפּוועגן די מאָטיוון פאַר און קעגן דעם אָנטייל.

מיר האָבן דאָ געבראַכט בעקיצער די איקערדיקע, לויט אונזער מיינונג מאָטיוון פאַרן אָנטייל. לאָמיר איבערגיין צו די מאָטיוון קעגן.

די נייע דומע איז בליסאָפעק אַ קאַריקאַטור אַף אַ פאָלקס-פאַרטרעטונג. אונזער אנטייל אין די וואלן וועט געבן די פאָלקס-מאַסן אַ פאַרקריפּלטע פאַרשטעלונג וועגן אונזער אָפּשאַצונג פון דער דומע.

קיין פרייהייט פון אַגיטאַציע איז ניטאָ. פאַרזאַמלונגען ווערן פאַנאַנדערגעטריבן. דעלעגאַטן אַרעסטירט מען.

דורך דעם, וואָס מיר וועלן זיך לאָזן אָפּנאַרן פון דובאַסאָווס „קאָנסטיטוציאָנאַליזם“, וועלן מיר אונזער פּאַרטיי-פּאָן פאַנאַנדערוויקלען ניט קאָנען, אונזערע פּאַרטיי-קויכעס וועלן מיר אָבער אָפּשוואַכן מיט אַ קליינעם נוצן פאַר דער זאַך, ווייל די „לעגאַלע“ אַרויסטרעטונג פון אונזערע קאַנדידאַטן וועט בלויז געבן דער פּאָליציי פּאַרטיקע צעטלען וועמען צו אַרעסטירן.

אין דעם גרעסטן טייל ערטער פון רוסלאַנד קאָכט דער בירגעקריג. אַ שטילשטאַנד קאָן דאָ זיין נאָר אַ צייטווייליקער. אַ צוגרייטונג איז דאָ ווידעראַמאָל און ווידעראַמאָל נויטיק. אונזער פּאַרטיי זאָל עס פאַרייניקן מיטן איניען פון די וואלן לויטן געזעץ פון 11 דעקאַבער איז אי ניט צוועקמעסיק, אי פּראַקטיש ניט צו פאַרווירקלעכן. קיין וואלן „אַלפּי געזעץ“ וועט באַ אונז ניט אַרויסקומען, ווען מיר וואָלטן עס אַפילו געוואָלט, ווייל די באַדינגונגען פון קאַמף וועלן עס ניט דערלאָזן. באַזונדע-

רע אויסנאַמען זיינען, פאַרשטייט זיך, מעגלעך, נאָר צוליב זיי אַריינטראָגן אַ פּלאַנטער, אַ דעזאָרגאַניזירונג און איינהייטסלאָזיקייט אין דער אַלרוסלענדער פּראָלעטאַרישער טאַקטיק איז ניט ראַציאָנעל.

די וואַלן אין דומע לויטן געזעץ פון 11 דעקאַבר, באַ דער הערשאַפט פון די דובאַסאָווס און די דורנאָוועס איז אַן איינפאַכע שפּיל אין פאַרלאַמענטאַריזם. פאַרן פּראָלעטאַריאַט איז אומווירדיק אַנטיילצונעמען אין אַ שפּיל.

די טאַקטיק פון דער מאַסן-פּאַרטיי פונם פּראָלעטאַריאַט דאַרף זיין פּאָשעט, קלאָר, אָפן. די וואַלן אָבער פון באַפולמעכטיקטע און וואַלמענער, ניט ווילנדיק קיין דעפּוטאַטן אין דומע, וועלן באַשאַפן אַ פּאַרפּלאָנטערטע און צווייזייטיקע לייזונג פון דער פראַגע. פון איין זייט, ווערט אָנערקענט די לעגאַלע פאָרם פון וואַלן אַלפּי געזעץ, פון דער אַנדערער זייט, ווערט „אַראָפּגעריסן" דער געזעץ, ווייל די וואַלן ווערן דורכגעפירט ניט צוליב פאַרווירקלעכן דעם געזעץ, ניט צוליב שיקן דעפּוטאַטן אין דער דומע. פון איין זייט, הויבט זיך אָן די וואַל-קאַמפּאַניע; פון דער אַנדערער זייט, ווערט זי איבערגעריסן אין דעם וויכטיקסטן (פון שטאַנדפּונקט פון אַלע וואַלן) פּונקט, באַם באַשטימען דעם אומיטלבאַרן באַשטאַנד פון דער דומע. פון איין זייט, באַגרענעצן די אַרבעטער זייערע וואַלן (פון באַפולמעכטיקטע און וואַל-מענער) מיט די אומגעלומפּערטע און רעאַקציאָנערע ראַמען פונם געזעץ פון 11 דעקאַבר. פון דער אַנדערער זייט, ווערט אַרויפגעלייגט אַף די דאָזיקע אַרבעטער-וואַלן, וואָס ס'איז קלאָר פון אָנהויב אָן, אַז זיי שפּיגלען אָפּ ניט פול און ניט ריכטיק די פאָרגעשריטענע שטרעבונגען פון דעם פּראָלעטאַריאַט, ווערט אַף זיי אַרויפגעלייגט די אויפגאַבע צו פאַרווירקלעכן דידאָזיקע שטרעבונגען אויסער דער דומע (אין דער פאָרם פון אַ וועלכער ניט איז אומלעגאַלער פאַרטרעטונג, אָדער אומלעגאַלער דומע, אָדער פאָלקס-דומע און ד. גל.). עס באַקומט זיך אַ אומזין: וואַלן אַפן גרונט פון אַ ניט-עקזיסטירנדיקן וואַל-רעכט אין אַ ניט-עקזיסטירנדיקן פאַרלאַמענט. די ראַטן פון אַרבעטער-דעפּוטאַטן אין פּעטערבורג און אין מאָסקווע זיינען אויסגעווילט פון די אַרבעטער אַליין ניט לויט די פּאָליציייאישע „געזעצלעכע פאָרמען". און די אַרעסטן פון דידאָזיקע ראַטן האָבן געגעבן די אַרבעטער אַ זייער וויכטיקע לעקציע. דידאָזיקע אַרעסטן האָבן באַוויזן, ווי געפערלעך עס איז צו פאַרלאָזן זיך אַפן פּסעוודאָ-קאָנסטיטוציאָנאַליזם, ווי ניט פעסט עס איז די „רעוואָלוציאָנערע זעלבסטפאַרוואַלטונג" אָן דעם זיג פון די רעוואָלוציאָנערע קויכעס, ווי ניט גענוג עס איז אַ צייטווייליקע אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע, וואָס קאָן ווען ניט איז מעמאַלע זיין, אָבער בעשום אופן ניט פאַרבייטן קיין פעסטע און דויערנדיקע קאַמפּס-פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע פונם פּראָלעטאַריאַט. אויב מיר וועלן פאַרבייטן אָט די ראַטן

דורך פאַרזאַמלונגען פון וואַל-מענער אָדער פון באַפולמעכטיקטע, וועט דאָס באַטייטן, אַז מיר שטעלן אַוועק אַ ווערטער-שטיצע אנשטאַט אַ קאַמפּס-שטיצע, אַ שטיצע אַ קוואַזי-פּאַרלאַמענטישע אנשטאַט אַ שטיצע אַ רעוואָלוציאָנערע. דאָס וועט זיין האָסזעלבע, ווען מיר וואָלטן פאַרביטן אַ האַרמאַט, וואָס פעלט אונז, דורך אַ האַרמאַט אַ אָנגעמאָלטן אַף אַ קאַרטאָן.

וויטער, אנטיילנעמענדיק אין די וואַלן, שטעלן מיר דעם פּראָלעטאַריאַט אין אַ פאַלשער לאַגע בענויגייע צו דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. דידאָזיקע בורזשואַזע דעמאָקראַטיע שפּאַלט זיך ווידער. די מעסיקע ליבעראַלן (די קאַדעטן) שטייען שטאָל און אייזן פאַרן אָנטייל. די ראַדיקאַלן זיינען נויטע צום באָיקאָט. דער קלאַסן-אונטערשלאַק פון דערדאָזיקער צעשפּאַלטונג איז קלאָר: דער רעכטער פליגל פון דער בורזשואַזיע איז נויטע צו אַ קאָמפּראָמיס מיט דער רעאַקציע דורך דער דומע. דער לינקער פליגל פון דער בורזשואַזיע איז נויטע צו אַ בונד מיט דער רעוואָלוציע, אָדער, לעכאָלאַפּאָכעס, צו שטיצן זי (דערמאָנט זיך, ווי אַזוי דער פאַרבאַנד פון פאַרבאַנדן האָט זיך אָנגעשלאָסן צום מאַניפעסט פון דעם אויספיר-קאָמיטעט פון פּעטערבורגער ראַט פון אַרבעטער-דעפּוטאַטן וועגן דעם פינאַנציעלן קראַך פון דער רעגירונג). די טאַקטיק פון באָיקאָט שאַפט אַ קלאָרע און ריכטיקע שטעלונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט צו דער רעוואָלוציאָנערער און אָפּאָרטוניסטישער בורזשואַזיע. די טאַקטיק פון אָנטיילנעמען וואָלט אַריינגעטראָגן אַ שרעקלעכן כאַאָס, דורך וואָס זי וואָלט געשטערט דעם פּראָלעטאַריאַט פאַנאַנדערצוקלייבן זיינע נאָענטסטע פאַרבינדעטע און זיינע סאָנים.

ענדלעך, די פּראַקטישע צילן פון אנטיילנעמען זיינען ניט ווייניקער אויב ניט מער פאַרווירקלעכבאַר אויך דורכן באָיקאָט. ציילן די קרעפטן פון דעם פּראָלעטאַריאַט, אַגיטירן און אָרגאַניזירן, זיכערן די הערשאַפט פון דער ס.-ד. אין דער אַרבעטער-קוריע, דאָס אַלץ איז פולקום מעגלעך אויך בא אַ רעוואָלוציאָנערן אויסנוצן די וואַל-פאַרזאַמלונגען אנשטאַט אנטייל צונעמען אין זיי, דאָס אַלץ פאָדערט קלאַל ניט, אַז מע זאָל ווילן דאַפקע „באַפולמעכטיקטע“ און דאַפקע „וואַל-מענער“. דאָס אַלץ ווערט ערגער דערגרייכט באָם אָפּציען די קויכעס אַף דידאָזיקע לעכערלעכע לעגאַלע וואַלן, ווייל די צילן פון דידאָזיקע וואַלן אָנערקענען מיר דאָך אַליין ניט, און דערציילן וועגן זיי דער פּאָליציי איז פאַר אונז גאָר ניט ווינשנסווערט. אין דער פּראַקטיק וועט זיך קימאַט אַלעמאָל טאַקע באַקומען, מיסטאָמע, אַ רעוואָלוציאָנערע אויסנוצונג פון די וואַל-פאַרזאַמלונגען, און ניט קיין אנטייל אין זיי, ווייל די אַרבעטער וועלן זיך די פּאָליציייאישע באַגרענעצונגען ניט אונטערגעבן, די „זייטיקע פּערזאָנען“ (לייען די ס.-ד.) וועלן זיי ניט באַזייטיקן, די וואַל-רעגעלן וועלן

זיי ניט אפהיטן. די זאכלאגע, די רעוואלוציאנערע סיטואציע וועט ברענ-
גען דערצו, אז פון די „וואל"-פארזאמלונגען וועלן קיין וואלן ניט ארויס-
קומען, עס וועט זיך באקומען א פארטייאישע אגיטאציע אויסער די וואלן
און טראץ די וואלן, ד. ה. עס וועט זיך באקומען דער אזויגערופענער
„אקטיווער באיקאט". ווי מיר זאלן ניט קוקן אף זאכן, ווי מיר זאלן ניט
פארטייטשן אונזערע אנשויאונגען, וועלכע באגרענעצונגס-טנאיעם מי-
זאלן ניט ארויסשטעלן, אין יעדן פאל האט דער אנטייל אין די וואלן א
טענדענץ ארויסצורופן דעם געדאנק וועגן פארבייטן די גרינדונגס-פאר-
זאמלונג דורך א דומע, וועגן צונויפרופן די גרינדונגס-פארזאמלונג דורך
דער דומע און ד. גל. באווייזן די פאלשקייט און די פיקטיווקייט פון דער
פארשטייערשאפט אין דער דומע, פאדערן צונויפרופן אפן רעוואלוציא-
נערן וועג א גרינדונגס-פארזאמלונג און אין דערזעלבער צייט אנטייל
נעמען אין דער דומע — דאס איז א טאקטיק, וואס קאן אין א רעוואלו-
ציאנערן מאמענט נאר צעטומלען דעם פראלעטאריאט, וואס קאן נאר
שטיצן די אמוייניקסטן באוואוסטזיניקע עלעמענטן פון דער ארבעטער-
מאסע און די אמוייניקסטן געוויסנהאפטע, די אמוייניקסטן פרינציפיע-
לע עלעמענטן פון דערדאזיקער מאסע. מיר קאנען מעלדן וועגן דער פו-
לער און פולסטער זעלבשטענדיקייט פון אונזערע ס.-ד. קאנדידאטורן,
וועגן דער ריינער און ריינסטער פארטייאישקייט פון אונזער אנטייל.
נאר די פאליטישע סיטואציע איז שטארקער פון אלע מעלדונגען. אין דער
טאט וועט זיך ניט באקומען, עס קאן זיך ניט באקומען, אזוי, אז ס'זאל
אנטשפרעכן דידאזיקע מעלדונגען. אינדערעמעסן וועט זיך באקומען אומ-
פארמיידלעך, טראץ אונזער ווילן, א ניט-סאציאל-דעמאקראטישע, א ניט-
פארטייאישע ארבעטער-פאליטיק בא דעם איצטיקן אנטייל אין דער איצ-
טיקער דומע.

די טאקטיק, וועלכע איז רעקאמענדירט דורך דער קאנפערענץ פון
דער „מערהייט", איז די איינציק ריכטיקע טאקטיק.

א אינטערעסאנטע באשטעטיקונג (א אומדירעקטע) פון דעמדאזיקן
אויספיר איז די פאזיציע פון די „קאדעטן". אין איר „פארן טויט"-נומער
(פון 20 דעקאבר) בקירעט זיך די „פאלקס-פרייהייט" אזוי מעקויעך דער
אפסנייע אויפגעקומענער פראגע, צי זאל מען גיין אין דומע. די נאענטסטע
אויפגאבע איז צונויפרופן אן אלפאלקישע גרינדונגס-פארזאמלונג. די ציי-
טונג נעמט אן דידאזיקע האנאכע פאר א דערוויזענע. ווער און ווי וועט
צונויפרופן אט די גרינדונגס-פארזאמלונג? אף דעם זיינען, לויט דער
מיינונג פון דער „פאלקס-פרייהייט", מעגלעך דרייערליי ענטפערן: 1) די
געזעצלעכע רעגירונג (אדער פאקטיש די זעלבסטהערשונג); 2) א צייט-
ווייליקע רעוואלוציאנערע רעגירונג; 3) די מעלוכע-דומע, אלס „מאכט,
וואס קאנקורירט מיט דער מאכט". זעלבסטפארשטענדלעך, אז די „קא-

דעטן“ נעמען אָן דעם לעצטן „אויסגאַנג“ און טאַקע צוליב אַזאַ אויסגאַנג באַשטייען זיי אַף דער נויטיקייט אַנטיילצונעמען אין דער דומע. דעם ערשטן אויסגאַנג וואַרפן זיי אָפּ, אָפּוואַרפנדיק יעדער האָפענונג אַף דער רעגירונג. וועגן דעם צווייטן אויסגאַנג גיבן זיי אונז פאָלגנדיקן, העכסט כאַראַקטעריסטישן, מוסטער פון אַ כקירע:

„צי קאָן מען רעכענען אַף אַ פּראַקטישער פאַרווירקלעכונג פון יענער צייטווייליקער רעגירונג, וועגן וועלכער עס הערן ניט אויף צו טרוימען אַפילע איצטער נאָך — אין דעם בלוטיקן טשאַד פון דערשטיקן דעם אויפשטאַנד, — די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען? מיר וועלן זאָגן אָפן: ניין, מע קאָן ניט; און ניט דערפאַר קאָן מען ניט, וואָס אַ באַוואָפנטער אויפשטאַנד איז אומעגלעך: מאָסקווע האָט באַוויזן דעם היפּעך; און אַפילע ניט דערפאַר, וואָס אַזאַ אויפשטאַנד וועט אומפאַרמיידלעך דערשטיקט ווערן דורך באַוואָפנטער מאַכט: ווער קאָן פאָרויסזאָגן דאָס, וואָס עס וועט זיין?

„מע קאָן ניט רעכענען אַף אַ צייטווייליקער רעגירונג דערפאַר, וואָס באַ קיינע באַדינגונגען — אין פאַל פון אַ געלונגענעם אויפשטאַנד אַפילע — וועט זי ניט זיין גענוג פעסט און אַווטאָריטעט אַף „צונויפצוזאַמלען דעם צעשטערטן טעמפּל“ פון דער רוסישער ערד. זי וועט אַראָפּגעשווענקט ווערן דורך דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, וואָס רוקט זיך אָן פון די געזעלשאַפטלעכע טיפענישן.

„די רוסישע רעוואָלוציע דויערט ניט כאַדאָשים, נאָר יאָרן; פאַר אָט דער צייט האָט זי באַוויזן קלאָר און בוילעט אָנצומערקן איר וועג, און מע דאַרף זאָגן אָפן, אַז דערדאָזיקער וועג פירט ניט ניט צו אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, ניט צו אַ צייטווייליקער רעגירונג. לאָמיר ניט פאַרמאַכן די אויגן פאַר דער ווירקלעכקייט. סאַי די ליבעראַלע אינטעליגענץ, סאַי דאָס פויערטום, סאַי דער פּראָלעטאַריאַט — זיינען רעוואָלוציאָנער, נאָר אַ רעוואָלוציאָנערע קאָאָפּעראַציע פון דריי עלעמענטן אונטערן פלאַג פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד איז אומעגלעך. מיר וועלן דאָ ניט פאַנאַנדערקלייבן, ווער איז גערעכט און ווער אומגערעכט; אַ פאַקט בלייבט אַ פאַקט. אויב אַזוי אָבער, איז פון וועלכע עלעמענטן וואָלט קאָנען אַנטשטיין די באַרימטע צייטווייליקע רעגירונג פון רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען? וואָס וואָלט זי מיט זיך פאָרשטעלן? די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט? נאָר וועגן דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איינם איצטיקן רוסלאַנד איז ניטאָ וואָס צו רייודן“.....

מיר האָבן בעקיוון געבראַכט אינגאַנצן דידאָזיקע כקירע, ווייל זי גיט איבער אויסגעצייכנט, מיט אַ זעלטענער פאַר די „קאַדעטן“ קלאָרקייט, דעם טאָך פון דעם ליבעראַל־בורזשואַזן שטאַנדפּונקט. די פעלערן פון דערדאָזיקער כקירע זיינען אַזוי באַשיימפּערלעך, אַז עס איז גענוג

אַף זיי קורץ אָנצואווייזן. אויב איצט איז דערוויזן די מעגלעכקייט פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, און עס איז ניט דערווייזבאַר פאָרויס זיין האָפענונגסלאָזיקייט אין זינען פון דערפאָלג, איז וואָס איז דאָס פאַר אַ דערווידערונג: „עס וועט אַראָפשווענקען די קאָנטר-רעוואָלוציע"? דאָס איז אַ לעכערלעכער, לויט זיין שוואַכקייט, אויסרייד. אַ רעוואָלוציע אָן אַ קאָנטר-רעוואָלוציע איז ניטאָ און קאָן ניט זיין. אָט איצט איז אויך דער 17-טער אָקטיאַבר אַראָפגעטראָגן געוואָרן דורך דער קאָנטר-רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, נאָר דערווייזט עס דען די ניטלעבנספעאיקייט פון די קאָנסטיטוציאָנעלע פאָדערונגען? די פראַגע באַשטייט ניט אין דעם, צי וועט זיין אַ קאָנטר-רעוואָלוציע, נאָר אין דעם, ווער וועט סאָפקאָלסאָף, נאָך די אומפאַרמיידלעך-לאַנגע, מאַזלדיקע און ניטמאַזלדיקע שלאַכטן, אַרויס אַלס זיגער?

די „פאָלקס-פרייהייט" פאַרשטייט, אַז די דאָזיקע פראַגע ווערט געלייזט דורכן דיסקאָנט פון די סאָציאַלע כקירעס. און זי מאַכט דעם דיסקאָנט, אָנערקענט די רעוואָלוציאָנערקייט סאַי פון דעם פראָלעטאַריאַט, סאַי פון דעם פויערטום, סאַי פון דער ליבעראַלער אינטעליגענץ. נאָר די ציַיטונג „דעקרעטירט": זייער „קאָאָפעראַציע אונטערן פלאַג פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד איז אומעגלעך". פאַרוואָס? אין דעם באַשטייט דאָס פינטל פון דער פראַגע, און אָפקומען מיט הוילע מעלדונגען קאָן מען דאָ ניט. עס איז אַ פאַקט, וואָס בלייבט אַ פאַקט, אַז עס שטייט אויף דער פראָלעטאַריאַט, אַז עס שטייט אויף אויך דאָס פויערטום, באַ דעם אָנטייל, לעכאָלאַפאָכעס, פון אַ וועלכן ניט איז טייל פון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ. נאָך דעם, ווי די ציַיטונג האָט אָנערקענט דעם פאַקט (וועלכער פאָדערט איצט ניט קיינעמס אָנערקענונג), אַז עס איז מעגלעך אַ באַוואָפנטער אויפשטאַנד, נאָך דעם, ווי זי האָט אָנערקענט, אַז מע קאָן ניט פאָרויסזאָגן, אַז יעדער ווייטערדיקער אויפרייס וועט זיך אומבאַדינגט ניט איינגעבן, האָט זי אָפגענומען באַ אירע כקירעס יעדן באָדן. די ציַיטונג ראַטעוועט זיך נאָר דורך אַ דריי, אָפלייקענענדיק די מעגלעכקייט פון דער דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאַט, ד. ה. פון דער סאָציאַליסטישער דיקטאַטור, בעאיים דאָ דאַרף זיך האַנדלען וועגן דער דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון דעם פראָלעטאַריאַט און פויערטום. עס איז באַוואָרנט, אַז אַ געוויסער טייל פונם קליינבירגערטום ביכלאַל און פון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ ביפראַט וועלן דידאָזיקע קלאַסן מיטפילן און העלפן. בלייבט די פראַגע וועגן דעם גראַד אָרגאַניזירטקייט און קאַמפספעאיקייט. דאָס איז זייער אַ גרויסע און ערנסטע פראַגע, פאַרשטייט זיך, נאָר לייזן זי גלייך נעגאַטיוו קאָנען בלויז מענטשן, וועלכע ווילן זיך קלאָר אויסדרייען פון איר לייזונג. די פאָזיציע פון די ליבעראַלע פריצים איז קלאָר. זיי ווילן אָנטיילנעמען אין דער דומע טאַקע דערפאַר,

וואס זיי ווילן ניט אנטיילנעמען אין רעוואלוציאנערן קאמף. זיי ווילן, אז עס זאל צונויפגערופן ווערן די דומע טאקע דערפאר, ווייל זיי ווילן ניט, אז עס זאל אפן רעוואלוציאנערן אויפן צונויפגערופן ווערן א גרינדונגס־פארזאמלונג. זיי ווילן די דומע טאקע דערפאר, ווייל זיי ווילן א פשארע. דער כילעק אין דער באציאונג צו דער דומע פון די ליבעראלן און פון די סאציאל־דעמאקראטן שפיגלט אפ אזא אויפן אפ דעם כילעק פון דער קלאסן־פאזיציע פון דער בורזשואזיע און פון דעם פראלעטאריאט. און אף וויפל האפענונגסלאז עס איז דאס לעכצן נאך א פשארע און נאך א דומע אין דער עפאכע פון פארשארפטן בירגער־קריג, איז צו זעען, אגעוו, דערפון, וואס עס זיינען פארמאכט די „קאדעטישע“ צייטונגען און פון דער קלאגעדיקער עקזיסטענץ פון דער גאנצער לעגאלער ליבעראלער פרעסע ביכלאל. אט די דיזאיקע פרעסע ברענגט יעדן טאג א שלאל פאקטן, וועלכע באווייזן די פולקומע פאלסיפיצירטקייט פון דער פארשטייערשאפט אין דומע, די פולקומע אומעגלעכקייט פון א וויפל ניט איז פרייער אגיטאציע, פון וויפל ניט איז ריכטיקע וואלן. די ווירקלעכקייט פון דער רעוואלוציאנערער און קאנטער־רעוואלוציאנערער סיטואציע ווארפט אפ בעסער, איידער קאלערליי באווייזן, די כאלוימעס וועגן אנטיילנעמען אין דער דומע צוליב קאמף, זי באשטעטיקט בעסער ווי קאלערליי ארגומענטן די ריכטיקייט פון דער טאקטיק פון אקטיוון באיקאט.

צום סאף נאך א פאר ווערטער וועגן דעם, ווי דארפן מיר איצט אוועקשטעלן אונזער אינערלעך־פארטייאישע אגיטאציע פאר אקטיוון באיקאט פון דער דומע אין צוזאמענהאנג מיט דער פארקומענדיקער צונויפגיסונג פון די פראקציעס און מיט דער פולקומער פאראייניקונג פון דער ר.ס.ד.א.פ.

די צונויפגיסונג איז נויטיק. די צונויפגיסונג דארף מען שטיצן. אין די אינטערעסן פון דער צונויפגיסונג דארף מען פירן דעם קאמף מיט די מענשעוויקעס פאר דער טאקטיק אין די ראמען פון כאווערשאפט, באמיענדיק זיך צו איבערצייגן אלע מיטגלידער פון דער פארטיי, אויסלאזנדיק די פאלעמיק צו א זאכלעכער דערקלערונג פון די מאטיוון פאר און קעגן, צו דער אויפקלערונג פון דער פאזיציע פון דעם פראלעטאריאט און פון זיינע קלאסן־אויפגאבן. נאר די צונויפגיסונג איז אונז קלאל ניט מעכאיעוו צו פארשמירן די טאקטישע כעלוקעדייעס אדער אויסלייגן אונזער טאקטיק ניט קאנזעקווענט און ניט אין א ריינער פארם. קלאל ניט. דעם אידייאישן קאמף פאר דער טאקטיק, וועלכע מיר אנערקענען פאר ריכטיק, מוז מען פירן אפן, גראד און אנטשלאסן ביזן סאף, ד. ה. ביזן פאראייניקונגס־צוזאמענפאר פון דער פארטיי. אין אן איינהייטלעכער פארטיי דארף די טאקטיק, וואס באשטימט די אומיטלבארע האנדלונגען פון דער פארטיי, זיין אן איינהייטלעכע. אזא איינהייטלעכע טאקטיק דארף ווערן

די טאַקטיק פון דער מערהייט מיטגלידער פון דער פּאַרטיי: ווען די מערהייט האָט זיך פולקום באַשטימט, איז די מינדערהייט מעכויעװ אונטערצואוואַרפן זיך איר אין איר פּאָליטישער אויפירונג, איינהאַלטנדיק די רעכט פון קריטיק און אַגיטאַציע פאַר דער לייזונג פון דער פראַגע אַף אַ נייעם צוזאַמענפאָר.

באַ דער איצטיקער לאַגע פון אונזער פּאַרטיי האָבןביידע פראַקציעס איינגעשטימט צונויפרופן אַ פאַרייניקונגס-צוזאַמענפאָר, ביידע האָבן איינגעשטימט אונטערצואוואַרפן זיך זיינע באַשלוסן. דער פאַרייניקונגס-צוזאַמענפאָר וועט אויך איינשטעלן די איינהייטלעכע טאַקטיק פון דער פּאַרטיי. אונזער אויפגאַבע איז פאַרגיכערן מיט אַלע מיטלען דאָס צונויפרופן דעמדאָזיקן צוזאַמענפאָר און דערשלאָגן זיך אַפן ענערגישסטן אויפן, אַז אַלע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי זאָלן זיך בילדן אַ קלאָרן באַגריף און פאַרשטעלונג וועגן דעם אונטערשייד פון די טאַקטיקן מעקוייעך דעם אנטייל אין דומע; אַז אַלע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי זאָלן, באַ פולקומער באַקענטשאַפט מיטן איניען, אָפּוועגנדיק פולקום די מאָטיוון פון דעם און פון יענעם צאַד, זאָלן באַוואוסטזיניק און ניט צופעליק מאַכן זייער אויסוואַל פון דעלעגאַטן אַפן אַלגעמיינעם צוזאַמענפאָר, וועלכער וועט פאַרייניקן די גאַנצע פּאַרטיי און וועט פאַרייניקן אונזער טאַקטיק.

יאַנואַר 1906 יאָר

# די רוסישע רעוואָלוציע און די אויפגאַבן פון דעם פּראָלעטאַריאַט

## I

אין וואָס פאַר אַ לאַגע געפינט זיך די דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד: איז זי צעשלאָגן אָדער מיר לעבן איבער בלויז אַ צייטווייליקן שטילשטאַנד? צי איז דער דעקאַבער-אויפשטאַנד געווען דער קולמינאַציאָנס-פונקט פון דער רעוואָלוציע און מיר קייקלען זיך איצטער אַן אָפּהאַלט צו דעם שיפּאָוויש*-קאָנסטיטוציאָנעלן" רעזשים? אָדער די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, אין אַלגעמיין און אינגאַנצן, גייט ניט צו דער יערידע, נאָר זי זעצט פאָר צו שטייגן, צוגרייטנדיק אַ נייעם אויפרייס, זאַמלענדיק אין דעם שטילשטאַנד נייע קויכעס, צוזאָגנדיק נאָך דעם ערשטן ניטגעלונגענעם אויפשטאַנד, אַ צווייטן, וואָס האָט אומפאַרגלייכלעך מער שאַנסן אַף דערפאָלג?

* שיפּאָוו — אַ מעסיק ליבעראַלער פּאָליטיקער, פאַר וועלכן אַפילע די קאַדעטן זיינען געווען צו לינק און צו רעוואָלוציאָנער.

אָט דאָס זיינען די הויפט-פראַגן, וואָס שטייען איצט פאַר די סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון רוסלאַנד. בלייבנדיק טריי דעם מאַרקסיזם, קאָנען מיר ניט און מיר דאַרפן ניט אָפּאַטערן זיך מיט אַלגעמיינע פראַזן פון דעם אַנאַליז פון די אָביעקטיווע באַדינגונגען, וואָס זייער דיסקאָנט לייזט סאָפקאָלסאָף ענדגילטיק דידאָזיקע פראַגן. פון זייער לייזונג הענגט אָפּ די גאַנצע טאַקטיק פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, און אונזערע ווי-קוכים, לעמאָשל, וועגן דעם באָיקאָט פון דער דומע (וועלכע האַלטן שוין, אַגעוו, באַם סאָף, ווייל די מערהייט אָרגאַניזאַציעס פון דער ר.ס.ד.א.פּ. האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר באָיקאָט), זיינען בלויז אַ ברעקל-טיילכן פון דידאָזיקע גרויסע פראַגן.

מיר האָבן אָקאָרשט געזאָגט, אַז פאַר אַ מאַרקסיסט פאַסט ניט אָפּאַ-טערן זיך מיט אַלגעמיינע פראַזן פון דידאָזיקע פראַגן. אַזעלכע אַלגעמיינע פראַזן זיינען די אָנווייזן אָף דעם, אַז מיר האָבן קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען אַ רעוואָלוציע אין זין פון „דראָנגן און היי-גאָפלען“, אַז מיר זיינען געווען רעוואָלוציאָנערן אויך דאַן, ווען מיר האָבן אומיטלבאַר ניט אַרויסגעשטעלט דעם צורוף צו אַן אויפשטאַנד, אַז מיר וועלן בלייבן רעוואָלוציאָנערן אויך אין דעם פאַרלאַמענטישן פעריאָד, ווען ער וועט קומען א. ד. גל. אַזעלכע רייד וואָלטן געווען קליינלעכע אויסדרייעניש. דאָס וואָלט באַטייטן פאַרבייטן אַ קאָנקרעטע היסטאָרישע פראַגע דורך אַבסטראַקטע סוואָרעס, וועלכע מאַכן לאַכלוטן גאָרניט קלאָר און דינען בלויז פאַר אַ שלייער פון אָרעמקייט און פאָליטישער פאַרלאָרנקייט. קעדיי צו באַשטעטיקן אונזער געדאַנק מיט אַ ביישפיל, וועלן מיר זיך באַרופן אָף דער באַציאונג פון מאַרקסן צו דער דייטשישער רעוואָלוציע פון 1848 יאָר. אַזאַ מין באַרופן זיך קאָן זיין באַזונדערס נוצלעך דערפאַר, ווייל באַ אונז זיינען דאָ אַ ריי סימאָנים פון פונקט אַזאַ אָדער נאָך מער בוילעטערער צעטיילונג פון דער בורזשואַזיע אָף אַ רעאַקציאָנערער און רעוואָלוציאָנערער, — אַ צעטיילונג, וועלכע איז ניט געווען, לעמאָשל, אין דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. אין טאָך גערעדט, קאָן מען פאָרמולירן אויך די אויבן געשטעלטע גרונט-פראַגן וועגן דער לאַגע פון דער רוסישער רעוואָלוציע. בענוגייע דער אַנאַלאָגיע מיט דייטשלאַנד (פאַרשטייט זיך, אין יענעם ביטנאַיעדיקן און באַגרענעצטן זין, אין וועלכן עס איז ביכלאַל מעגלעך אַ היסטאָרישע אַנאַלאָגיע), מיט אַזעלכע ווערטער: 1847 אָדער 1849 יאָר? לעבן מיר איבער (ווי דייטשלאַנד אין 1847 יאָר, ווען עס האָט זיך צוזאַמענגערופן און איז צוזאַמענגערופן געוואָרן די דייטשישע מעלוכע-דומע, דער אַזויגערופענער פאַרייניקטער לאַנד-טאַג) די לעצטע מינוטן פון דעם העכסטן אויפשטייג פון דער רעוואָלוציע, אָדער מיר לעבן איבער (ווי דייטשלאַנד אין 1849 יאָר) די לעצטע מי-

נוטן פון דער ענדגילטיקער אויסשעפונג פון דער רעוואָלוציע און דעם אָנהויב פון דער גרויער וואָכעדיקייט פון אַן אַרומגעשניטענער קאָנסטיטוציע?

מאַרקס האָט געשטעלט דידאָזיקע פראַגע גראַד אין מעשעך פון 1850 יאָר, ער האָט זי באַהאַנדלט און געלייזט, ענדלעך, ניט מיט אַן אויס-דריי, נאָר מיט אַ דירעקטן ענטפער, וועלכער האָט געשטאַמט פון דעם אַנאַליז פון די אָביעקטיווע באַדינגונגען. אין 1849 יאָר איז די רעוואָלו-ציע דערשטיקט געוואָרן, אַ ריי אויפשטאַנדן האָבן זיך געענדיקט מיט אַ דורכפאַל, די פרייהייט, וועלכע איז פאַקטיש דערוואָרבן געוואָרן דורכ: פאָלק, איז אָפגענומען געוואָרן, די רעאַקציע האָט געווילדעוועט קעגן די „רעוואָלוציאָנערן“. אַן אָפענע פאָליטישע אַרויסטרעטונג פון דעם „פאַרבאַנד פון קאָמוניסטן“ (די דעמאָלטיקע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, מיט וועלכער עס האָט פאַקטיש אָנגעפירט מאַרקס) איז געוואָרן אומעגלעך. „אומעטום האָט זיך געפילט די באַדערפעניש, — זאָגט די ווענדונג פון דעם צ"ק פון פאַרבאַנד צו זיינע מיטגלידער אין יון 1850 יאָר, — אין אַ שטאַרקער *געהיימער* (אומעטום אונטערגע-שטראָכן פון אונז) אָרגאַניזאַציע פון אַ רעוואָלוציאָנערער פאַרטיי אין גאַנץ דייטשלאַנד“. דער צ"ק שיקט פון אויסלאַנד אַן עמיסאַר קיין דייטש-לאַנד, וועלכער קאָנצענטרירט „אַלע טויגבאַרע קויכעס אין די הענט פון פאַרבאַנד“. מאַרקס שרייבט (די „ווענדונג“ פון מאַרט 1850 יאָר) וועגן דער וואַרשיינלעכקייט פון אַ נייעם אויפשטייג, פון אַ נייער רעוואָלוציע. ער ראָט די אַרבעטער זעלבשטענדיק צו אָרגאַניזירן זיך, באַזונדערס באַשטייט ער אויף דעם, אַז דער גאַנצער פראָלעטאַריאַט מוז זיך באַוואָ-פענען, אַז עס מוז געבילדעט ווערן אַ פראָלעטאַרישע גוואַרדיע, אַז מע מוז „דורך קראַפט צעשטערן יעדן פרואוו פון אַנטוואָפענונג“. מאַרקס פאָדערט, אַז עס זאָלן געבילדעט ווערן „רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער-רע-גירונגען“ און ער באַהאַנדלט די אויפירונג פון דעם פראָלעטאַריאַט „בע-איים און נאָך דעם פאַרשטייענדיקן אויפשטאַנד“. מאַרקס שטעלט פאַר דער דייטשישער דעמאָקראַטיע אַלס מוסטער דאָס יאַקאָבינישע פראַנק-רייך פון 1793 יאָר (זע דעם „קעלנער פראָצעס פון די קאָמוניסטן“, רוס. איבערז. זייט 115 און אַנד.).

עס גייט דורך אַ האַלב יאָר. דער דערוואַרטעטער אויפשטייג קומט ניט. די באַמיאונגען פון דעם פאַרבאַנד ברענגען ניט צו קיין דערפאָלג. „דער אויפשטייג פון דער רעוואָלוציע, — האָט געשריבן ענגעלס אין 1885 יאָר, — איז אין מעשעך פון 1850 יאָר געוואָרן אַלץ ווייניקער וואַר-שיינלעך, אָפילו אומעגלעך“. דער אינדוסטריעלער קריזיס פון 1847 יאָר איז פאַרביי. עס איז געקומען אַן אויפלעבונג פון דער אינדוסטריע. איז אָט, דיסקאָנטירנדיק די אָביעקטיווע באַדינגונגען, שטעלט מאַרקס שאַרף

און בוילעט אוועק די פראגע. אין הארבסט 1850 יאר דערקלערט ער קא־טעגאריש, אז איצט, בא אזא רייכער אנטוויקלונג פון די פראדוקציאנס־קויכעס פון דער בורזשואזער געזעלשאפט, „קאן אפילע קיין רייד ניט זיין וועגן א ווירקלעכער רעוואלוציע“.

ווי דער לעזער זעט, דרייט זיך מארקס ניט אויס פון דער הארבער פראגע. ער שפילט זיך ניט מיטן ווארט רעוואלוציע, ער פארבייט ניט קיין אקטועלע פאליטישע פראגע דורך פוסטע אבסטראקציעס. ער פאר־געסט ניט, אז די רעוואלוציע ביכלאל גייט יעדנפאלס פארויס, ווייל עס גייט די אנטוויקלונג פון דער בורזשואזער געזעלשאפט, און ער רעדט דירעקט וועגן דער אומעגלעכקייט פון א דעמאקראטישער רעוואלוציע אין דעם אומיטלבארן און שמאלן זין פון ווארט. מארקס לייזט די הארבע פראגע, ניט בארופנדיק זיך אף דער „שטימונג“ פון דעפרעסיע און איינ־געמאטערטקייט אין די אדער יענע שיכטן פון פראלעטאריאט (ווי עס טוען אפט סאציאל־דעמאקראטן, וועלכע פאלן אריין אין עקיזם). ניין, קאלזמאן ער האט ניט געהאט קיין אנדערע אנגאבן, אויסער דעם פאקט פון דער געפאלענער שטימונג (אין מארט 1850 יאר) האט ער פארגעזעצט צו רופן צו באוואפענונג און צו אן אויפשטאנד, צוגרייטן אים, ניט לאזנ־דיק פאלן דורך אייגענעם סקעפטיציזם און פארלארנקייט די שטימונג פון די ארבעטער. בלויז דאן, ווען מארקס האט באוויזן די אומפארמיידלעכ־קייט פון דער „אויסשעפונג“ פון דער „ווירקלעכער רעוואלוציע“, בלויז דאן האט ער געביטן זיין קוק. און דאן, ווען מארקס האט געביטן זיין קוק, האט ער פאשעט און אפן געפאדערט א גרונטלעכע אומענדערונג פון דער טאקטיק, האט ער געפאדערט פולקום אויפצוהערן צו גרייטן אן אויפשטאנד, ווייל אזא מין צוגרייטונג וואלט דאן געווען בלויז א שפיל. דער לאזונג פון אויפשטאנד איז דירעקט אראפגענומען געווארן פון טאג־סיידער. עס איז אפן און באשטימט אנערקענט געווארן, אז די „פארם פון דער באוועגונג האט זיך געענדערט“.

דעמדאזיקן ביישפיל פון מארקסן דארפן מיר שטענדיק האבן פאר אונזערע אויגן אין איצטיקן שווערן מאמענט. צו דער פראגע וועגן דער מעגלעכקייט פון א „ווירקלעכער רעוואלוציע“ אין דער נאענטסטער צו־קונפט, וועגן דער גרונט־„פארם פון דער באוועגונג“, וועגן אן אויפ־שטאנד און זיין צוגרייטונג, דארפן מיר זיך באציען מיט דער גרעסטער ערנסטקייט. נאר א קעמפנדיקע פאליטישע פארטיי איז מעכויעוו צו לייזן דידאזיקע פראגע גערוד און באשטימט, אן קונצן, אן אויסריידן, אן יע־דער ניטדערעדטקייט. א פארטיי, וועלכע וואלט ניט געקאנט אויסבילדן פאר זיך קיין קלארן ענטפער אף אזא פראגע, וואלט ניט פארדינט דעם נאמען פארטיי.

## II

אַלזאָ, וואָס פאַר אָביעקטיווע אַנגאַבן זיינען בײַ אונז פאַראַן פאַר דער לייזונג פון דערדאָזיקער פראַגע? צו גונסטן פון דער מיינונג, אַז עס איז דאָ אַ פולקומע אויסשעפּונג פון דער דירעקט רעוואָלוציאָנערער „פאָרם פון דער באַוועגונג“, אַז עס איז אומעגלעך אַ נייער אויפשטאַנד, אַז רוסלאַנד איז אַריינגעטראָטן אין אַן ערע פון כוישעכדיקן בורזשואַזן אויך-מיר-קאָנסטיטוציאָנאַליזם, רעדט אַ גאַנצע ריי, אַזוי צו זאָגן, פון אויבן ליגנדיקע פאַקטן, וואָס וואַרפן זיך אַלעמען אין די אויגן. דער קער אין דער בורזשואַזיע איז אָן ספק. דער פאָרעץ איז אַוועק פון די קאַדעטן צום פאַרבאַנד פון 17 אָקטיאַבר. די רעגירונג האָט שוין געשענקט אַ צוויי-פאַלאַטן-„קאָנסטיטוציע“. מיט דער הילף פון קריג-צושטאַנד, פון עקזעקוציעס און אַרעסטן שאַפט זיך אַ מעגלעכקייט צונויפרופן אַ פאַלסיפיצירטע דומע. דער שטאָטישער אויפשטאַנד איז דערשטיקט, און די פרילינגס-באַוועגונג פון די פויערים קאָן זיך אַרויסווייזן פאַר אַן איינזאַמער, פאַר אַ קראַפטלאָזער. עס גייט דער אויספאַרקויף פון די פריצישע ערדן און עס ווערט פאַרשטאַרקט אַף אַזאַ אויפן די שיכט פון דעם בורזשואַזן „רואיקן“ פויערטום. אַ געפאַלענע שטימונג נאָך אַ דערשטיקטן אויפשטאַנד איז דאָ. לעסאָף, דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז פאָרויסזאָגן אַ מאַפּאַלע פון דער רעוואָלוציע איז ביכלאַל גרינגער און ביליקער, אַזוי צו זאָגן, איידער פאָרויסצוזאָגן איר אויפשטייג, ווייל איצט איז די מאַכט אַף דער זייט פון דער רעאַקציע, און „מערסטנטיילס“ האָבן זיך ביז איצט רעוואָלוציעס געענדיקט.... ניטפאַרענדיקטע.

וואָס פאַר אָנגאַבן האָבן מיר צו גונסטן פון אַ פאַרקערטער מיינונג? אין דערדאָזיקער פראַגע ווען מיר געבן אַ וואָרט ק. קאַוטסקי*. די ניכטערקייט פון זיינע אָנשויאונגען און זיין קענען אַפן רואיקסטן, זאַכלעכסטן און געניסטן אויפן באַהאַנדלען אַקטועלע און שאַרפע פּאָליטישע פראַגן, זיינען באַקענט אַלע מאַרקסיסטן. קאַוטסקי האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג אינגיכן נאָך דעם, ווי עס איז דערשטיקט געוואָרן דער מאָסקווער אויפשטאַנד אין אַן אַרטיקל: „די שאַנסן פון דער רוסישער רעוואָלוציע“. דערדאָזיקער אַרטיקל איז דערשינען אין אַ רוסישער איבערזעצונג, — פאַרשטייט זיך, ניט אָן צענזור-פאַרקריפּלונגען (ווי יענע, בערעך, פון וועלכע עס האָט געליטן אויך די רוסישע איבערזעצונג פון אַ צווייטער אויסגעצייכנטער קאַוטסקיס אַרבעט: „די אַגראַר-פראַגע אין רוסלאַנד“).

---

* ק. קאַוטסקי — געוועזן איינער פון די אָנגעזעענסטע טעאָרעטיקער פון מאַרקסיזם אינם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. שפּעטער אַראָפּגעקייקלט זיך צום אָפּאָרטוניזם, היינט אַ דאַם סוינע פון רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם. איב.

קאוטסקי דרייט זיך ניט אויס פון דער הארבער פראגע. ער פרואווט זיך ניט אפקומען מיט פוסטע מליצעס וועגן דער אומבאזירגבארקייט פון א רעוואלוציע ביכלאל, וועגן דער אלגעמיינער און שטענדיקער רעוואלוציאנערקייט פון דעם קלאס פראלעטאריער און ד. גל. ניין, ער שטעלט בוילעט די קאנקרעטע היסטארישע פראגע וועגן די שאנסן פון דער היינטיקער, איצטיקער דעמאקראטישער רעוואלוציע אין רוסלאנד. ער הויבט אן אן שום קונצן זיין ארטיקל פון דעם, וואס פון רוסלאנד קומען אן פון אנהויב 1906 יאר קימאט בלויז טרויעריקע ידיעות, וועלכע „וואלטן געקאנט ארויסרופן א מיינונג, אז די דאזיקע רעוואלוציע איז ענדגילטיק דערשטיקט און זי געפינט זיך בא דער גסיסה“. ניט בלויז די רעאקציאנערן זיינען זיך מעסאמייעך מיט דעם, נאר אויך די רוסישע ליבעראלן, זאגט קאוטסקי, באווארפנדיק אט די לעצטע העלדן „פון קופאן“ מיט פולקום פארדינטע פאראכטונגס-אויסדריקן (קאוטסקי האט נאך ניט אנגענומען אפאנעם פלעכאנאווס טעאריע, אז די רוסישע סאציאל-דעמאקראטן דארפן „טייער האלטן די שטיצע פון די ניטפראלעטארישע אפאזיציאנעלע פארטייען“).

איז אט קלייבט קאוטסקי פאנאנדער דידאזיקע מיינונג, וואס בעט זיך נאטירלעך אן. אן אויסערלעכע ענלעכקייט צווישן דער דעקאבער-מאפאלע פון די ארבעטער אין מאסקווע מיט דער יונישע (1848 י.) מאפאלע פון די ארבעטער אין פאריז* איז בליסאפעק פאראן. סאי דארט, סאי דא איז דער באוואפנטער אויפשטאנד פון די ארבעטער „פראוואצירט“ געווען דורך דער רעגירונג אין אזא מאמענט, ווען דער ארבעטער-קלאס איז געווען נאך ניט גענוג ארגאניזירט. סאי דארט, סאי דא האט די רעאקציע געזיגט, ניט געקוקט אפן העלדישן ווידערשטאנד פון די ארבעטער. וואס פאר אן אויספירן מאכט דערפון קאוטסקי? מאכט ער עפשער דעם אויספיר, אפן שטייגער פון פלעכאנאווס פעדאנטישן מוסטער, אז מע האט זיך גארניט געדארפט נעמען פאר געווער? ניין, קאוטסקי איילט זיך ניט איבערצוגיין צו קורצזיכטיקער און ביליקער מאראליזירונג לעאכער-אמאיסע. ער פארשט אויס די אביעקטיווע אנגאבן, וועלכע זיינען פעאיק צו לייזן די פראגע, צי איז די רוסישע רעוואלוציע ענדגילטיק דערשטיקט.

פיר גרונט-נאפקעמינעס זעט איין קאוטסקי צווישן דער פאריזער (1848 יאר) און דער מאסקווער (1905 יאר) מאפאלע פון דעם פראלעטא-

* די פאריזער יוני-טעג אין 1848 יאר — אזוי הייסט דער קאמף, וואס איז פארגעקומען צווישן דער רעאקציאנערער פראנצויזישער בורזשואזיע און רעוואלוציאנערן פראלעטאריאט. דער פראלעטאריאט האט געליטן א בלוטיקע מאפאלע. עס איז געקומען די בורזשואזע רעאקציע און די דיקטאטור פון נאפאלעאן דעם דריטן. איבערז.

ריאַט. ערשטנס, איז די מאַפּאַלע פון פּאַריז געווען אַ מאַפּאַלע פון גאַנץ פראַנקרייך. דאָס קאָן מען בעשום אופן ניט זאָגן וועגן מאָסקווע. די אַרבעטער פון פּעטערבורג, קיעוו, אָדעס, וואַרשע, לאָדז זיינען ניט צע־שלאָגן. זיי זיינען אָפּגעצערט דורך דעם שרעקלעך שווערן קאַמף, וואָס ציט זיך שוין אַ גאַנצן יאָר, נאָר זייער העלדישקייט איז ניט געבראָכן. זיי זאַמלען קויכעס, קעדיי ווידער אָנצוהויבן דעם קאַמף פאַר פרייהייט.

צווייטנס, אַ נאָך מער איקערדיקע נאַפּקעמינע באַשטייט אין דעם, וואָס די פויערים זיינען אין 1848 יאָר אין פראַנקרייך געווען אָף דער זייט פון דער רעאַקציע, און אין 1905 יאָר אין רוסלאַנד שטייען זיי אָף דער זייט פון דער רעוואָלוציע. עס קומען פאַר פויערים־אויפשטאַנדן. גאַנצע אַרמייען זיינען פאַרנומען מיט דער דערשטיקונג פון דידאָזיקע אויפ־שטאַנדן. דידאָזיקע אַרמייען מאַכן וויסט דאָס לאַנד, ווי נאָר דייטשלאַנ־ד איז פאַרוויסטעוועט געוואָרן אין דער 30־יאָריקער מילכאָמע*. די מילי־טערישע עקזעקוציעס שרעקן אָפּ אָף אַ צייט די פויערים, זיי פאַרשטאַרקן אָבער זייער אָרעמקייט, זיי פאַרשטאַרקן די אויסגאַנגסלאָזיקייט פון זיי־ער לאַגע. זיי וועלן אומפאַרמיידלעך שאַפן, פונקט ווי די פאַרוויסטונגען פון דער 30־יאָריקער מילכאָמע, אַלץ נייע און נייע מאַסן מענטשן, וועל־כע וועלן געצוואונגען זיין צו דערקלערן אַ מילכאָמע דער עקזיסטירנדי־קער אָרדענונג, וועלכע וועלן ניט לאָזן איינשטעלן קיין רו אין לאַנד און וועלן צושטיין צו יעדן אויפשטאַנד.

דער דריטער, העכסט וויכטיקער, אונטערשייד איז פאָלגנדיקער. די רעוואָלוציע פון 1848 יאָר איז צוגעגרייט געוואָרן דורכן קריזיס און הונגער פון 1847 יאָר. די רעאַקציע האָט זיך געשטיצט אָף דעם, וואָס דער קריזיס האָט זיך געענדיקט און די אינדוסטריע האָט אויפגעבליט. „דער איצטיקער רעזשים פון טעראָר אין רוסלאַנד, דאַרף, פאַרקערט, ברענגען צו אַ פאַרשאַרפונג פון יענעם עקאָנאָמישן קריזיס, וועלכער דריקט אין מעשעך פון יאָרן אָף דאָס גאַנצע לאַנד“. דער הונגער פון 1905 יאָר וועט זיך באַווייזן נאָך אין די נאָענטסטע כאַדאָשים אין אַלע זיינע פאַלגן. די דערשטיקונג פון אַ רעוואָלוציע איז דער גרעסטער בירגער־קריג, אַ מילכאָמע קעגן דעם גאַנצן פאָלק. אַזאַ מילכאָמע קאָסט ניט ווי־ניקער, איידער אַן אויסערלעכע מילכאָמע, דערביי מאַכט זי כאָרעוו ניט קיין פרעמדע, נאָר דאָס אייגענע לאַנד. עס דערנענטערט זיך אַ פינאַנץ־קאַטאַסטראָפע. און כוץ דעם, דראָען די נייע האַנדלס־אָפּמאַכן מיט באַזונ־דערע צעטרייסלונגען פאַר רוסלאַנד און זיי קאָנען אַרויסרופן אַפילע אַן אַלוועלטלעכן עקאָנאָמישן קריזיס. אָף אַזאַ אופן, איז וואָס לענגער עס וועט זיך איינהאַלטן דער רעאַקציאָנערער טעראָר, אַלץ שרעקלעכער

* פאָרגעקומען אין די יאָרן 1618 — 1648.

איבערז.

וועט זיין די עקאָנאָמישע לאַגע פון לאַנד, אַלץ שטאַרקער וועט זיין די אויפרעגונג קעגן דעם פיינטלעכן רעזשים. „אַזאַ סיטואַציע, — זאָגט קאַוטסקי, — מאַכט יעדע שטאַרקע באַוועגונג קעגן דעם צאַריזם פאַר אַן אומבאַשטרייטבאַרע. און אַזעלכע באַוועגונגען וועלן ניט אויספעלן. וועגן דעם וועט שוין זאָרגן דער רוסלענדישער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט באַוויזן אַזויפיל גרויסע ראיעס פון זיין העלדישקייט און פון זיין זעלבסט־אָפּפערקייט".

דער פערטער אונטערשייד, אויף וועלכן קאַוטסקי ווייזט אָן, שטעלט פאַר פאַר די רוסישע מאַרקסיסטן אַ באַזונדער אינטערעס. בײַ אונז איז איצט זייער פּאַרשפּרייט, צום באַדויערן, עפּעס אַ ציינלאָזער, ריין קאַדעטישער אין טאָן, געלעכטערל וועגן „בראַזוניגס" און „קאַמפּס־דרוזשינעס". זאָגן, אַז אַן אויפשטאַנד איז אומעגלעך און עס איז ניטאָ מער וואָס צו גרייטן אים, אַף דעם כאַפּט בײַ קיינעם ניט קיין דרייסטקייט און קיין אָפּנהאַרציקייט, אַ מוסטער פון וועלכע עס האָט געגעבן מאַרקס. נאָר אַ וויצל טאָן זיך מעקויעך די מיליטערישע טאַטן פון די רעוואָלוציאָנערן — דאָס האָבן מיר זייער ליב. מיר רופן זיך אָן מאַרקסיסטן, נאָר פון דעם אַנאַליז פון דער מ י ל י ט ע ר י ש ע ר זייט פון דעם אויפשטאַנד (וועלכער עס האָבן אַלעמאָל צוגעגעבן אַן ערנסטע באַדייטונג מאַרקס און ענגעלס) האַלטן מיר פאַר בעסער אויסצודרייען זיך, דערקלערנדיק מיט אַ ניט־נאָכצומאַכן מאַיעסטעטישער דאָקטרינערײַ: „מע האָט זיך ניט גענדאַרפט נעמען פאַר געווער"... קאַוטסקי האַנדלט אַנדערש. ווי ווייניק אָנגאַבן עס איז נאָך בײַ אים ניט געווען וועגן דעם אויפשטאַנד, האָט ער זיך דאָך געסטאַרעט אַריינצוטראַכטן זיך אויך אין דער מיליטערישער זייט פון דער פראַגע. ער סטאַרעט זיך אָפּצושאַצן די באַוועגונג, אַלס אַ נײַע פאָרם פון קאַמף, וועלכע די מאַסן האָבן אויסגעאַרבעט, און ניט אַזוי, ווי עס שאַצן אָפּ שלאַכטן אונזערע רעוואָלוציאָנערע קוראָפּאַטקינס*; אַז מע גיט, הייסט עס, נעם; אַז מע שלאָגט, לויף; אַז מע האָט דיך צעקלאַפּט, הייסט עס, אַז מע האָט זיך ניט געדאַרפט נעמען פאַר געווער!

„סאַי די פּאַריזער יוני־שלאַכט, — זאָגט קאַוטסקי, — סאַי די מאָסקווער דעקאַבער־שלאַכט זיינען געווען באַריקאַדן־שלאַכטן. נאָר די ערשטע איז געווען אַ קאַטאַסטראָפע, זי איז געווען דער סאָף פון דער אַלטער באַריקאַדן־טאַקטיק. די צווייטע איז געווען דער אָנהויב פון אַ נייער באַריקאַדן־טאַקטיק. און אַף אַזוי פיל דאַרפן מיר איבערקוקן יענע

* קוראָפּאַטקין — קריגס־מיניסטער צום אנפאַנג פון דער רוסיש־יאַפּאַנישע מילכאָמע (1904 — 1905). דערנאָך הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער מאַנדזשורער אַרמיי. האָט געליטן אַ כאַפּאַלע נאָך אַ מאַפּאָלע. זיין גאַנצע כאָכמע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט שטענדיק געטאַינעט: „געדולדיקייט, געדולדיקייט".

מיינונג, וועלכע ענגעלס האָט ארויסגעזאָגט אין זיין פאָרוואָרט צום „קלאַסן־קאַמף" פון מאַרקס, נעמלעך די מיינונג, אַז די עפּאָכע פון באַריקאַדן־שלאַכטן איז ענדגילטיק פאַרביי. עס איז פאַרביי אינדערעמעסן בלויז די עפּאָכע פון דער אַלטער באַריקאַדן־טאַקטיק. אָט וואָס עס האָט דערוויזן די מאָסקווער שלאַכט, ווען אַ הייפל אויפשטענדלער האָט זיך איינגעגעבן, אין מעשעך פון 2 וואָכן, צו האַלטן זיך קעגן אויסגעצייכנטע שלאַכט־קרעפטן, וואָס באַזיצן אַלע האַרמאַטן פון דער היינטיקער אַרטילעריע".

אַזוי זאָגט קאַוטסקי. ער זאָגט ניט קיין קאַדעש נאָך דעם אויפשטאַנד, דערפאַר וואָס עס האָט זיך ניט איינגעגעבן דער ערשטער פּרואוו. ער בורטשעט ניט ווענן דער מאַפּאַלע, נאָר ער פאָרשט אויס, ווי עס ווערט געבוירן און עס וואַקסט אַ נייע, העכערע פאָרם פון קאַמף, ער קלייבט פאַנאַנדער די באַדייטונג פון דער דעזאָרגאַניזאַציע און אומצופרידנקייט אין דער אַרמיי, די באַדייטונג פון דער הילף די אַרבעטער מיצאַד דער שטאַטישער באַפעלקערונג, באַזונדערס פון דער קאָאָרדינירונג פון אַ מאַסן־שטרייק מיט אַן אויפשטאַנד. ער פאָרשט, ווי דער פּראָלעטאַריאַט לערנט זיך אַן אויפשטאַנד צו מאַכן. ער קוקט איבער די פאַרעלטערטע מיליטערישע טעאָריעס, און רופט אַף אַזאַ אויפן די גאַנצע פּאַרטיי צו באַאַרבעטן און צו באַנעמען די מאָסקווער דערפאַרונג. ער קוקט אַף דער גאַנצער באַוועגונג, ווי אַף אַן איבערגאַנג פון שטרייק צו אויפשטאַנד, באַמיענדיק זיך צו פאַרשטיין, אַף וואָס פאַר אַן אויפן די אַרבעטער דאַרפן קאָמבינירן דאָס און יענץ אום צו דערגרייכן אַן ערפאָלג.

קאַוטסקי ענדיקט זיין אַרטיקל מיט די ווערטער: „אָט דאָס לערנט אונז מאָסקווע. אַף וויפל דידאַזיקע לעקציעס וועלן האָבן אַ ווירקונג אַף די פאָרמען פון דעם קומענדיקן קאַמף, דאָס קאָן מען באַ היינטיקן טאָג פון דאַנען (ד. ה. פון דייטשלאַנד) ניט פאָרויסזעען. אינדערעמעסן, ביז איצט האָבן מיר געזעען אין אַלע פריערדיקע אויסרעכענונגען פון דער רוסישער רעוואָלוציע סטיכייאישע אויפרייסן פון ניטאָרגאַניזירטע מאַסן, קיין איינע פון דידאַזיקע אויסרעכענונגען איז ניט געווען פון אַפריער אָנגעמערקט לויט אַ פּלאַן און צוגעגרייט. אין מעשעך פון אַ געוויסער צייט וועט מיסטאָמע אַזוי זיין אויך ווייטער.

„נאָר אויב באַ היינטיקן טאָג קאָן מען נאָך ניט באַשטימט פאָרויסזאָגן די קומענדיקע פאָרמען פון קאַמף, זאָגן אַלע סימאָנים איידעס דעררויף, אַז מיר מוזן זיך ריכטן אַף ווייטערדיקע שלאַכטן, אַז די איצטיקע אומהיימלעכע רואיקייט איז בלויז אַ שטילקייט פאַר אַ געוויטער. די אָקטיאַבר־באַוועגונג האָט באַוויזן די מאַסן אין די שטעט און דערפער, וואָס פאַר אַ קראַפט זיי זיינען בעקויעך צו פאַנאַנדערוויקלען. די יאַנוואַר־רעאַקציע האָט זיי דערנאָך אַראָפּגעשטויסן אין אַ אָפּגרונט, פול מיט

לײַדן. אין דעמדאָזיקן אָפּגרונט איז אַלץ רעגט זיי אויף און שטויסט זיי צו עמפּערונג, און עס איז ניטאָ קיין שום פּרייז, וועלכע זיי זאָלן האַלטן פֿאַר צו טייער, קעדיי אויסגעלייזט צו ווערן פֿון דעמדאָזיקן אָפּגרונט. אינגיכן וועלן זיך די מאַסן אויפהויבן ווידער, אינגיכן וועלן זיי אַרויס־טרעטן נאָך מער מעכטיקע! זאָל די קאָנטער־רעוואָלוציע פּייערן איר יאָנ־טעוו איבער די טויטע העלדן פֿון קאַמף פֿאַר פרייהייט: עס דערנעענטערט זיך שוין דער סאָף פֿון דעמדאָזיקן יאָנטעוו, עס גייט אויף דער רויטער מאָרגנשטערן, עס גייט די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע".

III

די פֿראַגע, וועלכע מיר האָבן דאָ באַהאַנדלט, איז די גרונט־פֿראַגע פֿון דער גאַנצער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טאַקטיק. דער פֿאַרשטייענדי־קער פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאַר דאַרף קוידעמקאָל לייזן דידאָזיקע פֿראַגע אָפּן קלאָרסטן און ניט צווייַדייטיקסטן אויפן. אַלע מיטגלידער פֿון דער פּאַר־טיי, אַלע באַוואוסטזיניקע אַרבעטער דאַרפֿן טייקעף אָנשטרענגען אַלע זייערע קויכעס אַף צונויפֿצוקלייבן אַן אַלזייטיקן מאַטעריאַל צו דער לייז־זונג פֿון דער פֿראַגע, אַף באַהאַנדלען זי און שיקן אָפּן צוזאַמענפֿאַר דעלע־גאַטן, וועלכע זיינען פּולקום צוגעגרייט צו זייער ערנסטער און פֿאַראַנט־וואָרטלעכער אויפֿגאַבע.

די וואַלן אָפּן צוזאַמענפֿאַר דאַרפֿן פֿאָרקומען אָפּן גרונט פֿון פּול־קום קלאָר מאַכן די טאַקטישע פּלאַטפֿאָרמען. אין טאָך גענומען איז דער אָדער יענער קאָנזעקווענטער און גאַנצער ענטפֿער אַף דער געשטעלטער פֿראַגע לייזט פֿאָרויס אַלע פּראַטים פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טאַקטישער פּלאַטפֿאָרם.

ענטוועדער — אָדער.

ענטוועדער מיר אָנערקענען, אַז באַ היינטיקן טאָג „קאָן קיין שום רייד ניט זיין וועגן אַווירקלעכער רעוואָלוציע". דאַן דאַרפֿן מיר דאָס אָפּן און אָנטשיידן דערקלערן פֿאַר אַלעמען, קעדיי ניט אָפּצונאַרן ניט זיך אַליין, ניט דעם פּראָלעטאַריאַט, ניט דאָס פֿאָלק. דאַן דאַרפֿן מיר אומבאַ־דינגט אָפּוואַרפֿן, אַלס די אומיטלבאַרע אויפֿגאַבע פֿון דעם פּראָלע־טאַריאַט, דאָס דערפֿירן ביזן סאָף די דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע. דאַן זיינען מיר מעכויעוו אינגאַנצן אַראָפּנעמען פֿון טאָג־סיידער די פֿראַגע וועגן אויפשטאַנד, דאַרפֿן מיר אויפֿהערן יעדע אַרבעט פֿון באַוואָפֿענען און אָרגאַניזירן קאַמפּס־דרוזשינעס, ווייל שפּילן אין אַן אויפשטאַנד פּאַסט ניט פֿאַר אַן אַרבעטער־פּאַרטיי. דאַן דאַרפֿן מיר אָנערקענען, אַז די קרעפֿטן פֿון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע זיינען אויסגעשעפּט, און מיר דאַרפֿן זיך שטעלן די אומיטלבאַרע אויפֿגאַבע צו שטיצן די אָדער

יענע שיכטן פון דער ליבעראַלער דעמאָקראַטיע, אַלס די רעאַלע אָפּאָזי־
ציאָנעלע קראַפט באַ אַ קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים. דאַן דאַרפן מיר באַ־
טראַכטן די מעלוכע־דומע אַלס אַ פּאַרלאַמענט, האַגאַם אַפילע אַ שלעכטן,
און אַנטייל נעמען ניט בלויז אין די וואַלן, נאָר אויך אין דער דומע גופע.
דאַן דאַרפן מיר אַפן ערשטן פּלאַן אַרויסרוקן די לעגאַליזירונג פון דער
פּאַרטיי, די געהעריקע ענדערונג פון דער פּאַרטיי־פּראָגראַם, צופּאַסן צו
די „געזעצלעכע“ ראַמען אונזער גאַנצע אַרבעט, אָדער, לעכאָלאַפּאָכעס,
אָפּגעבן דער אומלעגאַלער אַרבעט אַ מינימאַל און אונטערגעאָרדנט אָרט.
דאַן קאָנען מיר אָנערקענען די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן פּראָפעסיאָנעלע
פּאַריינען פונקט פאַר אַזאַ ערשט־ראַנגיקע פּאַרטיי־אויפגאַבע, ווי עס איז
אין דעם פריערדיקן היסטאָרישן פּעריאָד געווען דער באַוואָפנטער אויפ־
שטאַנד. דאַן דאַרפן מיר אויך אַראָפּנעמען פון טאָג־סיידער אויך די
רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען פון דער פריערשער באַוועגונג (ווי די קאָנ־
פיסקירונג פון דער פּריצישער ערד), ווייל אַזעלכע לאָזונגען זיינען פּראַק־
טיש לאָזונגען פון אויפשטאַנד, און רופן צו אַן אויפשטאַנד, ניט גרייטנ־
דיק זיך צו אים ערנסט אַפן מיליטערישן אויפן, ניט גלויבנדיק אין אים,
וואָלט געווען אַן אומווירדיקע שפּיל אין אויפשטאַנד. דאַן דאַרפן מיר
אַרויסוואַרפן הינטערן באָרט אַלע שמועסן ניט נאָר וועגן אַ צייטווייליי־
קער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, נאָר אויך וועגן דער אַזוי־גערופענער
„רעוואָלוציאָנערער זעלבסטפאַרוואַלטונג“, ווייל די דערפאַרונג האָט
דערוויזן, אַז די איינריכטונגען, וואָס ווערן ריכטיק אָדער ניט ריכטיק
באַצייכנט מיט דעמדאָזיקן טערמין, ווערן פּאַקטיש פאַרוואַנדלט דורך
די געשעענישן אין אָרגאַנען פון אויפשטאַנד, אין עמבריאָנען פון אַ רע־
וואָלוציאָנערער רעגירונג.

אָדער מיר אָנערקענען, אַז באַ היינטיקן טאָג קאָן מען און מע דאַרף
ריידן וועגן אַ ווירקלעכער רעוואָלוציע. מיר אָנערקענען פאַר אומפאַר־
מיידלעך אָדער, לעכאָלאַפּאָכעס, פאַר אַמערסטן מעגלעכע נייע און הע־
כערע פאָרמען פון אומיטלבאַר רעוואָלוציאָנערן קאַמף. דאַן איז די הויפּט־
פּאָליטישע אויפגאַבע פונם פּראָלעטאַריאַט, דער נערוו פון זיין גאַנצער
אַרבעט, די נעשאָמע פון זיין גאַנצער אָרגאַניזאַציאָנעלער קלאַסן־טעטי־
קייט דאַרף זיין דערפירן ביזן סאָף די דעמאָקראַטישע רע־
וואָלוציע. יעדע אויסדרייעניש פון דערדאָזיקער אויפגאַבע וואָלטן
דאַן געווען בלויז אַ דערנידערונג פון דעם באַגריף קלאַסן־קאַמף צו דעם
ברענטאַנישן* אויסטייטש זיינעם, זיי וואָלטן באַטייט — פאַרוואַנדלען
דעם פּראָלעטאַריאַט אין אַ מעשאָרעס פון דער ליבעראַלער מאָנאַרכי־
סטישער בורזשואַזיע. דאַן איז די אַקטועלסטע און צענטראַלסטע פּאָלי־

---

* אַ בורזשואַזער עקאָנאָמיסט.

טישע אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי — צוגרייטן קויכעס און אָרגאַניזירן דעם פּראָלעטאַריאַט צו אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, אַלס אַ העכערער פאָרם פון קאַמף, וואָס איז דערגרייכט אין דער באַוועגונג. דאַן איז אַ כויוו קריטיש צו שטודירן צוליב די סאַמע דירעקטע פּראַקטישע צילן די גאַנצע דערפאַרונג פון דעם דעקאַבער־אויפשטאַנד. דאַן דאַרף מען פאַר־צענפאַכן די באַמיאונגען אַפן געביט פון אָרגאַניזירן קאַמפס־דרוזשינעס און באַוואָפּענען זיי. דאַן דאַרף מען זיך גרייטן צום אויפשטאַנד אויך דורך פּאַרטיזאַנישע קאַמפס־אַרויסטרעטונגען, ווייל עס וואָלט לעכער־לעך געווען צו „גרייטן" זיך בלויז דורך פאַרשרייבעכצן און רעגיסטראַציעס. דאַן דאַרף מען רעכענען דעם בירגער־קריג פאַר אַ דערקלערטן און פאַר־קומענדיקן, דערביי דאַרף די ג אַ נ צ ע טעטיקייט פון דער פּאַרטיי אונ־טערגעוואָרפן זיין דעם פּרינציפּ: „וויבאַלד אַ מילכאָמע, איז ווי אַף אַ מילכאָמע". דאַן איז אומבאַדינגט נויטיק די דערציאונג פון די פּראָלע־טאַרישע קאַדרען צוליב אָ נ ג ר יי פ נ ד י ק ע קריגס־אָפּעראַציעס. דאַן איז לאָגיש און קאָנזעקווענט צו וואַרפן רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען אין דער פויערשער מאַסע. די אויפגאַבע פון קאַמפּס־פאַרשטענדיקונגען מיט דער רעוואָלוציאָנערער און בלויז מיט דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע ווערט אַרויסגערוקט אַפן ערשטן פּלאַן: אַלס גרונט אַף צו טיילן די בור־זשואַזע דעמאָקראַטיע ווערט גענומען גראַד די פראַגע וועגן אויפשטאַנד. ווער עס איז פאַרן אויפשטאַנד, מיט יענע „שלאָגט דער פּראָלעטאַריאַט צוזאַמען", האַגאַם ער „גייט באַזונדער"; ווער עס איז קעגן אויפשטאַנד, מיט יענע קעמפן מיר אָן ראַכמאָנעס, אָדער מיר שטויסן זיי אָפּ, ווי פאַר־האַסטע צוויאַקעס און יעזואיטן (די קאַדעטן). אין אונזער גאַנצער אַגי־טאַציע רוקן מיר דאַן אַרויס אין דער ערשטער ריי די קריטיק און דע־מאַסקירונג פון די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס פון שטאַנדפּונקט פון אָפענעם בירגער־קריג, מיר רוקן אַרויס די אומשטענדן און באַדינגונגען, וועלכע גרייטן אומבויגזאַם צו סטיכייאישע רעוואָלוציאָנערע אויפרייסן. די דומע אָנערקענען מיר דאַן ניט פאַר אַ פּאַרלאַמענט, נאָר פאַר אַ פּאָ־ליצייאישער קאַנצעלאַריע און מיר וואַרפן אָפּ יעדן אנטייל אין די קאָ־מעדיאַנטישע וואַלן, אַלס אַזעלכע, וואָס דעמאָראַליזירן און דעזאָרגאַני־זירן דעם פּראָלעטאַריאַט. אין גרונט פון דער אָרגאַניזירונג פון דער פּאַרטיי פון דעם אַרבעטער־קלאַס שטעלן מיר דאַן (ווי מאַרקס האָט גע־שטעלט אין 1849 יאָר) אַ „שטאַרקע געהיימע אָרגאַניזאַציע", וועלכע דאַרף האָבן אַ ספּעציעלן אַפּאַראַט פון „אָפענע אַרויסטרעטונגען", וועל־כע דאַרף אַרויסרוקן ספּעציעלע טאַפּערס אין אַלע לעגאַלע געזעלשאַפטן און איינריכטונגען, אָנהויבנדיק פון פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־אָרגאַני־זאַציעס און ענדיקנדיק מיט דער לעגאַלער פּרעסע.

קורץ געזאָגט: אָדער מיר דאַרפן אָנערקענען די דעמאָקראַטישע

רעוואָלוציע פאַר געענדיקט, אַראָפּנעמען פון טאָג-סיידער די פראַגע וועגן אויפשטאַנד און שטעלן זיך אַפן „קאָנסטיטוציאָנעלן" וועג. אָדער מיר אָנערקענען, אַז די דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע ווערט פאָרגעזעצט, מיר שטעלן אַפן ערשטן פּלאַן די אויפגאַבע צו פאַרענדיקן זי, מיר אַנטוויקלען און ווענדן אָן אין דער טאַט דעם לאָזונג פון אויפשטאַנד, מיר דערקלערן אַ בירגער-קריג און מיר פאַרורטיילן אָן ראַכמאָנעס יעדע קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס.

עס איז קוים נויטיק צו דערקלערן אונזערע לעזער, אַז מיר זאָגן זיך אַנטשלאָסן אַרויס פאַר דער ל ע צ ט ע ר לייזונג פון דער פראַגע, וואָס שטייט פאַר אונזער פאַרטיי. די בייגעלייגטע טאַקטישע פּלאַטפאָרם דאַרף רעזומירן און סיסטעמאַטיש אויסלייגן אונזערע אַנשויאונגען, וועלכע מיר וועלן דורכפירן אַפן צוזאַמענפאָר און בעאיים דער גאַנצער אַרבעט פון צוגרייטן דעם צוזאַמענפאָר. דידאָזיקע פּלאַטפאָרם דאַרף באַטראַכט ווערן ניט ווי עטוואָס פאַרענדיקטעס, נאָר בלויז ווי אַ קאָנספּעקט אַף קלאָר צו מאַכן די טאַקטישע פראַגן און ווי דער ערשטער עסקיז פון יענע רעזאָלוציעס און באַשטימונגען, וועלכע מיר וועלן פאַרטיידיקן אַפן פאַרטיי-צוזאַמענפאָר. דידאָזיקע פּלאַטפאָרם איז באַהאַנדלט געוואָרן אַף פּריוואַטע פאַרזאַמלונגען פון גלייכדענקנדיקע פון די געוועזענע „באָלשעוויקעס" (צווישן זיי די רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער פון „פּראָלעטאַרי") און איז אַ פּראָדוקט פון קאָלעקטיווער אַרבעט.

„Партийные Известия" № 2
פון 20-טן מאַרט 1906 יאָר
מיט דער אונטערשריפט: „באָלשעוויק".

# באַריכט וועגן דעם פאַרייניקונגס-צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס.-ד. א.-פּ.

(אַ בריוו צו די פּעטערבורגער אַרבעטער)

כאַווירים! איר האָט מיך אויסגעוויילט פאַר אַ דעלעגאַט אַפן פאַרייניקונגס-צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.א.פּ. אַזוי ווי איך האָב קיין מעגלעכקייט ניט צו קומען איצט פערזענלעך אין פּעטערבורג, וועל איך מיר דערלויבן צוצושטעלן מיין פאָרטראַג שריפטלעך און אַרויסזאָגן, אַגעוו., איייניקע געדאַנקען וועגן דעם צוזאַמענפאָר.

איידער איך טרעט צו צום איניען, דאַרף איך מאַכן איין וויכטיקן אויסרייד. געדענקען פּינקטלעך אַלץ, וואָס עס איז פאָרגעקומען אַפן צוזאַמענפאָר, וועלכער איז באַשטאַנען פון 120 אָדער מער מענטשן און וועלכער האָט געהאַט באַ 30 זיצונגען, איז לאַכלוטן אומעגלעך. אַזוי ווי

איך בין געווען פאַרנומען אין ביוראָ פון צוזאַמענפאָר, אַלס איינער פון די פאָרזיצער, און האָב אנטייל גענומען כוץ דעם, אין איניקע קאָמיסיעס. האָב איך ניט געקאָנט נאָטירן בעאיים דעם צוזאַמענפאָר. פאַרלאָזן זיך אָן נאָטיצן איינגאַנצן אַפן זיקאָרן, איז אומעגלעך. אַ ריי באַזונדערע עפיזאָדן און באַזונדערע רעדעס אַפן צוזאַמענפאָר האָב איך פאַשעט ניט געהערט, ווייל איך בין אין זיצונגס־זאַל ניט געווען, אַדאַנק דער אַרבעט אין קאָמיסיע אָדער צוליב צופעליקע און פערזענלעכע אורזאַכן: די דערפאַרונג פון די פריערדיקע צוזאַמענפאָרן (2־טן און 3־טן), וועלכע זיינען געווען קלענער לויט דער צאָל דעלעגאַטן, האָט מיר באַוויזן, אַז אַפילע באַ אַן אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט איז קיין שום מעגלעכקייט ניטאָ צוזאַמענצושטעלן אַפן קאָפ אַ פינקטלעך בילד פון צוזאַמענפאָר. אַז עס זיינען דערשינען די פראָטאָקאָלן פון 2־טן און 3־טן צוזאַמענפאָר, האָב איך געלייענט דידאָזיקע פראָטאָקאָלן ווי נייע ביכער, האַגאַם איך האָב אַליין אנטיילגענומען אינם צוזאַמענפאָר, ווייל דידאָזיקע ביכער האָבן מיר, ווירקלעך, געגעבן ניט ווייניק נייס און האָבן מיך געצוואונגען צו פאַריכטן אַ גאַנצע ריי ניט פינקטלעכע אָדער ניט פולע פערזענלעכע איינדרוקן פון דעם צוזאַמענפאָר. דעריבער בעט איך זייער נעמען אין אַכט, אַז דערדאָזיקער בריוו מיינער איז בלויז ניט קיין באַאַרבעטער עסקיז פון אַ פאָרטראַג, וועלכער דאַרף יעדנפאַלס קאָרעגירט ווערן אַפן סמך פון די צוזאַמענפאָר־פראָטאָקאָלן.

I

## דער צוזאמענשטעל פונם צוזאמענפאר

איך וועל אָנהויבן פון דעם אַלגעמיינעם צוזאַמענשטעל פון צוזאַמענפאָר. דעלעגאַטן מיט באַשטימונגס־רעכט זיינען געוויילט געוואָרן, ווי באַקענט, איינער אַף 300 פאַרטיי־מיטגלידער. איינגאַנצן זיינען אַזעלכע דעלעגאַטן געווען באַ 110 — אין אָנהייב פון צוזאַמענפאָר, דאַכט זיך, אַביסל ווייניקער (ניט אַלע זיינען זיך צונויפגעפאָרן); צום סאָף, דאַכט זיך, באַ 113. מיט באַראַטונגס־רעכט זיינען געווען 5 רעדאַקטאָרן פון צ.אָ. (3 פון דער „מינדערהייט“ און 2 פון דער „מערהייט“, ווייל איך האָב באַקומען פון אייך אַ מאַנדאַט מיט באַשטימונגס־רעכט) און פינף, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, מיטגלידער פון פ. צ. ק.(O.Ц.К.)כוץ דעם זיינען מיט באַראַטונגס־רעכט געווען די דעלעגאַטן פון אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן ניט באַקומען קיין באַשטימונגס־רעכט, איניקע, וואָס זיינען ספעציעל איינגעלאַדן געוואָרן אַפן צוזאַמענפאָר (צוויי מיטגלידער פון דער „אַגראַר־קאָמיסיע“, דערנאָך פלעכאַנאָוו און אַקסעלראָד, דערנאָך דער כאָוועך אַקימאָוו און איניקע אַנדערע). מיט באַראַטונגס־שטימען

זיינען געווען אויך אייניקע דעלעגאַטן פון גרויסע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געהאַט מער ווי 900 אַרבעטער (פון פּעטערבורג, פון מאָסקווע, פון דער דאָרעמדיקער געגנט־אָרגאַניזאַציע און אַנד.). ענדלעך, זיינען מיט באַראַטונגס־שטימען געווען די פאָרשטייער פון די נאַציאָנאַלע ס.־ד. פּאַרטייען: דריי פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, צו דריי פון דער לעטישער און אידישער (בונד), איינער פון דער אוקראַאינישער ס.־ד. אַרבעטער־פּאַרטיי (דעמדאָזיקן נאָמען האָט אָנגענומען, ווי עס ווייזט זיך אַרויס, אַף איר לעצטער קאָנפערענץ, די רעוואָלוציאָנערע אוקראַאינישע פּאַרטיי). סאַכאַקל אַ מאָן 30, אָדער אַביסל מער, מיט באַראַטונגס־שטימען. אינגאַנצן, הייסט עס, ניט 120, נאָר העכער 140 מאָן.

לויט דער „ריכטונג" בענוויגייע דער טאַקטישער פּלאַטפאָרם אָדער, אויב איר ווילט, לויט זייער פראַקציאָנעלער פּאָזיציע האָבן זיך די דע־לעגאַטן מיט באַשטימונגס־רעכט פאַנאַנדערגעטיילט בעערעך אַזוי: 62 מענשעוויקעס און 46 באָלשעוויקעס. אַלנפאַלס געדענקען זיך מיר אָמערסטן אַט די ציפער פון אַלע פּילצאָליקע „פראַקציאָנעלע" אָפּשטי־מונגען פון דעם צוזאַמענפאָר. אַ טייל דעלעגאַטן איז געווען, פאַרשטייט זיך, אומבאַשטימט אָדער זי האָט זיך געוואַקלט אין אייניקע פראַגן, — דער אַזויגערופענער אָפּן פּאַרלאַמענטאַרישן לאָשן „צענטר" אָדער „זומף". אָפּן צוזאַמענפאָר איז דערדאָזיקער „צענטר" געווען באַזונדערס שוואַך, האַגאַם אייניקע פון די כאַווירים, וועלכע איך האָב צוגערעכנט, אָפּן גרונט פון די אָפּשטימונגען, צו די מענשעוויקעס, האָבן פּרעטענדירט אָפּן טיטל „שאָלעם־מאַכער" אָדער „צענטר". פון די וויפל ניט איז ערנ־סטע אָפּשטימונגען פון דעם צוזאַמענפאָר געדענקט זיך מיר בלויז איינע (די אָפּשטימונג אין דער פראַגע וועגן דער פאַרייניקונג פון „בונד" מיט דער פּאַרטיי), ווען דידאָזיקע „מענשעוויקעס — שאָלעם־מאַכער" האָבןווירקלעך געשטימט ניט פראַקציאָנעל. וועגן דערדאָזיקער אָפּשטימונג, ווען די פולקום פראַקציאָנעלע מענשעוויקעס זיינען געוואָרן באַזיגט פון אַ מערהייט אין 59, דאַכט זיך, שטימען, וועל איך ריידן אויספירלעכער וויטער.

אַלזאָ, 62 און 46. דער צוזאַמענפאָר איז געווען אַ מענשעוויסטי־שער. די מענשעוויקעס האָבן געהאַט אַ פעסטע און געזיכערטע מערהייט, וואָס האָט זיי דערלויבט אַפילע פאָרויס צונויפצורייִדן זיך און פאָרויס צו באַשטימען, אַף אַזאַ אויפן, די באַשלוסן פון צוזאַמענפאָר. אַזעלכע פרײ־וואַטע צונויפריידעניש אַף פראַקציאָנעלע פאַרזאַמלונגען זיינען, איך מאָך, פולקום נאַטירלעך, ווען עס איז פאַראַן אַ באַשטימטע קאָמפּאַקטע מערהייט. און ווען אייניקע דעלעגאַטן, באַזונדערס פון דעם אַזויגערופע־נעם צענטר, האָבן זיך אַף דעם געקלאָגט, האָב איך דאָס אָנגערופן אין די שמועסן מיט די דעלעגאַטן „אַ קלאָגן זיך פון צענטר אַף זיין אייגענער

שוואַכקייט“. מע האָט זיך געפּרואווט אַפן צוזאַמענפאַר אַרייַנטראָגן די פראַגע וועגן פראַקציאָנעלע פאַרזאַמלונגען, נאָר זי איז אַראָפּגענומען געוואָרן, ווייל ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן פּאַקטיש, אַז די פראַקציעס האָבן זיך סאַי־ווי־סאַי קאָנסאָלידירט, אַף די פראַקציאָנעלע פאַרזאַמלונגען איז מעגלעך געוואָרן צו דערלאָזן אויך זייטיקע, צו מאַכן דידאַזיקע פאַרזאַמלונגען פאַר „אָפענע“. צום סאָף פון צוזאַמענפאַר, לעמאָשל, איז די פראַגע וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון צ"ק, ווי איר וועט זען ווייטער, אין טאָך, באַשלאָסן געוואָרן ניט דורך די וואַלן אַפן צוזאַמענפאַר, נאָר דורך אַ פּאַשעטער „פאַרשטענדיקונג“ צווישן די פראַקציעס. איך וועל ניט אָפּשאַצן דידאַזיקע דערשיינונג. באַווייַנען זי, מיין איך, איז נוצלאָז, ווייל זי איז געווען אינגאַנצן אומפאַרמיידלעך, קאַלזמאַן עס זייַנען נאָך ניט אויסגעלעבט די אַלטע פראַקציאָנעלע טיילונגען.

וועגן אינערלעכע בעלוקעדייעס אין די פראַקציעס גופע וועל איך באַמערקן, אַז אַזעלכע האָבן זיך קלאָר אַרויסגעוויזן בלויז אין דער אַגראַר־פראַגע (אַ טייל מענשעוויקעס איז געווען קעגן מוניציפּאַליזאַציע, די באָלשעוויקעס, ווידער, האָבן זיך געטיילט אַף „ראַזשקאָוויסטן“*, אָנהענגער פון פאַנאַנדערטיילן און אָנהענגער פון קאָנפיסקאַציע מיט נאַציאָנאַליזאַציע באַם באַדינג פון אַ רעפּובליק) און אין דער פראַגע וועגן דער פאַרייניקונג מיטן בונד. ווייטער, האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן דאָס, וואָס באַ די מענשעוויקעס איז אינגאַנצן ניט געווען די ריכטונג, וועלכע האָט זיך בוילעט אַרויסגעוויזן אין דער „נאַטשאַלאָ“ און וועלכע מען איז געוואוינט אין דער פאַרטיי צו פאַרבינדן מיט די נעמען פון פאַרוואוסן און טראָצקין. עמעס, עס איז מעגלעך, אַז „פאַרוואוסיסטן“ און „טראָצקיסטן“ זייַנען צווישן די מענשעוויקעס געווען, — מיר האָט מען, לעמאָשל, געזאָגט אַף געווים, אַז זיי זייַנען געווען אַ מאַן 8, — נאָר אַזוי ווי עס איז אַראָפּגענומען געוואָרן די פראַגע וועגן דער ציַיטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן אַרויסצובאַווייזן זיך. וואַרשיינלעכער איז פונדעסטוועגן, אַז אַזוי ווי די מענשעוויקעס האָבן אין אַלגעמיינעם אַפן צוזאַמענפאַר אַ קער געטאָן צו פּלעכאַנאָוון, וואָס מיט זייַנע „טאָג־ביכער“ („Дневники“) זייַנען זיי ביזן צוזאַמענפאַר ניט געווען איינשטימיק, האָבן אויך די „פאַרוואוסיסטן“ געמאַכט אַ קליינעם טריט רעכטס. איך דערמאָן זיך אינגאַנצן איין עפּיזאָד, ווען, עס קאָן זיין, די „פאַרוואוסיסטן“ צווישן די מענשעוויקעס האָבן געצוואונגען אַ קער צו טאָן אַביסל אַלע מענשעוויקעס. דאָס איז, נעמלעך

* ראַזשקאָווס אַגראַר־פּראָעקט — „מע דאַרף איבערגעבן די פּויערים אָן אויסקויף יענע ערדן, וואָס דינען אַלס ווערקצייג פאַר זייערווירטשאַפטלעכער פאַרקנעכטונג“.

איבערז.

דער אינצידענט אין דער פראגע וועגן באוואפנטן אויפשטאנד. פלעכא־נאוו, דער פארזיצער פון דער קאמיסיע, האט אומגעענדערט די אלטע מענשעוויסטישע רעזאלוציע און האט אנגעשריבן אנשטאט „ארויסרייסן די מאכט“ (אין דערדאזיקער שטעל פון דער רעזאלוציע האט זיך גע־האנדלט וועגן די צילן פון דער באוועגונג) — „ארויסרייסן די רעכט מיט געוואלט“ (אדער „דעראבערן די רעכט“ — איך געדענק ניט גענוי). דער אפארטוניזם פון דערדאזיקער אויסבעסערונג האט אזוי געשלאגן אין פאנעם, אז פראקטיקער אפן צוזאמענפאר האבן זיך געהערט די סאמע הייסעסטע. מיר זיינען אנגעפאלן אף דער אויסבעסערונג מיט א דאפלטן קויעך. די רייען פון די מענשעוויקעס האבן א ציטער געטאן. איך ווייס ניט גענוי, צי עס זיינען געווען פראקציאנעלע פארזאמלונגען, און וואס אף זיי איז פארגעקומען; איך ווייס ניט, צי איז ריכטיק דאס, וואס מע האט מיר איבערגעגעבן, אז צען מענשעוויקעס, וואס זיינען נויטע צו „פאר־וואוסיזם“, האבן געמאלדן, אז זיי זיינען אנטשיידן ניט איינשטימיק מיט דער אויסבעסערונג. א פאקט איז, אז פלעכאנאוו האט, נאך די וויקוכים אפן צוזאמענפאר, אליין אראפגענומען די אויסבעסערונג, ניט דערלאזנ־דיק די פראגע צו אפשטימונג, אראפגענומען אונטער דעם אויסרייד (א דיפלאמאטישן, קאן זיין, און קונציקן, נאר באגעגנטן מיט שמייכלען), אז עס איז ניט קעדאי באזונדערס צו אמפערן זיך צוליב „סטיליסטיק“.

ענדלעך, אום צו פארענדיקן די פראגע וועגן דעם צוזאמענשטעל פון דעם צוזאמענפאר, וועל איך זאגן נאך וועגן דער מאנדאט־קאמיסיע (א קאמיסיע, וואס קאנטראלירט דעם צוזאמענשטעל פון צוזאמענפאר). אזעלכע קאמיסיעס זיינען געווען צוויי, ווייל די ערשטע, וועלכע דער צוזאמענפאר האט אויסגעוויילט, איז אינגאנצן אוועק אין דעמיסיע. דאס איז א גאנץ אומגעוויינלעכער פאקט, וואס איז ניט געהערט געווארן אף די פריערדיקע צוזאמענפארן. יעדנפאלס זאגט ער איידעס, וועגן עטוואס העכסט אומנארמאלעס אין דער זאך פון קאנטראלירן דעם צוזאמענ־שטעל פון דעם צוזאמענפאר. איך געדענק, אז דער פארזיצער פון דער ערשטער קאמיסיע איז געווען א שאלעם־מאכער, צו וועלכן עס האט זיך באצויגן מיט צוטרוי אויך אונזער פראקציע. אויב אים איז ניט געלונגען צו באהעפטן אין איין גאנצעם זיין קאמיסיע, אויב אים מיט דער גאנצער ערשטער קאמיסיע איז אויסגעקומען אוועקצוגיין אין דעמיסיע, הייסט עס, אז דער שאלעם־מאכער איז ניט בעקויעך געווען שאלעם צו מאכן. די פראטים פון דעם צוזאמענפארישן קאמף צוליב די באריכטן פון דער מאנדאט־קאמיסיע זיינען אמערסטן פאריבער פארביי מיין אויפמערק־זאמקייט. דער קאמף איז ניט איין מאל געווען זייער א הייסער, מאנדאטן פון באלשעוויקעס פלעגן קאסירט ווערן, די ליידנשאפטן האבן זיך פאנאנ־דערגעברענט, דער איניען איז דערגאנגען ביז צו אן אויפרייס בא דער

דעמיסיע פון דער ערשטער קאָמיסיע, — נאָר איך בין גראד אין דעם מאָמענט ניט געווען אין זיצונגס־זאַל. עס געדענקט זיך מיר נאָך איין פאַקט, אַפאַנעם אַ גאַנץ היפשער, וועלכער איז פאַרבונדן מיט דעם באַשטימען דעם צוזאַמענשטעל פון דעם צוזאַמענפאָר. דאָס איז דער פּראָטעסט פון טיפליסער אַרבעטער (באַ 200, דאַכט זיך) קעגן די פולמאַכטן פון דער טיפליסער דעלעגאַציע, וועלכע איז געווען דורכויס אַ מענשעוויסטישע און לויט איר צאָל אַ באַזונדערס גרויסע, דאַכט זיך באַ 11 מאַן. דערדאָזיקער פּראָטעסט איז דורכגעלייענט געוואָרן אַפן צוזאַמענפאָר און ער דאַרף דעריבער זיין אין די פּראָטאָקאָלן.

די אַרבעט פון די מאַנדאַט־קאָמיסיעס דאַרף אויך זיין אין די פּראָטאָקאָלן, אויב נאָר דידאָזיקע קאָמיסיעס האָבן אויסגעפילט זייער אַרבעט וויפל ניט איז אויפמערקזאַם און האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַווירקלעכן באַריכט וועגן דער דורכקאָנטראָלירונג פון די פולמאַכטן און וועגן אַלע וואַלן אַפן צוזאַמענפאָר. צי וועט עס געמאַכט ווערן, צי וועט דערשיינען דער באַריכט אין די פּראָטאָקאָלן, ווייס איך ניט. אויב ניט, דאַן וועט קיין ספאָפעק ניט זיין, אַז די קאָמיסיעס האָבן זיך באַצויגן צו זייער אויפגאַבע ניט מיט דער געהעריקער אויפמערקזאַמקייט און פינקטלעכקייט. אויב יאָ, — איז מעגלעך, אַז מיר וועט אויסקומען אַסאַך פון דעם, וואָס איך האָב געזאָגט, צו קאָרעגירן, ווייל אין אַזאַ ניט פּרינציפּיעלער, נאָר ריין־קאָנקרעטער און זאַכלעכער פראַגע איז באַזונדערס לייכט אַ טאָעס צו האָבן באַם צוזאַמענשטעלן אַלגעמיינע איינדרוקן, און עס איז באַזונדערס וויכטיק אויפמערקזאַם צו שטודירן די דאָקומענטן.

אַגעוו, קעדיי אויסצושעפן אַלע פאָרמעלע פראַגן און גיכער איבערגיין צו די מער אינטערעסאַנטע פּרינציפּיעלע פראַגן, וועל איך זאָגן אויך וועגן די פּראָטאָקאָלן. איך האָב מוירע, אַז אויך אין דער הינזיכט וועט אונזער צוזאַמענפאָר אַרויסווייזן זיך ערגער סאי פון דעם צווייטן, סאי פון דעם דריטן. אַף דידאָזיקעביידע צוזאַמענפאָרן זיינען די פּראָטאָקאָלן אינגאַנצן באַשטעטיקט געוואָרן דורכן צוזאַמענפאָר. אַפן פאַראייניקונגס־צוזאַמענפאָר האָט זיך צום ערשטן מאָל אַרויסגעוויזן אַזאַ אומטיכטיקייט פון די סעקרעטאַרן, אַזאַ איילעניש צו פאַרענדיקן דעם צוזאַמענפאָר (ניט געקוקט אַף דעם, וואָס עס איז אַראָפּגענומען געוואָרן אַ גאַנצע ריי העכסט וויכטיקע פראַגן פון טאָג־סיידער פון צוזאַמענפאָר), אַז אַפן צוזאַמענפאָר זיינען נ י ט באַשטעטיקט געוואָרן אַלע פּראָטאָקאָלן. די פּראָטאָקאָל־קאָמיסיע (2 מענשעוויקעס און 2 באָלשעוויקעס) גייט אַרויס פון דעם־דאָזיקן צוזאַמענפאָר מיט אומגעהויער ברייטע און צעשוואומענע פולמאַכטן: באַשטעטיקן די ניט־פאַרענדיקטע פּראָטאָקאָלן. אויב עס וועלן זיין מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, דאַרף זי אַפּעלירן צו די דעלעגאַטן פון צוזאַמענפאָר, וואָס געפינען זיך אין פּעטערבורג. דאָס איז אַלץ זייער טרוי־

עריק. איך האָב מוירע, אַז אַזעלכע גוטע פּראָטאָקאָלן, ווי פון 2-טן און 3-טן צוזאַמענפאָר, וועלן מיר ניט באַקומען. עמעס, בײַ אונז זײַנען גע־וועז צוויי סטענאָגראַפיסטן, און אייניקע רעדעס וועלן זיך באַקומען קי־מאַט אויספירלעך, און ניט אין דער פאָרם פון א קאָנספּעקט, ווי פריער, — נאָר וועגן אַ פולער סטענאָגראַם פון די וויקוכים אַפן צוזאַמענפאָר קאָן אַפּילע קיין רייד ניט זיין, ווייל פאַר צוויי סטענאָגראַפיסטן איז אַזאַ אַרבעט לאַכלוטן ניט לויט די קויכעס, וואָס זיי האָבן אויך ניט איינמאָל געמאָלדן דעם צוזאַמענפאָר. איך, אַלס פאָרזיצער, האָב באַזונדערס גע־פאָדערט, אַז די סעקרעטאָרן זאָלן, אומבאַדינגט, געבן גוטע, זאָל זיין זיי־ער קורצע, קאָנספּעקטן: זאָלן, הייסט עס, די סטענאָגראַמען פון איינצלנע רעדעס זיין אַ קאָמפּאָרט־צוגאָב צו די פּראָטאָקאָלן; מע דאַרף, אַז עס זאָל זיין אַ קערן, אַז ניט איינצלנע רעדעס, נאָר די גאַנצע וויקוכים אָן אַן אויס־נאַם זאָלן זיין לעכאָלאָפּאָכעס אין דער פאָרם פון קאָנספּעקטן.

## II

## די וואלן פון ביורא. דער טאג־סיידער פון צוזאמענפאר

איך וועל איצט איבערגיין צו דערציילן וועגן דער אַרבעט פון צו־זאַמענפאָר לויטן סיידער פון די זיצונגען. די אָפּשטימונג וועגן די וואַלן פון ביוראָ איז געווען די ערשטע אָפּשטימונג, וועלכע האָט, אין טאָך גענומען, פאָרויס באַשלאָסן (ווי זעלטזאַם דאָס זאָל זיך ניט דוכטן פאַר מענטשן, וואָס שטייען וויים פון דער זאַך) אַלע וויכטיקסטע אָפּשטי־מונגען פון דעם צוזאַמענפאָר. בײַ 60 שטימען (58, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט) האָבן געשטימט פאַר פּלעכאַנאָוון און דאַנען, איבערלאָזנדיק אָפּט פוסטע ערטער אין די צעטלען אָנשטאָט דעם דריטן קאַנדידאַט. אַ שטימען 40 מיט עפּעס אָדער בײַ 40 זײַנען געווען פאַר מיר. דערנאָך האָט דער „צענטער“ אַרויסגעוויזן זיך, צוגעבנדיק צו אַ צענדליק אָדער צו אַנ־דערהאַלבן צענדליק שטימען דאָס דעם, דאָס יענעם קאַנדידאַט. עס זיי־נען דורכגעגאַנגען: פּלעכאַנאָוו, דאַכט זיך, מיט 69 שטימען (אָדער 71?), דאַן — מיט 67 און איך — מיט 60.

אין דער פראַגע וועגן דעם טאָג־סיידער פון צוזאַמענפאָר האָבן די וויקוכים צוויי מאָל באַקומען אַ אינטערעסאַנטן כאַראַקטער, וואָרפנדיק אַ גרויסן שיין אַפן צוזאַמענשטעל און כאַראַקטער פונם צוזאַמענפאָר. אַהער געהערן, ערשטנס, די וויקוכים וועגן דעם, צי זאָל מען שטעלן אַפן ערשטן אָרט די פראַגע וועגן דער פאַרייניקונג מיט די נאַציאָנאַלע ס.־ד. פּאַרטייען. די נאַציאָנאַלע פּאַרטייען האָבן עס, פאַרשטייט זיך, געוואָלט. מיר זײַנען אויך געווען פאַר דעם. די מענשעוויקעס האָבן עס דורכגע־וואָרפן, — מאָטיווירנדיק עס אַזוי: זאָל זיך, הייסט עס, צוערשט די

ר.ס.ד.א.פּ. זעלבסט באַשטימען, און דערנאָך זאָל זי זיך צונויפגיסן מיט
די אַנדערע; זאָלן „מיר" אַליין פריער באַשטימען, וואָס אַזוינס זיי-
נען מיר, און דערנאָך וועלן מיר זיך צונויפגיסן מיט „זיי". אַף דעמדאָזיקן
מאָטיוו (וועלכער איז פּסיכאָלאָגיש פולקום פאַרשטענדלעך און פון דעם
פּראַקציאָנעל מענשעוויסטישן שטאַנדפונקט אַ ריכטיקער) האָבן מיר
דערווידערט: איז דען ניט מעשונע אָפּצוזאָגן די נאַציאָנאַלע פּאַרטייען
אין דעם רעכט צו זעלבסטבאַשטימען זיך צוזאַמען מיט אונז? אויב
„זיי" גיסן זיך צונויף מיט „אונז", דאַן וועלן „מיר" און דאַרפן „מיר"
צוזאַמען, איינשליסנדיק אויך זיי, באַשטימען וואָס אַזוינס זיינען
„מיר". מע דאַרף נאָך באַמערקן, אַז בענויגייע צו דער פּוילישער סאָציאַל-
דעמאָקראַטיע האָט דער פאַרייניקטער צ"ק נאָך פאַרן צוזאַמענפאָר גע-
שלאָסן אַן אָפּמאַך וועגן פולקומער צונויפגיסונג. דאָך האָט מען דאָס
אָוועקשטעלן דידאָזיקע פראַגע אַפן ערשטן אָרט דורכגעוואָרפן. דער באַ-
הער וואַרשאַווסקי*, אַ מיטגליד פון דער פּוילישער דעלעגאַציע, האָט
קעגן דעם גערעדט אַף אַזויפיל אָפן, דאָס ער האָט אַפילע אויסגעשריען,
באַ אַן אַלגעמיינעם שמייכל פונם צוזאַמענפאָר, ווענדנדיק זיך צו די
מענשעוויקעם: איר ווילט אַפריער „אויפעסן" אָדער „קוילענען" די באָל-
שעוויקעם, און דערנאָך פאַרייניקן זיך מיט אונז! דאָס איז געווען, פאַר-
שטייט זיך, אַ שפּאַס, און איך בין ווייניקער פאַר אַלץ נויטע צוצוטשעפּען
זיך צו „שרעקלעכע ווערטער", ווי דאָס וואָרט „אויפעסן", נאָר דערדאָזי-
קער שפּאַס האָט אין אַ בוילעטער פאָרם אויסגעדריקט אַ זייער טרעפנ-
דיקע אָפּשאַצונג פון דער אָריגינעלער פּאָליטישער סיטואַציע.

אַ צווייטער אינטערעסאַנטער שטרייט איז געווען וועגן דעם, צי
מען זאָל איינשליסן אין טאָג-סיידער פונם צוזאַמענפאָר די פראַגע וועגן
היינטיקן מאָמענט פון אונזער רעוואָלוציע און וועגן די קלאַסן-אויפגאַבן
פון דעם פּראָלעטאַריאַט. מיר, באָלשעוויקעם, זיינען געווען, פאַרשטייט
זיך, פאַר — אין העסקעם מיט אונזער מעלדונג אין נום. 2 „פּאַרטיי-
יעדיעס"**. פונם פּרינציפּיעלן שטאַנדפּונקט האָט אַפילע קיין רייד ניט
געקאָנט זיין וועגן דעם, אַז מע זאָל אויסמיידן די גרונט-פראַגע, צי גייט
ווירקלעך די רעוואָלוציע צום אויפשטייג, און וועלכע פאָרמען פון רע-
וואָלוציאָנערע באַוועגונג זיינען איצט, לויט די אָביעקטיווע באַדינגונגען
פונם מאָמענט, די הויפּט-פאָרמען; וועלכע אויפגאַבן פון דעם פּראָלעטאַ-
ריאַט שטאַמען דערפון אַרויס. שטרייטנדיק קעגן איינשליסן דידאָזיקע
פראַגע, ביכלאַל, אין טאָג-סיידער פונם צוזאַמענפאָר, זיינען די מענשע-
וויקעם אַריינגעפאַלן אין אַ לאַגע, וועלכער עס איז שווער צו מעקאַנע
זיין. אַזעלכע מאָטיוון זייערע ווי דאָס, אַז דידאָזיקע פראַגע איז אַ טע-

* וואַרשאַווסקי — פּסעוודאָנים פון כ' וואַרסקי. איבערז.

** זע ביילאַגע נומער 2. איבערז.

ארעטישע, אז מע קאן ניט בינדן די פארטיי מיט רעזאלוציעס אין אזעלכע פראגן און ד. גל. האבן פאשעט דערשטויגט מיט זייער קינסטלעכקייט און אויסגעטראכטקייט. עס האט זיך דערהערט א געלעכטער, ווען אלס ענטפער אף דער רעדע דאכט זיך פון דאנען אליין, וועלכער האט זיך געלייגט אין דער לענג און דער ברייט קעגן איינשליסן דידאזיקע פראגע אין טאג-סיידער, האט איינער פון די רעדנער ארויסגענומען דעם נומ. 2 „פארטיי-יעדיעס“ און האט רואיק איבערגעלייענט די „פאטאלע ווערטער“ פון דער מענשעוויסטישער טאקטישער פלאטפארם: „מיר“ — טאקע מיר, מענשעוויקעס, — מיר אנערקענען און לייגן פאר דעם צוזאמענפאר צו אנערקענען“. וואס זאל דאס באטייטן, כאווער? האט געפרעגט דער רעדנער. נעכטן „האבן מיר פארגעלייגט דעם צוזאמענפאר צו אנערקענען“, און היינט „לייגן מיר פאר דעם צוזאמענפאר“ ניט צו באהאנדלען דידאזיקע פראגע? די פראגע איז אוועקגעשטעלט געווארן אין טאג-סיידער פונם צוזאמענפאר, נאר די מענשעוויקעס זיינען, סאפקאלסאף, דאך באשטאנען, ווי מיר וועלן ווייטער זען, אף זייערס.

III

## די אגראר-פראגע

די אגראר-פראגע אדער, ריכטיקער, די פראגע וועגן דער אגראר-פראגראם האט דער צוזאמענפאר אוועקגעשטעלט אין דער ערשטער ריי. וויקוכים זיינען געווען גרויסע. עס האט זיך ארויסגערוקט א מאסע אינטערעסאנטע פרינציפיעלע פראגן. פארטרעגער זיינען געווען פינף: איך האב פארטיידיקט דעם פראעקט פון דער אגראר-קאמיסיע (וואס איז געדרוקט אין דער בראשור „דאס איבערקוקן פון דער אגראר-פראגראם פון דער ארבעטער-פארטיי“) און בין אנגעפאלן אף מאסלאווס מוניציפאליזאציע. דער כאווער דזשאן האט פארטיידיקט די לעצטע. דער דריטער פארטרעגער, פלעכאנאוו, האט פארטיידיקט מאסלאוון און האט זיך געפרואווט איינריידן דעם צוזאמענפאר, אז לענינס נאציאנאליזאציע איז עסעריי און נאראדאוואליעריי. דער פערטער פארטרעגער, שמידט, האט פארטיידיקט דעם פראעקט פון דער אגראר-קאמיסיע מיט אויסבעסערונגען אין דעם גייסט, פון דעם „וואריאנט A“ (זע דעמדאזיקן וואריאנט אין דער אויבן אנגערופענער בראשור). דער פינפטער פארטרעגער, באריסאוו, האט פארטיידיקט דאס צעטיילן די ערד. זיין פראגראם איז געווען אריגינעל לויטן בוי, נאר לויטן טאך איז זי צוגעשטאנען נעענטער ווי אלץ צו אונזערער, פארבייטנדיק נאציאנאליזאציע, וועלכע איז באדינגט מיט דעם שאפן א רעפובליק, דורך צעטיילן די ערד צווישן די פויערים אלס זייער אייגנטום.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז באַשרייבן אַלע פּראָטים פון די זייער ברייטע וויקוחים איז פאַר מיר אומעגלעך אין דעמדאָזיקן באַריכט. איך וועל זעען צו שילדערן בלויז דאָס איקערדיקע, ד. ה. דעם טאָך פון דער „מוניציפּאַליזאַציע" און די אַרגומענטן קעגן דער נאַציאָנאַליזאַציע, וועלכע איז מעגלעך בלויז בײַ אַ רעפּובליק און אַז. וו. דערבײַ וועל איך באַמערקן, אַז אין צענטער פון אַלע וויקוחים האָט זיך געשטעלט פּלעכאַנאָווס שטעלונג פון דער פראַגע, אַדאַנק איר פּאָלעמישער שאַרפקייט, וועלכע איז אָלעמאָל לוינהאַפט און געוואונשן פונם שטאַנדפּונקט פון קלאָרער פאַנאַנדערגרענעצונג פון די גרונט־טענדענצן פון דער אָדער יענער געדאַנקען־ריכטונג.

אין וואָס באַשטייט דער טאָך פון „מוניציפּאַליזאַציע"? אין איבערגעבן די פּריוואַטישע ערד (אָדער ריכטיקער: אַלע ערדן פון גרויסן פּריוואַטבאַזיץ) אין די הענט פון די זעמסטוועס אָדער בכלל פון די אָרגאַנען פון דער אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג. די פּויערשע נאַדעל־ערד און די ערד פון די קליינע אייגנטימער דאַרפן בלייבן זייער אייגנטום. די גרויסע גיטער ווערן „אַנטאייגנט" און קומען אַריין אין באַזיץ פון די דעמאָקראַטיש אָרגאַניזירטע אָרגאַנען פון דער אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג. פּאָשעט קאָן מען עס אויסדריקן אַזוי: די פּויערשע ערדן זאָלן זיך זיין פּויערש אייגנטום, און די פּריוואַטישע ערדן זאָלן די פּויערים נעמען אין אַרענדע בײַ די זעמסטוועס, נאָר בײַ דעמאָקראַטישע זעמסטוועס.

אַלס ערשטער פּאָרטרעגער האָב איך זיך קאַטעגאָריש אַרויסגעזאָגט קעגן דעמדאָזיקן פּראָעקט. ער איז ניט רעוואָלוציאָנער. אויף אים וועלן ניט איינגיין די פּויערים. ער איז שעדלעך, אויב עס איז ניטאָ קיין פולקום קאָנזעקווענטע דעמאָקראַטישע מעלוכע־אָרדענונג, איינשליסנדיק רעפּובליק, געוויילטקייט פון די באַאַמטע דורך דאָס פאָלק, אָפּשאַפונג פון דער שטענדיקער אַרמיי און אַז. וו. אָט דאָס זיינען געווען מיינע דריי הויפּט־מאָטיוון.

איך האַלט דעמדאָזיקן פּראָעקט פאַר ניט קיין רעוואָלוציאָנערן, ערשטנס, דערפאַר, ווייל אין אים האָט זיך אנשטאָט קאָנפיסקאַציע (אַנטאייגענען אָן אויסקויף) גערעדט וועגן אַנטאייגענען בכלל; צווייטנס, און דאָס איז דעריקער, דערפאַר, וואָס דערדאָזיקער פּראָעקט רופט ניט צו פאַרווירקלעכן די אַגראַר־איבערקערעניש אויפן ר ע וו אָ ל צ י אָ נ ע ר ן א ו י פ ן. מעליצעס וועגן דעמאָקראַטיזם זאָגן לאַכלוטן גאָרניט אין אַזאַ צייט, ווען די צוויעסדיקע פּשאָרעמאַכער צווישן דער זעלבסטהערשונג מיטן פאָלק, די קאַדעטן, רופן זיך אָן דעמאָקראַטן. די פאַרשיידענע אויפאַנים פון דער אַגראַר־איבערקערעניש וועלן זיך, סאַפּקאָלסאָף, אויסלאָזן צו אַ ליבעראַל־באַאַמטישער ר ע פ אָ ר ם, צו אַ קאַדעטישער רעפאָרם און ניט צו אַ פּויערשער רעוואָלוציע, אויב מע זאָל ניט אַוועקשטעלן דעם

לאָזונג, אַז די פּויערים זאָלן ט י י ק ע ף פאַרכאַפּן די ערד גלייך אַפן אָרט, ד. ה. טאַקע דורך די רעוואָלוציאָנערע פּויערשע קאָמיטעטן, אַזוי, אַז די פּויערים זאָלן אַליין טאַקע האָבן אין זייער רעשום דידאָזיקע פאַרכאַפּטע* ערדן ביז עס וועט צונויפגערופן ווערן די אַלפאָלקישע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. אָן דעמדאָזיקן לאָזונג וועט בײַ אונז זיין אַ פּראָגראַם פון אַ קאַדעטישער אָדער האַלב-קאַדעטישער אַגראַר-רעפאָרם, אָבער ניט פון אַ פּויערשער רעוואָלוציע.

ווייטער. אַף מוניציפּאַליזאַציע וועלן ניט איינגיין די פּויערים. מוניציפּאַליזאַציע באַטייט: די נאַכלע ערד נעם זיך אומזיסט, און פאַר די פּריצישע צאָל אַרענדע דער זעמסטווע. די רעוואָלוציאָנערע פּויערים וועלן אַף דעם ניט איינגיין. זיי וועלן זאָגן אָדער: לאָמיר צעטיילן די גאַנצע ערד צווישן זיך, אָדער: לאָמיר מאַכן אַלע ערדן פאַר אייגנטום פון דעם גאַנצן פאָלק. דער לאָזונג פון מוניציפּאַליזאַציע וועט קיינמאָל ניט ווערן דער לאָזונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן פּויערטום. אויב די רעוואָלוציע וועט זיגן, — דאַן קאָן זי ב ע ש ו ם א ו י ף ן זיך ניט אָפּשטעלן אַף מוניציפּאַליזאַציע. אויב די רעוואָלוציע וועט ניט זיגן, דאַן וועט זיך פון דער מוניציפּאַליזאַציע בלויז באַקומען אַ נייע אָפּנאַרעריי פון די פּויערים לויטן טיפּ פון דער רעפאָרם פון 1861 יאָר.

דער דריטער גרונט-אַרגומענט מיינער. מוניציפּאַליזאַציע איז שעדלעך, אויב אַלס באַדינגונג פאַר איר מאַכט מען „דעמאָקראַטיזם“ ביכלאַל, און ניט ספּעציעל אַ רעפּובליק און די געוויילטקייט פון די באַאַמטע דורך דאָס פאָלק. מוניציפּאַליזאַציע באַטייט אָפּגעבן די ערד דער אָרטיקער מאַכט, די אָרגאַנען פון דער זעלבסטפאַרוואַלטונג. אויב די צענטראַלע מאַכט וועט ניט זיין קיין פ ו ל ק ו ם דעמאָקראַטישע (אַ רעפּובליק א. א. וו.), דאַן קאָן די אָרטיקע מאַכט בלייבן בלויז אין קלייניקייטן „אויטאָנאָם“, בלויז אין דער פראַגע פון ווייסן וואַש-טישלעך וועלן זיי בלייבן זעלבשטענדיק, בלויז אַף אַזויפיל וועלן זיי זיין „דעמאָקראַטיש“, אַף וויפל עס זיינען געווען דעמאָקראַטיש, לאָמיר זאָגן, אונזערע זעמסטוועס פאַר אַלעקסאַנדער דעם 3-טן. אין וויכטיקע פראַגן אָבער, און באַ-

* אין מיין פּראָעקט איז „קאָנפיסקירטע“. דער כ׳ באַריסאָוו האָט ריכטיק באַמערקט, אַז דאָס איז אַ פעלערהאַפטע פאָרמולירונג. מע דאַרף זאָגן: „פאַרכאַפּטע“. קאָנפיסקאַציע איז אַ יורידישע אנערקענונג פון דעם פאַרכאַפּן, אַ באַשטעטיקונג זיינע דורכן געזעץ. מיר דאַרפן שטעלן דעם לאָזונג פון קאָנפיסקאַציע. קעדיי אים צו פאַרווירקלעכן דאַרפן מיר רופן די פּויערים צו פ אַ ר כ אַ פּ ן. דאָסדאָזיקע פּויערשעס פאַרכאַפּן דאַרף אנערקענט ווערן, דאַרף פאַרגעזעצלעכט ווערן דורך דער אַלפאָלקישער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, וועלכע וועט מאַכן, אַלס העכסטער אָרגאַן פון דער זעלבסטהערשונג פון פאָלק, פון דעם פאַרכאַפּן אַ ק אָ נ פ י ס ק אַ צ י ע אַפן גרונט פון געזעץ, וואָס איז אַרויסגעגעבן פון דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג.

לענינס באַמערקונג

זונדערם אין אַזאַ איקערדיקע פראַגע, ווי דער פּריצישער ערד-באַזיץ, איז דער דעמאָקראַטיזם פון דער אָרטיקער מאַכט קעגן דעם דעמאָקראַטיזם פון דער צענטראַלער מאַכט אַ שפּיל. אויב עס איז ניטאָ קיין רעפּובליק און קיין געוועלטיקייט פון די באַאַמטע דורך דאָס פאָלק, דאַן באַטייט מוניציפּאַליזאַציע: אָפּגעבן די פּריצישע ערד דער אָרטיקער געוועלטער מאַכט, דאַן ווען אַפילע די צענטראַלע מאַכט זאָל בלייבן באַ טרעפּאָוון און דובאַסאָוון. אַזאַ רעפאָרם וועט זיין אַ שפּיל און אַ שעדלעכע שפּיל, ווייל די טרעפּאָווס און דובאַסאָווס וועלן איבערלאָזן פאַר דער געוועלטער אָרטיקער מאַכט דאָס רעכט איינצואָרדענען וואַסערלייטונג, עלעקטרישע באַנען און ד. גל., נאָר קיינמאָל וועלן זיי נ י ט ק אָ נ ע ן לאָזן פאַר זיי די ערד, וואָס איז אָפּגענומען באַ די פּריצים. די טרעפּאָווס און דובאַסאָווס וועלן א י ב ע ר פ י ר ן דאַן דידאָזיקע ערדן פונם „אַמט“ פון די זעמסט-וועס אין דעם „אַמט“ פון דעם אינערן-מיניסטעריום, און די פּויערים וועלן בלייבן דרייפאַך אָפּגענאַרט. מע דאַרף רופן אַראָפּצואוואַרפן די טרעפּאָווס און די דובאַסאָווס, צו וואַלן פון אַלע באַאַמטע דורך דאָס פאָלק, און ניט מאָלן, אנשטאט דעם און ביז דעם, קיין שפּיל-מאָדעלן פון עפּעס אַ ליבעראַלער אָרטיקער רעפאָרם.

וואָס זיינען געווען פלעכאַנאָווס אַרגומענטן לעטוויוועס דער מוני-ציפּאַליזאַציע? מער פאַר אַלץ האָט ער אַרויסגערוקט אין זיינעביידע רעדעס די פראַגע וועגן ג אַ ר אַ נ ט י ע אַ קעגן ר ע ס ט אַ ו ר אַ צ י ע. דעראָזיקער אָריגינעלער אַרגומענט איז באַשטאַנען אָט אין וואָס. די נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד איז געווען די עקאָנאָמישע באַזע פון מאָסקווער „רוס“* פון דער עפּאָכע, וואָס פאַר פּיאָטערן. אונזער איצטיקע רעוואָלוציע, ווי יעדער אַנדער רעוואָלוציע, אַנטהאַלט אין זיך ניט קיין גאַראַנטיעס פון רעסטאַוראַציע. דעריבער איז אין די אינטערעסן פון אויסמיידן אַ רעסטאַוראַציע (ד. ה. פון ווידעראויפשטעלן די אַלטע, ביז-רעוואָלוציאָנערע אָרדענונג) דאַרף מען באַזונדערס היטן זיך גראַד פאַר נאַציאָנאַליזאַציע.

דעראָזיקער פלעכאַנאָווס אַרגומענט האָט אויסגעוויזן די מענשע-וויקעס פאַר זייער אַן איבערצייגנדיקן, און זיי האָבן מיט היסלאָוועס אָפּ-לאָדירט פלעכאַנאָוון, באַזונדערס פאַר די „האַרבע ווערטלעך“ בענוגייע צו נאַציאָנאַליזאַציע (עסערעריי און ד. גל.). אינדערעמעסן אָבער, ווען מע זאָל נאָר אַביסל אַ טראַכט טאָן; איז גרינג זיך צו איבערצייגן, אַז דעראָזיקער מאָטיוו איז בלויז ריינע סאָפיסטיק.

אינדערעמעסן, טוט נאָר אַ קוק אַפּריער אַף דעראָזיקער „נאַציאָ-נאַליזאַציע אין דער מאָסקווער פאַר-פּיאָטער-רוס“. מיר וועלן שוין ניט

* רוס (Русь) — אַזוי האָט געהייסן דאָס אַלטע צאַרישע רוסלאַנד א ידער ס'איז געשאַפן געוואָרן די אימפּעריע (אָנהויב XVIII יאָרהונדערט).

ריידן וועגן דעם, אַז די היסטאָרישע אַנשויאונגען פון פּלעכאַנאָוו באַשטייען אין אוטרירן (מעגאַזעם זיין) דעם ליבעראַל-פּאָלקיסטישן קוק אַף מאָסקווער רוס. ריידן ערנסט וועגן דער נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד אין פּאַר-פּיאָטער-רוס איז ניטאָ וואָס, — מיר וועלן זיך באַרופן זאָל זיין אַף קליוטשעווסקין, יעפימענקען און אַנד. נאָר לאָמיר לאָזן די אַלע היסטאָרישע פאָרשונגען. לאָמיר אַף אַ מינוט דערלאָזן, אַז אין מאָסקווער פּאַר-פּיאָטער-רוס, אין 17-טן יאָרהונדערט, האָט ווירקלעך עקזיסטירט נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד. איז וואָס איז דערפון געדרונגען? לויט דער לאָגיק פון פּלעכאַנאָוו איז דערפון געדרונגען, אַז איינפירן נאַציאָנאַליזאַציע. הייסט פאַרלייכטערן די רעסטאַווראַציע פון מאָסקווער רוס. נאָר אַזאַ לאָגיק איז ווירקלעך סאָפיזם, און ניט קיין לאָגיק, אָדער דאָס איז אַ שפּיל אין ווערטער, אָן אַן אַנאַליז פון דער עקאָנאָמישער באַזע פון די דערשיינונגען אָדער פון דעם עקאָנאָמישן אינהאַלט פון די באַגריפן. אַף וויפל אין מאָסקווער רוס איז געווען (אָדער: אויב אין מאָסקווער רוס איז געווען) נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד, אַף אַזוי פיל איז די עקאָנאָמישע באַזע אירע געווען דער אַזיאַטישער פּראָדוקציע-אויפן. אין רוסלאַנד אָבער האָט זיך פון דער צווייטער העלפט פון דעם 19-טן יאָרהונדערט פאַרפעסטיקט, און אין 20-טן יאָרהונדערט שוין געוואָרן בליזאָפעק אַ הערשנדיקער דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע-אויפן. וואָס זשע בלייבט פון פּלעכאַנאָווס מאָטיוו? די נאַציאָנאַליזאַציע, וואָס איז באַזירט אַפן אַזיאַטישן פּראָדוקציע-אויפן, האָט ער צונויפגעמישט מיט דער נאַציאָנאַליזאַציע, וואָס איז באַזירט אַפן קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוקציע-אויפן. איבער דעם, וואָס די ווערטער זיינען דאָ איינע און דיזעלבע, האָט ער פאַרזעען די גרונט-נאָפקעמינע פון די עקאָנאָמישע, נעמלעך פון די פּראָדוקציאָנעלע, באַדינגונגען. בויענדיק זיין אַרגומענטאַציע אַף דער רעסטאַווראַציע פון מאָסקווער רוס (ד. ה. אַף דער קלוימערשטער רעסטאַווירונג פון די אַזיאַטישע פּראָדוקציע-אויפאַנים), האָט ער אינדערעמעסן גערעדט וועגן אַ פּאָליטישער רעסטאַווראַציע, ווי די רעסטאַווראַציע פון די בורבאָנען* (אַף וועלכער ער פאַרופט זיך), ד. ה. וועגן אַ רעסטאַווראַציע פון אַן אַנטירעפּובליקאַנישער רעגירונגס-פאָרם אַפן באָדן פון קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע-פאַרהעלטענישן.

צי האָט מען אַפן צוזאַמענפאָר אָנגעוויזן פּלעכאַנאָוון, אַז ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט? יאָ, מע האָט אים אָנגעוויזן. אַ כאַווער, וועלכער

* רעסטאַווראַציע פון די בורבאָנען (1814 — 1815 י.) — דאָס איז דאָס אומקערן זיך פון דער אַלטער קעניגלעכער דינאַסטיע אין פראַנקרייך נאָך דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע (1789 י.) און די נאַפּאָלעאָנישע מילכאָמעס.

איבערז.

האָט זיך אַפן צוזאַמענפּאַר גערופן דעמיאַן האָט אין זיין רעדע געזאָגט, אַז באַ פּלעכאַנאָוון האָט זיך לאַכלוטן גאַרניט באַקומען פון יענער „רעסטאַווראַציע", מיט וועלכער ער האָט אונז גערעכנט צו שרעקן. פון די האַנאַכעם פון זיין אַרגומענטירונג באַקומט זיך די רעסטאַווראַציע פון מאָסקווער רוס, ד. ה. די רעסטאַווראַציע פון דעם אַזיאַטישן פּראָדוקציע־אויפן, ד. ה. אַ ריינער אומזין אין דער עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם. פון זיינע אויספירן און ביישפּילן, ווידער, באַקומט זיך די רעסטאַווראַציע פון דער אימפּעריע דורך נאַפּאָלעאָנען אָדער די רעסטאַווראַציע פון די בורבאָנען נאָך דער גרויסער פראַנצויזישער בורזשואַזער רעוואָלוציע. נאָר אַזאַ רעסטאַווראַציע האָט ניט געהאַט גאַרניט קיין געמיינזאַמעס מיט די פּאַר־קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע־אויפאַנים. דאָס איז ערשטנס. און צווייטנס, איז אַזאַ רעסטאַווראַציע געקומען גראַד ניט נאָך אַ נאַציאָנאַליזירונג פון דער ערד, נאָר נאָך דעם, ווי עס זיינען אויספּאַרקויפט געוואָרן די פּריצישע ערדן, ד. ה. נאָך אַ מאַסנאַם אַן אַרכיבורזשואַזער, אַ ריין בורזשואַזער און בליסאָפּעק אַזאַ, וואָס פאַרפעסטיקט די בורזשואַזיע, ד. ה. קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן. הייסט עס, אַז צו דער פראַגע וועגן נאַציאָנאַליזאַציע האָט אַבסאָלוט קיין שאַיכעס ניט קיין רעסטאַווראַציע, וואָס איז צוגעטשעפּעט געוואָרן פון פּלעכאַנאָוון, ניט די רעסטאַווראַציע פון דעם אַזיאַטישן פּראָדוקציע־אויפן (די רעסטאַווירונג פון מאָסקווער רוס), ניט די רעסטאַווראַציע פון 19־טן יאָרהונדערט אין פראַנקרייך.

וואָס זשע האָט געענטפערט דער כאַווער פּלעכאַנאָוו אַף די דאָזיקע אינגאַנצן ניטאָפּלעגנבאַרע אַרגומענטן פון דעם כאַווער דעמיאַן? ער האָט געענטפערט אויסערסט געשיקט. לעניין איז אַן עסער, — האָט ער אויסגעשריען, — און דער כאַווער דעמיאַן האָדעוועט מיך מיט אַ מין דעמיאַנס פיש־יויך*.

די מענשעוויקעס זיינען געווען אויסער זיך פון פאַרגעניגן. זיי האָבן געקייכט פון געלעכטער איבער דעם גלענצנדיקן וויץ פון פּלעכאַנאָוון. דונערן פון אַפּלאָדיסמענטן האָבן געטרייסלט דעם זיצונגס־זאַל. די פראַגע וועגן דעם, צי האָט פּלעכאַנאָוו באַוויזן צו פאַרבינדן אַן עק מיט אַן עק מיט זיין רעסטאַווראַציע, איז איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַראָפּגענומען געוואָרן פון דעם מענשעוויסטישן „צוזאַמענפּאַר.

איך בין ווייט, פאַרשטייט זיך, פון געדאַנק אָפּצולייקענען, אַז פּלעכאַנאָווס ענטפער איז געווען ניט בלויז אַ פּערל פון גלענצנדיקער שאַרפ־

* באַם רוסישן מעשאָלים־שרייבער קרילאָוו איז פאַראַן אַ פאבל, ווי אַזוי איינער אַ דעמיאַן האָט אָנגעקאָכט א שלאל פיש־יויך און איז מעכאַבעד זיין גוטן פריינד, שפּאַרנדיק אין אים אָן אַ סאָף איין טעלער נאָכן צווייטן, ביז וואַנען יענער כאַפּט זיין היטל און גאַרטל און מאכט פּלייטע פונם דערעסענעם קיבעד. איב.

זיניקייט, נאָר, אויב איר ווילט, אויך פון מאַרקסיסטישער טיפזיניקייט. נאָר דאָך וועל איך מיר דערלויבן צו טראַכטן, אַז דער כּאַוּוער פלעכאַנאָוו האָט זיך מאַכטלאָז פאַרפּלאָנטערט צווישן דער רעסטאַווראַציע פון מאָסקווער רוס און דער רעסטאַווראַציע פון 19-טן יאָרהונדערט אין פראַנקרייך. איך דערלויב מיר צו טראַכטן, אַז די „דעמיאַנישע פיש-יויך" וועט ווערן אַ „היסטאָרישער אויסדריק" ניט בענויגייע צום כּאַוּוער דעמיאַן (ווי עס מיינען די מענשעוויקעס, וואָס זיינען פאַרגאַפט פון דעם גלאַנץ פון פלעכאַנאָווס שאַרפזין), נאָר בענויגייע דעם כ' פלעכאַנאָוו. אַלנפאַלס, אַפן פאַרייניקונגס-צוזאַמענפאָר האָבן אייניקע דעלעגאַטן גערעדט וועגן פלעכאַנאָווס רעדעס ווי וועגן „אַ וויניגרעט אַלפּי מאָסקווער שטייגער" און ווי וועגן „וואָרשט וויצן", ווען דער כ' פלעכאַנאָוו האָט אין דער פראַגע וועגן פאַרכאַפּן די מאַכט אין דער איצטיקער רוסישער רעוואָלוציע מענאַצייעך געווען זיינע מענשעוויקעס מיט אַן אַנעקדאָט וועגן אַ קאָמונאַר אין עפּעס אַ פּראָווינציעלן שטעטל אין פראַנקרייך, וועלכער האָט פאַרביסן מיט וואָרשט נאָך דעם גיטגעלונגענעם „פאַרכאַפּן די מאַכט".

אַפן צוזאַמענפאָר בין איך געווען, ווי איך האָב שוין אויבן באַמערקט, דער ערשטער פאַרטרעגער וועגן דער אַגראַר-פראַגע. דאָס שלום-וואָרט האָט מען מיר געגעבן ניט דעם לעצטן, נאָר אויך דעם ערשטן פון אַלע פינף פאַרטרעגער. דעריבער האָב איך גערעדט נאָך דעם כ' דעמיאַן און פאַר דעם כ' פלעכאַנאָוו. דעריבער איז פאַרויסזעען די געניאַלע פאַרטיידיקונג פון פלעכאַנאָוון קעגן דעמיאַנס מאָטיוון האָב איך ניט געקאָנט. איך האָב נאָר בעקיצער איבערגעכאַזערט דידאַזיקע מאָטיוון און האָב איבערגעטראָגן דעם שווער-פונקט ניט אַף צו דערווייזן די פולקומע אינהאַלטלאָזיקייט פון דער כקירע וועגן רעסטאַווראַציע, אַלס אַן אַרגומענט פאַר מוניציפּאַליזאַציע, נאָר אַף פאַנאַנדערקלייבן די פראַגע פון רעסטאַווראַציע אין איר טאָך. וועגן וועלכע גאַראַנטיעס פון רעסטאַווראַציע האַנדלט זיך דאָ? — האָב איך געפרעגט דעם כ' פלעכאַנאָוו. וועגן אַן אַבסאָלוטער גאַראַנטיע, אין זין פון באַזייטיקן יענע עקאָנאָמישע באַזע, וועלכע רופט אַרויס די רעסטאַווראַציע? אָדער וועגן אַ פאַרהעלטניס-מעסיקער און צייטווייליקער גאַראַנטיע, ד. ה. וועגן באַשאַפן פאָליטישע באַדינגונגען, וואָס באַזייטיקן ניט גופע די מעגלעכקייט פון רעסטאַווראַציע, נאָר וועלכע מאַכן די רעסטאַווראַציע פאַר ווייניקער שיינבאַר, וואָס פאַרשווערן נאָר די רעסטאַווראַציע? אויב עס האַנדלט זיך וועגן דער ערשטער, וועל איך ענטפערן: אַ פולקומע גאַראַנטיע פון רעסטאַווראַציע אין רוסלאַנד (נאָך אַ זיגרייכער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד) קאָן זיין אויסשליסלעך אַ סאָציאַליסטישע איבערקערעניש אין מאַירעוו. קיין אַנדער גאַראַנטיע איז ניטאָ און קאָן ניט זיין. הייסט עס, אַז אין

דער הינזיכט באַשטייט די פראַגע אין דעם, ווי, נעמלעך און מיט וואָס נעמלעך קאָן די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד פאַרלייכטערן אָדער פאַרשנעלערן די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אין מייַרעוו. דער ענטפער אַף דער־דאָזיקער פראַגע קאָן זיין בלויז איינער: אויב דער נעבעכדיקער 17 אָקטיאַבער האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן אויפשטייג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אייראָפּע, וועט אַ *פולקומער* זיג פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אַרויסרופן קימאַט אומפאַרמיידלעך (אָדער, לעכאָלאַפּאָכעס, זייער וואַרשיינלעך) אַ ריי אַזעלכע פאָליטישע צעטרייסלונגען אין אייראָפּע, וועלכע וועלן מיט זיך פאָרשטעלן אַ שטאַרקסטן שטויס צו דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

איצט לאָמיר אַ קוק טאָן אַף דער „צווייטער“, ד. ה. פאַרהעלטנים־מעסיקער, גאַראַנטיע פון רעסטאַווראַציע. אין וואָס באַשטייט דער עקאָנאָמישער גרונט פון דער רעסטאַווראַציע אַפן באַזיס פון קאַפּיטאַליסטישן פראָדוקציע־אויפן, ד. ה. ניט פון דער הומאָריסטישער „רעסטאַווראַציע פון מאָסקווער רוס“, נאָר פון דער רעסטאַווראַציע לויטן טיפ פון דער פראַנצויזישער אין אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט? אין דער לאַגע פון דעם קליינעם סכוירע־פראָדוצירער אין יעדער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. דער קליינער סכוירע־פראָדוצירער וואַקלט זיך צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל. צוזאַמען מיטן אַרבעטער־קלאַס קעמפט ער קעגן דעם לייבאייגנטום און דער פאָליצייאישער זעלבסטהערשונג. נאָר אין דער־זעלביקער צייט וויל ער פאַרשטאַרקן זיין אייגנטימערישע פאָזיציע אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט און דעריבער, אויב די אַנטוויקלונגס־באַדינגונגען פון *דער־דאָזיקער* געזעלשאַפט ווערן וויפל ניט איז גינסטיק (לעמאָשל, אַן אויפבליאונג פון דער אינדוסטריע, אַ פאַרברייטערונג פון דעם אינעווייניקסטן מאַרק אַדאַנק אַן אַגראַר־איבערקערעניש און ד. גל.) טוט זיך דאַן דער קליינער סכוירע־פראָדוצירער *אומפאַרמיידלעך* אַ קער קעגן דעם פראָלעטאַריער, וואָס קעמפט פאַרן סאָציאַליזם. הייסט עס, האָב איך געזאָגט, אַז די רעסטאַווראַציע אַפן באַזיס פון דער קליין־סכוירישער פראָדוקציע, פון דעם פויערשן קליין־אייגנטום אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז ניט נאָר מעגלעך אין רוסלאַנד, נאָר זי איז אַפילע *אומפאַרמיידלעך*, ווייל רוסלאַנד איז אַ לאַנד הויפּט־זאַכלעך אַ קליינבירגערלעכס. די לאַגע פון דער רוסישער רעוואָלוציע, פונם שטאַנדפונקט פון רעסטאַווראַציע, קאָן מען אויסדריקן, האָב איך ווייטער געזאָגט, מיט אַזאַ האַנאָכע: די רוסישע רעוואָלוציע האָט גענוג אייגענע קויכעס אַף צו זיגן. נאָר באַ איר איז ניטאָ קיין גענוג קויכעס אַף איינצוהאַלטן די פרוכטן פון דעם זיג. זיגן קאָן זי, ווייל דער פראָלעטאַריאַט צוזאַמען מיטן רעוואָלוציאָנערן פויערטום קאָן בילדן אַן אומבאַזיגבאַרע קראַפט. איינהאַלטן פאַר זיך דעם זיג קאָן זי ניט, ווייל אין

אַ לאַנד מיט אַ קאָלאָסאַלער אַנטוויקלונג פון דער קליין-ווירטשאַפט וועלן די קליין-פּראָדוצירער (די פּויערים אויך אין דער צאָל) אומפאַרמיידלעך אַ קער טאָן קעגן דעם פּראָלעטאַריער, ווען ער וועט *פון* פרייהייט גיין *צום* סאָציאַליזם. קעדיי איינצוהאַלטן פאַר זיך די פרייהייט, קעדיי ניט צו דערלאָזן קיין רעסטאַווראַציע, איז פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע נויטיק אַ ניט-רוסישער *רעזערוו*, איז נויטיק אַ הילף פון דער זייט. איז פאַראַן אַזאַ רעזערוו אַף דער וועלט? פאַראַן: דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט אין מאַירעוו.

ווער עס רעדט וועגן רעסטאַווראַציע, פאַרגעסנדיק וועגן דעם, יענער ווייזט אַרויס אַן עקסטע שמאָלקייט פון זיינע אַנשויאונגען אַף דער רוסישער רעוואָלוציע. יענער פאַרגעסט, אַז פראַנקרייך אין סאָף פון 18-טן יאָרהונדערט, אין דער עפּאָכע פון דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, איז אַרומגערינגלט געווען מיט באַדייטנדיק מער אָפּגעשטאַנענע האַלב-פעאָדאַלע לענדער, וועלכע זיינען געווען אַ רעזערוו פון רעסטאַווראַציע, און רוסלאַנד אין אָנהויב פון 20-טן יאָרהונדערט, אין דער עפּאָכע פון איר בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, איז אַרומגערינגלט מיט באַדייטנד מער פאָרגעשריטענע לענדער, אין וועלכע עס איז דאָ אַ סאָציאַלער קויעך, וואָס איז פעאיק צו ווערן אַ רעזערוו פון רעוואָלוציע.

דער סאַכאַקל איז אַזאַ: פּלעכאַנאָוו האָט, אַרויסרוקנדיק די פראַגע וועגן אַ גאַראַנטיע פון רעסטאַווראַציע, אָנגערירט אַ ריי אינטערעסאַנטע טעמען, נאָר ער האָט לאַכלוטן גאָרניט דערקלערט אין טאָך פון דעם ענין און איז נאָר אַוועק אָן דער זייט (ער האָט אָפּגעפירט די צוהערער-מענשעוויקעס אָן אַ זייט) פון דער פראַגע וועגן מוניציפּאַליזאַציע. אינדערעמעסן, אויב דער אָנהאַלט פון דער קאַפּיטאַליסטישער רעסטאַווראַציע (צוליב קורצקייט וועלן מיר אַזוי אָנרופן די רעסטאַווראַציע אַף באַזיס ניט פון דעם אַזיאַטישן, נאָר קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוקציע-אויפן) איז דער קלאַס פון קליינע סכוירע-פּראָדוצירער, אַלס קלאַס, איז וואָס פאַר אַ שייכעס האָט אַהער מוניציפּאַליזאַציע? מוניציפּאַליזאַציע איז איינע פון די פאָרמען פון *ערד-באַזיץ*, נאָר איז דען ניט קלאָר, אַז די אייקערדיקע הויפּט-שטריכן פון *קלאַס* ענדערן זיך ניט צוליב דער פאָרם פון ערד-באַזיץ? דער קליינבירגער איז אומפאַרמיידלעך דער אָנהאַלט פון רעסטאַווראַציע קעגן דעם פּראָלעטאַריער סיי בא נאַציאָנאַליזאַציע, סיי בא מוניציפּאַליזאַציע, סיי בא פאַנאַנדערטיילן די ערד. אויב עס איז דענקבאַר דורכצופירן אין דערדאָזיקער הינזיכט אַ שאַרפע גרענעץ צווישן די פאָרמען פון ערד-באַזיץ, איז סאַידן נאָר צו גונסטן פון פאַנאַנדערטיילן אַלס מער ענגערן בונד פון באַלעבעסל מיט דער ערד*. פאַרטיידיקן אָבער

* מיר זאָגן „סאַידן נאָר”, ווייל עס בלייבט נאָך אָפן די פראַגע צי איז גראָד ניט די ענגסטע פאַרבינדונג פון באַלעבעסל מיט זיין „פאַרצעלע” (ברעקל ערד) דער בעסטער אָנהאַלט פון באָנאַ-

מוניציפאַליזאַציע מיטן אַרגומענט פון רעסטאַווראַציע איז פּאַשעט לעכערלעך.

בעאיים די וויקוכים אַפן צוזאַמענפאַר האָבן זיך די כ"כ דזשאַן און פלעכאַנאָוו, וועלכע האָבן געהאַלטן זייערע שלום-ווערטער נאָך מיר, גע-פּרואווט נאָכאַמאָל אומבאַמערקט איבערצושפּרינגען פון אַט דעם ניט-געלונגענעם אַרגומענט וועגן רעסטאַווראַציע אַף אַן אַנדערן, וועלכער איז קלוימערשט אויסערלעך ענלעך, נאָר וועלכער איז אינגאַנצן פאַרשיידן לויטן אינהאַלט. זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאַרטיידיקן מוניציפּאַליזאַציע ניט פון שטאַנדפּונקט פון אַ גאַראַנטיע פון מאָנאַרכישער רעסטאַווראַציע נאָך דער באַשאַפונג פון אַ רעפּובליק, ד. ה. ניט אַלס אַ מאָסמיטל צו זי-כערן די רעפּובליק, ניט אַלס שטענדיקע איינריכטונג, נאָר אַלס אַ באַזע אינם פּראָצעס פון קאַמף קעגן דער מאָנאַרכיע פאַר אַ רעפּובליק, ד. ה. אַלס מאָסמיטל, וואָס פאַרלייכטערט די וויטערדיקע דעראָבערונגען, אַלס אַן איינריכטונג אַ צייטווייליקע און אַן איבערגייענדיקע. פלעכאַנאָוו איז דערביי דערגאַנגען צו דעם, אַז ער האָט אָנגערופן די גרעסערע אָר-גאַנען פון דער אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג, וואָס האָבן מוניציפּאַלי-זירט די ערד, פאַר אָרטיקע „רעפּובליקן", וועלכע וועלן טאַקע דינען אַלס אָנהאַלט אין דער מילכאָמע מיט דער מאָנאַרכיע.

מעקוייעך דעמדאָזיקן אַרגומענט דאַרף מען באַמערקן:

ערשטנס, איז די אָנפאַנגלעכע פּראָגראַם פון מאַסלאָוו און די פּראָ-גראַם פון דזשאָן-פלעכאַנאָוו-קאָסטראָוו, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן פונם צוזאַמענפאָר, ווייזט ניט אָן מיט קיין איינציקן וואָרט, אַז די מוניציפּאַליזאַציע ווערט באַטראַכט אַלס אַ צייטווייליק איבערגאַנגס-מאָסמיטל אין לויף פון דער רעוואָלוציע, ד. ה. אַלס געווער פון קאַמף פאַר דאָס וויטערדיקע. הייסט עס, אַז אַזאַ אויסטייטש איז אַ „פרייע אויסטראַכטונג", וועלכע ווערט ניט באַשטעטיקט, נאָר אָפּ-געלייקנט דורכן טעקסט פון דער פּראָגראַם. לעמאָשל, ווען איך רוק אַרויס אין מיין פּראָגראַם רעוואָלוציאָנערע פּויערשע קאָמיטעטן, אַלס געווער פון דער רעוואָלוציע, אַלס אַ באַזע פון קאַמף פאַר דאָס וויטערדיקע, זאָג איך פּאַשעט אין דער פּראָגראַם גופע: די פּאַרטיי גיט אָן אייצע די פּוי-ערים צו פאַרכאַפּן די ערדן און באַלעבאַטעווען איבער זיי ביז דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. אין דער פּראָגראַם פון מאַסלאָוו-דזשאָן-פלעכאַנאָוו-קאָסטראָוו איז דאָס ניט נאָר ניט געזאָגט*, נאָר, פאַרקערט,

פּאַרטיזם. אַריינגיין דאָ אין דעטאַלער באַהאַנדלונג פון דערדאָזיקער קאָנקרעטער פראַגע איז ניט קעדאַי. לעניגס באַמערקונג

* טאַקע דערפאַר, וואָס אין פלעכאַנאָווס פּראָגראַם איז דאָס ניט געזאָגט געוואָרן, האָבן מיר דאָס פולע רעכט געהאַט אַפן צוזאַמענפאַר צו פאַרגלייכן דעם נייעם אויסטייטש פון מוניציפּאַליזאַציע מיט דער „רעוואָלוציאָנערער זעלבסטפאַרוואַלטונג" פון די מענשעוויקעס. און ניט קיין אַנדערער, ווי

עס ווערט אין איר אויסגעלייגט בליסאַפּעק אַ פּלאַן פון שטענדיקער איינ־אָרדענונג פון ערדבאַזיץ.

צוויטנס, דער איקערדיקער און גרונטלעכער מאָטיוו קעגן דעם אַרגומענט, וואָס מיר קלייבן פאַנאַנדער, באַשטייט אין דעם, וואָס אונטער דער פאָרם פון גאַראַנטיע פון רעסטאַווראַציע אָדער פון רעאַקציע באַקומט זיך בא פלעכאַנאָוון פון זיין פּראָגראַם אַ פּ ש אָ ר ע מ י ט ד ע ר ר ע אַ ק צ י ע. טוט נאָר אינדערמעסן אַ טראַכט: שרייבן מיר דען ניט די פּראָגראַם, און באַזונדערס די אַגראַר־פּראָגראַם (די פויערשע פּראָגראַם) פאַר די ברייטע מאַסן, מיט וועלכע מיר ווילן אָנפירן? איז וואָס זשע באַקומט זיך דאָ? איינצלנע מיטגלידער, זאָל זיין, אַז דאָס זיינען אַפּילע די פירער פון דער פּאַרטיי, וועלן זאָגן, אַז די זעמסטוועס, וואָס האָבן מוניציפּאַליזירט די ערד, וועלן מיט זיך פאַרשטעלן רעפּובליקן קעגן דער מאָנאַרכיע אין צענטר. און אין דער פּראָגראַם ווערט די אַגראַר־איבערקערעניש פאַרבונדן דירעקט און גענוי מיטן דעמאָקראַטיזם אין דער אָרטיקער פאַרוואַלטונג, נאָר ווערט מיט ק י י ן א י י נ צ י ק ן וואָ ר ט ניט פאַרבונדן מיטן פולן דעמאָקראַטיזם פון דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג און איינאָרדענונג פון דער מעלוכע! איך פרעג אייך: בא וואָס וועט זיך האַלטן אין אונזער אַלטעגלעכער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע די מאַסע פאַרטיי־טוער: בא פלעכאַנאָווס ווערטער וועגן אָרטיקע „רעפּובליקן”, וואָס קעמפן קעגן דער צענטראַלער מאָנאַרכיע, אָדער באַם עצעם טעקסט פון אונזער נייער פּאַרטיי־פּראָגראַם, אין וועלכן די פאָדערונג פון ערד פאַר די פויערים איז גענוי פאַרבונדן בלויז מיטן דעמאָקראַטיזם פון דער אָרטיקער פאַרוואַלטונג און איז לאַכלוטן ניט פאַרבונדן מיטן דעמאָקראַטיזם פון דער צענטראַלער מאַכט און פון דער מעלוכע־אָרדענונג? פלעכאַנאָווס ווערטער, וואָס זיינען אַן און פאַר זיך געפּלאַנטערט, וועלן אומפאַרמיידלעך, שפּילן אַ ראָלע פון אַ לאָזונג, וואָס „פירט אַראָפּ פונם וועג”, פונקט ווי די „באַרימטע” (לויט פלעכאַנאָווס מיינונג „באַרימטע”) „רעוואָלוציאָנערע זעלבסטפאַרוואַלטונג”. א י נ ד ע ר ע מ ע ס ן בלייבט אונזער פּראָגראַם אַ פּראָגראַם פון אַ פּ ש אָ ר ע מ י ט ד ע ר ר ע אַ ק צ י ע. דאָס איז ניט קיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, נאָר אַ קאַדעטישע פּראָגראַם,

פלעכאַנאָוו, איז געצוואונגען געווען, נאָך אַ לאַנגער אויפקלערונג פון דער פראַגע מיצאַד די באָלשעוויקעס, צו אנערקענען, אַז דער לאָזונג „רעוואָלוציאָנערע זעלבסטפּרוואַלטונג” האָט גאָרניט קיינעם ניט אויפגעקלערט און האָט אַסאַך אַראָפּגעפירט פונם וועג (זע „טאָג-בוך” נומער 5). די באָלשעוויקעס האָבן געשריבן נאָך אין „וופּעריאָד” און „פּראָלעטאַרי”, אַז דער לאָזונג „רעוואָלוציאָנערע זעלבסטפאַרוואַלטונג” איז ניט גענוג, איז ניט גאַנציק, אַז ער דריקט ניט אויס די באַדינגונגען פון אַ פולן זיג פון דער רעוואָלוציע. פאַר אַזאַ זיג איז נויטיק ניט קיין רעוואָלוציאָנערע זעלבסטפּאַרוואַלטונג, נאָר אַ רעוואָלוציאָנערע מאַכט, און ניט נאָר קיין אָרטיקע רעוואָלוציאָנערע מאַכט, נאָר אויך אַ צענטראַלע רעוואָלוציאָנערע מאַכט.

לעניגס באַמערקונג

אויב מע זאָל נעמען איר ר ע אַ ל ע פּ אָ ל י ט י ש ע באַדייטונג אין די באַדינגונגען פונם איצטיקן רוסלאַנד, און ניט יענע מאָטיוון, וועלכע ווערן דערמאָנט אין איינצלנע רעדעס פון אונזערע רעדנער. מאָטיוון זיינען באַזיי פאַראַן די סאַמע בעסטע, קאַוואַנעס — סאַמע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, די פּראָגראַם אָבער האָט זיך אינדערעמעסן באַקומען אַ קאַדעטישע, וועלכע איז דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון „פּשאָרע“, און ניט מיטן גייסט פון „פויערשער רעוואָלוציע“ (פּלעכאַנאָוו האָט, אַגעוו, געזאָגט, אַז פריער איז באַ אונז געווען אַ מוירע פאַר אַ פויערשע רעוואָלוציע, און איצט, הייסט עס, דאַרף מען אַרויסוואַרפן דידאָזיקע מוירע).

איך האָב אויבן פאַנאַנדערגעקליבן די וויסנשאַפטלעכע באַדייטונג פון דעם אַרגומענט „גאַראַנטיע פון רעסטאַווראַציע“. איך בין איצט צוגעגאַנגען צו זיין פּאָליטישער באַדייטונג אין דער עפּאָכע פון דובאַסאָווישן קאָנסטיטוציאָנאַליזם און פון דער קאַדעטישער מעלוכעדומע. די וויסנשאַפטלעכע באַדייטונג פון דעמדאָזיקן אַרגומענט איז גלייך אַ נול אָדער מינוס איינס. פּאָליטיש איז עס אַ געווער פון קאַדעטישן אַרסענאַל און וואַסער אָפן מיל פון די קאַדעטן. טוט אַ קוק אַרום זיך: וואָס פאַר אַ ריכטונג אין דער פּאָליטיק האָט געמאַכט קימאַט פאַר איר מאָנאָפּאָליע די אָנווייזונגען אַף דער געפאַר פון רעסטאַווראַציע? די קאַדעטישע ריכטונג. און וואָס איז באַשטאַנען יענער ענטפער, וועלכן עס האָבן אַ מיליאָן מאָל געגעבן די קאַדעטן אונזערע פּאַרטיי־כאַווייריִם, וואָס האָבן אָנגעוויזן אָפן ווידערשפּרוך צווישן דעם „דעמאָקראַטיזם“ פון די קאַדעטן און זייער מאָנאַרכיסטישער און אַז. וו. פּראָגראַם? אין דעם, וואָס אָנרירן די מאָנאַרכיע — הייסט אַרויסרופן די געפאַר פון רעסטאַווראַציע. שטעפּעט ניט די מאָנאַרכיע, — האָבן געשריען מיט טויזנטער קוילעס די קאַדעטן אָפן אַדרעס פון די ס.־ד., — טשעפּעט ניט די מאָנאַרכיע, ווייל מיר האָבן ניט קיין גאַראַנטיע פון רעסטאַווראַציע. איידער אַרויסרופן די געפאַר פון רעסטאַווראַציע, די געפאַר פון רעאַקציע איז בעסער מאַכן אַ פּשאָרע מיט דער רעאַקציע, — אין דעם באַשטייט די גאַנצע פּאָליטישע כאָכמע פון די קאַדעטן, זייער גאַנצע פּראָגראַם, זייער גאַנצע טאַקטיק, וועלכע שטאַמט אומפאַרמיידלעך פון דער קלאַסן־פּאָזיציע פון דעם קליינבירגער, פון דעם, וואָס אַ דעמאָקראַטישע, דערפירטע ביזן סאָף רעוואָלוציע איז געפערלעך פאַר דער בורזשואַזיע.

איך וועל זיך באַגרענעצן מיט צוויי ביישפּילן אַף צו באַשטעטיקן דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט. די „נאַראָדנאַיאַ סוואָבאָדאַ“, דער אָרגאַן פון מיליוקאָוון און געסענען, האָט געשריבן אין דעקאַבער 1905 יאָר, אַז די מעגלעכקייט פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד האָט מאָסקווע דערוויזן, נאָר אַז אַן אויפשטאַנד איז דאָך שעדלעך און ניט דערפאַר, וואָס ער איז האָפענונגסלאָז, נאָר דערפאַר, וואָס די דעראָבערונגען פון דעם אויפשטאַנד, ווער סאַי־

ווי־סאַי אַראַפּוואַשן די רעאַקציע (ציטירט אין מיין בראָשור: „די סאָציאַל־
דעמאָקראַטיע און די מעלוכע־דומע“). נאָך אַ ביישפּיל. אין „פּראָלעטאַרי“
נאָך אין 1905 יאָר האָב איך געבראַכט אויסצוגן פון ווינאָגראַדאָווס אַר־
טיקל אין „רוסק. וועדאָמאָסטי“. ווינאָגראַדאָוו האָט אַרויסגעזאָגט זיין
וואונש, אַז די רוסישע רעוואָלוציע זאָל גיין ניט לויטן טיפּ פון די יאָרן
1789—1793, נאָר לויטן טיפּ פון די יאָרן 1848—1849, ד. ה. אַז בא אונז
זאָלן ניט זיין קיין זיגרייכע אויפשטאַנדן, אַז אונזער רעוואָלוציע זאָל ניט
דערגיין ביזן סאָף, אַז זי זאָל וואָס פריער באַשניטן ווערן דורך דעם פאַ־
ראַט פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, דורך איר פאַרשטענדיקונג מיט
דער מאָנאַרכיע. ווינאָגראַדאָוו האָט אונז געשראָקן מיט אַ רעסטאַוראַציע
אין דער פּערזאָן פון דעם פּרייסישן וואַכטער, ניט זאָגנדיק, פאַרשטייט
זיך, קיין איינציק וואָרט וועגן אַזאַ „גאַראַנטיע פון דער רעוואָלוציע“, ווי
דער דייטשישער פּראָלעטאַריאַט.

באַרופן זיך אָף דעם, אַז עס איז ניטאָ קיין גאַראַנטיעס פון רעסטאַוו־
ראַציע, דאָס איז אַ ריין קאַדעטישע אידייע, דאָס איז אַ פּאָליטיש גע־
ווער פון דער בורזשואַזיע קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט.
די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע צווינגען זי צו קעמפן קעגן דעם, אַז
דער פּראָלעטאַריאַט זאָל צוזאַמען מיטן רעוואָלוציאָנערן פּויערטום דער־
פירן די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע ביזן סאָף. אין דעמאָזיקן
קאַמף כאַפּן זיך די פילאָזאָפן און די פּאָליטיקער פון דער בורזשואַזיע פאַר
היסטאָרישע אַרגומענטן, פאַר ביישפּילן פון אָווער. אין אָווער איז אַלע־
מאָל געווען אַזוי, אַז מע האָט אָפּגענאַרט די אַרבעטער, אַז אַפילע נאָך
דעם זיג פון דער רעוואָלוציע פלעגט קומען די רעסטאַוראַציע, — הייסט
עס, אַז אויך בא אונז קאָן אַנדערש ניט זיין, זאָגט די בורזשואַזיע, שטרעבנ־
דיק, נאַטירלעך, אָפּצושוואַכן דעם גלויבן פון דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט
אין זיינע אייגענע קויכעס און אין די קויכעס פון דעם אייראָפּעאישן
סאָציאַליזם. די פאַרשאַרפונג פון די פּאָליטישע קעגנזאַצן און פון דעם
פּאָליטישן קאַמף פירט צו רעאַקציע, — לערנט דער בורזשואַ די אַרבע־
טער, — הייסט עס, אַז מע דאַרף פאַרטעמפּן דידאָזיקע ווידערשפּרוכן:
איידער ריזיקירן מיט אַ רעאַקציע נאָכן זיג, איז בעסער ניט שלאָגן זיך
פאַרן זיג, נאָר מאַכן אַ פּשאָרע מיט דער רעאַקציע.

האָט זיך עס צופעליק באַקומען, וואָס פּלעכאַנאָוו האָט זיך אָנגע־
הויבן צו כאַפּן פאַר דאָס אידייאיש געווער פון דער בורזשואַזיע קעגן דעם
פּראָלעטאַריאַט? ניין, דאָס איז אומפאַרמיידלעך געווען נאָך דעם, ווי
פּלעכאַנאָוו האָט פאַלש אָפּגעשאַצט דעם דעקאַבער־אויפשטאַנד („מע האָט
ניט געדאַרפט נעמען זיך פאַר געווער“) און האָט אָנגעהויבן, ניט אָנרופנ־
דיק די זאַכן מיט זייערע נעמען, צו פריידיקן אין די „טאָג־ביכער“, אַז
די אַרבעטער־פּאַרטיי זאָלן שטיצן די קאַדעטן. אָפּן צוזאַמענפּאָר איז די־

דאָזיקע פראַגע אָנגעריִרט געוואָרן בעאיים די דעבאַטן איבער אַן אַנדער פונקט פון טאָג-סיידער, ווען דער שטרייט איז געווען וועגן דעם, פאַר וואָס לויבט די בורזשואַזיע פלעכאַנאָוון. איך וועל דערציילן וועגן דעמדאָזיקן שטרייט אין דעם געהעריקן אָרט, דאָ וועל איך נאָר באַמערקן, אַז די אויבנגעבראַכטע אַרגומענטן מיינע האָב איך ניט אַנטוויקלט, נאָר איך האָב זיי אַפן צוזאַמענפאָר אָנגעמערקט אין גאַנץ אַלגעמיינע שטריכן. אונזער „גאַראַנטיע פון רעסטאַווראַציע“, — האָב איך געזאָגט, — איז דערפירן די רעוואָלוציע ביזן סאָף, און ניט מאַכן קיין פשרע מיט דער רעאַקציע. און נאָר דאָס זאָגט טאַקע מיין אַגראַר-פראָגראַם, וועלכע איז איינגאַנצן אַ פראָגראַם פון אַ פויערשן אויפשטאַנד און פון אַ פולער פאַרענדיקונג פון דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. לעמאָשל, די „פויערשע רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן“ איז דער איינציקער וועג, מיט וועלכן עס קאָן נאָר גיין דער פויערשער אויפשטאַנד (דערביי שטעל איך איינגאַנצן ניט אַנקעגן די פויערשע קאָמיטעטן דער רעוואָלוציאָנערער מאַכט, ווי די מענשעוויקעס פלעגן אַנקעגנשטעלן איר די רעוואָלוציאָנערע זעלבסטפאַרוואַלטונג, — נאָר איך באַטראַכט דידאָזיקע קאָמיטעטן אַלס איינעם פון די אָרגאַנען פון אַזאַ מאַכט, אַלס איינעם פון די אָרגאַנען, וואָס פאָדערן פאַר זיך אַ דערגאַנצונג אין אַנדערע, צענטראַלע אָרגאַנען, אין אַ ציטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג און אין אַן אַלפאָלקישער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג). די בורזשואַז-באַאַמטישע לייזונג פון דער אַגראַר-פראַגע, די לייזונג אירע דורך די פעטרונקעוויטשעס, ראָדזיטשעווס, קויפמאַנס און קוטלערס, ווערט אויסגעשלאָסן ב ל ו י ז באַ אַזאַ פאָרמולירונג פון דער אַגראַר-פראָגראַם.

פלעכאַנאָוו האָט ניט געקאָנט ניט באַמערקן דעמדאָזיקן גרונטשטריך פון מיין פראָגראַם. ער האָט אים באַמערקט און אָנערקענט אַפן צוזאַמענפאָר. נאָר זיין אָנערקענונג האָט ער אויסגעדריקט (אַזאַ נאַטור איז שוין באַ אים) אין דערזעלבער פאָרם פון דעמיאַנישער יויך אָדער פלעכאַנאָווישער מעקענע. יאָ, יאָ, באַ לענינען איז פאַראַן אין דער פראָגראַם די אידייע פון פאַרכאַפּן די מאַכט. לענין אָנערקענט עס אַליין. נאָר אָט דאָס איז טאַקע שלעכט. דאָס איז נאַראָדאָוואָלעריי. לענין רעסטאַווּרירט די נאַראָדאָוואָלעריי. ראַטעוועט, כאַווייִרים, קעגן דעם אויפשטעלן די נאַראָדאָוואָלעריי! לענין רעדט אַפילע וועגן עפּעס אַ „פאָלקס-שאַפונג“, איז דאָס דען ניט נאַראָדאָוואָלעריי? און אַזוי ווייטער, און ד. גל.

פאַר דידאָזיקע כקירעס האָבן מיר, באָלשעוויקעס, סאַי איך, סאַי וואַינאָוו, פון גאַנצן האַרצן אָפּגעדאַנקט פלעכאַנאָוון. פאַר אונז זיינען אַזעלכע אַרגומענטן בלויז נוצלעך און געוואונשן. טוט נאָר אַ טראַכט, אינדערעמעסן, כאַווייִרים, וועגן דערדאָזיקער כקירע: „אַזוי ווי באַ לענינען

איז פאַראַן אין דער פּראָגראַם די אידייע פון פאַרכאַפּן די מאַכט, איז לעניך אַ נאַראָדאָוואָליסט". וועגן וועלכער פּראָגראַם האַנדלט זיך עס? וועגן דער אַגראַר־פּראָגראַם. ווער פאַרכאַפּט לויט דערדאָזיקער פּראָגראַם די מאַכט? דאָס רעוואָלוציאָנערע פויערטום. צי צעמישט לענין דעם פּראָלעטאַריאַט מיטן דאָזיקן פויערטום? ניט נאָר ער צעמישט ניט, נאָר ער טיילט אים ספּעציעל אויס אין יענעם דריטן טייל פון זיין פּראָגראַם, וועלכן (דעם דריטן טייל) עס האָט אינגאַנצן איבערגעשריבן דער מענשעוויסטישער צוזאַמענפאָר אין זיין טאַקטישער רעזאָלוציע!

עס באַקומט זיך גוט, איאָ? פּלעכאַנאָוו האָט אַליין געזאָגט, אַז פאַר אונז, מאַרקסיסטן, פּאַסט ניט מוירע צו האָבן פאַר אַ פויערשער רעוואָלוציע. און אין דערזעלבער צייט כאַלעמט זיך אים נאַראָדאָוואָלעריי אין דעם, וואָס דאָס רעוואָלוציאָנערע פויערטום וועט פאַרכאַפּן די מאַכט!! אָבער ווי איז דען מעגלעך אַ זיגרייכע פויערשע רעוואָלוציע אָן דעם, אַז דאָס רעוואָלוציאָנערע פויערטום זאָל פאַרכאַפּן די מאַכט?? פּלעכאַנאָוו האָט זיך דאָך פּאָשעט דערעדט צו אַן אבסורד. אַרויפּטרעטנדיק איינמאָל אַף אַ מעשופּעדיקע פּלאַכע, קייקלט ער זיך שוין אָן אַן אָפּהאַלט. צוערשט האָט ער געלייקנט די מעגלעכקייט פון פאַרכאַפּן די מאַכט דורכן פּראָלעטאַריאַט אין דער איצטיקער רעוואָלוציע. איצט האָט ער אָנגעהויבן צו לייקענען די מעגלעכקייט פון פאַרכאַפּן די מאַכט דורך דעם רעוואָלוציאָנערן פויערטום אין דער איצטיקער רעוואָלוציע. נאָר אויב ניט דער פּראָלעטאַריאַט, ניט דאָס רעוואָלוציאָנערע פויערטום קאָן ניט פאַרכאַפּן די מאַכט, דאַן הייסט עס, אַז די מאַכט דאַרף בלייבן באַם קייסער און באַ דובאַסאָון. אָדער די מאַכט דאַרפן נעמען די קאַדעטן? נאָר די קאַדעטן ווילן אַליין ניט פאַרכאַפּן די מאַכט, לאָזנדיק די מאָנאַרכיע, די שטענדיקע אַרמיי, די אויבערשטע פּאַלאַטע און די איבעריקע גוטע זאַכן.

בין איך דען ניט גערעכט געווען אַפן צוזאַמענפאָר, ווען איך האָב געזאָגט, אַז פּלעכאַנאָוס מוירע פאַר פאַרכאַפּן די מאַכט, איז אַ מוירע פאַר אַ פויערשע רעוואָלוציע? איז דען ניט גערעכט געווען וואָינאָוו, ווען ער האָט געזאָגט, אַז פּלעכאַנאָוון האָבן אין דער יוגנט אַזוי אָנגעשראָקן די נאַראָדאָוואָליסטן, אַז זיי כאָלעמען זיך אים אַפילע דאַן, ווען ער אַליין אָנערקענט די אומפאַרמיידלעכקייט פון אַ פויערשטער רעוואָלוציע און ווען קיין אילוזיעס וועגן דעם פויערשן סאָציאַליזם איז באַ קיינעם צווישן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן ניטאָ? איז דען ניט גערעכט געווען וואָינאָוו, ווען ער האָט זיך געווידלט אַפן צוזאַמענפאָר מעקוייעך דער מענשעוויסטישער רעזאָלוציע וועגן באַוואָפנטן אויפשטאַנד (אין דערדאָזיקער רעזאָלוציע הויבט זיך אָן דער ערשטער פּונקט מיט אָנערקענען די אויפגאַבע „אַרויסצורייסן די מאַכט פון דער זעלבסט-

הערשנדיקער רעגירונג"), אַז „פאַרכאַפּן די מאַכט" איז נאַראָדאָוואָלעריי, און „אַרויסרייסן די מאַכט" — איז עמעסער און טיפּזיניקער מאַרקסיזם? עס האָט זיך דאָך, כ'לעבן, באַקומען אַזוי, אַז צוליבן קאַמף מיט נאַראָדאָוואָלעריי אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן די מענשעוויקעס באַלוינט אונזער פּאַרטיי מיט אַ פּראָגראַם פון „אַ ר וי ס ר ײ ס ן  ד י  מ אַ כ ט"... דורך די קאַדעטן.

מיך, האָבן, פאַרשטייט זיך, אַ האָר ניט געוואונדערט די יעלאָלעם וועגן נאַראָדאָוואָלעריי. איך געדענק צו גוט, ווי די אָפּאָרטוניסטן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן זיך אָלעמאָל (נאָך אין די יאָרן 1898—1900) געכאַפּט־פאַר דערדאָזיקער שרעק־בילד קעגן די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. און דער כאַוועור אַקימאָוו, וועלכער האָט געהאַלטן אָפן פאַרייניקונגס־צוזאַמענפאָר אַ גלענצנדיקע פּאַרטיידיקונגס־רעדע צו גונסטן פון אַקסעלראָדן און פון די קאַדעטן, האָט זייער פּאַסיק וועגן דעם דערמאָנט. איך האָף אומצוקערן זיך נאָך צו דערדאָזיקער פראַגע אין דער ליטעראַטור.

צוויי ווערטער וועגן דער „פאָלקס־שאַפונג". אין וואָס פאַר אַ זין האָב איך וועגן איר גערעדט אָפן צוזאַמענפאָר? אין דעמזעלביקן זין, ווי איך רייד וועגן איר אין מיין בראָשור: „דער זיג פון די קאַדעטן און די אויפגאַבן פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי" (דידאָזיקע בראָשור איז פאַנאַנדערגעגעבן די דעלעגאַטן פון צוזאַמענפאָר). איך שטעל דעם פעריאָד אָקטיאַבר—דעקאַבר פון 1905 יאָר אַנקעגן דעם איצטיקן, קאַדעטישן פעריאָד און זאָג, אַז אין דעם רעוואָלוציאָנערן פעריאָד איז די שאַפונג פונם פאָלק (פון די רעוואָלוציאָנערע פויערים פליוס די פּראָלעטאַריער) רייכער און פּראָדוקטיווער, איידער אין דעם קאַדעטישן פעריאָד. פּלעכאַנאָוו ווייזט זיך עס אויס פאַר נאַראָדאָוואָלעריי. מיר ווייזט עס אויס, פון וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפונקט, אַלס אַן אויסדריי פון דער וויכטיקסטער פראַגע וועגן אָפּשאַצן דעם פעריאָד אָקטיאַבר־דעקאַבר פון 1905 יאָר (פּלעכאַנאָוו האָט אַפילע ניט אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם אַנאַליז פון די פאָרמען פון דער באַוועגונג פון דערדאָזיקער עפּאָכע אין זיינע „טאָג־ביכער", באַגרענעצנדיק זיך מיט מוסער!). פון דער פּאָליטישער זייט, איז עס נאָר אַ נייער באַווייז, ווי נאָענט פּלעכאַנאָוו איז אין טאַקטיק צו דעם ה' בלאַנק און צו די קאַדעטן ביכלאַל.

קעדיי צו פאַרענדיקן די אַגראַר־פראַגע וועל איך נאָך באַרירן דעם לעצטן פון די ערנסטע אַרגומענטן. לעניך איז אַ טרוימער, — האָט געזאָגט פּלעכאַנאָוו, — ער פאַנטאַזירט וועגן דעם, אַז די באַאַמטע זאָלן געוויילט ווערן פון פאָלק און ד. גל. פאַר אַזאַ גוטן אויסגאַנג איז ניט שווער אָנצושרייבן אַ פּראָגראַם. גייך. אָט פּרואוו נאָר דו אָנשרייבן אַ פּראָגראַם פאַר

אַ שלעכטן אויסגאַנג. דו מאַך אַזוי, אַז דיין פּראָגראַם זאָל „אונטערגע־שמידט זיין אַף אַלע פיר פיס“.

אין דעמדאָזיקן אַרגומענט איז פאַראַן, בלי־ספק, אַ מאָטיוו, וועלכן יעדער מאַרקסיסט איז מעכויעוו צו נעמען אין אַכט. בעצם, ניט גע־טויגט וואָלט יענע פּראָגראַם, וועלכע וואָלט זיך גערעכנט בלויז מיט אַ גוטן סאָף. נאָר גראַד אין דערדאָזיקער הינזיכט טאַקע איז קלאָר, — האָב איך געענטפערט פּלעכאַנאָוון אַפן צוזאַמענפאָר, — אַז מיין פּראָגראַם שטייט העכער פאַר דער מאַסלאָווישער. קעדיי צו איבערצייגן זיך אין דעם, איז גענוג צו דערמאָנען זיך וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ ר ע נ ד ע. מיט וואָס צייכנט זיך אויס דער קאַפּיטאַליסטישער (און האַלב־קאַפּיטאַ־ליסטישער) פּראָדוציר־אויפן אין דער ערד־אַרבעט? אומעטום און איבע־ראַל — מיט דער אַנטוויקלונג פון אַרענדע. צי האָט עס אַ שייכעס צו רוסלאַנד? יאָ. עס האָט אַ שייכעס אין אַ קאָלאָסאַלן פאַרנעם. און ניט גערעכט איז געווען דער כאַווער דזשאָן, וועלכער האָט מיר דערווידערט, אַז בא מיר איז דאָ קלוימערשט אין פּראָגראַם אַן אומזין: די אַרענדע בלייבט נאָך דער קאָנפיסקאַציע פון די פּריצישע ערדן. אין דעמדאָזיקן פונקט איז דער כאַווער דזשאָן דרייפאַך ניט גערעכט: ערשטנס, רעדט דער גאַנצער ערשטער טייל פון מיין פּראָגראַם וועגן די ערשטע שריט פון דער פויערשער רעוואָלוציע (דאָס פאַרכאַפּן די ערד ב י ז דער אַלפּאָל־קישער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג); הייסט עס, אַז די אַרענדע „בלייבט ניט“ בא מיר „נאָך“ דער קאָנפיסקאַציע, נאָר זי ווערט גענומען אַלס פאַקט, ווייל זי איז אַ פאַקט. צווייטנס, באַטייט קאָנפיסקאַציע דאָס איבערגיין פון ערד־אייגנטום אין אַנדערע הענט; דאָס איבערגיין פון אייגנטום אַן און פאַר זיך רירט אָבער לאַכלוטן ניט אָן די אַרענדע; דריטנס, עקזיס־טירט אַרענדע, ווי עס איז אַלעמען באַוואוסט, סאַי אַף די פויערשע, סאַי אַף די נאַכלעשע ערדן.

אָט טוט אַ קוק, וואָס עס באַקומט זיך בא אונז אין הינזיכט פון „אונטערגעשמידטקייט אַף פיר פיס“, אין הינזיכט פון נעמען אין אַכט ניט נאָר די בעסערע, נאָר אויך די ערגערע באַדינגונגען. מאַסלאָוו מעקט מאַיעסטעטיש אויס די אַרענדע אינגאַנצן. ער דענקט זיך דירעקט און מיטאַמאָל אַזאַ איבערקערעניש, וועלכע זאָל פאַרניכטן די אַרענדע. אַזאַ פאָרשטעלונג איז, ווי איך האָב באַוויזן, לאַכלוטן אַן אומזיניקע, פון שטאַנדפונקט פון אַ „בייזער ווירקלעכקייט“ און פון דער נויטיקייט צו רעכענען זיך מיט איר. פאַרקערט, דער גאַנצער ערשטער טייל פון מיין פּראָגראַם איז געבויט א י נ ג אַ נ צ ן אַפן באַזיס פון אַ „בייזער ווירקלעכ־קייט“, קעגן וועלכער עס שטייען אויף די רעוואָלוציאָנערע פויערים. דע־ריבער פאַרשווינדט ניט בא מיר די אַרענדע אין אוילעם־האַטויע (דאָס פאַרניכטן די אַרענדע אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז אַן

איבעראַנדערשונג ניט קיין ווייניקער, אויב ניט קיין מער „פאַנטאַסטי-
שע“, פון שטאַנדפונקט פון פלעכאַנאָווישן „געזונטן פאַרשטאַנד“, איידער
די פאַרניכטונג פון דער שטענדיקער אַרמיי און ד. גל.). קומט אויס, אַז
מיט אַ „ב י י ז ע ר ווירקלעכקייט“ רעכן איך זיך באַדייטנד ערנסטער, איי-
דער מאַסלאָוו, און אַ ג ו ט ע ווירקלעכקייט פריידיק איך די פויערים ניט
פון שטאַנדפונקט פון אַ קאַדעטישער פשאָרע (אָרטיקע רעפובליקן קעגן
אַ צענטראַלער מאָנאַרכיע), נאָר פון שטאַנדפונקט פון אַ פולקומען זיג
פון דער רעוואָלוציע און פון דעראָבערן אַ ווירקלעך דעמאָקראַטישע
רעפובליק.

דעמדאָזיקן עלעמענט פון פאָליטישער פראָפאַגאַנדע ספעציעל אין
דער אַגראַר-פראָגראַם האָב איך ספעציעל אונטערגעשטראָכן אַפן צוזאַ-
מענפאָר, און מיר וועט, מיסטאָמע, אויסקומען ניט איין מאָל אָפצושטעלן
זיך אַף דערדאָזיקער פראַגע אין דער ליטעראַטור. אַפן צוזאַמענפאָר האָט
מען אונז, באָלשעוויקעס, דערווידערט: באַ אונז איז פאַראַן אַ פאָליטישע
פראָגראַם, דאָרט איז דאָס אָרט צו ריידן וועגן אַ רעפובליק. דידאָזיקע
דערווידערונג זאָגט איידעס וועגן דער פולקומער ניט דורכגעטראַכטקייט
פון דער פראַגע. באַ אונז איז, ווירקלעך, פאַראַן אַן אַלגעמיינע פרינצי-
פיעלע פראָגראַם (דער ערשטער טייל פון דער פאַרטיי-פראָגראַם) און
ספעציעלע פראָגראַמען: אַ פאָליטישע, אַן אַרבעטער-פראָגראַם, און אַ
פויערשע. אין דעם אַרבעטער-טייל פון דער פראָגראַם (אַן 8-שאָאיקן אַר-
בעטס-טאָג און אַז. וו.) לייגט קיינער ניט פאָר אויסצורייִדן באַזונדער און
ספעציעל די פאָליטישע באַדינגונגען פון דער אָדער יענער איבעראַנדער-
שונג. פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל אַן 8-שאָאיקער אַרבעטס-טאָג און נאָך
אַזעלכע רעפאָרמען וועלן באַ יעדע פאָליטישע באַדינגונגען א ו מ פ א ר-
מ י י ד ל ע ך ווערן אַ געוועהר פון באַוועגן זיך פאָרויס. און אין דער פויער-
שער פראָגראַם דאַרף מען א ו י ס ר י י ד ן ב אַ ז ו נ ד ע ר א ו ן ס פ ע צ י-
ע ל די פאָליטישע באַדינגונגען? מע דאַרף, ווייל די בעסטע איבערטיילונג
פון דער ערד ק אָ ן ווערן אַ געוועהר פון באַוועגונג צוריק באַ דער הער-
שאַפט פון די טרעפאָווס און דובאַסאָווס. נעמט, זאָל זיין אַפילע, מאַסלאָווס
פראָגראַם: אין איר רעדט זיך וועגן איבערגעבן די ערדן דער ד ע מ אָ-
ק ר אַ ט י ש ע ר מעלוכע און די ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ע אָרגאַנען פון דער
אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג, ד. ה. אַז אין איר, ניט געקוקט אַף דעם,
וואָס עס איז פאַראַן אַ פאָליטישע פראָגראַם פון דער פאַרטיי, ווערן באַ-
זונדער און ספעציעל אויסגערעדט די פאָליטישע באַדינגונגען פון די איצ-
טיקע אַגראַרע איבעראַנדערשונגען. הייסט עס, וועגן דעם, אַז עס איז נויי-
טיק אויסצורייִדן די אַגראַרע פאָדערונגען מיט באַזונדערע פאָליטישע
באַדינגונגען קאָן אַפילע קיין שטרייט ניט זיין. די גאַנצע פראַגע באַשטייט
אין דעם, צי איז דערלאָזבאַר סאַי פון וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפונקט, סאַי

פון שטאַנדפונקט פון קאָנזעקווענטן פּראָלעטאַרישן דעמאָקראַטיזם, צו פאַרבינדן די גרינדלעכע אַגראַר-איבערקערעניש ניט מיט דער געוויילט-קייט פון די באַאמטע דורך דאָס פאָלק, ניט מיט אַ רעפּובליק, נאָר מיט „דעמאָקראַטיזם" ביכלאַל, ד. ה. אַף אַזאַ אויפן, אויך מיטן קאַדעטישן דעמאָקראַטיזם, וועלכער איז איצט, אומאָפּהענגיק פון אונזער ווילן, דער איקערדיקער און פאַרשפּרייטסטער, דער ווירקונגספולער אין דער פּרעסע און אין דער געזעלשאַפט מין פון פסעוודאָ-דעמאָקראַטיזם. איך רעכן, אַז דאָס איז ניט דערלאַזבאַר. איך זאָג פאָרויס, אַז דער פעלער פון אונזער אַגראַר-פּראָגראַם וועט טייקעף דאַרפן פאַריכטן און עס וועט פאַריכטן די פּראַקטיק, ד. ה. די פּאָליטישע סיטואַציע וועט צ ו ו י נ ג ע ן אונזערע פּראָפּאַגאַנדיסטן און אַגיטאַטאָרן אין קאַמף מיט די קאַדעטן אונטערצו-שטרייכן גראַד ניט דעם קאַדעטישן דעמאָקראַטיזם, נאָר די געוויילט-קייט פון די באַאמטע דורך דאָס פאָלק און די רעפּובליק.

וואָס איז שייעך דער פּראָגראַם פון צעטיילן די ערד, האָב איך אויס-געדריקט מיין באַציאונג צו איר אָפן צוזאַמענפאַר מיט די ווערטער: מוניציפּאַליזאַציע איז פעלערהאַפט און שעדלעך, צעטיילונג, אַלס פּראָ-גראַם, איז פעלערהאַפט, נאָר ניט שעדלעך. דעריבער בין איך, פאַרשטייט זיך, נעענטער צו צעטיילונג און בין גרייט צו שטימען פאַר באַריסאָוון קעגן מאַסלאָוון. צעטיילונג קאָן ניט זיין שעדלעך, ווייל אַף דעם וועלן איינגיין די פויערים. דאָס איז איינס. צעטיילונג דאַרף מען ניט אויסריידן מיט קאָנזעקווענטער איבערבויאונג פון דער מלוכה. דאָס איז צוויי. פאַר וואָס איז זי פעלערהאַפט? דערפאַר, וואָס זי באַטראַכט איינזייטיק די פויערשע באַוועגונג נאָר פון שטאַנדפונקט פון פאַרגאַנגענהייט און געגנוואַרט, ניט נעמענדיק אין אַכט דעם שטאַנדפונקט פון דער צוקונפט. די „צעטיילער" זאָגן צו מיר, שטענדיק קעגן נאַציאָנאַליזאַציע: דער פויער וויל ניט דאָס, וואָס עס רעדט, וואָס איר הערט פון אים וועגן נאַ-ציאָנאַליזאַציע. קוקט ניט אויף וואָרט, נאָר אויף טאַט פון דער זאַך. דער פויער וויל פריוואַט-אייגנטום, ער וויל דאָס רעכט צו פאַרקויפן די ערד, און די ווערטער וועגן „גאָטס ערד" און אַזוי ווייטער, דאָס איז נאָר אַ אידעאָלאָ-גישער מלבוש פאַר זיין וואונטש אָפּצונעמען די ערד באַם פּאָרעץ.

איך האָב געענטפערט די „צעטיילער": דאָס איז אַלץ ריכטיק; נאָר אונזערע בעלוקעדיועס מיט אייך האָבן זיך אָן דאַרט, וואו איר האַלט שוין די פראַגע פאַר אויפגעשטעלט. איר כאַזערט איבער די פעלערן פון דעם אַלטן מאַטעריאַליזם, וועגן וועלכן מאַרקס האָט געזאָגט: די אַלטע מאַטעריאַליסטן האָבן געקאָנט דערקלערן די וועלט, און מיר דאַרפן זי אומענדערן. פונקט אַזוי איז אויך די אָנהענגער פון צעטיילן פאַרשטייען ר י כ ט י ק די פויערישע ווערטער וועגן נאַציאָנאַליזאַציע, זיי ד ע ר-ק ל ע ר ן ז יי ר י כ ט י ק, נאָר, — אין דעם באַשטייט דער גאַנצער טאָך,

— זיי קאָנען ניט מאַכן דידאָזיקע ריכטיקע דערקלערונג פאַר אַ ה ו י ב ע ר פ ו ן ע נ ד ע ר ן ד י ו ו ע ל ט, פאַר אַ געווער פון דער ווייטערדיקער באַוועגונג פאָרויס. ניט וועגן דעם האַנדלט זיך עס, אַז מע זאָל אָנבינדן די פויערים נאַציאָנאַליזאַציע אנשטאט צעטיילן (דער וואַריאַנט אין מיין פראָגראַם נעמט צו יעדן באָדן באַ אַזעלכע אומגעלומפערטע געדאַנקען, אויב זיי קומען וועמען ניט איז אין קאָפ אַריין). עס האַנדלט זיך וועגן דעם, אַז אַ סאָציאַליסט, דעמאַסקירנדיק אָן ראַכמאָנעס די קליינבירגערלעכע אילוזיעס פון דעם פויער וועגן גאָטס ערד, דאַרף קאָנען באַווייזן דעם פויער דעם וועג פאָרויס. איך האָב געזאָגט אָפן צוזאַמענפאָר פלעכאַנאָוון און איך כאַזער עס איבער טויזנטער מאָל: די פראַקטיקער וועלן פונקט אַזוי וואולגאַריזירן די איצטיקע פראָגראַם, ווי זיי האָבן וואולגאַריזירט די „אָפשניטן“*, — זיי וועלן פון אַ קליינינקן פעלער מאַכן אַ גרויסן. זיי וועלן דעם פויערשן האַמוין, וועלכער שרייט, אַז די ערד איז קיינעמס ניט, גאָטס ערד, קאַזיאָנע, וועלן זיי דערווייזן די מאַילעס פון פאַרטיילן די ערד, זיי וועלן דערמיט צו שאַנד מאַכן און באַנאַל מאַכן דעם מאַרקסיזם, ניט דאָס דאַרפן מיר זאָגן די פויערים. מיר דאַרפן זאָגן: אין דידאָזיקע רייד וועגן דעם, אַז די ערד איז קיינעמס ניט, גאָטס, קאַזיאָנע איז פאַראַן אַסאַך עמעס, נאָר מע דאַרף אָט דעם עמעס גוט פאַנאַנדערקלייבן. אויב די ערד איז קאַזיאָנע און באַ דער קאַזנאַ זיצט טרעפאָוו, — הייסט עס, אַז די ערד וועט זיין טרעפאָווס. ווילט איר דאָס? ווילט איר, אַז די ערד זאָל אַריינפאַלן אין די הענט פון די ראָדיטשעווס און פעטרונקעוויטשעס, אויב זיי וואָלט געלונגען, אַזוי ווי זיי ווילן, צו באַקומען אין זייערע הענט די מאַכט און, אַף אַזאַ אויפן, אויך די קאַזנאַ? און די פויערים וועלן, פאַרשטייט זיך, ענטפערן: ניין, מיר ווילן ניט. ניט די טרעפאָווס, ניט די ראָדיטשעווס וועלן מיר ניט אָפגעבן די באַ די פריצים אָפגענומענע ערד. אויב אַזוי, איז נויטיק, אַז אַלע באַאַמטע זאָלן געוויילט ווערן דורך דאָס פאָלק, אַז עס זאָל באָטל ווערן די שטענדיקע אַרמיי, איז נויטיק אַ רעפובליק, — ב ל ו י ז דאַן וועט ניט זיין שעדלעך איבערצוגעבן די ערד דער „קאַזנאַ“, איבערצוגעבן די ערד דעם פאָלק, בלויז דאַן וועט עס זיין ניט קיין שעדלעך, נאָר אַ נוצלעך מאָסמיטל. סאַי פון שטרענג וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפונקט, סאַי פון שטאַנדפונקט פון די אַנטוויקלונגסבאַדינגונגען פון קאַפיטאַליזם ביכלאַל, דאַרפן מיר אומבאַדינגט זאָגן, אויב מיר ווילן זיך ניט פאַנאַנדערגיין מיטן 3-טן באַנד „קאַפיטאַל“, אַז

* אָפשניטן — אַזוי האָט מען אָנגערופן יענע טיילן ערד, וועלכע זיינען ביז דער „באַפרייאונג“ פון 1861 יאָר געווען אין די הענט פון די פויערים און וועלכע מע האָט בעשאַס דער „באַפרייאונג“ אָפגעשניטן באַ זיי און אָפגעגעבן די פריצים. אָפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון ר.ס.ד.א.פ. איז אָנגענומען געוואָרן די פאָדערונג אומצוקערן די אָפשניטן דעם פויערטום.

די נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד איז מעגלעך אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, אַז זי ווירקט מיט דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, פאַרלייכטערט די קאָנקורענץ און דעם צופלוס פון קאַפּיטאַל אין דער ערד־אַרבעט, מאַכט ביליקער דעם ברויט און אַז. וו. אַלזאָ, בעשום אויפן, קאָנען מיר ניט אין דער עפּאָכע פון דער איצטיקער פויערשער רעוואָלוציע באַ אַ געגנוג הויך אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליזם דורכויס נעגאַטיוו באַציען זיך צו נאַציאָנאַליזאַציע. דאָס וואָלט געווען שמאָל, איינזייטיק, גראָב, קורצזיכטיק. מיר דאַרפן נאָר אויפקלערן דעם פויער די נויטיקע פּאָליטישע פאָרהאַנאָכעס פאַר דער נאַציאָנאַליזאַציע, אַלס אַ נוצלעך מאָסמיטל, און דערנאָך דאַרפן מיר באַווייזן איר בורזשואַזן כאַראַקטער (אָט דאָס טוט טאַקע דער דריטער טייל פון מיין פּראָגראַם, וואָס איז אַריין איצט אין דער רעזאָלוציע פון דעם פאַרייניקונגס־צוזאַמענפאָר).

ענדיקנדיק מיין דערציילונג וועגן די שטרייטן איבער דער אַגראַרפראַגע אויפן צוזאַמענפאָר, וועל איך נאָך באַצייכענען, וועלכע אויסבעסערונגען עס זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן צו מאַסלאָווס פּראָגראַם־פּראָעקט. ווען עס האָט זיך געשטעלט צו אָפּשטימונג די פראַגע וועגן צונעמען פאַר אַ יעסאָד דעם אָדער יענעם פּראָגראַם־פּראָעקט, האָבן זיך פאַר מאַסלאָווס פּראָעקט אַרויסגעזאָגט צוערשט אינגאַנצן 52 שטימען, ד. ה. ווייניקער ווי אַ העלפט. פאַר צעטיילן האָבן זיך אַרויסגעזאָגט באַ 40 (איך האָב זיך אָנגעשלאָסן צו די „צעטיילער", קעדיי ניט צו צעקלאַפן די שטימען קעגן דער מוניציפּאַליזאַציע). ערשט באַ דער איבערשטימונג האָט דער מאַסלאָווישער פּראָעקט צוזאַמענגעקליבן 60 מיט עפּעס שטימען, ווען אַלע וואַקלדיקע האָבן געשטימט פאַר, קעדיי ניט איבערצולאָזן די פּאַרטיי אינגאַנצן אָן אַ פּראָגראַם.

פון די אויסבעסערונגען האָבן די מענשעוויקעס דורכגעוואָרפן איינע, וואָס האָט פּינקטלעכער דעפינירט דעם באַגריף: דעמאָקראַטישע מעלוכע. מיר האָבן פאָרגעלייגט צו זאָגן: „אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק, וועלכע זיכערט פולשטענדיק די זעלבסטהערשונג פון פאָלק". דידאָזיקע אויסבעסערונג האָט געשטאַמט פון דעם אויבנבאַשריבענעם געדאַנק, אַז מוניציפּאַליזאַציע אָן אַ פולן דעמאָקראַטיזם פון דער צענטראַלער מעלוכע־מאַכט איז פּאָשעט שעדלעך און קאָן דעגענערירן ביז אַ קאַדעטישער אַגראַר־רעפאָרם. די אויסבעסערונג האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם. איך בין גראַד אין יענער מינוט ניט געווען אין זיצונגס־זאַל. איך געדענק, אַז ווען איך האָב זיך אומגעקערט און בין דורכגעגאַנגען דורך דעם שכייעסדיקן צימער, האָט מיך פאַרוואונדערט דער אומגעוויינלעכער טומל אין די קאָלוארן און אַ מאַסע וויצלערישע אויסרופן: „דער כאַווער דזשאָן האָט פּראָקלאַמירט אַ רעפּובליק". „באַ אים האָבן זיך ניט געפונען קיין גאַראַנטיעס אַקעגן רעסטאַוראַציע". „דער כאַווער פּלעכאַנאָוו האָט

רעסטאַווירט די מאָנאַרכיע”. די זאַך איז געווען, ווי מע האָט מיר דערציילט, אַזוי. די מענשעוויקעס האָבן זיך, לויט זייער מענשעוויסטישער נאַטור צו באַליידיקן זיך, באַליידיקט אָף דער אויסבעסערונג, אייגזועעדיק אין איר אַ ווילן צו באַשולדיקן זיי אין אָפּאָרטוניזם: אָט, הייסט עס, די מענשעוויקעס זיינען קעגן אַ רעפּובליק. עס האָבן זיך געלאָזן הערן פאַרדריסלעכע רעדעס און געשרייען. די באָלשעוויקעס האָבן זיך אייך, ווי עס פּירט זיך, צעקאָכט. האָבן זיי געפאָדערט אַ נאָמענטלעכע אָפּשטימונג. דאַן האָט מען זיך שוין גאָר צוהיצט. דער כאַוועד דזשאָן איז אין פאַרלעגנהייט, און קעדיי ניט אַריינצוטראָגן קיין מאַכלויקעס, ניט האָבנדיק לאַכלוטן גאַרניט, פאַרשטייט זיך, „קעגן אַ רעפּובליק”, איז ער אויפגעשטאַנען און האָט דערקלערט, אַז ער אַליין נעמט אַראָפּ זיין פאָרמולירונג און ער פאַראייניקט זיך צו דער אויסבעסערונג. די באָלשעוויקעס אָפּלאָדירן דער „פּראָקלאַמירונג פון אַ רעפּובליק”. נאָר דער כאַוועד פּלעכאַנאָוו אָדער עמעץ אַן אַנדערער פון די מענשעוויקעס מישן זיך אַריין. שטרייטן, פאָדערן אַ נייע אָפּשטימונג, און די „מאָנאַרכיע ווערט ווידערגעשטעלט” מיט אינגאַנצן — ווי מע האָט מיר דערציילט — עפּעס אַ 38 שטימען קעגן 34 (אַסאַך זיינען, אַפּאַנעם, ניט געווען אין זיצונגס-זאַל אָדער זיי האָבן זיך אָפּגעהאַלטן).

פון די אָנגענומענע אויסבעסערונגען דאַרף מען באַצייכענען דאָס פאַרבייטן דאָס וואָרט: „אנטאייגענען” מיטן וואָרט „קאָנפיסקירן”. דערנאָך האָבן די „מוניציפּאַליסטן” דאָך געמוזט מאַכן אַ האַנאָכע די „צעטיילער”, און דער כאַוועד קאַסטראָוו האָט אַריינגעטראָגן אַן אויסבעסערונג, וועלכע דערלאָזט ביטנאַי אויך צעטיילונג. אנשטאַט דער אָנפאַנגלעכער מאַסלאָווישער פּראָגראַם האָט זיך באַקומען, ווי מע האָט געשפּאַסט אָפן צוזאַמענפּאָר, אַ „קאַסטרירטע” פּראָגראַם. אין איר זיינען צונויפגעמישט, אין טאָך גערעדט, סאַי נאַציאָנאַליזאַציע (געוויסע ערדן גייען אַריין אין דאָס אַלפּאָלקישע אייגנטום), סאַי מוניציפּאַליזאַציע (אַ טייל ערדן — אין רעשוס פון די גרעסערע אָרגאַנען פון דער אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג), סאַי, לעסאָף, צעטיילונג. דערביי איז קיין גענויע דעפינירונג פון דעם, ווען זאָל מען שטיין פאַר מוניציפּאַליזאַציע און ווען פאַר צעטיילונג, ניט פאַראַן ניט אין דער פּראָגראַם, ניט אין דער טאַקטישער רעזאָלוציע. די פּראָגראַם האָט זיך באַקומען סאָפּקאָלסאָף ניט קיין אונטערגעשמידטע אָף אַלע פיר פיס, נאָר מיט אַלע פיר כלופעדיקע פאָדקאָוועס*.

* די שאַרפסטע קריטיק פון דער „קאַסטרירטער” מאַסלאָווישער פּראָגראַם האָט אָפן צוזאַמענפּאָר געגעבן איינער אַ כאַווער אַ מענשעוויק (סטר.), אַן אָנהענגער פון טיילווייזער צעטיילונג. ער האָט דורכגעלייענט אַ שריפטלעכע מעלדונג, אין וועלכער ער האָט אויסגעצייכנט טרעפנדיק און

IV

## די אָפּשאַצונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן מאָמענט און פון די קלאַסן-אויפגאַבן פון דעם פּראָלעטאַריאַט

די פראַגע, וואָס איז אָנגערופן אין קעפּל, איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די צווייטע אַף דער באַהאַנדלונג פון דעם צוזאַמענפאָר. פאָרטרעגער זיינען געווען מאַרטינאָוו און איך. דער כאַווער מאַרטינאָוו האָט אין זיין פאָרטראָג ניט פאַרטיידיקט אייגנטלעך דעם מענשעוויסטישן פּראָעקט פון רעזאָלוציע, וואָס איז אָפּגעדרוקט געווען אין נום. 2 „פאַרטייִעדיעס". ער האָט בעסער געגעבן אַן „אַלגעמיינעם עסקיז" פון זיינע אָנשויאונגען און אַן אַלגעמיינע קריטיק פון דעם, וואָס די מענשעוויקעס רופן אָן באָלשעוויסטישע מיינונגען.

ער האָט גערעדט וועגן דער דומע, אַלס אַ פּאָליטישן צענטער, וועגן דער שעדלעכקייט פון דער אידייע צו פאַרכאַפּן די מאַכט, וועגן דער וויכטיקייט פון קאָנסטיטוציאָנעלער בויאונג אין אַ רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע. ער האָט קריטיקירט דעם דעקאַבער-אויפשטאַנד, ער האָט גערופן אָפּן צו אָנערקענען אונזער מאַפּאָלע, באַשולדיקנדיק אונזער רעזאָלוציע פאַר דער „טעכנישער" שטעלונג פון דער פראַגע וועגן שטרייק און אויפשטאַנד. ער האָט גערעדט וועגן דעם, אַז „די קאַדעטן, טראָץ זייער אַנטירעוואָלוציאָנערקייט, בויען רעשטאַוואַניעס פאַר דער וויטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע" (פאַר וואָס איז דאָס ניט געזאָגט אין אייערע רעזאָלוציעס? האָבן מיר געפרעגט), ער האָט געזאָגט: „מיר זיינען ערעוו אַ רעוואָלוציאָנערן אויפרייס* (פאַר וואָס איז אָט דאָס ניטאָ אין אייער רעזאָלוציע? האָבן מיר ווידער געפרעגט). ער האָט צווישן אַנדערע זאַכן געזאָגט: „אָביעקטיוו וועלן די קאַדעטן שפּילן אַ גרעסערע ראָליע, איידער די עסערן". די פאַרגלייכונג פון פאַרכאַפּן די מאַכט מיט די אידייען פון טקאַטשאָוון**, דאָס אַרויסרוקן אָפּן ערשטן פּלאַן די דומע,

---

אַ ראַכמאָנעסדיק אָנגעוויזן — עס קאָן זיין, אַז עס איז ריכטיקער צו זאָגן: געשלאָגן — די אינערלעכע ווידערשפּרעכיקייט פון דער באַקומענער פּראָגראַם. צום באַדויערן האָב איך מיר ניט געמאַכט קיין נאָטיצן מיט אויסצוגן פון זיין איבערגעלייענטער רעדע.

לענינס אָנמערקונג

* איך שטעל אין געגנזן-פּיסלעך יענע ווערטער, וועלכע האָבן זיך געפונען בא מיר פאַרשריבן אין מיינע נאָטיצן.

לענינס באַמערקונג

** טקאַטשאָוו — אַ רוסישער רעוואָלוציאָנערער טוער פון די 60-ער יאָרן, אין די 70-ער — אַן עמיגראַנט, האָט אַרויסגעגעבן אין זשענעוו די רעוואָלוציאָנערע צייטשריפט „נאַבאַט" (אַלאַרם-גלאָק). האָט פאַרטיידיקט די אידייע, אַז די רעוואָלוציע קאָן דורכגעפירט ווערן דורך אַ הייפל פאַרשווערער, וואָס פאַרכאַפּט די מאַכט. די מאַסן איגנאָרירט טקאַטשאָוו אינגאַנצן. זיין הייפל פאַרשווערער האַנדלט אָן די מאַסן. נאַטירלעך, אַז פון טקאַטשאָווס פאַרכאַפּן די מאַכט ביז לענינס אין

אַלס דעם אָנהויב פון „קאָנסטיטוציאָנעלער בויאונג", אַלס דעם ווינקלשטיין אין דער אָרדענונג פון „פאַרטרעטונגס־איינריכטונגען" — אַט דאָס איז געווען דער גרונט־געדאַנק פון כאַווער מאַרטינאָווס פאַרטראַג. ווי אַלע מענשעוויקעס, האָט ער פאַסיוו צוגעפּאַסט אונזער טאַקטיק צו דעם קלענסטן אויסבויג אין דעם גאַנג פון די געשעעענישן, האָט ער זי אונטערגעוואָרפן די אינטערעסן פון מאָמענט, די נויטן (אָדער די קלוימערשט נויטן) פון דער מינוט און האָט ניטווילנדיק דערנידערט די גרונטלעכע און איקערדיקע אויפגאַבן פון פּראָלעטאַריאַט, אַלס דעם פאָרגעשריטענעם קעמפער אין דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע.

איך האָב געעבויט מיין פאַרטראַג אַפן געגנויעם פאַרגלייך פון ביידע רעזאָלוציעס, וואָס זיינען פאַרגעלייגט געוואָרן דעם צוזאַמענפאָר. אין ביידע, האָב איך געזאָגט, ווערט אָנערקענט, אַז די רעוואָלוציע גייט צו אַ נייעם אויפשטייג, אַז אונזער אויפגאַבע איז — שטרעבן דערפירן זי ביזן סאָף און, ענדלעך, אַז אויספירן אָט די אויפגאַבע איז בעקוויעך נאָר דער פּראָלעטאַריאַט צוזאַמען מיטן רעוואָלוציאָנערן פּויערטום. דידאָזיקע דריי האַנאָכעס וואָלטן, דאַכט זיך, געדאַרפט באַשטימען די פולקומע איינהייט פון דער טאַקטישער ליניע. טוט אָבער אַ קוק, וועלכע פון די צוויי רעזאָלוציעס פירט דורך קאָנזעקווענטער דעמדאָזיקן גרונט־שטאַנדפּונקט? וועלכע פון זיי מאָטיווירט אים ריכטיקער און ווייזט אָן ריכטיקער די אויספירן פון אים?

און איך האָב באַוויזן, אַז די מאָטיווירונג פון דער מענשעוויסטישער רעזאָלוציע טויג לאַכלוטן ניט, אַז דאָס איז איינפאַכע מעליצע, אָבער ניט קיין מאָטיווירונג („דער קאַמף האָט דער רעגירונג ניט איבערגעלאָזן קיין אַנדער אויסוואַל". אָט איז אַ מוסטער פון איינפאַכער מעליצע! גראַד דאָס דאַרף מען דערווייזן, אי דאָס ניט אין אַזאַ פאָרם. די מענשעוויקעס אָבער הויבן אָן פון אַ האַנאָכע, וואָס איז ניט דערוויזן און וואָס ווערט ניט דערוויזן). איך האָב געזאָגט, אַז ווער עס אָנערקענט ווירקלעך דעם אויפשטייג פון דער רעוואָלוציע פאַר אַן אומפאַרמיידלעכן, דער דאַרף מאַכן דעם אַנטשפּרעכנדיקן אויספיר וועגן דער הויפּט־פאָרם פון דער באַוועגונג. אין דערויף באַשטייט דאָך די גרונט־פראַגע, די וויסנשאַפטלעכע און פּאָליטישע, וועלכע מיר דאַרפן לייזן און פון וועלכער די מענשעוויקעס

---

אַזוי ווייט, ווי פון דער ערד ביזן הימל. אָבער די אידייע גופא פון פאַרכאַפּן די מאַכט, דער געדאַנק וועגן דעם, אַז נאָכן פאַרכאַפּן די מאַכט באַשאַפט זיך אַ רעוואָלוציאָנערע מעלוכע, וועלכע „פאַרניכטעט די קאָנסערוואַטיווע און רעאַקציאָנערע עלעמענט פון דער געזעלשאַפט, שאַפט אָפּ די אַלע אינסטיטוציעס, וואָס שטערן דער איינשטעלונג פון גלייכהייט און ברידערלעכקייט, און פירט איין אין לעבן די אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען גינסטיק פאַר זייער אַנטוויקלונג" — דידאָזיקע אידייע האָט אַ היסטאָרישע באַדייטונג אין דער געשיכטע פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

דרייען זיך אוים: הייסט דאָס — איז אַ דומע, וועלן מיר גיין נאָך דער דומע; זיינען שטרייקן און אַן אויפשטאַנד, — וועלן מיר גיין נאָך די שטרייקן און נאָכן אויפשטאַנד, אָבער דיסקאָנטירן די אומפאַרמיידלעכקייט פון דער אָדער פון יענער פאָרם פון דער באַוועגונג — דאָס ווילן זיי ניט, אָדער קאָנען ניט. זאָגן דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם גאַנצן פאָלק, וועלכע פאָרם פון באַוועגונג איז די הויפּט־פאָרם, דאָס אַנטשליסן זיי זיך ניט. אויב אַזוי אָבער, דאַן זיינען די ווערטער וועגן אויפשטייג פון דער רעוואָלוציע און וועגן דערפירן זי ביז איר סאָף (די מענשעוויקעס האָבן זייער ניט געלונגען געזאָגט: ביזן לאָגישן סאָף) אַ פּאַשעטע מעליצע. דאָס באַטייט, נעמלעך: ניט אויפהויבן דעם פּראָלעטאַריאַט צו דער ראָלע פון אַ פאָרגעשריטענעם פירער פון דער רעוואָלוציע, וואָס שאַצט זי אָפּ טיפער און ברייטער, וואָס באַנעמט זיין טאַקטיק דורך די אַלגעמיינע און איקערדיקע אינטערעסן פון דער דעמאָקראַטיע, נאָר דערנידעריקן דעם פּראָלעטאַריאַט צו דער ראָלע פון אַ פּאַסיוון אָנטיילנעמער און פון אַ באַשיידענעם „שוואַרץ־אַרבעטער“ באַ דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע.

די מענשעוויקעס, האָב איך געזאָגט, נעמען בלויז די ערשטע העלפט פון דער באַרימטער העגעלס האַנאָכע: „אַלץ וואָס עס איז ווירקלעך איז פאַרנונפטיק, אַלץ, וואָס עס איז פאַרנונפטיק איז ווירקלעך“. די דומע איז אַ ווירקלעכקייט. הייסט עס, אַז די דומע איז פאַרנונפטיק, זאָגן זיי און באַנוגענען זיך מיט דעם. דער קאַמף אויסער דער דומע איז „פאַרנונפטיק“ אַנטפערן מיר. ער שטאַמט מיט אַן אָביעקטיווער אומפאַרמיידלעכקייט פון דער גאַנצער איצטיקער לאַגע. הייסט עס, אַז ער איז „ווירקלעך“, האַגאַם ער איז אין דעם איצטיקן מאָמענט צוגעשטיקט. ניט גיין קנעכטיש נאָכן מאָמענט דאַרפן מיר; דאָס וועט זיין אָפּאָרטוניזם. מיר דאַרפן באַטראַכטן די טיפערע סיבעס פון די געשעענישן און די ווייטערע פאַלגן פון אונזער טאַקטיק.

די מענשעוויקעס אָנערקענען אין זייער רעזאָלוציע, אַז די רעוואָלוציע גייט צו אַן אויפשטייג, אַז דער פּראָלעטאַריאַט צוזאַמען מיטן פּויערטום דאַרפן זי דערפירן ביזן סאָף. נאָר ווער עס דענקט ערנסט אַזוי, יענער דאַרף קאָנען מאַכן אויך אויספירן. אויב מיטן פּויערטום, — הייסט עס, איר רעכנט, אַז אָף דער ליבעראַל־מאָנאַרכיסטישער בורזשואַזיע (אָף די קאַדעטן און ד. גל.) קאָן מען זיך ניט פאַרלאָזן, פאַרוואָס זאָגט איר עס ניט אַזוי, ווי דאָס איז געזאָגט אין אונזער רעזאָלוציע? פאַרוואָס דערמאָנט איר ניט אַפילע מיט קיין איינציקן וואָרט וועגן דער נויטיקייט צו קעמפן מיט די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס, ד. ה. מיט דעם גלויבן אין האַפטאָכעס און אין געזעצן פון דער אַלטער זעלבסטהערשערישער רעגירונג? די קאַדעטן זיינען געוואוינט צו פאַרגעסן וועגן דעמדאָזיקן קאַמף;

די קאַדעטן פאַרשפּרייטן אַליין קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס. נאָר אַ סאָ־ציאַל־דעמאָקראַט, וואָס פאַרגעסט אין אַ רעוואָלוציאָנערן מאָמענט וועגן דער אויפגאַבע צו קעמפן מיט קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס, גלייכט זיך אין דער פּאָליטיק צו אַ קאַדעט. וואָס פאַר אַ ווערט האָבן אַלע ווער־טער וועגן דעם „אויפשטייג פון דער רעוואָלוציע", וועגן „דערפירן זי ביזן סאָף", וועגן אַ „נייעם רעוואָלוציאָנערן אויפריים", אויב אין דער ווירקלעכקייט דעמאַסקירט ניט דער סאָציאַל־דעמאָקראַט צווישן דעם פאָלק די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס?

די פראַגע וועגן קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס, דאָס איז גראָד יע־נע פראַגע, אויף וועלכער מע קאָן לייכטער פאַר אַלץ באַ היינטיקן טאָג און גרינגער פאַר אַלץ אונטערשיידן אַן אָפּאָרטוניסט פון אַן אָנהענגער פון דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע. דער אָפּאָרטוניסט דרייט זיך אוים פון דעמאַסקירן דידאָזיקע אילוזיעס. דער אָנהענגער פון רעוואָלוציע באַווייזט אומבעראַכמאָנעסדיק זייער פאַלשקייט. איז אָט, די ס.־ד. מענשעוויקעס פאַרשווייגן אַזאַ פראַגע!

די מענשעוויקעס אַנטשליסן זיך גיט צו זאָגן אָפן, אַז קונצן, אַז די אָקטיאַבער—דעקאַבערשע פאָרמען פון קאַמף טויגן גיט און זיינען ניט געוואונשן, און זיי זאָגן דאָס דעריבער אין דער ערגסטער, פאַרשלייער־טער, אומדירעקטער, אויסדרייערישער פאָרם. דאָס פּאַסט גאָרניט פאַר אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט.

דאָס זיינען געווען די גרונט־האַנאַכעס פון מיין פאָרטראַג.

פון די דעבאַטן מעקויעך דידאָזיקע פאָרטראַגן דאַרף מען באַצייי־כענען פאַלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע אינצידענטן. אַ כאַווער, וואָס האָט זיך אָפן צוזאַמענפאַר גערופן באַרים ניקאַלאַיעוויטש, האָט מיך געצוואונ־גען אין מיין שלוס־וואָרט אויסצורופן: אָפן יעגער לויפט טאַקע די כאַיע. עס איז שווער געווען בוילעטער, ווי ער האָט עס געטאָן, צונויפקלייבן צוזאַמען דעם גאַנצן „טאָך" פון דעם מענשעוויזם. דאָס איז „קאָמיש", האָט ער געזאָגט, וואָס די באָלשעוויקעס האַלטן פאַר דער „הויפּט־פאָרם פון דער באַוועגונג" ניט די לעגאַלע און ניט קאָנסטיטוציאָנעלע פאָרם, נאָר די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען פון די ברייטע פאַלקס־מאַסן. דאָס איז „לעכערלעך", ווייל אַזעלכע באַוועגונגען זיינען באַ היינ־טיקן טאָג ניטאָ, און די דומע איז פאַראַן. דאָס איז „מעטאַפיזיק" און „מעליצע" — די ווערטער וועגן דער ראָלע פון דעם פּראָלעטאַריאַט, אַלס „הויפּט" אָדער פירער, וועגן דער מעגלעכקייט, אַז ער זאָל ווערן אַן „עק" און אַז. וו.

נעמט אַראָפּ אייערע קאַדעטישע ברילן! — האָב איך געענטפערט דעמדאָזיקן קאָנזעקווענטן מענשעוויק. — דאַן וועט איר דערזעען סאַי די פויערשע באַוועגונג אין רוסלאַנד, סאַי די אירונג אין דער אַרמיי, סאַי

די באַוועגונג פון די אַרבעטסלאַזע; איר וועט דערזעען יענע קאַמפּס-פאַר־מען, וועלכע האָבן זיך איצט „צוגעטוליעט“ און וועלכע עס אַנטשליסן זיך ניט אָפּצולייקענען אַפילע די מעסיקע בורזשואַ. זיי ריידן פּאַשעט וועגן דער שעדלעכקייט אָדער דער איבעריקייט פון דידאַזיקע קאַמפּס-פאָרמען. און די ס.־ד. מענשעוויקעס לאַכן פון זיי (פון די פאָרמען). אָט דאָס איז די נאַפּקעמינע צווישן דער בורזשואַזיע און די סאָציאַל-דעמאָקראַטן מענ־שעוויקעס. פונקט אַזוי איז געווען מיט בערנשטיינען, דעם דייטשישן מענשעוויק, דעם דייטשישן ס.־ד. פון רעכטן פליגל. די בורזשואַזיע האָט געפינען און האָט אָפן דערקלערט פאַר שעדלעך די רעוואָלוציאָנערע קאַמפּס-פאָרמען אין דייטשלאַנד אין סאָף פון 19־טן יאָרהונדערט. בערנ־שטיין האָט פון זיי געלאַכט.

ווען אָפן צוזאַמענפאַר איז אָנגערירט געוואָרן די פראַגע וועגן בערנ־שטיינען, האָט עס, נאַטירלעך, געבראַכט צו דער פראַגע: פאַרוואָס לויבט פלעכאַנאָוו די בורזשואַזיע? דער פאַקט, אַז די גאַנצע קאָלאָסאַלע מאַסע ליבעראַל-בורזשואַזע צייטונגען און אויסגאַבן אין רוסלאַנד, איינשליסנ־דיק אַפילע די אָקטיאַבריסטישע „סלאָוואָ“, האָט מיט גרויס האַסמאַדע געלויבט פלעכאַנאָוון, — דערדאַזיקער פאַקט האָט ניט געקאָנט בלייבן ניט באַצייכנט אָפן צוזאַמענפאַר.

פלעכאַנאָוו האָט אָנגענומען דעם אַרויסרוף. בערנשטיינען, האָט ער געזאָגט, האָט געלויבט די בורזשואַזיע ניט פאַר דעם, פאַר וואָס זי לויבט מיך. בערנשטיינען האָט מען געלויבט דערפאַר, וואָס ער האָט אָפּגעגעבן דער בורזשואַזיע אונזער טעאָרעטיש געווער: דעם מאַרקסיזם. און מיך לויבט מען פאַר דער טאַקטיק. די סיטואַציע איז אַן אַנדערע.

פלעכאַנאָוון האָבן אָף דעם געענטפערט דער פאָרשטייער פון דער פוילישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פאַרטיי און איך. מיר האָבן ביידע אָנגעוויזן, אַז פלעכאַנאָוו איז ניט גערעכט. ניט בלויז פאַר טעאָריע האָט די בורזשואַזיע געלויבט בערנשטיינען, און אַפילע גאָרניט פאַר טעאָריע. די בורזשואַזיע שפּייט אָף אַלע טעאָריעס. די בורזשואַזיע האָט געלויבט די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון רעכטן פליגל דערפאַר, וואָס זיי האָבן אָנגעוויזן אַן אַנדער טאַקטיק. פאַר דער טאַקטיק האָט מען זיי געלויבט. פאַר דער טאַקטיק פון רעפאָרמיסטן לעהייפעך צו אַ רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק. פאַר דעם, וואָס זיי האָבן אָנערקענט פאַר דעם הויפּט-קאַמף, אָדער קימאַט פאַר דעם איינציקן קאַמף — דעם לע־גאַלן קאַמף, דעם פּאַרלאַמענטאַרישן, דעם רעפאָרמיסטישן. פאַר דער שטרעבונג צו פאַרוואַנדלען די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין אַ פאַרטיי פון דעמאָקראַטיש-סאָציאַלע רעפאָרמען. אָט פאַרוואָס מע האָט געלויבט בערנשטיינען. אים האָבן געלויבט די בורזשואַ פאַר דער צוטעמפּונג פון די ווידערשפּרוכן צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל אין דער עפּאָכע ערעוו

דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. פּלעכאַנאָוון לויבט די בורזשואַזיע פאַר דער צוטעמפּונג פון די קעגנשפּרוכן צווישן דעם רעוואָלוציאָנערן פאָלק און דער זעלבסטהערשונג אין דער עפּאָכע פון דער בורזשואַזדעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. פּלעכאַנאָוון לויבט מען פאַר אָנערקענען אַלס הויפּט־פאָרם פון קאַמף — דעם „פּאַרלאַמענטאַרישן" קאַמף, פאַר דאָס פאַרורטיילן דעם אָקטיאַבר—דעקאַבערשן קאַמף און באַזונדערס דעם רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד. פּלעכאַנאָוון לויבט מען דערפאַר, וואָס ער איז געוואָרן אין די פראַגן פון היינטיקער טאַקטיק דער פירער פון דעם רעכטן פליגל פון דער ס.־ד.

איך האָב פאַרגעסן צוצוגעבן, ווי אַזוי עס האָבן זיך געהאַלטן די מענשעוויקעס בעאיים די דעבאַטן איבער דער פראַגע וועגן קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס. אַ וויפל ניט איז שטאַנדהאַפטיקע פּאָזיציע האָבן זיי ניט פאַרנומען: איינע פון זיי האָבן געזאָגט, אַז דער קאַמף מיט קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס איז אַ שטענדיקע אויפגאַבע פון דער ס.־ד., אָבער לאַכלוטן ניט קיין ספּעציעלע אויפגאַבע פון דעם געגעבענעם מאָמענט. אַנדערע (פּלעכאַנאָוו) האָבן דערקלערט דעם קאַמף מיט קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס פאַר אַנאַרכיזם. אין דידאָזיקע צוויי עקסטרעמע און קעגנזעצלעכע מיינונגען פון די מענשעוויקעס אין דער פראַגע וועגן קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס האָט זיך באַזונדערס בולעט אַרויסגעוויזן די פולשטענדיקע הילפלאָזיקייט פון זייער פּאָזיציע. ווען די קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדענונג האָט זיך פאַרפעסטיקט, ווען דער קאָנסטיטוציאָנעלער קאַמף איז אַף אַ געוויסער צייט געוואָרן די הויפּט־פאָרם פון דעם קלאַסן־קאַמף און פון דעם פּאָליטישן קאַמף ביכלאַל, דאַן איז די דעמאַסקירונג פון די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס ניט קיין ספּעציעלע אויפגאַבע פון דער ס.־ד., קיין אויפגאַבע פון מאָמענט. פאַרוואָס? דערפאַר, וואָס אין אַזעלכע מאָמענטן ווערן געלייזט די איניאָנים אין די קאָנסטיטוציאָנעלע מעלוכעס גראַד אַזוי, ווי זיי ווערן געלייזט אין די פּאַרלאַמענטן. קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס — דאָס איז אַ פאַלשער גלויבן אין קאָנסטיטוציע. קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס טרעטן אַרויס אַפן ערשטן פּלאַן דאַן, ווען עס דוכט זיך, אַז אַ קאָנסטיטוציע איז פאַראַן, און אינדערעמעסן איז זי ניטאָ, — מיט אַנדערע ווערטער: ווען די איניאָנים ווערן געלייזט אין דער מעלוכע ניט אַזוי, ווי זיי ווערן געלייזט אין די פּאַרלאַמענטן. ווען דאָס ווירקלעכע פּאָליטישע לעבן גייט זיך פאַנאַנדער מיט זיין אָפּשפּיגלונג אין דעם פּאַרלאַמענטאַרישן קאַמף, דאַן און בלויז דאַן ווערט דער קאַמף מיט קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס אַן אָרדנטלעכע אויפגאַבע פון דעם פאָרגעשריטענעם רעוואָלוציאָנערן קלאַס, פון דעם פּראָלעטאַריאַט. די ליבעראַלע בורזשואַ האָבן מוירע פאַרן אויסער־פּאַרלאַמענטאַרישן קאַמף און דעריבער פאַרשפּרייטן זיי קאָנסטיטוציאָנעלע אילו־

זיעס אויך דאָן, ווען די פּאַרלאַמענטן זיינען קראַפּטלאָז. די אַנאַרכיסטן באַציִען זיך נעגאַטיוו אינגאַנצן צום אנטייל אין די פּאַרלאַמענטן באַ אַלע און יעדע אומשטענדן. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן שטייען פאַר אויסנוצן דעם פּאַרלאַמענטאַרישן קאַמף, פאַר אנטיילנעמען אין אים, נאָר זיי דע־מאַסקירן אומבעראַכמאָנעסדיק דעם „פּאַרלאַמענטאַרישן קרעטיניזם“, ד. ה. דעם גלויבן אין דעם, אַז דער פּאַרלאַמענטאַרישער קאַמף איז די איינציקע אָדער באַ אַלע באַדינגונגען די איקערדיקע פאָרם פון פּאָליטישן קאַמף.

צי גייט זיך פאַנאַנדער אין רוסלאַנד די פּאָליטישעווירקלעכקייט מיט די באַשלוסן און רעדעס אין דומע? צי ווערן באַ אונז געלייזט די אי־ניאַנים אַזוי, ווי זיי ווערן געלייזט אין דומע? צי שפּיגלען באַ אונז אָפּ די „דומישע“ פּאַרטייען וויפל ניט איז ריכטיק די ר ע אַ ל ע פּאָליטישע קרעפטן אין דעם געגעבענעם מאָמענט פון דער רעוואָלוציע? עס איז גענוג אָוועקצושטעלן דידאָזיקע פראַגן, קעדיי צו פאַרשטיין די מאַכט־לאָזע פאַרלאָרנקייט פון די מענשעוויקעס אין דער פראַגע וועגן קאָנסטי־טוציאָנעלע אילוזיעס.

דידאָזיקע פאַרלאָרנקייט האָט זיך אויסגעדריקט אָפן צוזאַמענפאָר באַזונדערס בוילעט אין דעם, וואָס די מענשעוויקעס, זייענדיק אין דער מערהייט, האָבן אַפילע ניט געשטעלט צו אָפּשטימונג זייער רעזאָלוציע וועגן דער אָפּשאַצונג פון לויפנדיקן מאָמענט. זיי האָבן אַראָפּגענומען זייער רעזאָלוציע! די באָלשעוויקעס האָבן אָפן צוזאַמענפאָר אַסאַך גע־לאַכט פון דעם. די זיגער נעמען אַראָפּ זייער זיגרייכע רעזאָלוציע, אַזוי האָט מען גערעדט וועגן טאַט פון די מענשעוויקעס, דער אומגעווינלע־כער און אומגעהערטער אין דער געשיכטע פון צוזאַמענפאָרן. מע האָט געפאָדערט אַפילע און מע האָט זיך דערשלאָגן אַ נאָמענטלעכע אָפּ־שטימונג אין דערדאָזיקער פראַגע, האַגאַם די מענשעוויקעס זיינען העכסט קאָמיש אין קאַעס געווען און האָבן אַריינגעטראָגן אין ביורא אַ שריפטלעכע מעלדונג, אַז, אָט „לעניין זאַמלט אַגיטאַציאָנעלן מאַטעריאַל קעגן די באַשלוסן פונם צוזאַמענפאָר“. פונקט ווי אָט דאָס רעכט צו זאַמ־לען מאַטעריאַל וואָלט ניט געווען קיין רעכט און קיין כוויו פון יעדער אָפּאָזיציע! און פונקט ווי אונזערע זיגער וואָלטן ניט אונטערגעשטראָכן מיט זייער פאַרדרוס יענע אויסערסט אומגעלומפּערטע לאַגע, אין וועלכער זיי זיינען אַריינגעפאַלן, ווען זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער אייגענער רעזאָלוציע! די באַזיגטע באַשטייען אַף דעם, אַז די זיגער זאָלן אָנעמען זייער זיגרייכע רעזאָלוציע. קיין מער בוילעט אויסגעדריקטן מאָראַלן זיג האָבן מיר אַפילע ווינשן ניט געקאָנט.

די מענשעוויקעס האָבן, פאַרשטייט זיך, געזאָגט, אַז זיי ווילן אונז ניט אָנבינדן דאָס, מיט וואָס מיר זיינען ניט איינשטימיק, אַז זיי ווילן ניט

קיין גוואַלדטאַט אוכעדוימע. פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע אויסריידעניש האָט מען באַגעגנט מיט אַ שמייכל און מיט איבערכאַזערן די פאָדערונג פון אַ נאָמענטלעכע אָפּשטימונג. אָט האָבן דאָך די מענשעוויקעס ניט מוירע געהאַט „אָנצובינדן“ אונז זייער מיינונג אין יענע פראַגן, אין וועלכע זיי האָבן געגלויבט, אַז זיי זיינען גערעכט, האָבן זיי דאָך דאַן ניט מוירע געהאַט פאַר „געוואַלט“ (און צו וואָס דאַרף מען עס דאַסדאָזיקע שרעקלעך וואָרט?) און ד. גל. די רעזאָלוציע וועגן דער אָפּשאַצונג פון דעם מאָמענט האָט ניט גערופן די פּאַרטיי צו קיין שום טאַטן. נאָר אָן איר וואָלט די פּאַרטיי ניט געקאָנט פאַרשטיין די פּרינציפּיעלע האַנאָכעס און די מאָטיוון פון דער גאַנצער טאַקטיק פון דעם צוזאַמענפאָר.

דאָס אַראָפּנעמען די רעזאָלוציע איז אין דער היינזיכט געווען דער העכסטער אויסדריק פון פּראַקטישן אָפּאָרטוניזם. אונזער זאַך איז — זיין אין דער דומע, ווען עס איז פאַראַן אַ דומע, און פון קיין שום אַלגעמיינע באַהאַנדלונגען, פון קיין שום אַלגעמיינע אָפּשאַצונגען, פון קיין שום דורכגעטראַכטער טאַקטיק ווילן מיר ניט וויסן. אָט וואָס עס האָבן געזאָגט די מענשעוויקעס דעם פּראָלעטאַריאַט מיט דעם, וואָס זיי האָבן אַראָפּגענומען זייער רעזאָלוציע.

עס איז קיין ספק ניט, אַז די מענשעוויקעס האָבן זיך איבערצייגט אין דעם, אַז זייער רעזאָלוציע טויג ניט און אַז זי איז ניט ריכטיק. עס קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין פון דעם, אַז מענטשן, וואָס זיינען איבערצייגט אין דער גערעכטיקייט פון זייערע מיינונגען, זאָלן זיך אָפּזאָגן אויסדריקן זיי אָפן און באַשטימט. נאָר דאָס איז דאָך די מאַיסע, וואָס די מענשעוויקעס האָבן ניט געקאָנט אַריינטראָגן אַפילע קיין שום אויסבעסערונגען אין זייער רעזאָלוציע. זיי האָבן, הייסט עס, ניט געקאָנט צונויפגיין זיך צווישן זיך ניט אין קיין איינציקער פראַגע מעקויעך דער אָפּשאַצונג פון דעם מאָמענט און דער אָפּשאַצונג פון די קלאַסן־אויפגאַבן פון דעם פּראָלעטאַריאַט ביכלאַל. זיי האָבן זיך נאָר געקאָנט צונויפגיין אויף אַ נעגאַטיוון באַשלום: אינגאַנצן אַראָפּנעמען די רעזאָלוציע. די מענשעוויקעס האָבן עפּעס געפילט, אַז ווען זיי וועלן אָנעמען זייער אייגענע פּרינציפּיעלע רעזאָלוציע, וועלן זיי אונטערייסן זייערע פּראַקטישע רעזאָלוציעס. נאָר געהאָלפן דער זאַך האָבן זיי ניט. די רעזאָלוציעס פון די מענשעוויקעס און פון די באָלשעוויקעס וועגן דער אָפּשאַצונג פון דעם מאָמענט קאָן און דאַרף באַהאַנדלט און פאַרגלייכט ווערן דורך דער גאַנצער פּאַרטיי, דורך אַלע פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס. די פראַגע האָט מען געלאָזן אָפן. מע דאַרף זי אָבער לייזן. און דאָס פאַרגלייכן ביידע אָנגעוויזענע רעזאָלוציעס מיט דער דערפאַרונג פון פּאָליטישן לעבן, מיט דעם, וואָס עס לערנט אונז אַפילע די קאַדעטישע דומע, באַשטעטיקט אויסגעצייכנט די ריכטיקייט פון די באָלשעוויסטישע מיינונגען וועגן דעם

מאָמענט פון דער רוסישער רעוואָלוציע און וועגן די קלאַסן־אויפגאַבן פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

## V

## די באַציאונג צו דער מעלוכע־דומע

אַלס פּאָרטרעגער פון דער איבערוועגנדיקער פּראַקציע אַפן צוזאַמענפאָר אין דער פראַגע וועגן דער מעלוכע־דומע איז געווען דער כאַווער אַקסעלראָד. אין אַ לאַנגער רעדע האָט ער געגעבן אויך ניט קיין פּאַרגלייכונגס־אָפּשאַצונג פון ביידע רעזאָלוציעס (פון דער קאָמיסיע איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן צוויי רעזאָלוציעס, ווייל קיין פאַרשטענדיקונג צווישן די מענשעוויקעס און די באָלשעוויקעס איז ניט פאָרגעקומען), ניט קיין גענויע אויסלייגונג פון דעם קוק פון דער מינדערהייט אַף דער אַנטשפּרעכנדיקער פראַגע, נאָר אַן „אַלגעמיינעם נאָטיץ" וועגן דער באַדייטונג פון פּאַרלאַמענטאַריזם. דער פּאָרטרעגער האָט זיך ברייט פאַרנומען, ער האָט פאַרכאַפּט אַ גרויסע היסטאָרישע טעמע און — און האָט געשילדערט אַ בילד פון דעם, וואָס איז אַזוינס פּאַרלאַמענטאַריזם, וואָס פאַר אַ באַדייטונג ער האָט, וואָס פאַר אַ ראָלע ער שפּילט אין דער אַנטוויקלונג פון דער אָרגאַניזירונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט, אין דער זאַך פון אַגיטאַציע, פון קלאָר מאַכן זיין באַוואוסטזיין און אַז. וו. ווינקענדיק שטענדיק אין דער זייט פון די „אַנאַרכיסטיש־פאַרשווערערישע" אַנשויאונגען, האָט דער פּאָרטרעגער אינגאַנצן געשוועבט אין דער וועלט פון אַבסטראַקטקייטן, אין דער אונטערוואָלקנדיקער הויך פון אַלגעמיינע ערטער און פון אויסגעצייכנטע היסטאָרישע סוואָרעס, וואָס טויגן פאַר אַלע צייטן, פאַר אַלע נאַציעס, פאַר אַלע היסטאָרישע מאָמענטן ביכלאַל, — וועלכע טויגן נאָר ניט איבער זייער אַבסטראַקטקייט אַף אַרומצוכאַפּן די קאָנקרעטע באַזונדערקייטן פון דער פראַגע, וואָס איז פאַר אונז געשטאַנען קאָנקרעט. בא מיר איז געבליבן אין זיקאָרן דער פּאָלגנדיקער באַזונדערס בוילעטער אויסדריק פון דערדאָזיקער העכסט אַבסטראַקטער און אינהאַלטלאָזער שטעלונג פון דער פראַגע דורך אַקסעלראָדן. ער האָט צוויי מאָל (איך האָב עס פאַרצייכנט) באַרירט אין זיין רעדע די פראַגע וועגן פּשאָרעם אָדער פאַרשטענדיקונגען פון די ס.־ד. מיט די ק. ד. איין מאָל האָט ער, אַגעוואָרכע, באַרירט דידאָזיקע פראַגע, אַרויסזאָגנדיק זיך מיט פאַראַכטונג און אין צוויי ווערטער קעגן יעטוועדע פאַרשטענדיקונגען. דעם אַנדערן מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אַף אים אויספירלעכער און האָט געזאָגט, אַז, ביכלאַל גערעדט, זיינען דערלאָזבאַר אויך פאַרשטענדיקונגען. עס איז נויטיק בלויז, אַז זיי זאָלן באַשטיין ניט אין שושקען זיך פון וועלכע ניט איז קאָמיטעטן, נאָר אין אַן אָפענער פאַרשטענדיקונג, וואָס

איז פאַר אַלע אַרבעטער אָפן און דייטלעך, אַ פאַרשטענדיקונג, וואָס דאַרף מיט זיך פאָרשטעלן אַ גרויסן פאָליטישן שריט אָדער איניען. זי וואָלט אויפגעהויבן דעם פראָלעטאַריאַט אין זיין באַדייטונג אַלס פאָליטישע קראַפט, זי וואָלט אים באַוויזן קלאָרער און דייטלעכער דעם פאָליטישן מעכאַניזם און די פאַרשיידענע לאַגע, די פאַרשיידענע אינטערעסן פון די אָדער יענע קלאַסן. זי וואָלט אַריינגעצויגן דעם פראָלעטאַריאַט אין באַשטימטע פאָליטישע פאַרהעלטענישן, זי וואָלט אים אויסגעלערנט פאַנאַנדערצוקלייבן סאָנים און פיינט און אַזוי ווייטער א. ד. גל. אָט טאַקע פון אַזעלכע מינים בכירעס איז באַשטאַנען דער קאָלאָסאַלער „פאָרטראַג“ פון דעם כאַוועד אַקסעלראָד, — מע קאָן זיי ניט איבערדערציילן, מע קאָן זיי נאָר שילדערן אַף דעם אָדער יענעם באַזונדערן ביישפּיל.

אין מיין ענטפער־פאָרטראַג האָב איך קוידעמקאָל דערקלערט, אַז אַקסעלראָד האָט אָנגעמאָלט זייער אַ שייניניקעס, אויב איר ווילט, אַ פראַכטפולעס בילדל. געמאָלט האָט ער עס מיט אַ ליבע און קונסטפול, פאַרבן האָט ער געלייגט בונטע, שטריכן האָט ער דורכגעפירט איידעלע. אַ שאָד נאָר, וואָס דאָס איז אַ בילד ניט פון נאַטור. אַ גוט בילד, ניטאָ וואָס צו ריידן, נאָר דער אינהאַלט זיינס איז אַ פאַנטאַסטישער. אַן אויסגעצייכנטער עסקיז אַף דער טעמע וועגן דער באַדייטונג פון פאַרלאַמענטאַריזם ביכלאַל, אַ פראַכטפולע פאָפּולערע לעקציע וועגן דער ראָלע פון פאַרטרעטונגס־אַנשטאַלטן. אַ שאָד בלויז, וואָס וועגן די קאָנקרעטע היסטאָרישע באַדינגונגען פון דעם געגעבענעם רוסישן, מיט רעספּעקט צו מעלדן, „פאַרלאַמענט“ איז גאָרניט געזאָגט און גאָרניט דערקלערט אין הערדאָזיקער הינזיכט. אַקסעלראָד האָט זיך אויסגעצייכנט אַרויסגעגעבן, האָב איך געזאָגט, מיט זיינע בכירעס וועגן פאַרשטענדיקונגען מיט די קאַדעטן. ער האָט אָנערקענט, אַז די באַדייטונג פון אַזעלכע פאַרשטענדיקונגען, וואָס זיינען אַמאָל אומפאַרמיידלעך בא אַווירקלעכן פאַרלאַמענטאַריזם, הענגט אָפּ פון דעם אָפענעם אַרויסטרעטן פאַר די מאַסן, פון דער מעגלעכקייט אַרויסצוטרייבן דאָס אַלטע שושקען זיך און אַוועקצושטעלן אַף איר אָרט די אַגיטאַציע צווישן די מאַסן, די זעלבשטענדיקייט פון די מאַסן, די אַרויסטרעטונג פאַר די מאַסן.

אויסגעצייכנטע זאַכן, ניטאָ וואָס צו ריידן. נו, זיינען זיי אָבער מעגלעך אין דער רוסלענדישער „פאַרלאַמענטאַרישער“ אָרדענונג? אָרער, ריכטיקער, קומען עס פאָר אין רוסלאַנד, לויט די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון אונזער רעאַלער (און ניט פון אַ בילדל גענומענער) ווירקלעכקייט, טאַקע אין אַזאַ פאָרם די ווירקלעך מאַסנווייזע אַרויסטרעטונגען? פלעגט עס זיך ניט באַקומען אַזוי, כאַוועד אַקסעלראָד, אַז די פון אייך געוואונשענע אַרויסטרעטונגען פון דער ס.־ד. פאַר די מאַסן האָבן זיך אויסגעדריקט אין אומלעגאַלע בלעטלעך און די קאַדעטן האָבן געהאַט

מיליאָנען עקזעמפּליאַרן צייטונגען? וואָלט ניט בעסער געווען אנשטאט דער צוועקלאָזער באַשרייבונג פון די שיינקייטן פון פּאַרלאַמענטאַריזם (וועלכע קיינער לייקנט ניט), צו שילדערן, ווי האַלט עס אין דער רעאַלערווירקלעכקייט מיט די ס.-ד. צייטונגען, פאַרזאַמלונגען, קלובן, פאַריינען? אינדערעמעסן, ניט אייך, דעם איינראָפּיער, דאַרף איך דאָך דערווייזן, אַז אייערע אַלגעמיינע בקירעס וועגן פּאַרלאַמענטאַריזם זעצן פאָרויס שווייגנדיק סאַי צייטונגען, סאַי קלובן, סאַי פאַריינען, אַז דאָס אַלץ איז אַ טייל פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער סיסטעם?

פאַרוואָס האָט זיך אַקסעלראָד באַגרענעצט אין זיין פאָרטראַג מיט אַלגעמיינע שטעלן און אַבסטראַקטע האַנאָכעס? דערפאַר, ווייל ער האָט געדאַרפט לאָזן אין שאָטן די קאָנקרעטע פּאָליטישע ווירקלעכקייט פון רוסלאַנד פונם פעריאָד פעווראַל—אַפּרעל 1906 יאָר. דידאָזיקע ווירקלעכקייט באַווייזט די צושאַרפּע ווידערשפּרוכן צווישן דער זעלבסט-הערשונג און דעם אונטערדריקטן, אָבער אויפגעבראַכטן פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום. קעדיי צו פאַרכאַפּן די צוהערער מיט דעם בילד פון פּאַרלאַמענטאַריזם ביכלאַל, האָט מען געדאַרפט פאַרשטעלן דידאָזיקע ווידערשפּרוכן ווייניקער שאַרף, צוטעמפּן זיי, אויסמאָלן אַ „אידעאַלן" פּלאַן פון אַ אידעאַלער, אָפענער פאַרשטענדיקונג מיט די קאַדעטן, און, דערהויפּט, האָט מען געדאַרפט אַבסטראַגירן דידאָזיקע שאַרפע ווידערשפּרוכן, פאַרגעסן וועגן זיי, פאַרשווייגן זיי.

קעדיי צו דיסקאָנטירן די רעאַלע מיינונג-פאַרשיידנהייטן און ניט שוועבן אין דער לופטן, האָב איך אין מיין פאָרטראַג פאַרגליכן ביידע רעזאָלוציעס און האָב אויספירלעך אַנאַליזירט זיי. פיר גרונט-פאַרשיידנהייטן האָבן זיך דערביי אַרויסגעוויזן צווישן די רעזאָלוציעס פון די מענשעוויקעס און די באָלשעוויקעס וועגן דער דומע.

ערשטנס, גיבן די מענשעוויקעס ניט קיין שום אָפּשאַצונג פון די וואַלן. אין דער צייט פון צוזאַמענפאָר זיינען די וואַלן אין 9/10 פון רוסלאַנד שוין פאַרענדיקט געווען. דידאָזיקע וואַלן האָבן בליסאָפּעק, געגעבן אַ קאָלאָסאַלן פּאָליטישן מאַטעריאַל, וואָס גיט אַ בילד פון דער ווירקלעכקייט, און ניט קיין בילד פון אונזער פאַנטאַזיע. אָט דעם מאַטעריאַל האָבן מיר דיסקאָנטירט אָפן און פּינקטלעך, זאָגנדיק: ער באַווייזט, אַז אין אַ קאָלאָסאַלער צאָל ערטער פון רוסלאַנד איז דער אָנטייל אין די וואַלן געווען בלויז אַ שטיצע פאַר די קאַדעטן, אַז דאָס איז אינדערעמעסן ניט געווען קיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאָליטיק. די מענשעוויקעס האָבן קיין וואָרט וועגן דעם ניט געזאָגט. זיי האָבן מוירע אַוועקצושטעלן דידאָזיקע פראַגע אַף אַ קאָנקרעטן באָדן. זיי האָבן מוירע אַ קוק צו טאָן גלייך אַף דער ווירקלעכקייט און מאַכן די אָבליגאַטאָרישע אויספירן פון דערדאָזיקער לאַגע צווישן די קאַדעטן און די שוואַרצמייע-

ניקעס. קיין אָפּשאַצונג פון די *רעאַלע* וואַלן, קיין *אַלגעמיינע* און גאַנצע סאַכאַקלען פון זיי דאָס גיבן זיי ניט, ווייל אַזאַ אָפּשאַצונג *רעדט קעגן* זיי.

צווייטנס, נעמען אָן די מענשעוויקעס אָדער זיי באַטראַכטן די דומע אין זייער רעזאָלוציע בלויז אַלס אַ יורידישע איינריכטונג, און ניט אַלס אַן אָרגאַן, וואָס דריקט אויס דעם ווילן (אָדער די ווילנלאָזיקייט) פון באַשטימטע עלעמענטן פון דער בורזשואַזיע, ניט אַלס אַן אָרגאַן, וואָס דינט די אינטערעסן פון באַשטימטע בורזשואַזע פּאַרטייען. די מענשעוויקעס ריידן אין זייער רעזאָלוציע וועגן אַ דומע ביכלאַל, וועגן אַ דומע, אַלס „אינסטיטוט", וועגן אַ דומע, אַלס אַ „ריינער" פאָלקס-פאַרטרעטונג. דאָס איז ניט קיין מאַרקסיסטישער אויפן פון באַהאַנדלען די זאַך, נאָר אַ ריין קאַדעטישער, דאָס איז ניט קיין מאַטעריאַליסטישער צוגאַנג, נאָר אין ערגסטן זין פון וואָרט אידעאַליסטישער, ניט קיין פּראָלעטאַריש-קלאַסאָווער, נאָר אַ בירגערלעך-צעשוואומענער.

אָט נעמט, זאָל זיין, פאָלגנדיקן העכסט כאַראַקטערישן אויסדריק פון דער מענשעוויסטישער רעזאָלוציע, האָב איך געזאָגט אָפן צוזאַמענפּאָר: „....4) אַז דידאָזיקע קאָנפליקטן (מיט דער רעאַקציע), צווינגענדיק די מעלוכע-דומע צו זוכן אַ שטיצע באַ די ברייטע מאַסן"... (איך ציטיר דעם פּראָעקט, וואָס די מענשעוויקעס האָבן אַריינגעטראָגן אָפן צוזאַמענפּאָר). איז עס ריכטיק, אַז די דומע קאָן זוכן און אַז זי וועט זוכן אַ שטיצע באַ די ברייטע מאַסן? *וועלכע* דומע? די דומע פון די אָקטיאַבריסטן? געוויס ניט. די דומע פון פויערשע און אַרבעטערשע דעפּוטאַטן? זי האָט ניט וואָס צו *זוכן* קיין שטיצע, ווייל זי האָט, זי האָט געהאַט און זי וועט האָבן די שטיצע. די דומע פון די קאַדעטן? יאָ, בענויגייע צו איר, און בלויז בענויגייע צו איר איז עס ריכטיק. דער קאַדעטישער דומע איז ווירקלעך נויטיק צו *זוכן* אַן *אָנהאַלט* אין די ברייטע מאַסן. נאָר ווי איר וועט נאָר אַוועקשטעלן אָפן אָרט פון דער אַבסטראַקטער, אידעאַליסטישער און אַלגעמיינער פאָרמולירונג פון די מענשעוויקעס אַ קאָנקרעט קלאַסאָוון אינהאַלט, דאַן זעט איר גלייך די ניטפּולקייט, און, הייסט עס, די ניטריכטיקייט פון זייער פאָרמולירונג. די קאַדעטן שטרעבן צו שטיצן זיך אַפן פאָלק. דאָס איז ריכטיק. אָט דאָס זאָגט וועגן זיי וואָרט אין וואָרט אונזער (באָלשעוויסטישע) רעזאָלוציע וועגן דער באַציאונג צו די בורזשואַזע פּאַרטייען. נאָר אונזער רעזאָלוציע גיט צו: די קאַדעטן וואַקלען זיך צווישן דער שטרעבונג צו שטיצן זיך אַפן פאָלק און צווישן דער *מוירע פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער זעלבסטעטיקייט.* קיין איין סאָציאַליסט וועט זיך ניט באַשליסן אָפּצולייקענען די גערעכטיקייט פון די אונטערגעשטראָכענע ווערטער. פאַר וואָס אָבער האָבן די מענשעוויקעס אין דער רעזאָלוציע וועגן דער דומע געזאָגט, דאַן ווען עס איז

שוין באַוואוסט געווען, אַז די דומע איז אַ קאַדעטישע, פאַר וואָס האָבן זיי געזאָגט בלויז אַ האַלבן עמעס? פאַרוואָס האָבן זיי באַצייכנט בלויז די ליכטיקע זייט פון די קאַדעטן, פאַרשווייגנדיק וועגן דער לינקער זייט פון דער מעדאַל?

אונזער דומע איז ניט קיין פאַרקערפּערונג פון דער „ריינער אידייע" פון פאָלקס-פאַרטרעטונג. אַזוי קאָנען דענקען בלויז די בורזשואַזע פּי-ליסטערן פון די קאַדעטישע פּראָפעסאָרן. אונזער דומע איז דאָס, וואָס פון איר מאַכן די פאָרשטייער פון באַשטימטע קלאַסן און באַשטימטע פאַר-טייען, וועלכע זיצן אין איר. אונזער דומע איז אַ קאַדעטישע דומע. אויב מיר וועלן וועגן איר זאָגן, אַז זי שטרעבט צו שטיצן זיך אַף דאָס פאָלק און מיר וועלן ניט צוגעבן, אַז זי האָט מוירע פאַר דער רעוואָלוציאָנערער זעלבסטטעטיקייט פונם פאָלק, וועלן מיר זאָגן פאָשעט אַ ליגן, מיר וועלן אָפּנאַרן דעם פּראָלעטאַריאַט און דאָס גאַנצע פאָלק, מיר וועלן אַרויסווייזן אַ סאַמע אומפאַרציילעכע אונטערגעוואָרפנקייט דער שטימונג פון דער מינוט, מיר וועלן זיך אַליין לאָזן פאַרכאַפּן פונם זיג פון דער פּאַרטיי, מיר וועלן אַרויסווייזן אַ וואַקלונג צווישן פרייהייט און מאַנאַרכיע און אַ ניט-פעאיקייט אָפּצושאַצן דעם עמעסן טאָך פון דערדאָזיקער פּאַרטיי. די קאַדעטן וועלן, פאַרשטייט זיך, לויבן אייך פאַר אַזאַ פאַרשווייגן, — צי וועלן אייך אָבער לויבן די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער?

נאָך אַ ביישפּיל. „די צאַרישע רעגירונג שטרעבט אָפּצושוואַכן דעם רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם", שרייבן די מענשעוויקעס אין זייער רע-זאָלוציע. דאָס איז ריכטיק. שטרעבט אָבער דען דערצו בלויז די צאַרישע רעגירונג אַליין? האָבן דען די קאַדעטן ניט דערוויזן שוין טויזנטער מאָל, אַז זיי שטרעבן אויך סאַי שטיצן זיך אַפן פאָלק, סאַי אָפּשוואַכן זיין רע-וואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם? פּאַסט עס דען פאַר סאָציאַל-דעמאָקראַטן צו פאַרשענערן די קאַדעטן?

און איך האָב געמאַכט אַזאַ אויספיר. אונזער רעזאָלוציע זאָגט, אַז די דומע וועט אומדירעקט דינען דער אַנטוויקלונג פון דער רע-וואָלוציע. בלויז אַזאַ פאָרמולירונג איז ריכטיק, ווייל די קאַדעטן וואַק-לען זיך צווישן דער רעוואָלוציע און דער רעאַקציע. אונזער רעזאָלוציע זאָגט פּאָשעט און קלאָר מעקוייעך דער דומע, אַז עס איז נויטיק צו דע-מאַסקירן די וואַקלדיקייט פון די קאַדעטן. פאַרשווייגן דאָס אין דער רעזאָלו-ציע וועגן דער דומע, הייסט אַריינפאַלן אין בורזשואַזער אידעאַליזאַציע פון „ריינער פאָלקס-פאַרטרעטונג".

און די ווירקלעכע דערפאַרונג האָט שוין אָנגעהויבן אָפּצולייקענען

---

* „Невская Газета" — אַ מענשעוויסטישער אָרגאַן, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דער עפּאָכע פון דער 1-טער דומע פון 2-טן ביזן 13-טן מאַי 1906 י. דערנאָך פאַרבאָטן גע-וואָרן פון דער רעגיר. נג.

איבערז.

די אילוזיעס פון די מענשעוויקעס. אין דער „נעווער צייטונג״* וועט איר געפינען שוין אָנווייזונגען (צו באַדויערן זיינען זיי ניט אויסגעהאַלטן סיסטעמאַטיש) אַף דעם, אַז די קאַדעטן האָבן אין דומע געהאַנדלט ניט רעוואָלוציאָנער, אַף דעם, אַז דער פּראָלעטאַריאַט וועט ניט דערלאָזן קיין „פּשאָרעס צווישן די הערן מיליוקאָווס מיטן אַלטן רעזשים״. זאָגנדיק אָט דאָס, באַשטעטיקן די מענשעוויקעס אינגאַנצן די ריכטיקייט פון מיין קריטיק פון זייער רעזאָלוציע אַפן צוזאַמענפאָר. זאָגנדיק דאָס, גייען זיי נאָכן שטראָם פון דעם רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג, וועלכער האָט, ניט געקוקט אַף זיין פאַרהעלטנישמעסיקע שוואַכקייט, שוין אָנגעהויבן צו באַווייזן די עמעסע נאַטור פון די קאַדעטן, האָט שוין אָנגעהויבן אַרויסצואַווייזן די ריכטיקייט פון דער באָלשעוויסטישער שטעלונג פון דער פראַגע.

דריטנס, האָב איך געזאָגט, אַז די רעזאָלוציע פון די מענשעוויקעס גיט ניט קיין קלאָרע טיילונג פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע פון שטאַנדפּונקט פון דער טאַקטיק פונם פּראָלעטאַריאַט. דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף גיין אין אַ געוויסער מאָס צוזאַמען מיט דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע אָדער „באַזונדער גיין און צוזאַמען שלאָגן״. מיט וועלכן טייל נעמלעך פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע דאַרף ער „צוזאַמען שלאָגן״ איצט, אין דער עפּאָכע פון דער דומע? איר אַליין, כאַווירים-מענשעוויקעס, פאַרשטייט דאָך, אַז די דומע רוקט אַרויס אַפן טאָג-סיידער די דאָזיקע פראַגע, נאָר איר דרייט זיך פון איר אויס. און מיר האָבן געזאָגט פּאַשעט און קלאָר: מיט דער פּויערשער אָדער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, נייטראַליזירנדיק דורך אונזער פאַרשטענדיקונג מיט איר די וואַקלדיקייט און די אומקאָנזעקווענטקייט פון די קאַדעטן.

די מענשעוויקעס (באַזונדערס פּלעכאַנאָוו, וועלכער איז, איך כאַזער איבער, געווען דער עמעסער אידייאישער פירער פון די מענשעוויקעס אַפן צוזאַמענפאָר) האָבן זיך געפּרואווט אַלס ענטפער אַף דער דאָזיקער קריטיק „פאַרטיפן״ זייער פּאָזיציע. יאָ, איר ווילט דעמאַסקירן די קאַדעטן, — האָבן זיי אויסגעשריען, — און מיר דעמאַסקירן א ל ע בורזשואַזע פּאַרטייען; זע דעם סאָף פון אונזער רעזאָלוציע: „אויפדעקן פאַר דער מאַסע די אומקאָנזעקווענטקייט פון א ל ע בורזשואַזע פּאַרטייען״ און אַז. וו. און פּלעכאַנאָוו האָט מיט שטאָלץ צוגעגעבן: בלויז בורזשואַזע ראַדיקאַלן שטעלן דעם טראָפּ אויסשליסלעך אַף די קאַדעטן, אָבער מיר, סאָציאַליסטן, דעמאַסקירן אַלע בורזשואַזע פּאַרטייען.

דער סאָפיזם, וואָס איז באַהאַלטן אין דער דאָזיקער שיינבאַרער „פאַרטיפונג״ פון דער פראַגע, איז אַזוי אָפט אין גאַנג געווען אַפן צוזאַמענפאָר, און מע לאָזט אים אין גאַנג אויך איצט, אַז וועגן אים לוינט זיך צו זאָגן עטלעכע ווערטער.

וועגן וואָס האַנדלט עס זיך אין דער געגעבענער רעזאָלוציע? וועגן דער סאָציאַליסטישער דעמאַסקירונג פון אַלע בורזשואַזע פּאַרטייען אָדער וועגן דער באַשטימונג פון דעם, וועלכע שיכט פון דער בורזשואַזער דע-מאָקראַטיע קאָן איצט העלפן דעם פּראָלעטאַריאַט צו פירן נאָך פאָרויס די בורזשואַזע רעוואָלוציע?

קלאָר, אַז ניט וועגן ערשטן, נאָר וועגן צווייטן.

אויב דאָס איז אָבער קלאָר, דאַן דאַרף מען דאָך ניט פאַרטווישן דאָס צווייטע דורך דאָס ערשטע. די באָלשעוויסטישע רעזאָלוציע וועגן דער באַציאונג צו די בורזשואַזע פּאַרטייען זאָגט קלאָר וועגן דער סאָציאַלי-סטישער דעמאַסקירונג פון יעדער, איינשליסנדיק אויך די רעוואָלוציאָנע-רע און פויערשע, בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, אָבער אין דער פראַגע וועגן דער איצטיקער טאַקטיק פון פּראָלעטאַריאַט האַנדלט זיך ניט וועגן דער סאָציאַליסטישער קריטיק, נאָר וועגן דער קעגנזייטיקער פּאָליטישער שטיצע.

וואָס ווייטער עס גייט פאָרויס די בורזשואַזע רעוואָלוציע, אַלס לינ-קער זוכט זיך דער פּראָלעטאַריאַט פאַרבינדעטע צווישן דער בורזשואַ-זער דעמאָקראַטיע, אַלץ טיפער לאָזט ער זיך אַראָפּ פון די שפּיצן צו די אונטערשטע שיכטן. עס איז געווען אַ צייט ווען אַ שטיצע האָבן געקאָנט געבן די פירער פון אדל און דער העד סטרואַווע, וואָס האָט אַרויסגערוקט (1902 י.) דעם שיפּאָון לאָזונג: „רעכט און אַ מעכטיקע זעמסטווע“. די רעוואָלוציע איז אַוועק ווייט פאָרויס: די שפּיצן פון דער בורזשואַזער דע-מאָקראַטיע האָבן אָנגעהויבן אָפּצוגיין פון דער רעוואָלוציע. די אונטערש-טע שיכטן האָבן אָנגעהויבן אויפצוואַכן. דער פּראָלעטאַריאַט האָט אָנ-געהויבן זוכן פאַרבינדעטע (פאַר דער בורזשואַזער רעוואָלוציע) אין די אונטערשטע שיכטן פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. און איצט וועט די איינציק ריכטיקע באַשטימונג פון דער טאַקטיק פון פּראָלעטאַ-ריאַט אין דערדאָזיקער הינזיכט זיין: מיטן פויערטום (אויך דאָך אַ בור-זשואַזע דעמאָקראַטיע, פאַרגעסט עס ניט, כּאָווייִרים-מענשעוויקעס!) און מיטן דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, פּאַראַליזירנדיק די וואַקלדיקייט פון די קאַדעטן.

און נאָך אַמאָל. וואָס פאַר אַ ליניע האָבן באַשטעטיקט די ערשטע שריט פון דער קאַדעטישער דומע? אונזערע שטרייטן האָט שוין איבער-געיאָגט דאָס לעבן. דאָס לעבן האָט געצוואונגען אויך די „נעווער צייַ-טונג“ אויסצוטיילן די פויערשע („אַרבעטנדיקע «трудовую») גרופּע*, אויסווילן בעסער זי, איידער די קאַדעטן, דערנענטערן זיך מיט איר און

* די „טרודאָוויקעס“ האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שטאַרקע גרופּע אין דער 1-טער דומע (107 דעפּוטאַטן). די טרודאָווירעס האָבן אָפּגעשפּיגלט די שטימונג פון דעם ראַדיקאַלן דאָרפישן קליינבירגערטום.

איבערן.

דעמאַסקירן די קאַדעטן. דאָס לעבן האָט געלערנט אונזער לאַזונג: דער פאַרבינדעטער פון דעם פּראָלעטאַריאַט ביז דעם זיג פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע איז די פּויערשע און רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע.

פּערטנס, האָב איך קריטיקירט דעם לעצטן פּונקט פון דער מענשעוויסטישער רעזאָלוציע, וואָס איז נויגייע דער ס.־ד. פּאַרלאַמענטאַרישער פּראַקציע אין דער דומע. איך האָב אָנגעוויזן, אַז די גאַנצע מאַסע פון דעם באַוואוסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט האָט ניט געוויילט. צי איז צוועקמעסיק בא אַזעלכע באַדינגונגען אָנצובינדן אַט דער אַרבעטער־מאַסע אָפּיציעלע פאָרשטייער פון פּאַרטייען? צי קאָן די פּאַרטיי אָרעוו זיין פאַר דערווירקלעך פּאַרטייאישן אויסוואַל פון די קאַנדידאַטן? צי וועט ניט באַשאַפן קיין געוויסע געפאַר און קיין אומנאָרמאַלע לאַגע דאָס, וואָס די ערשטע ס.־ד. קאַנדידאַטן אין דומע וועלן דערוואַרט פון די פּ ו י ע ר ש ע און שטאָטישע קליינבירגערלעכע קוריעס? די ערשטע קאַנדידאַטן אין דומע פון דער ס.־ד. אַרבעטער־פּאַרטיי אָן דעם אויסוואַל פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און אָן זייער קאָנטראָל... די אויסבעסערונג פון דעם כאַוועער נאַזאַר, וועלכער האָט געפאָדערט, אַז די ס.־ד. קאַנדידאַטן אין דומע זאָלן אַ ר ו י ס ג ע ש ט ע ל ט ו ו ע ר ן פון די אָרטיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן פון די מענשעוויקעס. מיר האָבן געפאָדערט אַ נאָמענטלעכע אָפּשטימונג און האָבן אַריינגעטראָגן אין פּראָטאָקאָל אַ באַזונדער מיינונג.

פאַר דער אויסבעסערונג פון די קאַווקאַזער כאַווירים (אָנטייל־נעמען אין די וואַלן דאָרט, וואו זיי זיינען נאָך ניט פאַרגעקומען, נאָר ניט אַריינטרעטן אין קיין בלאָק מיט אַנדערע פּאַרטייען) האָבן מיר געשטימט, ווייל די פאַרוועררונג פון בלאָקן און פאַרשטענדיקונגען מיט אַנדערע פּאַרטייען האָט געהאַט בליסאָפּעך אַ גרויסע פּאָליטישע באַדייטונג פאַר דער פּאַרטיי.

איך וועל נאָך באַצייכענען, אַז דער צוזאַמענפאָר האָט אָפּגעוואָרפן די אויסבעסערונג פון דעם כאַוועער יערמאַנסקי (אַ מענשעוויק, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ שאָלעם־מאַכער), וועלכער האָט געוואָלט, אַז דער אָנטייל אין די וואַלן זאָל דערלאָזט ווערן בלויז דאַן, ווען עס איז מעגלעך אָן אַגיטאַציע צווישן די מאַסן און זייער ברייטע אָרגאַניזירונג.

די פאָרשטייער פון די נאַציאָנאַלע ס.־ד. פּאַרטייען, די פּאָליאַקן, די בונדיסטן, און, דאַכט זיך, אויך די לעטן האָבן גענומען אַ וואָרט וועגן דער דאָזיקער פראַגע און האָבן זיך אָנטשיידן אַרויסגעזאָגט פאַר באָיקאָט, אונטערשטרייכנדיק די אָרטיקע און די קאָנקרעטע באַדינגונגען, פּראָטעסטירנדיק קעגן דער לייזונג פון אַזאַ מין פראַגע אָפן גרונט פון אַבסטראַקטע האַשאָרעס.

אין דער פראַגע וועגן דער פאַרלאַמענטאַרישער ס.-ד. פראַקציע האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגענומען אויך אַ אינסטרוקציע דעם צ״ק. די־דאָזיקע אינסטרוקציע, וועלכע איז ניט אַריין, צו באַדויערן אין די באַשלוסן פון צוזאַמענפאָר, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן פון צ״ק, באַאויפטראַגט דעם צ״ק מודיע צו זיין אַלע פאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס — 1) ווען, נעמלעך, 2) ווען נעמלעך און 3) און אָף וועלכע באַדינגונגען, נעמלעך, האָט ער באַשטימט פאַר אַ פאָרשטייער פון דער פאַרטיי אין דער פאַרלאַמענטאַרישער פראַקציע; כוץ דעם, דאַרף דער צ״ק געבן פעריאָדישע באַריכטן וועגן דער טעטיקייט פון דידאָזיקע פאָרשטייער פון דער פאַרטיי. די אָרטיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, די מיטגלידער פון וועלכע עס זיינען דעפוטאַטן אין דומע, ווערן באַאויפטראַגט צו קאָנטראָלירן זייערע „באַפולמעכטיקטע״ אין דער דומע. איך וועל באַמערקן, אין קלאַמערן, אַז דידאָזיקע וויכטיקע רעזאָלוציע, וואָס באַווייזט, אַז די ס.-ד. קוקט ניט אַזוי אָפן פאַרלאַמענטאַריזם, ווי די בורזשואַזע פּאָליטיקאַנער, איז באַגעגנט געוואָרן מיט אַן איינמוטיקער אומצופרידנקייט און שפּאָט סאַי אין דער „דומע״, ה׳ סטרואַוועס צייטונג, סאַי אין דער „נאָוואַיאַ ווערעמיאַ״.

לעסאָף, פאַרענדיקנדיק די דערציילונג וועגן די דעבאַטן איבער דער פראַגע וועגן דער מעלוכע־דומע, וועל איך באַצייכענען נאָך צוויי עפּיזאָדן. דער ערשטער — דאָס איז די אַרויסטרעטונג פון דעם כאַווער אַקימאָוו, וועלכער איז איינגעלאַדן געוואָרן אָפן צוזאַמענפאָר מיט באַראַטונגס־רעכט. צו קענטעניש פון די כאַווירים, וואָס זיינען ניט באַקענט מיט דער געשיכטע פון אונזער פאַרטיי, וועל איך זאָגן, אַז דער כאַווער אַקימאָוו איז פון סאָף פון די 90־קער יאָרן דער קאָנזעקווענטסטער אָדער איינער פון די קאָנזעקווענטסטע אָפּאָרטוניסטן אין דער פאַרטיי. אַפילע די נייע „איסקרא״* האָט עס געמוזט אָנערקענען. אַקימאָוו איז געווען אַן עקאָנאָמיסט** אין 1899 און אין די שפּעטערדיקע יאָרן און ער איז געבליבן טריי זיך אַליין. דער ה׳ סטרואַווע האָט אים ניט איין מאָל אין „אָסוואָבאָזשדיעניע״ געלויבט פאַר זיין „רעאַליזם״ און פאַר דער וויסנשאַפטלעכקייט פון זיין מאַרקסיזם. פון די בערנשטייניאַנער „אָן אַ קעפּל״*** (דער ה׳ פּראָקאָפּאָוויטש און אַז. וו.) שיידט זיך דער כאַווער

* די נייע „איסקרא״, (אָנהויבנדיק פון נומ. 54) איז לעהייפעך צו דער אַלטער אויסגעהאַלטענער רעוואָלוציאָנערער „איסקרא״ געווען אַן אָפּאָרטוניסטישע. איר רעדאַקציע איז געווען אַ מענשעוויסטישע. איבערז.

** עקאָנאָמיזם — אַן אָפּאָרטוניסטישע ריכטונג אין דער רוסלענדער ס.-ד., וואָס האָט געהאַלטן, אַז די אַרבעטער דאַרפן זיך פאַרנעמען מיט עקאָנאָמישן קאַמף און די ליבעראַלן מיט פּאָליטישן. איבערז.

*** „Без Заглавия״ — אַ צייטשריפט פון די רוסישע בערנשטייניאַנער. איב.

אַקימאָוו קוים וועזנטלעך אונטער. פאַרשטייט זיך, אַז די אָנוועזנהייט פון אַזאַ כאַווער האָט ניט געקאָנט ניט זיין ווערטפול אָפּן צוזאַמענפאָר באַ דעם קאַמף צווישן דעם רעכטן און לינקן פליגל פון דער ס.־ד.

דער כאַווער אַקימאָוו האָט גערעדט דער ערשטער נאָך די פאַר־טרעגער איבער דער פראַגע וועגן דער מעלוכע־דומע. ער האָט געמאָלדן, אַז אין אַסאַך זאַכן איז ער ניט איינשטימיק מיט די מענשעוויקעס, נאָר מיט דעם כאַווער אַקסעלראָד איז ער פולקום איינשטימיק. ער איז ניט נאָר פאַרן אָנטייל אין דער דומע, ער איז אויך פאַר שטיצן די קאַדעטן. דער כאַווער אַקימאָוו איז געווען דער איינציקער קאָנזעקווענטער מענ־שעוויק אין דער היינזיכט, וואָס ער האָט זיך אָפּן געשטעלט פאַר דער פאַר־טיידיקונג פון די קאַדעטן (און ניט אין אַ פאַרשלייערטער פאָרם, ווי, ־עמאָשל, אַז די קאַדעטן זיינען וויכטיקער, איידער די עסערן). ער איז אָפּן אויפגעשטאַנען קעגן דער אָפּשאַצונג פון די קאַדעטן, וועלכע איך האָב געגעבן אין מיין בראָשור: „דער זיג פון די קאַדעטן און די אויפגאַב; פון דער אַרבעטער־פאַרטיי". די קאַדעטן, זיינען לויט זיינע ווערטער, „ווירקלעך אַ פאַרטיי פון פאָלקס־פרייהייט, נאָר אַ מער מעסיקערע". די קאַדעטן זיינען „יאָסעמדיקע דעמאָקראַטן" — האָט געזאָגט אונזער יאָ־סעמדיקער סאָציאַל־דעמאָקראַט. „די מענשעוויקעס דאַרפן קינסטלעך שטעלן שטערונגען אָף ניט צו ווערן קיין העלפער די קאַדעטן".

ווי דער לעזער זעט, האָט די רעדע פון כאַווער אַקימאָוו אַן איבע־ריק מאָל קלאָר באַוויזן, אין וועלכער זייט עס פאַלן אונזער כאַווייריס מענשעוויקעס.

דער צווייטער עפּיזאָד האָט עס באַוויזן פון אַ צווייטער זייט. די מאַיסע איז געווען אַזוי. אין דעם אָנפאַנגלעכן פראָעקט פון דער מענשע־וויסטישער רעזאָלוציע וועגן דער מעלוכע־דומע, וועלכע עס האָט אָנגע־נומען די קאָמיסיע, האָט דער פונקט 5 (וועגן דער אַרמיי) אַנטהאַלטן אַזאַ פראַזע: „.....דערזעענדיק צום ערשטן מאָל אָפן רוסישן באָדן אַ נייע, פון קייסער אַליין צום לעבן ארויסגערופענע, דורכן געזעץ אנערקענטע, מאַכט, וואָס איז אַרויס פון די טיפעניש פון דער נאַציע" און אַז. וו. קריטיקירנדיק די רעזאָלוציע פון די מענשע־וויקעס פאַר איר, ווייך גערעדט, ניט פאָרזיכטיקע און אָפּטימיסטישע באַ־ציאונג צו דער מעלוכע־דומע, האָב איך, אַגעוו, קריטיקירט אויך די אונ־טערגעשטריכענע ווערטער און האָב שפּאַסנדיק געזאָגט: פאַרוואָס זאָל מען ניט צוגעגעבן: „פון דעם ריבוינעשעלוילעם צוגעשיקטע" (מאַכט)? דער כאַווער פלעכאַנאָוו, אַ מיטגליד פון קאָמיסיע, האָט זיך שרעקלעך באַליידיקט אָף מיר פאַר אָט דעם שפּאַס. — וואָס הייסט! האָט ער אויס־געשריען אין זיין רעדע. — איך דאַרף אויסהערן אַזעלכע „כשאַדן אין אָפּאָרטוניזם" (בוכשטעבלעך זיין אויסדריק, וועלכן איך האָב פאַרשריבן).

איך בין אליין אַ מיליטער־מענטש און איך ווייס, ווי מיליטער־לייט באַ־ציען זיך צו דער מאַכט, וואָס פאַר אַ באַדייטונג פאַר זיי עס האָט דאָס אָנערקענען די מאַכט מיצאַד דעם קייסער, און אַז. וו., און אַז. וו. דאָס, וואָס דער כאַוועך פלעכאַנאָוו האָט זיך באַליידיקט, האָט עס אַרויסגעגעבן זיין שוואַך אָרט און דאָס האָט באַוויזן נאָך קלאָרער, אַז ער האָט „אי־בערגעיזאַלצן". אין מיין שלום־וואָרט האָב איך געענטפערט, אַז גאָרניט אין „כשאַרן" האַנדלט עס זיך דאָ און עס איז לעכערלעך אַזעלכע כאַכמעס־דיקע ווערטער צו ריידן. פלעכאַנאָוון באַשולדיקט קיינער ניט אין דעם, אַז ער גלויבט אין קייסער. נאָר די רעזאָלוציע שרייבט זיך ניט פאַר פלעכאַנאָוון, נאָר פאַרן פאָלק. און לאָזן אין פאָלק אַזעלכע צווייפלדיקע אַרגומענטן, וועלכע פאַסן בלויז פאַר וויטען און קאָמפּ., איז ניט אנשטענ־דיק. דידאַזיקע אַרגומענטן וועלן זיך ווענדן קעגן אונז, ווייל אויב מע שטרייכט אונטער, אַז די מעלוכע־דומע איז אַ „מאַכט" (?? דאָסדאָזיקע וואָרט אליין באַווייזט שוין דעם ניטמעסיקן אָפּטימיזם פון אונזערע מענ־שעוויקעס), און אַ מאַכט, וואָס איז אַרויסגערופן צום לעבן דורכן קייסער, וועט מען דערפון מאַכן דעם אויספיר, אַז דאָס איז אַ געזעצלעכע מאַכט און אַז זי דאַרף האַנדלען געזעצלעך, פאָלגנדיק יענעם, ווער עס האָט זי „צום לעבן אַרויסגערופן".

די מענשעוויקעס האָבן טאַקע אליין דערזעען, אַז פלעכאַנאָוו האָט איבערגעזאַלצן. די אונטערגעשטראָכענע ווערטער זיינען לויט אַ פאַר־שלאַג, וואָס איז פון זיי אָרויס, אויסגעמעקט געוואָרן פון דער רעזאָלוציע.

## VI

## דער באַוואַפנטער אויפשטאַנד

די צוויי הויפּט־פראַגן, די אַגראַרע פראַגע און וועגן דער דומע, האָבן צוזאַמען מיט די דעבאַטן וועגן דער אָפּשאַצונג פון דעם מאָמענט פאַר־נומען די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט פון צוזאַמענפאָר. איך געדענק ניט וויפל טעג האָבן מיר אָפּגעגעבן דידאָזיקע פראַגן, נאָר אַ פאַקט איז עס, אַז פיל פון די אָנוועזנדע זיינען מיד געווען און כויץ דער מידקייט איז נאָך, אַפּאַנעם, געווען אַ שטרעבונג אַראָפּצונעמען אייניקע פראַגן פונם טאָג־סיידער. עס איז אָנגענומען געוואָרן דער פאָרשלאַג צו פאַרשנעלערן די אַרבעט פונם צוזאַמענפאָר, און דעם פאָרטרעגער איבער דער פראַגע וועגן באַוואָפנטן אויפשטאַנד האָט מען פ אַ ר ק י ר צ ט די צייט ביז 15 מינוט (די פאָרטרעגער איבער די פריערדיקע פראַגן האָט מען ניט איין מאָל פאַרלענגערט די צייט איבער דער רעגלאַמענטירטער האַלבער שאָ). דאָס איז געווען דער אָנהויב פון צונויפקנייטשן די פראַגן.

דער פאָרטרעגער פון דער אָפּן צוזאַמענפאָר „איבערוועגנדיקער מינ־

דערהייט" איבער דער פראַגע וועגן באַוואָפנטן אויפשטאַנד, דער כ' טשע־רוואַנין, האָט זיך „אַראָפּגעקייקלט צו פּלעכאַנאָוון". דאָס האָט מען גע־קאָנט דערוואַרטן און דאָס האָבן ניט איינמאָל פאָרויסגעזאָגט די באָלשע־וויקעס. ער האָט זיך, הייסט עס, געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט פון די „טאָג-ביכער", מיט וועלכע אַסאַך מענשעוויקעס האָבן דערקלערט פאַרן צוזאַמענפאָר, אַז זיי זיינען ניט איינשטימיק. בא מיר זיינען פאַרשריבן געוואָרן אין מיינע נאָטיצן אַזעלכע פראַזן זיינע, ווי: „דער דעקאַבער-אויפ־שטאַנד איז געווען בלויז אַ פּראָדוקט פון איעש", אָדער: „די מאַפּאָלע פון דעם דעקאַבער-אויפשטאַנד איז געווען געזיכערט שוין אין די ערשטע טעג". דאָס פּלעכאַנאָווישע: „מע האָט זיך ניט געדאַרפט נעמען פאַר געווער" איז מיט אַ רויטן פאָדעם דורכגעגאַנגען דורך זיין גאַנצן פאָרטראַג, צו־געזאַלצן נאָך, ווי עס פירט זיך, מיט אָנפאַלן אויפן אַדרעס פון די „פאַרשווע־רער" און פון „איבערטרייבן די טעכניק".

אונזער פאָרטרעגער, דער כ' ווינטער, האָט אומזיסט געפּרואווט זיך אין זיין קורצער רעדע צו באַווייזן דעם צוזאַמענפאָר אָפּצושאַצן גענוי דעם טעקסט פון ביידע רעזאָלוציעס. איינמאָל איז אים אַפילע אויסגעקומען אָפּצוזאָגן זיך פון פאַרזעצן דעם פאָרטראַג. דאָס איז געווען אין מיטן רעדע זיינער, ווען ער האָט דורכגעלייענט דעם ערשטן פּונקט פון דער מענשע־וויסטישער רעזאָלוציע: „דער קאַמף רוקט אַרויס די אומיטלבאַרע אויפ־גאַבע אַרויסצורייסן די מאַכט פון די הענט פון דער זעלבסטהערשנדיקער רעגירונג". עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אונזער פאָרטרעגער, אַ מיטגליד פון דער קאָמיסיע אויף אויסאַרבעטן די רעזאָלוציע וועגן באַוואָפנטן אויפ־שטאַנד, האָט ניט געוואוסט, אַז אָט די קאָמיסיע האָט אין דער לעצטער מינוט פאַרגעלייגט דעם צוזאַמענפאָר אין אַ העקטאָגראַ־פירטן פּראָעקט פון רעזאָלוציע אַ נייע רעדאַקציע. דעהאַינע: דער מענשע־וויסטישער טייל פון דער קאָמיסיע מיט פּלעכאַנאָוון בעראָש האָט פאָרגע־לייגט צו זאָגן: „אַרויסרייסן די רעכט מיט געוואַלט" אנשטאָט „אַרויסרייסן די מאַכט".

דיזאָזיקע אומענדערונג פון טעקסט פון אַ רעזאָלוציע, וואָס ווערט אַריינגעטראָגן אויפן צוזאַמענפאָר, אָן דעם וויסן פונם פאָרטרעגער, אַ מיט־גליד פון דער קאָמיסיע, האָט אויף אַזויפיל גראָב אויוער געווען אויף אַלע מינהאָגים און רעגעלן פון צוזאַמענפאָר-אַרבעט, אַז אונזער פאָרטרעגער האָט, אין אויפגעבראַכטער, אָפּגעזאָגט זיך פאַרצוזעצן דעם פאָרטראַג. בלויז נאָך לאַנגע „דערקלערונגען" פון די מענשעוויקעס האָט ער איינגע־שטימט צו זאָגן עטלעכע שלוס-ווערטער.

די ענדערונג איזווירקלעך געווען אַ מעאויעמדיקע. אין אַ רעזאָלוציע וועגן אויפשטאַנד רעדט זיך ניט וועגן קאַמף פאַר דער מאַכט, נאָר וועגן קאַמף פאַר רעכט! באַטראַכט נאָר, וואָס פאַר אַן אומגעהויערער פּלאָנטער

דידאַזיקע אַפּאָרטוניסטישע פאָרמולירונג וואָלט אַריינגעטראָגן אין דעם
באַוואוסטזיין פון די מאַסן און ווי אומגעלומפּערט עס וואָלט געווען די ניט־
אַנטשפּרעכעדיקייט צווישן דער קאָלאָסאַלקייט פון דעם מיטל (אַן אויפ־
שטאַנד) און דער באַשיידנקייט פון דעם ציל (אַרויסרייסן רעכט, ד. ה. בײַ
דער אַלטער מאַכט אַרויסרייסן רעכט, דערשלאָגן זיך האַנאַכעם פון דער
אַלטער מאַכט, און ניט אַראָפּוואַרפן זי).

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די באָלשעוויקעם זיינען אָנגעפאַלן אַף
דערדאָזיקער אויסבעסערונג אַפן סאַמען ענערגישן אויפן. די רייען פון די
מענשעוויקעם האָבן אַ ציטער געטאָן. זיי האָבן זיך אַפּאָנעם איבערצייגט,
אַז פּלעכאַנאָוו האָט נאָך אַמאָל איבערגעזאָלצן און אַז זיי וואָלט אויסגע־
קומען שמאָל אין דער פּראַקטיק מיט אַזאַ מעסיקער און אַקוראַטער אָפּ־
שאַצונג פון די אויפגאַבן פון אויפשטאַנד. מע האָט פּלעכאַנאָוון געצוואונ־
גען אַ קערעווע צו טאָן. ער האָט זיין אויסבעסערונג גענומען צוריק, זאָגנ־
דיק, אַז ער גיט ניט צו קיין וויכטיקע באַדייטונג דער נאַפּקעמינע, וואָס
איז אייגנטלעך בלויז אַ „סטיליסטישע". פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט באַ־
טייט באַדעקן די ביטערע פּיל מיט גאָלד. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָ
האַנדלט זיך ניט וועגן סטיליסטיק.

די פּלעכאַנאָווישע אויסבעסערונג האָט בוילעט אַנטפּלעקט די גרונט־
טענדענץ פון די מענשעוויקעם אין דער פראַגע וועגן אויפשטאַנד: צו־
טראַכטן אויסריידן, קעדיי אָפּזאָגן זיך פון אויפשטאַנד, אָפּזאָגן זיך פון
דעם דעקאַבר־אויפשטאַנד, געבן אַן אייצע אָפּצוזאָגן זיך פון אַ צווייטן
אויפשטאַנד, מאַכן אַ טעל פון זיינע אויפגאַבן אָדער אַזוי פאָרמולירן די־
דאָזיקע אויפגאַבן, אַז באַם אויספירן זיי זאָל קיין רייד ניט קאָנען זיין וועגן
אַן אויפשטאַנד. נאָר זאָגן עס פּאָשעט און אַנטשלאָסן, אָפן און קלאָר —
דאָס האָבן זיך די מענשעוויקעם ניט אַנטשלאָסן. זייער לאַגע איז געווען אַ
העכסט פאַלשע: ריידן אין אַ פאַרשלייערטער פאָרם און מיט רעמאָזים
דאָס, וואָס עס איז זייער טייערסטער געדאַנק. די פאָרשטייער פון דעם
פּראָלעטאַריאַט קאָנען און דאַרפן אָפן קריטיקירן זיינע פעלערן, נאָר מאַכן
עס אין אַ פאַרשלייערטער, צווייטייטיקער, אומקלאָרער פאָרם, איז אינ־
גאַנצן אומווירדיק פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. און די רעזאָלוציע פון
די מענשעוויקעם האָט אין זיך אָפּגעשפּיגלט ניטווילנדיק דידאָזיקע צוויי־
דייטיקע פּאָזיציע: אויסריידן זיך פון אויפשטאַנד צוגלייך מיטן קלוימערשט
„פאָלקישן" אַנערקענען אים.

די רעדעס וועגן טעכניק און וועגן פאַרשווערעריי זיינען געווען אַ
צו קלאָרער בלענדעניש־מאַנעוור, אַ צו גראָבע פאַרשמירונג פון די מיי־
נונגס־פאַרשיידנהייטן אין דער פּ אָ ל י ט י ש ע ר אָפּשאַצונג פון אויפ־
שטאַנד. קעדיי אויסצודרייען זיך פון דערדאָזיקער אָפּשאַצונג, קעדיי ניט
צו זאָגן אָפן, צי איז געווען דער דעקאַבר־אויפשטאַנד אַ שריט פאָרויס

און אַן אויפשטייג פון דער באַוועגונג אַף אַ העכערע שטופע, צוליב דעם איז נויטיק געווען אָפצואוווענדן די רעדעס אָן אַ זייט, פון פּאָליטיק צו טעכניק, פון אַ קאָנקרעטער אָפּשאַצונג פון דעקאַבר 1905 יאָר צו אַלגעמיינע פראַזן וועגן פאַרשווערערײַ. און וואָס פאַר אַ פלעק אַף דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וועלן דאָס בלייבן דידאָזיקע רעדעס וועגן פאַרשווערערײַ אין פאַרבינדונג מיט אַזאַ פאָלקס-באַוועגונג, ווי דער דעקאַבר-אויפשטאַנד אין מאָסקווע!

איר ווילט פּאָלעמיזירן, האָבן מיר געזאָגט די כאַווײַרים—מענשעוויקעס, אייך ווילט זיך „אַ שטאָך טאָן“ די באָלשעוויקעס, אייער רעזאָלוציע וועגן אויפשטאַנד איז פול מיט אָנפאַלן אַפן אַדרעס פון די אַנדערש-דענקענדיקע. פּאָלעמיזירט וויפל אייער האַרץ גלוסט. דאָס איז אייער רעכט און אייער פליכט. נאָר פאַרוואַנדלט ניט די גרויסע פראַגע וועגן אָפּשאַצן די היסטאָרישע טעג אין אַ קליינער און אַ קליינלעכער פּאָלעמיק. דערניידערט ניט די פּאַרטײַ מיט דעם, וואָס אין דער פראַגע וועגן דעם דעקאַבר-קאַמף פון די אַרבעטער, פּויערים, שטאָטישן קליינבירגערטום קאָן זי גאָרניט ניט זאָגן, אויסער שפּילקעס און שטעך-ווערטער אַפן אַדרעס פון אַן אַנדער פראַקציע. הויבט זיך אויף אַביסל העכער, שרייבט אָן, אויב איר ווילט, אַ ספּעציעלע פּאָלעמישע רעזאָלוציע קעגן די באָלשעוויקעס, אָבער גיט דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם גאַנצן פאָלק אַן אָפּענעם און קלאָרן, ניט קיין צווייִדייטיקן ענטפער אַף דער פראַגע וועגן אויפשטאַנד.

איר שרײַט וועגן דער איבערטרייבונג פון דער טעכניק און וועגן פאַרשווערערײַ. אָבער טוט אַ קוק אַף ביידע פּראָעקטן פון די רעזאָלוציעס. איר וועט דערזעען גראַד אין אונזער רעזאָלוציע ניט קיין טעכניק, נאָר אַ היסטאָרישן און פּאָליטישן מאַטעריאַל. איר וועט דערזעען בײַ אונז אַ מאָטיווירונג, וועלכע איז גענומען גראַד ניט פון הוילע און ניט דערוויזבאַרע אַלגעמיינע שטעלן („די אויפגאַבע פון דעם קאַמף איז אַרויסצורייסן די מאַכט“), נאָר פון דער געשיכטע פון דער באַוועגונג, פון דער פּאָליטישער דערפאַרונג פון דעם לעצטן פערטל פון 1905 יאָר. איר וואַרפט אַרויף פון אַ קראַנקן קאָפּ אַף אַ געזונטן, דערפאַר, ווייל גראַד אייער רעזאָלוציע איז אויסערסט אָרעם מיט היסטאָריש-פּאָליטישן מאַטעריאַל. זי רעדט וועגן אויפשטאַנד, און קיין איין וואָרט איז אין איר ניטאָ וועגן דער שאַיכעס פונם שטרייק צום אויפשטאַנד, קיין איינציק וואָרט וועגן דעם, ווי דער נאָך-אָקטיאַברשער קאַמף האָט געבראַכט צו דער נויטיקייט און אומפאַרמיידלעכקייט פון אויפשטאַנד, קיין איינציק אָפן און קלאָר וואָרט וועגן דעקאַבר. גראַד אין אונזער רעזאָלוציע טרעט אַרויס דער אויפשטאַנד ניט אַלס פאַרשווערונגס-צורוף, ניט אַלס פראַגע פון טעכניק, נאָר אַלס פּאָליטישער רעזולטאַט פון אַ פולקום קאָנקרעטער היסטאָרישער ווירקלעכקייט, וואָס איז באַשאַפן דורכן אָקטיאַבר-

שטרייק, דורך דעם צוזאָג פון פרייהייטן, דורכן פּרואוו אָפּצונעמען זיי און דורכן קאַמף זיי צו פאַרטיידיקן.

די פראַזן וועגן טעכניק און וועגן פאַרשווערעריי דאָס איז נאָר אַ פאַרמאַסקירונג פון אייער צוריקטריט אין דער פראַגע וועגן אויפשטאַנד.

אָפּן צוזאַמענפאַר האָט מען טאַקע די רעזאָלוציע פון די מענשעווי־קעס איבער דער פראַגע וועגן אויפשטאַנד אָנגערופן: „די רעזאָלוציע קעגן אַ באוואָפנטן אויפשטאַנד“. און יענער, ווער עס וועט וויפל ניט איז אויפמערקזאַם דורכלייענען די טעקסטן פוןביידע רעזאָלוציעס, וואָס זיינען פאַרגעלייגט געוואָרן דעם צוזאַמענפאַר*, וועט זיך קוים באַשליסן צו באַשטרייטן די ריכטיקייט פון דערדאָזיקער באַהויפּטונג.

אונזערע אַרגומענטן האָבן געהאַט נאָר אַ טיילווייזע ווירקונג אָף די מענשעוויקעס. ווער עס וועט פאַרגלייכן דעם פּראָעקט פון זייער רעזאָלוציע מיט דער ענדגילטיקער רעזאָלוציע, וואָס זיי האָבן אָנגענומען, יענער וועט זען, אַז אַ גאַנצע ריי ווירקלעך קליינלעכע אָנפאַלן און מיינונגען האָבן זיי באַזייטיקט. אָבער דער אַלגעמיינער גייסט איז, פאַרשטייט זיך, געבליבן. דאָס איז אַ היסטאָרישער פאַקט, אַז דער מענשעוויסטישער צוזאַמענפאַר נאָך דעם ערשטן באוואָפנטן אויפשטאַנד אין רוסלאַנד האָט אַרויסגעוויזן פאַרלאַרנקייט, אַז ער האָט זיך אויסגעדרייט פון אַ קלאָרן ענטפער, אַז ער האָט זיך ניט באַשלאָסן אָפּן צו זאָגן דעם פּראָלעטאַריאַט, צי איז דערדאָזיקער אויפשטאַנד געווען אַ פעלער, אָדער אַ שריט פאָרויס, צי איז נויטיק אַ צווייטער אויפשטאַנד און אָף וואָס פאַר אַן אויפן ער איז היסטאָריש פאַרבונדן מיטן ערשטן. די מענשעוויקעס, וואָס ווילן אַראָפּ־נעמען פון טאָג־סיידער די פראַגע וועגן אויפשטאַנד, וואָס נויגן דערצו, נאָר באַשליסן זיך ניט צו מוידע זיין זיך אין דעם, האָבן זיך אויסגעדרייט פון דער פראַגע, און דאָס האָט געבראַכט דערצו, וואָס די פראַגע איז, אין טאָך גענומען, געבליבן אָפן. די אָפּשאַצונג פון דעם דעקאַבר־אויפשטאַנד דאַרף נאָך אויסגעאַרבעט ווערן דורך דער פּאַרטיי, און אָף דערדאָזיקער פראַגע דאַרפן אַלע אָרגאַניזאַציעס ווענדן די ערנסטע אויפמערק־זאַמקייט.

---

* קעדיי צו פאַרלייכטערן דעם לייענער באַוואוסטזיניק-קריטיש באַציען זיך צו די שטרייטן אָפן צוזאמענפאָר, גיב איך אלס ביילאגע די טעקסטן פון די אָנפאנגלעכע פראעקטן פון די רעזאָ־לוציעס פון דער מערהייט און פון דער מינדערהייט און די טעקסטן פון די רעזאָלוציעס, וואָס זיינען אָנגענומען פון צוזאַמענפאָר. בלויז די אויפמערקזאמע דערלערנונג און פארגלייכונג פון די ביידע טעקסטן וועט געבן די מעגלעכקייט זעלבשטענדיק צו פאנאנדערקלייבן זיך אין די פראגן פון דער ס.-ד. טאקטיק.

לעגינס באמערקונג

(זע ביילאגע 2. רעד.)

די פראַקטישע פראַגע וועגן אויפשטאַנד איז אויך אָפן. אין נאָמען פון צוזאַמענפאָר איז אנערקענט, אַז די אומיטלבאַרע (באַמערקט עס!) אויפגאַבע פון דער באַוועגונג איז „ארויסרייסן די מאַכט". דאָס איז דאָך אַ פאָרמולירונג, אויב איר ווילט, אַן אולטראַ-באָלשעוויסטישע, גראַד זי מאַכט דאָך פון דעם איניען אַ פראַזע, און וואָס מע האָט אונז באַשולדיקט. נאָר האָט עס דער צוזאַמענפאָר געזאָגט, דאַרפן מיר זיך באַ דעם האַלטן, דאַרפן מיר אַף דעם סמאַך אַפן אַנטשיידנסטן אויפן קריטיקירן יענע אָרטיקע און צענטראַלע איינריכטונגען און אָרגאַניזאַציעס פון דער פאַרטיי, וועלכע וואָלטן קאָנען פאַרגעסן וועגן אָט דער אומיטלבאַרער אויפגאַבע. מיר קאָנען און מיר דאַרפן, אַפן סמאַך פון דעם צוזאַמענפאָר-באַשלוס, אַרויסרוקן דידאָזיקע אומיטלבאַרע אויפגאַבע אַפן ערשטן פלאַן אין געוויסע פאָליטישע מאָמענטן. שטערן דעם האָט קיינער קיין רעכט ניט, דאָס וועט זיין אינגאַנצן און פולקום אין די גרענעצן פון די דירעקטיוון פון דעם צוזאַמענפאָר, אויב מיר האָבן שוין אַרויסגעוואָרפן די ווערטער „אַרויסרייסן די רעכט" און האָבן געצוואונגען אנערקענען פאַר דער „אומיטלבאַרער אויפגאַבע אַרויסרייסן די מאַכט".

מיר ראַטן עס ניט צו פאַרגעסן די פאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס, באַזונדערס אין אַזעלכע מאָמענטן, ווען אונזער באַרימטע דומע באַקומט פעטש אין פאָנעם פון דער זעלבסטהערשנדיקער רעגירונג.

דער כאַווער וואָינאָוו האָט אין די דעבאַטן וועגן באַוואָפנטן אויפשטאַנד זייער טרעפנדיק באַמערקט, אַז וואָס פאַר אַ קלעם עס זיינען אַריינגעפאַלן די מענשעוויקעס. זאָגן „אַרויסרייסן די רעכט" — איז אַ פאָרמולירונג שוין אַן אומעגלעך אפאָרטוניסטישע. זאָגן „אַרויסרייסן די מאַכט" — הייסט אַרויסשלאָגן באַ זיך פון די הענט יעדעס געווער קעגן די באָלשעוויקעס. פון איצט אָן ווייסן מיר, — האָט געשפאָסט וואָינאָוו, — וואָס איז אַזוינס אָרטאָדאָקסאַלער מאַרקסיזם און וואָס איז אַזוינס פאַרשווערערישע אַפיקאָרסעס. „אַרויסרייסן די מאַכט" — דאָס איז אָרטאָדאָקסאַל. „דעראָבערן די מאַכט" — דאָס איז פאַרשווערעריי....

דערזעלביקער רעדנער האָט געשילדערט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַן אַלגעמיינעם טיפ פון אַ מענשעוויק. די מענשעוויקעס זיינען אימפרעסיאָניסטן, האָט ער געזאָגט, שטימונגס-מענטשן, מענטשן פון דער מינוט. הויבט זיך אויף די כוואַליע, גייט אָקטיאַבר—נאָיאַבר 1905 יאָר — האָט די „נאַטשאַלאָ"* זיך צעטראָגן, זי טרעט אַרויס אַפילע מער באָלשעוויסטיש, איידער די באָלשעוויקעס. זי שפרינגט שוין פון דעמאָקראַטישער דיקטאַ-

* לעגאַלע צייטונג פון די מענשעוויקעס פון 1905 י. איב.

טור צו סאָציאַליסטישער דיקטאַטור. איז אָפּגעפאַלן די כוואַליע, איז געפאַלן די שטימונג, האָבן זיך אויפגעהויבן די קאַדעטן, — איילן די מענשעוויקעס צופּאַסן זיך צו דער געפאַלענער שטימונג, טאַנצן זיי נאָך נאָך די קאַדעטן, און מאַכן מיט ביטל מיט דער האַנט אָף די אָקטיאַבער—דעקאַבערשע פאָרמען פון קאַמף.

אַ העכסט אינטערעסאַנטע באַשטעטיקונג פון דעם, וואָס עס איז געזאָגט, איז אַפן צוזאַמענפאָר געווען די שריפטלעכע מעלדונג פון דעם מענשעוויק לאַרין. ער האָט זי דערלאַנגט אין ביוראָ און זי דאַרף דעריבער זיין אינגאַנצן אין די פּראָטאָקאָלן. לאַרין האָט דאָרט געזאָגט, אַז די מענשעוויקעס האָבן אַ פעלער געמאַכט אין אָקטיאַבר—דעקאַבר, ווען זיי האָבן געהאַנדלט באָלשעוויסטיש. מונדלעכע, אָפטע פּראָטעסטן קעגן דערדאָזיקער „ווערטפולער אנערקענונג“ האָב איך געהערט אַפן צוזאַמענפאָר מיצאַד איינצלנע מענשעוויקעס, נאָר צי זיינען אָט די פּראָטעסטן אויסגעדריקט געוואָרן אין רעדעס אָדער מעלדונגען, דאָס בין איך ניט אָרעוו.

באַלערנדיק איז אויך געווען די אַרויסטרעטונג פון פּלעכאַנאָוון. ער האָט גערעדט (אויב איך האָב קיין טאָעס ניט) וועגן פאַרכאַפּן די מאַכט. ער האָט זיך דערביי אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט אַפן אָריגינעלסטן אויפן. איך בין קעגן פאַרשווערעריש פאַרכאַפּן די מאַכט, — האָט ער אויסגעשריען, — נאָר איך בין אינגאַנצן פאַר אַזאַ פאַרכאַפּן די מאַכט, ווי עס איז געווען, לעמאָשל, דער קאָנווענט אין דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

דאָ האָבן מיר געכאַפּט פּלעכאַנאָוון באַם וואָרט. — אויסגעצייכנט, כאַווער פּלעכאַנאָוו, — האָב איך אים געענטפערט. שרייבט אָן אין דער רעזאָלוציע דאָס, וואָס איר האָט געזאָגט! פאַרורטיילט, ווי שאַרף איר ווילט, פאַרשווערעריי, — מיר, באָלשעוויקעס וועלן פונדעסטוועגן דאָך אינגאַנצן און איינשטימיק שטימען פאַר אַזאַ רעזאָלוציע, אין וועלכער עס וועט אנערקענט זיין און עס וועט רעקאָמענדירט ווערן דעם פּראָלעטאַריאַט פאַרכאַפּן די מאַכט לויטן טיפּ פון קאָנווענט. פאַרורטיילט פאַרשווערעריי, נאָר אנערקענט אין דער רעזאָלוציע אַזאַ דיקטאַטור, ווי דער קאָנווענט, און מיר וועלן מיט אייך איינשטימען אינגאַנצן און אָן טנאָיעם. דאָס איז נאָך ווייניק. איך בין אייך אָרעוו, אַז פון יענעם מאָמענט אָן, ווי איר וועט אונטערשרייבן אַזאַ רעזאָלוציע, וועלן אייך אויפהערן צו ליב: די קאַדעטן!

דער כאַווער וואָינאָוו האָט אויך באַצייכנט דעם שרעקלעכן ווידערשפּרוך, אין וועלכן עס איז אַריינגעפאַלן פּלעכאַנאָוו, „אַרויסכאַפּנדיק זיך“ אומגערן מיט אַ וואָרט וועגן דעם קאָנווענט. דער קאָנווענט איז געווען גראַד אַ דיקטאַטור פון די אונטערשטע שיכטן, ד. ה. פון די סאַמע נידעריקסטע שיכטן פון דער שטאָטישער און דאָרפישער אָרעמקייט. אין דער

בורזשואַזער רעוואָלוציע איז עס געווען נעמלעך אַזאַ מאַכטפּולע איינריכ־
טונג, אין וועלכער עס האָט געהערשט אינגאַנצן און אומבאַגרענעצט ניט
די גרויסע אָדער מיטעלע בורזשואַזיע, נאָר דאָס פּאַשעטע פאָלק, די אָרעמ־
קייט, ד. ה. נעמלעך, דאָס, וואָס מיר רופן: „דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס
פּויערטום". אנערקענען דעם קאָנווענט און שרייען קעגן פאַרכאַפּן די מאַכט
— הייסט שפּילן מיט ווערטער. אנערקענען דעם קאָנווענט און לייגן זיך
אין דער לענג און אין דער ברייט קעגן „דער רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַ־
טישער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום" — הייסט
שלאָגן זיך אַליין. און די באָלשעוויקעס האָבן אַלעמאָל און די גאַנצע צייט
גערעדט וועגן דעראָבערן די מאַכט נעמלעך דורך דער פאָלקס־מאַסע, נעמ־
לעך דורכן פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום, און קלאָל ניט דורך דער אָדער
יענער „באַוואוסטזיניקער מינדערהייט". די פראַזן וועגן פאַרשווערעריי
און בלאַנקיזם — דאָס איז אַ פּאַשעטע אומשולדיקע דעקלאַמאַציע, פון
וועלכער עס איז טאַקע געוואָרן אַש, ווי נאָר מע האָט דערמאָנט דעם
קאָנווענט.

## VII

## דער סאף פון צוזאמענפאר

די פראַגע וועגן באַוואָפנטן אויפשטאַנד איז געווען די לעצטע פראַגע, וואָס האָט זיך באַהאַנדלט וויפל ניט איז גרונטלעך און פּרינציפּיעל אַפן צוזאַמענפאָר. די איבעריקע פראַגן זיינען שוין אינגאַנצן צונויפגעקנייטשט געוואָרן אָדער זיינען באַשלאָסן געוואָרן אָן דעבאַטן.

די רעזאָלוציע וועגן פּאַרטיזאַנישע קאַמפּס־אַרויסטרעטונגען איז דורכגעגאַנגען אַלס צוגאָב צו דער רעזאָלוציע וועגן באַוואָפנטן אויפ־שטאַנד. איך בין דערביי ניט געווען אין זיצונגס־זאַל און האָב אויך ניט געהערט פון די כאַווייירים וועלכע ניט איז אינטערעסאַנטע דעבאַטן איבער דערדאָזיקער פראַגע. און די פראַגע גופע איז, פאַרשטייט זיך, ניט קיין פּרינציפּיעלע.

די רעזאָלוציעס וועגן פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און וועגן דער באַ־ציאונג צו דער פּויערים־באַוועגונג זיינען אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק. אין די קאָמיסיעס אַף צוגרייטן די רעזאָלוציעס זיינען די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס געקומען צו אַן אויסגלייך איבער דידאָזיקע פראַגן, אין דער רעזאָלוציע וועגן דער פּויערשער באַוועגונג וועל איך באַצייכענען די אַב־סאָלוט ריכטיקע אָפּשאַצונג פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי און דאָס אנער־קענען דעם אויפשטאַנד אַלס דעם „איינציקן מיטל" צו דעראָבערן פריי־הייט. אָט די ביידע האַנאָכעס דאַרף מען וואָס אָפּטער האָבן אין זינען בא דער אַרבעט פון אונזער אַלטעגלעכער אַגיטאַציע.

די פאַרייניקונג מיט די נאַציאָנאַלע ס.־ד. פּאַרטייען האָט פאַרנומען אַביסל מער צייט. די צונויפגיסונג מיט די פּאָליאַקן איז דורכגעגאַנגען איינשטימיק. די צונויפגיסונג מיט די לעטן, אַף וויפל איך געדענק, אויך איינשטימיק, יעדנפאַלס אָן גרויסע דעבאַטן. אין דער פראַגע וועגן צונויפגיסן זיך מיטן „בונד“ איז אַרויסגעקומען אַ גרויסע טומלעניש. די צונויפגיסונג איז דורכגעגאַנגען, אַף וויפל איך געדענק, מיט 54 שטימען אָדער אַרום דעם. *פאַר* האָבן געשטימט די באָלשעוויקעס (קימאַט אַלע), דער צענטער און די אַמווייניקסטן פראַקציאָנעל געשטימטע מענשעוויקעס. מען האָט דורכגעפירט די איינהייטלעכקייט פון די אָרטיקע אָנפירנדיקע קאָמיטעטן פון דער ר.ס.ד.א.פּ. און דאָס ווילן דעלעגאַטן אַפן צוזאַמענפאָר אַף אַלגעמיינע יעסוידעס. מע האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואָס אנערקענט די נויטיקייט פון קאַמף פאַר די צענטראַליסטישע פרינציפּן פון דער אָרגאַניזאַציע (מיר האָבן פאָרגעלייגט אַ רעזאָלוציע, אַן אַנדערע לויט דער רעדאַקציע, נאָר דיזעלביקע לויטן זינען, אין וועלכער עס איז אונטערגעשטריכן געוואָרן די פּראַקטישע באַדייטונג פון דער האַנאָכע, וואָס מיר האָבן געמאַכט דעם „בונד“, און עס ווערט אנערקענט די נייטווענדיקייט פון אַן אומאָפּגעבראָכן קאַמף פאַר אַ ענגערע און נייערע צונויפשמעלצונג פון די קרעפטן פון דעם פּראָלעטאַריאַט).

אייניקע מענשעוויקעס האָבן זיך שטאַרק געהיצט מעקויעך דער פאַרייניקונג מיטן „בונד“ און האָבן אונז באַשולדיקט, אַז מיר טרעטן אָפּ פון די פּרינציפּן פון II צוזאַמענפאָר. דער בעסטער ענטפער אַף די דאָזיקע באַשולדיקונגען איז די אָנווייזונג אַפן נום. 2 „פּאַרטיי־יעדיעס“. די באָלשעוויקעס האָבן דאָרט אָפּגעדרוקט, אַ *צווייט פאַרן צוזאַמענפאָר*, אַ פּראָעקט פון אַ רעזאָלוציע, וואָס האָט פאָרגעלייגט אַ *רייוויטערדיקע* האַנאָכעס *אַלע* נאַציאָנאַלע ס.־ד. פּאַרטייען, איינשליסנדיק די „פּראָפעסיאָנעלע פּאָרשטייערשאַפט אין די אָרטיקע, געגנטלעכע און צענטראַלע איינריכטונגען פון דער פּאַרטיי“. די מענשעוויקעס האָבן געענטפערט אין דעמזעלבן נומער „פּאַרטיי־יעדיעס“ אַף אונזערע רעזאָלוציעס מיט זייערע קאָנטר־רעזאָלוציעס, דערביי האָבן זיי מיט *קיין איינציקן וואָרט* ניט אויסגערעדט זייער ניט־איינשטימען מיט אונזער פּלאַן צו מאַכן ווייטערדיקע האַנאָכעס דעם „בונד“ און די אַנדערע נאַציאָנאַלע ס.־ד. פּאַרטייען.

מיר דוכט, אַז אָט דער פאַקט גיט דעם בעסטן ענטפער אַף יענער שטרייט־פראַגע, צי האָבן די באָלשעוויקעס אויס פראַקציאָנערישקייט געשטימט פאַרן „בונד“, אָדער די מענשעוויקעס האָבן אויס פראַקציאָנערישקייט געשטימט קעגן דעם „בונד“.

דער סטאַטוט פון דער פּאַרטיי איז אָנגענומען געוואָרן זייער שנעל. איך בין געווען אין דער קאָמיסיע אַף אויסאַרבעטן דעם פּראָעקט פון דעם

סטאַטוט. די מענשעוויקעס האָבן געוואָלט פאַרגרעסערן ביז 2/3 די צאָל מיטגלידער פון דער פאַרטיי, וואָס איז נויטיק אַף צונויפרופן אַן אויסערארדנטלעכן צוזאַמענפאָר. איך האָב דאַן קאַטעגאָריש געמאָלדן צוזאַמען מיט מיינע קאָלעגן־באָלשעוויקעס, אַז דער קלענסטער פּרואוו צו פאַרקלענערן יענעם מינימום אַווטאָנאָמיע און רעכט פון דער אָפּאָזיציע, וועלכן עס האָט אנערקענט אין סטאַטוט דער פּראַקציאָנעלער 3־טער צוזאַמענפאָר, וועט באַטייטן אַן אומפאַרמיידלעכע צעשפּאַלטונג. איצט הענגט עס אָפּ פון אייך, כאַווײַרים־מענשעוויקעס: ווילט איר איינהיטן די לאָיאַליטעט, ווילט איר איינהיטן אַלע רעכט פון דער מינדערהייט, אַלע רעכט פון דער אָפּאָזיציע*, דאַן וואַרפן מיר זיך אונטער, פירן מיר אַריין אונזערע מיינונגס־גענאָסן אין צ"ק און מיר פאַרורטיילן די צעשפּאַלטונג. ווילט איר עס ניט — דאַן איז די צעשפּאַלטונג אומפאַרמיידלעך.

די מענשעוויקעס זיינען איינגעגאַנגען אַף אַראָפּצולאָזן פון 2 דריטל ביז אַ האַלב. דער סטאַטוט איז דורך איינשטימיק: סאַי דער § 1, סאַי דער פּרינציפּ פון דעמאָקראַטישן צענטראַליזם. מיינונגס־פאַרשיידנהייטן האָבן אַרויסגערופן בלויז צוויי פונקטן.

ערשטנס, האָבן מיר פאָרגעלייגט אַריינצושטעלן אַ באַמערקונג צום § 1 אין דעם זין, אַז מיטגלידער פון דער פאַרטיי, וואָס בייטן זייער וואוינונגס־אָרט, האָבן דאָס רעכט אַריינצוגיין אין די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס פון דער פאַרטיי.

דידאָזיקע באַמערקונג האָט געהאַט די באַדייטונג צו מאַכן פאַר אומעגלעך קליינלעכע מאַכלויקעס און צאַנקערייען, דאָס אַרויסוואַרפן פון אָרגאַניזאַציע די אַנדערש־דענקענדיקע, דעם אָפּזאָגן זיך פון די מענשעוויקעס צו דערלאָזן די באָלשעוויקעס און פאַרקערט. די פאַרטיי וואַקסט. זי ווערט אַ ברייטע פאַרטיי. מע דאַרף מאַכן אַ סאָף מיטן קאַמף פאַר ערטער. אַלע איינריכטונגען פון דער פאַרטיי זיינען געוויילטע. אין די נידעריקסטע אָרגאַניזאַציעס אָבער דאַרף דער אַריינגאַנג זיין פולקום פריי פאַר אַלע מיטגלידער פון דער פאַרטיי. בלויז דאַן וועט דער אידייאישער קאַמף ניט פאַרשמוצט ווערן דורך אָרגאַניזאַציאָנעלער צאַנקעריי.

די מענשעוויקעס האָבן, ניט געקוקט אַף אונזער פאָדערונג, אָפּגעוואָרפן דידאָזיקע באַמערקונג. נאָר אַלס באַווייז פון זייערע לאָיאַלע קאַוואָנעס האָבן זיי איינגעשטימט אָנצונעמען אַ רעזאָלוציע: „דער צוזאַמענפאָר וואַרפט אָפּ דידאָזיקע באַמערקונג נאָר דערפאַר, ווייל ער רעכנט זי

* איך דאַרף דערמאָנען, אַז אין מיין בראָשור: „די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און די מעלוכע דומע" (צוזאַמען מיט דאַנס אַרטיקל) האָב איך פאַרן צוזאַמענפאָר אָנגעוויזן אַף דער נויטיקייט צו זיכערן דער ריכטונג, וואָס איז געבליבן אין דער מינדערהייט, די פרייהייט צו קריטיקירן די באַשלוסן פון צוזאַמענפאָר און די פרייהייט צו אַגיטירן פאַר אַ נייעם צוזאַמענפאָר.

לענינס באַמערקונג

פאַר איבעריק און פאַר אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע״ (איך ציטיר אַפן קאָפ, ווייל דער טעקסט פון דערדאָזיקער רעזאָלוציע איז אין מיינע נאָטיצן ניט פאַראַן). אַט די רעזאָלוציע איז זייער וויכטיק צו האָבן אין אַכט בײַ פאַרשיידענע מעגלעכע שטרייטן און אָרגאַניזאַציאָנעלע רייבונגען.

דער צווייטער פונקט פון די מיינונגס-פאַרשיידנהייטן איז געווען בעצוגייע די פאַרהעלטענישן פון צ״ק און צ״אָ. די מענשעוויקעס האָבן דורכגעפירט, אַז דער צ״אָ ווערט געוויילט אַפן צוזאַמענפאָר און אַז דער צ״אָ גייט אַריין אין באַשטאַנד פון צ״ק אין די פראַגן פון פאָליטיק (ניט קיין קלאָרער פונקט, וועלכער וועט, מיסטאָמע, אַרויסרופן מיספאַרשטייענישן). די באָלשעוויקעס האָבן זיך באַרופן אַף דער טרויעריקער דערפאַרונג פון די ליטעראַרישע צוזאַמענשטויסן אין דער רוסישער און אין דער דייטשישער פאַרטייען* און זיינען געשטאַנען דערפאַר, אַז די רעדאַקציע פון צ״אָ זאָל באַשטימט ווערן דורכן צ״ק און דער צ״ק זאָל האָבן רעכט אומצובייטן די רעדאַקציע. דער באַשלוס פון די מענשעוויקעס באַווייזט, לויט מיין מיינונג, בליזאָפעק, אַז אין דעם רעכטן פליגל פון אונזער פאַרטיי איז פאַראַן אַן אומנאָרמאַלקייט סאַי אין די באַציאונגען צווישן די ליטעראַטאָרן, פון איין זייט, סאַי צווישן די פראַקטיש-פאָליטישע אָנפירער, פון דער אַנדערער זייט.

אַלס אַ קאָמישן פאַל, דאַרף מען נאָך באַצייכענען דאָס, וואָס די מענשעוויקעס האָבן אָנגענומען אַפן צוזאַמענפאָר אַ באַשטעטיקונג פון דער רעזאָלוציע פון דעם אַמסטערדאַמער אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס וועגן דער באַציאונג צו בורזשואַזע פאַרטייען. אין דער געשיכטע פון אונזערע ס.-ד. צוזאַמענפאָרן וועט דערדאָזיקער באַשלוס אַריין דאַפקע ווי אַ קאָמישער. אינדערעמעסן, זיינען דען ניט אַלע באַשלוסן פון די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן אָבליגאַטאָריש פאַר די ס.-ד. פאַרטייען פון אַלע לענדער? וואָס פאַר אַ זין האָט דען אויסצוטיילן און צו באַשטעטיקן איינעם פון אַזעלכע באַשלוסן? וואו און ווען איז עס געהערט געוואָרן, אַז נאַציאָנאַלע ס.-ד. פאַרטייען, אַנשטאַט צו לייזן די פראַגע וועגן דער באַציאונג צו דער אָדער יענער בורזשואַזער פאַרטיי פון זייער לאַנד, זאָלן זיך באַרופן אַף דער פאַר אַלע לענדער גילטיקער באַציאונג צו אַלע בורזשואַזע פאַרטייען ביכלאַל? פאַרן צוזאַמענפאָר האָבן סאַי די באָלשעוויקעס, סאַי די מענשעוויקעס צוגעגרייט פראָעקטן פון רעזאָלוציעס וועגן דער באַציאונג צו די בורזשואַזע פאַרטייען אין רוס-

---

* ניט לאַנג איז געווען אַ „געשיכטע״ מיט זעקס רעדאַקטאָרן פון „פאָרווערטס״, וואָס האָבן אויפגעהויבן אַ סקאַנדאַל דערפאַר, וואָס זיי זיינען אַראָפגעזעצט געוואָרן דורך דער צענטראַל-פאַרוואַלטונג פון דער דייטשישער ס.-ד. פאַרטיי.

לענינס אָנמערקונג

ל א נ ד ש נ א ם 1906 פון קריסטוסעס געבורט. אויב אפן צוזאמענפאר איז קיין צייט ניט געבליבן פאנאנדערצוקלייבן דידאזיקע פראגע, האט מען זי געדארפט פאשעט אפלייגן. אויסקלייבן אבער אזא „מיטל“-וועג: די פראגע וועגן די רוסישע פארטייען ניט באהאנדלען, און דעם אינטערנאציאנאלן באשלוס פון דער אלגעמיינער פראגע באשטעטיקן, דאס האט באטייט בלויז באווייזן פאר דער גאנצער וועלט די אייגענע פארלארנקייט. דאס הייסט, מיר ווייסן ניט, ווי מיט אונזער אייגענעם סייכל צו לייזן די פראגע וועגן די רוסישע פארטייען, ווען מיר כאטש איבערכאזערן דעם אינטערנאציאנאלן באשלוס! דאס איז געווען די סאמע ניט געלונגענע פארם פאר לאזן די פראגע אפן, א פארם, וועלכע קאן נאר ארויסרופן כויזעק.

און די פראגע איז א העכסט וויכטיקע. די פראעקטן פון די אנטשפרעכנדיקע רעזאלוציעס פון דער מערהייט און פון דער מינדערהייט וועט דער לעזער געפינען אין דער ביילאגע. מיר לייגן פאר יענע, וואס אינטערעסירן זיך מיט דערדאזיקער פראגע (און וועלכן פראקטיקער, אגיטאטאר אדער פראפאגאנדיסט קאן ניט אינטערעסירן דידאזיקע פראגע?) צו פארגלייכן פון צייט צו צייט דידאזיקע פראעקטן מיט די „לעקציעס פון דער רעוואלוציע“, ד. ה. מיט יענע פאליטישע פאקטן פון דעם לעבן פון די פארטייען, וועלכע עס גיט איצט אזויפיל דאס רוסישע לעבן. ווער עס וועט וועלן דורכפירן אזא מין פארגלייכונג, דער וועט זעען, אז די רעוואלוציע באשטעטיקט אלץ מער און מער אונזער אפשאצונג פון די 2 הויפטריכטונגען אין דער בורזשואזער דעמאקראטיע: די ליבעראל-מאנארכיסטישע (הויפטזאכלעך די קאדעטן) און די רעוואלוציאנער-דעמאקראטישע.

די מענשעוויסטישע רעזאלוציע אבער טראגט אף זיך בולעטע שפורן גראד פון יענער הילפסלאזיקייט און פארלארנקייט, וועלכע האבן געבראכט אפן צוזאמענפאר צום קאמישן אויסגאנג: באשטעטיקן דעם אינטערנאציאנאלן באשלוס. די מענשעוויסטישע רעזאלוציע באשטייט בלויז פון אלגעמיינע פראזן, אן יעדן פרואוו צו לייזן (אדער אנצומערקן די לייזונג) די קאנקרעטע פראגן פון דער רוסישער פאליטישער ווירקלעכקייט. מע דארף קריטיקירן אלע פארטייען, זאגט דידאזיקע פארלארנקייט-רעזאלוציע, מע דארף זיי דעמאסקירן, מע דארף אנערקענען, אז עס זיינען ניטא קיין פולקום קאנזעקווענטע דעמאקראטישע פארטייען. אבער ווי ד ע ה א י נ ע דארף מען „קריטיקירן“ און דעמאסקירן די פ א ר ש י י ד ע נ ע בורזשואזע פארטייען פון רוסלאנד אדער די פארשיידענע טיפן פון דידאזיקע פארטייען, — דאס ווייס די רעזאלוציע ניט. זי זאגט, אז מע דארף „קריטיקירן“, נאר זי ק א ן נ י ט קריטיקירן, ווייל די מארקסיסטישע קריטיק פון בורזשואזע פארטייען באשטייט נעמלעך אין דעם ק א נ ק ר ע ט ן אנאליז פון דעם אדער יענעם ק ל א ס ן-באזיס פון די פארשיידענע בורזשואזע פארטייען. די רעזאלוציע זאגט הילפסלאז; עס איז ניטא קיין פולקום קאנזעקווענטע

דעמאָקראַטישע פֿאַרטייען, — און זי קאָן ניט באַשטימען יענע פֿאַרשיידנהייטן אין דער קאָנזעקווענטקייט פֿון די רוסישע בורזשואַז־דעמאָקראַטישע פֿאַרטייען, וועלכע האָבן זיך שוין אַרויסגעוויזן אָדער וועלכע וועלן זיך אַרויס אין לויף פֿון אונזער רעוואָלוציע. הינטער די הוילע פֿראַזן, הינטער די אַלגעמיינע שטעלן פֿון דער מענשעוויסטישער רעזאָלוציע זיינען אַנטרונען געוואָרן אַפֿילע די גרענעצן פֿון די דריי הויפּט־טיפּן פֿון אונזערע בורזשואַזע פֿאַרטייען: פֿון דעם טיפּ אָקטיאבריסטן, דעם טיפּ קאַדעטן, דעם טיפּ רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטן. און אָט די ס.־ד. אונזערע פֿון רעכטן פֿליגל, וועלכע זיינען קאָמיש הילפֿסלאָז באַם דיסקאָנט פֿון די קלאַסן־יעסוידעס און טענדענצן פֿון די פֿאַרשיידענע פֿאַרטייען פֿונם בורזשואַזן רוסלאַנד, זיי באַשולדיקן נאָך די לינקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין „עמעסן סאָציאַליזם“, ד. ה. אין דעם, אַז זיי איגנאָרירן די היסטאָריש־קאָנקרעטע ראָלע פֿון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע! ווידער אַמאָל: דאָס איז שוין בעעמעס וואַרפֿן פֿון אַ קראַנקן קאָפּ אַף אַ געזונטן.

איך בין אַביסל אַוועק אָן אַ זייט פֿון דעם איניען. איך האָב אָבער מאַסרע געווען שוין אין אָנהויב פֿון מיין בראַשור, אַז צו מיין פֿאָרטראַג וועגן צוזאַמענפֿאָר רעכן איך צוגעבן איייניקע גערדאַנקען מעקוייעך דעם צוזאַמענפֿאָר. און איך רעכן, אַז קעדיי די פֿאַרטיי־מיטגלידער זאָלן קריטיש אָפּשאַצן דעם צוזאַמענפֿאָר איז נויטיק אַ טראַכט צו טאָן ניט בלויז וועגן דעם, וואָס דער צוזאַמענפֿאָר האָט אָפּגעטאָן, נאָר אויך וועגן דעם, וואָס דער צוזאַמענפֿאָר האָט ניט געטאָן, האַגאַם ער האָט עס געדאַרפֿט טאָן. און די נויטיקייט פֿון אַ מאַרקסיסטישן אַנאַליז פֿון די פֿאַרשיידענע בורזשואַז־דעמאָקראַטישע פֿאַרטייען פֿון רוסלאַנד אַנערקענט מיט יעדן טאָג אַלץ קלאָרער יעדער דענקענדער סאָציאַל־דעמאָקראַט.

די וואַלן זיינען דורך אַפֿן צוזאַמענפֿאָר אין עטלעכע מינוט. אַלץ האָט מען אָפּגעמאַכט, אין טאָך גערעדט, פֿאַר די אַלגעמיינע זיצונגען פֿון צוזאַמענפֿאָר. דאָס פֿינפֿלינג אין צ״אָ האָבן די מענשעוויקעס צוזאַמענגעשטעלט פֿון איינע מענשעוויקעס; אין צ״ק האָבן מיר איינגעשטימט אַריינצופֿירן 3 באַ זיבן מענשעוויקעס. ווי וועט זיין זייער לאַגע פֿון אַ מין קאָנטראָליאָרן און היטער פֿון די רעכט פֿון דער אָפּאָזיציע, דאָס וועט באַווייזן די צוקונפֿט.

## VIII

## די סאכאקלען פון דעם צוזאמענפאר

וואַרפֿנדיק אַן אַלגעמיינעם בליק בלויז אַף דער אַרבעט פֿון דעם צוזאַמענפֿאָר און אַף דער לאַגע פֿון אונזער פֿאַרטיי, וואָס האָט זיך געשאַפֿן אין רעזולטאַט פֿון דער אַרבעט פֿון דעם צוזאַמענפֿאָר, קומען מיר צו פֿאָלגנדיקע הויפּט־אויספֿירן.

א גרויסער פראקטישער אויפטו פונם צוזאמענפאר איז די אנגעצייכנטע (טיילווייז שוין דורכגעפירטע) צונויפגיסונג מיט די נאציאנאלע ס.־ד. פארטייען. דידאזיקע צונויפגעסונג פארשטארקט די רוסלענדישע ס.־ד. א.־פארטיי. זי וועט העלפן אויסראטן די לעצטע שפורן פון קרייזלעריי, זי וועט אריינטראגן א נייעם שטראם אין דער ארבעט פון דער פארטיי. זי וועט אין א קאלאסאלער מאס פארשטארקן די קראפט פון דעם פראלעטאריאט פון אלע פעלקער פון רוסלאנד.

א גרויסער פראקטישער אויפטו איז די צונויפגיסונג פון די פראקציעס פון דער מינדערהייט און פון דער מערהייט. די צעשפאלטונג האט זיך געענדיקט. דער ס־ד פראלעטאריאט און זיין פארטיי דארפן זיין איינינק. די ארגאניזאציאנעלע מיינונגס־פארשיידנהייטן זיינען אינגאנצן אויסגעלעבט. עס בלייבט א וויכטיקע, ערנסטע און העכסט פאראנטווארטלעכע אויפגאבע: דורכפירן ווירקלעך אין לעבן די פרינציפן פון דעמאקראטישן צענטראליזם אין דער ארגאניזאציע פון דער פארטיי, דערשלאגן זיך דורך הארטנעקיגער ארבעט, אז די אונטערשטע ארגאניזאציעס זאלן ווערן אינדערעמעסן, און ניט אפן ווארט, גרונטלעכע ארגאניזאציאנעלע קעמערלעך פון דער פארטיי; דערשלאגן זיך, אז אלע העכערע איינריכטונגען זאלן זיין ווירקלעך געוויילטע, זיי זאלן ווירקלעך אפגעבן דינוועכעשבן און זאלן קאנען אפגעביטן ווערן. דורך הארטנעקיגער ארבעט דארף מען אויפבויען אזא ארגאניזאציע, וואס זאל איינשליסן אלע באוואוסטזיניקע ארבעטער ס.־ד. און וואס זאל לעבן מיט א זעלבשטענדיקן פאליטישן לעבן. די אווטאנאמיע פון יעדער פארטיי־ארגאניזאציע, וואס איז ביז איצט אנערקענט מער אפן פאפיר, דארף מען דורכפירן, און זי דארף זיין דורכגעפירט אין לעבן. דעם קאמף פאר ערטער, די מורע פאר אן אנדער „פראקציע" דארף מען באזייטיקן. זאלן אינדערעמעסן זיין בא אונז איינהייטלעכע ארגאניזאציעס פון דער פארטיי מיט א ריין אידייאישן קאמף פון פארשיידענע ריכטונגען פון דעם ס.־ד. געדאנק אינעווייניק אין זיי. דאס איז נאך ניט לייכט צו דערשלאגן זיך, דאס וועלן מיר זיך דערשלאגן ניט מיטאמאל. נאר דער וועג איז אנגעצייכנט, די פרינציפן זיינען דעקלארירט, און מיר דארפן דערשלאגן זיך די פולע און קאנזעקווענטע פארווירקלעכונג פון דעמדאזיקן ארגאניזאציאנעלן אידעאל.

פאר א גרויס אידייאיש ווערק פון צוזאמענפאר האלטן מיר די קלארערע און באשטימטערע פאנאנדערגרענעצונג פון רעכטן און לינקן פליגל פון דער סאציאל־דעמאקראטיע. סאי דער, סאי יענער פליגל זיינען פאראן אין אלע ס.־ד. פארטייען פון אייראפע, — זיי האבן זיך שוין לאנג אנגעמערקט אויך בא אונז. א מער בוילעטע פאנאנדערגרענעצונג זייערע, א מער קלארע באשטימונג פון דעם, פאר וואס עס פירן זיך די שטרייטן, איז נויטיק אין די אינטערעסן פון דער געזונטער אנטוויקלונג פון דער פאר־

טיי, אין די אינטערעסן פון דער פּאָליטישער דערציאונג פון דעם פּראָלע־טאַריאַט, אין די אינטערעסן פון אָפּהאַקן פון דער ס.־ד. פּאַרטיי יעדע צו גרויסע אָפּנויגונגען פונם ריכטיקן וועג.

דער פאַרייניקונגס־צוזאַמענפאָר האָט געגעבן אַ מאַסע זאַכלעכן, דאָקומענטאַלן מאַטעריאַל אָפּ צו באַשטימען, גענוי און אומבאַשטרייטבאַר צו באַשטימען, אין וואָס מיר זיינען איינשטימיק און אין וואָס מיר גייען זיך פאַנאַנדער, אָפּ וויפל נעמלעך מיר גייען זיך פאַנאַנדער. מע דאַרף דורכלערנען אָט דעם דאָקומענטאַלן מאַטעריאַל, מע דאַרף וויסן די פאַקטן, וואָס באַווייזן גענוי דעם אינהאַלט און דעם פאַרנעם פון די מיי־נונגס־פאַרשיידנהייטן, מע דאַרף זיך אָפּגעוואוינען פון דער אַלטער קרייזל־שער געוואוינהייט — אונטערצוטראָגן אויסגעשרייען, שרעקלעכע ווער־טער, דראָענדיקע באַשולדיקונגען אנשטאָט אַ זאַכלעכן אַנאַליז פון אַזעל־כע און אַזעלכע מיינונג־פאַרשיידנהייטן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן אין דער און אין דער פראַגע. און מיר האַלטן פאַר נויטיק צו ברענגען אין דער ביילאַגע צו דערדאָזיקער בראָשור אַ וואָס מער אויספירלעכן דאָקו־מענטאַלן מאַטעריאַל, וואָס געהערט דעם פאַרייניקונגס־צוזאַמענפאָר, קעדיי די מיטגליהער פון דער פאַרטיי זאָלן קאָנען ווירקלעך זעלבשטענדיק שטודירן די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, און ניט איבערכאַזערן אָפּ נעמאָנעס איבערגענומענע טראַפאַרעטע ווערטלעך. ער איז, פאַרשטייט זיך, טרוקן, אָט דער דאָקומענטאַלער מאַטעריאַל. ניט בּאַ יעדן וועט כאַפּן אויפמערק־זאַמקייט און געדולד צו לייענען די פּראָעקטן פון די רעזאָלוציעס, פאַר־גלייכן זיי מיט די אָנגענומענע רעזאָלוציעס, באַטראַכטן די באַדייטונג פון די פאַרשיידענע פאָרמולירונגען פון יעדן פונקט, פון יעדער פראַזע. נאָר אָן אַזאַ ערנסטער אַרבעט איז אומעגלעך אַ באַוואוסטזיניקע באַציאונג צו די באַשלוסן פון צוזאַמענפאָר.

איז אָט, מאַכנדיק אַ סאַכאַקל פון דעם, וואָס איך האָב אויבן געזאָגט וועגן די שטרייטן אָפּן צוזאַמענפאָר, מאַכנדיק אַ סאַכאַקל פון די פאַר־שיידענע טענדענצן פון די פּראָעקטן פון רעזאָלוציעס, וואָס זיינען ניט באַהאַנדלט געוואָרן (אָדער וואָס זיינען אָפּגעלייגט געוואָרן) פון דעם צו־זאַמענפאָר, קום איך צום אויספיר, אַז דער צוזאַמענפאָר האָט אַסאַך מיט־געהאָלפן דער מער בוילעטער פאַנאַנדערגרענעצונג פון דעם רעכטן און לינקן פליגל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

אונזער רעכטער פליגל גלויבט ניט אין דעם פולן זיג פון דער איצ־טיקער, ד. ה. פון דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער, רעוואָלוציע אין רוס־לאַנד, ער האָט מוירע פאַר דעמדאָזיקן זיג, ער שטעלט ניט אַרויס פאַרן פאָלק אַנטשלאָסן און באַשטימט דעם לאָזונג פון דעמדאָזיקן זיג. ער טרעט שטענדיק אָפּ צו דעם אין גרונט ניט ריכטיקן געדאַנק, וואָס וואולגאַריזירט דעם מאַרקסיזם, אַז די בורזשואַזע רעוואָלוציע קאָן קלוימערשט „מאַכן“

זעלבשטענדיק בלויז די בורזשואַזיע אָדער אַז מיט דער בורזשואַזער רע־וואָלוציע דאַרף אָנפירן בלויז די בורזשואַזיע. די ראָלע פון דעם פּראָלעטאַ־ריאַט, אַלס דעם פאָרגעשריטענעם קעמפער פאַר דעם פולן און אַנטשיי־דענעם זיג פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע, איז ניט קלאָר דעם רעכטן פליגל פון דער ס.־ד.

ער שטעלט אַרויס, לעמאַשל, — לעכאַלאַפּאַכעס אין די רעדעס פון אייניקע זיינע צוזאַמענפאַר־רעדנער, — דעם לאָזונג פון אַ פּ וי ע ר ש ע ר ר ע וו אָ ל ו צ י ע, נאָר ער פירט ניט דורך דעמדאָזיקן לאָזונג קאָנזעקווענט. ער פאָרמולירט ניט אין דער פּראָגראַם קיין קלאָרן רעוואָלוציאָנערן וועג פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע אין פאָלק (פ אַ ר כ אַ פ ן די ערד דורך די רעוואָלוציאָנערע פּויערשע קאָמיטעטן ב י ז דער אַלפאָלקישער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג). ער האָט מוירע אויסצודריקן אין דער פּראָגראַם פון דער פּויערשער רעוואָלוציע די אידייע פון פאַרכאַפּן די מאַכט דורכן רעוואָלוציאָנערן פּויערטום. טראָץ דער האַפּטאָכע פון דעם רעכטן פליגל, דערהפירט ער ניט גראַד צו אַ „לאָגישן" סאָף די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע איבערקערעניש אין דער לאַנדאַרבעט, ווייל אַזאַ „לאָגישער" (און „עקאָ־נאָמישער") סאָף באַם קאַפּיטאַליזם איז בלויז די נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד, אַלס פאַרניכטונג פון דער אַבסאָלוטער רענטע. ער טראַכט אויס עפּעס אַ זייער קינסטלעכע מיטעלע ליניע, מיט אַ נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד, וואָס איז פאַנאַנדערגעביטן אַף אָרטיקע קרייזן, מיט דעמאָקראַ־טישע זעמסטוועס באַ אַ ניטדעמאָקראַטישער צענטראַלער מאַכט. ער שרעקט דעם פּראָלעטאַריאַט מיטן געשפּענסט פון רעסטאַווראַציע, ניט באַמערקנדיק, אַז ער כאַפּט זיך פאַר דאָס פּאָליטישע געווער פון דער בור־זשואַזיע קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט, אַז ער גיסט וואַסער אַף דער מיל פון דער מאָנאַרכיסטישער בורזשואַזיע.

און אין זייער גאַנצער טאַקטישער ליניע שאַצן איבער אונזערע ס.־ד. פון רעכטן פליגל די באַדייטונג און די ראָלע פון דער אומפּעסטער, וואַקלדיקער מאָנאַרכיסטישער ליבעראַלער בורזשואַזיע (קאַדעטן א. ד. גל.) און דערשאַצן ניט די באַדייטונג פון דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע (דער „פּויערשער פאַרבאַנד", די „טרודאָוואיא גרופּע" אין דער דומע, די עסערן, די פּילצאָליקע האַלב־פּאָליטישע, האַלב־פּראָפעסיאָ־נעלע אָרגאַניזאַציעס און אַז. וו.). אַט די איבערשאַצונג פון די קאַדעטן און די ניטדערשאַצונג פון די רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטישע „אונטערשטע" שיכטן איז אַפּן ענגסטן אויפן פאַרבונדן מיטן אויבן אָנגעוויזענעם פאַלשן קוק אַף דער בורזשואַזער רעוואָלוציע. אונזערע ס.־ד. פונם רעכטן פליגל פאַרבלענדעט פון דעם פאַלשן דערפאָלג פון די קאַדעטן, זייערע הויכע „פּאַרלאַמענטאַרישע" זיגן, זייער עפעקטע „קאָנסטיטוציאָנעלע" אַרויסטרע־טונגען, לאָזנדיק אָפּנאַרן זיך דורך דער פּאָליטיק פון דער מינוט, פאַרגעסן

זיי יענע קרעפטן, וועלכע „טומלען" וויניקער אַף דער אויבערפלאַך פון דעם „קאָנסטיטוציאָנאַליזם", וואָס איז דערלויבט דורך טרעפּאָוון און דובאַסאָוון. קרעפטן, וועלכע טוען אָבער אַ טיפערע, האַגאַם אַ וויניקער אָנגעזעענע אַרבעט אין די רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע אונטערשטע שיכטן, צוגרייטנדיק קאָנפליקטן פון ניט גאָר אַ פּאַרלאַמענטאַרישן כאַראַקטער.

דערפון שטאַמט טאַקע די סקעפּטישע (ווייך גערעדט) באַציאונג פון אונזערע ס.-ד. פון רעכטן פליגל צום אויפשטאַנד, דערפון שטאַמט טאַקע די שטרעבונג אָפּצוטרייסלען זיך פון דער דערפאַרונג פון אָקטיאַבר און דעקאַבר, פון די דעמאָלט אויסגעאַרבעטע קאַמפּס-פאָרמען. דערפון שטאַמט זייער אומאַנטשלאָסנקייט און פּאַסיווקייט אין דעם קאַמף מיט די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס, — אַ קאַמף, וועלכן עס רוקט אַרויס אַפן ערשטן פּלאַן יעדער ווירקלעך רעוואָלוציאָנערער מאָמענט. דערפון שטאַמט זייער ניט פאַרשטיין די היסטאָרישע ראָלע פון באָיקאָט פון דער דומע. זייער שטרעבונג אָפּצופּאַטערן זיך מיט דער הילף פונם טשאַקעדיקן ווערטל „אַנאַרכיזם" פון דיסקאָנטירן די קאָנקרעטע באַדינגונגען פון דער באַוועגונג אין אַ באַשטימטן מאָמענט*, דערפון שטאַמט די באַזונדערע געאײַלטקייט אַרייַנצוגיין אין אַ קוואַזי-קאָנסטיטוציאָנעלער אייַנריכטונג, דערפון

* איך האָב נאָר וואָס באַקומען אַ נייע בראָשור קאַרל קאַוטסקיס „די מעלוכע דומע". ווי הימל פון דער ערד אונטערשיידט זיך זייַן שטעלן די פראַגע וועגן באָיקאָט פון דעם, ווי עס שטעלן זי די מענשעוויקעס. אונזערע אויך-מיר-סאָציאַל-דעמאָקראַטן, אַ ליאַ ניעגאָריעוו פון דער „נעווער צייטונג" בראַקן פּאָשעט: באָיקאָט איז אַנאַרכיזם! קאַוטסקי אָבער קלייַבט פּאַנאַנדער די קאָנקרעטע באַדינגונגען און שרייַבט: „באַ אַזעלכע באַדינגונגען איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס די מערהייט פון אונזערע רוסישע כאַווײרים האָבן אייַנגעזעען אין דומע, וועלכע ווערט אַף אַזאַ אויפן צונויפגעבראַכט, ניט קיין אַנדער זאַך, אַלס די עמפּערנדיקסטע פּאַלסיפיקאַציע פון דער פאָלקס-פאַרטרעטונג, און האָבן באַשלאָסן זי צו באָיקאָטירן"...

„עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, אויב די מערהייט פון אונזערע רוסישע כאַווײרים האָט אַנשטאָט אַרייַנצוטרעטן אין דער וואַל-קאַמפּאַניע, קעדיי דערנאָך אַרייַנצופאַלן אין דומע, געהאַלטן פאַר צוועקמעסיקער צו קעמפן מיטן ציל אַראָפּצוּוואַרפן די דאָזיקע דומע און דערשלאָגן זיך אַ גרינדונגס-פאַרזאַמלונג".

ווי ס'וואָלט זיך אונז ווען, אַז עס זאָלן וואָס גיכער דערשייַנען די אַלגעמיינע פראַזן אַקסעלראָדס וועגן דעם נוצן פון פּאַרלאַמענטאַריזם און דער שעדלעכקייט פון אַנאַרכיזם, — זיי זאָלן דערשייַנען אַלס פּאַראַלעל צו דער דאָזיקער היסטאָריש-קאָנקרעטער אָפּשאַצונג קאַוטסקיס!

אַגעוו. אָט ווי קאַוטסקי רעדט וועגן דעם זיג פון דער רעוואָלוציע אין דער זעלביקער בראָשור זייַנער: „די פּויערים און דער פּראָלעטאַריאַט וועלן אַלץ ענערגישער און אַלץ מער אָן צערעמאָניעס שטויסן אַף לינקס די מיטגלידער פון דער דומע..." (אַ „הוילע דעמאַסקירונג פון די קאַדעטן", לויט דעם פאַראַכטונגס אויסדריק פון דער „נעווער צייטונג")... „זיי וועלן אַלץ מער אָפּשוואַכן און פאַראַליזירן זייערע קעגנער, ביז זיי וועלן זיי אײַנגאַנצן באַזיגן", הייסט עס, די פּויערים און דער פּראָלעטאַריאַט וועלן באַזיגן „זיי", ד. ה. סאַ די רעגירונג, סאַי די ליבעראַלע בורזשואַזיע. אַרעמער קאַוטסקי! ער פאַרשטייט ניט, אַז די בורזשואַזע רעוואָלוציע קאָן מאַכן בלויז די בורזשואַזיע. ער פאַלט אַרייַן אין „בלאַנקיסטישע" אָפּיקאָרסעס: דער זיג („דיקטאַטור") פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום.

לעניִנס אָנמערקונג

שטאַמט די איבערשאַצונג פון דער פּאָזיטיווער ראָלע פון הערדאָזיקער איינריכטונג.

מיט אָט די טענדענצן פון דעם רעכטן פליגל פון אונזערע ס.־ד. דאַרפן מיר פירן אַ סאַמען אַנטשיידענעם, אָפענעם און אומראַכמאָנעסדיקן אידייאישן קאַמף. מע דאַרף זיך דערשלאָגן אַ ברייטסטע באַהאַנדלונג פון די באַשלוסן פון דעם צוזאַמענפאָר, מע דאַרף פאָדערן פון אַלע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי אַ פולקום באַוואוסטזיניקע און קריטישע באַציאונג צו דידאָזיקע באַשלוסן. מע דאַרף זיך דערשלאָגן, אַז אַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס זאָלן באַ אַ פולער באַקענטשאַפט מיט דעם איניען אַרויסזאָגן זייער צושטימונג אָדער זייער ניטצושטימונג צו די אָדער יענע באַשלוסן. אין דער פּרעסע, אַף פאַרזאַמלונגען, אין קרייזלעך און גרופן דאַרף זיך פירן דידאָזיקע באַהאַנדלונג, אויב מיר האָבן נאָר ווירקלעך ערנסט באַשלאָסן דורכצופירן דעם דעמאָקראַטישן צענטראַליזם אין אונזער פּאַרטיי, אויב מיר האָבן באַשלאָסן אַריינציען די אַרבעטער־מאַסן צו אַ באַוואוסטזיניקן אַנטשיידן די פּאַרטיי־פראַגן.

נאָר אין אַן איינהייטלעכער פּאַרטיי דאַרף דערדאָזיקער אידייאישער קאַמף ניט פאַנאַנדערשפּאַלטן די אָרגאַניזאַציע, ער דאַרף ניט שטערן דער האַנדלונגס־איינינקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט. דאָס איז נאָך אַ נייער פּרינציפּ אין דער פּראַקטיק פון אונזער פּאַרטיי, און אַף זיין ריכטיקער דורכפירונג אין לעבן וועט אויסקומען ניט ווייניק נאָך צו אַרבעטן.

די פרייהייט פון באַהאַנדלונג, די איינינקייט פון טאַט — אָט וואָס מיר דאַרפן זיך דערשלאָגן. און די באַשלוסן פון דעם פאַראייניקונגס־צוזאַמענפאָר לאָזן גענוג פרייהייט אַלע ס.־ד. אין דערדאָזיקער הינזיכט. צו פּראַקטישע טאַטן אין דעם גייסט פון „מוניציפּאַליזאַציע“ איז נאָך ניט גאָר נאָענט, און אין דער שטיצע פון די רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פון דעם פּויערטום, אין דער קריטיק פון די קליינבירגערלעכע אוטאָפּיעס זיינען אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטן איינשטימיק צווישן זיך. מיר דאַרפן, אַף אַזאַ אויפן, אורטיילן איבער דער מוניציפּאַליזאַציע און פאַרורטיילן זי, ניט מוירע האָבנדיק צו שטערן די האַנדלונגס־איינהייטלעכקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

בענוגייע דער דומע האַלט עס אַביסל אַנדערש. באַ די וואַלן איז אָ ב ל י ג אַ ט אָ ר י ש אַ פולקומע האַנדלונגס־איינהייטלעכקייט. דער צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן, — וועלן מיר ווילן אַ ל ע, וואו עס שטייען פאָר וואַלן. בעאַיים די וואַלן דאַרף קיין שום קריטיק פון דעם אנטייל אין די וואַלן ניט זיין. די ה אַ נ ד ל ו נ ג פון דעם פּראָלעטאַריאַט דאַרף זיין איינינק. די פּראַקציע פון די ס.־ד. אין דער דומע, ווען עס וועט זיין אַזאַ פּראַקציע, וועלן מיר אַלע און אַלעמאָל אנערקענען פאַר א ו נ ז ע ר פּאַרטייאישער פּראַקציע.

נאָר הינטער די גרענעצן פון האַנדלונגס-אייניקייט — די ברייטסטע און פרייסטע באַהאַנדלונג און פאַרורטיילונג פון יענע שריט, באַשלוסן און מעטנדענצן, וועלכע מיר האַלטן פאַר שעדלעך. בלויז אין אַזעלכע באַהאַנדלונגען, רעזאָלוציעס, פּראָטעסטן, קאָן אויסגעאַרבעט ווערן די ווירקלעכע געזעלשאַפטלעכע מיינונג פון אונזער פּאַרטיי. בלויז בא אַזא תּנאַי וועט עס זיין אַ ווירקלעכע פּאַרטיי, וואָס קאָן אַ ל ע מ אָ ל מעלדן איר מיינונג און וואָס געפינט ריכטיקע וועגן אַף צו פאַרוואַנדלען די אויסגעפאָרמירטע מ י י נ ו נ ג א י ן ב אַ ש ל ו ס ן פון אַ נייעם צוזאַמענפאָר.

נעמט די דריטע רעזאָלוציע, וואָס האָט אַרויסגערופן מיינונגס-פאַרשיידנהייטן — וועגן אויפשטאַנד. דאָ איז די האַנדלונגס-אייניקייט אין מאָמענט פון קאַמף אומבאַדינגט נויטיק. ק י י ן ש ו ם קריטיק בעאיים אַזא היציקן קאַמף איז ניט דערלאָזבאַר אין דער אַרמיי פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס שטרענגט אָן אַלע זיינע קויכעס. קאַלזמאַן עס איז נאָך ניטאָ קיין רוף צו טאַט, — די ברייטסטע און פרייסטע באַהאַנדלונג און אָפּשאַצונג פון דער רעזאָלוציע, פון אירע מאָטיוון און פון אירע באַזונדערע האַנאַכעס.

הייסט עס, דאָס טעטיקייטס-פעלד איז זייער ברייט. די רעזאָלוציעס פון צוזאַמענפאָר גיבן אַ גרויסע הארכאָווע. וואָס פאַר אַ אילוזיעס פון קוואזי-קאָנסטיטוציאָנאַליזם עס זאָלן ניט זיין, — מיט וואָס פאַר אַ גוזמאַ-עס איבער דער „פּאָזיטיווער" ראָלע פון דער דומע עס זאָל זיך ניט פאַר-נעמען דער אָדער יענער, — וועלכע צורופן צו מעסיקייט און אַקוראַט-קייט עס זאָלן ניט זיין מיצאַד די עקסט רעכטע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, — בא אונז אין די הענט איז דאָ אַ שטאַרקסטע געווער קעגן זיי. דאָסדאָזיקע געווער — איז דער ערשטער פונקט פון דער צוזאַמענפאָר-רעזאָלוציע וועגן אויפשטאַנד.

דער פאַראייניקונגס-צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי האָט אָנערקענט פאַר דער אומיטל-באַרער אויפגאַבע פון דער באַוועגונג — אַ ר ו י ס ר י י ס ן ד י מ אַ כ ט פון די הענט פון דער זעלבסטהערשנדיקער רעגירונג. יעדערער, ווער עס וועט פאַרגעסן וועגן דערדאָזיקער אומיטלבאַרער אויפגאַבע, ווער עס וועט זי אָפּרוקן אין הינטער-גרונט, — וועט אויוועט זיין אַף דעם ווילן פון דעם צוזאַמענפאָר, און מיר וועלן קעמפן מיט אַזעלכע באַשלוס-ברעכער אַפן הארבסטן אויפן.

איך כאַזער איבער: אַ הארכאָווע איז דאָ אַ גרויסע. פון אַ פאַרלאַ-מענטישער פּראָקציע ביז — דער אומיטלבאַרער אויפגאַבע אַרויסצורייסן די מאַכט. דער אידייאישער קאַמף אין דידאָזיקע ברייטע ראַמען קאָן און דאַרף גיין אָן אַ צעשפּאַלטונג, בא דער איינהיטונג פון דער האַנדלונגס-אייניקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

צו אַזא אידייאישן קאַמף רופן מיר אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וואָס ווילן ניט דערלאָזן, אַז אונזער פּאַרטיי זאָל זיך צו פיל אָפּנויגן אַף רעכטס.

# וועגן באָיקאָט

די ס.־ד. פונם לינקן פליגל דאַרפן איבערקוקן די פראַגע וועגן באָיקאָט פון דער מעלוכע־דומע. מע דאַרף געדענקען, אַז מיר האָבן אַלעמאָל גע־שטעלט דידאַזיקע פראַגע קאָנקרעט, אָפּהענגיק פון אַ באַשטימטער פּאָלי־טישער סיטואַציע. לעמאָשל, דער „פּראָלעטאַרי" נאָך (דער זשענעווער) האָט געשריבן, אַז „עס וואָלט לעכערלעך געווען צו נעמען אַף זיך אַ ניי־דער ניט אויסנוצן אַפילע די בוליגינישע דומע", — אויב זי וואָלט געקאָנט געבוירן ווערן. און מעקויעך דער ווייטעשער דומע לייענען מיר אין דער בראָשור „די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און די מעלוכע־דומע" (פון נ. לענין און פ. דאַן) אין לענינס אַרטיקל: „מיר דאַרפן אומבאַדינגט, אָפּסניי, אַף אַ זאַכלעכן אויפן, באַהאַנדלען די פראַגע וועגן טאַקטיק... די סיטואַציע איז איצט ניט יענע, וואָס בײַ דער בוליגינישער דומע".

דער הויפּט־אונטערשייד צווישן דער רעוואָלוציאָנערער און אָפּאָר־טוניסטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער פראַגע וועגן באָיקאָט איז פאָלגנדיקער. די אָפּאָרטוניסטן באַנוגענען זיך מיט אָנווענדן אין אַלע פאַלן דעם אַלגעמיינעם טראַפאַרעט, וואָס איז אַראָפּגענומען פון אַ באַזונדערן פּעריאָד פון דעם דייטשישן סאָציאַליזם. מיר דאַרפן אויסנוצן די פּאַר־טרעטונגס־איינריכטונגען, — די דומע איז אַ פּאַרטרעטונגס־איינריכטונג, — הייסט עס, באָיקאָט איז אַנאַרכיזם און מע דאַרף גיין אין דומע. מיט אַ קינדיש־פּאָשעטן סילאָגיזם פלעגן זיך אַלעמאָל אויסשעפּן אַלע בקיעס אַף דערדאָזיקער טעמע מיצאַד אונזערע מענשעוויקעס און באַזונדערס מיצאַד פּלעכאַנאָוון. די רעזאָלוציע פון די מענשעוויקעס וועגן דער באַ־דייטונג פון די פּאַרטרעטונגס־איינריכטונגען אין אַ רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע (זע נומ. 2 „פּאַרטיי־יעדיעס") באַווייזט זייער בולעט דעמדאָזיקן טראַפאַרעטן, אַנטיהיסטאָרישן כאַראַקטער פון זייערע בקיעס.

פאַרקערט, די רעוואָלוציאָנערע ס.־ד. טראָגן איבער דעם שווער־פּונקט גראָד אַף דעם אויפמערקזאַמען דיסקאָנט פון דער קאָנקרעטער פּאָ־ליטישער סיטואַציע. מע קאָן ניט אַרומכאַפּן די אויפגאַבן פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע דורך אַראָפּשרייבן פון דייטשישע טראַפאַרעטן, וואָס זיינען איינזייטיק גענומען פון דער לעצטער צייט און פאַרגעסנדיק דערביי די לעקציעס פון 1847—1848 יאָרן. מע קאָן גאָרניט פאַרשטיין אין דעם גאַנג פון אונזער רעוואָלוציע, אויב מע זאָל זיך באַגרענעצן מיט אַ הוילינקן קעגנשטעלן דעם „אַנאַרכיסטישן" באָיקאָט דעם סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישן אנטיילנעמען אין די וואַלן. לערנט זיך אָקאָרשט בײַ דער גע־שיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע, מיינע הערן!

דידאָזיקע געשיכטע האָט דערוויזן, אַז דער באָיקאָט פון דער בוליגינישער דומע איז געווען די איינציק ריכטיקע טאַקטיק, וועלכע איז

פולקום באשטעטיקט געווארן דורך די געשעענישן. ווער עס פארגעסט וועגן דעם, ווער עס רעדט וועגן באיקאט, אויסמיידנדיק די לעקציעס פון דער בוליגינישער דומע (ווי עס מיידן זיי שטענדיק אוים די מענשעוויקעס), דער גיט זיך ארוים א פולקומען דאלעס-אטעסטאט, אז ער קאן ניט דערקלערן און דיסקאנטירן איינע פון די וויכטיקסטע און רייכסטע מיט געשעענישן עפאכעס פון דער רוסישער רעוואלוציע. די טאקטיק פון באיקאט בענויגייע דער בוליגינישער דומע האט ריכטיק דיסקאנטירט סאי די שטימונג פון דעם רעוואלוציאנערן פראלעטאריאט, סאי די אביעקטיווע באזונדערהייטן פון דעם מאמענט, וואס האבן ארויסגערופן די אומפארמיידלעכקייט פון א נאענטן אלגעמיינעם אויפרייס.

לאמיר איבערגיין צו דער *צווייטער* לעקציע פון דער געשיכטע — צו דער וויטעשער קאדעטישער דומע. איצט זיינען שטארק פארשפרייט אלכעט־רעדעס פון ס.־ד. אינטעליגענטן מעקויעך דעם באיקאט פון אט דער דומע. דעם פאקט, וואס זי האט זיך צונויפגעקליבן און האט אומדירעקט, בליספעק, געדינט דער רעוואלוציע, רעכנט מען פאר גענוג, אז מע זאל זיך שלאגן אלכעט אף דעם פעלער פון באיקאט פון דער וויטעשער דומע.

נאר אזא קוק איז עקסט איינזייטיק און קורצזיכטיק. ער נעמט ניט אין אכט א גאנצע ריי פאקטן פון קאלאסאלער וויכטיקייט פון דער עפאכע פון פאר־וויטעשער דומע, בעאיים דער דומע און נאך דעם פאנאנדערלאזן זי. דערמאנט זיך, אז דער געזעץ וועגן די וואלן אין דערדאזיקער דומע איז ארוים דעם 11־טן דעקאבר, בעאיים דעם באוואפנטן קאמף פון די אויפגעשטאנענע פאר א גרינדונגס־פארזאמלונג. דערמאנט זיך, אז אפילו די *מענשעוויסטישע „נאטשאלא"* האט דאן געשריבן: „דער פראלעטאריאט וועט פונקט אזוי ארופשמעטערן די וויטעשע דומע ווי ער האט ארופגעשמעטערט די בוליגינישע". באאזעלכע באדינגונגען האט דער פראלעטאריאט ניט געקאנט אפגעבן און האט ניט גענדארפט אפגעבן אן קאמף אין די הענט פון דעם צאר דאס צונויפרופן די ערשטע פארטרעטונגס־איינריכטונג אין רוסלאנד. דער פראלעטאריאט האט געדארפט קעמפן קעגן דער פארשטארקונג פון דער זעלבסטהערשונג דורך א האלוואטע אונטערן מאשקן פון דער וויטעשער דומע. דער פראלעטאריאט האט געדארפט קעמפן קעגן די קאנסטיטוציאנעלע אילוזיעס, אף וועלכע עס האט זיך *אינגאנצן* געבויט אין פרילינג 1906 יאר די וואל־קאמפאניע פון די קאדעטן און די וואלן צווישן דעם פויערטום. אין יענער צייט פון א קאלאסאלן איבערטרייבן די באדייטונג פון דער דומע איז אזא קאמף אומעגלעך געווען אנדערש, ווי דורכן באיקאט. ביז וואס פאר א גראד עס איז ענג פארבונדן געווען די *פארשפרייטונג* פון קאנסטיטוציאנעלע אילוזיעס מיטן אנטייל אין דער וואל־קאמפאניע און אין די וואלן

אין פרילינג 1906 יאָר, דאָס קאָן מען בוילעטער פאַר אַלץ זעען אַפן ביישפּיל פון אונזערע מענשעוויקעס. עס איז גענוג צו דערמאָנען, אַז אין דער רעזאָלוציע פון 4-טן (פאַרייניקונגס)- צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.א.פּ. איז די דומע אָנגערופן געוואָרן פאַר אַ „מאַכט“, ניט געקוקט דערויף, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן געוואָרנט דערפאַר! נאָך אַ ביישפּיל: פּלעכאַנאָוו האָט אָן קיין שום איבערלייגונג געשריבן: „די רעגירונג וועט אַריינפאַלן אין אָפּגרונט, אויב זי וועט פאַנאַנדערטרייבן די דומע“. ווי גיך זיינען עס מעקוים געוואָרן די ווערטער, וואָס זיינען געזאָגט געוואָרן דאַן קעגן אים: מע דאַרף זיך גרייטן דערצו, אַז מע זאָל אַריינוואַרפן דעם סוינע אין אָפּגרונט, און ניט האָפן אַפן קאַדעטישן שטייגער, אַז דער סוינע וועט אַליין „אַריינפאַלן“ אין אָפּגרונט.

דער פּראָלעטאַריאַט האָט געדאַרפט מיט אַלע קויכעס איינהאַלטן זיין זעלבשטענדיקע טאַקטיק אין אונזער רעוואָלוציע, נעמלעך: צוזאַמען מיטן באַוואוסטזיניקן פּויערטום קעגן דער אומשטאַנדהאַפטיקער און פאַרעטערישער ליבעראַל-מאָנאַרכיסטישער בורזשואַזיע. אַזאַ טאַקטיק איז אָבער אוממעגלעך געווען באַ די וואַלן אין דער וויטעשער דומע איבער אַ גאַנצע ריי באַדינגונגען אָביעקטיווע און סוביעקטיווע, — באַדינגונגען, וועלכע האָבן אַרויסגערופן דעם פאַקט, וואָס אַנטיילנעמען אין דער דומע וואָלט באַטייטן פאַר דעם גרעסטן טייל ערטער פון רוסלאַנד אַ שטומע שטיצע פאַר די קאַדעטן מיצאַד דער אַרבעטער-פּאַרטיי. דער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט געקאָנט און האָט ניט געדאַרפט אָננעמען קיין האַלביקע און קינסטלעך אויסגעטראַכטע, אַף „כיטרעקייט“ און פאַרלאָרנקייט געבויטע, טאַקטיק פון וואַלן אומבאַוואוסט צוליב וואָס, פון וואַלן אין דומע ניט צוליב דער דומע. און דאָס איז דאָך אַ היסטאָרישער פאַקט, וועלכן עס וועלן ניט באַזייטיקן קיין שום פאַרשווייגונגען, קיין שום אַרומדרייעניש און אַרויסדרייעניש פון די מענשעוויקעס, — דאָס איז אַ פאַקט, אַז קיינער פון זיי, אַפילו פּלעכאַנאָוו, האָט ניט געקאָנט אין דער פּרעסע רופן אין דומע. דאָס איז אַ פאַקט, אַז אין דער פּרעסע האָט זיך ניט געהערט קיין איין שטים, וואָס זאָל רופן אין דומע. דאָס איז אַ פאַקט, אַז די מענשעוויקעס אַליין האָבן אין אַ בלעטל פון דעם פאַראייניקטן צ"ק פון דער ר.ס.ד.א.פּ. אַנערקענט אָפיציעל דעם באָיקאָט און האָבן געבראַכט דעם שטרייט בלויז צו דעם, אַף וואָס פאַר אַ סטאַדיע דאַרף מען באָיקאָטירן. דאָס איז אַ פאַקט, אַז די מענשעוויקעס האָבן איבערגעטראָגן דעם שווער-פּונקט ניט אַף די וואַלן אין דומע, נאָר אַף די וואַלן אַן און פאַר זיך, אַפילו אַפן פּראָצעס פון די וואַלן, אַלס אַף אַן אָרגאַניזאַציע צוליב אַן אויפשטאַנד, צוליב אַראָפּשמעטערן די דומע. די געשעענישן האָבן אָבער פּונקט באַוויזן די אוממעגלעכקייט פון אַ מאַסן-אַגיטאַציע באַ

די וואלן און א געוויסע מעגלעכקייט פון אגיטאציע אין די מאסן בלויז פון דער דומע גופא.

ווער עס וועט פראוון ווירקלעך אין אכט נעמען און דיסקאנטירן די אלע קאמפליצירטע פאקטן, סאי פון אביעקטיוון, סאי פון סוביעקטיוון כאראקטער, יענער וועט דערזעען, אז קאווקאז איז געווען בלויז אן אויס-נאם, וואס באשטעטיקט די אלגעמיינע רעגל. יענער וועט דערזעען, אז די אלכעט-רייד און דאס דערקלערן דעם באיקאט דורך „יונגן היץ-קאפ" שטעלן מיט זיך פאר א שמאלע, אויבערפלעכלעכע און קורצזיכטיקע אפ-שאצונג פון די געשעענישן.

דאס פאנאנדערלאזן פון דער דומע האט איצט באשיימפערלעך בא-וויזן, אז דער באיקאט איז אין די באדינגונגען פון פרילינג 1906 יאר געווען בליסאפעק א ריכטיקע, ביכלאל גערעדט, טאקטיק און האט געבראכט נוצן. בלויז דורך באיקאט האט. געקאנט די סאציאל-דעמאקראטיע בא דאמאלדיקע אומשטענדן אויספילן איר כויוו: נעמלעך געבן דעם פאלק יענע נויטיקע האסראעס מעקויעך דער צארישער קאנסטיטוציע, יענע נויטיקע קריטיק פון דער קאדעטישער שארלאטאנעריי בעאיים די וואלן, וועלכע (די קריטיק און די האסראעס) האבן זיך גלענצנדיק בא-שטעטיקט דורך דעם פאנאנדערלאזן די דומע.

אט האט איר א קליין ביישפיל פאר א אילוסטראציע פון דעם, וואס איז אויבן געזאגט. דער הער וואדאוואזאוו, אט דער האלב-קאדעט, האלב-מענשעוויק, איז אין פרילינג 1906 יאר געשטאנען שטאל און אייזן פאר די וואלן און פאר שטיצן די קאדעטן. נעכטן (11-טן אווגוסט) האט ער גע-שריבן אין „טאווארישטש", אז די קאדעטן האבן „געוואונשן זיין א פאר-לאמענטישע פראקציע אין א לאנד, וואס האט קיין פארלאמענט ניט, און א קאנסטיטוציאנעלע פארטיי אין א לאנד, וואס האט קיין קאנסטיטוציע ניט", אז „דעם גאנצן כאראקטער פון דער ק.-ד. פארטיי האט באשטימט דער גרונט-ווידערשפרוך צווישן דער ראדיקאלער פראגראם און דער לאכ-לוטן ניט ראדיקאלער טאקטיק".

קיין גרעסערן טריאומף האבן די באלשעוויקעס ניט געקאנט אפי-לע ווינשן, ווי אט דאס אנערקענען פון א לינקן קאדעט אדער רעכטן פלעכאנאוועץ.

נאר, אפווארפנדיק קאטעגאריש די קליינמוטיקע און קורצזיכטיקע אלכעט-רעדעס, אפווארפנדיק די נארישע דערקלערונג פון דעם באיקאט דורך דעם, וואס דאס האבן געטאן „יונגע היץ-קעפ", זיינען מיר ווייט פון דעם געדאנק אפצולייקענען די נייע לעקציעס פון דער קאדעטישער דומע. עס וואלט געווען א פעדאנטיזם, ווען מיר וואלטן מוירע געהאט אפן צו אנערקענען און דיסקאנטירן דידאזיקע נייע לעקציעס. די געשיכ-

טע האָט באַוויזן, אַז ווען עס קלייבט זיך צונויף די דומע, באַקומט זיך די מעגלעכקייט פון אַ נוצלעכער אַגיטאַציע פון איר גופע און אַרום איר; — אַז די טאַקטיק פון דערנעענטערן זיך מיטן רעוואָלוציאָנערן פויערטום קעגן די קאַדעטן איז מעגלעך אין דער דומע גופע. דאָס ווייזט אויס ווי אַ פּאַראַדאָקס, נאָר אַזוי איז, בליסאָפּעק, די איראָניע פון דער געשיכטע: גראַד די קאַדעטישע דומע האָט באַזונדערס באַשיימפּערלעך באַוויזן די מאָסן די ריכטיקייט פון דערדאָזיקער „אַנטיקאַדעטישער“, ווועלן מיר זאָגן צוליב קורצקייט, טאַקטיק. די געשיכטע האָט אָנראַכמאָנעסדיק אָפּגעוואָרפן אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס און דעם גאַנצן „גלויבן אין דער דומע“, נאָר די געשיכטע האָט בליסאָפּעק דערוויזן אַ געווויסן, האַגאָם אַ באַשיידענעם, נוצן פון אַזאַ אַנשטאַלט פאַר דער רעוואָלוציע, אַלס אַ טריבונע פאַר אַגיטאַציע, פאַר דעמאַסקירן דעם עמעסן „טאָך“ פון די פּאָליטישע פּאַרטייען און אַז. וו.

דערפון איז אַן אויספיר. עס וואָלט לעכערלעך געווען צו פאַרמאַכן די אויגן אַף דערווירקלעכקייט. איצט איז גראַד געקומען די צייט, ווען די רעוואָלוציאָנערע ס.־ד. דאַרפן אויפהערן צו זיין באָיקאָטיסטן. מיר וועלן זיך ניט אָפּזאָגן צו גיין אין דער צווייטער דומע, ווען (אָדער: „אויב“) זי וועט צונויפגערופן ווערן. מיר וועלן זיך ניט אָפּזאָגן אויסצונוצן דידאָזיקע קאַמפּס־אַרענע, קלאָל ניט איבערטרייבנדיק איר באַשיידענע באַדייטונג, נאָר, פאַרקערט, אונטערוואַרפנדיק זי, אַפן גרונט פון דער דערפאַרונג, וואָס די געשיכטע האָט אונז געגעבן, דעם קאַמף פון אַן אַנדער אַרט — דעם קאַמף דורכן שטרייק, דורכן אויפשטאַנד און ד. גל. מיר וועלן צונויפרופן דעם פינפטן צוזאַמענפאָר פון דער פאַרטיי; מיר וועלן באַשטימען אַף אים, אַז אין פ אַ ל פ ו ן וו אַ ל ן איז נויטיק אַ וואַל־פאַרשטענדיקונג אַף עטלעכע וואָכן מיט די טרודאָוויקעס (אָן דעם צונויפרופן דעם פינפטן צוזאַמענפאָר פון דער פאַרטיי, איז אַן איינהייטלעכע וואַל־קאַמפּאַניע אוממעגלעך, און יעדער מין „בלאָק מיט אַנדערע פאַרטייען“ איז קאַטעגאָריש פאַרווערט דורך די באַשלוסן פון פערטן צוזאַמענפאָר). און מיר וועלן דאַן צעשלאָגן די קאַדעטן אַף אַ גרינדלעכן אויפן.

דערדאָזיקער אויספיר אָבער שעפּט נאָך ווייט ניט אויס די גאַנצע קאָמפּליצירטקייט פון דער אויפגאַבע, וואָס שטייט פאַר אונז. מיר האָבן בעקיוון אונטערגעשטראָכן די ווערטער אין „פ אַ ל פון וואַלן“ און ד. גל. מיר ווייסן נאָך ניט צי וועט צונויפגערופן ווערן די צווייטע דומע, ווען וועלן זיין די וואַלן, וואָס פאַר אַ וואַל־רעכט עס וועט זיין; וואָס פאַר אַ סיטואַציע עס וועט דאַן זיין. אונזער אויספיר ליידט דעריבער פון דעם, וואָס ער איז צו אַלגעמיין: ער איז נויטיק, קעדיי אונטערצופירן אַ סאַכאַקל פון דעם אָוועק, קעדיי צו דיסקאָנטירן די לעקציעס פון אָט דעם אָוועק, קעדיי צו געבן אַ ריכטיקע שטעלונג די קומענדיקע פראַגן פון טאַקטיק,

נאָר ער איז נאָך לאַכלוטן ניט גענוג אָפּ צו לייזן די קאָנקרעטע אויפגאַבן פון דער נאָענטסטער טאַקטיק.

בלויז קאַדעטן און פאַרשיידענע „קאַדעטנאַרטיקע“ קאָנען באַ היינטיקן טאָג באַנוגענען זיך מיט אַזאַ אויספיר, שאַפן זיך אַ „לאָזונג“ פון לעכצונגען נאָך אַ נייער דומע, דערווייזן דער רעגירונג די ווינשנסווערטקייט, וואָס גיכער צונויפרופן די דומע און אַז. וו. בלויז באַוואוסטזיניקע אָדער אומבאַוואוסטזיניקע פאַרטרעטער פון דער רעוואָלוציע קאָנען ווענדן *איצט* אַלע באַמיאונגען אָפּ דעם, אַז דער אומפאַרמיידלעכער נייער אויפשטייג פון שטימונג און פון אויפגעלעבטער ענערגיע זאָל זיך אויסגיסן דאַפקע אין וואַלן, און ניט אין קאַמף דורך אַן אַלגעמיינעם שטרייק, און אַן אויפשטאַנד.

מיר זיינען צוגעגאַנגען צו דעם הויפּט־פּונקט פון דער פראַגע וועגן דער איצטיקער ס.־ד. טאַקטיק. לאַכלוטן ניט אין דעם באַשטייט איצט דער טאָך פון דער פראַגע, צי זאָל מען אנטיילנעמען ביכלאַל אין די וואַלן. זאָגן דאָ: „יאָ“ אָדער „ניט“, הייסט נאָך לאַכלוטן גאָרניט ניט זאָגן וועגן דער גרונט־אויפגאַבע פון דעם מאָמענט. די פּאָליטישע לאַגע אין אווגוסט 1906 יאָר איז אויסערלעך ענלעך אָפּ דער לאַגע אין אווגוסט 1905 יאָר, נאָר פאַר אָט דער צייט איז געמאַכט געוואָרן אַ קאָלאָסאַלער שריט פאָרויס: עס זיינען באַדייטנד גענויער באַשטימט סאַי די קרעפטן פון די, וואָס שלאָגן זיך אָפּ דער און אָפּ יענער זייט, סאַי די פאָרמען פון קאַמף, סאַי אייניקע טערמינען, וואָס זיינען נויטיק פאַר דער אָדער יענער, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, סטראַטעגישער באַוועגונג.

דער פּלאַן פון דער רעגירונג איז קלאָר. זי האָט זייער ריכטיק באַרעכנט, ווען זי האָט באַשטימט דעם טערמין פון צונויפרופן די דומע און האָט ניט באַשטימט, *ניט געקוקט אָפּן געזעץ*, דעם טערמין פון די וואַלן. די רעגירונג וויל זיך ניט בינדן די הענט און עפענען אירע קאָרטן. ערשטנס, שפּילט זי אויס צייט אָפּ צו באַטראַכטן זיך וועגן אומבייטן דעם וואַל־געזעץ. צווייטנס — און דאָס איז דעריקער, — האַלט זי אין רעזערוו דאָס באַשטימען דעם טערמין פון די וואַלן אָפּ אַזאַ מאָמענט, ווען עס וועט מעגלעך זיין פולקום צו באַשטימען דעם כאַראַקטער פון דעם נייעם אויפשטייג און זיין קראַפט. די רעגירונג וויל באַשטימען די נייע וואַלן גראָד אָפּ אַזאַ טערמין (און עפשער אויך אין אַזאַ פאָרם, ד. ה. אַזעלכע אָדער אַנדערע וואַלן), קעדיי צו *צעברעקלען און אָפּצושוואַכן דעם אויפשטאַנד, וואָס הויבט זיך אָן*. די רעגירונג אורטיילט ריכטיק: אויב אַלץ וועט זיין רואיק, וועלן מיר עפשער גאָרניט צונויפרופן די דומע אָדער מיר וועלן זיך אומקערן צו בוליגינס געזעצן. און אויב עס וועט זיין אַ שטאַרקע באַוועגונג, וועט מען דאַרפן פּרואוון זיך צו צעברעקלען זי, באַשטימענדיק צייטווייליק וואַלן,

אָפּציִענדיק דורך דידאַזיקע וואַלן די אָדער יענע פּאַכדאָנים אָדער לעמעשקעס פון דירעקטן רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

די ליבעראַלע טעמפּ-קעפּ (זע דעם „טאָוואַרישטש“ און „רעטש“) פאַרשטייען אַף אַזויפיל ניט די לאַגע, אַז זיי קריכן אַליין אין די נעצן, וואָס די רעגירונג האָט פאַרשפּרייט. פון דער הויט קריכן זיי, „דערוויזנדיק“ די נויטיקייט פון דער דומע און די ווינשנסווערטקייט פון דעם, אַז דער אויפשטייג זאָל געריכטעט ווערן אַף די וואַלן. נאָר אַפילע זיי קאָנען ניט לייקענען, אַז די פראַגע וועגן דער פאָרם פון דעם נאָענטסטן קאַמף בלייבט נאָך אָפן. די הייַנטיקע „רעטש“ (12. אַווגוסט) איז זיך מודע: „וואָס פאַר אַ וואָרט וועלן זאָגן די פויערים אין האַרבסט... איז נאָך דערוויַיל ניט באַוואוסט“. „ביז סענטיאַבר—אָקטיאַבר, ווען עס וועט ענדגילטיק קלאָר ווערן די שטימונג פון די פויערים, איז שווער עטוואָס אַלגעמיינעם פאָרויסצוזאָגן“.

די ליבעראַלע בורזשואַ זיינען זיך טריי. אַקטיוו מיטווירקן דעם אויסוואַל פון די קאַמפּס-פאָרמען, ריכטן די שטימונג פון די פויערים אין דער אָדער יענער זייט, ווילן זיי ניט און קאָנען ניט. די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע פאָדערן, ניט די אַלטע מאַכט זאָל אַראָפּגעוואָרפן ווערן, נאָר זי זאָל אָפּגעשוואַכט ווערן, עס זאָל באַשטימט ווערן אַ ליבעראַל מיניסטעריום.

די אינטערעסן פון דעם פראָלעטאַריאַט פאָדערן, די אַלטע, צאַרישע מאַכט זאָל אינגאַנצן אַראָפּגעוואָרפן ווערן און עס זאָל צונויפגערופן ווערן אַ פולמאַכטיקע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. זיינע אינטערעסן פאָדערן ער זאָל זיך אָפּן אַקטיווסטן אויפן אַריינמישן אין דער באַשטימונג פון דער פויערשער שטימונג, און אין דעם אויסוואַל פון די אַנטשלאָסנסטע קאַמפּס-פאָרמען און פון דעם בעסטן מאָמענט פאַר אָט דעם קאַמף. מיר דאַרפן בעשום אויפן ניט אַראָפּנעמען און ניט פאַרשמירן דעם לאָזונג: צונויפרופן אַ גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אַפן רעוואָלוציאָנערן אויפן, ד. ה. דורך אַ ציַיטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. מיר דאַרפן אַלע קויכעס אָנווענדן אַף קלאָר מאַכן די באַדינגונגען פון דעם אויפשטאַנד, — אַף פאַראייניקן אים מיטן שטרייק-קאַמף, אַף פאַראייניקן און צוגרייטן אַלע רעוואָלוציאָנערע קויכעס צוליב דעמדאָזיקן ציל און אַז. וו. מיר דאַרפן מיט פולער אַנטשלאָסנקייט אַרויפטרעטן אַף יענעם וועג, וועלכער איז אָנגעמערקט דורך די באַוואוסטע אויפרופן „צו דער אַרמיי און פלאָט“ און „צום גאַנצן פויערטום“, אויפרופן, וואָס זיינען אונטערגעשריבן דורכן „בלאָק“ פון אַלע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, איינשליסנדיק אויך די אַרבעטס-גרופּע. מיר דאַרפן, ענדלעך, באַזונדערס זאָרגן וועגן דעם, אַז דער רעגירונג זאָל זיך בעשום אויפן ניט איינגעבן ניט צוצעברעקלען, ניט אָפּצושטעלן, ניט אָפּצושוואַכן דעם אויפשטאַנד, וואָס הויבט זיך אָן, דורך

דעם, וואָס זי וועט באַשטימען די וואַלן. אין אָט דער הינזיכט דאַרפן פאַר אונז זיין אומבאַדינגט אָבליגאַטאָריש די לעקציעס פון דער קאַדעטישער דומע; די לעקציעס, וועלכע באַשטייען אין דעם, וואָס די דומע-קאַמפּאַניע איז אַן אונטערגעאָרדנטע, צווייטגראַדיקע פאָרם פונם קאַמף, די הויפּט-פאָרם אָבער — לויט די אָביעקטיווע באַדינגונגען פונם מאָמענט — בלייבן די אומיטלבאַרע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען פון די ברייטע פאָלקס-מאַסן.

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ אונטערדאָרדענונג פון דער דומע-קאַמפּאַניע דעם הויפּט-קאַמף, דאָס אַוועקשטעלן דידאָזיקע קאַמפּאַניע אויפן צווייטן אָרט אויפן פאַל פון אַ שלעכטן אויסגאַנג פון דער שלאַכט, אָדער אין פאַל ווען די שלאַכט וועט אָפּגעצויגן ווערן ביז דער דערפאַרונג פון דער צווייטער דומע, — דידאָזיקע טאַקטיק קאָן מען אָנרופן, אויב איר ווילט, די אַלטע באָיקאָטיסטישע טאַקטיק. פאָרמעל קאָן מען אַזאַ נאָמען פאַרטיידיקן, ווייל די „צוגרייטונג צו די וואַלן" — אַכוץ דער שטענדיק אָבליגאַטאָרישער אַרבעט פון אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע — באַשטייט סאָף-קאָלסאָף אין סאַמע קליינע טעכנישע צוגרייטונגען, וועלכע קאָנען זייער זעלטן אויסגעפירט ווערן אַ לענגערע צייט פאַר די וואַלן. מיר ווילן ניט שטרייטן וועגן ווערטער, נאָר אין טאָך פון דעם איניען איז עס אַ קאָנזעקווענטע א נ ט וו י ק ל ו נ ג פון דער אַלטער טאַקטיק, נאָר ניט קיין א י ב ע ר כ אַ ז ע ר ו נ ג אירע, אַן אויספיר פון דעם פריערדיקן באָיקאָט, אָבער ניט דער פריערדיקער באָיקאָט.

לאָמיר אונטערפירן אַ סאַכאַקל. מע דאַרף דיסקאָנטירן די דערפאַרונג פון דער קאַדעטישער דומע און פאַרשפּרייטן אין די מאַסן די אויספירן פון דעמדאָזיקן דיסקאָנט. מע דאַרף דערווייזן די „אומטויגבאַרקייט" פון דער דומע, די נויטיקייט פון אַ גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, די אומשטאַנדהאַפטיקייט פון די קאַדעטן, מע דאַרף פאָדערן, אַז די טרודאָוויקעס זאָלן זיך באַפרייען פון דעם יאָך פון די קאַדעטן, מע דאַרף שטיצן די ערשטע קעגן די צווייטע. מע דאַרף גלייך אָנערקענען די נויטיקייט פון אַ וואַלפאַרשטענדיקונג צווישן די ס.-ד. מיט די טרודאָוויקעס אויפן פאַל פון נייע וואַלן. מע דאַרף מיט אַלע קויכעס קעגנווירקן דעם פּלאַן פון דער רעגירונג פאַנאַנדערצוברעקלען דעם אויפשטאַנד דורך באַשטימען די וואַלן. אונטערהאַלטנדיק מיט נאָך אַ גרעסערער קראַפט אירע אויסגעפּרואווטע רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען, דאַרף די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אָנווענדן אַלע קויכעס אויף ענגער צוזאַמענצושליסן אַלע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן און קלאַסן, אויף צו פאַרוואַנדלען דעם אויפשטייג, וואָס איז מעגלעך אין דער נאָענטסטער צוקונפט, אין אַן אַלפאָלקישן באַוואָפנטן אויפשטאַנד קעגן דער צאַרישער רעגירונג.

„פראָלעטאַרי" נומ. 1
פון 21 אווגוסט 1906 יאָר.

# די לעקציעס פונם מאָסקווער אויפשטאַנד

דער בוך: „מאָסקווע אין דעקאַבר 1905 יאָר“ (מ. 1906) איז דערשינען זייער צייטמעסיק. דערלערנען די דערפאַרונג פון דעם דעקאַבר־אויפשטאַנד — איז אַן אַקטועלע אויפגאַבע פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי. צום באַדויערן, איז דער בוך — אַ פּאַס האָניק מיט אַ לעפל דזעגעכץ: דער מאַטעריאַל איז אַ העכסט אינטערעסאַנטער, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס ער איז ניט קיין פולער, — און די אויספירן זיינען אומגעהויער אומציכטיק, אומגעהויער וואולגאַר. וועגן דידאַזיקע אויספירן וועלן מיר נאָך ריידן ספּעציעל, און איצט לאָמיר זיך ווענדן צו דער היינטיקער פּאָליטישער טאָג־פראַגע, צו די לעקציעס פון דעם מאָסקווער אויפשטאַנד.

די הויפּט־פאָרם פון דער דעקאַבר־באַוועגונג אין מאָסקווע איז געווען דער פרידלעכער שטרייק און דעמאָנסטראַציעס. די קאָלאָסאַלע מערהייט פון דער אַרבעטער־מאַסע האָט אַקטיוו אנטיילגענומען בלויז אין דידאָזיקע פאָרמען פון קאַמף. נאָר גראַד די דעקאַבר־אַרויסטרעטונג אין מאָסקווע האָט באַשיימפּערלעך באַוויזן, אַז דער אַלגעמיינער שטרייק, אַלס זעלבשטענדיקע און איקערדיקע פאָרם פון קאַמף, האָט זיך אויסגעלעבט, אַז די באַוועגונג רייסט זיך אַרויס מיט אַ סטיכייאישער, אומאיינהאַלטבאַרער קראַפט פון אָט די שמאָלע ראַמען און רופט אַרויס די העכערע פאָרם פון קאַמף — דעם אויפשטאַנד.

אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, אַלע פאַריינען אין מאָסקווע האָבן פאַרשטאַנען און געפילט אַפילע, בעת זיי האָבן דערקלערט דעם שטרייק, די אומפאַרמיידלעכקייט פון דעם, אַז דער שטרייק וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אויפשטאַנד. דער ראַט פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן האָט באַשטימט דעם 6־טן דעקאַבר צו „שטרעבן איבערפירן דעם שטרייק אין אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד“. אינדערעמען אָבער זיינען אַלע אָרגאַניזאַציעס ניט גרייט געווען צו דעם, אַפילע דער קאָאַליציע־ראַט פון די קאַמפּס־כעוורעס האָט גערעדט (דעם 9־טן דעקאַבר!) וועגן אויפשטאַנד, ווי וועגן עטוואָס ווייטעס, און דער גאַסן־קאַמף איז, בליסאָפעק, געגאַנגען איבער זיין קאָפּ און אויסער זיין אנטייל. די אָרגאַניזאַציעס זיינען אָפּגעשטאַנען פון דעם וואוקס און פון דעם פאַרנעם פון דער באַוועגונג.

דער שטרייק איז אַריבערגעוואַקסן אין אַ אויפשטאַנד, קודעמקאָל, אונטער דעם דרוק פון די אָביעקטיווע באַדינגונגען, וועלכע האָבן זיך געשאַפן נאָך אָקטיאַבר. דער אַלגעמיינער שטרייק האָט שוין ניט געקאָנט פאַרכאַפּן די רעגירונג אומדערוואַרטעט, זי האָט שוין אָרגאַניזירט די קאָנטער־רעוואָלוציע, גרייט געמאַכט זי צו קריגס־אָפּעראַציעס. סאַי דער אַלגעמיינער גאַנג פון דער רוסישער רעוואָלוציע נאָך אָקטיאַבר, סאַי דער

סיידער פון די געשעענישן אין מאָסקווע אין די דעקאַבער-טעג האָבן וואונ-דערבאַר באַשטעטיקט איינע פון די טיפּסטע האַנאַכעס פון מאַרקסן: די רעוואָלוציע גייט פאָרויס דורך דעם, וואָס זי באַשאַפט אַ פאַרייניקטע און שטאַרקע קאָנטר-רעוואָלוציע, ד. ה. זי צווינגט דעם סוינע צו נעמען זיך פאַר אַלץ עקסטרעמערע מיטלען פון פאַרטיידיקונג און אַרבעט אויס אַף אַזאַ אויפן אַלץ מעכטיקערע מיטלען פון אָנגריף.

דעם 7-טן און 8-טן דעקאַבער: אַ פרידלעכער שטרייק, פרידלעכע מאַסן-דעמאָנסטראַציעס. דעם 8-טן אינאָוונט: די באַלאַגערונג פון אַק-וואַריום. דעם 9-טן באַטאָג: דראַגונען שלאָגן דעם האַמוין אַף סטראַסטנע פּלאַץ, אינאָוונט — דאָס כאָרעוו מאַכן פּידלערס הויז. די שטימונג הויבט זיך. דער גאַסיקער, ניט אָרגאַניזירטער האַמוין, בויט אינגאַנצן ספּאָנטאַניש און ניטזיכער, די ערשטע באַריקאַדן.

10-טער: דער אָנהויב פון אַרטילעריע-שיסעריי איבער די באַרי-קאַדן און איבער די גאַסן אין דעם האַמוין. דאָס בויען פון באַריקאַדן ווערט אַלץ זיכערער און דאָס זיינען שוין ניט קיין איינצל-פאַלן, נאָר אַן אומבאַדינגטע מאַסן-דערשיינונג. די גאַנצע באַפעלקערונג איז אַף די גאַסן; די גאַנצע שטאָט אין די הויפּט-צענטרען ווערט באַדעקט מיט אַ נעץ פון באַריקאַדן. אין משך פון עטלעכע טעג וויקלט זיך פאַנאַנדער אַ פּראַקטישער פּאַרטיזאַנישער קאַמף צווישן די קאַמפּס-כעווראָס און דעם מיליטער, אַ קאַמף, וואָס האָט אויסגעמאַטערט דאָס מיליטער און וואָס האָט געצוואונגען דובאַסאָוון בעטן שטיצע. ערשט צום 15-טן דעקאַבער איז די איבערוואָג פון די רעגירונגס-קרעפטן געוואָרן אַ פולקומע, און דעם 17-טן האָבן די סעמיאָנאָווצעס כאָרעוו געמאַכט פּרעסניע, די לעצטע פעסטונג פון אויפשטאַנד.

פון אַ שטרייק און דעמאָנסטראַציעס צו איינצל-באַריקאַדן. פון איינצל-באַריקאַדן צו אַ מאַסנווייזן בויען באַריקאַדן און צו אַ גאַסן-קאַמף מיטן מיליטער. איבערן קאָפּ פון די אָרגאַניזאַציעס איז דער מאַסנווייזער פּראָלעטאַרישער קאַמף אריבערגעגאַנגען פונם שטרייק צו אַן אויפ-שטאַנד. אין דעם באַשטייט די קאָלאָסאַלע היסטאָרישע דעראָבערונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן דורך דעקאַבער 1905 יאָר, — אַ דעראָבערונג, וואָס איז געקויפט, ווי אַלע פריערדיקע מיטן פּרייז פון די גרעסטע קאָרבאָנעס. די באַוועגונג איז אויפגעהויבן פון אַן אַלגעמיינעם פּאָליטישן שטרייק אַף אַ העכערער שטופע. זי האָט געצוואונגען די רעאַקציע דערגיין ביזן סאָף אין איר ווידערשטאַנד און האָט דערמיט אין אַ קאָלאָסאַלן גראַד דערנעענטערט יענעם מאָמענט, ווען די רעוואָלוציע וועט אויך דערגיין ביזן סאָף אינם אָנווענדן אירע אָנגריפס-מיטלען. די רעאַקציע האָט ניט וואוהין ווייטער צו גיין פון פאַנאַנדערצושיסן דורך אַרטילעריע די באַריקאַדן, די הייזער און דעם

גאַסן־האַמוין. די רעוואָלוציע האָט נאָך וואוהין ווייטער צו גיין איידער די מאָסקווער קאָמפּסכעוורע־לייט, זי האָט נאָך זייער און זייער וואוהין צו גיין סאַי אין דער ברייט, סאַי אין דער טיף. און די רעוואָלוציע איז אַוועק ווייט פאָרויס זינט דעקאַבר. דער באַזיס פון דעם רעוואָלוציאָנערן קריזיס איז געוואָרן באַדייטנדיק ברייטער, דאָס קלינגל דאַרף איצט שאַרפער געשליפן ווערן.

די ענדערונג אין די אָביעקטיווע באַדינגונגען פונם קאַמף, וואָס האָט געפאָדערט אַן איבערגאַנג פונם שטרייק צום אויפשטאַנד, האָט דער פּראָלעטאַריאַט דערפילט פריער, איידער זיינע פירער. די פּראַקטיק איז, ווי שטענדיק, געגאַנגען פאָרויס פון דער טעאָריע. פרידלעכער שטרייק און דעמאָנסטראַציעס האָבן גלייך אויפגעהערט צו באַפרידיקן די אַרבעטער, וועלכע האָבן געפרעגט: און וואָס וועט ווייטער זיין? — וועלכע האָבן געפאָדערט מער אַקטיווערע טאָטן. די דירעקטיוו צו בויען באַריקאַדן איז געקומען אין די ראַיאָנען מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיקונג, ווען אין צענטער האָט מען שוין געבויט באַריקאַדן. די אַרבעטער האָבן זיך מאַסנווייז גענומען פאַר דער זאַך, נאָר זיי האָבן זיך אויך מיט דעם ניט באַפרידיקט, זיי האָבן געפרעגט: און וואָס וועט ווייטער זיין? — זיי האָבן געפאָדערט אַקטיווע האַנדלונגען. מיר, די אָנפירער פון דעם ס.־ד. פּראָלעטאַריאַט, האָבן זיך אַרויסגעוויזן ענלעך אַף יענעם אַרמיי־פירער, וואָס האָט אַזוי אומגעלומפּערט פאַנאַנדערגרופּירט זיינע פאָלקן, אַז דער גרעסטער טייל פון זיין אַרמיי האָט אַקטיוו ניט באַטייליקט זיך אין דער שלאַכט. די אַרבעטער־מאַסן האָבן געזוכט און האָבן ניט געפינען קיין דירעקטיוון מעקויעך מאַסנווייזע האַנדלונגען.

אַף אַזאַ אויפן, קאָן ניט זיין קיין מער קורצזיכטיקס, ווי פּלעכאַנאָווס קוק, וועלכן עס האָבן אונטערגעכאַפּט אַלע אָפּאָרטוניסטן, אַז מע האָט ניט געדאַרפט אָנהויבן דעם ניט־צייטמעסיקן שטרייק, אַז „מע האָט זיך ניט געדאַרפט נעמען פאַר געווער“. פאַרקערט, מע האָט געדאַרפט אָנטשלאָסענער, ענערגישער און מער אָפענזיוו נעמען זיך פאַר געווער, מע האָט געדאַרפט דערקלערן די מאַסן די אומעגלעכקייט פון בלויז אַ פרידלעכן שטרייק, און די נויטיקייט פון אַ דרייסטן און אומראַכמאָנעסדיקן באַוואָפנטן קאַמף. און איצט דאַרפן מיר, ענדלעך, אָפן פאַר אַלעמען אָנערקענען, אַז אַ פּאָליטישער שטרייק איז ניט גענוג, מיר דאַרפן אַגיטירן אין די ברייטסטע מאַסן פאַר אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, ניט פאַרדעקנדיק דיזאָזיקע פראַגע מיט קיין שום „פאָרויסיקע שטופן“, ניט אַרויפוואַרפנדיק קיין שום שלייער. באַהאַלטן פון די מאַסן די נויטיקייט פון אַ פאַרצווייפלטער, בלוטיקער, פאַרניכטנדיקער מילכאָמע, אַלס דער דירעקטער אויפגאַבע פון דער קומענדיקער אַרויסטרעטונג, הייסט אָפּנאַרן סאַי זיך, סאַי דאָס פאָלק.

אָט אַזאַ איז די ערשטע לעקציע פון די דעקאַבר-געשעענישן. די צווייטע לעקציע איז נויגייע דעם כאַראַקטער פון דעם אויפשטאַנד, דעם אויפן פון פירן דעם אויפשטאַנד, די באַדינגונגען, בײַ וועלכע דאָס מיליטער קאָן אַריבערגיין אויף דער זייט פונם פאָלק. בײַ אונז אין רעכטן פליגל פון דער פּאַרטיי איז שטאַרק פאַרשפּרייט אַ העכסט איינזייטיקער קוק אויף דעמדאָזיקן איבערגאַנג. מע קאָן ניט, זאָגט מען, קעמפן קעגן דעם הײַנטיקן מיליטער, מע דאַרף, אַז דאָס מיליטער זאָל ווערן רעוואָלוציאָנער. פאַרשטייט זיך, אויב די רעוואָלוציע וועט ניט ווערן קיין מאַסנווייזע און וועט ניט פאַרכאַפּן די אַרמיי גופא, דאַן קאָן קיין רייד ניט זײַן וועגן ערנסטן קאַמף. פאַרשטייט זיך, אַז די אַרבעט אין דער אַרמיי איז נויטיק. נאָר מע טאָר ניט פאַרשטעלן זיך דעמדאָזיקן איבערגאַנג פון דעם מיליטער אַלס אַ וועלכן ניט איז פּאַשעטן, פאַרייִנצלטן אַקט, וועלכער קומט אַלס רעזולטאַט פון איבערצייגונג פון איין זייט און פון באַוואוסטזיין פון דער אַנדערער זייט. דער מאָסקווער אויפשטאַנד באַווייזט אונדז באַשיימפּערלעך די טראַפאַרעטקייט און טויטלעכקייט פון אַזאַ קוק. די וואַקלונג פון דער אַרמיי, וואָס איז אומפאַרמײַדלעך בײַ יעדער ווירקלעכער פאָלקס-באַוועגונג, ברענגט אין דער ווירקלעכקייט בײַ דער פאַרשאַרפונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף צו אַן עמעסן ק אַ מ ף פ אַ ר ד ע ר אַ ר מ י י. דער מאָסקווער אויפשטאַנד באַווייזט אונדז טאַקע דעם פאַרצווייפלטסטן, דעם ווילדסטן קאַמף פון דער רעאַקציע און פון דער רעוואָלוציע פאַר דער אַרמיי. דובאַסאָוו האָט אַליין געמאָלדן, אַז בלויז אויף 5 טויזנט פון 15 טויזנט מאָסקווער מיליטער קאָן מען זיך פאַרלאָזן. די רעגירונג האָט אײַנגעהאַלטן די וואַקלדיקע דורך די פאַרשיידנסטע, סאַמע אַנטשלאָסענע מיטלען. מע האָט זיי אײַנגערעדט, מע האָט זיי געכאַנפעט, מע האָט זיי אונטערגעקויפט, געטיילט זיי זייגערס, געלט און ד. גל., מע האָט זיי אָנגעזויפט מיט בראָנפן, מע האָט זיי גענאַרט, מע האָט זיי געשראָקן, מע האָט זיי פאַרשפאַרט אין די קאַזאַרמעס, מע האָט זיי אַנטוואָפנט, מע האָט פון זיי אַרויסגעריסן דורך פאַראַט און מיט געוואַלט יענע סאָלדאַטן, וועגן וועלכע מע האָט גערעכנט, אַז זיי זײַנען די סאַמע אומזיכערע. און מע דאַרף האָבן מוט פּאַשעט און אָפן מודה צו זײַן, אַז מיר האָבן זיך אין דערדאָזיקער הינזיכט אַרויסגעוויזן הינטער דער רעגירונג.

מיר האָבן ניט באַוויזן אויסצונוצן די קרעפטן, וועלכע עס זײַנען בײַ אונדז געווען, פונקט פאַר אַזאַ אַקטיוון, דרייסטן, איניציאַטיוון, אָנגרײַפנדיקן קאַמף פאַר דאָס וואַקלדיקע מיליטער, ווי דאָס האָט געפירט און דורכגעפירט די רעגירונג. מיר האָבן געגרייט און וועלן נאָך האַרטנעקיקער גרייטן די אידייִשע „באַאַרבעטונג“ פון דעם מיליטער. נאָר מיר וועלן זיך אַרויסווײַזן פאַר קלאָגעדיקע פּעדאַנטן, אויב מיר וועלן

פֿאַרגעסן, אַז אין דעם מאָמענט פֿונם אויפֿשטאַנד איז נייטיק אויך אַ פֿיזישער קאַמף פֿאַרן מיליטער.

דער מאָסקווער פּראָלעטאַריאַט האָט אונז געגעבן אין די דעקאַבער־טעג אַן אויסגעצייכנטע לעקציע פֿון אידייִשער „באַאַרבעטונג“ פֿון דעם מיליטער, — לעמאַשל, דעם 8־טן דעקאַבער אַף סטראַסטנע פּלאַץ, ווען דער האַמוין האָט אַרומגערינגלט די קאָזאַקן, האָט זיך צונויפֿגעמישט מיט זיי, האָט זיך געברידערט מיט זיי און האָט זיי באַוועגט אַוועקצופֿאָרן צוריק. אָבער דעם 10־טן אַף פּרעסניע, ווען צוויי מיידלעך—אַרבעטערנס, וואָס האָבן געטראָגן אַ רויטע פֿאָן אין אַ צען־טויזנטקעפּיקן האַמוין, האָבן זיך געוואָרפֿן אַנטקעגן די קאזאקן מיט געשרייען: „האַרגעט אונז! לעבע־דיקע וועלן מיר די פֿאָן ניט אָפּגעבן!“ און די קאָזאקן זיינען אין פֿאַרלעגנ־הייט געקומען און זיינען אַוועקגעריטן באַ די אויסגעשרייען פֿון דעם האַמוין: „לעבן זאָלן די קאָזאקן!“ אָט די מוסטערן פֿון געוואַגטקייט און העלדנמוט דאַרפֿן אַף שטענדיק איינגעקריצט ווערן אין דעם באַוואוסט־זיין פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט.

נאָר אָט זיינען ביישפּילן פֿון אונזער אָפּגעשטאַנענקייט פֿון דובאַ־סאָוון. דעם 9־טן דעקאַבער גייען דורך דער גרויס־סערפּוכאָווער גאַס סאָל־דאַטן מיט מאַרסעליעזע צו פֿאַרייניקן זיך מיט די אויפֿגעשטאַנענע. די אַרבעטער שיקן צו זיי דעלעגאַטן. מיט אַ אומגעווייִנלעכער געשווינדקייט רייט צו זיי מאַלאַכאָוו אַליין. די אַרבעטער האָבן פֿאַרשפּעטיקט, מאַ־לאַכאָוו איז געקומען צו דער צייט. ער האָט געהאַלטן אַ הייסע רעדע, ער האָט אַ וואַקל געטאָן די סאָלדאַטן, ער האָט זיי אַרומגערינגלט מיט דראַגונער, האָט זיי אָפּגעפֿירט אין די קאַזאַרמעס און האָט זיי דאָרט פֿאַרשפּאַרט. מאַלאַכאָוו האָט באַוויזן צו קומען, און מיר האָבן ניט באַ־וויזן, כאָטש אין מעשעך פֿון צוויי טעג זיינען אַף אונזער רוף אויפֿגעשטאַ־נען 150.000 מאַן, וועלכע האָבן געקאָנט און געדאַרפֿט אָרגאַניזירן די פּאַטרולירונג פֿון די גאַסן. מאַלאַכאָוו האָט אַרומגערינגלט די סאָלדאַטן מיט דראַגונער, און מיר האָבן ניט אַרומגערינגלט די מאַלאַכאָווס מיט באָמביסטן. מיר האָבן עס געקאָנט און האָבן עס געדאַרפֿט טאָן, און די ס.־ד. פּרעסע האָט שוין לאַנג (די אַלטע „איסקרא“) אָנגעוויזן אַף דעם, אַז די אומראַכמאָנעסדיקע פֿאַרניכטונג פֿון די בירגערלעכע און מיליטע־רישע שעפֿן איז אונזער כויוו אין דער צייט פֿון אויפֿשטאַנד. דאָס, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען אַף דער גרויס־סערפּוכאָווער גאַס האָט זיך, שיינ־באַר, איבערגעכאַזערט אין די הויפּט־שטריכן סאַי פֿאַר די ניעסוויזשער קאַזאַרמעס, סאַי פֿאַר די קרוטיצער קאַזאַרמעס, סאַי באַ די פּרואוון פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט „אָראָפּצונעמען“ די יעקאַטערינאָסלאַווצעס, סאַי באַם שיקן דעלעגאַטן צו די סאַפּיאָרן אין אַלעקסאַנדראָוו, סאַי באַ דעם אומ־קערן צוריק פֿון דער ראָסטאָווער אַרטילעריע, וועלכע מע האָט געווען

אוועקגעשיקט אין מאָסקווע, סאַי באַ דער אַנטוויקלונג פון די סאַפּיאָרן אין קאָלאָמנע און אַזוי ווייטער. אין דעם מאָמענט פון אויפשטאַנד זיינען מיר ניט געווען אַף דער הויך פון דער אויפגאַבע איגם קאַמף פאַר דאָס וואַקלדיקע מיליטער.

דעקאַבר האָט באַשיימפערלעך באַשטעטיקט נאָך איין טיפע און פון די אָפּאָרטוניסטן פאַרגעסענע האַנאָכע פון מאַרקסן, וועלכער האָט געשריבן, אַז אויפשטאַנד איז קונסט, און אַז די הויפּט-רעגל פון אָט דער קונסט איז אַ שרעקלעך-דרייסטער, און אַ לעגאַמרע-אַנטשלאָסענער אַנגריף. מיר האָבן ניט גענוג געמאַכט פאַר אונזער אייגנם דידאָזיקע האַנאָכע. מיר האָבן ניט גענוג אַליין געלערנט זיך און געלערנט די מאַסע דידאָזיקע קונסט, אָט דעם רעגל פונם אַנגריף, עס מעג זיין וואָס עס וויל. מיר דאַרפן איצט אָניאָגן מיט דער גאַנצער ענערגיע דאָס, וואָס מיר האָבן דורכגעלאָזן. עס איז ווייניק דאָס, וואָס עס זיינען פאַראַן גרופירונגען בענויגייע די פּאָליטישע לאָזונגען, עס איז נויטיק נאָך אַ גרופירונג בענויגייע צום באַוואָפנטן אויפשטאַנד. ווער עס איז קעגן אים, ווער עס גרייט זיך ניט צו אים, — יענעם דאַרף מען אָן ראַכמאָנעס ארויסשליידערן פון דער צאָל אָנהענגער פון דער רעוואָלוציע, אַרויסווארפן צו אירע קעגנער, פאַרעטער אָדער פאַכדאָנים, ווייל עס דערנענטערט זיך דער טאָג, ווען די געשעענישן, ווען די קאַמפּס-לאַגע וועט אונז צווינגען פאַנאַנדערצוטיילן די סאָנים און די פריינט לויט אָט דעם סימען. ניט קיין פאַסיווקייט דאַרפן מיר פריידיקן, ניט קיין פּאַשעטע „וואַרטן“, ביז וואַנען דאָס מיליטער וועט „אַריבערגיין“, — ניין, מיר דאַרפן קלינגען אין אַלע גלאָקן וועגן דער נויטיקייט פון אַ דרייסטן אָנגריף און אָנפאַל מיט געווער אין די הענט, וועגן דער נויטיקייט צו פאַרניכטן דערביי די קאָמאַנדע-פּערזאָנען און צו פירן אַ העכסט ענערגישן קאַמף פאַר דאָס וואַקלדיקע מיליטער.

די דריטע גרויסע לעקציע, וועלכע עס האָט אונז געגעבן מאָסקווע, איז נויגייע דער טאַקטיק און דער אָרגאַניזירונג פון די קרעפטן צוליב דעם אויפשטאַנד. די קריגס-טאַקטיק הענגט אָפּ פון דער הויך פון דער קריגס-טעכניק, — דעמדאָזיקן עמעס האָט ענגעלס צעקייט און אַריינגעלייגט די מאַרקסיסטן אין מויל אַריין. די קריגס-טעכניק איז איצט ניט יענע, וואָס איז געווען אין מיטן 19-טן יאָרהונדערט. אנקעגן דער אַרטילעריע אָפּערירן מיט האַמוין און פאַרטיידיקן באַריקאַדן מיט רעוואָלווערן וואָלט געווען אַ נאַרישקייט. און קאַוטסקי איז גערעכט געווען, ווען ער האָט געשריבן, אַז עס איז צייט איבערצוקוקן נאָך מאָסקווע די אויספירן פון ענגעלסן, אַז מאָסקווע האָט אַרויסגערוקט „אַ נייע באַריקאַדן-טאַקטיק“. דידאָזיקע טאַקטיק איז געווען די טאַקטיק פון אַ פּאַרטיזאַנישן קריג. די אָרגאַניזאַציע, וועלכע דאַרף זיין באַ אַזאַ טאַקטיק —

דאָס זיינען געווען באַוועגלעכע און זייער קליינע אָפּטיילן: צענדליקער, דריילינגס, אַפילו צווייליגגס. בײַ אונז קאָן מען איצט אָפּט באַגעגענען סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וואָס לאַכן אין די הויפּנס, ווען מע רעדט וועגן פינפטלינגס און דריילינגס. אָבער לאַכן אין די הויפּנס איז זייער אַ ביליקער מיטל צו פאַרמאַכן די אויגן אַף דער נ יי ע ר פראַגע וועגן טאַקטיק און אָרגאַניזאַציע, וועלכע ווערט אַרויסגערופן דורכן גאַסן-קאַמף בײַ היינטיקער קריגס-טעכניק. לייענט זיך אָקאָרשט גוט אַריין אין דער דערציילונג וועגן דעם מאָסקווער אויפשטאַנד, מיינע הערן, וועט איר פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ צוזאַמענהאַנג עס האָבן די „פינפטלינגס“ מיט דער פראַגע וועגן דער „נייער באַריקאַדן-טאַקטיק“.

מאָסקווע האָט אַרויסגערוקט דידאָזיקע טאַקטיק, נאָר זי האָט זי ווייט ניט אַנטוויקלט, ווייט ניט פאַנאַנדערגעוויקלט אין אַ וויפל ניט איז ברייטן, ווירקלעך מאַסנווייזן פאַרנעם. קאַמפּסכעווורע-לייט איז געווען ווייניק, די אַרבעטער-מאַסע האָט ניט באַקומען קיין לאָזונג פון דרייסטע אָנפאַלן און האָט אים ניט אָנגעווענדט, דער כאַראַקטער פון די פאַרטיזאַנישע אָפּטיילן איז געווען צו איינאַרטיק, זייער געווער און זייערע קאַמפּס-אויפאַנים — ניט גענוגנד, זייער קענטשאַפט צו אָנפירן מיט: האַמוין — קימאַט ניט אַנטוויקלט. מיר דאַרפן: אָניאָגן דאָס אַלץ און מיר וועלן אָניאָגן, לערנענדיק זיך אַף דער דערפאַרונג פון מאָסקווע, פאַרשפרייטנדיק דידאָזיקע דערפאַרונג צווישן די מאַסן, אַרויסרופנדיק די שאַפונג פון די מאַסן גופא אין דעם איניען פון דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון אָט דער דערפאַרונג. און יענער פאַרטיזאַנישער קריג, יענער מאַסן-טעראָר, וועלכער גייט איצט אין רוסלאַנד קימאַט אומעטום אָן אַן אויפהער זינט דעקאַבר, וועלן בליסאָפעק העלפן אויסלערנען די מאַסן אַ ריכטיקע טאַקטיק אין מאָמענט פון אויפשטאַנד. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דאַרף אַנערקענען און אַנעמען אין איר טאַקטיק דעמדאָזיקן מאַסן-טעראָר, פאַרשטייט זיך, אָרגאַניזירנדיק און קאָנטראָלירנדיק אים, אונטערוואַרפנדיק אים די אינטערעסן און די באַדינגונגען פון דער אַרבעטער-באַוועגונג און פון דעם אַלגעמיין-רעוואָלוציאָנערן קאַמף, באַזייטיקנדיק און אָפּהאַקנדיק אָן ראַכמאָנעס יענע „לומפּנפּראָלעטאַרישע“ פאַרקריפּלונג פון דעמדאָזיקן פאַרטיזאַנער קריג, מיט וועלכער עס האָבן זיך אַזוי אויסגעצייכנט און אומראַכמאָנעסדיק אָפּגערעכנט די מאָסקווער אין די טעג פון אויפשטאַנד און די לעטן אין די טעג פון די באַרימטע לעטישע רעפּובליקן.

די קריגס-טעכניק מאַכט פאַר דער סאַמער לעצטער צייט נאָך נייע שריט פאָרויס. דער יאַפּאַנער קריג האָט אַרויסגערוקט די האַנט-גראַנאַטע. די געווער-פאַבריק האָט אַרויסגעלאָזן אַפן מאַרק דעם אווטאָמאַטישן ביקס. סאַי דאָס, סאַי יענץ הויבן שוין אָן מיט דערפאָלג אָנגעווענדט צו

ווערן אין דער רוסישער רעוואָלוציע, נאָר ווייט ניט אין אַ גענוגנדיקער מאָס. מיר קאָנען און מיר דאַרפן באַנוצן זיך מיט דער פאַרפולקומטער טעכניק, אויסלערנען די אַרבעטער-אָפטיילן גרייטן מאַסנווייז באָמבעס, העלפן זיי און אונזערע קאַמפסכוורעס מאַכן אַ רעזערוו פון אויפרייס־שטאָף, פון אונטערצינדער און אַוטאָמאַטישע ביקסן. באַם אַנטייל פון די אַרבעטער-מאַסן אין שטאָטישן אויפשטאַנד, באַ מאַסנווייזע אָנפאַלן אַפן סוינע, באַ אַ אַנטשלאָסענעם געשיקטן קאַמף פאַר דאָס מיליטער, וואָס וואַקלט זיך נאָך מער נאָך דער דומע, נאָך סוועאַבאָרג און קראָנשטאַט, באַ אַ זיכערן אַנטייל פון דעם דאָרף אין דעם אַלגעמיינעם קאַמף — וועט אין דעם קומענדיקן אַלרוסלענדישן באַוואָפנטן אויפשטאַנד דער זיג זיין אַף אונזער זייט!

לאָמיר דאָך ברייטער פאַנאַנדערוויקלען אונזער אַרבעט און דריי־סטער שטעלן אונזערע אויפגאַבן, באַנעמענדיק די לעקציעס פון די גרוי־סע טעג פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע. אין דעם יעסאָד פון אונזער אַרבעט ליגט דער ריכטיקער דיסקאָנט פון די אינטערעסן פון די קלאַסן און פון די באַדערפענישן פון דער אַלפאָלקישער אַנטוויקלונג אין דעם געגעבענעם מאָמענט. אַרום דעם לאָזונג: אַראָפוואַרפן די צאַרישע מאַכט און צונויפרופן דורך אַ רעוואָלוציאָנערער רעגירונג אַ גרינדונגס-פאַר־זאַמלונג גרופירן מיר און ווועלן גרופירן אַלץ אַ גרעסערן טייל פון דעם פראָלעטאַריאַט, פון דעם פויערטום און פון דער אַרמיי. די אַנט־וויקלונג פון דעם באַוואוסטזיין פון די מאַסן בלייבט, ווי שטענדיק, די באַ־זע און הויפט-אינהאַלט פון אונזער גאַנצער אַרבעט. נאָר לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז צו אַט דער אַלגעמיינער, שטענדיקער און איקערדיקער אויפגאַבע איז אַזעלכע מאָמענטן, ווי דער, וועלכן עס לעבט איבער רוס־לאַנד, גיבן צו באַזונדערע ספּעציעלע אויפגאַבן. לאָמיר זיך ניט פאַר־וואַנדלען אין פעדאַנטן און פיליסטערן, לאָמיר זיך ניט אויסדרייען פון דידאָזיקע ספּעציעלע אויפגאַבן פון מאָמענט, פון דידאָזיקע ספּעציעלע אויפגאַבן פון די געגעבענע קאַמפס-פאָרמען דורך אינהאַלטסלאָזע באַ־רופענישן אַף אונזערע שטענדיקע פליכטן, וועלכע בלייבן באַ אַלע באַדינ־גונגען און באַ אַלע צייטן.

לאָמיר געדענקען, אַז עס דערנעענטערט זיך אַ גרויסער מאַסן-קאַמף. דאָס וועט זיין אַ באַוואָפנטער אויפשטאַנד. ער דאַרף, ווי מעגלעך, זיין אַן איינצייטיקער. די מאַסן דאַרפן וויסן, אַז זיי גייען אַף אַ באַוואָפנטן, בלו־טיקן, שרעקלעכן קאַמף. די פאַראַכטונג צום טויט דאַרף פאַרשפּרייט ווערן צווישן די מאַסן און זיכערן דעם זיג. דער אָנגריף אַפן סוינע דאַרף זיין דער ענערגישסטער; אָנפאַלן, און ניט פאַרטיידיקן זיך, דאַרף ווערן דער לאָזונג פון די מאַסן; אומראַכמאָנעסדיק פאַרניכטן דעם סוינע — וועט ווערן זייער אויפגאַבע; די אָרגאַניזאַציע פון קאַמף וועט זיך אויסבילדן אַ

באַוועגלעכע און עלאַסטישע; די וואַקלדיקע עלעמענטן פון דעם מיליטער וועלן אַריינגעצויגן ווערן אין אַקטיוון קאַמף. די פּאַרטיי פון דעם באַוואוסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט דאַרף אויספּילן איר כּיוון אין דעמדאָזיקן גרויסן קאַמף.

„פּראָלעטאַרי נומ. 2
פון 29 אווגוסט 1906 יאָר.

# דער פּאַרטיזאַנישער קריג

די פראַגע וועגן פּאַרטיזאַנער אַקציעס אינטערעסירט שטאַרק אונ־זער פּאַרטיי און די אַרבעטער־מאַסע. מיר האָבן שוין באַרירט דידאָזיקע פראַגע אַגעוואורכע ניט איין מאָל. איצט ווילן מיר צוטרעטן צו דער מער גאַנציקער אויסלייגונג פון אונזערע מיינונגען, אַזוי ווי מיר האָבן פאַר־שפּראָכן.

## I

לאָמיר אָנהויבן פון אָנהויב. וואָס פאַר אַ גרונט־פאָדערונגען דאַרף שטעלן יעדער מאַרקסיסט באַם באַהאַנדלען די פראַגע וועגן די פאָרמען פון קאַמף? ערשטנס, אונטערשיידט זיך דער מאַרקסיסט פון אַלע פּרי־מיטיווע פאָרמען פון סאָציאַליזם מיט דעם, וואָס ער בינדט ניט די באַ־וועגונג מיט וועלכער ניט איז איין באַשטימטער פאָרם פון קאַמף. ער אַנערקענט די פאַרשיידנסטע פאָרמען פון קאַמף, ער „קלערט“ זיי אָבער ניט אויס, נאָר ער פאַראַלגעמיינערט זיי בלויז, ער אָרגאַניזירט, גיט צו באַוואוסטזיניקייט יענע קאַמפס־פאָרמען פון די רעוואָלוציאָנערע קלאַסן, וועלכע אַנטשטייען אַליין פון זיך אין גאַנג פון דער באַוועגונג. לאַכלוטן פיינטלעך יעדע אַבסטראַקטע פאָרמולעס, יעדע דאָקטרינערישע רע־צעפּטן, פאָדערט דער מאַרקסיזם אַן אויפמערקזאַמע באַציאונג צו דעם פאָרקומענדיקן מאַסן־קאַמף, וועלכער רופט אַרויס, מיט דער אַנטוויק־לונג פון דער באַוועגונג, מיטן וואוקס פון דער באַוואוסטזיניקייט פון די מאַסן, מיט דער פאַרשאַרפונג פון די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קריזיסן, אַלץ נייע און נייע, אַלץ מער פאַרשיידנאַרטיקע אויפאַנים פון קאַמף און אָנגריף. דעריבער זאָגט זיך דער מאַרקסיזם לאַכלוטן ניט אָפּ פון קיין שום פאָרמען פון קאַמף. דער מאַרקסיזם באַגרענעצט זיך ניט אין קיין שום פאַל מיט די מעגלעכע און עקזיסטירנדיקע בלויז אין דעם געגעבע־נעם מאָמענט פאָרמען פון קאַמף, אַנערקענענדיק די אומפאַרמייד־לעכקייט — באַ דער ענדערונג פון דער געגעבענער סאָציאַלער קאָנ־יונקטור — פון נייע פאָרמען פון קאַמף, וועלכע זיינען ניט באַקענט פאַר די טוער פון דעם געגעבענעם פעריאָד. דער מאַרקסיזם לערנט זיך אין אַט דער היגזיכט, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, באַ דער מאַסן־

פראַקטיק, ווייט פון פרעטענזיעס צו *לערנען* די מאַסן פאָרמען פון קאַמף אויסגעטראַכטע דורך קאַבינעט-„סיסטעמאַטיקער”. מיר ווייסן, — האָט געזאָגט, לעמאַשל, קאַוטסקי, באַטראַכטנדיק די פאָרמען פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, — אַז דער קומענדיקער קריזיס וועט אונז ברענגען נייע פאָרמען פון קאַמף, וועלכע מיר קאָנען ניט פאָרויסזעען איצט.

צווייטנס, פאָדערט דער מאַרקסיזם, אַז מע זאָל אומבאַדינגט *היסטאַריש* באַטראַכטן די פראַגע וועגן די פאָרמען פון קאַמף. שטעלן די דאָזיקע פראַגע אויסער די היסטאָריש-קאָנקרעטע באַדינגונגען — הייסט ניט פאַרשטיין דעם אַלעפבייס פון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם. אין פאַרשיידענע מאָמענטן פון דער עקאָנאָמישער עוואָלוציע, אָפּהענגיק פון פאַרשיידענע באַדינגונגען פאָליטישע, נאַציאָנאַל-קולטורעלע, שטייגערדיקע און אַז. וו., רוקן זיך אַרויס אַפן ערשטן פּלאַן פאַרשיידענע פאָרמען פון קאַמף, זיי ווערן די הויפּט-פאָרמען פון קאַמף, און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם בייטן זיך, ווידער, אויך די צווייטגראַדיקע, די נעבן-פאָרמען פון קאַמף. פרואוון זיך ענטפערן יאָ אָדער ניין אַף דער פראַגע וועגן אַ באַשטימטן קאַמפס-מיטל, ניט באַטראַכטנדיק דעטאַל די קאָנקרעטע באַדינגונגען פון דער באַוועגונג אַף דער געגעבענער שטופע פון איר אַנטוויקלונג — הייסט אינגאַנצן פאַרלאָזן דעם באָדן פון מאַרקסיזם.

אָט דאָס זיינען די צוויי טעאָרעטישע גרונט-האַנאָכעס, בא וועלכע מיר דאַרפן זיך האַלטן. די געשיכטע פון מאַרקסיזם אין מאַירעוו-אייראָפּע גיט אונז אַ שלאַל ביישפּילן, וואָס באַשטעטיקן דאָס, וואָס מיר האָבן געזאָגט. די אייראָפּעאישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האַלט בא היינטיקן טאָג דעם פּאַרלאַמענטאַריזם און די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג פאַר די הויפּט-פאָרמען פון קאַמף; זי האָט אָנערקענט דעם אויפשטאַנד אין אַוועק און זי איז פולקום גרייט צו אָנערקענען אים, ווען עס וועט זיך בייטן די קאָניונקטור, אין דער צוקונפט, — טראָץ דער מיינונג פון די ליבעראַלע בורזשואַ, ווי לעמאַשל, די רוסישע קאַדעטן און די בעזזאַגלאַווצעס*. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט ניט אָנערקענט דעם אַלגעמיינעם שטרייק אין די זיבעציקער יאָרן, אַלס אַ סאָציאַלן וואונדער-מיטל, אַלס אַ מיטל מיטאַמאָל אַראָפּצוּוואַרפן די בורזשואַזיע אַף אַ ניט-פּאָליטישן שטייגער, — די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אָנערקענט אָבער פולשטענדיק דעם מאַסן-שטרייק (באַזונדערס נאָך דער דערפאַרונג פון רוסלאַנד אין 1905 יאָר), אַלס *איינעם* פון די קאַמפס-מיטלען, וואָס איז נויטיק בא *געוויסע* באַדינגונגען. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט אָנערקענט דעם באַריקאַדן-קאַמף אין די גאַסן אין די 40-קער יאָרן פון 19-טן יאָרהונדערט, — זי האָט

* „Без Заглавия”—צייטשריפט פונם רוסישן עקסט-רעכטן בערנשטייניאַנער, פּראָקאָפּאָוויטש.

אפגעווארפן דעמדאזיקן קאמף אפן גרונט פון באשטימטע אנגאבן אין סאף פון 19־טן יארהונדערט, — זי האט אויסגעדריקט איר פולע גרייטקייט איבערצוקוקן אט דעם לעצטן קוק און צו אנערקענען די צוועקמעסיקייט פון דעם באריקאדן־קאמף נאך דער דערפארונג פון מאסקווע, וועלכע האט ארויסגערוקט, לויט ק. קאוטסקיס ווערטער, א נייע באריקאדן־טאקטיק.

## II

נאך דעם, ווי מיר האבן איינגעשטעלט די הויפט־האנאכעס פון דעם מארקסיזם, וועלן מיר איבערגיין צו דער רוסישער רעוואלוציע. לאמיר זיך דערמאנען די היסטארישע אנטוויקלונג פון די קאמפס־פארמען, וועלכע זי האט ארויסגערוקט. צוערשט עקאנאמישע שטרייקן פון ארבעטער (1896—1900), דערנאך פאליטישע דעמאנסטראציעס פון ארבעטער און סטודענטן (1901—1902), פויערשע בונטן (1902), דער אנהויב פון מאסנווייזע פאליטישע שטרייקן אין פארשיידענע קאמבינאציעס מיט דעמאנסטראציעס (ראסטאוו—1902, די זומערדיקע שטרייקן — 1903, דער 9־טער יאנואר — 1905), דער אלרוסלענדישער פאליטישער שטרייק מיט ארטיקע פאלן פון באריקאדן־קאמף (אקטיאבר 1905), מאסנווייזער באריקאדן־קאמף און א באוואפנטער אויפשטאנד (1905, דעקאבר), פארלאמענטארישער פרידלעכער קאמף (אפרעל—יון 1906), מיליטערישע טיילווייזע אויפשטאנדן (יון—יול 1906 י.), פויערשע טיילווייזע אויפשטאנדן (הארבסט 1905—הארבסט 1906 י.).

אזוי איז די זאכלאגע צו הארבסט 1906 יאר פון שטאנדפונקט פון קאמפס־פארמען ביכלאל. אן „ענטפער“־פארם פון קאמף מיצאד דער זעלבסטהערשונג איז דער שווארצמייאיקער פאגראם, אנהויבנדיק פון קישיניעוו אין הארבסט 1903 און ענדיקנדיק מיטן סעדלעצער אין הארבסט 1906 יאר. פאר אט דעם גאנצן פעריאד פראגרעסירט אלץ מער די ארגאניזאציע פון דעם שווארצמייעדיקן פאגראם און הארגעס פון אידן, סטודענטן, רעוואלוציאנערן, באוואוסטזיניקע ארבעטער; זי ווערט פארפולקומט, פארייניקנדיק מיט די געוואלטאטן פון דער אונטערגעקויפטער שווארצער מייע די געוואלטאטן פון דעם שווארצמייעדיקן מיליטער, דערגייענדיק ביזן אנווענדן ארטילעריע אין דערפער און שטעט, צונויפגיסנדיק זיך מיט שטראף־עקספעדיציעס, שטראף־צוגן און אז. וו.

אזא איז דער גרונט־פאן פון דעם בילד. אף דעמדאזיקן פאן שווימט ארויס, בליספעק, אלס עטוואס באזונדערס, צווייטראנגיקעס, זייטיקעס, — יענע דערשיינונג, וואס צוליב איר אויספארשונג און אפשאצונג איז געווידמעט דערדאזיקער ארטיקל. וואס שטעלט מיט זיך פאר דידאזיקע דערשיינונג? וואס פאר א פארמען האט זי? וועלכע זיינען אירע

אורזאַכן? ווען איז זי דערשינען און אין וואָס פּאַר אַ גראַד איז זי פאַר־שפּרייט? וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט זי אין דעם אַלגעמיינעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע? וואָס פאַר אַ שאַיכעס האָט זי צו דעם קאַמף פון אַר־בעטער־קלאַס, וועלכן עס אָרגאַניזירט און עס פירט אָן די סאָציאַל־דע־מאָקראַטיע? אָט דאָס זיינען די פראַגן צו וועלכע מיר דאַרפן איצט אַרי־בערגיין נאָך דעם, ווי מיר האָבן געשילדערט דעם אַלגעמיינעם פּאָן פון דעם בילד.

די דערשיינונג, וואָס אינטערעסירט אונז, איז דער באַוואָפנטער קאַמף. דעמדאָזיקן קאַמף פירן איינצלנע פּערזאָנען און קליינע גרופּן פער־זאָנען. טיילווייז געהערן זיי צו רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, טייל־ווייז (אין אייניקע ערטער פון רוסלאַנד מערסטנטייל) געהערן זיי ניט צו קיין שום רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע. דער באַוואָפנטער קאַמף פאַרפאָלגט צוויי פאַרשיידענע צילן, וועלכע עס איז נויטיק שטרענג צו אונטערשיידן איינעם פון צווייטן. נעמלעך: דערדאָזיקער קאַמף איז געווענדעט, ערשטנס, אַף הארגענען באַזונדערע פּערזאָנען, שעפן און אונטערגעוואָרפענע טוער פון דער מיליטער־פּאָליציייאישער דינסט; — צווייטנס, אַף קאָנפיסקירן געלט־מיטלען סאי בא דער רעגי־רונג, סאי בא פּריוואַטע פּערזאָנען. די קאָנפיסקירטע מיטלען גייען טייל־ווייז אַף דער פּאַרטיי, טיילווייז ספּעציעל אַף באַוואָפענונג און צוגרייטונג פונם אויפשטאַנד, טיילווייז אַף אויסצוהאַלטן די פּערזאָנען, וואָס פירן אָט דעם קאַמף, וואָס מיר כאַראַקטעריזירן. גרויסע עקספּראָפּריאַציעס (די קאַווקאַזער — איבער 200 טויזנט רובל, די מאָסקווער — 875 טויזנט ר.) זיינען גראַד געגאַנגען אַף רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען אין דער ערשטער ריי, — קליינע עקספּראָפּריאַציעס גייען קוידעמקאָל, און אָן אַנדערס מאָל אויך אינגאַנצן אַף אויסהאַלטן די „עקספּראָפּריאַטאָרן“. אַ ברייטע אַנט־וויקלונג און פאַרשפּרייטונג האָט דידאָזיקע פאָרם פון קאַמף באַקומען, בלויז פּונקט, ערשט אין 1906 יאָר, ד. ה. נאָך דעם דעקאַבער־אויפשטאַנד. די פאַרשאַרפונג פון דעם פּאָליטישן קריזיס ביז דעם גראַד פון אַ באַ־וואָפנטן קאַמף און באַזונדערס די פאַרשאַרפונג פון דער נויט, הונגער און אַרבעטסלאָזיקייט אין די דערפער און אין די שטעט האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער צאָל אורזאַכן, וואָס האָבן אַרויסגערופן דעם קאַמף, וועלכן מיר באַשרייבן דאָ. אַלס הויפּטזאַכלעכע און אָפילע אויס־שליסלעכע פאָרם פון סאָציאַלן קאַמף האָבן אויפגענומען דידאָזיקע פאָרם פון קאַמף די לומפּנפּראָלעטאַרישע עלעמענטן פון דער באַפעלקע־רונג, די לומפּן און די אַנאַרכיסטישע גרופּן. אַלס „ענטפער“־פאָרם פון קאַמף מיצאַד דער זעלבסטהערשונג דאַרף מען באַטראַכטן דעם קריגס־צושטאַנד, די מאָביליזאַציע פון נייעם מיליטער, די שוואַרצמייעדיקע פּאָ־גראָמען (סעדלעץ), די קריגס־פעלד־געריכטן.

III

די געוויינלעכע אָפּשאַצונג פון דעם קאַמף, וואָס מיר באַטראַכטן דאָ, באַשטייט אין פאָלגנדיקן: דאָס איז אַנאַרכיזם, בלאַנקיזם, דער אַלטער טעראָר, האַנדלונגען פון יעכידעם, וואָס זיינען אָפּגעריסן פון די מאַסן, וועלכע דעמאָראַליזירן די אַרבעטער, וועלכע שטויסן פון זיי אָפּ די ברייטע קרייזן פון דער באַפעלקערונג, וואָס דעזאָרגאַניזירן די באַוועגונג, וואָס שאַדן דער רעוואָלוציע. ביישפּילן, וואָס באַשטעטיקן אַזאַ מין אָפּשאַצונג ווערן לייכט אויפגעזוכט צווישן די געשעענישן, וועגן וועלכע עס ווערט דערציילט יעדן טאָג אין די ציימונגען.

צי זיינען אָבער דערוויייזנדיק דיזאָזיקע ביישפּילן? קעדיי צו קאָנטראָלירן עס, וועלן מיר נעמען אַ קאַנט, וואו עס איז אַמערסטן אַנטוויקלט דיזאָזיקע פאָרם פון קאַמף — דעם לעטישן קאַנט. אָט ווי עס קלאָגט זיך אַף דער טעטיקייט פון דער לעטישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע די צייטונג „נאָוואָיע ווהרעמיא“ (פון דעם 8-טן און 12-טן סענטיאַבר). די לעטישע ס.-ד. אַרב. פאַרטיי (אַ טייל פון דער ר.ס.ד.א.פּ.) לאָזט אַרויס רעגולער איר ציימונג אין 30.000 עקזעמפּליאַרן. אין דער אָפיציעלער אָפּטיילונג דרוקן זיך די צעטלען פון די שפּיאָנען, די פאַרניכטונג פון וועלכע עס איז אַ כויוו פון יעדן ערלעכן מענטשן. די וואָס העלפן מיט דער פּאָליציי ווערן דערקלערט אַלס „קעגנער פון דער רעוואָלוציע“ און דאַרפן אומגעבראַכט ווערן, ענטפערנדיק כוץ דעם מיט זייער פאַרמעגן. געלט פאַר דער פאַרטיי פון די ס.-ד. באַפעלט מען דער באַפעלקערונג איבערצוגעבן בלויז באַם מעלדן אַ קוויטאַנציע מיט אַ שטעמפּל. אין דעם לעצטן באַריכט פון דער פאַרטיי איז צווישן 48.000 רובל האַכנאָסע פאַראַן 5.600 רובל פון דער ליבאַווער אָפּטיילונג אַף געווער, וועלכע האָבן זיך באַקומען דורך עקספּראָפּריאַציע. — די „נאָוואָיע ווהרעמיא“ שיט פעך און שוועבל, פאַרשטייט זיך, אַף דערדאָזיקער „רעוואָלוציאָנערער געזעצגעבונג“ פון אָט דער „גרויזאַמער רעגירונג“.

אָנרופן אַנאַרכיזם, בלאַנקיזם, טעראָריזם אָט דיזאָזיקע טעטיקייט פון לעטישע ס.-ד. וועט זיך קיינער ניט אַנטשליסן. פאַרוואָס אָבער? דערפאַר, ווייל דאָ איז קלאָר דער צוזאַמענהאַנג פון דער נייער קאַמפּס-פאָרם מיטן אויפשטאַנד, וואָס איז געווען אין דעקאַבר און וועלכער צייטיקט זיך אָן ווידער. בענוגייע צו גאַנץ רוסלאַנד איז דערדאָזיקער צוזאַמענהאַנג ניט אַף אַזויפיל קלאָר, נאָר ער עקזיסטירט. די פאַרשפּרייטקייט פון דעם „פּאַרטיזאַנער“-קאַמף גראַד נאָך דעקאַבר, זיין צוזאַמענבונד מיט דער פאַרשאַרפונג ניט בלויז פון דעם עקאָנאָמישן, נאָר אויך פון דעם פּאָליטישן קריזיס זיינען אויסער יעדן ספק. דער אַלטער רוסישער טעראָריזם איז געווען אַ זאַך פון דעם אינטעליגענט — דעם פאַר-

שווערער; איצט פֿירט דעם פּאַרטיזאַנישן קאַמף, אַלס רעגל, דער אַר־בעטער — דער שלאַכט־מאַן אָדער פּאָשעט דער אַרבעטסלאָזער אַרבע־טער. בלאַנקיזם און אַנאַרכיזם קומען גרינג אין קאָפּ אַריין מענטשן, וועלכע זיינען נויטע צו שאַבלאָנען, נאָר אין די באַדינגונגען פֿון אַן אויפֿ־שטאַנד, וועלכע זיינען אַזוי קלאָר אין לעטישער געגנט, איז שווין צו קלאָר, אַז אַט די אויסגעלערנטע קוויטלעך טויגן לאַכלומן ניט.

אַף דעם ביישפּיל פֿון די לעטן איז קלאָר די פֿולשטענדיקע ניטריכ־טיקייט, ניטוויסנשאַפֿטלעכקייט, ניטהיסטאָרישקייט פֿון דעם אַזוי גע־וויינלעכן באַ אונז אַנאַליז פֿון דעם פּאַרטיזאַנישן קריג אויסער דעם צו־זאַמענהאַנג מיט דער אויפֿשטאַנדס־סיטואַציע. מע דאַרף נעמען אין אַכט דידאָזיקע סיטואַציע, מע דאַרף אַ טראַכט טאָן וועגן די ספּעציפֿישקייטן פֿון דעם צווישן־פּעריאָד צווישן די גרויסע אַקטן פֿון אויפֿשטאַנד, מע דאַרף פֿאַרשטיין, וואָס פֿאַר אַ פֿאָרמען פֿון קאַמף עס אַנטשטייען דערביי אומפֿאַרמיידלעך, און ניט אָפּאַטערן זיך מיט אַן אויסגעלערנטער זאַמלונג פֿון ווערטער, וועלכע זיינען דיזעלבע סאַי באַ אַ קאַדעט, סאַי באַ אַ נאָ־וואָיעוורעמיע־מאַן: אַנאַרכיזם, רויבערייַ, לומפּערייַ!

מע זאָגט: די פּאַרטיזאַנישע אַקציעס דעזאָרגאַניזירן אונזער אַר־בעט. לאָמיר אָנווענדן דידאָזיקע בקירע צו דער לאַגע נאָך דעקאַבער 1905 יאָר, צו דער עפּאָכע פֿון שוואַרצמייעדיקע פּאָגראָמען און קריג־צושטאַנד. וואָס דעזאָרגאַניזירט מער די באַוועגונג אין א ז אַ עפּאָכע: דאָס וואָס עס איז ניטאָ קיין ווידערשטאַנד, — אָדער אַן אָרגאַניזירטער פּאַרטיזאַנישער קאַמף? פֿאַרגלייכט צענטראַל־רוסלאַנד מיט דער מאַירעווודיקער ראַנד־געגנט, מיט פּוילן און מיט דער לעטישער געגנט. עס איז קיין סאָפֿעק ניט, אַז דער פּאַרטיזאַנישער קריג איז באַדייטנדיק ברייטער פֿאַרשפּרייט און העכער אַנטוויקלט אין דער מאַירעווודיקער ראַנד־געגנט. און פּונקט אַזוי איז קיין סאָפֿעק ניט, אַז די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג ביכלאַל, די ס.־ד. באַוועגונג באַזונדערס זיינען מ ע ר ד ע ז אָ ר ג א נ י ז י ר ט אין צענטראַל־רוסלאַנד, איידער אין די מאַירעווודיקע ראַנד־געגנטן אירע. פֿאַר־שטייט זיך, אַז עס קומט אונז אין זינען ניט צו מאַכן דערפֿון אַן אויספֿיר, אַז די פּוילישע און די לעטישע ס.־ד. באַוועגונג זיינען ווייניקער דעזאָר־גאַניזירט אַ ד א נ ק דעם פּאַרטיזאַנישן קריג. ניין. דערפֿון שטאַמט נאָר, אַז דער פּאַרטיזאַנישער קריג איז ניט שולדיק אין דער דעזאָרגאַניזאַציע פֿון דער ס.־ד. אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד אין 1906 יאָר.

דאָ באַרופֿט מען זיך אָפֿט אַף דער ספּעציפֿישקייט פֿון די נאַציאָנאַ־לע באַדינגונגען. אָבער דאָסדאָזיקע באַרופֿן זיך גיט באַזונדערס אַרויס די שוואַכקייט פֿון דער געוויינלעכער אַרגומענטאַציע. אויב די זאַך איז דאָ אין די נאַציאָנאַלע באַדינגונגען, הייסט עס, אַז די זאַך איז דאָ ניט אין אַנאַרכיזם, בלאַנקיזם, טעראָריזם — אַוויירעם אַלרוסלענדישע און אַפֿילע

ספּעציעל רוסישע, — נאָר אין עפּעס אַנדערש. קלייבט פאַנאַנדער דאָס־דאָזיקע עפּעס אַנדערש ק אָ נ ק ר ע ט, מיינע הערן! דאַן וועט איר דער־זען, אַז דער נאַציאָנאַלער יאָך אָדער דער אַנטאַגאָניזם דערקלערט גאָר־ניט, ווייל ער איז שטענדיק געווען אין די מאַירעוודיקע ראַנד־געגנטן, און דעם פּאַרטיזאַנישן קריג האָט געבוירן בלויז דער געגעבענער היסטאָרי־שער פּעריאָד. עס זיינען פאַראַן אַסאַך ערטער, וואו עס איז דאָ נאַציאָנאַ־לער דרוק און אַנטאַגאָניזם, נאָר עס איז ניטאָ קיין פּאַרטיזאַנישער קריג, וועלכער אַנטוויקלט זיך אַן אַנדערס מאָל אָן יעדן נאַציאָנאַלן יאָך. דער קאָנקרעטער אַנאַליז פון דער פראַגע וועט באַווייזן, אַז די זאַך איז דאָ ניט אין דעם נאַציאָנאַלן יאָך, נאָר אין די באַדינגונגען פון אויפשטאַנד. דער פּאַרטיזאַנישער קאַמף איז אַן אומפאַרמיידלעכע פאָרם פון קאַמף אין אַזאַ צייט, ווען די מאַסן־באַוועגונג איז שוין דערגאַנגען אינדערעמעסן צו אַן אויפשטאַנד, און ווען עס קומען מער אָדער ווייניקער גרויסע האַפּסאָקעס צווישן „גרויסע שלאַכטן“ אין דעם בירגער־קריג.

עס דעזאָרגאַניזירן די באַוועגונג ניט די פּאַרטיזאַנישע אַקציעס, נאָר די שוואַכקייט פון דער פּאַרטיי, וואָס קאָן ניט נ ע מ ע ן א י ן א י ר ע ה ע נ ט דידאָזיקע אַקציעס. אָט פאַרוואָס די געוויינלעכע באַ אונז, רוסן, באַראָמעס קעגן די פּאַרטיזאַנישע אַרויסטרעטונגען פאַרייניקן זיך מיט געהיימע, צופעליקע, ניטאָרגאַניזירטע פּאַרטיזאַנישע אַקציעס, וועלכע דעזאָרגאַניזירןווירקלעך די פּאַרטיי. אָנמעגלעך צו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ היסטאָרישע באַדינגונגען עס רופן אַרויס דעמדאָזיקן קאַמף, זיינען מיר אויך אָנמעגלעך צו פּאַראַליזירן זיינע שלעכטע זייטן. און דער קאַמף גייט דערווייל. עס רופן אים אַרויס מעכטיקע עקאָנאָמישע און פּאָלי־טישע אורזאַכן. מיר זיינען ניט בעקויעך צו באַזייטיקן דידאָזיקע אורזאַכן און צו באַזייטיקן דעמדאָזיקן קאַמף. אונזער קלאָגן אַף דעם פּאַרטיזאַנישן קאַמף, — דאָס זיינען קלאָגן אַף אונזער פּאַרטייאישער שוואַכקייט אין דעם איניען פון אויפשטאַנד.

דאָס, וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן דעזאָרגאַניזאַציע, איז שאַיעך אויך צו דעמאָראַליזאַציע. עס דעמאָראַליזירט ניט דער פּאַרטיזאַנישער קריג, נאָר די נ י ט אָ ר ג א נ י ז י ר ט ק י י ט, די אָרדענונגסלאָזיקייט, די אומפּאַרטייאישקייט פון די פּאַרטיזאַנישע אַרויסטרעטונגען. פון אָט דער־דאָזיקער ב ל י ס אָ פּ ע ק ד י ק ע ר דעמאָראַליזאַציע ראַטעווען אונז ניט אַפילע אַף קיין האָר די פאַרורטיילונגען און די קלאָלעס קעגן די פּאַרטי־זאַנישע אַרויסטרעטונגען, ווייל אָט די פאַרורטיילונגען און קלאָלעס זיי־נען אַבסאָלוט אָנמעגלעך אָפּצושטעלן די דערשיינונג, וועלכע איז אַרויס־גערופן דורך טיפע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אורזאַכן. מע וועט אונז דערווידערן: אויב מיר זיינען אָנמעגלעך אָפּצושטעלן די אומנאָרמאַלע און דעמאָראַליזירנדיקע דערשיינונג, איז דאָס נאָך קיין אַרגומענט ניט פאַר

דעם, אַז די פּאַרטיי זאָל איבערגיין צו אומנאָרמאַלע און דעמאָראַליזירנדיקע קאַמפּס־מיטלען. נאָר אַזאַ דערווידערונג וואָלט געווען שוין אַ ריין ליבעראַל־בורזשואַזע, און ניט קיין מאַרקסיסטישע, ווייל רעכענען ביכלאַל פאַר אומנאָרמאַל און פאַר דעמאָראַליזירנדיק דעם בירגער־קריג אָדער דעם פּאַרטיזאַנישן קריג, אַלס איינע פון זיינע פאָרמען, קאָן אַ מאַרקסיסט ניט. אַ מאַרקסיסט שטייט אַפן באָדן פון קלאַסן־קאַמף, און ניט פון סאָציאַלן פרידן. אין געוויסע פּעריאָדן פון שאַרפע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קריזיסן, וויקלט זיך פאַנאַנדער דער קלאַסן־קאַמף ביז אַ דירעקטן בירגער־קריג, ד. ה. ביז אַ באַוואָפנטן קאַמף צווישן צוויי טיילן פון פאָלק. אין אַזעלכע פּעריאָדן איז אַ מאַרקסיסט מעכויעוו צו שטיין אַפן שטאַנדפּונקט פון בירגער־קריג. יעדע מאָראַלע פאַרורטיילונג פונם בירגער־קריג איז לאַכלוטן ניט דערלאָזבאַר פונם שטאַנדפּונקט פון מאַרקסיזם.

אין דער עפּאָכע פון בירגער־קריג איז דער אידעאַל פון דער פּאַרטיי פון דעם פּראָלעטאַריאַט — אַ קריגערישע פּאַרטיי. דאָס איז אַבסאָלוט אומבאַשטרייטבאַר. מיר דערלאָזן פולקום, אַז פון שטאַנדפּונקט פון בירגער־קריג קאָן מען באַווייזן און דערווייזן די ניטצוועקמעסיקייט פון די אָדער יענע פאָרמען פון בירגער־קריג אין דעם אָדער יענעם מאָמענט. די קריטיק פון פאַרשיידענע פאָרמען פון בירגער־קריג פון שטאַנדפּונקט פון זייער קריגס־צוועקמעסיקייט אַנערקענען מיר פולקום און מיר זיינען לאַכלוטן איינשטימיק, אַז די אַנטשיידנדיקע שטים אין אַזאַ פראַגע געהערט די פּראַקטיקער ס.־ד. פון יעדער באַזונדערער געגנט. נאָר אין נאָמען פון די פּרינציפּן פון מאַרקסיזם פאָדערן מיר אומבאַדינגט, אַז פון דעם אַנאַליז פון די באַדינגונגען פון בירגער־קריג זאָל מען זיך ניט אָפּאַטערן מיט אויסגעריבענע און שאַבלאָנאַרטיקע פראַזן וועגן אַנאַרכיזם, בלאַנקיזם, טעראָריזם; אַז די זינלאָזע אויפאַניב פון פּאַרטיזאַנישע האַנדלונגען, וועלכע עס ווענדעט אָן אַזאַ און אַזאַ פּעפּעעסאַווישע אָרגאַניזאַציע אין אַזאַ און אַזאַ מאָמענט, זאָלן ניט אַרויסגעשטעלט ווערן אַלס שרעק־בילד אין דער פראַגע וועגן דעם עצם אַנטייל פון דער ס.־ד. אין פּאַרטיזאַנישן קריג ביכלאַל.

צו דעם באַרופן זיך אַף דער דעזאָרגאַניזירונג פון דער באַוועגונג דורך דעם פּאַרטיזאַנישן קריג דאַרף מען זיך באַציען קריטיש. יעדע נייע פאָרם פון קאַמף, וועלכע איז פאַרבונדן מיט נייע געפאַרן און נייע קאָרבאָנעס, „דעזאָרגאַניזירט“ אומפאַרמיידלעך די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען ניט צוגעגרייט צו דער דאָזיקער נייער קאַמפּס־פאָרם. אונזערע אַלטע פּראָפּאַגאַנדיסטן־קרייזלעך האָט דעזאָרגאַניזירט דער איבערגאַנג צו אַגיטאַציע. אונזערע קאָמיטעטן האָט דעזאָרגאַניזירט דערנאָך דער איבערגאַנג צו דעמאָנסטראַציעס. יעדע קריגס־אָפּעראַציע אין יעדער מיל־

כאַמע טראָגט אַריין אַ געוויסע דעזאָרגאַניזירונג אין די רייען פון די קריגער. דערפון קאָן מען ניט מאַכן קיין אויספיר, אַז מע דאַרף ניט מילכאָמע האַלטן. דערפון דאַרף מען מאַכן אַן אויספיר, אַז מע דאַרף זיך *אויסלערנען* מילכאָמע האַלטן. אָט דאָס איז גאָר.

ווען איך זע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס מעלדן מיט גאַדלעס און זעלבסטצופרידנקייט: מיר זיינען ניט קיין אַנאַרכיסטן, ניט קיין גאַנאָווים, ניט קיין רויבער, מיר שטייען העכער פון דעם, מיר וואַרפן אָפּ דעם פאַרטיזאַנישן קריג, דאַן פרעג איך זיך: פאַרשטייען אָט די מענטשן, וואָס זיי ריידן אָדער ניט? איבערן גאַנצן לאַנד גייען באַוואָפנטע צוזאַמענשטויסן און געפעכטן צווישן דער שוואַרצמייעדיקער רעגירונג און דער באַפעלקערונג. דאָס איז אַ דערשיינונג, וואָס איז אַבסאָלוט אומפאַרמיידלעך אַף דער געגעבענער אַנטוויקלונג־שטופע פון דער רעוואָלוציע. די באַפעלקערונג רעאַגירט אַף דעם דראַזיקער דערשיינונג סטיכייאיש, ניט אָרגאַניזירט — און טאַקע דערפאַר אָפט אין ניטגעלונגענע און *שלעכטע* פאָרמען — אויך מיט באַוואָפנטע צוזאַמענשטויסן און אָנפאַלן. איך פאַרשטיי, אַז אַדאַנק דער שוואַכקייט און ניטצוגעגרייטקייט פון אונזער אָרגאַניזאַציע קאָנען מיר זיך אָפּזאָגן אין דעם געגעבענעם אָרט און אין דעם געגעבענעם מאָמענט פון דער פאַרטיזאַנישער אָנפירונג פון אָט *דעם* סטיכייאישן קאַמף. איך פאַרשטיי, אַז די־דאָזיקע פראַגע דאַרפן לייזן די אָרטיקע פראַקטיקער, אַז די איבעראַרבעטונג פון די שוואַכע און ניטצוגעגרייטע אָרגאַניזאַציעס איז ניט קיין לייכטע זאַך. נאָר ווען איך זע אָבער בײַ אַ טעאָרעטיק אָדער בײַ אַ פובליציסט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ניט קיין געפיל פון טרויער בענויגייע דעראָזיקער ניטצוגעגרייטקייט, נאָר אַ גאַיוועדיקע זעלבסטצופרידנקייט און אַ נאַרציסיש*־אַנטציקטע איבערכאַזערונג פון די פראַזן וועגן אַנאַרכיזם, בלאַנקיזם, טעראָריזם, אויסגעלערנטע אין דער יוגנט, דאַן פיל איך מיך באַליידיקט פאַר דער דערנידערונג פון דער דאָקטרינע, וועלכע איז די סאַמע רעוואָלוציאָנערע אין דער וועלט.

מע זאָגט: דער פאַרטיזאַנישער קריג דערנענטערט דעם פראָלעטאַריאַט צו די אָפּגעלאָזענע שיקורים לומפּנפּראָלעטאַריער. דאָס איז ריכטיק. נאָר דערפון איז בלויז געדרונגען, אַז די פּאַרטיי פון דעם פראָלעטאַריאַט קאָן קיינמאָל ניט רעכענען דעם פאַרטיזאַנישן קריג פאַרן איינציקן אָדער אַפילו פאַרן איקערדיקן קאַמפס־מיטל; אַז דאָס־דאָזיקע מיטל דאַרף אונטערגעוואָרפן זיין די אַנדערע, אַז דאָס דאַרף זיין קאָאָרדינירט מיט די הויפּט־מיטלען פון קאַמף, אַז עס דאַרף פאַראיידלט

---

* לויט דער גריכישער לעגענדע איז נארציס געווען אַ וואונדערשיינער יונגלינג, וועלכער האָט זיך פאַרליבט אין זיין אייגענע אָפּשפּיגלונג אינם וואסער.

איב.

ווערן דורך דער אויפקלערנדיקער און אָרגאַניזירנדיקער ווירקונג פון דעם סאָציאַליזם. אָן אָט דעם *לעצטן* באַדינג דערנעענטערן אָבער *אַלע*, לאַכלוטן אַלע מיטלען פון קאַמף אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, דעם פּראָלעטאַריאַט צו פאַרשיידענע ניט־פּראָלעטאַרישע שיכטן איבער אים אָדער אונטער אים און, זייענדיק איבערגעלאָזן אָף דעם סטיכייאישן לויף פון די געשעענישן, ווערן דידאָזיקע קאַמפס־מיטלען אָפּגענוצט, פאַרקריפּלט, פּראָסטיטואירט. שטרייקן, וואָס ווערן איבערגעלאָזן אָף דעם סטיכייאישן גאַנג פון די געשעענישן, ווערן פאַרקריפּלט אין „אַליאַנסן" — אין פאַרשטענדיקונגען פון די אַרבעטער מיט די באַלעבאַטים קעגן די געבּרויכער. דער פּאַרלאַמענט ווערט פאַרקריפּלט אין אַ שאַנד־הויז, וואו אַ באַנדע בורזשואַזע פּאָליטיקאַנער האַנדלען אַנגראָ און אין איינצלפאַרקויף מיט „פאָלקס־פרייהייט", „ליבעראַליזם", „דעמאָקראַטיע", רעפּובליקאַניזם, אַנטיקלעריקאַליזם, סאָציאַליזם און מיט אַלע אַנדערע גאַנגבאַרע סכוירעס. די צייטונג ווערט פאַרקריפּלט אין אַ צוגענגלעכער זנותשאַדכנטע, אין אַ געווער פון דעמאָראַליזירן די מאַסן, פון גראָב כאַנפענען די נידעריקסטע אינסטינקטן פון דעם האַמוין און אַז. וו., און אַז. וו. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וויים ניט פון קיין אוניווערסאַלע קאַמפס־מיטלען, אַזעלכע מיטלען, וואָס זאָלן אָפּצוימען דעם פּראָלעטאַריאַט מיט אַ כינעזישער וואַנט פון די שיכטן, וואָס שטייען אביסל העכער אָדער אַביסל נידעריקער פון אים. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווענדעט אָן אין פאַרשיידענע עפּאָכן פאַרשיידענע מיטלען, אַרומשטעלנדיק *אַלעמאָל* זייער אָנווענדונג מיט *שטרענג* באַשטימטע אידייאישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע באַדינגונגען*.

די פאָרמען פון קאַמף אין דער רוסישער רעוואָלוציע צייכענען זיך

* די באָלשעוויקעס ס.־ד. באַשולדיקט מען אָפט אין אַ לייכטזיניק־סימפּאַטיזירנדיקער באַציאונג צו פּאַרטיזאַנישע אַרויסטרעטונגען. עס וועט ניט איבעריק זיין דעריבער צו דערמאָנען, אַז אין דעם פּראָעקט פון רעזאָלוציע וועגן פּאַרטיזאַנישע אַקציעס האָט יענער *טייל* פון די באָלשעוויקעס, וואָס האָט זיי פּאַרטיידיקט, אַרויסגערוקט פאָלגנדיקע באַדינגונגען פאַר זייער אָנערקענונג: „עקסן" פון פּריוואַטן פאַרמעגן זיינען אינגאַנצן ניט דערלאָזן געוואָרן; „עקסן" פון קאַזיאָנעם פאַרמעגן זיינען ניט רעקאָמענדירט געוואָרן, נאָר זיינען *דערלאָזן געוואָרן*, בּאַ דער באַדינגונג פון *קאָנטראָל פון דער פּאַרטיי* און באַם פאַרבּרויכן די מיטלען אָף די *נויטן פון אויפשטאַנד*. פּאַרטיזאַנישע אַקציעס אין דער פאָרם פון טעראָר זיינען *רעקאָמענדירט* געוואָרן קעגן די גוואַלד־טוער פון דער רעגירונג און קעגן די אַקטיווע שוואַרצמייעניקעס, נאָר בּאַ דעם באַדינג: 1) רעכענען זיך מיט דער שטימונג פון די ברייטע מאַסן; 2) נעמען אין אַכט די באַדינגונגען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דעם געגעבענעם אָרט; 3) זאָרגן דערפאַר, אַז די קרעפטן פון דעם פּראָלעטאַריאַט זאָלן ניט אויסגעבראַכט ווערן אומזיסט. דער פּראַקטישער אונטערשייד פון דעמדאָזיקן פּראָעקט מיט יענער רעזאָלוציע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן אָפן פאַרייניקונגס־צוזאַמענפאָר, באַשטייט *אויסשליסלעך* אין דעם, וואָס עס זיינען ניט דערלאָזן געוואָרן קיין „עקסן" פון קאַזיאָנעם פאַרמעגן.

לעניס אָנמערקונג

אוים מיט אַ קאָלאָסאַלער פּילאַרטיקייט אין פאַרגלייך מיט די בורזשואַזע רעוואָלוציעס פון אייראָפּע. קאַוטסקי האָט עס טיילווייז פאָרויסגעזאָגט, ריידנדיק אין 1902 יאָר וועגן דעם, אַז די קומענדיקע רעוואָלוציע (ער האָט צוגעגעבן: מיטן אויסנאַם קאָן זיין פון רוסלאַנד) וועט זיין ניט אַזויפיל אַ קאַמף מיט דער רעגירונג, וויפל אַ קאַמף צווישן צוויי טיילן פונם פאָלק. אין רוסלאַנד זעען מיר, בליסאָפּעק, אַ ברייטערע אַנטוויקלונג פון אָט דעם צווייטן קאַמף, איידער אין די בורזשואַזע רעוואָלוציעס אין מאַירעוו. די סאָנים פון אונזער רעוואָלוציע אין דעם פאָלק גופע זיינען קליין אין צאָל, נאָר זיי אָרגאַניזירן זיך אַלץ מער און מער מיט דער פאַרשאַרפונג פון קאַמף און באַקומען שטיצע מיצאַד די רעאַקציאָנערע שיכטן פון דער בורזשואַזיע. עס איז גאַנץ נאַטירלעך און אומפאַרמיידלעך דעריבער, וואָס אין אַזאַ עפּאָכע, אין דער עפּאָכע פון אַלפאָלקישע פּאָליטישע שטרייקן, וועט דער אויפשטאַנד ניט קאָנען אויסגיסן זיך אין דער אַלטער פאָרם פון איינצלנע אַקטן, וואָס זיינען באַגרענעצט מיט זייער אַ קורצן צייט־אָפּשניט און מיט זייער ניט קיין גרויסער געגנט. עס איז גאַנץ נאַטירלעך און אומפאַרמיידלעך, וואָס דער אויפשטאַנד נעמט אָן אַלץ העכערע און קאָמפּליצירטערע פאָרמען פון אַ דויערנדיקן בירגער־קריג, וועלכער כאַפּט אַרום דאָס גאַנצע לאַנד, ד. ה. פון אַ באַוואָפנטן קאַמף צווישן צוויי טיילן פון פאָלק. אַזאַ קריג קאָן מען זיך ניט אַנדערש פאָרשטעלן, אַלס אַ ריי פון ניט פילע, גרויסע שלאַכטן, אָפּגעטיילטע איינע פון דער אַנדערער מיט פאַרהעלטנישמעסיק גרויסע האַפּסאָקעס, און אַ מאַסע קליינע צוזאַמענשטויסן אין מעשעך פון די־דאָזיקע האַפּסאָקעס. אויב דאָס איז אַזוי, — און דאָס איז בליסאָפּעק אַזוי, — דאַרף די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אומבאַדינגט שטעלן פאַר איר ציל צו באַשאַפן אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זאָלן אין דער העכסטער מאָס פעאיק זיין אָנצופירן מיט די מאַסן סאַי אין די־דאָזיקע גרויסע שלאַכטן, סאַי, ווי מעגלעך, אין אָט די קליינע צוזאַמענשטויסן. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דאַרף אין דער עפּאָכע פונם קלאַסן־קאַמף, וועלכער האָט זיך פאַרשאַרפט ביז בירגער־קריג, שטעלן זיך די אויפגאַבע ניט נאָר אָנטיילצונעמען, נאָר אויך שפּילן אַ אָנפירנדיקע ראָלע אין דעם דאָזיקן בירגער־קריג. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דאַרף דערציען און צוגרייטן אירע אָרגאַניזאַציעס צו דעם, אַז זיי זאָלן ווירקלעך אַרויסטרעטן, אַלס מילכאָמע פירנדיקער צאַד, וועלכער לאָזט ניט דורך קיין איין מעגלעכקייט שאָדן צו ברענגען דעם סוינע.

דאָס איז אַ שווערע אויפגאַבע, ניטאָ וואָס צו ריידן. מע קאָן זי ניט לייזן מיטאַמאָל. אַזוי ווי עס ווערט איבערדערצויגן און ווי עס לערנט זיך אין קאַמף דאָס גאַנצע פאָלק אין מעשעך פון בירגער־קריג, אַזוי דאַרפן אויך אונזערע אָרגאַניזאַציעס דערצויגן ווערן. דאַרפן זיי אָפּן גרונט פון

דער דערפֿאַרונג איבערגעבויט ווערן אַזוי, אַז זיי זאָלן באַפֿרידיקן דידאַ־זיקע אויפֿגאַבע.

מיר פֿרעטענדירן לאַכלוטן ניט אָנצוכינדן די פּראַקטיקער אַ וועלכע ניט איז אויסגעטראַכטע פֿאָרם פֿון קאַמף, אָדער אַפֿילו אָף לייזן פֿונם קאַבינעט די פֿראַגע וועגן דער ראָלע פֿון די אָדער יענע פֿאָרמען פֿון פֿאַר־טיזאַנישן קריג אין דעם אַלגעמיינעם גאַנג פֿון בירגער־קריג אין רוסלאַנד. מיר זיינען ווייט פֿון געדאַנק צו זעען אין דער קאָנקרעטער אָפּשאַצונג פֿון די אָדער יענע פֿאַרטיזאַנישע אַרויסטרעטונגען אַ פֿראַגע פֿון ריכ־טונג אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. נאָר מיר זעען אונזער אויפֿגאַבע אין העלפֿן לויט אונזערע קויכעס דער ריכטיקער טעאָרעטישער אָפּשאַצונג פֿון די נייע קאַמפֿס־פֿאָרמען, וועלכע ווערן אַרויסגערוקט דורכן לעבן; — אין קעמפֿן אָן ראַכמאָנעס מיט שאַבלאָנען און מיט פֿאָ־רורטיילן, וואָס שטערן די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער ריכטיק אַוועקצו־שטעלן די נייע און שווערע פֿראַגע, ריכטיק צוצוגיין צו איר לייזונג.

„פּראָלעטאַרי״, נומ. 5
פֿון 30 סעפּטעמבער 1906 יאָר.

# אַ פּרואוו צו קלאַסיפֿיצירן די רוסישע פּאָליטישע פּאַרטייען

דער פֿאַרייניקונגס־צוזאַמענפֿאָר פֿון דער ר.ס.ד.אַ.פּ. האָט זיך, ווי באַוואוסט, אויסגעדרייט פֿון דער אויפֿגאַבע צו געבן אַ קלאַסן־אַנאַליז פֿון די פּאָליטישע פּאַרטייען אין רוסלאַנד און צו באַשטימען די פּראָלעטאַרי־שע באַציאונג צו זיי. די אַלגעמיינע באַשטעטיקונג פֿון דער אַמסטערדאַ־מער רעזאָלוציע איז ניט קיין אַנדער זאַך, אַלס אַ פֿאָרם פֿון אויסדרייען זיך. די רעוואָלוציע פֿאָדערט אָבער פֿון אונז אַלץ מער און מער האַרטנע־קיג אָנצואווענדן דעם מאַרקסיסטישן מעטאָד און די מאַרקסיסטישע טעאָריע צו דער באַלייכטונג פֿון יענעם טיפֿן און אינטערעסאַנטסטן פּראָ־צעס פֿון אויסבילדן פּאַרטייען, וועלכער גייט אין רוסלאַנד, איבער פֿאַר־שטענדלעכע אורזאַכן, שנעלער און שאַרפֿער, איידער וואו ניט איז אַנדערש.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דער דעראַזיקער פּראָצעס האָט זיך נאָך ווייט־ווייט ניט פֿאַרענדיקט און האָט נאָך ניט געגעבן קיין פֿולקום שטאַנדהאַפֿטיקע רעזולטאַטן. נאָר דערדאַזיקער פּראָצעס קאָן קיינמאָל ניט פֿאַרענדיקן זיך אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, און „שטאַנדהאַפֿט״ וואָלטן זיינע רעזולטאַטן געקאָנט ווערן בלויז באַ דעם שטילשטאַנד פֿון דער רע־וואָלוציע, וועלכע ברענגט מיטאַמאָל דעם גאַנצן אַלטן פּאָליטישן איבער־

בוי. דעריבער איז אָפּליינגן די אויפגאַבע צו אַנאַליזירן די בורזשואַזע פּאַרטייען קאָנען מיר בעשום אויפן ניט, באַזונדערס, אַז דער פּעריאָד פון די אָקטיאבר-פריהייטן, פון איין זייט, און דער פּעריאָד פון דער ערשטער דומע, פון דער צווייטער זייט, האָבן שוין געגעבן, בליסאַפּעק, גרויסע רעזולטאַטן, מיט וועלכע מע קאָן ניט ניט רעכענען זיך. סאַי דער אָפענער רעוואָלוציאָנערער קאַמף אין דער פאָרם פון שטרייק, אויפשטאַנד און ד. גל., סאַי די נייע וואַל-קאַמפּאַניע וועלן פון אונז פאָדערן אַ קלאָרע און דייטלעכע באַשטימונג פון אונזערע באַציאונגען צו פאַרשיידענע פּאַרטייען, און דאָס איז מעגלעך בלויז אָפּן סמאַך פון זייער וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז, ד. ה. קלאַסן-אַנאַליז.

מיר וועלן אָנהויבן פון איבערעכענען די וויפל ניט איז באַדייטנדיקע פּאָליטישע פּאַרטייען (אָדער, בעסער געזאָגט, טיפּן* פון פּאַרטייען) אין דעם סיידער פון „רעכטע צו לינקע: 1) דער פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק, די מאָנאַרכיסטן און ד. גל. 2) די רעכטאָרדענונגלער. 3) די אָקטיאַבריסטן. 4) די פרידלעך-באַנייער. 5) די פּאַרטיי פון דעמאָקראַטישע רעפאָרמען. 6) די קאַדעטן. 7) די פּרייזיניקע, ראַדיקאַלן, אַנטיטלדיקע (בעזאַגלאַווצעס) און ד. גל. 8) די האָרעפּאַשנע פאָלקס-סאָציאַליסטן (Трудовые Народные Социалисты). 9) די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן. 10) די מאַקסימאַליסטן. 11) די סאָציאַל-דעמאָקראַטן—מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס. די אַנאַרכיסטן רעכענען מיר ניט, ווייל אָנרופן זיי (און די מאַקסימאַליסטן, אייגנטלעך אויך) פאַר אַ פּאָליטישער פּאַרטיי וואָלט געווען צו ריזיקאַליש.

פון דערדאָזיקער בונטער גירלאַנדע פּאַרטייען טיילן זיך בוילעט אויס פינף גרונט-טיפּן פון אונזערע פּאָליטישע פּאַרטייען: 1) די שוואַרצמייעניקעס. 2) די אָקטיאַבריסטן, 3) די קאַדעטן, 4) די טרודאָוויקעס און 5) די סאָציאַל-דעמאָקראַטן. די ריכטיקייט פון אַזאַ גרופּירונג ווערט דערוויזן דורך דעם אַנאַליז פון דער קלאַסן-נאַטור פון דער אָדער יענער פּאַרטיי.

די נויטיקייט אויסצוטיילן אין אַ באַזונדער טיפּ די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז אויסער יעדער סאַפּעק. דאָס איז אַן אַלאייראָפּעאישער טיפּ. דאָס איז אין רוסלאַנד די איינציקע אַרבעטער-פּאַרטיי, די פּאַרטיי פון

* מירריידן וועגן טיפּן פון פּאַרטייען, ערשטנס, דערפאַר, ווייל פאַרכאַפּן אַלע קליינע טיילונגען איז אומעגלעך, און זיי זייבען אויך ניט וויכטיק (לעמאָשל, דער אונטערשייד פון אַ וועלכער ניט איז פּראָגרעסיוו-אינדוסטריעלער פּאַרטיי אָדער דיסק פון פ.פ.פ. איז מינימאַל), צווייטנס, וואָלט ניט ריכטיק געווען צו רעכענען זיך בלויז מיט די פאָרמעל אַרויסגעטראָטענע פּאַרטייען, דורכלאָזנדיק יענע פּאָליטישע ריכטונגען, וואָס האָבן זיך פולשטענדיק אנגעמערקט. עס איז גענוג אַ וועלכע ניט איז קלענסטע ענדערונג פון דער פּאָליטישער אטמאָספער, און דידאָזיקע ריכטונגען וועלן אין מעשעך פון עטלעכע וואָכן אנעמען די פאָרם פון פּאַרטייען.

לעניגס אנמערקונג.

דעם פּראָלעטאַריאַט סאַי לויט איר צוזאַמענשטעל, סאַי לויט איר שטרענג אויסגעהאַלטענעם פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט.

ווייטער, ניט ווייניקער קלאָר איז די נויטיקייט אויסצוטיילן אין אַ באַזונדער טיפּ די טרודאָוויקעס. אַהער געהערן: „די אַרבעטס-פֿאָלקס-סאָציאַליסטישע פּאַרטיי“, די ריינע עסערן און, לעסאָף די מאַקסימאַליסטן. זיי אַלע שטייען אַפן פּרינציפּיעלן שטאַנדפּונקט פון דעם „אַרבעטס-פּרינציפּ“. זיי אַלעמען איז אייגנטימלעך די שטרעבונג צו פּאַרייניקן און צונויפגיסן דעם פּראָלעטאַריער מיט דעם קליין-פּראָדוצירער אין איין „אַרבעטס-גרופּע“. זיי שטרעבן אָנצושפּאַרן זיך איבערהויפּט אַפן פּויערטום. און די מעלוכע-דומע האָט מיט דעם, וואָס זי האָט אויסגעטיילט די מערהייט פון די פּויערשע דעפּוטאַטן אין אַ אַרבעטס-גרופּע, דערוויזן פּאַקטיש, אַז אָט די אָנגעוויזענע ריכטונגען איז געלונגען (אין דעם אָדער יענעם גראַד) ווירקלעך צו לייגן אַן אָנהויב פון אַ פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון דעם פּויערטום.

עמעס, די פּאָליטישע פּאַרטייען פון אָט דעם טיפּ זיינען ניט אין פּאַרגלייך ווייניקער אויסגעפּאָרמירט און פּאַרענדיקט אין זייער אויסבילדונג, אין פּאַרגלייך מיט דער ס.-ד. נאָמינאַל עקזיסטירט ניט קיין פּאַרטיי פון מאַקסימאַליסטן, האַגאַם זייער צעשפּאַלטונג מיט די סאָצ.-רעוו. איז אַ געשעענער פּאַקט, וואָס ווערט דאָקומענטירט דורך דער זעלבשטענדיקייט סאַי פון די ליטעראַרישע סאַי פון די טעאָרעטישע אַרויסטרעטונגען. אין דער מעלוכע-דומע האָבן די עסערן ניט געבילדעט קיין אייגענע פּראַקציע, האַנדלענדיק הינטער דעם רוקן פון אַ טייל טרודאָוויקעס. די „האָרעפּאַשנע פּאָלקס-סאָציאַליסטישע פּאַרטיי“ קלייבט זיך ערשט אויך צו געבוירן צו ווערן, האַגאַם אין דער ליטעראַטור טרעט זי שוין אַרויס ניט בלויז אין בלאָק מיט די ריינע עסערן, נאָר אויך פּולקום זעלבשטענדיק: אין דער דומע האָבן אירע לידערן אויך געהאַנדלט טיילווייז צוזאַמען מיט די עסערן, טיילווייז אומאָפּהענגיק פון זיי. די „פּראָטאָקאָלן פון ערשטן צוזאַמענפּאָר פון דער פּאַרטיי ס.-ר.“ (פּאַריז 1906) באַווייזן אויך, אַז אָט די האָרעפּאַשנע פּאָלקס-סאָציאַליסטן טרעטן אַרויס אַלס אַ באַזונדערע „גרופּע“, וועלכע האַלט זיך אומאָפּהענגיק פון דער פּאַרטיי ס.-ר. מיט איין וואָרט, אין אָט דעם לאַגער זעען מיר (1) אַ קאָנספּיראַטיווע פּאַרטיי (ס.-ר.), וועלכע איז לאַכלוטן ניט בעקויעך צו שאַפן אַ וועלכע ניט איז שטאַנדהאַפטיקע און אַף וויפל ניט איז מאַסנווייזע אָרגאַניזאַציע, — איז ניט בעקויעך צו האַנדלען זעלבשטענדיק אונטער איר אייגענער פּאָן, ניט אין דער מעלוכע-דומע, ניט אין דער ליטעראַטור פון דעם פרייהייטס-פּעריאָד; (2) אַ לעגאַלע פּאַרטיי, וואָס דאַרף געבוירן ווערן (האָרעפּאַשנע פּאָלקס-פּאַרטיי), וועלכע איז אַרויסגעטראָטן, אַלס אַ גרופּע, אַפן צוזאַמענפּאָר פון די ס.-ר. (דעקאַבר 1905),

ניט זייענדיק ביז איצט בעקויעך אנצוהויבן אַפילע צו בילדן אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע און האַנדלענדיק אין דער ליטעראַטור און אין דער מעלוכע־דומע מערסטנטיילס אין בלאָק מיט די עסערן.

אָט דער פאַקט, וואָס נאָך צוויי פעריאָדן פון פאַרהעלטנישמעסיקער פרייהייט (דער „אָקטיאַברישער“ און דער „דומישער“ פעריאָד) זעצן פאַר די טרודאָוויקעס צו בלייבן נאָך אַלץ פּאָליטיש ניט אויסגעפאָרמירט, קאָן, פאַרשטייט זיך, ניט דערקלערט ווערן מיט אַ צופאַל. דאָ ווירקט, בליסאָפעק, די קלענערע פעאיקייט פון דעם קליינבירגערטום (באַזונדערס אין די דערפער) צו אָרגאַניזירן זיך, אין פאַרגלייך מיטן פּראָלעטאַריאַט. עס איז קיין סאָפעק ניט, אַז די אידייאישע צעשטרייטקייט פון די טרודאָוויקעס שפּיגלט אויך אָפּ די עקסטע אומשטאַנדהאַפטיקע לאַגע פון דעם קליין־פּראָדוצירער אין דער איצטיקער געזעלשאַפט: דער עקסטע רעכטער פליגל פון די טרודאָוויקעס (די „האָרעפּאַשנע פאָלקס־סאָציאַליסטישע פאַרטיי“ מיט פעשעכאָנאָוון אין איר שפּיץ) שיידט זיך זייער ווייניק אונטער פון די קאַדעטן, ווייל זי באַזייטיקט פון דער פּראָגראַם סאַי די רעפּובליק, סאַי די פאָדערונג פון דער גאַנצער ערד; דער עקסטע לינקער פליגל פון די טרודאָוויקעס, די מאַקסימאַליסטן, שיידן זיך זייער ווייניק אונטער פון די אַנאַרכיסטן.

דידאָזיקע צוויי עקסטרעמיטעטן מערקן אָן, אַזוי צו זאָגן, די אַמפּליטודע פון די פּאָליטישע וואַקלונגען פון דער האָרעפּאַשנער קליין־בורזשואַזיע. עקאָנאָמיש איז עס פולקום דערקלערלעך, וואָס גראַד דאָס קליינבירגערטום ווייזט אַרויס אַזאַ אומשטאַנדהאַפטיקייט. עס איז קיין סאָפעק ניט, אַז די נאָענטסטע צוקונפט פון דער רוסישער רעוואָלוציע וועט גיכער פאַרשטאַרקן, איידער אָפּשוואַכן, אָט די אומשטאַנדהאַפטיקייט. נאָר, קאָנסטאַטירנדיק און דערקלערנדיק דידאָזיקע אומשטאַנדהאַפטיקייט, דאַרפן מיר ניט, פאַרשטייט זיך, פאַרגעסן די קאָלאָסאַלע פּאָליטישע באַדייטונג פון אַזעלכע פאַרטייען פון דעם טיפּ פון די טרודאָוויקעס. די ווירקלעכע פּאָליטישע פרייהייט וועט *מער פאַר אַלץ* פאַרשטאַרקן *גראַד אָט די* פאַרטייען, דערפאַר, ווייל באַ דער אָפּוועזנהייט פון פּאָליטישע פרייהייטן איז זייער פעאיקייט צו אָרגאַניזירן זיך שוואַכער, איידער באַ דער בורזשואַזיע, שוואַכער אויך, איידער באַ דעם פּראָלעטאַריאַט. פון דער אַנדערער זייט, איז אין אַזאַ הויפּטזאַכלעך קליינבירגערלעכן און פויערשן לאַנד, ווי רוסלאַנד, אַבסאָלוט אומפאַרמיידלעך די אויסבילדונג פון אידייאיש־וואַקלדיקע און פּאָליטיש־אומשטאַנדהאַפטיקע, נאָר זייער גרויסע קליינבירגערלעכע אָדער „האָרעפּאַשנע“ פאַרטייען.

אין אַזאַ לאַנד, ווי רוסלאַנד, הענגט מער פון אַלץ אָפּ דער אויסגאַנג פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע פון דער פּאָליטישער אויפירונג פון די

קליין־פּראָדוצירער. אַז די גרויס־בורזשואַזיע וועט פּאַראַטן, אין דעם איז קיין סאַפּעק ניטאָ (זי האָט שוין אַף צוויי דריטל פּאַראַטן). אַז דער פּראָ־לעטאַריאַט וועט זיין דער טרייסטער קעמפּער, דאָס פּאַדערט זיך אַפילע ניט צו דערווייזן בענויגייע די רוסישע אַרבעטער, נאָך אַקטיאַבר און דעקאַבר. דאָס קליינבירגערטום אָבער איז גראַד יענע וואַריאַבעלע (ענ־דערנדיקע) גרויס, וועלכע וועט באַשטימען דעם אויסגאַנג. צו זיין איצ־טיקער פּאָליטישער וואַקלונג צווישן דער קאַדעטישער לאָיאַלער נישטי־קייט און דעם דרייסטן, אומראַכמאָנעסדיקן רעוואָלוציאָנערן קאַמף, דאַרפן זיך דעריבער די סאָציאַל־דעמאָקראַטן באַזונדערס אויפמערקזאַם צוקוקן און ניט נאָר צוקוקן זיך צו דעמדאָזיקן פּראָצעס, פּאַרשטייט זיך, נאָר אויך ווירקן אַף אים, ווי מעגלעך, אין פּראָלעטאַרישן גייסט.

לאָמיר גיין ווייטער. די נויטיקייט אויסצוטיילן די קאַדעטן אין אַ באַזונדער טיפּ איז אויסער סאַפּעק. די פּאַרטיי פון דעמאָקראַטישע רע־פּאָרמען רעכטס פון זיי, די פּרייזיניקע, די ראַדיקאַלן און ד. גל. לינקס — זיינען ניט מער ווי אינגאַנצן נישטיקע אָפּצווייגן. פּאַר דער איצטיקער פּאָליטישער עפּאָכע זיינען די קאַדעטן אַ זעלבשטענדיקער פּאָליטישער טיפּ. זיין אונטערשייד פון דעם טרודאָוויק איז קלאָר. דער טיפּישער טרודאָוויק — דאָס איז דער באַוואוסטזיניקער פּויער. אים זיינען ניט פרעמד די שטרעבונגען צו אַ פּשאָרע מיט דער מאָנאַרכיע, צו באַרואיקן זיך אַף זיין שטיקל ערד אין די ראַמען פון דער בורזשואַזער אָרדענונג, נאָר באַ היינטיקן טאָג גייט זיין הויפּט־קראַפט אַפן קאַמף מיט די פּריצים פּאַר דער ערד, אַפן קאַמף מיט דער לייבאייגנטימערישער מעלוכע פּאַר דעמאָקראַטיע. זיין אידעאַל איז פּאַרניכטן די עקספּלואַטאַציע; נאָר ער שטעלט זיך פּאַר דידאָזיקע פּאַרניכטונג אַפן קליינבירגערלעכן שטייגער און דעריבער באַקומט זיך אין דער ווירקלעכקייט פון זיין שטרע־בונג ניט קיין קאַמף מיט יעדער עקספּלואַטאַציע, נאָר אַ קאַמף מיט דער פּריצישער און גרויס־פינאַנציעלער עקספּלואַטאַציע. דער קאַדעט — דאָס איז אַ טיפּישער בורזשואַזער אינטעליגענט און טיילווייז אַפילע אַ ליבע־ראַלער פּאָרעץ. אַ פּשאָרע מיט דער מאָנאַרכיע, די רעוואָלוציע זאָל אויפ־הערן — דאָס איז זיין גרונט־שטרעבונג. אינגאַנצן אומפּעאיק צום קאַמף, איז דער קאַדעט אַן עמעסער מעקלער. זיין אידעאַל איז — פּאַרייביקן די בורזשואַזע עקספּלואַטאַציע אין איינגעאָרדנטע, ציוויליזירטע, פּאַרלאַ־מענטאַרישע פּאָרמען. זיין פּאָליטישע קראַפט — דאָס איז די פּאַראייניקונג פון אַ קאָלאָסאַלער בורזשואַזער אינטעליגענץ, וועלכע איז נויטיק אין יעדער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, נאָר וועלכע איז, פּאַרשטייט זיך, אַבסאָלוט אומפּעאיק וויפל ניט איז ערנסט צו ווירקן אַף דער ווירקלע־כער אומענדערונג פון די אָרדענונגען פון דערדאָזיקער געזעלשאַפט.

דער טיפּישער אָקטיאַבריסט — דאָס איז ניט קיין בורזשואַזער

אינטעליגענט, נאָר אַ גרויס-בורזשואַ. ער איז ניט קיין אידעאָלאָג פון דער
בורזשואַזער געזעלשאַפט, נאָר איר אומיטלבאַרער באַלעבאָס. פאַרינטע-
רעסירט אַפן סאַמע דירעקטן אויפן אין דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלו-
אַטאַציע, פאַראַכטעט ער יעדע טעאָריע, שפּייט ער אַף דער אינטעלי-
גענץ, וואַרפט ער אַפּ יעדע פּרעטענזיעס אַף „דעמאָקראַטיזם“, וועלכע
זיינען אייגנטימלעך באַ די קאַדעטן. דאָס איז אַ בורזשואַ — אַ געשעפטס-
מאַן. ער שטרעבט אויך, ווי דער קאַדעט, צו אַ פּשאָרע מיט דער מאָנאַר-
כיע, נאָר אונטער דערדאָזיקער פּשאָרע פאַרשטייט ער ניט די אָדער יע-
נע פּאָליטישע סיסטעם, ניט דעם פאַרלאַמענטאַריזם, נאָר אַ פאַרשטענ-
דיקונג פון עטלעכע פּערזאָנען אָדער הויפּט-מענער מיט דער הויף-
קנופּיע מיטן ציל אונטערצוואַרפן די ניט-באַוועגלעכע, טעמפּזיניקע און
אַזיאַטיש-פאַרקויפלעכע רוסישע באַאַמטע דער הערשנדיקער בורזשואַ-
זיע. דער אָקטיאַבריסט — דאָס איז אַ קאַדעט, וועלכער ווענדט אָן אין
פּראַקטישן לעבן זיינע בורזשואַזע טעאָריעס. דער קאַדעט — דאָס איז
אַ אָקטיאַבריסט, וועלכער טרוימט אין די שאָען, ווען ער איז פריי פון
ראַבעווען די אַרבעטער און פויערים, וועגן אַ אידעאַלער בורזשואַזער גע-
זעלשאַפט. דער אָקטיאַבריסט וועט זיך נאָך אַביסל אויסלערנען פאַרלאַ-
מענטאַרישע מאַניערן און פּאָליטישע צוויעס מיט דער שפּיל אין דעמאָ-
קראַטיזם. דער קאַדעט וועט זיך נאָך אַביסל אויסלערנען אין הילכעס
זאַכלעכע בורזשואַזע געשעפטמאַכעריי, — און זיי וועלן זיך צונויפגיסן,
אומפאַרמיידלעך, און געוויס וועלן זיי זיך צונויפגיסן, גאַנץ אומאָפּהענגיק
פון דעם, צי וועט זיך עס איינגעבן גראַד אין איצטיקן מאָמענט און גראַד
די איצטיקע „פרידלעך-באַנייער“ צו פאַרווירקלעכן דידאָזיקע צונויפגיסונג.

נאָר מיר וועלן ניט שטרייטן וועגן דער צוקונפט. אונזער זאַך איז
— אויסלערנען זיך פאַרשטיין די קעגנוואַרט. ווען די פולע מאַכט געפינט
זיך אין די הענט פון אַ באַנדע הויף-מענוואַלים, איז גאַנץ נאַטירלעך,
אַז די דעמאָקראַטישע פראַזן אַליין פון די קאַדעטן און זייער „פאַרלאַמענ-
טישע“ אָפּאָזיציע האָבן שוין אין דער ווירקלעכקייט געדינט
אַסאַך מער די עלעמענטן, וואָס שטייען לינקער פון זיי. נאַטירלעך איז
אויך דאָס, וואָס דער אָקטיאַבריסט, וועלכער איז דירעקט פיינטלעך
דידאָזיקע עלעמענטן, קערט זיך בייז אָפּ פון דעם קאַדעט און שטיצט
(בעאיים די וואַלן אין דער ערשטער דומע) די רעגירונגס-שוואַרצ-
מייעניקעס.

די שוואַרצמייעניקעס בילדן דעם לעצטן טיפּ פון אונזערע פּאָליטי-
שע פאַרטייען. זיי ווילן ניט קיין „קאָנסטיטוציע פון 17-טן אָקטיאַבר“, ווי
די הערן גוטשקאָווס, נאָר איינהיטן און פאָרמעל ווידעראויפשטעלן די
זעלבסטהערשונג. אין זייערע אינטערעסן איז דער גאַנצער שמוץ, פינסטער-
קייט און פאַרקויפלעכקייט, וועלכע בליען באַ דער אַלמעכטיקייט פון דעם

פארגעטערטן מאנארך. זיי פאריייניקט דער ווילדער קאמף פאר די פּרי־ווילעגיעס פון דער קנופיע, פאר דער מעגלעכקייט אפן אלטן שטייגער צו ראבעווען, געוואלטעווען און פארשטאפן דאס מויל גאנץ רוסלאנד. די פארטיידיקונג אום יעדן פרייז פון דער איצטיקער צארישער רעגירונג פאריייניקט זיי זייער אפט מיט די אקטיאבריסטן, און דעריבער איז אזוי שווער צו זאגן וועגן וועלכע ניט איז „רעכטסארדענונגלער“, וואו ענדיקט זיך דא דער שווארצמייעניק און וואו הויבט זיך אן דער אקטיאבריסט.

אף אזא אויפן, האט די רוסישע רעוואלוציע אין זייער א קורצער צייט אנגעמערקט די גרעסערע טיפן פון פאליטישע פארטייען, וועלכע אנטשפרעכן אלע גרונט-קלאסן פון דער רוסישער געזעלשאפט. מיר האבן א פארטיי פון דעם באוואוסטזיניקן, סאציאליסטישן פראלעטאריאט, — פארטייען פון דער ראדיקאלער (אדער פון דער, וואס ראדיקאלעוועט) קליין-בורזשואזיע און קוידעמקאל פון דער דארפישער, ד. ה. פון דעם פויערטום, — פארטייען ליבעראל-בורזשואזע, — פארטייען רעאקציא־נער-בורזשואזע. די ניטאנטשפרעכעוודיקייט פון די פאליטישע אויסביל־דונגען די עקאנאמישע, קלאסנווייזע צעטיילונגען באשטייט בלויז אין דעם, וואס אנטקעגן די צוויי לעצטע גרופן שטייען ניט צוויי, נאר דריי גרופן פון פאליטישע פארטייען: קאדעטן, אקטיאבריסטן, און שווארצ־מייעניקעס. נאר דידאזיקע ניטאנטשפרעכעדיקייט דערקלערט זיך פול־קום מיט די צייטווייליקע באזונדערקייטן פון דעם מאמענט, וואס מיר לעבן איבער, ווען עס האט זיך שטארק פארשארפט דער רעוואלוציאנע־רער קאמף, ווען פראקטיש איז זייער שווער אפצוטיילן די פארטיידיקונג פון דער זעלבסטהערשונג פון דער פארטיידיקונג, אום יעדן פרייז, פון דער מאנארכיע, ווען די גרופירונג לויטן עקאנאמישן סימען (פאר א פראָ־גרעסיוון און פאר א רעאקציאנערן קאפיטאליזם) קרייצט זיך נאטירלעך דורך מיט דער פאליטישער. גרופירונג (פאר דער איצטיקער רעגירונג און קעגן איר). נאר די קרוווּעשאפט פון די קאדעטן און די אקטיאבריסטן איז שוין צו קלאר, און די אומפארמיידלעכקייט פון דעם, אז עס זאל אויסגעבילדעט ווערן א גרויסע און „זאכלעכע“ ליבעראל-בורזשואזע פאר־טיי קאן קוים פון וועמען ניט איז באשטרייט ווערן.

די אונטערשטע שורע: דער פראצעס פון דער אויסבילדונג פון די פאליטישע פארטייען אין רוסלאנד גיט א גלענצנדיקע באשטעטיקונג פון דער טעאריע פון מארקסיזם.

---

P.S. דער ארטיקל איז אנגעשריבן געווען פאר דער צעשפאלטונג אין דעם פארבאנד פון 17-טן אקטיאבער. איצט איז שיפאוס ארויסטריט און די פארשטייענדיקע בילדונג פון א מעסיק-ליבעראלער פארטיי (די

לינקע אָקטיאבריסטן, די פרידלעך־באַנייער און די רעכטע קאַדעטן) זאָגן צו ענדגילטיק צו ברעננגען אַלע רוסישע פּאָליטישע פּאַרטייען צו די פיר גרונט־טיפּן פון יעדער קאַפּיטאַליסטישן לאַנד.

„פּראָלעטאַרי״, נומ. 5
פון 30 סענטיאַבר 1906 יאר.

# א באזונדערע מיינונג

## וואָס איז אַריינגעטראָגן אַף דער ערשטער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ פון דער ר. ס.-ד. א.-פּ. אין נאָמען פון 14 דעלעגאַטן פון דער ס. ד. פון פּוילן, פון לעטישן קאַנט, פון ס.-פּעטערבורג, פון מאָסקווע, פון דער צענטראַלער אינ־וסטריעלער געגנט און פון וואָלגער קאַנט

די טאַקטיק פון באָיקאָט פון דער מעלוכע־דומע, וועלכע האָט מיט־געווירקט, אַז די פאָלקס־מאַסן זאָלן ריכטיק אָפּשאַצן די אָנמעכטיקייט און די אומזעלבשטענדיקע ראָלע פון אָט דער איינריכטונג, האָט געפונען איר פולע באַרעכטיקונג אין דער קאָמעדיע פון דער געזעצגעבערישער טעטיקייט פון דער מעלוכע־דומע און אין דעם, וואָס זי איז פונאַנדער־געטריבן געוואָרן.

די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אויפפירונג פון דער בורזשואַזיע און די פּשרה־מאַכערישע טאַקטיק פון דעם רוסלענדישן ליבעראַליזם האָבן אָבער געשטערט דעם דירעקטן דערפּאָלג פון באָיקאָט און האָבן גע־צוואונגען דעם פּראָלעטאַריאַט אָנצונעמען דעם קאַמף מיט דער פּריצי־שער און בורזשואַזער קאָנטער־רעוואָלוציע אויך אַפן באָדן פון דער דומע־קאַמפּאַניע.

דעמדאָזיקן קאַמף אויסער דער דומע און אין דער דומע גופא דאַרף די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פירן צוליב אַנטוויקלען דעם קלאַסן־באַוואוסט־זיין פון דעם פּראָלעטאַריאַט, צוליב דער ווייטערדיקער דעמאַסקירונג פאַרן גאַנצן פאָלק פון די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס און צוליב דער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע.

אַדאַנק אָט דער סיטואַציע און צוליב די אָנגעוויזענע צילן דאַרף די רוסלענדישע ס.־ד. אַרבעטער־פּאַרטיי נעמען דעם ענערגישסטן אָנטייל אין דער איצטיקער דומע־קאַמפּאַניע.

די גרונט־אויפגאַבן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער וואַל־ און דומע־קאַמפּאַניע איז, ערשטנס, קלאָר מאַכן דעם פאָלק, אַז די דומע טויג

לאַכלוטן ניט ווי אַ מיטל צו פאַרווירקלעכן די פאָדערונגען פון דעם פּראָ־לעטאַריאַט און פון דעם רעוואָלוציאָנערן קליינבירגערטום, באַזונדערס פון דעם פּויערטום. צווייטנס, קלאָר מאַכן דעם פאָלק די אומעגלעכקייט צו פאַרווירקלעכן די פּאָליטישע פרייהייט אַפן פּאַרלאַמענטאַרישן וועג, קאָלזמאַן די רעאַלע מאַכט בלייבט אין די הענט פון דער צאַרישער רע־גירונג, קלאָר מאַכן די נויטיקייט פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, פון אַ צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג און פון אַ גרינדונגס־פאַרזאַמ־לונג, אַפן גרונט פון אַן אַלגעמיינער, דירעקטער, גלייכער און געהיימער אָפּשטימונג. דריטנס, קריטיק פון דער ערשטער דומע און אויפקלערונג פונם באַיקאַט פון דעם רוסלענדישן ליבעראַליזם, באַזונדערס אויפקלע־רונג פון דעם, אַף וויפל געפערלעך און טויט־שעדלעך פאַר דער זאַך פון דער רעוואָלוציע עם וואָלט געווען די דאָמינירנדיקע און אָנפירנדיקע ראָלע פון דער ליבעראַל־מאָנאַרכיסטישער פּאַרטיי ק.־ד. אין דער באַפרייאונגס־באַוועגונג.

אַלס קלאַסן־פּאַרטיי פון דעם פּראָלעטאַריאַט, דאַרף די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער גאַנצער וואַל־ און דומע־קאַמפּאַניע בלייבן אומ־באַדינגט זעלבשטענדיק, ניט צונויפגיסנדיק אויך דאָ אין קיין שום פאַל ניט אירע לאָזונגען, ניט איר טאַקטיק מיט אַ וועלכער ניט איז אַנ־דערער אָפּאָזיציאָנעלער אָדער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי.

דעריבער איז אַף דער ערשטער שטופּע פון דער וואַל־קאַמפּאַניע, ד. ה. פאַר די מאַסן, דאַרף זי לויט דער אַלגעמיינער רעגל אַרויסטרעטן אומבאַדינגט זעלבשטענדיק און דאַרף אַרויסשטעלן בלויז פּאַרטייאיי־שע קאַנדידאַטורן.

אויסנאַמען פון אָט דער רעגל זיינען דערלאָזבאַר בלויז אין פאַלן פון עקסטער נויטווענדיקייט און בלויז מיט פּאַרטייען, וואָס נעמען פול־שטענדיק אָן די גרונט־לאָזונגען פון אונזער אומיטלבאַרן פּאָליטישן קאַמף, ד. ה. וואָס אנערקענען די נויטיקייט פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד און וואָס קעמפן פאַר אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק. דערביי דאַרפן אַזעל־כע פאַרשטענדיקונגען גילטיק זיין בלויז אַף אַרויסשטעלן אַן אַלגעמיי־נעם צעטל פון קאַנדידאַטן, ניט באַגרענעצנדיק די זעלבשטענדיקייט פון דער פּאָליטישער אַגיטאַציע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

אין די אַרבעטער קוריעס טרעט די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע פּאַרטיי אַרויס אומבאַדינגט זעלבשטענ־דיק, ניט אַריינטרעטנדיק אין פאַרשטענדיקונגען מיט קיין שום אַנדער פּאַרטיי.

אַף די העכערע שטופן פון די וואַלן, ד. ה. אין די פאַרזאַמלונגען פון די וואַל־מענער, אין די שטעט, פון די באַפולמעכטיקטע און וואַל־מענער אין די דערפער, זיינען דערלאָזבאַר פריוואַטע פאַרשטענדיקונגען

אויסשליסלעך צוליב דער פּראָפּאָרציאָנעלער פּאַרטיילונג פון די ערטער לויט דער צאָל שטימען בא די פּאַרטייען, וואָס שליסן דעם אָפּמאַך. דערביי אונטערשיידט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין הינזיכט פון דעמאָקראַטישער קאָנזעקווענטקייט און אַנטשלאָסנקייט פאָלגנדיקע גרונט-טיפּן פון די בורזשואַזע פּאַרטייען: 1) ס.-ר., פּ.פּ.ס. און אַנדערע רעפּובליקאַנישע פּאַרטייען פון זייער גלייכן*; ב) נ.-ס. (פּאָלקס-סאָציאַליסטן) און טרודאָוויקעס פון דעמזעלבן טיפּ**; ג) ק.-ד.

„פּראָלעטאַרי", נומ. 8
פון 23 נאָיאַבר 1906 יאָר

# וועגן בלאָקן מיט די קאַדעטן

די מענשעוויקעס האָבן מיט דער הילף פון די בונדיסטן דורכגעפירט אַף דער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ פון דער ר.ס.ד.א.פּ. די דערלאָזבאַרקייט פון אַ בלאָק מיט די קאַדעטן. די קאַדעטישע פּרעסע איז זיך מעסאַמייעך און זי טראָגט פאַנאַנדער די פרייִלעכע בסורע אין אַלע עקן פון דער וועלט, אונטערשטופּנדיק פאַוואָלינקע די מענשעוויקעס נאָך אַף אַ טרעפּל נידעריקער, נאָך אַף איין טראַט ווייטער אַף רעכטס. דער לעזער וועט געפינען אין אַן אַנדער אָרט די באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ, די באַזונדערע מיינונג פון די רעוואָלוציאָנערע ס.-ד.** און זייער פּראָעקט פון אַ ווענדונג צו די וויילער. דאָ וועלן מיר פּרוּוון שילדערן די אַלגעמיינע און אָרדנטלעכע פּאָליטישע באַדייטונג פון בלאָקן מיט די ק.-ד.

אַ גוטן מאַטעריאַל פאַר אַזאַ שילדערונג גיט דער נומ. 6 „סאָציאַל-דעמאָקראַט"*** און באַזונדערס דער רעדאַקציאָנס-אַרטיקל „דער בלאָק פון דער עקסטע לינקער". מיר וועלן אָנהויבן פון איינעם פון די סאַמע כאַראַקטעריסטישע שטעלן פון אָט דעם אַרטיקל.

מע זאָגט אונז, — שרייבט דער „ס.-ד.", — אַז „די מענשעוויקעס, וואָס האָבן זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו שטויסן אַפן רעוואָלוציאָנערן וועג די גאַנצע דומע, האָבן פאַרלאָזן דידאָזיקע פּאָזיציע נאָך דעם, ווי די דומע איז פאַנאַנדערגעטריבן געוואָרן, און האָבן געשלאָסן אַ בלאָק

* אהער, קאָן זיין, געהערן אויך די ס.-ס. (ציאָניסטן—סאָציאַליסטן).

** אַהער, קאָן זיין, געהערן אייניקע אידישע דעמאקראטן. וועגן דידאָזיקע פראגן זייגען מיר, אָן די אידישע ס.-ד., ניט קאָמפּעטענט צו אורטיילן.
לענינס אָנמערקונג

*** זע דעם פאָריקן ארטיקל.
רעד.

**** אָרגאַן פון צ. ק. פון דער ר. ס.-ד. א.-פּ. אין סאָף 1906 און אנהויב 1907. האָט געפירט א מענשעוויסטישע ליניע.
איבערז.

מיט די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען און גרופּן, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט, ערשטנס, אין אַרויסלאָזן צוויי אַלגעמיינע פּראָקלאַמאַציעס, — צו דער אַרמיי און צו דעם פּויערטום, — צווייטנס, אין דעם, וואָס עס איז געבילדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט אַף קאָאָרדינירן די האַנדלונגען, נעמענדיק אין אַכט דעם פּאַרשטייענדיקן שטרייק. דאָסדאָזיקע באַרופן זיך אַף אַ פּרעצעדענט באַזירט זיך אַף אַ גרויסער מיספאַרשטייעניש. אין דעם אָנגעוויזענעם פאַל האָט אונזער פּאַרטיי געשלאָסן מיט די אַנדערע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען און גרופּן ניט קיין פּאָליטישן בלאָק, נאָר אַ שלאַכט־פּאַרשטענדיקונג, וועלכע מיר האָבן אַלעמאָל גערעכנט פאַר צוועקמעסיק און נויטיק".

אונטערגעשטראָכן פון דעם „סאָציאַל־דעמאָקראַט".

...ניט קיין פּאָליטישער בלאָק, נאָר אַ שלאַכט־פּאַרשטענדיקונג... האָט דאָך גאָט אין האַרצן, כאַווײרים—מענשעוויקעס! דאָס איז דאָך עטוואָס ניט נאָר אומזיניקעס, נאָר פּאָשעט אַמעראַצעסדיק. איינס פון די ביידע: אָדער איר פּאַרשטייט אונטערן בלאָק בלויז אַ פּאַרלאַמענטאַרישע פּאַרשטענדיקונג, אָדער ניט בלויז קיין פּאַרלאַמענטאַרישע. אויב דאָס ערשטע, — דאַן איז דער בלאָק אַ שלאַכט־פּאַרשטענדיקונג צוליב אַ פּאַרלאַמענטאַרישער שלאַכט. אויב דאָס צווייטע — דאַן איז די שלאַכט־פּאַרשטענדיקונג אַ פּאָליטישער בלאָק, ווייל אַ „שלאַכט", וואָס האָט ניט קיין פּאָליטישע באַדייטונג, דאָס איז ניט קיין שלאַכט, נאָר פּאָשעט אַ געשלעג.

ניט, אינדערעמעסן, אַכטונג, כאַווײרים—מענשעוויקעס, אַף אייערע רעדאַקטאָרן, עס איז דאָך פּאָשעט אַ שאַנד פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

— עפּשער שטאַמט דערדאָזיקער קלאַטש, וועלכער איז אונטערגעטראָגן דעם לעזער אין דעם אָרגאַן פון צ"ק פון אַ פּאָשעטן טאָעס באַם שרייבן? פון אַ ניט געלונגענעם אויסדריק?

— לאַכלוטן ניט. ניט אין דעם באַשטייט דער פעלער פון דעם „סאָציאַל־דעמאָקראַט", וואָס באַ אים האָט זיך באַקומען אַ קוריאָז, נאָר, פאַרקערט, דער קוריאָז האָט זיך באַקומען דערפון, וואָס אין גרונט פון אַלע זיינע כקירעס און פון זיין גאַנצער פּאָזיציע איז דאָ אַ גרונט־פעלער. די זינלאָזע צונויפפאָרונג פון די ווערטער: „ניט קיין פּאָליטישער בלאָק, נאָר אַ שלאַכט־פּאַרשטענדיקונג*, איז ניט קיין צופעליקע, נאָר זי שטאַמט אַרויס נויטווענדיק און אומפאַרמיידלעך פון יע־

* דאַרף זיך דאָך טרעפן אַזאַ קאַזוס, אַז די מענשעוויקעס, וואָס האָבן אונז שטענדיק אויפגעוואָרפן דאָס קעגנשטעלן די „שלאַכט" דער „פּאָליטיק", האָבן אַ ליין דאַפקע אויפגעבויט זייער גאַנצע כקירע אַף אָט דער קעגנשטעלונג.

לעגינס אָנמערקונג

נער גרונט־„זינלאָזיקייט" פון דעם מענשעוויזם, וועלכע באַשטייט אין דעם ניטפאַרשטיין פון דעם, אַז איצט אין רוסלאַנד איז די פּאַרלאַמענטאַרישע שלאַכט אינגאַנצן אונטערגעוואָרפן, און דערצו נאָך אָפן אומיטלבאַרסטן אויפן, די באַדינגונגען און דעם כאַראַקטער פון דער אויסערפּאַרלאַמענטאַרישער שלאַכט. מיט אַנדערע ווערטער: דער באַזונדערער לאָגישער פעלער דריקט אויס, אַז די מענשעוויקעס פאַרשטייען ביכלאַל ניט די גאַנצע ראָלע און די גאַנצע באַדייטונג פון דער דומע אין דער איציקער רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע.

מיר וועלן, פאַרשטייט זיך, ניט נאָכמאַכן די מענשעוויקעס און זייער פירער פלעכאַנאָוו אין זייער אויפן פון פּאָלעמיזירן מיט אונז אין דער פראַגע וועגן „שלאַכט" און „פּאָליטיק". מיר ווילן זיי ניט אויפוואַרפן דאָס, וואָס זיי, פירער פון דעם ס.־ד. פּראָלעטאַריאַט, זיינען פעאיק צו שליסן אַ ניטפּאָליטישע שלאַכט־פאַרשטענדיקונג.

מיר מאַכן אויפמערקזאַם אויף דער פאָלגנדיקער פראַגע: פאַרוואָס האָבן אונזערע מענשעוויקעס געמוזט אַריינגיין נאָך דעם פאַנאַנדערטרייבן די דומע אין אַ בלאָק בלויז מיט די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען און גרופּן? פאַרשטייט זיך, אַז ניט דערפאַר, וואָס דאָס האָט געפּרייידיקט (אויסשליסלעך פון סינע צו די מענשעוויקעס) עפּעס אַן אַנאַרכאָ־בלאַנקיסט לענין. די אָביעקטיווע באַדינגונגען האָבן געצוואונגען די מענשעוויקעס, טראָץ אַלע זייערע טעאָריעס, צו שליסן גראָד אַזאַ רעוואָלוציאָנערן, אַנטי־קאַדעטישן בלאָק. די אָביעקטיווע באַדינגונגען האָבן, אָן דעם ווילן און אָן דעם באַוואוסטזיין פון די מענשעוויקעס, געבראַכט דערצו, אַז די דיאַלעקטישע אַנטוויקלונג פון דער פרידלעכער פּאַרלאַמענטישער שלאַכט אין דער ערשטער דומע האָבן זי אין עטלעכע טעג פאַרוואַנדלט אין גאָר ניט קיין פרידלעכער, ניט־פּאַרלאַמענטאַרישער שלאַכט. אַ בלאָק, וואָס איז פאַר די מענשעוויקעס ניט געווען באַוואוסט (אַדאַנק די קאַדעטישע שטרייטן באַ זיי פאַר די אויגן), אַ פאָרמעל ניט געשלאָסענער פּאָליטישער בלאָק, — וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט אין דער געמיינזאַמקייט פון די וואונשן און נאָענטסטע פּאָליטישע שטרעבונגען, אין דער געמיינזאַמקייט פון די קאַמפּס־מיטלען פאַר די נאָענטסטע פּאָליטישע צילן, — אָט דער ניט באַוואוסטער „פּאָליטישער בלאָק" האָט זיך פאַרוואַנדלט דורך די געשעענישן אין אַ „שלאַכט־פאַרשטענדיקונג". און אונזערע כאַכאָמים האָבן זיך אַזוי פאַרלאָרן פון אָט דער אומדערוואַרטקייט, וואָס איז ניט פאַרויסגעזען אין די פלעכאַנאָווישע בריוו פון דער עפּאָכע פון דער ערשטער דומע, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן צו שרייען: „דאָס איז ניט קיין פּאָליטישער בלאָק, נאָר אַ שלאַכט־פאַרשטענדיקונג!"

דערפאַר טאַקע טויג אויף קאַפּאָרעס אייער פּאָליטיק, ליבע כאַוויי־

רים, וואָס איר זעט פאַרויס פאַרשטענדיקונגען פאַר אַזאַ „שלאַכט“, וועלכע איז ניט רעאַל, פיקטיוו, וואָס האָט קיין באַשליסנדיקן ווערט ניט, און איר פאַרשלאָפט די באַדינגונגען פון אַזאַ „שלאַכט“, וועלכע ווערט דורכן גאַנצן גאַנג פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע אַרויסגערוקט אַף דער סצענע מיט אומבאַשטרייטבאַרער קראַפט, וועלכע שטאַמט אַרויס אַפילע פון באַדינגונגען, וואָס זיינען אַפן ערשטן קוק אינגאַנצן פרידלעכע, פאַרלאַמענטאַרישע, קאָנסטיטוציאָנעלע, — זי שטאַמט אַרויס אַפילע פון אַזעלכע באַדינגונגען, וועלכע עס האָבן באַזונגען די דומישע ראַדיטשעווס אין רעדעס וועגן דעם פאַרגעטערטן, ניטפאַראַנטוואָרטלעכן מאָנאַרך.

איר מאַכט גראַד יענעם פעלער, אין וועלכן איר באַשולדיקט אומזיסט די באָלשעוויקעס. אייער פאָליטיק איז ניט קיין שלאַכט־פאָליטיק. אייער שלאַכט איז ניט קיין ווירקלעך־פאָליטישע שלאַכט, נאָר אַ שפּיל־קאָנסטיטוציאָנעלע שלאַכט, אַ פאַרלאַמענטאַרישער קרעטיניזם. פאַר דער „שלאַכט“, וועלכע די באַדינגונגען קאָנען אַ פאָדער טאָן אָט מאָרגן שוין, איז באַ אייך איין ליניע פון פאַרשטענדיקונגען, — פאַר דער „פאָליטיק“ איז באַ אייך אַ צווייטע ליניע פון פאַרשטענדיקונגען. און דערפאַר טויגט איר ניט פאַר קיין „שלאַכט“, ניט פאַר קיין „פאָליטיק“, נאָר פאַר דער ראָלע פון קאַדעטישע באַהעלפער.

באַ אונז אין פאַרטיי שטרייט מען איצט אַסאַך וועגן דער באַדייטונג פון דעם וואָרט „בלאָק“. איינער זאָגט: אַ בלאָק — דאָס איז אַ געמיינזאַמער צעטל. דער צווייטער זאָגט: ניין, אַ בלאָק — דאָס איז אַ געמיינזאַמע פלאַטפאָרם. נאַרישע זיינען אָט די אַלע שטרייטן, סכאָלאַסטישע. דער טאָך פון דער זאַך וועט זיך אַף אַ האָר ניט בייטן דערפון, צי וועט איר געבן אַ נאָמען בלאָק מער ענגערע אָדער ווייניקער ענגערע פאַרשטענדיקונגען. דער טאָך פון דעם שטרייט באַשטייט לאַכלוטן ניט אין דעם, צי זיינען דערלאָזבאַר ענגע אָדער ניט ענגע פאַרשטענדיקונגען. ווער עס דענקט אַזוי, דער זינקט אין סכאָלאַסטיק. דער טאָך פון דעם שטרייט באַשטייט אין דעם, וואָס לייגט מען אַריין אין דעם פאָליטישן אינהאַלט פון אָט דער טעכניק. דער טאָך פון דעם שטרייט באַשטייט אין דעם, אַף וואָס פאַר אַ ליניע דער סאָציאַליסטישער פראָלעטאַריאַט דאַרף שליסן אָפּמאַכן מיט דער בורזשואַזיע, וועלכע זיינען, ביכלאַל גערעדט, אומפאַרמיידלעך אין דער בורזשואַזער רעוואָלוציע. באָלשעוויקעס קאָנען זיך פונאַנדערגיין צווישן זיך אין פראָטים: צי זיינען נויטיק פאַרשטענדיקונגען אַף די וואַלן מיט דער אָדער יענער פאַרטיי פון דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע, נאָר דער טאָך פון דעם שטרייט צווישן די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס איז גאָר ניט אין דעם. דער טאָך פון דעם שטרייט איז אַלץ דערזעלביקער: צי דאַרף דער סאָציאַליסטישער פראָלעטאַריאַט אין דער בורזשואַזער רעוואָלוציע גיין

הינטער דער ליבעראל-מאנארכיסטישער בורזשואזיע אדער פון פארנט בא דער רעוואלוציאנער-דעמאקראטישער בורזשואזיע.

דער ארטיקל: „דער בלאק פון דער עקסט לינקער“ גיט א מאסע מוסטערן פון דעם, ווי דער געדאנק גייט בא די מענשעוויקעס אריבער פון פאליטישן טאך פון די מיינונגס-פארשיידנהייטן אף פוסטע קלייניקייטן. אלס טאקטיק פון בלאק רופט אן דער אווטאר. פון ארטיקל אליין (זייט 2, קאלאנע 3) סאי א געמיינזאמע פלאטפארם, סאי א געמיינזאמען צעטל. און אין דערזעלבער צייט באהויפטעט ער, אז מיר פארטיידיקן א „בלאק“ מיט די טרודאוויקעס און עסערן, און די מענשעוויקעס פארטיידיקן ניט קיין בלאק, נאר „טיילווייזע פארשטענדיקונגען“ מיט די קאדעטן. דאס איז דאך א קינדעריי, ליבע כאוויירים, און ניט קיין ארגומענטאציע!

פארגלייכט די רעזאלוציע פון די מענשעוויקעס, וואס איז אנגענומען אף דער אלרוסלענדישער קאנפערענץ, און די רעזאלוציע פון די באלשעוויקעס. די צווייטע שטעלט פאר פארשטענדיקונגען מיט די עסערן ענגערע באדינגונגען, איידער די ערשטע — פאר פארשטענדיקונגען מיט די קאדעטן. דאס איז אומבאשטרייטבאר, ווייל, ערשטנס, האבן די באלשעוויקעס דערלאזן פארשטענדיקונגען בלויז מיט פארטייען, וואס קעמפן פאר א רעפובליק און וואס אנערקענען די נויטיקייט פון א באוואפנטן אויפשטאנד, און די מענשעוויקעס האבן דערלאזן פארשטענדיקונגען מיט „אפאזיציאנעל-דעמאקראטישע פארטייען“ ביכלאל. הייסט עס, אז די באלשעוויקעס האבן דעפינירט דעם באגריף רעוואלוציאנערע בורזשואזיע מיט קלארע פאליטישע סימאנים, און די מענשעוויקעס האבן אנשטאט א פאליטישער דעפינירונג געגעבן בלויז א טעכניש-פארלאמענטאריש ווערטל. א רעפובליק און א באוואפנטער אויפשטאנד זיינען באשטימטע פאליטישע קאטעגאריעס. אפאזיציע איז א טערמין בלויז א פארלאמענטארישער. דערדאזיקער טערמין איז אזוי אומקלאר, אז ער שליסט איין סאי די אקטיאבריסטן, סאי די פרידלעכבאנייער, סאי אלע, וואס זיינען ניט צופרידן מיט דער רעגירונג. עמעס, דער צוגאב: „דעמאקראטישע“ טראגט אריין א פאליטישן מאמענט, נאר ער איז אומבאשטימט. אונטער אים זיינען געמיינט די קאדעטן. נאר דאס איז דאפקע ניט ריכטיק. אנרופן „דעמאקראטישע“ א מאנארכיסטישע פארטיי, א פארטיי, וואס דערלאזט אן אויבערשטע פאלאטע, א פארטיי, וואס לייגט פאר קאטארגע-געזעצן וועגן פארזאמלונגען און פרעסע, א פארטיי, וואס האט ארויסגעווארפן פון דעם ענטפער-אדרעס די דירעקטע, גלייכע און געהיימע אפשטימונג, א פארטיי, וואס איז קעגן ערד-קאמיטעטן, וועלכע זיינען געוויילט פון גאנצן פאלק, אנרופן אזא פארטיי „דעמאקראטישע“ — הייסט אפנארן דאס

פּ אָ ל ק. דאָס איז זייער אַ שאַרף וואָרט, נאָר עס איז אַ גערעכט וואָרט. די מענשעוויקעס נאָרן אָפּ דאָס פֿאָלק מעקויעך דעם דעמאָקראַטיזם פֿון די קאָדעטן.

צווייטנס, די באָלשעוויקעס דערלאָזן פֿאַרשטענדיקונגען מיט די בורזשואַזע רעפּובליקאַנער בלויז אַלס „אויסנאַם". די מענשעוויקעס פֿאָדערן ניט, אַז די בלאָקן מיט די קאָדעטן זאָלן זיין בלויז אַלס אויסנאַם.

דריטנס, די באָלשעוויקעס פֿאַרווערן קאַטעגאָריש וועלכע ניט איז פֿאַרשטענדיקונגען אין דער אַרבעטער-קוריע („מיט קיין שום אַנדער פּאַרטיי"). די מענשעוויקעס ד ע ר ל אָ ז ן ב ל אָ ק ן א ו י ך א י ן ד ע ר א ַ ר ב ע ט ע ר-ק ו ר י ע, ווייל פֿאַרוואָרט זיינען דאָ בלויז פֿאַרשטענדיקונגען מיט גרופּן און פּאַרטייען, „וואָס שטייען ניט אויפֿן שטאַנדפּונקט פֿון קלאַסן-קאַמף פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט". דאָס איז ניט קיין צופֿעליקייט, ווייל אויף דער קאָנפֿערענץ זיינען געווען מענשעוויקעס מיט אַ פּראָלעטאַריש-קלאַסאָוון כוש, וועלכע האָבן באַשטרייט אָט די זינלאָזע פֿאָרמולירונג, נאָר זיי זיינען געשלאָגן געוואָרן דורך דער איבערוועגנדיקער צאָל מענשעוויקעס. עס האָט זיך באַקומען עטוואָס אַבסאָלוט אומבאַשטימטעס און נעפּלהאַפֿטיקעס, וואָס לאָזט אַ פֿולשטענדיקע האַרכאָווע פֿאַר יעדן אָוואַנטיוריזם. און כוץ דעם, האָט זיך באַקומען אַ געדאַנק, שוין גאָר אַ שלעכטער פֿאַר אַ מאַרקסיסט, אַז קלוימערשט אָן אַנדער פּאַרטיי, אויסער דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער, ק אָ ן אָנערקענט זיין אַלס אַזעלכע, וואָס „שטייט אויפֿן שטאַנדפּונקט פֿון קלאַסן-קאַמף פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט".

נו, ווי זאָל מען נאָך דעם ניט אָנרופֿן, לעכאַלאַפּאַכעס, קינדערייִ די פּרואוון צו דערווייזן, אַז די באָלשעוויקעס אַנערקענען אַ ע נ ג ע ר ן בלאָק מיט דער רעפּובליקאַנער בורזשואַזיע, מיט די עסערן, איידער די מענשעוויקעס מיט דער מאָנאַרכיסטישער, מיט די קאָדעטן??

די אַבסאָלוט פֿאַלשע כקירע וועגן מער אָדער ווייניקער ענגע בלאָקן דינט צוליב פֿאַרשמירן די פּאָליטישע פֿראַגע וועגן דעם, מ י ט ו ו ע מ ע ן א ו ן צ ו ל י ב ו ו אָ ס זיינען דערלאָזבאַר בלאָקן. אָט נעמט דעם „פּראָעקט פֿון דער וואַל-פּלאַטפֿאָרם", וואָס איז אָפּגעדרוקט אין נומ. 6 „סאָציאַל-דעמאָקראַט". דער־דאָזיקער דאָקומענט איז איינער פֿון די פּיל דאָקומענטן פֿון דער מענשעוויסטישער פּאָליטיק, וועלכע באַווייזן, אַז עס איז פֿאַראַן אַ א י ד י י א י ש ע ר בלאָק פֿון די מענשעוויקעס מיט די קאָדעטן. די רעזאָלוציע פֿון דער קאָנפֿערענץ וועגן די נויטיקע „אויסבעסערונגען" צו דעם־דאָזיקן פּראָעקט פֿון דער וואַל-פּלאַטפֿאָרם באַווייזט עס באַשיימפּערלעך. טוט נאָר אַ טראַכט: דער קאָנפֿערענץ פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז אויסגעקומען צו דערמאָנען איר צ"ק, אַז פֿון אַ אומלעגאַלער אויסגאַבע טאָר מען ניט אַרויסלאָזן דעם לאָזונג פֿון אַ רעפּובליק, אַז מע טאָר זיך ניט באַגרענעצן מיט אַלגעמיינע נעפּלדיקע ווערטער וועגן היש־

מאָדלעם און קאַמף, אַז עס איז נויטיק גענוי אָנצורופן און כאַראַקטערי־זירן פון פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט די פאַרשיידענע פּאַרטייען, אַז מע דאַרף אָנווייזן אַף דער נויטיקייט פון אַן אויפשטאַנד, אונטערשטרייכן דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע! דערמאָנען דעם צ״ק פון דער ס.־ד. אַרבעטער־פּאַרטיי וועגן דער נויטיקייט אונטערצו־שטרייכן אין דעם *ערשטן* וואַל־אויפרוף פון דער פּאַרטיי איר קלאַסן־כאַראַקטער, — נאָר אַ טיפע אומנאָרמאַלקייט, אַ גרונדלעכער פעלער אין די אַנשויאונגען פון צ״ק האָבן געקאָנט ברענגען צו דער מעגלעכקייט פון אַזאַ דערמאָנען.

עס איז נאָך ניט באַוואוסט, צי וועלן באַ אונז געשלאָסן ווערן און ווי ברייט עס וועלן געשלאָסן ווערן פּראַקטישע פאַרשטענדיקונגען מיט די ק.־ד. און אַ אידייאישע פאַרשטענדיקונג, אַ אידייאישער בלאָק איז שוין דאָ: דאָס, וואָס אין דעם פּראָעקט פון דער וואַל־פּלאַטפאָרם ווערט פאַרשמירט דער אונטערשייד צווישן דעם שטאַנדפּונקט פון דעם פּראָלע־טאַריאַט און דעם שטאַנדפּונקט פון דער ליבעראַל־מאָנאַרכיסטישער בור־זשואַזיע*. פאַרקערט, אין דעם באָלשעוויסטישן פּראָעקט פון אַ ווענדונג צו די ווײלער זעען מיר אַן אָנווייז ניט נאָר אַף אָט דעם אונטערשייד, נאָר אויך אַף דעם אונטערשייד צווישן דעם שטאַנדפּונקט פון דעם פּראָ־לעטאַריאַט און דעם שטאַנדפּונקט פון דעם קלאַס קליין־באַלאַבעסלעך.

אין דער פראַגע וועגן וואַל־בלאָקן דאַרף גראַד אָט די פּרינציפּיעלע, אידייאישע זייט אַרויסגערוקט ווערן אַפן ערשטן פּלאַן. אומזיסט זיינען אַלע פּרואוון פון די מענשעוויקעס צו פאַרענטפערן זיך: מיר וועלן דאָך זעלבשטענדיק זיין אין אונזער וואַל־אַגיטאַציע, מיר וועלן זי אין גאָר־ניט ניט באַגרענעצן און נאָר אין דער לעצטער מינוט וועלן מיר אַריינ־שטעלן אונזערע קאַנדידאַטן אין דעם צעטל פון די ק.־ד.!

*דאָס איז אַ ליגן.* מיר זיינען איבערצייגט, פאַרשטייט זיך, אַז די בעסערע פון די מענשעוויקעס ווינשן עס אויפריכטיק. די זאַך איז אָבער ניט אין זייערע ווּנשן, נאָר אין די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון דעם איצטיקן פּאָליטישן קאַמף. דידאָזיקע באַדינגונגען רופן אַרויס דאָס, וואָס *יעדער שריט* פון די מענשעוויקעס אין זייער וואַל־קאַמפּאַניע *איז שוין פאַרשמוצט* מיט קאַדעטיזם, וואָס ער כאַראַקטעריזירט זיך

* דערדאָזיקער פעלער פון די מענשעוויקעס איז ניט דער ערשטער. אין דער באַרימטער דומע־דעקלאַראַציע פון דער ר. ס.־ד. א. פּ. האָבן זיי געמאַכט דעמזעלבן פעלער. זיי האָבן באַשול־דיקט די באָלשעוויקעס אין עס־ערעריי, און אליין האָבן זיי פאַרשמירט דעם אונטערשייד צווישן די אָנשויאונגען פון די ס.־ד. און פון די טרודאָוויקעס, אזוי אז די עס־ערישע צייטונגען פון דער עפּאָכע פון דומע האָבן אָנגערופן די דומע־דעקלעראַציע פון די ס.־ד. א פּלאַגיאַט פון די עס־ערישע אידייען! פאַרקערט, אין אונזער קאָנטר־פּראָיעקט פון אַ דומע־דעקלעראַציע איז קלאָר באַוויזן געווען דער אונטערשייד צווישן אונז און די קליין־בורזשואַ.

לעגינס אָנמערקונג

שויך מיט פאַרטונקלען דעם שטאַנדפּונקט פון דער ס.־ד. מיר האָבן עס באַוויזן אַפן ביישפּיל פון פּראָעקט פון דער וואַל־פּלאַטפאָרם און מיר וועלן עס באַלד באַווייזן אַף אַ גאַנצער ריי אַנדערע דאָקומענטן און בקירעם.

דער הויפּט־אַרגומענט פון די מענשעוויקעס איז די שוואַרצמייאיקע געפאַר. די ערשטע און די הויפּט־פאַלשקייט פון אַט דעם אַרגומענט איז: קעגן דער שוואַרצמייאיקער געפאַר קאָן מען ניט קעמפן מיט דער קאַדע־טישער טאַקטיק און מיט דער קאַדעטישער פּאָליטיק. דער טאָך פון אַט דער פּאָליטיק איז — אַ שאָלעם־אָפּמאַך מיטן צאַריזם, ד. ה. מיט דער שוואַרצמייאיקער געפאַר. די ערשטע דומע האָט גענוג באַוויזן, אַז דער קאַדעט קעמפט ניט מיט דער שוואַרצמייאיקער געפאַר, נאָר ער האַלט אויסערסט שענדלעכע רעדעס וועגן דער אומשולד און ניט פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פון דעם מאָנאַרך, דעם בליסאָפּעקדיקן פירער פון די שוואַרצמייעניקעס. דעריבער איז, ווען די מענשעוויקעס פירן דורך אין דומע קאַדעטן, איז ניט נאָר וואָס זיי קעמפן ניט מיט דער שוואַרצמייאיקער געפאַר, נאָר, פאַרקערט, זיי פאַרטונקלען די אויגן דעם פאָלק, זיי פאַרטונקלען דיווירקלעכע באַדייטונג פון דער שוואַרצמייאַי־קער געפאַר. קעמפן מיט דער שוואַרצמייאיקער געפאַר דורך דעם, וואָס מע פירט דורך אין דומע קאַדעטן, איז דיזעלבע זאַך, ווי קעמפן מיט פּאָ־גראָמען דורך רעדעס פון דעם לאַקיי האַדיטשעוו: „עס איז אַ פרעכהייט צו האַלטן דעם מאָנאַרך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם פּאָגראָם“.

די צווייטע זינד פון דעם גאַנגבאַרן אַרגומענט איז דאָס, וואָס דער סאָציאַל־דעמאָקראַט לאָזט איבער דעם קאַדעט שווייגנדיק די העגעמאָ־ניע אין דעם דעמאָקראַטישן קאַמף. פאַרוואָס איז באַ דער צעשפּאַלטונג פון די שטימען, וואָס זיכערט דעם זיג די שוואַרצמייעניקעס, וועלן מיר זיין שולדיק אין דעם, וואָס מיר האָבן ניט געשטימט פאַרן קאַדעט, און ניט דער קאַדעט וועט שולדיק זיין אין דעם, וואָס ער האָט ניט געשטימט פאַר אונז?

— מיר זיינען אין דער מינדערהייט, — ענטפערן די מענשעוויקעס, וואָס האָבן זיך דורכגעדרונגען מיט קריסטלעכער אַניוועס. — קאַדעטן איז פאַראַן מער. די קאַדעטן קאָנען זיך דאָך ניט דערקלערן פאַר רע־וואָלוציאָנערן.

— יאָ! נאָר דאָס איז דאָך ניט קיין אַרגומענט דערפאַר, אַז די ס.־ד. זאָלן זיך דערקלערן פאַר קאַדעטן. אינערגעץ אין דער וועלט איז ניט געווען און עס האָט ניט געקאָנט זיין באַ אַ האָלביקן אויסגאַנג פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטן זאָלן זיך אַרויס־ווייזן אין דער מערהייט קעגן די בורזשואַזע דעמאָקראַטן. און אומע־טום, אין אַלע לענדער, איז די ערשטע זעלבשטענדיקע אַרויסטרעטונג

פון דער ס.-ד. אין וואל-קאמף באגעגנט געווארן מיט א יעלאלע און מיט א בילעריי פון די ליבעראלן, וואס פלעגן באשולדיקן די סאציאליסטן אין דעם, אז זיי העלפן די שווארצמייעניקעס.

דעריבער באגעגנען מיר זייער רואיק דעם געוויינלעכן אויסרוף פון דעם מענשעוויק: די באלשעוויקעס פירן דורך שווארצמייעניקעס. אקעגן אלע סאציאליסטן האבן עס געשריען אלע ליבעראלן. אפזאגנ-דיק זיך פון קאמף מיט די ק.-ד., לאזט איר איבער אונטער דער אידייאי-שער ווירקונג פון די קאדעטן מאסן פון פראלעטארישן און האלב-פראלע-טארישן עלעמענט, וואס איז פעאיק צו גיין נאך דער ס-ד.* ניט היינט, איז מארגן, וועט אייך אויסקומען, אויב איר וועט ניט אויפהערן צו זיין סאציאליסטן, צו גיין אין א זעלבשטענדיקער שלאכט, ניט געקוקט אף דער שווארצמייאיקער געפאר. היינט אבער איז לייכטער און נויטיקער צו מאכן א ריכטיקן שריט איידער מארגן. אין דער 3-טער דומע (אויב זי וועט צונויפגערופן ווערן נאך דער צווייטער) וועט אייך נאך שווערער זיין צו רייסן דעם בלאק מיט די ק.-ד., איר וועט זיך נאך מער פארפלאנ-טערן אין אומנאטירלעכע באציאונגען צו די פארעטער פון דער רעוואלו-ציע. און די ווירקלעכע שווארמייאיקע געפאר, כאזערן מיר איבער, זיינען אבסאלוט ניט די שווארצע מאנדאטן אין דער דומע, נאר די פאג-ראמען, די קריגס-פעלד-געריכטן. מיט אט דער ווירקלעכער געפאר פארשווערט איר דעם פאלק צו קעמפן, אנטוענדיק אים אף די אויגן קא-דעטישע שיצער.

די דריטע פאלשקייט פון דעם געוויינלעכן ארגומענט איז: די ניט-ריכטיקע אפשאצונג פון דער דומע און איר ראלע אין דעם פראכטפולן ארטיקל: „דער בלאק פון דער עקסט לינקער" האבן זיך די מענשעוויקעס געמוזט מוידע זיין, אלס האקכאשע פון זייערע געוויינלעכע באהויפטונ-גען, אז דער טאך פון דער זאך איז ניט אין די טעכנישע אפמאכונגען, נאר גראד אין דער איקערדיקער פאליטישער נאפקעמינע צווישן ביי-דע טאקטיקן.

אינם דאזיקן ארטיקל לייענען מיר:

„די טאקטיק פון א „בלאק" איז, באוואוסטזיניק אדער אומבא-וואוסטזיניק, אויסגערעכנט אף דעם, אז אין דער קומענדיקער דומע זאל זיך בילדן א פעסטע רעוואלוציאנערע מינדערהייט מיט אן אפגעריבענעם ס.-ד. קאליר, וואס זאל פירן א סיסטעמאטישע מילכאמע מיט דער דומע-

* די קאדעטן הויבן אן אליין מוידע צו זיין זיך, אז זיי דראט אף די וואלן א געפאר פון לינקס (בוכשטעבלעכע ווערטער פון „רעטש" אין דעם באריכט וועגן פעטערבורגער גובערניע). מיט זייערע געשרייען וועגן דער שווארצמייאיקער געפאר פירן די קאדעטן פאר דער נאז די מענשעוויקעס, קעדיי צו באזייטיקן פון זיך די געפאר פון לינקס!!

לעגינס אנמערקונג

מערהייט פונקט אַזוי ווי אויך מיט דער רעגירונג און, אין אַ באַשטימטן מאָמענט, זאָל זי, אומשליידערנדיק די דומע, דערקלערן זיך פאַר אַ צייטווייליקער רעגירונג. די טאַקטיק פון טיילווייזע פאַרשטענדיקונגען איז באַרעכנט אַף אויסנוצן, ווי מעגלעך, די דומע, אַלס גאַנצעס, ד. ה. די דומע-מערהייט, צוליבן קאַמף מיט דער זעלבסטהערשערישער אָרדענונג, איינהיטנדיק דערביי אין דומע די גאַנצע צייט די עקסטע אָפּאָזיציע פון אַ זעלבשטענדיקער ס.-ד. פראַקציע“.

מעקויעך דעם „אָפּגעריבענעם קאָליר“ האָבן מיר שוין באַוויזן, אַז גראַד די מענשעוויקעס האָבן אין דער הינזיכט געזינדיקט, סאַי אין די וואַלן אין דער אַרבעטער-קוריע, סאַי אין דעם מער פרייען דערלאָזן פון בלאָקן, סאַי אין דער אידייאישער פאַרטושונג פון דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטיזם דורך קאַדעטיזם. מעקויעך „דערקלאַרירן“ אַ צייטווייליקע רעגירונג, איז אויך לעכערלעך די באַהויפּטונג פון די מענשעוויקעס, וואָס פאַרגעסן, אַז די זאַך איז ניט אין דערקלאַרירן, נאָר אין דעם גאַנצן גאַנג און אין דעם דערפאָלג פון אויפשטאַנד. אַ צייטווייליקע רעגירונג, וואָס איז ניט קיין אָרגאַן פון אויפשטאַנד, איז אַ פוסט וואָרט אָדער אַ פוסטע אַוואַנטור.

נאָר, אין טאָך פון דער פראַגע, האָבן די מענשעוויקעס אומגערן געזאָגט דעם הייליקן עמעס אין דער אויבן-געבראַכטער ציטאַטע. איינדערעמעסן, האַנדלט עס זיך סאָפּקאָלסאָף אום דעם: צי זיינען מיר מאַקרעווו צוליב אַן „איינהייטלעכער“ ליבעראַלער דומע די זעלבשטענדיקייט פון דער ס.-ד. אין דער וואַל-קאַמפּאַניע אָדער ניין? אינדערעמעסן, פאַר די באָלשעוויקעס איז וויכטיקער די פולקומע זעלבשטענדיקייט פון דער וואַל-קאַמפּאַניע, די פולקומע (און ניט האַלבקאַדעטישע) סאָציאַל-דעמאָקראַטישקייט פון אונזער פּאָליטיק און פון אונזער פראַקציע. און פאַר די מענשעוויקעס איז וויכטיקער אַן איינהייטלעכע קאַדעטישע דומע מיט אַ גרויסער צאָל האַלבקאַדעטישע דורכגעגאַנגענע ס.-ד. צוויי טיפּן פון דער דומע: 200 שוואַרצע, 280 ק.-ד., 20 ס.-ד. אָדער 400 ק.-ד. און 100 ס.-ד. מיר האַלטן פאַר בעסער דעם ערשטן טיפּ און האַלטן פאַר אַ קינדעריי צו רעכענען, אַז די באַזייטיקונג פון די שוואַרצע פון דער דומע איז אַ באַזייטיקונג פון דער שוואַרצער געפאַר.

פאַר אונז איז די ליניע אומעטום איינע: סאַי אין וואַל-שלאַכט, סאַי אין אַ דומע-שלאַכט, סאַי אין גאַסן-שלאַכט — מיט געווער אין די הענט. אומעטום: די ס.-ד. מיט דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע קעגן די פאַרעטער — די קאַדעטן. און די מענשעוויקעס פירן די „דומישע“ שלאַכט צוזאַמען מיט די קאַדעטן (שטיצן די דומע אינגאַנצן און דאָס קאַדעטישע מיניסטעריום), און אַפן פאַל פון אַ אויפשטאַנד בייטן זיי די פּאָליטיק און דערשליסן „ניט קיין פּאָליטישן בלאָק, נאָר אַ שלאַכט-פאַרשטענדיקונג“. דערי-

בער איז גערעכט געווען יענער באַלשעוויק, וואָס האָט געזאָגט אַף דער קאָנפערענץ: דערמיט וואָס די בונדיסטן האָבן געשטיצט בלאָקן מיט די ק.־ד. האָבן זיי דורכגעפירט אַלס קאָנטראַבאַנדע די שטיצע פון דעם קאַדע־טישן מיניסטעריום.

די פון אונז געבראַכטע ציטאַט איז אַ גלענצנדיקע באַשטעטיקונג פון דעם, ווי די בלאָקן מיט די קאַדעטן פאַרוואַנדלען אין אַ פּוסטע פראַזע די גוטע ווערטער פון דער מענשעוויסטישער רעזאָלוציע וועגן די לאָזונ־גען אין דער וואַל־קאַמפּאַניע: „אָרגאַניזירן די קויכעס פון דער רעוואָלו־ציע אינעווייניק אין דער דומע" (און ניט אָרגאַניזירן אַ צוגאָב צו די קאַדעטן, דעזאָרגאַניזירנדיק די ווירקלעכע קויכעס פון דער רעוואָלוציע?), — „אויפדעקן די אָנמאַכט פון דער דומע" (און ניט באַהאַלטן פון די מאַסן די אָנמאַכט פון די קאַדעטן?), — „אויפקלערן די מאַסן די אילוזאָרישקייט פון די האָפענונגען אַף אַ פרידלעכן אויסגאַנג פון דעם קאַמף" (און ניט פאַרפעסטיקן אין די מאַסן די ווירקונג פון דער פאַרטיי ק.־ד., וואָס שאַפט אילוזיעס?).

און די קאַדעטישע פרעסע האָט אויסגעצייכנט דיסקאָנטירט די פּאָליטישע באַדייטונג פון די מענשעוויסטישע בלאָקן מיט די ק.־ד. מיר האָבן העכער געזאָגט: הינטער די ליבעראַלן אָדער פון פאָרנט באַ די רעוואָלוציאָנערן. מיר וועלן זיך באַרופן אַלס באַשטעטיקונג אַף אונזער פּאָליטישער פרעסע.

וועט איר דען געפינען וויפל ניט איז ערנסטע און מאַסנווייזע באַ־שטעטיקונגען פון דעם, אַז די באָלשעוויקעס גייען פון הינטן באַ די בור־זשואַזע רעוואָלוציאָנערן, זייענדיק אָפּהענגיק פון זיי? עס איז לעכערלעך אַפילע צו ריידן וועגן דעם, די גאַנצע רוסלענדישע פרעסע באַווייזט באַ־שיימפערלעך, און אַלע סאָנים פון די רעוואָלוציאָנערן אנערקענען, אַז גראַד די באָלשעוויקעס פירן אַ זעלבשטענדיקע פּאָליטישע ליניע, מיט־רייסנדיק נאָך זיך באַזונדערע גרופּן און די בעסערע עלעמענטן פון די בורזשואַזע רעוואָלוציאָנערן.

און די בורזשואַזע אָפּאָרטוניסטן? זיי באַזיצן אַ צען־מאָל גרעסערע פרעסע איידער אַלע ס.־ד. און ס.־ר. צוזאַמען גענומען. און גראַד זיי פירן זעלבשטענדיק אַ פּאָליטישע ליניע, פאַרוואַנדלענדיק די מענשעוויקעס און די ענעסן (פאָלקס־סאָצ. איבערז.) אין פּאָשעטע באַהעלפער זייערע.

פון די רעזאָלוציעס פון די מענשעוויקעס ברענגט די גאַנצע קאַ־דעטישע פרעסע בלויז די שטעלן וועגן בלאָקן און לאָזט דורך „די אָנמאַכט פון דער דומע", „די אָרגאַניזירונג פון די קויכעס פון דער רעוואָ־לוציע אינעווייניק אין דער דומע" און נאָך אַנדערע זאַכן. די קאַדעטן לאָזן ניט נאָר דורך דיזאָזיקע זאַכן, נאָר זיי זידלען זיי פּאָשעט, ריידנ־דיק דאָס וועגן „פראַזן", דאָס וועגן דער „אומקאָנזעקווענטקייט" פון די

מענשעוויקעס, דאָס וועגן דער „ניט אויסגעהאַלטנקייט פון די לאָזונגען פון דעם מענשעוויזם“, דאָס וועגן דער „פֿאַרדאָרבנדיקער ווירקונג פון די באָלשעוויקעס אָף די מענשעוויקעס“.

וואָס באַטייט עס? דאָס באַטייט, אַז אומאָפּהענגיק פון אונזער ווילן, טראָגן די וואונשן פון די בעסערע פון די מענשעוויקעס, זאָפּט איין דאָס פּאָליטישע לעבן זייערע קאַדעטישע טאַטן און וואַרפט אָפּ זייערע רעוואָלוציאָנערע פראַזן.

דער קאַדעט לייגט זיך אין טאַש די הילף פון די מענשעוויקעס, קלאַפּט פּלעכאַנאָוון איבערן פּלייצע פאַר דעם, וואָס ער פּריידיקט בלאָקן, און טאַקע דאָ אָפן אָרט שרייט ער גראָב מיט פאַראַכטונג, ווי אַ סויכער, וואָס האָט זיך איבערגעפרעסן מיט אָנגעראַבעוועטן רעוועך: דאָס איז ווייניק, הערן מענשעוויקעס! מע דאַרף נאָך אַ אידייאישע דערנעענטערונג! (זע די אַרטיקלען פון „טאָוואַרישטש“ מעקוויעך פלעכאַנאָוום בריוו).

— דאָס איז נאָך ווייניק, הערן מענשעוויקעס, מע דאַרף אויפהערן אָדער יעדנפאַלס ענדערן די פּאָלעמיק! (זע דעם לינק-קאַדעטישן „וויעק“, דעם לייט-אַרטיקל וועגן אונזער קאָנפערענץ). איך רייד שוין ניט וועגן דער „רעטש“, וועלכע רייסט פאַשעט איבער די מענשעוויקעס, וואָס בענקען נאָך די קאַדעטן, מעלדנדיק: „מיר גייען אין דער דומע פאַרנעמען זיך מיט געזעצגעבערישער אַרבעט“ און ניט קיין רעוואָלוציע מאַכן!

אָרעמע מענשעוויקעס, אָרעמער פּלעכאַנאָוו! זייערע ליבע-בריוו צו די קאַדעטן זיינען מיט פאַרגעניגן דורכגעלייענט, נאָר מע לאָזט זיי נאָך ניט ווייטער פון פאָרהויז.

טוט אַ קוק אָף פּלעכאַנאָווס אַרויסטריט אין דער בורזשואַזער, קאַדעטישער צייטונג „טאָוואַרישטש“. מיט וואָס פאַר אַ פרייד איִם האָבן באַגעגנט דער הער פּראָקאָפּאָוויטש און די פרוי קוסקאָווא, אָט דיזעלבע, וועלכע פּלעכאַנאָוו האָט אין 1900 יאָר אַרויסגעטריבן פון דער ס.-ד. פאַרטיי פאַר זייער פּרואוו זי בורזשואַז צו דעמאָראַליזירן. איצט האָט פּלעכאַנאָוו אָנגענומען די טאַקטיק פון דעם באַרימטן פּראָקאָפּאָוויטשעס און קוסקאָוועס „Credo“ *— און די בערנשטייניאַנער שיקן איִם פרעך לופטקושן, שרייענדיק: מיר, בורזשואַזע דעמאָקראַטן, האָבן עס אַלעמאָל געזאָגט!

און פּלעכאַנאָוון איז אויסגעקומען, קעדיי אַריינצוקומען אין קאַדעטישן פאָרהויז, פאַרן גאַנצן פאָלק אָפּצוזאָגן זיך פון זיינע נעכטיקע מעלדונגען.

* אַ דאָקומענט, אין וועלכן ס'איז פאָרמולירט געוואָרן די גאַנצע פּלאַטפאָרם פון די ערשטע רוסישע רעפאָרמיסטן, די עקאָנאָמיסטן.

אַט האָט איר פאַקטן.

אין נומ. 6 פון „טאָג-בוך“, אין יולי 1906 יאָר, נאָך דעם ווי עס איז
פאַנאַנדערגעטריבן געוואָרן די דומע, האָט פלעכאַנאָוו געשריבן, אַז די
פּאַרטייען, וואָס נעמען אָן אנטייל אין דער באַוועגונג, דאַרפן זיך
צונויפריידן. קעדיי צוזאַמען צו שלאָגן, דאַרף מען פריער צונויפ-
ריידן זיך. „די פּאַרטייען, וואָס זיינען פיינטלעך אונזער אַלטער
אָרדענונג, דאַרפן.... צונויפריידן זיך מעקוייעך דער גרונט-אידייע פון אָט
דער פּראָפּאַגאַנדע. און נאָך דעם פאַנאַנדערטרייבן די דומע קאָן אַלס אַזאַ
אידייע זיין בלויז די אידייע פון אַ גרינדונגס-פאַרזאַמלונג“...

.....„בלויז“ די אידייע פון אַ גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. אַזאַ איז געווען
פלעכאַנאָווס פּלאַן פון אַ פּאָליטישן בלאָק און פון אַ שלאַכט-פאַרשטענ-
דיקונג אין יולי 1906 יאָר.

אין פינף כאַדאָשים אַרום, צו נאָיאבר 1906 יאָר בייט פלעכאַנאָוו
די ליניע פון פאַרשטענדיקונג. פאַרוואָס? האָבן זיך געביטן פאַר דער
צייט די קעגנבאַדינגונגען פון די פּאַרטייען, וואָס פאָדערן אַ גרינדונגס-
פאַרזאַמלונג און פון די, וואָס פאָדערן זי ניט?

די קאַדעטן זיינען, לויט דער אַלגעמיינער אנערקענונג, אַוועקגע-
נאַנגען נאָך ווייטער אַף רעכטס. און פלעכאַנאָוו גייט אין דער קאַדעטי-
שער פּרעסע, פאַרשוויגנדיק די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, וועגן וועל-
כער עס איז פאַרווערט צו ריידן אין די ליבעראַלע פאַרהויזן.

איז דען ניט קלאָר, אַז אָט דער סאָציאַל-דעמאָקראַט האָט זיך
אויסגעגליטשט?

נאָר דאָס איז נאָך ווייניק. אין דעמזעלבן נומ. 6 „טאָג-בוך“ האָט
פלעכאַנאָוו גערעדט דירעקט וועגן די קאַדעטן. פלעכאַנאָוו האָט דער-
קלערט דאַן (דאָס איז געווען אַזוי לאַנג, לאַנג!) דעם אייגנוציק קלאַסן-
כאַראַקטער פון דעם קאַדעטישן אומצוטרוי צו דער אידייע פון גרינדונגס-
פאַרזאַמלונג. פלעכאַנאָוו האָט דאַן געשריבן וועגן די קאַדעטן בוכשטעב-
לעך פאָלגנדיקעס:

„ווער עס וועט זיך אָפּזאָגן צו פּראָפּאַגאַנדירן דידאָזיקע אידייע
(פון אַ גרינדונגס-פאַרזאַמלונג) אונטער דעם אָדער יענעם אויסרייד, דער
וועט קלאָר געבן צו פאַרשטיין, אַז ער זוכט גאָרניט, אין טאָך גענומען,
קיין ווירדיקן ענטפער אַף די טאַטן פון דעם הער סטאָליפּין און קאָמפּ.,
אַז ער, זאָל זיין אַפילע מיט אַ ווייטיק אין האַרצן, מאַכט שאָלעם
מיט אָט די טאַטן; אַז ער פּראָטעסטירט קעגן זיי בלויז מיט
ווערטער, בלויז לעפאָנעם“ (אונטערגעשטראָכן פון אונז).

אַוועקגייענדיק איצט אין דער קאַדעטישער צייטונג, האָט פלעכאַ-
נאָוו אָנגעהויבן זיין פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַ וואַל-בלאָק פון דער פאַרווירק-
לעכונג פון אַ אידייאישן בלאָק. אין דער קאַדעטישער צייטונג האָט פלע-

כאַנאַוו ניט געוואָלט זאָגן דעם פאָלק, אַז די קאַדעטן מאַכן שאָלעם מיט דער סטאָליפּינישער באַנדע, אַז זיי פּראָטעסטירן בלויז לע־פּאָנעם.

פאַרוואָס האָט פּלעכאַנאָוו ניט געוואָלט אין נאָיאַבר 1906 יאָר איבערכאַזערן דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט אין יולי 1906 יאָר?

אָט וואָס עס באַטייטן „טעכנישע“ בלאָקן מיט די ק.־ד., און אָט פאַר וואָס מיר פירן אַן אומראַכמאָנעסדיקן קאַמף מיט יענע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן, וואָס דערלאָזן אַזעלכע בלאָקן.

צי זייט איר זיך ניט צופרי מעסאַמייעך, הערן קאַדעטן? אַן בלאָקן וועלן ווײלן די ס.־ד. אַף קאַווקאַז און אוראַל, אין פּוילן, אין לעטישן קאַנט, אין מאָסקווער צענטראַלער געגנט און, וואַרשיינלעך, אין פּעטערבורג.

קיינע בלאָקן מיט די קאַדעטן! קיין שום שאָלעם־מאַכן מיט יענע, וואָס מאַכן שאָלעם מיט דער סטאָליפּינישער באַנדע!

„פּראָלעטאַרי“, נומ. 8
פון 28 נאָיאַבר 1906 יאָר.

# דער פּראָלעטאַריאַט און זיין פאַרבינדעטער אין דער רוסישער רעוואָלוציע

אַזוי האָט אַ נאָמען געגעבן קאַוטסקי דאָס לעצטע קאַפּיטל פון זיין אַרטיקל: „די באַוועג־קרעפטן און פּערספּעקטיוון פון דער רוסישער רע־וואָלוציע“ אין די אָקאָרשט אַרויסגעגאַנגענע נומערן „די נייע צייט“. דערדאָזיקער אַרטיקל וועט, בליסאָפעק, אינגיכן, פּונקט ווי די אַנדערע אַרבעטן פון קאַוטסקין, אַרויסגיין אין אַ רוסישער איבערזעצונג. באַקענען זיך מיט דעם אַרטיקל איז אומבאַדינגט נויטיק פאַר אַלע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן, — ניט דערפאַר, וואָס פון דעם דייטשישן טעאָרעטיקער פון מאַרקסיזם וואָלט מען געקאָנט וואַרטן אַן ענטפער אַף די פראַגן פון אונזער טאַקטיק (שלעכט וואָלטן געווען אונזערע רוסישע ס.־ד., ווען זיי וואָלטן געוואַרט אַזעלכע ענטפערן פון דערווייטנס), — נאָר דערפאַר, וואָס קאַוטסקי באַטראַכט מערקווירדיק לאָגיש די יעסוידעס פון דער גאַנצער ס.־ד. טאַקטיק אין דער בורזשואַזער רוסישער רעוואָלוציע. פאַר אַלע מיטגלידער פון אונזער פּאַרטיי, פאַר אַלע באַוואוסטזיניקע אַר־בעטער, וואָס זיינען פאַרוואָרפן מיט קליינער וואָכעדיקער אַרבעט, וואָס ווערן באַטויבט דורך די אויסגעריבענע באַנאַליטעטן פון די פּרינציפּלאָזע ליבעראַל־בורזשואַזע שרייבערלעך, זיינען באַזונדערס וויכטיק אַזעלכע ווערק פון דענקנדיקע געניטע און דערפאַרענע ס.־ד., וועלכע דערלויבן אויפצוהייבן העכער פון דער אַלטעגלעכקייט, אַריינצודרינגען אין די

גרונט-פראַגן פון דער טאַקטיק פון דעם פּראָלעטאַריאַט, פאַרצושטעלן זיך קלאָרער די פּרינציפּיעלע טענדענצן און די מעטאָדן גופא פון דענקען פון די פאַרשיידענע ריכטונגען אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

דער נייסטער אַרטיקל קאַוטסקיס איז באַזונדער וויכטיק אין דער הינזיכט, וואָס ער גיט די מעגלעכקייט צו פאַרגלייכן דעם כאַראַקטער פון די פראַגן, וואָס פּלעכאַנאָוו האָט געשטעלט קאַוטסקין (צווישן די אַנדערע אויסלענדישע סאָציאַליסטן), מיט דער אַרט ענטפערן פון קאַוטסקין אַף אייניקע פון אָט די פראַגן.

פּלעכאַנאָוו, וועמען דער קאַדעט מעלגונאָוו האָט צוטרעפנדיק אָנגערופן היינט (דעם 10-טן דעק.) אין „טאַוואַרישטש" „געוועזענער לידער און טעאָרעטיקער פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע", האָט געפרעגט קאַוטסקין (1) וועגן דעם „אַלגעמיינעם כאַראַקטער" פון דער רוסישער רעוואָלוציע: איז זי אַ בורזשואַזע אָדער אַ סאָציאַליסטישע? (2) וועגן דער באַציאונג פון דער ס.-ד. צו דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע און (3) וועגן דער טאַקטיק פון דער ס.-ד. באַ די וואַלן אין דומע.

דער פירער פון די רוסישע אָפּאָרטוניסטן האָט געוואָלט אַרויספאַנגען באַ קאַוטסקין אַ צושטימונג צו בלאָקן מיט די ק.-ד. דער פירער פון די דייטשישע רעוואָלוציאָנערע ס.-ד. האָט געטראָפן, אַז דער אַווטאָר פון די פראַגן רוקט אים אונטער אַן ענטפער אַף דעם, וועגן וואָס אין די פראַגן ווערט דירעקט ניט גערעדט, און ער האָט געהאַלטן פאַר בעסער צו ענטפערן פּלעכאַנאָוון מיט אַ רואיקער, גרינדלעכער, פּראָפּאַגאַנדיסטיש אָנגעשריבענער דערקלערונג פון דעם, ווי אַ מאַרקסיסט דאַרף שטעלן די פראַגן וועגן בורזשואַזער רעוואָלוציע און וועגן בורזשואַזער דעמאָקראַטיע ביכלאַל. לאָמיר דאָך אויפמערקזאַמער צוקוקן צו אָט דער קאַוטסקיס דערקלערונג.

אויבערפלעכלעך וואָלט געווען צו באַטראַכטן די רוסישע רעוואָלוציע, אַלס אַ באַוועגונג, וואָס איז געריכטעט אַף אַראָפּצווואַרפן דעם אַבסאָלוטיזם. מע דאַרף זי באַטראַכטן, אַלס די אויפוואַכונג פון די ברייטע פאָלקס-מאַסן צו אַ זעלבשטענדיקער פּאָליטישער טעטיקייט. אָט אַזאַ איז די גרונט-האַנאַכע פון קאַוטסקין.

דאָס באַטייט אָט וואָס. אויבערפלעכלעך וואָלט געווען יענער אַנאַליז פון די אויפגאַבן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס באַגרענעצט זיך מיט אָנווייזן אַף דער דערגרייכונג פון פּאָליטישער פרייהייט (דאָס אַראָפּוואַרפן דעם אַבסאָלוטיזם) און אַף דער „געמיינזאַמקייט" פון אָט דער אויפגאַבע באַ פאַרשיידענע קלאַסן. מע דאַרף אַ קוק טאָן אַף דער לאַגע פון די מאַסן, אַף די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון זייער לעבן, אַף דעם אונטערשייד פון קלאַסן אינעווייניק אין די מאַסן, אַפן רעאַלן

אינהאַלט פון יענער פרייהייט, צו וועלכער זיי שטרעבן אין דער ווירקלעכקייט. ניט פון דער אַלגעמיינער פראַזע דאַרף מען מאַכן דעם אויספיר וועגן דער אייניקייט פון די אינטערעסן, ניט פון דער „פּאָליטישער פרייהייט" ביכלאַל דאַרף מען אַרויסדרינגען דעם געמיינזאַמען קאַמף פון פאַרשיידענע קלאַסן, — נאָר, פאַרקערט, פון דעם גענויען אַנאַליז פון דער לאַגע און פון די אינטערעסן פון די פאַרשיידענע קלאַסן דאַרף מען מאַכן דעם אַנאַליז, אַף וויפל נעמלעך און אין וואָס נעמלעך איז אידענטיש אָדער עס פאַלט צוזאַמען (און צי פאַלט ער צוזאַמען?) זייער קאַמף פאַר פרייהייט, זייער שטרעבונג צו פרייהייט. ניט אַפן קאַדעטיש, ניט אַפן ליבעראַלן שטייגער דאַרף מען אורטיילן, ניט אַזוי, ווי די הערן פּראָקאָפּאָוויטשעס און קאָמפּ. נאָר מאַרקסיסטיש.

ווייטער. אויב דער אויסגאַנגס-פּונקט זיינען די אינטערעסן פון די מאַסן, דאַן איז דער הויפּט-פּונקט פון דער רוסישער רעוואָלוציע — די אַגראַר (די ערד-) פראַגע. וועגן דער מאַפּאַלע אָדער וועגן דעם זיג פון דער רעוואָלוציע דאַרף מען קומען צום אויספיר ניט אַפן גרונט פון די גוואַלטאַטן פון דער רעגירונג און ניט אַפן גרונט פון די מאַיסים פון דער רעאַקציע (וועלכע פאַרנעמט איינגאַנצן די אויפמערקזאַמקייט פון אַסאַך קאַדעטנאַרטיקע ס.-ד.), נאָר אַפן גרונט פון דיסקאַנט פון דער לאַגע פון די מאַסן אין דעם קאַמף פאַר ערד.

די לאַנדווירטשאַפט איז דער באַזיס פון דער פאָלקס-ווירטשאַפט פון רוסלאַנד. די לאַנדאַרבעט איז אין אַ געפאַלענער לאַגע, די פויערים זיינען רואינירט. אַפילו די ליבעראַלן פאַרשטייען עס (קאַוטסקי ציטירט די קאַדעטן פּעטרונקעוויטש און מאַנואילאָוו). נאָר, אַנווייזנדיק אַף דער געמיינזאַמקייט פון אָט דעם קוק באַ די ליבעראַלן און סאָציאַליסטן, באַנוגנט זיך ניט קאַוטסקי דערמיט. ער דערלויבט זיך ניט צו מאַכן דערפון דעם קאַדעטישן אויספיר: „הייסט עס, אַז די ס.-ד. דאַרפן שטיצן די קאַדעטן". ער טרעט צו גלייך צו דעם אַנאַליז פון די קלאַסן-אינטערעסן און ער באַווייזט די אומפאַרמיידלעכקייט פון האַלבקייט פון די ליבעראַלן אין דער אַגראַר-פראַגע. אַנערקענענדיק די געפאַלענע לאַגע פון דער לאַנדאַרבעט ביכלאַל, פאַרשטייען ניט די ליבעראַלן דעם קאַפּיטאַליסטישן כאַראַקטער פון דער לאַנדאַרבעט און פון דער פראַגע, וואָס שטאַמט דערפון אַרויס, וועגן די ספּעציעלע סיבעס, פאַר וואָס עס פאַרהאַלט זיך גראַד די קאַפּיטאַליסטישע, און ניט קיין אַנדערע, עוואָלוציע.

און קאַוטסקי קלייבט אויספירלעך פאַנאַנדער איינע פון אָט די ספּעציעלע סיבעס, נעמלעך, דעם דרוק פון קאַפּיטאַל אין רוסלאַנד. דער אויסלענדישער קאַפּיטאַל שפּילט באַ אונז אַ באַזונדער גרויסע ראָלע. דאָס פאַרהאַלט די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג פון דער לאַנדאַרבעט. קאַ-

אוטסקים אויספיר איז: „דאָס פאַלן פון דער לאַנדווירטשאַפט, צוגלייך מיטן וואוקס פון די קויכעס פון דעם אינדוסטריעלן פראָלעטאַריאַט, איז די הויפט-סיבע פון איצטיקער רוסישער רעוואָלוציע".

איר זעט: קאַוטסקי שטודירט, אויפמערקזאַם און פּאַרזיכטיק, דעם ספּעציעלן כאַראַקטער פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, און ער מיידט ניט אוים דידאַזיקע באַזונדערקייטן, אַזוי ווי די קאַדעטן און די קאַדעטנאַרטיקע ס.-ד., דורך דאָקטרינערישן באַרופן זיך אָפּן „אַלגע-מיינעם כאַראַקטער" פון יעדער בורזשואַזער רעוואָלוציע.

ווייטער קלייבט קאַוטסקי פאַנאַנדער די לייזונג פון דער אַגראַר-פראַגע. ער באַנוגנט זיך אויך דאָ ניט מיט דער אָפּגעריבענער ליבעראַלער פראַזע: אָט איז די קאַדעטישע דומע אויך פאַר ערד די פויערים (זע פלע-כאַנאָווס שרייבעכץ). ניין. ער באַווייזט, אַז בלויז פאַרגרעסערן די ערד-נאַכלע (דעם נאַדיעל) איז נאָך גאָרניט אָן אַ קאָלאָסאַלער געלט-שטיצע פאַרן פויער. דער אַבסאָלוטיזם איז ניט אימשטאַנד ווירקלעך צו העלפן דעם פויער. און די ליבעראַלן? זיי פאָדערן, אַז די ערד זאָל אויסגעקויפט ווערן. דער אויסקויף קאָן אָבער ניט ניט רואינירן דעם פויער. „בלויז די קאָנפיסקאַציע פון דעם גרויסלאַנד-באַזיץ" (אונטערגעשטראָכן פון קאַוטסקין) איז אימשטאַנד באַדייטנדיק צו פאַרגרעסערן די ערד-נאַכלע פון דעם פויער, ניט אַרויפלייגנדיק אָף אים קיין נייע מאַסע. די ליבעראַלן אָבער זיינען קאַטעגאָריש קעגן קאָנפיסקאַציע.

אָף אָט דער קאַוטסקים כקירע לוינט אָפּצושטעלן זיך. ווער עס איז וויפל ניט איז גרינדלעך באַקענט מיט די פּאַרטיי-שאַטירונגען אין די רע-וואָלוציאָנערע קרייזן פון רוסלאַנד, יענער ווייס, אַז די אָפּאָרטוניסטן פון ביידע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען האָבן זיך גראַד אין דער פראַגע וועגן אויסקויף ניט נאָר אָנגעשטעקט מיטן ליבעראַלן קוק, נאָר זיי האָבן נאָך דערביי פאַרקריפּלט קאַוטסקין. אונזערע מענשעוויקעס האָבן סאַי אָפן פאַרייניקונגס-צוזאַמענפאָר, סאַי אָף אַ גאַנצער ריי פאַרזאַמלונגען אין פּעטערבורג (לעמאָשל, דאָן אין זיינע זומערדיקע באַריכטן וועגן צו-זאַמענפאָר פאַר די פּעטערבורגער אַרבעטער) האָבן זיי אָנגעוויזן אָף דער ניטריכטיקייט פון יענעם פונקט פון דער אַגראַר-פראָגראַם, וועלכער איז דורכגעגאַנגען מיט דער הילף פון די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן געפאָדערט אומבאַדינגט אריינצושטעלן קאָנפיסקאַציע אנשטאַט „אנטאייגענען" (זע דעם לעכאַטכילעדיקן פראָעקט פון מאַסלאָוון). אונזערע מענשעוויקעס האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז ניט ריכטיק, אַז באַשטיין אָף קאָנפיסקאַציע קאָן בלויז דער וואולגאַרער רעוואָלוציאָניזם, אַז פאַר דער סאָציאַלער איבערקערעניש איז ניט וויכטיק, צי וועט זיין אָן אויסקויף אָדער ניט, און דערביי האָבן זיי זיך באַרופן אָף קאַוטסקים בראָשור „די סאָציאַלע רעוואָלוציע", וואו קאַוטסקי דערקלערט בענויגייע צו דער סאָציאַליסטי-

שער רעוואָלוציע ביכלאַל די דערלאָזבאַרקייט פון אויסקויף. אויך די עסעריזשע מענשעוויקעס, די האַלבע קאַדעטן, די ענעסן* האָבן פונקט אַזוי פּאַרטייִדיקט זייער אָפּקער אין דער זייט פון ליבעראַליזם אין דער פראַגע וועגן אויסקויף (אין איינעם פון די העפטן פון „Народн.-Соц. Обозрение“) און האָבן זיך אויך באַרופן אַף קאַוטסקין.

קאַוטסקי ווייס מיסטאָמע ניט ניט די אויפירונג פון די מענשעוויקעס אין דערדאָזיקער פראַגע, ניט די באַדייטונג פון דער פּאָליטיק פון די ענעסן און פון זייער גרופּע. אָבער מיט זיין שטעלונג פון דער פראַגע וועגן אויסקויף אין דער רוסישער רעוואָלוציע האָט ער ווידעראַמאָל געגעבן אַלע אונזערע אָפּאָרטוניסטן אַן אויסגעצייכנטע לעקציע וועגן דעם, ווי מע דאַרף ניט אורטיילן. מע קאָן ניט פון אַלגעמיינע האַנאַכעס וועגן דער פאַרהעלטעניש פון אויסקויף און קאָנפיסקאַציע אין פאַרשיידענע רעוואָלוציעס, אָדער אין דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע ביכלאַל, מאַכן קיין אויספיר וועגן אויסקויף אין רוסלאַנד אין די יאָרן 1905—1906. מע דאַרף פאַנאַנדערקלייבן, וועלכע קלאַסן באַ אונז אין רוסלאַנד האָבן אַרויסגערופן די באַזונדערקייטן פון אונזער שטעלן די פראַגע וועגן אויסקויף; פון די אינטערעסן פון אַט די קלאַסן דאַרף מען אויספירן די פּאָליטישע באַדייטונג פון דער געגעבענער פראַגע אין דער געגעבענער רעוואָלוציע און דאַן ערשט אָפּשאַצן די ריכטיקייט אָדער ניטריכטיקייט פון די מיינונגען פון פאַרשיידענע פּאַרטייען.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז, גייענדיק מיט אַזאַ וועג, איז קאַוטסקי געקומען ניט צו דער פאַרשמירונג פון דעם אונטערשייד צווישן די ליבעראַלן און די רעוואָלוציאָנערן אין דער פראַגע וועגן אויסקויף (צו וואָס עס קומען שטענדיק די פּלעכאַנאָוויסטן און די ענעסן), נאָר צו דער קלאָרמאַכונג פון דער טיפעניש פון דעמדאָזיקן אונטערשייד. ווען פּלעכאַנאָוו האָט געשטעלט זיינע פראַגן קאַוטסקין, האָט ער פאַרדעקט דעם אונטערשייד צווישן דער „אָפּאָזיציאָנעלער“ און „רעוואָלוציאָנערער“ באַוועגונג דורך דעם, וואָס ער האָט באַזייטיקט די קאָנקרעטע פראַגן. קאַוטסקי האָט אָראָפּגעוואָרפן דידאָזיקע פּלעכאַנאָווישע פאַרדעקונגען, ער האָט אַרויסגעצויגן אַף דער ווייסער וועלט די וויכטיקסטע פראַגע וועגן אויסקויף און האָט באַוויזן פּלעכאַנאָוון, אַז קעגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די פויערים קעמפן „אַף זייער שטייגער“ ניט בלויז די שוואַרצמייעניקעס, נאָר אויך די ליבעראַלן.

„אַן אָפּשאַפן די שטענדיקע אַרמיי, — שרייבט קאַוטסקי, — אַן אויפהערן בויען דעם קריגס-פלאָט, אַן דער קאָנפיסקאַציע פון דעם גאַנצן

* פאָלקס-סאָציאַליסטן.

פאַרמעגן פון דער צאַרישער פאַמיליע און פון די קלויסטערס, אָן אַ מער־לוכע־באַנקראָט, אָן דער קאָנפיסקאַציע פון די גרויסע מאָנאָפּאָליעס, אַף וויפל זיי געפינען זיך נאָך אין די הענט פון פּריוואַטע פּערזאָנען, פון די אייזנבאַנען, פון די נאַפּט־קוואַלן, פון די באַרג־גרובן, פון די אייזנווערק און אַז. וו. — איז ניטאָ פונוואַנען צו נעמען יענע קאָלאָסאַלע סומען, וואָס זיינען נויטיק פאַר דער רוסישער לאַנדווירטשאַפט, קעדיי אַרויסצורייסן זי פון איר שרעקלעכן צושטאַנד".

דערמאָנט זיך די געוויינלעכע מענשעוויסטישע רעדעס וועגן דעם אוטאָפּיזם און פאַנטאַזיאָרעריי פון די באָלשעוויקעס, לעמאָשל, פּלעכאַנאָווס רעדעס אָפּן צוזאַמענפּאַר מעקויעך די פאָדערונגען צו פאַרייניקן די אַגראַר־פראַגע מיט דער פּאָליטישער (דאָס אָפּשאַפן די שטענדיקע אַרמיי, וואָלן פון באַאַמטע דורך דאָס פאָלק און אַז. וו.). פּלעכאַנאָוו האָט געלאַכט פון דעם אָפּשאַפן די שטענדיקע אַרמיי און פון דער געוויילטקייט פון די באַאַמטע דורך דאָס פאָלק! די פּלעכאַנאָווישע „סאָוורעמענאַיאַ זשיזן" שטימט איין מיט דער ריכטונג פון דער „נאַשע דיעלאָ", אָנרופנדיק דעם פּאָליטישן אָפּאָרטוניזם „פּאָליטישער מאַטעריאַליזם" (??) און קעגנשטעלנדיק אים דער „רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיק".

לאָזט זיך אויס, אַז דער פאַרזיכטיקער קאַוטסקי גייט באַדייטנדיק ווייטער, איידער דער סאַמע עקסטער באָלשעוויק, אַז ער שטעלט אַרויס באַדייטנדיק מער „אוטאָפּישע" און „ראָמאַנטישע" (פון שטאַנדפונקט פון דעם אָפּאָרטוניסט) פאָדערונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַגראַר־פראַגע!

קאַוטסקי פאָדערט ניט נאָר די קאָנפיסקירונג פון דער פּריצישער ערד, ניט נאָר די אָפּשאַפונג פון דער שטענדיקער אַרמיי, נאָר אויך די קאָנפיסקאַציע פון די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָליעס!

און קאַוטסקי באַמערקט פולקום קאָנזעקווענט גלייך נאָך דער ציטירטער שטעל: „עס איז קלאָר, אַז די ליבעראַלן שרעקן זיך פאַר אַזאַ קאָלאָסאַלער אויפגאַבע, פאַר אַזעלכע אַנטשיידענע ענדערונגען אין די עקזיסטירנדיקע באַזיץ־באַציאונגען. אין טאָך גענומען, ווילן זיי פאַרזעצן צו פירן די איצטיקע פּאָליטיק, לאָזנדיק אומבאַרירט די יעסוידעס פון דער עקספּלואַטאַציע פון רוסלאַנד דורך די אויסלענדישע קאַפּיטאַלן. זיי שטייען פעסט פאַר דער שטענדיקער אַרמיי, וועלכע קאָן בלויז אַליין, לויט זייער מיינונג, זיכערן די אָרדענונג און איינהייטן זייער אייגנטום"...

פּלעכאַנאָוו פּראָטעסטירט: מע האָט מיט אים געהאַנדלט ניט גערעכט; ער האָט קאַוטסקין געפרעגט בלויז וועגן שטיצן די אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטייען בײַ די וואַלן אין דומע, און אים ענטפערט מען ניט אַף דער

טעמע! וואַלן אין דומע און — אָפּשאַפן די שטענדיקע אַרמיי! וואָס פאַר אַ קאַפּריז פון דעם אַנאַרכיסטישן געדאַנק פון אַ פאַנטאַסט, וואָס פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיק אַנשטאַט „פּאָליטישן מאַטעריאַליזם“, וועלכן עס פאָדערט דער אָפּאָרטוניסט!

און קאַוטסקי זעצט זיך פאַר „אומטאַקטיש“ צו קריטיקירן די ליי־בעראַלן, אַלס ענטפער אַף דער פראַגע וועגן די וואַלן אין דומע. ער באַ־שולדיקט זיי דערפאַר, וואָס זיי ווילן אויסקוועטשן ־ווי פריער פון דעם רוסישן פאָלק צו אַ מיליאַרד רובל אַף דעם מיליטאַריזם און אַף די אָפּ־צאָלונגען לויט די האַלוואָעס. „זיי מיינען (די ליבעראַלן), אַז די באַשאַ־פונג פון דער דומע איז גענוג, אַז מע זאָל דורך אַ וואונדער פון אונטער דער ערד באַקומען מיליאַרדן“. „דער ליבעראַליזם איז פונקט אַזוי ווייניק פעאיק אַף דעם (אַף צו באַפרידיקן די רוסישע פויערים), ווי דער צאַ־ריזם“. קאַוטסקי גיט אָפּ אַ ספּעציעל קאַפּיטל אַף קלאָר צו מאַכן די פאַרהעלטענישן פון דעם ליבעראַליזם צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. ער ווייזט אָן, אַז אין רוסלאַנד איז ניטאָ קיין בורזשואַזע דעמאָקראַטיע פון אַלטן שאַבלאָן, אין וועלכער עס האָט יאָרן לאַנג פאַרנומען אַ שטאַנד־האַפטיקע לאַגע דאָס שטאָטישע קליינבירגערטום. לעהייפעך פון מאַירעזו וועט אין רוסלאַנד דאָס שטאָטישע קליינבירגערטום „קיינמאָל ניט זיין קיין זיכערע שטיצע פאַר די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען“.

„אין רוסלאַנד איז ניטאָ קיין פעסטער סקעלעט פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע“. אָט דער אויספיר קאַוטסקיס באַזירט זיך סאַי אַפן אַנאַ־ליז פון דער באַזונדערער לאַגע פון דעם קליינבירגערטום אין די שטעט, סאַי אַפן דיסקאַנט פון דעם, וואָס דער קלאַסן־אַנטאַגאָניזם צווישן די קאַפּיטאַ־ליסטן און דעם פּראָלעטאַריאַט איז אין רוסלאַנד אַנטוויקלט ניט אין אַן ערגער שטאַרקער, איידער אין די עפּאָכן פון די בורזשואַזע רעוואָלוציעס פון „אַלטן שאַבלאָן“. און די באַדייטונג פון דעמדאָזיקן אויספיר איז קאָ־לאָסאַל. אָט אין דעם פונקט טאַקע ליגט דער שווער־פונקט פון דער „אויסבעסערונג“, וועלכע קאַוטסקי האָט אַריינגעטראָגן אין פּלעכאַנאָווס שטעלונג פון דער פראַגע, — אַן אויסבעסערונג, וואָס באַטייט אַ גרינד־לעכע אומענדערונג.

פּלעכאַנאָוו אָפּערירט אין זיינע פראַגן מיטן אַלטן שאַבלאָן פון בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, ניט מער. ער באַנוצט דאָס אָפּגעניצטע וואָרט, פאַרגעסנדיק אינגאַנצן צו באַשטימען אַפן גרונט פון די ר ו ס י ש ע אַנגאַבן, וואָס פאַר אַ ג ר אַ ד דעמאָקראַטיזם, פון וואָס פאַר אַ פעסטקייט און אַז. וו. עס באַזיצן יענע פ אַ ר ש י י ד ע נ ע שיכטן, וואָס טרעטן איצט אַרויס אין רוסלאַנד אַלס בורזשואַזע דעמאָקראַטיע. קאַוטסקיס פאַר־דינסט באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט באַמערקט אָט דעם גרונט־כעט פון פּלעכאַנאָוון און האָט זיך גענומען דערקלערן אים פּראַקטיש

יענעם מ ע ט א ד, מיט וועלכן מע דארף קומען צום ווירקלעכן פארשטיין די בורזשואזע דעמאקראטיע אין רוסלאנד. און פון קאוטסקים געניטן אנאליז האבן זיך אנגעהויבן ארויסצובאקומען פון דעם אפגענוצטן אלטן שאבלאן די קאנטורן פון די ל ע ב ע ד י ק ע געזעלשאפטלעכע קרעפטן פון רוסלאנד: פון דעם שטאטישן קליינבירגערטום — פון דעם קלאס גוט־באזיצער, וואס ליבעראלעווען פאר א גראשן און שטיצן די שווארצמייאיקע קאנטער־רעוואלוציע פאר א רובל, — פון די קאפיטאליסטן, וואס האבן מוירע ערגער ווי פאר פייער פארן פראלעטאריאט, און, לעסאף, פון דעם פויערטום.

די נעפלהאפטע פראזע וועגן דער באציאונג צו דער „בורזשואזער דעמאקראטיע" (פון דעם פראנצויזישן טיפ אין די 40־קער יארן פון פארגאנגענעם יארהונדערט?) איז פארשוואונדן געווארן. דער נעפל איז צעשטרייט געווארן. מיט אט דעם נעפל אבער האבן דאך דעם פאלק די אויגן פארדעקט אונזערע פראקאפאוויטשעס, קוסקאוועס, איזגאיעווס, סטרואוועס און די אנדערע ליבעראלן, וועמען עס העלפט אביעקטיוו פלעכאנאוו. אנשטאט דעם נעפל פון די אלטע שאבלאנען האט דער ווירקלעך מארקסיסטישער אנאליז באוויזן אונז א גאר אנדערע פארהעלטעניש צווישן דעם דעמאקראטיזם פון פארשיידענע שיכטן און עלעמענטן פון דער רוסישער בורזשואזיע.

מיט דער הילף פון אט דעם אנאליז באשטימט קאוטסקי יענע ספעציעלע פארהעלטעניש צווישן דעם רוסלענדישן ליבעראליזם און דער רעוואלוציאנערקייט פון די פויערים, וועלכע עס באהאלטן באוואוסטזיניק די קאדעטן און וועלכע עס זעען ניט איבער זייער בלינדקייט אסאך סאציאל־דעמאקראטן! „וואס רעוואלוציאנערער עס ווערט דער פויער, אלץ רעאקציאנערער ווערט דער גרויסער ערדבאזיצער, אלץ מער הערט ער אויף צו זיין, ווי ער איז פריער געווען, דער זייל פון ליבעראליזם, א ל ץ א ו מ ש ט א נ ד ה א פ ט י ק ע ר ו וע ר ן ד י ל י ב ע ר א ל ע פ א ר ט י י ע ן, אלץ מער גייען אפ אף ר ע כ ט ס ד י ל י ב ע ר א ל ע פ ר א פ ע ס א ר ן א ו ן א ד ו ו א ק א ט ן אין די שטעט, קעדיי ניט צו פארלירן ענדגילטיק זייער צוזאמענבונד מיט זייער פריערדיקן אנהאלט". דערדאזיקער פראצעס „פארשנעלערט דעם באנקראט פון דעם ליבעראליזם".

ערשט נאך דעם, ווי קאוטסקי האט אויפגעדעקט די ווארצלען פון דעמדאזיקן ב א נ ק ר א ט פ ו ן ל י ב ע ר א ל י ז ם שוין אין דער איצטיקער רוסישער רעוואלוציע, גייט ער אריבער צו דעם אומיטלבארן ענטפער אף פלעכאנאווס פראגן. איידער צו ענטפערן, צי זאל מען שטיצן די „אפאזיציע", דארף מען קאנען פארשטיין (דערקלערט קאוטסקי), אין וואס עס באשטייט דער קלאסן־אנהאלט און דער קלאסן־טאך פון אט דער „אפאזיציע" (אדער פון דעם רוסישן ליבעראליזם) און אין וואס פאר א

פאַרהעלטעניש עס געפינט זיך די אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע אין פון די רעוואָלוציאָנערע קלאַסן צו דער לאַגע און צו די אינטערעסן פון דעם ליבעראַליזם. קלאָרמאַכנדיק אָט דאָס אין דער ערשטער ריי, קומט קאַוטסקי צוערשט צום באַנקראָט פון דעם ליבעראַליזם, און דערנאָך שוין פירט ער צו דעם לעזער צו דער פראַגע, וואָס אינטערעסירט פּלעכאַנאָוון: צי דאַרף מען שטיצן די אָפּאָזיציע בעאיים די וואַלן אין דומע? עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אָף צוויי דריטל פון פּלעכאַנאָווס פראַגן איז קאַוטסקין ניט אויסגעקומען צו ענטפערן...

דערפאַר אָבער וועלן קאַוטסקיס ענטפערס, ניט באַפרידיקנדיק פּלעכאַנאָוון, העלפן ריכטיק צו דענקען דער מאַסע רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטן.

(1) איז די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אַ בורזשואַזע אָדער אַ סאָציאַליסטישע?

אַזוי קאָן מען ניט שטעלן די פראַגע, זאָגט קאַוטסקי. דאָס איז דער אַלטער שאַבלאָן. די רוסישע רעוואָלוציע איז, פאַרשטייט זיך, ניט קיין סאָציאַליסטישע. וועגן דער סאָציאַליסטישער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט (די „אַליין־הערשאַפט" זיינע) קאָן קיין רייד ניט זיין. נאָר דידאָזיקע רעוואָלוציע איז אויך ניט קיין בורזשואַזע, ווייל „די בורזשואַזיע געהערט ניט צו די באַוועג־קרעפטן פון דער איצטיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד".
„דאָרט, וואו דער פּראָלעטאַריאַט טרעט אַרויס זעלבשטענדיק, הערט אויף די בורזשואַזיע צו זיין אַ רעוואָלוציאָנערער קלאַס".

און קאַוטסקי דערקלערט מיט אַן ענערגיע, וואָס שטייגט איבער די געוויינלעכע באָלשעוויסטישע „אומטאַקטישקייטן" קעגן די ליבעראַלן, אַז אונזער בורזשואַזיע האָט מער מוירע פאַר דער רעוואָלוציע, איידער פאַר דער רעאַקציע, אַז זי האָט פיינט דעם אַבסאָלוטיזם דערפאַר, וואָס ער רופט אַרויס די רעוואָלוציע, אַז זי וויל פּאָליטישע פרייהייט צוליב דעם, קעדיי צו מאַכן אַ סאָף מיט דער רעוואָלוציע! (און פּלעכאַנאָוו האָט נאַאיוו אידענטיפיצירט אין זיינע פראַגן דעם קאַמף פון דער אָפּאָזיציע מיט דער אַלטער אָרדענונג און דעם קאַמף קעגן די פּרואוון פון דער רעגירונג צו דערשטיקן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג!).

דערדאָזיקער ערשטער ענטפער קאַוטסקיס איז אַ גלענצנדיקע באַשטעטיקונג פון דעם גאַנצן איקער־יעסאָד פון דער טאַקטיק פון דעם באָלשעוויזם. אָנהויבנדיק פון די זשענעווער צייטונגען „וופּעריאָד" און „פּראָלעטאַרי" און פאָרזעצנדיק מיט דער בראָשור „צוויי טאַקטיקעס" האָבן די רוסישע באָלשעוויקעס אַלעמאָל געזעען דעם יעסאָד פון זייער קאַמף מיטן מענשעוויזם אין דעם, וואָס די רעכטע ס.־ד. פאַרקריפּלען דעם באַגריף: „בורזשואַזע רעוואָלוציע". הונדערטער מאָל האָבן מיר גע־

זאָגט און האָבן באַוויזן אַף די פילצאָליקע דערקלערונגען פון די מענשעוויקעס, אַז פאַרשטיין די קאַטעגאָריע „בורזשואַזע רעוואָלוציע“ אין דעם זין פון אנערקענען פאַר דער בורזשואַזיע דעם אויבנאָן און די אָנפירנדיקע ראָלע אין דער רוסישער רעוואָלוציע, באַטייט וואולגאַריזירן דעם מאַרקסיזם. אַ בורזשואַזע רעוואָלוציע *טראָגט* דער אומשטאַנדהאַפטיקייט פון דער בורזשואַזיע, דורך *פּאַראַליזירן* די אומשטאַנדהאַפטיקייט פון דער בורזשואַזיע, אַט ווי עס האָבן פאָרמולירט די באָלשעוויקעס די גרונט-אויפגאַבע פון דער ס.-ד. אין דער רעוואָלוציע.

קאַוטסקיס אַנאַליז גיט אונז די פולשטענדיקסטע גענוגטואונג. דאָס, אַף וואָס מיר האָבן פרעטענדירט, — די פאַרטיידיקונג פון דער פּאָזיציע פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע קעגן דעם אָפּאָרטוניזם, און קלאַל ניט דאָס שאַפן אַ וועלכע ניט איז „אָריגינעלע“ באָלשעוויסטישע ריכטונג, — האָט קאַוטסקי פולקום באַשטעטיקט, און דידאָזיקע באַשטעטיקונג איז נאָך באַזונדערס ווערטפול דערמיט, וואָס זי איז געגעבן דורך דער באַהאַנדלונג פון *דעם טאָך פון דער זאַך*, און ניט דורך אַ פּאַשעטער גענעראַלישער „האַסקאָמע“ מיט דער אָדער יענער פראַקציע.

(2) קאַוטסקי האַלט ניט נאָר פאַר „*זייער מעגלעך*“, אַז אין „פאַרלויף פון דער רעוואָלוציע וועט דער זיג אויספאַלן אַפן צאַד פון דער ס.-ד. פּאַרטיי“, נאָר ער דערקלערט פאַר דער פליכט פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן „*צוצוגעבן זייערע אָנהענגער די איבערצייגונג אין דעם זיג*, ווייל מע קאָן ניט קעמפן מיט דערפאָלג, אויב מע זאָגט זיך פאָרויס אָפּ פון דעם זיג“.

אַט דער אויספיר קאַוטסקיס איז די צווייטע גלענצנדיקע באַשטעטיקונג פון דער טאַקטיק פון דעם באָלשעוויזם. ווער עס איז וויפל ניט איז באַקענט מיט דער ליטעראַטור פון די צוויי ריכטונגען אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, יענער דאַרף וויסן, אַז די מענשעוויקעס האָבן מיט *אַלע קויכעס* באַשטרייט די מעגלעכקייט און די צוועקמעסיקייט פון דעם זיג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דער איצטיקער רוסישער רעוואָלוציע. די מענשעוויקעס האָבן נאָך אַף זייער קאָנפערענץ אין פרילינג 1905 יאָר (מיטן אנטייל פון פּלעכאַנאָוון, אקסעלראָדן און אַנד.) אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז די סאָצ.-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי דאַרף ניט שטרעבן צו דעראָבערן די מאַכט. פון דעמאָלט אָן איז דער געדאַנק: די ס.-ד. קאָנען ניט שטרעבן *צום זיג* פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין אַ בורזשואַזער רעוואָלוציע, גייט דורך מיט אַ רויטן (אָדער שוואַרצן?) פאָדעם דורך דער גאַנצער ליטעראַטור און *דורך דער גאַנצער פּאָליטיק* פון דעם מענשעוויזם.

אַט די פּאָליטיק איז אָפּאָרטוניזם. *דער זיג פון דער* ס.-ד. אין דער איצטיקער רוסישער רעוואָלוציע *איז זייער מעגלעך*. מיר

דאַרפן אינספּירירן זיכערקייט אין דעמדאָזיקן זיג אַלע אַנהענגער פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי. מע קאָן ניט קעמפן מיט דערפאָלג, אויב מע זאָגט זיך פאַרויס אָפּ פון דעם זיג.

דידאָזיקע פּאָשעטע און קלאָרע עמעסן, וואָס זיינען פאַרמיסטיקט דורך פלעכאַנאָווס סאָפיסטיק און סכאָלאַסטיק, דאַרפן דורכגעטראַכט ווערן און פאַרשטאַנען ווערן פון אונזער גאַנצער פּאַרטיי.

(3) טראַכטן, אַז „אַלע יענע קלאַסן און פּאַרטייען, וואָס שטרעבן צו פּאָליטישער פרייהייט, דאַרפן פּראָסט און פּאָשעט האַנדלען צוזאַמען, קעדיי צו דערשלאָגן זיך אָט דידאָזיקע פרייהייט", הייסט „האָבן אין אויג בלויז די פּאָליטישע אויבערפלאַך פון דעם, וואָס עס קומט פאָר".

דאָס איז די דריטע באַשטעטיקונג פון דעם באָלשעוויזם. מע קאָן ניט פון איין באַרופן זיך בלויז אָף דעם; אַז די ק.-ד. „קעמפן אָף זייער שטייגער פאַר פרייהייט" מאַכן דעם אויספיר וועגן געמיינזאַמער האַנדלונג מיט זיי. דאָס איז דער אַלעפבייס פון מאַרקסיזם, וואָס איז בלויז צייטווייליק פאַרמיסטיקט דורך פלעכאַנאָוו און אַקסעלראָדן מיט זייערע אַנהענגער.

(4) ווער איז אָבער יענער קלאַס, וואָס קאָן העלפן דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פּראָלעטאַריאַט זיגן אין דער איצטיקער רעוואָלוציע, וואָס קאָן אים שטיצן און באַשטימען די גרענעצן פון די לאַנגזאַם אויספירבאַרע אומענדערונגען? דערדאָזיקער קלאַס איז, לויט קאַוטסקיס מיינונג, דאָס פּויערטום. בלויז בא אים איז פאַראַן אַ „פעסטע געמיינזאַמקייט פון די עקאָנאָמישע אינטערעסן" אָף דער גאַנצער צייט פון דער רעוואָלוציע. „אין דער געמיינזאַמקייט פון די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם פּויערטום באַשטייט די רעוואָלוציאָנערע קראַפט פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און די מעגלעכקייט פון איר זיג, אָבער דיזעלביקע געמיינזאַמקייט באַשטימט אויך די גרענעצן פון דעם מעגלעכן אויסנוצן דעמדאָזיקן זיג".

דאָס באַטייט: ניט קיין סאָציאַליסטישע דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר די דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום. מיט אַנדערע ווערטער האָט קאַוטסקי פאָרמולירט די לאַנגיאָריקע גרונט-האַנאָכע פון דער גאַנצער טאַקטיק פון די רעוואָלוציאָנערן ס.-ד. לעהייפעך סאַי צו די אָפּאָרטוניסטן, סאַי צו די „היץ-קעפּ". יעדער ווירקלעכער און פולקומער זיג פון דער רעוואָלוציע קאָן זיין בלויז אַ דיקטאַטור, האָט מאַרקס געזאָגט, האָבנדיק אין אויג, פאַרשטייט זיך, די דיקטאַטור (ד. ה. פון קיינעם ניט באַגרענעצטע מאַכט) פון דער מאַסע איבער אַ הייפל, און ניט פאַרקערט. נאָר פאַר אונז איז וויכטיק, פאַרשטייט זיך, ניט דאָס, ווי אַזוי די באָלשעוויקעס פאָרמולירן זייער טאַקטיק, נאָר

דער טאָך פון דערדאָזיקער פאָרמולירונג, וועלכן עס שטיצט אינ-גאַנצן קאַוטסקי!

ווער עס וויל דענקען מאַרקסיסטיש, און ניט קאַדעטיש וועגן דער ראָלע פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין אונזער רעוואָלוציע, וועגן דעם מעגלעכן און נויטיקן „פאַרבינדעטן" זיינעם, — דער דאַרף קומען צו די אָנשויאונ-גען פון דער רעוואָלוציאָנערער און ניט פון דער אָפּאָרטוניסטישער סאָ-ציאַל-דעמאָקראַטיע. אָף די יעסוידעס פון דער פּראָלעטאַרישער טאַקטיק.

„פּראָלעטאַרי", נומ. 10
פון 20 דעקאַבר 1906 יאָר.

# פאָרוואָרט צו ליבקנעכטס בראָשור: „קיינע קאָמ-פּראָמיסן, קיינע וואַל-פאַרשטענדיקונגען!"

ליבקנעכטס בראָשור, וואָס ווערט פאָרגעלייגט אין איבערזעצונג דעם רוסישן לעזער, האָט אַ באַזונדער אינטערעס איצט, ערעוו די וואַלן אין דער צווייטער דומע, ווען די פראַגע וועגן וואַל-פאַרשטענדיקונגען אינטערעסירט אַקטועל סאַי די אַרבעטער-פּאַרטיי, סאַי די געזעלשאַפט-לעכע מיינונג פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע.

מיר וועלן זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אָף דער אַלגעמיינער באַדייטונג פון ליבקנעכטס בראָשור. דער לעזער מוז זיך ווענדן צו פראַנץ מערינגס ווערק וועגן דער געשיכטע פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און צו אַ ריי אַנדערע ווערק פון אונזערע דייטשישע כאַווײרים, קעדיי קלאָר פאָרצושטעלן זיך דידאָזיקע באַדייטונג און קעדיי ריכטיק צו פאַר-שטיין די באַזונדערע שטעלן פון דער בראָשור, וועלכע דערלאָזן פאַלשע אויסטייטשונגען, אויב מע זאָל זיי נעמען אויסער יענער סיטואַציע, ווען און ווי זיי זיינען געזאָגט געוואָרן.

פאַר אונז איז וויכטיק צו באַצייכענען דאָ ליבקנעכטס אַרט פון אורטיילן. עס איז וויכטיק צו באַווייזן, ווי ער איז צוגעגאַנגען צו דער פראַגע וועגן פאַרשטענדיקונגען, קעדיי צו העלפן דעם רוסישן לע-זער זעלבשטענדיק צוצוגיין צו דער לייזונג פון דער פראַגע וועגן בלאָק מיט די קאַדעטן, וואָס אינטערעסירט אונז איצט.

ליבקנעכט לייקנט לאַכלוטן ניט, אַז פאַרשטענדיקונגען מיט בור-זשואַז-אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטייען זיינען „נוצלעך" סאַי פונם שטאַנדפּונקט פון „פּאַרלאַמענטישע מאַנדאַטן", סאַי פונם שטאַנדפּונקט פון געווינען אַ „פאַרבינדעטן" (קלוימערשט אַ פאַרבינדעטן) קעגן דעם אַלגעמיינעם סוינע, דער רעאַקציע. נאָר אין דעם טאַקע ווייזט זיך אַרויס דער ווירקלעך פּאָליטישער סייכל און דער אויסגעפּרואווטער סאָציאַל-דעמאָקראַטיזם

פון דעם וועטעראַן פון די דייטשישע סאָציאַליסטן, וואָס ער באַגרע־ נעצט זיך ניט מיט אָט די מאָטיוון. ער קלייבט פאַנאַנדער, צי איז ניט דער „פאַרבינדעטער" אַ באַהאַלטענער סוינע, וועלכן עס איז באַ־ זונדערס געפערלעך צו לאָזן אין אונזערע רייען? צי קעמפט ווירקלעך און ווי קעמפט דערדאָזיקער פאַרבינדעטער קעגן דעם אַלגעמיינעם סוינע? צי איז ניט פאַרבונדן די נוצלעכקייט פון פאַרשטענדיקונגען, פון שטאַנד־ פונקט פון פאַרגרעסערן די צאָל פאַרלאַמענטישע מאַנדאַטן, מיט אַ שאָדן בענויגייע צו די דויערהאַפטערע און צו די טיפערע אויפגאַבן פון דער פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי?

לאָמיר נעמען כאָטש אָט די דריי פראַגן, וואָס איך האָב איצט אָנגעמערקט, און לאָמיר אַ קוק טאָן, צי פאַרשטייט זייער באַדייטונג אַזאַ, לעמאָשל, פּאַרטיידיקער פון פאַרשטענדיקונגען פון די רוסישע ס.־ד. מיט די קאַדעטן, ווי פּלעכאַנאָוו. מיר וועלן זעען, אַז פּלעכאַנאָוו שטעלט די פראַגע וועגן פאַרשטענדיקונגען שרעקלעך שמאָל. די קאַדעטן ווילן קעמפן מיט דער רעאַקציע, הייסט עס... פאַרשטענדיקונגען מיט די קאַ־ דעטן! ווייטער פון דעם גייט פּלעכאַנאָוו ניט, די ווייטערדיקע אַנאַליזי־ רונג פון דער פראַגע דוכט זיך אים פאַר דאָקטרינערעריי. עס איז קיין וואונ־ דער ניט, וואָס אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, וועלכער האָט אַף אַזויפיל פאַר־ געסן די פאָדערונגען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאָליטיק, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס שאַכן און מיטאַרבעטער פון די רענעגאַטן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווי די ה"ה פּראָקאָפּאָוויטשעס און די אַנדערע פּובליציסטן פון „טאָוואַרישטש". עס איז קיין וואונדער ניט, אַז אַפילע די פּרינציפּיעלע מיינונגס־געגנאָסן פון אַזאַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, די מענ־ שעוויקעס, איז אָדער זיי שווייגן אין פאַרלעגנהייט, ניט וואַגנדיק צו זאָגן הויך דאָס, וואָס זיי טראַכטן וועגן פּלעכאַנאָוון, און אָפּזאָגנדיק זיך פון אים אַף אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען, אָדער זיי לאַכן פאַשעט פון אים, ווי די בונדיסטן אין „פאָלקסצייטונג" און אין „נאַשאַ טריבונאַ".

ליבקנעכט לערנט אונז, אַז אין יעדן פאַרבינדעטן פון צווישן דער בורזשואַזיע דאַרף דער סאָציאַל־דעמאָקראַט קענען אַנטפּלעקן זיינע גע־ פערלעכע זייטן און ניט באַהאַלטן זיי. און באַ אונז שרייען די מענשעווי־ קעס וועגן דעם, אַז ניט מיט די קאַדעטן דאַרף מען קעמפן, נאָר מיט דער שוואַרצמייאיקער געפאַר! ווי נוצלעך וואָלט עס געווען פאַר אַזעלכע מענטשן אַריינצוטראַכטן זיך אין ליבקנעכטס ווערטער: „די נאַרישע און אַכזאָריעסדיקע געוואַלטאַטן פון די פּאָליצייאישע פּאָליטיקער, די אָנ־ פאַלן פון דעם געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן — פון דעם קאַטאָרזשנעם געזעץ, פון דעם געזעץ קעגן די פּאַרטייען, וואָס פּריידיקן אַן איבערקערע־ ניש, קענען אַרויסרופן באַ אונז דאָס געפיל פון פאַראַכטלעכן באַדויערן, — אָבער פאַר דעם סוינע, וואָס שטרעקט אונז אויס זיין האַנט צוליב אַ

וואל-פארשטענדיקונג און וואס קריכט דורך צו אונז, אלס א פריינט און ברודער, פאר אזא סוינע און נאר פאר אזא סוינע דארפן מיר מוירע האבן“.

איר זעט: גוואלטאטן פון די פאליציי-לייט, שווארצמייעדיקע געזעצן האט אין אויג אויך ליבקנעכט. און דאך זאגט ער דרייסט די ארבעטער: ניט פאר דעם סוינע, נאר פאר א וואל-פארשטענדיקונג מיט א פאלשן פריינט דארף מען מוירע האבן. פאר וואס דענקט אזוי ליבקנעכט? דערפאר, ווייל ער האט אלעמאל גערעכנט די קראפט פון די קעמפער פאר א ווירקלעכער קראפט בלויז דאן, ווען דאס איז א קראפט פון באוואוסטזיניקע ארבעטער-מאסן. און די באוואוסטזיניקייט פון די מאסן ווערט ניט דעמאראליזירט דורך גוואלטאטן און קאטארזשנע געזעצן, — זיי דעמאראליזירן די פאלשע פריינט פון די ארבעטער, די ליבעראלע בורזשוא, וועלכע פירן אפ די מאסן פונם ווירקלעכן קאמף דורך פוסטע פראזן וועגן קאמף. אונזערע מענשעוויקעס און פלעכאנאוו פארשטייען ניט, אז דער קאמף מיט די קאדעטן איז א קאמף פאר באפרייען דאס באוואוסטזיין פון די ארבעטער-מאסן פון די פאלשע קאדעטישע געדאנקען און פארורטיילן מעקויעך פארייניקן די פאלקס-פרייהייט מיט דער אלטער מאכט.

ליבקנעכט האט אף אזויפיל שארף אונטערגעשטראכן אט די גרויסע געפאר פון די פאלשע פריינט אין פארגלייך מיט די דירעקטע סאנים, אז ער האט געזאגט: „דאס אריינפירן א נייעם געזעץ קעגן די סאציאליסטן וואלט געווען א קלענערע צרה, איידער פארשמירן די קלאסן-קעגנזאצן און די פארטיי-גרענעצן, אדאנק וואל-פארשטענדיקונגען“.

איבערזעצט דידאזיקע ליבקנעכטס פראזע אף דער שפראך פון דער רוסישער פאליטיק סאף 1906 יאר: „א שווארצמייעדיקע דומע וואלט געווען א קלענערע צרה, איידער פארשמירן די קלאסן-קעגנזאצן און די פארטיי-גרענעצן, אדאנק וואל-פארשטענדיקונגען מיט די קאדעטן“. וואס פאר א ווילדע יעלאלע עס וואלטן אויפגעהויבן קעגן ליבקנעכטן פאר אזא פראזע די שרייבער פון „טאווארישטש“ און ענלעכע צייטונגען, שרייבער, וועלכע זיינען איבערגעלאפן פון סאציאליזם צו די ליבעראלן! ווי אפט האבן מיר געהערט אף ארבעטער-פארזאמלונגען און פון די שפאלטן פון די מענשעוויסטישע אויסגאבן פונקט אזעלכע „פארורטיילונגען“ פון די באלשעוויקעס פאר אזוינע געדאנקען, וועלכע זיינען אויסגעפאלן אף ליבקנעכטס גוירל (זייט 54 פון דער פארגעלייגטער בראשור). נאר די באלשעוויקעס וועלן זיך פונקט אזוי ווייניק דערשרעקן פאר דידאזיקע יעלאלעס און פאר דידאזיקע פארורטיילונגען, ווי ווייניק עס האט זיך פאר זיי דערשראקן ליבקנעכט. בלויז שלעכטע סאציאל-דעמאקראטן זיינען פעאיק צו ריידן מיט פאראכטונג וועגן יענעם שאדן, וועלכן עס

ברענגען די אַרבעטער־מאַסן די ליבעראַלע פּאַרטײען פון דער פאָלקס־פרייהייט, וואָס האָבן זיך צו זיי צוגעשאָכנט דורך וואַל־פאַרשטענדיקונגען.

אַגעוו וועגן דעמדאָזיקן פּאַראַט פון דעם ליבעראַליזם. אונזערע אָפּאָרטוניסטן, פּלעכאַנאָוו אויך צווישן זיי, שרייען: עס איז אומטאַקטיש צו ריידן באַ אונז אויך איצט וועגן דעם פּאַראַט פון דעם ליבעראַליזם. פּלעכאַנאָוו האָט אַפילו אָנגעשריבן אַ גאַנצע בראָשור, קעדיי אויסצו־לערנען די אומטאַקטישע סאָציאַליסטן — אַרבעטער איידל באַגיין זיך מיט די קאַדעטן. אָף וויפל ניט אָריגינעל עס זיינען די פּלעכאַנאָווישע געדאַנקען, ווי ווייט אָפּגענוצט עס זיינען שוין די פּלעכאַנאָווישע פראַזן נאָך דורך די דייטשישע ליבעראַלע בורזשואַ, דאָס באַווייזט קלאָרער פאַר אַלץ ליבקנעכטס בראָשור. ווייזט זיך אַרויס, אַז פּלעכאַנאָוו האָט גע־שראָקן די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטן מיט דער זעלביקער קינדערשער מאַיסע וועגן דעם וואָלף און דעם פּאַסטוך, מיט וועל־כער די דייטשישע אָפּאָרטוניסטן האָבן געפּרואווט אָנשרעקן ליבקנעכטן: עס הייסט, איר וועט אַזוי צוגעוואוינען אַלעמען צו הערן אייערע גע־שרייען: „וועלף! וועלף!“, אַז, ווען עס וועט קומען אַ וואָלף, וועט אייך קיינער ניט גלויבן. צוטרעפנדיק האָט ליבקנעכט געענטפערט די פּילצאָלי־קע מיינונגס־גענאָסן פון דעם איצטיקן פּלעכאַנאָוו: „יעדנפאַלס ווערן די אינטערעסן פון דער פּאַרטיי אָפּגעהיט דורך וואַכזאַמע מענטשן ניט ער־גער, ווי דורך כוויזעקטרייבעריי“.

לאָמיר נעמען די צווייטע פון אונז אָנגעמערקטע פראַגע: צי קעמפט ווירקלעך אונזער ליבעראַלע בורזשואַזיע, ד. ה. קאַדעטן, קעגן דער שווארצמייעדיקער געפאַר און ווי אַזוי קעמפט זי? פּלעכאַנאָוו קאָן ניט ניט אָוועקשטעלן דידאָזיקע פראַגע, ניט לייזן זי דורך אַן אויפמערקזאַמען אַנאַליז פון דער פּאָליטיק פון די קאַדעטן אין דעם רעוואָלוציאָנערן רוס־לאַנד. פון דעם „אַלגעמיינעם באַגריף“ וועגן אַ בורזשואַזער רעוואָלוציע, פירט פּלעכאַנאָוו אויס, אויווערזייענדיק אָפן אַלעפבייס פון מאַרקסיזם, די קאָנקרעטע באַציאונג פון די רוסישע ס.־ד. צו די קאַדעטן, אנשטאָט אויסצופירן פון דער אויספאָרשונג פון די רעאַלע באַזונדערקייטן פון דער רוסישער בורזשואַזער רעוואָלוציע דעם אַלגעמיינעם באַגריף וועגן דער קעגנזייטיקער באַציאונג פון דער בורזשואַזיע, פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פון דעם פּויערטום אין דעם איצטיקן רוסלאַנד.

ליבקנעכט לערנט אונז אורטיילן אַנדערש. ווען מע האָט צו אים גערעדט וועגן דעם קאַמף פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע מיט דער רע־אַקציע, פלעגט ער ענטפערן מיטן אַנאַליז פון דעם, ווי אַזוי זי האָט גע־קעמפט. און ער פלעגט באַווייזן, — אין דער פאַרגעלייגטער בראָשור און אין אַסאַך אַנדערע אַרטיקלען, — אַז די דייטשישע ליבעראַלן (גאָר ווי אונזערע קאַדעטן) „פאַראַטן די פרייהייט“, אַז זיי דערנעענטערן זיך

מיט די „יונקערס (פּריצים) און מיט די גייסטלעכע“, אַז זיי האָבן ניט באַוויזן רעוואָלוציאָנער צו זיין אין אַ רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע.

„פון יענעם מאָמענט אָן, — זאָגט ליבקנעכט, — ווי דער פּראָלעטאַריאַט הויבט אָן אַרויסצוטרעטן, אַלס אַ קלאַס, וואָס האָט זיך אָפּגעזונדערט פון דער בורזשואַזיע און וואָס איז לויט זיינע אינטערעסן פיינטלעך צו איר, *הערט אויף די בורזשואַזיע צו זיין אַ דעמאָקראַטישע*“.

און אונזערע אָפּאָרטוניסטן, גלייך זיי וואָלטן כוויזעק געמאַכט איבער דעם עמעס, טיטולירן די קאַדעטן אַלס דעמאָקראַטן (אַפילע אין רעזאָלוציעס פון פּאַרטייאישער ס.-ד. קאָנפערענצן), האַגאַם די קאַדעטן לייקענען אָפּ דעם דעמאָקראַטיזם אין זייער פּראָגראַם, אַנערקענען אָן אויבערשטע פּאַלאַטע און ד. גל., האַגאַם זיי האָבן פאַרגעלייגט אין דער מעלוכע-דומע קאַטאָרזשנע געזעצן קעגן פאַרזאַמלונגען און האָבן געקעמפט קעגן בילדן אָן דער דערלויבעניש פון דער נאַטשאַלסטווע אָרטיקע ערד-קאָמיטעטן אַפן גרונט פון אַלגעמיינער, גלייכער, דירעקטער און געהיימער אָפּשטימונג!

ליבקנעכט האָט מיט פולן רעכט פאַרורטיילט דאָס באַנוצן דאָס וואָרט רעוואָלוציע, אַלס פוסטע פראַזע. ווען ער האָט גערעדט וועגן רעוואָלוציע, האָט ער ווירקלעך געגלויבט אין איר, — ער האָט ווירקלעך אַנאַליזירט אַלע פראַגן און אַלע שריט פון דער טאַקטיק ניט בלויז פון שטאַנדפונקט פון די אינטערעסן פון דער מינוט, נאָר פון שטאַנדפונקט פון די גרונט-אינטערעסן פון דער גאַנצער רעוואָלוציע. ליבקנעכטן איז אויסגעקומען, פונקט אַזוי ווי די רוסישע רעוואָלוציאָנערע ס.-ד., איבערצולעבן שווערע איבערגאַנגען פון אומיטלבאַר-רעוואָלוציאָנערן קאַמף צו אַ נעבעכדיקער, מענוואָולדיקער, נידערטרעכטיק-שוואַרצמייאיקער קאָנסטיטוציע. ליבקנעכט האָט געקאָנט צופּאַסן זיך צו דידאָזיקע שווערע איבערגאַנגען, ער האָט געקאָנט אַרבעטן פאַרן פּראָלעטאַריאַט אַף יעדן באָדן, אַפילע אַף דעם שלעכטסטן. נאָר ער האָט דערביי ניט טריאומפירט, ווען ער איז איבערגעגאַנגען פון קאַמף קעגן דער נידערטרעכטיקער קאָנסטיטוציע צו אַרבעטן אַפן באָדן פון דערדאָזיקער קאָנסטיטוציע; ער האָט ניט געלאַכט פון יענע, וואָס האָבן געטאָן *אַלץ*, קעדיי ניט צו דערלאָזן, אַז עס זאָל דערשיינען אַף דער וועלט אַזאַ מין „קאָנסטיטוציע“. ליבקנעכט האָט געזען „פאָרזיכטיקייט“ ניט אין דעם, וואָס ער וועט אַ שטויס טאָן מיטן פוס די פאַלנדיקע (זאָל זיין די צייטווייליק פאַלנדיקע) רעוואָלוציע, קעדיי גיכער צופּאַסן זיך צו דער אַרומגעשניטענער קאָנסטיטוציע. ניין, דער אַלטער וועטעראַן פון דער רעוואָלוציע האָט פאַרשטאַנען די „פאָרזיכטיקייט“ פון אַ פּראָלעטאַרישן פירער אין דעם, וואָס ער גייט איבער שפּעטער איידער אַלע קליינמוטיקע און פּאַכדאָנישע בור-

זשוא אפן באדן פון „צופאסן זיך" צו דעם, וואס עס שטאמט ארויס פון די צייטווייליקע מאפאלעם פון דער רעוואלוציע. „די פראקטישע פאליטיק — האט ליבקנעכט געזאגט — האט אונז געצוואונגען צופאסן זיך צו די איינריכטונגען פון יענער געזעלשאפט, אין וועלכער מיר לעבן; נאר יעדער נייער שריט אפן וועג פון צופאסן זיך צו דער איצטיקער געזעלשאפטלעכער ארדענונג איז אונז אנגעקומען שווער, און מיר פלעגן אים מאכן בלויז מיט גרויס פארזיכטיקייט. דאס האט ארויסגערופן ניט ווייניק איראניע פון פארשיידענע זייטן. נאר דער, וואס האט מוירע ארויפצוטרעטן אף אט דער משופעדיקער פלאכע, איז אלנפאלס א מער זיכערער כאווער, איידער יענער, וואס לאכט פון אונזער פארזיכטיקייט".

פארגעדענקט דידאזיקע גאלדענע ווערטער, כאווירים ארבעטער, וואס האבן באיקאטירט די וויטעשע דומע. דערמאנט אפטער אט די ווערטער, ווען די קלאגעדיקע פעדאנטן וועלן פאר אייך לאכן פון דעם באיקאט פון דער דומע, פארגעסנדיק, אז אונטער דער פאן פון באיקאט פון בוליגינס דומע, האט זיך פאנאנדערגעפלאמט די ערשטע (און ביז איצט די איינציקע, — נאר, מיר זיינען איבערצייגט ניט די לעצטע) פאלקסבאוועגונג קעגן א זוינע איינריכטונגען. זאלן די פארעטער — די קאדעטן גרויסן זיך דערמיט, וואס זיי האבן פריער פאר אלעמען איינגעשטימט פרייוויליק אפן בויך צו קריכן אונטער די געזעצן פון דער קאנטררעוואלוציע. דער באוואוסטזיניקער פראלעטאריאט וועט זיך גרויסן דערמיט, וואס ער איז לענגער פאר אלעמען געשטאנען מיט א הויך אויפגעהויבענער פאן און איז געגאנגען אין אפענער שלאכט, — ער וועט זיך גרויסן דערמיט, וואס ער פלעגט פאלן נאר אונטער שווערע קלעפ אין שלאכט, וואס ער האט זיך לענגער פאר אלעמען געפרואווט און האט גערופן דאס פאלק אויפצוהויבן זיך נאכאמאל, א ווארף טאן זיך אין שלאכט אלע צוזאמען און דערשטיקן דעם סוינע.

* * *

לאמיר אריבערגיין, לעסאף, צום דריטן און לעצטן פון די פון אונז אנגעמערקטע פראגן. צי שאטן ניט די פארשטענדיקונגען בעאיים די וואלן דעם, וואס עס איז אונז באזונדערס טייער: „דער ריינקייט פון די פרינציפן" פון דעם סאציאל-דעמאקראטיזם? א וויי! אף דערדאזיקער פראגע האט די רוסישע פאליטישע ווירקלעכקייט שוין געגעבן אן ענטפער, — אן ענטפער דורך פאקטן, וועלכע רופן ארויס א ביזאיען-רויטקייט בא באוואוסטזיניקע ארבעטער.

די מענשעוויקעס האבן צוגעזאגט אין רעזאלוציעס, האבן זיך געשווארן אף פארזאמלונגען, אז זיי גייען בלויז אף טעכנישע פארשטענדי-

קונגען, אַז זיי זעצן פאַר דעם אידייאישן קאַמף מיט קאַדעטן, אַז זיי וועלן בעשום אויפן ניט, בעשום אויפן ניט אָפּטרעטן אַפילע אַף אַ האָר פון זייער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאָזיציע, פון זייערע ריין-פּראָלעטאַרישע לאָזונגען.

און וואָס האָט זיך באַקומען? ניט קיין אַנדערער, ווי פּלעכאַנאָוו, איז אַוועק אין פאָרהויז פון די קאַדעטישע צייטונגען, קעדיי אונטערצוטראָגן דעם פאָלק אַ „מיטעלן“ לאָזונג, ניט קיין קאַדעטישן, ניט קיין סאָסיאַל-דעמאָקראַטישן, פאַר אַלעמען אַ אָנגענעמען, פאַר קיינעם ניט קיין באַליידיקנדיקן: „אַ פולמעכטיקע דומע“. וואָס אַרט עס, וואָס דערדאָזיקער לאָזונג נאַרט פּאָשעט אָפּ דאָס פאָלק, וואָס ער פאַרשיט אים די אויגן, — אַבי עס זאָל נאָר זיין אַ פאַרשטענדיקונג מיט די ליבעראַלע פּריצים! אָבער די קאַדעטן האָבן מיט פאַראַכטונג אַרויסגעטריבן פּלעכאַנאָוון, די סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן זיך פון אים אָפּגעקערט, אייניקע אין פאַרלעגנהייט, די אַנדערע מיט פאַראַכטונג. איצט איז ער איבערגעבליבן אַליין און זידלט די באָלשעוויקעס פאַר „בלאַנקיזם“, די פּובליציסטן פון „טאָוואַרישטש“ פאַר „אומבאַשיידנקייט“, די מענשעוויקעס פאַר ניט דיפּלאָמאַטישקייט, ער זידלט אַלעמען אויסער זיך! אָרעמער פּלעכאַנאָוו, ווי אַכזאָריעסדיק עס האָבן זיך אַף אים באַרעכטיקט ליבקנעכטס אָפּענע און קלאָרע, שטאָלצע און שאַרפע ווערטער וועגן דעם פּרינציפּיעלן שאָדן פון פאַרשטענדיקונגען!

און דער „כאַוועור“ וואַסיליעוו (וואָס האָט אויך אַרויסגעקוקט אַף דער רעוואָלוציע פון דער שווייצערישער קיך) האָט פאָרגעלייגט אין דעם „טאָוואַרישטש“ (17 דעקאַבר), באַרופנדיק זיך דירעקט אַף פּלעכאַנאָוון, פּאָשעט פאַנאַנדערצולאָזן די סאָצ.-דעמאָקראַטישע פאַרטיי און צייטווייליק — בלויז צייטווייליק! — צונויפגיסן זיך מיט די ליבעראַלן. יאָ, ניט אומזיסט האָט ליבקנעכט געזאָגט, אַז אויך באַ זיי אין דער פאַרטיי האָט קוים ווער געוואָלט אָפּנויגן זיך „פון די פאַרטיי-פּרינציפּן“. דאָ האַנדלט זיך אָבער ניט אין ווערן, נאָר אין דעם, צו וואָס דער *גאַנג פון די געשעענישן* ברענגט די פאַרטיי צוליב אַ פאַלשן שריט. דער יווילן איז אויך באַ פּלעכאַנאָוון געווען אַ גוטער: בעשאָלעם-אושאַלווע מיט די קאַדעטן קעגן דער שוואַרצמייאיקער געפאַר, — און באַקומען האָט זיך נאָר אַ כאַרפּע און אַ סקאַנדאַל פאַר דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

כאַווייריִם — אַרבעטער, לייענט אויפמערקזאַמער ווילהעלם ליבקנעכטס בראָשור און קאָנטראָלירט שטרענגער יענע, וועלכע ראָטן אייך פאַרשטענדיקונגען מיט די קאַדעטן, וואָס זיינען אַן אומגליק פאַרן פּראָלעטאַריאַט און פאַר דער פרייהייטס-זאַך!

דעקאַבר 1906 יאָר.

# די פּאָליטישע לאַגע און די אויפגאַבן פון דעם אַרבעטער-קלאַס

נאָך דעם פאַנאַנדערטרייבן די דומע האָט די רעגירונג איינגע־האַלטן די אויפגעבראַכטקייט פונם לאַנד בלויז דורך מיליטערישן טע־ראָר. פאַרשטאַרקטע און אויסעראָרדנטלעכע שמירע, אַרעסטן אָן אַ סאַך, מיליטער־פעלד־געריכטן, שטראָף־עקספּעדיציעס, דאָס אַלץ צוזאַמענגענו־מען קאָן מען אַנדערש ניט אָנרופן, ווי מיליטערישער טעראָר.

די רעגירונג האָט אויסגעפּרואווט איר קראַפט אױף אָט דער מילי־טערישער דערשטיקונג פון דער פרייהייט־באַוועגונג. וועט קלעקן קראַפט, — וועלן מיר איינגאַנצן ניט צונויפרופן די דומע, וועלן מיר גלייך באַפרידיקן די וואונטשן פון דעם פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק און פון די ענלעכע „עכט־רוסישע" פּאַרטייען פון די שוואַרצמייעניקעס. וועט קיין קרעפטן ניט קלעקן, — וועלן מיר צונויפרופן נאָכאַמאָל, וועלן מיר פּרואוון איבערמאַכן דעם וואַל־געזעץ, וועלן מיר פּרואוון באַוואָרענען אַ שוואַרצמייעדיקע דומע אָדער איינשטעלן די קאַדעטישע דומע. אַזוי האָט געאורטיילט די רעגירונג.

די מיליטערישע קראַפט פון אומהאַכמאַנעסדיקער דערשטיקונג האָט געקלעקט ביז איצט, אַלנפאַלס, בלויז אױף אָפּצונעמען דורך סענאַט־דערקלערונגען, טראָץ דעם געזעץ, דאָס וואַל־רעכט בײַ טויזנטער און צענדליקער טויזנטער אַרבעטער, אומפאַרמעגלעכע פּויערים, אייזנבאַנער. אַ האַלוואַע גיט זיך דערוויַיל ניט איין צו באַקומען. עס איז דאָ די געפאַר פון אַ אומפאַרמיידלעכן באַנקראָט. אין לאַנד גופא קאָן די רעגירונג זיך ניט שטיצן אױף קיין איינציקער פּאַרטיי ניט, וואַקלענדיק זיך צווישן די באַנדעס כוליגאַנעס (עכט־רוסישע לייט) און צווישן די אָקטיאַבריסטן. פּולקום צונויפריידן זיך האָט זי ניט געקאָנט אַפילע מיט די אָקטיאַבריסטן.

בײַ אַזעלכע באַדינגונגען הויבט זיך אָן די וואַל־קאַמפּאַניע צו דער צווייטער דומע. דער איינפאַכער בירגער איז אָנגעשראָקן. אױף אים האָבן נידערשלאַגנדיק געווירקט די מיליטער־פעלד־געריכטן. ער געפינט זיך אונטער דעם איינדרוק פון דער באַרימעריי פון דער רעגירונג, אַז די דומע וועט זיין אַ געהאָרכזאַמע. ער גיט זיך אונטער דער שטימונג און איז גרייט מוחל צו זיין אַלע פעלערן די קאַדעטן, ער איז גרייט אַרוים־צוואַרפן איבערן באָרט אַלץ, וואָס אים האָט אָנגעלערנט די ערשטע דומע, אַבי עס זאָל ניט דורכגיין קיין שוואַרצמייעניק.

מיצאַד דעם איינפאַכן בירגער איז אַזאַ אויפירונג פאַרשטענדלעך. דער איינפאַכער בירגער האַלט זיך ניט בײַ קיין פעסטער וועלט־אָנשוי־אונג, בײַ קיין פּרינציפּן פון אַ גאַנציקער פּאַרטייאישער טאַקטיק. ער

שווימט אַלעמאָל מיטן שטראָם, אַפּגעבנדיק זיך בלינד דער שטימונג. ער קאָן אַנדערש ניט אורטיילן, ווי קעגנשטעלנדיק דער שוואַרצער מייע די באַשיידנסטע פון די אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטייען. ער איז ניט פעאיק זעלבשטענדיק צו באַטראַכטן די דערפאַרונג פון דער ערשטער דומע.

נאָר דאָס, וואָס עס איז נאַטירלעך פאַרן איינפאַכן בירגער, איז אוממפאַרמיידלעך פאַר אַ פאַרטיי־מענטשן און פּאַסט שוין לאַכלוטן ניט פאַר אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. הערט זיך צו, אינדערעמעסן, צו די אָרגו־מענטן פון יענע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס רופן די סאָציאַליסטן — אַרבע־טער צו שטימען פאַר די קאַדעטן (אַלציינס, צי בלויז פאַר די קאַדעטן דאָרט, וואו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט איג־גאַנצן אַרויסצושטעלן זייער קאַנדידאַט, אָדער פאַר אַ קאַדעט צוזאַמען מיט אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, וואו עס איז פאַראַן אַ געמיינזאַמער צעטל). אנשטאַט אַרגומענטן וועט איר דערהערן נאָר איין ניגן, נאָר איין געשריי פון מוירע און איעש: עס זאָלן כאָלילע ניט דורכגיין קיין שוואַרצמייעני־קעס! שטימט אַלע פאַר די קאַדעטן! שטעלט צוזאַמען געמיינזאַמע צעט־לען מיט די קאַדעטן!

אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, אַ מיטגליד פון אַן אַרבעטער־פּאַרטיי, קאָן זיך ניט אַראָפּלאָזן צו אַזאַ בירגערלעכער באַציאונג צו דער זאַך. ער דאַרף זיך אָפּגעבן אַ קלאָרן דינוועכעשבן וועגן דעם, וועלכע ווירקלעכע געזעל־שאַפטלעכע קויכעס פירן אַ קאַמף, וואָס פאַר אַ ווירקלעכע באַדייטונג עס האָט די דומע ביכלאַל און די פאַרטיי פון די קאַדעטן, וואָס האָט געהערשט אין דער ערשטער דומע, ביפראַט. ווער עס רעדט וועגן דער איצטיקער פּאָליטיק פון פּראָלעטאַריאַט, ניט באַטראַכטנדיק פריער אָט די אַלע פראַגן, דער קאָן קיינמאָל ניט קומען צו וויפל ניט איז ריכטיקע אויספירן.

פאַר וואָס גייט איצט דער קאַמף אין רוסלאַנד? פאַר פרייהייט, ד. ה. פאַר דער מאַכט פון די פּאָלקס־פאַרשטייער אין דער מעלוכע, און ניט פון דער אַלטער רעגירונג. פאַר ערד די פויערים. די רעגירונג קעמפט מיט אַלע קויכעס קעגן דידאָזיקע שטרעבונגען, זי קעמפט פאַר איר מאַכט, פאַר איר ערד (ווייל די רייכסטע פּריצים געהערן צו דער צאָל סאַ־מע הויכגעשטעלטע פערזאָנען אין דער מעלוכע). די רעגירונג האָט קעגן זיך די אַרבעטער און די מאַסע פויערשע אָרעמקייט און, פאַרשטייט זיך, אויך די שטאָטישע אָרעמקייט, וועגן וועלכער עס איז ניטאָ וואָס צו ריידן באַזונדער, ווייל בא איר איז ניטאָ קיין באַזונדערע אינטערעסן לעהייפּעך צו די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פויערטום.

ווי באַציען זיך צום קאַמף די העכערע קלאַסן, די פּריצים און די בורזשואַזיע? צוערשט, ביז דעם 17־טן אָקטיאַבער, איז דער גרעסטער טייל פון זיי געווען ליבעראַל, ד. ה. זיי האָבן מיטגעפילט דער פרייהייט, זיי האָבן אַפילע אַזוי, אָדער אַנדערש געהאָלפן דעם קאַמף פון די אַרבע־

טער. די בורזשואַזיע איז געווען אומצופֿרידן מיט דעם זעלבסטהערשערישן סיידער פֿון פֿאַרוואַלטן און האָט געפֿאָדערט פֿאַר זיך אויך אַן אַנטייל אין די מעלוכע-איניאָנים. די בורזשואַזיע האָט זיך אָנגערופֿן דעמאָקראַטישע, ד. ה., אַז זי שטייט פֿאַר דער פֿאָלקס-פֿרייהייט, קעדיי צו געפֿינען אינם פֿאָלק אַ שטיצע פֿאַר אירע שטרעבונגען. נאָר נאָך דעם 17-טן אָקטיאַבער האָט זיך די בורזשואַזיע באַפֿרידיקט מיט דעם, וואָס עס האָט זיך באַקומען, ד. ה. מיטן אַנטייל פֿון די פּריצים און קאַפּיטאַליסטן אין די מעלוכע-איניאָנים און מיט דער האַפֿטאָכע פֿון פֿרייהייט מיצאַד דער גאַנץ געבליבענער אַלטער מאַכט. די בורזשואַזיע האָט זיך דערשראָקן פֿאַרן זעלבשטענדיקן קאַמף פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום און האָט פּראָקלאַמירט: גענוג רעוואָלוציע!

ביזן 17-טן אָקטיאַבער איז געווען איין ברייטע ליבעראַל-בורזשואַזע פּאַרטיי פֿון די זעמצעס, וואָס פֿלעגן זיך צוזאַמענקלייבן אַף זייערע באַרימטע האַלב-לעגאַלע צוזאַמענפֿאָרן און פֿלעגן אַרויסגעבן אין אויסלאַנד דעם זשורנאַל „אָסוואָבאָזשדיעניע". נאָך דעם 17-טן אָקטיאַבער האָבן זיך די אַנטיילנעמער פֿון די זעמסקע צוזאַמענפֿאָרן צעשפּאָלטן: די סאַכרים — קאַפּיטאַליסטן און די גרעסערע פּריצים אָדער די פּריצים, וואָס באַלעבאַטעווען אַפֿן לייבאייגנטימערישן שטייגער, זיינען אַוועק אין דער פּאַרטיי פֿון די אָקטיאַבריסטן, ד. ה. זיי זיינען דירעקט איבערגעגאַנגען אַף דער זייט פֿון דער רעגירונג. דער אַנדערער טייל, באַזונדערס די אַדוואָקאַטן, פּראָפֿעסאָרן און די איבעריקע בורזשואַזע אינטעליגענץ האָבן געבילדעט די פּאַרטיי פֿון די ק.-ד. (קאָנסטיטוציאָנאַליסטן-דעמאָקראַטן). דידאָזיקע פּאַרטיי האָט זיך אויך אַ קער געטאָן קעגן דער רעוואָלוציע, זי האָט זיך אויך דערשראָקן פֿאַרן אַרבעטער-קאַמף, זי האָט אויך אויסגערופֿן: גענוג! נאָר זי האָט געוואָלט און זי וויל אויפֿהערן דעם קאַמף מיט איידעלערע מיטלען, מיט קליינינקע האַנאָכעס דעם פֿאָלק, מיט אויסקויפֿן די ערד פֿאַר די פּויערים און ד. גל. די פּאַרטיי פֿון די קאַדעטן האָט צוגעזאָגט דעם פֿאָלק פֿרייהייט און די פּויערים — ערד, אויב דאָס פֿאָלק וועט וויילן קאַדעטן אין דומע. די סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס נאַרט מען אָפּ דאָס פֿאָלק, און זיי האָבן דעריבער באָיקאָטירט די דומע. די פֿינסטערע פּויערים אָבער און די אַנגעשראָקענע סטאַם-בירגער האָבן דאָך דורכגעפֿירט די קאַדעטן אין דומע. אַנשטאָט צו קעמפֿן פֿאַר פֿרייהייט, האָבן די קאַדעטן פֿון דער דומע אָנגעהויבן צו רופֿן דאָס פֿאָלק באַרואיקן זיך, און אַליין האָבן זיי אָנגעהויבן דערשלאָגן זיך, מע זאָל זיי באַשטימען פֿאַר צאַרישע מיניסטאָרן. און די דומע האָט מען פֿאַנאַנדערגעטריבן פֿאַר די ניטאָנגענעמע רעדעס, דערפֿאַר, וואָס די סאָציאַל-דעמאָקראַטן און די מער דרייסטע דעפּוטאַטן פֿלעגן זיך ווענדן צום פֿאָלק פֿון דער דומע-טריבונע און פֿלעגן עס רופֿן צום קאַמף.

איצט דאַרפן שוין אַפילו די מאַסע בלינדע אָדער פינסטערע מענטשן פאַרשטיין, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די פאַרטיי פון די קאַדעטן. דאָס איז אַ פאַרטיי ניט פון פאָלקס-קעמפער, נאָר פון בורזשואַזע שטאָט-לאַנים, פון מעקלער — הענדלער. בלויז דאַן וועלן די אַרבעטער און באַ-וואוסטזיניקע פויערים קאָנען דערשלאָגן זיך זייערע צילן, ווען די מאַסע וועט אויפהערן צו גלויבן אין דער פאַרטיי פון די ק.-ד., ווען די מאַסע וועט פאַרשטיין די נויטיקייט פון אַ זעלבשטענדיקן קאַמף. דעריבער איז שטימען פאַר די קאַדעטן און פריידיקן צו שטימען פאַר זיי באַטייט אָפּ-שוואַכן דעם באַוואוסטזיין פון די מאַסן, זייער איינִיקייט און גרייטקייט צום קאַמף.

פאַר די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער שטייט איצט אויף גאָר אַ נייע אויפגאַבע. קעגן דער סטאָט-בירגערלעכער פאַרלאָרנקייט און אָנאידיי-אישקייט דאַרפן זיי אַרויסטרעטן מיט אַ קאָנזעקווענטער, אויסגעהאַל-טענער, סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע אין דער וואַל-קאַמפּאַניע.

די נאָענטסטע אויפגאַבע פון די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער איז דערקלערן דער גאַנצער מאַסע פון דעם פּראָלעטאַריאַט און אַלע פאָרגע-שריטענע פאַרשטייער פון דעם פויערטום, אין וואָס באַשטייט דער ווירק-לעכער קאַמף, וואָס פאַר אַ ווירקלעכע לאַגע עס פאַרנעמען אין דעמאָ-קראַטישן קאַמף די פאַרשיידענע קלאַסן.

די אַרבעטער זיינען מער פון אַלע קלאַסן אַוועק פאָרויס פאַר דער צייט פון אונזער רעוואָלוציע. זיי אַלע אין דער מאַסע ציען איצט צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דאָ איז, פאַרשטייט זיך, נויטיק אַ מער פאַר-שטאַרקטע, אַ מער ברייטע אַרבעט, נאָר זי גייט שוין אָפּ אָן אויסגעטראָ-טענעם וועג. וויכטיקער פאַר אַלץ און שווערער פאַר אַלץ איז די אַרבעט צווישן דעם פויערטום. די פויערים, דאָס זיינען אַ קלאַס פון קליין-באַלע-בעסלעך. דערדאָזיקער קלאַס איז אַוועקגעשטעלט אין באַדייטנדיק וויי-ניקער גינסטיקע באַדינגונגען פון קאַמף פאַר פרייהייט און פון קאַמף פאַר סאָציאַליזם, איידער די אַרבעטער. די פויערים זיינען ניט פאַריי-ניקט צוזאַמען דורך גרויסע אונטערנעמונגען, נאָר זיי זיינען צעשפּלי-טערט דורך דעם קליינעם, אָפּגעזונדערטן באַלעבאַטעווען. די פויערים זעען ניט פאַר זיך אַזאַ אָפענעם, באַשיימפערלעכן, איינהייטלעכן סוינע, ווי די אַרבעטער — דעם קאַפּיטאַליסט. די פויערים זיינען אַליין אין אַ געוויסער מאָס באַלעבאַטים און אייגנטימער; דעריבער שלעפּן זיי זיך שטענדיק נאָך דער בורזשואַזיע, זיי ווילן איר נאָכטאָן, זיי טרוימען וועגן דער אַנטוויקלונג און פאַרשטאַרקונג פון זייער קליין-אייגנטום, און ניט וועגן דעם געמיינזאַמען קאַמף פון דעם אַרבעטער-קלאַס מיטן קלאַס קאַפּיטאַליסטן.

אָט פאַרוואָס די גאַנצע מאַסע פון דער פויערשער אָרעמקייט האָט

זיך אַלעמאָל און אין אַלע לענדער אַרויסגעוויזן ווייניקער שטאַנדהאַפטיק אין דעם קאַמף פאַר פרייהייט און פאַר סאָציאַליזם, איידער די אַרבעטער. אַט פאַרוואָס עס האָבן אויך באַ אונז אין רוסלאַנד די פויערים-דעפּוטאַטן אין דומע, די טרודאָוויקעס, ניט געקאָנט נאָך אָפּאַטערן זיך, ניט געקוקט אָף אַלע לעקציעס פון דעם קאַדעטישן פאַראַט, פון דער ווירקונג פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, פון אירע מיינונגען, פון אירע פאַרזיטיילן, פון אירע גענג אין דער פּאָליטיק, — גענג, וואָס זיינען קלוימערשט כיט־רע, איידעלע, און באַשטייען פון שיינע „מאַנעווערעס“ און אין דערעמעסן זיינען זיי נאַרישע, פּוסטע און שענדלעכע פאַר יעדן עמעסן קעמפער.

באַוואוסטזיניקע אַרבעטער! נוצט אויס די וואַל-קאַמפּאַניע צוליב עפענען דעם פאָלק פולקום די אויגן! לאָזט זיך ניט איינריידן פון יענע וואוילדענקענדיקע, אָבער שוואַכע און אומשטאַנדהאַפטיקע מענטשן, וואָס רופן אייך צוזאַמענשטעלן געמיינזאַמע צעטלען מיט די קאַדעטן, צו פאַר־טונקלען דאָס באַוואוסטזיין פון די מאַסן דורך געמיינזאַמע לאָזונגען מיט די קאַדעטן. באַציט זיך קריטיש צו די געוויינלעכע געשרייען, יאַילעס און שרעקענישן מעקויעך דער שוואַרצמייעדיקער געפאַר. די ווירקלעכע און איקערדיקע געפאַר פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע, דאָס איז — די אומ־אַנטוויקלטקייט פון דער פויערים-מאַסע, איר אומשטאַנדהאַפטיקייט אין קאַמף, איר ניט פאַרשטיין די גאַנצע פּוסטקייט און דעם גאַנצן פאַראַט פון דעם בורזשואַזן ליבעראַליזם. קעמפט מיט אַט דער געפאַר, זאָגט דעם גאַנצן עמעס אָפן און ביזן סאָף דער גאַנצער פאָלקס-מאַסע; דורך דעם וועט איר זי אָפציען פון די פלאַפּלער — די קאַדעטן און וועט זי צוציען צו שטיצן די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דורך דעם און נאָר דורך דעם קאָנט איר באַקעמפן די ווירקלעכע שוואַרצמייאיקע געפאַר. און קיינע סענאַט-דער־קלערונגען, קיינע טויט-שטראָפן, קיינע אַרעסטן וועלן ניט אָפּנעמען באַם פאָלק אַזאַ מ י ן אַרבעט, די אַרבעט פון אויפהויבן דעם בירגערלעכן און קלאַסן-באַוואוסטזיין פון די מאַסן, די אַרבעט צו אָרגאַניזירן זי צוליב זעלבשטענדיקע, און ניט צוליב ליבעראַל-בורזשואַזע קאַמפּס-אויפגאַבן.

„Тернии Труда“ № 1
פון 24 דעקאַבר 1906 יאר

# פאָרוואָרט צו דער רוסישער איבערזעצונג פון דער בראָשור: „ק. מאַרקס. בריוו צו קוגעלמאַנען“

אַרויסגעבנדיק אַלס באַזונדערע בראָשור די פולע זאַמלונג פון מאַרקס בריוו צו קוגעלמאַנען, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט אין דעם דייטשישן סאָ־ציאַל-דעמאָקראַטישן וואָך-זשורנאַל „די נייע צייט“, האָבן מיר זיך גע־

שטעלט די אויפגאבע צו באקענען דעם רוסישן אוילעם נעענטער מיט מארקסן און מיט דעם מארקסיזם. ווי מע האט אויך געקאנט דערווארטן, פארנעמען אין מארקס בריוו זייער א גרויס ארט זיינע פערזענלעכע איניא־נ'ם. פאר א ביאגראף איז דאס אלץ זייער א ווערטפולער מאטעריאל. נאר פארן ברייטן אוילעם ביכלאל און פארן ארבעטער־קלאס פון רוסלאנד באזונדערס זיינען באדייטנדיק וויכטיקער יענע שטעלן פון מארקס בריוו, וואס אנטהאלטן א טעארעטישן און פאליטישן מאטעריאל. גראד פאר אונז, אין דער רעוואלוציאנערער עפאכע, וואס מיר לעבן איבער, איז באזונדערס באלערנדיק ארייננצוטראכטן זיך אין יענעם מאטעריאל, וועלכער שילדערט מארקסן, ווי ער רופט זיך אומיטלבאר אפ אף אלע פראגן פון דער ארבעטער־באוועגונג און פון דער אלוועלטלעכער פאליטיק. פולשטענדיק גערעכט איז די רעדאקציע פון דער „נייער צייט", אז „אונז דערהויבט די באקענטשאפט מיט דער געשטאלט פון אזעלכע מענטשן, וועמענס געדאנקען און ווילן עס האבן זיך אויסגעפארמירט אין באדינגונגען פון גרויסע איבערקערענישן". פארן רוסישן סאציאליסט אין 1907 יאר איז דידאזיקע באקענטשאפט דאפלט נויטיק, ווייל זי גיט א מאסע זייער ווערטפולע אנווייזונגען אף די אומיטלבארע אויפגאבן פון די סאציאליסטן אין אלע און איטלעכע רעוואלוציעס, וועלכע זייער לאנד לעבט איבער. רוסלאנד לעבט גראד איצט איבער א „גרויסע איבערקערעניש". מארקס פאליטיק אין די פארהעלטנישמעסיק שטורעמדיקע 1860־ער יארן דארף זייער און זייער אפט דינען אלס דירעקטער מוסטער פאר דער פאליטיק פון א סאציאלדעמאקראט אין דער איצטיקער רוסישער רעוואלוציע.

מיר וועלן זיך דעריבער דערלויבן נאר אין קורצן צו באצייכענען די שטעלן פון מארקס בריוו, וועלכע זיינען באזונדערס וויכטיק אין טעארעטישער הינזיכט, און אויספירלעכער אפשטעלן זיך אף זיין רעוואלוציאנערער פאליטיק, אלס דעם פארשטייער פון דעם פראלעטאריאט.

א באזונדערן אינטערעס, פון שטאנדפונקט פון א פולערן און טיפערן קלאר מאכן זיך דעם מארקסיזם, שטעלט פאר דער בריוו פון 11־טן יולי 1868 יאר (זייט 61 און די פאלגנדיקע). מארקס בריוו דריקט דא אוים זייער בוילעט אין דער פארם פון פאלעמישע באמערקונגען קעגן די וואולגארע עקאנאמיסטן, ווי אזוי ע ר פארשטייט די טעאריע פון דעם אזוי גערופענעם „ארבעטס"־ווערט. גראד יענע דערווידערונגען קעגן מארקס ווערט־טעאריע, וועלכע אנטשטייען גאנץ נאטירלעך בא די אמווייניקסטן צוגעגרייטע לעזער פון „קאפיטאל" און וועלכע ווערן דעריבער זייער פלייסיק אונטערגעכאפט פון די געוויינלעכע פארשטייער פון דער „פראפעסארישער", בורזשואזער „וויסנשאפט", — זיינען דא פון מארקסן אנאליזירט קורץ, פאשעט און אויסערסט קלאר. מארקס באווייזט דא, מיט וואס פאר א וועג ער איז געגאנגען און מיט וואס פאר א וועג מע דארף גיין צו דער

דערקלערונג פון דעם ווערט־געזעץ. אַפן ביישפּיל פון סאַמע געוויינלעכע דערווידערונגען לערנט ער זיין מעטאָד. ער מאַכט קלאָר דעם צוזאַמענהאַנג פון אַזאַ (וואָלט זיך דוכטן) ריין טעאָרעטישער און אַבסטראַקטער פראַגע, ווי די ווערט־טעאָריע, מיט די „אינטערעסן פון די הערשנדיקע קלאַסן“, וואָס פאָדערן די „פ אַ ר י י ב י ק ו נ ג פ ו ן ד ע ם פ ל אָ נ ט ע ר“. עס בלייבט איבער נאָר צו ווינטשן, אַז יעדערער, וואָס פאַנגט אָן צו שטודירן מאַרקסן און צו לייענען דעם „קאַפּיטאַל“, זאָל לייענען און נאָכאַמאָל לייענען דעם אָנגעוויזענעם בריוו צוזאַמען מיטן שטודירן די ערשטע און שווערסטע קאַפּיטלען פון „קאַפּיטאַל“.

אַנדערע, באַזונדערס וויכטיקע אין טעאָרעטישער הינזיכט, שטעלן פון די בריוו, — דאָס איז די אָפּשאַצונג, וואָס מאַרקס גיט פאַרשיידענע שרייבער. ווען דו לייענסט די דאָזיקע מאַרקס אָפּשאַצונגען, לעבעדיק אָנגעשריבענע, פול מיט ליידנשאַפט, וואָס ווייזן אַרויס אַ פאַרכאַפּנדיקן אינטערעס צו אַלע גרויסע אידייאישע ריכטונגען און צו זייער אַנאַליז, — פילסטו זיך פונקט ווי דו הערסט אַ רעדע פון אַ געניאַלן דענקער. אויסער די אַגעוואָרפענע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען וועגן דיצגענען*, פאַרדינט אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט פון די לעזער די אָפּשאַצונגען פון די פּרודאָניסטן (זייט 31). די „גלענצנדיקע“ אינטעליגענטישע יוגנט פון דער בורזשואַזיע, וואָס וואַרפט זיך „אין דעם פּראָלעטאַריאַט“ אין די פעריאָדן פון געזעלשאַפטלעכן אויפשטייג, וועלכע איז ניט פעאיק דורכצודרינגען זיך מיטן שטאַנדפּונקט פון אַרבעטער־קלאַס און אַרבעטן האַרטנעקיק, ערנסט „אין ריי און גליד“ פון די פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, איז געשילדערט מיט עטלעכע שטריכן וואונדערבאַר בוילעט.

אָט איז זיין מיינונג וועגן דיורינג**, וועלכע וואָלט אַזוי ווי פאָרויס זאָגן דעם אינהאַלט פון דעם באַרימטן בוך „אַנטידיורינג“, וואָס איז אָנגעשריבן אין ניין יאָר אַרום פון ענגעלסן (צוזאַמען מיט מאַרקסן). עס איז פאַראַן אַ רוסישע איבערזעצונג פון צע־ערבוימען, צום באַדויערן, ניט נאָר מיט בלויזן, נאָר פּאָשעט אַ שלעכטע איבערזעצונג, מיט פעלערן. דאָ האָט איר אויך אַ מיינונג וועגן טיונענען***, וואָס רירט אָן אויך די טעאָריע פון רענטע פון ריקאַרדאָ****. מאַרקס האָט שוין דאַן, אין 1868 יאָר, אַנטשלאָסנדיק אָפּגעוואָרפן „ריקאַרדאָס פעלערן“, וועלכע ער האָט ענדגילטיק אומגעוואָרפן אין זיין 3־טן באַנד „קאַפּיטאַל“, וואָס איז אַרויס אין 1894 י.

* דוצגען—אַן אַרבעטער—פילאָזאָף, וועלכער איז גאַנץ זעלבשטענדיק געקומען קימאַט אין אַלע וויכטיקסטע פראַגן צו דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישע אויספירן.

** דיורינג—אַ דייטשישער פילאָזאָף און עקאָנאָמיסט, אַ קעגנער פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם.

איבערז.

*** אַ דייטשישער בורזשואַזער עקאָנאָמיסט.

**** בורזשואַזער עקאָנאָמיסט.

דידאָזיקע פעלערן באַזערן אַדאַיעם איבער די רעוויזיאָניסטן, אָנהויבנדיק
פון אונזער אולטראַ-בורזשואַזן און אַפילע „שוואַרצמייעדיקן“ הער בולגאַ-
קאָוו און ענדיקנדיק מיטן „קימאַט אָרטאָדאָקס“ מאַסלאָוו.

אינטערעסאַנט איז די מיינונג, וועלכע ער זאָגט אַרויס, וועגן ביכ-
נערן * מיט דער אָפּשאַצונג פון דעם וואולגאַרן מאַטעריאַליזם און פון
דער „אויבערפלעכלעכער פלאַפּלעריי“, וואָס איז אַראָפּגעשריבן באַ לאַנ-
גע ** (דער געוויינלעכער קוואַל פון „פּראָפּעסאָרישער“ און בורזשואַזער
פילאָזאָפיע!) — זייט 68.

לאָמיר אַריבערגיין צו דער רעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק פון מאַרקסן.
באַ אונז אין רוסלאַנד איז וואונדערבאַר פאַרשפּרייט צווישן די סאָציאַל-
דעמאָקראַטן עפּעס אַ קליינבירגערלעכע פאָרשטעלונג וועגן מאַרקסיזם —
אַז דער רעוואָלוציאָנערער פּעריאָד מיט זיינע ספּעציעלע קאַמפּס-פאָרמען
און ספּעציעלע אויפגאַבן פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז שיר ניט עפּעס אַן
אַנאָמאַליע, און די „קאָנסטיטוציע“ און די „עקסטע אָפּאָזיציע“ איז אַ
רעגל. אין קיין שום לאַנד אין דער וועלט איז איצט ניטאָ אַזאַ טיפער רע-
וואָלוציאָנערער קריזיס, ווי אין רוסלאַנד, — און אין קיין שום לאַנד זיינען
ניטאָ קיין „מאַרקסיסטן“ (וואָס דערנידעריקן און וואולגאַריזירן דעם מאַרק-
סיזם), וועלכע זאָלן אַזוי סקעפּטיש, פילִיסטעריש באַציִען זיך צו דער רע-
וואָלוציע. פון דעם, וואָס דער אינהאַלט פון דער רעוואָלוציע איז אַ בור-
זשואַזער, מאַכט מען באַ אונז דעם פלאַכן אויספיר וועגן דער בורזשואַזיע,
אַלס ב אַ וו ע ג ע ר פון דער רעוואָלוציע, וועגן ניטזעלבשטענדיקע, הילפס-
אויפגאַבן פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דעדאָזיקער רעוואָלוציע, וועגן
דעם, אַז עס איז אומעגלעך, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל מיט איר אָנפירן!

ווי דעמאַסקירט דאָס מאַרקס דאָסדאָזיקע פלאַכע פאַרשטיין דעם
מאַרקסיזם אין זיינע בריוו צו קוגעלמאַנען!

אָט איז דער בריוו פון 6-טן אַפּרעל 1866 יאָר. מאַרקס האָט דעמאָלט
פאַרענדיקט זיין הויפּט-אַרבעט. די אָפּשאַצונג פון דער דייטשישער רע-
וואָלוציע פון 1848 יאָר האָט ער שוין ענדגילטיק געגעבן מיט 14 יאָר צו-
ריק פאַר דעמדאָזיקן בריוו. זיינע סאָציאַליסטישע אילוזיעס וועגן אַ נאָ-
ענטער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע אין 1848 יאָר האָט ער אַליין אָפּגע-
וואָרפן אין 1850 יאָר. און אין 1866 יאָר שרייבט ער, אָנהויבנדיק ערשט צו
באַאָבאַכטן די אָנוואַקסונג פון נייע פּאָליטישע קריזיסן:

צי וועלן פאַרשטיין, סאָפּקאָלסאָף, אונזערע פיליסטערן (דאָ האַנדלט

* אַ פאָרשטייער פון נאַטורוויסנשאַפטלעכן מאַטעריאַליזם פון XIX יאָרהונדערט. אונטער-
שיידעט זיך פונם מאַרקסיסטישן מאַטעריאַליזם מיט זיין מעכאַנישקייט, ניט דיאַלעקטישקייט.

** דייטשישער בורזשואַזער פילאָזאָף.

זיך וועגן די דייטשישע ליבעראַלע בורזשואַ), אַז אָן אַ רעוואָלוציע, וועלכע זאָל באַזייטיקן די האַבסבורגס און די האָהענצאָלערנס, מוז מען סאָפּקאָל־סאָף קומען ווידער צו דעם 30-יאָריקן קריג....״ (27—28 זייט).

קיין שאָטן פון אילוזיעס וועגן דעם, אַז די נאָענטסטע רעוואָלוציע (זי איז פאַרגעקומען פון אויבן און ניט פון אונטן, ווי מאַרקס האָט דערוואַרט) וועט באַזייטיקן די בורזשואַזיע און דעם קאַפּיטאַליזם. די קלאָרסטע און גענויסטע קאָנסטאַטירונג פון דעם, אַז זי וועט באַזייטיקן בלויז די פּרייסישע און עסטרייכישע מאָנאַרכיע. און וואָס פאַר אַ גלויבן אין אָט דער בורזשואַזער רעוואָלוציע! וואָס פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע ליידנשאַפטלעכקייט פון אַ פּראָלעטאַרישן קעמפער, וואָס פאַרשטייט די קאָלאָסאַלע ראָלע פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פאָרויס!

מיט דריי יאָר שפּעטער, קאָנסטאַטירנדיק ערעוו דעם קראַך פון דער נאַפּאָלעאָנישער אימפּעריע אין פראַנקרייך אַ „זייער אינטערעסאַנטע״ געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, רעדט מאַרקס פּ אָ ש ע ט מ י ט אָ נ ט צ י ק ו נ ג וועגן דעם, אַז „די פּאַריזער הויבן טאַקע דירעקט אָן צו שטודירן זייער ניט־לאַנגאָנגעדיקע רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט, קעדיי צוצוגרייטן זיך צו דעם פאַרשטייענדיקן נייעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף״. און באַשרייבנדיק דעם קלאַסן־קאַמף, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט בעאיים דערדאָזיקער אָפּשאַצונג פון דער פאַרגאַנגענהייט, זאָגט צום סאָף מאַרקס (זייט 77): „איז אָט קאָכט דער גאַנצער קעסל באַ דער קישעפמאַכערן—געשיכטע! ווען וועט עס שוין ב אַ א ו נ ז (אין דייטשלאַנד) דערגיין דערצו!״

אָט וואָס עס דאַרפן זיך לערנען באַ מאַרקסן די רוסלענדישע אינטעליגענטישע מאַרקסיסטן, וואָס זיינען אָפּגעשוואַכט פון סקעפּטיציזם, פאַרטעמפּט דורך פּעדאַנטיזם, וואָס זיינען גענויגט צו אַלכעט־רעדעס, וואָס ווערן אָפּגעמאַטערט פון דער רעוואָלוציע, וואָס טרוימען, ווי וועגן אַ יאָנטעוו, וועגן דער קוואָרע פון דער רעוואָלוציע און וועגן פאַרבייטן זי מיט קאָנסטיטוציאָנעלער פּראָזע. זיי וואָלטן זיך געדאַרפט לערנען באַ דעם טעאָרעטיקער — דעם פירער פון די פּראָלעטאַריער, ווי אַזוי צו גלויבן אין דער רעוואָלוציע, ווי אַזוי צו קאָנען רופן דעם אַרבעטער־קלאַס צו פאַרטיידיקן ביזן סאָף זיינע אומיטלבאַר־רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן, ווי אַזוי איינצוהיטן אַ פעסטן גייסט, וואָס דערלאָזט ניט קיין קליינמוטיק קרעכצן נאָך צייטווייליקע מאַפּאָלעס פון דער רעוואָלוציע.

די פּעדאַנטן פון מאַרקסיזם רעכענען: דאָס אַלץ איז עטישע פּלאַפּלעריי, ראָמאַנטיק, דאָ פעלט רעאַליזם! ניין, מיינע הערן, — דאָס איז די פאַראייניקונג פון דער רעוואָלוציאָנערער טעאָריע מיט דער רעוואָלוציאָנערער פּראַקטיק, דאָס איז יענע פאַראייניקונג, אָן וועלכער דער מאַרקסיזם

ווערט פאַרוואַנדלט אין ברעטאַניזם*, סטרואוויזם**, זאַמבאַרטיזם***. די דאָקטרינע פון מאַרקסן האָט פאַרייניקט אין איין אומצעררייסבאַרעם גאַנצעם די טעאָריע און די פּראַקטיק פון קלאַסן-קאַמף. און יענער איז קיין מאַרקסיסט ניט, ווער עס פאַרקריפּלט די טעאָריע, וועלכע קאָנסטאַטירט ניכטער די אָביעקטיווע לאַגע, פאַרקריפּלט זי צו אַ באַרעכטיקונג פון דעם, וואָס עקזיסטירט, דערגייענדיק ביז דער שטרעבונג, וואָס גיכער צופּאַסן זיך צו יעדער צייטווייליקער יערידע פון דער רעוואָלוציע, אַוועקצוואַרפן וואָס גיכער די „רעוואָלוציאָנערע אילוזיעס“ און צו נעמען זיך פאַר „רעאַל“ קלייבן ברעקלעך.

מאַרקס האָט געקאָנט אין די פרידלעכסטע, דוכט זיך, „אידילישע“, לויט זיין אויסדריק, — „טרייסטלאָז-זומפּיקע“ (לויטן אויסדריק פון דער רעד. „נייע צייט“) צייטן אָנטאַפּן די נאָענטקייט פון דער רעוואָלוציע און אויפהויבן דעם פּראָלעטאַריאַט צום באַוואוסטזיין פון זיינע פאָרגעשריטענע, רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן. אונזערע רוסישע אינטעליגענטן, וואָס פאַריינפאַכן פיליסטעריש מאַרקסן, לערנען דעם פּראָלעטאַריאַט אין די סאַמע רעוואָלוציאָנערע צייטן צו פירן אַ פּאָליטיק פון פּאַסיווקייט, האַכנאָעדיק גיין „מיטן שטראָם“, אומאַנטשלאָסן שטיצן די סאַמע אומשטאַנדהאַפטיקע עלעמענטן פון יענער ליבעראַלער פּאַרטיי, וועלכע איז אין דער מאָדע!

די אָפּשאַצונג, וועלכע מאַרקס גיט דער קאָמונע, איז די קרוין פון די בריוו צו קוגעלמאַנען. און אָט די אָפּשאַצונג גיט באַזונדערס פיל, ווען מע פאַרגלייכט זי מיט די גענג פון די רוסלענדישע ס.-ד. פונם רעכטן פליגל. פּלעכאַנאָוו, וועלכער האָט קליינמוטיק אויסגעשריען נאָך דעקאַבער 1905 יאָר: „מע האָט זיך ניט געדאַרפט נעמען פאַר געווער“, האָט געהאַט די באַשיידנקייט צו פאַרגלייכן זיך מיט מאַרקסן. מאַרקס, זאָל עס הייסן, האָט אויך טאָרמאָזירט די רעוואָלוציע אין 1870 יאָר.

---

* ברעטאַנאָ — אַ בורזשואַזער עקאָנאָמיסט, וועלכער פּילט קלוימערשט מיט די אַרבעטער און זוכט אַ לייזונג פון דער סאָציאַלער פראַגע אין „האַרמאָניע פון קלאַסן“. איב.

** סטרואווע — אין די 90-קער יאָרן אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט. איינער פון די אָנגעזעענסטע „לעגאַלע מאַרקסיסטן“. קלוימערשט אָנגענומען מאַרקס טעאָריע (האַגאַם פון אָנהויב אָן מיט אויסריידן), אָבער ניט געמאַכט פון איר קיין רעוואָלוציאָנערע אויספירן. דער סטרואוויזם, ווי דער לעגאַלער מאַרקסיזם ביכלאַל, איז געווען אן אויסדריק פון דער בורזשואַזער ווירקונג אַף דער אַרבעטער-באַוועגונג. דורך רעפאָרמיזם האָט סטרוואווע אינגיכן אָראָפּגעקייקלט זיך צו דער ראָלע פון אן אָפענעם בורזשואַזן אידעאָלאָג. היינט איז סטרואווע א מאָנאַרכיסט. איב.

*** זאָמבאַרט — אַ דייטשישער בורזשואַזער געלערנטער. אין די 90-קער יאָרן דערנעענטערט ער זיך צום היסטאָריש-מאַטעריאַליסטישן קוק אַף דער געשיכטע. וואָס ווייטער אַוועק, אַלץ מער דערווייטערט ער זיך פון דידאַזיקע יוגנט-זינד. היינט אן אויסגעשפּראָכענער סוינע פונם אַרבעטער-קלאַס און טעאָרעטיקער פון רעאַקציע.

איבערז.

יאָ, מאַרקס האָט אויך טאָרמאָזירט די רעוואָלוציע. אָבער טוט נאָר אַ קוק, וואָס פאַר אַ טעהאָם עס עפנט זיך באַ דערדאָזיקער פאַרגלייכונג, וועלכע פלעכאַנאָוו אַליין האָט גענומען, באַ דער פאַרגלייכונג צווישן פלעכאַנאָוון און מאַרקסן.

פלעכאַנאָוו האָט אין נאָיאַבר 1905 יאָר, אַ כוידעש פאַר דעם הויכפּונקט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, ניט נאָר ניט געוואָרנט אַנטשיידן דעם פראָלעטאַריאַט, נאָר, פאַרקערט, ער האָט דירעקט גערעדט וועגן דער נויטווענדיקייט צו לערנען באַגיין זיך מיט געווער און צו באַוואָפענען זיך. און אין אַ כוידעש אַרום, ווען דער קאַמף האָט אויפגעפלאַמט, האָט פלעכאַנאָוו אָן אַ שאָטן פון אַנאַליז פון זיין באַדייטונג, פון זיין ראָלע אין דעם אַלגעמיינעם גאַנג פון די געשעענישן, פון זיין צוזאַמענהאַנג מיט די פריערדיקע קאַמפס-פאָרמען, האָט ער געאיילט צו שפּילן די ראָלע פון אַן אַלכעט-אינטעליגענט: „מע האָט זיך ניט געדאַרפט נעמען פאַר געווער“.

מאַרקס האָט אין סענטיאַבר 1870 יאָר, אַ האַלב יאָר פאַר דער קאָמונע, געוואָרענט די פראַנצויזישע אַרבעטער: אַ אויפשטאַנד וועט זיין אַ מעשוגאַעס, האָט ער געזאָגט אין דעם באַוואוסטן אַדרעס פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. ער האָט אויפגעדעקט פאָרויס די נאַציאָנאַליסטישע אילוזיעס מעקויעך דער מעגלעכקייט פון אַ באַוועגונג אין דעם גייסט פון 1792 יאָר. ער האָט געקאָנט ניט לעאַכער האַמאַיסע, נאָר מיט פיל כאַדאָשים צוריק זאָגן: „מע דאַרף זיך ניט נעמען פאַר געווער“.

ווי האָט ער זיך אָבער אויפגעפירט, ווען אָט דידאָזיקע האָפענונגסלאָזע, לויט זיין אייגענער סענטיאַברישער מעלדונג, זאַך האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרווירקלעכן אין מאַרט 1871 יאָר? האָט עס עפשער מאַרקס אויסגענוצט (ווי פלעכאַנאָוו די דעקאַבר-געשעענישן) בלויז צו „פאַרקלעמען“ זיינע סאָנים, די פּרודאָניסטן און בלאַנקיסטן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער קאָמונע? האָט ער עפשער אָנגעהויבן צו בורטשען ווי אַ קלאַסנע דאַמע: איך האָב געזאָגט, איך האָב געוואָרנט, אָט האָט איר אייך אייער ראָמאַנטיק, אייער רעוואָלוציאָנערע כאַלוימעס? האָט ער עפשער באַגלייט די קאָמונאַרן, ווי פלעכאַנאָוו די דעקאַברשע קעמפער, מיט אַ מוסער פון אַ זעלבסטצופרידענעם פיליסטער: „מע האָט זיך ניט געדאַרפט נעמען פאַר געווער“?

ניין. דעם 12 אַפּרעל 1871 יאָר שרייבט מאַרקס אַן ענטוזיאַסטישן בריוו קוגעלמאַנען, אַ בריוו, וועלכן מיר וואָלטן גערן אויפגעהאַנגען אָפן ה'אַנט באַ יעדן רוסישן סאָציאַל-דעמאָקראַט, באַ יעדן רוסישן שריפטקענעוודיקן אַרבעטער.

מאַרקס, וואָס האָט אין סענטיאַבר 1870 יאָר אָנגערופן דעם אויפשטאַנד פאַר אַ זינלאָזיקייט, באַציט זיך צו אים אין אַפּרעל 1871 יאָר, זע-

ענדיק די פֿאַלקישע, מאַסנווייזע באַוועגונג, מיט דער גרעסטער אויפֿמערק־זאַמקייט פֿון אַן אָנטיילנעמער פֿון גרויסע געשעעניש, וואָס באַצייכענען אַ שריט פֿאָרויס אין דער אַלוועלטלעך־היסטאָרישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

דאָס איז אַ פּ ר ו א ו, — זאָגט ער, — כּאַרעוו צו מאַכן די ביוראָ־קראַטיש־מיליטערישע מאַשין, און ניט פּאַשעט איבערצוגעבן זי אין אַנ־דערע הענט. און ער זינגט אַן עמעסן לויב־געזאַנג די פּאַריזער „העלדישע" אַרבעטער, וואָס ווערן אָנגעפֿירט פֿון די פּרודאָניסטן און בלאַנקיסטן. „וואָס פֿאַר אַ בויגעוודיקייט, — שרייבט ער, — וואָס פֿאַר אַ היסטאָרישע איניציאַטיוו, וואָס פֿאַר אַ פֿעאיקייט זיך צו זעלבסטאָפּפֿערן עס פֿאַרמאָגן דידאָזיקע פּאַריזאַנער!" (זייט 115)... „די געשיכטע ווייס נאָך ניט קיין ביישפּיל פֿון אַזאַ מין העלדנמוט".

די היסטאָרישע איניציאַטיוו פֿון די מאַסן שעצט מאַרקס העכער פֿון אַלץ. אַך, ווען אונזערע רוסישע ס.־ד. וואָלטן זיך לערנען בּאַ מאַרקסן אָפּצושאַצן די היסטאָרישע איניציאַטיוו פֿון די רוסישע אַרבעטער און פּויערים אין אָקטיאַבר און דעקאַבר 1905 יאָר!

די העכסטע אַכטונג פֿון דעם טיפֿסטן דענקער, וואָס האָט פֿאָרויסגע־זעען מיט אַ האַלב יאָר פֿאָרויס אַ מאַפּאַלע, צו דער היסטאָרישער איניציאַטיוו פֿון די מאַסן, — און דאָס לעבנסלאָזע, האַרצלאָזע, פּע־דאַנטישע: „מע האָט זיך ניט געדאַרפֿט נעמען פֿאַר געווער"! איז עס דען ניט קיין הימל און ערד?.

און אַלס אָנטיילנעמער פֿון מאַסן־קאַמף, וועלכן ער האָט אי־בערגעלעבט מיט דער גאַנצער היץ און ליידנשאַפֿט, וואָס זיינען אים אייגנ־טימלעך, נעמט זיך מאַרקס, זיצנדיק אין גאָלעס אין לאָנדאָן, צו קריטיקירן די אומיטלבאַרע שריט פֿון די „וואַנזיניק־מוטיקע" פּאַריזער, „וואָס זיינען גרייט צו שטורעמען דעם הימל".

אָ, ווי עס וואָלטן דאַן געלאַכט פֿון מאַרקסן אונזערע איצטיקע „רעאַלע" כאַכאָמים פֿון צווישן די מאַרקסיסטן, וואָס מאַכן צו אַש און צו רויך אין רוסלאַנד פֿון די יאָרן 1906—1907 די רעוואָלוציאָנערע ראָ־מאַנטיק! ווי די מענטשן וואָלטן דאָס כויזעק געמאַכט פֿון דעם מאַטע־ריאַליסט, דעם עקאָנאָמיסט, דעם סוינע פֿון אוטאָפּיעס, וועל־כער באַציט זיך מיט אַזאַ אַכטונג צום „פּרואוו" צו שטורעמען דעם הימל: וויפֿל טרערן פֿון נאָכזיכטיקן געלעכטער אָדער פֿון באַדויערן וואָלטן פֿאַר־גאָסן אָט די פֿאַרשיידענע מענטשן אין שיידלעך וועגן די בונטאַרישע טענדענצן, דעם אוטאָפּיזם אוכעדוימע, אוכעדוימע, וועגן דערדאָזיקער אָפּשאַצונג פֿון אַ באַוועגונג, וואָס רייסט זיך אין הימל!

מאַרקס אָבער האָט זיך ניט דורכגעדרונגען מיט דער כאָכמע פֿון

אָט די פּיסקאַרעס *, וואָס האָבן מוירע צו באַהאַנדלען די ט ע כ נ י ק פון די העכערע פאָרמען פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף. ער באַהאַנדלט נעמלעך די ט ע כ נ י ש ע פראַגן פון אויפשטאַנד. פאַרטיידיקונג אָדער אָנגריף? — זאָגט ער, פּונקט ווי די קריגס-אָפּעראַציעס וואָלטן פאַרגעקומען אונטער לאַנדאָן. און ער באַשליסט: אומבאַדינגט אָנגריף, „מע האָט געדאַרפט טיי־קעף גיין אַף ווערסאַל....“

דאָס איז געשריבן אין אַפּרעל 1871 יאָר, עטלעכע וואָכן פאַר דעם גרויסן בלוטיקן מאַי....

„מע האָט געדאַרפט טייקעף גיין אַף ווערסאַל“ זאָגט מאַרקס די אויפגעשטאַנענע, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַ „וואַנזיניקע“ (סענטיאַבר 1870) זאַך פון שטורעמען דעם הימל.

„מע האָט זיך ניט געדאַרפט נעמען פאַר געווער“ אין דעקאַבר 1905 יאָר, קעדיי אָפּצואווערן מיט געוואַלט די ערשטע אַטענטאַטן, אָפּ־צונעמען די פאַרכאַפּטע פרייהייטן... (זאָגט פּלעכאַנאָוו).

יאָ, פּלעכאַנאָוו האָט ניט אומזיסט פאַרגלייכט זיך מיט מאַרקסן!

„דער צווייטער פעלער“ — זעצט פאַר זיין ט ע כ נ י ש ע קריטיק מאַרקס — „דער צענטראַל-קאָמיטעט“ (ד י מ י ל י ט ע ר־ק אָ מ אַ נ ד ע — באַמערקט עס — דאָ האַנדלט זיך וועגן דעם צ"ק פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע) „ה אָ ט צ ו פ ר י פון זיך אָראָפּגעלייגט זיינע פולמאַכטן...“

מאַרקס האָט געקאָנט וואָרענען די פ י ר ע ר פון אַ ניטצייטמעסיקן אויפשטאַנד. נאָר צו דעם פ ר אָ ל ע ט אַ ר י אַ ט, וואָס שטורעמט דעם הימל, פלעגט ער זיך באַציען ווי אַ פּראַקטישער אייצע-געבער, ווי אַן אנטיילנעמער אי ן ק אַ מ ף פון די מאַסן, וועלכע הויבן אויף די גאַנצע באַוועגונג אַף אַ ה ע כ ע ר ע ש ט ו פ ע, ניט געקוקט אַף די פאַלשע טע־אָריעס און פעלערן פון בלאַנקי ** און פּרודאָנען ***.

* פּיסקאַר—אַ קליין פּישל, וואָס פאַרגראָבט זיך געווייגלעך אין זאַמד פונם טייך-גרונט.. אַף דייטש הייסט עס גרינדלינג, אַף אידיש וואָלט מען עס געקאָנט אַ נאָמען געבן זאַמד-פּישל. דער באַרימטער רוסישער סאַטיריקער שטשעדרין האָט אָנגעשריבן אַ מאַיסע וועגן דעם פּיסקאַר— דעם פּיקייעך, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן אויפגעהאַלטן זיך אין הייל, ציטערנדיק פאַרן העכט, און האָט נאָכאַנאַנד געפּריידיקט, אַז מע דאַרף זיצן שטיל און רואיק בא זיך אין הייל. איבערז.

** ב ל אַ נ ק י — אַ פראַנצויזישער רעוואָלוציאָנער. געשטאַנען פאַר דער טעאָריע פון פאַרכאַפּן די מאַכט דורך אַן איניציאַטיוון הייפל רעוואָלוציאָנערן. איגנאָרירט די ראָלע פון די מאַסן אין דער רעוואָלוציע.

*** פּ ר ו ד אָ ן — קליינבירגערלעכער טעאָרעטיקער, וועלכער האָט גוט קריטיקירט דעם קאַ־פּיטאַליזם און די בורזשואַזע מעלוכע האָט אָבער געלייקנט אין דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון אַרבע־טער-קלאַס, איז געווען אַ סוינע פון קאָמוניזם און האָט געמיינט רעפאָרמירן די געזעלשאַפט דורך פרייע אסאָציאַציעס פון פּראָדוצירער דורך בייטן זיך מיט קעגנזייטיקע טויוועס (מוטואַליזם). איז געווען קעגן פּאָליטישן קאַמף, קעגן מעלוכע, קעגן אָפּשאַפן פּריוואַט-אייגנטום. זיינע אידייען האָבן געהאַט א גרויסן דערפאָלג צווישן די פראַנצויזישע ארבעטער אין יענע יאָרן.
איבערז.

„וואָס עס זאָל דאָרט ניט זיין, — שרייבט ער, — איז דער פּאַריזער אויפשטאַנד, אויב ער וועט אַפילע דערשטיקט ווערן דורך די וועלף, כאַזיירים און נידערטרעכטיקע הינט פון דער אַלטער געזעלשאַפט, די רומפולסטע העלדנטאַט פון אונזער פּאַרטיי זינט דעם יוני־אויפשטאַנד".

ניט באַהאַלטנדיק פון דעם פּראָלעטאַריאַט קיין איין פעלער פון דער קאָמונע, האָט מאַרקס געווידמעט אָט דער העלדנטאַט אַ ווערק, וועלכס דינט אַדאיעם אַלס דער בעסטער האַנטבוך אין קאַמף פאַרן „הימל", — און אַלס דאָס שרעקלעכסטע שרעקבילד פאַר די ליבעראַלע און ראַדיקאַלע „כאַזיירים".

פּלעכאַנאָוו האָט געווידמעט דעם דעקאבר אַ „ווערק", וואָס איז געוואָרן קימאַט ווי אַ יעוואַנגעליום פאַר די קאַדעטן.

יאָ, ניט אומזיסט. האָט זיך פּלעכאַנאָוו פאַרגליכן מיט מאַרקסן.

קוגעלמאַן האָט אַפּאָנעם געענטפערט מאַרקסן מיט אייניקע אויסדריקן פון ספּייקעס, מיט אָנווייזן אַף דער האָפענונגסלאָזיקייט פון דער זאַך, אַף רעאַליזם אין קעגנזאַץ צו ראָמאַנטיק, — אַלנפאַלס האָט ער פאַרגליכן די קאָמונע — דעם אויפשטאַנד מיט דער פרידלעכער דעמאָנסטראַציע פון 13 יוני 1849 יאָר אין פּאַריז.

מאַרקס שרייבט טייקעף קוגעלמאַנען אַ שטרענגן ענטפער (17 אַפּרעל 1871 יאָר).

„שאַפן די וועלט־געשיכטע, — שרייבט ער, — וואָלט געווען, פאַרשטייט זיך, זייער באַקוועם, אויב דער קאַמף וואָלט אונטערגענומען געוואָרן בלויז באַם תּנאַי פון טאָדלאָזיגינסטיקע שאַנסן".

מאַרקס האָט אין סעפּטיאַבר 1870 יאָר אָנגערופן דעם אויפשטאַנד — מעשוגאַעס. נאָר ווען די מאַסן זיינען שוין אויפגעשטאַנען, וויל מאַרקס גיין צוזאַמען מיט זיי, לערנען זיך צוזאַמען מיט זיי אין פאַרלויף פון דעם קאַמף, און ניט לייענען קיין קאַנצעליאַרישע אינסטרוקציעס. ער פאַרשטייט, אַז דער פּרואוו פאָרויס צו דיסקאָנטירן די שאַנסן מיט אַ פולער פּינקטלעכקייט וואָלט געווען אַ שאַרלאַטאַנעריי אָדער אַ האָפענונגסלאָזער פּעדאַנטיזם. ער שטעלט העכער פאַר אַלץ דאָס, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס שאַפט די וועלט־געשיכטע העלדיש, זעלבסטאָפּפערנדיק, איניציאַטיוויש. מאַרקס האָט געקוקט אַף דער דאָזיקער געשיכטע פון שטאַנדפּונקט פון יענע, וואָס שאַפן זי, ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט פאָרויס טאָדלאָז צו דיסקאָנטירן די שאַנסן, און ניט פון שטאַנדפּונקט פון אַ אינטעליגענט — אַ קליינבירגער, וואָס מאָראַליזירט „עס איז לייכט געווען פאָרויסצוזעען... מע האָט זיך ניט געדאַרפט נעמען..."

מאַרקס האָט פאַרשטאַנען אַפּצושאַצן אויך, אַז עס טרעפן מאָמענטן

אין דער געשיכטע, ווען דער אנטשלאָסענער קאַמף פון די מאַסן אַפילע פאַר אַ האַפענונגסלאָזער זאַך איז נויטיק צוליב דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דידאַזיקע מאַסן און צוליב צוגרייטן זיי צו דעם קומענדיקן קאַמף.

פאַר אונזערע היינטיקע קוואַזי־מאַרקסיסטן, וועלכע האָבן ליב צו ציטירן מאַרקסן אומזיסט, קעדיי צו נעמען באַ אים בלויז די אָפּשאַצונג פון דער פאַרגאַנגענהייט, און ניט צוליב קענען שאַפן די צוקונפט, — פאַר זיי איז לאַכלוטן ניט פאַרשטענדלעך, אַפילע פרעמד אין פּרינציפּ אַזאַ מין שטעלונג פון דער פראַגע. פּלעכאַנאָוו האָט אַפילע ניט אַ טראַכט געטאָן וועגן איר, ווען ער איז צוגעטראָטן נאָך דעקאַבער 1905 יאָר צו דער אויפגאַבע פון „טאָרמאָזירן"...

נאָר מאַרקס שטעלט דאַפקע אָט די פראַגע, גאָר ניט פאַרגעסנדיק וועגן דעם, אַז אין סענטיאַבער 1870 יאָר האָט ער אַליין אָנערקענט דעם אויפשטאַנד פאַר אַ מעשוגאַעס.

די בורזשואַזע וואָרסאַלער מענואוואַלים, — שרייבט ער, — האָבן געשטעלט פאַר די פּאַריזער אַן אַלטערנאַטיוו: אָדער אָנעמען דעם אַרויסרוף צום קאַמף, אָדער אונטערגעבן זיך אָן קאַמף. די דעמאָראַליזירונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס אין דעם לעצטן פאַל וואָלט געווען אַסאַך אַ גרעסערער אומגליק, איידער דאָס אומקומען פון אַ וואָסער עס זאָל ניט זיין צאָל פירער".

דערמיט וועלן מיר אויך פאַרענדיקן די קורצע באַהאַנדלונג פון די לעקציעס פון דער פּאָליטיק, וואָס איז ווירדיק פאַרן פּראָלעטאַריאַט, וועלכע עס לערנט אונז מאַרקס אין זיינע בריוו צו קוגעלמאַנען.

דער אַרבעטער־קלאַס פון רוסלאַנד האָט שוין איינמאָל באַוויזן און ער וועט נאָך ניט איינמאָל באַווייזן, אַז ער איז פעאיק צו „שטורעמען דעם הימל".

5 פעוורואַל 1907 יאָר

# די וואַלן אין דומע און די אויפגאַבן פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע

דער רעזולטאַט פון די וואַלן אין דומע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פיזאָנאָמיע און פאַר דער קראַפט פון די פאַרשיידענע קלאַסן.

דאָס וואַל־רעכט אין רוסלאַנד איז ניט קיין דירעקטעס און ניט קיין גלייכעס. די פּויערים ווילן, קוידעמקאָל, צענהויפּניקעס; זיי ווילן פון זיך פּויערשע „באַפּולמעכטיקטע". די באַפּולמעכטיקטע ווילן פּויערשע

וואַל-מענער, און די וואַל-מענער ווילן לעסאָף צוזאַמען מיט די וואַל-מענער פון די אַנדערע שטאַנדן דעפּוטאַטן אין דומע. אַן אַנטשפּרעכנדיקער סיידער-פון וואַלן עקזיסטירט פאַר דער גוטסבאַזיצערישער, שטאָטישער און אַר-בעטערישער קוריע; דערביי איז די צאָל וואַל-מענער, וואָס קומט אויס אויף יעדערער פון אָט די קוריעס באַזונדער, פעסטגעשטעלט פון דעם געזעץ אין די אינטערעסן און צו גונסטן פון די העכערע קלאַסן, די גוטסבאַזיצער און דער בורזשואַזיע. דערצו נאָך איז ניט נאָר די רעוואָלוציאָנערע, נאָר אויך די אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטייען ליידן באַרבאַרישע, אומגעזעצלעכע פּאָליציייאישע רעפּרעסיעס; זוייטער, איז לאַכלוטן ניטאָ קיין פרייהייט פון פּרעסע און פאַרזאַמלונגען, עס קומען פאָר ווילקירלעכע אַרעסטן און אַרויסשיקונגען; אין דעם גרעסטן טייל פון רוסלאַנד פונקציאָנירן קריגס-פעלד-געריכטן און צוזאַמען מיט זיי עקזיסטירט דער אויסעראָרדנטלע-כער צושטאַנד.

ווי אַזוי, פונדעסטוועגן, איז עס מעגלעך געוואָרן, אַז די נייע דומע האָט זיך באַקומען אַ באַדייטנדיק מער אָפּאָזיציאָנעלע און רעוואָלוציאָ-נערע, איידער די ערשטע?

קעדיי צו ענטפערן אויף דערדאָזיקער פראַגע דאַרפן מיר, קוידעם-קאָל, באַטראַכטן די אָנגאַבן מעקוייעך דער פאַרטיילונג פון די וואַל-מענער לויט די באַזונדערע פאַרטייען אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּאַרטיי-פּאָליטישן צוזאַמענשטעל פון דער צווייטער דומע, לויט די יעדיעס פון דעם קאַדע-טישן אָרגאַן „רעטש“, וואָס כאַפּן אַרום בערערך 9/10 פון אַלע וואַל-מענער פון אייראָפּעאישן רוסלאַנד (אויסער פּוילן, קאַווקאַז, סיביר און אַז. וו.). מיר נעמען פינף הויפּטלעכע פּאָליטישע גרופּן, ווייל עס פעלן דעטאַלערע יעדיעס וועגן דער פּאָליטישער באַפאַרבונג פון די וואַל-מענער. די ערשטע גרופּע בילדן די רעכטע. אַהער געהערן די אַזוי גערופענע „שוואַרצמייעניקעס“ (מאָנאַרכיסטן, פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק א. א. וו.), וועלכע שטייען דערפאַר, אַז מע זאָל זיך אומקערן צוריק צו דער פולקו-מער זעלבסטהערשונג אין איר ריינער פאָרם; זיי רופן צו אַ שטענדיקן מיליטערישן טעראָר קעגן די רעוואָלוציאָנערן און צו אַזעלכע האַריגעס, ווי לעמאָשל די האַריגע פונם מיטגליד פון דומע הערצנשטיין; זיי אינס-צענירן „פּאָגראָמען“ און אַז. וו. אַהער געהערן ווידער די אַזוי גערופענע „אָקטיאַבריסטן“ (אַזוי רופט זיך אָן אין רוסלאַנד די פּאַרטיי פון די גרויס-אינדוסטריעלער), וועלכע זיינען טייקעף נאָך דעם צאַרישן מאַני-פעסט פון 17-טן אָקטיאַבער 1905 יאָר צוגעשטאַנען צו דער קאָנטער-רעוואָ-לוציע און איצט שטיצן זיי אויף פאַרשיידענע אויפנים די רעגירונג. באַ די וואַלן האָט דידאָזיקע פּאַרטיי ניטזעלטן געשלאָסן בלאָקן מיט די מאָנאַרכיסטן.

די צווייטע גרופּע בילדן די „אומפּאַרטייאישע“. מיר וועלן ווייטער זעען, אַז אַסאַך פון די וואַל-מענער און פון די דעפּוטאַטן, באַזונדערס פון די פויערים האָבן זיך צוגעדעקט מיט דעמדאָזיקן נאָמען, קעדיי אוים־צומיידן רעפּרעסיעס פאַר זייערע רעוואָלוציאָנערע איבערצייגונגען.

די דריטע גרופּע בילדן די ליבעראַלן. אין דער שפּיץ פון די ליבע־ראַלע פּאַרטייען שטייט די קאָנסטיטוציאָנעל-דעמאָקראַטישע (די אַזוי גערופענע „קאַדעטישע“ פּאַרטיי) אָדער די פּאַרטיי פון „פּאָלקס-פריי־הייט“. דאָס איז די פּאַרטיי פון צענטער אין דער רוסישער רעוואָלוציע; זי שטייט צווישן די פּריצים און די פויערים. די בורזשואַזיע סטאַרעט זיך שאָלעם צו מאַכן צווישן ביידע קלאַסן. די אָפּשאַצונג פון דער פּאַרטיי פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע — די קאַדעטן — שטעלט מיט זיך פאָר דעם הויפּט-פּונקט פון די מייִנונגס-פאַרשיידנהייטן צווישן די צוויי ריכטונגען אין דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

אין דער דומע שטייען אַף דער זייט פון די רוסישע ליבעראַלן, ניט אוים פּאָליטישע איבערצייגונגען, נאָר איבער מאָטיוון פון אָפּאָרטוניזם, אויך די פּוילישע „שוואַרצמייעניקעס“ — די פּאַרטיי פון די „פּאָלקס-דע־מאָקראַטן“, וועלכע פירן אין פּוילן דעם קאַמף קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט מיט אַלע מיטלען, אייַנשליסנדיק מעסירעס און האַריגעס.

די פערטע גרופּע בילדן די „פּראָגרעסיסטן“. דאָס איז ניט קיין נאָ־מען פון קיין פּאַרטיי, נאָר פּונקט אַזאַ טנאַי-באַצייכענונג ווי „אומפּאַר־טייאישע“, וואָס דערקלערט גאָרניט, נאָר דער ציל פון וועלכער עס איז אין דער ערשטער ריי צו שיצן קעגן פּאָליציייאישע פאַרפאָלגונגען.

לעסאָף, די פינפטע גרופּע בילדן די לינקע. אַהער געהערן די פּאַר־טייען פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן און פון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָ־נערן, פון די פּאָלקס-סאָציאַליסטן (וועלכע אַנטשפּרעכן אומגעפער די פראַנצויזישע ראַדיקאַל-סאָציאַליסטן) און די אַזוי גערופענע „טרודאָווי־קעס“ — נאָך גאָר אַ פאָרמלאָזע אָרגאַניזאַציע פון דער פויערשער דע־מאָקראַטיע*.

---

* אין דער דייטשישער פּרעסע ווערט דידאָזיקע פּאַרטיי אָפט אָנגערופן „אַרבעטער-גרופּע“, וואָס עס ווייזט אָן אפאָנים אַף איר קרויוועשאַפט מיטן אַרבעטער-קלאַס. אין טאָך אָבער איז די קרויוועשאַפט אין רוסלאַנד בלויז אין די ווערטער. דעריבער איז בעסער צו לאָזן דאָס וואָרט „טרודאָוויקעס“ אָן אַ איבערזעצונג, באַצייכענענדיק מיט אים די קליינבירגערלעכע, נעמלעך די דאָרפישע דעמאָקראַטיע.

לעגינס אָנמערקונג

די אָט דאָ געבראַכטע לעגינס באַמערקונג דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס דער אַרטיקל „די וואַלן אין דומע און די אויפגאַבן פון דער רוסישער סאָצ.-דעמאָקראַטיע“ איז געדרוקט געווען אין דעם אָרגאַן פון דער דייטשישער סאָצ.-דעמאָקראַטיע „די נייע צייט“. אַף אידיש זעצן מיר אויך ניט איבער דאָס וואָרט „טרודאָוויק“.

איבערז.

# I. די צאל וואל-מענער

| פאַרטייען | 51 גובערניעס פון אייראפּייאישן רוסלאַנד | | | | | | | | | | גרויסע שטעט | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | גוט-באזיצערישע | | שטאָטישע | | פויערשע | | ארבעטערישע | | סאכאקל | | | |
| | וואל-מענער | % | וואל-מענער | % | וואל-מענער | % | וואל-מענער | % | וואל-מענער | % | וואל-מענער | % |
| רעכטע | 1.224 | 70,9 | 182 | 13,9 | 764 | 33,8 | — | — | 2.170 | 40,0 | 346 | 27,0 |
| אומפּארטייאישע | 81 | 4,7 | 27 | 2,1 | 248 | 11,0 | 2 | 1,4 | 358 | 6,6 | — | — |
| ליבעראלן | 154 | 8,9 | 504 | 38,7 | 103 | 4,6 | — | — | 761 | 14,0 | 940 | 56,4 |
| פּראָגרעסיסטן | 185 | 10,7 | 280 | 21,5 | 561 | 24,9 | 3 | 2,1 | 1.029 | 18,9 | 55 | 3,3 |
| לינקע | 82 | 4 8 | 311 | 23,8 | 582 | 25,7 | 140 | 96,5 | 1.115 | 20,5 | 327 | 19,6 |
| סאַכאַקל | 1.726 | 100,0 | 1304 | 100,0 | 2.258 | 100,0 | 145 | 100,0 | 5.433 | 100,0 | 1,668 | 100,0 |

# II. די צאָל דומע-דעפּוטאַטן

| פּאַרטייען | 51 גובערניעס פון אייראפּעאישן רוסלאנד: פון די גובער-ניעס | | פון דער פּוי-ערשער קוריע | | פון די גרויסע שטעט | | פּוילן | | קאַווקאַז | | סיביר און די מיזרעך-גוב. | | איבער דער גאנצער רוס-לענד. אימפּער. | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | דעפּו-טאטן | % | דעפּו-טאטן | % | דעפּו-טאטן | % | דעפּו-טאטן | % | דעפּו-טאטן | % | דעפּו-טאטן | % | דעפּו-טאטן | % |
| רעכטע . . . . . . . . . | 85 | 25,7 | 4 | 7,5 | 5 | 18,5 | 1 | 2,7 | 2 | 7,1 | — | — | 97 | 19,8 |
| אומפּאַרטייאישע . . . . | 18 | 5,4 | 3 | 5.7 | — | — | — | — | — | — | 1 | 7,1 | 22 | 4,5 |
| ליבעראַלן . . . . . . . | 82 | 24,8 | 40 | 18,9 | 17 | 63,0 | 32 | 86,5 | 9 | 32,2 | 6 | 42,9 | 156 | 31,8 |
| פּראָגרעסיסטן . . . . . | 20 | 6,0 | 10 | 18,9 | — | — | 3 | 8,1 | 2 | 7,1 | — | — | 35 | 7,1 |
| לינקע . . . . . . . . . | 126 | 38,1 | 26 | 49,0 | 5 | 18,5 | 1 | 2,7 | 15 | 53,6 | 7 | 50,0 | 180 | 36,8 |
| סאַכאַקל . . | 331 | 100,0 | 53 | 100,0 | 27 | 100,0 | 37 | 100,0 | 28 | 100,0 | 14 | 100,0 | 490 | 100,0 |

די טרודאָוויקעס, די פאָלקס-סאָציאַליסטן און די סאָציאַליסטן-רע-וואָלוציאָנערן זיינען לויט זייער קלאַסן-כאַראַקטער קליינבירגערלעכע און פויערשע דעמאָקראַטן. אַן אַנדערשמאָל האָבן זיך די וואַל-מענער פון באַ-זונדערע רעוואָלוציאָנערע גרופּן געסטאַרעט צודעקן זיך בעאיים דער וואַל-קאַמפּאַניע מיטן אַלגעמיינעם נאָמען „לינקע", קעדיי זיכערער אויס-צומיידן פּאָליציייאישע רעדיפעס. די ציפערן פון „רעטש" וועלן באַלד באַ-ווייזן די ריכטיקייט פון אונזערע אויספירן וועגן דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון די פּאַרטייען (זע זייטלעך 195 און 196. רעד.).

ווי עס איז צו זען פון די געבראַכטע טאַבעלן, בילדן די גרויסע שטעט אַ באַזונדערע גרופּע: פּעטערבורג וויילט 6 דעפּוטאַטן, מאָסקווע — 4, וואַרשע און טאַשקענט — צו 2, די איבעריקע שטעט — צו 1, אינ-גאַנצן 19 שטעט — 27 דעפּוטאַטן. די איבעריקע מיטגלידער פון דער דו-מע ווערן געוויילט אַף וואַל-פאַרזאַמלונגען פון באַזונדערע גובערניעס דורך אַלע פיר קוריעס צוזאַמען; נאָר, אויסער דעם, ווילן די וואַל-מענער פון די פויערים אין יעדער גובערניע 1 דעפּוטאַט פון דער פויערים-קוריע. אַף אַזאַ אויפן באַקומט זיך דריי גרופּן דעפּוטאַטן: פון די גובערניאַלע וואַל-פאַרזאַמלונגען, פון דער פויערשער קוריע און פון די גרויסע שטעט.

אַ וועלכער ניט איז טויץ וואַל-מענער פון דעם פּראָגרעסיוון אָדער לינקן בלאָק האָט געקאָנט צעטיילט ווערן בלויז אַפן גרונט פון כעשבוינעס צווישן באַזונדערע פּאַרטייאישע גרופּן; דער גאַנצער צאָל-סאַכאַקל גיט, שיינבאַר, אַ פולקום זיכערן מאַטעריאַל צו פאַרשטיין דעם קלאַסן-בוי פון די פאַרשיידענע רוסישע פּאַרטייען.

די אַרבעטער-קוריע וויילט אין דער פּראָווינץ און, קוידעמקאָל, פאַרשטייט זיך, אין די גרויסע שטעט קימאַט אויסשליסלעך לינקע, נעמ-לעך 96,5%.

פון די 140 לינקע וואַל-מענער פון דער אַרבעטער-קוריע זיינען 84 סאָציאַל-דעמאָקראַטן, 52 — לינקע אָן אַ גענויער באַצייכענונג (גרעסטנ-טיילס אויך סאָציאַל-דעמאָקראַטן) און 4 סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן. אַף אַזאַ אויפן איז די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ניט געקוקט אַף די פאַלשע באַהויפּטונגען פון די ליבעראַלן, וועלכע וואָלטן געוואָלט אַרויפ-לייגן אַף איר דעם שטעמפּל פון אַ רעוואָלוציאָנער-אינטעליגענטישער פּאַרטיי, אַן עמעסע אַרבעטער-פּאַרטיי. אין פּעטערבורג — אין שטאָט און אין דער גובערניע — זיינען פון 24 וואַל-מענער פון דער אַרבעטער-קוריע אויסגעוויילט 20 סאָציאַל-דעמאָקראַטן און 4 סאָצ.-רעוואָלוציאָנערן; אין מאָסקווע — אין שטאָט און אין דער גובערניע — בלויז סאָצ.-דעמאָ-קראַטן, נעמלעך 35 און אַז. וו.

אין דער פויערים-קוריע דערשיינט גלייך אַ וואונדערבאַרע אומ-פּראָפּאָרציאָנעלקייט; צווישן די פויערים—וואַל-מענער געהערן 35,8%

צו די רעכטע, דאַן ווען צווישן די דומע־דעפּוטאַטן, וועלכע זיינען גע־ווײלט פון אַט דיזעלבע וואַל־מענער פון דער פּויערים־קוריע, זיינען דאָ בלויז 7,5% רעכטע. עס איז קלאָר, אַז די וואַל־מענער פון די פּויערים האָבן זיך בלויז אָנגערופן פאַר רעכטע, קעדיי אויסצומיידן פאַרפאָלגונ־גען פון דער רעגירונג. די רוסישע פּרעסע האָט קאָנסטאַטירט די דאָזיקע דערשיינונג מער אַלס אין 100 פאַלן, און די וואַל־סטאַטיסטיק באַשטע־טיקט עס נאָך מער ענדגילטיק.

וועגן דער פּויערים־קוריע קאָן מען ניט אורטיילן לויט די וואַל־מענער, נאָר אויסשליסלעך לויט דעם, צו וועלכער פּאַרטיי עס רעכענען זיך צו זייערע דעפּוטאַטן. מיר זעען, אַז די פּויערים־קוריע בילדעט שפּע־טער אַ לינק־שטייענדיקע גרופּע נאָענט צו דער אַרבעטער־קוריע.

די פּויערים האָבן אויסגעווײלט 7,5% רעכטע און 67,95% לינקער פון די ליבעראַלן! דער פּויער אין רוסלאַנד ווערט געדאַכט מערסטנטיילס, ווי רעוואָלוציאָנער, — דאָס לערנען אונז די וואַלן אין דער צווייטער דומע. דאָס איז אַ פאַקט פון אַ גרויסער וויכטיקייט, ווייל ער דערווייזט, אַז די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט נאָך ווייט ניט דערגרייכט איר סאָף. קאָל־זמאַן עס זיינען ניט באַפרידיקט די פאָדערונגען פון די פּויערים, קאָלזמאַן דער פּויער האָט זיך לאַכלאַפּאַכעס ניט באַרואיקט, דאַרף די רעוואָלו־ציע ווייטערדויערן. אָבער די רעוואָלוציאָנערע שטים פון די פּויערים האָט פאַרשטייט זיך, קיין שום געמיינזאַמעס ניט מיט דער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע: דער פּויער איז אַ בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציאָנער און גאָרניט קיין סאָציאַליסט. ער קעמפט ניט פאַר דעם, אַז אַלע פּראָדו־ציר־מיטלען זאָלן איבערגעגעבן ווערן אין די הענט פון דער געזעלשאַפט, נאָר דערפאַר, אַז דאָס פּויערטום זאָל אָפּנעמען די ערד בײַ די פּריצים.

אַ טיפּישן פּאַרטיי־פּאָליטישן אויסדריק געפינט דאָס בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציאָנערע באַוואוסטזיין פון דעם פּויערטום אין די פּאַרטייען פון די „טרודאָוויקעס“, עסערן און פאָלקס־סאָציאַליסטן. פון די 53 דומע־דעפּוטאַטן פון דער פּויערים־קוריע געהערן 24 צו די דאָזיקע פּויערשע דעמאָקראַטן (10 לינקע, 10 טרודאָוויקעס, 4 עסערן), און ווײַ־טער איז העכסט שיינבאַר, אַז פון די 10 „פּראָגרעסיסטן“ און 3 „אומפּאַר־טייאישע“, וועלכע זיינען געווײלט פון די פּויערים, געהערט די מערהייט צו די טרודאָוויקעס. מיר זאָגן: שיינבאַר, דערפאַר, ווייל נאָך דער ערש־טער דומע האָט מען די טרודאָוויקעס אומראַכמאָנעסדיק גערוידעפט, און די פּויערים זיינען געוואָרנט, אַז זיי זאָלן זיך ניט אָנרופן „טרודאָ־וויקעס“, האַגאַם אין טאָך פון דער זאַך זיינען זיי איינשטימיק אין דער דומע מיט די „טרודאָוויקעס“. אַזוי, לעמאָשל, דער וויכטיקסטער געזעצ־געבונגס־פּראָעקט פון די „טרודאָוויקעס“ אין דער 1־טער דומע איז געווען דער אַגראַרער, וועלכער איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „פּראָעקט פון די

104“ (דער טאַמצעם פון אַט דעם פּראָעקט באַשטייט אין דער טייקעפּדי־קער נאַציאָנאַליזירונג פון דער ערד באַ די פּריצים און אין דער צוקונפט — פון די פּויערשע נאַכלעס (נאַדיעלן), און אויך אין דעם אויסגלייך־ערד־באַזיץ). דערדאָזיקער פּראָעקט איז דער וויכטיקסטער באַווייזער פון דעם, ווי פּאָליטיש עס דענקט די פּויערים־מאַסע אין די וויכטיקסטע פראַגן פון דעם פּויערשן לעבן. דערדאָזיקער פּראָעקט איז אונטערגעשריבן געוואָרן בלויז פון 70 „טרודאָוויקעס“ און 25 פּויערים, וואָס האָבן זיך אָנגעגעבן פאַר אומפּאַרטייאישע אָדער וואָס האָבן קיין שום ענטפער ניט געגעבן אַף דער פראַגע וועגן זייער פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט!

אַף אַזאַ אויפן איז די „אַרבעטס“־גרופּע («Трудовая») אין רוסלאַנד בליסאָפּעק אַ פּאַרטיי פון דער דאָרפישער פּויערשער דעמאָקראַטיע. דאָס איז אַ רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, אָבער ניט קיין סאָציאַליסטישע, נאָר אַ בורזשואַז־דעמאָקראַטישע.

אין דער שטאָטישער קוריע קאָן מען מאַכן אַן אונטערשייד צווישן די גרויסע און די קליינע שטעט. אין די קליינע שטעט זייִנען די פּאָליטישע ווידערשפּרוכן צווישן די באַזונדערע קלאַסן ניט אַזוי שטאַרק אויסגעדריקט, עס איז ניטאָ קיין גרויסע מאַסן פון פּראָלעטאַריאַט (וועלכע בילדן אַ באַזונדערע אַרבעטער־קוריע), דאָ זייִנען די רעכטע שוואַכער. אין די גרויסע שטעט זייִנען קיין אומפּאַרטייאישע וואַלן אינגאַנצן ניטאָ, דאָ איז די צאָל פאַרבלאָזע „פּראָגרעסיסטן“ אינגאַנצן אַ נישטיקע, דערפאַר זייִנען דאָ די רעכטע שטאַרקער, און די לינקע שוואַכער. די סיבע איז אַ פּאַשעטע: דער פּראָלעטאַריאַט פון די גרויסע שטעט בילדעט אַ באַזונדערע אַרבעטער־קוריע, וועלכע איז ניט אַרייִנגעטראָגן אין אונזער טאַבעלע פון די וואַל־מענער*. דאָס קליינבירגערטום איז דאָ באַדייטנדיק קלענער אין צאָל, איידער אין די קליינע שטעט. דאָ הערשט די גרויס־אינדוסטריע: זי איז פאַרגעשטעלט טיילווייז דורך די רעכטע, טיילווייז דורך די ליבעראַלן.

די אָנגאַבן וועגן דעם באַשטאַנד פון די וואַל־מענער ווייזן קלאָר אָן, אַז דעם יעסאָד פון די ליבעראַלע פּאַרטייען (הויפּטזאַכלעך, הייסט עס, פון די „קאַדעטן“) בילדן די שטאָטישע און, קוידעמקאָל, די גרויס־אינדוסטריעלע בורזשואַזיע. אַז אַט די בורזשואַזיע וועלכע שרעקט זיך פאַר דער זעלבשטענדיקייט און פאַר דער קראַפט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, נויגט

* וועגן דעם איז ניטאָ קיין גענויע אָנווייזונגען. דעריבער זייִנען די צאָלן וועגן די וואַל־מענער פון דער ארבעטער קוריע אויסגעמעקט פון דער טאבעלע. מיר האָבן גענויע ידיעס בלויז וועגן 37 אַרבעטער־וואלמענער. זיי געהערן אן אויסנאַם צו די לינקע. די אַלגעמיינע צאָל פון אַלע וואַל־מענער — אַרבעטער אין אייראָפּעאישן רוסלאַנד איז לויטן געזעץ 208. פון זיי האָבן מיר גענויע אָנגאַבן וועגן 1.45 צוזאַמען מיט די אקאָרשט דערמאנטע 37 וואַל־מענער פון דער אַרבעטער־קוריע פון די גרויסע שטעט איז עס 182, ד. ה. 9/10 פון דער אלגעמיינער צאָל ארבעטער־וואלמענער.

זיך אָפּ אַף רעכטס, איז באַשיימפּערלעך קלאָר, ווען מע זאָל פאַרגלייכן די גרויסע און קליינע שטעט. אין די לעצטע איז די שטאָטישע (ד. ה. די בורזשואַזע) קוריע באַדייטנדיק שטאַרקער דורכגעזאַפּט מיט לינקע עלעמענטן.

מיט אָט דער פראַגע שטייען ענג פאַרבונדן די הויפּט-שטרייטן פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן. איין פליגל (די אַזוי גערופענע „מענשעוויקעס") רעכנט די קאַדעטן און ליבעראַלן פאַר דער פּראָגרעסיווער שטאָטישער בורזשואַזיע לעהייפּעך צו דער רעוואָלוציאָנערער דאָרפישער קליין-בורזשואַזיע (די „טרודאָוויקעס"). דערפון שטאַמט שוין, אַז די בורזשואַזיע ווערט אַנערקענט פאַר דער באַוועגונג-קראַפט פון דער רעוואָלוציע, און עס ווערט דעקלאַרירט די פּאָליטיק פון „שטיצן די קאַדעטן. דער אַנדערער פליגל (די אַזוי גערופענע „באָלשעוויקעס") האַלטן די ליבעראַלן פאַר פאָרשטייער פון דער גרויס-אינדוסטריע, וועלכע שטרעבן אויס מוירע פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט צו אַ וואָס גיכערן סאָף פון דער רעוואָלוציע, וועלכע גייען אַף קאָמפּראָמיסן מיט דער רעאַקציע.

די „טרודאָוויקעס" האַלט דערדאָזיקער פליגל פאַר דער רעוואָלוציאָנערער קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטיע און ער האַלט זיך בא דער מיינונג, אַז זיי זיינען געצוווּנגט צו פאַרנעמען אַ ראַדיקאַלע פּאָזיציע אין דער ערד-פראַגע, דער וויכטיקסטער פאַר די פּויערים, — אין דער קאָנפיסקאַציע פון דעם גרויסן ערד-באַזיץ. דערפון שטאַמט די טאַקטיק פון „די באָלשעוויקעס": זיי זיינען קעגן דער שטיצע פון דער פאַרעטערישער ליבעראַלער בורזשואַזיע, ד. ה. פון די קאַדעטן, און זיי סטאַרען זיך אָפּצוציען דאָס דעמאָקראַטישע קליינבירגערטום פון אונטער דער ווירקונג פון די ליבעראַלן; זיי ווילן אָפּרייסן דעם פּויערשן און שטאָטישן קליינבירגער פון די ליבעראַלן און פירן אים נאָך דעם פּראָלעטאַריאַט, אַלס דעם אַוואַנגאַרד אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף. די רוסישע רעוואָלוציע איז לויט איר סאָציאַל-עקאָנאָמישן אינהאַלט אַ בורזשואַזע רעוואָלוציע, איר קראַפט אָבער איז פונדעסטוועגן ניט די ליבעראַלע בורזשואַזיע, נאָר דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס דעמאָקראַטישע פּויערטום. דער זיג פון דער רעוואָלוציע איז מעגלעך בלויז דורך דער רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום.

אויב מיר ווילן אָריענטירן זיך מעקוייעך דער פעסטקייט פון דעם בונד צווישן די ליבעראַלן און דעם שטאָטישן קליינבירגערטום, איז פאַר אונז באַזונדערס אינטערעסאַנט די סטאַטיסטיק פון דער צאָל שטימען, וואָס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן אין די גרויסע שטעט פאַר די פּאַרטייאישע בלאָקן. לויט די אָנגאַבן פון דעם סטאַטיסטיק סמירנאָוו, פאַלט אויס אין 22 גרויסע שטעט אַף די מאָנאַרכיסטן 17.000 שטימען, אַף די אָק-

טיאבריסטן — 34.500, אף די קאַדעטן — 74.000 און אפן לינקן בלאָק — 41.000*.

בעאיים די וואַלן אין דער צווייטער דומע האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט אַ האַרטער קאַמף צווישןביידע פליגלען פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, צווישן די מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס, אין דער פראַגע, צי זאָל מען שליסן אַ בלאָק מיט די קאַדעטן, אָדער קעגן די קאַדעטן מיט די „טרודאָוויקעס". אין מאָסקווע זיינען די אָנהענגער פון די באָלשעוויקעס שטאַרקער. דאָרט האָט זיך געבילדעט אַ „לינקער בלאָק", און די מענשעוויקעס זיינען אַריין אין זיין באַשטאַנד. אין פעטערבורג זיינען די מענשעוויקעס אויך געווען שוואַכער, אויך דאָ האָט זיך בעאיים די וואַלן געבילדעט אַ „לינקער בלאָק", נאָר די מענשעוויקעס זיינען צו אים ניט צוגעשטאַנען און זיי זיינען אַרויס פון דער אָרגאַניזאַציע. עס איז פאָרגעקומען אַ צעשפּאַלטונג, וועלכע דויערט נאָך ביז היינטיקן טאָג. די מענשעוויקעס האָבן זיך באַרופן אַף דער געפאַר, וואָס דראָט מיצאַד די „שוואַרצמייעניקעס", ד. ה. זיי האָבן מוירע געהאַט, אַז אַף די וואַלן וועלן זיגן די „שוואַרצע" קעגן די צעשפּאָלטענע שטימען פון די לינקע און ליבעראַלן. די באָלשעוויקעס האָבן דערקלערט, אַז דידאָזיקע געפאַר האָבן אויסגעטראַכט די ליבעראַלן, וועלכע האָבן געהאַט דעם ציל בלויז אָוועקצוציען די קליינבירגערלעכע און פּראָלעטאַרישע דעמאָקראַטיע אונטער דעם פליגל פון דעם בורזשואַזן ליבעראַליזם. די צאָלן באַווייזן, אַז די סומע שטימען פון די לינקע און פון די קאַדעטן איז געווען מער ווי איינצווייען איידער די פאַרייניקטע שטימען פון די אָקטיאַבריסטן און מאָנאַרכיסטן**. די צעשפּאַלטונג פון די שטימען פון דער אָפּאָזיציע האָט, הייסט עס, ניט געקאָנט העלפן דעם זיג פון די רעכטע.

דידאָזיקע צאָלן, וואָס כאַפּן אַרום מער ווי 200.000 שטאָטישע וויילער, און אויך די אָנגאַבן וועגן דעם אַלגעמיינעם באַשטאַנד פון דער

* אונטער דעם „לינקן בלאָק" דאַרף מען פאַרשטיין דעם וואַל-בלאָק פון די סאָצ-דעמאָקראַטן מיט די קליינבירגערלעכע פאַרטייען (קוידעמקאָל מיט די „טרודאָוויקעס", פאַרשטייענדיק דאסדאָזיקע וואָרט אין דעם ברייטסטן זין און רעכענענדיק פאַר דעם לינקן פליגל פון אָט דער גרופּע די סאָצ.-רעוואָלוציאָנערן). דערדאָזיקער בלאָק איז געריכטעט געווען סײַ קעגן די רעכטע סײַ קעגן די ליבעראַלן.

לענינס אנמערקונג

** לויט די אויסרעכענונגען פון דעמזועלבן סמירנאָוו איז אין 16 שטעט, וואו צו די וואלן זיינען געקומען 72.000 וויילער און וואו עס האָבן געקעמפט ניט 4 נאָר 2 (אָדער 3) צעטלען, האָט די אָפּאָזיציע באַקומען 58,7% און די רעכטע 21%. דאָ איז אויך די ערשטע צאָל מער ווי אין צוויי מאָל העכער, איידער די צווייטע. דא איז אויך די געפאַר פון די „שוואַרצמייעניקעס" געווען אַ פאַלש שרעק-בילד מיצאַד די ליבעראַלן, וועלכע האָבן אַסאַך גערעדט וועגן דער געפאַר פון רעכטס, האַגאַם אין דערעמעסן האָבן זיי מוירע געהאַט פאַר דער „לינקער געפאַר" (דעם אויסדריק נעמען מיר פון דעם קאַדעטישן אָרגאַן „רעטש").

לענינס אָנמערקונג

צווייטער דומע, דערוועגן, אַז דער ווירקלעכער פּאָליטישער זין פון די בלאָקן פון די סאָצ.־דעמאָקראַטן און די קאַדעטן ליגט לאַכלוטן ניט אין דער באַזייטיקונג פון דער „שוואַרצמייעדיקער" געפאַר (דידאָזיקע מיי־נונג, אויב זי פאַרדינט נאָך אויפמערקזאַמקייט, איז ביכלאַל אַ פאַלשע), נאָר אין דער פאַרניכטונג פון דער זעלבשטענדיקער פּאָליטיק פון דעם אַרבעטער־קלאַס און אין אונטערוואַרפן אים אונטער דער העגעמאָניע פון די ליבעראַלן.

דער גרונט־שטרייט צווישןביידע פליגלען פון דער רוסישער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע ליגט אין דער לייזונג, צי זאָל מען אָנערקענען די העגעמאָניע פון די ליבעראַלן, אָדער מע זאָל שטרעבן צו דער העגעמאָניע פון דעם אַרבעטער־קלאַס אין דער בורזשואַזער רעוואָלוציע.

דער אומשטאַנד, וואָס די לינקע האָבן באַ דער ערשטער פאַר־שטענדיקונג מיט די „טרודאָוויקעס" קעגן די קאַדעטן באַקומען אין 22 שטעט 40.000 שטימען באַ די אומגעהערטע שוועריקייטן, וועלכע עס האָט באַגעגנט די אַגיטאַציע, ד. ה. אַז זיי האָבן באַקומען מער שטימען, איידער די אָקטיאַבריסטן און מער ווי אַ העלפט פון די ליבעראַלן, אָט דער אומשטאַנד דינט פאַר די באָלשעוויקעס אַלס באַווייז, אַז דאָס דעמאָ־קראַטישע קליינבירגערטום אין די שטעט גייט נאָך די קאַדעטן מער אויס געוואוינהייט און אַדאַנק די קונציקע געננג פון די ליבעראַלן, איידער אויס סימפּאַטיע צו דער רעוואָלוציע.

מיר גייען איצט איבער צו דער לעצטער קוריע, צו דער גוטס־באַזיצערישער. דאָ, פאַרשטייט זיך, געפינען מיר אַ שטאַרקע אויבער־מאַכט פון די רעכטע: 70% פון די וואַל־מענער זיינען רעכטע. דער האַס פון דעם גרויסן גוטסבאַזיצער צו דער רעוואָלוציע און זיין נייטיע אין דער זייט פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע אונטערן איינדרוק פון דעם קאַמף פון די פויערים פאַר ערד איז אַ אומפאַרמיידלעכע נויטווענדיקייט.

אויב מיר וועלן איצט פאַרגלייכן דעם באַשטאַנד פון די וואַל־גרופּן אַף די גובערניאַלע וואַל־פאַרזאַמלונגען און דעם צוזאַמענשטעל פון דער דומע אין הינזיכט פון דער פּאָליטישער פאַרב פון די דעפּוטאַטן, וואָס זיינען אויסגעוויילט אַף דידאָזיקע פאַרזאַמלונגען וועלן מיר באַמערקן, אַז אַ „פּראָגרעסיסט" איז מערסטנטיילס בלויז אַ נאָמען, אונטער וועלכן עס באַהאַלטן זיך לינקע. צווישן די וואַל־מענער איז 20,5 פּראָצענט לינקע און 18,9% „פּראָגרעסיסטן". פון די דעפּוטאַטן געהערן 38% צו די לינקע! די רעכטע האָבן בלויז 25,7% דעפּוטאַטן און ציילן, פונדעסט־וועגן 40% וואַל־מענער; אויב מיר זאָלן אָבער אָפּוואַרפן פון די לעצטע די וואַל־מענער פון די פויערים (מיר זיינען איבערצייגט, אַז נאָר די אַגענטן פון דער רוסישער רעגירונג, וואָס האָבן פאַלסיפיצירט די יעדיעס וועגן די וואַלן, האָבן געקאָנט אַריינרעכענען זיי אין דער צאָל פון די

רעכטע), דאַן באַקומען מיר 2170—764=1406, וואָס געהערן צו די רעכ־טע וואַל־מענער, ד. ה. 25,8%. ביידע רעזולטאַטן שטימען פולקום צווישן זיך. ליבעראַלע וואַל־מענער באַהאַלטן זיך, שיינבאַר, טיילווייז אונטערן נאָמען „אומפּאַרטייאישע“, טיילווייז אונטערן נאָמען „פּראָגרעסיסטן“, און די פּויערים באַהאַלטן זיך אַפילע אונטערן נאָמען „רעכטע“.

דער פאַרגלייך מיט די פרעמד־פעלקערישע טיילן פון רוסלאַנד, מיט פּוילן און קאַווקאַז, גיט אַ נייעם באַווייז, אַז דיווירקלעכע קראַפט פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז ניט די בורזשואַזיע. אין פּוילן איז אינגאַנצן ניטאָ קיין פּויערשע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, עס איז דאָרט ניטאָ קיין שום שטאַטישע בורזשואַזע אָפּאָזיציע, עס זיי־נען דאָרט ניטאָ קימאַט קיין ליבעראַלן. קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָ־לעטאַריאַט שטייט דער רעאַקציאָנערער בלאָק פון דער גרויסער און קליינער בורזשואַזיע. דאָרט האָבן דעריבער געזיגט די „נאַראָדאָווע דע־מאָקראַטן“. אַף קאַווקאַז איז די רעוואָלוציאָנערע פּויערשע באַוועגונג זייער שטאַרק, די קראַפט פון די ליבעראַלן איז דאָרט קימאַט דיזעלבע, ווי פון די רוסישע, נאָר די לינקע זיינען דאָ די שטאַרקסטע פּאַרטיי, דער % פון די לינקע אין דער דומע (53,6%) איז בעערעך דערזעלבער ווי דער % דעפּוטאַטן, וואָס שטאַמען פון דער פּויערים־קוריע (49%). בלויז די אַרבעטער און דאָס רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישע פּויערטום וואָלטן גע־קאָנט פאַרענדיקן די בורזשואַזע רעוואָלוציע. אין פּראָגרעסירנדיקן, קאַפּי־טאַליסטיש הויך אַנטוויקלטן פּוילן עקזיסטירט ניט די אַגראַר־פּראַגע אין דעם רוסישן זין, עס עקזיסטירט לאַכלוטן ניט קיין רעוואָלוציאָנערער קאַמף פון דעם פּויערטום פאַר קאָנפיסקירן די ערד בא די פּריצים. דערי־בער האָט די רעוואָלוציע אין פּוילן קיין שום פעסטן שטיצפּונקט ניט אויסער דעם פּראָלעטאַריאַט. די קלאַסן־ווידערשפּרוכן דערנעענטערן זיך דאָרט צו דעם מאַירעוו־אייראָפּעאישן טיפּ. אַ פאַרקערטע דערשיינונג באַגעגענען מיר אַף קאַווקאַז.

מיר וועלן נאָך דאָ באַמערקן, אַז די 180 לינקע טיילן זיך פאַנאַנ־דער, לויט דער רעכענונג פון „רעטש“ צווישן באַזונדערע פּאַרטייען אין פאָלגנדיקן סיידער: 68 לינקע, 9 פאָלקס־סאָציאַליסטן (דער רעכטער פליגל פון די „טרודאָוויקעס“), 28 — סאָצ.־רעוואָלוציאָנערן און 46 — סאָציאַל־דעמאָקראַטן... אין טאָך גענומען ציילט מען שוין איצט די לעצ־טע אין דער צאָל 65. די ליבעראַלן זיינען געצוואונגען צו פאַרמינערן די צאָל פון די סאָצ.־דעמאָקראַטן.

לויט דער קלאַסן־סטרוקטור קאָן מען דידאָזיקע גרופּן רעכענען אין צוויי צאָלן: אַף דאָס דעמאָקראַטישע קליינבירגערטום, אַף דאָס שטאָטי־שע און באַזונדערס דאָס דאָרפישע — פאַלט אויס 134 דעפּוטאַטן, אַפן פּראָלעטאַריאַט — 46.

מיר זעען אין אַלגעמיין, אַז אין רוסלאַנד טרעט אַרויס די קלאַסן־דיפערענצירונג פון די פאַרשיידענע פּאַרטייען מיט אַ אויסשליסלעכער קלאָרקייט. די גרויסע גוטסבאַזיצער געהערן צו די „שוואַרצמייעניקעס", מאָנאַרכיסטן און אָקטיאַבריסטן. די גרויס אינדוסטריעלער זיינען פאַר־געשטעלט דורך די אָקטיאַבריסטן און ליבעראַלן. לויט דעם אויפן פון באַלעבאַטעווען טיילן זיך די גוטסבאַזיצער אין רוסלאַנד אַף אַזעלכע, וואָס פירן זייער ווירטשאַפט אַפן האַלב־פעאָדאַלן שטייגער, זיי פירן די אַרבעט מיט דער הילף פון פי און פויערשן אינווענטאַר (דער פויער איז דאַ פאַרקנעכטעט בא דעם פאַרעץ) און אַף אַזעלכע, וואָס האָבן שוין איינגעפירט די מאָדערנע קאַפּיטאַליסטישע פאָרמען פון באַלעבאַטעווען. צווישן די לעצטע זיינען דאַ ניט ווייניק ליבעראַלן.

דאָס שטאָטישע קליינבירגערטום איז פאָרגעשטעלט דורך די „ליבעראַלן" און „טרודאָוויקעס", דאָס דאָרפישע קליינבירגערטום — דורך די „טרודאָוויקעס" און באַזונדערס דורך זייער לינקן פליגל, — די סאָצ.־רעוואָלוציאָנערן. דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיינע פאַרשטייער אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. בא דער באַשיימפּערלעכער אָפּגעשטאַנענקייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד, דערקלערט זיך אַט די בולעטע אַרויסטרעטונג פון די פּאַרטיי־גרופּירונגען אין העסקעם מיט דער קלאַסן־סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט בלויז מיט דער שטורעמדי־קער רעוואָלוציאָנערער שטימונג פון דער עפּאָכע, ווען פּאַרטייען בילדן זיך אַסאַך שנעלער און ווען דאָס קלאַסן־באַוואוסטזיין וואַקסט און נעמט אָן באַשטימטע פאָרמען אומענדלעך שנעלער, איידער אין עפּאָכן פון שטילשטאַנד אָדער פון דעם אַזוי גערופענעם פרידלעכן פּראָגרעס.

גערדרוקט אין אָרגאַן פון דער דייטשישער
סאָציאַל־דעמאָקראַטיע: „די נייע צייט", נומ. 26
פון 27 מאַרט 1907 יאָר
אונטער דער אונטערשריפט: „נ. ליניטש"

# די אגראַר־פראַגע און די קויכעס פון דער רעוואָלוציע

די צייטונג «Трудовой Народ» דער אָרגאַן פון די טרודאָוויקעס און פון די מיטגלידער פון דעם פויערים־פאַרבאַנד, רעכנט אויס די קרעפטן־פאַרהעלטעניש אין דער דומע אין דער ערד־פראַגע, דער „לעבנס־פראַגע" פאַר דעם פויערטום.

„צוזאַמען קאָנען גיין אין דער ערד־פראַגע, צוליב די אינטערעסן פון דעם אַרבעטס־פאָלק, די טרודאָוויקעס (100), די פאָלקס־סאָציאַליסטן (14) און די ס.־ר. (34); צוזאַמען 148 מאַן. לאָמיר רעכענען, אַז אויך די ס.־ד.

(64) וועלן גיין מיט זיי אין אסאך פונקטן פון דער ערד־פראגע, בעסא־כאקל 212 מאן“.

„און קענן זיי אלעמען וועלן זיין אין דער ערד־פראגע די ק.־ד. (91), די פוילישע קאלא (46), די אומפארטייאישע (52), די אקטיאבריסטן און די מעסיקע (32) — ס אכאקל 221 מאן.

„קענן איז מער. מיר האבן ניט גערעכנט ניט די מוסולמענער (30), ניט די קאזאקן (17); אין בעסטן פאל קאן זיין, אז א העלפט פון זיי וועט אפגיין צו די לינקע און א העלפט צו די רעכטע: בלייבט אלציינס מער קענן, איידער פאר דעם ערד־געזעץ פון די טרודאוויקעס“.

אין דערדאזיקער רעכענונג זיינען נאך דורכגעלאזן די מאנארכיסטן (22), נאר ווען מע זאל זיי צוגעבן ווערט דער אויספיר פון די טרודאוויקעס נאך פארשטארקט.

דערדאזיקער אויספיר שטעלט פאר א אינטערעס אין צוויי הינזיכטן: ערשטנס, באלייכט ער די גרונט־פראגע וועגן דער פארהעלטעניש פון די געזעלשאפטלעכע קויכעס אין דער איצטיקער רוסישער רעוואלוציע; צווייטנס, העלפט ער קלאר צו מאכן די באדייטונג פון דער דומע און פון דעם דומע־קאמף אין דער באפרייאונגס־באוועגונג.

אלע ס.־ד. זיינען איבערצייגט אין דעם, אז אונזער רעוואלוציע איז לויטן אינהאלט פון דער געזעלשאפטלעך־עקאנאמישער איבערקערעניש, וואס קומט פאר, א בורזשואזע. דאס באטייט, אז די איבערקערעניש קומט פאר אפן באדן פון קאפיטאליסטישע פראדוקציע־באציאונגען, און אז אלם רעזולטאט פון דער איבערקערעניש וועט אומפארמיידלעך זיין די ווייטערדיקע אנטוויקלונג גראד פון אט די פראדוקציע־באציאונגען. פאשעטער גערעדט: די גאנצע געזעלשאפטלעכע ווירטשאפט בלייבט אונטערגעווארפן דער מאכט פון מארק, דער מאכט פון געלט אפילע בא דער פולסטער פרייהייט, אפילע בא דעם פולסטן זיג פון די פויערים אין דעם קאמף פאר ערד. דער קאמף פאר ערד, דער קאמף פאר פרייהייט איז א קאמף פאר די עקזיסטענץ־באדינגונגען פון דער בורזשואזער געזעלשאפט, ווייל די הערשאפט פון דעם קאפיטאל בלייבט אפילע אין דער דעמאקראטישסטער רעפובליק און בא וועלכן איר ווילט איבערגאנג פון דער „גאנצער ערד צום פאלק“.

ווער עס איז ניט באקענט מיט דער לערע פון מארקסן, פאר יענעם קאן אזא קוק אויסזעען מעשונעדיק. נאר עס איז ניט שווער צו איבערצייגן זיך אין זיין ריכטיקייט: מע דארף נאר דערמאנען זיך די גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציע און אירע רעזולטאטן, די געשיכטע פון די אמעריקאנישע „פרייע ערדן“ און אז. וו.

ווען די ס.־ד. רופן אן די איצטיקע רעוואלוציע פאר א בורזשואזע, ווילן זיי לאכלוטן ניט דערנידעריקן אירע אויפגאבן, אדער פארקלענערן

איר באַדייטונג. פאַרקערט. דער קאַמף פון דעם אַרבעטער-קלאַס אַקעגן קלאַס פון די קאַפּיטאַליסטן קאָן זיך ניט גענוג ברייט פאַנאַנדערוויקלען און ניט ענדיקן זיך מיט אַ זיג, קאָלזמאַן עם זיינען ניט אַראָפּגעוואָרפן די מער עלטערע היסטאָרישע סאָנים פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

דעריבער איז די הויפּט-אויפגאַבע פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דעם איצטיקן מאָמענט — דעראָבערן אַ וואָס מער פולערע פרייהייט און אַ וואָס פולערע פאַרניכטונג פון דעם פריצישן (לייבאייגנטימערישן) לאַנד-באַזיץ. בלויז אין אַזאַ אַרבעט, אין דעם פולן דעמאָקראַטישן ברעכן די אַלטע, האַלב-לייבאייגנטימערישע געזעלשאַפט קאָן דער פּראָלעטאַריאַט פולקום שטאַרק ווערן, אַלס זעלבשטענדיקער קלאַס, קאָן ער פולקום אויסטיילן זיינע באַזונדערע, ד. ה. סאָציאַליסטישע אויפגאַבן פון די דעמאָקראַטישע אויפגאַבן, וואָס שטייען אַלס געמיינזאַמע אויפגאַבן פאַר דעם „גאַנצן רעכטלאָזן פאָלק“ און ער קאָן זיך זיכערן די בעסטע באַדינגונגען פאַר דעם פרייסטן, ברייטסטן און אינטענסיווסטן קאַמף פאַרן סאָציאַליזם. באַ אַ בורזשואַז-דעמאָקראַטישער באַפרייאונגס-באַוועגונג, וואָס איז ניט פאַרענדיקט און ניט דערפירט ביזן סאָף, קומט דעם פּראָלעטאַריאַט אויס באַדייטנדיק מער קויכעס אָפּצוגעבן ניט אַף פּראָלעטאַרישע קלאַסנאויפגאַבן, ד. ה. ניט אַף סאָציאַליסטישע, נאָר אַף אַלגעמיין-דעמאָקראַטישע, ד. ה. בורזשואַז-דעמאָקראַטישע אויפגאַבן.

צי קאָן אָבער דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט מאַכן זעלבשטענדיק און אַלס אָנפירנדיקע מאַכט די בורזשואַזע רעוואָלוציע? צי באַטייט ניט דער באַגריף: בורזשואַזע רעוואָלוציע דאָס, אַז מאַכן די רעוואָלוציע קאָן בלויז די בורזשואַזיע? צו דעם שטאַנדפונקט קומען אָפט די מענשעוויקעס. נאָר דעראַזיקער קוק איז אַ קאַריקאַטור אַף מאַרקסיזם. אַ בורזשואַזע — לויט איר געזעלשאַפטלעך-עקאָנאָמישער באַדייטונג — באַפרייאונגס-באַוועגונג איז ניט קיין בורזשואַזע לויט אירע באַוועגנדיקע קרעפטן. אירע באַוועגנדיקע קרעפטן קאָנען זיין ניט די בורזשואַזיע, נאָר דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס פויערטום. פאַרוואָס איז עס מעגלעך? דערפאַר, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס פויערטום ליידן נאָך מער, איידער די בורזשואַזיע, פון די רעשטן פון לייבאייגנטום, ווייל זיי נויטיקן זיך נאָך מער אין פרייהייט און אין דער פאַרניכטונג פון דעם פריצישן יאָך. פאַרקערט, דער בורזשואַזיע דראָט דער פולער זיג מיט אַ געפאַר: מיט דער פולער פרייהייט וועט זיך דער פּראָלעטאַריאַט באַנוצן קעגן דער בורזשואַזיע און ער וועט זיך באַנוצן מיט איר דאָס לייכטער, וואָס פולער עס וועט זיין די פרייהייט, וואָס פולער עס וועט זיין די פאַרניכטונג פון דער פריצישער מאַכט.

דערפון שטאַמט די שטרעבונג פון דער בורזשואַזיע צו פאַרענדיקן די בורזשואַזע רעוואָלוציע אַף האַלב-וועג, אַף אַ האַלבער פרייהייט, אַף

אַ פּשאָרע מיט דער אַלטער מאַכט און מיט די פּריצים. דידאָזיקע שטרעבונג ליגט אין די קלאַסן־אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע. זי האָט זיך אַף אַזויפיל בוילעט אַרויסגעוויזן אין דער דייטשישער בורזשואַזער רעוואָלוציע פון 1848 יאָר, אַז דער קאָמוניסט מאַרקס האָט דעם גאַנצן שאַרף פון דער פּראָלעטאַרישער פּאָליטיק געווענדעט דאַן אַפן קאַמף מיט דער „פּשאָרעמאַכערישער“ (מאַרקס אויסדריק) ליבעראַלער בורזשואַזיע.

באַ אונז אין רוסלאַנד איז די בורזשואַזיע נאָך פּאַכדאָנעסדיקער, דער פּראָלעטאַריאַט אָבער איז באַדייטנדיק באַוואוסטזיניקער און בעסער אָרגאַניזירט, איידער דער דייטשישער אין 1848 יאָר. באַ אונז איז מעגלעך דער פולער זיג פון דער בורזשואַזי־דעמאָקראַטישער באַוועגונג בלויז טראָץ דער „פּשאָרעמאַכערישער“ ליבעראַלער בורזשואַזיע, בלויז אין דעם פאַל, אויב די מאַסע דעמאָקראַטיש פּויערטום וועט גיין נאָך דעם פּראָלעטאַריאַט אין דעם קאַמף פאַר דער פולער פרייהייט און פאַר דער גאַנצער ערד.

די צווייטע דומע באַשטעטיקט דידאָזיקע אָפּשאַצונג נאָך מער בוילעט. איצט האָבן אַפילע די פּויערים פאַרשטאַנען, אַז די ליבעראַלע בורזשואַ, די קאַדעטן, דאַרף מען פאַרעכענען צו די רעכטע, און די פּויערים און די אַרבעטער צו די לינקע. עמעס, די „טרודאָוויקעס“, די נ.־ס. און די ס.־ר. וואַקלען זיך שטענדיק צווישן דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט און ווייזן זיך אַרויס זייער אָפט פאַקטיש אַלס דער פּאָליטישער עק פון די ליבעראַלן. (דאָס שטימען פאַר גאָלאָווינען*, די „טאַקטיק פון שווייגן“, דאָס איינשטימען איבערגעבן דעם ביודזשעט אין אַ קאָמיסיע און אַז. וו., און ד. גל.). דידאָזיקע וואַקלונגען זיינען ניט צופעליק. זיי שטאַמען פון דער קלאַסן־נאַטור פון דעם קליינבירגערטום.

פאַרוואָס דאַרף מען פאַרעכענען די קאַדעטן צו די רעכטע אין אַזאַ ברענענדיקער פראַגע, ווי די ערד־פראַגע? דערפאַר, וואָס די קאַדעטישע אַגראַר־פּאָליטיק איז לויט איר טאָך אַ *פּריצישע* פּאָליטיק. די קאַדעטישע „צוואַנגס־אַנטאייגענונג“ איז אינדערעמעסן אַ *צוואַנג* פון די *פּריצים איבער די פּויערים*, אַ זיי *זאָלן זיך רואינירן באַם אויסקויפן די ערד*, ווייל פאַקטיש איז סאַי די גרויס פון דעם אויסקויף, סאַי די גרויס פון די שטייערן וועלן *באַשטימען די פּריצים*: אַף די ערטער וועלן די פּריצים צוזאַמען מיט די באַאַמטע בילדן אַ מערהייט אין די ערד־קאָמיטעטן (אין דער ערשטער דומע זיינען די קאַדעטן געווען קעגן דעם, אַז די קאָמיטעטן זאָלן געוויילט ווערן דורך אַלגעמיינער אָפּשטימונג), און אין דער צענטראַלער אַלרוסלענדישער געזעצגעבונג וועלן די פּריצים הערשן דורך דעם מעלוכע־ראַט און אַז. וו.

* פאָרזיצער פון דער צווייטער דומע.

איבערז.

דער קאַדעטישער „ליבעראַליזם“ איז אַ ליבעראַליזם פון אַ בורזשואַזן אַד־וואָקאַט, וואָס מאַכט שאָלעם צווישן דעם פויער און דעם פּאָרעץ, און דעם שאָלעם מאַכט ער צו גונסטן פון דעם פּאָרעץ*.

לאָמיר אַריבערגיין צו דער צווייטער פראַגע. די קאַדעטן און רעכ־טע בילדן אַ מערהייט אין דער דומע. „ווי גייט מען אַרום פון דעם?“ פרעגט דער „טרודאָוואָי נאַראָד“? דער ענטפער איז אַ פּאַשעטער. קע־דיי אַרויסצוגיין פון דעם, דאַרף מען זיך אויפהויבן העכער פון ריין דו־מישע דראַשעס.

דאָס וואָלט נויטיק געווען אַפילע דאַן, ווען די לינקע וואָלטן געהאַט די מערהייט אין דער דומע, ווייל די דומע איז מאַכטלאָז, און דער מעלוכע־ראַט וועט „אויסבעסערן“ צוליב די אינטערעסן פון די גוטסבאַזיצער יעדן דומע־פּראָעקט. דאָס איז נויטיק אויך איצט, — נויטיק ניט אין סוביעקטיוו פּאַרטייאישן זין, נאָר אין אָביעקטיוו־היסטאָרישן זין: אָן דעם קאָן די פראַגע וועגן ערד געלייזט ווערן בלויז צו גונסטן פון די פּריצים.

„Наше Эхо“, № 7
פון 1 אפּריל 1907 יאָר

# די קראַפט און די שוואַכקייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע

## I

דער אַרטיקל אונטער דעמדאָזיקן קעפּל אין דער נעכטיקער „פאָלקס־דומע“ („Народная Дума“) שטעלט מיט זיך פאָר אַ מוסטער פון אַ רוואיקער, קלאָרער, פּאַשעטער אויסלייגונג פון די ווירקלעך פּרינציפּי־עלע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן צווישן די ס.־ד. אַף אַזאַ באָדן איז פּונקט אַזוי אָנגענעם און נוצלעך צו פירן אַ וויכועך, ווי אומאָנגענעם און אומנוצ־

* אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּראַזע פון „רעטש“, אַז וועגן דעם פּריצישן כאַראַקטער פון די קאַדעטן קאָן מען ריידן בלויז אַף מיטינגען, וועלן מיר נאָך צוגעבן פּאָלגנדעס. לויט דעם באַרימטן בוך: „די מיטגלידער פון דער צווייטער דומע“ (ס. פּעטערבורג 1907) האָבן מיר אָנגע־ציילט 79 באַשטימטע קאַדעטן; פון זיי 20 גוט־באַזיצער. מיר וועלן אָנרופן טוטשקאָוון, באָגוסלאַווסקין, ביטשקאָוון, באַקונינען, ראַדיטשעוון, סאַלאַזקינען, באָגדאַנאָוון, טאַטאַרינאַוון, סטאַכאָוויטשן, איקאַנינאָוון, סאַוועליעוון, דאַלגאַרו־קאָוון, טשעלנאַקאָוון, גאַלאַווינען, ביידע פּערעלעשינס, וואַלאַצקין, יאַר־דאַנסקין, טשערנאַסוויטאַוון. אונטערגעשטראָכן זיינען די אַדלס מאַרשאַלקן (Предводители дво-рянства) די זעמסקע נאַטשאַלניקעס און די פּאָרזיצער פון די זעמסקע אופּראַוועס.

לענינס אָנמערקונג

לעך עס איז צו ענטפערן אַף דער היסטעריק אין „פריוועט“ אָדער „אָטגאָלאָסקי“.

הייסט עס, צום איניען. מיינונגס-פאַרשיידנהייטן רופט אַרויס די אָפשאַצונג פון די קאַדעטן און פון די פּאָלקיסטן. מעקויעך די קאַדעטן באַשטייען די מיינונגס-פאַרשיידנהייטן, לויט דער פולשטענדיק ריכטיקער מיינונג פון דער „Народная Дума“ אין דער פראַגע וועגן דעם, וועמען שטעלן זיי פאָר. „די מיטעלע און קליינע, הויפטזאַכלעך די שטאָטישע בורזשואַזיע“—ענטפערט די «Н.Д.» „די עקאָנאָמישע באַזע פון אַזעלכע פאַרטייען, — לויטעט די רעזאָלוציע פון די באָלשעוויקעס, — איז אַ טייל פון די מיטעלע גוטסבאַזיצער און פון דער מיטעלער בור-זשואַזיע, באַזונדערס די בורזשואַזע אינטעליגענץ, דאַן ווען אַ טייל פון דער דעמאָקראַטישער שטאָטישער און דאָרפישער קליין-בורזשואַזיע גייט נאָך אָט די פאַרטייען בלויז לויט דער טראַדיציע און זייענדיק די-רעקט אָפגענאַרט פון די ליבעראַלן“.

קלאָר, אַז די מענשעוויקעס שאַצן אָפ אָפטימיסטישער די קאַדעטן, איידער מיר. זיי פאַרשמירן אָדער זיי לייקענען אָפ זייער צוזאַמענהאַנג מיט די פריצים, מיר שטרייכן אים אונטער. זיי שטרייכן אונטער זייער צוזאַמענהאַנג מיט דער שטאָטישער דעמאָקראַטישער קליין-בורזשואַזיע, מיר רעכענען דעמדאָזיקן צוזאַמענהאַנג פאַר זייער אַ שוואַכן.

וואָס איז שאַיעך די גוטסבאַזיצער, דערקלערט «Н. Д.» אונזער מיינונג אין נומ. 7 «Н. Э.» פאַר אַ נאַאיווע. דאָרט האָבן מיר אָנגעצייל׳ט 20 גוטסבאַזיצער ניט אין דער געוועזענער (דאָס איז אַ טאָעס פון דער «Н.Д.») נאָר אין דער איצטיקער קאַדעטישער דומע-פראַקציע. עס זיינען פאַראַן מיליאָנערן און ציווילע גענעראַלן אַפילע צווישן די ס.-ד., איראָניזירט די «Н. Д.».

די איראָניע איז אַ לייכטינקע! אַלע פאַרשטייען, אַז די זינגערס*, אַראָנסעס, נאַליווקינס** זיינען אַ דערשיינונג פון אַ פערסאָנעלן איבערגאַנג פון דער בורזשואַזיע צום פראָלעטאַריאַט. וועט איר, מיינע הערן, עפּ-שער ערנסט באַהויפטן, אַז 20 גוטסבאַזיצער (פון 79 געציילטע מיטגלי-דער פון דער פראַקציע ק.-ד., ד. ה. אַ פערטכיילעק) גייען פערסאָנעל נאָך 60 בורזשואַזע אינטעליגענטן, און ניט פאַרקערט?? וועט איר עפּ-שער באַהויפטן, אַז דער גוטסבאַזיצער פירט אַ ליבעראַל-אינטעליגענטי-שע פּאָליטיק און ניט די ליבעראַלע אינטעליגענטן פירן אַ גוטסבאַזיצע-

*) באַרימטער פירער פון די דייטשישע ס-ד. אַ רייכער מענטש.

**) נאַליווקין—דעפּוטאַט פון טורקעסטאַן, געהאַט א טשין פון אַ גענעראַל, אַריינגעגאַנגען אין דער ס. ד. דומע-פראַקציע מיט באַראַטונגס-רעכט.

איבערז.

רישע פּאָליטיק?? אייער וויץ מעקויעך זינגערן און דעם כאַוועד נאַליוויקין איז אַ וואוילער וויץ אַף צו מאַסקירן אַ האָפענונגסלאָזע פּאָזיציע, אָבער ניט מער.

פאַרשטייט זיך, דער באַשטאַנד פון דער דומע-פראַקציע פון די ק.-ד. איז ניט דער הויפּט-באַוויז, נאָר בלויז אַ סימפּטאָם. דער הויפּט-באַוויז באַשטייט, ערשטנס, אין דער געשיכטע פון דעם פּריצישן ליבעראַליזם אין רוסלאַנד (דאָס אנערקענט אויך די «Н. Д.» צווייטנס, — און דאָס איז דעריקער — אין דעם אַנאַליז פון דער איצטיקער פּאָליטיק פון די ק.-ד. „די קאַדעטישע אַגראַר-פּאָליטיק איז אין טאָך גענומען (באַמערקט עס זיך) אַ גוטסבאַזיצערישע פּאָליטיק“ („Наше Эхо“ נום. 7), „דער קאַדעטישער „ליבעראַליזם“ איז אַ ליבעראַליזם פון אַ בורזשואַזן אַדוואָקאַט, וועלכער מאַכט שאָלעם צווישן דעם פּויער און דעם פּאָרעץ און דעם שאָלעם מאַכט ער צו גונסטן פון דעם פּאָרעץ“ (דאָרט).

אַף דעמדאָזיקן אַרגומענט האָט ניט די «Н.Д.» וואָס צו ענטפערן.

ווייטער. מיט וואָס דערווייזט מען דעם קלאַסן-צוזאַמענבונד פון דער פּאַרטיי ק.-ד. מיט דעם דעמאָקראַטישן קליינבירגערטום פון די שטעט? מיט דער סטאַטיסטיק פון די וואַלן. די שטעט גיבן מער ווי אַלץ קאַדעטן. דערדאָזיקער פאַקט איז ריכטיק. נאָר ער קאָן ניט דינען אַלס באַוויז. ערשטנס, אונזער וואַל-רעכט גיט אָפּ די פּריווילעגיע ניט די דעמאָקראַטישע שיכטן פון דער שטאָטישער בורזשואַזיע. אַלעמען איז באַוואוסט, אַז די פאָלקס-פאַרזאַמלונגען דריקן אויס פּינקטלעכער די מיינונגען און שטימונגען פון דער „דעמאָקראַטישער קליין-בורזשואַזיע פון די שטעט“. צווייטנס, אין דער שטאָטישער קוריע פון די גרויסע שטעט זיינען שטאַרקער די קאַדעטן און שוואַכער די לינקע, איידער אין דער שטאָטישער קוריע פון די קליינע שטעט. דאָס באַווייזט די סטאַטיסטיק פון די וואַל-מענער. דערפון פאָלגט, אַז די קאַדעטן זיינען ניט דאָס דעמאָקראַטישע קליינבירגערטום, נאָר די ליבעראַלע מיטעלע בורזשואַזיע. וואָס גרעסער עס איז די שטאָט, אַלץ שאַרפער איז דער אַנטאַגאָניזם פון דעם פּראָלעטאַריאַט מיט דער בורזשואַזיע, אַלץ שטאַרקער זיינען די קאַדעטן אין דער שטאָטישער (בורזשואַזער) קוריע קעגן די לינקע. דריטנס, אין 22 גרויסע שטעט, וואו עס איז געווען דער לינקער בלאָק, האָבן די רעכטע צונויפגעזאַמלט 17.000 שטימען, די אָקטיאַבריסטן — 34 ט. די ק.-ד. — 74 ט. און די לינקע 41 טויזנט. אָפּנעמען מיטאָמאָל אַזוי פיל בײַ די קאַדעטן האָט מען געקאָנט נאָר דערפאַר, ווייל די קאַדעטן זיינען ניט קיין דעמאָקראַטן. די ליבעראַלע אַדוואָקאַטן האָבן אומעטום אַף דער וועלט אָפּגענאַרט דאָס דעמאָקראַטישע קליינבירגערטום, נאָר זיי זיינען דעמאַסקירט געוואָרן דורך די סאָציאַליסטן.

„איז עס ריכטיק, — פרעגט די «Н.Д.» — אַז אונזער מיטעלע און

קליינע בורזשואַזיע זיינען שוין פאַרינטערעסירט אין דער דערשטיקונג פון דער רעוואָלוציע, קעדיי צו צעברעכן די קראַפט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס דראָט איר אומיטלבאַר?" — און זי ענטפערט: „אומבאַדינגט ניט ריכטיק".

דאָ זיינען געוויס ניטריכטיק איבערגעגעבן אונזערע אנשויאונגען. דאָס איז שוין, טייערע כאַווײרים, ניט קיין פּרינציפּיעלע פּאָלעמיק... איר ווייסט אַליין אויסגעצייכנט, אַז מיר אונטערשיידן די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערקייט פון די קאַדעטן פון דער קאָנטר-רעוואָלוציאָנערקייט פון די אָקטיאַבריסטן; — אַז אַף דער קליין-בורזשואַזיע פאַרשפּרייטן מיר ניט די באַשולדיקונגען אין קאָנטר-רעוואָלוציאָנערקייט; — אַז מיר האַלטן, האָס די קאַדעטישע גוטסבאַזיצער האָבן מורע ניט נאָר פאַר די אַרבעטער, נאָר אויך פאַר די פּויערים. דאָס איז ניט קיין דערווידערונג, נאָר אַ פאַרקריפּלונג.

אַ דערווידערונג איז דער פאָלגנדיקער אַרגומענט פון דער «Н.Д.» „די קאַדעטן ווערן מעסיקער ניט באַ דעם אויפשטייג פון דער רעוואָלוציע, נאָר באַ איר אָפּשטייג, ד. ה. ניט אַדאַנק זייער קאָנטר-רעוואָלוציאָנערקייט, נאָר אַדאַנק זייער שוואַכקייט. די טאַקטיק פון די קאַדעטן, — שרייבט די «Н.Д.» אונטערגעשטראָכן, — דאָס איז אַ טאַקטיק ניט פון קאָנטר-רעוואָלוציאָנערער קראַפט, נאָר אַ טאַקטיק פון רעוואָלוציאָנערער מאַכטלאָזיקייט".

באַקומט זיך, אַז די קאַדעטן זיינען אויך רעוואָלוציאָנערן, נאָר מאַכטלאָזע. אַ מעשונעדיקער אויספיר. אַף צו דעריידן זיך צו אַזאַ מעגושעמדיקער ווילדקייט, האָט מען געדאַרפט אָנהויבן די כקירע מיט אַ גרונט-פעלער. דערדאָזיקער פעלער איז דאָס אָפּלייקענען דעם גוטסבאַזיצערישן כאַראַקטער פון די ק.-ד. (דער גוטסבאַזיצער איז קאָנטר-רעוואָלוציאָנער אין רוסלאַנד אָדער אַפן שטייגער פון דעם שוואַרצמייעניק און אָקטיאַבריסט, אָדער אַפן שטייגער פון דעם קאַדעט) און דאָס אָפּלייקענען, אַז צווישן די קאַדעטן איז די מערהייט די בורזשואַזע אינטעליגענץ. ווען מיר פאַרניכטן אָט די צוויי פעלערן, באַקומען מיר אַ ריכטיקן אויספיר: די טאַקטיק פון די קאַדעטן איז אַ טאַקטיק פון דער גוטסבאַזיצערישער קאָנטר-רעוואָלוציאָנערקייט און פון דער בורזשואַז-אינטעליגענטישער קראַפטלאָזיקייט. דער גוטסבאַזיצער איז אַ קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע קראַפט. די גרויסע בורזשואַ — דאָסזעלבע. דער בורזשואַזער אינטעליגענט און דער ליבעראַלער באַאַמטער איז זייער פאַכדאָנעסדיקער דינער, וואָס דעקט צו זיין ראָלע פון אַ באַהעלפער באַ דער קאָנטר-רעוואָלוציע מיט „דעמאָקראַטישער" צוויעס.

ניט ריכטיק איז, אַז די קאַדעטן פלעגן „רעכט ווערן" בלויז באַ

דעם אָפשטייג, און ניט באַ דעם אויפשטייג פון דער רעוואָלוציע. דערמאָנט זיך די „נאַטשאַלאָ“, כאַזיירים פון «Н. Д.», דערמאָנט זיך די אַרטיקלען אין דעם גייסט „וויטע איז אַן אַגענט פון דער בירזשע, סטרואָווע איז אַן אַגענט פון וויטען“. גוטע אַרטיקלען זיינען עס געווען! אַ גוטע צייט איז דאַן געווען... מיט די מענשעוויקעס זיינען מיר זיך דאַן ניט פאַנאַנדערגעגאַנגען אין דער אָפשאַצונג פון די קאַדעטן.... קעדיי ריכטיק צו באַלייכטן די באַציאונג פון די קאַדעטן צו דעם אויפשטייג פון דער רעוואָלוציע אָדער צו די אויפשטייגן פון דער רעוואָלוציע, דאַרף מען זאָגן: *די רעוואָלוציע באַווייזט זיך אַפן גאַס — דער קאַדעט באַווייזט זיך אין פאָרהויז באַם מיניסטער.*

סטרואָווע באַ וויטען — אין נאָיאַבר 1905 יאָר. עמעצער פון די קאַדעטן באַ עמעצן פון די שוואַרצמייעניקעס — אין יוני 1906 יאָר. מיליוקאָוו באַ סטאָליפינען — 15 יאַנוואַר 1907 יאָר. אַזוי איז געווען — אַזוי וועט זיין....

* * *

באַגרינדנדיק עקאָנאָמיש אירע אָנשויאונגען אַף די קאַדעטן, פירט אוים די «Народная Дума»:

„באַ דער שוואַכער אַנטוויקלונג פון די שטעט אין רוסלאַנד און באַ דער איבערוועגנדיקער ווירקונג פון דער גרויס־אינדוסטריע אין דער שטאָטישער אינדוסטריע, האָט אונזער מיטעלע און קליינע שטאָטישע בורזשואַזיע אַ צו קליינע ווירקונג אַף דעם אַלגעמיין־עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד, אַז זי זאָל זיך פילן פאַר אַזאַ זעלבשטענדיקע פאָליטישע קראַפט, ווי עס האָט זיך געפילט אין איר צייט די ענגלישע אָדער די פראַנצויזישע“.... זייער גוט און פולקום ריכטיק. נאָר דאָס האָט אַ *שייכעס ניט צו די קאַדעטן*. און ווייטער פאַלט דאָ שוין אינגאַנצן אָפ יענע קלוימערשט מאַרקסיסטישע קעגנשטעלונג פון דער „גרויסער שטאָטישער פראָגרעסיווער“ און דער „קליינער דאָרפישער אָפגעשטאַנענער“ בורזשואַזיע, מיט וועלכער (דער קעגנשטעלונג) מען האָט ניט איינמאָל געפרואווט באַרעכטיקן די מענשעוויסטישע טאַקטיק... „מאַכן אָבער דעם פראָלעטאַריאַט פאַר איר געווער קאָן זי ניט דערפאַר, ווייל דער פראָלעטאַריאַט קעמפט שוין אונטער זיין אייגענער ס.־ד. פאָן...“ ריכטיק! „אָט וואו עס איז די קוואַל פון אַלע אירע וואַקלונגען, פון איר גאַנצער אומאַנטשלאָסנקייט אין קאַמף מיט דער זעלבסטהערשערישער לייבאייגנטימערישער אָרדענונג“... אויך ריכטיק, אָבער ניט בענויגייע צו די קאַדעטן, נאָר בענויגייע צו די „האָרעפאַשנע (трудовые) פאַרטייען“ און גרופן, וואָס שטיצן זיך ניט בלויז אַף דער דאָרפישער, נאָר אויך אַף דער שטאָטישער קליין־בורזשואַזיע!

„...מיט דערדאָזיקער פאַרהעלטנישמעסיקער שוואַכקייט פון דער שטאָטישער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע דערקלערט זיך אויך דאָס, וואָס ווי נאָר אונזערע בורזשואַזע דעמאָקראַטן הויבן אָן לינק צו ווערן, הויבן זיי גלייך אָן צו פאַרלירן דעם שטאָטישן באָדן אונטער די פיס און זיי הויבן אָן צו זינקען אין דעם פויעריש-פאָלקיסטישן זומפּ“.

ריכטיק! טויזנט מאָל ריכטיק! וועגן אַזאַ פולער באַשטעטיקונג פון דער באָלשעוויסטישער טאַקטיק מיצאַד דער «Н.Д.» האָבן מיר אַפילע ניט געוואָגט צו טרוימען. „ווי נאָר אונזערע בורזשואַזע דעמאָקראַטן הויבן אָן לינק צו ווערן, — ווערן זיי פאָלקיסטן“. טאַקע אַזוי: ל י נ ק ע בורזשואַזע דעמאָקראַטן — דאָס זיינען טאַקע פאָלקיסטן. די קאַדעטן אָבער שטעלן זיך בלויז פאַר פאַר דעמאָקראַטן, אינדערעמעסן אָבער זיינען זיי גאָר קיין דעמאָקראַטן ניט. דעריבער, אַף וויפל דעם פּראָלעטאַריאַט קומט אויס צו מאַכן די בורזשואַזע רעוואָלוציע צוזאַמען מיט דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, — אַף אַזויפיל איז אים באַשערט אַרויסצוטרעטן אין אַ פּאָליטישן „בלאָק“ אין ברייטן זין פון דעם וואָרט, אַריינרעכענענדיק אַהער ניט בלויז וואַל-פאַרשטענדיקונגען און ניט בלויז פּאַרלאַמענטאַרישע פאַרשטענדיקונגען, נאָר אויך בעשוטפעסדיקע האַנדלונגען אָן יעדע פאַרשטענדיקונגען מ י ט ד ע ר ל י נ ק ע ר, ד. ה. מיט דער פאָלקיסטישער קליין-בורזשואַזיע, קעגן די שוואַרצע און קעגן די ק.-ד.! Quod erat demonstrandum — וואָס עס האָט זיך געפאָדערט צו באַווייזן.

דאָס קומענדיקע מאָל וועלן מיר אַ שמועס טאָן מיט דער „Н.Д.“ ספּעציעל וועגן די פאָלקיסטן.

II*

אויב מע זאָל אַנערקענען, אַז „די פאָלקיסטן זיינען לינקע שכיינים פון די קאַדעטן“, אַז זיי „וואַקלען זיך שטענדיק צווישן די ק.-ד. און די ס.-ד.“, דאַן שטאַמט דערפון אומפאַרמיידלעך די אַנערקענונג פון דער באָלשעוויסטישער פּאָליטיק: צווינגען די פאָלקיסטן צו שטעלן זיך אַף דער זייט פון דער ס.-ד. קעגן די שוואַרצמייעניקעס און קעגן די ק.-ד.

דעמדאָזיקן אומפאַרמיידלעכן אויספיר פון זייערע אַנערקענונגען סטאַרען זיך די מענשעוויקעס אָפּצושוואַכן אָדער צו באַזייטיקן מיטן באַרופן זיך אַף דעם, אַז דאָס פויערטום, וואָס איז „ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ע ר און ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ע ר“ איידער די ליבעראַלן, איז אין דערזעלבי-

* אַזוי ווי די רעגירונג האָט פאַרמאַכט די „Народная Дума“ וועלן מיר באַזייטיקן, ווי ווייט מעגלעך, די דירעקטע פּאָלעמיק מיט איר און מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אַף דער פּרינציפּיעלער אָפּשאַצונג פון דעם פאלקיזם דורך דעם מאַרקסיזם.

לענינס אָנמערקונג

קער צייט „דורכגעדרונגען מיט רעאַקציאָנערע סאָציאַלע אוטאָפּיעס“ און עס שטרעבט אין „דעם עקאָנאָמישן געביט אַ קערעווע טאָן צוריק די ראָד פון דער געשיכטע“.

דידאַזיקע כקירע, וועלכע מיר באַגעגענען זייער אָפט אין אונזער כ.־ד. ליטעראַטור, אַנטהאַלט אין זיך אַ גרויסן סאַי לאָגישן, סאַי היסטאָריש־עקאָנאָמישן פעלער. מע פאַרגלייכט אַרשינען מיט פודן, די רעאַקציאָנערקייט פון די פויערשע אידייען אין דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע מיט דער רעאַקציאָנערקייט פון דער ליבעראַלער פּאָליטיק אין דער בורזשואַזער רעוואָלוציע.

אויב בענוגייע צו די אויפגאַבן פון סאָציאַליזם שטייען די פויערים, בליסאָפּעק, פאַר רעאַקציאָנערע אוטאָפּיעס, שטייען די ליבעראַלע בורזשואַ בענוגייע צו דידאַזיקע אויפגאַבן פאַר רעאַקציאָנער אָפּרעכענען זיך אָפן שטייגער פון יוני 1848, אָדער מאַי 1871 יאָר.

אויב אָבער אין דער געגעבענער, ד. ה. אין דער בורזשואַזער, רעוואָלוציע פירט דאָס פויערטום און זיינע אידעאָלאָגן, די פּאָלקיסטן, אַ רעאַקציאָנערע פּאָליטיק אין פאַרגלייך מיטן די ליבעראַלן, דאַן וועט אַ מאַרקסיסט קיינמאָל ניט אָנערקענען די פּאָלקיסטן פאַר לינקערע, פאַר רעוואָלוציאָנערערע, פאַר דעמאָקראַטישערע, איידער די ליבעראַלן.

קלאָר, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט.

פאַרגלייכט די אַגראַר־פּאָליטיק פון די ליבעראַלן און פון די פּאָלקיסטן. איז אין איר פאַראַן עקאָנאָמיש־רעאַקציאָנערע שטריכן באַ היינטיקן טאָג? די שטרעבונג צו באַגרענעצן די מאָביליזאַציע פון דעם ערדבאַזיץ איז רעאַקציאָנער באַ ביידע פּאַרטייען. דער באַאַמטישער כאַראַקטער אָבער פון דער קאַדעטישער אַגראַר־פּאָליטיק (די פּריצישע ביוראָקראַטישע ערד־קאָמיטעטן) מאַכט איר רעאַקציאָנערקייט פאַר אַסאַך מער געפערלעך פּראַקטיש און טייקעף. הייסט עס, אַז אין דעמדאָזיקן פּונקט איז דער פאַרגלייך אינגאַנצן ניט צו גונסטן פון די ליבעראַלן.

דער „אויסגלייך“ אין ערדבאַזיץ... די אידייע פון גלייכהייט פון קליינע פּראָדוצירער איז רעאַקציאָנער, אַלס אַ פּרואוו צו זוכן די לייזונג פון די אויפגאַבן פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע פון הינטן צו און ניט פון פאָרנט. דער פּראָלעטאַריאַט טראָגט מיט זיך ניט קיין סאָציאַליזם פון גלייכהייט פון קליינע אייגנטימער, נאָר אַ סאָציאַליזם פון דער גרויסער פאַרגעזעלשאַפטלעכטער פּראָדוקציע. נאָר דיזעלבע אידייע פון גלייכהייט שטעלט מיט זיך פאָר דעם פולסטן, קאָנזעקווענטסטן און אַנטשלאָסנסטן אויסדריק פון די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע אויפגאַבן. יענע מאַרקסיסטן, וואָס האָבן אָט דאָס פאַרגעסן, קאָן מען ראָטן ווענדן זיך צום ערשטן באַנד „קאַפּיטאַל“ פון מאַרקסן און צו „אַנטי־דיורינג“ פון ענגעלסן. די אידייע פון גלייכהייט דריקט אַמגאַנצסטן אויס דעם קאַמף

מיט אַלע רעשטן פון לייבאייגנטום, דעם קאַמף פאַר דער ברייטסטער און ריינסטער אַנטוויקלונג פון דער סכוירע־פּראָדוקציע.

בּאַ אונז פאַרגעסט מען אָפט וועגן דעם, ווען מע רעדט וועגן דער רעאַקציאָנערקייט פון די פאָלקיסטישע „אויסגלייכערישע“ אַגראַר־פּראָעקטן.

גלייכהייט דריקט אוים ניט נאָר אידייאיש די אַמערסטן פולע פאַר־ווירקלעכונג פון די באַדינגונגען פאַר דעם פרייען קאַפּיטאַליזם און סכוי־רע־פּראָדוקציע. אויך מאַטעריעל, אַפן געביט פון די עקאָנאָמישע באַצי־אונגען פון דער לאַנדווירטשאַפט, וואָס וואַקסט אַרוים פון דעם לייבאייגנ־טום, איז די גלייכהייט פון די קליין־פּראָדוצירער אַ באַדינג פאַר דער סאַמע ברייטער, פולער, פרייער און שנעלער אנטוויקלונג פון דער קאַפּי־טאַליסטישער לאַנדווירטשאַפט.

דידאָזיקע אַנטוויקלונג גייט אין רוסלאַנד פון לאַנג. די רעוואָלוציע האָט זי פאַרשנעלערט. די גאַנצע פראַגע באַשטייט אין דעם, צי וועט זי גיין לויטן, אַזוי צו זאָגן, פּרייסישן טיפּ (איינהאַלטן די פּריצישע ווירט־שאַפט מיט דעם פאַרשקאַלפטן קנעכט, וואָס צאָלט לויט דער „גרעסטער אָפּשאַצונג“ פאַר דער הונגעריקער נאַכלע) אָדער לויט דעם אַמעריקאַנישן טיפּ (די פאַרניכטונג פון דער פּריצישער ווירטשאַפט, די גאַנצע ערד גייט אַריבער צו די פּויערים).

דאָס איז די גרונט־פראַגע פון דער גאַנצער בורזשואַזי־דעמאָקראַטי־שער רעוואָלוציע אונזערער, די פראַגע פון איר מאַפּאָלע און פון איר זיג.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פאָדערן, אַז די גאַנצע ערד זאָל אַריבער־גיין צו די פּויערים אָן אויסקויף, ד. ה. זיי קעמפן אַנטשלאָסן פאַרן צווייטן טיפּ פון אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, דעם טיפּ, וואָס איז גינסטיק פאַר דעם פאָלק. אין דעם קאַמף פון די פּויערים מיט די לייבאייגנטימער — די פּריצים איז דער שטאַרקסטער אידייאישער אימפּולס פון קאַמף פאַר דער ערד די אידייע פון גלייכהייט, — און די פולסטע באַזייטיקונג פון אַלע און יעדע רעשטן פון לייבאייגנטום איז באַשאַפן גלייכהייט צווישן די קליינע פּראָדוצירער. דעריבער איז די אידייע פון גלייכהייט די סאַמע רעוואָלוציאָנערע פאַר דער פּויערים־באַוועגונג ניט נאָר אין דעם זין, וואָס זי איז אַ סטימול צום פּאָליטישן קאַמף, נאָר אויך אין דעם זין, וואָס זי איז אַ סטימול צו דער עקאָנאָמישער אָפּרייניקונג פון דער דאָרפס־ווירטשאַפט פון די לייבאייגנטום־איבערעשטן.

אַף וויפל די פאָלקיסטן טרוימען, אַז די גלייכהייט קאָן זיך האַלטן אַפן גרונט פון סכוירע־פּראָדוקציע, אַז די גלייכהייט קאָן זיין אַן עלעמענט פון אַנטוויקלונג צום סאָציאַליזם, — אַף אַזויפיל זיינען זייערע אַנשויאונ־גען פאַלשע און זייער סאָציאַליזם — רעאַקציאָנער. דאָס דאַרף וויסן און געדענקען יעדער מאַרקסיסט. נאָר דער מאַרקסיסט וואָלט פאַראַטן זיין

זאַך פֿון היסטאָריש באַטראַכטן די ספּעציעלע אויפֿגאַבן פֿון דער בורזשוּאַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, אויב ער וואָלט פֿאַרגעסן, אַז אַט די־זעלבע אידייע פֿון גלייכהייט און די פֿאַרשיידענע פּלענער פֿון אויסגלייכן שטעלן מיט זיך פֿאָר דעם פֿולסטן אויסדריק פֿון די אויפֿגאַבן פֿון דער נ י ט סאָציאַליסטישער, נ אָ ר בורזשואַזער רעוואָלוציע, די אויפֿגאַבן פֿון קאַמף ניט מיטן קאַפּיטאַליזם, נאָר מיט דער פֿריצישער און ביוראָקראַטישער אָרדענונג.

אָדער די עוואָלוציע פֿון פּרייסישן טיפּ: דער ליבאייגנטימער—דער פּאָרעץ ווערט אַ יונקער. אַף יאָרצענדליקער איז פֿאַרפֿעסטיקט די פֿריצישע מאַכט אין דער מעלוכע. אַ מאָנאַרכיע. „אַ מיליטער־דעספּאָטיזם, אַרומגעניית מיט פּאַרלאַמענטישע פֿאָרמען" אנשטאט דעמאָקראַטיע. די גרעסטע אומגלייכהייט צווישן דער דאָרפֿישער און דער אַנדערער באַפֿעלקערונג. אָדער די עוואָלוציע פֿון אַמעריקאַנישן טיפּ. די פֿאַרניכטונג פֿון דער גוטס־באַזיצערישערווירטשאַפֿט. דער פּויער ווערט אַ פֿרייער פֿערמער. פֿאָלקס־הערשאַפֿט. אַ בורזשואַז־דעמאָקראַטישע אָרדענונג. די גרעסטע גלייכהייט צווישן דער דאָרפֿישער באַפֿעלקערונג, אַלס אויסגאַנג־פּונקט און אַלס באַדינגונג פֿאַר דעם פֿרייעם קאַפּיטאַליזם.

אָט אַזאַ איז אין דערווירקלעכקייט די היסטאָרישע אַלטערנאַטיוו, וועלכע ווערט אונטערגעפּאַרבט מיט דער צוויעס פֿון די קאַדעטן (וואָס פֿירן דאָס לאַנד אַפֿן ערשטן וועג) און מיטן סאָציאַל־רעאַקציאָנערן אוטאָפּיזם פֿון די פֿאָלקיסטן (וואָס פֿירן דאָס לאַנד אַפֿן צווייטן וועג).

קלאָר, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף ווענדן אַלע זיינע קויכעס אַף שטיצן דעם צווייטן וועג. נאָר אין אָט דעם פֿאַל וועלן די אַרבעטנדיקע קלאַסן גיכער פֿאַר אַלץ אויסלעבן די לעצטע בורזשואַזע אילוזיעס, — ווייל דער סאָציאַליזם פֿון גלייכהייט איז די לעצטע בורזשואַזע אילוזיע פֿון קליינעם באַלעבאָס. בלויז אין אָט דעם פֿאַל וועלן די פֿאָלקס־מאַסן, לערנענדיק זיך ניט פֿון ביכער, נאָר פֿון דער דערפֿאַרונג, אויספּרואוון אין דער קירצסטער צייט די אָנמאַכט פֿון אַלע און יעדע אויסגלייך־פּראָעקטן, די אָנמאַכט — קעגן דער מאַכט פֿון קאַפּיטאַל. בלויז אין אָט דעם פֿאַל וועט דער פּראָלעטאַריאַט גיכער פֿאַר אַלץ אָראָפּוואַרפֿן פֿון זיך די „האָרעפּאַשנע", ד. ה. די קליינבירגערלעכע טראַדיציעס, וועט ער פּאָטער ווערן פֿון די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע אויפֿגאַבן, וואָס פֿאַלן אַף אים איצט אומפֿאַרמיידלעך, און ער וועט זיך אי נ ג אַ נ צ ן אָפּגעבן זיינע אייגענע, ווירקלעכע קלאַסנאויפֿגאַבן, ד. ה. סאָציאַליסטישע אויפֿגאַבן.

בלויז דאָס ניטפֿאַרשטיין פֿון דער פֿאַרהעלטעניש צווישן די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע אויפֿגאַבן צווינגט אייניקע ס.־ד. מוירע צו האָבן פֿאַר דער פּאָליטיק פֿון דערפֿירן ביזן סאָף די בורזשואַזע רעוואָלוציע.

בלויז דאָס ניטפאַרשטיין די אויפגאַבן און דעם טאָך פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע רופט אַרויס אַזעלכע כקירעס, ווי די פאָלגנדיקע: „זי (אונזער רעוואָלוציע) איז אַרויסגערופן אין לעצטן כעשבן ניט דורך די אינטערעסן פון די פויערים, נאָר (??) דורך די אינטערעסן פון דער זיך אַנטוויקלענדיקער בורזשואַזער געזעלשאַפט“ אָדער „דידאָזיקע רעוואָלוציע איז אַ בורזשואַזע און ד ע ר י ב ע ר (!!??) קאָן זי ניט גיין אונטער דער פויערשער פאָן און אָנפירונג“ («Нар. Дума» № 21), 4 אַפּרעל). עס באַקומט זיך, אַז די פויערשע ווירטשאַפט אין רוסלאַנד שטייט עפּעס אַף אַן אַנדערן און ניט אַף אַ בורזשואַזן באָדן! די אינטערעסן פון דער פויערים-מאַסע — דאָס זיינען טאַקע די אינטערעסן פון דער פולסטער, שנעלסטער און ברייטסטער „אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט“, פון דער „אַמעריקאַנער“ אַנטוויקלונג און ניט דער „פּרייסישער“. טאַקע דערפאַר קאָן גיין די בורזשואַזע רעוואָלוציע אונטער דער „פויערשער אָנפירונג“ (ריכטיקער: אונטער דער פּראָלעטאַרישער אָנפירונג, אויב די פויערים, וואַקלענדיק זיך צווישן די ק.-ד. און די ס.-ד., וועלן גיין אין אַלגעמיין און אינגאַנצן נאָך די ס.-ד.). די בורזשואַזע רעוואָלוציע אונטער דער אָנפירונג פון דער בורזשואַזיע קאָן זיין בלויז ניט קיין פאַרענדיקטע רעוואָלוציע (ד. ה. ניט קיין רעוואָלוציע, נאָר אַ רעפאָרם, שטרענג גערעדט). זי קאָן זיין אַ ווירקלעכע רעוואָלוציע בלויז אונטער דער אָנפירונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פויערטום.

„Наше Эхо“ נומ. 10 און נומ. 12
פון 5 און 7 אפּריל 1907 יאָר

# צו דער פראַגע וועגן אַן אַלנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע

אין אַ געוויסן זין פון וואָרט, קאָן זיגרייך זיין בלויז אַן אַלנאַציאָנאַלע רעוואָלוציע. דאָס איז ריכטיק אין דעם זין, אַז צוליב דעם זיג פון דער רעוואָלוציע איז נויטיק, אַז עס זאָל זיך פאַראייניקן אין קאַמף פאַר די פאָדערונגען פון דערדאָזיקער רעוואָלוציע די קאָלאָסאַלע מערהייט פון דער באַפעלקערונג. דידאָזיקע קאָלאָסאַלע מערהייט קאָן באַשטיין אָדער דורכויס פון איין קלאַס, אָדער פון פאַרשיידענע קלאַסן, וואָס האָבן אייניקע אַלציינגע אויפגאַבן. בענויגייע צו דער איצטיקער רוסישער רעוואָלוציע איז אויך, פאַרשטייט זיך, ריכטיק, אַז זי קאָן זיגן בלויז אַלס אַן אַלנאַציאָנאַלע רעוואָלוציע אי ן י ע נ ע ם ז י ן פון וואָרט, וואָס צוליב איר זיג איז נויטיק דער באַוואוסטזיניקער אָנטייל אין קאַמף פון דער קאָלאָסאַלער מערהייט פון דער באַפעלקערונג.

נאָר מיט דעם טאַקע באַגרענעצט זיך די בעטנאַאיקע ריכטיקייט פון דעם געוויינלעכן אויסדריק: „אַלנאַציאָנאַלע רעוואָלוציע“. קיינע ווייטער-

דיקע אויספירן, אויסער דעם אָנגעוויזענעם, אייגנטלעך, טרויאיזם* (זיי קענען אַן אָרגאַניזירטער און הערשנדיקער מינדערהייט קאָן בלויז אַ קאָלאָסאַלע מערהייט), קאָן מען פון דעמדאָזיקן באַגריף ניט מאַכן. דעריבער איז אין גרונט ניט ריכטיק און טיף אַנטימאַרקסיסטיש, ווען מע ווענדעט אים אָן, אַלס אַלגעמיינע פאָרמול, אַלס אַ שאַבלאָן, אַלס אַ קריטעריום פון טאַקטיק. דער באַגריף „אַלנאַציאָנאַלע רעוואָלוציע" דאַרף אָנווייזן דעם מאַרקסיסט אויף דער נויטיקייט גענוי צו אַנאַליזירן יענע פאַרשיידענע אינטערעסן פון די פאַרשיידענע קלאַסן, וועלכע גייען זיך צוזאַמען אויף געוויסע באַשטימטע, באַגרענעצטע אַלגעמיינע אויפגאַבן. בשום אופן קאָן דערדאָזיקער באַגריף ניט דינען צוליב דעם, קעדיי צו פאַרשמירן, פאַרשטעלן די דערלערנונג פון דעם קלאַסן־קאַמף אין דעם גאַנג פון דער אָדער יענער רעוואָלוציע. אַזאַ מין באַנוצן דעם באַגריף „אַלנאַציאָנאַלע רעוואָלוציע" איז אַ פולער אָפּזאָג פון מאַרקסיזם און אַ אומקער צו דער וואולגאַרער פראַזע פון די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן אָדער קליינבירגערלעכע סאָציאַליסטן.

אונזערע ס.־ד. פון דעם רעכטן פליגל פאַרגעסן דעמדאָזיקן עמעס. נאָך ערגער פאַרגעסן זיי, אַז מיטן פּראָגרעס פון דער רעוואָלוציע בייט זיך די פאַרהעלטעניש פון די קלאַסן אין דער רעוואָלוציע. יעדער ווירקלעכער פּראָגרעס פון דער רעוואָלוציע באַטייט דאָס אַריינציען אין דער באַוועגונג אַלץ ברייטערע מאַסן, — הייסט עס, אַ גרעסערע באַוואוסטזיניקייט פון די קלאַסן־אינטערעסן, — הייסט עס, אַ גרעסערע באַשטימטקייט פון די פּאָליטישע, פּאַרטייאישע גרופּירונגען און אַ מער גענויע אויסקריסטאַליזירונג פון דער קלאַסן־פיזיאָנאָמיע פון די פאַרשיידענע פּאַרטייען, — הייסט עס, אַלץ מער ווערן פאַרביטן די אַלגעמיינע, אַבסטראַקטע, אומקלאָרע און נעפּלהאַפטע אין זייער אַבסטראַקטקייט פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פאָדערונגען דורך קאָנקרעטע, גענוי באַשטימטע פאַרשיידענע פאָדערונגען פון פאַרשיידענע קלאַסן.

לעמאָשל, די רוסישע בורזשואַזע רעוואָלוציע, ווי יעדע בורזשואַזע רעוואָלוציע, הויבט זיך אָן אומפאַרמיידלעך אונטער דעם אַלגעמיינעם לאָזונג: „פּאָליטישע פרייהייט", „פאָלקס־אינטערעסן", דערביי איז די קאָנקרעטע באַדייטונג פון דידאָזיקע לאָזונגען ווערט קלאָר פאַר די מאַסן און פאַר די קלאַסן ערשט אין דעם גאַנג פון דעם קאַמף, ערשט דאַן, ווען מע טרעט צו פּראַקטיש צו פאַרווירקלעכן דידאָזיקע „פרייהייט" און אָנצופילן מיט אַ באַשטימטן אינהאַלט, לאָמיר זאָגן, אַזאַ פּוסט וואָרט,

* טרויאיזם הייסט לעמאָשל אַזאַ מין באַהויפּטונג: נאָך טאָג קומט אָן נאַכט; ווינטער איז קאַלט, זומער איז הייס; די לעוואָנע שיינט באַנאַכט, די זון באַטאָג א. א. וו. אַלגעמיינע זאַכן, אין וועלכע קיינער צווייפלט ניט.

איבערז.

ווי „דעמאָקראַטיע“. איידער דער בורזשואַזער רעוואָלוציע, אין אָנפאַנג פון דער רעוואָלוציע, טרעטן אַרויס אין נאָמען פון דעמאָקראַטיע אַלע: סאַי דער פּראָלעטאַריאַט, סאַי דאָס פּויערטום צוזאַמען מיט די שטאָטישע קליינבירגערלעכע עלעמענטן, סאַי די ליבעראַלע בורזשואַ צוזאַמען מיט די ליבעראַלע גוטסבאַזיצער. ערשט אין דעם גאַנג פון דעם קלאַסן־קאַמף, ערשט אין אַ מער אָדער ווייניקער דויערנדיקער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע ווערט אויפגעדעקט דער פאַרשיידענער אינהאַלט, וועלכן עס לייגן אַריין פאַרשיידענע קלאַסן אין דערדאָזיקער „דעמאָקראַטיע“. דאָס איז נאָך ווייניק: עס ווערט אויפגעדעקט דער טיפער אָפּגרונט צווישן די אינטערעסן פון די פאַרשיידענע קלאַסן, וואָס פאָדערן פ אַ ר ש י י ד ע נ ע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאָסמיטלען אין נאָמען פון איינער און דערזעלבער „דעמאָקראַטיע“.

ערשט אין גאַנג פון דעם קאַמף, ערשט באַ דער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע ווערט קלאָר, אַז איין „דעמאָקראַטישער“ קלאַס אָדער שיכט וויל ניט און קאָן ניט גיין אַזוי ווייט, ווי דער אַנדערער, — אַז אָפּן באַדן פון פאַרווירקלעכן די „אַלגעמיינע“ (קלוימערשט אַלגעמיינע) אויפגאַבן וויקלען זיך פאַנאַנדער האַרטנעקיקסטע צוזאַמענשטויסן פאַר דעם א ו י פ ן פון זייער פאַרווירקלעכן, לעמאָשל, פאַר דעם אָדער יענעם גראַד, ברייט און קאָנזעקווענטקייט פון דער פרייהייט, פון דער פאָלקסהערשאַפט, פאַר דעם אָדער יענעם איבערגאַנג פון דער ערד צו דעם פּויערטום און אַז. וו.

די אַלע פאַרגעסענע עמעסן האָבן מיר געדאַרפט דערמאָנען, קעדיי צו דערקלערן דעם לעזער דעם שטרייט, וועלכער האָט זיך ניט לאַנג געפירט צווישן צוויי צייטונגען. אָט וואָס עס האָט געשריבן איינע פון זיי, די «Народная Газета» קעגן דער אַנדערער, «Наше Эхо»:

„די גרופּירונג פון דער באַפעלקערונג לויט די פּאַרטייען, — שרייבט «Наше Эхо» — אָט די וויכטיקסטע פּאָליטישע לעקציע און דער וויכטיקסטער פּאָליטישער געווינס פון דער רעוואָלוציע אין דער צייט פון די וואַלן אין דער צווייטער דומע, — האָט באַשיימפערלעך באַוויזן אַף פאַקטן פון אַלנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, ווי די ברייטע שיכטן פון די פּריצים און פון דער בורזשואַזיע האָבן אַ קער געטאָן אַף רעכטס“. זייער ריכטיק; די שטימונג אָבער און די מאַנדאַטן, מיט וועלכע די „לינקע“ דעפּוטאַטן — די ס.־ר., טרודאָוויקעס און די פאָלקס־סאָציאַליסטן (נ.־ס.) — זיינען געקומען פון די ערטער, האָבן אויך „באַשיימפערלעך באַוויזן אין אַלנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב“, אַז „דאָס פאָלק“ איז באַ היינטיקן טאָג דורכגעדרונגען ניט אין אַ קליינער מאָס מיט קאַדעטישע „קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס“, אַז „דאָס פאָלק“ לייגט אַרויף צו גרויסע האָפענונגען אַף דער זעלבסטבאַדייטנדיקער טעטיקייט פון דער דומע, אַז עס זאָרגט צו

פיל וועגן „איינהיטן“ די דומע. אָט דעמדאָזיקן עלפאַנט האָבן די ליטע־ראַטאָרן פון דער צייטונג „נאַשע עכאָ“ ניט באַמערקט, זיי האָבן באַמערקט, וו ע מ ע ן דאָס פאָלק האָט געשיקט אין דומע, נאָר זיי האָבן ניט באַמערקט, צ ו ל י ב ו ו אָ ס עס האָט זיי אַהין געשיקט. צי וועט אָבער אָף אַזאַ אויפן ניט איינשטימען די „נאַשע עכאָ“ מיט דעם, אַז, רופנדיק דעם פראָלעטאַריאַט צו איגנאָרירן די „אַלנאַציאָנאַלע“ אויפגאַבן, רופט זי אים צו איזאָלירן זיך ניט נאָר פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, נאָר אויך פון דעם קליינבירגערלעכן „פאָלק“?“

דאָס איז אַ העכסט באַלערנדיקע און סיסטעמאַטישע טיראַדע, וואָס דעקט אויף דריי גרויסע פעלערן פון אָפּאָרטוניזם: ערשטנס, אַקעגן די רע־זולטאַטן פון די וואַלן שטעלט מען אַרויס די שטימונג פון די דעפוטאַטן; דאָס הייסט פאַרטוישן די שטימונג פונם פאָלק מיט דער שטימונג פון די דעפוטאַטן, פונם מער טיפן, ברייטן, איקערדיקן אַפּעלירן צום מער אויי־בערפלעכלעכן, שמאָלן, צוויטשטופיקן*. צווייטנס, די פראַגע וועגן אַ פעסטער און אויסגעהאַלטענער פּאָליטישער ליניע פאַרטוישט מען מיט דער פראַגע וועגן דיסקאָנט פון דער אָדער יענער „שטימונג“. דריטנס, — און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע — אין נאָמען פון דעם וואולגאַר־דעמאָקראַטישן פעטיש פון אַן „אַלפאָלקישער רעוואָלוציע“ שרעקט מען דעם פּראָלעטאַריאַט מיט „א י ז אָ ל י ר ו נ ג“ פון דעם „קליינבירגערלעכן פאָלק“.

אָף די צוויי ערשטע פעלערן וועלן מיר זיך אָפּשטעלן ווי מעגלעך קירצער. די וואַלן האָבן אַנגערירט די מאַסן און האָבן באַוויזן ניט בלויז זייער מינוטן־שטימונג, נאָר זייערע ט י פ ע א י נ ט ע ר ע ס ן. פאַר מאַרק־סיסטן פּאַסט גאָרניט צו אַפּעלירן פון קלאַסן־אינטערעסן (וואָס זיינען אויסגעדריקט דורך דער פּאַרטיי־גרופּירונג אָף די וואַלן) צו אַ מינוטן־שטימונג. די שטימונג פון די דעפוטאַטן קאָן זיין אַ געפאַלענע, און די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די מאַסן קאָנען אַרויסרופן אַ מאַסן־קאַמף. דעריבער איז דער דיסקאָנט פון דער „שטימונג“ קאָן זיין נויטיק פאַר באַשטימען דעם מ אָ מ ע נ ט פון דער אָדער יענער האַנדלונג, שריט, וועגדונג און ד. גל., אָבער בעשום אויפן ניט פאַר באַשטימען ד י ט אַ ק־ט י ק פון דעם פּראָלעטאַריאַט. אַנדערש אורטיילן — הייסט פאַרבייטן די אויסגעהאַלטענע פּראָלעטאַרישע טאַקטיק דורך אַ פּרינציפּלאָזער אָפּ־העננגיקייט פון „שטימונג“. געהאַנדלט האָט זיך אָבער די גאַנצע צייט געמלעך וועגן דער ל י נ י ע, און גאָרניט וועגן דעם „מאָמענט“. צי איז

* וואָס עס איז שייך די „מאַנדאַטן“, פירן מיר אָפּ איינגאַנצן דעמדאָזיקן אַרגומענט־ווער צייל‍ט די רעוואָלוציאָנערע און די אָפּאָרטוניסטישע אַנזאָגן און מאַנדאַטן? ווער ווייס עס ניט, וויפיל צייטונגען זיינען פאַרמאַכט פאַר דרוקן רעוואָלוציאָנערע אָנזאָגן.

לעניגס אָנמערקונג

געקומען צו זיך אין דעם געגעבענעם מאָמענט דער פּראָלעטאַריאַט אָדער איז ער ניט געקומען צו זיך (ווי עס מיינט „Нар.Газета“), דאָס איז וויכטיק פאַרן דיסקאָנט פון דעם „מאָמענט“ פון די האַנדלונגען, אָבער ניט פאַר דער באַשטימונג פון דער טאַקטישער ליניע פון די האַנדלונגען פון דעם אַרבעטער־קלאַס.

דער דריטער פעלער — דער טיפּסטער און דער וויכטיקסטער: די מורא צו „איזאָלירן“ די ס.־ד. אָדער (דאָס איז איינס און דאָסזעלבע) דעם פּראָלעטאַריאַט פון דעם קליינבירגערלעכן פאָלק. דאָס איז שוין גאָר ניט קיין אָנשטענדיקע מורא.

אַף וויפל די ס.־ר., טרודאָוויקעס און די נ.־ס. שלעפּן זיך ווירקלעך נאָך די קאַדעטן, — און דאָס טרעפט און עס פלעגט טרעפן זייער אָפט, אָנהויבנדיק פון שטימען פאַר גאָלאָווינען, פאַרזעצנדיק מיט דער באַרימטער טאַקטיק פון שטילשווייגן און אַז. וו. — אַף אַזוויפיל איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מעכויעוו צו איזאָלירן זיך פון דעם קליינבירגערלעכן פאָלק. ווייל איינס פון די ביידע: אָדער די וואַקלונגען פון דעם קליינבירגערלעכן פאָלק באַווייזן ביכלאַל די אומשטאַנדהאַפטיקע נאַטור פון די קליינבירגער, באַווייזן די שווערע אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע, נאָר זיי באַטייטן ניט איר סאָף, זיי באַטייטן ניט, אַז עס זיינען אויסגעשעפּט אירע קויכעס (אַזוי דענקען מיר). דאַן איז דערמיט, וואָס דער ס.־ד. פּראָלעטאַריאַט איזאָלירט זיך פון אַלע און יעדע וואַקלונגען און אומשטאַנדהאַפטיקייטן פון דעם קליינבירגערלעכן פאָלק, דערציט ער דאָסדאָזיקע פאָלק צום קאַמף, גרייט ער עס צו צום קאַמף, אַנטוויקלט ער זיין באַוואוסטזיין, אַנטשלאָסנקייט, פעסטקייט און אַז. וו. אָדער די וואַקלונגען פון דעם קליינבירגערלעכן פאָלק באַטייטן דעם פולן פינאַל פון דער איצטיקער בורזשואַזער רעוואָלוציע (מיר האַלטן, אַז אַזאַ קוק איז ניט קיין ריכטיקער, און קיינער פון די ס.־ד. האָט אים אָפן און דירעקט ניט פאַרטיידיקט, האָגאָם צו אים זיינען נויטע, בליסאַפעק, די עקסט רעכטע ס.־ד.). דאַן איז דער ס.־ד. פּראָלעטאַריאַט אויך מעכויעוו צו איזאָלירן זיך פון די וואַקלונגען (אָדער פון דעם פאַראַט) פון דעם קליינבירגערטום, קעדיי צו דערציען דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער־מאַסן און גרייטן זיי צו אַ מער פּלאַנמעסיקן, פעסטן און אַנטשיידענעם אָנטייל אין דער קומענדיקער רעוואָלוציע.

איזאָלירן זיך פון דעם קליינבירגערלעכן פאָלק, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט קאַדעטישע אילוזיעס, איז דער סאָצ.־דעמאָקראַטישער פּראָלעטאַריאַט אומבאַדינגט מעכויעוו אין ביידע פאַלן, און באַ אַלע פאַלן. ער דאַרף פירן אין יעדן פאַל אַ פעסטע אויסגעהאַלטענע פּאָליטיק פון אַ ווירקלעך רעוואָלוציאָנערן קלאַס און ניט לאָזן זיך ברענגען אין פאַרלעגנהייט דורך קיינע רעאַקציאָנערע אָדער קליינבאַלע־

בעסלשע מאַיסעס ניט וועגן אַלנאַציאָנאַלע אויפגאַבן ביכלאַל, ניט וועגן אַן אַלנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע.

עס איז מעגלעך, באַ דער אָדער יענער קאָמבינירונג פון די קרעפטן און באַם צונויפפאַלן פון אומגינסטיקע אומשטענדן, אַז די איבערוועגנדיקע מערהייט פון די בורזשואַזע און קליינבירגערלעכע שיכטן זאָלן זיך אָנ־שטעקן אַף אַ צייט מיט קנעכטס-אונטערטעניקייט אָדער מיט פאַכדאָנעס. דאָס וואָלט געווען אַן „אַלפאָלקישע" פאַכדאָנעס, — און דער פּראָלעטאַ־ריאַט איזאָלירט זיך פון איר אין נאָמען פון די אינטערעסן פון גאָר דער אַרבעטער-באַוועגונג אינגאַנצן.

„פּראָלעטארי", נומ. 16
פון 2 מאַי 1907 יאָר

# פאָרטראַג איבער דער פראגע וועגן דער באַציאונג צו די בורזשואַזע פאַרטייען

די פּראַגע וועגן דער באַציאונג צו די בורזשואַזע פּאַרטייען שטייט אין צענטר פון די פּרינציפּיעלע מיינונגס-פאַרשיידנהייטן, וואָס טיילן שוין לאַנג פאַנאַנדער אַף צוויי לאַגערן די רוסלענדישע ס.־ד. נאָך ביז די ערשטע גרויסע דערפאָלגן פון דער רעוואָלוציע אָדער אַפילע ביז דער רעוואָלוציע — אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן וועגן דער ערשטער העלפט פון 1905 יאָר — זיינען שוין געווען צוויי פולקום אָנגעמערקטע שטאַנדפּונקטן אַף דערדאָזיקער פראַגע. די שטרייטן זיינען פאַרבונדן געווען מיט דער אָפּשאַצונג פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע אין רוס־לאַנד. ביידע ריכטונגען אין דער ס.־ד. זיינען זיך צוזאַמענגעגאַנגען אין דעם, אַז דידאָזיקע רעוואָלוציע איז אַ בורזשואַזע. נאָר זיי זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין דעם פאַרשטיין דידאָזיקע קאַטעגאָריע און אין דער אָפּשאַצונג פון די פּראַקטיש-פּאָליטישע אויספירן פון איר. איין פליגל פון דער סאָצ.-דעמאָקראַטיע — די מענשעוויקעס, האָבן אויסגע־טייטשט דעמדאָזיקן באַגריף אַזוי, אַז אין דער בורזשואַזער רעוואָלוציע איז דער הויפּט-באַוועגער די בורזשואַזיע, דער פּראָלעטאַריאַט אָבער איז פעאיק בלויז צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון אַן „עקסטער אָפּאָזיציע". נעמען אַף זיך די אויפגאַבע זעלבשטענדיק דורכצופירן דידאָזיקע רעוואָלוציע, אָנצופירן מיט איר קאָן ער ניט. באַזונדערס בולעט האָבן זיך אַרויסגעוויזן דידאָזיקע מיינונגס-פאַרשיידנהייטן אין די שטרייטן וועגן דער ציטווויי־ליקער רעגירונג (ריכטיקער: וועגן דעם אָנטייל פון דער ס.־ד. אין דער ציטווייליקער רעגירונג) — שטרייטן, וואָס האָבן זיך געפירט אין 1905 יאָר. די מענשעוויקעס האָבן געהאַלטן פאַר אומדערלאָזבאַר, אַז די ס.־ד.

זאָל אַנטייל נעמען אין דער ציַיטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג קוידעמקאָל טאַקע דערפֿאַר, ווייל זיי האָבן גערעכנט פֿאַר דעם הויפּטבאַוועגער אָדער פֿאַר דעם פֿירער פֿון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע די בורזשואַזיע. מיט אַ פֿולער קלאָרקייט האָט זיך אַרויסגעוויזן אָט דער שטאַנדפּונקט אין דער רעזאָלוציע פֿון די קאַווקאַזער מענשעוויקעס (1905 י.), וועלכע איז אָנערקענט געוואָרן פֿון דער נייער „איסקראַ“. אין דערדאָזיקער רעזאָלוציע האָט זיך פּאָשעט גערעדט, אַז דער אַנטייל פֿון דער ס.-ד. אין דער ציַיטווייליקער רעגירונג וואָלט געקאָנט אָפּשרעקן די בורזשואַזיע און ער וואָלט **דערמיט אָפּגעשוואַכט דעם פּאַרנעם פֿון דער רעוואָלוציע**. דאָ ווערט קלאָר אָנערקענט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט קאָן ניט און דאַרף ניט גיין וויַיטער פֿון דער בורזשואַזיע אין דער בורזשואַזער רעוואָלוציע.

פֿאַר אַ פֿאַרקערטער מיינונג האָבן זיך געהאַלטן די באָלשעוויקעס. זיי זיינען אומבאַדינגט געשטאַנען אַף דעם שטאַנדפּונקט, אַז די רעוואָלוציע אונזערע איז אַ בורזשואַזע אין זיינען פֿון איר געזעלשאַפֿטלעכן עקאָנאָמישן אינהאַלט. דאָס באַטייט אָט וואָס: די אויפֿגאַבן פֿון דער איצטיקער איבערקערעניש, וואָס קומט פֿאָר אין רוסלאַנד, גייען ניט אַרויס פֿון די ראַמען פֿון דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט. אַפֿילע דער פֿולסטער זיג פֿון דער איצטיקער רעוואָלוציע, ד. ה. די דעראָבערונג פֿון אַ סאַמע דעמאָקראַטישער רעפּובליק און די קאָנפֿיסקירונג פֿון דער גאַנצער פּריציִשער ערד דורך דעם פּויערטום, רירט לאַכלוטן ניט אָן די יעסוידעס פֿון דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדענונג. דאָס פּריוואַט-אייגנטום אַף די פּראָדוציר-מיטלען אָדער די פּריוואַטע ווירטשאַפֿט אַף דער ערד, (ווער עס זאָל ניט זיין איר יורידישער באַזיצער) און די סכוירע-ווירטשאַפֿט — בלייבן. די ווידערשפּרוכן פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, און דער וויכטיקסטער פֿון זיי —דער ווידערשפּרוך צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל — ווערן ניט נאָר ניט ניוועלירט, נאָר, פֿאַרקערט, זיי פֿאַרשאַרפֿן זיך נאָך מער און פֿאַרטיפֿערן זיך, אַנטוויקלענדיק זיך ברייטער און אין אַ ריינערער פֿאָרם.

דאָס אַלץ דאַרף פֿאַר יעדן מאַרקסיסט זיין לאַכלוטן אומבאַשטרייטבאַר. נאָר דערפֿון שטאַמט אַבסאָלוט ניט דער אויספֿיר, אַז דער הויפּטבאַוועגער אָדער דער פֿירער פֿון דער רעוואָלוציע איז קלוימערשט די בורזשואַזיע. אַזאַ אויספֿיר וואָלט באַטייט וואולגאַריזירן דעם מאַרקסיזם, דאָס וואָלט באַטייט — ניט פֿאַרשטיין דעם קלאַסן-קאַמף צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע. די מאַיסע איז די, וואָס אונזער רעוואָלוציע קומט פֿאָר אין אַזאַ ציַיט, ווען דער פּראָלעטאַריאַט האָט שוין אָנגעהויבן צו באַטראַכטן זיך אַלס אַ באַזונדער קלאַס און צו פֿאַראייניקן זיך אין אַ זעלבשטענדיקער קלאַסן-אָרגאַניזאַציע. בא אַזעלכע באַ-

דינגונגען באַנוצט זיך דער פּראָלעטאַריאַט מיט יעדע דעראָבערונגען פון דער דעמאָקראַטיע, ער באַנוצט זיך מיט יעדן שריט פון פרייהייט צו פאַרשטאַרקן זיין קלאַסן־אָרגאַניזאַציע קעגן דער בורזשואַזיע. דערפון שטאַמט אומפאַרמיידלעך די שטרעבונג פון דער בורזשואַזיע צו פאַרטעמפּן די שאַרפע ווינקלען פון דער רעוואָלוציע, ניט דערלויבן צו דערפירן זי ביזן סאָף, ניט געבן דעם פּראָלעטאַריאַט די מעגלעכקייט פולשטענדיק פריי צו פירן זיין קלאַסן־קאַמף. דער אַנטאַגאָניזם צווישן דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט צווינגט די בורזשואַזיע צו שטרעבן איינצוהיטן געוויסע ווערקצייגן און איינריכטונגען פון דער אַלטער מאַכט, קעדיי אָנצואווענדן די דאָזיקע ווערקצייגן קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט.

דעריבער איז אין בעסטן פאַל, אין דער עפּאָכע פון גרעסטן אויפשטייג פון דער רעוואָלוציע, שטעלט מיט זיך פאָר די בורזשואַזיע (און שטעלט פאָר ניט צופעליק, נאָר נויטווענדיק, אַדאַנק אירע עקאָנאָמישע אינטערעסן) אַן עלעמענט, וואָס וואַקלט זיך צווישן דער רעוואָלוציע און רעאַקציע. אַף אַזאַ אויפן קאָן די בורזשואַזיע ניט זיין דער פירער פון אונזער רעוואָלוציע.. די גרעסטע באַזונדערקייט פון דער דאָזיקער רעוואָלוציע איז די שאַרפקייט פון דער אַגראַר־פראַגע. זי איז פאַרשאַרפט אין רוסלאַנד אַסאַך מער, איידער דאָס איז געווען בא די אַנטשפּרעכנדיקע באַדינגונגען אין אַ וועלכן ניט איז אַנדערן לאַנד. די אַזוי גערופענע פויערשע רעפאָרם פון 1861 יאָר איז דורכגעפירט געוואָרן אַזוי אומקאָנזעקווענט און ניט דעמאָקראַטיש, אַז די גרעסטע יעסוידעס פון לייבאייגנטימערישער פריצישער הערשאַפט זיינען געבליבן אומבאַרירט. דעריבער האָט זיך די אַגראַר־פראַגע, ד. ה. דער קאַמף פון די פויערים פאַר ערד קעגן די פריצים, אַרויסגעוויזן פאַר איינע פון די שלאָג־פראַגן פון דער איצטיקער רעוואָלוציע. דער דאָזיקער קאַמף פאַר ערד שטויסט אומפאַרמיידלעך די קאָלאָסאַלע פויערים־מאַסן אַף אַ דעמאָקראַטישער איבערקערעניש, ווייל בלויז די דעמאָקראַטיע קאָן זיי געבן ערד, געבנדיק זיי די הערשאַפט אין דער מעלוכע. דער באַדינג פאַרן זיג פון דעם פויערטום איז די פולע צעשמעטערונג פון דעם פריצישן ערדבאַזיץ.

פון אַזאַ פאַרהעלטעניש פון די געזעלשאַפטלעכע קרעפטן באַקומט זיך דער אומפאַרמיידלעכער אויספיר: די בורזשואַזיע קאָן ניט זיין ניט דער הויפט־באַוועגער, ניט דער פירער פון דער רעוואָלוציע. דערפירן זי ביזן סאָף, ד. ה. ביז דעם פולן זיג, קאָן בלויז דער פּראָלעטאַריאַט. נאָר דער דאָזיקער זיג קאָן דערגרייכט ווערן בלויז בא דעם באַדינג, אויב דעם פּראָלעטאַריאַט וועט געלינגען צו פירן נאָך זיך אַ גרויסן טייל פון דעם פויערטום. דער זיג פון דער איצטיקער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז מעגלעך בלויז אַלס אַ רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פויערטום.

אַזאַ שטעלונג פון דער פראַגע, וועלכע איז געגעבן נאָך אין אָנהויב 1905 יאָר, — איך רייד וועגן דעם 3־טן צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.א.פּ. אין פרילינג 1905 יאָר — האָט געפונען איר פולע באַשטעטיקונג אין די געשעענישן פון אַלע גרעסטע עטאַפּן פון דער רוסישער רעוואָלוציע. אונזערע טעאָרעטישע אויספירן האָבן זיך באַשטעטיקט אין לעבן, אין גאַנג פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף. בעאיים דעם גרעסטן אויפשטייג, אין אָקטיאבער 1905 יאָר, איז דער פּראָלעטאַריאַט געגאַנגען אין דער שפּיץ, די בורזשואַזיע האָט זיך געוואַקלט און געדרייט מיטן ווידל, און די פּויערים האָבן פּאָגראָמירט די פּריצישע גיטער. אין די עמבריאָנאַלע אָרגאַנען פון דער רעוואָלוציאָנערער מאַכט (די ראַטן פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן, די ראַטן פון פּויערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן און אַז. וו.) האָבן אַנטייל גענומען דעריקער די פאָרשטייער פון דעם פּראָלעטאַריאַט און דערנאָך די פאָרגעשריטענע פאָרשטייער פון דעם אויפגעשטאַנענעם פּויערטום. בעאיים דער ערשטער דומע האָבן די פּויערים גלייך געגעבן אַ דעמאָקראַטישע „האָרעפּאַשנע («Трудовую») גרופּע, אַ לינקערע, ד. ה. אַ מער רעוואָלוציאָנערע, איידער די ליבעראַלן — די ק.־ד. בעאיים די וואַלן אין דער צווייטער דומע האָבן די פּויערים דירעקט צעשלאָגן די ליבעראַלן; דער פּראָלעטאַריאַט איז געגאַנגען פאָרויס, דאָס פּויערטום האָט זיך, מער אָדער ווייניקער אַנטשלאָסן, גערוקט נאָך אים קעגן דער זעלבסטהערשונג און קעגן די וואַקלדיקע ליבעראַלן.

איך גיי אַריבער צו די פּראָעקטן פון די רעזאָלוציעס, וועלכע מיר האָבן פאַר זיך. די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, וואָס איך האָב דאָ באַשריבן, האָבן זיך פולקום אויסגעדריקט אין דער קעגנזעצלעכקייט פון דער באָלשעוויסטישער און מענשעוויסטישער רעזאָלוציע. דער באָלשעוויסטישער פּראָעקט איז געבויט דערויף, וואָס עס ווערט באַשטימט דער קלאַסן־אינהאַלט פון די ג ר ו נ ט־ט י פּ ן פון די בורזשואַזע פּאַרטייען. אַזאַ געבוי איז געגעבן נאָך אין אונזער רעזאָלוציע צו דעם סטאָקהאָלמער. פאַרייניקונגס־צוזאַמענפאָר. מיר האָבן שוין דאָרט אָנגעמערקט דריי הויפּט־טיפּן פון די בורזשואַזע פּאַרטייען: אָקטיאַבריסטן, ליבעראַלן און פּויערשע דעמאָקראַטן (דאַן האָבן זיי זיך נאָך ניט אויסגעקריסטאַליזירט פולקום, און דאָס וואָרט „טרודאָוויק" האָט ניט עקזיסטירט אין דעם רוסישן לעקסיקאָן). אונזער איצטיקע רעזאָלוציע האָט איינגעהיט דעמזעלביקן בוי. זי שטעלט מיט זיך פאָר בלויז אַ וואַריאַנט פון דער סטאָקהאָלמער רעזאָלוציע. דער גאַנג פון די געשעענישן האָט אַף אַזויפיל באַשטעטיקט אירע גרונט־האַנאַכעס, אַז עס האָבן זיך געפּאָדערט די קלענסטע ענדערונגען פאַר דעם דיסקאָנט פון דער דערפאַרונג פון דער ערשטער און צווייטער דומע.

די מענשעוויסטישע רעזאָלוציע צו דעם פֿאַרייניקונגס־צוזאַמענפֿאָר האָט ניט געגעבן קיין שום אַנאַליז ניט פֿון דעם טיפּ פֿון די פּאַרטייען, ניט פֿון זייער קלאַסן־אינהאַלט. די רעזאָלוציע זאָגט הילפֿלאָז, „אַז די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען הויבן זיך ערשט אָן אויסצובילדן אין רוסלאַנד, און דעריבער האָבן זיי נאָך ניט באַוויזן צו באַקומען דעם כאַראַקטער פֿון שטאַנדהאַפֿטיקע פּאַרטייען", און „אַז אין דעם איצטיקן היסטאָרישן מאָמענט איז אין רוסלאַנד ניטאָ קיין פּאַרטייען, וואָס זאָלן שוין איצט פֿאַרייניקן אין זיך איינצייטיק קאָנזעקווענטן דעמאָקראַטיזם און רעוואָלוציאָנערקייט". זיינען דאָס דען ניט קיין הילפֿלאָזע דערקלערונגען? איז דאָס דען ניט קיין אָפּנייגונג פֿון דער מאַרקסיסטישער אויפֿגאַבע? קיין פֿולע שטאַנדהאַפֿטיקייט פֿון די פּאַרטייען וועט קיינמאָל ניט זיין, פּונקט ווי עס וועט קיינמאָל ניט זיין אויך קיין פֿולקום „קאָנזעקווענטער" דעמאָקראַטיזם אויסער ווי באַ דעם פּראָלעטאַריאַט. נאָר אונזער כיוון איז אויפֿצודעקן די קלאַסן־וואָרצלען פֿון אַלע פּאַרטייען, וואָס טרעטן אַרויס אַף דער היסטאָרישער בינע. און אַז דאָס איז אַ זאַך, וואָס איז אויספֿירבאַר, האָט עס באַוויזן אונזער רעזאָלוציע. די דריי טיפּן פֿון פּאַרטייען, וואָס זי האָט אָנגעמערקט, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר גענוג „שטאַנדהאַפֿטיקע" אין מעשעך פֿון אַ גאַנצן יאָר פֿון דער רעוואָלוציע, ווי איך האָב שוין באַוויזן אַפֿן ביישפּיל פֿון דער ערשטער און צווייטער דומע.

ניטשטאַנדהאַפֿטיק האָבן זיך אַרויסגעוויזן די אַנשויאונגען פֿון די מענשעוויקעס. זייער איצטיקע רעזאָלוציע שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ קאָלאָסאַלן שריט צוריק אַפֿילע אין פֿאַרגלייך מיט זייערע פֿאָראיאָריקע פּראָעקטן. לאָמיר באַטראַכטן דידאָזיקע רעזאָלוציע, וועלכע איז אָפּגעדרוקט אין נום. 12 «Нар. Д.» (24 מאַרט 1907 יאָר). אין דעם מאָטיווירונגס־טייל ווערט אָנגעוויזן, ערשטנס, אַף אַ „ריי אויפֿגאַבן, געמיינזאַמע" באַ דעם פּראָלעטאַריאַט מיט דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע; צווייטנס, אַף דער נויטיקייט פֿאַר דעם פּראָלעטאַריאַט צו „קאָמבינירן זיינע האַנדלונגען מיט די האַנדלונגען פֿון די אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע קלאַסן און גרופּן"; דריטנס, אַז אין אַ לאַנד מיט אַ איבערוועגנדיקער מערהייט פֿון דעם פּויערטום און שוואַכער שטאָטישער דעמאָקראַטיע „באַוועגט" דער פּראָלעטאַריאַט „פֿאָרויס מיט זיין אייגענער באַוועגונג"... „די גאַנצע בורזשואַזע דעמאָקראַטיע פֿון לאַנד"; פֿערטנס, „אַז אין דער איצטיקער גרופּירונג פֿון די בורזשואַזע פּאַרטייען האָט די דעמאָקראַטישע באַוועגונג פֿון לאַנד נאָך ניט געפֿונען איר פֿאַרענדיקטן אויסדריק", אָפּשפּיגלענדיק אַף איין פּאָליוס דעם „רעאַליזם" און די ניטגרייטקייט צום קאַמף פֿון דער שטאָטישער בורזשואַזיע, און אַפֿן צווייטן פּאָליוס — די פּויערשע אילוזיעס פֿון דעם קלייןבירגערלעכן רעוואָלוציאָניזם און

אַגראַרע אוטאָפּיעס". אַזאַ איז דער מאָטיווירונגס-טייל. לאָמיר איצט אַ קוק טאָן אַף די אויספירן: דער ערשטער אויספיר באַשטייט אין דעם, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט, פירנדיק אַ זעלבשטענדיקע פּאָליטיק, דאַרף קעמפן סאַי מיט דעם אַפּאָרטוניזם און קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס פון איינע, סאַי אויך מיט די רעוואָלוציאָנערע אילוזיעס און די עקאָנאָמיש-רעאַקציאָנערע פּראָעקטן פון די אַנדערע. דער צווייטער אויספיר: מע דאַרף „קאָמבינירן אונזערע האַנדלונגען מיט די האַנדלונגען פון דידאָזיקע פּאַרטייען".

אַזאַ רעזאָלוציע ענטפערט ניט אַף קיין איין פראַגע, וועלכע עס איז מעכוייעוו צו שטעלן פאַר זיך יעדער מאַרקסיסט, אויב ער וויל באַשטימען די באַציאונג פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי צו די בורזשואַזע פּאַרטייען. וועלכע אַלגעמיינע פראַגן זיינען עס? קוידעמקאָל איז נויטיק צו באַשטימען דעם קלאַסן-כאַראַקטער פון דער פּאַרטיי. דערנאָך דאַרף מען זיך קלאָר מאַכן די גרונט-פּאַרהעלטעניש פון די פּאַרשיידענע קלאַסן אין דער געגעבענער רעוואָלוציע ביכלאַל, ד. ה. ווי באַציען זיך די אינטערעסן פון דידאָזיקע קלאַסן צו דער פּאָרזעצונג אָדער צו דער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע. ווייטער, פון קלאַסן ביכלאַל דאַרף מען איבערגיין צו דער איצטיקער ראָלע פון די פּאַרשיידענע פּאַרטייען אָדער פון די פּאַרשיידענע גרופּן און פּאַרטייען. ענדלעך, דאַרף מען געבן פּראַקטישע אָנווייזונגען וועגן דער פּאָליטיק פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי אין דערדאָזיקער פראַגע.

פון דעם איז גאָרניט ניטאָ אין דער מענשעוויסטישער רעזאָלוציע. דאָס איז עפּעס אַן אָוועקשרייבן זיך פון דער פראַגע, אַן אָוועקשרייבן זיך דורך אַלגעמיינע פראַזן וועגן „קאָמבינירן די פּאָליטיק פון דעם פּראָלעטאַריאַט מיט דער פּאָליטיק פון דער בורזשואַזיע". ווי דעהאיגע צו „קאָמבינירן" און מיט וועלכע נעמלעך בורזשואַז-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, וועגן דעם ווערט קיין וואָרט ניט געזאָגט. דאָס איז אַ רעזאָלוציע וועגן פּאַרטייען אָן פּאַרטייען. דאָס איז אַ רעזאָלוציע וועגן באַשטימען אונזער באַציאונג — וואָס באַשטימט לאַכלוטן גאָרניט — פון אונזער באַציאונג צו די פּאַרשיידענע פּאַרטייען. האַלטן זיך באַ אַזאַ רעזאָלוציע קאָן מען ניט, ווייל זי לאָזט די פולסטע פרייהייט צו „קאָמבינירן" וואָס מע וויל און ווי מע וויל. אַזאַ רעזאָלוציע באַגרענעצט קיינעם ניט; זי איז די „ליבעראַלסטע" רעזאָלוציע אין פולן זינען פון דעם וואָרט מע קאָן זי אויסטייטשן אין דער לענג און אין דער ברייט. נאָר מאַרקסיזם איז אין איר ניטאָ אַפילע קיין גראַן. די גרונט-האַנאָכעס פון מאַרקסיזם זיינען דאָ גרינדלעך פאַרגעסן, אַז יעדער לינקער קאַדעט וואָלט אונטערגעשריבן אַזאַ רעזאָלוציע. נעמט אירע הויפּט-פונקטן: די „געמיינזאַמע אויפגאַבן" פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע... שרייט דען ניט וועגן דעם די גאַנצע ליבעראַלע פּרעסע?... — די נויטיקייט צו

„קאמבינירן“ — דאס פאדערן טאקע די קאדעטן... קאמף מיטן אפארטוניזם פון רעכטס און מיטן רעוואלוציאניזם פון לינקס, — דאס איז דאך דאס באליבסטע ווערטל פון די לינקע קאדעטן, וואס ווילן קלוימערשט זיצן צווישן די טרודאוויקעס און די בורזשואזע ליבעראלן! דאס איז ניט קיין פאזיציע פון קיין ארבעטער-פארטיי, וואס שטייט באזונדער און זעלבשטענדיק אויסער דער בורזשואזער דעמאקראטיע, — דאס איז א פאזיציע פון א ליבעראל, וואס וויל פארנעמען דעם „צענטר“ צ ו ו י ש ן דער בורזשואזער דעמאקראטיע.

באטראכט אין טאך אריין די האנאכע פון די מענשעוויקעס: דער פראלעטאריאט „באוועגט פארויס“ מיט זיין אייגענער באוועגונג „די גאנצע בורזשואזע דעמאקראטיע פון לאנד“. איז עס ריכטיק? געוויס ניט. דערמאנט זיך די גרעסטע געשעענישן פון אונזער רעוואלוציע. נעמט בוליגינס דומע. אף דער ווענדונג פונם קייסער ארויפצוגיין אף א לעגאלן וועג, אנעמען זיינע, דעם קייסערס, באדינגונגען פון צונויפרופן די ערשטע פאלקס-פארטרעטונג, האט דער פראלעטאריאט גענטפערט מיט אן אנטשלאסענעם אפזאג. דער פראלעטאריאט האט גערופן דאס פאלק ארפצושמעטערן דידאזיקע איינריכטונג, ניט לאזן זי אנטשטיין. דער פראלעטאריאט האט גערופן אלע רעוואלוציאנערע קלאסן צו קעמפן פאר בעסערע באדינגונגען פון צונויפרופן די פאלקס-פארטרעטונג. דאס האט לאכלוטן ניט פארויס באשטימט די פראגע וועגן אויסנוצן אפילע א שלעכטע איינריכטונג, אויב זי וואלט ווירקלעך אין לעבן אריין, טראץ אלע אונזערע באמיאונגען. דאס איז געווען א קאמף ק ע ג ן דעם, אז עס זאלן זיך פארווירקלעכן גראד די ערגסטע באדינגונגען פון צונויפרופן די פאלקס-פארטרעטונג. אפשאצנדיק דעם באיקאט, מאכט מען אפט דעם לאגישן און היסטארישן פעלער, וואס מע מישט צוזאמען דעם קאמף א פ ן ב א ד ן פון דער געגעבענער איינריכטונג מיטן קאמף קעגן דער פארווירקלעכונג פון דערדאזיקער איינריכטונג.

ווי האט אבער געענטפערט די ליבעראלע בורזשואזיע אף דער ווענדונג פון דעם פראלעטאריאט? זי האט געענטפערט מיט דורכויסיקע יעלאלעס קעגן דעם באיקאט. זי האט גערופן אין דער בוליגינישער דומע. די ליבעראלע פראפעסארן האבן גערופן די סטודענטן לערנען זיך, אנשטאט צו מאכן שטרייקן. אפן רוף פון דעם פראלעטאריאט צום קאמף, האט די בורזשואזיע געענטפערט מיט א קאמף קעגן דעם פראלעטאריאט. דער אנטאגאניזם פון דידאזיקע קלאסן אפילע אין דער דעמאקראטישער רעוואלוציע האט זיך שוין דאן ארויסגעוויזן מיט א פולער באשטימטקייט. די בורזשואזיע האט געוואלט פארשמעלערן דעם פארנעם פון דעם קאמף פון דעם פראלעטאריאט, ניט לאזן אים ארויסגיין איבער די ראמען פון די טאקאנעס וועגן דער בוליגינישער דומע.

דער פראָפעסאָר ווינאָגראַדאָוו, דער שטערן פון דער ליבעראַלער וויסנשאַפט, האָט דאַן געשריבן: עס וואָלט געווען אַ גליק פאַר רוסלאַנד, אויב אונזער רעוואָלוציע וואָלט אַוועק אַפן וועג פון די יאָרן 1848—1849. עס וואָלט געווען אַן אומגליק, אויב זי וואָלט אַוועק לויטן טיפּ פון דער רעוואָלוציע פון די יאָרן 1793 — 1798. פאַר אַ גליק האָט אָנגערופן דערדאָזיקער „דעמאָקראַט" דעם וועג פון אַ ניט־פאַרענדיקטער רעוואָלוציע, דעם וועג פון אַ באַזיגטן אויפשטאַנד! אויב אונזער רעוואָלוציע וואָלט זיך אָפּגערעכנט מיט אירע סאָנים אַזוי אַנראַכמאָנעסדיק, ווי די פראַנצויזישע אין 1793 יאָר, דאַן וואָלט אויסגעקומען, לויט דער מיינונג פון דעם „ליבעראַל", איינצולאַדן דעם פרייסישן, וואַכמייסטער אַף איינצושטעלן די אָרדענונג. די מענשעוויקעס ריידן וועגן דער „ניטגרייטקייט צום קאַמף" פון אונזער בורזשואַזיע. און אינדערעמעסן איז אונזער בורזשואַזיע שוין דאַן גרייט געווען צום קאַמף, נעמלעך צום קאַמף קעגן דעם פראָלעטאַריאַט, צום קאַמף קעגן איבערמעסיקע ניצכוינעס פון דער רעוואָלוציע.

לאָמיר גיין ווייטער. לאָמיר נעמען אָקטיאַבער—דעקאַבער 1905 יאָר. אַז אין דערדאָזיקער עפּאָכע פונם גרעסטן אויפשטייג פון אונזער רעוואָלוציע האָט די בורזשואַזיע אַרויסגעוויזן אַ „גרייטקייט צום קאַמף" קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט, — דאָס דאַרף מען גאָר אָפילע ניט דערווייזן. דאָס האָט פולקום אָנערקענט די דעמאָלטיקע מענשעוויסטישע פּרעסע. די בורזשואַזיע, איינשליסנדיק אויך די קאַדעטן, האָבן זיך געסטאַרעט אַף פאַרשיידענע אופאָנים צו באַשימפן די רעוואָלוציע, פאַרצושטעלן זי אין דער געשטאַלט פון אַ בלינדער און ווילדער אַנאַרכיע. די בורזשואַזיע האָט ניט נאָר ניט געשטיצט די פון פאָלק געשאַפענע אויפשטאַנדס־אָרגאַנען, —. די אַלע ראַטן פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן, ראַטן פון פּויערשע און סאָלדאַטישע דעפּוטאַטן און אַז. וו. — די בורזשואַזיע האָט מוירע געהאַט פאַר דידאָזיקע איינריכטונגען און האָט געקעמפט קעגן זיי. דערמאַנט זיך סטרואַווען, וואָס האָט אָנגערופן דידאָזיקע איינריכטונגען — דערנידערנדיקער ספּעקטאַקל. די בורזשואַזיע האָט אין זיי געזעען די צו ווייט פאָרויס אַוועקגעגאַנגענע רעוואָלוציע. די ליבעראַלע בורזשואַזיע האָט געוואָלט אַריינפירן די ענערגיע פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון פאָלק אין דעם שמאָלן פלוס־בעט פון דער פּאָליצייאיש־קאָנסטיטוציאָנעלער רעאַקציע.

וועגן דער אויפירונג פון די ליבעראַלן אין דער ערשטער און צווייטער דומע קומט ניט אויס פיל צו ריידן. אָפילע די מענשעוויקעס האָבן אָנערקענט, אַז אין דער ערשטער דומע האָבן די קאַדעטן געשטערט דער רעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק פון די ס.־ד. און טיילווייז פון די טרודאָוויקעס, זיי האָבן טאָרמאָזירט זייער טעטיקייט. און אין דער צווייי־

טער דומע האָבן זיך די קאַדעטן דירעקט אָנגעשלאָסן צו דער שוואַרצער מייע, האָבן דירעקט געשטיצט די רעגירונג. זאָגן איצט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט מיט זיין אייגענער באַוועגונג „באַוועגט פאָרויס די גאַנצע בורזשואַזע דעמאָקראַטיע פון לאַנד", הייסט כוויזעק מאַכן פון פאַקטן. פאַרשווייגן איצט וועגן דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערקייט פון אונזער בורזשואַזיע הייסט איינגאַנצן אַראָפּגיין פון מאַרקסיסטישן שטאַנדפונקט, איינגאַנצן פאַרגעסן דעם שטאַנדפונקט פון קלאַסן־קאַמף.

די מענשעוויקעס ריידן אין זייער רעזאָלוציע וועגן דעם „רעאַליזם" פון די שטאָטישע בורזשואַזע קלאַסן. אַ מאָדנע טערמינאָלאָגיע, וואָס גיט זיי אַרויס קעגן זייער אייגענעם ווילן. מיר זיינען געוואוינט צו באַגעגענען באַ די ס.־ד. פון רעכטן פליגל אַ באַזונדערע באַדייטונג פון דעם וואָרט רעאַליזם. לעמאָשל, די פּלעכאַנאָווישע «Современная Жизнь» האָט קעגנגעשטעלט דעם „רעאַליזם" פון די ס.־ד. פון רעכטן פליגל דער „רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיק" פון די לינקע ס.־ד. וואָס זשע האָט אין אויג די מענשעוויסטישע רעזאָלוציע, ווען זי רעדט וועגן רעאַליזם? עס באַקומט זיך, אַז זי לויבט די בורזשואַזיע פאַר מעסיקייט און אַקוראַטקייט!

דידאָזיקע כקירעם פון די מענשעוויקעס וועגן דעם „רעאַליזם" פון דער בורזשואַזיע, וועגן „איר ניטגרייטקייט צום קאַמף" — אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דירעקטער דערקלערונג פון זייער טאַקטישער פּלאַטפאָרם וועגן דער „איינזייטיקער פיינטלעכקייט" פון די ס.־ד. צו די ליבעראַלן — באַווייזן איין זאַך און נאָר איין זאַך. אין דער ווירקלעכקייט באַטייט עס, אַז די זעלבשטענדיקע פּאָליטיק פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי ווערט פאַרטווישט מיט אַ פּאָליטיק פון אָפּהענגיקייט פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע. און אָט דער טאָך פון דעם מענשעוויזם איז ניט אויסגעטראַכט פון אונז, ער איז ניט קיין אויספיר בלויז פון זייערע טעאָרעטישע כקירעם: ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אין אַלע גרעסערע שריט פון זייער פּאָליטיק פאַר דעם פאַרגאַנגענעם יאָר. נעמט דאָס „פאַראַנטוואָרטלעכע מיניסטעריום", די בלאָקן מיט די קאַדעטן, דאָס שטימען פאַר גאָלאָווינען און אַז. וו. אין דער ווירקלעכקייט איז עס טאַקע געווען אַ פּאָליטיק פון אָפּהענגיקייט פון די ליבעראַלן.

און וואָס זאָגן די מענשעוויקעס וועגן דער פּויערשער דעמאָקראַטיע? די רעזאָלוציע שטעלט אַף איין ברעט און שטעלט אַנקעגן, אַלס זאַכן פון איין ווערט אָדער אַלנפאַלס פון איין אַרט, דעם „רעאַליזם" פון דער בורזשואַזיע און די „אַגראַרע אוטאָפּיעס" פון דעם פּויערטום. מע דאַרף קעמפן, — זאָגן די מענשעוויקעס, — גלייך מיטן אָפּאָרטוניזם פון דער בורזשואַזיע און מיטן אוטאָפּיזם, מיטן „קליינבירגערלעכן רעוואָלוציאָניזם" פון דעם פּויערטום. דאָס איז אַ טיפּישע כקירע פון דעם מענשעוויזם. און עס לוינט אַף איר אָפּצושטעלן זיך, ווייל זי איז אין גרונט פאַלש.

פון איר שטאַמען אומפאַרמיידלעך אַ גאַנצע רייַ פעלערהאַפטע אויספירן אין דער פראַקטישער פאָליטיק. אונטער דער קריטיק פון די פויערשע אוטאָפיעס באַהאַלט זיך דאָ דאָס ניטפאַרשטייַן די אויפגאַבן פון דעם פראָלעטאַריאַט צו שטויסן פאָרויס דאָס פויערטום צו אַ פולן זיג אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע.

אינדערעמען, קוקט זיך צו צו דער באַדייטונג פון די אַגראַר-אוטאָפיעס פון דעם פויערטום אין דער איצטיקער רעוואָלוציע. אין וואָס באַשטייט זייַן הויפט-אוטאָפיע? בליסאָפעק, אין דער אידייע פון אויסגלייכונג, אין דער איבערצייגונג, אַז די פאַרניכטונג פון פריוואַט-אייגנטום אַף דער ערד און די פאַנאַנדערטיילונג פון דער ערד (אָדער פון דעם ערדבאַזיץ) אַף גלייכע כאַלאָקים זייַנען פעאיק קלוימערשט צו פאַרניכטן די קוואַלן פון נויט, אָרעמקייט, אַרבעטסלאָזיקייט און עקספּלואַטאַציע.

קיינער שטרייט ניט קעגן דעם, אַז פון שטאַנדפונקט פון סאָציאַליזם איז עס אַן אוטאָפיע, אַן אוטאָפיע פון אַ קליינבירגער. פון שטאַנדפונקט פון סאָציאַליזם איז עס אַ רעאַקציאָנערער פאָרורטייל, ווייל דער פראָלעטאַרישער סאָציאַליזם זעט דעם אידעאַל ניט אין דער גלייכהייט פון קליינע באַלעבאַטים, נאָר אין דער גרויסער פאַרגעזעלשאַפטלעכטער פראָדוקציע.

פאַרגעסט אָבער ניט, אַז מיר שאַצן איצט אָפ די באַדייטונג פון די פויערשע אידעאַלן ניט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, נאָר אין דער געגעבענער, בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. צי איז אוטאָפיש, צי איז רעאַקציאָנער אין דער איצטיקער רעוואָלוציע דאָס, אַז אַלע ערדן זאָלן אָפגענומען ווערן באַ די פריצים און זאָלן פאַנאַנדערגעגעבן ווערן אָדער פאַנאַנדערגעטיילט ווערן אַף גלייך צווישן די פויערים? ניין! דאָס איז ניט נאָר ניט רעאַקציאָנער, נאָר, פאַרקערט, דאָס דריקט אויס אַפן אַנטשיידנסטן, אַפן קאָנזעקווענטסטן אויפן די שטרעבונגען פולקום צו פאַרניכטן די גאַנצע אַלטע אָרדענונג, אַלע רעשטן פון לייבאייגנטום. אוטאָפיש איז דער געדאַנק, אַז די „אויסגלייכונג“ קאָן זיך אייַנהאַלטן באַ דער סכוירע-פראָדוקציע און קאָן אַפילע דינען פאַר אַן אָנהויב פון אַ האַלב-סאָציאַליזם. ניט אוטאָפיש, נאָר רעוואָלוציאָנער איז אין דעם פולסטן, שטרענגסטן, ווייסנשאַפטלעכן זין פון וואָרט די שטרעבונג פון די פויערים טייקעף אָפצונעמען באַ די פריצים די ערדן און צעטיילן זיי אַף גלייך. אַזאַ אָפנעמען און אַזאַ צעטיילונג וואָלטן געשאַפן אַ באַזיס פאַר דער שנעלסטער, ברייטסטער, פרייסטער אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם.

אָביעקטיוו, ניט פון שטאַנדפונקט פון אונזערע וואונשן, נאָר פון שטאַנדפונקט פון דער געגעבענער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד, באַשטייט סאָפקאָלסאָף די גרונט-פראַגע פון אונזער רעוואָלוציע

דאַפקע אין דעם, צי וועט זי זיכערן די אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם דורך דעם פולן זיג פון די פויערים איבער די פּריצים אָדער דורכן זיג פון די פּריצים איבער די פויערים. אַ בורזשואַז-דעמאָקראַטישע איבערקערעניש אין דער עקאָנאָמיק פון רוסלאַנד איז אַבסאָלוט אומפאַרמיידלעך. קיין שום קראַפט אין דער וועלט קאָן זי ניט אָפּהאַלטן. נאָר דידאָזיקע איבערקערעניש איז מעגלעך אין אַ צווייענדיקער פאָרם: לויטן פּרייסישן טיפּ, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, אָדער לויט דעם אַמעריקאַנישן טיפּ. דאָס באַטייט אָט וואָס: די גוטסבאַזיצער קאָנען זיגן, זיי קאָנען אָנבינדן די פויערים דעם ערד-אויסקויף אָדער אַנדערע קלאָגעדיקע האָנאַבעס, זיי קאָנען זיך פאַרייניקן מיט אַ הייפל דאָרפישע נגידים, רואינירן לאַכלוטן די מאַסע און פאַרוואַנדלען זייערע אייגענע ווירטשאַפטן אין יונקערישע, קאַפּיטאַליסטישע. אַ בורזשואַז-דעמאָקראַטישע וועט אַזאַ איבערקערעניש זיין, נאָר זי וועט זיין אַמווייניקסטן גינסטיק פאַר די פויערים — אַמווייניקסטן גינסטיק פון שטאַנדפּונקט פון גיכער אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם. פאַרקערט, אַ פולער זיג פון דעם פויערים-אויפשטאַנד, די קאָנפיסקירונג פון דער גאַנצער פּריצישער ערד, דאָס פאַנאַנדערטיילן זי אַף גלייך — באַטייט די שנעלסטע אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם, די פאָרם פון דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער איבערקערעניש, וועלכע איז די גינסטיקסטע פאַרן פויערטום.

און ניט נאָר פאַר די פויערים איז עס גינסטיקער. דאָסזעלבע אויך פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט. דער באַוואוסטזיניקער פּראָלעטאַריאַט ווייס, אַז עס איז ניטאָ און עס קאָן ניט זיין קיין אַנדער וועג צום סאָציאַליזם, ווי דורך דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער איבערקערעניש.

הייסט עס, וואָס ווייניקער פול און וואָס ווייניקער אַנטשלאָסן עס איז אָט די איבערקערעניש, אַלץ לענגער און שטאַרקער וועלן הענגען אַפן פּראָלעטאַריאַט די ניטסאָציאַליסטישע אויפגאַבן, ניט די ריינע קלאַסן-פּראָלעטאַרישע אויפגאַבן, נאָר די אַלגעמיין-דעמאָקראַטישע. וואָס פולער עס איז דער ניצחון פון דעם פויערטום, אַלץ גיכער וועט זיך אויסטיילן דער פּראָלעטאַריאַט ענדגילטיק, אַלס קלאַס, אַלץ קלאָרער וועט ער אַרויסרוקן זיינע ריין-סאָציאַליסטישע אויפגאַבן און צילן.

דערפון זעט איר, אַז די פויערשע אידייען וועגן אויסגלייכונג — וואָס זיינען רעאַקציאָנער און אוטאָפּיש פון שטאַנדפּונקט פון סאָציאַליזם — זיינען רעוואָלוציאָנער פון שטאַנדפּונקט פון בורזשואַזן דעמאָקראַטיזם. דעריבער איז פאַרגלייכן די רעוואָלוציאָנערקייט פון די ליבעראַלן אין דער איצטיקער רעוואָלוציע מיטן רעאַקציאָנערן אוטאָפּיזם פון די פויערים אין די אידייען וועגן דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, הייסט מאַכן אַ הימל-שרייענדיקן לאָגישן און היסטאָרישן פעלער. שטעלן אַף איין ברעטל די שטרעבונגען פון די ליבעראַלן, אַרומצוצופּן די איצטיקע רע-

וואָלוציע אַזוי, אַז פון איר זאָל בלייבן דער אויסקויף פון דער ערד, אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע, די קאַדעטישע אַגראַר־פּראָגראַם און דאָס גלייכן, און די פּרוואוון פון די פּויערים אוטאָפּיש צו אידעאַליזירן אין אַ רעוואָלוציאָנערן גייסט זייערע שטרעבונגען טייקעף צו רואינירן די פּריצים, אָפּצונעמען די גאַנצע ערד, פאַנאַנדערטיילן זי אינגאַנצן — שטעלן דאָס אַלץ אַף איין ברעט, הייסט אינגאַנצן פאַרלאָזן ניט נאָר דעם שטאַנדפּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר אַפילו דעם שטאַנדפּונקט פון דעם קאָנזעקווענטן רעוואָלוציאָנערן דעמאָקראַטיזם. שרייבן אַ רעזאָלוציע וועגן קאַמף מיטן אָפּאָרטוניזם פון דעם ליבעראַל און מיט דעם רעוואָלוציאָניזם פון דעם פּויער אין דער איצטיקער רעוואָלוציע, הייסט שרייבן ניט קיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעזאָלוציע. דאָס שרייבט ניט קיין ס.־ד., נאָר אַ אינטעליגענט, וואָס זיצט צווישן דעם ליבעראַל און דעם פּויער אין דעם לאַגער פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. איך קאָן זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אַזוי אויספירלעך, ווי עס פאָדערט זיך, אַף דער באַרימטער טאַקטישער פּלאַטפאָרם פון די מענשעוויקעס מיט זייער באַרימטן לאָזונג פון קאַמף קעגן אַן „איינזייטיקער פיינטלעכקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט צום ליבעראַליזם". דער ניטמאַרקסיסטישער און ניט פּראָלעטאַרישער כאַראַקטער פון אַזאַ לאָזונג איז מער ווי קלאָר.

איך וועל זיך, צום שלום, אָפּשטעלן אַף איין קלוימערשט דערווידערונג קעגן אונז, וועלכע מע מאַכט אָפט. „אייערע" טרודאָוויקעס, זאָגט מען אונז, גייען זייער אָפט צוזאַמען מיטן די קאַדעטן קעגן אונז. דאָס איז ריכטיק. נאָר דאָס איז ניט קיין דערווידערונג קעגן אונזער שטאַנדפּונקט און אונזער רעזאָלוציע, ווייל מיר האָבן דאָס אנערקענט מיט דער פולער באַשטימטקייט און אַנטשלאָסנקייט.

די טרודאָוויקעס שטעלן מיט זיך ניט פאָר, בליסאָפּעק, קיין פולקום קאָנזעקווענטע דעמאָקראַטן. די טרודאָוויקעס (און די ס.־רן אויך אין דער צאָל) וואַקלען זיך, געווים, צווישן די ליבעראַלן און דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט. דאָס איז בא אונז געזאָגט, און דאָס דאַרף געזאָגט ווערן. אַזעלכע וואַקלונגען זיינען גאָר קיין צופעליקייט ניט, זיי זיינען אומפאַרמיידלעך אַדאַנק דעם עצעם טאָך פון דער עקאָנאָמישער לאַגע פון דעם קליין־פּראָדוצירער. פון איין זייט איז ער אונטערדריקט, ער ווערט עקספּלואַטירט. ער ווערט ניטווילנדיק געשטויסן צום קאַמף קעגן אַזאַ לאַגע, צום קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע, צו די אידייען וועגן פאַרניכטן די עקספּלואַטאַציע. פון דער אַנדערער זייט איז ער אַ ק ל י י נ ע ר ב אַ ל ע ב אָ ס. אין דעם פּויער לעבט דער אינסטינקט פון אַ באַלעבאָס, אויב ניט פון דעם היינטיקן, איז פון דעם מאָרגנדיקן באַלעבאָס. אָט דער באַלעבאַטישער, אייגנטימערישער אינסטינקט שטויסט אָפּ דעם פּויער פון דעם פּראָלעטאַריאַט, ער רופט אַרויס בא דעם פּויער טרוימען און

שטרעבונגען צו ווערן צו לייטן גלייך, צו ווערן אַליין אַ בורזשואַ, איינצושליסן זיך קעגן דער גאַנצער געזעלשאַפט אַף דעם אייגענעם שטיקל ערד, אַף זיין אייגענער, ווי מאַרקס האָט זיך בייז אויסגעדריקט, קופּקע מיסט.

די וואַקלונגען פון דעם פויערטום און פון די פויערשע דעמאָקראַטישע פּאַרטייען זיינען אומפאַרמיידלעך. און העריבער דאַרף זיך די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַף קיין איין מינוט ניט פילן אין פאַרלעגנהייט צוליב דער מוירע צו איזאָלירן זיך פון אַזעלכע וואַקלונגען. יעדעס מאָל, ווען די טרודאָוויקעס ווייזן אַרויס קליינמוטיקייט און שלעפּן זיך נאָך די ליבעראַלן, — דאַרפן מיר אָן מוירע מיט אַ פולער פעסטקייט אַרויסטרעטן קעגן די טרודאָוויקעס, דעמאַסקירן און האַרב קריטיקירן די קלייןבירגערלעכע ניטאויסגעהאַלטנקייט און צעקראָכנקייט.

אונזער רעוואָלוציע לעבט איבער שווערע צייטן. מע דאַרף האָבן די גאַנצע ווילנסקראַפט, די גאַנצע אויסגעהאַלטנקייט און שטאַנדהאַפטיקייט פון אַ צונויפגעשמאָלצענער פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי, קעדיי צו קאָנען ווידערצושטיין די שטימונגען פון אומגלויבן, פון קראַפטלאָזיקייט, פון גלייכגילטיקייט, פון אָפּזאָגן זיך פון קאַמף. דאָס קלייןבירגערטום וועט אַלעמאָל און אומפאַרמיידלעך גרינגער פאַר אַלץ אונטערגעבן זיך אַזעלכע שטימונגען, עס וועט אַרויסווייזן כאַראַקטערלאָזיקייט, עס וועט פאַראַטן דעם רעוואָלוציאָנערן וועג, עס וועט קרעכצן און שלאָגן זיך אַלכעט. און אין אַלע אַזעלכע פאַלן וועט די אַרבעטער-פּאַרטיי איזאָלירן זיך פון דער וואַקלדיקער קלייןבירגערלעכער דעמאָקראַטיע. אין אַלע אַזעלכע פאַלן דאַרף מען קאָנען אַפילע פון דער דומע-טריבונע אָפן דעמאַסקירן די ניט פעסטע דעמאָקראַטן. „פויערים! — דאַרפן מיר זאָגן אין דער דומע באַ אַזעלכע אומשטענדן, — פויערים! ווייסט, אַז אייערע פאָרשטייער פאַראַטן אייך, גייענדיק באַם עק פון די ליבעראַלע פּריצים. אייערע דומע-דעפּוטאַטן פאַראַטן די זאַך פון דעם פויערטום די ליבעראַלע פלאַפּלער און אַדוואָקאַטן". זאָלן וויסן די פויערים — מיר דאַרפן עס דערווייזן זיי אַף פאַקטן, — אַז ב ל ו י ז די אַרבעטער-פּאַרטיי איז דער ווירקלעך זיכערער, ביזן סאָף טרייער פּאַרטיידיקער פון די אינטערעסן ניט נאָר פון דעם סאָציאַליזם, נאָר אויך פון דער דעמאָקראַטיע, ניט נאָר פון אַלע אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע, נאָר אויך פון דער גאַנצער פויערים-מאַסע, וואָס קעמפט קעגן דער לייבאייגנטימערישער עקספּלואַטאַציע.

אויב מיר וועלן פעסט און ניט אָפּנויגנדיק זיך פירן אַזאַ פּאָליטיק, — וועלן מיר פון אונזער רעוואָלוציע באַקומען אַ קאָלאָסאַלן מאַטעריאַל פאַר דער זאַך פון דער קלאַסן-אַנטוויקלונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט, מיר וועלן אים באַקומען אין יעדן פאַל, וואָס פאַר אַ ניסיוינעס עס זאָל אונז ניט אויסקומען איבערצולעבן, וואָס פאַר אַ מאַפּאָלעס פון דער רעוואָלו-

ציע (באַ די באַזונדערס ניט גינסטיקע אומשטענדן, וואָס שאַפן זיך) עס זאָלן ניט אויספאַלן אַף אונזער גורל. אַ פעסטע פּראָלעטאַרישע טאַקטיק וועט געבן דעם גאַנצן אַרבעטער-קלאַס אַזאַ רעזערוו פון אידייען, אַזאַ קלאָרקייט פון פאַרשטאַנד און אויסגעהאַלטנקייט אין קאַמף, וועלכע קיין זאַך אין דער וועלט וועט ניט בעקויעך זיין אָפּצונעמען באַ דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. אויב אַפילע די רעוואָלוציע זאָל ליידן מאַפּאָלעס, — וועט דער פּראָלעטאַריאַט אויסלערנען זיך קוידעמקאָל פאַרשטיין די עקאָנאָמישע קלאַסן-יעסוידעס סאַי פון די ליבעראַלע, סאַי פון די דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, — און דערנאָך וועט ער זיך אויסלערנען האַסן דעם פּאַראַט פון דער בורזשואַזיע און פאַראַכטן די צעקראָכנקייט און די וואַקלונגען פון דעם קליינבירגערטום.

און טאַקע מיט אַט אַזאַ רעזערוו פון קענטעניש, טאַקע מיט אַט אַזאַ געוואוינהייט פון דעם געדאַנק וועט דער פּראָלעטאַריאַט געשלאָסענער און דרייסטער גיין אַף דער נייער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

# שלוס-וואָרט איבער דער פראַגע וועגן דער באַציאונג צו די בורזשואזע פּאַרטייען

(געהאלטן אפן לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר פון ר. ס.-ד. א.-פּ.)

איך וועל אָנהויבן פון דער פראַגע, וואָס מע האָט דאָ אָנגערירט. וועגן דער פּאָזיציע פון דער פוילישער דעלעגאַציע. די פוילישע כאַווירים האָט מען אויפגעוואָרפן — באַזונדערס די בונדיסטן, — אַז זיי זיינען ניט קאָנזעקווענט, איינגייענדיק אַף אונזער רעזאָלוציע, וועלכע זיי אַליין האָבן אין דער קאָמיסיע דערקלערט פאַר אַ ניט-באַפרידיקנדיקע. אַזעלכע פאָרוואורפן באַזירן זיך אַף זייער אַ פּאַשעטן שפּיצל: אפן אַרומגיין דעם טאָך פון יענע פראַגן, וואָס שטייען פאַרן צוזאַמענפאָר באַ דעם געגעבענעם פונקט פון טאָג-אָרדענונג. ווער עס וועט ניט וועלן אַרומגיין דעם טאָך פון דער פראַגע, דער וועט לייכט זען, אַז מיר, באָלשעוויקעס, זיינען זיך די גאַנצע צייט צונויפגעגאַנגען און גייען זיך איצט צונויף מיט די פּאָליאַקן אין די צוויי גרונטלעכסטע פראַגן. ערשטנס, גייען מיר זיך צונויף אין דעם, אַז צוליב די סאָציאַליסטישע אויפגאַבן פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז אומבאַדינגט נויטיק זיין קלאַסן-אָפּגעזונדערטקייט בענוגע צו אַלע איבעריקע, בורזשואַזע פּאַרטייען, ווי רעוואָלוציאָנער זיי זאָלן ניט זיין, וואָס פאַר אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק זיי זאָלן ניט פאַרטיידיקן. צווייטנס, גייען מיר זיך צונויף אין דעם, וואָס מיר אָנערקענען דאָס רעכט און דעם כויוו פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי צו פירן נאָך זיך

אין קאַמף ניט נאָר קעגן דער זעלבסטהערשונג, נאָר אויך קעגן דער פּאַ־רעטערישער ליבעראַלער בורזשואַזיע — די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַ־טישע פּאַרטייען, איינשליסנדיק די פּויערשע.

אין דער רעזאָלוציע, וואָס די פּוילישע כאַווירים האָבן פאָרגע־לייגט דעם צוזאַמענפאָר איבער דעם באַריכט פון דער ס.־ד. דומע־פראַק־ציע זיינען דערדאָזיקער געדאַנק און דידאָזיקע האַנאַכעס אויסגעדריקט מיט דער פולסטער קלאָרקייט. דאָרט איז קלאָר געזאָגט וועגן דער קלאַסן־אָפּגעזונדערטקייט פון אַלע פּאַרטייען, ענדיקנדיק מיט די עסערן. דאָרט איז דירעקט געזאָגט וועגן דער מעגלעכקייט און נויטיקייט פון געמיינ־זאַמע אַרויסטרעטונגען פון די ס.־ד. מיט די האַרפּאַשנע גרופּן קעגן די ליבעראַלן. אָט דאָס איז דאָפּקע דאָס, וואָס בא אונז אין רוסלאַנד רופט מען אָן אַ לינקער בלאָק אָדער אַ לינק־בלאָקישע פּאָליטיק.

דערפון איז קלאָר, אַז אונז פּאַרייניקט מיט די פּאָליאַקן די ווירק־לעכע סאָלידקייט אין די גרונט־פּונקטן פון דער פראַגע וועגן דער באַ־ציאונג צו די בורזשואַזע פּאַרטייען. לייקענען אָט דאָס און ריידן וועגן אַ ווידערשפּרוך אין דער אויפפירונג פון די פּאָליאַקן הייסט אויסדרייען זיך פון צו שטעלן דירעקט די פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן.

די סאָציאַליסטישע אָפּזונדערונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע, זאָל זיין אַפילע סאַמע רעוואָלוציאָנערע און רעפּובליקאַנישע פּאַרטייען, — דערנאָך, די אָנפירונג מיצאַד דעם פּראָלעטאַריאַט מיטן קאַמף פון דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע אין דער איצטיקער רעוואָלו־ציע. קאָן מען דען אָפּלייקענען, אַז גראַד אָט דאָס זיינען די איקערדיקע און אָנפירנדיקע אידייען סאי פון דער פּוילישער, סאי פון דער באָלשע־וויסטישער רעזאָלוציע?

עטלעכע ווערטער וועגן טראָצקין. אָפּשטעלן זיך אָף אונזערע מיי־נונגס־פאַרשיידנהייטן מיט אים האָב איך דאָ קיין צייט ניט. איך וועל דאָ נאָר באַצייכענען, אַז טראָצקי האָט אין זיין ביכל „צו דער פּאַרטיידיקונג פון דער פּאַרטיי" שריפטלעך אויסגעדריקט זיין סאָלידאַריטעט מיט קאַוטסקין, וועלכער האָט געשריבן וועגן דער געמיינזאַמקייט פון די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פון דעם פּויערטום אין דער איצ־טיקער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. טראָצקי האָט אנערקענט די דערלאָז־באַרקייט און די צוועקמעסיקייט פון אַ לינקן בלאָק קעגן דער ליבעראַלער בורזשואַזיע. פאַר מיר זיינען גענוג אָט די פאַקטן אָף צו אנערקענען, אַז טראָצקי דערנענטערט זיך צו אונזערע אָנשויאונגען. אומאָפּהענגיק פון דער פראַגע וועגן דער „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע" האָבן מיר דאָ די סאָלידאַרישקייט אין די גרונט־פּונקטן פון דער פראַגע וועגן דער באַצי־אונג צו די בורזשואַזע פּאַרטייען.

דער כאַווער ליבער האָט מיר זייער ענערגיש אויפגעוואָרפן דאָס,

אַז איך מעק אויס אַפילו די טרודאָוויקעס פון דער צאָל בורזשואַזי־דעמאָ־קראַטישע פאַרבינדעטע פון דעם פּראָלעטאַריאַט. ליבער האָט זיך דאָ ווידער געלאָזט פאַרפירן פון דער אייגענער פראַזע און האָט זיך ניט אויפמערקזאַם באַצויגן צו דעם טאָך פון דעם שטרייט. ניט וועגן אויס־שליסן געמיינזאַמע האַנדלונגען מיט די טרודאָוויקעס האָב איך גערעדט, נאָר וועגן דער נויטיקייט אָפּצוטיילן זיך פון די וואַקלונגען פון די טרודאָוויקעס. מע דאַרף ניט מוירע האָבן צו „איזאָלירן" זיך פון זיי, ווען זיי זיינען געניויגט צו שלעפּן זיך נאָך די ק.־ד. מע דאַרף אַנראַכמאָנעסדיק דעמאַסקירן די טרודאָוויקעס, ווען זיי שטייען ניט אויף אַ קאָנזעקווענטן שטאַנדפּונקט פון אַ רעוואָלוציאָנערן דעמאָקראַט. איינס פון די ביידע, כאַווער ליבער: אָדער די אַרבעטער־פּאַרטיי פירט ווירקלעך אַ זעלבשטענ־דיקע פּראָלעטאַרישע פּאָליטיק, — דאַן דערלאָזן מיר געמיינזאַמע האַנד־לונגען מיט אַ טייל פון דער בורזשואַזיע בלויז דאַן ווען אָט דער טייל נעמט אָן אונזער פּאָליטיק, און ניט פאַרקערט. אָדער אונזערע ווערטער וועגן דער זעלבשטענדיקייט פון דעם קלאַסן־קאַמף פון דעם פּראָלעטאַ־ריאַט וועלן בלייבן פּוסטע ווערטער.

צוזאַמען מיט ליבערן איז אויך פלעכאַנאָוו אַרומגעגאַנגען דעם טאָך פון דעם שטרייט, בלויז אויף אַן אַנדער אויפן. פלעכאַנאָוו האָט גערעדט וועגן ראָזע לוקסעמבורג, אויסמאָלנדיק זי אין דער געשטאַלט פון אַ מאַ־דאָנע, וואָס זיצט אין די וואָלקנס. וואָס זאָל מען דאָ ריידן! אַ פּאָלעמיק איז עס אַ שיינע, אַ גאַלאַנטע, אַן עפעקטע... נאָר איך וואָלט פונדעסט־וועגן געפרעגט פלעכאַנאָוון: די מאַדאָנע זאָל זיך זיין אַ מאַדאָנע, אָבער וואָס טראַכט איר וועגן דעם טאָך פון דער פראַגע?... שלעכט איז, אַז מע דאַרף אָנקומען צו דער מאַדאָנע, קעדיי אויסצודרייען זיך פון אַנאַליזירן די פראַגע אין טאָך. זאָל זיך די מאַדאָנע בלייבן אַ מאַדאָנע, אָבער וואָס זאָל זיין מיט דער „פּולמאַכטיקער דומע"? וואָס איז עס? ענלעך אויף מאַרק־סיזם אָדער אויף אַ זעלבשטענדיקער פּאָליטיק פון דעם פּראָלעטאַריאַט?

„פאַרשטענדיקונגען פון פאַל צו פאַל" — זאָגן אונז אויף פאַרשיידע־נע אויפאַנים סאַי ליבער, סאַי פלעכאַנאָוו. דאָס איז זייער אַ באַקוועמע פאָרמול. נאָר זי איז אינגאַנצן פּרינציפּלאָז. זי איז אינגאַנצן אינהאַלטלאָז. מיר, כאַווירים, דערלאָזן דאָך אויך אין באַשטימטע פאַלן פאַרשטענדי־קונגען מיט די טרודאָוויקעס, אויך בלויז פון פאַל צו פאַל, אויסשליס־לעך פון פאַל צו פאַל. מיר וועלן גערן אַריינשטעלן דידאָזיקע ווערטער אויך אין אונזער רעזאָלוציע.

ניט אין דעם באַשטייט דאָך אָבער די פראַגע. די פראַגע איז אין דעם, וועלכע געמיינזאַמע האַנדלונגען פון פאַל צו פאַל זיינען דערלאָז־באַר, מיט וועמען, צוליב אַ וועלכן ציל! אָט די וויכטיקע פראַגן האָט פאַר־שמירט, פאַרטונקלט סאַי פלעכאַנאָוו מיט זיין גאַלאַנטער שאַרפזיניקייט,

סאַי ליבער מיט זיין פוסטן פאַטאָס. און דאָס איז אַ פראַגע ניט קיין טע־
אָרעטישע, נאָר אַ סאַמע לעבעדיקע פּראַקטישע פראַגע. מיר האָבן אין
דער דערפאַרונג געזען, וואָס עס באַטייטן באַ די מענשעוויקעס די באַ־
רימטע פאַרשטענדיקונגען פון פאַל צו פאַל, די באַרימטע „טעכנישע"
פאַרשטענדיקונגען! זיי באַטייטן אַ פּאָליטיק פון אָפּהענגיקייט פון דעם
אַרבעטער־קלאַס פון די ליבעראַלן, — ניט מער. „פון פאַל צו פאַל" איז
אַ שלעכטער צודעק פאַר דערדאָזיקער אָפּאָרטוניסטישער פּאָליטיק.

פלעכאַנאָוו האָט געבראַכט ציטאַטן פון מאַרקס ווערק וועגן דער
נויטיקייט צו שטיצן די בורזשואַזיע. אומזיסט האָט ער ניט געבראַכט
קיין ציטאַטן פון דער „נייער ריינישער צייטונג", אומזיסט האָט ער פאַר־
געסן וועגן דעם, אַף וואָס פאַר אַן אויפן מאַרקס האָט „געשטיצט" די
ליבעראַלן אין דער עפּאָכע, ווען עס האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט די
בורזשואַזע רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. און מע דאַרף גאָרניט אַזוי ווייט
גיין נאָך ראַיעס צו דעם, וואָס קיינער באַשטרייט ניט. אויך די אַלטע
„איסקראַ" האָט ניט איינמאָל געשריבן וועגן דער נויטיקייט, אַז די ס.־ד.
אַרבעטער־פּאַרטיי זאָל שטיצן די ליבעראַלן — אַפילע די אַדלס־מאַר־
שאַלקן. אין דעם פּעריאָד פאַר דער בורזשואַזער רעוואָלוציע, ווען די
סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט נאָך געדאַרפט וועקן דאָס פאָלק צום פּאָלי־
טישן לעבן, איז עס געווען פולקום גערעכט. איצט, ווען אַף דער בינע
זיינען אַרויסגעטראָטן פאַרשיידענע קלאַסן, ווען עס האָט זיך באַוויזן די
פויערשע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, פון איין זייט, און די ליבעראַלע
פאַראַטן פון דער צווייטער זייט — איצט קאָן קיין רייד ניט זיין וועגן
דעם, אַז מיר זאָלן שטיצן די ליבעראַלן. מיר זיינען אַלע איינשטימיק אין
דעם, אַז די ס.־ד. דאַרפן איצט פאָדערן די קאָנפיסקאַציע פון דער פּריצי־
שער ערד, ווי באַציען זיך צו דעם אָבער די ליבעראַלן?

פלעכאַנאָוו האָט געזאָגט: אַלע וויפל ניט איז פּראָגרעסיווע קלאַסן
דאַרפן ווערן אַ ווערקצייג אין די הענט פון דעם פּראָלעטאַריאַט. איך
צווייפל ניט, אַז פלעכאַנאָווס וואונטש איז ווירקלעך אַזאַ. נאָר איך באַ־
הויפּט, אַז אין דער ווירקלעכקייט באַקומט זיך פון דער מענשעוויסטישער
פּאָליטיק גאָר ניט דאָס, נאָר עפּעס גאָר פאַרקערטס. אין דער ווירקלעכקייט
איז אין אַלע פאַלן אין משך פון פאָריקן יאָר, אין דער צייט פון דעם
אַזוי גערופענעם שטיצן די קאַדעטן מיצאַד די מענשעוויקעס, זיינען דאַפ־
קע די מענשעוויקעס געווען אַ ווערקצייג פון די קאַדעטן. אַזוי איז עס
געווען סאַי באַ דער שטיצע פון דער פאָדערונג פון אַ דומע־מיניסטעריום,
סאַי בעאַיִם די וואַל־בלאָקן מיט די ק.־ד. די דערפאַרונג האָט באַוויזן,
אַז אין אָט די פאַלן האָט זיך פאַר אַ ווערקצייג אַרויסגעוויזן גראַד דער
פּראָלעטאַריאַט, טראָץ די „וואונטשן" פון פלעכאַנאָוון און פון די אַנדערע

מענשעוויקעס. איך רייד שוין ניט וועגן דער „פּאָלמעכטיקער דומע“ און וועגן דעם שטימען פאַר גאָלאָווינען.

עס איז נויטיק גאַנץ באַשטימט צו אנערקענען, אַז די ליבעראַלע בורזשואַזיע האָט זיך געשטעלט אַף אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן וועג, און מע דאַרף פירן אַ קאַמף קעגן איר. בלויז דאַן וועט די פּאָליטיק פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי ווערן אַ זעלבשטענדיקע און ניט בלויז אַפן וואָרט אַ רעוואָלוציאָנערע פּאָליטיק. בלויז דאַן וועלן מיר סיסטעמאַטיש ווירקן סיי אַף דעם קליינבירגערטום, סיי אַף דעם פּויערטום, וואָס וואַקלען זיך צווישן דעם ליבעראַליזם און דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

אומזיסט האָט מען זיך דאָ געקלאָגט אַף דער ניטריכטיקייט פון אונזער האַנאַכע, אַז די ליבעראַלן נאַרן אָפּ דאָס קליינבירגערטום. ניט בלויז אונזער רעוואָלוציע, נאָר אויך די דערפאַרונג פון אַנדערע לענדער האָבן באַוויזן, אַז גראַד דורך אָפּנאַרן האַלט זיך אונטער די ווירקונג פון דעם ליבעראַליזם צווישן אַסאַך שיכטן פון דער באַפעלקערונג. דער קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון די ליבעראַלן איז אונזער דירעקטע אויפגאַבע. די דייטשישע ס.־ד. האָבן אין משך פון צענדליקער יאָרן רואינירט און האָבן צערואינירט, לעמאַשל, אין בערלין די ווירקונג פון די ליבעראַלן אַף די ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. מיר דאַרפן און מיר קאָנען דערגרייכן דאָסזעלבע און אָפּנעמען בא די קאַדעטן זייערע דעמאָקראַטישע אָנהענגער.

איך וועל באַווייזן אַף אַ ביישפּיל. צו וואָס עס פלעגט ברענגען די מענשעוויסטישע פּאָליטיק פון שטיצן די ק.־ד. אין דער מענשעוויסטישער צייטונג «Русская Жизнь» 22 פעוראַל 1907 יאָר (נום. 45) אין אַ ניטאונטערגעשריבענעם, ד. ה. אַ רעדאַקציאָנעלן, אַרטיקל איז געזאָגט געוואָרן מעקויעך דעם אויסקלייבן גאָלאָווינען און מעקויעך זיין רעדע:

„דער פאָרזיצער פון דער מעלוכע־דומע האָט אַף זיך גענומען אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע, — זאָגן אַזאַ וואָרט, אין וועלכן עס זאָלן זיך קריסטאַליזירן די הויפּט־פאָדערונגען און נויטן פון דעם הונדערט פערציק מיליאָניקן פאָלק... דער הער גאָלאָווין האָט ניט געקאָנט לעכאָלאָפאָכעס אַף איין מאָמענט ווערן העכער פאַר אַ מיטגליד פון דער קאַדעטישער פאַרטיי, ווערן דער אויסדריקער פון דעם ווילן פון דער גאַנצער דומע“. נו, זעט איר, ווי באַלערנדיק עס באַקומט זיך? פון אַ פאַשעטער שטיצע דורך שטימען פירט מען אוים די פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע פון אַ ליבעראַל צו ריידן אין נאָמען פון „פאָלק“. דאָס באַטייט דירעקט איבערגעבן די אידייאיש־פּאָליטישע אָנפירונג דעם ליבעראַליזם. דאָס באַטייט פולקום אָפּזאָגן זיך פון קלאַסן־שטאַנדפּונקט. און איך וועל זאָגן: אויב בא דעם לינקן בלאָק וואָלט אַ וועלכן ניט איז ס.־ד. איינגעפאַלן צו שרייבן וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכער אויפגאַבע פון אַ טרודאָוויק

אויסצודריקן די נויטן פון „אַרבעט“, וואָלט איך זיך פּולקום אונטערגעשריבן אונטער דער קאַטעגאָרישער פאַרורטיילונג פון אַזאַ ס.-ד. דאָס באַטייט אַ אידייאישן בלאָק פון די מענשעוויקעס מיט די ק.-ד., מיר דאַרפן אָבער ניט דערלאָזן קיינע ענלעכע בלאָקן מיט קיינעם ניט, אַפילע ניט מיט די ס.-ר.

אַגעוו, מאַרטינאָוו האָט געזאָגט, אַז מיר לאָזן זיך קלוימערשט אַראָפּ צו אַזאַ בלאָק, ווען מירריידן וועגן דער גאַנצער ערד און וועגן דער גאַנצער פרייהייט. דאָס איז ניט ריכטיק. איך וועל אייך דערמאָנען דעם מענשעוויסטישן „סאָציאַל-דעמאָקראַט“. דאָרט, אין דעם פּראָעקט פון דער וואַל-פּלאַטפאָרם, וועלכן עס האָט צוזאַמענגעשטעלט דער צ״ק, באַגעגענען מיר דיזעלבע לאָזונגען פון ערד און פרייהייט! מאַרטינאָוום ווערטער זיינען ניט מער ווי אַ צוטשעפּעניש.

צום שלום וואָלט איך געוואָלט זאָגן עטלעכע ווערטער צו די כ״כ פּאָליאַקן. עס קאָן זיין, אַז אייניקע פון זיי דוכט זיך, אַז עס איז איבעריק די גענויע כאַראַקטעריסטיק פון די קליינבירגערלעכע פּאַרטייען.

דער מער פאַרשאַרפטער קלאַסן-קאַמף אין פּוילן, קאָן זיין, מאַכט עס פאַר איבעריק. נאָר פאַר די רוסישע ס.-ד. איז עס נויטיק. אַ פּינקטלעכע אָנווייזונג פון דעם קלאַסן-כאַראַקטער פון די האָרעפּאַשנע פּאַרטייען איז זייער וויכטיק פאַר דער אָנפירונג מיט דער גאַנצער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע. בלויז אַרויסגייענדיק פון דעם קלאַסן-אַנאַליז פון די פּאַרטייען קאָנען מיר מיט אַ פולער קלאָרקייט אוועקשטעלן פאַר דעם גאַנצן אַרבעטער-קלאַס אונזער טאַקטישע אויפגאַבע: די סאָציאַליסטישע קלאַסן-אָפּגעזונדערטקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם קאַמף אונטער זיין אָנפירונג סאַי קעגן דער זעלבסטהערשונג, סאַי קעגן דער פאַרעטערישער בורזשואַזיע.

# קעגן באָיקאָט

(פון נאָטיצן פון א סאָצ.-דעמ. פּובליציסט)

דער ניט לאַנג פאָרגעקומענער לערער-צוזאַמענפאָר, אַף וועלכן די מערהייט איז געווען אונטער דער ווירקונג פון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, האָט אָנגענומען, באַ דעם אומיטלבאַרן אנטייל פון אַן אָנגעזעענעם פאָרשטייער פון דער פּאַרטיי ס.-ר., אַ רעזאָלוציע וועגן באָיקאָט פון דער 3-טער דומע. די לערער, די ס.-ד. צוזאַמען מיטן פאָרשטייער פון דער ר.ס.ד.א.פּ. האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען, האַלטנדיק פאַר נויטיק צו לייזן אַזאַ מין פראַגע אַף אַ פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר אָדער אַף אַ קאָנפערענץ, אָבער ניט אין אַ אומפּאַרט., פּראָפעסיאָנעל-פּאָליטישן פאַרבאַנד.

די פראַגע וועגן באָיקאָט פון דער 3-טער דומע טרעט אַף אַזאַ אויפן אַרויס אַף דער בינע, אַלס אַן אָרדנטלעכע פראַגע פון רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק. די פּאַרטיי פון די ס.-ר., אויב מע זאָל אורטיילן לויט דער אַרויסטרעטונג פון איר פאָרשטייער אַף דעם אויבן דערמאָנטן צוזאַמענפאָר, האָט דידאָזיקע פראַגע שוין געלייזט, האָגאָם ניט קיין אָפיציעלע באַשטימונג פון דערדאָזיקער פּאַרטיי און ניט קיין ליטעראַטור-דאָקומענטן פון דער עסערישער סוויווע האָבן מיר נאָך ניט. צווישן די ס.-ד. איז די פראַגע אָוועקגעשטעלט און זי ווערט באַהאַנדלט.

מיט וואָס זשע פאַר אַרגומענטן פאַרטיידיקן זייער באַשלוס די ס.-רן? די רעזאָלוציע פון דעם לערער-צוזאַמענפאָר רעדט, לויטן טאָך פון דער זאַך, וועגן דער פולער אומטויגלעכקייט פון דער 3-טער דומע, וועגן דער רעאַקציאָנערקייט און קאָנטער-רעוואָלוציאָנערקייט פון דער רעגירונג, וואָס האָט געמאַכט די מעלוכע-איבערקערעניש פון 3-טן יוני, וועגן דעם פּריצישן כאַראַקטער פון דעם נייעם וואַל-געזעץ און אַז. וו., און ד. גל.*. די אַרגומענטירונג איז געבויט אַזוי, פונקט ווי פון דער אולטראַ-רעאַקציאָנערער 3-טער דומע וואָלט אַליין פון זיך געשטאַמט די נויטיקייט און געזעצלעכקייט פון אַזאַ קאַמפּס-מיטל אָדער פון אַזאַ לאָזונג, ווי באָיקאָט. פאַר יעדן סאָציאַל-דעמאָקראַט איז אַבסאָלוט קלאָר די אומטויגלעכקייט פון אַזאַ כקירע, ווייל דאָ פעלט אינגאַנצן דער אַנאַליז פון די היסטאָרישע באַדינגונגען, באַ וועלכע עס ווערט אָנגעווענדעט דער באָיקאָט. שטייענדיק אַפן באָדן פון מאַרקסיזם, קומט דער סאָציאַל-דעמאָקראַט צו באָיקאָט ניט אַרויסגייענדיק פון דעם גראַד רעאַקציאָנערקייט פון דער אָדער יענער איינריכטונג, נאָר פון דער אַנוועזנהייט פון יענע ספעציעלע קאַמפּס-

---

* אָט איז דער טעקסט פון דערדאָזיקער רעזאָלוציע: נעמענדיק אין אַכט: 1) אַז דער נייער וואַל-געזעץ, אַפן גרונט פון וועלכן עס ווערט צונויפגערופן די III דומע, נעמט אָפּ באַ די אַרבעטער-מאַסן אַפילע יענעם באַשיידענעם כיילעק פון וואַל-רעכט, וועלכן זיי האָבן ביז איצט געהאַט, און די דעראָבערונג פון וועלכן עס האָט זיי אַזוי טייער געקאָסט; 2) אַז דערדאָזיקער געזעץ שטעלט מיט זיך פאָר אַ באַשיימפּערלעכע און גראָבע פאַלסיפיצירונג פון דעם פאָלקס-ווילן צוגונסטן פון די רעאַקציאָנערסטע און פריווילעגירטסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג; 3) אַז די דומע פון דעם דריטן צונויפרוף וועט זיין לויטן אויפן, ווי מע וועט זי ווייל̈ן, און לויט איר צוזאַמענשטעל אַ פּראָדוקט פון דער רעאַקציאָנערער איבערקערעניש; 4) אַז די רעגירונג וועט זיך באַנוצן מיטן אַנטייל פון די פאָלקס-מאַסן אין די דומע-וואַלן אַזוי, אַז זי וועט אויסטייטשן דעמדאָזיקן אַנטייל אַלס אַ פאָלקס-סאַנקציע פאַר דער מעלוכע-איבערקערעניש, — באַשטימט דער IV דעלעגאַטן-צוזאמענפאָר פון דעם אַלרוסלענדישן פאַריין פון די לערער און פאָלקס-בילדונגס-טוער 1) אָפּזאָגן זיך פון אַ וועלכן ניט איז מאַגע-מאַסע מיט דער דומע פון דריטן צונויפרוף און מיט אירע אָרגאַנען; 2) ניט באַטייליקן זיך אַלס אָרגאַניזאַציע אין די וואַלן ניט דירעקט, ניט אומדירעקט; 3) אַלס אָרגאַניזאַציע פאַרשפּרייטן יענעם קוק אַף דער דריטער מעלוכע-דומע און אַף די וואַלן צו איר, וועלכער איז אויסגעדריקט אין אָט דער רעזאָלוציע".

לעגינס-אָנמערקונג

באַדינגונגען, באַ וועלכע, ווי עס האָט שוין באַוויזן איצט די דערפאַרונג אין דער רוסישער רעוואָלוציע, עס איז אַנוועדבאַר יענער אייגנאַרטיקער מיטל, וואָס מע רופט באָיקאָט. ווער עס וועט אורטיילן וועגן באָיקאָט, ניט דיסקאָנטירנדיק די צוויי־יאָריקע דערפאַרונג פון אונזער רעוואָלוציע, ניט אַריינטראַכטנדיק זיך אין דערדאָזיקער דערפאַרונג, וועגן יענעם וועט אויסקומען צו זאָגן, אַז ער האָט אַסאַך פאַרגעסן און גאָרניט אויסגעלערנט זיך. אין אונזער אַנאַליז פון דער פראַגע וועגן באָיקאָט וועלן מיר אָנהויבן טאַקע פון דעם פרוּוו צו אַנאַליזירן דידאָזיקע דערפאַרונג.

I

די גרעסטע דערפאַרונג פון אונזער רעוואָלוציע אין אַנווענדן דעם באָיקאָט איז, בליסאָפּעק, געווען דער באָיקאָט פון דער בוליגינישער דומע. דערדאָזיקער באָיקאָט איז, כוץ דעם, געקרוינט געווען מיט אַ פולן און סאַמע אומיטלבאַרן דערפאָלג. דעריבער דאַרף אונזער ערשטע אויפגאַבע זיין — אַנאַליזירן די היסטאָרישע באַדינגונגען פון דעם באָיקאָט פון דער בוליגינישער דומע.

ווען מיר באַטראַכטן דידאָזיקע פראַגע, טרעטן גלייך אַרויס צוויי אומשטענדן אויפן ערשטן פּלאַן. ערשטנס, איז דער באָיקאָט פון בוליגינס דומע געווען אַ קאַמף קעגן דעם, אַז אונזער רעוואָלוציע זאָל אַריבערגיין (זאָל זיין אַפילע צייטווייליק) אויפן וועג פון אַ מאָנאַרכישער קאָנסטיטוציע. צווייטנס, איז דערדאָזיקער באָיקאָט פאָרגעקומען באַ דער סיטואַציע פון אַ ברייטסטן, אַלגעמיינעם, שטאַרקן, שנעלן רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג.

לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף דעם ערשטן אומשטאַנד. יעדער באָיקאָט איז אַ קאַמף ניט אויפן באָדן פון דער געגעבענער איינריכטונג, נאָר קעגן איר אַנטשטייאונג, רייִדנדיק אַביסל ברייטער, קעגן דער רעאַליזירונג פון דער געגעבענער איינריכטונג. דעריבער איז יעדערער, ווער עס האָט, ווי פּלעכאַנאָוו און אַסאַך אַנדערע מענשעוויקעס, געקעמפט קעגן באָיקאָט דורך אַלגעמיינע בקירעס וועגן דעם, אַז אַ מאַרקסיסט מוז אויסנוצן די פאַרטרעטונגס־אינסטיטוציעס, דער האָט דערמיט אַרויסגעוויזן בלויז לעבערלעכע דאָקטרינערעריי. בקירען זיך אויף אַזאַ אויפן — האָט באַטייט דורך איבערקייען אומבאַשטרייטבאַרע עמעסן אַרומגיין דעם טאָך פון דער שטרייט־פראַגע. עס איז אומבאַשטרייטבאַר, אַז אַ מאַרקסיסט דאַרף אויסנוצן פאַרטרעטונגס־אָרגאַנען. צי דרינגט אָבער דערפון אַרויס, אַז אַ מאַרקסיסט קאָן ניט שטיין באַ געוויסע באַדינגונגען פאַר אַ קאַמף ניט אויפן באָדן פון דער געגעבענער אינסטיטוציע, נאָר קעגן דעם, אַז דידאָזיקע אינסטיטוציע זאָל איינגעפירט ווערן אין לעבן? ניין, עס דרינגט ניט אַרויס, דערפאַר ווייל אויף די אַלגעמיינע בקירע האָט אַ שאַיכעס בלויז צו יענע פאַלן, ווען פאַר דעם קאַמף קעגן דעם עצעם אַנטשטיין פון אַזאַ מין

אינסטיטוציע איז קיין פּלאַץ ניטאָ. די שטרייטיקייט פון דער פראַגע וועגן באָיקאָט באַשטייט אָבער טאַקע אין דעם, צי איז דאָ אַ פּלאַץ פאַרן קאַמף קעגן דעם עצעם אַנטשטיין פון אַזעלכע אינסטיטוציעס. פּלעכאַנאָוו און קאָמפּ. האָבן מיט זייערע אַרגומענטן קעגן דעם באָיקאָט אַרויסגעוויזן, אַז זיי פאַרשטייען ניט די עָצעם שטעלונג פון דער פראַגע.

ווייטער. אויב יעדער באָיקאָט באַטייט אַ קאַמף ניט אָפּן באָדן פון דעם געגעבענעם אַנשטאַלט, נאָר קעגן איינפירן אים אין לעבן, איז דער באָיקאָט פון בוליגינס דומע געווען, כוץ דעם, אַ קאַמף קעגן איינפירן אין לעבן אַ גאַנצע סיסטעם פון איינריכטונגען פון מאָנאַרכיש-קאָנסטיטוציאָנעלן טיפּ. דאָס 1905 יאָר האָט באַשיימפּערלעך באַוויזן, אַז עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט פון אומיטלבאַרן מאַסן-קאַמף אין דער פאָרם פון אַלגעמיינע שטרייקן (די שטרייק-כוואַליע נאָך דעם 9-טן יאַנוואַר) און מיליטער-אויפשטאַנדן („פּאָטיאָמקין"). דער אומיטלבאַרער רעוואָלוציאָנערער קאַמף פון די מאַסן איז, הייסט עס, געווען אַ פאַקט. פון דער צווייטער זייט, איז אַ פאַקט געווען אויך דער געזעץ פון 6-טן אַווגוסט*, וועלכער האָט זיך געפּרוּווט אַריבערפירן די באַוועגונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן (אין דעם אומיטלבאַרסטן און שמאָלן זין פון דעם וואָרט) וועג אָפּן וועג פון מאָנאַרכיסטישער קאָנסטיטוציע. אביעקטיוו איז אוממפאַרמיידלעך געווען דער קאַמף צווישן דעם און יענעם וועג: צווישן דעם וועג פון אומיטלבאַרן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די מאַסן און דעם וועג פון מאָנאַרכיסטישער קאָנסטיטוציע. עס איז פאָרגעשטאַנען, אַזוי צו זאָגן, די אויסוואַל פונם וועג פון דער נאָענטסטער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע; באַשלאָסן האָט דערביי די אויסוואַל, פאַרשטייט זיך, ניט דער ווילן פון די אָדער יענע גרופּן, נאָר די קראַפט פון די רעוואָלוציאָנערע און קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע קלאַסן. די קראַפט אָבער האָט מען געקאָנט אויסמעסטן און אויספּרוּוון בלויז אין קאַמף. דער לאָזונג פון באָיקאָט פון בוליגינס דומע איז טאַקע געווען דער לאָזונג פון קאַמף פאַר דעם וועג פון אומיטלבאַר-רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן דעם קאָנסטיטוציאָנעל-מאָנאַרכישן וועג. אויך אָפּן לעצטן וועג, פאַרשטייט זיך, איז מעגלעך געווען אַ קאַמף און ניט נאָר מעגלעך, נאָר אויך אוממפאַרמיידלעך. אויך אָפּן באָדן פון אַ מאָנאַרכישער קאָנסטיטוציע איז מעגלעך די פאָרזעצונג פון דער רעוואָלוציע און די צוגרייטונג פון אַ נייעם אויפשטייג אירן; אויך אָפּן באָדן פון אַ מאָנאַרכישער קאָנסטיטוציע איז מעגלעך און איז אָבליגאַטאָריש דער קאַמף פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

*) דער געזעץ פון 6 אַווגוסט 1905 יאָר האָט איינגעפירט אַ מעלוכע-דומע מיט געזעץ באַראַטנדיקע פונקציעס. און מיט אַ זייער באַגרענעצטן קרייז וויילער. די דאָזיקע דומע איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „בוליגינישע" (לויטן נאָמען פון דעמאָלטיקן מיניסטער פון אינערן).
איבערז.

— אָט דער אַלעפּביים-עמעס, וועלכן עס האָבן אַזוי פלייסיק און אַזוי ניט־פּאַסיק דערוויזן אין 1905 יאָר אַקסעלראָד און פּלעכאַנאָוו, בלייבט אַן עמעס. נאָר די היסטאָריש אַוועקגעשטעלטע פראַגע איז דעמאָלט געווען אַן אַנדערע: די כּקירעס פון אַקסעלראָדן און פּלעכאַנאָוון זיינען געווען „ניט אַף דער טעמע“ אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, זיי האָבן פאַרביטן אַ פראַגע, וועלכע איז היסטאָריש אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַף דער לייזונג פון די קעמפנדיקע קויכעס, מיט אַ פראַגע, וואָס איז גענומען פון דער לעצטער אויסגאַבע פון אַ דייטשישן סאָציאַל-דעמאָקראַטישן לערנבוך. היסטאָריש איז אומפאַרמיידלעך פאַרגעשטאַנען דער קאַמף פאַר דעם אויסוואַל פון דעם וועג פאַרן קאַמף אין דער נאָענטסטער צוקונפט. צי וועט די אַלטע מאַכט צונויפרופן די ערשטע פאַרטרעטונגס-איינריכטונג אין רוסלאַנד און וועט אַף אַזאַ אויפן, אַף אַ געוויסער צייט (עס קאָן זיין, אַף אַ זייער קורצער צייט; עס קאָן זיין, אַף אַ פאַרהעלטניסמעסיק לענגערער צייט) אַריבערפירן די רעוואָלוציע אַף אַ מאָנאַרכיש-קאָנסטיטוציאָנעלן וועג, אָדער דאָס פאָלק וועט דורך אַ דירעקטן דראַנג אַראָפּוואַרפן, — אַף דעם ערגסטן פאַל: צעטרייסלען, — די אַלטע מאַכט, עס וועט בא איר אָפּנעמען די מעגלעכקייט אַריבערצופירן די רעוואָלוציע אַפן מאָנאַרכיש-קאָנסטיטוציאָנעלן וועג און וועט זיכערן (ווידער טאַקע אַף אַ מער אָדער ווייניקער לאַנגער צייט) דעם וועג פון אומיטלבאַרן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די מאַסן? אָט וואָס פאַר אַ פראַגע, וועלכע איז אין איר צייט ניט באַמערקט געוואָרן פון אַקסעלראָדן און פּלעכאַנאָוון, עס האָט זיך געשטעלט אין האַרבסט 1905 יאָר פאַר די רעוואָלוציאָנערע קלאַסן פון רוסלאַנד. די אַגיטאַציע פון אַקטיוון באָיקאָט דורך דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז טאַקע געווען די פאָרם פון אַוועקשטעלן דידאָזיקע פראַגע, די פאָרם פון באַוואוסטזיניקער שטעלונג פון דער פראַגע דורך דער פּאַרטיי פון דעם פּראָלעטאַריאַט, דער לאָזונג פון קאַמף פאַר דער אויסוואַל פון דעם וועג פאַרן קאַמף.

די פריידיקער פון אַקטיוון באָיקאָט, די באָלשעוויקעס, האָבן ריכטיק פאַרשטאַנען די פראַגע, וועלכע איז געווען אַוועקגעשטעלט אָביעקטיוו פון דער געשיכטע. דער אָקטיאַבער—דעקאַבער-קאַמף פונם יאָר 1905 איז געווען ווירקלעך אַ קאַמף פאַר דער אויסוואַל פון דעם וועג פאַר דעם קאַמף. דער מאַזל פון אָט דעם קאַמף האָט זיך געביטן אין פאַרלויף פון קאַמף: צוערשט האָט גוויוער געווען דאָס רעוואָלוציאָנערע פאָלק, עס האָט אַרויסגעריסן בא דער אַלטער מאַכט די מעגלעכקייט טייקעף אַריבערצופירן די רעוואָלוציע אַף מאָנאַרכיש-קאָנסטיטוציאָנעלע רעלסן, עס האָט געשאַפן אַפן אָרט פון פאַרטרעטונגס-אינסטיטוציעס פון פּאָליציי-איש-ליבעראַלן טיפּ אויך פאַרטרעטונגס-אָרגאַנען פון אַ ריין רעוואָלוציאָנערן טיפּ, ראַטן פון אַרבעטער-דעפּוטאַטן און אַז. וו. דער אָק-

טאַיבר—דעקאַברשער פעריאָד איז געווען אַ פעריאָד פון מאַקסימאַלער פרייהייט, פון מאַקסימאַלער זעלבסטעטיקייט פון די מאַסן, פון מאַקסימאַלער ברייטקייט און שנעלקייט פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אַף אַ באָדן, וואָס איז אָפגערייניקט געוואָרן דורך דעם פאָלקס-דראַנג פון מאָנאַרכיש-קאָנסטיטוציאָנעלע איינריכטונגען, געזעצן און אָנהאַלטן, אַף אַ באָדן פון „צווישן-מאַכט“, ווען די אַלטע מאַכט איז *שוין* געווען מאַכטלאָז, און די רעוואָלוציאָנערע מאַכט פון פאָלק (די ראַטן פון אַרבעטערשע, פויערשע, סאָלדאַטישע דעפוטאַטן און אַז. וו.) איז *נאָך ניט* גענוג שטאַרק געווען אַף פולשטענדיק צו פאַרבייטן די אַלטע מאַכט. דער דעקאַבר-קאַמף האָט געלייזט די פראַגע אין אַן אַנדער זייט: די אַלטע מאַכט האָט געזיגט, אָפשלאָגנדיק דעם דראַנג פונם פאָלק, איינהאַלטנדיק די פאָזיציעס פאַר זיך. אָבער, זעלבסטפאַרשטענדלעך, עס איז נאָך דאַן ניט געווען קיין גרונט צו רעכענען דעם דאָזיקן זיג פאַר אַן אַנטשיידענעם זיג. דער דעקאַבר-אויפשטאַנד פון 1905-טן יאָר האָט געהאַט זיין פאָרזעצונג אין דער פאָרם פון אַ גאַנצער ריי אָפגעזונדערטע און טיילווייזע מיליטער-אויפשטאַנדן און שטרייקן זומער 1906 יאָר. דער לאָזונג פון באָיקאָט פון דער וויטעשער דומע איז געווען אַ לאָזונג פון קאַמף פאַר קאָנצענטרירן און פאַראַלגעמיינערן דידאָזיקע אויפשטאַנדן.

דער ערשטער אויספיר, הייסט עס, וואָס שטאַמט פון דעם אַנאַליז פון דער דערפאַרונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע מיטן באָיקאָט פון בוליגינס דומע, באַשטייט אין דעם, וואָס דער אָביעקטיווער אונטערשלאַק פון דעם באָיקאָט איז געווען דער קאַמף, וועלכן די געשיכטע האָט אוועקגעשטעלט אַפן טאָג-סיידער, פאַר דער פאָרם פון דעם נאָענטסטן אַנטוויקלונגס-וועג; דער קאַמף פאַר דעם, ווער וועט צונויפרופן די ערשטע פאַרטרעטונגס-פאַרזאַמלונג אין רוסלאַנד, — די אַלטע מאַכט אָדער די נייע, פון זיך אַליין געשאַפענע פאָלקס-מאַכט; דער קאַמף פאַר אַ אומיטלבאַר-רעוואָלוציאָנערן וועג אָדער (אַף אַ געוויסער צייט) פאַרן וועג פון אַ מאָנאַרכישער קאָנסטיטוציע.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם שטייט די פראַגע, וואָס פלעגט אָפט אַרויפשווימען אין דער ליטעראַטור און וואָס שווימט שטענדיק אַרויף בא דער באַהאַנדלונג פון דער טעמע, וואָס מיר באַטראַכטן דאָ, די פראַגע וועגן דער פראָסטקייט, קלאָרקייט און „גראַדליניקייט“ פון דעם לאָזונג פון באָיקאָט, און אויך די פראַגע וועגן אַ גלייכן און זיגזאַג-אַרטיקן וועג פון דער אַנטוויקלונג. דאָס אומיטלבאַרע אַראָפוואַרפן אָדער, אין ערגסטן פאַל, דאָס לויז-מאַכן און די אַנטקרעפטונג פון דער אַלטער מאַכט, דאָס אומיטלבאַרע שאַפן נייע מאַכט-אָרגאַנען דורכן פאָלק — דאָס אַלץ איז בליסאָפעק, *דער גלייכסטער וועג*, דער סאַמע גינסטיקער פאַרן פאָלק, נאָר דערפאַר אַזאַ, וואָס פאָדערט אויך זייער אַ גרויסע

קראַפּט. בּאַ אַ גרויסער איבּערוועגנדיקער קראַפּט קאָן מען זיגן אויך דורך אַ דירעקטער פראָנטאַלער אַטאַקע. ווען עס פעלן קויכעס, קאָנען זיך פאַ־דערן אויך אַרומיקע וועגן, אויסוואַרטונגען, זיגזאַגן, צוריקטריטן א. אַ. וו., און ד. גל. דער וועג פון אַ מאַנאַרכישער קאָנסטיטוציע שליסט לאַכלוטן ניט אויס, פאַרשטייט זיך, קיין רעוואָלוציע, די עלעמענטן פון וועלכער דערדאַזיקער וועג גרייט אויך צו און אַנטוויקלט אַף אַ אומדירעקטן אויפן, נאָר אַט דער וועג איז אַ לענגערער, אַ זיגזאַגאַרטיקער.

דורך דער גאַנצער מענשעוויסטישער ליטעראַטור, באַזונדערס פון 1905 יאָר (ביז אָקטיאַבר) גייט דורך מיט אַ רויטן פאָדעם די באַשולדי־קונג פון די באָלשעוויקעס אין „גראַדליניקייט“, זיי לערנען דאָרט די באָל־שעוויקעס, אַז מע דאַרף זיך רעכענען מיטן זיגזאַג־וועג, מיט וועלכן עס גייט די געשיכטע. דערדאַזיקער שטריך פון דער מענשעוויסטישער ליטע־ראַטור איז אויך אַ מוסטער פון אַ כקירע וועגן דעם, אַז פערד עסן האָבער און אַז די וואָלגאַ פאַלט אַריין אין קאַספּישן יאַם, — אַ כקירע, וואָס פאַר־מיסטיקט דורך איבּערקייען דאָס שטרייטלאָזע — דעם טאָך פון דעם, וואָס עס איז שטרייטבּאַר. אַז די געשיכטע גייט געוויינלעך מיט אַ זיגזאַג־וועג, און אַז אַ מאַרקסיסט דאַרף קאָנען רעכענען זיך מיט די פאַרפּלאָנ־טערטסטע און קאָמפּליצירטסטע זיגזאַגן פון דער געשיכטע, — דאָס איז שטרייטלאָז. נאָר דאָסדאָזיקע שטרייטלאָזע מאַלעגיירע זיין האָט אַבּסאָ־לוט קיין שאַיכעס ניט צו דער פראַגע וועגן דעם, וואָס דאַרף טאָן אַ מאַרק־סיסט, ווען דיזעלבּע געשיכטע שטעלט פאַר די קעמפנדיקע קויכעס די לייזונג פון דער פראַגע וועגן אויסוויילן אַ גלייכן אָדער אַ זיגזאַג־אַרטיקן וועג. אין אַזעלכע מאָמענטן אָדער אין אַזעלכע פעריאָדן, ווען דאָס טרעפט אַזוי, איז אָפּקומען מיט כקירעס וועגן דער געוויינלעכער זיגזאַג־אַרטיקייט פון דער געשיכטע, — הייסט דאָפּקע — פאַרוואַנדלען זיך אין אַ מענטשן אין אַ שיידל און פאַרטיפן זיך אין באַטראַכטן יענעם עמעס, אַז פערד עסן האָבער. רעוואָלוציאָנערע פעריאָדן זיינען אָבער הויפּטזאַכלעך גראַד יע־נע פעריאָדן פון דער געשיכטע, ווען אין פאַרהעלטניסמעסיק קורצע צייט־אָפּשניטן לייזט דער צוזאַמענשטויס פון די קעמפנדיקע געזעלשאַפטלעכע קויכעס די פראַגע וועגן דעם, וועלכן וועג פון אַנטוויקלונג, דעם גלייכן אָדער דעם זיגזאַג־אַרטיקן, אַף אַ פאַרהעלטניסמעסיק זייער לאַנגער צייט — זאָל דאָס לאַנד וויילן. די נויטווענדיקייט צו רעכענען זיך מיט דעם זיגזאַג־וועג באַזייטיקט לאַכלוטן ניט דאָס, וואָס די מאַרקסיסטן דאַרפן קענען אויפקלערן די מאַסן אין אַנטשיידנדיקע מאָמענטן פון זייער גע־שיכטע, אַז עס איז בעסער צו וויילן דעם גלייכן וועג, זיי דאַרפן קענען העלפן די מאַסן אין דעם קאַמף פאַר דער אויסוואַל פון דעם גלייכן וועג, געבּן לאָזונגען פון אַזאַ קאַמף און אַזוי ווייטער. און בלויז האָפענונגסלאָזע פילימטערן און גאָר טעמפּע פעדאַנטן וואָלטן געקאָנט נאָך דעם, ווי

עס *האָבן זיך פֿאַרענדיקט* די אַנטשליסנדיקע היסטאָרישע שלאַכטן, וואָס האָבן באַשטימט דעם זיגזאַג־אַרטיקן וועג, אַנשטאַט דעם גלייכן, מאַכן אַ געלעכטערל איבער יענעם, ווער עס האָט ביזן סאָף גע־קעמפֿט פֿאַר דעם גלייכן וועג. דאָס וואָלט ענלעך געווען צו דעם געלעכ־טערל פֿון די דייטשישע קאַזיאָנע־פּאָליציייאישע היסטאָריקער, ווי טרייטשקע לעמאָשל, איבער די רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען און דער רעוואָלו־ציאָנערער גראַדליניקייט פֿון מאַרקסן אין 1848 יאָר.

די באַציאונג פֿון דעם מאַרקסיזם צו דעם זיגזאַג־וועג פֿון דער גע־שיכטע איז דיזעלבע, אין טאָך אַריין, ווי זייער באַציאונג צו קאָמפּראָ־מיסן. יעדער זיגזאַג־קער פֿון דער געשיכטע איז אַ קאָמפּראָמיס, אַ קאָמ־פּראָמיס צווישן דעם אַלטן, וואָס איז ניט גענוג שטאַרק אָף אינגאַנצן אָפּ־צולייקענען דאָס נייע, און צווישן דעם נייעם, וואָס איז ניט גענוג שטאַרק אינגאַנצן אַראָפּצוואַרפֿן דאָס אַלטע. דער מאַרקסיזם פֿאַרשווערט זיך ניט פֿון קאָמפּראָמיסן, דער מאַרקסיזם האַלט פֿאַר נויטיק אויסצונוצן זיי, נאָר דאָס שליסט לאַכלוטן ניט אויס, אַז דער מאַרקסיזם, אַלס לעבעדיקער און ווירקנדיקער היסטאָרישער קויעך, קעמפֿט מיט זיין גאַנצער ענערגיע קעגן קאָמפּראָמיסן. ווער עס קאָן ניט פֿאַרשטיין אָט דעם, קלוימערשט ווידערשפּרוך, דער ווייס ניט דעם אַלעפֿבייס פֿון מאַרקסיזם.

ענגעלס האָט אַמאָל אויסגעדריקט זייער אַנשוילעך, קלאָר און קורץ די באַציאונג פֿון דעם מאַרקסיזם צו קאָמפּראָמיסן, נעמלעך אין דעם אַר־טיקל וועגן דעם מאַניפֿעסט פֿון די בלאַנקיסטן — די אַנטלאָפֿענע פֿון דער קאָמונע (1873 י.)*. די בלאַנקיסטן, די אַנטלאָפֿענע פֿון דער קאָמונע, האָבן געשריבן אין זייער מאַניפֿעסט, אַז זיי דערלאָזן ניט קיינע קאָמפּראָמיסן. ענגעלס האָט געלאַכט פֿון דעמדאָזיקן מאַניפֿעסט. ניט וועגן דעם האַנדלט עס זיך, — האָט ער געזאָגט, — אַז מיר זאָלן זיך פֿאַרשווערן אויסצונוצן קאָמפּראָמיסן, אָף וועלכע עס *פֿאַרורטיילן אונז די אומשטענדן* (אָדער צו וועלכע עס צווינגען אונז די אומשטענדן: איך דאַרף זיך אַנטשולדיקן פֿאַרן לעזער, וואָס איך דאַרף ציטירן אָפֿן זיקאָרן, ניט האָבנדיק די מעגלעכקייט אַריינצוקוקן אין טעקסט). עס האַנדלט זיך וועגן דעם, אַז מע זאָל קלאָר באַגרייפֿן די ווירקלעכע רעוואָלוציאָנערע צילן פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט און מע זאָל קאָנען פֿאַרפֿאָלגן זיי דורך אַלע און יעדע אומשטענדן, זיגזאַגן און קאָמפּראָמיסן.

בלויז פֿון אָט דעם שטאַנדפּונקט קאָן מען אָפּשאַצן די פּראָסטקייט, אָפֿנקייט און קלאָרקייט פֿון דעם באַיקאָט, אַלס לאָזונג, וואָס אַפּעלירט

* דערדאָזיקער אַרטיקל איז אַריין אין דעם דייטשישן זאַמל־בוך „Internatiouales aus dem Volksstaat“ רוס. איבערז. „Статья из Volksstaat изд. „Знание“

לעניגס אַנמערקונג

צו די מאַסן. אַלע אָנגעוויזענע מאָמענטן פון אָט דעם לאָזונג זיינען גוט ניט אָן און פאַר זיך, נאָר אַף אַזויפיל, אַף וויפל אין דער אָביעקטיווער סי־טואַציע, אין וועלכער דערדאָזיקער לאָזונג ווערט אָנגעווענדט, זיינען פאַראַן באַדינגונגען פון קאַמף פאַר דער אויסוואַל פון אַ גלייכן אָדער אַ זיגזאַג־אַרטיקן וועג פון אַנטוויקלונג. אין דער עפּאָכע פון בוליגינס דומע איז דערדאָזיקער לאָזונג געווען אַ ריכטיקער און דער איינציק־רעוואָלו־ציאָנערער לאָזונג פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי ניט דערפאַר, וואָס ער איז געווען דער פּאַשעטסטער, אָפנסטער און קלאָרסטער, נאָר דערפאַר, ווייל די היסטאָרישע באַדינגונגען האָבן דאַן אַוועקגעשטעלט פאַר דער אַרבע־טער־פּאַרטיי די אויפגאַבע אַנטיילצונעמען אין קאַמף פאַר אַ פּאַשעטן און גלייכן רעוואָלוציאָנערן וועג קעגן דעם זיגזאַג־אַרטיקן וועג פון אַ מאָנאַר־כישער קאָנסטיטוציע.

פרעגט זיך, אין וואָס איז דער קריטעריום פון דעם, אַז דאַן זיינען געווען ספּעציעלע היסטאָרישע באַדינגונגען? אין וואָס באַשטייט דער הויפּט־סימען פון יענער ספּעציפישקייט אין דער אָביעקטיווער לאַגע, וועלכע האָט געמאַכט דעם פּאַשעטן, אָפענעם און קלאָרן לאָזונג ניט פאַר קיין פראַזע, נאָר פאַר דעם איינציקן לאָזונג, וואָס אַנטשפּרעכט דעם ווירק־לעכן קאַמף? צו אָט דער פראַגע וועלן מיר איצט טאַקע אריבערגיין.

II

ווען מע קוקט צוריק, אַפן פאַרענדיקטן שוין קאַמף (פאַרענדיקטן לעכאַלאַפּאַכעס אין זיין דירעקטער און אומיטלבאַרער פאָרם), דאַן, פאַר־שטייט זיך, איז זייער לייכט צו דיסקאַנטירן דעם אַלגעמיינעם סאַכאַקל פון די פאַרשיידענע ווידערשפּרעכלעכע סימאָנים און סימפּטאָמען פון דער עפּאָכע. דער אויסגאַנג פון קאַמף לייזט אַלץ מיטאַמאָל און ער באַ־זייטיקט זייער פּאַשעט יעדע ספּייקעס. מיר דאַרפן אָבער איצט באַשטימען אַזעלכע סימאָנים פון דער דערשיינונג, וועלכע זאָלן אונז העלפן פאַנאַנ־דערקלייבן זיך אין דער לאַגע פ אַ ר דעם קאַמף, ווייל מיר ווילן אָנווענדן די לעקציעס פון דער היסטאָרישער דערפאַרונג צו דער 3־טער דומע. מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן, אַז אַלס באַדינג פאַרן דערפאָלג פון דעם באָי־קאָט אין 1905 יאָר איז געווען דער ברייטסטער, אַלגעמיינער, שטאַרקער און שנעלער רעוואָלוציאָנערער אויפשטייג. מע דאַרף איצט באַטראַכטן, ערשטנס, אין וואָס פאַר אַ פאַרבינדונג עס שטייט דער באַזונדערס שטאַר־קער אויפשטייג פונם קאַמף מיטן באָיקאָט, און צווייטנס, וועלכע זיינען די כאַראַקטעריסטישע שטריכן און די אייגנטימלעכע סימאָנים פון אַ באַ־זונדערס שטאַרקן אויפשטייג.

דער באָיקאָט איז, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, אַ קאַמף ניט אַפן באָדן פון דער געגעבענער אינסטיטוציע, נאָר קעגן איר אַנטשטייאונג.

יעדע געגעבענע אינסטיטוציע קאָן שטאַמען בלויז פון דער שוין עקזיסטירנדיקער, ד. ה. פון דער אַלטער מאַכט. הייסט עס, אַז דער באָיקאָט איז אַזאַ קאַמפּס-מיטל, וואָס איז גערינכטעט אומיטלבאַר אַף אַראָפּצוּוואַרפן די אַלטע מאַכט אָדער, אין ערגסטן פאַל, ד. ה. ווען עס פעלט געגוג דראַנג אַף אַראָפּצוואַרפן, אַף אַזויפיל אָפּשוואַכן זי, אַז זי זאָל ניט קאָנען זיכערן די שאַפונג פון דערדאָזיקער אינסטיטוציע, זי זאָל ניט קאָנען דורכפירן זי אין לעבן*. הייסט עס, אַז דער באָיקאָט פאָדערט פאַר זיין דערפאָלג אַן אומיטלבאַרן קאַמף מיט דער אַלטער מאַכט, אַן אויפשטאַנד קעגן איר און אַ מאַסנווייזעם ניט אונטערוואַרפן זיך איר אין אַ גאַנצער ריי פאַלן (אַזאַ מאַסנווייזעם ניט אונטערוואַרפן זיך איז איינע פון די באַדינגונגען, וואָס גרייטן צו דעם אויפשטאַנד). באָיקאָט באַטייט, אַז מע זאָגט זיך אָפּ צו אנערקענען די אַלטע מאַכט, און, פאַרשטייט זיך, אַז מע זאָגט זיך אָפּ ניט בלויז אַף ווערטער, נאָר אויך אין דער טאַט, ד. ה. אַז דער אָפּזאָג דריקט זיך אויס ניט בלויז אין אויסרופן אָדער אין לאָזונגען פון אָרגאַניזאַציעס, נאָר אין אַ געוויסער באַוועגונג פון פ אָ ל ק ס-מ א ס ן, וואָס זיינען סיסטעמאַטיש אויוועער אַף די געזעצן פון דער אלטער מאַכט. וואָס שאַפן סיסטעמאַטיש נייע, קעגנזעצלעכע, נאָר פאַקטיש עקזיסטירנדיקע איינריכטונגען און אַז. וו., און אַז. וו. דער צוזאַמענהאַנג פון דעם באָיקאָט מיט אַ ברייטן רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג איז, אַף אַזאַ אויפן, קלאָר: דער באָיקאָט איז דאָס סאַמע אַנטשיידענע קאַמפּס-מיטל, וואָס וואַרפט אָפּ ניט בלויז די פאָרמען פון דער אָרגאַניזאַציע פון דער געגעבענער אינסטיטוציע, נאָר די עצעם עקזיסטענץ אירע. באָיקאָט באַטייט אַ קריגס-דערקלערונג דער אַלטער מאַכט, אַ דירעקטע אַטאַקע אַף איר. אָן אַ ברייטן רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג, אָן אַ מאַסן-אויפשטייג, וואָס גיסט זיך אומעטום איבער, אַזוי צו זאָגן, איבערן ראַנד פון דער אַלטער לעגאַלקייט, קאָן אַפילע קיין רייד ניט זיין וועגן אַ דערפאָלג פון באָיקאָט.

איבערגייענדיק צו דער פראַגע וועגן דעם כאַראַקטער און וועגן די סימאָנים פון אויפשטייג אין הארבסט 1905 יאָר, וועלן מיר לייכט דערזען, אַז דאַן איז פאָרגעקומען אַ מאַסנווייזער און אומויפהערלעכער אָ נ ג ר י ף פון דער רעוואָלוציע, וועלכע איז סיסטעמאַטיש אָנגעפאַלן און האָט געדריקט אַף דעם סוינע. די רעפּרעסיעס האָבן ניט קלענער גע-

---

* אין טעקסט האַנדלט זיך אומעטום וועגן אַן אקטיוון באָיקאָט, ד. ה. ניט וועגן פּאָשעט באַזייטיקן זיך פון אנטייל אין די אונטערנעמונגען פון דער אַלטער מאַכט, נאָר וועגן אַ דראַנג אַף דערדאָזיקער מאַכט. די לעזער, וואָס זיינען ניט באַקענט מיט דער ס.-ד. ליטעראַטור פון דער עפּאָכע פון באָיקאָט פון בוליגינס דומע, זיי דאַרף מען דערמאַנען, אַז די ס.-ד. האָבן דאַן דירעקט גערעדט וועגן אַן אַ ק ט י ו ו ן באָיקאָט, קעגנשטעלנדיק אים קאַטעגאָריש דעם פּאַסיוון באָיקאָט, אַפילע נאָך מער: קאַטעגאָריש פאַרבינדנדיק דעם אַקטיוון באָיקאָט מיט א באַוואָפנטן אויפשטאַנד.

לעני נס-אָנמערקונג

מאַכט, נאָר זיי האָבן פֿאַרברייטערט די באַוועגונג. נאָך דעם 9־טן יאַנוואַר איז אַוועק אַ גיגאַנטישע שטרייק־כוואַליע, באַריקאַדן אין לאָדז, דער אויפֿשטאַנד פֿון „פּאָטיאָמקין“. אין דעם געביט פֿון פּרעסע, אין דעם געביט פֿון פֿאַריינען, אין דעם לער־געביט, אומעטום זיינען איבערגעשניטן געוואָרן די לעגאַלע ראַמען, וועלכע די מאַכט האָט איינגעשטעלט, זיי זיינען איבערגעשניטן געוואָרן סיסטעמאַטיש, און איבערגעשניטן האָבן זיי ניט בלויז „רעוואָלוציאָנערן“, נאָר פּאָשעטע בירגער, ווייל די אַלטע מאַכט איז ווירקלעך אָפּגעשוואַכט געווען, ווייל זי האָט ווירקלעך אַרויסגעלאָזן פֿון אירע זקיינישע הענט די לייצעס. אַ באַזונדערס בוילעטער און אומפֿעלערהאַפֿט (פֿון שטאַנדפּונקט פֿון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס) באַווייזער פֿון דער קראַפֿט פֿון דעם אויפֿשטייג איז געווען דאָס, וואָס די לאָזונגען פֿון די רעוואָלוציאָנערן פֿלעגן ניט נאָר ניט בלייבן אָן אַ אָפּקלאַנג, נאָר זיי פֿלעגן דירעקט אָ פּ ש ט יי ן פֿון לעבן. סאַי דער 9־טער יאַנוואַר, סאַי די מאַסן־שטרייקן נאָך אים, סאַי „פּאָטיאָמקין“, — די אַלע דערשיינונגען זיינען געגאַנגען פֿאָרויס פֿאַר די אומיטלבאַרע צורופֿן פֿון די רעוואָלוציאָנערן. אַזאַ ר ו ף פֿון זייער זייט, וועלכן די מאַסן זאָלן באַגעגענען פּאַסיוו, שווייגנדיק, מיט אָן אָפּזאָג פֿון קאַמף א י ז נ י ט ג ע ו ו ע ן א י ן 1905 י אָ ר. באַ אַזאַ סיטואַציע איז דער באָיקאָט געווען אַ נאַטירלעכער צ ו ג אָ ב צו דער עלעקטריזירטער אַטמאָספֿער. דער דאָזיקער לאָזונג האָט דאַן גאָרניט „אויסגעטראַכט“, ער האָט בלויז פֿאָרמולירט פּינקטלעך און ריכטיק דעם אויפֿשטייג, וואָס גייט אַלץ פֿאָרויס און פֿאָרויס, וואָס גייט צו אַ דירעקטן אָנגריף. אין דער לאַגע פֿון „אויסקלערער“ זיינען, פֿאַרקערט, געווען אונזערע מענשעוויקעס, וועלכע האָבן זיך באַזייטיקט פֿון דעם רעוואָלוציאָנערן אויפֿשטייג און האָבן זיך געלאָזן פֿאַרפֿירן פֿון די פּוסטע האָפֿטאָכעס פֿון דעם קייסער אין דער פֿאָרם פֿון דעם מאַניפֿעסט אָדער געזעץ פֿון 6־טן אָווגוסט און האָבן אָנגענומען פֿאַר גוט געלט דעם צ ו ג ע ז אָ ג ט ן איבערגאַנג אַף קאָנסטיטוציאָנעל־מאָנאַרכישע רעלסן. די מענשעוויקעס (און פֿאַרוואָס) האָבן דאַן געבויט זייער טאַקטיק ניט אַפֿן פֿאַקט פֿון דעם סאַמע ברייטן, שטאַרקן און שנעלן רעוואָלוציאָנערן אויפֿשטייג, נאָר אַף דעם צאַרס האָפֿטאָכע איבערצוגיין אַף קאָנסטיטוציאָנעל־מאָנאַרכישע רעלסן! עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אַזאַ פּאָליטיק האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ לעכערלעכן און קלאָגעדיקן אָפּאָרטוניזם. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אין אַלע מענשעוויסטישע בקיעס וועגן באָיקאָט ווערט איצט זאָרגזאַם אַרויסגעוואָרפֿן דער אַנאַליז פֿון דעם באָיקאָט פֿון בוליגינס דומע, ד. ה. די גרעסטע דערפֿאַרונג פֿון באָיקאָט אין דער רעוואָלוציע. עס איז אָבער ווייניק נאָך צו אָנערקענען דעמדאָזיקן עפּשער גרעסטן פֿעלער פֿון די מענשעוויקעס אין דער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק. מע דאַרף זיך געבן אַ קלאָרן חשבון אין דעם,

אַז דער קוואַל פון אַט דעם פעלער איז געווען דאָס ניט־פאַרשטיין די *אָביעקטיווע* זאַכלאַגע, וועלכע האָט געמאַכט דעם רעוואָלוציאָנערן *אויפשטייג* פאַר אַ ווירקלעכקייט, און דעם קאָנסטיטוציאָנעל־מאָנאַרכישן קער פאַר אַ פוסטער פּאָליציייאישער האַפּטאָכע. ניט דערפאַר האָבן זיך די מענשעוויקעס אַרויסגעוויזן פאַר ניט גערעכט, וואָס זיי האָבן זיך באַצויגן צו דער פראַגע אָן אַ סוביעקטיווער רעוואָלוציאָנערער שטימונג, נאָר דערפאַר, ווייל דידאָזיקע אויך־מיר רעוואָלוציאָנערן זיינען אָפּגעשטאַנען אין זייערע אידייען פון דער אָביעקטיווער רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע. די און יענע סיבע פון דעם פעלער פון די מענשעוויקעס איז לייכט צונויפצומישן, נאָר אַ מאַרקסיסט טאָר זיי ניט צונויפמישן.

III

דער צוזאַמענהאַנג פונם באָיקאָט מיט די באַזונדערע היסטאָרישע באַדינגונגען פון אַ געוויסן פעריאָד פון דער רוסישער רעוואָלוציע דאַרף באַטראַכט ווערן נאָך פון איין זייט. וואָס פאַר אַ פּאָליטישער אינהאַלט איז געווען אין דער ס.־ד. באָיקאָט־קאַמפּאַניע אין האַרבסט 1905 און אין פרילינג 1906 יאָר? דער אינהאַלט פון דערדאָזיקער קאַמפּאַניע איז ניט באַשטאַנען, פאַרשטייט זיך, אין איבערכאַזערן די ווערטער באָיקאָט אָדער אין רופן ניט אנטיילנעמען אין די וואַלן. דערדאָזיקער אינהאַלט האָט זיך ניט אויסגעשעפּט אויך מיט רופן צו אַ דירעקטן אָנגריף, וואָס איגנאָרירט די אַרומיקע און זיגזאַג־וועגן, וועלכע עס לייגט פאַר די זעלבסטהערשונג. בויץ דעם, און אַפילע ניט צוגלייך מיט דער אָנגעוויזענער טעמע, נאָר גיכער אין צענטר פון דער גאַנצער באָיקאָט־אַגיטאַציע איז געשטאַנען *דער קאַמף מיט די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס*. דערדאָזיקער קאַמף איז, בעצעמעס, געווען די נשאָמע פון דעם באָיקאָט. דערמאָנט זיך די רעדעס פון די באָיקאָטיסטן און זייער גאַנצע אַגיטאַציע, טוט אַ קוק אַף די הויפּט־רעזאָלוציעס פון די באָיקאָטיסטן, און איר וועט זיך איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון אָט דער האַנאָכע.

די מענשעוויקעס האָבן קיין מאָל ניט געקאָנט פאַרשטיין אָט די זייט פון דעם באָיקאָט. זיי האָט זיך אַלעמאָל געדוכט, אַז דער קאַמף מיט קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס אין דער עפּאָכע פון ערשט אַנטשטייענדיקן קאָנסטיטוציאָנאַליזם איז אַן אומזין, איז „אַנאַרכיזם“. אויך אין די רעדעס אַפן סטאָקהאָלמער צוזאַמענפאָר, באַזונדערס — אַף וויפל איך געדענק, — אין פּלעכאַנאָווס רעדעס, איז דערדאָזיקער שטאַנדפּונקט פון די מענשעוויקעס אויסגעדריקט בוילעט, ניט ריידנדיק שוין וועגן דער מענשעוויסטישער ליטעראַטור.

אַפן ערשטן בליק קאָן זיך, בעצעמעס, באַווייזן די פּאָזיציע פון די מענשעוויקעס אין דערדאָזיקער פראַגע פאַר אַזאַ אומבאַשטרייטבאַרער,

ווי די פּאָזיציע פון אַ מענטשן, וואָס לערנט זעלבסטצופרידן זיינע נאָענטע, אַז פערד עסן האָבער. אין דער עפּאָכע פון ערשט-אַנטשטייענדיקן קאָנסטיטוציאָנאַליזם דערקלערן אַ קאַמף מיט קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס! איז עס דען ניט אַנאַרכיזם? איז עס ניט אַ מין געפּרעגלטע שטיוול*?

די פאַרפּלאָנטערונג פון דער פראַגע, דורך באַרופן זיך קלוימערשט אין אַזעלכע כקירעם אַפן פּאָשעטן געזונטן פאַרשטאַנד, באַרוט אַף דעם, וואָס מע פאַרשווייגט דעם ספּעציעלן פּעריאָד פון דער רוסישער רעוואָלוציע, מע פאַרגעסט ווענן דעם באָיקאָט פון בוליגינס דומע, מע פאַרטווישט די קאָנקרעטע שטופן פונם וועג, וועלכע אונזער רעוואָלוציע איז דורכגעגאַנגען, דורך באַצייכענען אונזער רעוואָלוציע אינגאַנצן גענומען, סאַי די געוועזענע און סאַי די צוקונפטיקע, אַלס אַ רעוואָלוציע, וואָס פון איר ווערט געבוירן דער קאָנסטיטוציאָנאַליזם. דאָס איז אַ מוסטער פון דעם, ווי מענטשן, וואָס פלעגן ריידן, ווי פּלעכאַנאָוו, מיט אַ באַזונדערן פּאַטאָס וועגן דעם מעטאָד פון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, זיינען אויוועק אַף דעמדאָזיקן מעטאָד.

יאָ, אונזער בורזשואַזע רעוואָלוציע, אינגאַנצן גענומען, איז ווי יעדע בורזשואַזע רעוואָלוציע סאָפּקאָלסאָף אַ פּראָצעס פון שאַפן אַ קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדענונג, און ניט מער. דאָס איז אָן עמעס. דאָס איז אַ נוצלעכער עמעס אַף צו דעמאַסקירן די קלוימערשט-סאָציאַליסטישע אַליורן פון דער אָדער יענער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער פּראָגראַם, טעאָריע, טאַקטיק און ד. גל. צי וועט איר אָבער קאָנען באַקומען נוצן פון דעמדאָזיקן עמעס אין דער פראַגע וועגן דעם, צו אַ וועלכן קאָנסטיטוציאָנאַליזם דאַרף פירן די אַרבעטער-פּאַרטיי דאָס לאַנד אין דער עפּאָכע פון אַ בורזשואַזער רעוואָלוציע? אין דער פראַגע וועגן דעם, ווי נעמלעך דאַרף קעמפן די אַרבעטער-פּאַרטיי פאַר אַ באַשטימטן (און נעמלעך רעפּובליקאַנישן) קאָנסטיטוציאָנאַליזם אין באַשטימטע פּעריאָדן פון דער רעוואָלוציע? ניין. דער עמעס, וועלכער איז אַזוי באַליבט בא אַקסעלראָדן און פּלעכאַנאָוון וועט אייך פונקט אַזוי קנאַפּ אויפקלערן אין דידאָזיקע פראַגן, ווי קנאַפּ עס איז די איבערצייגונג אין דעם, אַז פערד עסן האָבער, צוליב אויסוויילן אַ געהעריקן פערד און צוליב קאָנען פאָרן אַף אים.

דער קאַמף מיט קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס, — האָבן געזאָגט די באָלשעוויקעס אין 1905 און אין אָנהויב 1906 יאָר, — דאַרף ווערן דער לאָזונג פון דעם מאָמענט, ווייל גראַד אין דעם איצטיקן פּעריאָד שטעלט די אָביעקטיווע סיטואַציע פאַר די קעמפנדיקע געזעלשאַפטלעכע קויכעס אַף לייזן די פראַגע וועגן דעם, צי וועט זיגן אַף דעם נאָענטסטן פּעריאָד דער גלייכער וועג פון אומיטלבאַרן רעוואָלוציאָנערן קאַמף און פון פאַר-

* אינם אָריגינאַל שטייט: שטיוול געקאָכט אַף ווייך („שמאַטקע״ שטיוול) — אַ רוסישער אויסדריק, וואָס כאַראַקטעריזירט די גרעסטע מעשונעדיקייט. איבערז.

טרעטונגס-אינסטיטוציעס אַפן יעסאָד פון פולן דעמאָקראַטיזם, באַשאַפענע אומיטלבאַר פון דער רעוואָלוציע, — אָדער דער אַרומיקער, זיגזאַגאַרטיקער וועג פון אַ מאָנאַרכישער קאָנסטיטוציע און פון פאָליצייאיש-„קאָנסטיטוציאָנעלע" (אין גענוזנפיסלעך!) איסטיטוציעס פונם טיפ פון דער „דומע".

האָט טאַקע ווירקלעך די אָביעקטיווע סיטואַציע אַרויסגערוקט אָט די פראַגע, אָדער די באָלשעוויקעס האָבן זי „אויסגעטראַכט" אַדאַנק זייער טעאָרעטישער „שקאָצעריי"? אַף דערדאָזיקער פראַגע האָט שוין איצט געענטפערט די געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

דער אָקטיאבער-קאַמף פון 1905 יאָר איז טאַקע געווען אַ קאַמף קעגן דעם, אַז די רעוואָלוציע זאָל אַריבערגיין אַף מאָנאַרכיש-קאָנסטיטוציאָנעלע רעלסן. דער אָקטיאבר—דעקאָבר-פעריאָד איז טאַקע געווען אַ פעריאָד פון פאַרווירקלעכן דעם פראָלעטאַרישן, עכט-דעמאָקראַטישן, ברייטן, דרייסטן, פרייען קאָנסטיטוציאָנאַליזם, וואָס דריקט ווירקלעך אויס דעם ווילן פון פאָלק, לעהייפעך פון דעם פסעוודאָ-קאָנסטיטוציאָנאַליזם פון דער דובאַסאָווישער און סטאָליפינישער קאָנסטיטוציע. דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף פאַר אַ ווירקלעך דעמאָקראַטישן קאָנסטיטוציאָנאַליזם (ד. ה. אַזאַ קאָנסטיטוציאָנאַליזם, וואָס עקזיסטירט אַף אַ באָדן, וועלכער איז אינגאַנצן אָפגערייניקט פון דער אַלטער מאַכט און פון דער גאַנצער מיעסקייט, וואָס איז מיט איר פאַרבונדן) האָט געפאָדערט אַן אַנטשיידענעם קאַמף קעגן דעם, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך לאָזן אָפנאַרן דורך אַ פאָליצייאיש-מאָנאַרכישער קאָנסטיטוציע. אָט דעם פאָשעטן איניען האָבן בעשום אויפן ניט געקאָנט באַגרייפן די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע קעגנער פון באָיקאָט.

איצט טרעטן פאַר אונז אַרויס אינגאַנצן קלאָר צוויי פאַזן אין דער אַנטוויקלונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע. די פאַזע פון אויפשטייג (1905 יאָר) און די פאַזע פון יערידע (1906—1907 יאָרן). אַ פאַזע פון מאַקסימאַלן אויפבלי פון דער פאָלקס-טעטיקייט, פון פרייע און ברייטע אָרגאַניזאַציעס פון אַלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג, פון מאַקסימאַלער פרעסע-פרייהייט, פון מאַקסימאַלן איגנאָרירן די אַלטע מאַכט מיצאַד דעם פאָלק, פון איגנאָרירן אירע איינריכטונגען און באַפעלן, און דאָס אַלץ באַ דער אָפוועזנהייט פון יעדן ביוראָקראַטיש-אָנערקענטן און אין פאָרמעלע סטאַטוטן אָדער האַנאָכעס אויסגעדריקטן קאָנסטיטוציאָנאַליזם. און דערנאָך אַ פאַזע פון דער קלענסטער אַנטוויקלונג און אומויפהערלעכן פאַלן פון דער פאָלקס-טעטיקייט, אָרגאַניזירטקייט, פרייער פרעסע און אַז. וו. באַ דער עקזיסטירונג פון אַ „קאָנסטיטוציע", זאָל גאָט מויכל זיין, אַ קאָנסטיטוציע, וואָס די דובאַסאָווס און די סטאָליפינס פאַרפאַסן,

די דובאַסאָוום און סטאָליפּינס אנערקענען, די דובאַסאָוום און סטיליפּינס היטן אָפּ.

איצט, ווען אַף צוריק איז אַלץ אַזוי גוט, פּאַסעט און קלאָר קענטיק, וועט זיך, איך רעכן, ניט געפינען קיין איין פּעדאַנט, וואָס זאָל זיך אַנטשליסן אָפּצולייקענען די געזעצלעכקייט און די נויטיקייט פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט קעגן דעם, אַז די געשעעניש זאָלן איבערגעפירט ווערן אַף קאָנסטיטוציאָנעל-מאָנאַרכישע רעלסן, די געזעצלעכקייט און די נויטיקייט פון קאַמף קעגן קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס.

איצט וועט זיך, מיסטאָמע, ניט געפינען קיין איין וויפל ניט איז ערנסטער היסטאָריקער, וועלכער זאָל ניט צעטיילן דעם גאַנג פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 ביז האַרבסט 1907 יאָר טאַקע אַף אָט די צוויי פּעריאָדן: אַף דעם פּעריאָד פון „אַנטי-קאָנסטיטוציאָנעלן“ (אויב מיר וועט דערלויבט זיין אַזוי אויסצודריקן זיך) אויפשטייג און אַף דעם פּעריאָד פון „קאָנסטיטוציאָנעלער“ יערידע; אַף דעם פּעריאָד, ווען דאָס פאָלק האָט דעראָבערט און פאַרווירקלעכט די פרייהייטן אָן דעם פּאָליציייאישן (מאָנאַרכישן) קאָנסטיטוציאָנאַליזם, און אַף דעם פּעריאָד, ווען מע האָט אונטערדריקט און דערשטיקט די פאָלקס-פרייהייט דורך דער מאָנאַרכישער „קאָנסטיטוציע“.

איצט האָט זיך דער פּעריאָד פון קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס פאַר אונז אינגאַנצן קלאָר אָנגעצייכנט, און פאַרשטיין די באַדייטונג פון דעם דעמאָלטיקן קאַמף פון די רעוואָלוציאָנערע ס.-ד. קעגן די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס איז שוין ניט שווער. דאָן אָבער, אין 1905 און אין אָנהויב 1906 יאָר, האָבן עס ניט פאַרשטאַנען ניט די ליבעראַלן אין דעם בורזשואַזן לאַגער, ניט די מענשעוויקעס — אין דעם פּראָלעטאַרישן.

דער פּעריאָד אָבער פון דער ערשטער און צווייטער דומע איז אין אַלע הינזיכטן געווען אַ פּעריאָד פון קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס. די פייערלעכע האַפּטאָכע: „קיין געזעץ זאָל קיין קראַפט ניט באַקומען אָן דער סאַנקציע פון דער מעלוכע-דומע“, איז ניט געבראָכן געוואָרן אין דעמדאָזיקן פּעריאָד. הייסט עס, אַז אַ קאָנסטיטוציע אַפן פּאַפּיר האָט עקזיסטירט און האָט שטענדיק געגלעט אַלע קנעכטישע הערצער פון די רוסלענדישע קאַדעטן. סאַי דובאַסאָוו האָבן אין אָט דעם פּעריאָד אויסגעפּרוּווט, געמאָסטן, מערקירט די רוסלענדישע קאָנסטיטוציע, סטאַרענדיק זיך איינצולאַדעווען, צוצופּאַסן זי צו דער אַלטער זעלבסטהערשונג. עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי זיינען געווען די מעכטיקסטע מענטשן פון דערדאָזיקער עפּאָכע, אָט די הערן דובאַסאָוו און סטאָליפּין, זיי האָבן מיט אַלע קויכעס געהאָרעוועט אַף צו פאַרוואַנדלען די „אילוזיעס“ אין אַ ווירקלעכקייט. די אילוזיע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר

אַ אילוזיע. די ריכטיקייט פון דעם לאָזונג פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז אינגאַנצן באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער געשיכטע. אָבער ניט בלויז די דובאַסאָווס און די סטאָליפּינס האָבן געפּרואווט פאַרווירקלעכן די „קאָנסטיטוציע“, ניט בלויז די קאַדעטישע מעשאַרסים האָבן זי געלויבט און האָבן זיך געלייגט אין דער לענג און דערברייט (אַשטייגער, ווי די הערן ראַדיטשעוו אין דער ערשטער דומע), דערווייזנדיק, אַז דער מאָנאַרך איז אומפאַראַנטוואָרטלעך און אַז עס וואָלט געווען אַ האָזע צו רעכענען אים פאַר פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די פּאָגראָמען. ניין. אויך די ברייטע פאָלקס-מאַסן האָבן, בליסאָפּעק, געגלויבט נאָך אין אַ גרעסערן אָדער אין אַ קלענערן גראַד אין דער „קאָנסטיטוציע“ אין מעשעך פון אָט דעם פּעריאָד, זיי האָבן געגלויבט אין דער דומע, טראָץ די וואָרענונגען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

מע קאָן זאָגן, אַז דער פּעריאָד פון קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס אין דער רוסישער רעוואָלוציע איז געווען פּונקט אַזאַ פּעריאָד, ווען די גאַנצע נאַציע איז פאַרכאַפּט געווען פון דעם בורזשואַזן פעטיש, ווי עס ווערן פאַרכאַפּט אַמאָל גאַנצע נאַציעס פון מערעוו-אייראָפּע פון דעם פעטיש פון בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם, אַנטיסעמיטיזם, שאָוויניזם און ד. גל. און דער פאַרדינסט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז דאָס, וואָס נאָר זי האָט זיך ניט אונטערגעגעבן דער בורזשואַזער פאַרבלענדעניש, נאָר זי אַליין האָט אין דער עפּאָכע פון קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס געהאַלטן די גאַנצע צייט פאַנאַנדערגעוויקלט די פאָן פון קאַמף מיט קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס.

---

פאַר וואָס זשע, פרעגט זיך איצט, איז דער באָיקאָט געווען דאָס ספּעציפישע קאַמפס-מיטל קעגן קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס?

אין דעם באָיקאָט איז פאַראַן איין שטריך, וואָס אַפן ערשטן בליק שטויסט ער ניטווילנדיק פון אים אָפּ יעדן מאַרקסיסט. דער באָיקאָט פון וואַלן באַטייט באַזייטיקן זיך פון פּאַרלאַמענטאַריזם, דאָס איז עטוואָס אַזעלעכס, וואָס קאָן ניט ניט דוכטן זיך פאַר אַ פּאַסיוון אָפּזאָג, פאַר אַן אָפּהאַלטן זיך, פאַר אַן אויסדרייען זיך. אַזוי האָט געקוקט פּאַרוואָוס, וואָס האָט זיך געלערנט בלויז אַף די דייטשישע מוסטערן, ווען ער איז שטאַרק אין קאַעס, אָבער ניט געלונגען, פון דער הויט געקראָכן אין האַרבסט 1905 יאָר, פרואוונדיק זיך דערווייזן, אַז אַן אַקטיווער באָיקאָט איז פאָרט אַ שלעכטע זאַך, אַ ל ס ב אָ י ק אָ ט... אַזוי קוקט אַדאַיעם מאַרטאָוו, וואָס האָט פון דער רעוואָלוציע גאָרניט געלערנט און וואָס פאַרוואַנדלט זיך אַלץ מער אין אַ ליבעראַל. מיט זיין לעצטן אַרטיקל אין דעם „טאָוואַרישטש“ דערווייזט ער, אַז ער קאָן אַפילע ניט אוועקשטעלן די פראַגע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ רעוואָלוציאָנערן סאָציאַל-דעמאָקראַט.

טיפּאַטיש, אַזוי צו זאָגן, פאַר די מאַרקסיסטן, געפינט פאַר זיך אַ פולע דערקלערונג אין די באַזונדערקייטן פון יענער עפּאָכע, וועלכע האָט אַרויס־גערופן אַזאַ קאַמפּס־מיטל. די ערשטע מאָנאַרכישע דומע, די בוליגינישע דומע, איז געווען אַ צונאַרונגס־ווערק, וואָס האָט געדאַרפט אָפּציען דאָס פאָלק פון דער רעוואָלוציע. דאָס צונאַרונגס־ווערק איז געווען אַ ליאַלקע, וואָס איז אָנגעטאָן אין אַן אַנצוג פון קאָנסטיטוציאָנאַליזם. אַלע און אַלע זיינען גרייט געווען צו גיין אין פּאַסטקע. ווער צוליב פּניעסדיקע קלאַסן־אינטערעסן און ווער איבער דעם, וואָס אים האָט געפעלט סייכל, זיינען נויטע געווען אָנצוכאַפּן זיך פאַר דער בוליגינישער ליאַלקע פון דער ווי־טעשער דומע. אַלע האָבן זיך באַגייסטערט, אַלע האָבן אויפריכטיק גע־גלויבט. דער אַנטייל אין די וואַלן איז ניט געווען קיין וואָכעדיק אויספּילן געוויינלעכע בירגער־פליכטן. דאָס איז געווען אַ הייליקונג פון דער מאָ־נאַרכישער קאָנסטיטוציע. דאָס איז געווען אַן אָפּקערונג פון דעם אומיטל־באַר־רעוואָלוציאָנערן וועג אָפּן מאָנאַרכיש־קאָנסטיטוציאָנעלן.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געדאַרפט אין אַזאַ צייט פאַ־נאַנדערוויקלען איר פאָן פון פּראָטעסט און האַסראָע מיט דער גאַנצער ענערגיע, מיט דער גאַנצער דעמאָנסטראַטיווקייט. אָבער דאָס האָט טאַקע באַטייט אָפּזאָגן זיך פון אַנטייל, אַליין ניט גיין און רופן צוריק דאָס פאָלק, וואַרפן דעם לאָזונג פון אָנגריף אַף דער אַלטער מאַכט אַנשטאָט צו אַרבעטן אָפּן באָדן פון אַן אינסטיטוציע, וועלכן די דיזיקע מאַכט האָט געשאַפן. אַלפאָלקישע פאַרכאַפּטקייט מיט דעם בורזשואַז־פּאָליציייאישן פעטיש פון דער „קאָנסטיטוציאָנעלער" מאָנאַרכיע האָט געפאָדערט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווי פון דער פּאַרטיי פון דעם פּראָלעטאַריאַט, אַז זי זאָל אַלפאָלקיש אַרויסזאָגן אירע מיינונגען וועגן דעמדאָזיקן פעטיש, מיינונגען פּראָטעסטירנדיקע און דעמאַסקירנדיקע; דאָס האָט געפאָדערט קאַמף מיט אַלע קויכעס קעגן דער פאַרווירקלעכונג פון די איינריכטונגען, וואָס פאַרקערפּערן מיט זיך אָט דעם פעטיש.

אָט אין וואָס עס באַשטייט די פולקומע היסטאָרישע באַרעכטיקונג ניט נאָר פון דעם באָיקאָט פון דער בוליגינישער דומע, וועלכער האָט געהאַט אַן אומיטלבאַרן דערפאָלג, נאָר אויך פון דעם באָיקאָט פון דער וויטעשער דומע, וועלכער האָט זיך, לעפּאָנים, געענדיקט אַן דער־פאָלג. איצט זעען מיר, פאַרוואָס איז עס געווען בלויז אַ שיינבאַרער אומדערפאָלג, פאַרוואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געדאַרפט ביזן סאָף באַשטיין אַף איר פּראָטעסט קעגן דעם, אַז אונזער רעוואָלוציע זאָל אַ קער טאָן אַף קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכישע רעלסן. דערדאָזיקער קער האָט זיך אינדערעמעסן אַרויסגעוויזן פאַר אַ קער אין אַ זאַק־גאַס. די אילוזיע פון אַ מאָנאַרכישער קאָנסטיטוציע האָט זיך אַרויס־געוויזן בלויז פאַר אַ פאָרשפּיל אָדער פאַר אַ שילד, פאַר אַ באַפּוצונג, פאַר

געוויזן בלויז פאַר אַ פאַרשפּיל אָדער פאַר אַ שילד, פאַר אַ באַפוצונג, פאַר אַ פאַרבלענדעניש, קעדיי צוצוגרייטן דאָס מעוואַטל מאַכן דידאָזיקע „קאָנסטיטוציע" דורך דער אַלטער מאַכט...

מיר האָבן געזאָגט, אַז די ס.-דעמאָקראַטיע האָט געדאַרפט ביזן סאָף באַשטיין אַף איר פּראָטעסט קעגן דער דערשטיקונג פון דער פרייהייט דורך דער „קאָנסטיטוציע". וואָס באַטייט „ביזן סאָף"? דאָס באַטייט: קאָלזמאַן די אינסטיטוציע, **קעגן** וועלכער די ס.-ד. האָבן געקעמפט, איז ניט געוואָרן אַ פאַקט, **טראָץ דער** ס.-ד., — קאָלזמאַן יענער מאָנאַרכיש-קאָנסטיטוציאָנעלער קער פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וועלכער האָט אומפאַרמיידלעך באַטייט (**אַף אַ געוויסער צייט**) די יערידע פון דער רעוואָלוציע, האָט זיך ניט אַרויסגעוויזן אַלס אַ פאַקט, טראָץ דער סאָצ.-דעמאָקראַטיע. דער פעריאָד פון קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס איז געווען אַ פּראָוואו פון אַ **קאָמפּראָמיס**. מיר האָבן געקעמפט און האָבן געדאַרפט קעמפן מיט אַלע קויכעס קעגן אים. אונז איז אויסגעקומען צו גיין אין דער צווייטער דומע, אונז איז אויסגעקומען צו רעכענען זיך מיט אַ קאָמפּראָמיס, ווי באַלד די אומשטענדן האָבן אים אונז **געגעבן** קעגן אונזער ווילן, טראָץ אונזערע באַמיאונגען, נאָך דער מאַפּאָלע פון אונזער קאַמף. אַף ווי לאַנג רעכענען זיך, — דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אַן אַנדער פראַגע.

וואָס זשע פאַר אַן אויספיר קאָן מען מאַכן פון אָט דעם אַלעם בענויגייע דעם באָיקאָט פון דער **דריטער דומע**? עפּשער דעם אויספיר, אַז דער באָיקאָט, וואָס איז נויטיק אין אָנהויב פון דעם פעריאָד פון קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס איז נויטיק אויך אין סאָף פון דעמדאָזיקן פעריאָד? דאָס וואָלט געווען אַ „שפּיל פון סייכל" אין דעם גייסט פון „אַנאַלאָגישער סאָציאָלאָגיע", אָבער ניט קיין ערנסטער אויספיר. **יענעם** אינהאַלט, וועלכן עס האָט געהאַט דער באָיקאָט אין אָנהויב פון דער רוסישער רעוואָלוציע, קאָן שוין איצט דער באָיקאָט **ניט האָבן**. ניט מאַסרע זיין דאָס פאָלק קעגן קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס, ניט קעמפן קעגן דעם, אַז די רעוואָלוציע זאָל ניט פאַרקערעווען אין דאָס קאָנסטיטוציאָנעל-מאָנאַרכישע זאַק-געסל, קאָן מען איצט ניט. די פריערדיקע לעבעדיקע נעשאָמע קאָן איצט דער באָיקאָט ניט האָבן. אויב עס וועט אַפילע זיין אַ באָיקאָט, וועט ער באַקומען אַלנפאַלס אַן אַנדערע באַדייטונג, ער וועט אַלנפאַלס פאַרפולט זיין מיט אַן **אַנדערן** פּאָליטישן אינהאַלט.

דאָס איז נאָך ווייניק. די היסטאָרישע אייגנאַרטיקייט פון באָיקאָט, וואָס מיר האָבן דאָ איצט באַטראַכט, גיט אונז איין מאָטיוו קעגן דעם באָיקאָט פון דער דריטער דומע. אין דער עפּאָכע פון דעם אָנהויב פונם קאָנסטיטוציאָנעלן קער איז די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער נאַציע אומפאַרמיידלעך געווענדעט געווען אַף דער דומע. דורכן באָיקאָט האָבן

מיר געקעמפט און מיר האָבן געדאַרפט קעמפן קעגן אַט דער ווענדונג פון דער אויפמערקזאַמקייט אין דער ריכטונג פון אַ זאַק-גאַס, קעמפן קעגן אַט דער פאַרכאַפּטקייט, וועלכע איז געווען אַ רעזולטאַט פון פינסטער־קייט, אומאַנטוויקלטקייט, שוואַכקייט אָדער אייגנוציקער קאָנטר־רעוואָ־לוציאָנערקייט. איצט אָבער קאָן לאַכלוטן קיין רייד ניט זיין ניט נאָר וועגן אַן אַלנאַציאָנאַלער, נאָר אַפילע ווענן אַ וויפל ניט איז ברייטער פאַרכאַפּט־קייט מיט דער דומע ביכלאַל אָדער מיט דער 3-טער דומע ביפראַט. אין דער הינזיכט איז קיין שום נויטווענדיקייט אין דעם באָיקאָט ניטאָ.

## IV

הייסט עס, אַז די באַדינגונגען פאַר אָנווענדן דעם באָיקאָט דאַרף מען בליםאָפעק זוכן אין דער אָביעקטיווער סיטואַציע פון דעם געגעבע־נעם מאָמענט. פאַרגלייכנדיק פון אַט דעם שטאַנדפּונקט האַרבסט 1907 יאָר און האַרבסט 1905 יאָר, קאָן מען ניט ניט קומען צום אויספיר, אַז מיר האָבן קיין גרונט ניט איצט צו דערקלערן אַ באָיקאָט. סאַי פון שטאַנדפּונקט פון דער פאַרהעלטעניש צווישן דעם גלייכן רעוואָלוציאָנערן וועג און דעם קאָנסטיטוציאָנעל-מאָנאַרכישן „זיגזאַג“, סאַי פון שטאַנד־פּונקט פון דעם מאַסן-ענטוזיאַזם, סאַי פון שטאַנדפּונקט פון דער ספּעצי־פישער אויפגאַבע פון קאַמף מיט די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס אונ־טערשיידט זיך די איצטיקע סיטואַציע אַפן שאַרפסטן אויפן פון יענער לאַגע, וואָס איז געווען מיט צוויי יאָר צוריק.

דאַן איז דער מאָנאַרכיש-קאָנסטיטוציאָנעלער קער פון דער געשיכ־טע געווען ניט מער, אַלס אַ פּאָליציייאישע האַפּטאָכע. איצט איז דערדאָ־זיקער קער אַ פאַקט. עס וואָלט געווען אַ לעכערלעכע מוירע פאַרן עמעס, ווען מיר וואָלטן ניט געוואָלט דירעקט אָנערקענען דעמדאָזיקן פאַקט. און עס וואָלט געווען ווידער אַ פעלער, אויב פון דעם, וואָס מיר אנער־קענען אַט דעם פאַקט, וואָלטן מיר געמאַכט דעם אויספיר, אַז די רוסישע רעוואָלוציע איז פאַרענדיקט. ניין. פאַר דעם לעצטן אויספיר האָבן מיר נאָך ניט קיין מאַטעריאַל. אַ מאַרקסיסט איז מעכויעוו צו קעמפן פאַר דעם גלייכן רעוואָלוציאָנערן וועג פון דער אַנטוויקלונג, ווען אַזאַ קאַמף ווערט פאַרגעשריבן פון דער אָביעקטיווער סיטואַציע; נאָר דאָס, כאַזערן מיר איבער, הייסט ניט, אַז מיר דאַרפן זיך ניט רעכענען מיט דעם זיגזאַ־גאַרטיקן קער, וועלכער האָט זיך שוין פאַקטיש באַשטימט. פון דער זייט האָט זיך דער פאַרלויף פון דער רוסישער רעוואָלוציע פולקום באַשטימט. אין אָנהויב פון דער רעוואָלוציע זעען מיר אַ ליניע פון אַ קורצן, אָבער אומגעווייינלעך ברייטן און אַ מעשונע-שנעלן אויפשטייג. דערנאָך האָבן מיר פאַר זיך אַ ליניע פון אַ זייער לאַנגזאַמער, אָבער אומויפהערלעכער ירידע, אָנהויבנדיק פון דעם העקאָבר-אויפשטאַנד פון 1905 יאָר. צו־

ערשט דער פּעריאָד פון דירעקטן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די מאַסן, דערנאָך דער פּעריאָד פון דעם מאָנאַרכיש-קאָנסטיטוציאָנעלן קער.

באַטייט עס, אַז אַט דער לעצטער קער איז אַן ענדגילטיקער קער? אַז עס האָט זיך פאַרענדיקט די רעוואָלוציע און עס איז אָנגעקומען אַ „קאָנסטיטוציאָנעלער“ פּעריאָד? אַז עס איז קיין גרונט ניטאָ ניט אַף צו וואַרטן אַף אַ נייעם אויפשטייג, ניט אַף צו גרייטן אַזאַ אויפשטייג? אַז מע דאַרף אַרויסוואַרפן איבערן באָרט דעם רעפּובליקאַנישן כאַראַקטער פון אונזער פּראָגראַם?

לאַכלוטן ניט. אַזעלכע אויספירן זיינען פּעאיק צו מאַכן בלויז ליבע־ראַלע פיליסטערן, ווי אונזערע קאַדעטן, וואָס זיינען גרייט צו באַרעכטיקן יעדער האַכנאָע און קוירים־פאַלן מיט די ערשטע מאָטיוון, וואָס קומען זיי אונטער דער האַנט. ניין. דאָס האָט נאָר באַטייט, אַז פאַרטיידיקנדיק אַבסאָלוט אונזער גאַנצע פּראָגראַם און אַלע אונזערע רעוואָלוציאָנע־רע מיינונגען, דאַרפן מיר די אומיטלבאַרע צורופן אַרויסשטעלן אין הע־סקעם מיט דער אָביעקטיווער זאַך־לאַגע פון דעם געגעבענעם מאָמענט. פאַרטיידיקנדיק די אומפאַרמיידלעכקייט פון דער רעוואָלוציע, גרייטנדיק סיסטעמאַטיש און קאָנזעקווענט די אָנזאַמלונג פון ברען־שטאָף אין אַלע הינזיכטן, איינהיטנדיק צוליב דעם צוועק די ליזיקע צילן און קולטיווירנדיק, אָפריינינקנדיק פון ליבעראַלע פּאַראַזיטן, די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון דער בעסטער עפּאָכע פון אונזער רעוואָלוציע, זאָגן מיר זיך אין דער־זעלבער צייט ניט אָפּ צו אַרבעטן וואָכעדיק אַף דעם וואָכעדיקן מאָנאַר־כיש-קאָנסטיטוציאָנעלן קער-הוועג. אָט דאָס גאָר. גרייטן אַ נייעם ברייטן אויפשטייג דאַרפן מיר, נאָר רוקן זיך, ניט ווייסנדיק וואוהין, מיטן לאָזונג פון באָיקאָט, איז קיין שום גרונט ניטאָ.

דער באָיקאָט, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, קאָן האָבן אין רוסלאַנד אין דער איצטיקער צייט אַ וועלכן ניט איז זין בלויז ווי אַן אַקטיווער באָיקאָט. דאָס באַטייט ניט פּאַסיוו באַזייטיקן זיך פון אנטיילנעמען אין די וואַלן, נאָר איגנאָרירן די וואַלן צוליב דער אויפגאַבע פון אַ דירעקטן אָנגריף. באָיקאָט אין אָט דעם זין באַטייט דאָסזעלבע, ווי רופן צו אַן ענערגישן און אַנטשלאָסענעם אָנגריף. האָבן מיר אין דעם איצטיקן מאָ־מענט פאַר זיך אַזאַ ברייטן און אַלגעמיינעם אויפשטייג, אָן וועלכן אַזאַ צורוף האָט קיין זין ניט? געוויס ניט.

בּיכלאַל, וואָס עס איז שייך „צורופן“, איז די נאַפּקעמינע אין דער־דאָזיקער הינזיכט צווישן דער איצטיקער סיטואַציע מיט האַרבסט 1905 יאָר באַזונדערס אַ בוילעטע. דאָן איז, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, פאַר דעם גאַנצן פאַרגאַנגענעם יאָר ניט געווען קיין איין צורוף, וועלכן די מאַסע זאָל באַגעגענען שווייגנדיק. די ענערגיע פון דעם מאַסן-אָנגריף איז פאַרויס געגאַנגען פאַר די צורופן פון די אָרגאַניזאַציעס. איצט שטייען מיר אין

דעם פעריאָד פון אַזאַ פּאַוזע פון דער רעוואָלוציע, ווען אַ גאַנצע ריי צורופן רופן סיסטעמאַטיש ניט אַרויס קיין אָפּקלאַנג אין די מאַסן. אַזוי איז געשען מיטן צורוף אַראָפּצושמעטערן די וויטעשע דומע (אָנפאַנג 1906 יאָר), מיטן צורוף צו אַן אויפשטאַנד נאָך דעם פאַנאַנדערטרייבן די ערשטע דומע (זומער 1906 יאָר), מיטן צורוף צום קאַמף אַלס ענטפער אַף דעם פאַנאַנדערטרייבן די צווייטע דומע און דער מעלוכע-איבערקערעניש פון 3 יוני 1907 יאָר. נעמט דאָס פלוגבלעטל פון אונזער צ״ק מעקויעך אַט די לעצטע אַקטן. איר וועט געפינען אין דעמדאָזיקן פלוג-בלעטל אַ דירעקטן צורוף צום קאַמף אין יענער פאָרם, וועלכע איז מעגלעך לויט די אָרטיקע באַדינגונגען (דעמאָנסטראַציעס, שטרייקן, אַן אָפענער קאַמף מיט דער באַוואָפנטער מאַכט פון דעם אַבסאָלוטיזם). דאָס איז געווען אַ צורוף דורך ווערטער. די מיליטער-אויפשטאַנדן אין יוני 1907 אין קיעוו און אין שוואַרץ-יאַמיקן פלאָט זיינען געווען צורופן דורך טאַטן. ניט דער און ניט יענער צורוף האָבן ניט באַגעגנט קיין שום מאַסן-אָפּקלאַנג. אויב די בוילעטסטע און אומיטלבאַרע אויסדריקן פון דעם רעאַקציאָנערן אָנגריף אַף דער רעוואָלוציע, — דאָס פאַנאַנדערטרייבן צוויי דומעס און די מעלוכע-איבערקערעניש, — האָבן ניט אַרויסגערופן איצט קיין אויפשטייג, היינט וואו געפינט איר אַ גרונט פאַר אַ טייקעפדיקן איבערכאַזערן דעם צורוף אין דער פאָרם פון פראָקלאַמירן אַ באָיקאָט? איז דען ניט קלאָר, אַז די אָביעקטיווע זאַך-לאַגע איז אַזאַ, אַז די „פראָקלאַמירונג“ ריזיקירט אַף אַזאַ אויפן צו בלייבן אַלס פוסטער אויסגעשריי? ווען דער קאַמף גייט, ברייטערט זיך פאַנאַנדער, רוקט זיך אָן פון אַלע זייטן, — דאַן איז די „פראָקלאַמירונג“ געזעצלעך און נויטיק, דאַן איז אַרויסשטעלן אַ שלאַכט-רוף דער כויוו פון דעם רעוואָלוציאָנערן פראָלעטאַריאַט. אָבער אויסטראַכטן דעמדאָזיקן קאַמף אָדער אַרויסרופן אים בלויז מיט דעם אייגעם רוף איז אומעגלעך. און ווען אַ גאַנצע ריי קאַמפּס-צורופן, וועלכע מיר האָבן אויסגעפּרואווט אין צוזאַמענהאַנג מיט מער אומיטלבאַרע מאָטיוון, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר רעזולטאַטלאָז, דאַרפן מיר נאַטירלעך אַ זוך טאָן ערנסטע גרונטן פאַר „פראָקלאַמירן“ אַ לאָזונג, וועלכער איז זינלאָז אויסער די באַדינגונגען, בא וועלכע עס קאָנען פאַרווירקלעכט ווערן די קאַמפּס-צורופן.

ווער עס וויל איבערצייגן דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פראָלעטאַריאַט אין דעם, אַז דער לאָזונג פון באָיקאָט איז אַ ריכטיקער, דער דאַרף זיך ניט לאָזן אָפּנאַרן בלויז מיט דעם קלאַנג פון ווערטער, וואָס האָבן אין זייער צייט אויסגעפילט אַ גרויסע און רומפולע רעוואָלוציאָנערע ראָלע, דער דאַרף זיך אַריינטראַכטן אין די אָביעקטיווע באַדינגונגען, בא וועלכע אַט דער לאָזונג זאָל קאָנען אָנגעווענדעט ווערן, דער דאַרף פאַרשטיין, אַז וואַרפן דעם לאָזונג — באַטייט שוין אומדירעקט

פּראָווּיזעען, אַז עס זיינען בעניימצע באַדינגונגען פאַר אַ ברייטן, אַלגע־מיינעם, שטאַרקן, שנעלן, רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג. אין אַזעלכע עפּאָכן אָבער, ווי מיר לעבן איצט איבער, אין עפּאָכן פון אַ צייטווייליקער פּאַוזע פון דער רעוואָלוציע, קאָן מען בעשום אויפן ניט פּראָווּיזעצן אומדירעקט, אַז אַזאַ באַדינגונג איז פאַראַן. מע דאַרף דאָס דירעקט און גאַנץ גענוי באַגרייפן און קלאָר מאַכן זיך אַליין און דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס. אַנ־דערש ריזיקירט מען אַריינצופאַלן אין דער לאַגע פון אַ מענטשן, וועלכער באַנוצט גרויסע ווערטער און ווייס ניט זייער עמעסע באַדייטונג, אָדער ער אַנטשליסט זיך ניט פּאַשעט אָנצורופן די זאַכן מיט זייער נאָמען.

## V

דער באַיקאַט געהערט צו איינער פון די בעסטע רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון דעם רייכסטן מיט געשעענישן, פון דעם העלדנמוטיקסטן פּעריאָד פון דער רוסישער רעוואָלוציע. מיר האָבן אויבן געזאָגט, אַז איי־נע פון אונזערע אויפגאַבן איז אָפּצוהיטן די דאָזיקע טראַדיציעס ביכלאַל, קולטיווירן זיי, אָפּרייניקן זיי פון די ליבעראַלע (און אָפּאָרטוניסטישע) פּאַראַזיטן. עס איז נויטיק אָפּצושטעלן זיך אַביסל אויף דעם אַנאַליז פון דערדאָזיקער אויפגאַבע, קעדיי ריכטיק צו באַשטימען איר אינהאַלט און צו באַזייטיקן די לייכט מעגלעכע פאַלשע אויסטייטשונגען און מיס־פאַרשטייענישן.

דער מאַרקסיזם אונטערשיידט זיך פון אַלע אַנדערע סאָציאַליסטי־שע טעאָריעס מיט דעם, וואָס ער פאַרייניקט אויסגעצייכנט די פולשטענ־דיקע וויסנשאַפטלעכע ניכטערקייט און דעם אַנאַליז פון דער אָביעקטי־ווער זאַך־לאַגע און פון דעם אָביעקטיוון גאַנג פון דער עוואָלוציע מיט דער אַנטשיידנסטער אָנערקענונג פון דער באַדייטונג פון דער רעוואָלו־ציאָנערער ענערגיע, פון דעם רעוואָלוציאָנערן שאַפן, פון דער רעוואָלו־ציאָנערער איניציאַטיוו פון די מאַסן, — און, פאַרשטייט זיך, אויך פון באַזונדערע פּערזאָנען, גרופּן, אָרגאַניזאַציעס, פּאַרטייען, וואָס קענען אַנ־טאַפּן און רעאַליזירן די פאַרבינדונג מיט די אָדער יענע קלאַסן. די הויכע אָפּשאַצונג פון די רעוואָלוציאָנערע פּעריאָדן אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט שטאַמט פון דעם גאַנצן סכום היסטאָרישע אָנשויאונ־גען פון מאַרקסן: דאַפקע אין אַזעלכע פּעריאָדן ווערן געלייזט די פילצאָ־ליקע ווידערשפּרוכן, וואָס זאַמלען זיך אָן לאַנגזאַם אין די פּעריאָדן פון דער אַזוי גערופענער פרידלעכער אַנטוויקלונג. דאַפקע אין אַזעלכע פּע־ריאָדן ווייזט זיך אַרויס מיט דער גרעסטער קראַפט די אומיטלבאַרע ראָלע פון פאַרשיידענע קלאַסן אין באַשטימען די פאָרמען פון דעם סאָציאַלן לעבן, עס ווערן געשאַפן די יעסוידעס פון דעם פּאָליטישן „איבערבוי", וואָס האַלט זיך דערנאָך לאַנג אָפּן באַזיס פון די באַנייטע פּראָדוציר־

באַדינגונגען. און, לעהייפּעך צו די טעאָרעטיקער פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, האָט נעמלעך אין אַזעלכע פּעריאָדן מאַרקס געזען ניט קיין אָפּנויג פון דעם „נאָרמאַלן“ וועג, ניט קיין אויסדריק פון אַ „סאָציאַלער קרענק“, ניט קיין טרויעריקע רעזולטאַטן פון עקסטרעמקייטן און פעלערן, נאָר די לעבעדיקסטע, וויכטיקסטע, וועזנטלעכסטע, אַנטשליסנדיקע מאָמענטן אין דער געשיכטע פון די מענטשלעכע געזעלשאַפטן. אין דער טעטיקייט פון מאַרקסן און ענגעלסן אַליין, טיילט זיך אוים דער פּעריאָד פון זייער אנטייל אין מאַסנווייזן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון 1848—1849 יאָר, ווי דער צענטראַלער פונקט. פון אָט דעם פונקט גייען זיי אַרוים בײַ דער באַשטימונג פון דעם גורל פון דער אַרבעטער-באַוועגונג און פון דער דעמאָקראַטיע פון פאַרשיידענע לענדער. צו אָט דעם פונקט קערן זיי זיך אום שטענדיק, קעדיי צו באַשטימען די אינערלעכע נאַטור פון די פאַרשיידענע קלאַסן און פון זייערע טענדענצן אין דער בוילעטסטער און ריינסטער פאָרם. פון שטאַנדפונקט פון דער דעמאָלטיקער, רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע, שאַצן זיי שטענדיק אָפּ די שפּעטערדיקע, קלענערע, פּאָליטישע אויסבילדונגען, אָרגאַניזאַציעס, פּאָליטישע אויפגאַבן און פּאָליטישע קאָנפליקטן. די אידייאישע פירער פון דעם אידעאַליזם, ווי זאָמבארט, לעמאַשל, האָבן ניט אומזיסט פיינט מיטן גאַנצן האַרצן דעמדאָזיקן שטורין אין דער טעטיקייט און אין די ליטעראַרישע ווערק פון מאַרקסן, פאַרעכענענדיק אים אַפן כעשבן פון דער „פאַרביטערטקייט פון אַן עמיגראַנט“. דאָס פּאַסט אַזוי פאַר די וואַנצן פון דער פּאָליציייאיש-בורזשואַזער אוניווערסיטעט-וויסנשאַפט — פאַרעכענען פאַר פּערזענלעכער פאַרביטערטקייט, רעכענען אַפן כעשבן פון די שוואַכקייטן פון דער עמיגראַנטישער לאַגע דאָס, וואָס בײַ מאַרקסן און בײַ ענגעלסן איז אַ אומצערייסבאַרער באַשטאַנד-טייל פון זייער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער וועלטאַנשויאונג!

אין איינעם פון זיינע בריוו, דוכט זיך, צו קוגעלמאַנען, וואַרפט מאַרקס אַגעוו-אורכע איין באַמערקונג, אַ העכסט כאַראַקטעריסטישע און באַזונדערס אינטערעסאַנטע פון שטאַנדפונקט פון דער פראַגע, וועלכע אינטערעסירט אונז איצט. ער באַמערקט, אַז דער רעאַקציע אין דייטשלאַנד איז געלונגען קימאַט אויסצואוואָרצלען פון דעם פּאָלקס-באַוואוסטזיין די זיכרוינעס און די טראַדיציעס פון דער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע פון 1848 יאָר. דאָ ווערן בוילעט אַקעגנגעשטעלט איינע אַקעגן די אַנדערע די אויפגאַבן פון דער רעאַקציע און די אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי פון דעם פּראָלעטאַריאַט בענוגייע די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון דעם געגעבענעם לאַנד. די אויפגאַבע פון דער רעאַקציע איז אויסוואָרצלען די-דאָזיקע טראַדיציעס, פאַרשטעלן די רעוואָלוציע, אַלס אַ „סטיכייע פון מעשוגאַעס“ — די סטרואַווישע איבערזעצונג פון דעם דייטשישן «das tolle Jahr» („דאָס מעשוגענע יאָר“ — אַן אויסדריק פון די דייטשישע

פאליצײ-בורזשואזע היסטאריקער, ברײטער אפילע: פון דער דײטשישער פראפעסאריש-אוניווערסיטעטישער היסטאריאגראפיע וועגן דעם 1848 יאר). די אויפגאבע פון דער רעאקציע — איז צווינגען די באפעלקערונג צו פארגעסן יענע פארמען פון קאמף, די פארמען פון ארגאניזאציע, יענע אידייען, יענע לאזונגען, וועלכע עס האט אזוי רײך און פילארטיק געבוירן די רעוואלוציאנערע עפאכע. ווי די טעמפע לויב-זינגער פון דעם ענגלישן קלײנבירגערטום, די ו ע ב ן* סטארען זיך פארצושטעלן דעם טשארטיזם, די רעוואלוציאנערע עפאכע פון דער ענגלישער ארבעטער-באוועגונג, אלס א פאשעטע קינדערײ, אלס א „יוגנט-זינד", אלס א נאאיווקײט, וואס פארדינט ניט קײן ערנסטע אויפמערקזאמקײט, אלס א צופעליקע און אומנארמאלע אפנויגונג, אזוי איז אויך די דײטשישע היסטאריקער זײנען מעוואטל דאס 1848 יאר אין דײטשלאנד. פונקט אזא איז די באציאונג פון דער רעאקציע אויך צו דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציע, וועלכע דערווײזט אדאיעם איר לעבעדיקײט און די קראפט פון איר ווירקונג אף דער מענטשהײט מיט דעם, וואס זי רופט אדאיעם ארויס די ווילדסטע סינע. אזוי איז אויך אונזערע העלדן פון דער קאנטער-רעוואלוציע, באזונדערס פון די נעכטיקע „דעמאקראטן", ווי לעמאשל, סטרואווע, מילוקאוו, קיזעוועטער און אלע איבעריקע יאגן איבער אײנער דעם אנדערן אין נידערטרעכטיקן באשפײען די רעוואלוציאנערע טראדיציעס פון דער רוסישער רעוואלוציע. עס זײנען נאך קײן צוויי יאר ניט פאריבער, זינט דער אומיטלבארער מאסן-קאמף פון דעם פראלעטאריאט האט דעראבערט יענם טײלכל פון פרײהײט, פון וועלכער עס זײנען אזוי אנטציקט די ליבעראלע מעשארסים פון דער אלטער מאכט, — און אין אונזער פובליציסטישער ליטעראטור האט זיך שוין געשאפן א קאלאסאלע ריכטונג, וואס רופט זיך אן א ל י ב ע ר א ל ע (!!), וועלכע ווערט קולטיווירט אין דער קאדעטישער פרעסע און איז דורכויס געווידמעט אף פארצושטעלן אונזער רעוואלוציע, די רעוואלוציאנערע קאמפס-מיטלען, די רעוואלוציאנערע לאזונגען, די רעוואלוציאנערע טראדיציעס, אלס עטוואס נידעריקעס, עלעמענטארעס, נאאיוועס, סטיכײיאישעס, מעשוגענעס און אז. וו.... אײנשליסנדיק דאס פארברעכערישע... פון מילוקאוון ביז קאמישאנסקין** איז ניט מער ווי אײן שריט! פארקערט, די דערפאלגן פון דער רעאקציע, וואס האט פארטריבן דאס פאלק צוערשט פון די ראטן פון ארבעטער- און פויערים-דעפוטאטן אין דער דובאסאוו-סטאליפינישער

* דאס פארפאלק סידגײ און עליזאבעט וועב — פארשטײער פון דער ליבעראלער ארבעטער-פאליטיק אין ענגלאנד, פארפאסער פון א ווערק וועגן דער פראפבאוועגונג אין ענגלאנד.
איבערז.

** קאמישאנסקי — דאמאלס פעטערבורגער פראקוראר.
איבערז.

דומע, און וואָס פאַרטרייבט אים איצט אין דער אָקטיאַבריסטישער דומע, אַט די דערפאָלגן שטעלן זיך פאַר די העלדן פון דעם רוסישן ליבעראַליזם אַלס דעם „פּראָצעס פון וואוקס פון דעם *קאָנסטיטוציאָנעלן* באַוואוסטזיין אין רוסלאַנד“.

אַף דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע לייגט זיך, בליסאָפעק, דער כּיוון פלייסיק און אַלזייטיק צו שטודירן אונזער רעוואָלוציע, פאַרשפּרייטן אין די מאַסן די באַקענטשאַפט מיט אירע קאַמפּס־פאָרמען, מיט די פאָרמען פון די אָרגאַניזאַציעס און ד. גל., פאַרשטאַרקן די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס צווישן דעם פאָלק, דורכדרינגען די מאַסן מיט דער איבערצייגונג, אַז נאָר און אויסשליסלעך מיט רעוואָלוציאָנערן קאַמף קאָן מען זיך דערשלאָגן וויפל ניט איז ערנסטע און וויפל ניט איז פעסטע פאַרבעסערונגען, אומאָפּנויגבאַר דעמאַסקירן די גאַנצע נידערטרעכטיקייט פון יענע זעלבסטצופרידענע ליבעראַלן, וועלכע פאַרסאַמען די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער מיט די באַצילן פון „קאָנסטיטוציאָנעלן“ אונטערלעקן זיך, פאַראַט און מאַלטשאַלינעריי*. איין טאָג פון דעם אָקטיאַבערשטרייק אָדער פון דעם דעקאַבער־אויפשטאַנד האָט געהאַט און האָט אין הונדערט מאָל אַ גרעסערע באַדייטונג אין דער געשיכטע פון קאַמף פאַר פרייהייט, איידער כאַדאָשים פון לאַקייאישע רעדעס פון די קאַדעטן אין דער דומע וועגן דעם אומפאַראַנטוואָרטלעכן מאָנאַרך און וועגן דער מאָנאַרכיש־קאָנסטיטוציאָנעלער אָרדענונג. מיר דאַרפן זאָרגן, — און אויסער אונז איז ניטאָ ווער עס זאָל זאָרגן, — דערפאַר, אַז אונזער פאָלק זאָל וויסן אָט די לעבנספולע, אינהאַלטסרייכע טעג, גרויסע לויט זייער באַדייטונג און לויט זייערע פאָלגן, באַדייטנדיק אויספירלעכער, דעטאַלער און גרינדלעכער, איידער יענע כאַדאָשים פון „קאָנסטיטוציאָנעלער“ דערשטיקונג און באַלאַלאַיקין**־מאָלטשאַלינישע דערפאָלגן, וועגן וועלכע עס קלינגען אַזוי פלייסיק, באַ דער גרויסמוטיקער דערלויבעניש פון סטאָליפינען און זיין צענזור־זשאַנדאַרמישער סוויטע, די אָרגאַנען פון אונזער פאַרטיי־ליבעראַלער און אומפאַרטייאיש־„דעמאָקראַטישער“ (דריי מאָל אויסצושפּייען) פּרעסע.

עס איז קיין ספק ניט, אַז די סימפּאַטיעס צום באָיקאָט ווערן באַ אַסאַך אַרויסגערופן דאַפקע מיט אָט דער שטרעבונג פון רעוואָלוציאָנערן, וואָס פאַרדינט יעדע אַכטונג, צו שטיצן די טראַדיציע פון דער בעסטער

* מאָלטשאַלין — העלד פון דער באַרימטער קאָמעדיע פון גריבאָיעדאָוו: „צאָרעס צוליב סייכל“ (Горе от ума) — אַ טיפּ פון אַ טשינאָווניק, וואָס מאַכט אַ קאַריערע דורך אומענדלעכער נידערטרעכטיקער כניפע פאַר נאַטשאַלסטווא, פאַרן נאַטשאַלסטוועס היזוועכטער, פאַרן הויזוועכטערס הינטל. איבערז.

** באַלאַלאַיקין — אַ טיפּ פון אַ געוויסנלאָזן פּלאַפּלער, אַרויסגעפירט דורכן גרויסן רוסישן סאַטיריקער שטשעדרין. איבערז.

רעוואלוציאנערער פארגאנגענהייט, לעבעדיק צו מאכן דעם טרייסטלאזן זומפ פון די איצטיקע גראע וואכעדיקע טעג מיט א פייערל פון דרייסטן, צפענעם, אנטשלאסענעם קאמף. נאר גראד דערפאר, ווייל אונז איז טייער די זארגזאמע באציאונג צו די רעוואלוציאנערע טראדיציעס, דארפן מיר אנטשלאסן פראטעסטירן קעגן יענער אנשויאונג, אז מיט דעם, וואס מיר וועלן אנווענדן איינעם פון די לאזונגען פון א באזונדערער היסטארישער עפאכע, קאן מען קלוימערשט מיטוויקן, אויפצולעבן די וועזנטלעכע באדינגונגען פון דערדאזיקער עפאכע. איין זאך איז — איינהיטן די טראדיציעס פון דער רעוואלוציע, פארשטיין ווי אויסצונוצן זיי פאר דער שטענדיקער פראפאגאנדע און אגיטאציע, פאר באקענען די מאסן מיט די באדינגונגען פון אומיטלבארן און אפענזיוון קאמף קעגן דער אלטער געזעלשאפט, און אן אנדער זאך איז — איבערכאזערן איינעם פון די לאזונגען, אן ארויסגעריסענעם פון דעם גאנצן סכום באדינגונגען, וואס האבן אים ארויסגערופן און וואס האבן געזיכערט אים א דערפאלג, און אנווענדן אים אין לאכלוטן אנדערע באדינגונגען.

דערזעלבער מארקס, וועלכער האט אזוי הויך געשעצט די רעוואלוציאנערע טראדיציעס און האט אן ראכמאנעס פארורטיילט די רענעגאטישע אדער פיליסטערישע באציאונג צו זיי, האט אינדערזעלבער צייט געפאדערט פון רעוואלוציאנערן, אז זיי זאלן קאנען ד ע נ ק ע ן, זיי זאלן קאנען א נ א ל י ז י ר ן די באדינגונגען, בא וועלכע מע דארף אנווענדן די אלטע קאמפס־מעטאדן, און ניט פשעט איבערכאזערן באשטימטע לאזונגען. די „נאציאנאלע“ טראדיציעס פון 1792 יאר אין פראנקרייך וועלן בלייבן, קאן זיין, אף אייביק א מ ו ס ט ע ר פון געוויסע רעוואלוציאנערע קאמפס־מעטאדן, נאר דאס האט ניט געשטערט מארקסן אין 1870 יאר אין זיין בארימטן „אדרעס“ פון אינטערנאציאנאל צו ווארענען דעם פראנצויזישן פראלעטאריאט קעגן א פעלערהאפטן אריבערטראגן דידאזיקע טראדיציעס אין די באדינגונגען פון אן אנדער עפאכע.

אזוי איז אויך בא אונז. שטודירן די באדינגונגען פון אנווענדן דעם באיקאט דארפן מיר, דורכדרינגען די מאסן מיט דער אידייע, אז דער באיקאט איז א פולקום געזעצלעכער און אן אנדערש מאל נויטיקער מעטאד אין מאמענטן פון רעוואלוציאנערן אויפשטייג (וואס עס זאלן דארט ניט ריידן די פעדאנטן, וועלכע נעמען אומזיסט אן מארקס נאמען), דארפן מיר. נאר צי איז פאראן אט דער אויפשטייג, אט דער גרונט־באדינג פאר דערקלערן א באיקאט, — אט די פראגע דארף מען קאנען אוועקשטעלן זעלבשטענדיק און לייזן זי אפן גרונט פון אן ערנסטן אנאליז פון די געגעבענע באדינגונגען. אונזער כויוו איז — גרייטן דאס קומען פון אזא אויפשטייג, אף וויפל דאס איז אין אונזערע קויכעס, און ניט נעמען אף זיך קיין ניידער קעגן באיקאט אין דעם אנטשפרעכנדיקן מאמענט, נאר

האַלטן דעם לאָזונג פֿון באָיקאָט פֿאַר אָטוועגדבאַר צו יעטוועדער שלעכטער אָדער זייער שלעכטער פּאַרטרעטונגס־אײַנריכטונג וואָלט געווען אומבאַדינגט אַ פֿעלער.

נעמט יענע מאָטיווירונג, מיט וועלכער מע האָט פּאַרטיידיקט און דערוויזן די נויטיקייט פֿון באָיקאָט אין די „טעג פֿון פֿרייהייט", און איר וועט גלײַך דערזעען, אַז עס איז אומעגלעך איבערצוטראָגן דיזעלבע אַרגומענטן אין די באַדינגונגען פֿון דער איצטיקער זאַך־לאַגע.

דער אַנטייל אין די וואַלן דערנידעריקט די שטימונג, ער גיט אָפּ די פּאָזיציע דעם סוינע, ער פֿאַרלײַכטערט די פֿאַרשטענדיקונג צווישן דעם צאַריזם און דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע און ד. גל., פֿלעגן מיר זאָגן, פּאַרטיידיקנדיק דעם באָיקאָט אין 1905 יאָר און אין אָנהויב 1906 יאָר. וואָס איז די גרונט־פֿאָרויסזעצונג פֿון די דאָזיקע אַרגומענטן, וועלכע מע האָט ניט אַלעמאָל אַרויסגעזאָגט, וועלכע מע האָט אָבער אַלעמאָל אין זינען געהאַט, אַלס עטוואָס אַזעלעכס, וואָס איז לויט יענע צײַטן זעלבסטפֿאַרשטענדלעך? די דאָזיקע פֿאָרויסזעצונג איז — די רײַכע רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פֿון די מאַסן, וואָס זוכט און געפֿינט פֿאַר זיך אומיטלבאַרע אַרויסטרעטונגען אויסער יעדע „קאָנסטיטוציאָנעלע" קאַנאַלן. די דאָזיקע פֿאָרויסזעצונג — דאָס איז דער אומויפֿהערלעכער אָנגריף פֿון דער רעוואָלוציע אָף דער רעאַקציע, וועלכן עס וואָלט אַ פֿאַרברעכן געווען אָפּצושוואַכן דורך פֿאַרנעמען און פּאַרטיידיקן אַ פּאָזיציע, וואָס דער סוינע האָט לעכאַטכילע געלאָזן מיטן צוועק אָפּצושוואַכן דעם אַלגעמיינעם אָנגריף. פּרואווט איבערכאַזערן די דאָזיקע אַרגומענטן אויסער די באַדינגונגען פֿון אָט דער פֿאָרהאַנאָכע — און איר וועט טייקעף דערפֿילן די פֿאַלשקייט אין אייער גאַנצער „מוזיק", די ניטריכטיקייט פֿון דעם גרונט־„טאָן".

האָפֿענונגסלאָז וואָלט אויך געווען דער פּרואוו צו באַרעכטיקן דעם באָיקאָט מיט דער נאָפֿקעמינע צווישן דער צווייטער און דער דריטער דומע. האַלטן פֿאַר אַן ערנסטער און גרינדלעכער די נאָפֿקעמינע צווישן די קאַדעטן (וועלכע האָבן אין דער צווייטער דומע ענדגילטיק פֿאַראַטן דאָס פֿאָלק אין די הענט פֿון דער שוואַרצער מייע) און צווישן די אָקטיאַבריסטן, צוגעבן אַ וויפֿל ניט איז רעאַלע באַדײַטונג דער באַרימטער „קאָנסטיטוציע", וועלכע איז צעריסן געוואָרן דורך דער איבערקערעניש פֿון 3־טן יוני — דאָס אַלץ אַנטשפּרעכט ביכלאַל באַדײַטנדיק מער דעם גייסט פֿון וואולגאַרן דעמאָקראַטיזם, איידער דעם גייסט פֿון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. מיר האָבן אַלעמאָל געזאָגט, געטאַינעט, איבערגעכאַזערט, אַז די „קאָנסטיטוציע" פֿון דער 1־טער און 2־טער דומע איז בלויז אַ שיין, אַז די פּלוידערײַ פֿון די קאַדעטן איז בלויז אַ פֿאַרבלענדעניש, קעדיי צו פֿאַרדעקן זייער אָקטיאַבריסטישן טאָך, אַז די

דומע איז אַ לאַכלוטן אומטויגבאַר מיטל אַף צו באַפרידיקן די פאָדערונגען פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פון דעם פּויערטום. פאַר אונז איז דער 3-טער יוני 1907 יאָר אַ נאַטירלעכער און אומפאַרמיידלעכער רעזולטאַט פון דער דעקאַבר-מאַפּאָלע אין 1905 יאָר. קיינמאָל זיינען מיר ניט „באַצויבערט" געוואָרן פון די מאַילעס פון דער „דומישער" קאָנסטיטוציע, עס קאָן אונז אויך ניט אַנטוישן באַזונדערס דער איבערגאַנג פון דער רעאַקציע, וועל-כע איז געווען צוגעפּאַרבט און באַגאָסן מיט ראַדיטשעוס פּראַזע, דער איבערגאַנג צו דער הוילער, אָפענער, גראָבער רעאַקציע. עס קאָן זיין, אַז די לעצטע איז אויך נאָך עפּשער אַ בעסער מיטל אויסצוניכטערן די פאַר-שיידענע לאַקייאישע ליבעראַלע קונעלעמלעך אָדער יענע גרופּן פון דער באַפעלקערונג, וואָס זיי האָבן אַראָפּגעפירט פון וועג....

פאַרגלייכט די מענשעוויסטישע, די סטאָקהאָלמער, און די באָלשע-וויסטישע, די לאָנדאָנער, רעזאָלוציע וועגן דער מעלוכע-דומע. איר וועט זעען, אַז די ערשטע איז פול מיט מעליצע און הייסע ווערטער וועגן דער באַדייטונג פון דער דומע, אַז זי איז אָנגעבלאָזן דורך דעם באַוואוסטזיין פון דער וויכטיקייט פון דער דומע-אַרבעט. די צווייטע איז פּאָשעט, טרוקן, ניכטער, באַשיידן. די ערשטע רעזאָלוציע איז פול מיטן גייסט פון קליינ-בירגערלעכער סימכע לעקאָוועד דער כופּע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַ-טיע מיטן קאָנסטיטוציאָנאַליזם (מיט דער „נייער מאַכט פון די טיפענישן פון פאָלק" און אַז. וו., און ד. גל. אין דעם גייסט פון דער קאַזיאָנער פאָלש-קייט). די צווייטע קאָן איבערדערציילט ווערן בעערעך אַזוי: אויב די פאַרשאָלטענע קאָנטר-רעוואָלוציע האָט אונז פאַרטריבן אין אָט דעם פאַרשאָלטענעם שטאַל, וועלן מיר אויך דאָרט אַרבעטן לעטויוועס דער רע-וואָלוציע, ניט קרעכצנדיק, נאָר אויך ניט באַרימענדיק זיך.

פאַרטיידיקנדיק די דומע פון באָיקאָט נאָך אין דעם פּעריאָד פון אָנ-מיטלבאַרן רעוואָלוציאָנערן קאַמף, האָבן זיך די מענשעוויקעס, אַזוי צו זאָגן, אַנגאַזשירט פאַרן פאָלק, אַז די דומע וועט זיין אַ מין ווערקצייג פון דער רעוואָלוציע. און זיי זיינען אָפן פּריילעכסטן אויפן דורכגעפאַלן מיט אָט דעם אַנגאַזשעמענט. מיר, די באָלשעוויקעס, אָבער, אויב מיר האָבן מיט וואָס אַנגאַזשירט, איז בלויז מיט דעם, וואָס מיר האָבן געטאַינעט, אַז די דומע איז אַ פּראָדוקט פון דער קאָנטר-רעוואָלוציע, און וואַרטן פון איר קיין גוטס, וואָס זאָל זיין וויפל ניט איז ערנסט, איז ניטאָ וואָס. אונ-זער שטאַנדפּונקט האָט זיך ביז איצט באַשטעטיקט אויסגעצייכנט, און מע קאָן אָרעוו זיין, אַז די וויטערדיקע געשעענישן וועלן זי נאָך באַשטע-טיקן. אָן דער „אויסבעסערונג" און איבערכאַזערונג פון דער אָקטיאַבער-דעקאַברשער סטראַטעגיע, אָפן גרונט פון נייע אָנגאָבן, וועט אין רוס-לאַנד קיין פרייהייט ניט זיין.

דעריבער איז, ווען מע זאָגט מיר: די דריטע דומע קאָן מען ניט

אויסנוצן, אַזוי ווי די צווייטע, מע קאָן ניט דערקלערן די מאַסן די נויטי-
קייט אַנטיילצונעמען אין איר, דאַן ווילט זיך מיר ענטפערן: אויב אונ-
טער „אויסנוצן" זאָל מען פאַרשטיין עטוואָס מענשעוויסטיש-מעליצידי-
קעס, ווי לעמאָשל, דאָס ווערקצייג פון דער רעוואָלוציע און ד. גל., דאַן,
פאַרשטייט זיך, קאָן מען ניט. אָבער אויך די ערשטע צוויי דומעס האָבן
זיך דאָך אַרויסגעוויזן בלויז אַלס טרעפלעך צו דער אָקטיאַבריסטישער
דומע, און דאָך האָבן מיר זיי אויסגענוצט צוליב יענעם פּאָשעטן און באַ-
שיידענעם* ציל (פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, קריטיק און אויפקלערן די
מאַסן, דאָס וואָס עס קומט פאָר), צוליב וועלכן מיר וועלן שטענדיק קאָנען
אויסנוצן די ערגסטע פאַרטרעטונגס-אַנשטאַלטן. אַ רעדע אין דומע וועט
קיין שום רעוואָלוציע ניט אַרויסרופן, און די פּראָפּאַגאַנדע אין צוזאַ-
מענהאַנג מיט דער דומע טיילט זיך ניט אויס מיט וועלכע ניט
איז באַזונדערע מאַילעס, נאָר נוצן פון דעם און פון יענעם וועט די סאָ-
ציאַל-דעמאָקראַטיע באַקומען ניט ווייניקער, נאָר אָפט מאָל אויך מער,
איידער פון אַ וועלכער ניט איז אָפּגעדרוקטער אָדער געהאַלטענער רעדע
אין אַן אַנדער פאַרזאַמלונג.

און דערקלערן די מאַסן אונזער אַנטייל אין דער אָקטיאַבריסטישער
דומע דאַרפן מיר פונקט אַזוי פּאָשעט. אַדאַנק דער מאַפּאָלע אין דעקאַבר
1905 יאָר און אַדאַנק דעם, וואָס עס האָבן זיך ניט איינגעגעבן די פּרואוון
פון 1906—1907 יאָרן צו „פאַריכטן" אָט די מאַפּאָלע, האָט די רעאַקציע
אונז פאַרטריבן און זי וועט אונז שטענדיק אויך ווייטער פאַר-
טרייבן אַלץ אין ערגערע און ערגערע קלוימערשט קאָנסטיטוציאָנעלע
איינריכטונגען. מיר וועלן אַלעמאָל און אומעטום פאַרטיידיקן אונזערע
איבערצייגונגען און וועלן דורכפירן אונזערע אַנשויאונגען, איבערכאַזערנ-
דיק שטענדיק, אַז קאָלזמאַן עס האַלט זיך די אַלטע מאַכט, קאָלזמאַן זי
איז ניט אויסגעריסן מיטן וואָרצל, איז ניטאָ וואָס צו וואַרטן קיין גוטס.
לאָמיר גרייטן די באַדינגונגען פאַר אַ נייעם אויפשטייג, און ביז וואַנען
ער וועט קומען און צוליב דעם, אַז ער זאָל קומען דאַרף מען אָקשאָנעס-
דיקער אַרבעטן, ניט וואַרפנדיק קיין לאָזונגען, וואָס האָבן אַ זינען בלויז
אין די באַדינגונגען פון אַן אויפשטייג.

ניט ריכטיק וואָלט אויך געווען צו קוקן אַפן באָיקאָט, אַלס אַף אַ

* פאַרגלייך „פּראָלעטאַרי" (דער זשענעווישער) 1905 יאָר, דעם אַרטיקל וועגן באָיקאַט פון דער בוליגינישער דומע מיט דער אָנווייזונג, אַז מיר נעמען אַף זיך קיין ביידער ניט ניט אויסצונוצן זי ביכלאַל, נאָר איצט לייזן מיר אַן אַנדער אויפגאַבע, וואָס איז אַוועקגעשטעלט פאַר אונז: די אויפגאַבע פון קאַמף פאַר אַ אומיטלבאַר רעוואָלוציאָנערן וועג. פאַרגלייך אויך „פּראָ-לעטאַרי" (דער רוסישער) 1906 יאָר נומ. 1, דעם אַרטיקל „וועגן באָיקאָט", וואו עס ווערט אונטערגעשטראָכן די באַשיידענע מאָס נוצן, וואָס עס ברענגט די דומע-אַרבעט.

לעינינס-אַנמערקונג

טאַקטיק-ליניע, וואָס שטעלט אַוועק דעם פּראָלעטאַריאַט און אַ טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע אַקעגן דעם ליבעראַליזם צוזאַמען מיט דער רעאַקציע. באָיקאָט — דאָס איז ניט קיין טאַקטיק-ליניע, נאָר אַ ספּעציעל קאַמפּס-מיטל, וואָס טויג באַ ספּעציעלע באַדינגונגען. צונויפמישן באָלשעוויזם מיט „באָיקאָטיזם" איז פּונקט אַזאַ פעלער, ווי צונויפמישן אים מיט „באָיעוויזם"*. די פאַרשיידנקייט פון די טאַקטיק-ליניעס באַ די מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס איז פולקום קלאָר געוואָרן און האָט זיך אויסגעפאָרמירט אין פּרינציפּיעל פאַרשיידענע רעזאָלוציעס אין פרילינג 1905 יאָר בעאיים דעם באָלשעוויסטישן 3-טן צוזאַמענפאָר אין לאָנדאָן און דער מענשעוויסטישער קאָנפערענץ אין זשענעווע. ניט וועגן באָיקאָט און ניט וועגן „באָיעוויזם" האָט דאָן אַפילע קיין רייד ניט געקאָנט זיין. סאַי אַף די וואַלן אין דער 2-טער דומע, ווען מיר זיינען ניט געווען קיין באָיקאָטיסטן, סאַי אין דער 2-טער דומע האָט זיך אונזער טאַקטיק-ליניע אונטערשיידט אַפן קאַטעגאָרישסטן אויפן פון דער מענשעוויסטישער, ווי עס איז אַלעמען און יעדערן באַוואוסט. די טאַקטיק-ליניעס גייען זיך פאַנאַנדער באַ אַלע אויפאַנים און מיטלען פון קאַמף, אַף יעדן געביט פון קאַמף, לעגאַמרע ניט באַשאַפנדיק וועלכע ניט איז ספּעציעלע קאַמפּס-מיטלען, וואָס זיינען אייגנטימלעך פאַר דער אָדער יענער ליניע. און אויב דער באָיקאָט פון דער 3-טער דומע וואָלט באַרעכטיקט געוואָרן אָדער, וואָלט אַרויסגערופן געוואָרן דורכן צוזאַמענבראָך פון די רעוואָלוציאָנערע דערוואַרטונגען פון דער ערשטער אָדער דער צווייטער דומע, דורכן צוזאַמענבראָך פון דער „געזעצלעכער", „שטאַרקער", „פעסטער" און „עמעסער" קאָנסטיטוציע, וואָלט עס געווען מענשעוויזם פון ערגסטן סאָרט.

## VI

מיר האָבן אָפּגעלייגט אַפן סאַף דאָס באַטראַכטן די שטאַרקסטע און די איינציק מאַרקסיסטישע אַרגומענטן פאַרן באָיקאָט. אַן אַקטיווער באָיקאָט האָט קיין זין ניט אויסער אַ ברייטן רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג. זאָל זיין אַזוי. נאָר אַ ברייטער אויפשטייג אַנטוויקלט זיך פון ניט אַ ברייטן. סימאָנים פון אַ געוויסן אויפשטייג זיינען דאָ. דער לאָזונג פון באָיקאָט דאַרף אַרויסגעשטעלט ווערן, ווייל דערדאָזיקער לאָזונג שטיצט, אַנטוויקלט און פאַרברייטערט דעם אויפשטאַנד, וואָס הויבט זיך ערשט אָן.

אַט דאָס איז, לויט מיין מיינונג, די גרונט-אַרגומענטאַציע, וואָס באַ-

* פונם רוסישן וואָרט „באָי" (שלאַכט). „לינקע" באָלשעוויקעס פון יענער צייט האָבן געהאַלטן, אַז מע דאַרף אויך בעשאַס רעאַקציע פירן אַ שלאַכט-טאַקטיק.

איבערז.

שטימט מיט זיך, אין אַ מער אָדער ווייניקער קלאָרער פאָרם, די געוויגטקייט צום באַיקאָט אין די ס.-ד. קרייזן. און דערביי איז די כאַווײרים, וואָס שטייען נעענטער פאַר אַלץ צו דער אומיטלבאַר-פּראָלעטאַרישער אַרבעט, גייען אַרויס ניט פון אַן אַרגומענטאַציע, אַן „אויפגעבויטער" לויט אַ געוויסן טיפּ, נאָר פון אַ געוויסן סכום איינדרוקן, וואָס זיי באַקומען פון דער באַרירונג מיט דער אַרבעטער-מאַסע.

איינע פון די ווייניק פראַגן, אין וועלכע עס איז ניטאָ און עס איז ניט געווען ביז איצט, דוכט זיך, קיין מיינונגס-פאַרשיידנהייטן צווישן די צוויי פראַקציעס פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, איז די פראַגע וועגן דער סיבע פון דער לאַנגער האַפּסאָקע אין דער אַנטוויקלונג פון אונזער רעוואָלוציע. „דער פּראָלעטאַריאַט איז ניט געקומען צו זיך", — אָט דאָס איז די סיבע. אוןווירקלעך, דער אַקטיאַבר-דעקאַברשער קאַמף האָט זיך אינגאַנצן געלייגט ב ל ו י ז אַף דעם פּראָלעטאַריאַט. פאַר דער גאַנצער נאַציע האָט סיסטעמאַטיש, אָרגאַניזירט, אומויפהערלעך געקעמפט בלויז דער פּראָלעטאַריאַט אַליין. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אין אַ לאַנד מיטן קלענסטן (לויט דעם אייראָפּעאישן מאַסשטאַב) פּראָצענט פּראָלעטאַרישער באַפעלקערונג, האָט זיך דער פּראָלעטאַריאַט געמוזט אַרויסווייזן שרעקלעך אויסגעצערט פון אַזאַ קאַמף. דערביי נאָך האָבן זיך די פאַרייניקטע קויכעס פון דער רעגירונגס-רעאַקציע און פון דער בורזשואַזער רעאַקציע אָנגעוואָרפן נאָך דעקאַבר און פאַלן נאָך אַדאַיעם אָן דאַפּקע אַף דעם פּראָלעטאַריאַט. די פּאָליצייאישע פאַרפאָלגונגען און טויט-שטראָפן האָבן דעציימירט דעם פּראָלעטאַריאַט אין מעשעך פון אַנדערהאַלבן יאָר, און די סיסטעמאַטישע לאָקאַוטן, אָנהויבנדיק פון פאַרמאַכן די רעגירונגס-זאַוואָדן מיטן „שטראָף-צוועק" און ענדיקנדיק מיט די פאַרשווערונגען פון די קאַפּיטאַליסטן קעגן די אַרבעטער, האָבן געבראַכט די נויט פון די אַרבעטער-מאַסן צו אַ ניט-געהערטער גרויס. איז אָט איצט, זאָגן איניקע ס.-ד. טוער, באַמערקן זיך צווישן די מאַסן סימאָנים פון געהויבענער שטימונג, פון קרעפטן-אָנזאַמלונג בײַ דעם פּראָלעטאַריאַט. צו דעמדאָזיקן ניט פולקום באַשטימטן און ניט פולקום באַנעמבאָרן איינדרוק איז מען מויסעף אַ שטאַרקערן אַרגומענט: אין איניקע צווייגן פון דער אינדוסטריע קאָן מען קאָנסטאַטירן אַ בליסאָפּעקדיקע אויפלעבונג. די פאַרגרעסערטע נאָכפראַגע אַף אַרבעטער מוז אומפאַרמײַדלעך פאַרשטאַרקן די שטרייק-באַוועגונג. די אַרבעטער וועלן מוזן פּרואוון אומקערן כאָטש אַ טייל פון יענע קאָלאָסאַלע פאַרלוסטן, וואָס זיי האָבן געליטן אין דער עפּאָכע פון רעפּרעסיעס און לאָקאַוטן. ענדלעך, דער דריטער און דער שטאַרקסטער אַרגומענט באַשטייט אין דער אָנווייזונג ניט אַף אַ פּראָבלעמאַטישער און בכלל דערוואַרטעטער שטרייק-באַוועגונג, נאָר אַף איין זייער גרויסן שטרייק, וואָס איז שוין באַשטימט געוואָרן דורך די אַרבעטער-אָרגאַני-

זאַציעס. די פֿאָרשטייער פֿון 10.000 טעקסטיל־אַרבעטער האָבן נאָך אין
אָנהויב 1907 יאָר באַהאַנדלט זייער לאַגע און האָבן אָנגעמערקט שריט
אָף צו פֿאַרשטאַרקן די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַרייניגן פֿון דערדאָזיקער אינ־
דוסטריע־צווייג. דאָס צווייטע מאָל האָבן זיך שוין צונויפֿגעקליבן די פֿאָר־
שטייער פֿון 20.000 אַרבעטער און האָבן באַשלאָסן צו דערקלערן אין יוני
1907 יאָר אַן *אַלגעמיינעם שטרייק* פֿון די טעקסטיל־אַרבעטער.
דידאָזיקע באַוועגונג קאָן אַרומכאַפּן אומיטלבאַר ביז 40.000 אַרבעטער.
זי שטאַמט, דידאָזיקע באַוועגונג, פֿון מאָסקווער געגנט, ד. ה. פֿון דעם
גרעסטן צענטר פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד און פֿון דעם
גרעסטן האַנדלס־אינדוסטריעלן צענטר. נעמלעך אין מאָסקווע און בלויז
אין מאָסקווע קאָן די אַרבעטער־באַוועגונג באַקומען גיכער פֿאַר אַלץ אַ
כאַראַקטער פֿון אַ ברייטער פֿאָלקס־באַוועגונג, וואָס האָט אַ באַשליסנ־
דיקע פּאָליטישע באַדייטונג. און די טעקסטיל־אַרבעטער שטעלן מיט זיך
פֿאָר פֿון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־מאַסע אַן עלעמענט, וואָס ווערט
ערגער פֿאַר אַלעמען באַצאָלט, וואָס איז ווייניקער פֿון אַנדערע אַנטוויקלט,
וואָס האָט שוואַכער פֿון אַנדערע אנטיילגענומען אין די פֿריערדיקע באַ־
וועגונגען, און וואָס איז אַמענגסטן פֿאַרבונדן מיטן פּויערטום. די איניציאַ־
טיוו פֿון אַזעלכע אַרבעטער קאָן אָנווייזן אָף דעם, אַז די באַוועגונג וועט
אַרומכאַפּן ניט אין פֿאַרגלייך ברייטערע שיכטן פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט,
איידער פֿריער. דער צוזאַמענהאַנג פֿון דער שטרייק־באַוועגונג מיט דעם
רעוואָלוציאָנערן אויפֿשטייג אין די מאַסן איז אָבער ניט איין מאָל דע־
מאָנסטרירט געוואָרן אין דער געשיכטע פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע.

דער דירעקטער כוויו פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז קאָנ־
צענטרירן אַ קאָלאָסאַלע אויפֿמערקזאַמקייט און אויסעראָרדנטלעכע באַ־
מיאונגען גראַד אָף דערדאָזיקער באַוועגונג. די אַרבעט גראַד אָף אָט דעם
געביט דאַרף באַקומען די הויפּט־באַדייטונג אין פֿאַרגלייך מיט די וואַלן
אין דער אָקטיאַבריסטישער דומע. אין די מאַסן דאַרפֿן איינגעוואָרצלט
ווערן די איבערצייגונג, אַז עס איז אומבאַדינגט נויטיק צו פֿאַרוואַנדלען
דידאָזיקע שטרייק־באַוועגונג אין אַן אַלגעמיינעם און ברייטן אָנגריף אָף
דער זעלבסטהערשונג. דער לאָזונג פֿון באָיקאָט באַטייט טאַקע — אַרי־
בערטראָגן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער דומע אָף דעם אומיטלבאַרן
מאַסן־קאַמף. דער לאָזונג פֿון באָיקאָט באַטייט טאַקע, — דורכזאַפּן די
נייע באַוועגונג מיט אַ פּאָליטישן און רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט.

אָט אַזאַ איז בערעך דער געדאַנקן־גאַנג, וואָס ברענגט אייניקע
ס.־ד. צו דער איבערצייגונג וועגן דער נויטיקייט צו באָיקאָטירן די 3־טע
דומע. דאָס איז אַן אַרגומענטאַציע פֿאַרן באָיקאָט, בליסאָפּעק, אַ מאַרק־
סיסטישע און זי האָט גאָרניט געמיינזאַמעס ניט מיט אַ פּאַשעטן אי־

בערכאַזערן אַ לאָזונג, וואָס איז אַרויסגעריסן פון דעם צוזאַמענהאַנג פון די ספּעציעלע היסטאָרישע באַדינגונגען.

נאָר ווי שטאַרק עס זאָל ניט זיין דידאָזיקע אַרגומענטאַציע, איז זי דאָך, לויט מיין מיינונג, ניט גענוג, אַז זי זאָל אונז צווינגען אָ ט א י צ ט ש ו י ן אָננעמען דעם לאָזונג פון באָיקאָט. דידאָזיקע אַרגומענטאַציע שטרייכט אונטער דאָס, וואָס עס דאַרף ביכלאַל ניט אַרויסרופן קיין ספּעק באַ אַ רוסישן סאָציאַל-דעמאָקראַט, וועלכער האָט געטראַכט איבער די לעקציעס, וואָס עס האָט אונז געלערנט די רעוואָלוציע, נעמלעך: אַז מיר דאַרפן ניט קיין ניידער געבן קעגן באָיקאָט, אַז מיר דאַרפן גרייט זיין אַרויסצורוקן דעמדאָזיקן לאָזונג אין אַ פּאַסנדיקן מאָמענט, אַז אונזער שטעלונג פון דער פראַגע וועגן באָיקאָט האָט לאַכלוטן קיין געמיינזאַמעס ניט מיט דער ליבעראַלער, פּיליסטעריש-אָרעמער, וואָס האָט קיין שום רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט ניט, שטעלונג פון דער פראַגע: אויסמיידן אָדער ניט אויסמיידן?*

לאָמיר אָננעמען פאַר דערוויזן און פאַר פולשטענדיק אַנטשפּרעכנדיק דערווירקלעכקייט אַלץ דאָס, וואָס עס זאָגן די אָנהענגער פון באָיקאָט פון צווישן די ס.-ד. וועגן דער ענדערונג אין דער שטימונג פון די אַרבעטער, וועגן דער אינדוסטריעלער אויפלעבונג און וועגן דעם יולער שטרייק פון די טעקסטילער.

וואָס דרינגט אַרויס פון אָט דעם אַלעם? מיר האָבן פאַר זיך אַן אָנהויב פון אַ טיילווייזן אויפשטייג, וואָס האָט אַ רעוואָלוציאָנערע באַדייטונג**. צי זיינען מיר מעכויעוו אָנצואווענדן אַלע קויכעס אַף צו שטיצן און אַנטוויקלען אים, שטרעבנדיק צו פאַרוואַנדלען אים אין אַן אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג, און דערנאָך אויך אין אַ באַוועגונג פון אַן אָנגריפס-טיפ? גאַנץ געוויס. צווישן סאָציאַל-דעמאָקראַטן (אויסער יענע עפּשער, וואָס אַרבעטן מיט אין „טאָוואַרישטש") קאָן וועגן

* זע אין דעם „טאָוואַרישטש" אַ מוסטער פון ליבעראַלע כקירעס באַ דעם געוועזענעם מיטאַרבעטער פון ס.-ד. אויסגאַבן, איצטיקן מיטאַרבעטער פון ליבעראַלע צייטונגען, ל. מאַרטאָוו.
לעגינס--אָנמערקונג.

** עס איז דא אַ מיינונג, אַז דער טעקסטיל-שטרייק איז אַ באַוועגונג פון אַ נייעם טיפּ, וואָס זונדערט אָפּ די פראָפעסיאָנעלע באַוועגונג פון דער רעוואָלוציאָנערער. מיר גייען אָבער פאַרביי דערדאָזיקער מיינונג, ערשטנס, דערפאַר, ווייל אויסטייטשן אַלע סימפּטאָמען פון אַ דערשיינונג פון אַ קאָמפּליצירטן טיפּ אין דער פּעסימיסטישער זייט איז ביכלאַל אַ געפערלעכער מעטאָד, וואָס האָט אָפּט אַראָפּגעפירט פון וועג אַסאַך סאָציאַל-דעמאָקראַטן, ניט גאָר „פּעסטע אין זאָטל". צווייטנס, אויב אין דעם טעקסטיל-שטרייק וואָלטן געווען די אָנגעוויזענע שטריכן, וואָלטן מיר, סאָציאַל-דעמאָקראַטן, בליסאָפּעק, געדאַרפט אָפּן ענערגישסטן אויפן קעמפן קעגן זיי. אין פאַל, ווען אונזער קאַמף וואָלט האָבן אַ דערפאָלג, וואָלט די פראַגע, הייסט עס, געשטאַנען דאַפּקע אַזוי, ווי מיר שטעלן זי.

לעגינס-אָנמערקונג

דעם קיין צוויי מיינונגען ניט זיין. צי איז נויטיק אָבער שוין איצט, אין אָנפאַנג פון אַט דעם טיילווייזן אויפשטייג, איידער ער איז נאָך אי־בערגעגאַנגען אין אַן אַלגעמיינעם, צי איז נויטיק דער לאָזונג פון באָיקאָט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג? צי איז פעאיק דער דאָזיקער לאָזונג מיטצואווירקן דער אַנטוויקלונג פון דער איצטיקער באַוועגונג? דאָס איז אַן אַנדער פראַגע, און אַף דער דאָזיקער פראַגע וועט אויסקומען, לויט מיין מיינונג, צו ענטפערן נעגאַטיוו.

אַנטוויקלען אַן אַלגעמיינעם אויפשטייג פון אַ טיילווייזן קאָן מען און מע דאַרף דורך דירעקטע און אומיטלבאַרע אַרגומענטן און לאָזונגען, אָן אַ שאַיכעס צו דער 3-טער דומע. דער גאַנצער גאַנג פון די געשעעעניש נאָך דעקאַבר — דאָס איז דורכויסיקע באַשטעטיקונג פון דעם ס.־ד. קוק אַף דער ראָלע פון דער מאָנאַרכיסטישער קאָנסטיטוציע, אַף דער נויטיקייט פון אומיטלבאַרן קאַמף. בירגער! וועלן מיר זאָגן, אויב איר ווילט ניט, אַז די זאַך פון דער דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד זאָל אָן אויפהער, אַלץ שנע־לער און שנעלער גיין באַרג־אַראָפּ, פונקט ווי זי איז געגאַנגען נאָך דעקאַבר 1905 יאָר, בעאיים דער העגעמאָניע פון די הערן קאַדעטן איבער דער דעמאָקראַטישער באַוועגונג, אויב איר ווילט עס ניט, — איז שטיצט דעם אויפשטייג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכער הויבט זיך אָן, שטיצט דעם אומיטלבאַרן מאַסן־קאַמף. אָן אַט דעם קאַמף איז ניטאָ און עס קאָן ניט זיין קיין גאַראַנטיעס פון פרייהייט אין רוסלאַנד.

די אַגיטאַציע פון אַט דעם טיפּ וועט זיין, בליסאָפּעק אַ קאָנזעקווענ־טע רעוואָלוציאָנער־סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַגיטאַציע. צי מוז מען עס צוגעבן צו איר: גלויבט ניט, בירגער, אין דער 3-טער דומע און קוקט אַף אונז, סאָצ.־דעמאָקראַטן, וואָס באָיקאָטירן זי, אַלס באַווייז פון אונזער פּראָטעסט!

אַזאַ מין צוגאָב איז לויט די באַדינגונגען פון דער צייט, וואָס מיר לעבן איצט איבער, ניט נאָר ניט נויטיק, נאָר ער קלינגט אַפילע מאָדנע, ער קלינגט ווי בויזעק. אין דער 3-טער דומע גלויבט כוץ דעם ביכלאָל קיינער ניט, ד. ה. אין יענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, וועלכע זיינען פעאיק צו שטיצן די דעמאָקראַטישע באַוועגונג, איז ניטאָ און עס קאָן ניט זיין יענם פאַרכאַפּט זיין מיט דער קאָנסטיטוציאָנעלער איינריכטונג פון דער 3-טער דומע, אַזאַ ברייט פאַרכאַפּט זיין, וועלכעס איז, בליסאָפּעק, געווען פאַר דער ערשטער דומע, פאַר די ערשטע פּרוּוון צו שאַפן אין רוסלאַנד וועלכע ניט איז, אַבי נאָר קאָנסטיטוציאָנעלע איינ־ריכטונגען.

דער שווער־פּונקט פון דער אויפמערקזאַמקייט פון די ברייטע

שיכטן פון דער באַפעלקערונג אין 1905 און אין אָנהויב 1906 יאָר איז געווען די ע ר ש ט ע פאַרטרעטונגס-איינריכטונג, זאָל זיין אַפילע אָף דער באַזע פון אַ מאָנאַרכישער קאָנסטיטוציע. דאָס איז אַ פאַקט. קעגן דעם האָבן די סאָצ.-דעמ. געדאַרפט קעמפן און דעמאָנסטרירן אַפן אַנשוילעכסטן אויפן.

איצט איז ניט דאָס. ניט דאָס פאַרכאַפט זיין מיט דעם ע ר ש ט ן „פאַרלאַמענט" איז איצט דער כאַראַקטערישער שטריך פון מאָמענט, ניט דאָס גלויבן אין דער דומע, נאָר ד אָ ס נ י ט ג ל ו י ב ן א י ן ד ע ם א ו י פש ט י י ג.

בא אַזעלכע באַדינגונגען, ווען מיר רוקן אַרויס פּריציפּיטיק דעם לאָזונג פון באָיקאָט, פאַרשטאַרקן מיר אַבסאָלוט ניט די באַוועגונג, מיר פאַראַליזירן ניט די ווירקלעכע שטערונגען פאַר דערדאָזיקער באַוועגונג. דאָס איז נאָך ווייניק: מיר ריזיקירן אַפילע אָפּצושוואַכן דורך דעם די קראַפט פון אונזער אַגיטאַציע, ווייל דער באָיקאָט איז אַ לאָזונג, וואָס אַנטשפּרעכט אַן אויפשטייג, וועלכער האָט זיך שוין אויסגעקריסטאַליזירט, און די גאַנצע צאָרע איצט באַשטייט אין דעם, וואָס די ברייטע קרייזן פון דער באַפעלקערונג גלויבן ניט אין דעם אויפשטייג, זיי זעען ניט זיין קראַפט.

מע דאַרף צוערשט זאָרגן דערפאַר, אַז עס זאָל אין ד ע ר ט א ט באַוויזן ווערן די קראַפט פון דעמדאָזיקן אויפשטייג, און דערנאָך וועלן מיר נאָך שטענדיק באַוויזן אַרויסצורוקן דעם לאָזונג, וואָס דריקט אויס אומדירעקט דידאָזיקע קראַפט. עס איז נאָך ביכלאַל אַ פראַגע: צי וועט נויטיק זיין פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון אַן אָנגריפס-כאַראַקטער אַ ספּעציעלער לאָזונג, וואָס צ י ט אָ פּ די אויפמערקזאַמקייט פון... דער 3-טער ד ו מ ע. מעגלעך, אַז ניט. קעדיי צו פאַרבייגיין פאַרביי עטוואָס וויכטיקעס און אַזעלכעס, וואָס איז ווירקלעך פעאיק צו פאַרכאַפּן דעם אומדערפאַרענעם האַמוין, וועלכער האָט נאָך קיינמאָל קיין פאַרלאַמענטן ניט געזעען, איז נויטיק, קאָן זיין, צ ו ב אָ י ק אָ ט י ר ן דאָס. פאַרביי וואָס מע דאַרף פאַרבייגיין. קעדיי צו פאַרבייגיין אָבער פאַרביי אַן איינריכטונג, וועלכע איז לאַכלוטן ניט פעאיק צו פאַרכאַפּן דעם איצטיקן דעמאָקראַטישן אָדער האַלב-דעמאָקראַטישן האַמוין, איז גאָר קיין כוויו ניט צו דערקלערן אַ באָיקאָט. ניט אין באָיקאָט איז איצט דער טאָך פון דער זאַך, נאָר אין דירעקטע און אומיטלבאַרע אָנשטרענגונגען אָף צו פאַרוואַנדלען דעם טיילווייזן אויפשטייג אין אַן אַלגעמיינעם, די פראָפעסיאָנעלע באַוועגונג — אין אַ רעוואָלוציאָנערע, די פאַרטיידיקונג קעגן לאָקאַוטן — אין אַן אָנגריף אָף דער רעאַקציע.

## VII

מיר רעזומירן. דער לאָזונג פון באָיקאָט איז אַרויסגערופן דורך אַ באַזונדערן היסטאָרישן פּעריאָד. אין 1905 און אין אָנהויב 1906 יאָר האָט די אָביעקטיווע סיטואַציע געשטעלט אַף דער אַנטשיידונג פון די קעמפנדיקע געזעלשאַפטלעכע קויכעס די פראַגע וועגן אויסוואַל פון דעם נאָענטסטן וועג: דעם אומיטלבאַר רעוואָלוציאָנערן וועג אָדער דעם מאָנאַרכיש־קאָנסטיטוציאָנעלן קער. דער אינהאַלט פון דער באָיקאָט־אַגיטאַציע איז דערביי געווען דער קאַמף אַקעגן די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס. דער באַדינג פאַרן דערפאָלג פון דעם באָיקאָט איז געווען דער ברייטער, אַלגעמיינער, שנעלער און שטאַרקער רעוואָלוציאָנערער אויפשטייג.

אין די אַלע דאָזיקע הינזיכטן איז די סיטואַציע צו האַרבסט 1907 יאָר אַזאַ, אַז זי רופט ניט אַרויס קיין נויטיקייט אין אַזאַ לאָזונג און זי באַרעכטיקט אים ניט.

פאָרזעצנדיק אונזער וואָכעדיקע אַרבעט אַף צוגרייטן די וואַלן און ניט אָפּזאָגנדיק זיך פאָרויס אַנטיילצונעמען אין די סאַמע רעאַקציאָנערע פאַרטרעטונגס־איינריכטונגען, דאַרפן מיר אונזער גאַנצע פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע ווענדן אַף אויפקלערן דעם פאָלק דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דער מאַפּאָלע אין דעקאַבר און מיט דער גאַנצער נאָכפאָלגנדיקער יערידע פון דער פרייהייט און דעם איזדעקעווען זיך איבער דער קאָנסטיטוציע. מיר דאַרפן דורכדרינגען די מאַסן מיט דער פעסטער איבערצייגונג, אַז אָן אַן אומיטלבאַרן מאַסן־קאַמף וועט אַט דאָס איזדעקעווען זיך פאַרגעזעצט ווערן און פאַרשטאַרקט ווערן.

ניט נעמענדיק אַף זיך קיין ניידער ניט אָנצואווענדן דעם לאָזונג פון באָיקאָט אין מאָמענטן פון אויפשטייג, ווען עס וואָלט געקאָנט אַנטשטיין אַן ערנסטע באַדערפעניש אין אַזאַ לאָזונג, דאַרפן מיר בא היינטיקן טאָג אָנווענדן אַלע אונזערע באַמיאונגען אַף דעם, צו שטרעבן דורך אַ דירעקטער און אומיטלבאַרער ווירקונג צו פאַרוואַנדלען דעם אָדער יענעם אויפשטייג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַן אַלגעמיינער, ברייטער, רעוואָלוציאָנערער און אָנגרייפנדיקער באַוועגונג בענויגייע דער רעאַקציע אינגאַנצן גענומען, בענויגייע אירע יעסוידעס.

זאַמלבוך „פאר און קעגן באָיקאָט„
ס.־פּעטערבורג 1907 יאָר

## פאָרוואָרט צום זאַמלבוך „פאַר 12 יאָר"

דער זאַמלבוך פון אַרטיקלען און בראָשורן, וועלכן מיר לייגן דאָ פאָר דעם לעזער, נעמט אַרום דעם פּעריאָד פון 1895 ביז 1905 יאָר. די טעמע

פון די ליטעראַרישע ווערק, וואָס זיינען דאָ פאַראייניקט צוזאַמען, דאָס זיי־נען פּראָגראַם־פראַגן, טאַקטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די אַלע פראַגן ווערן געשטעלט און ווערן פאַנאַנדערגעאַרבעט די גאַנצע צייט אין קאַמף קעגן דעם רעכטן פליגל פון דער מאַרקסיסטישער ריכטונג אין רוסלאַנד.

צוערשט גייט דערדאָזיקער קאַמף אַפן ריין טעאָרעטישן געביט, קעגן דעם הויפּט־פאָרשטייער פון אונזער לעגאַלן מאַרקסיזם אין די 90־ער יאָרן, קעגן דעם הער סטרוואַווען. דער סאָף פון 1894־טן יאָר און דער אָנ־הויב פון 1895 יאָר זיינען געווען אַ פּעריאָד פון אַ שאַרפן קער אין אונזער לעגאַלער פּובליציסטיק. צום ערשטן מאָל איז אין איר דורכגעדרונגען דער מאַרקסיזם, וואָס איז פאָרגעשטעלט ניט נאָר דורך די אויסלענדישע טוער פון דער „גרופּע פאַר באַפרייען די אַרבעט"*, נאָר אויך דורך רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. די אויפלעבונג אין דער ליטעראַטור און די הייסע שטרייטן פון די מאַרקסיסטן מיט די אַלטע פירער פון פאָלקיזם, וועלכע האָבן ביז דאַן קימאַט אליין געהערשט (לעמאַשל, נ. ק. מיכאַילאָווסקי) אין דער פּראָגרעסיווער ליטעראַטור, איז געווען אַ פאָרשפּיל צום אויפ־שטייג פון דער מאַסנווייזער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד. די ליטע־ראַרישע אַרויסטרעטונגען פון די רוסישע מאַרקסיסטן זיינען געווען אַו־מיטלבאַרע פאָרגענגער פון די אַרויסטרעטונגען פון דעם פּראָלעטאַריאַט צום קאַמף, פון די באַרימטע פּעטערבורגער שטרייקן פון 1896 יאָר, וואָס האָבן געעפנט די ערע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, — פון אַט דעם מעכטיקן פאַקטאָר פון אונזער גאַנצער רעוואָלוציע, דער באַוועגונג, וועל־כע האָט נאָכדעם געהאַלטן אין שטייגן אָן אָפּנויג.

די באַדינגונגען פון דער דעמאָלטיקער ליטעראַטור האָבן געצוואונ־גען די סאָציאַל־דעמאָקראַטן צו ריידן אַף טאַרגעם־לאָשן און באַגרענעצן זיך מיט סאַמע אַלגעמיינע האַנאַכעס, וואָס זיינען אָמווייטסטן פון דער פּראַקטיק און פּאָליטיק. דערדאָזיקער אומשטאַנד האָט באַזונדערס פאַר־לייכטערט דעם בונד פון פאַרשיידנאַרטיקע עלעמענטן פון מאַרקסיזם אינם קאַמף מיטן פאָלקיזם. איינצייטיק מיט די אויסלענדישע און רוסישע סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטן האָבן דעמדאָזיקן קאַמף געפירט אַזעלכע מענטשן, ווי די הערן סטרוואַווע, בולגאַקאָוו, טוגאַן־באַראַנאָווסקי, בערדיאַיעוו און דאָס גלייכן. דאָס זיינען געווען בורזשואַזע דעמאָקראַטן, פאַר וועלכע צע־רייסן מיטן פאָלקיזם האָט באַטייט איבערגיין פונם שטאָטיש קליינביר־גערלעכן (אָדער פויערשן) סאָציאַליזם ניט צום פּראָלעטאַרישן סאָציאַ־ליזם, ווי פאַר אונז, נאָר צום בורזשואַזן ליבעראַליזם.

איצט האָט די געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע, ביכלאַל,

* דער ריכטיקער נאָמען פון דער גרופּע איז געווען „באַפרייאונג פון דער אַרבעט" איבערז.

די געשיכטע פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי, ביפּראַט, די עוואָלוציע פון דעם הער סטרוּווע (קימאַט צו אָקטיאַבריזם), באַזונדערס, געמאַכט דעמ־דאָזיקן עמעס פאַר אַ באַשיימפּערלעכן, זיי האָבן אים פאַרוואַנדלט אין אַ גאַנגבאַרע מאַטבייע פון דער פּובליציסטיק. דאַן, אין די יאָרן 1894—1895 האָט מען דעמדאָזיקן עמעס געמוזט דערווייזן אָפּן סמאַך פון קליינע, פאַר־העלטנישמעסיק, אָפּנויגונגען פון דעם אָדער יענעם שרייבער פון מאַרק־סיזם, דאַן האָט מען ערשט גענדאַרפט שמידן דידאָזיקע מאַטבייע. דעריי־בער דרוק איך איצט איבער איינגאַנצן מיין אַרבעט, וואָס איז געווענדעט קעגן דעם הער סטרוּווע (דעם אַרטיקל „דער עקאָנאָמישער אינהאַלט פון דעם פאָלקיזם און זיין קריטיק אין דעם בוך פון הער סטרוּווען“ אונטערן אונטערשריפט ק. טולין אין דעם זאַמלבוך: „מאַטעריאַלן צו דער פראַגע וועגן דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד“ ס.־פּעטערבורג 1905 יאָר, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן דורך דער צענזור), צוליב דריי טאַימים. ערשטנס, אַף וויפל דער לעזנדיקער אוילעם האָט זיך באַקענט מיטן בוך פון דעם הער סטרוּווע און מיט די אַרטיקלען פון די פאָלקיסטן קעגן די מאַרקסיסטן אין די יאָרן 1894—1895, אַף אַזויפיל האָט אַ באַ־דייטונג אויך די קריטיק פון הער סטרוּוועס שטאַנדפונקט. צווייטנס, די האַסראָע דעם הער סטרוּווע מיצאַד אַ רעוואָלוציאָנערן סאָציאַל־דע־מאָקראַט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן איינציטיק מיט אונזערע גע־מיינזאַמע אַרויסטרעטונגען קעגן די פאָלקיסטן, האָט אַ באַדייטונג אויך פאַר דעם ענטפער יענע, וואָס האָבן אונז ניט איינמאָל באַשולדיקט פאַרן בונד מיט אַזעלכע הערן און פאַר דער אָפּשאַצונג פון דער באַלערנדיקער פּאָליטישער קאַריערע פון דעם הער סטרוּווע. דריטנס, די אַלטע און אין אַסאַך הינזיכטן פאַרעלטערטע פּאָלעמיק מיט סטרוּווען האָט אַ באַדיי־טונג פון אַ באַלערנדיקן מוסטער. דערדאָזיקער מוסטער באַווייזט דעם פּראַקטישן פּאָליטישן ווערט פון אַ אומבעשאָלעמדיקער טעאָרעטישער פּאָלעמיק. די צו גרויסע געניגטקייט צו אַזאַ פּאָלעמיק סאַי קעגן די „עקאָנאָמיסטן“, סאַי קעגן די בערנשטיינער, סאַי קעגן די מענשעוויקעס האָט מען אויפגעוואָרפן די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אָן אַ שיר. אויך איצט איז דאָסדאָזיקע אויפוואַרפן די גאַנגבאַרסטע סכוירע באַ די „שאָלעם־מאַכער“ אינעווייניק אין דער פּאַרטיי און באַ די „מיטפילנ־דיקע“ האַלב־סאָציאַליסטן אויסער דער פּאַרטיי. באַ אונז האָט מען זייער ליב צו ריידן וועגן דעם, אַז אַ צו גרויסע געניגטקייט צו פּאָלעמיק און צו שפּאַלטונגען האָבן די רוסן ביכלאַל, די ס.־ד. ביפּראַט, די באָלשעוויקעס באַזונדערס. באַ אונז האָט מען ליב אויך צו פאַרגעסן וועגן דעם, אַז אַ צו גרויסע געניגטקייט איבערצושפּרינגען פון סאָציאַליזם צו ליבעראַליזם רופן אַרויס די באַדינגונגען פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, ביכלאַל, די באַדינגונגען פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, ביפּראַט, די

לעבנס- און טעטיקייט-באדינגונגען פון אונזער אינטעליגענץ, באזונדערס. פון אט דעם שטאנדפונקט איז זייער נוצלעך א קוק צו טאן אף דעם, וואס עס איז געווען מיט צען יאר צוריק, וועלכע טעארעטישע מיינונגס-פארשיידנהייטן מיטן „סטרואוויזם" עס האבן זיך אנגעמערקט שוין דאן, פון וועלכע קליינע (אפן ערשטן בליק קליינע) מיינונגס-פארשיידנהייטן האט זיך באקומען די פולשטענדיקע פאליטישע פאנאנדערגרענעצונג פון די פארטייען און דער אומראכמאנעסדיקער קאמף אין פארלאמענט, אין א גאנצער ריי פרעסע-ארגאנען, אף פאלקס-פארזאמלונגען און אזוי ווייטער.

איך דארף נאך באמערקן מעקויעך דעם ארטיקל קעגן דעם הער סטרואווע, אז אין גרונט פון אים איז געליגט א רעפעראט, וואס איך האב געלייענט אין הארבסט 1894 יאר אין א קליינעם קרייז פון דעמאלטיקע מארקסיסטן. פון דער גרופע ס.-ד., וואס האבן דאן געארבעט אין פעטערבורג און וואס האבן געשאפן אין א יאר ארום דעם „בונד פון קאמף פאר דער באפרייאונג פונם ארבעטער-קלאס", זיינען אין אט דעם קרייז געווען סט., כ.* און איך, פון די לעגאלע ליטעראטן-מארקסיסטן זיינען געווען סט., ר.* און איך, פון די לעגאלע ליטעראטן—מארקסיסטן זיינען געלייענט א רעפעראט, וואס האט געהייסן: „די אפשפיגלונג פון מארקסיזם אין דער בורזשואזער ליטעראטור". ווי עס איז צו זען פון דעם קעפל, איז דא די פאלעמיק מיט סטרואווען געווען באדייטנדיק שארפער און באשטימטער (לויט די סאציאל-דעמאקראטישע אויספירן), איידער אין דעם ארטיקל, וואס איז אפגעדרוקט אין פרילינג 1895 יאר. די ליגדערונגען זיינען געמאכט געווארן טיילווייז צוליב צענזור-האשארעס, טיילווייז צוליבן „בונד" מיטן לעגאלן מארקסיזם פארן געמיינזאמען קאמף קעגן דעם פאלקיזם. אז דער „שטוים לינקס", וועלכן עס האבן דאן געגעבן די פעטערבורגער סאציאל-דעמאקראטן דעם הער סטרואווען, איז ניט געבליבן אינגאנצן אן רעזולטאטן, דאס דערווייזט דער ארטיקל פון דעם הער סטרואווע אין דעם פארברענטן זאמלבוך (1895 יאר) און אייניקע ארטיקלען זיינע אין «Новое Слово» ** (1897 יאר).

באם לייענען דעם ארטיקל פון 1895 יאר קעגן דעם הער סטרואווע, מוז מען האבן אין אכט, אז אין פיל הינזיכטן שטעלט מיט זיך פאר דערדאזיקער ארטיקל א קאנספעקט פון די שפעטערדיקע עקאנאמישע ארבעטן (באזונדערס „די אנטוויקלונג פון קאפיטאליזם"). ענדלעך, דארף איך אויפמערקזאם מאכן דעם לעזער אף די לעצטע זייטן פון אט דעם ארטיקל, וואו עס ווערן אונטערגעשטראכן די פ א ז י ט י וו ע, אין די אויגן

* סטארקאוו און ראדטשענקא. איבערז.

** א לעגאלער מארקסיסטישער זשורנאל אין 1897 יאר. איבערז.

פון אַ מאַרקסיסט, שטריכן און זייטן פון דעם פּאַלקיזם, אַלס אַ רעוואָלו־ציאָנער־דעמאָקראַטישער ריכטונג אין אַ לאַנד, וואָס לעבט איבער דעם פּעריאָד פון ערעוו בורזשואַזער רעוואָלוציע. דאָס איז די טעאָרעטישע פאָרמולירונג פון דיזעלבע האַנאָכעס, וועלכע האָבן מיט 12—13 יאָר שפּעטער באַקומען דעם פּראַקטיש־פּאָליטישן אויסדריק אין דעם „לינקן בלאָק" באַ די וואַלן אין דער 2־טער דומע און אין דער „לינק־בלאָקיסטי־שער" טאַקטיק. יענער טייל מענשעוויקעס, וואָס האָט געקעמפט קעגן דער אידייע וועגן רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַ־ריאַט און פּויערטום, און האָט פאַרטיידיקט די אַבסאָלוטע נישדערלאָזבאַר־קייט פון אַ לינקן בלאָק, איז אַוועק אין אַט דער הינזיכט פון דער אַלטער און זייער וויכטיקער טראַדיציע פון די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן, פון דער טראַדיציע, וועלכע עס האָט שטאַרק געשטיצט די „זאַריאַ" און די אַלטע „איסקראַ". זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די באַדינגטע און באַ־גרענעצטע דערלאָזבאַרקייט פון אַ „לינק־בלאָקיסטישער" טאַקטיק שטאַמט אומפאַרמיידלעך פון אַט דיזעלבע טעאָרעטישע גרונט־אָנשויאונגען פונם מאַרקסיזם אַף דעם פּאַלקיזם.

נאָך דעם אַרטיקל קעגן סטרוועווען (1894—1895) גייען „די אויפגאַבן פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן", וואָס זיינען געשריבן אין 1897 י. אַפן גרונט פון דער אַרבעטס־דערפאַרונג פון די ס.־ד. אין פּעטערבורג אין 1895 יאָר. יענע אָנשויאונגען, וואָס זיינען אין די אַנדערע אַרטיקלען און בראָשורן פון דעמאָלטיקן זאַמלבוך אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון פּאָ־לעמיק מיט דעם רעכטן פליגל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, זיינען אין אַט דער בראָשור פאָרמולירט אין אַ פּאָזיטיווער פאָרם. די פאַרשיידענע פאָרוואָרטן צו די „אויפגאַבן" ווערן דאָ איבערגעדרוקט צוליב דעם, קעדיי אָנצואווייזן אַף יענעם צוזאַמענהאַנג, וועלכן דידאָזיקע אַרבעט האָט גע־האַט מיט די פאַרשיידענע פּעריאָדן אין דער אַנטוויקלונג פון אונזער פּאַרטיי (לעמאָשל, אַקסעלראָדס פאָרוואָרט שטרייכט אונטער דעם צו־זאַמענהאַנג פון דער בראָשור מיטן קאַמף קעגן דעם עקאָנאָמיזם, און דאָס פאָרוואָרט פון 1902 יאָר שטרייכט אונטער די עוואָלוציע פון די נאַראָדאָ־וואָלצעס און די נאַראָדאָפּראַווצעס) *.

דער אַרטיקל „די פאַרפאָלגער פון דער זעמסטווע און די אַניבאַלן פון ליבעראַליזם" איז געדרוקט געווען אין דער אויסלענדישער „זאַריאַ" אין 1901 יאָר. דערדאָזיקער אַרטיקל ליקווידירט, אַזוי צו זאָגן, די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישע מאַגעמאַסע מיט סטרוועווען, אַלס פּאָליטיקער. אין 1895 יאָר האָט מען אים מאַסרע געווען און מע האָט זיך פון אים אָפּגע־

---

*) נאַראָדנאַיע פּראַווע (פּאָלקס־רעכט)—אַ בורזשואַז־דעמאָקראַטישע גרופּע פון אָנהויב 90־ער יאָרן, איבערז.

גרענעצט ווי פון אַ פּאַרבינדעטן. אין 1901 יאָר דערקלערט מען אים אַ קריג, אַלס אַ ליבעראַל, וואָס איז ניט פּעאיק צו פאַרטיידיקן וויפל ניט איז קאָנזעקווענט אַפילו ריין דעמאָקראַטישע פאָדערונגען.

אין 1895 יאָר, מיט עטלעכע יאָר פאַר דער „בערנשטייניאַדע" אין מאַירעװ און פאַר דעם ווי עס האָבן לאַכלוטן צעריסן מיטן מאַרקסיזם אַ גאַנצע רײ „פאַרגעשריטענע" ליטעראַטן אין רוסלאַנד, — האָב איך אָנגעוויזן אַף דעם, אַז דער הער סטרוואַווע איז אַ מאַרקסיסט ניט קיין זיכערער, פון וועלכן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן דאַרפן זיך אָפּגרענעצן. אין 1901 יאָר, מיט עטלעכע יאָר פריער, איידער די פאַרטײ ק.-ד. איז אַרויסגעטראָטן אין דער רוסישער רעוואָלוציע און איידער דיזאָזיקע פאַרטײ האָט געליטן אַ מיעסן פּאָליטישן אָפּשניט אין דער 1-טער און 2-טער דומע, האָב איך אָנגעוויזן גראַד אַף יענע שטריכן פון דעם בורזשואַזן ליבעראַליזם אין רוסלאַנד, וועלכע האָבן זיך אַרויסבאַוויזן אין די יאָרן 1905—1907 אין מאַסנווייזע פּאָליטישע האַנדלונגען און אַרויסטרעטונגען. דער אַרטיקל „די אַניבאַלן פונם ליבעראַליזם" קריטיקירט די פאַלשע בקירעס פון איין ליבעראַל, און אַט די קריטיק ווייזט זיך אַרויס איצט פאַר אינגאַנצן אָנווענדבאַר צו דער פּאָליטיק פון דער גרעסטער ליבעראַלער פאַרטײ אין אונזער רעוואָלוציע. יענע, וואָס זיינען גענויגט צו מיינען, אַז מיר, באָלשעוויקעס, האָבן פאַראַטן די אַלטע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאָליטיק בענוגייע די ליבעראַלן, ווען מיר האָבן אומראַכמאָנעסדיק געקעמפט מיט די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס און מיט דער פאַרטײ פון די ק.-ד. אין די יאָרן 1905—1907, — אַט די מענטשן וועט אונזער אַרטיקל „די אַניבאַלן פון ליבעראַליזם" באַווייזן זייער פעלער. די באָלשעוויקעס זיינען געבליבן טריי די טראַדיציעס פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און האָבן זיך ניט געלאָזן פאַרדרייען די קעפּ דורך דעם בורזשואַזן מאַד, וועלכן עס האָבן אונטערגעהאַלטן די ליבעראַלן אין דער עפּאָכע פון „קאָנסטיטוציאָנעלן זיג-זאַג" און וועלכער האָט צייטווייליק פאַרטונקלט דאָס באַוואוסטזיין פון דעם רעכטן פליגל פון אונזער פאַרטײ.

די פאָלגנדיקע בראָשור: „וואָס טאָן?" איז אַרויס אין אויסלאַנד אין סאַמע אָנהויב פון 1902 יאָר. זי איז געווידמעט דער קריטיק פון דעם רעכטן פליגל שוין ניט אין ליטעראַרישע ריכטונגען, נאָר אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע. אין 1898 יאָר איז פאָרגעקומען דער 1-טער צוזאַמענפאָר פון די ס.-ד. און עס איז אָוועקגעלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פאַרטײ. אַלס אויסלענדישע אָרגאַניזאַציע פון דער פאַרטײ איז געוואָרן דער אויסלענדישער „פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן", וואָס האָט אין זיך אַריינגענומען אויך די „גרופּע פאַר באַפרייען די אַר-

בעט". די צענטראלע איינריכטונגען פון דער פארטיי זיינען אבער צעגראמירט געווארן דורך דער פאליציי און האבן ניט געקאנט אויפגעשטעלט ווערן. פאקטיש איז קיין איינקייט פון דער פארטיי ניט געווען: זי איז נאר געבליבן אלס אידייע, אלס א דירעקטיוו. די שטארקע פארבאפטקייט פון דער שטרייק־באוועגונג און פון דעם עקאנאמישן קאמף האט דאן געבוירן דעם „עקאנאמיזם". ווען די גרופע „איסקרא" האט אין סאמע סאף 1900 יאר אנגעהויבן איר טעטיקייט אין אויסלאנד, איז די צעשפאלטונג אף אט דעם באדן געווען שוין א פאקט. פלעכאנאוו איז אין פרילינג 1900 יאר ארויס פון דעם אויסלענדישן „פארבאנד פון די רוסישע ס.־ד." און האט געבילדעט א באזונדערע ארגאניזאציע „סאציאל־דעמאקראט".

„איסקרא" האט אנגעהויבן איר ארבעט פארמעל אומאפהענגיק פון ביידע פראקציעס, אין טאך אבער — צוזאמען מיט פלעכאנאווס גרופע קעגן דעם „פארבאנד". דער פרואוו צונויפגיסן זיך (יוני 1901 יאר, דער צוזאמענפאר פון דעם „פארבאנד" און פונם „סאציאל־דעמאקראט" אין ציוריך) האט זיך ניט איינגעגעבן. די בראשור „וואס צו טאן?" לייגט אויס סיסטעמאטיש די סיבעס פון דעם פאנאנדערגיין זיך און דעם כאראקטער פון דער איסקרישער טאקטיק און ארגאניזאציאנעלער טעטיקייט.

די בראשור „וואס צו טאן?" דערמאנען אפט די איצטיקע קעגנער פון די באלשעוויקעס — די מענשעוויקעס — און אויך די שרייבער פון בורזשואז־ליבעראלן לאגער (די קאדעטן, די „בעזאגלאווצעס" פון דער צייטונג „טאווארישטש" און ד. גל.). איך דרוק זי דערפאר איבער מיט די קלענסטע פארקירצונגען, דורכלאזנדיק בלויז פראטים פון די ארגאניזאציאנעלע פארהעלטענישן אדער קליינע פאלעמישע באמערקונגען. אין טאך פון דעם אינהאלט פון אט דער בראשור דארף מען אויפמערקזאם מאכן דעם איצטיקן לעזער אף פאלגנדיקעס:

דער גרונט־פעלער, וועלכן עס מאכן יענע מענטשן, וואס פאלעמיזירן איצט מיט „וואס טאן?", באשטייט אין דעם, וואס זיי רייסן ארויס אט דאס ווערק פון דעם צוזאמענהאנג פון א באשטימטער היסטארישער סוויווע, פון א באשטימטן און איצט שוין לאנג פארבייגעגאנגענעם פעריאד אין דער אנטוויקלונג פון אונזער פארטיי. אנשוילעך האט ארויסגעוויזן דעמדאזיקן פעלער, לעמאשל, פארוואוס (מיר ריידן שוין ניט וועגן אסאך מענשעוויקעס), וועלכער האט געשריבן אין אסאך יארן ארום נאכדעם, ווי עס איז דערשינען דידאזיקע בראשור, וועגן אירע ניטריכטיקע אדער מעגוזעמדיקע אידייען מעקוייעך דער ארגאניזאציע פון פראפעסיאנעלע רעוואלוציאנערן.

איצט מאכן אזעלכע מעלדונגען פאשעט א לעכערלעכן איינדרוק: פונקט ווי מענטשן וואלטן זיך געוואלט אפאטערן פון א גאנצן פאזים אין

דער אַנטוויקלונג פון אונזער פאַרטיי, פון יענע דערוווערבונגען, וועלכע האָבן אין זייער צייט געקאָסט קאַמף, און איצט האָבן זיי זיך שוין לאַנג פאַרפעסטיקט און האָבן זייער זאַך אָפּגעטאָן.

איצט כקירען זיך וועגן דעם, אַז „איסקראַ" האָט מעגאַזעם געווען (אין 1901 און 1902 יאָר!) די אידייע פון דער אָרגאַניזאַציע פון פראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן, איז פונקט ווי מען זאָל נאָך דער רוסיש־יאַפּאַנישער מילכאָמע אויסוואַרפן די יאַפּאַנער, אַז זיי האָבן מעגאַזעב געווען די רוסישע קריגס־קויכעס, אַז זיי האָבן איבערטריבן פאַר דער מילכאָמע די מאָסמיטלען צום קאַמף מיט אָט די קויכעס. די יאַפּאַנער האָבן געדאַרפט צונויפזאַמלען אַלע קרעפטן קעגן די מאַקסימאַל מעגלעכע רוסישע קרעפטן, קעדיי אָפּצוהאַלטן אַ ניצאָכן. צום באַדויערן, אורטיילן פילע וועגן אונזער פאַרטיי פון דער זייט, ניט ווייסנדיק דעם איניען, ניט זעענדיק, אַז איצט האָט די אידייע פון אַן אָרגאַניזאַציע פון פראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן שוין אָפּגעהאַלטן אַ פולקומען זיג. דער זיג אָבער איז געווען אומעגלעך, אויב מע וואָלט אין איר צייט ניט אַרויסגערוקט די דאָזיקע אידייע אויפן ערשטן פּלאַן, אויב מע וואָלט ניט „מעגאַזעמדיק" אַריינגעקלאַפּט זי אין די קעפּ פון יענע מענטשן, וואָס האָבן געשטערט צו פאַרווירקלעכן די דאָזיקע אידייע.

„וואָס טאָן?" שטעלט מיט זיך פאָר אַ סאַכאַקל פון דער איסקרישער טאַקטיק, פון דער איסקרישער אָרגאַניזאַציע־פּאָליטיק פון די יאָרן 1901 און 1902. דאַפקע: אַ „סאַכאַקל", ניט מער און ניט ווייניקער. ווער עס וועט זיך מאַטריעך זיין צו באַקענען זיך מיט דער „איסקראַ" פון די יאָרן 1901 און 1902, דער וועט זיך בליסאָפעק איבערצייגן אין דעם. ווער עס אורטיילט אָבער וועגן דעם סאַכאַקל, ניט ווייסנדיק דעם קאַמף פון „איסקראַ" מיטן עקאָנאָמיזם, וועלכער האָט דעמאָלט געהאַט די אויבערהאַנט, און ניט פאַרשטייענדיק דעמדאָזיקן קאַמף, יענער רעדט פּאָשעט אין דער וועלט אַריין. „איסקראַ" האָט געקעמפט פאַר באַשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פון פראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן, זי האָט געקעמפט באַזונדערס ענערגיש אין 1901 און 1902 יאָר, זי האָט מענאַצייעך געווען דעם עקאָנאָמיזם, וועלכער האָט דעמאָלט געהאַט די אויבערהאַנט, זי האָט באַשאַפן די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע ענדגילטיק אין 1903 יאָר, זי האָט איינגעהאַלטן די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס די איסקריסטן האָבן זיך דערנאָך צעשפּאָלטן, ניט געקוקט אַף אַלע דערשיטערונגען אין דער עפּאָכע פון שטורעם און דראַנג, זי האָט זי איינגעהאַלטן אין מעשעך פון דער גאַנצער רוסישער רעוואָלוציע, זי האָט זי איינגעהאַלטן און האָט זי איינגעהיט פון די יאָרן 1901—1902 ביז דעם י. 1907.

איז אָט איצט, ווען דער קאַמף פאַר אָט דער אָרגאַניזאַציע איז שוין לאַנג פאַרענדיקט, ווען די פאַרזוויאונג איז געמאַכט, דאָס קאָרן פאַר־

טיק, דער שניט פֿאַרענדיקט, — איצט קומען מענטשן און דערקלערן: „איבערטרײַבונג פֿון דער אידייע וועגן דער אָרגאַניזאַציע פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן“! איז עס ניט לעכערלעך?

נעמט דעם פֿאַר־רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד און די ערשטע 2 אַ האַלב יאָר פֿון דער רעוואָלוציע (1905—1907) אינגאַנצן גענומען. פֿאַרגלײַכט פֿאַר אָט דער צײַט אונזער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי מיט די אַנדערע פּאַרטייען אין הינזיכט פֿון איר געשלאָסנקייט, אָרגאַניזירטקייט, טראַדיציע־גאַנצקייט. איר וועט מוזן מודה זײַן, אַז אין אָט דער הינזיכט שטייט אונזער פּאַרטיי בליסאָפֿעק העכער פֿון אַ ל ע איבעריקע — סײַ פֿון די קאַדעטן, סײַ פֿון די עסערן, און אַז. וו. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט זיך פֿאַר דער רעוואָלוציע אויסגעאַרבעט אַ פּראָגראַם, וואָס איז פֿאָרמעל אָנערקענט געוואָרן דורך אַלע ס.־ד. און, אַרײַנטראָגנדיק אומענדערונגען אין איר, האָט זי זיך צוליב דער פּראָגראַם ניט געשפּאָלטן. די ס.־ד. פּאַרטיי, ניט געקוקט אַף דער שפּאַלטונג, האָט פֿונם יאָר 1903 ביז 1907 (פֿאָרמעל פֿונם יאָר 1905 ביז 1906 ) געגעבן דעם פּובליקום די מאַקסימאַלסטע ידיעות וועגן איר אינערלעך־פּאַרטייאישער לאַגע (די פּראָטאָקאָלן פֿון די צונויפֿפֿאָרן: פֿון דעם צווייטן — דעם אַלגעמיינעם, דעם 3־טן — דעם באָלשעוויסטישן, דעם 4־טן אָדער דעם סטאָקהאָלמער — דעם אַלגעמיינעם). ניט געקוקט אַף דער שפּאַלטונג, האָט די ס.־ד. פּאַרטיי פֿריער פֿון אַלע אַנדערע פּאַרטייען באַנוצט זיך מיט דעם צײַטווײַליקן שײַן פֿון פֿרײַהייט, קעדיי צו פֿאַרווירקלעכן די אידעאַלע דעמאָקראַטישע אָרדענונג פֿון אַן אָפֿענער אָרגאַניזאַציע, מיט אַ וואַל־סיסטעם, מיט אַ פֿאָרשטייערשאַפֿט אַף די צונויפֿפֿאָרן לויט דער צאָל אָרגאַניזירטע מיטגלידער פֿון דער פּאַרטיי. דאָס איז אַדאַיעס ניטאָ בײַ די ס.־ר. ניט בײַ די ק.־ד. — אָט בײַ דער, קימאַט לעגאַלער, אַמבעסטן אָרגאַניזירטער בורזשואַזער פּאַרטיי, וואָס באַזיצט ניט אין אַן ערעך גרעסערע פֿינאַנץ־מיטלען, איידער מיר, ניט אין אַן ערעך גרעסערע פֿרײַהייט אין באַנוצן זיך מיט דער פּרעסע און מיט דער מעגלעכקייט צו לעבן אָפֿן. און די וואַלן אין דער 2־טער דומע, אין וועלכע עס האָבן אָנטייל גענומען אַלע פּאַרטייען, האָבן זיי דען ניט באַוויזן באַשיימפּערלעך, אַז די אָרגאַניזאַציאָנעלע געשלאָסנקייט פֿון אונזער פּאַרטיי און פֿון אונזער דומע־פֿראַקציע איז העכער, איידער בײַ אַלע אַנדערע פּאַרטייען?

פֿרעגט זיך, ווער האָט עס רעאַליזירט, ווער האָט עס פֿאַרווירקלעכט אין לעבן אָט די מאַקסימאַלסטע געשלאָסנקייט, פֿעסטקייט און שטאַנדהאַפֿטיקייט פֿון אונזער פּאַרטיי? דאָס האָט געטאָן די אָרגאַניזאַציע פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן מער פֿון אַלץ מיטן אָנטייל פֿון „איסקראַ“. ווער עס ווייס גוט די געשיכטע פֿון

אונזער פּאַרטיי, ווער עס האָט אַליין דורכגעמאַכט איר בויאונג, פאַר יע־
נעם איז גענוג אַ פּאַשעטער קוק אויפן צוזאַמענשטעל פון דער דעלעגאַציע
פון דער אָדער יענער פראַקציע, לאָמיר זאָגן, פון לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר,
אַז ער זאָל זיך אין דעם איבערצייגן, אַז ער זאָל גלייך באַמערקן יענעם
אַלטן קערן, וואָס האָט האַסמאָדעדיקער, ווי די איבעריקע, געכאָוועט און
אויסגעכאָוועט די פּאַרטיי. פאַרשטייט זיך, אַז דער הויפּט־באַדינג פאַר
אָט דעם דערפאָלג איז געווען דאָס, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס, די בעסטע
פאָרשטייער פון וועלכן עס האָבן געשאַפן די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע,
טיילט זיך אויס, אַדאַנק די אָביעקטיווע עקאָנאָמישע סיבעס, פון אַלע
קלאַסן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט מיט דער מאַקסימאַלסטער
פעאיקייט צו אָרגאַניזירן זיך. אָן אָט דעם באַדינג וואָלט די אָרגאַניזאַציע
פון פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן געווען אַ שפּילצייג, אַן אַוואַנטיורע,
אַ פּראָסטער שילד. און די בראָשור „וואָס טאָן?“ שטרייכט אַסאַך מאָל
אונטער, אַז בלויז אין פאַרבינדונג מיטן „ווירקלעך־רעוואָלוציאָנערן קלאַס,
וואָס שטייט אויף סטיכייאיש צום קאַמף“ האָט אַ זין די אָרגאַניזאַציע,
וועלכע ווערט פאַרטיידיקט אין דער בראָשור. נאָר די אָביעקטיוו־מאַקסי־
מאַלע פעאיקייט פון פּראָלעטאַריאַט צו פאַראייניקן זיך אין אַ קלאַס ווערט
רעאַליזירט דורך לעבעדיקע מענטשן, ווערט רעאַליזירט ניט אַנדערש,
ווי אין באַשטימטע פאָרמען פון אַן אָרגאַניזאַציע. און קיין אַנדער אָר־
גאַניזאַציע, אויסער דער איסקרישער, וואָלט ניט געקאָנט אין אונ־
זערע היסטאָרישע באַדינגונגען, אין רוסלאַנד פון די יאָרן 1900—1905,
שאַפן אַזאַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי, וועלכע איז
איצט געשאַפן געוואָרן. דער פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער האָט זיין
זאַך געטאָן אין דער געשיכטע פון דעם רוסישן פּראָלעטאַרישן סאָציאַ־
ליזם. און קיינע קרעפטן וועלן איצט ניט כאָרעוו מאַכן אָט די זאַך, וועלכע
איז שוין לאַנג איבערגעוואַקסן די שמאָלע ראַמען פון די „קרייזן“ פון די
יאָרן 1902—1905; קיינע פאַרשפּעטיקטע קינעם וועגן דעם, אַז עס האָבן
מעגאַזעם געווען די קאַמפּס־אויפגאַבן יענע, וועלכע האָבן אין זייער צייט
בלויז מיט קאַמף געקאָנט זיכערן דעם ריכטיקן צוגאַנג אויסצופירן דידאָ־
זיקע אויפגאַבן, וועלן ניט אָפּשוואַכן די באַדייטונג פון די שוין געמאַכטע
דעראָבערונגען.

איך האָב דאָ ערשט דערמאָנט וועגן די שמאָלע ראַמען פון די
קרייזן אין דער צייט פון דער אַלטער „איסקראַ“ (פון סאָף 1903 יאָר, פון
נום. 51 האָט די „איסקראַ“ אַ קער געטאָן צום מענשעוויזם און האָט
דעקלאַרירט: „צווישן דער אַלטער און נייער „איסקראַ“ ליגט אַן אָפּ־
גרונט“, — טראָצקים ווערטער אין אַ בראָשור, וואָס איז באַווילינקט גע־
וואָרן דורך דער מענשעוויסטישער רעדאַקציע פון „איסקראַ“). וועגן דער־

דאָזיקער קרייזלעריי קומט אויס צו זאָגן דעם היינטיקן לעזער עטלעכע דערקלערונגס-ווערטער. סאַי אין דער בראַשור „וואָס טאָן?“, סאַי אין דער ווייטער געדרוקטער בראָשור „אַ טריט פאָרויס, צוויי טריט צוריק“ זעט דער לעזער פאַר זיך אַ ליידנשאַפטלעכן, אַפילע אַ פאַרביסענעם, פאַרניכטנדיקן קאַמף פון די אויסלענדישע קרייזן... געוויס האָט דערדאָזיקער קאַמף אַסאַך אומאַנגענעמע זייטן. געוויס שטעלט מיט זיך פאָר דערדאָזיקער קאַמף פון די קרייזן אַ דערשיינונג, וואָס איז מעגלעך נאָר בּאַ אַ זייער יונגן, אומרייפן צושטאַנד פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין דעם געגעבענעם לאַנד. געוויס דאַרפן די איצטיקע טוער פון דער איצטיקער אַרבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד צערייסן מיט אַסאַך קרייזלערישע טראַדיציעס, זיי דאַרפן פאַרגעסן און אָפּוואַרפן אַסאַך קלייניקייטן פון קרייזל-לעבן און פון די קרייזל-רייסערייען, קעדיי שטאַרקער אויסצופילן די אויפגאַבן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דער איצטיקער עפּאָכע. די פאַרברייטערונג פון דער פאַרטיי מיט פּראָלעטאַרישע עלעמענטן קאָן בלויז אַליין, אין פאַרבינדונג מיט אַן אָפענער מאַסנטעטיקייט, אויסוואָרצלען אַלע שפּורן פון קרייזלטום, וואָס זיינען געבליבן בעירושע פון דעם אָוועקער און וואָס אַנטשפּרעכן ניט די אויפגאַבן פון איצטיקן מאָמענט. און דער איבערגאַנג צו אַ דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע פון דער אַרבעטער-פאַרטיי, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דורך די באָלשעוויקעס אין דער „נאָוואַיאַ זשיזן“ אין נאָיאַבער 1905 יאָר, גלייך ווי עס זיינען נאָר געשאַפן געוואָרן באַדינגונגען פאַר אַן אָפענער טעטיקייט, — אַט דער איבערגאַנג איז שוין געווען, אין טאָך גענומען, אַן ענדגילטיק צערייסן מיט דעם, וואָס עס האָט אָפּגעלעבט אין דער אַלטער קרייזלעריי.

יאָ, „מיט דעם, וואָס עס האָט אָפּגעלעבט“, ווייל עס איז ניט גענוג צו פאַרורטיילן די קרייזלעריי, מע דאַרף קאָנען פאַרשטיין איר באַדייטונג בּאַ די אייגנאַרטיקע באַדינגונגען פון דער פריערדיקער עפּאָכע. אין זייער צייט זיינען די קרייזלעך געווען נויטיק און האָבן געשפּילט אַ פּאָזיטיווע ראָלע. אין אַ זעלבסטהערשערישן לאַנד — ביכלאַל, אין יענע באַדינגונגען, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן דורך דער גאַנצער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג באַזונדערס, האָט די סאָציאַליסטישע אַרבעטער-פאַרטיי ניט געקאָנט זיך אַנדערש אַנטוויקלען, ווי נאָר פון קרייזלעך. קרייזלעך, ד. ה. ענגע, פאַרשלאָסענע, קימאַט אַלעמאָל אַף פּערזענלעכער פריינדשאַפט געבויטע פאַרייניקונגען פון זייער אַ קליינער צאָל פּערזאָנען, זיינען געווען אַ נויטווענדיקער עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון סאָציאַליזם און פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד. מיטן וואוקס פון דערדאָזיקער באַוועגונג איז אַנטשטאַנען די

אויפגאַבע צו פאַרייניקן דידאָזיקע קרייזלעך, צו שאַפן אַ פעסטע פאַרבינדונג צווישן זיי, איינצושטעלן אַ טראַדיציע. לייזן אַט די אויפגאַבע איז געווען אומעגלעך אָן דעם, אַז מע זאָל שאַפן אַ שטאַרקע אָפעראַטיווע באַזע דאָרט, וואו די זעלבסטהערשונג קאָן צו איר ניט צוקומען, ד. ה. אין אויסלאַנד. די אויסלענדישע קרייזלעך זיינען אָף אַזאַ אויפן אַנטשטאַנען אַלפי נויט. צווישן זיי איז ניט געווען קיין פאַרבינדונג, איבער זיי איז ניט געווען קיין אויטאָריטעט פון דער רוסישער פאַרטיי, זיי זיינען זיך אומפאַרמיידלעך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין דעם פאַרשטיין די גרונט־אויפגאַבן פון דער באַוועגונג אין דעם געגעבענעם מאָמענט, ד. ה. אין דעם פאַרשטיין, ווי אַזוי גראַד דאַרף מען בויען די אָדער יענע אָפעראַטיווע באַזע און אין וואָס פאַר אַ ריכטונג העלפן דער אַלגעמיין־פאַרטייאישער בויאונג. באַ אַזעלכע באַדינגונגען איז דער קאַמף צווישן אַט די קרייזלעך געווען אומפאַרמיידלעך. איצט, קוקנדיק צוריק, זעען מיר קלאָר, וואָסער קרייזל עס איז ווירקלעך געווען אימשטאַנד אויסצופילן די פונקציע פון אַן אָפעראַטיווער באַזע. דאַן אָבער, אין אָנהויב פון דער טעטיקייט פון די פאַרשיידענע קרייזלעך, האָט עס קיינער ניט געקאָנט זאָגן, און בלויז דער קאַמף האָט געקאָנט אַנטשיידן דעמדאָזיקן שטרייט. פאַרוואָס האָט, ווי מיר געדענקט זיך, אויפגעוואָרפן דערנאָך דער אַלטער „איסקראַ“ איר פאַרניכטנדיקן קרייזל־קאַמף און האָט געפריידיקט לעאַכער האַמאַיסע אַ שאַלעם־פאָליטיק. דאָס איז אָבער לייכט צו זאָגן לעאַכער האַמאַיסע, און זאָגן דאָס הייסט אַרויסווייזן, אַז מע פאַרשטייט ניט די דעמאָלטיקע באַדינגונגען. ערשטנס, איז ניט געווען קיין שום קריטעריום פון דער קראַפט און פון דער ערנסטקייט פון די אָדער יענע קרייזלעך. עס זיינען געווען אַסאַך אויפגעבלאָזענע, וואָס זיינען איצט פאַרגעסן, וועלכע האָבן אָבער דאַן געוואָלט דערווייזן דורך קאַמף זייער רעכט אָף עקזיסטענץ. צווייטנס, זיינען די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן צווישן די קרייזלעך באַשטאַנען אין דעם, ווי צו קערעווען די אַרבעט, וואָס איז דאַן נאָך געווען ניי. איך האָב שוין דאַן אָנגעוויזן (אין „וואָס טאָן?“), אַז די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן ווייזן זיך אויס פאַר קליינע, זיי האָבן אָבער איבערגעמעסן אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג, ווייל אין אָנהויב פון אַ נייער אַרבעט, אין אָנהויב פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג, וועט די באַשטימונג פון דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון דערדאָזיקער אַרבעט און פון דערדאָזיקער באַוועגונג לייגן איר שטעמפּל אָף דער פּראָפּאַגאַנדע, אַגיטאַציע און אָרגאַניזאַציע אָפן ווענטלעכסטן אויפן. אַלע שפּעטערדיקע שטרייטן צווישן די ס.־ד. זיינען באַשטאַנען אין דעם, ווי צו קערעווען די פּאָליטישע טעטיקייט פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי אין די אָדער יענע באַזונדערע פאַלן. דאַן האָט זיך דאָך

געהאנדלט וועגן באשטימען די סאמע אלגעמיינע האנאכעם און גרונט־אויפגאבן פון יעדער סאציאל־דעמאקראטישער פאליטיק ביכלאל.

די קרייזלעריי האט איר זאך אפגעטאן און האט איצט, פארשטייט זיך, זיך אליין איבערגעלעבט. זי האט אבער זיך אליין איבערגעלעבט דערפאר און נאר דערפאר, ווייל דער קאמף פון די קרייזלעך האט אפן שארפסטן אויפן אוועקגעשטעלט די גרונט־פראגן פון דער סאציאל־דעמאקראטיע, האט זיי געלייזט אין א אומבעשאלעמדיקן רעוואלוציאנערן גייסט און האט אף אזא אויפן געשאפן א פעסטע באזע פאר א ברייטער פארטייאישער ארבעט.

פון באזונדערע פראגן, וואס זיינען אויפגעהויבן אין דער ליטעראטור אין צוזאמענהאנג מיט דער בראשור „וואס טאן?“ וועל איך באציי־בענען בלויז פאלגנדיקע צוויי. פלעכאנאוו האט אין „איסקרא“ פון 1904 יאר, אינגיכן נאך דעם, ווי עס איז דערשינען די בראשור „א טריט פא־רויס, צוויי טריט צוריק“, דעקלארירט א פרינציפיעלע מיינונגס־פאר־שיידנהייט מיט איר אין דער פראגע וועגן סטיכייאישקייט און באוואוסט־זיניקייט. איך האב ניט געענטפערט ניט אף דערדאזיקער דעקלארירונג (אויב מע זאל ניט רעכענען איין באמערקונג אין דער זשענעווער צייטונג „ווּפּעריאָד“), ניט אף די פילמאליקע איבערכאזערונגען אף אט דער טע־מע אין דער מענשעוויסטישער ליטעראטור. איך האב ניט געענטפערט דערפאר, ווייל פלעכאנאווס קריטיק האט געטראגן אן אויסגעשפראכע־נעם כאראקטער פון א פאשעטער צוטשעפעניש, בארופנדיק זיך אף פראזן, וואס זיינען ארויסגעריסן פון זייער צוזאמענהאנג, אף באזונדערע אויסדריקן, וואס זיינען ניט גענוג געשיקט אדער ניט גענוג גענוי פון מיר פארמולירט; דערביי איז איגנארירט געווארן דער אלגעמיינער און דער גאנצער גייסט פון דער בראשור. „וואס טאן?“ איז דערשינען אין מארט 1902 יאר. דער פראעקט פון דער פארטיי־פראגראם (פלעכאנאווס, מיט אויסבעסערונגען פון דער רעדאקציע „איסקרא“) איז אפגעדרוקט אין יוני אדער יולי 1902 יאר. די באציאונג פון סטיכייאישקייט צו באוואוסטזיניקייט איז פארמולירט געווען אין דעמדאזיקן פראעקט לויט דער אלגעמיינער איינשטימונג פון דער רעדאקציע „איסקרא“ (שטרייטן וועגן דער פראגראם צווישן פלעכאנאוון און מיר האבן זיך געפירט אי־נעווייניק אין דער רעדאקציע, אבער גראד ניט אין אט דער פראגע, נאר אין די פראגן וועגן דעם ארויסשטויסן די קליין־פראדוקציע דורך דער גרויסער, דערביי האב איך געפאדערט א מער באשטימטע פארמולירונג, איידער די פלעכאנאווישע, און וועגן דער נאפקעמינע פון דעם שטאנד־פונקט פון דעם פראלעטאריאט אדער פון די ארבעטנדיקע קלאסן בי־

לאַל, דערביי בין איך באַשטאַנען אַף אַ שמעלערער באַשטימונג פון דעם ריין פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון דער פּאַרטיי).

הייסט עס, אַז וועגן קיין שום פּרינציפּיעלער נאַפּקעמינע צווישן דעם פּראָעקט פון דער פּראָגראַם און „וואָס טאָן?“ האָט אין אָט דער פּראַ־גע אַפילו קיין רייד ניט געקענט זיין. אַפן צווייטן צוזאַמענפאָר (אַווגוסט 1903 יאָר) האָט מאַרטינאָוו, דאַן אַן עקאָנאָמיסט, אָנגעהויבן שטרייטן קעגן אונזערע אָנשויאונגען אַף סטיכייאישקייט און באַוואוסטזיניקייט, וועלכע זיינען אויסגעדריקט אין דער פּראָגראַם. מאַרטינאָוון האָבן דער־ווידערט אַלע איסקריסטן, ווי איך שטרייך עס אונטער אין דער בראָשור „אַ טריט פאָרויס און אַז. וו.“. פון דאַנען איז קלאָר, אַז מיינונגס־פאַרשיידנ־הייטן אין טאָך זיינען געווען צווישן די איסקריסטן און עקאָנאָמיסטן, וואָס זיינען אָנגעפאַלן אַף דעם, וואָס עס איז געווען ג ע מ י י נ ז אַ מ ע ס אין „וואָס טאָן?“ און אין די פּראָעקטן פון דער פּראָגראַם. מאַכן ספּעציעל פון מיינע פאָרמולירונגען, וואָס איך האָב געגעבן אין „וואָס טאָן?“ עט־וואָס „פּראָגראַמאַטישעס“, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר באַזונדערע פּרינ־ציפּן, האָב איך אַפילו ניט געטראַכט אַפן צווייטן צוזאַמענפאָר. פאַר־קערט, איך האָב באַנוצט דעם אויסדריק, וועלכן מע האָט דערנאָך אַפט ציטירט, וועגן איבערבויגן דעם שטעקן. אין „וואָס טאָן?“ ווערט אויסגע־בויגן דער שטעקן, וואָס איז פאַרקרימט דורך די עקאָנאָמיסטן, האָב איך געזאָגט (זע די פּראָטאָקאָלן פון 2־טן צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.א.פּ. אין 1903־טן יאָר, זשענעווע 1904 י.), און גראָד דערפאַר, וואָס מיר בויגן אויס ענערגיש די פאַרקרימונגען, וועט אונזער „שטעקן“ זיין אַלעמאָל דער גלייכסטער.

דער געדאַנק פון אָט די ווערטער איז קלאָר: „וואָס טאָן?“ פאַריכט פּאָלעמיש דעם עקאָנאָמיזם, און באַטראַכטן זיין אינהאַלט אויסער אָט דער אויפגאַבע פון דער בראָשור איז פאַלש. איך דאַרף באַמערקן, אַז פּלעכאַנאָווס אַרטיקל קעגן „וואָס טאָן?“ איז ניט איבערגעדרוקט אין דעם זאַמלבוך פון דער נייער „איסקרא“ („פאַר צוויי יאָר“), דעריבער באַריר איך איצט ניט פּלעכאַנאָווס אַרגומענטן און איך דערקלער נאָר דעם טאָך פון דעם איניען דעם איצטיקן לעזער, וואָס קאָן באַגעגענען אין זייער אַסאַך מענשעוויסטישע ווערק דאָס באַרופן זיך אַף דערדאָזי־קער פּראַגע.

די צווייטע באַמערקונג באַציט זיך צו דער פּראַגע וועגן עקאָנאָמישן קאַמף און וועגן פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אין דער ליטעראַטור פאַר־קריפלט מען אַפט מיינע אָנשויאונגען אין אָט דער פּראַגע. עס איז דערי־בער נויטיק צו אונטערשטרייכן, אַז פיל זייטן אין „וואָס טאָן?“ זיינען געווידמעט דער אויפקלערונג, וואָס פאַר אַ ק אָ ל אָ ס אַ ל ע באַדייטונג

עס האָט דער עקאָנאָמישער קאַמף און די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. בי־פראַט, האָב איך זיך דאַן אַרויסגעזאָגט פאַר דער נייטראַלקייט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. פון דעמאָלט אָן האָב איך זיך ניט אַרויסגעזאָגט אַנדערש ניט אין בראָשורן, ניט אין צייטונגס־אַרטיקלען, טראָץ די פילע באַהויפּטונגען פון מיינע אָפּאָנענטן. בלויז דער לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.א.פּ. און דער שטוטגאַרטער אינ־טערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס האָבן מיך געצוואונגען צו קומען צום אויספיר, אַז פּאַרטיידיקן פּרינציפּיעל די נייטראַלקייט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען קאָן מען ניט. די ענגסטע דערנעענטע־רונג פון די פאַריינען מיט דער פּאַרטיי — דאָס איז דער איינציק ריכטי־קער פּרינציפּ. די שטרעבונג צו דערנעענטערן און צו פאַרבינדן די פאַ־ריינען מיט דער פּאַרטיי — דאָס דאַרף זיין אונזער פּאָליטיק, דערביי דאַרף מען זי דורכפירן האַרטנעקיק און אויסגעהאַלטן אין אונזער גאַנ־צער פּראָפּאַגאַנדע, אַגיטאַציע, אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט, ניט יאָגנדיק זיך נאָך פּשוטע „אָנערקענונגען" און ניט אַרויסטרייבנ־דיק די אַנדערש־דענקענדיקע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

---

די בראָשור „אַ טריט פאָרויס, צוויי טריט צוריק" איז דערשינען אין זשענעווע זומער 1904 יאָר. זי באַשרייבט די ערשטע סטאַדיע פון דער צעשפּאַלטונג צווישן די מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אָפן צווייטן צוזאַמענפאָר (אַווגוסט 1903 יאָר). פון אָט דער בראָשור האָב איך אַרויסגעוואָרפן בלאַ אַ העלפט, ווייל די קליינע איינצל־הייטן פון אָרגאַניזאַציאָנעלן קאַמף, באַזונדערס פאַר דעם פּערסאָנעלן צו־זאַמענשטעל פון די פּאַרטיי־צענטרען, קאָנען אַבסאָלוט ניט אינטערעסירן דעם איצטיקן לעזער און זיי פאַרדינען, אין טאָך גענומען, אַז מע זאָל וועגן זיי פאַרגעסן. פאַר וויכטיק שיינט מיר דאָ דער אַנאַליז פון קאַמף אָפן 2־טן צוזאַמענפאָר פון טאַקטישע און אַנדערע אַנשויאונגען און די פאַ־לעמיק מיט די אָרגאַניזאַציאָנעלע אַנשויאונגען פון די מענשעוויקעס: סאַי דאָס, סאַי יענץ איז נויטיק, קעדיי צו פאַרשטיין דעם מענשעוויזם און באָלשעוויזם, אַלס ריכטונגען, וואָס האָבן אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל אָף דער גאַנצער טעטיקייט פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי אין אונזער רעוואָלוציע.

פון די דעבאַטן אָפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער ס.־ד. פּאַרטיי וועל איך באַצייכענען די דעבאַטן וועגן דער אַגראַר־פּראָגראַם. די געשע־ענישן האָבן, בליםאָפּעק, דערוויזן, אַז אונזער דעמאָלטיקע פּראָגראַם (אומקערן די אָפּשניטן) איז געווען זייער שמאָל און האָט ניט דער־

שאַצט די קראַפט פון דער רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישער פּויערים-באַוועגונג, — וועגן דעם וועל איך ריידן אויספירלעכער אין דעם צווייטן באַנד פון אָט דער אויסגאַבע. דאָ איז וויכטיק אונטערצושטרייכן, אַז אָפילע אָט די זייער שמאָלע אַגראַר-פּראָגראַם האָט זיך אויסגעוויזן פאַר אַ צו ברייטער פאַר דעם רעכטן פליגל פון דער ס.-ד. פּאַרטיי אין יענער צייט. מאַרטינאָוו און די אַנדערע עקאָנאָמיסטן האָבן געקעמפט קעגן איר דערפאַר, וואָס זי גייט קלוימערשט צו ווייט! דערפון קאָן מען זען, וואָס פאַר אַן ערנסטע פּראַקטישע באַדייטונג עס האָט געהאַט דער גאַנצער קאַמף פון דער אַלטער „איסקראַ" מיטן עקאָנאָמיזם, אַ קאַמף קעגן פאַרשמעלערן און נידעריק מאַכן דעם גאַנצן כאַראַקטער פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאָליטיק.

די מיינונגס-פאַרשיידנהייטן מיט די מענשעוויקעס האָבן זיך דאָן (ערשטע העלפט פון 1904 יאָר) באַגרענעצט מיט אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן. איך האָב פאָרמולירט די פּאָזיציע פון די מענשעוויקעס, אַלס „אָפּאָרטוניזם אין אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן". פּ. ב. אַקסעלראָד האָט, דערווידערנדיק אַף דעם, געשריבן קאַוטסקין: „מיט מיין שוואַכן סייכל בין איך ניט אימשטאַנד צו באַגרייפן, וואָס איז עס פאַר אַ מין: „אָפּאָרטוניזם אין אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן", וואָס ווערט אַרויסגערוקט אַף דער סצענע, אַלס עטוואָס זעלבשטענדיקעס, אָן אַן אָרגאַנישן צוזאַמענבונד מיט פּראָגראַמאַטישע און טאַקטישע אַנשויאונגען" (בריוו פון 6-טן יוני 1904 יאָר, איבערגעדרוקט אין זאַמלבוך פון דער נייער „איסקראַ" — „פאַר צוויי יאָר", טייל II, זייט 149).

וואָס פאַר אַן אָרגאַנישער צוזאַמענהאַנג עס איז צווישן אָפּאָרטוניזם און אָרגאַניזאַציאָנעלע און טאַקטישע אַנשויאונגען, דאָס האָט גענוג באַוויזן די גאַנצע געשיכטע פון מענשעוויזם אין די יאָרן 1905—1907. וואָס איז שייך דעם „אומפאַרשטענדלעכן מין": „אָפּאָרטוניזם אין אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן", האָט דאָס לעבן אַזוי גלענצנדיק באַשטעטיקט די ריכטיקייט פון מיין אָפּשאַצונג, אַז איך האָב זיך גאָר ניט געקאָנט ריכטן אַף דעם. עס איז גענוג אָנצואווייזן, אַז דער מענשעוויק טשערעוואַנין אַפילע איז געצוואונגען איצט מודע צו זיין (זע זיין בראָשור וועגן דעם לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.א.פּ. 1907 יאָר), אַז פון אַקסעלראָדס אָרגאַניזאַציאָנעלע פּלענער (דער באַרימטער „אַרבעטער-צוזאַמענפאָר" און אַז. וו.) שטאַמען בלויז צעשפּאַלטונגען, וואָס קוילענען אַוועק די זאַך פונם פּראָלעטאַריאַט. דאָס איז נאָך ווייניק. דערזעלביקער מענשעוויק טשערעוואַנין דערציילט דאָרט, אַז פּלעכאַנאָוו איז אויסגעקומען אין לאָנדאָן צו קעמפן אינעווייניק אין דער מענשעוויסטישער פראַקציע קעגן דעם „אָרגאַניזאַציאָנעלן אַנאַרכיזם". הייסט

עס, אַז ניט אומזיסט האָב איך געקעמפּט אין 1904 יאָר מיטן „אַפּאַרטוּ־ניזם אין אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן", אויב אין 1907 יאָר האָבן געמוזט סאַי טשערעוואַנין, סאַי פלעכאַנאָוו אנערקענען דעם „אָרגאַניזאַציאָנעלן אַנאַרכיזם" פון ווירקונגספולע מענשעוויקעס.

פונם אָרגאַניזאַציאָנעלן אַפּאַרטוניזם זיינען די מענשעוויקעס אוועק צום טאַקטישן. די בראָשור «די זעמסקע קאַמפּאַניע און דער פּלאַן פון „איסקראַ"» (דערשינען אין זשענעווע אין סאָף 1904 יאָר, דאַכט זיך, אין נאָיאַבר אָדער דעקאַבר) באַצייכנט דעם ערשטן שריט זייערן אַף אָט דעם וועג. אין דער איצטיקער ליטעראַטור קאָן מען אָפט טרעפן שטעלן, אַז די מיינונגס-פאַרשיידנהייטן אין דער פראַגע וועגן דער זעמסקער קאַמפּאַניע זיינען אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן ניט אנערקענט קיין שום נוצן פון דעמאָנסטראַציעס פאַר די זעמ־צעס. דער לעזער וועט זען, אַז דאָס איז אינגאַנצן אַ פאַלשע מיינונג. די מיינונגס-פאַרשיידנהייטן זיינען אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם, וואָס די מענשעוויקעס האָבן אָנגעהויבן ריידן וועגן ניט אַרויסרופן קיין פּאַניק בא די ליבעראַלן, און נאָך מער דורך דעם, וואָס נאָך דעם ראָסטאָווער שטרייק פון 1902 יאָר, נאָך די זומערדיקע שטרייקן און באַריקאַדן פון 1903 יאָר, ערעוו 9-טן יאַנוואַר 1905 האָבן די מענשעוויקעס געלויבט אין הימל אַריין די דעמאָנסטראַציעס פאַר די זעמצעס, אַלס אַ ה ע כ ע ר ן ט י פּ פון דעמאָנסטראַציעס. אין נומ. 1 פון דער באָלשעוויסטישער צייטונג „וופּעריאָד" (זשענעווע 1905 יאָר) איז אָט די אָפּשאַצונג פון דעם מענשעוויסטישן „פּלאַן פון דער זעמסקער קאַמפּאַניע" אויסגעדריקט גע־וואָרן אין דעם קעפּל פון אַ פעליעטאָן, וואָס איז געווידמעט געווען דער־דאָזיקער פראַגע: „גוטע דעמאָנסטראַציעס פון פּראָלעטאַריער און שלעכ־טע בקירעס פון אייניקע אינטעליגענטן".

די לעצטע בראָשור, וואָס ווערט דאָ איבערגעדרוקט: „צוויי טאַק־טיקעס פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָ־לוציע" איז דערשינען אין זשענעווע זומער 1905 יאָר. דאָ ווערן שוין סיסטעמאַטיש פאָרמולירט די א י ק ע ר ד י ק ע טאַקטישע מיינונגס-פאַר־שיידנהייטן מיט די מענשעוויקעס, — די רעזאָלוציעס פון דעם פּרילינג־דיקן „3-טן צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.א.פּ. אין לאָנדאָן (דעם באָלשע־וויסטישן) און דער מענשעוויסטישער קאָנפערענץ אין זשענעווע האָבן פולקום אויסגעפאָרמירט די־דאָזיקע מיינונגס-פאַרשיידנהייטן און האָבן זיי געבראַכט צו דער א י ק ע ר ד י ק ע ר מיינונגס-פאַרשיידנהייט אין דער אָפּשאַצונג פון אונזער גאַנצער בורזשואַזער רעוואָלוציע פון שטאַנד־פונקט פון די אויפגאַבן פון פּראָלעטאַריאַט. די באָלשעוויקעס האָבן אָנ־געוויזן דעם פּראָלעטאַריאַט די ראָלע פון אַ פ י ר ע ר אין דער דעמאָקראַ־

טישער רעוואָלוציע. די מענשעוויקעס האָבן געזען דידאָזיקע ראָלע סאַ-כאַקל אין די אויפגאַבן פון אַ „עקסטער אָפּאָזיציע“. די באָלשעוויקעס האָבן פּאָזיטיוו דעפינירט דעם קלאַסן-כאַראַקטער און די קלאַסן-באַדיי-טונג פון דער רעוואָלוציע, זאָגנדיק: אַ זיגרייכע רעוואָלוציע, - דאָס איז די „רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום“. די מענשעוויקעס האָבן אַלעמאָל אַזוי פאַלש אויסגעטייטשט דעם באַגריף בורזשואַזע רעוואָלוציע, אַז בײַ זיי פלעגט זיך באַקומען, אַז די ראָלע פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָלוציע דאַרף זיין אונטער-געוואָרפן און אָפּהענגיק פון דער בורזשואַזיע.

עס איז באַוואוסט, ווי דידאָזיקע פּרינציפּיעלע מיינונגס-פאַרשיידנ-הייטן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער פּראַקטיק. דער באָיקאָט פון דער בוליגינישער דומע דורך די באָלשעוויקעס און די וואַקלונגען פון די מענשע-וויקעס. דער באָיקאָט פון דער וויטעשער דומע דורך די באָלשעוויקעס און די וואַקלונגען פון די מענשעוויקעס, וועלכע האָבן גערופן צו ווייל׳ן, נאָר ניט אין דומע. די שטיצונג פון אַ קאַדעטן-מיניסטעריום און פון דער קאַדעטן-פּאָליטיק אין דער 1-טער דומע דורך די מענשעוויקעס און די אַנטשיידענע דעמאַסקירונג פון די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס און פון דער קאַדעטישער קאָנטר-רעוואָלוציאָנערקייט דורך די באָלשעוויקעס צו-זאַמען מיט דער פּראָפּאַגאַנדע פון דער אידייע פון אַ „אויספיר-קאָמיטעט פון די לינקע“. ווייטער, דער לינקער בלאָק בײַ די באָלשעוויקעס בײַ די וואַלן אין דער 2-טער דומע און די בלאָקן מיט די קאַדעטן בײַ די מענשע-וויקעס און אַז. וו., און ד. גל.

איצט האַלט, דאַכט זיך, דער „קאַדעטישער פּעריאָד“ פון דער רו-סישער רעוואָלוציע (אַן אויסדריק פון דער בראָשור: „דער זיג פון די קאַדעטן און די אויפגאַבן פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי“, מאַרט 1906 י.) באַם סאָף. די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערישקייט פון די קאַדעטן איז פולקום דעמאַסקירט. די קאַדעטן הויבן אָן אַליין מודה צו זיין זיך אין דעם, אַז די גאַנצע צייט האָבן זיי געקעמפט קעגן דער רעוואָלוציע, און דער הער סטרואווע זאָגט אָפן אַרוים די קאַדעטישע-קאָדאָשימדיקע געדאַנקען פון דעם קאַדעטישן ליבעראַליזם. וואָס אויפמערקזאַמער דער באַוואוסטזיני-קער פּראָלעטאַריאַט וועט זיך איצט אַרומקוקן אויף אָט דעם קאַדעטישן פּעריאָד אינגאַנצן גענומען, אויף אָט דעם גאַנצן „קאָנסטיטוציאָנעלן זיג-זאַג“, — דאָס קלאָרער וועט ווערן, אַז די באָלשעוויקעס האָבן פון אָפּרוי-ער אָפּגעשאַצט סאַי דעמדאָזיקן פּעריאָד, סאַי דעם מעהום פון דער פּאַר-טיי ק.-ד. פולקום ריכטיק, אַז די מענשעוויקעס האָבן, ווירקלעך, געפירט אַ פּעלערהאַפטע פּאָליטיק, וואָס איר אָביעקטיווע באַדייטונג איז גלייך

ווי פאַרבייטן די פּראָלעטאַרישע פּאָליטיק דורך אַ פּאָליטיק פון אונטערוואַרפן דעם פּראָלעטאַריאַט אונטער דעם בורזשואַזן ליבעראַליזם.

---

וואַרפנדיק אַן אַלגעמיינעם בליק אָפן קאַמף פון צוויי ריכטונגען אין דעם רוסישן מאַרקסיזם און אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאַר 12 יאָר (1895—1907), קאָן מען ניט ניט קומען צום אויספיר, אַז דער „לעגאַלער מאַרקסיזם", דער „עקאָנאָמיזם" און דער „מענשעוויזם" שטעלן מיט זיך פאַר פאַרשיידענע פאָרמען, אין וועלכע עס דריקט זיך אויס איינע און דיזעלביקע היסטאָרישע טענדענץ. דער „לעגאַלער מאַרקסיזם" פון דעם הער סטרואַווע (1894) און זיינע גלייכן איז געווען אַן *אָפּשפּיגלונג פון דעם מאַרקסיזם אין דער בורזשואַזער ליטעראַטור*. דער „עקאָנאָמיזם", ווי אַ באַזונדערע ריכטונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעט אינם יאָר 1897 און אין די ווייטערדיקע יאָרן, האָט פּאַקטיש פאַרווירקלעכט די פּראָגראַם פון דעם *בורזשואַז־ליבעראַלן* „קרעדאָ": פאַר די אַרבעטער — דער עקאָנאָמישער קאַמף, פאַר די ליבעראַלן — דער פּאָליטישער. דער מענשעוויזם איז ניט נאָר אַ ליטעראַרישע ריכטונג, ניט נאָר אַ ריכטונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעט, נאָר אַ געשלאָסענע פראַקציע, וואָס האָט דורכגעפירט אין מעשעך פון דעם ערשטן פּעריאָד פון דער רוסישער רעוואָלוציע (1905—1907 י.) אַ באַזונדערע פּאָליטיק, וואָס האָט *אין דער ווירקלעכקייט אונטערגעוואָרפן דעם פּראָלעטאַריאַט אונטער דעם בורזשואַזן ליבעראַליזם**.

אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז דער פּראָלעטאַריאַט אומפאַרמיידלעך פאַרבונדן דורך טויזנטער איבערגאַנגס־שטופן מיט זיין שאַכן פון רעכטס — מיט דער קליין־בורזשואַזיע. אין אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען מוז זיך אומפאַרמיידלעך אויסבילדן אַ מער אָדער ווייניקער בולעט אויסגעדריקטער רעכטער פליגל, וואָס דריקט אויס אין זיינע אַנשוויאונגען, אין זיין טאַקטיק, אין זיין אָרגאַניזאַציאָנעלער „ליניע" די טענדענץ פון דעם קליינבירגערלעכן אָפּאָרטוניזם. אין אַזאַ קליינבירגערלעכן לאַנד, ווי

---

* דער אַנאַליז פון קאַמף פון פאַרשיידענע ריכטונגען אָפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי (זע די בראָשור „אַ שריט פאָרויס, צוויי טריט צוריק", 1904 יאָר) דערווייזט אומבאַשטרייטבאַר דעם דירעקטן און אומיטלבאַרן צוזאַמענבונד פון „עקאָנאָמיזם" פונם יאָר 1897 און פון די ווייטערדיקע יאָרן מיטן „מענשעוויזם". דעם צוזאַמענבונד פון „עקאָנאָמיזם" אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיטן „לעגאַלן מאַרקסיזם" אָדער „סטרואַוויזם" פון די יאָרן 1895—1897 האָב איך באַוויזן אין דער בראָשור: „וואָס טאָן ?" (1902 י.). לעגאַלער מאַרקסיזם־עקאָנאָמיזם־מענשעוויזם זיינען פאַרבונדן ניט בלויז אידעאיש, נאָר זיי זיינען אויך פאַרבונדן דורך אַ דירעקטער היסטאָרישער טראַדיציע.

לענינס־אַנמערקונג

רוסלאַנד, אין דער עפּאָכע פון אַ בורזשואַזער רעוואָלוציע, אין דער עפּאָכע פון די ערשטע שפּראָצן פון דער יונגער אַרבעטערשער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָבן דידאַזיקע טענדענצן ניט געקאָנט זיך ניט אַרויסווייזן באַדייטנדיק שאַרפער, באַשטימטער, בוילעטער, איידער אַרומעטום אין אייראָפּע. באַקענען זיך מיט די פאַרשיידענע אויסדריק-פאָרמען פון דערדאָזיקער טענדענץ אין דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין פאַרשיידענע פּעריאָדן פון איר אַנטוויקלונג איז נויטיק צוליב דער פאַרשטאַרקונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם, צוליב פאַרהאַרטעווען דעם רוסישן אַרבעטער-קלאַס אין זיין באַפרייאונגס-קאַמף.

סעפּטעמבער 1907 יאָר

# רעוואָלוציע און קאָנטער-רעוואָלוציע

אין אָקטיאַבער 1905 יאָר האָט רוסלאַנד איבערגעלעבט דעם מאַקסימאַלסטן רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג. דער פּראָלעטאַריאַט האָט אָפּגעשליידערט פון זיין וועג די בוליגינישע דומע און האָט אַריינגעצויגן די ברייטע פאָלקס-מאַסן אין דירעקטן קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג. אין אָקטיאַבער 1907 יאָר לעבן מיר, שיינבאַר, איבער די מאַקסימאַלסטע יערידע פון אָפענעם מאַסן-קאַמף. נאָך דער פּעריאָד פון יערידע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דער דעקאַבער-מאַפּאַלע פון 1905 יאָר, האָט מיט זיך געבראַכט ניט נאָר דעם אויפבלי פון קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס, נאָר אויך זייער פולשטענדיקן צוזאַמענברוך. די דריטע דומע, וואָס ווערט צוגעפּאַסט נאָך דעם פאַנאַנדערטרייבן צוויי דומעס און דער מעלוכעאיבערקערעניש פון 3-טן יוני, מאַכט דייטלעך אַ סאַך צום פּעריאָד פון גלויבן אין פרידלעכן צוזאַמענלעבן פון דער זעלבסטהערשונג מיט אַ פאָלקס-פאַרטרעטונג און זי עפנט אויף אַ נייע עפּאָכע אין דער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע.

אין אַזאַ מאָמענט, וועלכן מיר לעבן איצט איבער, איז די פאַרגלייכונג פון רעוואָלוציע און קאָנטער-רעוואָלוציע, פונם פּעריאָד פון רעוואָלוציאָנערן דראַנג (1905 י.) און דעם פּעריאָד פון קאָנטער-רעוואָלוציאָנערער שפּיל אין קאָנסטיטוציע (1906 און 1907 יאָרן) בעט זיך פון זיך אַליין. יעדע באַשטימונג פון דער פּאָליטישער ליניע אָף דער נאָענטסטער צייט שליסט אין זיך אומפאַרמיידלעך איין אַזאַ פאַרגלייכונג. דאָס קעגנשטעלן די „פעלערן פון דער רעוואָלוציע“ דער „פּאָזיטיווער קאָנסטיטוציאָנעלער אַרבעט“ — דאָס איז דער גרונט-מאָטיוו פון דער היינטיקער פּאָליטישער ליטעראַטור. וועגן דעם שרייען די קאַדעטן אָף די פּראָוואָל-פאַרזאַמלונגען. וועגן דעם זינגט, שרייט און ליאַרעמט די ליבעראַלע פּרעסע. דאָ איז

דער הער סטרוװע, װאָס גיסט אויס זײַן ביטער האַרץ אױף די רעװאָלו־ציאָנערן, דערפֿאַר, װאָס עס איז אײַנגאַנצן דורכגעפֿאַלן די האָפֿענונג אױף אַ „קאָמפּראָמיס“. דאָ איז מילוקאָװ, װעלכן דער גאַנג פֿון די געשעענישן האָבן געצװאונגען, ניט געקוקט אױף זײַנע קײַנדלעך און יעזואיטיזם, צו קומען צום קלאָרן, גענויעם און — דאָס איז דעריקער — צום עמעסן: „די סאָנים פֿון לינקס“. דאָ זײַנען אױך די פּובליציסטן אין דעם גײַסט פֿון „טאָװאַרישטש“, קוסקאָװאַ, סמירנאָװ, פּלעכאַנאָװ, גאָרן, יאָרדאַנסקי, טשערעװאַנין און אַנד., װאָס באַשולדיקן אין לײַכטזין דעם אַקטיאָבער־דעקאַבערשן קאַמף. זײ פֿרײַדיקן, מער אָדער װײניקער אָפֿן אַ דעמאָקראַ־טישע „קאָאַליציע“ מיט די קאַדעטן. די עכטע קאַדעטישע עלעמענטן פֿון אַט דעם שמוציקן שטראָם דריקן אויס די קאָנטר־רעװאָלוציאָנערע אינ־טערעסן פֿון דער בורזשואַזיע און די גרענעצלאָזע קנעכטשאַפֿט פֿון דעם אינטעליגענטישן קלײנבירגערטום. באַ יענע עלעמענטן, װאָס זײַנען נאָך ניט אײַנגאַנצן דערגאַנגען צו סטרוװען, איז דער הערשנדיקער שטריך דאָס, װאָס זײ פֿאַרשטײען ניט דעם צוזאַמענהאַנג צװישן דער רעװאָ־לוציע און דער קאָנטר־רעװאָלוציע אין רוסלאַנד, װאָס זײ זײַנען ניט פֿע־איק אַ קוק צו טאָן אױף אַלעם דעם, װאָס מיר האָבן איבערגעלעבט, װי אױף אײן גאַנצע געזעלשאַפֿטלעכע באַװעגונג, װעלכע אַנטװיקלט זיך לויט איר אינערלעכער לאָגיק.

דער פּעריאָד פֿון רעװאָלוציאָנערן דראַנג האָט באַװיזן אין טאַט דעם קלאַסן־באַשטאַנד פֿון דער באַפֿעלקערונג אין רוסלאַנד און די באַצי־אונג פֿון פֿאַרשײדענע קלאַסן צו דער אַלטער זעלבסטהערשונג. די געשע־ענישן האָבן אויסגעלערנט איצט אַבסאָלוט אַלעמען, אַפֿילו אַזעלכע מענטשן, װאָס זײַנען לאַכלוטן פֿרעמד דעם מאַרקסיזם, צו רעכענען די ערע פֿון דער רעװאָלוציע פֿון 9־טן יאַנואַר 1905 יאָר, ד. ה. פֿון דער ער־שטער באַװאוסטזיניק־פּאָליטישער באַװעגונג פֿון מאַסן, װאָס געהערן צו אײן באַשטימטן קלאַס. װען די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אױפֿן גרונט פֿון דעם אַנאַליז פֿון דער עקאָנאָמישער װירקלעכקײט פֿון רוס־לאַנד געמאַכט דעם אויספֿיר װעגן דער אָנפֿירנדיקער ראָלע, װעגן דער העגעמאָניע פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט אין אונזער רעװאָלוציע, — האָט זיך עס אויסגעװיזן אַלס בוך־פֿאַרכאַפּטקײט פֿון טעאָרעטיקער. די רעװאָלו־ציע האָט באַשטעטיקט אונזער טעאָריע, װײַל זי איז די אײנציקע װירק־לעך רעװאָלוציאָנערע טעאָריע. דער פּראָלעטאַריאַט איז אינדערעמעסן געגאַנגען די גאַנצע צײַט אין דער שפּיץ פֿון דער רעװאָלוציע. די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע האָט זיך אינדערעמעסן אַרויסגעװיזן אַלס דער אי־דײיִשער אװאַנגאַרד פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט. דער קאַמף פֿון די מאַסן האָט זיך אַנטװיקלט, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט,

אומגעהויער שנעל — שנעלער, איידער עס האָבן גערעכנט אַסאַך רעוואָלוציאָנערן. אין מעשעך פון איין יאָר האָט זיך דערדאָזיקער קאַמף אויפגעהויבן ביז די אַנטשיידנסטע פאָרמען פון רעוואָלוציאָנערן דראַנג — די אַנטשיידנסטע, וועלכע זיינען באַקענט דער געשיכטע, ביז צום מאַסן־שטרייק און צום באַוואָפנטן אויפשטאַנד. די אָרגאַניזירונג פון די אַרבעטער־מאַסן איז געוואַקסן מיט אַ וואונדערבאַרער שנעלקייט אין גאַנג פון דעם קאַמף גופא. גלייך נאָכן פּראָלעטאַריאַט האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די אַנדערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן געבילדעט די קאַמפס־קאַדרען פון דעם רעוואָלוציאָנערן פאָלק. עס האָט זיך אָרגאַניזירט די האַלב־פּראָלעטאַרישע מאַסע פון פאַרשיידענע אָנגעשטעלטע, דערנאָך די פויערשע דעמאָקראַטיע, די פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ און אַז. וו. דער פּעריאָד פון די פּראָלעטאַרישע ניצחונות איז געווען אַ פּעריאָד פון וואוקס פון מאַסן־אָרגאַניזירטקייט ביכלאַל, אַ ניט געהערטן אין רוסלאַנד, אַ קאָלאָסאַלן אַפילו פון אייראָפּעאישן שטאַנדפּונקט. דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אין דער צייט דערשלאָגן אַ גאַנצע ריי פאַרבעסערונגען אין זיינע אַרבעטס־באַדינגונגען. די פויערים־מאַסע האָט זיך דערשלאָגן אַ „פאַרקירצונג“ פון דער פּריצישער ווילקיר, אַ פאַרקלענערונג פון די אַרענדע־פּרייזן און פאַרקויפס־פּרייזן אַף ערד. גאַנץ רוסלאַנד האָט זיך דערשלאָגן אַ באַדייטנדיקע פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען, פון וואָרט און פאַראיינען, זי האָט זיך דערשלאָגן צו דעם, אַז די זעלבסטהערשונג האָט זיך עפנטלעך פאַרן גאַנצן פאָלק אָפּגעזאָגט פון די אַלטע אָרדענונגען און האָט אָנערקענט אַ קאָנסטיטוציע.

אַלץ, וואָס די פרייהייטס־באַוועגונג האָט ביז איצט אין רוסלאַנד דעראָבערט, איז עס דעראָבערט אינגאַנצן און אויסשליסלעך דורך דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די מאַסן מיטן פּראָלעטאַריאַט בעראָש.

דער קערפּונקט אין דער אַנטוויקלונג פון קאַמף הויבט זיך אָן פון דער מאָסקווער דעקאַבער־אויפשטאַנד. די קאָנטר־רעוואָלוציע גייט איבער באַ טראָט צום אָנגריף, אַף וויפל עס ווערט אָפּגעשוואַכט דער מאַסן־קאַמף. אין דער עפּאָכע פון דער ערשטער דומע האָט זיך דערדאָזיקער קאַמף אויסגעדריקט נאָך זייער און זייער אימפּאָזאַנט אין דער פאַרשטאַרקונג פון דער פויערים־באַוועגונג, אין דער ברייטער צעשטערונג פון די נעסטן פון די לייבאייגנטימער־פּריצים, אין אַ גאַנצער ריי סאָלדאַטן־אויפשטאַנדן. האָט די רעאַקציע דאָן אָנגעגריפן לאַנגזאַם, ניט אַנטשלאָסנדיק זיך צו מאַכן מיטאַמאָל אַ מעלוכע־איבערקערעניש. ערשט נאָכדעם, ווי עס איז דערשטיקט געוואָרן דער סוועאַבאָרגער און קראָנשטאַטער אויפשטאַנד, אין יולי 1906 יאָר ווערט די רעאַקציע דרייסטער, זי פירט איין דעם מיליטער־פעלד־רעזשים, זי הויבט אָן טיילנווייז אָפּצו-

גענומען דאָס וואַל־רעכט (די סענאַטאָרישע דערקלערונגען), און, לעסאָף, רײַנגלט זי ענדגילטיק אַרום די 2־טע דומע מיט אַ פּאָליציייִשער באַלאַגערונג און זי וואַרפט אום אינגאַנצן די באַרימטע קאָנסטיטוציע. די פאַרשיידענע פרײַע אָרגאַניזאַציעס פון די מאַסן, וואָס זײַנען אויפגעקומען אַז יעדער דערלויבעניש, זײַנען אין אָט דער צייט פאַרביטן געוואָרן דורך „לעגאַלן קאַמף" אין די ראַמען פון דער פּאָליציייִשער קאָנסטיטוציע, וועלכע ווערט אויסגעטײַטשט דורך די דובאַסאָווס און סטאָליפּינס. די אויבערהאַנט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווערט פאַרביטן דורך דער אויבערהאַנט פון די קאַדעטן, וועלכע האָבן געהערשט אין ביידע דומעס. דער פּעריאָד, ווען די באַוועגונג פון די מאַסן איז געפאַלן, איז געווען דער פּעריאָד פון העכסטן אויפבלי פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי. זי האָט עקספּלואַטירט אָט די יעריִדע פון דער מאַסן־באַוועגונג, אַרויסטרעטנדיק אַלס „קעמפער" פאַר דער קאָנסטיטוציע. זי האָט מיט אַלע קויכעס געשטיצט אינעם פאָלק דעם גלויבן אין אָט דער קאָנסטיטוציע און האָט געפּריידיקט, אַז מע מוז זיך באַגרענעצן דאַפקע מיט „פּאַרלאַמענטאַרישן" קאַמף.

דער צוזאַמענבראָך פון דער „קאַדעטישער קאָנסטיטוציע" איז דער צוזאַמענבראָך פון דער קאַדעטישער טאַקטיק און פון דער קאַדעטישער העגעמאָניע אין דעם באַפרייאונגס־קאַמף. דער אייגנוציקער קלאַסן־כאַראַקטער פון אַלע כקירעס פון אונזער ליבעראַליזם אַף דער טעמע וועגן „רעוואָלוציאָנערע אילוזיעס" און וועגן די „פעלערן פון דער רעוואָלוציע" טרעטן באַשיימפערלעך אַרויס באַם פאַרגלייכן ביידע פּעריאָדן פון דער רעוואָלוציע. דער פּראָלעטאַרישער מאַסן־קאַמף האָט געבראַכט דעראָבערונגען פאַר דאָס גאַנצע פאָלק. די ליבעראַלע אָנפירונג מיט דער באַוועגונג האָט גאָרניט געבראַכט אויסער מאַפּאָלעס. דער רעוואָלוציאָנערער דראַנג פון פּראָלעטאַריאַט האָט אַלץ מער און מער געהויבן דאָס באַוואוסטזײַן פון די מאַסן און זייער אָרגאַניזירטקייט, שטעלנדיק פאַר זיי אַלץ העכערע אויפגאַבן, אַנטוויקלענדיק זייער זעלבשטענדיקן אָנטייל אין פּאָליטישן לעבן, לערנענדיק זיי קעמפן. די העגעמאָניע פון די ליבעראַלן אין דעם פּעריאָד פון ביידע דומעס האָט נידעריק געמאַכט דאָס באַוואוסטזײַן פון די מאַסן, האָט דעמאָראַליזירט זייער רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזירטקייט, האָט פאַרטעמפּט דאָס באַוואוסטזײַן פון די דעמאָקראַטישע אויפגאַבן.

די ליבעראַלע פירער פון דער 1־טער און 2־טער דומע האָבן אויסגעצייכנט דעמאָנסטרירט פאַרן פאָלק אַ האַכנאָעדיקן, לעגאַלן „קאַמף", וועלכער האָט געבראַכט דערצו, אַז די זעלבסטהערשנדיקע לייבאייגנטימער האָבן מיט איין שטריך פון דער פען אָראָפּגעוואָרפן דעם קאָנסטיטוציאָנעלן גאַניידן פון די ליבעראַלע פּלאַפּלער און האָבן כויזעק געמאַכט

איבער דער אײדעלער דיפּלאָמאַטיע פון די באַזוכער פון די מיניסטאָרי־שע קאָרידאָרן. אָפן כעשבן פון די ליבעראַלן איז ניטאָ קיין איין דעראָבע־רונג פאַר דער גאַנצער צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, קיין איין וויפל ניט איז דעמאָקראַטישע טאַט, וואָס זאָל אָרגאַניזירן די פאָלקס־קרעפטן אין קאַמף פאַר פרייהייט.

ביז אָקטיאַבר 1905 יאָר האָבן די ליבעראַלן געהאַלטן אַן אַנדערש מאָל אַ מיטפילנדיקן נייטראַליטעט בענויגייע צום רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די מאַסן, נאָר אויך דאַן האָבן זיי שוין אָנגעהויבן אַרויסצוטרעטן קעגן אים, שיקנדיק אַ דעפּוטאַציע מיט נידערטרעכטיקע רעדעס צום קייסער, שטיצנדיק די בוליגינישע דומע ניט צוליב ניט פאַרשטיין, נאָר אויס די־רעקטער סינע צו דער רעוואָלוציע. נאָך אָקטיאַבר 1905 יאָר האָבן די לי־בעראַלן געהאַלטן אין איין שענדלעכן פאַראַטן די זאַך פון פאָלקס־פרייהייט.

אין נאָיאַבר פון 1905 יאָר האָבן זיי אונטערגעשיקט דעם הערן סטרואַווע אינגנים דורכשמועסן זיך מיטן הער וויטע. פרילינג פון 1906 יאָר האָבן זיי אונטערגעריסן דעם רעוואָלוציאָנערן באָיקאָט און מיט דעם, וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָפן פאַר אייראָפּע אַרויסצוזאָגן זיך קעגן דער האַלוואָע, האָבן זיי געהאָלפן דער רעגירונג צו באַקומען מיליאַרדן אַף צו דעראָבערן רוסלאַנד. זומער 1906 יאָר האָבן זיי זיך פון דער הינטער־טיר געדונגען מיט טרעפּאָוון וועגן מיניסטאַרישע פאָרטפעלן און האָבן געקעמפט מיט די „לינקע“, ד. ה. מיט דער רעוואָלוציע, אין דער 1־טער דומע. אין יאַנוואַר 1907 יאָר זיינען זיי ווידער פאַרלאָפן צו דער פּאָליציי־אישער מאַכט (מילוקאָווס וויזיט בא סטאָליפּינען). פרילינג 1907 יאָר האָבן זיי געשטיצט די רעגירונג אין דער 2־טער דומע. די רעוואָלוציע האָט אויסערסט שנעל דעמאַסקירט דעם ליבעראַליזם און האָט באַוויזן אין דער טאַט זיין קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע נאַטור.

אין דער הינזיכט איז דער פעריאָד פון קאָנסטיטוציאָנעלע האָפע־נונגען פאַרביי ווייט ניט אָן נוצן פאַרן פאָלק. די דערפאַרונג פון דער 1־טער און 2־טער דומע האָט ניט נאָר אויסגעלערנט פאַרשטיין די גאַנצע אומ־ענדלעכע נעבעכדיקייט פון יענער ראָלע, וועלכע עס שפּילט דער ליבעראַ־ליזם אין אונזער רעוואָלוציע. ניין, דידאָזיקע דערפאַרונג האָט אויך אינ־דערעמעסן ליקווידירט דעם פּרואוו אָנצופירן מיט דער דעמאָקראַטישער באַוועגונג מיצאַד אַ פּאַרטיי, וועלכע בלויז פּאָליטישע אויפעלעך אָדער זקיינים, וואָס האָבן פאַרלאָרן דעם פאַרשטאַנד, קאָנען האַלטן פאַר אַ ווירקלעך קאָנסטיטוציאָנעל־„דעמאָקראַטישער“.

אינם 1905 יאָר און אין אָנהויב פונם 1906 יאָר איז דער קלאַסן־באַ־

שטאַנד פֿון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד נאָך ניט פֿאַר אַלעמען קלאָר געווען: די האָפֿענונגען, אַז מע קאָן פֿאַרייניקן די זעלבסטהערשונג מיט אַ ווירקלעכער פֿאַרטרעטונג פֿון וויפֿל ניט איז ברייטע פֿאָלקס־מאַסן, זיינען געווען ניט בלויז בײַ פֿינסטערע און דערשלאָגענע סטאַם־איינוואוינער פֿון פֿאַרשיידענע פֿאַרוואָרפֿענע ווינקלעך. דידאָזיקע האָפֿענונגען זיינען ניט פֿרעמד געווען אויך די הערשנדיקע ספֿערן פֿון דער זעלבסטהערשונג. פֿאַרוואָס האָט דער וואַל־געזעץ סאַי אין דער בוליגינישער, סאַי אין דער וויטעשער דומע געגעבן אַ באַדייטנדיקע פֿאַרשטייערשאַפֿט דעם פּויערטום? דערפֿאַר, ווייל מע האָט נאָך געגלויבט אין דער מאָנאַרכיסטישער שטימונג פֿון דאָרף.

„דאָס גראָע פּויערל וועט אַרויסהעלפֿן"*, אָט דערדאָזיקער אויסרוף פֿון דער רעגירונגס־צייטונג אין פֿרילינג 1906 יאָר האָט אויסגעדריקט די האָפֿענונג פֿון דער רעגירונג אַף דער קאָנסערוואַטיווקייט פֿון דער פּויערים־מאַסע. אין יענע צייטן האָבן די קאַדעטן ניט נאָר ניט באַגריפֿן דעם אַנטאַגאָניזם צווישן דעם דעמאָקראַטיזם פֿון די פּויערים און דעם בורזשואַזן ליבעראַליזם, נאָר זיי האָבן נאָך אַפֿילע מוירע געהאַט פֿאַר דער אָפּגעשטאַנענקייט פֿון די פּויערים, און זיי האָבן געוואָלט נאָר איין זאַך: אַז די דומע זאָל העלפֿן פֿאַרוואַנדלען דעם קאָנסערוואַטיוון אָדער גלייכגילטיקן פּויער אין אַ ליבעראַל. פֿרילינג 1906 יאָר האָט דער הער סטרווע אויסגעדריקט אַ דרייסטן וואונש, ווען ער האָט געשריבן: „דער פּויער אין דומע וועט זיין אַ קאַדעט". זומער 1907 יאָר האָט דערזעלבער הער סטרווע אויפֿגעהויבן די פֿאָן פֿון קאַמף מיט די האָרעפּאַשנע אָדער לינקע פּאַרטייען, אַלס מיט דער הויפּט־שטערונג צו פֿאַרווירקלעכן אַ פּשאָרע צווישן דעם בורזשואַזן ליבעראַליזם און דער זעלבסטהערשונג. אין פֿאַרלויף פֿון אַנדערהאַלבן יאָר איז דער לאָזונג פֿון קאַמף פֿאַר פּאָליטישער אויפֿקלערונג פֿון די פּויערים פֿאַרביטן געוואָרן בײַ די ליבעראַלן מיטן לאָזונג פֿון קאַמף קעגן דעם „צו פֿיל" פּאָליטיש אויפֿגעקלערטן און אָנשפּרוכספֿולן פּויער!

אָט דער בייט פֿון לאָזונגען דריקט אויס ווי מע דאַרף ניט קלערער דעם פֿולשטענדיקן באַנקראָט פֿון דעם ליבעראַליזם אין דער רוסישער רעוואָלוציע. דער קלאַסן־אַנטאַגאָניזם צווישן דער מאַסע דעמאָקראַטישער דאָרפֿישער באַפֿעלקערונג און די לייבאייגנטימער — פּריצים האָט זיך אַרויסגעוויזן ניט אין פֿאַרגלייך טיפֿער, איידער עס האָבן זיך פֿאָרגעשטעלט די פֿאַכדאָנעסדיקע און טעמפּקעפּיקע קאַדעטן. דעריבער איז טאַקע דורכגעפֿאַלן אַזוי שנעל און ענדגילטיק זייער פּרואוו צו נעמען אַף זיך די העגעמאָניע אין קאַמף פֿאַר דעמאָקראַטיע. דערפֿאַר טאַקע האָט געליטן אַ מאַ־

* אַף רוסיש — „серячек выручит"

פאָלע זייער גאַנצע „ליניע“ אַף שאָלעם צו מאַכן צווישן דער קליינביר־גערלעכער דעמאָקראַטישער מאַסע פון פאָלק מיט די אַקטיאַבריסטישע און שוואַרצמייעדיקע פריצים. די גרויסע, האַגאַם נעגאַטיווע, דעראָבע־רונג פון דעם קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן פעריאָד פון די צוויי דומעס באַשטייט אין אָט דעם באַנקראָט פון די פאַרעטערישע קעמפער פאַר „פאָלקס־פרייהייט“. דער קלאַסן־קאַמף, וואָס גייט פון אונטן, האָט ארויסגעוואָרפן אָט די העלדן פון מיניסטאַרישן פאָרהויז איבערן באָרט; ער האָט זיי פאַרוואַנדלט פון פרעטענדענטן אַף אָנפירונג אין פּאַשעטע מעשאַרסים פון אָקטיאַבריזם, וואָס זיינען לייכט באַאַרבעט מיט קאָנסטיטוציאָנעלן לאַקיר.

ווער עס זעט ניט ביז איצט אָט דעם באַנקראָט פון די ליבעראַלן, וואָס האָבן אויסגעפּרואווט זייער טויגבאַרקייט אַלס קעמפער פאַר דעמאָקראַטיע אָדער, לעכאָלאַפּאַכעס, אַלס קעמפער אין די רייען פון דעמאָקראַטיע, יענער האָט גאָרניט ניט פאַרשטאַנען אין דער פּאָליטישער געשיכטע פון די צוויי דומעס. דאָס זינלאָזע איבערכאַזערן די אויסגעלערנטע פאָרמול וועגן שטיצן די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע ווערט, באַ אַזעלכע מענטשן, פאַרוואַנדלט אין אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערעס יענטשען. ניט באַוויינען דעם צוזאַמענבראָך פון די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס דאַרפן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. זיי דאַרפן זאָגן, אַזוי ווי מאַרקס האָט געזאָגט וועגן דער קאָנטער־רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד: דאָס פאָלק האָט געוואונען דאָס, וואָס דאָס האָט פאַרלאָרן זיינע אילוזיעס. די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד האָט געוואונען דאָס, וואָס זי האָט פאַרלאָרן אירע אומטויגבאַרע פירער און צעקראַכענע פאַרבינדעטע. אַלץ בעסער איז עס פאַר דער פּאָליטישער אַנטוויקלונג פון אָט דער דעמאָקראַטיע.

פאַר דער פאַרטיי פונם פּראָלעטאַריאַט בלייבט איצט איבער צו זאָרגן דערפאַר, אַז די רייכע פּאָליטישע לערע פון אונזער רעוואָלוציע און קאָנטער־רעוואָלוציע זאָל טיפער דורכגעטראַכט ווערן און פעסטער באַנומען ווערן דורך די ברייטע מאַסן. דער פעריאָד פון דראַנג אַף דער זעלבסטהערשונג האָט פאַנאַנדערגעוויקלט די קרעפטן פון דעם פּראָלעטאַריאַט און האָט אים אויסגעלערנט די גרונדלאַגן פון רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק, ער האָט באַוויזן די באַדינגונגען פאַרן דערפאָלג פון דירעקטן מאַסן־קאַמף, וועלכער איז נאָר אַליין בעקויעך צו דעראָבערן וויפל ניט איז ערנסטע פאַרבעסערונגען. אַ לאַנגער פעריאָד פון צוגרייטן די קרעפטן פונם פּראָלעטאַריאַט, פון דערציען און אָרגאַניזירן אים איז פאָרגעגאַנגען פאַר יענע אַרויסטרעטונגען פון הונדערטער טויזנטער אַרבעטער, וועלכע האָבן דערלאַנגט טויט־קלעפּ דער אַלטער זעלבסטהערשונג אין רוסלאַנד.

אַ לאַנגע, אומקענטיקע אַרבעט פון אָנפירונג מיט אַלע דערשיינונגען פון קלאַסן־קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט, אַן אַרבעט פון שאַפן אַ פעסטע אויסגעהאַלטענע פּאַרטיי איז פאָרגעשטאַנען פאַר דעם אויפריים פון ווירקלעכן מאַסן־קאַמף און האָט געזיכערט די באַדינגונגען פאַר פאַרוואַנדלען דעמדאָזיקן אויפריים אין אַ רעוואָלוציע. אויך איצט דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט, אַלס פאָרגעשריטענער קעמפער פונם פאָלק, פאַרשטאַרקן זיין אָרגאַניזאַציע, אָראָפּשייערן פון זיך יעדן שימל פונם אינטעליגענטישן אָפּאָרטוניזם, באַהעפטן זיינע קרעפטן טאַקע פאַר אַזאַ אויסגעהאַלטענער און האַרטנעקיקער אַרבעט. די אויפגאַבן, וועלכע זיינען אַוועקגעשטעלט פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע דורכן גאַנג פון דער געשיכטע און דורך דער אָביעקטיווער לאַגע פון די ברייטע מאַסן, זיינען ניט געלייזט. די עלעמענטן פון אַ נייעם, אַלפאָלקישן פּאָליטישן קריזיס זיינען ניט נאָר ניט באַזייטיקט, נאָר, פאַרקערט, זיי האָבן זיך נאָך פאַרטיפערט און פאַרברייטערט. דאָס אָנקומען פון אָט דעם קריזיס וועט ווידער אַוועקשטעלן דעם פּראָלעטאַריאַט בעראָש פון דער אַלפאָלקישער באַוועגונג. צו אָט דער ראָלע דאַרף גרייט זיין די אַרבעטערישע ס.־ד. פּאַרטיי. און אָף דעם באָדן, וואָס איז באַמיסטיקט מיט די געשעענישן פונם יאָר 1905 און פון די פאָלגנדיקע יאָרן, וועט די פאַרזייאונג געבן אין צען מאָל אַ בעסערע גערעטעניש. אויב נאָך דער פּאַרטיי, וואָס האָט געציילט עטלעכע טויזנט באַוואוסטזיניקע אַוואַנגאַרדלייט פון דעם אַרבעטער־קלאַס, האָט זיך אויפגעהויבן אין סאָף 1905 יאָר אַ מיליאָן פּראָלעטאַריער, וועט איצט אונזער פּאַרטיי, וואָס ציילט צענדליקער טויזנטער סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע זיינען אויסגעפּרואווט אין דער רעוואָלוציע און וועלכע האָבן זיך אין דעם קאַמף גופא נאָך ענגער פאַרבונדן מיט דער מאַסע אַרבעטער, וועט איצט אונזער פּאַרטיי פירן נאָך אַ צענדליק מיליאָנען און וועט גוויווער זיין דעם סוינע.

סאַי די סאָציאַליסטישע, סאַי די דעמאָקראַטישע אויפגאַבן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד האָבן זיך אויסגעקריסטאַליזירט באַדייטנדיק בוילעטער, זיי זיינען אַרויסגעטראָטן אָפן ערשטן פּלאַן מער דרינגענדיק אונטער דער ווירקונג פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן. דער קאַמף מיט דער בורזשואַזיע הויבט זיך אויף אָף אַ העכערער שטאַפּל. די קאַפּיטאַליסטן באַהעפטן זיך אין אַלרוסלענדישע פאַריינען, זיי פאַרייניקן זיך ענגער מיט דער רעגירונג, זיי באַנוצן זיך אָפטער מיט די עקסטע מיטלען פון עקאָנאָמישן קאַמף, ביז מאַסן־לאָקאַוטן, קעדיי „צו באַצוימען“ דעם פּראָלעטאַריאַט. פאַרפאָלגונגען זיינען אָבער שרעקלעך בלויז פאַר אָפּלעבנדיקע קלאַסן, דער פּראָלעטאַריאַט פאַרגרעסערט זיך אָבער אין זיין צאָל און געשלאָסנקייט, דאָס גיכער, וואָס גיכער עס זיינען די דער־

פֿאָלגן פֿון די הערן קאַפּיטאַליסטן. פֿאַר דער אומבאַזיגבאַרקייט פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט איז אָרעוו די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג סאַי פֿון רוסלאַנד, סאַי פֿון דער גאַנצער וועלט. די בורזשואַזיע האָט צוערשט אָנגעהויבן אין אונזער רעוואָלוציע קאָנסאָלידירן זיך אין אַ קלאַס, אין אַן איינהייט־לעכער און באַוואוסטזיניקער פּאָליטישער קראַפֿט. דאָס דערפֿאָלגרייכער וועט גיין אויך די אָרגאַניזירונג פֿון די אַרבעטער איבער גאַנץ רוסלאַנד אין אַן איינהייטלעכן קלאַס. דאָס טיפֿער וועט זיין דער אָפּגרונט צווישן דער וועלט פֿון קאַפּיטאַל און דער וועלט פֿון אַרבעט, דאָס קלאָרער וועט זיין דאָס סאָציאַליסטישע באַוואוסטזיין פֿון די אַרבעטער. די סאָציאַלי־סטישע אַגיטאַציע צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט וועט ווערן באַשטימטער, באַרייכערנדיק זיך דורך דער דערפֿאַרונג פֿון דער רעוואָלוציע. די פּאָ־ליטישע אָרגאַניזאַציע פֿון דער בורזשואַזיע איז דער בעסטער שטויס צו דער ענדגילטיקער פֿאָרמולירונג פֿון דער אַרבעטער־פּאַרטיי.

די אויפֿגאַבן פֿון אָט דער פּאַרטיי אין קאַמף פֿאַר דעמאָקראַטיע קאָנען פֿון איצט אָן אַרויסרופֿן שטרייטן בלויז צווישן די „מיטפֿילנדיקע“ אינטעליגענטן, וואָס גרייטן זיך אָוועקגיין צו די ליבעראַלן. פֿאַר דער אַרבעטער־מאַסע זיינען דידאָזיקע אויפֿגאַבן געוואָרן מאַמאָשעסדיק קלאָר אינם פֿייער פֿון דער רעוואָלוציע. אַז די באַזע און די איינציקע באַזע פֿון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, אַלס אַ היסטאָרישע קראַפֿט אין רוס־לאַנד, איז די פּויערים־מאַסע, דאָס וויים דער פּראָלעטאַריאַט אָפֿן גרונט פֿון דערפֿאַרונג. די ראָלע פֿון אַ פֿירער פֿון אָט די מאַסן אין קאַמף קעגן די לייבאייגנטימער־פּריצים און קעגן דער צאַרישער זעלבסטהערשונג האָט שוין אויסגעפֿירט דער פּראָלעטאַריאַט אין אַלנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, און קיין שום קרעפֿטן וועלן איצט ניט אָראָפּשלעפֿן די אַרבעטער־פּאַרטיי פֿונם ריכטיקן וועג. די ראָלע פֿון דער ליבעראַלער פּאַרטיי ק.־ד., וועלכע האָט אונטער דער פֿאָן פֿון דעמאָקראַטיזם געקערעוועט דאָס פּויערטום אונ־טערן פֿליגל פֿון אָקטיאַבריזם, איז שוין אָפּגעשפּילט, און די סאָציאַל־דע־מאָקראַטיע וועט טראָץ די פֿאַרייניצלטע קלאָג־מוטערם פֿאָרזעצן איר זאַך פֿון אויפֿקלערן פֿאַר די מאַסן אָט דעם באַנקראָט פֿון די ליבעראַלן; אויפֿ־קלערן, אַז די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע קאָן ניט אויספֿילן איר זאַך, ניט אָפּרייניקנדיק זיך ענדגילטיק פֿון דעם בונד מיט די מעשאָרסים פֿון אָקטיאַבריזם.

קיינער קאָן איצט ניט זאָגן, וואָס פֿאַר אַ שיקזאַל עס דערוואַרט די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד. מעגלעך, אַז דער באַנקראָט פֿון די קאַדעטן וועט ברענגען צו דער אויסבילדונג פֿון אַ פּויערשער דעמאָ־קראַטישער פּאַרטיי, אַן עמעסער מאַסן־פּאַרטיי, און ניט אַזאַ אָרגאַניזאַ־

ציע פון טעראָריסטן, ווי עס זיינען געבליבן די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. מעגלעך ווידער, אַז די אָביעקטיווע שוואַכקייטן פון דער פּאָליטישער צוזאַמענשליסונג פון דעם קליינבירגערטום וועלן ניט לאָזן אויסבילדן זיך אַזאַ פּאַרטיי און זיי וועלן אַף אַ לאַנגער צייט איבערלאָזן די פויערשע דעמאָקראַטיע אין דעם איצטיקן צושטאַנד פון אַ שיטיקער, ניט אויסגעפאָרמירטער, פּעטשאַ־אַרטיקער „טרודאָוויקישער“ מאַסע. סאַי אין דעם, סאַי אין יענעם פאַל איז אונזער ליניע איינע: שמידן די דעמאָקראַטישע קויכעס דורך אַן אומראַכמאָנעסדיקער קריטיק פון איטלעכע וואַקלונגען, דורך אַן אומראַכמאָנעסדיקן קאַמף קעגן פאַרייניקן די דעמאָקראַטיע צום ליבעראַליזם, וועלכער האָט דערוויזן זיין קאָנטער־רעוואָלוציאָנערקייט.

וואָס ווייטער עס גייט די רעאַקציע, אַלץ מער ווילדעוועט דער שוואַרצמייעדיקער פּאָרעץ, אַלץ מער וואַרפט ער אונטער זיך אונטער די זעלבסטהערשונג — אַלץ לאַנגזאַמער וועט גיין די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד און איר באַפרייאונג פון די רעשטן פון לייבאייגנטום. און דאָס באַטייט: דאָס שטאַרקער און ברייטער וועט זיך אַנטוויקלען דער באַוואוסטזיניקער און קעמפנדיקער דעמאָקראַטיזם אין די מאַסן פון דער שטאָטישער און דאָרפישער קליין־בורזשואַזיע. דאָס שטאַרקער וועט זיין דער מאַסן־ווידערשטאַנד דעם הונגער, די גוואַלטאַטן און דעם איזדעקעווען זיך, וואָס אַף דעם פאַרורטיילן דאָס פויערטום די אָקטיאַבריסטן. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וועט שוין זאָרגן דערפאַר, אַז צו דער צייט פון אומפאַרמיידלעכן אויפשטייג פונם דעמאָקראַטישן קאַמף זאָל די באַנדע ליבעראַלע קאַריעריסטן, וואָס רופט זיך אַן קאַדעטישע פּאַרטיי, ניט קאָנען נאָכאַמאָל פאַנאַנדערטיילן די רייען פון דער דעמאָקראַטיע און זייען אומאָרדענונג אין אירע רייען. ענטוועדער מיטן פאָלק, אָדער קעגן פאָלק, — אָט די ברייררע האָט שוין לאַנג געשטעלט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאַר יעדן פּרעטענדענט אַף דער ראָלע פון אַ „דעמאָקראַטישן“ פירער אין דער רעוואָלוציע. ביז איצט האָבן ניט אַלע ס.־ד. פאַרשטאַנען קאָנזעקווענט אויסצוהאַלטן אָט די ליניע; אייניקע האָבן זיך אַליין אויך געלאָזן נאַרן פון די האַפטאָכעס פון די ליבעראַלן, אַנדערע האָבן זיך געמאַכט ניט זעענדיק דאָס קוצעניו־מוצעניו פון אָט די ליבעראַלן מיט דער קאָנטער־רעוואָלוציע. איצט זיינען מיר שוין אויפגעקלערט דורך דער דערפאַרונג פון ביידע ערשטע דומעס.

די רעוואָלוציע האָט אויסגעלערנט דעם פּראָלעטאַריאַט פירן אַ מאַסן־קאַמף. די רעוואָלוציע האָט דערוויזן, אַז זי קאָן פירן נאָך זיך די פויערשע מאַסן אין קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע. די רעוואָלוציע האָט ענ־

גער צוזאַמענגעשמאָלצן אַ ריין פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי, אָפּשליידערנדיק פון איר די קליינבירגערלעכע עלעמענטן. די קאָנטר-רעוואָלוציע האָט אויסגעלערנט די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטיע ניט צו פּרואוון ווייטער צו זוכן זיך פירער און פאַרבינדעטע אין דעם ליבעראַליזם, וועלכער האָט מוירע פאַר מאַסן-קאַמף ערגער, ווי פאַר פייער. אָנשפּאַרנדיק זיך אָט אָף דער לערע פון די געשעענישן, קאָנען מיר דרייסט זאָגן דער רעגירונג פון די שוואַרצמייעדיקע פּריצים: זעצט פאַר אין דעמזעלבן גייסט, הערן סטאָליפּינס! מיר וועלן זאַמלען די פּרוכטן פון דעם, וואָס איר זייט!

„פּראָלעטאַרי„, נומ. 17

פון 20 אָקטיאַבר 1907 יאָר.

## I. פראעקט פון א רעזאלוציע וועגן באוואפנטן אויפשטאנד, פארגעלייגט פון דער באלשעוויסטישער פראקציע דעם IV צו-זאמענפאר פון ר. ס.-ד. א.-פ.

נעמענדיק אין אכט, 1) אז די גאנצע געשיכטע פון דער איצטיקער דעמאקראטישער רעוואלוציע אין רוסלאנד באווייזט אונז אין אלגעמיין און אינגאנצן אן אומאויפהערלעכן אויפשטייג פון דער באוועגונג צו אלץ מער און מער מאסנווייזע, אומפאסנדיקע, אנטשלאסענע אנגרייפס-פארמען פון קאמף קעגן דער זעלבסטהערשונג; 2) אז דער אקטיאבער-שטרייק, אפשליידערנדיק די בוליגינישע דומע און צווינגענדיק די זעלבסטהערשערישע רעגירונג צו דערקלערן די יעסוידעס פון פאליטישער פרייהייט, האט באוויזן דעם ריזיקן קויעך פון דעם פראלעטאריאט און די מעגלעכקייט פון א איינמוטיקער פאליטישער ארויסטרעטונג זיינער, אפילע בא אלע פעלערן פון דער קלאסן-ארגאניזאציע; 3) אז דער פרידלעכער אלגעמיינער שטרייק האט זיך ארויסגעוויזן בא דעם ווייטערדיקן וואוקס פון דער באוועגונג פאר ניט גענוגנדיק, און אז די אפטע אנווענדונג פון אט דעם שטרייק דערגרייכט ניט דעם ציל און פארשווענדעט די קויכעס פון דעם פראלעטאריאט; 4) אז די גאנצע רעוואלוציאנערע באוועגונג האט מיט א סטיכייאישער קראפט געבראכט צום דעקאברשן באוואפנטן אויפשטאנד, ווען ניט בלויז דער פראלעטאריאט, נאר אויך די נייע שיכטן פון דער שטאטישער ארעמקייט און פון דעם פויערטום האבן זיך גענומען פאר געווער, קעדיי צו פארטיידיקן די דורכן פאלק דעראבערטע פרייהייטן; 5) אז דער דעקאבער-אויפשטאנד האט ארויסגערוקט א נייע באריקאדן-טאקטיק און האט באוויזן, אז עס איז מעגלעך א באוואפנטער אפענער קאמף פונם פאלק אפילע קעגן דעם מאדערנעם מיליטער; 6) אז אין די פאלקס-מאסן, אדאנק מיליטער-פאליצייאישער דיקטאטור, וועלכע איז איינגעפירט געווארן ניט געקוקט אף די קאנסטיטוציאנעלע האפטאכעס, ווערט צייטיק דאס באוואוסטזיין, אז עס איז נויטיק א קאמף פאר דער רעאלער מאכט, וועלכע דאס רעוואלוציאנערע פאלק קאן דעראבערן בלויז אין אן אפענעם קאמף מיט די קויכעס פון דער זעלבסטהערשונג; 7) אז

די זעלבסטהערשונג שוואכט אָפּ און דעמאָראַליזירט אירע מיליטער-קרעפטן, באַנוצנדיק זיי אָף צו אונטערטעניקן דורך באַוואָפנטער האַנט יע-נע באַפעלקערונג, אַ טייל פון וועלכער זיי זיינען, ניט אויספילנדיק די רע-פאָרמען אין דעם מיליטער-איניען, וואָס זיינען צייטיק געוואָרן און וועל-כע עס פאָדערן אַלע ערלעכע עלעמענטן פון דער אַרמיי, ניט אָנעמענדיק קיין מיטלען צו פאַרלייכטערן די פאַרצווייפלטע לאַגע פון די רעזערוויסטן און ענטפערנדיק אָף די פאָדערונגען פון די סאָלדאַטן און מאַטראָסן בלויז מיט פאַרשטאַרקן די פּאָליציייאיש-קאַזאַרמעשע שטרענגקייטן, —

אָנערקענען מיר און מיר לייגן פאָר דעם צוזאַמענפאָר צו אָנערקענען:

1. דעם באַוואָפנטן אויפשטאַנד ניט נאָר פאַר אַ נויטיקן מיטל פון קאַמף פאַר פרייהייט, נאָר שוין פאַר אַ פאַקטיש דערגרייכטער שטופע פון דער באַוועגונג, וועלכע (די שטופע) עפנט אויף, אַדאַנק דער אָנוואַק-סונג און פאַרשאַרפונג פון דעם נייעם פּאָליטישן קריזיס, דעם איבערגאַנג פון דעפענזיווע קאַמפס-פאָרמען צו אָנגרייפנדיקע; 2. אַז דער אַלגעמיינער פּאָליטישער שטרייק דאַרף אין דעם געגעבענעם מאָמענט פון דער באַוועגונג באַטראַכט ווערן ניט אַזויפיל אַלס זעלבשטענדיקער קאַמפס-מיטל, וויפל ווי אַ הילפס-מיטל בענוגייע דעם אויפשטאַנד, אַז עס איז ווינשנס-ווערט, דעריבער, אונטערצוזאָרפן די אויסוואַל פונם מאָמענט פאַר אַזאַ שטרייק, די אויסוואַל פונם אָרט און פון די געביטן פון אַרבעט, וועלכע דער שטרייק דאַרף אַרומכאַפּן, אונטערוואַרפן אונטער דעם מאָמענט און די באַדינגונגען פון דער הויפט-קאַמפס-פאָרם — דעם אויפשטאַנד; 3. אַז אין דער פּראָפּאַגאַנדיסטישער און אַגיטאַציאָנעלער אַרבעט פון דער פּאַרטיי דאַרף געלייגט ווערן אַכט אָף שטודירן די פּראַקטישע דערפאַרונג פון דעם דעקאַבער-אויפשטאַנד, אָף דער מיליטערישער קריטיק פון אָט דעם אויפ-שטאַנד און אָף צו מאַכן דירעקטע אויספירן פאַר דער צוקונפט; 4. אַז מע דאַרף אַנטוויקלען אַ נאָך מער ענערגישע טעטיקייט אָף צו פאַרגרע-סערן די צאָל קאַמפס-כעוורעס, אָף צו פאַרבעסערן זייער אָרגאַניזירונג און באַזאָרגונג מיט אַלערהאַנט געווער; הערביי, איז ווי עס באַווייזט די דערפאַרונג, דאַרף מען אָרגאַניזירן ניט בלויז פּאַרטייאישע קאַמפס-כעווו-רעס, נאָר אויך אַזעלכע, וואָס שטייען צו צו דער פּאַרטיי, אָדער אום-פּאַרטייאישע, וואָס באַשטייען פון רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע עלע-מענטן; 5. אַז עס איז נויטיק צו פאַרשטאַרקן די אַרבעט אינם מיליטער, האָבנדיק דערביי אין אַכט, אַז צוליב דעם דערפאָלג פון דער באַוועגונג איז ניט גענוג בלויז אַ אירונג אין דעם מיליטער, נאָר עס איז נויטיק אַ דירעקטע פאַרשטענדיקונג מיט די אָרגאַניזירטע דעמאָקראַטישע עלע-מענטן פונם מיליטער צוליב סאַמע אַנטשיידענע אָנגריפס-טאַטן קעגן דער רעגירונג; 6. אַז אַזוי ווי עס וואַקסט אָן אַ פּויערישע באַוועגונג, וועלכע

קאָן אין דער נאָענטסטער צוקונפט אויפלאַמען אין אַ גאַנצן אויפשטאַנד, איז ווינשנסווערט אָנצואווענדן באַמיאונגען אַף צו פאַרייניקן די האַנדלונ־גען פון די אַרבעטער און פויערים צוליב אָרגאַניזירן, ווי מעגלעך, צו־זאַמענדיקע און גלייכצייטיקע קאַמפּס-אַרויסטרעטונגען.

## II. פּראָעקט פון אַ מענשעוויסטישער רעזאָלוציע וועגן באַוואָפנטן אויפשטאַנד

נעמענדיק אין אַכט:

1) אַז דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף, אַרויסרוקנדיק אומיטלבאַר די אויפגאַבע אַרויסצורייסן די מעלוכע-מאַכט פון די הענט פון דער זעלבסט־הערשעריש-לייבאייגנטימערישער רעגירונג, האָט אוועקגעשטעלט און וועט נאָך אוועקשטעלן דאָס פאָלק פאַר דער נויטווענדיקייט פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד;

2) אַז אַ זיגרייכער אויפשטאַנד, ווי עס באַווייזט די דעקאַברישע דערפאַרונג, איז מעגלעך בלויז בײַ דער שטיצע און אַנטשיידענעם אָנטייל פון דער שטאָטישער בורזשואַזיע און פויערטום;

3) אַז דער אַקטיווער אָנטייל אין אויפשטאַנד פון די ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג איז דאָס איינציק ריכטיקע מיטל צו זיכערן דעם איבערגאַנג פונם מיליטער אַף דער זייט פונם רעוואָלוציאָנערן פאָלק;

4) אַז די רעוואָלוציאָניזירונג פון די דעמאָקראַטישע שיכטן פון דער באַפעלקערונג ווערט דערגרייכט קווידעמקאָל דורך דאָס אַריינמישן זיך פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס ווערט פון איר אָנגעפירט, אין אַלע אַרויסווייזונגען פונם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד;

5) אַז קאָנצענטרירן אַלע אויפגאַבן און מעגלעכקייטן פון דער רעוואָ־לוציע אַף אַ פּלאַן פון אַן איינצלנעם אויפשטאַנד, וואָס ווערט טעכניש צוגעגרייט דורך געהיימע אָרגאַניזאַציעס, איז, ערשטנס, ניט צוועקמעסיק, ווייל די יאָריקע טאַקטיק האָט אומבאַשטרייטבאַר באַוויזן די נישטיקייט פון די רעזולטאַטן, וועלכע ווערן דערגרייכט אין דעם איניען פון באַוואָ־פענען דאָס פאָלק אַף אַ קאָנספּיראַטיוון אויפן, און, צווייטנס, שעדלעך, ווייל דאָס פאַרשמעלערט דעם פאַרנעם פון דער רעוואָלוציאָנערער אַר־בעט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, צווינגענדיק די פּאַרטיי, ניט גע־קוקט אַף די ענדערונגען פון די פּאָליטישע באַדינגונגען, אינגאַנצן צו באַהאַלטן זיך אין דער אונטערערד און איבערצולאָזן די ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג אין דער ספּערע פון אויסשליסלעכער ווירקונג פון דער קאָנטער-רעוואָלוציאָנערער אָדער, אין בעסטן פאַל, אָפּאָזיציאָנעלער בורזשואַזיע, —

אנערקענענדיק מיר און מיר לייגן פאַר דעם צוזאַמענפאָר צו אנערקענען:

א) דאָס אַמערסטן זיכערע און שנעלע מיטל צוצוגרייטן אַן אויפשטאַנד איז פאַרברייטערן און פאַרשטאַרקן די אַגיטאַציאָנעלע טעטיקייט פון דער פאַרטיי צווישן די ברייטע שיכטן פונם פּראָלעטאַריאַט, פונם פּויערטום, פונם שטאָטישן קליינבירגערטום און צווישן דעם מיליטער מיטן ציל אויפצוקלערן דעם גאַנצן פאָלק די אומעגלעכקייט פון אַ פרידלעכער פאַרשטענדיקונג מיטן צאַר און מיט זיין רעגירונג און די נויטיקייט דורך באַוואָפנטער קראַפט צו זיכערן די באַפרידיקונג פון די טעגלעכע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע נויטן פון די פאָלקס-מאַסן;

ב) אַז די פאַרטיי, אַלס אַן אָרגאַניזאַציע, קאָן ניט נעמען אַף זיך די היסכאַיוועס, וואָס רופט אַרויס פאַלשע האָפענונגען, צו באַוואָפענען דאָס פאָלק און זי דאַרף באַגרענעצן אירע אויפגאַבן מיט מיטווירקן דער זעלבסטבאַוואָפענונג פון דער באַפעלקערונג און מיט דער אָרגאַניזירונג און באַוואָפענונג פון קאַמפּס-דרוזשינעס, וואָס זאָלן פעאיק זיין אַריינצוטראָגן איניציאַטיוו און פּלאַנמעסיקייט אין די ערשטע אַקטן פון אויפשטענדלערישן קאַמף;

ג) אַז אַף די פליכטן פון דער פאַרטיי ליגט קעגנצואַווירקן אַלע פּרואוון אַריינצוציען דעם פּראָלעטאַריאַט אין אַ באַוואָפנטן צוזאַמענשטויס בא אומגינסטיקע באַדינגונגען, מיט וואָס אַזעלכע פּרואוון עס זאָלן ניט אַרויסגערופן זיין, דורך פּראָוואָקאַטאָרישע פּלענער פון דער רעגירונג אָדער דורך בונטאַרישע אילוזיעס פון אומזיניקן רעוואָלוציאָניזם;

ד) אַז אין די אינטערעסן פון דערפאָלגרייכן אַוועקשטעלן די באַוואָפענונג און פון דער מאַקסימאַלסטער קאָאָרדינירונג פון די טאַטן פון די אויפשטענדלער דאַרפן די פאַרטיי-קאָמיטעטן אַריין אין קאַמפּס-פאַרשטענדיקונגען מיט די אַנדערע רעוואָלוציאָנערע און אָפּאָזיציאָנעלע אָרגאַניזאַציעס.

## III. רעזאָלוציע וועגן באַוואָפנטן אויפשטאַנד, אַנגענומען פון IV צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס.-ד. א.-פּ.

נעמענדיק אין אַכט:

1) אַז דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף, אַרויסרופנדיק אומיטלבאַר די אויפגאַבע אַרויסצורייסן די מעלוכע-מאַכט פון די הענט פון דער זעלבסטהערשעריש-לייבאייגנטימערישער רעגירונג, האָט אַוועקגעשטעלט און וועט נאָך אַוועקשטעלן דאָס פאָלק פאַר דער נויטווענדיקייט פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד;

2) אַז דער זיג פון אַ פאָלקס-אויפשטאַנד איז דענקבאַר בלויז אין פאַל פון דעזאָרגאַניזירונג פון דעם מיליטער און באַם איבערגיין לעכאָלאָפאָכעם פון אַ טייל פונם מיליטער אַף דער זייט פון פאָלק;

3) אַז דאָס מיליטער קאָן אויפהערן צו זיין אַ געהאָרכזאַם ווערקצייג אין די הענט פון דער רעגירונג, און אַ מער אָדער ווייניקער באַדייטנדיקער טייל פון מיליטער קאָן איבערגיין אַף דער זייט פון פאָלק בלויז דעמאָלט, ווען ברייטע שיכטן פון דער שטאָטישער בורזשואַזיע און פויערטום נעמען אַן אַנטשיידענעם און אַקטיוון אנטייל אינם אויפשטאַנד צוזאַמען מיטן פראָלעטאַריאַט;

4) אַז דאָס אַקטיווע אנטיילנעמען פון די ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג אין אויפשטאַנד קאָן פאָרקומען בלויז אַפן באָדן פון אַ בעהאַדראָגעדיקן אַריינציען דידאָזיקע באַפעלקערונגס-שיכטן אין אַקטיוון קאַמף מיט דער רעגירונג, אַלס רעזולטאַט פון עקסטער פאַרשאַרפונג פון די געזעלשאַפטלעך-פאָליטישע קעגנזאַצן אינם פראָצעס פון אָט דעם קאַמף,—

אנערקענט דער צוזאַמענפאָר:

א) אַז די גרונט-אויפגאַבע פון דער פאַרטיי אינם איצטיקן מאָמענט איז די אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע דורך דער פאַרברייטערונג און פאַרשטאַרקונג פון דער אַגיטאַציאָנעלער טעטיקייט צווישן די ברייטע שיכטן פון דעם פראָלעטאַריאַט, פון דעם פויערטום, פון דעם שטאָטישן קליינבירגערטום און צווישן דעם מיליטער, און דורך אַריינציען זיי אין אַקטיוון קאַמף מיט דער רעגירונג אַדאַנק דער שטענדיקער אַריינמישונג פון דער ס.-ד. און פון דעם פראָלעטאַריאַט, וואָס ווערט פון איר אָנגעפירט, אין אַלע דערשיינונגען פון פאָליטישן לעבן פון לאַנד; אַז, אויספירנדיק אָט די גרונט-אויפגאַבע אירע, העלפט די פאַרטיי דורך דעם גופא אויך דער צוגרייטונג פון די באַדינגונגען פאַרן זיג פון דעם אויפשטאַנד, ברענגענדיק די באַפעלקערונגס-מאַסע צום באַוואוסטזיין, אַז עס איז אומעגלעך אַ וועלכע ניט איז פאַרשטענדיקונג מיטן צאַר און מיט זיין רעגירונג און אַז עס איז נויטיק צו דערשלאָגן זיך דורך באַוואָפנטער קראַפט די פאַרווירקלעכונג פון אירע פאָליטישע פאָדערונגען;

ב) אַז די פאַרטיי, אַלס אַן אָרגאַניזאַציע, קאָן ניט נעמען אַף זיך די היסכאַייוועס, וואָס רופט אַרויס פאַלשע האָפענונגען, צו באַוואָפענען דאָס פאָלק, און זי דאַרף באַגרענעצן אירע אויפגאַבן מיט מיטווירקן דער זעלבסטבאַוואָפענונג פון דער באַפעלקערונג און מיט דער אָרגאַניזירונג און באַוואָפענונג פון קאַמפס-כעוורעס, וואָס זאָלן פעאיק זיין אַריינצוטראָגן איניציאַטיוו און פלאַנמעסיקייט אין אויפשטענדלערישן קאַמף;

ג) אַז אַף די פליכטן פון דער פאַרטיי ליגט קעגנצואווירקן יעדע פרואוון אַריינצוציען דעם פראָלעטאַריאַט אין אַ באַוואָפנטן צוזאַמענ-

שטויס באַ ניט גינסטיקע באַדינגונגען, מיט וואָס אַזעלכע פּרואוון עס זאָלן ניט אַרויסגערופן זיין;

ד) אַז אין די אינטערעסן פון דערפאָלגרייכן אוועקשטעלן די באַוואָפענונג און מאַקסימאַלסטער קאָאָרדינירונג פון די טאַטן פון די אויפשטענדלער דאַרפן די פּאַרטיי-קאָמיטעטן אַריין אין קאַמפס-פאַרשטענדיקונגען מיט די אַנדערע רעוואָלוציאָנערע און אָפּאָזיציאָנעלע אָרגאַניזאַציעס.

גלייכצייטיק באַשטימט דער צוזאַמענפאָר, אַז עס איז נויטיק צו פאַרשטאַרקן און סיסטעמאַטיזירן די פּראָפּאַגאַנדיסטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט צווישן דעם מיליטער און אין די מיליטערישע לעגער-אַנשטאַלטן.

אין זייער טעטיקייט האַלטן זיך די אָרטיקע מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס באַ די אָנווייזונגען פון צ"ק און פון די אָרטיקע פּאַרטיי-קאָמיטעטן, וועלכע דער צוזאַמענפאָר מאַכט אויפמערקזאַם אַפן גרונט פון דער דערפאַרונג פון די לעצטע יאָרן, אַז ניט צייטמעסיקע מיליטערישע פּוטשן ברענגען בלויז צו נוצלאָזער פאַרשווענדונג פון רעוואָלוציאָנערער ענערגיע.

## IV. באַלשעוויסטישער פּראָעקט פון א רעזאָלוציע וועגן דער באַציאונג צו די בורזשואַזע פּאַרטייען אַפן IV צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס.-ד. א.-פּ.

נעמענדיק אין אַכט, 1. אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט אַלעמאָל אנערקענט די נויטווענדיקייט צו שטיצן יעדע אָפּאָזיציאָנעלע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, וואָס איז געריכטעט קעגן דער געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער אָרדענונג, וועלכע עקזיסטירט אין רוסלאַנד; 2. אַז באַ היינטיקן טאָג, ווען די רעוואָלוציע רופט אַרויס אַן אָפענע אַרויסטרעטונג פון פאַרשיידענע קלאַסן און אַף אַט דעם באָדן הויבן זיך אָן אויספאָרמירן פּאָליטישע פּאַרטייען, איז די קאַטעגאָרישע אויפגאַבע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע צו דעפינירן זייער קלאַסן-אינהאַלט, דיסקאַנטירן די קעגנזייטיקע באַציאונגען פון די קלאַסן אין דעם געגעבענעם מאָמענט און אין העסקעם מיט דעם באַשטימען איר באַציאונג צו די פאַרשיידענע פּאַרטייען; 3. אַז די הויפּט-אויפגאַבע פון דעם אַרבעטער-קלאַס אין דעם איצטיקן מאָמענט פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע איז דערפירן זי ביזן סאָף און דערפאַר איז, ווען די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע באַשטימט איר באַציאונג צו די אַנדערע פּאַרטייען, דאַרף זי באַזונדערס נעמען אין אַכט,

אַף וויפל די אָדער יענע פּאַרטיי איז פּעאיק אַקטיוו מיטצואווירקן אַט דער אויפגאַבע; 4. אַז פון אַט דעם שטאַנדפּונקט פאַלן זיך פונאַנדער אַלע ניט סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען (אויסער די רעאַקציאָנערע), וואָס עקזיסטירן אין רוסלאַנד, אַף צוויי הויפּט-גרופּן: ליבעראַל-מאָנאַרכיסטישע פּאַרטייען און רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע, —

לייגן מיר פאַר דעם צוזאַמענפאַר צו אנערקענען:

1) אַז דער רעכטער פליגל פון די ליבעראַל-מאָנאַרכיסטישע פּאַרטייען (דער פאַרבאַנד פון 17-טן אָקטיאַבר, די פּאַרטיי פון רעכטס-אָרדענונג, די האַנדלס-אינדוסטריעלע און אַנד.) שטעלן מיט זיך פאַר קלאַסן-אָרגאַניזאַציעס פון די פּריצים און פון דער גרויסער האַנדלס-אינדוסטריעלער בורזשואַזיע, אויסגעשפּראָכן קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע, נאָר וואָס האָבן נאָך ניט געשלאָסן קיין ענדגילטיקע פּשאָרע וועגן טיילן די מאַכט מיט דער זעלבסטהערשערישער ביוראָקראַטיע; אַז די פּאַרטיי פונם פּראָלעטאַריאַט, אויסנוצנדיק צוליב אירע צילן אַט דעם נאָך ניט פאַרענדיקטן קאָנפליקט, דאַרף גלייכצייטיק פירן אַן אומדאַכמאָנעסדיקן קאַמף מיט דידאָזיקע פּאַרטייען; 2) אַז די ליבעראַל-מאָנאַרכיסטישע פּאַרטייען פון דעם לינקן פליגל (די פּאַרטיי פון דעמאָקראַטישע רעפאָרמען, די קאָנסטיטוציאָנעל-דעמאָקראַטישע און ד. גל.), ניט זייענדיק קיין באַשטימטע קלאַסן-אָרגאַניזאַציעס, וואַקלען זיך שטענדיק צווישן דער דעמאָקראַטישער קליין-בורזשואַזיע און די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פון דער גרויס-בורזשואַזיע, צווישן דער שטרעבונג אנצושפּאַרן זיך אַפן פאָלק און דער מוירע פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער זעלבסטעטיקייט, און אַז זיי גייען ניט אַרויס אין זייערע שטרעבונגען איבער די גרענעצן פון אַ איינגעאָרדנטער בורזשואַזער געזעלשאַפט, וואָס זאָל פּאַרטיידיקט ווערן דורך דער מאָנאַרכיע אין אַ צוויי-פּאַלאַטן סיסטעם אַקעגן דעם אָנגריף פון דעם פּראָלעטאַריאַט, — דאַרף די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אויסנוצן, אין די אינטערעסן פון דער פּאָליטישער דערציאונג פון פאָלק, די טעטיקייט פון אַט די פּאַרטייען, קעגנשטעלנדיק זייער צוויעם-דעמאָקראַטישער פּראַזעאָלאָגיע דעם קאָנזעקווענטן דעמאָקראַטיזם פון דעם פּראָלעטאַריאַט און דעמאַסקירנדיק אָן ראַכמאָנעס די קאָנסטיטוציאָנעלע אילוזיעס, וואָס זיי פאַרשפּרייטן; 3) אַז די רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס (די פּאַרטיי ס.-ר., דער פּויערים-פאַרבאַנד, טיילן פון האַלב-פּראָפעסיאָנעלע און האַלב-פּאָליטישע פאַריינען א. ד. גל.) רדיקן אויס אַמערסטן נאָענט די אינטערעסן און דעם שטאַנדפּונקט פון די ברייטע מאַסן פּויערטום און קליינבירגערטום, אַדויסטרעטנדיק אַנטשיידן קעגן דעם פּריצישן ערד-באַזיץ און דער לייבאייגנטימערישער מעלוכע, שטרעבנדיק קאָנזעקוועגט דורכצופירן דעם דעמאָקראַטיזם און איינ-

הילנדיק זייערע — אין טאָך בורזשואַז־דעמאָקראַטישע — אויפגאַבן אין אַ מער אָדער ווייניקער נעפּלהאַפטער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע, אנערקענט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע די מעגלעכקייט און נויטיקייט פון קאַמפס־פאַרשטענדיקונגען מיט אַזעלכע פּאַרטייען, דעמאַסקירנדיק גלייכציטיק אָן אויפהער זייער פּסעוודאָ־סאָציאַליסטישן כאַראַקטער און קעמפנדיק גלייכצייטיק מיט זייער שטרעבונג צו פאַרשמירן דעם קלאַסן־קעגנזאַץ צווישן דעם פּראָלעטאַריער און קליין־באַלעבעסל; 4) אַז דער נאָענטסטער פּאָליטישער ציל פון אַזעלכע צייטווייליקע קאַמפס־פאַרשטענדיקונגען צווישן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז צונויפרופן אַ רעוואָלוציאָנער־אַלפאָלקישע, גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, וואָס באַזיצט די פולקומע מאַכט, אַפן גרונט פון אַלגעמיינער, גלייכער און אַז. וו. אָפּשטימונג; 5) אַז צייטווייליקע קאַמפס־פאַרשטענדיקונגען זיינען מעגלעך און צוועקמעסיק אין דעם געגעבענעם מאָמענט בלויז מיט עלעמענטן, וואָס אנערקענען דעם באַוואָפנטן אויפשטאַנד אַלס מיטל פון קאַמף און וואָס העלפן אים אַקטיוו מיט.

## V. מענשעוויסטישער פּראָעקט פון רעזאָלוציע וועגן דער באַציאונג צו די בורזשואַזע פּאַרטייען אַפן IV צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס.־ד. א.־פּ.

נעמענדיק אין אַכט:

1) אַז דאָס וואַיטערדיקע איינהאַלטן דעם זעלבסטהערשעריש־ביוראָקראַטישן רעזשים איז אַבסאָלוט ניט פאַראייננבאַר מיט די באַדערפעענישן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג פון לאַנד און, דעריבער, מיט די אינטערעסן פון אַלע קלאַסן, וואָס זיינען אַזוי אָדער אַנדערש פאַרבונדן פּאָזיטיוו מיט אָט דער אַנטוויקלונג;

2) אַז די באַפרייאונג פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט פון די קייטן פון דעם לייבאייגנטימערישן אַבסאָלוטיזם אין אַזאַ עפּאָכע, ווען דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוציר־אויפן האָט שוין דערגרייכט אַ באַדייטנדיקע פאַרשפּרייטונג און האָט אַרויסגערופן אין דער זיך באַפרייענדיקער געזעלשאַפט גופע שאַרפע קלאַסן־קעגנזאַצן;

3) אַז אָט די קעגנזאַצן און, באַזונדערס, דער קלאַסן־קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט, בא די פאַראַנענע היסטאָרישע באַדינגונגען, זיינען דער באַוועגער פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד;

4) אַז דעריבער איז ניט נאָר צוליב זיינע באַזונדערע קלאַסן־אינטערעסן, נאָר אויך אין די אינטערעסן פון דער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלו־

ציע ביכלאל, דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט אַרויסטרעטן אין דעם גאַנצן פאַרלויף אירן אַלס זעלבשטענדיקע קלאַסן־קראַפט;

5) אַז די בורזשואַזע רעוואָלוציע קאָן ניט געמאַכט ווערן בלויז מיט די קרעפטן פונם פּראָלעטאַריאַט אַליין אָן דער מיטווירקונג און אָן דעם אַקטיוון אַנטייל פון דעם דעמאָקראַטישן טייל פון דער בורזשואַ־זיע גופא;

6 אַז אין די באַדינגונגען פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע קאָן דער פּראָלעטאַריאַט ניט צונויפזאַמלען אַט דעם טייל פון דער בורזשואַזיע דירעקט אונטער זיין סאָציאַליסטישער קלאַסן־פאָן, ניט צונויפלייגנדיק די דאָזיקע פאָן, ניט פאַרקלענערנדיק זיין קלאַסן־קאַמף און ניט ברענגענדיק דערמיט קיין העזעק גלייכצייטיק סאַי די אייגענע קלאַסן־אינטערעסן, סאַי די אינטערעסן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַפרייאונג פון דער בורזשואַ־זער געזעלשאַפט איבגאַנצן;

7) אַז דעריבער איז דער פּראָלעטאַריאַט דער הויפּט־באַוועגער פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע בלויז אַף אַזויפיל, אַף וויפל ער שמידט צו זיך צו דורך זיין רעוואָלוציאָנערן קאַמף די אויפמערקזאַמקייט און די סימ־פּאַטיעס פון אַלע דעמאָקראַטישע און רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פון דער נאַציע, אַף וויפל ער ציט אַריין אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף אַלץ נייע שיכטן פון דער שטאָטישער בורזשואַזיע און פון דעם פויערטום, שטויסט זיי צו אַ זעלבשטענדיקער קלאַסן־אָרגאַניזאַציע, מישט זיך אַריין אין אַלע קאָנפליקטן פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט מיט דער זעלבסטהערשע־ריש־ביוראָקראַטישער רעגירונג און נוצט אויס דידאָזיקע קאָנפליקטן אין די אינטערעסן פון דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע;

8) אַז בלויז אינם פּראָצעס פון אַזאַ אַריינמישן זיך אין קאָנטאַקט מיט די אַלע אַנדערע מאַסן אַנטוויקלט דער פּראָלעטאַריאַט אין דער גאַנ־צער ברייט זיין אייגענע קלאַסן־קראַפט און קלאַסן־אָרגאַניזאַציע.

נעמענדיק ווייטער אין אַכט:

1) אַז די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען פאָרמירן זיך ערשט אויס אין רוסלאַנד און דעריבער האָבן זיי נאָך ניט באַוויזן צו באַקומען דעם כאַראַקטער פון שטאַנדהאַפטיקע פּאַרטייען, וואָס זיינען פעסט צוזאַ־מענגעבונדן מיט באַשטימטע סאָציאַלע שיכטן און וואָס דריקן גענוי אויס אין זייער פּראָגראַם און טאַקטיק זייערע אינטערעסן;

2) אַז די פאַרשנעלערונג פון אַט דעם צוזאַמענגיסונגס־פּראָצעס איז אין די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פון דער רעוואָלוציע, ווייל דאָס באַטייט אַריינציען אין אַקטיוון פּאָליטישן קאַמף די ברייטע מאַסן פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, דער שטאָטישער און דאָרפישער;

3) אַז אין דעם איצטיקן היסטאָרישן מאָמענט זיינען אין רוסלאַנד

ניטאָ אַזעלכע פּאַרטייען, וואָס זאָלן שוין איצט פּאַריינבאַרן אין זיך איינ־ציימיק קאָנזעקווענטן דעמאָקראַטיזם און רעוואָלוציאָנערישקייט און די פעאיקייט צו ווערן שוין אין דער נאָענטער צוקונפט פּאַרטייען פון די ברייטע מאַסן פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע;

4) אַז, פון דער אַנדערער זייט, איז ביז עס וועט פאַלן דער זעלבסט־הערשעריש־ביוראָקראַטישער רעזשים, קאָן ניט קיין איין קלאַס, וואָס זיי־נע אינטערעסן זיינען פאַרבונדן מיט דער אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, און קיין איין פּאַרטיי, וואָס שטרעבט אויסצו־דריקן די דויערהאַפטע אינטערעסן פון אַזאַ קלאַס, ווי קאָנטר־רעוואָלוציאָ־נער זיי זאָלן ניט זיין, ענדגילטיק שאָלעם מאַכן מיט דער עקזיסטירנדיקער רעגירונג, און דעריבער וועלן זיי געצוואונגען זיין שטענדיק אַריינצו־טרעטן מיט איר אין אַ קאָנפליקט.

נעמענדיק דאָס אַלץ אין אַכט, אנערקענען מיר און מיר לייגן פאָר דעם צוזאַמענפאָר צו אנערקענען:

1) אַז אין גאַנצן פאַרלויף פון דער רעוואָלוציע דאַרף די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע שטרעבן צו באַשיצן די פּראָגראַמאַטישע, טאַקטישע, אָר־גאַניזאַציאָנעלע זעלבסטעטיקייט פון דעם אַרבעטער־קלאַס;

2) אַז קריטיקירנדיק די באַגרענעצטקייט פון דער פּראָגראַם און פון דער טאַקטיק פון אַלע בורזשואַזע פּאַרטייען, באַשטייענדיק פאַרן גאַנצן פאָלק אַף דער נויטווענדיקייט צו שטעלן זיך אַפן רעוואָלוציאָנערן וועג, קעדיי צו דעראָבערן די פרייהייט און דעמאַסקירנדיק די סאָציאַליסטישע פּראַזעאָלאָגיע, מיט וועלכער אייניקע פראַקציעס דעקן צו זייער בורזשואַז־דעמאָקראַטישן טאַך, דאַרף די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און דער אַרבעטער־קלאַס, וואָס ווערט פון איר אָנגעפירט, שטיצן יעדן פּראָטעסט, יעדע טאַט, פון וועלכע אַרטן אָפּאָזיציע זיי זאָלן ניט שטאַמען, אויב זיי זיינען נאָר געריכטעט קעגן דעם עקזיסטירנדיקן רעזשים, אויב זיי ווידערשפּרעכן ניט די אינטערעסן פון פּראָלעטאַריאַט און זייער ריכטונג ליגט אַף דער אַלגע־מיינער ליניע פון דעם באַפרייאונגס־פּראָצעס;

3) אַז שטעלנדיק אין דעם גאַנצן פאַרלויף פון דער רעוואָלוציע זעלבשטענדיקע צילן, דאַרף די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַריינגיין צוליב באַ־שטימטע אַרויסטרעטונגען און אַקטן אין אַ פאַרשטענדיקונג מיט יענע דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, וועלכע זיינען גרייט און קאָנען מיט נוצן פאַר דער זאַך נעמען אַן אַקטיוון אנטייל אין אָט די אַקטן און אַרויס־טרעטונגען.

# אינהאלט

זייט



## ביילאַגעס